מ. רעגאַלסקי

# צווישן צוויי וועלט מלחמות

די גורל־יאָרן 1918 - 1945

אַרויסגעגעבן דורך דעם יובל־קאָמיטעט
צום 60־טן געבוירן־טאָג פון מחבר

בוענאָס איירעס
1946

אויף דער איניציאַטיוו פון פריינט, חברים און פאַרערער פון דעם מחבר ה"ה ד"ר יעקב העלמאַן, אַלעכאַנדראָ לעווין, אליהו טראָצקי, י. גלאַזמאַן, י. הרכבי און א. גוטקין איז געגרינדעט געוואָרן אַ יובל־קאָמיטעט וואָס האָט דערמעגלעכט די רעאַליזירונג פון דער אויסגאַבע.



## יובל־קאָמיטעט:

ד"ר מ. גאָלדמאַן — ערן־פּרעזידענט; אַלעכאַנדראָ לעווין — פּרעזידענט; כוליאָ גלאַזמאַן, אליהו טראָצקי, יצחק קאַפּלאַן — וויצע־פּרעזידענטן; אלימלך גוטקין, יצחק הרכבי — סעקרעטאַרן; לעאָן קאַזשאַני, קאַרלאָס טשערווין — קאַסירן.



## מיטגלידער:

משה אַוועגבורג, י. בראָנפמאַן, א. מ. ביטערמאַן (ראָזאַריאָ), בראַמבערג, אַדאָלפאָ גלוקמאַן, אַלבערטאָ גערשונאָף, מ. גרטיווער, דוד גרויסמאַן, ד"ר כואַן דוקאַטש, א. דייכאַווסקי, ד"ר ריקאַרדאָ דובראַווסקי, מ. דלוגאָוויצקי (ראָזאַריאָ), י. דאַברי, ד"ר ענריקע דיקמאַן, משה האַניק, א. וויינשטיין, יעקב וועגגראַווער, נחום וויינער (ראָזאַריאָ), ד"ר י. וואָלאַד (קאָרדאָבאַ), ד"ר ל. זשיטניצקי, משה זשוראַווליוקער, אינזש. חיים חאַווקין, הירש טריוואַקס, מאַרק טורקאָוו, ד"ר סאַמועל טאַרנאָפּאָלסקי, ד"ר ישראל יאַגופּסקי, מאַקסימאָ לעווין, ד"ר פּ. ד. לאַכמאַן, ד"ר ל. לאַפּאַקאָ, סימאָן לערנער, דוד ליס, משה ליבערמאַן, מ. סטאַליאַר, יוסף מענדעלסאָן, ד"ר משה מערקין, ד"ר א. מבשן, ד"ר מאיר מאַלענקי (ס. פע), ב. מעזשיקאָווסקי, הילל מאַלימאָווקאַ, ד"ר וואָלף ניכענזאָן, ד"ר נאַטאַליאַ עדעלמאַן, ד"ר י. פילער, חיים פינקעלשטיין, ש. פרייליעד ע"ה, ד"ר א. פישביין, עסעקיעל פייגין (קאָרדאָבאַ), לעאָן קיבריק, ד"ר י. קאָווענסקי, משה קאָסטרינסקי, דוד קאַזשעס, יונה קרייטשיק (ס. פע), איסאַק קאַמינסקי, ד"ר א. רינסקי, ברוך רעזניק, א. רעכטשייד (ס. פע), מ. ראָגאָווסקי, שמואל ראָזשאַנסקי, ד"ר ב. רינסקי, א. ל. שוסהיים, ש. שמיד.

הילע געצייכנט פון לעאָן פּאָך.





2627

Impreso en los Talleres
Gráficos POLGRAF
Buenos Aires, en el mes
de octubre del 1946.

מיין לעבנס־באַגלייטערין און מיין
זון, בנימין, ווידמע איך מיט ליבע
אָט די בלעטער.

# אינהאַלט-פאַרצייכנונג:



## צווישן צוויי וועלט מלחמות:



## אָפּקלאַנגען:

## אַוועקגעגאַנגענע:

**קולטור-פראַגן:**

**אַרגענטינישעס:**



**זכרונות:**



**ציוניזם און ארץ ישראל:**

**רייזע אין סאָוועטן־רוסלאַנד:**



**רייזע־איינדרוקן:**



**אויסצוגן פון רעדעס:**

# פאָרוואָרט

די יאָרן 1918-1945, אין וועלכע עס פאַלט אויס דער פעריאָד „צווישן צוויי וועלט-מלחמות", זיינען געווען גורל-יאָרן פאַר דער גאַנ-צער מענטשהייט און באַזונדערס גרויזאַמע שיקזאַל-יאָרן פאַר אונדז אידן. עס וועט נאָך אַוועק אַ סך, אַ סך צייט אַז דער קומענדיקער גע-ניאַלער היסטאָריקער וועט קאָנען צורירן זיך צו אָט דעם צאַפּלדיק-ברענענדן שטאָף וואָס איז פאַר אונדז געווען אַ רעאַל-דראַמאַטישע איבערלעבונג און געבן דאָס פולע בילד פון אָט דער עפּאָכע פון גרויסע האָפנונגען, ביטערע אַנטוישונגען און מאוימדיק-אכזריותדיקע דערפּאַ-רונגען, וואָס זיינען אויסגעפאַלן אויף אונדזער דור.

דעם מחבר פון דער אַרטיקלען-זאַמלונג פון אָט דעם בוך, איז אין משך פון די 28 יאָר, וואָס ער לעבט אין אַרגענטינע, אויסגעקומען וואָך-איין וואָך-אויס צו קאָמענטירן די אַלע גרויסע אידישע און אַל-וועלטלעכע געשעענישן אין משך פון די יאָרן 1918-1922 אויף די שפּאַלטן פון דער פּועלי-ציוניסטישער צייטשריפט „די נייע צייט", און פון אָנהויב 1923 ביז היינט, טאָג-איין טאָג-אויס, אויף די שפּאַלטן פון „די אידישע צייטונג".

ווען איניקע פון מיינע פריינט און חברים האָבן מיר אָנגעבאָטן ביי דער געלעגנהייט פון מיין ווערן אַ בן ששים, די מתנה אַרויסצוגעבן אַ זאַמלונג פון מיינע אַרטיקלען, האָב איך לכתחילה שטאַרק געצווייפלט צי זאָל איך אָננעמען דעם פריינטלעכן אָנבאָט, צי איז באַרעכטיקט אַרויסצוגעבן אין בוך-פאָרם אַרטיקלען, וואָס זיינען געשריבן און באַ-שטימט געוואָרן פאַרן טאָג.

ווען איך האָב אָבער גענומען איבערקוקן אַ בערך קליינעם טייל פון די טויזנטער אַרטיקלען און קאָמענטאַרן, וואָס מיר איז אויסגעקו-מען צו שרייבן פאַר אָט דער צייט, — פון וועלכע איך האָב נאָר ווייי-ניקע אַוועקגעלייגט אין מיין שרייבטיש —, האָט זיך מיר געדוכט אַז צוזאַמענגענומען קאָנען אָט די אַרטיקלען, אין וועלכע איך האָב

רעאַגירט אויף די גרויסע געשעענישן און איבערלעבענישן פון די פאַר־גאַנגענע גורל־יאָרן, — אפשר געבן אַ געווי‏סן בילד פון אַט דער גרוי־סער און דראַמאַטישער עפּאָכע „צווישן צוויי וועלט־מלחמות”.

אַט דאָס איז אפשר די באַרעכטיקונג פון אַט דער אַרטיקלען־זאַמ־לונג. דעם פריינט לייענער וועט בלייבן צו אורטיילן צי איך האָב זיך נישט טועה געווען.

אַט די בלעטער פּרעטענדירן גאַנץ אַנטשיידן ניט צו זיין ניט די געשיכטע, דער פּנקס און אַפילו די סיסטעמאַטישע כראָניק פון די גורל־יאָרן 1918-1945. אָבער אַ געוויסע, זיכער ווייט נישט פולע פּאַנאָראַמע פון דער צייט געבן זיי, אַ פּאַנאָראַמע אין דער אָפּשפּיגלונג נישט פון אַ רואיקן און אָביעקטיוון עדות, נאָר פון איינעם וועלכער האָט מיט הייסער ליידנשאַפט, מיט פרייד און צער, מיט האָפנונגען און אַנ־מענטשלעכע געשעענישן פון זיין צייט.

איך האָב אין דעם בוך אַריינגענומען אייניקע קאַפּיטלען, פון מיי־נע רייזע־בריוו פון ארץ ישראל וואָס זיינען שוין געווען פאַרעפנט־לעכט אין בוך־פאָרם. דאָ דערשיינען צום ערשטן מאָל געזאַמלט מיינע רייזע־בריוו פון ראַטנפאַרבאַנד פון סוף 1935, מיר האָט געשיינט אַז זיי קענען האָבן אַ געוויסן רעטראָספּעקטיוון ווערט.

איך דריק אויס מיין טיפן האַרציקן דאַנק, מיינע פריינט און די אַלע וואָס האָבן דערמעגלעכט דאָס דערשיינען פון אַט דעם בוך און האָבן דערמיט בייגעטראָגן אַז מיין זשורנאַליסטישע אַרבעט פון צענד־ליקער יאָרן זאָל ניט פאַרשווינדן שפּורלאָז.

**דער מחבר.**

בוענאָס איירעס, אָקטאָבער 1946.

# אַ באַגלייט-וואָרט צום בוך:
## רעגאַלסקי

אַ לעבנס-שפע אָנגעזאַפּט מיט ליריזם, אָטעמט ליבשאַפט, שטורעמט אומרו און זאָגט אָן קאַמף.

אַזוי איז ער אַריינגעבוירן אין אונדזער וועלט און אַזוי שפּאַנט ער צווישן אונדז.

אַזוי האָט ער געשפּאַנט אין משך פון די וועלט-מלחמות און אַזוי שפּאַנט ער:

„צווישן צוויי וועלט-מלחמות".

גיי טענה זיך אויס מיט פאַרבענקטער זוכעניש.

גיי גיב אַ פּירוש פון אַ נשמה, וואָס שימערירט פּערמאַנענט אין דער פאַרב פון דער וועלט און פון יענער וועלט.

גיי רעזיסטיר אַ כוואַליע, וועלכע פאַרמעסט זיך צו פאַרגיסן די גאַנצע יבשה אין מאָמענט פון אַ שוימעוודיקן אויפברויז.

***

עסטעטיש-אַטראַקטיוו איז דער שטראָם ווען ער פליסט רואיק און געלאַסן, אויסגעגליכן און האַרמאָניש לויט אייביקע רעגלען און נאָרמעס וועלכע ער טראָגט אין זיך און מיט זיך פון בראשית.

עס פאַרכשופט אַ נשמה ווען זי חלומט אַ לעבן פון ווייטער ראָמאַנטיק מיט אַ גן-עדן פון זון, ליבע און ליכט.

מוראדיק ווערט אָבער דער ים, בשעת ער רייסט זיך צו אונדז ווי אַ כמורנע פאַרסאָפּעטע און תאוותדיקע חיה, וועלכע שלאָגט זיך אָן אין בערג און ווענט און אין דער גאַנצער גאָטס טבע.

אויך דער זיסער אַראָמאַט פון אַ נשמה-אָטעם קען זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פייערשפּייענדיקן וואולקאַן.

דעמאָלט... יאָ, דעמאָלט פאַרשווינדן, איין גאָט ווייסט וואוהין, אַלע געפילן און פאָרשטעלונגען פון ליכט און ליבע, און עס דערטראָגן זיך קולות פון ווייטע, פאַרבאָרגענע מיסטישע וועלטן, וועלכע וואַרפן אויף דיר אָן אַן אימה און אַ פחד.

***

ווי ליב און האַרציק שטראָמען רעגאַלסקיס שילדערונגען און רע־

גאַלסקים שפּראַך ווען ער גיט אונדז דעם נייעם יידישן מענטש, די נאַ־ציאָנאַלע שעפערישע אַרבעט אין ארץ ישראל, דעם מקור און דעם הערא־איזם פונעם חלוץ און ווי טיף איז רעגאַלסקים שמחה ווען זיינע אויגן דער־זעען אַז אויף די חורבות פון קלאָגנדיקן צאַריזם ראַנגלען זיך אַרויס זאַפטיקע כוחות צו אַ לעבן פון אַ סאָציאַלן זון־אויפגאַנג און צו אַ געזונ־טער מענטשן־וועלט.

ער האָט מער הנאה פון דעם שאַפונגס־וועג, פון די שאַפונגס־פּאָטענצן ווי פון דעם וואָס איז שוין געשאַפן, ווי פון דעם וואָס איז שוין פאַרטיק.

אָבער אויך די רעאַליטעט, דאָס ממשות, דאָס שוין אויסגעחלומטע און אויסגעוויטיקטע וויל ער אַריינשלינגען, און אַפילו נישט זען די קאָרע און דעם דאָרן וועלכע קען זיך אים אַוועקשטעלן אין גומען.

דאָס וואָס איז אים גרויס און טייער שטעלט זיך פאַר אים אַוועק נאָר אין שלימות, נאָר אין האַרמאָניע.

און דאָרט וואו עס איז פאַראַן דחקות, בלויזן און חסרונות, איז זיין פאַנטאַזיע אַזוי לייכט און אַזוי נאַטירלעך משלים דורך אַ ווילן צו שיינ־קייט און צו גאַנצקייט.

אַזוי זיינען ביי רעגאַלסקין צונויפגעגאָסן חלום און וואָר, פאַנטאַזיע אוןווירקלעכקייט און אַזוי ווערט דער טאָג־זשורנאַליסט אַ קראַפט פון העכערע ספערן, אַ סטימולירער פון שענערע וועלטן.

אַרויסאָטעמען פון דער פאַרגייענדיקער גראָער טאָג־דערשיינונג, דעם דינעם פיינעם שטריך וועלכער גייט אַריבער און פירט דיך מיט אַריבער אין וואָך, אין חודש, אין יאָר, און וועקט און שאַפט, סוף כל סוף, אייבי־קייט — דאָס איז נישט קיין געוויינלעכע זשורנאַליסטן־פעאיקייט וועלכע מוז זיך, אויב זי וויל אָדער נישט, פון צייט צו צייט אויך פּרעגלען אין דעם שמאַלץ פון סענסאַציע און גוזמא.

דאָס איז אַ טאַלאַנט וועלכער שעפּט פון דעם וואָס איז אמת און באַ־שטענדיק. דאָס איז

אַ רעגאַלסקי־טאַלאַנט.

נישט אין דער צייטונג און נישט אין דעם איינצלנעם טאָג־אַרטיקל קען זיך אָפּשפּיגלען אַן אייגנאַרטיקייט אין זען און אין שרייבן. נאָר ווען מען האָט פאַר זיך אָדער אין זיך די וויזיע פון אַ תקופה באַקומט מען אַ פאָרשטעלונג פון אַן אמתן מענטשן, פון אַן אמתן עסקן און פון אַן אמתן שרייבער.

***

מיט דעם בוך „צווישן צוויי וועלט־מלחמות", באַקומט די עפנטלעכ־

קייט נאָר אַ קליינעם אויסשניט פון רעגאַלסקיס שאַפן.

אומזיסט ווערט מען דאָך נישט קיין זעכציק יאָר. עפּעס מוז מען דאָך דעם עולם דערפאַר באַצאָלן.

אָט אַזוי באַקומען מיר אַ מתנה.

שוין איבער דעם אויסשניט שימערירט די פערזענלעכקייט רעגאַלסקיס אין אירע קאָלאָריטן און אין איר יאָדעריווקייט. זי האָט וואָרצל, וואוקס, וואָג און תכלית.

אַפילו בשעת רעגאַלסקי ברויזט און שטורעמט מיט דער ווילדקייט פון אַ נאַטור-כוח קעגן דער ברוטאַליטעט און דעם באַרבאַריזם פון די וועלט-רעזשימען, ציט זיך ווי אַ איידעלער זיידענער פאָדעם אַ ליניע פון פעסטן, אומדערשיטערלעכן גלויבן אין דעם דעראָבערונגס-כוח פון סאָציאַלן יושר און מענטשלעכן אמת, מענטשלעכן גליק.

די ביטערע פאַרצווייפלונג ביים אָנבליק פון פאַרווילדעוועטער אכזריות אין אַ לבוש פון אַן עפּעס וואָס מען רופט ציוויליזאַציע און קולטור ענדיקט זיך ביים מחבר כמעט אַלעמאָל מיט אַ האַרץ-רוף צום קאַמף קעגן רשעות און גזילה אָדער מיט אַן אויסדרוק פון אמונה אין משיח-צייטן.

בטחון איז דער סטימול אין רעגאַלסקיס שאַפן און אין רעגאַלסקיס עסקנות.

אונדזער ליטעראַטור קען קוים אַ שרייבער און אונדזער עסקנות קוים אַ טוער מיט מער אמונה און מיט מער בטחון.

זיינע קעמפערישע און שטורעמדיקע שאַפונגען אַנטפּלעקן עס אין דעם גלייכן מאָס ווי זיינע אָפּקלאַנגען, זכרונות, הספדים און ווי זיינע ליִרישע צייכענונגען וועלכע ריידן, פּיעשטשען און לאַשטשען אַזוי פּשוט און האַרציק אָבער טראָגן אין זיך איינדעראָמתן פאַרבאַהאַלטענע ניגונים פון געשיכטע און לעבן.

***

דעם שטאַם פון זיין לעבן איז די גיגאַנטישע רוסישע ראָמאַנטיק און די שירה פון חסידיזם וואָס שטאַמט

אַזש פון רב אַליין.

פון דאַנעט טראָגט עס אים אַריבער צום שליאַך פון יידישן באַפרייאונגס-קאַמף.

אַזוי שפּאַרט ער אַן אַלע קעמערלעך, אַלע קאַנאַלן פון אוניווערסאַליזם, פון ציוניזם, סאָציאַליזם, ציוניסטישן סאָציאַליזם און אַזוי קומט ער אַלעמאָל צוריק צו די הויכן און נידערונגען פון זיין געבורט-וויג אין מאָסקווע. אויף קיין איין אויגנבליק אָבער רייסט ער זיך נישט אָפּ פון דעם יידיש געשעען און פון יידיש טראַגיק. אַפילו אין דער צייט פון זיין

ציוניסטישן בין השמשות אין דער טעריטאָריאַליסטישער תקופה, פאַר־לירט ער נישט, אַפשר פאַרבאַהאַלטן פון זיינע חברים, אַ פעסטן און זי־כערן בליק אויף דעם לעתיד־לבוא אין ארץ ישראל.

ער צעגלידערט נישט און אַנאַליזירט נישט קיין מצב. ער פּאַקט מיט אַ פולער אינטואיציע אַ יאָדערע פון לעבן. פּראָטעסטירט מיט דונער און בליץ קעגן איר ביטערקייט. זינגט זמירות איבער איר געזונטער נאַרהאַפ־טיקייט און מאָלט די פירות און די בלום אין וואָס די יאָדערע צעבליט זיך.

אַלץ מיט אַזאַ שטאַרקער זיכערקייט און אין יסוד מיט אַזאַ געזונטן חוש אַז קיינעם קומט גאָרנישט אויפן געדאַנק צו פאָדערן פון אים אַן אַנדערע אַרגומענטאַציע אָדער בעסערע ראיות.

דער באַווייז פון דער ריכטיקייט פון יעדן פסק־דין אָדער פּאָסטולאַט וואָס רעגאַלסקי זאָגט אַרויס, ליגט אין דעם פייערדיקן גלויבן, אין דער ערלעכער זיכערקייט וואָס שטראָמט אַרויס אַזוי קלאָריטפול פון רע־גאַלסקים וואָרט און שריפט.

מען מוז שוין באמת זיין אַ קאַפּיטשקע טעמפּעוואַטע אָדער גע־שלאָגן אויף דער ראיה כדי נישט צו פילן און צו זען אַז רעגאַלסקים אַר־טיקלען און רעדעס אָטעמען אַפילו אויך דעמאָלט נשמה, גאַר־גאַר שיי־נע נשמה, בשעת מען בלייבט נאָך אַלעמען ביי אַן אַנדער מיינונג און אַן אַנדער איבערצייגונג.

מיט אַ זינגער אָדער מאָלער איז שווער צו האַלטן אַ וויכוח. אַזוי זינגען זיי און אַזוי מאָלן זיי.

רעגאַלסקין מוז מען לייענען און געניסן — קודם־כל.

זיינע קליינע אַרטיקעלעך וועגן שאלות אָדער תשובות זיינען טראָפּ אויף צייט־אינטערעסן. צייט־געשעענישן און צייט־מענטשן.

יעדער אַרטיקל איז אַ מין דגש אויף דעם וואָס האָט פּאַסירט און אַ רמז אויף דעם אין וואָס רעגאַלסקי גלויבט און פאַרוואָס ער לעבט און קעמפט.

עס איז נישט קיין קליינקייט צו שרייבן צווישן צוויי אַזעלכע וועלט־מלחמות און אין דער צייט פון אַזעלכע וועלט־מלחמות גופא.

***

נישטאָ אין רעגאַלסקים שאַפונג קיין ברעקל ליצנות, קיין שטיקל זלזול אין אוניווערסאַלער אָדער יידישער קדושה.

האַרץ־בלוט איז יעדער וואָרט, האַרץ־בלוט יעדער פסוק.

עס קען דאָך בכלל נישט געמאָלט זיין אַ ייד מיט אמונה אָן אַ ברייט האַרץ.

אַזוי ליגט פאַר אונדז אין דעם בוך אַ שטיק האַרץ, אַ שטיק נשמה פון אונדזער צייט, אַ צייט ווען וועלט איז בלוט-ים, ווען מענטשהייט איז רציחה און גזילה, ווען שלום איז ערגסטע אימפּעריאַליסטישע תאווה, ווען יידנטום איז מוראַדיקסטע קאַטאַסטראָפע, ווען וויסנשאַפט איז די העכסטע טעכניק וועלכע דערמעגלעכט אַזוי לייכט מענטשן צו ווערן חיות, ווילדע וואַלד-חיות וואָס זיינען קאַפּאַבל צו פאַרשלינגען אין מיטן העלן טאָג זעקס מיליאָן הייליקע אומשולדיקע נפשות, נאָר ווייל זיי זיינען געבוירן ווי יידן און ווילן לעבן ווי יידן.

⁂

קולטור-טיפּן און טיפּן פון קאַניבאַלע ווילדעני־שן, אוניווערסאַלע געשעענישן און לאָקאַלע פּאַסירונגען, גרויסע מעכטיקע וועלט-אידייען און קליינטשיקע מענטשעלעך פון קאַפּרילעזוקע און קאַפּצאַנסק, געפינען אָפּשאַצונג און כאַראַקטעריסטיק אין רעגאַלסקים שאַפונג.

נישט אַלעמאָל וועט מען מסכים זיין מיט דעם אופן, מיט דעם תוך און מיט דער טענדענץ פון רעגאַלסקים באַציאונג און רעגאַלסקים משפּט. מען וועט אָבער יעדן אַרטיקל און יעדן אַרטיקעלע לייענען ביזן סוף.

אויב מען וועט אים נישט לייענען אין דער הויך וועט מען אים לייענען בלחש.

זיין סטיל איז אַזוי פּשוט און פליסנד, זיין נוסח — אַן אייגענער, און זיין באַציאונג צו דעם וואָס ער זאָגט און שרייבט, איז אַזוי ערלעך און אַזוי אויפריכטיק, אַז מען פילט עפּעס ווי אַן עוולה אים נישט צו לייענען מיטן פולן ערנסט.

⁂

רעגאַלסקים השפּעה און פּרסום גייט ווייט אַריבער די גרעניצן פון די לענדער וואו ער ווירקט, רעדט און שרייבט.

אָראַטאָריש געהערט ער זיכער צו די בעסטע כוחות וואָס מיר פאַרמאָגן אויף דעם דאָזיקן קונסט-שטח. אַלס עסקן רירט ער אָן אַלע פאָרמען און נוסחאות פון יידישן קאַמף און יידיש לעבן, און אַלס שרייבער איז ער אַן אָרגאַנישער באַשטאַנטייל פון דער יידישער ליטעראַטור.

אָבער 28 יאָר לעבן גייט נישט אַריבער אין עולם הבא אָן אַ שפור און אָן זכר אין עולם הזה.

רעגאַלסקי איז גלייכצייטיק אַ קינד פון דער אַרגענטינער סביבה, פון אַרגענטינער געשעענישן און פון אַרגענטינער שאַפונג.

אין אַרגענטינער יידיש לעבן האָבן זיך אין די לעצטע 30 יאָר, צווישןביידע וועלט-מלחמות און בשעת די וועלט-מלחמות, אָפּגעשפּילט קאַמפן

און געשעענישן וועלכע וועלן בשום אופן נישט פאַרשווינדן אָן אַ השפּעה אויף דער אויספאָרמונג פון יידישקייט בכלל.

אַרגענטינע האָט אין דער צייט געשאַפן עסקנים, שרייבער און מנהי־גים וועלכע זיינען גורמים און סטימולירן אין אַ יידיש תקופה וואָס האָט אָן ספק כלל־חשיבות און וועלט־אַראָמאַט.

רעגאַלסקי איז איינע פון די בעסטע און שענסטע צווישן זיי און עס איז אַ זכות צו זיין באַטייליקט אין דער אויסגאַבע פון אַ ווערק וואָס איז בלוט פון רעגאַלסקים בלוט און גייסט פון רעגאַלסקים גייסט.

*
* *

ליידער איז צוליב געוויסע סיבות נישט מעגלעך צו געבן דעם עולם אַ זאַמל־בוך נאָר וועגן רעגאַלסקין אַלס פּערזענלעכקייט, אַלס עסקן און אַלס שרייבער. זיינע נאָענטע פריינט האָבן אין אָנהויב געהאַט אַזאַ כוונה און האָבן שוין געהאַט פאַרטראַכט אַזאַ פּלאַן.

אָבער רעגאַלסקי איז און בלייבט לעבן אין באַוועגונג, קעמפער און עסקן אין אונדזער דור. פריער אָדער שפּעטער וועט אַזאַ ווערק מוזן דער־שיינען, אויב מען וועט וועלן דעם דור אַנאַליזירן און אים אָפּשאַצן אין פּעולה און אין השפּעה.

**ד"ר יעקב העלמאַן.**

דער פאטאליזם פון דער געשיכטע איז אומ־
פארמיידלעך, בדי צו דערקלערן די אומשכלדיי־
קע פאסירונגען אין דער געשיכטע.
(ל. נ. טאלסטאי, „קריג און פרידן")

# דער פאטאליזם פון קריג אין ליכט פון טאלסטאָיס איליאַדע

יעדער פון אונדז, וועמען עס איז אויסגעקומען צו זיין פון דער נאָענט אן עדות פון דעם אויסברוך פון דער אייראָפּעאישער קאטאסטראָפע אין יולי 1914, האָט געמוזט פילן, ווי וויניק באפרידיקנדיק עס זיינען פאר דעם פאָרשענדן געדאנק די אלע פּאָרטיקע היסטאָריש־פילאָזאָפישע פאָרמולעס, וואָס יעדער האָט געהאט וועגן דער טרייב־קראפט און סיבות פון די מלחמה צוזאמענשטויסן פון פעלקער און לענדער.

נאָכפאָלגנדיק דעם גאנג פון די אייראָפּעאישע געשעענישן, די וואקסנדע ריוואַ־ליטעט פון די אימפעריאליסטישע מלוכות, דעם קאמף צווישן רוסלאנד און עסט־רייך אויף די באלקאנען, די ווירטשאפטלעכע קאָנקורענץ צווישן ענגלאנד און דייטש־לאנד אויף דעם וועלט־מארק, די אמביציעס פון צארישן רוסלאנד צו באהערשן קאָנסטאנטינאָפּאָל און די דארדאנעלן — האָט זיך אונדז געדוכט, אז מיר האָבן שוין דעם ריכטיקן שליסל צו באגרייפן די סיבות פון דעם אומפארמיידלעכן פעלקער־צוזאמענשטויס.

דערצו האָבן פילע פון אונדז געהאט די פּאָרטיקע געשיכטס־פילאָזאָפישע פאָר־מול אז דער קאפיטאליסטישער אימפעריאליזם איז די סיבה פון אלע סיבות פון יעדער מלחמה.

נאָר אָט איז אין א ליכטיקן זומער־טאָג פון יולי 1914, געקומען דער פלוצלינ־גער שאָס פון סאראיעוואָ און באלד האָט זיך מיט א מעכטיקן אימפעט אָנגעהויבן

אַנרוקן אויף אייראָפּע, ווי אַ מוראַדיקע, סטיכיש־אומאָפּהאַלטבאַרע לאַווינע, דער שטורם פון דער קריגס־קאַטאַסטראָפע.

פאַר אַלעמענס אויגן האָט זיך געשטעלט דער שרעקלעכער געשפּענסט פון וועלט־קריג.

קיינער האָט אָבער ניט געגלויבט, ניט געוואָלט גלויבן ביז דער לעצטער רגע, **אַז דער אומגליק וועט געשען**, אַז דער טויט פון אַ יי ן פירסט וועט ווערן דער סיגנאַל צו דעם אויסברוך פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, וועגן וועלכער אַלע האָבן גערעדט און דאָך ניט געגלויבט, אַז זי וועט ווערן אַ רעאַלע טאַט־זאַך.

ווי אַ ווירבל־ווינט האָבן זיך געטראָגן די געשעעניש, און וואָס נעענטער עס איז געקומען דער פאַטאַלער 31טער יולי, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן די עמפּינדונג, אַז עפּעס אַ בלינדע געהיימע מאַכט, אַ פאַטום, וואָס איז שטאַרקער פון דעם ווילן פון די קעניגן און פּאָליטיקער, טרייבט די רעדער פון דער געשיכטע...

מיר האָבן געהערט וועגן די האַנדלונגען און אַרויסטרעטונגען פון איינצלנע רע־גירונגען, פון מיניסטאָרן און קעניגן, אָבער עס איז אוממעגלעך געווען צו באַפרייען זיך פון דעם טיפן אונטערבאַוואוסטזיניקן איינדרוק, אַז די אַלע „העלדן“ פון דער אייראָפּעאישער דראַמע זיינען ניט מער, ווי מאַריאָנעטקעס, וואָס ווערן געצויגן ביי די דראָטן דורך אַ געהיימער מאַכט.

אַלע פּאַרטיקע פאָרמולעס און באַגריפן זיינען צעשאָטן געוואָרן אין שטויב.

צוקונדיק זיך, ווי עס דערנענטערט זיך דער וואולקאַן־אויסברוך, האָבן מיר זיך דערפילט ווי די צושויער פון דער אַלט־גריכישער טראַגעדיע, אַז איבער אַלץ און אַלעמען הערשט דער בלינדער פאַטום, זיין מאַיעסטעט — דער ש י ק ז א ל . . .

יאָ, סאַראַיעוואָ, ריוואַליטעט אויף די באַלקאַנען, צאַרישער אימפּעריאַליזם, קאַ־פּיטאַליסטישע קאָנקורענץ און נאָך און נאָך סיבות האָבן געבראַכט די מלחמה־קאַ־טאַסטראָפע.

אָבער די דערשיטערטע נשמה און דער אויפגערעגטער געדאַנק האָבן געזוכט די הויפּט־סיבה, יענע בלינדע קראַפט, וואָס האָט אַריינגעשלעפּט אין דעם ווילדן טויט־טאַנץ די מיליאָנען פון אַלע פעלקער, בורזשויען, ווי פּראָלעטאַריער, מיליטאַריסטן, ווי פּאַסיפיסטן, די אָנהענגער פון אימפּעריאַליזם און די איבערצייגטע סאָציאַליסטן.

אַלץ און אַלע האָבן זיך געיאָגט אין ווילדן אימפּעט אין די אָרעמס פון טויט...

ניט שוין־זשע איז דער ווילן פון איינצלנע הערשער, די אימפּעריאַליסטישע אמביציעס פון דעם הייפל מלוכה־פירער געווען גענוג, אַז טעלעכע צענדליק מיליאָן, מיט אַ טאָג צוריק נאָך פרידלעכע מענטשן, זאָלן זיך פאַרוואַנדלען אין ווילדע בעס־טיעס, וואָס פאַרטיליקן זיך איינער דעם אַנדערן?...

די בורזשואַזיע איז שולדיק, די מיליטאַריסטן, גוט. אָבער צו דער שחיטה זיי־

נען דאָך געגאַנגען די בורזשואַזע ווי די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן. אויסער דעם קליינעם הייפל פון די מלוכה־פירער, זיינען דאָך אַלע אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם פאַרכּישופטן קרייז פון טויט און קיינער איז ניט פאַרשוינט געוואָרן פון די בייניקע נעגל פון דער מלחמה־פוריע.

די פּאַרטיקע פאָרמולעס פון קאַפּיטאַליזם, אימפּעריאַליזם, באַלקאַן־ריוואַליטעט האָבן ניט געגעבן קיין באַפרידיקנדיקע תשובה דער אויפגערודערטער נשמה און דעם אויפגערעגטן געדאַנק.

אין ערגיץ וואו, אין דער באַהעלטעניש פון דעם אונטערבאַוואוסטזיין איז גע־וואַקסן דער פּעסימיסטישער געדאַנק, אַז געערעכט זיינען די אַלטע גריכן, אַז דער בלינדער פאַטום דער שיקזאַל הערשט און געוועלטיקט איבער אונדז און איז דער איינציקער מושל אין אונדזער לעבן...

און עס האָבן פאַר אונדז באַקומען אַ נייעם רעאַלן זין די פאַוסטישע ווערטער:

„דו דענקסט מאַן שיבט

מאַן ווירד געשאָבען..."

דו מיינסט, אַז דו שטופּסט די געשעענישן, אָבער אין דער אמתן ווערסטו גע־טריבן פון זיי...

:: :: ::

אָט, אין דעם געמיט צושטאַנד, ווען אַלץ אַרום איז געווען דורכגעדרונגען מיט דעם פרישן פיבער פון דער מלחמה־קאַטאַסטראָפע, האָב איך גענומען ווידער אי־בערלייענען טאָלסטאָיס גרויסע עפּאָפּייע פון דער נאַפּאָלעאָנישער מלחמה — „קריג און פרידן".

ווען איך האָב צום ערשטן מאָל מיט פיל יאָרן צוריק געלעזן דאָס גרויסע ווערק פון טאָלסטאָי וועגן דער עפּאָכע פון דעם גרויסן קריג פון 1812, איז ביי מיר אין זכרון פאַרבליבן בלויז די געניאַל־געשילדערטע טיפּן פון נאַטאַשאַ און פירסט באָל־קאָנסקי און זייער טראַגישע דערשיטערנדע ליבעס־דראַמע.

איך בין אָבער גלייכגילטיק און קאַלט געבליבן צו דער שילדערונג פון נאַפּאָ־לעאָנען, ווייל טאָלסטאָי האָט דאָ אַראָפּגעשליידערט פון פּיעדעסטאַל און צונישט געמאַכט די העראָאישע פיגור פון דעם פראַנצויזישן אימפּעראַטאָר, וועלכע האָט גע־לעבט אין מיין פאָרשטעלונג אונטער דער ווירקונג פון דעם נאַפּאָלעאָן **ענטוזיאַזם** פון היינע און די רוסישע פּאָעטן.

נאָך אַ שטאַרקערן אינערלעכן ווידערשטאַנד האָט ביי מיר אַרויסגערופן טאָלס־טאָיס פאַטאַליסטישע געשיכטס־פילאָזאָפיע, מיט וועלכער עס איז דורכגעדרונגען דער גאַנצער ראָמאַן „קריג און פרידן".

אַלץ אין מיר האָט רעוואָלטירט קעגן דער טאָלסטאָאישער אויפפאַסונג, אַז מיר זיינען בלויז אַ בלינדער שפּילצייג אין די הענט פון פאַטום, פון דעם בלינדן גורל.

אָבער אומער דער ווירקונג פון די איבערלעבונגען פון דעם קאַטאַסטראָפאַלן אויסברוך פון דער גרויסער מלחמה, איז פאַר מיר יעדער בלעטל פון טאָלסטאָיס קריגס־ראָמאַן געוואָרן אַ נייע אַנטפּלעקונג. איך האָב אינערלעך אָנגעהויבן באַגרייפן דעם אמת פון טאָלסטאָיס געשיכטס־פילאָזאָפישער אויפפאַסונג פון דער גרויסער נאַפּאָלעאָנישער מלחמה־עפּאָכע פון 1812.

וואָס איז דער גרונד־געדאַנק פון דעם גרעסטן ווערק פון דער רוסישער און אַל־וועלטלעכער ליטעראַטור, וואָס ווערט מיט פולן רעכט פון פילע קריטיקער פאַרגליכן מיט דער איליאַדאַ, ווייל פונקט ווי אין האָמערס ווערק, ווערט געשילדערט אין „קריג און פרידן" דער קאַמף פון אַ גאַנצן פאָלק פאַר זיין לעבן און קיום, און דער הויפּט־העלד פונעם ראָמאַן איז — דאָס פאָלק.

די צענטראַלע אידייע פון „קריג און פרידן" איז סינטעטיזירט ביי טאָלסטאָיען אין איין קורצן קאַפּיטל פון דריטן באַנד פון ראָמאַן.

נאָך לאַנגע היסטאָרישע פאָרשונגען פון דער נאַפּאָלעאָנישער עפּאָכע, נאָך דער געניאַלער קינסטלערישער רעקאָנסטרוקציע פון דעם גרויסן פעלקער־געראַנגל פון 1812, קומט טאָלסטאָי צו דער מסקנה, אַז ס'איז אוממעגלעך צו געפינען אַ לאָגישן ראַציאָנעלן ענטפער וועגן די סיבות פון דער גרויסער רוסיש־נאַפּאָלעאָנישער מלחמה.

און טאָלסטאָי דערקלערט קלאָר און קאַטעגאָריש:

„דער פאַטאַליזם איז אומפאַרמיידלעך פאַר דער דערקלערונג פון אומשׂכלדיקע געשעענישן אין דער געשיכטע (ד. ה. פון וועלכע מיר קענען ניט באַגרייפן)".

דער מענטש לעבט באַוואוסטזיניק פאַר זיך, אָבער ער דינט אַלס אומבאַוואוסט־זיניקער אינסטרומענט פון דער געשיכטע פאַר דער דערגרייכונג פון אירע אומבאַ־קאַנטע צילן.

איבערפראַזירנדיק דאָס יעוואַנגעלישע וואָרט:

„דאָס האַרץ פון קעניג איז אין דער האַנט פון גאָט", זאָגט טאָלסטאָי:

„דער מלך איז דער קנעכט פון דער געשיכטע".

די געשיכטע, דאָס הייסט, דאָס אומבאַוואוסטזיניקע קאָלעקטיווע לעבן פון דער מענטשהייט, נוצט אויס יעדע רגע פון לעבן פאַר זיך, פאַר אירע צילן:

מיט אַנדערע ווערטער צעשטערט טאָלסטאָי די אָנגענומענע אויפפאַסונג פון אַלע געשיכטס־שרייבער, אַז אין דער רוסיש־נאַפּאָלעאָנישער מלחמה האָבן אינטער־ווענירט באַוואוסטזיניקע פאַקטאָרן, אַז דער גרויסער נאַפּאָלעאָן אָדער אַלעקסאַנדער דער ערשטער האָבן געשפּילט, וועלכע ניט איז אַקטיווע ראָלע אין דער גרויסער היס־טאָרישער עפּאָפּייע פון 1812.

דעם 12טן יוני 1812, זאָגט טאָלסטאָי, זיינען די כוחות פון מערב־אייראָפּע אי־בערגעטראָטן די גרעניצן פון רוסלאַנד און עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה, דאָס הייסט עס איז פאָרגעקומען אַ געשעעניש, וואָס איז דערווידער דעם מענטשלעכן שכל און דער מענטשלעכער נאַטור.

מיליאָנען מענטשן זיינען באַגאַנגען איינער קעגן צווייטן אַזוי פיל אומצאָליקע פאַרברעכנס, וויפל די געשיכטס-כראָניק פון דער גאַנצער וועלט קען ניט פאַרצייכע־נען אין פיל דורות.

די נאַאיווע היסטאָריקער טענהן, אַז די סיבה פון אָט דער קאָלאָסאַלער געשעע־ניש איז געווען נאַפּאָלעאָנס באַליידיקונג פון הערצאָג פון אלדענבורג, די הערשער־לוסט פון נאַפּאָלעאָנען, די כאַראַקטער־האַרטקייט פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן און די טעותן פון די דיפּלאָמאַטן.

אויף אַזאַ אופן קען מען מיינען, אַז ווען מעטערניך, רומיאַנצעוו אָדער טיילעראַן וואָלטן זיך באַמיט און אָנגעשריבן אַ בעסערן דיפּלאָמאַטישן פּאַפּירל, אָדער ווען נאַפּאָלעאָן וואָלט אָנגעשריבן אַ פריינדלעכן בריוועלע דעם הערצאָג פון אָלדענבורג, וואָלט קיין מלחמה ניט געווען.

יאָ, די צייט־גענאָסן פון דער עפּאָכע פון 1812 האָבן געקענט אָנווייזן אויף צענדליקער סיבות, וואָס האָבן געפירט צו דער גראַנדיעזער פעלקער-שלאַכט, אָבער פאַר די מענטשן פון היינטיקן דור, וואָס באַטראַכטן די געשעענישן אין זייער גאַנ־צער גרויס און דרינגען אַריין אין זייער איינפאַכן און שרעקלעכן זין, זיינען די אַלע סיבות ווייט ניט איבערצייגנד.

עס איז אומבאַגרייפלעך, לויט דער מיינונג פון טאָלסטאָי, אַז מיליאָנען מענ־טשן זאָלן הרגענען און פייניקן איינער דעם אַנדערן, בלויז דערפאַר, וואָס נאַפּאָלעאָן איז געווען דורשטיק נאָך מאַכט, וואָס אַלעקסאַנדער איז געווען האַרטנעקיק און ענגלאַנד האָט געפירט אַ כיטרע פּאָליטיק.

עס איז אוממעגלעך צו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ שייכות האָבן אָט די אַלע זאַכן מיט דעם עצם־פאַקט פון מאָרד און רויב, פאַרוואָס זאָלן צוליב דער באַליידיקונג פונעם הערצאָג פון אָלדענבורג הונדערטער טויזנטער מענטשן פון מערב־אייראָפּע הרגענען און ראַבעווען די מענטשן פון מאָסקווע און סמאָלענסקער גובערניעס און געהרגעט ווערן פון זיי...

יאָ, וואָס מער מען פאַרשטעט די געשעענישן פון דער מלחמה-עפּאָכע פון 1812, אַלץ מער סיבות געפינט מען אויס, וואָס יעדע פון זיי איז אַליין פאַר זיך געזען אמת אָדער פאַלש, אָבער אַלע צוזאַמען זיינען זיי נישטיק אין פאַרגלייך מיט דעם ריזיקן פאַרנעם פון די געשעענישן.

און טאָלסטאָי פאַרענדיקט זיינע באַטראַכטונגען, וואָס דינען אַלס לייטנדער

געדאַנק פון דעם גאַנצן ראָמאַן, מיט דער דערקלערונג, אַז עס זיינען געווען אַן אַ צאָל סיבות, וואָס זיינען צונויפגעפאַלן מיט דעם, וואָס איז געשען, אָבער עס איז ניט געווען קיין איין אויסשליסלעכע סיבה, וואָס האָט אַרויסגערופן די גרויסע פּאַ־סירונג, וועלכע איז געשען צוליב דעם ווייל עס האָט ג ע מ ו ז ט אַזוי געשען...

עס האָבן ג ע מ ו ז ט מיליאָנען מענטשן, אָפּזאָגנדיק זיך פון זייערע מענטש־לעכע געפילן און זייער שכל, גיין פון מערב צו מזרח און הרגענען זייערע ברידער־מענטשן.

:: :: ::

אָט דאָס איז דער תמצית פון טאָלסטאָיס געשיכטס־פילאָזאָפיע, וועלכע דרינגט אַרויס פון זיין געניאַלן ראָמאַן.

אוֹן ווען מיר פאַרבייטן די נעמען פון נאַפּאָלעאָן, אַלעקסאַנדער, מעטערניך, און טיילעראַן אויף די נעמען פון ווילהעלם, ניקאָלאַי, פּונקאַרע און איזוואָלסקי, קענען מיר פול און גאַנץ אָנווענדן די טאָלסטאָאישע באַטראַכטונגען צו דער גרויסער וועלט־מלחמה, וועלכע מיר האָבן דורכגעלעבט מיט צען יאָר צוריק.

אויך אין אונדזער פאַל ווייסן מיר צענדליקער סיבות און פאַקטאָרן, וואָס האָבן מיטגעווירקט אויף דעם אויסברוך פון דער קאַטאַסטראָפע פון יולי 1914, אָבער מיר ווייסן ניט די איינציקע גרויסע סיבה, וואָס האָט באַוואויגן איבער צוויי צענדליק מיליאָן מענטשן פון אַלע וועלט־טיילן וואַרפן זיך אין דעם ווילדן טויטן־טאַנץ פון דער קעגנזייטיקער פאַרניכטונג.

די קאַרדינאַלע פראַגע, וואָס טאָלסטאָי שטעלט אין זיין „קריג און פרידן" בלייבט אויך ניט פאַרענטפערט פאַר אונדזער דור, וואָס האָט מיט הונדערט יאָר שפּעטער דורכגעלעבט נאָך אַ שרעקלעכערע פאַר דער נאַפּאָלעאָנישער קריגס־עפּאָ־פּייע.

ווען מיר ווילן זיין ערלעך מיט אונדזער געוויסן און ניט באַרואיקן זיך מיט לייכטע פאָרמולעס: „קאַפּיטאַליסטישער אימפּעריאַליזם", „באַלקאַן־פּאָליטיק", „קאַמף פאַרן וועלט־מאַרק" און ענלעכעס, מוזן מיר קומען צום טראַגישן ענטפער פון טאָלסטאָיען

„עס איז געשען, ווייל עס האָט ג ע מ ו ז ט ג ע ש ע ן", ווייל אומשכל־דיקע פּאַסירונגען אין דער געשיכטע קענען מיר נאָר דערקלערן מיט פאַטאַליזם...

:: :: ::

עס פרעגט זיך, האָט פאַר אונדז אַ ווערט טאָלסטאָיס געשיכטס־פילאָזאָפיע?

דער גרויסער גאון פון דער רוסישער ערד איז געווען דער גרעסטער קינסטלער פון אונדזער דור, אָבער צי איז ער פאַר אונדז מאַסגעבנד אַלס דענקער?

און מירן דערויף ענטפערן:

ווען טאָלסטאָי וואָלט פאַר אונדז אַנטוויקלט אַבסטראַקטע געשיכטס־פילאָזאָ־פישע גדאַנקען, וואָלטן מיר זיך צו זיי קענען באַציען מיט דעם זעלבן סקעפּטי־ציזם, ווי מיר באַציען זיך צו זיין רעליגיעז־פילאָזאָפישער תורה און צו זיינע שפּע־טערדיקע גדאַנקען וועגן קונסט.

יאָ, טאָלסטאָיס גדאַנקען נעמען מיר ניט אָן אַלס תורת משה. ער איז פאַר אונדז ניט קיין אויטאָריטעט אַלס געשיכטס־פילאָזאָף.

אָבער די פילאָזאָפיש־היסטאָרישע באַטראַכטונגען אין „קריג און פרידן" זיינען ניט קיין פּראָדוקט פון אַבסטראַקטן גדאַנק.

טאָלסטאָי האָט יאָרנלאַנג שטודירט אַלע געשיכטס־מאַטעריאַלן פון דער נאַ־פּאָלעאָנישער עפּאָכע. אים איז געבליבן ניט אומבאַקאַנט קיין איין וויכטיקער דאָ־קומענט, מעמואַרן, בריוו, מיליטערישע ראַפּאָרטן, געשיכטלעכע פאָרשונגען פון דער עפּאָכע. קיינער קען אים ניט אָנווייזן דעם קלענסטן פעלער אין דער קינסטלערישער רעקאָנסטרוקציע פון דער גאַנצער מלחמה־עפּאָפּייע.

ער האָט דעם גאַנצן מאַטעריאַל באַאַרבעט אין דער קינסטלערישער לאַבאָראַ־טאָריע פון זיין געניאַלער אינטואיציע.

מיט זיין געניאַלן פּענזל האָט ער געמאָלן אָביעקטיוו געטריי און אמתער פאַר אַלע היסטאָריקער אַלע העלדן פון דער גרויסער עפּאָכע, און האָט געשאַפן אַ ריזיק לויט איר פאַרנעם בילד פון דער גאַנצער עפּאָכע.

ער איז נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט נאַפּאָלעאָנען, אַלעקסאַנדערן און קוטו־זאָוון — די הויפּט־העלדן פון דער דראַמע פון 1812, און האָט זיי געשילדערט מיט אַזאַ טיפן פּסיכאָלאָגישן אמת, וואָס האָט ניט זיין גלייכן אין דער וועלט־ליטעראַטור.

איר זעט פאַר זיך דעם נאַקעטן אמת פון די געשעענישן און פון די האַנדלונגען פון אַלע אָנטיילנעמער פון דעם גרויסן פעלקער־געראַנגל פון יאָר 1812.

איר פילט, אַז טאָלסטאָי איז מיט זיין געניאַלן חוש און אינטואיציע אַריינגע־דרינגען אין די טיפענישן פון אַלע זיינע העלדן, ער האָט באַלויכטן זייערע אינער־לעכע נשמה און זייערע איבערלעבונגען און די מאָטיוון פון זייערע האַנדלונגען.

קיין איין רגע צווייפלט איר ניט, אַז דאָס, וואָס ווערט געשילדערט אין „קריג און פרידן" איז דער הייליקער אמת. איר זעט פאַר זיך ניט דעם פון היסטאָריקער באַפּוצטן נאַפּאָלעאָנען, נאָר דעם אמתן אימפּעראַטאָר, ווי אַזוי ער איז ווירקלעך געווען, און איר זעט אַז ער ווי די אַלע איבעריקע העלדן פון דער עפּאָפּייע, זיינען געווען מאַריאָנעטקעס אין די הענט פון צופאַל, פון אַ בלינדער מאַכט, וואָס האָבן בלויז געגלויבט, אַז זיי האַנדלען לויט זייער אייגענעם ווילן.

בלויז איין קוטוזאָוו, פּונקט ווי דער פּשוטער פאָלקס־העלד, דער סאָלדאַט קאַ־ראַטאַיעוו, ווייסט, אַז פון שיקזאַל קען מען ניט אַוועקגיין, און ער פּרעטענדירט

ניט אפילו צו אָנפירן מיט די געשעענישן און לאָזט זיך פירן פון זיי.

נאַפּאָלעאָן שטעלט זיך אין פּאָזע אַלס גרויסער מלחמה־פירער, וואָס גיט די־רעקטיוון און איז דער אָנפירער פון די שלאַכטן.

דער טיפּישער רוס, קוטוזאָוו, באַגרייפט מיט עכט אָריענטאַלישן פאַטאַליזם, אַז דאָרטן, וואו עטלעכע מיליאָן מענטשן קעמפן פאַרן לעבן, איז נאָר אַן אָנשטעל די גאַנצע מלחמה־פירונג און ער שמייכלט און דרעמלט איין, בעת זיינע מיטהעלפער די דייטשע גענעראַלן, דיסקוטירן סטראַטעגישע פּלענער.

קוטוזאָוו ווייסט, אַז דאָס, וואָס מוז געשען, וועט געשען; ער לאָזט זיך פירן פון זיין פאָלקס־אינסטינקט.

און אַזוי זעען מיר, ווי פון די געניאַל־געשילדערטע טיפן פון דער גרויסער מלחמה־עפּאָפּייע דרינגט אַרויס, די פאַטאַלע געבונדנקייט פון אַלע זייערע טאַטן און האַנדלונגען.

אָט פון דעם קינסטלעריש־געניאַלן אַריינדרינגען אין דער נשמה פון די העלדן פון דער נאַפּאָלעאָנישער מלחמה, שטראָמט אַרויס ביי טאָלסטאָיען זיין פאַטאַליס־טישע געשיכטס־פילאָזאָפיע.

מיט טאָלסטאָיען דעם דענקער, קענען מיר יאָ אָדער ניט מסכים זיין. דעם גאון־קינסטלער מוזן מיר גלויבן, ווייל ער האָט מיט זיין געניאַלן חוש און אינטואי־ציע אָנטפּלעקט דעם אמת, וועלכן עס איז מאַכטלאָז צו אַנדעקן דער טרוקענער פאָרשנדער געדאַנק.

:: :: ::

הייסט עס, אַז מיר דאַרפן אָננעמען פאַר גוט טאָלסטאָיס פּסק־דין, וועלכער איז אייגנטלעך דער אורטייל פון די אַלטע גריכן, אַז מיר זיינען אַ שפּילצייג אין די הענט פון בלינדן שיקזאַל?

און איז דען געטע אין זיין „פאַאוסט" ניט געקומען צו דער זעלבער מסקנה, זאָגנדיק אונדז, אַז „מען דענקט, אַז מען „שטויסט" און מען ווערט געשטויסן".

דערויף קען ניט זיין קיין אַלגעמיין גילטיקע תשובה.

די, וואָס קענען זיך באַרואיקן מיט אָפּטימיסטישע געשיכטס־פילאָזאָפישע פאָר־מילן, וועלן געווים אָפּוואַרפן דעם טיף־פעסימיסטישן אויספיר פון דעם געניאַלן רוסישן קינסטלער.

מיר קענען זיך נאָר טרייסטן מיט דער האָפנונג, אַז ס'וועט אַמאָל מקוים ווערן מאַרקס־ענגעלס נבואה, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען מיר וועלן פון דעם „קעניגרייך פון נויטווענדיקייט, אַריבער אין דעם קעניגרייך פון פרייהייט". דאָס הייסט, מיר וועלן ווערן פרייע מענטשן, וואָס וועלן קענען זיין מייסטער פון זייער אייגענעם שיקזאַל, און ניט אונטערגעוואָרפן אין דעם בלינדן שפּיל פון פאַטום, פון דעם אַלמעכטיקן גורל...

(סעפּטעמבער 1928)

# מיט צוואנציק יאָר צוריק

(דער אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג)

רואיק און זאָרגלאָז האָב איך פאַרבראַכט מיינע זומער-וואַקאַציעס פון 1914 אין דער פרידלעכער און געמיטלעכער קאָלאָניע, פון די דייטשישע נאַטור־מענטשן און וועגעטעריאַנער — אין „עדען", נישט ווייט פון בערלין.

אויף די טויערן פון דער ווילאַ, וואו איך האָב געוואוינט, איז געווען די שטאָל־צע אויפשריפט:

„מעג די וועלט דאָרט דרויסן איר שטורם טרייבן, מיין היים איז מיין רו־פּלאַץ".

און כאָטש מיר זיינען דאָ געווען בלויז אַנדערהאַלבן שעה רייזע פון בערלין, האָט דער גערויש פון דער אויסערלעכער וועלט דערגרייכט אהער אין געדעמפּטע קלאַנגען, ווי אַן עכאָ פון ווייט, ווייט.

אין אָט דער געמיטלעכער אַטמאָספער, אויפן שויס פון דער נאַטור האָבן די געשעענישן פון די יולי־טעג 1914 נישט אויסגעזען צו זיין אַזוי טראַגיש, קיינעם האָט זיך נישט געחלומט, אַז מיר שטייען אויף דער שוועל פון דער קאַטאַרסטראָפע.

אָבער סוף יולי איז די לאַגע מיט יעדער שעה געוואָרן געשפּאַנטער און נער־וועזער.

עס איז געוואָרן אומרואיק אויך אין מיין פרידלעכן „גן עדן". דער געשפּענסט פון קריג האָט זיך אריינגעריסן אין דער פרידלעכער סביבה פון „עדען".

איך בין אוועק אין שטאָט. בערלין האָט געפיבערט. אויף „אונטער די לינדען" קאָכט ווי אין אַ קעסל. אַלע זיינען אין גאַס, קיינער קען נישט איינזיצן אין זיין היים.

פּלוצלינג איבערנאַכט, האָבן אַלע דערשפּירט, אַז דער שטורם קומט, אַז די קאַטאַסטראָפע רוקט זיך אָן.

אויף די גאַסן קומען פאָר פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס. דער המון שרייט: „זאָל לעבן דער קריג!" עס הערן זיך שוין אויסרופן קעגן די רוסן.

ווי לויט אַ סיגנאַל, וואָס איז געגעבן געוואָרן פון אויבן, האָבן אַלע צייטונגען אָנגעהויבן טייטלען אויף רוסלאַנד, אַז זי שטערט עס די העראָישע באַמיאונגען פונעם קייזער צו ראַטעווען דעם פרידן...

די סאָציאַליסטן פּרואוון זיך נאָך ראַנגלען קעגן דער קריגס-שטימונג, וואָס האָט זיי אַ וויכר אין איינע פיר און צוואנציק שעה ארומגעכאַפּט דאָס לאַנד. די רעגי־

רונג פארבאָט אָבער די געפּלאַנטע סאָציאַליסטישע פרידנס־מאַניפעסטאַציע.

אויף „אונטער די לינדן“ מאַרשירן פּאַטריאָטישע סטודענטן. עס מישן זיך צונויף אין איין ווילדער סימפאָניע די געשרייען פון אויפגערייצטן המון: „נידער מיט רוסלאַנד!“, „זאָל לעבן דער קריג!“. מיט די טענער פון דעם הימן „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס“. פון צייט צו צייט רייסן זיך אריין אין דעם אויפגעשטורעמטן כאָר אויסרופן: „זאָל לעבן דער פרידן!“, דאָס זענען שטימען פון אַרבעטער־קינדער און אַרבעטער־פרויען.

דאָס איז אָבער אַ רוף אין דער מדבר...

ערשט שפּעט אין דער נאַכט ווערט עס שטילער. אין טיפן אומרו צעגייט מען זיך אין די הייזער, אין דער דערוואַרטונג פון די געשעענישן, וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג וועט ברענגען.

איין קליינע האָפנונג איז נאָך דאָ. מען וואַרט אַ תשובה פון צאַר אויף ווילהעלמס טעלעגראַמע. דער לעצטער טערמין איז איינס אַזייגער באַטאָג.

מיט שפּאַנענדן פיבער וואַרטן מיר אין באַרימטן קאַפע „מאַנאָפּאָל“ אויף דער פרידריכשטראַסע, וואָס איז דער טרעף־פּונקט פון דער רוסיש־יידישער קאָלאָניע אין דער דייטשישער טעאַטער־באָהעמיע.

עס ראַנגלען זיך האָפנונג און פאַרצווייפלונג.

אַלע שפּירן, אַז דער אומגליק קומט, אָבער דאָך וואַרט מען: אפשר וועט אַ נס געשען.

מיט פיבערהאַפטער שפּאַנונג קוקט יעדער אויפן זייגער־ווייזער. דער זייגער איז שוין איינס, צוויי. די ווייזערס רוקן זיך. די דערוואַרטע פרידנס־בשורה איז נאָך אַלץ נישטאָ. מען האָפט אָבער נאָך אַלץ. מען חשבונט די דיפערענץ פון דער פּעטערבורגער און בערלינער צייט. מען טרייסט זיך: אַ טעלעגראַמע קען דאָך אויך פאַרשפּעטיקן אויף אַ צוויי־דריי שעה...

אָבער דאָ רייסט זיך אריין אין קאַפע, ווי אַ שטורם־ווינט אַ שוישפּילער פון ריינהאַרדס טעאַטער, מיט אַן עקסטראַ־אויסגאַבע אין דער האַנט.

— מאָביליזאַציע! — שרייט ער אויס מיט אַ היסטעריש־דערשיטערטן קול...

די קאַטאַסטראָפע איז געקומען.

:: :: ::

וואָס טוט מען? וואוהין לויפט מען? — דאָס איז געווען דער ערשטער געדאַנק, ווען איך בין געקומען צו זיך.

מיינע פריינד און קאָלעגן, וואָס זיינען געווען ווייניקער אָפּטימיסטיש פון מיר, האָבן נאָך נעכטן פאַרלאָזן בערלין.

אומקערן זיך אין רוסלאַנד? וועגן דעם האָב איך נישט געקענט טראַכטן אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט.

און פאָרנדיק צוריק פון דעם אויפגעשטורעמטן בערלין אויף מיין זומער־וואוי־נונג אין דער „גן־עדן"־קאָלאָניע, האָב איך גענומען טראַכטן, צי האָט נישט קיין זין, אַז איך זאָל איבערוואַרטן די שטורם־צייט אין דער רואיקער נעסט פון די דייטשישע וועגעטעריאַנער און נאַטור־מענטשן.

— מער ווי דריי־פיר חדשים וועט דאָך די מלחמה נישט דויערן, — האָב איך זיך געטראַכט, ווייל ווי איז דען מעגלעך, אַז אייראָפּע זאָל פּאַראַליזירט ווערן אויף אַ לענגערער צייט?...

אָבער זיצנדיק אין דער שטאָט־באַן אויפן וועג קיין „עדען" האָב איך באַלד דערשפּירט אַז וועגן בלייבן אין בערלין קען קיין רייד נישט זיין.

נישט קוקנדיק אויף מיין בלאָנדקייט, וואָס האָט מיך נישט אויסגעגעבן אַלס „רוסע", האָב איך פון אַלע זייטן געשפּירט אויף זיך די שטעכיקע, פאַרדעכטיקע בליקן פון מיינע מיט-פּאַסאַזשירן.

איך האָב געפּרוווט איבערגיין אין אַ צווייטן וואַגאָן און האָב פאַרשטעקט דעם קאָפּ אין אַ „בערלינער טאַגעבלאַט", אָבער די שמועסן פון מיינע שכנים האָבן זיך געדרייט אַלץ אַרום דער איינציקער פראַגע, אַרום די „פאַרפלוכטע רוסען", וואָס האָבן געשטערט דעם פרידן און געצוווּנגען דאָס פרידלעכע דייטשישע פאָלק נעמען זיך צו די וואָפן. און דערביי פיל איך אויף זיך אַלץ די פאַרדעכטיקע בליקן.

איך בין געקומען אַהיים. מיין געמיטלעכער הויז־ווירט, דער וועגעטאַריאַנער און נאַטור־מענטש, וואָס האָט ערשט נעכטן געשאָטן פעך און שוועבל אויף די מי־ליטאַריסטן און פּאָליטיקער און איז געווען אַ פייערדיקער פּאַציפיסט, באַגעגנט מיך קאַלט און בייז, מיט פאַרוואונדערטער איבעראַשונג:

— איר זייט נאָך דאָ? איר זענט נישט אויף יענער זייט גרעניץ?

איך האָב דערזען, אַז איך האָב דאָ נישט וואָס צו טון און אַז אַ זיי־געזונט בין איך אוועק ווי אַ „שונא" פון דער פרידלעכער קאָלאָניע פון די נאַטור־מענטשן, טעאָ־סאָפן און וועגעטאַריאַנער, וואו איך האָב פאַרבראַכט עטלעכע זומערן.

וואָס טוט מען ווייטער?

איך בין אוועק צו לעאָ מאָצקינען מיט אים זיך מיישב זיין. ער איז אויך פאַר־לוירן און דעסאָריענטירט. דאָך איז ער גענייגט צו דענקען, אַז עס לוינט איבער־

ווארטן, ווייל ער האט אויך נישט געגלויבט, אז דער קריג קען לאנג אנהאלטן.

— מיר לעבן דאך צווישן א קולטור־פאלק און מען וועט די ציווילע בירגער פון די פרעמדע נאציעס קיין בייז נישט טון — האט ער ארגומענטירט, ראטנדיק מיר דאס זעלבע, וואס ער האט געטון — צו פארבלייבן אין בערלין.

די אטמאספער ווערט אבער פון שעה צו שעה פארפעסטעטער אין בערלין. עס איז אוממעגלעך צו פארן אין דער שטאט־באן, נישט אנשטויסנדיק זיך אויף אינ־צידענטן מיט אויסלענדער. מיך ראטעוועט נאך ארויס מיין „בלאנדקייט". אבער דער שפיל ווערט געפערלעכער.

איך בין אריינגעקומען אין ביורא פון דער דייטשער ציוניסטישער ארגאניזאציע אויף דער זעקסישער שטראסע. די שטימונג איז דארטן א דערשלאגענע. מען איז דארטן נישט אזוי אפטימיסטיש, ווי דר. מאצקין.

דער סעקרעטאר דערקלערט מיר, אז דער „רוסישער" מיטגליד פון אקציאנס־קאמיטעט, דר. י. טשלענאוו, פארלאזט, לויט דער עצה פון א נאענטן מענטשן אין אויסערן־מיניסטעריום, בערלין.

צוויי אזיינער גייט אפ דער לעצטער באן צו דער דענישער גרעניץ. ער עצהט מיר צו טון דאס זעלבע און אפפארן מיט דעם זעלבן צוג קיין ווארנעמונדע, צו דער דענישער גרעניץ.

עס איז נאך דא עטלעכע שעה. איך באזארג זיך מיט א בילעט, כאטש דער בילעטן־פארקויפער דערקלערט מיר אז עס איז נישט גאנץ זיכער, צי וועט דער צוג דערגיין ביז דער גרעניץ.

איך פאק שנעל איין מיין טשעמאדאן. מיין שטאטישע ווירטין איז א סך פריינדלעכער פון מיינע באלעבאטים אין דער „גן עדן"־קאלאניע. זי דריקט אוים איר באדויערן, וואס מען מאכט פאראנטווארטלעך די פרידלעכע רוכישע בירגער פאר די חטאים פון דער צארישער רעגירונג.

קיין אויטאמאביל איז שוין נישט צו באקומען. איך פאר אין טראמוויי צו דער באן. די דייטשן אין טראמוויי זיינען ביז גאר פריינדלעך. מען טרעט מיר אפ פלאץ, מען העלפט מיר אפילו טראגן דעם טשעמאדאן. מיין „בלאנדקייט" האט מיך ארויס־געראטעוועט. מען נעמט מיך אן פאר א דייטשישן בירגער, וואס פארט צום מאבי־ליזאציע־פונקט.

איך באמי זיך, וואס ווייניקער צו רעדן, מיין אויסלענדישער אקצענט זאל מיך נישט אויסגעבן. איך באנוגן זיך מיט א קורצן „דאנק־שען" און איינזילביקע פראזן.

פלוצלינג גיב איך זיך א כאפ, אז אין איילעניש האָב איך פארגעסן אינדערהיים מיין נייעם ווינטער־מאַנטל.

איך גיב אַ קוק אויפן זייגער, עס איז נאָך דאָ איבער אַ שעה צייט צום אָפּגאַנג פון צוג. איך קען נאָך באַווייזן צו פאָרן אהיים; לאָזן זיך אין וועג מיט אַ באַשיי־דענעם טייסטער און אַן אַ באַנטל, האָט זיך נישט געוואָלט.

צום גליק האָב איך נאָך געטראָפן אַ טאַקסי. איך פאָר־צו אַהיים, נעם שנעל מיין מאַנטל און לויף אַראָפּ פון די טרעפּ צו מיין אויטאָמאָביל. דאָס האָט גע־דויערט אַ צוויי־דריי מינוט.

אָבער אַראָפּקומענדיק אונטן האָט אויף מיר געוואַרט אַ סיורפּריז. מיין טאַקסי איז אַרומגערינגלט געווען פון אַ היפּשן המון, וואָס האָט פאַרדעכטיק געטאַפּט מיין טשעמאָדאַן.

— דאָ איז ער דער רוסע! — האָט מען מיך מקבל־פּנים געווען מיט אַ געשריי.

און איינע פון מיינע שכנות, אַ יונגע בלאָנדע, דייטשקע ווי אַ פּאַטריאָטישע זשאַן ד'אַרק, האָט אָנגעהויבן טענהן, אַז מען דאַרף מיך פירן אין באַצירק.

— אין טשעמאָדאַן זיינען דאָ באָמבעס! — האָט די באַגייסטערטע פּאַטריאָטקע געטענהט.

— דאָס איז אַ רוסישער שפּיאָן! — האָבן די אַנדערע אונטערגעהאַלטן.

וועגן פאָרן צום באַן איז שוין קיין רייד נישט געווען. מיינע טענות, אַז אין טשעמאָדאַן זיינען ביכער און נישט קיין באָמבעס, האָבן נישט געהאָלפן. מיט יע־דער רגע איז דער המון אַרום מיין טאַקסי געוואַקסן.

— אַ רוסישער שפּיאָן, אַ רוסישער שפּיאָן — האָט נישט באַזונדערס אָנגע־נעם געקלונגען אין מיינע אויערן פון אַלע זייטן.

פאַרפאַלן. דעם לעצטן צוג קיין וואַרנעמינדע האָב איך שוין פאַרלוירן, — האָב איך זיך געטראַכט, אָבער דאָך האָב איך די אַפּערע נישט צו ערנסט גענומען.

באַלד האָט זיך געפונען עפּעס אַ פּאָסט־באַאַמטער, וואָס האָט גענומען אויף זיך די פּאַטריאָטישע אויפגאַבע אויפצוקלערן דעם ענין פון דעם געכאַפּטן „רוסישן שפּיאָן“.

פאָרזיכטיק און מיט גרוים באַוואָרעניש האָט מען אַראָפּגענומען מיין טשעמאָ־דאַן פון אויטאָמאָביל.

דער המון איז געוואָרן אַגרעסיווער. אָבער דער פּאָסט־באַאַמטער האָט גע־האַלטן אָרדנונג:

— מיינע הערשאַפטן, — האָט ער צוגערופן צו די אַרומיקע — מיר מוזן באַ־ווייזן אונדזערע שונאים, אַז מיר זיינען אַ קולטור־פאָלק אויך אין קריג...

די מוסר־דרשה פון דעם פּאַסט-באַאַמטן האָט געווירקט. דער המון האָט זיך בארואיקט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצופירן מיך אין פּאָליציי־באַצירק, „וואו אַלץ וועט שוין אויפגעקלערט ווערן...״

אונטער דער באַגלייטונג פון אַ הונדערט-קעפּיקער מחנה, ווייבער, קינדער און מענער, איז די פּראָצעסיע אוועק אין פּאָליציי־באַצירק, בראש מיט דעם פּאַסט־באַאַמטן, וואָס האָט זייער פּאַרזיכטיק געטראָגן מיין טשעמאָדאַן מיט די „באָמ־בעס״ און פון דער בלאָנדער פּאַטריאָטישער „זשאַן ד׳ארק״, וואָס האָט צוליבן פּאַ־טריאָטישן ענטוזיאַזם פּאַרגעסן אַלע קאָמפּלימענטן, וואָס זי פּלעגט פון מיר באַ־קומען, ווען זי האָט סערווירט מיר קאַפע, אין דער דערבייאיקער קאָנדיטעריי, וואו זי האָט געאַרבעט...

דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט מיך זייער שטרענג מקבל־פּנים געווען. איך האָב אָבער די אַפּערע גענומען נישט איבעריק ערנסט, זייענדיק זיכער, אַז ווען מען וועט עפענען מיין טשעמאָדאַן און זען, אַז אַשטאָט באָמבעס זיינען דאָרטן פּאַראַן בלויז ביכער און פּאַפּירן — וועט מען מיך פריילאָזן

איך האָב אָבער אַ טעות געהאַט.

נאָך דער רעוויזיע פון מיינע זאַכן האָבן זיך לאָז געטון צום קאָמיסיאַר אַ גאַנצע גאַלערייע עדות, ווייבער און מענער.

יעדער איינער האָט געפונען אַ נייעם חטא אויף מיר.

— עס איז אַ רוסישער שריפטשטעלער — האָט געטענהט איינער.

דאָס וואָלט נאָך אָבער נישט געווען געפערלעך.

מיין בלאָנדע שכנה האָט אָבער, אין איר פּאַטריאָטישער פאַנטאַזיע געהאַלטן אין איין טענהן, אַז זי האָט געזען ווי איך האָב ארויסגעטראָגן פון מיין שטוב אַ צווייטן טשעמאָדאַן מיט באָמבעס.

און באַלד האָבן זיך געפונען נאָך פּאַטריאָטישע שכנים און שכנות, וואָס האָבן באַשטעטיקט, אַז זיי האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן געזען, אַז מיט אַ האַלבער שעה פריער האָב איך ארויסגעטראָגן פון שטוב נאָך צוויי טשעמאָדאַנען.

דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט שוין געמאַכט גאָר אַן ערנסטע מינע און מיט דעם הארבן טאָן פון אַ פּרייסישן פעלדפעבל האָט ער גענומען פון מיר שטרענג פּאָדערן, איך זאָל אָנווייזן, וואו האָב איך איבערגעלאָזן די אַנדערע טשעמאָדאַנען.

מיינע פּאַרזיכערונגען, אַז איך האָב בלויז געהאַט איין טשעמאָדאַן, האָבן נישט געווירקט איבערצייגנד.

איך האָב פּאָרגעלייגט רופן מיין הויז־ווירטין אַלס עדות.

אין אַ פערטל שעה ארום האָט מען געבראַכט אין פּאָליציי־באַצירק מיין באַ־לעבאָסטע.

אָבער נישט קוקנדיק אויף איר גאַנצער פריינדלעכקייט צו מיר, ערשט מיט אַ האַלבע שעה צוריק, האָט זי זיך אויך אָנגעהויבן קווענקלען.

צי אויס שרעק, צי אויס פּאַטריאָטישן ענטוזיאַזם, מיט וועלכן זי איז אָנגעשטעקט געוואָרן פון די איבעריקע שכנים, האָט זי אויך אָנגעהויבן טענהן, אַז איר דוכט זיך, אַז איך האָב אַרויסגעטראָגן עטלעכע טשעמאָדאַנעס.

זי האָט אויך באַשטעטיקט מיין „חטא", אַז איך בין אַ „רוסישער שריפטשטעלער" און פלעג באַקומען אַ סך בריוו און צייטונגען פון רוסלאַנד...

די אַטמאָספער אַרום מיר איז געוואָרן אַלץ פיינדלעכער. פון אַלע זייטן האָב איך געהערט קאָמענטירן:

— נו, יאָ, ער האָט די באָמבעס איבערגעגעבן אַ צווייטן שפּיאָן...

די זאַך האָט שוין מיר אָנגעהויבן נישט צו שמעקן. איך האָב דערזען, אַז די זאַך איז שוין נישט קיין שפּאַס, ווי איך האָב דאָס לכתחילה געטראַכט.

דער „דאָפּראָס" פון די שכנים האָט זיך געענדיקט.

איך בין געבליבן אַליין אין דער קאַנצעלאַריע פון פּאָליציי־באַצירק.

און דאָ הער איך, ווי דער פּאָליציי־קאָמיסאַר פאַרבינדט זיך טעלעפאָניש מיט דער קריגס־קאָמענדאַטור און ראַפּאָרטירט:

— עס איז פאַרהאַלטן געוואָרן אַ רוסישער בירגער, וואָס גיט זיך אָן אַלס איינער אַ רעגאַלסקי. עס זיינען דאָ עדות־דעקלאַראַציעס, אַז ער האָט ערגיץ־וואו טראַנספּאָרטירט באָמבעס...

וואָס מען האָט אים געענטפערט, האָב איך, פאַרשטייט זיך, נישט געוואוסט.

אין אַ צען מינוט אַרום קומט אַריין אין צימער אַ פּאָליציי־באַאַמטער. מען מעלדעט מיר, אַז מען וועט מיך שפּעטער אָפּפירן אין „שפּאַנדאַו־פעסטונג" און דערוויל „פאַרבעט" מען מיך אין אַרעסט־לאָקאַל, אַ קליין צימערל צוויי שפּאַן אויף צוויי שפּאַן די גרויס.

מיר איז געוואָרן קאַלאַמוטנע. די אַפּערע הויבט אָן ווערן ערנסט.

איך ווענד זיך מיט דער בקשה צום פּאָליציי־קאָמיסאַר, ער זאָל מיר דערלויבן טעלעפאָניש מעלדן וועגן מיין אַרעסט אַ קאָלעגע, אַ דייטשן זשורנאַליסט.

דער קאָמיסאַר קוקט מיך אָן בייז און ענטפערט:

— מיין הער, פאַרגעסט נישט, אַז ס'איז קריגס־צייט. איר געפינט זיך אונטער די פאַראָרדנונגען פון דער קריגס־קאָמענדאַטור.

:: :: ::

דער שפּיל איז פאַרן טייוול — האָב איך זיך געטראַכט, ווען איך בין פאַרבליבן אַליין אין פּאָליציי־קאַרצער.

וואָס וועט זיין. איך קען זיך נישט קאָמוניקירן מיט קיינעם פון מיינע דייטשישע באַקאַנטע, וואָס זאָלן זיך קענען איינשטעלן פאַר מיר און זאָגן אַ גוט וואָרט פאַר מיר.

ווי אַזוי וועל איך קענען דערווייזן, אַז איך האָב ווירקלעך נישט געהאַט און קיינעם נישט איבערגעגעבן קיין טשעמאָדאַן מיט „באָמבעס“?

עס איז קריגס־צייט. איך געפין זיך שוין אין די הענט פון דער קריגס־אינטענדאַטור.

וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? עס איז קריגס־צייט, און די דייטשישע מיליטער־לייט ווייסן ניט פון קיין שפּאַסן. וואָס טו איך, ווען מען שטעלט מיך צום קריגס־געריכט?

ווער וועט איצט גיין מאַכן חקירות ודרישות, צי איז די באַשולדיקונג קעגן מיר אמת אָדער פאַלש. זיי וועלן נישט מאַכן קיין לאַנגע שהיות, און דער פאַרדאַכט אין שפּיאָנאַזש קען דאָך זיין אַ גענוגענדער מאָטיוו, מען זאָל מיט מיר מאַכן אַ קורצן פּראָצעס און משלח זיין מיט אַ קויל, אויף דער בעסערער וועלט...

די און ענלעכע מחשבות זיינען מיר דורכגעלאָפן אין קאָפּ, ווען איך בין געזעסן אויף דער האַרטער באַנק אין פּאָליציי־קאַרצער, וואו מען האָט נישט געקענט מאַכן קיין צוויי שפּאַן.

ס'האָט מיך געוואָרפן אין היץ און אין קעלט. איך האָב זיך געביסן די ליפּן פון כעס און פאַרדרוס, אַז איך האָב אַליין גענומען די צרה אויף מיין קאָפּ, צוליב דעם, וואָס מיר איז איינגעפאַלן אומצוקערן זיך נאָך מיין ווינטער־מאַנטל.

— נו, דאָס וועט זיין נישט קיין שלעכטער וויץ — האָב איך זיך געטראַכט: צוליב אַ ווינטער־מאַנטל פאַרלירן דעם קאָפּ...

און אַזוי זיצנדיק אויף דער האַרטער באַנק האָב איך שוין אָנגעהויבן צוזאַמענשטעלן אין קאָפּ מיין פאַרטיידיקונגס־רעדע פאַרן קריגס־געריכט.

— מען וועט דאָך מיר פאָרט געבן די געלעגנהייט צו פאַרטיידיקן זיך אַפילו, ווען מען זאָל מיך איבערגעבן צו אַ קריגס־טריבונאַל — האָב איך זיך געטראַכט.

אין מיין פאַרצווייפלונג האָב איך דאָך אָנגעהויבן גלויבן, אַז עס וועט מיר געלינגען צו איבערציינגן מיינע ריכטער אין מיין שנאה אַלס ייד און סאָציאַליסט, צום צאַרישן רוסלאַנד, וואָס שליסט אויס דעם מינדסטן פאַרדאַכט, אַז איך זאָל קענען דינען דעם רוסישן צאַריזם און דערצו נאָך אַלס שפּיאָן...

אָט אַזוי בין איך אָפּגעזעסן איינער אַליין עטלעכע שעה אין מיין געפענגניש טראַכטנדיק פאַרשיידענע נישט פריילעכע מחשבות, פיבערנדיק צווישן האָפענונג און פאַרצווייפלונג.

און יעדן מאָל האָט, ווי אַ בליץ דורכגעשניטן דעם מוח דער געדאַנק:
— ווי אומזיניק, ווי אַבסורד, צוליב אַ ווינטער־מאַנטל פאַרלירן דעם קאָפּ...

עטלעכע שעה בין איך אַזוי אָפּגעזעסן, און פּלוצלינג עפנט זיך די טיר. עס באַווייזט זיך דער פּאָליציי־קאָמיסאַר און פרעגט מיך:

— צוליב וואָס האָט איר זיך געקליבן פאָרן אין וואַרנעמינדע? ווייסט איר, אַז דאָרטן איז אַ דייטשישע גרעניץ־פעסטונג?

איך דערקלער דעם קאָמיסאַר, אַז דענעמאַרק איז דאָס איינציקע לאַנד, מיט וועלכער עס איז נאָך געווען אַ פרייע פאַרבינדונג און דערפאַר האָב איך באַשלאָסן פאָרן צו דער דענישער גרעניץ. איך דערקלער אים אויך, אַז איך האָב בדעה גע־האַט צו פאַרבלייבן אין דייטשלאַנד, אָבער די פיינדלעכע און פאַרדאַכט־אַטמאָספער לגבי די אויסלענדער האָט מיך אינעם לעצטן מאָמענט באַוואויגן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט דאָס מאָל פריינדלעכער אויסגעהערט מיינע טענות און האָט מיר דערקלערט, אַז ער וואַרט אויף דער פאַראָרדנונג פון דער קריגס־אינטענדאַנטור, וואוהין מיך איבערצושיקן. ,

אָוונט־צייט רופט מען מיך אין דער פּאָליציי־קאַנצעלאַריע. די באַציאונג צו מיר איז אַ פריינדלעכע, דאָס באַרואיקט מיך. מען פרעגט מיך, צי וויל איך גיין צופוס, אָדער וויל באַצאָלן פאַר אַן אויטאָמאָביל. איך קלויב אויס דאָס לעצטע.

איך פרעג זיך נאָך ביי מיינע פּאָליציי־באַגלייטער, וואוהין מען פירט מיך. זיי טאָרן נישט ענטפערן, אָבער איינער פון די שוצלייט, אַ סימפּאַטישער קערל רוימט מיר שטיל אין אויער אַריין:

— אין דער מיליטער־טורמע אין שענענבערג.

מיין נייער וואוינונגס־פּלאַץ געפעלט מיר נישט איבעריק שטאַרק, אָבער דאָך האָט מיך אַ אינערלעכער פאָרגעפיל באַרואיקט, אַז מיין אַפערע שמעקט פאָרט נישט מיט פּולווער...

מיר זעצן זיך אַריין אין אויטאָמאָביל. די גאַסן אַרום דעם פּאָליציי־באַצירק זיינען שוואַרץ מיט מענטשן.

מען באַגעגנט מיך מיט נישט קיין פריינדלעכער פייפעריי:

— אָט איז ער, דער רוסע! — פּפוי, ד׳ רוסן. — הערן זיך פון אַלע זייטן קאָמפּלימענטן אויף מיין אַדרעס.

דער פריינדלעכער פּאָליציי־באַאַמטער, וואָס זיצט נעבן מיר, אַנטשולדיקט זיך פאַר מיר:

— איר דאַרפט נישט נעמען פאַר אומגוט. דער המון איז אויפגערעגט.

אזא גרויסער אומגליק האָט זיך פּלוצלינג אַראָפּגעלאָזן אויף אונדז אַלעמען. דער עולם אין זיין נאַאיוויטעט גלויבט, אַז אין דעם איז בלויז שולדיק רוסלאַנד...

איך בין אמת געריהרט פון דער פריינדלעכקייט און פאַרנונפט פון מיין באַגלייטער, וואָס דערפילט זיין מיסיע מיט אָפענעם מיטגעפיל צו מיר.

מיר פאָרן צו דער שענענבערגער מיליטער־טורמע. איך בלייב זיצן אין אויטאָמאָביל מיט מיין באַגלייטער און דער צווייטער פּאָליציי־באַאַמטער גייט אַראָפּ דורכשמועסן זיך מיטן וואַכמאַן, וואָס שטייט ביי די טויערן פון דער טורמע.

ער פאַרהאַלט זיך עטלעכע מינוט. די גאַסן זיינען פאַרפלייצט מיט מענטשן. אונדזער אויטאָמאָביל איז גערינגלט אַרומגערינגלט פון אַ המון מענער, פרויען און קינדער. פון אַלע זייטן הערן זיך געשרייען:

— פּפוי, די רוסן! אַ טויט די רוסישע שפּיאָנען!

מען שפּייט אויף אין אויטאָמאָביל און אָשטאָט צו טרעפן מיך פּאַקט מיין סימפּאַטישער פּאָליציי־באַגלייטער אַ שפּיי אין פּנים. ער באַמיט זיך צו באַרואיקן דעם המון, וואָס ווערט אַלץ אַגרעסיווער און אָנגרייפנדער. עס באַשטייט די געפאַר, אַז מען זאָל זיך וואַרפן מיט די פויסטן אויף מיר. דער שוצמאַן קען זיך קיין עצה נישט געבן.

איך שטעל זיך אויף. און הייב אָן אויף אַ הויכן קול מוסרן די וואָס רינגלען אַרום אונדזער אויטאָמאָביל.

איך דערצייל זיי, אַז איך האָב נעכטן געזען, ווי עס זיינען אַוועק צום רוסישן פראָנט זייערע ברידער און פאָטערס צו קעמפן קעגן דער צאַרישער אַרמיי, אָבער איז דען אַ העלדישקייט צו אָנגרייפן אַ שוצלאָזן, פריוואַטן רוסישן בירגער.

— גלויבט איר, אַז איך און טויזנטער אַנדערע רוסישע בירגער זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער קריגס־פּאָליטיק פון דעם רוסישן צאַר, וואָס איך פאַרדאַם ניט ווייניקער פון אייך.

איך בין געקומען צו אייך צו לערנען און געניסן פון דער דייטשער קולטור און איז עס דען ווירדיק פאַר אַ קולטור־פאָלק צו באַגיין גוואַלד־אַקטן קעגן אַ שוצלאָזן אין אומבאַוואָפנטן מענטשן?

מיינע עטלעכע ווערטער האָבן קענטיק געמאַכט אַ ווירקונג.
עס האָבן זיך דערהערט שטימען:
— דער רוסע האָט רעכט.
דער המון האָט גענומען אָפּטרעטן.

דערווייל איז אונטערגעקומען דער צווייטער שוצמאַן. ער מעלדעט אַז אין טורמע איז דאָ פּלאַץ נאָר פאַר אָפיצירן.

מיר פאָרן ווייטער. אין עטלעכע אַנדערע טורמעס באַקומט זיך דער זעלבער ענטפער:

„אַלעס באַזעצט!“

נאָך לאַנגע וואַנדערונגען זיינען מיר אָנגעקומען אין דער מאָאַביט־טורמע.

מען פירט מיך אַריין אין דעם ביבליאָטעק־זאַל פון דער טורמע. איך זע אַז איך בין ניט אַליין: הונדערטער רוסישע, פראַנצויזישע און בעלגישע בירגער זיינען דאָ פאַרזאַמלט.

איך דערוויס זיך, אַז אַלע בירגער פון די פיינדלעכע לענדער זיינען אַרעסטירט געוואָרן אין משך פון טאָג.

מיר איז גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן. צרת רבים חצי נחמה...

מיין פאַרדאַכט און מיינע שרעקן אַז מען וועט נעמען אין ערנסט די אַפּערע מיט די „באָמבעס“, האָבן אָנגעהויבן אָפּגעשוואַכט ווערן. איך האָב אָנגעהויבן גלויבן, אַז איך בין איינער פון די פילע, וואָס זיינען גענומען געוואָרן אין „ציוויל־געפענגעניש“.

אַזוי האָט זיך פרידלעך פאַרענדיקט דער ערשטער קאַפּיטל פון מיין „אָדיסעע“ אַלס „רוסישער שפּיאָן“...

איך האָב פריי אָפּגעאָטעמט אין דעם ביבליאָטעק־זאַל פון דער מאָאַביטער־טורמע...

דערזעענדיק זיך אין דער געזעלשאַפט פון עטלעכע הונדערט אַרעסטירטע בירגער פון פאַרשידענע לענדער, איז מיר אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. איך האָב אָנגעהויבן גלויבן, אַז פון מיין „שפּיאָנאַזש“־אַוואַנטורע וועט גאָרנישט ווערן, אַז עס וועט נישט קומען צו קיין קריגס־געריכט, ווי איך האָב זיך דאָס פאָרגעשטעלט אין מיין אויפגערעגטער פאַנטאַזיע און אַז אין דעם טומל פון די מאַסן־אַרעסטן פון אויסלענדער וועט מען געוויס פאַרגעסן וועגן דער געשיכטע פון דעם קאַסטן באָמבעס, וואָס מיינע שכנים האָבן אויסגעטראַכט.

צומאָרגנס, ווען איך האָב אַרויסגעקוקט פון פענצטער פון דער טורמע־ביבליאָטעק, האָב איך צו מיין איבעראַשונג דערזען אין טורמע־הויף שפּאַצירן אַ היבש ביסל פריינד און באַקאַנטע, צווישן זיי אייניקע, וואָס איך האָב שוין יאָרן נישט געזען, דאָרטן איז געווען דער וואַרשעווער אַרויסגעבער פון „פריינט“ מ., מיט זיין גאַנצער משפּחה. אין אַ צווייטער גרופּע האָב איך דערזען די דיכטער ז. שניאור, ד. שמעונאָוויטש, דעם זשורנאַליסט זיידעמאַן און אַנדערע.

דאָס האָט מען פון אַלע דייטשישע קוראָרטן צונויפגעטריבן קיין בערלין די רוסישע געסט, וואָס האָבן זאָרגלאָז פאַרבראַכט זייער זומער־אָפּרו.

דער רעזשים איז געווען אַ גאַנץ מילדער, אָבער אונדז אַלעמען האָט פאַר־שטייט זיך, שטאַרק פאַרנומען דער געדאַנק, וואָס וועט מיט אונדז ווייטער זיין, וואָס וועט מען מיט אונדז טון?

אַלע טאָג האָבן זיך פאַרשפּרייט אַנדערע קלאַנגען וועגן אונדזער גורל. דאָ האָט עס געהייסן, אַז מען וועט אונדז אַריבערפירן אין שפּאַנדאָוער פעסטונג, אַ צווייטן מאָל האָט מען גערעדט וועגן אַ מיליטערישן לאַגער. עס זיינען אויך געווען ווערסיעס אַז מען וועט מאַכן אַ סעלעקציע צווישן די ווייניקער און מער פאַרדעכ־טיקטע אויסלענדער.

דאָס האָט שוין מיר ניט געשמעקט. איך האָב זיך געטראַכט: עס זאָל נאָר ווי־דעראַמאָל נישט אַרויסשווימען די געשיכטע מיט מיין „שפּיאָנאַזש”.

וואָס לענגער מיר זיינען געזעסן אין דער מאָאַביט-טורמע, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן דער נערוועזער אומגעדולד צו וויסן, וואו וועט זיין אונדזער אַנטגילטיקער מקום־מנוחה אין דעם לאַנד פון דעם שונא.

אַזוי איז אַוועק אַ וואָך צייט, אָדער עפּעס מער, ביז אין אַ פרימאָרגן איז צו אונדז אַריינגעקומען דער דירעקטאָר פון דער טורמע, ער האָט געהאַלטן אַ דרשה וועגן דעם, אַז מיר זיינען ציוויל־געפאַנגענע און אַז די באַציאונג צו אונדז וועט זיין אָפּהענגיק פון דעם, ווי מען וועט באַהאַנדלען די דייטשע ציווילע אין די רעספּעק־טיווע לענדער.

אומרואיקער פון אַלעמען זיינען געוואָרן מיינע בעלגישע און פראַנצויזישע שכנים, זיי האָבן געטענהט, אַז די „באָשן” וועלן געוויס נישט לעקן קיין האָניג אין פּאַריז און בריסעל און מען וועט געוויס אָן זיי נקמה נעמען דערפאַר.

דעם זעלבן טאָג האָט מען אונדז געהייסן נעמען די פּעקלעך און זיין גרייט אין וועג. וואוהין מען פירט אונדז האָט מען אונדז נישט געזאָגט.

נאָך אַ קורצער רייזע אין קאַמיאָנען האָט מען אונדז צוגעפירט צו דעם טייך־האַפן פון דער שפּריי און מען האָט אונדז טראַנספּאָרטירט אויף צוויי שיפן, וואו־הין מען האָט איינגעפּאַקט ביי אַ טויזנט אומפרייוויליקע פּאַסאַזשירן.

עס איז געווען אַ זוניקער הארבסט־טאָג. מיר האָבן זיך פריי באַוועגט אויפן שיף. דאָ האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט אַ סך באַקאַנטע און עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי מיר וואָלטן געפאָרן אויף אַ פּיק-ניק־עקסקורסיע.

כאָטש אַ גרויסער טייל פון אונדז האָט גוט געקענט בערלין, דאָך האָבן מיר זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, וואוהין מיר פאָרן. ערשט פאַרנאַכט־צו האָט איי־נער פון די מאַטראָסן איינגערוימט מיר אַ סוד, אַז מען פירט אונדז אין דעם מי־ליטערישן לאַגער אין דעלבריץ.

ווען מיר זיינען אראפּ פון דער שיף האָבן מיר אַ שיינע פּאָר קילאָמעטער גע־מוזט גיין צופוס, ביז מיר זיינען אָנגעקומען אויף אונדזער באַשטימונגס־פּלאַץ.

דער דעלבריצער לאַגער האָט געמאַכט גאָר ניט קיין שלעכטן רושם. די אומ־ענדלעכע קאַזאַרמע־באַראַקן זיינען אַרומגערינגלט געווען מיט ביימער און גרינע לאָנקעס. גאַרנישט קיין שלעכטע „דאַטשע", האָב איך זיך געטראַכט...

אין דעלבריצער לאַגער האָבן זיך געפונען עטלעכע טויזנט ציוויל־געפאַנגענע אויסלענדער. מיר האָבן זיך באַלד דערוואוסט, אַז צווישן אונדזערע שכנים זיינען פאַראַן אַ סך גדולים. אַ רוסישער סענאַטאָר, איינער פון די גרוזינישע דומע־דעפּו־טאַטן, דער רוסישער היסטאָריקער פּראָפעסאָר קאַרעיעוו און נאָך און נאָך.

די ערשטע צען טעג האָבן מיר זיך נישט געהאַט וואָס צו באַקלאָגן אויף דער באַהאַנדלונג אין דעלבריצער לאַגער. די מיליטערישע דיסציפּלין איז געווען נאָר שטרענג אין אָוונט, ווען מיר האָבן נישט געטאָרט פאַרלאָזן אונדזערע באַראַקן. אַ גאַנצן טאָג זיינען מיר געווען פראַנק און פריי און האָבן געקענט שפּאַצירן און שמועסן מיט אַלעמען פון די שכנהשע באַראַקן. די באַשפּייזונג איז געווען אַ באַ־שיידענע, אָבער אין דער מיליטערישער „קאַנטינע" האָבן מיר געקענט באַקומען מכל טוב.

נאָכדעם ווי מיר זיינען אָפּגעזעסן אַ וואָכן־צוויי אין אונדזער נייעם וואוין־פּלאַץ, האָט זיך באַוויזן אַ מיליטערישע קאָמיסיע, וואָס האָט אָנגעהויבן סעלעקציאָ־נירן די ציוויל־געפאַנגענע. מען האָט יעדן איינעם גענומען אויף אַ חקירה ודרישה און אַ היבשע צאָל האָבן געהאַט דעם מזל באַפרייט צו ווערן.

עס איז געקומען מיין רייע צו פּרעזענטירן זיך פאַר דער קאָמיסיע. דערוויסנ־דיק זיך פון מיינע פּאַפּירן, אַז איך בין אַ זשורנאַליסט, האָט מען מיך גענומען אויספרעגן וועגן דעם כאַראַקטער פון די צייטונגען, אין וועלכע איך האָב מיטגע־אַרבעט און וואָס איך האָב געשריבן וועגן דייטשלאַנד.

איך האָב געפּרואווט דערקלערן, אַז מיך האָבן בלויז אינטערעסירט די אי־דיש־דייטשישע פראַגן און אַז איך האָב נישט באַרירט אין מיינע קאָרעספּאָנדענצן קיין אַלגעמיינע פּאָליטישע טעמעס. איך האָב געהאָפט, אַז קיינעם וועט נישט איינ־פאַלן נאָכזוכן די קאָרעספּאָנדענצן אין וואַרשעווער „היינט", וואו איך האָב ניט געשאַנעוועט דעם דייטשישן מיליטאַריזם.

די קאָמיסיע האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט מיך צו באַפרייען. די טעטיקייט פון אַ זשורנאַליסט פון אַ פיינטלעכער מדינה מוז ערשט גוט אויסגעפאָרשט ווערן, — האָט מיר דערקלערט דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע.

— אייער ענין וועט איבערגעגעבן ווערן דער ספּעציעלער סעקציע ביים אוי־

סערן־מיניסטעריום, — האָט מען מיר געענטפערט אויף מיינע צודרינגלעכע פראַגן.

איך בין פון מיין דורכפאַל אין דער קאָמיסיע נישט איבעריקס צופרידן גע־ווען, אָבער עס איז נישט געווען וואָס צו מאַכן. מען האָט זיך געדאַרפט רעזיגנירן.

דערווייל איז אונדזער „דאַטשע" אין דעלבריץ געוואָרן וואָס אַמאָל אַלץ ווײ־ניקער „אַנגענעמער". די דיסציפּלין איז געוואָרן שטרענגער. איך האָב אָנגעהויבן פילן דעם טעם פון דער דייטשער קאַזאַרמע. באַזונדערס שטרענג איז מען געוואָרן צו די, וואָס די קאָמיסיע האָט געפּסלט.

אונדזערע וואַכלייט זיינען געווען ערשט מאָביליזירטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן אויף אונדז אויסגעגאָסן זייער כעס, פאַר:וואָס מען האָט זיי אָפּגעריסן פון זייער פרידלעכער באַשעפטיקונג.

פלעגט זיך נאָך ארייננכאַפּן אַלס „דעזשורנער" אַ סאָציאַליסט, פלעגן מיר זיך קענער פרייער באַוועגן און דערוויסן זיך אויך, וואָס עס טוט זיך אויף דער אויס־פערלעכער וועלט. די אַנדערע פלעגן אָבער שטרענג אָפּהיטן דעם קאַזאַרמע־רעגלאַ־מענט.

ענדלעך האָט זיך באַוויזן די העכערע קאָמיסיע, וואָס האָט געזאָלט אַרויסטראָגן דעם לעצטן פּסק־דין וועגן די פאַרהאַלטענע.

איך בין גערופן געוואָרן צום פאַרהער. דער וואַכמאַן האָט מיר פאַרטרויט אַז צווישן די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע איז פאַראַן דער שעף פון דער בערלינער פאָליטישער פּאָליציי, אַ באַאַמטער פון אויסערן־מיניסטעריום און די איבעריקע מי־ליטער־לייט.

מיך האָט באַאומרואיקט די פראַגע, צי וועט דאָ נישט אַרויפשווימען די אַפּערע פון מיין „שפּיאָנאַזש".

פון די ערשטע פראַגעס האָב איך זיך מיט צופרידנהייט איבערצייגט אַז וועגן דעם פאַרפּירט מען גאָר קיין רייד נישט.

די מיליטערישע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָבן הויפּטזעכלעך געזוכט פעסטצושטעלן, צי בין איך מיליטער־פליכטיג.

לויט מיינע פּאַפּירן האָב איך געהאַט אַ „בלויען בילעט", איך האָב אַלזאָ גע־הערט צו דעם רוסישן רעזערוו.

„דערווייל איז אייער רעזערוו־קלאַס נישט מאָביליזירט אין רוסלאַנד — האָט מיר דערקלערט דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע — וואו האָבן מיר אָבער די זי־כערקייט, אַז איר וועט זיך נישט פּרעזענטירן פרייווויליק, ווען מיר וועלן אייך באַ־פרייען און דערלויבן אַרויספאָרן פון לאַנד. לויט אונדזערע מיליטערישע רעגלאַ־מענטן געפינט איר זיך אין דער עלטער און געזונט־צושטאַנד, וואָס געהערט צום ערשטן מאָביליזאַציע-קלאַס."

אויפן ערשטן מאָמענט איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק צו דערציילן זיי, אַז איך בין אַ פּאָליטישער עמיגראַנט, אַז איך האָב אויף זיך אַ פּאָליטישן פּראָצעס און קען נישט פאָרן קיין רוסלאַנד. נאָר באַלד האָב איך זיך אַ טראַכט געטון: פאַר מיר זיצט דער שעף פון דער דייטשישער פּאָליטישער פּאָליציי, וואָס איז ביז נעכטן געווען אַ שטאַרקער מחותן מיט דער צאַרישער „אָכראַנקע”.גוט, איצט זיינען זיי שונאים, אָבער אַ פּאָליטישער אַנטלאָפענער, אַ סאָציאַליסט איז פאַר אָט־די לייט אַ גוטע רעקאָמענדאַציע צו האַלטן מיך ווייטער אין דעלבריצער לאַגער.

איך האָב אַלזאָ באַשלאָסן צו רעדן מיט דער קאָמיסיע אין אַן אַנדער שפּראַך און איבערצייגן זיי, אַז אַלס רוסישער ייד האָב איך נישט קיין שום מאָטיוון צו פּרעזענטירן זיך פריייוויליק צו פאַרטיידיקן מיין שטיף־פאָטערלאַנד, ווען דאָס געזעץ פאַרלאַנגט עס נישט פון מיר.

איך האָב אָנגעהויבן רעדן וועגן צאַרישע נגישות אויף יידן. איך האָב גערעדט מיט ברען און ליידנשאַפט, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז מיין פרייהייט שטייט אין קאָן, אַז אויב מיך וועט פּסלענען די העכער־קאָמיסיע וועל איך שוין פאַרבלייבן אַ תושב אין דעלבריצער לאַגער אַזוי לאַנג, ווי עס וועט אָנהאַלטן די מלחמה.

איך האָב גערעדט וועגן די פּאָגראָמען, וועגן די נגשיות פאַר דער יידישער שטודירנדער יוגנט, וואָס האָבן מיך געצוואונגען צו זוכן בילדונג אין דייטשלאַנד.

באַמערקנדיק, אַז מיינע ווערטער מאַכן אַ געוויסן רושם אויף די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, האָט דאָס מיך דערמוטיקט צו רעדן אויספירלעכער און ליידנשאַפטלעכער וועגן דער באַרעכטיקטער יידישער שנאה צום צאַרישן רוסלאַנד.

איך האָב זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף דעם ביילים־פּראָצעס און פאַרענדיקנדיק האָב איך זיך מיט אַ דראַמאַטישן טאָן געווענדעט צו דער קאָמיסיע:

— מיינע הערן, קען דען עמיצער פאַרלאַנגען פון אונדז, יונגע יידן, קרבנות פאַרן צאַרישן פאָטערלאַנד.

— ווען איך וואָלט געווען אין רוסלאַנד, וואָלט איך אויטאָמאַטיש דערפילט מיינע בירגער־פליכט. האָט אָבער דער צופאַל געוואָלט, אַז די מלחמה זאָל מיך פאַרכאַפּן אויסער די גרעניצן פון מיין געבורט־לאַנד זיינען נישטאָ קיין שום מענטשלעכע אָדער מאָראַלישע מאָטיוון, וואָס זאָלן מיך באַוועגן פריייוויליק צו לויפן פאַרטיידיקן מיין שטיף־פאָטערלאַנד.

— איך באַגרייף און האַלט פאַר נאַטירלעך דעם פּאַטריאָטיזם פון די דייטשישע יידן. די אַמעריקאַנער יידן, די נעכטיקע רעכטלאָזע בירגער פון צאַרישן רוסלאַנד, האָבן זיך פריייוויליק אין די טויזנטער געשטעלט צום דינסט אין דער אַרמיי,

בעת דער שפּאַניש־אַמעריקאַנישער מלחמה. דאָס איז געווען זייער נאַטירלעכער דאַנק דעם נייעם פרייען פאָטערלאַנד.

קיינער האָט נישט דאָס רעכט פאָרוואַרפן אונדז יידן, אַז מיר זיינען שלעכטע פּאַטריאָטן, אָבער מען קען דאָך פון אונדז נישט פאַרלאַנגען מיר זאָלן איינשטעלן אונדזער לעבן, כדי צו פאַרטיידיקן די טורמע, אין וועלכער מען האַלט אונדז געפאַנגען.

דאָס בערך זיינען געווען מיינע טענות, וואָס איך האָב מיט פיבערדיקן ברען עקספּאָנירט פאַר דער קאָמיסיע.

ווען איך האָב געענדיקט און אַ קוק געטון אין די פּנימער פון די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָב איך געהאַט דעם געפיל, אַז איך האָב די „שלאַכט" געוואונען. איך האָב געזען, אַז זיי צווייפלען נישט אין מיין אויפריכטיקער שנאה צום צאַריזם און האָב באַמערקט אַפילו ווי אַ געוויסע צושטימונג.

מען האָט מיר מער קיין פראַגן נישט געשטעלט.

— אייער פאַרהער איז געענדיקט — האָט מיר העפלעך געמעלדעט דער פאָרזיצער.

אין אַ צען מינוט אַרום האָט מען מיך ווידער אַריינגערופן אין באַראַק, וואו עס איז געזעסן די קאָמיסיע און דערלאַנגענדיק מיר דעם פּאַספּאָרט האָט מען מיר דערקלערט, אַז איך בין פריי. דערביי האָט מען מיר העפלעך געמעלדעט, אַז מאָרגן פרי זאָל איך זיך פּרעזענטירן אויף דער ווילהעלם־שטראַסע אין דער אָסט־אָפּטיילונג פון אויסלאַנדס־מיניסטעריום.

שטאַרק פאַראינטריגירט פון אָט־דער איינלאַדונג האָב איך פאַרלאָזן דעם דעלבריצער לאַגער, איינאָטעמענדיק מיט דער פולער ברוסט די לופט פון מיין פרייהייט...

מיט גרויס נייגעריקייט בין איך אַוועק אויף דער ווילהעלם־שטראַסע, וואו עס געפינט זיך דער קאַנצלער־פּאַלאַץ און דאָס דייטשישע אויסערן־מיניסטעריום.

— וואָס דאַרפן זיי מיך דאָרט האָבן? — האָב איך זיך געטראַכט.

איך האָב גוט געמערקט, אַז מיינע שטאַרקע ווערטער, אָנגעזאַפּט מיט אויפריכטיקער שנאה צו די צאַרישע יידן־פאַרפאָלגונגען — האָבן געמאַכט אַ רושם אויף דער קאָמיסיע, וואָס האָט מיך גענומען צום פאַרהער.

איך האָב מיך דערפאַר אָנגעשטויסן. אַז ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז די מיטגלידער פון דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע איז איינגעפאַלן דער געדאַנק אויסצונוצן אַזאַ „העכט" פאַר די דייטשישע קריגס־אינטערעסן... אָבער מיך האָט געהאַלטן געשפּאַנט די פראַגע, וואָס קאָנקרעט קען מען פון מיר פאַרלאַנגען אין דייטשישן אויסערן־מיניסטעריום?

צו דער באַשטימטער צייט בין איך אַריינגעקומען אין דער געבײידע פונעם מי־

ביסטעריום אויף דער ווילהעלם־שטראַסע, און האָב זיך געמעלדעט אין דער „אָסט־אָפּטיילונג". מען האָט מיך אַרומגעשיקט פון איין ביוראָ אין דער צווייטער, ביז איך בין אַריינגעפירט געוואָרן אין דעם גרויסן קאַבינעט פון דעם סעקרעטאַריאַט פון דער מזרח־אָפּטיילונג, פּרעזענטירנדיק מיין פּאַס, וואו עס איז געווען מיט בלייישטיפט אָנגעשריבן, אַז איך דאַרף זיך מעלדן צען אינדערפרי אין דער אָפּטיילונג פאַר מזרח־אָנגעלעגנהייטן.

— אַה, דאָס זייט איר, דער רוסיש־יידישער זשורנאַליסט, וואָס זענט נעכטן געווען אויף דעם פאַרהער ביי דער העכערער מיליטערישער קאָמיסיע — האָט זיך צו מיר געווענדעט איינער פון די סעקרעטאַרן — באַלד וועט אייך אויפנעמען דער דירעקטאָר פון דער אָסט־אָפּטיילונג.

נאָך אַ פּאָר מינוט וואַרטן האָט מען מיך אַריינגעפירט אין אַ רחבותדיקן און מיט לוקסוס אויסגעשטאַטן קאַבינעט. איך האָב דערזען פאַר זיך דעם ציווילן באַאַמטן, וואָס איז געווען אָנוועזנד ביי מיין פאַרהער אין דעלבריצער לאַגער.

אין זייער אַ פריינטלעכן טאָן האָט מיר דער דירעקטאָר פון דער אָסט־אָפּטיילונג דערקלערט, אַז „מיר זיינען קאָלעגן", אַז ער איז אויך אַ זשורנאַליסט און איז געווען קאָרעספּאָנדענט פון דער „פאָסישער ציימונג" אין רוסלאַנד.

און פון דעם וויטערדיקן שמועס האָב איך דערזען, אַז איך האָב פאַר זיך אַ מענטשן, וואָס קען רוסלאַנד, ווי זיינע פינף פינגער. ער האָט גערעדט וועגן זיינע איינדרוקן פון דער עקאָנאָמישער נויט אין ווילנע, ביאַליסטאָק און גראָדנאָ.

מיר איז גלייך איינגעפאַלן דער חשד, אַז מיין מיטשמועסער איז ניט געווען בלויז קאָרעספּאָנדענט פון דער ליבעראַלער „פאָסישער ציימונג", נאָר ער האָט אויך דערפילט אין רוסלאַנד גאַנץ וואַרשיינלעך אַ שפּיאָנאַזש־שליחות... צו גענוי און דעטאַלירט זיינען געווען זיינע קענטעניש פון אַ גאַנצער ריי רוסישע פּראָווינץ־שטעט, וואָס האָבן ניט געקענט פאָרשטעלן קיין שום אינטערעס פאַר אַן אויסלענדישן קאָרעספּאָנדענט.

נאָך דער הקדמה פון דעם אַלגעמיינעם שמועס מכוח זיינע „אומשולדיקע" רוסישע איינדרוקן, האָט זיך מיין מיטשמועסער געווענדעט צו מיר אין אַ טאָן, וואָס איז געווען זייער העפלעך און האָט געקלונגען אין דער זעלבער צייט ווי אַ מין פאַראָרדנונג:

— שרייבט אונדז אָן אַן אויפרוף צו די יידן פון פּוילן, אַז זיי זאָלן שטיצן די דייטשישע אַרמיי, וואָס וועט זיי ברענגען די באַפרייאונג פון דעם צאַרישן יאָך און פון די צאַרישע פאַרפאָלגונגס־געזעצן.

און ער האָט צוגעגעבן, אַז עס איז אַ פראַגע פון געציילטע וואָכן און די דייטש־עסטרייכישע אַרמיי וועט אַריינמאַרשירן אין פּוילן.

— איך שטעל זיך באַלד אין פאַרבינדונג מיט דעם עסטרייכישן גענעראַל־שטאַב וועגן דעם ענין און אונדזערע עראָפּלאַנען וועלן פאַנאַנדערוואַרפן די פלוג־בלעטלעך אין די פּוילישע שטעט.

איך האָב אין דער ערשטער רגע נישט געוואוסט, ווי צו האַנדלען. אמת, שרייבן פּראָקלאַמאַציעס קעגן רוסישן צאַריזם איז פאַר מיר נישט געווען קיין נאָוויגע, און דאָך האָב איך באַלד דערפילט, אַז אין דעם פאַל איז דער ענין נישט אַזוי גלאַט.

נאָך עטלעכע סעקונדן פון אומאַנטשלאָסנקייט האָב איך זיך געווענדעט צו מיין מיטשמועסער מיט דער פראַגע, צי מוז איך תיכף ענטפערן אויפן פאָרשלאַג. איך האָב אים דערקלערט, אַז דער ענין איז פאַר מיר אַלס רוסישן בירגער, אַ זייער ערנסטער און איך וואָלט געוואָלט האָבן עטלעכע שעה אויף אַ ישוב־הדעת.

איך האָב געוואָלט געווינען צייט און אַן עצה האַלטן זיך מיט אייניקע פון מיינע פריינט, וואָס זיינען צו יענער צייט געווען אין בערלין.

דער דירעקטאָר פון דער אָסט־אָפּטיילונג האָט מיר געענטפערט, אַז ער האָט נישט דאַקעגן, אַז איך זאָל אים נאָכמיטיק געבן אַ תשובה.

פאַרן אַוועקגיין האָב איך זיך געווענדעט צו מיין מיטשמועסער:

— איך גלויב, אַז מיר איז געגעבן געוואָרן אַ פרייער אויסוואַל בנוגע אייער פאָרשלאַג און איך דאַרף אים נישט פאַרשטיין אַלס צוואַנגס־פאָרשלאַג.

דער ענטפער איז געווען אַ צווײדײַטיקער:

— עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאָרשלאַג און נישט קיין אולטימאַטיווער פאָדערונג, איר דאַרפט אָבער, פאַרשטייט זיך, נעמען אין אַכט, אַז עס איז קריגס־צייט און איר זענט אַ ציוויל־געפאַנגענער...

מיר איז די אָנצוהערעניש נישט איבעריק געפעלן געוואָרן, אָבער איך האָב ביי זיך ישוין פעסט אַנטשלאָסן, אַז איך דאַרף האַנדלען זייער פאָרזיכטיק.

איך בין צופוס אַוועק פון דער ווילהעלם-שטראַסע אַהיים און האָב דעם גאַנצן וועג נאָכגעטראַכט, ווי זאָל איך רעאַגירן אויף דעם געמאַכטן פאָרשלאַג. פאַרשיידענע מחשבות זיינען מיר דורכגעפלויגן דורכן קאָפּ.

פון איין זייט האָב איך געטראַכט:

— פאַרוואָס זיינען כשר די רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס, וואָס איך האָב געשריבן קעגן צאַריזם און אין וועלכע איך האָב גערופן צו נקמה און קאַמף און פאַרוואָס איז טריף די זעלבע פּראָקלאַמאַציע, ווען דייטשישע עראָפּלאַנען וועלן זיי צעוואַרפן. איצט איז געקומען דער שעת־הכושר פאַר נקמה פאַר די צאַרישע פּאָגראָמען, פאַרוואָס נישט אויסנוצן די געלעגנהייט?...

אָבער די דאָזיקע געדאַנקען זיינען בלויז אויף אַ רגע דורכגעלאָפן דורך מיין

מוח. איך האָב באַלד גענומען נאָכטראַכטן, אַז דעם שריט טאָר איך נישט מאַכן. רעוואָלוציאָנערער קאַמף קעגן צאַריזם איז טאַקע כשר — האָב איך געטראַכט — אָבער קעמפן קעגן צאַריזם דורך לאַנדעס־פאַראַט, העלפנדיק דערביי דעם דייטשישן מיליטאַריזם — טאָר מען נישט. ביי זיך אין האַרצן מעג איך זיך טאַקע ווינטשן, אַז דער רוסישער צאַריזם זאָל ליידן אַ מפּלה אין דער מלחמה, מעג עס זיין דורך דעם דייטשישן שווערד, אָבער באַגיין אַן אַקט פון פאַטערלאַנד־פאַראַט, איז אונטער אַלע אומשטענדן אַ מאָראַלישער פאַרברעכן. און דערצו טאָר איך אויף זיך נישט נעמען אַזאַ אחריות. דער ענין קען דאָך, פריער אָדער שפּעטער, אַרויפשווימען פאַר דער עפנטלעכקייט און איך קען שטעלן אין סכנה מיינע ברידער אין רוסלאַנד דורך אַן אַקט פון בגידה.

וואָס מער איז האָב נאָכגעטראַכט וועגן דער פראַגע, אַלץ פעסטער איז ביי מיר געוואָרן דער באַשלוס אונטער אַלע אומשטענדן אָפּוואַרפן דעם פאָרשלאַג פון דעם דירעקטאָר פון דער „אָסט־אָפּטיילונג", ווען עס זאָל אַפילו אויסקומען אומצוקערן זיך אין דעלבריצער קאָנצענטראַציע־לאַגער.

מיר איז גלייכצייטיק איינגעפאַלן דער געדאַנק צו ווענדן זיך צו ד"ר נתן בירנ־בוים (מתתיהו אחר), מיט וועמען איך בין צו יענער צייט באַפריינדעט געווען, אַז ער זאָל אויף זיך איבערנעמען די מיסיע, וואָס איז מיר אָנגעבאָטן געוואָרן.

ד"ר בירנבוים, אַלס עסטרייכישער בירגער און דערצו נאָך אַלס הייסער אָנ־הענגער פון דער דייטשישער זאַך קען דאָס טון אָן שום מאָראַלישן אָפּהאַלט.

איך בין גלייך אַוועק צו ד"ר בירנבוים און האָב אים דערציילט די גאַנצע גע־שיכטע. ער איז פולשטענדיק מסכים געווען מיט מיין מיינונג און האָט זייער גערן איינגעשטימט, אַז איך זאָל פאָרלייגן אין אויסערן־מיניסטעריום זיין קאַנדידאַטור.

מיינע פריינד, מיט וועלכע איך האָב זיך אַן עצה געהאַלטן, האָבן אויך גוט־געהייסן מיין שטעלונג אין אָט־דער דעליקאַטער פראַגע.

נאָכמיטיק בין איך ווידער אַוועק אין אויסערן־מיניסטעריום און האָב זיך פּרע־זענטירט פאַרן דירעקטאָר פון דער מזרח־אָפּטיילונג.

— נו, וואָס איז אייער באַשלוס? — האָט מיך באַגעגנט דער אָסט־דירעקטאָר מיט דער פראַגע.

— אין פּרינציפּ בין איך מסכים — האָב איך געענטפערט, — אָבער דאָך קען איך אייער פאָרשלאַג נישט אָננעמען.

איך האָב ברייט און אויספירלעך דערקלערט, אַז איך האַלט זיך פאַר באַ־דעכטיקט אַלס רוסישער ייד אויסצונוצן די היסטאָרישע געלעגנהייט נקמה צו נעמען פון צאַריזם.

איך האָב גערעדט וועגן אונדזערע אַלע איבערלעבונגען זינט דעם קישענעווער

פּאָגראָם. איך האָב גערעדט וועגן דער פאַרצווייפלטער מאַכטלאָזיקייט, וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט, בעת די אָקטובער־פּאָגראָמען, ווען אַ בלוטיקע כוואַליע האָט פאַרפלייצט די יידישע גאַס, ווען דער צאַריזם האָט זיך געוואָלט ראַטעווען דורך יידיש בלוט.

— פאַרן אייגענעם געוויסן, פאַר מענטשן און פאַרן משפּט פון דער געשיכטע זיינען באַרעכטיקט אונדזערע נקמה־געפילן צום צאַרישן רוסלאַנד. אָבער טראָצדעם אַלעמען, קען איך אייער פאָרשלאָג נישט אָננעמען. איר אַליין קענט נישט און וועט אונדז נישט פאַרשטיין. איר וועט זיך געוויס טראַכטן וועגן מיר: „אַ פאַרקויפטער יודע־פאַרעטער". איר קענט נישט אַריינדרינגען אין די יידישע סענטימענטן, באַגרייפן אונדזער געפיל פון דערנידעריקטער און געשענדעטער נאַציאָנאַלער ערע. איך וויים, אַז איר מוזט דענקען לויט דעם ענגלישן כלל: „רייט אָר ראָנג מאַי קאָנטרי" (גערעכט אָדער אומגערעכט, עס איז מיין פאָטערלאַנד), און דערפאַר מוז איך זיך אָפּזאָגן פון אייער פאָרשלאָג, כאָטש ווי איך האָב אייך געזאָגט, איך בין מיט אים פּרינציפּיעל מסכים...

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז איך בין איצט נישט אין רוסלאַנד און דאָס העכסטע, וואָס איך קען טון פאַר מיין „פאָטערלאַנד" איז צו פאַרבלייבן נייטראַל.

„איך באַדויער זייער, — האָב איך פאַרענדיקט — וואָס איך האָב נישט שטודירט קיין מעדיצין, איך וואָלט מיט דעם גרעסטן פאַרגעניגן אָנגעבאָטן אייך מיין דינסט אין רויטן קרייץ אַלס סאַניטאַר, די איינציקע לעגאַלע פאָרם, ווי איך וואָלט אייך געקענט נוצלעך זיין"...

דער דירעקטאָר פון דער אָסט־אָפּטיילונג האָט זייער אויפמערקזאַם אויסגעהערט מיינע טענות און האָט מיר דערקלערט:

— איר זענט אַן עסטעטיקער, אַ מאָראַליסט, אָבער נישט קיין פּאָליטיקער. די פליכט פון אַ פּאָליטישן מענטשן איז אויסצונוצן די היסטאָרישע געלעגנהייט פאַר זיין זאַך. איר זענט אַ שוואַך פאָלק. מיט אייגענע כוחות קענט איר נישט באַקעמפן אַ מעכטיקן שונא. דער גליקלעכער פאַר אייך צופאַל האָט געוואָלט אַז דאָס מעכטיקע דייטשישע שווערד זאָל געוועדעט ווערן קעגן אייער שונא. דאָ איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר נאַכטראַכטענישן און מאָראַלישע וואַקלונגען. עטישער ראָמאַנטיזם איז נישט פאַר דער קריגס־צייט... אַלע מיטלען, וואָס פירן צום ציל — זיינען כשר און גערעכט. איר קעמפט ניט און פאַראַט ניט דעם רוסישן פאָלק. מיר, ווי איר, קעמפן קעגן דער צארישער רעגירונג, וואָס האָט דורך איר אומזיניקער פון פראַנקרייך דיקטירטער פּאָליטיק, אַריינגעשלעפּט דייטשלאַנד אין דער מלחמה...

דאָס זיינען געווען די קעגן־טענות פון מיין מיטשמועסער.

איך בין אָבער באַשטאַנען אויף מיין אָפּזאָג. איך האָב אים דערקלערט, אַז איך

בין מסכים מיט דער געזונטער פּאָליטישער לאָגיק פון זיין אַרגומענטאַציע.

— אָבער אַ שטאַרקער אינערלעכער געפיל — האָב איך דערקלערט — האַלט מיך אָפּ פון דעם שריט, וואָס איר לייגט מיר פאָר, ווייל איך בין טיף זיכער, אַז אויסנוצנדיק מיינע דינסטן, וועט איר שפּירן קענען מיר אַ מאָראַלישן עקל, ווי צו אַ פּאַטערלאַנד־פאַרעטער...

מיין מיטשמועסער האָט אַ קנייטש געטון מיט די אַקסלען.

— ניין, ווירקלעך איך באַגרייף ניט אייערע מאָראַליש־עסטעטישע „דעלי־קאַטעסן"...

ער האָט מיר געפּרואווט אָנדייטן אַז ער וועט אַ שמועס טון מיט דער העכע־רער נאַטשאַלסטווע, אָנצובאַטן מיר דייטשישע בירגערשאַפט. ער האָט אויך אָנגע־וויזן, אַז פאַר מיר וועט זיך באַלד שטעלן די פראַגע, פון וואָס צו לעבן אין דייטש־לאַנד, ווייל פון אויסלאַנד וועל איך קיין געלט ניט קענען באַקומען. ער האָט מיר געשילדערט די באַקוועמע פּאָזיציע, וואָס איך קען זיך שאַפן, אַריינטרעטנדיק אין דעם פּערמאַנענטן „פּרעסע־דינסט".

— אונדזער אַרמיי וועט באַלד זיין אין ווארשע. מיין אָפּטיילונג וועט באַ־גלייטן דעם גענעראַל־שטאַב און פאַר אייך וועט זיין אַ געלעגנהייט פאַר אַ ברייטן אַרבעטס־פעלד אַלס רעדאַקטאָר פון אַ יידישער צייטונג, וואָס מיר וועלן אַרויסגעבן אין ווארשע.

איך האָב עפּלעך געהערט די רייד פון דעם דירעקטאָר און האָב כסדר ווידער־האָלט מיינע אַרגומענטן, אָנווייזנדיק צום סוף אויף דער קאַנדידאַטור פון ד"ר בירנבוים, וועלכער איז דער פּאַסנדסטער מאַן אויף דעם פּאָסטן אַלס עסטרייכישער בירגער און הויך־טאַלענטירטער פּובליציסט.

דער דירעקטאָר האָט מיך געבעטן, אַז ד"ר בירנבוים זאָל קומען צו אים אין ביוראָ.

אַז איך האָב שוין געהאַלטן ביי אַוועקגיין, דערלאַנגט מיר דער דירעקטאָר אַ בויגן פּאַפּיר, געשריבן אין דייטש מיט אַ שרייב־מאַשין, און זאָגט מיר:

— איבערזעצט דאָס אויף יידיש.

איך האָב דורכגעלעזן דעם פּאַפּיר. עס איז געווען אַן אויפרוף צו די יידן אין פּוילן.

— וואָס איז אייער מיינונג וועגן אויפרוף?

איך האָב געענטפערט, אַז איך וואָלט אים געשריבן שאַרפער.

— נו, מיר האָבן דאָך ניט בדעה אָנצופירן קיין רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנ־דע — האָט ער מיר געענטפערט.

איך האָב זיך אַרויסגעדרייט אויך פון דעם פאָרשלאָג צו איבערזעצן דעם אויפ־

רוף, אַנווייזנדיק, אַז ד"ר בירנבוים וועט עס מאַכן בעסער פון מיר.

דערביי האָבן מיר זיך געזעגנט.

דער אויפרוף, וואָס איך האָב געהאַלטן אין האַנט, איז שפּעטער איבערזעצט געוואָרן פון ד"ר נ. בירנבוים און איז פאַרשפּרייט געוועןן פון דייטשישע עראָפּלאַנען אין פּוילן.

:: :: ::

אַ וואָכן צוויי האָט מען מיך געלאָזט צורו און איך האָב געמיינט, אַז מען האָט שוין וועגן מיר פאַרגעסן אין דער ווילהעלם־שטראַסע.

קומענדיק אין אָוונט אין פּאָליציי־באַצירק, וואו איך פלעג זיך דאַרפן פּרעזענטירן, ווי אַלע אויסלענדער, יעדן טאָג די גאַנצע צייט, וואָס איך בין פאַרבליבן אין בערלין, האָט מען מיר געמעלדעט, אַז איך ווער איינגעלאַדן אויף דער ווילהעלם־שטראַסע.

ווען איך בין געקומען אַהין, באַגעגנט מיך מיין אַלטער באַקאַנטער מיט אַ גאַנץ שטרענגער אויפפאָדערונג:

— שרייבט אָן אַן אויפרוף צו דער יידיש־פּוילישער יוגנט זי זאָל פאָרמירן פּראָ־דייטשישע מיליטערישע הילפס־לעגיאָנען.

אין דעם ווייטערדיקן געשפּרעך איז מיין מיטשמועסער ווידער געוואָרן פריינדלעך און האָט ווייטער געזוכט איבערצייגן מיך, אַז עס איז אַן עוולה פאַר אַ מענטש מיט אַזעלכע שטאַרקע נאַציאָנאַלע סענטימענטן, ווי איך, צו פאַרבלייבן מיט פאַרלייגטע הענט, אומאַקטיוו אין אַ צייט פון היסטאָרישן דראַנג און טאַט.

— לערנט זיך פון אייערע דייטשישע גלויבנסגענאָסן. זיי האַלטן זיך דאָך אויך שטאַרק ביי דער יידישער רעליגיעזער עטיק און דאָך האָבן זיי זיך מיט ברען און פייער אַריינגעוואָרפן אין דער מלחמה...

איך בין געבליבן ביי מיינס. אָבער אומקערנדיק זיך פון אויסערן־מיניסטעריום האָב איך באַשלאָסן, אַז איך מוז פאַרדאָפּלען מיינע באַמיאונגען אַרויסצוכאַפּן זיך וואָס שנעלער פון דייטשלאַנד, און באַלד האָב איך זיך דערוואוסט פון אַ קאָלעגע, אַ רוסישן זשורנאַליסט, וואָס פלעגט מאַכן אָפטע געצוואונגענע וויזיטן אין דער אָסט־אָפּטיילונג, אַז מען אינטערעסירט זיך מיט מיר דאָרטן גאַנץ ערנסט...

# נישט דערוואַרט זיך אויף ניקאָלאַיס טעלעגראַמע...

(אויגוסט 1914)

דאָס פאָלק אין בערלין איז פון פריען מאָרגן אין גאַס. אַ טויט־ערנסטקייט איז אויסגעגאָסן אויף אַלע פּנימער. די גאַסן פון דער דייטשער הויפּטשטאָט האָבן פאַרלוירן זייער קאַרנאַוואַל־אויסזען, וואָס זיי האָבן געהאַט די לעצטע טעג.

נעכטן האָט די שטאָט געפיבערט פון פּאַטריאָטישן ענטוזיאַזם. עס האָבן אָבער מייסטנס געטומלט די גאַסן־יונגען, די קאָרפּאָראַציע־סטודענטן און די פרויען פון דער אונטערוועלט. זיי האָבן אויפגענומען די אָנרוקנדע זיך קריגס־געפאַר ווי אַ קאַרנאַוואַל יום־טוב...

יאָ, אַלע האָבן פּלוצלינג דערשפּירט, אַז די זאַך ווערט ערנסט, אָבער קיינער האָט זיך ביז נעכטן נאָך נישט קלאָר פאָרגעשטעלט, אַז די קאַטאַסטראָפע איז אומפאַרמיידלעך.

פאַר די לעצטע פיר און צוואַנציק שעה האָט זיך אָבער די לאַגע געענדערט. פון פעטערבורג איז געקומען די פאַטאַלע ידיעה, אַז דער צאַר האָט פאַראָרדנט די מאָביליזאַציע.

און כאָטש עס זיינען נאָך נישטאָ קיין שום אָפיציעלע קאָמוניקאַטן, האָט זיך איבער בערלין מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ פאַרשפּרייט דער קלאַנג, אַז אויך די דייטשע מאָביליזאַציע האָט זיך שוין אָנגעהויבן.

די לעצטע האָפנונג איז אָבער נאָך נישט אויסגעלאָשן.

דער קייזער ווילהעלם האָט געשיקט אַ פּערזענלעכע טעלעגראַמע צום צאַר, בעטנדיק ניקאָלאַיען, אַלס פריינט און קרוב אָפּשטעלן די מאָביליזאַציע, צוזאָגנדיק פון זיין זייט נישט צו מאַכן קיין שום קריגס־הכנות.

די תשובה פון פעטערבורג דאַרף אָנקומען איינס דעם זייגער.

און גאַנץ בערלין וואַרט מיט פאַרכאַפּטן אָטעם און פיבערדיקן אומגעדולד אויף דער צאַרס טעלעגראַמע.

מיר, אַ קליינע גרופּע יידישע און רוסישע זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן צוליב אונדזער אָפּטימיזם נישט פאַרלאָזן בערלין, גלויבנדיק, אַז קיינע פון די מלוכות וועט נישט האָבן דעם מוט אָנצוצינדן די אייראָפּעאישע שרפה, — האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דעם באַרימטן צו יענער צייט קאַפע „מאָנאָפּאָל“ אויף דער פרידריך־שטראַסע.

דאָ איז אויך פאַרזאַמלט כמעט די גאַנצע ריינהאַרדט־טרופּע, וואָס קומט זיך

דאָ צונויף שטענדיק צו דער שעה, איידער עס הויבן זיך אָן די פּראָבן אין דעם „דייטשן טעאַטער".

מען הערט אָבער דאָ היינט נישט די געוויינלעכע דעבאַטן וועגן קונסט, ראָלן און רעזשי־פּראָבלעמען.

אַלע אויגן קוקן פיבערהאַפט אויפן וואַנט־זייגער פונעם קאַפע און יעדע רגע נעמט מען נערוועז אַרויס און מען לייגט ווידער אַריין די טאַשן־זייגערס און מען עסט זיך איין מיט די אויגן אין די ווייזערס, וואָס רוקן זיך און צוזאַמען מיט זיי רוקט זיך אַוועק די האָפנונג, אַז דער אומגליק וועט נישט געשען.

דער זייגער איז שוין איינס, עס איז שוין צוויי און די טעלעגראַמע פון צאַר ניקאָלאַי אויף וועלכער אַלע פאַרזאַמלטע דאָ ביי די קאַפע־טישלעך וואַרטן, ווי אויף אַ בשורה פון הימל, איז נאָך אַלץ נישטאָ.

אַט לויפט אַריין אין קאַפע אַ יונגערמאַן און רוימט אַריין אַ סוד אין אויער איינעם פון אונדזערע שכנים ביים קאַפע־טיש, אַז דער קאָרעספּאָנדענט פון דער ענג־לישער „מאַנטשעסטער גאַרדיען" האָט ערשט דערוואוסט זיך פונעם דירעקטאָר פון דייטשן באַנק, אַז פון פעטערבורג איז אָנגעקומען אַ גינסטיקע תשובה.

די ידיעה פאַרשפּרייט זיך בליץ־שנעל צווישן די הונדערטער געסט פון קאַפע „מאָנאָפּאָל". די פּנימער לויכטן אויף מיט פרייד און האָפנונג.

— אַנדערש איז עס אוממעגלעך געווען! — שרייט אויס מיט ענטוזיאַזם איי־נער פון אונדזערע שכנים, אַ בילד־שיינער בלאָנדער יונג, איינער פון די אָנפאַנגער אין דער ריינהאַרדטס־טרופּע.

— רוסלאַנד און פראַנקרייך זיינען דאָך נישט גרייט צום קריג, טאָ, ווי וואָלט זיך דער צאַר געקענט אָפּזאָגן פון ווילהעלמס פרידנס־אָנבאָט — טענהט דער יונגער דייטש צו זיינע דאַמען ביים קאַפע־טישל, וועלכע וואַרטן נישט מיט ווייניקער אומ־געדולד אויף ניקאָלאַיס ענטפער־טעלעגראַמע...

די ווייזערס פונעם זייגער שטייען אָבער נישט. עס איז שוין נאָך דריי. עס זיי־נען שוין אַוועק מער ווי צוויי שעה פון דעם טערמין, וואָס ווילהעלם האָט געגעבן דעם רוסישן צאַר. און דער ענטפער איז נאָך נישטאָ.

עס ווילט זיך אָבער אַלץ נישט שיידן מיט דער לעצטער האָפנונג. מיר מאַכן חשבונות וועגן דער דיפערענץ פון די שעהן צווישן פעטערבורג און בערלין. אויף איין־צוויי שעה קען דאָך אַ טעלעגראַמע אויך פאַרשפּעטיקן. מיר טרייסטן זיך: דער דייטשער גענעראַל־שטאַב וועט נישט מקפיד זיין אויף אַן איבעריקער שעה...

מינוטן ציען זיך ווי אייביקייטן.

מיר קענען נישט צוימען אונדזער אומגעדולד און שפּאַנונג. מיר לויפן אַרויס אויפן גאַס. מיט גרויס מאַטערניש שטופּן מיר זיך דורך צווישן די מענטשן־כוואַ־

ליעס צו „אונטער די לינדן", נישט ווייט פון קעניגלעכן פאלאץ, וועלכער איז ארומגערינגלט מיט א ברויזנדן מענטשן־ים.

דער זייגער איז שוין פיר.

דער לעצטער האפנונגס־שטראל אויפן פרידן לעשט זיך אויס...

מיין אויפגערעגטער באגלייטער, א רוסיש־יידישער זשורנאליסט, וויל מיך נאך טרייסטן דערמיט, וואס עס איז נאך נישט דערשינען די מאביליזאציע־פארארדנונג. א סימן, אז אין די הויכע פענצטער זיינען דא גינסטיקע ידיעות פון פעטערבורג. אנישט, וואלט דער דייטשער גענעראל־שטאב נישט דערלויבט אפציען אויף דריי שעה מיט דער דייטשער מאביליזאציע, ווען יעדע רגע איז טייער.

אין גאס הערן מיר א קלאנג, אז אויף דער קריגס־באראטונג אונטער ווילהעלמס פארזיץ איז פארגעקומען א שארפער שטרייט. מען דערציילט, אז דער גענעראל מאלטקע, דער שעף פון גענעראל־שטאב, האט א ווארף געטון זיין שווערד אויפן באראטונגס־טיש, דראענדיק מיט דימיסיע, אויב עס וועט תיכף נישט דערקלערט ווערן אלגעמיינע מאביליזאציע. דער קייזער וויל נאך ווארטן אויף א תשובה פון זיין „ניקי", ווי ער האט ליבלעך גערופן ניקאלאיען...

דער עולם פלייצט כוואליענווייז „אונטער די לינדען" אין דער ריכטונג פון קעניגלעכן פאלאץ. אלץ און אלע פיבערן פון אומגעדולד און שפאנונג צו וויסן, צי איז דא די טעלעגראמע, פון וועלכער עס איז אפהענגיק דער גורל פונעם קריג און פרידן.

דא נישט ווייט פון קייזער־פאלאץ וואו עס קומט איצט פאר דער היסטארישער קריגס־ראט פון די דייטשע מיניסטארן און מיטגלידער פון גענעראל־שטאב, האפט מען שנעלער צו דערוויסן זיך, צי איז דא די תשובה פון ניקאלאיען.

און ווירקלעך, דער עולם האט זיך נישט אפגענארט אין זיין דערווארטונג.

עס איז געווען עטלעכע מינוטן נאך פיר דעם זייגער, דעם 31טן יולי.

מיר שטייען אויף א דיסטאנץ פון צוויי קווארטאלן פון דעם קייזער־שלאס. עס עפענען זיך פלוצלינג די געשמידטע טויערן פון דעם פאלאץ „אונטער די לינדען". אויף א מאטאסיקלעט שניידט זיך דורך דעם וועג, ווי פייל פון א בויגן, א גענעראל־שטאב־אפיציר. דער עולם מאכט אינסטינקטיוו א ווארע. דער אפיציר, א צעפלאמטער, האלט אין האנט א ווייסן בויגן פאפיר, מיט וועלכן ער פאכעט, ווי מיט א פאן.

א קורצער שניידיקער אויסגעשריי:

— מ א ב י ל . . .

דער מאטאסיקלעט פליט אין דער ריכטונג פון דער ווילהעלם־שטראסע, צום קריגס־מיניסטעריום.

נאר א קליינער טייל פון עולם האט דערהערט דעם אויסרוף „מאביל..." אבער באלד צעטראגט ער זיך ווי א שטורעם־רוף צווישן דער הונדערט טויזנט קעפיקער

מאַסע וואָס שטייט אויפן פּלאַץ פאַרן קייזער־שלאָס און פאַרפלייצט די גאַנצע ברייט פון „אונטער די לינדען".

— מ אָ ב י ל י ז א צ י ע !

ווי פון אַ בליץ געטראָפן בלייבט דער ריזיקער המון אויף אַ ווײַלע, ווי פאַר־שמיינערט.

אָבער דאָס געדויערט נישט מער ווי אַ רגע. באַלד ווערט די לופט דערשיטערט פון אַ מעכטיקן געזאַנג.

און ווי דאָס קנאַלן פון טויזנטער קאַנאָנען טראָגט זיך פון הונדערטער טויזנטער מיילער דער קלאַנג פון דייטשן נאַציאָנאַלן הימן:

— דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס . . .

און באַלד איז ווידער שטיל געוואָרן. ווי דורך עפּעס אַ כישוף־זשעסט האָט זיך פּלוצלינג באַרואיקט דער אויפגעברויזטער מענטשן־ים.

אַלע אויגן זיינען געווענדעט צום פּאַלאַץ. עס האָט זיך געעפנט די טיר פון איינעם פון די פּאַלאַץ־באַלקאָנען און עס איז דערשינען די פיגור פונעם קייזער, אין דער באַגלייטונג פון דעם קאַנצלער בעטמאַן האָלוועג, און אַ גרויסער צאָל מילי־טערלייט.

און איין קייזערלעכער זשעסט איז גענוג געווען, אַז דער געמורמל זאָל, ווי אַ ווינט דורכטראָגן זיך דורך דעם המון:

— דער קייזער שפּריכט!

וואָס דער קייזער האָט גערעדט, איז אוממעגלעך געווען צו הערן אויף דער דיסטאַנץ, וואו איך בין געשטאַנען.

פון די אָוונט־צייטונגען האָב איך זיך דערוואוסט דעם טעקסט פון די עטלעכע קייזערלעכע ווערטער, וואָס זיינען געזאָגט געוואָרן אין אָט דעם אַנטשיידנדן מאָ־מענט פון דער דייטשער און וועלט־געשיכטע.

ווילהעלם האָט גערופן צו נאַציאָנאַלער אחריות און האָט דערקלערט, אַז ער קען מער נישט קיין פּאַרטייען, עס זיינען דאָ בלויז דייטשן, וועלכע דאַרפן ווייזן דער וועלט און די שונאים, אַז ריין איז דאָס דייטשע וואָפן און עס איז אויך שאַרף...

אַ מינוט צוויי, דריי האָט געדויערט די רעדע. און אַז ווילהעלם האָט געענדיקט, האָבן זיך פון צענדליקער טויזנטער ברוסטן אַרויסגעריסן, ווי דער קלאַנג פון אַ גי־גאַנטישן אָרגל דער הימן:

— הייל דיר, קייזער, אין זיגעס־קראַנץ...

און מיר האָט זיך געדוכט, אַז ווילד־פאַנאַטישע געצנדינער זינגען אַ מעכטיקן לויב־געזאַנג זייער אָפּגאָט...

:: :: ::

# א בלעטל פון מיין בערלינער טאגע-בוך

(אויגוסט 1914)

די גרויסע שטאָט איז שטענדיק זשעדנע אויף סענסאציעס.

אינעם ערשטן מאָמענט, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די קאטאסטראָפע פונעם וועלט-קריג איז דאָס פאר דער דייטשער הויפטשטאָט — פאר דעםברייטן בערלי־נער גאסן־עולם — געווען נישט מער, ווי א ס ע נ ס א צ י ע, אמת, א גרויסע אויסערגעוויינלעכע סענסאציע...

די מלחמה האט נאָך נישט געהאט באוויזן איר טראגישן אָפּגלאַנץ, די שאָטנס פון טויט און פארניכטונג האָבן זיך נאָך ערגיץ וואו ווייט באהאלטן און דאָס גרויסע אומגליק פונעם קריגס־שטורעם האָט אין אָנהויב נאָר אויסגעזען, ווי א גרויסער פאטריאָטישער יום־טוב, ווי א גלענצדער נאציאָנאלער פאראד...

דעם טראגישן ערנסט פון פאסירונגען האָבן נאָר ווייניקע געפילט, דער ברייטער עולם האָט אָבער אַלץ אויפגענומען לייכט: א מיליטער-שפאציר־גאַנג קיין פאַריז, וואַרשע און פעטערבורג, אזוי האָט זיך געמאָלט די מלחמה אין די ערשטע וואָכן פאר פיל, זייער פיל בערלינער...

די ערשטע נצחונות אין בעלגיען און פראנקרייך האָבן נאָך פארשטארקט אָט די לוסטיקע שטימונג פון בערלין און דעם איינגעשפארטן גלויבן, אז דאָס דייטשע געווער וועט לייכט און שנעל טריאומפירן אויף אַלע שלאַכטפעלדער.

בערלין איז לוסטיק און פריילעך...

דער „קורפירסטען־דאם" — די הויפטגאָס אין דעם בערלינער מיליאָנערן־קווארטאל — איז ביז שפעט אין דער נאכט פארפלייצט פון א טויזנט־קעפיקן עולם. פון די אומצאָליקע קאפע־הייזער גיסט זיך אריין אין דער גאַס א ים ליכט און מוזיק-קלאַנגען. דאָס זיינען אַלץ פאטריאָטישע מאָטיוון. מען זינגט מיט ברען, מיט התלהבות...

יעדעס שוס — א רוס
יעדעס שטויס — א פראנצויז
יעדער ריט — א בריט
יעדער קלאַפּ — א יאַפּ (יאפּאנעזער)...

פארוואונדערט גייסט דו אום איבער דער באלעבטער גאַס אין דעם אומענד־לעכן מענטשן־שטראָם.

וואָס איז דאָס? א יום-טובדיקער קארנאוואל, אָדער די טויט און פארניכטונג-ברענגענדע קריגס־צייט?...

:: :: ::

בערלין איז פריילעך און לוסטיק...

די הייזער זיינען איינגעטונקט אין א ים פון פארביקן געוואנט, און פון די פיל-קאלירן־פאנען פון די אלע דייטשע מלוכות און אין שווארץ־געל פון באפרייט־דעטער עסטרייך.

„אונטער די לינדען״ — וואו ס׳געפינט זיך דער שלאס — איז אן אמתע פעל־קער־וואנדערונג. צענדליקער טויזנטער מענטשן ציען זיך אהין.

היינט איז דער יארצייט פון דעם היסטארישן סעדאנער נצחון, און לכבוד דעם פירט מען אריין אין בערלין אכט קאנאנען, וועלכע מ׳האט צוגענומען ביי די רוסן און בעלגיער...

אלע שטופן זיך און שטויסן זיך צו די קאנאנען, יעדער וויל זיי גענויער אנזען, אנטאפן מיט די הענט די פרוכט פון די דייטשע נצחונות.

ביי דעם דענקמאל פון פרידריך־ווילהעלם דעם פערטן שטעלט זיך אפ די טרי־אומף־פראצעסיע. צו דעם אייזערנעם צוים פונעם דענקמאל שמידט מען צו מיט קייטן די בעלגישע קאנאנען.

מיך כאפט אן א שוידער. צי איז דאס נישט א סימבאלישער אקט? צי ווערן דאס נישט געשמידט קיין קייטן פארן פרייען, אומאפהענגיקן בעלגיער פאלק?!...

אבער דא איז נישט קיין ארט צו שטיין מיט טרויעריקע מחשבות. די יובלדיקע מענטשן-כוואליע טראגט מיך אוועק און איך אייל צו אנטלויפן פון דער זאטער, טריאומפירנדער מענגע, מען זאל אין מיר נישט דערקענען דעם פרעמדן, דעם „פיינד״ . . .

:: :: ::

ס׳זיינען שוין פארביי די ערשטע וואכן פון דער פאטריאטישער פארשיכערונג, ס׳ווייזן זיך שוין אין גאס די ערשטע אפפער פונעם פאטריאטיזם — די צוריקגע־קומענע פארוואונדעטע פון בעלגישן שלאכט־פעלד, אבער בערלין פילט נאך אלץ ניט דעם טראגישן ערנסט פון די פאסירונגען. עס הערט זיך נאך אלץ דער זאט־רואי־קער ניגון:

„ליב פאטערלאנד, קאנסט רואיק זיין״...

די לייכט־פארוואונדעטע סאלדאטן ווערן באגייסטערט באגריסט, ארום זיי בילדן זיך גרויסע גרופן נייגיריקע. זיי דערציילן די עפיזאדן פון דעם נצחון־מארש אין בעלגיע.

דאס איז געווען נאך אין דער צייט פון די ערשטע גרויסע נצחונות אין בעלגיען און פראנקרייך, ווען מ׳האט זיך געריכט, אז אט־אט מארשירט די דייטשע ארמיי אריין אין פאריז.

וועגן די פראנצויזן האט דער דורכשניטלעכער בערלינער גערעדט נישט אנ־דערש, ווי מיט שפאט און ליצנות: „מיר וועלן זיי ווייזן״...

אויף דער „קורפינסטענדאם״ שטעלט זיך אפ אן אויטאמאביל מיט צוויי לייכט־

פּאַרוואונדעטע שטאַבס־אָפיצירן. איינער פון זיי כאַפּט אַרויס פון קעשענע אַ רויטע פּאַר פראַנצויזישע הויזן און ווייזט זיי דעם המון, און מער האָט מען נישט געדאַרפט...

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אָט די עקלהאַפטע סצענע פונעם טריאומ־פירנדן, פון זיג־באַרוישטן גאַסן־פעבל. איך האָב פלוצלינג דערפילט דעם גאַנצן מאָ־ראַלישן אָפּגרונט, וואוהין דער נצחון קאָן פאַרפירן נידעריקע נשמות... איך האָב זיך געמוזט באַצווינגען צו אַנטלויפן נישט אויסשרייענדיק „זאָל לעבן פראַנקרייך!“...

:: :: ::

ס'זיינען אָנגעקומען די טעג נאָך דער פאַרלוירענער שלאַכט ביי דער מאַרנע.

די בערלינער באַפעלקערונג האָט דעם גאַנצן אמת וועגן דער דייטשער מפּלה נישט געוואוסט. די הייזער און באַלקאָנען זיינען נאָך אַלץ געווען באַפּוצט אין די יום־טובדיקע פאָנען־באַקליידונג. נאָר די צייטונגען האָבן אָנגעהויבן שרייבן, אַז מען זאָל אַראָפּנעמען די באַפּוצונג, ווייל די צייט איז צו ערנסט פאַר יום־טובדיקע שטי־מונגען... דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן אָנצושטויסן, וואָס דאָס מיינט...

בערלין האָט דערפילט דעם טראַגישן ערנסט פון די פּאַסירונגען... ווייניקער באַלעבט איז געוואָרן דער „קורפירסטענדאַם“, דער גאַסן־המון און די ליאַרמדיקע „האַלב־וועלט“, פאַר וועמען די איירָאָפּעאישע קאַטאַסטראָפע איז נישט מער, ווי אַן אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנטע סענסאַציע, האָבן זיך פאַרוקט אין די לעכער.

נישט קוקנדיק אויף דעם אויפרוף נישט צו טראָגן קיין טרויער נאָך די געפאַ־לענע, האָבן זיך אין די גאַסן אַלץ אָפטער אָנגעהויבן צו ווייזן די שוואַרצע קרעפּ־פאַרבן . . .

דער שאָטן פון טויט און פאַרניכטונג האָט אָנגעהויבן וואַרפן זיין אָפּשיין אויף די גאַסן פון דעם פריער ליאַרעמדיקן בערלין.

אָוונט־צייט. די גאַסן זיינען טאַקע אויך איצט איבערפולט, אָבער צווישן די פילע וואָס שטייען דאָ, וואַרט מען נישט נאָר אויף זיגס־דעפּעשן, נאָר אויך אויף די פ אַ ר ל ו ס ט ן. און זיי שטייען פאַר מיינע אויגן, די טראַגישע פיגורן פון די פרויען, קראַמפּהאַפט האַלטן זיי אין דער האַנט דעם געדרוקטן בויגן פון דער טויטן־ליסטע און מיט שרעק לויפן זיי איבערהאַפּט דורך ביי דעם ליכט פון דער לאַמטערנע דעם צעטל פון די קרבנות...

אָט הערט איר פּלוצלינג, ביי דעם שכנישן טישל אין קאַפע, אָפטמאָל אין גאַס, אָדער אין טראַמוויי, אַ היסטערישן אויפשריי פון אַ פרוי, איר קוקט זיך אום, איר קאָפּ איז איבערגעבויגן איבערן צייטונגס־בלאַט און איר פאַרשטייט שוין... זי האָט געבראַכט אַ קרבן פאַרן פאָטערלאַנד...

דאָס איז געווען אין דעם טאָג פון 31טן יולי, מיט זיבעצן יאָר צוריק, ווען בער־לין האָט זיך נישט דערוואַרט אויף דער געגאַרטער טעלעגראַמע פון דעם נישט עק־זיסטירנדן שוין מער צאַר ניקאָלאַי...

(31־ער יולי 1931)

# ווער איז שולדיק אינעם ערשטן וועלט-קריג?
(צום צוואנציקסטן יאָרטאָג פון דער וועלט-קאַטאַסטראָפע — 1918-1914)

פאַר די צוויי צענדליק יאָר, וואָס זיינען אַוועק פון דער טראַגישער אויגוסט־וואָך פון 1914, זיינען שוין אָנגעשריבן געוואָרן גאַנצע בערג מיט ביכער און עס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אומצאָליקע אָפיציעלע דאָקומענטן וועגן די סיבות און די שולדיקע אין דער אייראָפּעאישער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ וועלט־אומגליק.

האָבן די אַלע געשיכטלעכע פאָרשונגען און מעמואַרן פון די פּאָליטיקער און מיליטער־לייט, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער וועלט־מלחמה, געוואָרפן אַן אַנטגילטיקן ליכט אויף די אויגוסט-געשעענישן?

קיין איינשטימיקער אורטייל וועגן דער קריגס־שולד איז נאָך עד היום נישטאָ און וועט אפשר נאָך לאַנגע יאָרן נישט זיין.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס אין דעם היסטאָרישן דאָקומענט פון דעם ווער־סאַלער טראַקטאַט האָבן די זיגער פעסטגעשטעלט און פאַרחתמעט דייטשלאַנדס שולד — קען דער דאָזיקער אורטייל געוויס נישט אָנגענומען ווערן אַלס אָביעקטיווער פּסק־דין פון דער געשיכטע.

דער שטרייט וועגן דער קריגס־שולד ווערט נאָך ליידנשאַפטלעך געפירט היינט, צוואַנציק יאָר נאָך דעם מלחמה-אויסברוך, פּונקט, ווי ער איז געפירט געוואָרן אין דעם סאַמע ברען פון דער אייראָפּעאישער קאַטאַסטראָפע.

וואו ליגט אָבער דער אמת? ווער טראָגט אויף זיך די לאַסט פון דעם שווערסטן היסטאָרישן פאַרברעכן און ווער איז געווען דער לעצטער, וואָס האָט געשטויסן איי־ראָפּע אין דעם תהום פון דער זעלבסטמערדערישער מלחמה?

עס איז געוויס נישט שווער פאַר דעם היסטאָרישן פאָרשער אַנצואַווייזן די אַ ל ג ע מ יי נ ע סיבות פון דער אויגוסט־קאַטאַסטראָפע פון 1914.

פון אַ ברייטערן היסטאָרישן שטאַנדפּונקט קען מען בכלל נישט אינדיווידואַ־ליזירן די סיבות פון קריג. פאַרן בית־דין פון דער געשיכטע זיינען בכלל נישטאָ קיין גערעכטע אין דעם פעלקער-גערangל פון 1918 - 1914. אַלע פעלקער האָבן געזינ־דיקט און אַלע זיינען שולדיק.

נישט איינצלנע פּאָליטיקער און מלוכה־לייט האָבן פאַראורזאַכט די קאַטאַס־טראָפע, נאָר אַלע צוזאַמען און יעדער באַזונדער האָט בייגעטראָגן זיין חלק צום אומגליק פון אייראָפּע.

אין דעם קריג איז שולדיק די הערשנדע ווירטשאַפטלעכע סיסטעם פון קאַפּיטאַליזם, די אומגעצוימטע עקאָנאָמישע קאָנקורענץ, דער גײַעג און דער קאַמף פאַר אַפּזאַץ־מערק און קוואַלן פון רוי־שטאָף. עס איז שולדיק די סיסטעם פון דער געהיים־דיפּלאָמאַטיע, די פּאָליטישע אַמביציעס פון די אײנצלנע שטאַטסלײַט און מלוכה־לײַט, א. א. וו. און א. וו.

און פון אָט דעם פּאַראַלגעמײנערטן שטאַנדפּונקט זײַנען די דײַטשן גערעכט, ווען זײ טענהן, אַז מען קען נישט אַרויפלײגן די קריג־שולד אויסשליסלעך אויף זײ.

אָבער, ווען מען פאַרלאָזט דעם באָדן פון אַלגעמײנע געשיכטלעכע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע אַבסטראַקציעס, און מען זוכט אויסצוגעפינען די ק אָ נ ק ר ע־ט ע ראָלע, וואָס יעדעס פאָלק און לאַנד האָבן געשפּילט אין דעם אויסברוך פון דער אײראָפּעאישער קאַטאַסטראָפע, מוז מען קומען צו דער מסקנא, אַז דײַטשלאַנד איז געווען דער וויכטיקסטער אינסטרומענט פון דעם שטן, וואָס האָט פאַרשלעפּט אײראָפּע אין דעם תהום פון אומקום.

און צו דעם דאָזיקן אויספיר מוז מען קומען, סײ ווען מען שטודירט די ווײַטערע היסטאָרישע סיבות פון קריג, סײ ווען מען באַקענט זיך מיט די דאָקומענטן פון די לעצטע וואָכן פאַרן אויסברוך פון דער אויגוסט־קאַטאַסטראָפע.

וואו ליגן די ווײַטע אָבער דירעקטע אורזאַכן פון דעם פעלקער־צוזאַמענשטויס פון 1914 - 1918?

זײ דאַרף מען זוכן אַזוי ווײַט, ווי אין פּרײסיש־פראַנצויזישן קריג פון 1870 און אין דער דײַטשער אַנעקסיע פון עלזאַס־לאָטאַרינגיען.

ווען אין 1871 איז אין דעם דײַטשן רײַכסטאַג דיסקוטירט געוואָרן דער פּרײַסיש־פראַנצויזישער פרידנס־טראַקטאַט, וואָס ביסמאַרק האָט אימפּאָנירט אויף פראַנקרײַך אין דעם באַרימטן „שפּיגל־זאַל“ פון ווערסאַל, האָט דער אײנציקער דעמאָלט סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט, א ו י ג ו ס ט ב ע ב ע ל נבואה געזאָגט, אַז די אַנעקסיע פון עלזאַס־לאָטאַרינגיע וועט זײַן דער זאָמען, פון וועלכן עס וועט אַרויסוואַקסן אַ נײַע גרויסע אײראָפּעאישע מלחמה.

בעבעל האָט אויך פאָראויסגעזאָגט אַז די פראַנצויזישע שנאה צו דײַטשלאַנד וועט טרײַבן די פראַנצויזישע רעפּובליק אין די אָרעמס פון צאַרישן רוסלאַנד און די בײדע לענדער וועלן געמײנזאַם אַרויסטרעטן קעגן דײַטשלאַנד.

בעבעלס נבואה איז אין קנאַפּע פופציק יאָר אַרום ב ו כ ש ט ע ב ל ע ך מקוים געוואָרן.

מיר זעען אַלזאָ, אַז דײַטשלאַנד איז געווען די ו ו י י ט ע היסטאָרישע סיבה פון דעם אײראָפּעאישן פעלקער־קאָנפליקט אין 1914-1918.

אָבער דערמיט אַליין באַגרעניצט זיך נישט די פאַטאַלע ראָלע פון דייטשלאַנד אין דער מאָדערנער אייראָפּעאישער געשיכטע.

דער אָביעקטיוועסטער שטודיום פון די פּאַסירונגען אין דעם היסטאָרישן יולי-חודש פון 1914 באַווייזן, אַז דייטשלאַנד, די דייטשע מאָנאַרכיע און דער דייטשער מיליטאַריזם זיינען אויך געווען די אַנטשיידנסטע פאַקטאָרן, וואָס האָבן אַרויסגע־רופן די וועלט־קאַטאַסטראָפע פון אויגוסט־1914.

אין דעם פּרט פאַרמאָגן מיר אַ דאָקומענטאַלע היסטאָרישע אויספאָרשונג, אין וועלכער מיר האָבן נישט דעם מינדסטן גרונד צו צווייפלען.

ווי באַקאַנט האָט די דייטשע רעפּובליקאַניש־סאָציאַליסטישע רעגירונג, וואָס האָט זיך געפונען ביי דער מאַכט נאָך דעם פאַלן פון דער האָהענצאָלערן-מאָנאַרכיע, באַשלאָסן, לויט דעם פאָרשלאַג פון דעם באַוואוסטן סאָציאַליסטישן געלערנטן, קאַרל קאַוטסקי, צו פאַרעפנטלעכן אַלע דאָקומענטן פון דייטשן אויסערן־מיניסטעריום, וואָס האָבן אַ שייכות צו די פּאַסירונגען פון יולי 1914. קאַוטסקי איז, ווי באַוואוסט, געווען דעמאָלט וויצע אויסערן־מיניסטער און האָט געהאַט דעם פולן צוטריט צום אַרכיוו פון מיניסטעריום.

די דייטשע רעגירונג האָט פאַר דער פרידנס־קאָנפערענץ געוואָלט דערווייזן דער וועלט, אַז זי האָט נישט קיין שום שייכות צו די חטאים פון דער האָהענצאָלערן־מאַכט און האָט דערפאַר באַשלאָסן אָנצונעמען קאַוטסקיס פאָרשלאַג וועגן דער פאַר-עפנטלעכונג פון די דערמאָנטע דאָקומענטן. צום סוף האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז מען האָט קאַוטסקין נישט פאַרטרויט די פאַרעפנטלעכונג פון די דאָקומענטן; מ'האָט די צונויפגעזאַמלטע, פון אים דאָקומענטן איבערגעגעבן דער רעדאַקציע (דאָס מיינט דער צענזור) פון דריי בירגערלעכע היסטאָריקער־פּראָפעסאָרן. אָבער קאַוטסקי פון זיין זייט האָט אויף זיין אייגענער אחריות באַאַרבעט די מאַטעריאַלן, און מיר האָבן פאַר זיך די צופאַרלעסיקסטע דאָקומענטאַלע געשיכטע פון דעם היסטאָרישן חודש יולי 1914, באַזירט אויסשליסלעך אויף אָ פ י צ י ע ל ע דייטשע קוועלן.

נו. און וואָס זאָגן אונדז די דאָזיקע דאָקומענטן?

ווען מען זאָל מאַכן דעם פּרוואו אויף דעם קורצסטן, סינטעטישן אופן איבער־געבן דעם תמצית פון אָט דער וויכטיקער, אפשר וויכטיקסטער היסטאָריש־דאָקו־מענטאַלער פאָרשונג פון די פּאַסירונגען, וואָס האָבן געפירט צו דער קריגס־קאַטאַס-טראָפע — באַקומט זיך, אַז עס איז אייזן־פעסט און אומדיסקוטירבאַר, אַז ווילהעלם דער צווייטער און זיין מיליטערישע קאַמאַריליע האָבן געבראַכט דעם וועלט־אומגליק פון אויגוסט־ 1914.

יאָ, ביז דעם 29-טן יולי 1914 האָט דייטשלאַנד ד י ר ע ק ט נישט געהעצט צום אייראָפּעאישן קריג.

ווילהעלם און זיינע מיליטערישע און פּאָליטישע עצה-געבער האָבן בלויז גע־העצט עסטרייך צום קריג קעגן סערביע און מאנכע פון די פאַראַנטוואָרטלעכע דייטשע פּאָליטיקער האָבן געגלויבט, אַז צו קיין אַלאייראָפּעאישער מלחמה וועט עס נישט קומען, ווייל דאָס צאַרישע רוסלאַנד און פראַנקרייך זיינען נאָך נישט געווען גרייט צום קריג.

עס איז קלאָר פון דעם דיפּלאָמאַטישן מאַטעריאַל, וואָס קאַוטסקי ברענגט, אַז שטאַרק העצן עסטרייך איז אויך נישט נויטיק געווען. דעם גראַף בערטכאָלד, דעם דעמאָלטיקן עסטרייכישן אויסערן־מיניסטער און די פירער פון עסטרייכישן גענע־ראַל־שטאַב האָט נישט געפעלט קיין קריגס־ווילן. זיי האָבן זיך געריסן צו אַ קאָנ־פליקט מיט סערביע, נאָך פאַר דעם סאַראַיעוואָ־מאָרד און דער טויט פון עסטרייכישן קרוינפּרינץ איז געווען דער לעצטער סיגנאַל אויפצורייצן די אַנטי־סערבישע מלחמה־אַפּעטיטן פון דער עסטרייכישער אימפּעריאַליסטישער און מיליטערישער קליקע.

לויט די דאָקומענטן, וואָס קאַוטסקי ברענגט ווערט, אַגב, קלאָר, אַז די סערבישע רעגירונג האָט נישט געהאַט די מינדסטע שייכות צום קרוינפּרינץ־מאָרד. דאָס דער־קלערט דער עסטרייכישער פּראָקוראָר, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון ווין קיין סאַ־ראַיעוואָ. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז עס זיינען נישט אָנגענומען געוואָרן די עלעמענטאַרסטע פּאָליציייאישע פאָרזיכט-מיטלען, מצד דער עסטרייכישער מאַכט, צו באַשיצן דעם קרוינפּרינץ אפילו נאָך דעם ערשטן נישט געלונגענעם אַטענטאַט וואָס איז פאָרגעקומען פאַרן מאָרד.

עס בלייבט איבער דער שטאַרקסטער חשד, אַז דער מאָרד פון עסטרייכישן קרוינפּרינץ איז צוגעגרייט געוואָרן פון די פּערזענלעכע און פּאָליטישע שונאים פון פּרינץ פערדינאַנד אין עסטרייך.

אָבער דאָס איז אַ זייטיקער ענין.

דאָס ווּכטיקסטע איז, אַז דער עסטרייכישער אָנגריף אויף סערביע איז צוגע־גרייט געוואָרן מיט דעם פולן הסכם פון ווילהעלמען און זיינע מיניסטאָרן נאָך פאַרן מאָרד פון סאַראַיעוואָ און דער טויט פון דעם קרוינפּרינץ איז געווען דער לעצטער תירוץ פאַרן אָנגריף.

עס איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווילהעלם האָט אַראַנזשירט דעם „קאַמאָ־פלאַזש“ פון זיין ים־נסיעה אין צפון־ים, צוויי-דריי וואָכן פאַר דעם עסטרייכישן אולטימאַטום צו סערביע, מיט דער אויסדריקלעכער כוונה צו פאַרשלעפערן די אויפ־מערקזאַמקייט פון אייראָפּע און כדי צו מאַכן דעם אָנשטעל, אַז דייטשלאַנד האָט נישט קיין שום שייכות צו בערטכאָלדס פּאָליטיק בנוגע סערביע.

און בעת דער פירשט ל י כ נ אָ ו ס ק י, איינער פון די ווייניקע ערלעכע דייטשע דיפּלאָמאַטן, דער דייטשער אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד, האָט געוואָרנט דעם דייטשן אויסערן־מיניסטער קעגן דעם אַוואַנטוריזם פון זיין עסטרייכישן קאָלעגע,

בערטכאָלד, האָט ווילהעלם אין זיינע ראַנד-באַמערקונגען צו ליכנאָווסקיס ראַפּאָרט, אַרויסגעוויזן די שאַרפסטע פאַרדאַמונג פון ליכנאָווסקיס באַמיאונגען אָפּצוהאַלטן בערטכאָלדן פון זיין אוואַנטוריזם.

בכלל זעט מען פון די אומצאָליקע באַמערקונגען, וואָס ווילהעלם האָט געמאַכט אויף די ראַפּאָרטן, וואָס זיינען אים טעלעגראַפיש איבערגעשיקט געוואָרן אויפן שיף, אַז ער האָט געברענט מיט אומגעדולד, אַז עסטרייך זאָל שנעלער האַנדלען קעגן די „סערבישע באַנדיטן". יעדער פּרואוו פון עמיצן פון די דייטשע דיפּלאָמאַטן צו צווי־מען די עסטרייכישע קריגס־אַפּעטיטן רופט אַרויס ביי ווילהעלמען דעם גרעסטן צאָרן.

אינטערעסאַנט איז אויך לויט דער עקספּאָזע פון די דאָקומענטן, ווי פאַלש און שווינדלעריש די בערלינער רעגירונג האָט געהאַנדלט בנוגע דעם באַרימטן עסט־רייכישן אולטימאַטום.

פאַר דער וועלט האָט עס געהייסן, אַז דייטשלאַנד איז גאָט די נשמה שולדיק, אַז זי האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם אולטימאַטום צוגלייך מיט אַלע אַנדערע מלו־כות. די דאָקומענטן און די פּעריזענלעכע באַמערקונגען פון ווילהעלמען אויף די דאָ־זיקע דאָקומענטן באַווייזן, אַז נישט נאָר מען האָט געוואוסט אין בערלין דעם טעקסט פון עסטרייכישן אולטימאַטום, נאָר מען האָט געהעצט, אַז דער אולטימאַטום זאָל אַזוי שאַרף רעדאַקטירט ווערן, אַז סערביע זאָל אים נישט קענען אָננעמען.

ווען מען האָט אין ווין געוואָלט איבערוואַרטן מיטן אולטימאַטום ביז פּוּנקאַרעס אָפּרייזע פון פּעטערבורג, האָט די בערלינער רעגירונג אַרויסגעוויזן שאַרפע אומצו־פרידנהייט און האָט נאָכדעם טעלעגראַפיש אינפאָרמירט ווין די גענויע שעה, ווען פּונקאַרע פאַרלאָזט די צאַרישע הויפּטשטאָט.

ווי באַוואוסט האָט סערביע שיעור נישט אָוועקגעפּטרט אַלע דייטש-עסטרייכישע קריגס־פּלענער דערמיט, וואָס זי האָט כמעט, ווי אינגאַנצן אָנגענומען דעם עסטריי־כישן אולטימאַטום, פאַרלאַנגענדיק בלויז אייניקע קליינע אויסבעסערונגען.

אויף איין מאָמענט האָבן זיך די דייטש-עסטרייכישע קריגס-העצער פאַרלוירן. ווילהעלם האָט דעמאָלט פאָרגעשלאָגן, אַז די עסטרייכישע אַרמיי זאָל פּראָוויזאָריש פאַרנעמען בעלגראַד אַלס משכון, ביז סערביע וועט מקיים זיין אירע פאַרפּליכטונגען.

אָבער ווין איז שוין באַהערשט געווען פון דער קריגס-פּוריע און מען האָט גע־הייסן דעם עסטרייכישן אַמבאַסאַדאָר פאַרלאָזן בעלגראַד און דערקלערן קריג, ווייל די סערבישע תשובה איז כלומרשט נישט באַפרידיקנד.

:: :: ::

אויב אין דער האַלטונג פון דער דייטשער רעגירונג ביזן 29-טן יולי איז אַלץ קלאָר און עס איז דאָקומענטאַריש דערוויזן געוואָרן, אַז ווילהעלם און זיינע מיניס־טאָרן האָבן געהעצט עסטרייך צום קריג מיט סערביע, איז אָבער נישט גענוג דייט־

לעך, אז אַלע דייטשע פּאָליטיקער און מיליטאַריסטן האָבן געוואָלט אַרויסרופן אַן אַל־אייראָפּעאישע מלחמה.

די פאַרעפנטלעכטע פון קאַוטסקיס דאָקומענטן זאָגן עדות דערויף, אַז אין די דייטשע הערשנדע ספערן האָט געהערשט די קורצזיכטיקע אויפפאַסונג, אַז רוסלאַנד וועט אָראָפּשלינגען די ביטערע פּיל פונעם עסטרייכישן אַנגריף אויף סערביע, ווי זי האָט אַראָפּגעשלונגען די עסטרייכישע אַנעקסיע פון באָסניע און הערצעגאָווינע. דער דייטשער מיליטער־שטאַב איז אויפן גרונד פון זיינע שפּיאָנאַזש־ידיעות געווען זי־כער, אַז רוסלאַנד איז נישט גרייט צו אַן אייראָפּעאישן קריג און אַז פראַנקרייך האָט נישט פאַרענדיקט אירע מיליטערישע הכנות.

דערפאַר באַמערקט זיך אין אַלע דייטשע דיפּלאָמאַטישע דאָקומענטן און אין ווילהעלמס שטעלונג אַ געוויסע פאַרלוירנקייט אין די לעצטע טעג פון דעם פאַטאַלן חודש יולי, ווען רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן מאָביליזירן.

ווען ווילהעלם האָט דעם 29-טן יולי דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פון צאַר (אונ־טערגעשריבן „ניקי”), אין וועלכער ער האָט „אינעם נאָמען פון דער אַלטער פריינט־שאַפט” געבעטן דעם קייזער, אַז ער זאָל אָפּהאַלטן עסטרייך פון אַ ריזיקאַלישן שריט — האָט ווילהעלם געמאַכט אַ ראַנד־באַמערקונג:

„דער צאַר איז זיך מודה אין זיין אייגענער שוואַכקייט און פרוואווט אַרויפ־וואַרפן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף מיר”.

דעם 29-טן און 30־טן וואַקסט די כאַאָטישע שטימונג אין בערלין.

דער דייטשער מיליטערישער פאַרטרעטער אין פּעטערבורג טעלעגראַפירט דעם 30־טן, אַז די רוסישע מאָביליזאַציע האָט נישט קיין אַגרעסיווע צילן.

דעם 31־טן טעלעגראַפירט נאָך דער קאַנצלער בעטהמאַן האָלוועג דעם אַמבאַ־סאַדאָר אין לאָנדאָן, פירשט ליכנאָווסקי, אַז די רוסישע מאָביליזאַציע איז נישט געפערלעך, אַז זי איז אַ רעזולטאַט פון אַ טעותדיקער מעלדונג וועגן דער דייטשער מאָביליזאַציע.

מע זעט, אַלזאָ, אַז ביים קאַנצלער האָט זיך דערוועקט דער ווילן צו אויסמיידן דעם קריג; ער קעמפט קעגן דער דייטשער מאָביליזאַציע, אָבער דעם 31-טן זיינען שוין די מיליטאַריסטן די באַלעבאַטים פון דער סיטואַציע. זיי צווינגען אַרויף די דייטשע מאָביליזאַציע.

און בעטהמאַן האָלוועג דערקלערט אויף אַ מיניסטאָרן־זיצונג:

„די דירעקציע איז פאַרלוירן און דער שטיין קייקלט זיך אָן אַן אויפהער”.

אין ווי דער שטיין האָט זיך געקייקלט, זעט מען פון דעם משונהדיקן פאַקט, אַז איינס אַזייגער בייטאָג דעם 1־טן אויגוסט, איז פון בערלין איבערגעשיקט געוואָרן דעם דייטשן אַמבאַסאַדאָר אין פּעטערבורג די קריגס־דערקלערונג צו רוסלאַנד און מיט ניין שעה שפּעטער, 10 אַזייגער מיט 30 מינוט פון זעלבן אָוונט האָט ווילהעלם

טעלעגראפירט „ניקין“ און געבעטן אים, אז זיין ארמיי זאל נישט איבערטרעטן די גרענ־ץ פון דייטשלאנד און דערמיט אויסמיידן „דעם שרעקלעכן אומגליק“.

דער רוסישער אויסערן־מיניסטער סאזאנאוו, האט זיך טעלעפאניש אנגע־פרעגט ביים דייטשן אמבאסאדאר, וואס מיינט ווילהעלמס טעלעגראמע, וואס איז געשיקט געווארן ניין שעה נאכן קריגס־אולטימאטום. דער דייטשער אמבאסאדאר האט דערויף נישט געקענט ענטפערן און האט בלויז ארויסגעזאגט די השערה, אז עס איז פארגעקומען א פארשפעטיקונג אין דעם אריבערשיקן די טעלעגראמע.

אין דער ווירקלעכקייט איז עס אבער אזוי נישט געווען. ווילהעלמס טעלעגראמע איז געשיקט געווארן אחר המעשה, ניין שעה נאך דעם קריגס־אולטימאטום און באַ־ווייזט דעם גוואלדיקן כאאס און פארלוירנקייט, וואס עס האט געהערשט אין די בערלינער רעגירונגס-קרייזן 48 שעה פאר דעם קריגס־אויסברוך.

:: :: ::

אויב אלזא אין די לעצטע 48 שעה פאר דער קאטאסטראפע איז אפשר אין בערלין שוין נישט געווען, לפחות אין די פאליטישע קרייזן, קיין אויסגעשפראכענער קריגס־ווילן בנוגע רוסלאנד און פראנקרייך, באשטייט אבער נישט דער מינדסטער צווייפל אין דעם, אז ווילהעלם און זיין כנופיה האבן צוגעגרייט דעם עסטרייך־סער־בישן קריג און די מיליטאריסטישע קליקע, ביי וועמען האלוועג און מעג־לעך אויך ווילהעלם, זיינען געווען געפאנגענע, האבן דערפירט די ארבעט ביזן סוף, אונטערצינדנדיק די אל-אייראפעאישע שריפה.

(אויגוסט 1934)

# דער היסטאָרישער בן-השמשות

די וועלט איז אויפן היסטאָרישן שיידוועג, — האָבן מיר געגלויבט, געזעגנדיק זיך מיט דעם ערשטן נאָך מלחמה־יאָר — 1919.

און געוואָרט האָבן מיר, אַז די טיפע במאַרעס, וואָס פאַרדעקן דעם סאָציאַל־פּאָליטישן הימל פון אייראָפּע, פון דער וועלט וועלן זיך אין משך פון די קומענדיקע צוועלף חדשים פאַנאַנדערגיין, און די מידע מענטשהייט וועט זיך לכל הפּחות דער־נענטערן, אויב נישט אַריינטרעטן, אין דער גליקלעכער תקופה פון סאָציאַלן גלייכ־געוויכט און שאַפנדער אַרבעט.

אין וואָס פאַר אַ ליכטיקע פאַרבן מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט די וועלט־אַנט־וויקלונג, בעת ס'האָט אויפגעהערט דער קאַנאָנען־קראַכן אויף די שלאַכטפעלדער! וואָס פאַר אַ גאָלדענע האָפנונגען ס'האָבן אויפגעפלאַמט אין דעם האַרץ פון דער אַלוועלטלעכער אַרבעטערשאַפט, בעת פון די ברעגן פון נעוואַ האָבן זיך דערטראָגן צו אונדז די ערשטע דונער־קנאַלן פונעם סאָציאַלן שטורם, די ערשטע בשורה פון דער סאָציאַלער גאולה!

מיר האָבן געטראַכט: דער רוף פון מאָסקווע האָט נישט געקענט געפונען קיין אָפּקלאַנג אין דער וועלט, כל־זמן זי איז געשטאַנען אונטער דער סכנה פונעם פּריי־סישן מיליטאַריזם. אָבער אינעם מאָמענט, ווען די פעלקער וועלן באַפרייט ווערן פון זייער בלוטיקן קאַמף אויף די שלאַכטפעלדער, וועלן זיי אַלע, אין הייליקן צאָרן קעגן דער אָרדנונג, וואָס האָט אויפגעהאָדוועט און געבוירן די וועלט־שחיטה, אַ לאָז טאָן זיך אין די וועגן פון דער רוסישער אַרבעטערשאַפט און וועלן אַראָפּברענגען דעם סאָציאַלן משיח אויף דער פאַרבלוטיקטער, זינדיקער ערד.

ווי ליכט האָבן מיר געגלויבט, ווי שווער זיינען מיר אַנטוישט!

מיר געזעגענען זיך איצט פונעם אַלטן און באַגעגענען דעם נייעם יאָר אָן דער פריערדיקער אמונה, אָן דעם פריערדיקן אָפּטימיזם.

די דערפאַרונג האָט אונדז פיל געלערנט. איצט ווייסן מיר, אַז דער וועג צו דער סאָציאַלער דערלייזונג איז נישט אַזוי איינפאַך און גרינג, ווי מיר האָבן זיך פאָרגע־שטעלט אין די ערשטע יום־טוב־טעג נאָך דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע.

אויב די פּאָליטישע וועלט־מלחמה האָט געדויערט מער פון פיר יאָר, כאָטש אין אייראָפּע האָבן פיל קלוגע פּאָליטיקער נביאות געזאָגט, אַז זי וועט זיך ענדיקן אין פיר חדשים, — ווער קאָן פאָראויסזאָגן, ווי לאַנג ס'וועט געדויערן דער סאָציאַלער קריג, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעברענט אין רוסלאַנד און האָט פונאַנדערגעוואָרפן זיינע צינדנדע פונקען איבער אַלע פיר עקן פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט?

יאָ, מיר ווייסן מיט דער אַבסאָלוטער זיכערקייט, אַז מיר שטייען אויפן שוועל

פון ראַדיקאַלע סאָציאַלע שינויים אין דער וועלט. יאָ, מיר זעען שוין אפילו הינטער די וואָלקנס די גאָלדענע ברעגן פון דער נייער אָרדנונג פון סאָציאַלן יושר און געזעלשאַפטלעכער האַרמאָניע, אָבער ווען און ווי אַזוי מיר וועלן די ברעגן דערגרייכן, דערויף קען נישט געבן קיין תשובה קיין ערנסטער געזעלשאַפטלעכער באָבאַכטער און פאָרשער.

איינס ווייסן מיר. די אַלטע געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג איז אַרויס פון אירע „רעלסן", און די נייע איז נאָך נישטאָ, נישטאָ אין ערגעץ נישט — אפילו אין דעם רויטן רוסלאַנד. און דער נייער יאָר באַגעגנט אונדז אין אַ היסטאָרישן בין־השמשות.

ס'קומט פאַר דער קאַמף צווישן ליכט און שאָטן. געטער־דעמערונג!

אין אַש ליגן די אַלטע „געטער", אידייען און אמתן. און די נייע צייט, זי איז נאָך ערגעץ הינטער די וואָלקנס.

און געדעכט איז אחד־העם.

ס'זיינען געקומען די חבלי־לידה של משיח. און נישט נאָר פאַר אונדז יידן אַליין, פאַר דער גאַנצער וועלט. און משיח איז נאָך אַלץ נישטאָ...

ווען וועט זיך ענדיקן דער היסטאָרישער בין־השמשות?

ווען וועט אויפגיין דאָס העלע ליכט פון דער נייער צייט?!

:: :: ::

אויסצושפּירן די סודות־פולע שריט פון דער קומענדיקער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג קענען מיר נאָר בדרך כלל, אין אַלגעמיינע ברייטע ליניעס. נישט אַריינלאָזנדיק זיך אין סאָציאַל־פּאָליטישער נביאות, וועלנדיק בלייבן שטיין אויף דעם באָדן פון דער קריטיש דורכגעטראַכטער סאָציאָלאָגיע, פון דער וויסנשאַפטלעכער און נישט־דאָגמאַטישער געזעלשאַפטס־לערע, איז אוממעגלעך פאָראויסצוזאָגן מיט וואָס ס'וועט זיך פאַרענדיקן, על־כל־פנים, אין די נאָענטסטע קומענדע יאָרן, דער שווערער סאָציאַלער קריזיס, וועלכע ס'לעבט איצט דורך די וועלט.

דאָס איינציקע, וואָס בלייבט איצט צו טאָן דעם קריטישן געזעלשאַפטלעכן באַאָבאַכטער, וואָס וויל זיך נישט לאָזן אויף די גליטשיקע וועגן פון טעאָרעטיש־דאָגמאַטישן פאָראויסזאָגן און פראָגנאָז איז צו בלייבן שטיין אויפן באָדן פון עמפּירישע פאַקטן.

אַ קורצן און פּליכטיקן איבערבליק און סך־הכל פון די פאַקטן פונעם סאָציאַל־פּאָליטישן לעבן פאַר דעם פאַרגאַנגענעם יאָר, וועלן מיר זיך פּרואוון דאָ געבן.

אינעם צענטער פון די סאָציאַל־פּאָליטישע וועלט־געשעענישן שטייט נאָך אַלץ רוסלאַנד. דאָס גרויסע רעטזל און אומפאַרשטענדלעכער סאָציאָלאָגישער סוד, וואָס רופט זיך אָן — די רוסישע סאָציאַליסטישע סאָוועטן־רעפּובליק.

די אַנטשטייאונג פון דער ערשטער ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע ר רעפּובליק, ג ר אָ ד א י ן ר ו ס ל אַ נ ד האָט צעשטערט אַלע סאָציאַליסטיש־וויסנשאַפט־לעכע טעאָריעס, און פאָראויסזאָגונגען פון מאַרקסן, פּלעכאַנאָוון און אַנד.; „אַז דער סאָציאַליזם וועט פריער ווי אומעטום מקוים ווערן אין דעם לאַנד פון העכסטער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג אין ווירטשאַפטלעכן פראָגרעס — אין ענגלאַנד.“

די היסטאָרישע ווירקלעכקייט איז נישט געגאַנגען אין די וויסנשאַפטלעכע וועגן פון מאַרקס־פּלעכאַנאָוו, און האָט זיך גאָר אַ לאָז געטאָן אויף דעם „אַוואַנטוריסטישן“ דרך פון די סלאַוויאַנישע סאָציאַליסטן־נאַראָדניקעס, סאָציאַליסטן בעלי־חלומות פון אַלעקסאַנדער הערצענס און טשערנישעווסקיס חדר.

ס'האָט זיך פאַרווירקלעכט נישט דער סאָציאַליסטיש־וויסנשאַפטלעכער אמת פון מאַרקסן און זיינע תלמידים, נאָר די אוטאָפּיע פון די פאָלקס־סאָציאַליסטן, אַז רוסלאַנד וועט מאַכן אַ קפיצת הדרך און וועט קומען צום סאָציאַליסטישן גן־עדן, נישט דורכמאַכנדיק דעם גאַנצן וועג פון דעם קאַפּיטאַליסטישן גהינום.

געוויס. אינגאַנצן האָט דער וויסנשאַפטלעך־געניאַלער מאַרקס קיין טעות נישט געהאַט. איצט נאָך דער וואונדערבאַרער דריי־יאָריקער עקזיסטענץ פון דער סאָוועטן־רעפּובליק ווייסן מיר שוין מיט דער בלי־ספקדיקער זיכערהייט אַז דאָס אינדוס־טריעל, קולטורעל און פּאָליטיש־נידעריק שטייענדע לאַנד מיט פינף און אַכציק פּראָצענט פּויערישער באַפעלקערונג האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן פאַר אַ זייער נישט גינסטיקן באָדן פאַר דעם וואוקס פונעם סאָציאַליסטישן בוים.

דערווייל זיינען אינעם רויטן רוסלאַנד כמעט נישטאָ אַפילו קיין שפּורן פון סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט. אין דעם זיינען אייניק אַלע פריינטלעכע און קעגנערישע באַאָבאַכטער פון רוסלאַנד. דאָס גיבן אויך צו די סאָוועטן־טוער אַליין.

אין דער ערד־צעטיילונג איז דאָס סאָוועטן־רוסלאַנד געצוואונגען געווען צו פירן אַ פּאָליטיק פונקט להיפּך דעם סאָציאַליזם, און פאַרפעסטיקן נישט די קאָלעקטיווע ערד־הערשאַפט, נאָר די קליינבירגערלעכע ערד־אייגנטום. די סאָציאַליזירונג פון דעם קליין ביסל אינדוסטריע, וואָס איז נאָך איבערגעבליבן נאָך די חורבנות פון דער מלחמה און רעוואָלוציע, האָט זיך אויך דערווייל אַרויסגעוויזן אַלס קליינער דערפאָלג.

מיר זעען אַלזאָ, אַז אינגאַנצן „אויסערן וועג“ זיינען נישט געווען נישט מאַרקס און נישט זיינע וויסנשאַפטלעכע תלמידים בעת זיי האָבן געטענהט, אַז די ערשטע באַדינגונג פאַר דעם דערפאָלג פון סאָציאַליזם אין אַ לאַנד, איז די הויכע פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע קולטור, איז דער הויכער שטאַנד פון אינדוסטריע און טעכניק און אַ צאָלרייכער פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז דורכגעגאַנגען די שולע פון פּאָליטישער פרייהייט און אינדוסטריעלער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

אָבער אויב אין רוסלאַנד מערקט מען נאָך נישט, לכל הדעות, דערווייל קיין שום

קלאָרע טענדענצן פון אַ סאָציאַליסטיש-ווירטשאַפטלעכער אָרגאַניזירונג פונעם לאַנד, איז דאָך דערווייל אוממעגלעך ארויסצוטראָגן אַן ענטגילטיקן משפט וועגן די סאָ-ציאַליסטישע מעגלעכקייטן פון דער סאָוועטן-רעפּובליק נאָכדעם ווי עס וועט זיך ענדיק, דער בלוטיקער קאַמף פון אַ גאַנצער וועלט שונאים קעגן מאָסקווע.

ווער קען אונז זאָגן, צי דער מער צונעגרייטער צום סאָציאַליזם ענגלישער פּראָ-לעטאַריאַט וואָלט פיל מער געקענט אויפטאָן, ווען ער וואָלט פאַר זיך געהאַט די רוסישע פּאָליטישע באַדינגונגען, — קיין איין רואיקע מינוט נישט אין משך פון די דריי בלוטיקע יאָר, פון שרעקלעכסטער נויט און אומענדלעכע אויסערלעכע און אינערלעכע מלחמות?

דער ריכטיקן סאָציאַליסטיש-ווירטשאַפטלעכן, סאָציאַליסטיש-קאָנסטרוקטיוון עקזאַמען האָט נאָך דאָס רויטע רוסלאַנד דערווייל נישט געהאַט די געלעגנהייט צו האַלטן.

דער סאָציאַליסטישער יום-הדין פאַר דער סאָוועטן-רעפּובליק וועט ערשט קומען אויף מאָרגן נאָך דעם פרידן. און די אַלע פריינט און קעגנער, וואָס איילן זיך מיט זייער שווארצער נביאות וועגן רוסלאַנד ווייזן נאָר ארויס דערמיט די בייזוויליקייט פון שונאים אָדער טעאָרעטישע עקשנות פון פריינט, וואָס קענען נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די געשיכטע באַוועגט זיך נישט לויט זייער שיטה...

דער אמת איז, אַז איצט, פונקט ווי מיט דריי יאָר צוריק, אין דעם געבורט-טאָג פון דער סאָוועטן-רעפּובליק, בלאָנדזשען מיר אין דער פינצטער און ווייסן נישט אין וועלכע סאָציאַלע וועגן דאָס נייע רוסלאַנד וועט גיין.

דער פערטער לעבנסיאָר פון דער רויטער רעפּובליק אין וועלכן מיר טרעטן איצט אריין, ווייזט אונדז אָבער איין זאַך קלאָר: דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט, דער רוסישער סאָציאַליזם האָט, להיפך אַלע טעאָרעטישע השערות, אויסגעהאַלטן גלענצנד דעם פּ אָ ל י ט י ש ן עקזאַמען און האָט ארויסגעוויזן זיין כוח און פעאיקייט אַלס מלוכה-מאַכט.

וואָס עס זאָלן נישט טענהן די סאָוועטן-שונאים פון רעכטס און לינקס, וואָס פאַר אַ אמתע און פאַלשע חטאים מען זאָל נישט צושרייבן דער מאָסקווער רעגי-רונג, — מיר שטייען פנים אל פנים מיט דעם אומבאַשטרייטבאַרן פאַקט, אַז די סאָוועטן-מאַכט האַלט זיך דריי יאָר, נישט קוקנדיק אויף די שרעקלעכסטע ענויים, הונגער, טויט און מגפות, וואָס די באַפעלקערונג ליידט, נישט קוקנדיק אויף דריי יאָר מלחמות מיט צענדליקער אינערלעכע, קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע שונאים און דער מיליטערישער אינטערווענציע פון דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. נישט קערענסקי און וורַאַנגעל, — נישט רעדנדיק וועגן קאָלטשאַקן און דעניקינען, — וואָס האָבן געהאַט די מעכטיקע פינאַנציעלע און מיליטעריש-טעכנישע הילף פון גאַנץ אייראָפּע, און די מאָראַלישע שטיצע פון דעם גרעסטן טייל מענשעוויסטישער

און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ, און די שטיצע פון די בעסטע פּאָ־לימישע און וויסנשאַפטלעכע כוחות, וואָס רוסלאַנד האָט פאַרמאָגט אין דער ליבעראַלער בורזשואַזיע (די קאַדעטן) — זיינען נישט אומשטאַנד געווען צו האַלטן זיך אין מאַכט אין דעם קלענסטן ווינקל פון רוסלאַנד, און זייער הערשאַפט האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם קאָנצענטרירטן שטורם פון דער פּראָלעטאַרישער רעגירונג.

הונגער און מלחמה זיינען פון שטענדיק אָן געווען די געפערלעכסטע שונאים פון אַ רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. צו פירן אַ מלוכה־שיף אין דעם שטורם פון קריג האָט שטענדיק פאַרלאַנגט מער מלוכה־קונסט און שטאַטס־געניאַליטעט, איידער צו פאַרוואַלטן מיט אַ לאַנד אין אַ צייט פון פרידן.

און די מאָסקווער אַרבעטער־רעגירונג האָט אין דעם פּרט באמת אַרויסגעוויזן אַ שטוינענדע געניאַליטעט, וואָס גיט דאָס רעכט צו גלויבן, אַז נישט קוקנדיק אויף אַלע אָביעקטיווע שטערונגען, וועט זי בכוח זיין אין צייט פון פרידן דורכפירן — אין אַ געמעסיקטער אָדער ראַדיקאַלער פאָרם, דאָס וועט ווייזן די צוקונפט — די סאָציאַליסטישע ווידעראויפבויאונג פון רוסלאַנד.

די נייגונג צו „קאָמפּראָמיסן" וואָס די מאָסקווער רעגירונג ווייזט לעצטנס אַרויס הן בנוגע איר אויסערלעכער פּאָליטיק (דער ריגער פרידן, דאָס צוריקציען זיך פון פּערסיע), הן בנוגע דער ווירטשאַפטלעכער פּאָליטיק, ווי דאָס אָפּגעבן וויכטיקע קאָנצעסיעס דעם אויסלענדישן קאַפּיטאַל, און די שטרעבונג אַריינצוטרעטן אין האַנדלס־באַציאונגען מיט די בורזשואַזע רעגירונגען, זיינען אפשר גרויסע חטאים פון דעם שטאַנדפּונקט פון סאָציאַליסטישע דאָגמאַטיקער. פאַר דעם רעאַלן סאָציאַ־ליסטישן פּאָליטיקער איז דאָס אָבער פאַרקערט, דער פריילעכסטער באַווייז פון דער מלוכה־חכמה פון די פירער פון דער ערשטער סאָציאַליסטישער רעפּובליק. דאָס זיי־נען אָפּטימיסטישע צייכנס פון דער נויטיקער פּאָליטישער בויגזאַמקייט פון דער סאָוועטן־רעגירונג, וואָס הויבט אָן צו באַגרייפן און פּראַקטיקירן די הויכע און שווע־רע קונסט פון צופּאַסן זיך צו די סאָציאַל־פּאָליטישע אומשטענדן פון דער וועלט אינעם איצטיקן מאָמענט.

די אַלע שווערע און טייער באַצאָלטע פעלערן פון דער סאָוועטן־רעפּובליק האָבן זיך הויפּטזעכלעך גענומען פון דעם צו שטאַרקן אָפּטימיזם, וואָס האָט געהערשט אין דער רויטער רוסלאַנד אין די ערשטע יום־טוב־טעג און חדשים נאָך דער נאָ־וועמבער רעוואָלוציע. די סאָוועט־טוער האָבן צופיל איבערגעשאַצט זייערע אייגענע כוחות און נאָך טראַגישער איז געווען זייער טעות, זייער אמונה, אַז דער מאָסקווער סאָציאַלער פייער וועט אַרומכאַפּן גאַנץ אייראָפּע מיט דעם שנעלסטן אומפּעט.

פאַר אַט דעם צו שטורמישן גלויבן אין דער רייפקייט פון אייראָפּע פאַר דער

סאָציאַלער רעוואָלוציע — האָט דאָס רויטע רוסלאַנד באַצאָלט דעם טייערסטן פּרייז פון אומענדלעכע קרבנות און גרעניצלאָזן מאַרטירערטום.

צום שבח פון דער מאָסקווער פּראָלעטאַרישער רעגירונג מוז געזאָגט ווערן, אַז זי האָט אפשר מער ווי יעדע אַנדערע מלוכה־מאַכט אין דער וועלט פאַרשטאַנען פיל, אויב נישט אַלץ צו לערנען פון די באַגאַנגענע פעלערן און געליטענע דורכפאַלן.

און מען קען זאָגן, אַז די איצטיקע מלוכה־שיטה פון מאָסקווע — לכל הפּחות פון די קלוגסטע און מיושבדיקסטע מוחות פון דעם רויטן רוסלאַנד — איז געוואָרן: „צו האָפן אויף דאָס בעסטע און גרייט זיין אויף דעם ערגסטן".

דורך דעם אומאָפיציעלן אינסטרומענט פון דער פּראָלעטאַרישער רעפּובליק — דורך דעם דריטן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, שטרעבט מאָסקווע צו וועקן, רופן און אָרגאַניזירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע אויף דער וועלט, אָבער די אָפיציעלע סאָוועטן־רעגירונג און אירע פאַרטרעטער פירן ר ע א ל ע פּאָליטיק, פּאַסן זיך צו צו די הערשנדע קאַפּיטאַליסטיש־אימפּעריאַליסטישע אומשטענדן. דער סאָוועטן־דיפּלאָמאַט י אָ פ ע טוט אָן אין ריגע ווייסע זיידענע דיפּלאָמאַטישע הענטשקעס און רעדט מיט דאָמבסקין — דעם פאַרטרעטער פון דער שוואַרצער, מער־דערישער שליאַכטע, די זיסע, אָפּנאַרערישע שפּראַך פון פּאַריזער סאַלאָנען. ווייל אַזוי דיקטירט די נויט פון מאָמענט. ווייל אַדאַנק דעם קאָמפּראָמיס פון ריגע, ווייל צוליב דער מלחמה־פּויזע אויפן פּוילישן פראָנט, האָט דאָס רויטע רוסלאַנד דער־גרייכט איר העכסטן נצחון — זי האָט דערלאַנגט אַ טויט־קלאַפּ דער פראַנצויזישער רוסן־פּיינדלעכער פּאָליטיק און האָט אַוועקגעשיקט אויפן עולם האמת איר ביי־טערסטן שונא — וורענגעלן.

אין מאָסקווע זעען מיר, ווי לענין אַליין פאַרהאַנדלט און גיט קאָנצעסיעס דעם פאַרטרעטער פון דעם רעאַקציאָנערסטן קאַפּיטאַליזם — דעם נאָרד־אַמעריקאַנער טראַסט־מאַגנאַט וואַנדערליפּן, ווייל אַזוי פאָדערט די העכערע רעוואָלוציאָנערע לאָגיק פונעם מאָמענט. דאָס סאָציאַליסטישע רוסלאַנד איז אין דער העכסטער עקאָ־נאָמישער נויט. דער נאָרד־אַמעריקאַנער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַליזם קען רוסלאַנד פּיין אַרויסהעלפן און... אַז „מען דאַרף האָבן דעם גנב, נעמט מען אים אַראָפּ פון דער תליה". די קאָנצעסיע פון וואַנדערליפּן וועט געבן דער רויטער רוסלאַנד מאָמענטאַלע הילף אין וועלכער זי נויטיקט זיך אַזוי, און די איבעריקע קאַפּיטאַלסטישע לענדער וועלן זיך דערשרעקן פאַר נאָרד־אַמעריקאַנער קאָנקורענץ, פאַר דעם אויסכאַפּן פון דעם רוסישן מאַרק, און וועלן זיך צואיילן שליסן האַנדלס־אָפּמאַכן מיטן סאָוועטן־לאַנד.

אַזוי זעען מיר, אַז דער פּשרות־וועג פון מאָסקווע — פּונקט להיפּך דער טאַק־

מיק פונעם מאָסקווער דריטן אינטערנאַציאָנאַל — האָט אין זיך טאַקע נישט דעם רעוואָלוציאָנערן גלאַנץ און עפעקטיזם, וואָס קען בלענדן רעוואָלוציאָנער־נאַאיווע אויגן, אָבער אין תוך גענומען פירט ער זיכער צום העכסטן רעוואָלוציאָנערן ציל פונעם מאָמענט — צו דער דערהאַלטונג און רעטונג פון דער סאָוועטן־רעפּובליק, וואָס וועט, פריער אָדער שפּעטער, פירן, צום סאָציאַליזם אין גאַנץ אייראָפּע.

די הויפּט־פראַגע בלייבט נאָר, צי וועט זיך די קאַפּיטאַליסטישע וועלט לאָזן פאַנגען אין די פשרות־נעצן פון מאָסקווע?

קיין זיכערן ענטפער דערויף איז איצט אַלץ נאָך אוממעגלעך צו געבן, כאָטש אַלע פראַנצויזיש־ענגלישע קריגס־קאָרטן קעגן רוסלאַנד זיינען אויסגעשפּילט, ווייסן מיר נאָך אַלץ נישט, וואו מיר האַלטן אין דער וועלט מיט די ענגליש־רוסישע האַנדלס־באַציאונגען.

די לאַגע איז אין דעם פּרט אַזינד גינסטיקער, ווי פאַר די גאַנצע דריי לעבנס און קאַמפּס־יאָרן פון דער סאָוועטן־רעפּובליק, אָבער די ענדגילטיקע אַנטשיידונג וועט אונדז ערשט ברענגען דער „גראָער אומבאַקאַנטער“ — דער יאָר 1921...

(דעצעמבער 1920)

# און דאָס ליכט ווייזט זיך ניט...

און נאָך אַ יאָר איז אַוועק, — דער ד ר י ט ע ר זינט מיר האָבן דעם „פרידן" און דער ז י ב ע ט ע ר זינט די וועלט־אַנטוויקלונג האָט פאַרלאָרן איר נאָרמאַלן ריטמוס און איז אַריינגעפאַלן אין דעם שטורמדיקן תהום פון קריג און רעוואָלוציע.

און היינט, ביים געזעגענען זיך מיט דעם יאָר 1921, וואָס האָט דער מענטש־הייט נישט געבראַכט נישט קיין פרידן און נישט קיין האָפנונג, געפונען מיר זיך במעט אין דערזעלבער לאַגע, ווי ביי דעם אָפּשלוס פון די לעצטע עטלעכע יאָר: —

נישט דער קריג ,נישט דער „פרידן" און נישט די רעוואָלוציע האָט קיין שום ענדגילטיקע אַנשטיידונג נישט געבראַכט.

פאַרקערט. נאָך מער ווי ביז איצט וויגט זיך די וועלט צווישן קריג און פרידן, צווישן רעוואָלוציע און רעאַקציע...

און קיינער ווייסט נישט, און קיינער קען נישט זאָגן נביאות, וואָס דער מאָרגנ־דיקער טאָג וועט אונדז ברענגען?

זיינען איצט די פּאָליטישע האָריזאָנטן קלאָרער געוואָרן?

קען מען איצט, ווען נאָך אַ יאָר איז אַוועק, זינט ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער וועלט־קריזיס אַנטדעקן וועלכע נישט איז שפּורן פון ליכט?

ניין! דאָס ליכט ווייזט זיך נאָך אַלץ נישט. גאָר פאַרקערט.

ס'לעשן זיך די שטראַלן, וואָס האָבן נאָך בלאָס געשיינט פאַר אונדז ביז אַהער.

ס'מערן זיך די חבלי־לידה של משיח, אָבער די אויסלעזונג קומט נישט פאַר דער פאַרמאַטערטער און געפייניקטער וועלט...

אומזיסט זיינען איינגעשפּאַרט אונדזערע אויגן אין דער פינצטערניש, נאָכ־שפּירנדיק פון ערגעץ־וואו וועלכע נישט איז ליכטצייכנס.

אומזיסט!

אויף אונדזער באַנג־פולן נאָכפרעגן: —

שומר מה מלילה?! איז נאָך אַלץ פון דער געשיכטע קיין תשובה נישטאָ...

„...דער שטורם דערנענטערט זיך. דאָס קען מען נישט לייקענען. אין דעם זיי־נען מסכים די מענטשן פון רעוואָלוציע און די מענטשן פון רעאַקציע. ביי אַלעמען האָט זיך דער קאָפּ פאַרדרייט; אַ שווערע, אַ לעבנס־פראַגע ליגט ביי אַלעמען אויפן

הארצן און פאַרכאַפּט דעם אָטעם. מיט וואַקסנדן אומרו פרעגן זיך אַלע, צי וועט די אַלטע אייראָפּע: די חרובע זקנה האָבן אין זיך גענוג כוח אומקערן זיך צום לעבן.

מיט שרעק וואַרט מען אויף דער תשובה און דאָס וואַרטן איז שרעקלעך.

ס'איז באמת אַ שרעקלעכע פראַגע!

וועט די אַלטע אייראָפּע קענען אָפּפרישן איר אָפּגעקילט בלוט און אַריינוואַרפן זיך שטורמדיק אין דעם אומבאַקאַנטן עתיד, וואוהין ס'שלעפּט איר אַן אומבאַזיג־באַרע קראַפט און וואוהין זי טראָגט זיך בלינד, מעגלעך דורך די חורבות פון איר געוועזענער ציוויליזאַציע.

אייראָפּע איז פאַרזונקען אין אַ טיפער שטיקעדיקער פינצטערניש פאַר דעם אַנטשיידענעם קאַמף. דאָס איז נישט קיין לעבן, נאָר אַ שווערע און אומרואיקע זאָרג.

ס'איז פאַרשוואונדן די געזעצלעכקייט, נישטאָ קיין אמת, נישטאָ קיין שיין פון פרייהייט. אומעטום הערשן פּאָליטישע אינקוויזיציעס. אַנשטאָט דער געזעצלעכער אָרדנונג — קריגס-צושטאַנד. איין מאָראַלישע פּרוזשינע באַוועגט אַלעמען: דאָס איז דער שרעק. די רעגירונגען האָבן זיך אַלע צונויפגעגאָסן אין איין אוניווערסעלע, אַלוועלטלעכע פּאָליציי. און אין דעם הוליען פון דער רעאַקציע קען גאָרנישט אָפּהיטן די זיכערקייט און פרייהייט פון פערזאָן אפילו די גאַראַנטיעס, וואָס מען האָט געקענט האָבן אין דעם אָפּגעשטאַנענעם כינע און פערסיע עקזיסטירן נישט אַצינד אין די הויפּטשטעט פון דער אַזוי גערופענער געבילדעטער וועלט.

קוים, אַז דו גלויבסט דיינע אויגן, נישט שוין־זשע איז דאָס די זעלבע אייראָ־פּע, וועלכע מיר האָבן אַמאָל געקענט און ליב געהאַט?...״

אָט דאָס שרעקלעכע בילד פון אייראָפּע האָט אַלעקסאַנדער הערצען, דער רוסישער פרייהייטס-קעמפער געמאָלן מיט זיבעציק יאָר צוריק אין זיין באַרימטן בריוו צו דעם פראַנצויזישן היסטאָריקער מישלע (22 סעפּ־טעמבער 1851).

און איז דען איצט, זיבן צענדליק יאָר שפּעטער, מעגלעך צו געפינען ווערטער, געשמידט פון שטאַרקערן שטאָל און פייער, וואָס זאָלן קרעפטי־קער און בולטער שילדערן די לאַגע פון דער קעגנוואַרטיקער אייראָפּע?

דער סאָציאַל־פּאָליטישער מצב פון דער וועלט האָט זיך נאָך פיל פאַרערגערט אינעם איצטיקן מאָמענט.

אין 1851 האָט הערצען נאָך געהאַט אַ טרייסט, אַז עס עקזיסטירט אַ פריי ענג־לאַנד „דער פּערל, וואָס איז איינגעראַמט אין דעם זילבער פון ימים״, ער האָט זיך געקוויקט מיט דעם פרייען שווייץ און איטאַליע, וואָס ראַטעווען אָפּ אייראָפּע זי זאָל זיך נישט אומקערן צו דער צייט פון באַרבאַריזם.

איצט זיינען די קלאַסישע פרייהייטס־לענדער — ענגלאַנד און שווייץ, אַ לע־גענדע פון פאַרגאַנגענע צייטן.

דער רויטער שרעק האָט שוואַרץ געמאַכט גאַנץ אייראָפּע און די כמאַרעס האָבן אויך פאַרכאַפּט דעם אַמעריקאַנישן קאָנטינענט.

דאָס לאַנד פון ד ז ש עפ ע ר ס אָ נ ס און ל י נ ק אָ ל נ ס דעמאָקראַ־טיע שפּילט דאָס ערשטע פידל אין דעם וועלט־קאָנצערט פון דער רעאַקציע.

נאָר אין די ערשטע יאָרן נאָך דעם בירגער־קריג (דער מלחמה פאַר דער באַ־פרייאונג פון די נעגערן) האָט נ. אַמעריקע געוואוקסט פון אַזאַ חושכדיקער רעאַק־ציע, ווי ס'הערשט דאָרטן איצט.

עס איז די איראָניע פון דער געשיכטע.

נאָך דעם ווי די ליבעראַלע נאָרד־שטאַטן האָבן געוואונען אין די זיבעציקער יאָרן זייער ליבעראַלע מלחמה פאַר דער באַפרייאונג פון די נעגערן איז דאָס לאַנד גראַד באַהערשט געוואָרן פון אַ פּאָליטישער רעאַקציע.

— און דאָסזעלבע חזרט זיך איבער אַצינד נאָך דער נצחונדיקער קריג קעגן „דייטשן מיליטאַריזם און פאַר דער זיכערקייט פון דעמאָקראַטיע"...

די „סטאַטוע פון פריי־הייט", וואָס דערהויבט זיך אַזוי שטאָלץ ביי די ברעגן פון דער נ. אַמעריקאַנער רעפּובליק איז איצט נישט מער ווי אַ ציינישער וויץ און אַ שפּאָט־סימבאָל.

בעת דאָס שוואַרצע פראַנקרייך האָט שוין דורכגעפירט אַ טיילווייזע אַמניסטיע פאַר אירע פּאָליטישע פאַרברעכער, זיינען אין די טורמעס פון לינקאָלנס און וויל־סאָנס מדינה פון דער קלאַסישער דעמאָקראַטיע איינגעשפּאַרט הונדערטער פּאָלי־טישע טוער מיט דעם אַלטן פרייהייטס־אָדלער י ו ד ז ש י ן ד ע ב ס.

און האַנט אין האַנט מיט דער פּאָליטישער רעאַקציע גייט אָן דער סאָציאַלער קאַמף קעגן דער שטילער, רואיקער און קאָנסערוואַטיווער אַרבעטער־באַוועגונג. די אַדמיניסטראַציע אין וואַשינגטאָן, די יוסטיץ און די גאַנצע רעגירונגס־מאַשין שטייט צו דינסט די קאַפּיטאַליסטישע מאַגנאַטן אין זייער קאַמף קעגן די באַשיידנסטע, ריין־עקאָנאָמישע פאָדערונגען פון דעם נ. אַמעריקאַנער אַרבעטער־קלאַס, וועלכער איז דאָך אַדאַנק ש מ ו א ל ג אַ מ פּ ע ר ס פירערשאַפט ווייניקער פון אַלץ שול־דיק אין רעוואָלוציאָנערישקייט.

שטום און טויב בלייבט די וואַשינגטאָנער רעגירונג צו די פאָדערונגען פון הונדערטער טויזנטער בירגער, אַרבעטער און געוועזענע סאָלדאַטן צו באַפרייען די פּאָליטישע אַרעסטירטע און דעבסן בתוכם.

פאַרן לעצטן יאָר האָט זיך די נ. אַמעריקאַנער יוסטיץ דערהויפּט אויסגעצייכנט מיט דעם טויט־אורטייל אויף די צוויי איטאַליענישע קאָמוניסטן־אַרבעטער, וואָס האָט־אויפגערעשט די גאַנצע אַלוועלטלעכע אַרבעטערשאַפט.

נישט פיל בעסער איז די לאגע אין דעם קלאסישן לאנד פון פרייהייט — אין ע נ ג ל א נ ד.

נישט געקוקט, וואס צווישן דער זיבן־מיליאניקער ארגאניזירטער ארבעטער־שאפט פון גרויס־בריטאניע זיינען פאראן נאר א צוויי טויזנט ארגאניזירטע קאמו־ניסטן האט זיך דער בריטישער לייב דאך דערשראקן פאר דער רויטער סכנה.

אינעם מאמענט, ווען דער לעצטער אלגעמיינער קוילן־שטרייק האט געדראט צו פארוואנדלען זיך אין אן אלגעמיין־נאציאנאלן שטרייק — איז דער רעגירונג גע־לונגען דורכצופירן אין דעם שרעקנדיקן ענגלישן פארלאמענט דעם דראקאנישן אנטי־שטרייק־געזעץ, וואס הענגט איצט, ווי א דאמאקלאס־שווערד איבער דער ענגלישער ארבעטער־באוועגונג.

נישט פיל בעסער זיינען איצט די סאציאל־פאליטישע אומשטענדן אין דעם ביז איצט פרייסטן ווינקל פון אייראפע — אין א י ט א ל י ע.

אונטער די פליגלען פון דער רעגירונגס־פראטעקציע האט זיך אין דעם פרייען איטאליען פאר דעם לעצטן יאר פארשפרייט די „פ א ש י ס ט י ש ע" מגפה, וואס האט מיט אייזן און בלוט באקעמפט די סאציאליסטישע באוועגונג און האט איינגעפירט אין לאנד די פאגראם־סיסטעם קעגן די ארבעטער־לאקאלן, ארבעטער־צייטונגען און מארד־אנפאלן אויף איינצלנע סאציאליסטישע טוער און בלוט־שלאכטן קעגן די עפנטלעכע ארויסטרעטונגען פון די איטאליענישע ארבעטער.

לעצטנס האבן אפילו די „פאשיסטן" ביי זייער קאנגרעס אין רוים געהאט א מיאוסן אפשניט; דער סאלידארער גענעראל־שטרייק פון די איטאליענישע ארבע־טער האט געצוואונגען די רעגירונג צו פארטרייבן די פאשיסטן פון רוים, אבער דער סאציאל־רעפארמיסטישער ב א נ א מ י האט אין פארלאמענט קלאר דעמאנס־טרירט די סימפאטיעס פון דער איטאליענישער רעגירונג מיט דער ווייסער, קאנטר־רעוואלוציאנערער פאשיסטישער באוועגונג.

וועגן דעם „שיינעם" פ ר א נ ק ר יי ך איז נישטא פיל צו רעדן. דארט איז דאך איצט דער געבענטשסטער ווינקל פון דער אייראפעאישער רעאקציע.

ס'בייטן זיך מיניסטארן אין פראנקרייך, ק ל ע מ א נ ס א, מ י ל י ע־ר א ן, ב ר י א ן, אבער עס בייט זיך נישט די מלוכה־שיטה פון נאציאנאלער און אינטערנאציאנאלער רעאקציע, וואס פראנקרייך האט אנגענומען זינט דעם אומ־גליקלעכן יולי 1914.

דער עקס־סינדיקאליסט בריאן, פונקט ווי זיין עקס־סאציאליסטישער חבר מ י ל י ע ר א ן האלטן זיך אן אן דעם הייליקן מאנטל פונעם הייליקן פאטער אין רוים . . .

ס'ווערט פאקטיש ליקווידירט די גרעסטע ליבעראלע רעפארם, וואס דאס בור־

זשוֹאַזע פֿראַנקרייך האָט דורכגעפֿירט אין די צייטן פֿון קאָמבוס מיניסטעריום — דאָס אָפּטיילן פֿון דער קירכע פֿון דער מלוכה און דאָס איבערייסן פֿון די מלוכהשע באַציאונגען מיטן פּויפּסט.

איצט שיקט דאָס פֿריידענקערישע רעפּובליקאַנישע פֿראַנקרייך איר אַמבאַסאַ־דאָר קיין רוים צום פּויפּסט; דער „ראַדיקאַל" בריאַן פֿירט דאָס פֿראַנצויזישע מלוכה־שיף קיין קאַנאָסאַ.

די פֿאַרשוואונדענע פּאָליטישע מאַכט פֿון פּויפּסט פֿון דער רוימישער קירכע באַקומט ווידער אַ תקון אַדאַנק דער הילף פֿון דער אַפּיקורסישער איצט שוואַרץ גע־וואָרענער פֿראַנקרייך.

נישט אומזיסט האָט דאָס ליבעראַלע איטאַליע איצט אַזוי שטאַרק ליב דעם געוועזענעם פֿראַנצויזישן מלחמה־שותף, וואָס פֿאַרשטאַרקט איצט מיט זיין פּאָלי־טיק די וועלטלעכע מאַכט פֿונעם געזאַלבטן הייליקן פֿאָטער...

און אין דער מאַמען איז געראָטן די טאָכטער...

דאָס ליבלינג־קינד, — פּ ו י ל ן, וואָס איז אויסגעהאָדעוועט און אויסגע־פּיעשטשעט פֿון די פֿראַנצויזישע פּאָליטישע ניאַנקעס אין פּאַריז און ווערסאַל גייט אין די דרכים פֿונעם שוואַרצן פֿראַנקרייך.

די נייע פּוילישע מלוכה, וואָס לעבט דורך אַ פּערמאַנענטן ווירטשאַפֿטלעכן קריזיס און האַלט זיך אויף הינערשע ווירטשאַפֿטלעכע פֿיסלעך.

אָט, אָט וועט איינפֿאַלן דער גאַנצער ווערסאַלער קאָרטן־געבוי, אָבער אין דעם ענין פֿון פּאָליטישער רעאַקציע, פֿון געוואַלד און אונטערדריקונג איז פּוילן אַן אמתער מייסטער און מוסטער־מלוכה.

דאָרט, ביי די ברעגן פֿון ווייכסל האָט מען זיך גוט אויסגעלערנט די שוואַרץ־קונסט פֿון פּאָליטישער טיראַני און פּראָוואָקאַציע.

ווי לאַנג וועט דויערן דער פּוילישער מלוכה־שפּיל — דאָס איז שווער פֿאָר־אויסצוזאָגן, נאָר די שווינדזוכט־צייכנס פֿון דער נייער רעפּובליק ווייזן זיך וואָס אַמאָל קלאָרער און בולטער.

נישט פֿיל בעסער איז דער פּאָליטישער מצב פֿון ד יי ט ש ל אַ נ ד. אויך דאָרטן בלאָזן נישט קיין פֿרייהייטלעכע ווינטן...

דערווייל ווערט נאָך די מאָנאַרכיש־מיליטאַריסטישע רעאַקציע געהאַלטן אַביסל אין צוים. מ'האָט מורא פֿאַר דער „אַנטאַנט", וועלכער עס פּאַסט נישט צום רומל דער נצחון פֿון די רעאַקציאָנערן. אָבער דאָך איז די פֿאַרבאָרגענע מאַכט פֿון די לודענדאָרפֿס און חבריה, פֿון די יונקער־באַראָנען און ווילהעלמס געוועזענע משרתים, גענוג שטאַרק.

דער מאָרד פֿונעם לידער פֿון די צענטריסטן ע ר צ ב ע ר ג ע ר ן האָט

אויפגעעפנט דאָס דייטשע פּאָליטישע וואונד, און האָט דער נייער רעפּובליק אָפּן באוויזן וואוהין עס ציִלן און צו וואָס עס שטרעבן די מאָנאַרכיסטישע, אַנטירעפּובליקאַנישע כוחות.

נאָר אַדאַנק דער גענייניקטער פּאָליטישער אַקציע פונעם דייטשן פּראָלעטאַריאַט, די דייטשע רעכטס-סאָציאַליסטן איינגעשלאָסן, איז דער רעאַקציע נישט געלונגען צו פאַרכאַפּן די מאַכט, צו וואָס ערצבערגערס טויט האָט געזאָלט דינען אַלס סיגנאַל.

די דייטשע רעאַקציע האָט באַקומען איר וואָרנונג, אָבער די מאָנאַרכיסטיש-מיליטאַריסטישע קליקע אין דייטשלאַנד איז פעסט און אָרגאַניזירט און לויערט און וואַרט אויף דעם מאָמענט צו פאַרגוואַלדיקן און פאַרניכטן די יונגע רעפּובליק.

וואוהין דו וואַרפסט נישט מיטן אויג, צי אויף דער נצחונדיקער צי אויף דער באַזיגטער אייראָפּע, אומעטום איז אַ טיפע, שטיקנדע פינצטערניש.

און עס קומען נאָכאַמאָל אויפן זין אַלעקסאַנדר הערצענס פלאַמענדע ווערטער:

נישטאָ קיין אמת אין אייראָפּע, פאַרשוואונדן איז די געזעלשעפטלעכקייט, נישטאָ קיין שום פרייהייט. אומעטום הערשט די פּאָליטישע אינקוויזיציע, און די א יי נ-ציקע מאָראַלישע פּרווזשינע, וואָס באַוועגט אַלעמען איז דער שרעק...

דאָס איז דער סך-הכל, דאָס איז די אונטערשטע שורה, ווען מען באַטראַכט דעם אינערלעכן פּאָליטישן מצב פון די לענדער און פעלקער פון דעם אייראָפּעאישן און אַמעריקאַנישן קאָנטינענט ביים אָפּשלוס פון דעם פריידלאָזן און האָפנונגסלאָזן טויזנט ניין הונדערט איין און צוואַנציקסטן יאָר...

---

## דער מצב פון די אינטערנאַציאָנאַלע פעלקער-באַציאונגען

אין דער צייט פאַרן מבול — פאַר דער קאַטאַסטראָפע פון 31-טן יולי 1914 — האָט אייראָפּע פאַרמאָגט דאָס שווערע פּאָליטישע פּראָבלעם פונעם „קראַנקן מאַן" — פון טערקיי.

אַצינד שטעלט מיט זיך פאָר גאַנץ אייראָפּע און צוזאַמען מיט איר די איבעריקע וועלט-טיילן איין גרויסן חולה, וועלכן ס'האָט נישט געהאָלפן נישט די בלוטיקע קוראַציע פון וועלט-קריג און נישט די שלום-מעדיצין פון ווערסאַל.

גאַנץ אייראָפּע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין אוניווערסאַלן, אַלוועלטלעכן פּאָליציי-שטאַט...

די וועלט איז קראַנק.

און ס'העלפן איר נישט די קאָנסיליאומס פון די דאָקטוירים פון פּאָליטיק, וואָס האָבן זיך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר פאַרזאַמלט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק אין אַלע הויפּטשטעט פון אייראָפּע אויסצוגעפינען אַ רפואה פאַר דעם געפערלעכן פּאַציענט.

דעם אויבן-אָן פון אַלע אייראָפּעאישע פּראָבלעמען פאַרנעמט — ד יי ט ש - ל א נ ד.

אין דער אמתן ליגט די קרענק נישט אין דייטשלאַנד, נאָר אין פ ר א נ ק - ר יי ך, וואָס קען זיך נאָך אַלץ נישט אויסהיילן פון דעם געפערלעכן „נצחון־פּי־בער" און שטעקט אָן מיט איר הויכער טעמפּעראַטור גאַנץ אייראָפּע.

די שטענדיקע מלחמה־סכנה, אין וועלכער די וועלט האָט געלעבט ביז 1914 אַדאַנק דעם דייטשן מיליטאַריזם, האָט זיך איצט פון די ברעגן פון טייך ש פּ ר ע אַריבערגעטראָגן צו די ברעגן פון ס ע נ א.

באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, פאַרסמט מיט מיליטעריש־שאָוויניסטישן גייסט, האַלט פראַנקרייך אין איין פאָכן מיט איר שווערד און אין אַלע וויכוחים קלאַפּט זי מיט דער סאַבלע אויפן טיש.

אין ווערסאַל, ווי באַוואוסט, האָט מען גוט אַראָפּגעשונדן די פעל פון דער דייטשער קו. נו, איז קיין וואונדער נישט, וואָס זי מעלקט זיך נישט אזוי גרינג...

פאַר פראַנקרייך איז אָבער קיין תרוצים נישטאָ. זי האַלט אין איין גוואַלדע־ווען: צאָל!

די ערשטע קוואָטעס פון דער גאָלד-קאָנטריבוציע האָט מען ביי דייטשלאַנד אַרויסגעפּרעסט. איצט קומט אָבער אָן מיט גרויסע שוועריקייטן ווייטער צו מעלקן די אויסגעמאָגערטע דייטשע קו, דערהויפּט, ווען מ'האָט ביי איר צוגענומען דאָס לעצטע שטיקל „פעטע פּאַשע"... — א ו י ב ע ר ש ל ע ז י ע.

פראַנקרייך האַלט הייליק יעדן אות פון דעם ווערסאַלער פרידנס־טראַקטאַט, אָבער ווען איז דאָס גערעדט, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן אירע אינטערעסן. זאָגט אָבער בפירוש דער ווערסאַלער פּסק־דין, אַז בנוגע צו אויבערשלעזיע מוז די פראַגע אַנט־שיידן ווערן דורך אַ פּלעבעסציט, צי זאָל די קוילן־רייכע אינדוסטריעלע פּראָווינץ געהערן צו דייטשלאַנד אָדער פּוילן.

איז מעשה־שטן דער משפּט פון פּלעבעסציט אויסגעפאַלן צו גונסטן דייטש־לאַנד, ווייל דער רוב פון דער באַפעלקערונג אין די אינדוסטריעלע געגנטן פון שלע־זיע איז אַ דייטשע.

לויטן קלאָרן זין פון ווערסאַלער טראַקטאַט וואָלט דערמיט געדאַרפט ווערן די פראַגע איינמאָל פאַר אַלע מאָל דערליידיקט.

אָבער פאַר באַזיגטע זיינען נישט געשריבן קיין געזעצן...

פראַנקרייך מוז האָבן אין פּ ו י ל ן אַ קרעפטיקן אינסטרומענט פאַר איר

הערשער-לוסט אין מיטל־אייראָפּע. זי מוז האָבן וועמען עקאָנאָמיש און פּאָליטיש צו פאַרשקלאַפן, אויב אויבערשלעזיע וועט בלייבן אין דייטשע הענט איז דאָס שפּיל פאַרן טייוול. איר גאַנצער פּלאַן צו האַלטן דורך פּוילן אין פויסט גאַנץ מיטל־אייראָפּע ווערט צעשטערט.

גיט מען זיך אַן עצה, ווי צו מאַכן אַ קנייטש אין ווערסאַלער שולחן־ערוך. מען אינסצעניִרט מיט פראַנצויזישע גאָלד און פראַנצויזישע אָפיצירן אַ פּוילישן אויפשטאַנד אין שלעזיע. און קעגן דעם ווילן פון פאָלק קען מען דאָך נישט גיין, כאָטש אין דער פראַנצויזיש-ווערסאַלער „ביבל" שטייט אַנדערש געשריבן.

און ס'בלייבט אַלזאָ, אַז דער פעטסטער ביסן פון אויבערשלעזיע פאַלט אַריין אין דער יוריסדיקציע פון דער פראַנצויזישער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער מאַכט, פאַרשטייט זיך, אונטער דעם שילד פון פּוילן...

איצט, בעת דייטשלאַנד איז באַרויבט פון דעם וויכטיקסטן קוואַל פון איר ווירטשאַפטלעכן וואוילשטאַנד איז זי נישט בכוח נאָכצוקומען די צאָלונגען פון דער קאָנטריבוציע.

פראַנקרייך וויל אָבער פון קיין זאַך נישט וויסן. זי שטייט מיטן שווערד צוגעשטעלט צום דייטשן האַלדז און פאָדערט, ווי שיילאָק: גאָלד, אָדער אַ פונט פלייש פון דיין קערפּער — — —

פאַרענדיקט זיך איצט דאָס יאָר 1921, אָבער אומפאַרענדיקט בלייבט דער גאָלד און פלייש־וויכוח צווישן פראַנקרייך און דייטשלאַנד.

אין לאָנדאָן זיצט ווייטער דער קאָנסיליום פון די דאָקטוירים פון פּאָליטיק־בריאַן — דזשאָרזש. מען טראַכט און מען ישובט זיך, וואָס זאָל מען טאָן מיט דעם דייטשן „אַנטאַניוס". ענגלאַנד לייגט פאָר מילדערע מיטלען, באַמיט זיך איינצוימען די רויבערישע אַפּעטיטן פון דעם פראַנצויזישן שיילאָק, אָבער בריאַן, דער שליח פונעם שוואַרצן פראַנקרייך האַלט זיך אַלץ ביי זיין שיילאָקשער טענה — גאָלד אָדער בלוט!...

דער דייטש־פראַנצויזישער וויכוח וועגן דער קאָנטריבוציע וועט זיך שוין מסתמא נישט ענדיקן אין די עטלעכע טעג, וואָס זיינען אונדז נאָך געבליבן ביזן יאָר-אָפּשלוס.

דאָס וועט שוין דער יאָר 1921 איבערלאָזן אַלס ירושה דעם נייעם יאָר...

און נאָך אַ ירושה לאָזט איבער דער אַוועקגייענדער יאָר. — דאָס זיינען די שאָטנס, וואָס זיינען אויפגעשוואומען אויף דעם פּאָליטישן האָריזאָנט פון דער „אַנטאַנט".

עס איז פויל אין דער מדינה „דענעמאַרק" — מיט דעם פריינטשאַפטלעכן בונד צווישן די נעכטיקע מלחמה־שותפים האַלט עס גאַנץ שמאָל.

זייער אָנגעצויגן זיינען די באַציאונגען פון אַלע אייראָפּעאישע „אַנטאַנט"־ מיט־

גלידער בנוגע צו אמעריקע. כמעט דאָס גאַנצע אייראָפּעאישע גאָלד איז איצט אריינ־געפלאָסן צו די פאראייניקטע שטאטן, גאַנץ אייראָפּע איז א בעל־חוב צו אמעריקע און א בעל־חוב האָט מען על פּי טבע זייער ווייניק ליב.

אויסער אָט דער פּסיכאָלאָגיש־ווירטשאפטלעכער אומסימפּאַטיע, וואָס די נעכ־טיקע אייראָפּעאישע מלחמה־שותפים פילן בנוגע צו דער גרויסער מעבר אטלאַנטי־שער רעפּובליק איז פאראַן א פיל טיפערער און באַדייטנדער אנטאַגאָניזם צווישן ענגלאַנד און נ. אמעריקע.

ענגלאַנד איז פּטור געוואָרן פון איר גרויסן קאָנקורענט אויפן ים — פון דייטש־לאַנד; זי וואָלט איצט אומגעשטערט געקענט ווערן די אליינהערשערין איבער די ימים צו וואָס זי האָט אייגנטלעך געשטרעבט און צוליב וואָס זי איז ווארשיינלעך אריינ־געטראָטן אין דער מלחמה. נו, איז איצט אויף דייטשלאַנדס פּלאַץ געקומען די מעכטיקע אמעריקאַנישע רעפּובליק, וואָס ווערט מיט יעדן טאָג א פיל שטאַרקערער אָפּאָנענט פון דער בריטישער העגעמאָניע אויפן ים און אינעם וועלט־האַנדל.

דער ענגליש־אמעריקאַנער מאַכט־דיספּוט איז דערווייל א פארבאהאלטענער און א פארמאסקירטער, ער נעמט נאָך נישט אָן קיין אָפענע פאָרם פון קאָנקרעטע פּאָ־ליטישע טאַט־זאַכן, אָבער ער איז דער אומזעבאַרער, אָבער שטענדיק נאָכפאָלגנדער שאָטן, וואָס באַגלייט די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק...

איטאַליע איז ווירטשאַפטלעך נישט אומשטאַנד נאָכצופאָלגן פראַנקרייך אין איר באַוואפונגס־אימפּעט, זי קען נישט אויסהאַלטן אַזאַ גרויסע שטענדיקע ארמיי ווי פראַנקרייך; צו די עקאָנאָמישע טעמים קומט אויך צו דער פּאָליטישער מאָטיוו, וואָס די איטאַליענישע פאָלקס־מאַסן זיינען רעוואָלוציאָנער געשטימט און די אי־טאַליענישע רעגירונג, ווען זי זאָל וועלן און קענען גיין אין פראַנקרייכס מיליטאַרים־טישע דרכים, וועט זי זיך אָנשטויסן אויף דער קרעפטיקער אָפּאָזיציע פון דעם אי־טאַליענישן פּראָלעטאַריאַט.

צוליב דעם אַלעם ווערט איטאַליע אַלס מאַכט־פאַקטאָר אין דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער פּאָליטיק אָפּגעשטופּט אויף א צווייטן פּלאַץ; דעם אויבנאָן פארנעמט פראַנקרייך און ס'ווערט געשאַפן א פּאָליטישע ריוואַליטעט צווישן די נעכטיקע מלחמה־פריינט.

דעם לעצטן יאָר זיינען שוין געווען אייניקע באַדייטנדע אינצידענטן, ווען דאָס איטאַליענישע פאָלק האָט גאַנץ דעמאָנסטראַטיוו ארויסגעוויזן זיינע אמתע געפילן צו פראַנקרייך.

פיל ערנסטערע פאָרמען האָט אָנגענומען דעם לעצטן יאָר דער ענגליש־פראַנ־צויזישער וויכוח מכוח וויכטיקע פּראָבלעמען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

פאַקטיש ווערן איצט אַלע פּאָליטישע געשעפטן פון אייראָפּע, — און נישט נאָר פון אייראָפּע אַליין, — געפירט פון פראַנקרייך און ענגלאַנד.

דער ענגליש-פראנצויזישער וויכוח איז נאך א נאכווייעניש פון ווערסאלער פרידנס-קאנפערענץ. בעת פראנקרייכס אימפעריאליסטישע פאליטיק שטרעבט צו פארניכטן דייטשלאנד, צו רואינירן רוסלאנד בכדי צו ווערן דער הויפט אדער לפחות וויכטיקסטער בעל־דעה אין איראפע, איז ענגלאנד גראד אין דעם נישט אזוי שטארק פאראינטערעסירט.

דאס וואס זי האט געוואלט — אראפרייניקן דייטשלאנד אלס גרויס-מאכט אויפן ים, האט זי דערגרייכט. רוסלאנד איז שוין גענוג אפגעשוואכט און צעטיילט אין פעדערירטע מלוכהלעך; אין רוסלאנדס פאליטישע ריוואליטעט אין פערסיע, אפ־גאניסטאן און מעגלעך אין אינדיע איז שוין נישט קיין רעאלע סכנה. ענגלאנד קען זיך אלזא דערלויבן צו נעמען א פריינטלעכע נאטע אין אירע באציאונגען צו אט די צוויי לענדער. זי איז נישט פאראינטערעסירט עוקר מן השורש זיין דייטשלאנד, נאך מער צו רואינירן רוסלאנד, ווייל גרויס-בריטאניע פאסט נישט צום רומל, אז דער האלישער האן זאל שוין צו הויך אויפהויבן זיין „משוב“. פראנקרייך ווערט שוין א צו שטארקער תכיף און עס איז שוין צייט צו קאנטער-באלאנסירן איר מאכט. דערצו איז נויטיק צו שטעלן כאטש אביסל אויף די פיס די געוועזענע גרויסע מלוכות — דייטשלאנד און רוסלאנד.

פון דעם הויפט-מאטיוו נעמען זיך די חלוקי דעות צווישן ענגלאנד און פראנק־רייך, וואס האבן זיך מאניפעסטירט אין די פראגן פון א ו י ב ע ר ש ל ע ז י ע, פון דייטשלאנדס קאנטריבוציע און פון די באציאונגען צו רוסלאנד.

צו די מיינונגס-פארשידנקייטן בנוגע צו די איראפעאישע פאליטישע גע־שעפטן קומט נאך צו די ערנסטע ריוואליטעט צווישן ענגלאנד און פראנקרייך אינעם נאענטן מזרח, אין טערקיי, סיריע און פאלעסטינע.

לעצטנס האט די שטילע און באהאלטענע ריוואליטעט אנגענומען דעם כאראק־טער פון אן אפענעם גרויסן קאנפליקט.

דער פאקט, אז פראנקרייך איז שוין געגאנגען אזוי ווייט צו אפשליסן, הינטער דעם רוקן פון ענגלאנד און קעגן די אינטערעסן פון גרויס-בריטאניע, אן אפמאך מיט דער טערקישער נאציאנאליסטישער רעגירונג פון אנגארא, — האט אויפגעשטו־רעמט די ענגלישע עפנטלעכע מיינונג. דער ערנסטער טאן פון דעם ענגלישן דיפלא־מאטישן פראטעסט באווייזט, אז מיר זיינען שוין נישט ווייט פון אן ערנסטן צו־זאמענברוך פון דער פראנצויזיש-ענגלישער פריינטשאפט.

לארד ק ו ר ז א נ ס ארויסטריט קעגן דעם פראנצויזישן מיליטאריזם איז דער ערשטער שטורם-צייכן אויף דעם הימל פון די ענגליש-פראנצויזישע באצי־אונגען . . .

מיט איין ווארט, וואוהין מ׳גיט זיך נישט א קער אומעטום זעט מען בלויז „א קלין“ אין דעם פאליטישן בונד פון דעם „אנטאנט“.

כל זמן מ'האָט געדאַרפט קעמפן קעגן דעם אַלגעמיינעם שׂונא — דעם דייטשן מיליטאַריזם, האָט זיך נאָך דער פּאָליטישער אַנטאַנט־בנין געהאַלטן; איצט ווייזן זיך בולטע סימנים, אַז דער אַנטאַנט־בנין איז זייער ענלעך צו אַ קאָרטן־שטיבל און אים דערוואַרט דער טרויעריקער שיקזאַל פון אַלע קאָרטן־געביידעס.

אין דעם יאָר 1921 האָבן זיך באַוויזן די ערשטע טרעשצינעס פון דער „אַנטאַנט".

וואָס וועט אונדז ברענגען אין דעם פּרט דער קומענדער יאָר?...

:: :: ::

שוין האַרט ביי דער נעילה פון 1921 האָט זיך אָנגעהויבן און נאָך נישט פאַרענדיקט די וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ.

די לעצטע סך־הכּל פון וואַשינגטאָן וועלן שוין פאַרשריבן ווערן אין דער געשיכטס־בוכהאַלטעריע פון קומענדיקן יאָר.

דערווייל קען מען פעסטשטעלן פאָלגנדע רעזולטאַטן:

די וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ האָט בולט באַוויזן, אַז די אַנטי־ווילסאָנישע פּאָליטיק פון איזאָלירונג, פון נישט מישן זיך אין אייראָפּעאישע געשעפטן, וועלכע איז געפּרעדיקט געוואָרן פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי אין נאָרד אַמעריקע, איז פולשטענדיק דורכגעפאַלן.

האַרדינג, וואָס איז אַרויף אויפן פּרעזידענטן־שטול מיטן לאָזונג קעגן דער נאַציאָנען־ליגע, קעגן יעדער פּאָליטישער שותפות מיט די אייראָפּעאישע שטאַטן, איז פּאַקטיש געצוואונגען געווען פאָרזעצן, ווען אויך אין אַ פאַרשלייערטער פאָרמע, די זעלבע ווילסאָנישע פּאָליטיק.

אַמעריקע קען נישט לעבן פּאָליטיש אָפּגעזונדערט און זעלבסטשטענדיק, זי איז ווירטשאַפטלעך און פּאָליטיש מיט טויזנטער פעדים פאַרבונדן מיט דער איבעריקער וועלט און דערפאַר איז זי געצוואונגען, ווילנדיק נישט ווילנדיק, אין דער אָדער יענער פאָרם, באַטייליקן זיך אין דעם פּאָליטישן קאָנצערט פון די פעלקער.

די וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ באַדייט אין ערשטער ליניע — די אָפּיציעלע צוריקקערונג פון נ. אַמעריקע צום אַקטיוון באַטייליקן זיך אין דער וועלט־פּאָליטיק. אַזוי ווי די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען נאָר אומדירעקט פאַראינטערעסירט אין די אייראָפּעאישע געשעפטן וועלן זיי אפשר קענען דינען אַלס פּאָליטישער „בופער" ביי דעם צוזאַמענשטויס פון די קעגנזעצלעכע אינטערעסן פון די אייראָפּעאישע מלוכות.

דער שמועס וועגן אָנטוואָפנונג, וואָס האָט געזאָלט זיין דער הויפּט־ציל פון דער וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ, וועט זיך אין בעסטן פאַל פאַרענדיקן מיט דעם, אַז אין

די קומענדיקע צען יאָר וועט מען איינשפּאָרן אַביסל גאָלד פון דעם פלאָט־ביודזשעט און די פיר הויפּט־ים־מלוכות וועלן אויפהערן בויען די גרויסע ים־מחבלים.

דער פּלאַן צו באַגרעניצן לפּחות די גרויסע קריגס־ביודזשעטן, וואָס ס׳פאָדערט דער מיליטאַריזם אויף דער יבשה איז אינגאַנצן דורכגעפאַלן. עס איז נישטאָ קיין שום האָפנונג, אַז די פראַגע זאָל אויפשווימען אפילו צו דיסקוסיע כל זמן א שטורם זאָל נישט אויסברעכן אין דעם איצטיקן אימפּעריאַליסטישן פראַנקרייך.

קאָנקרעטס האָט די וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ דערוויייל געגעבן דעם אָפּמאַך צווישן יאַפּאַן, ענגלאַנד, די פאַראייניקטע שטאַטן און פראַנקרייך אַלס צוטשעפּעניש וועגן די פראַגן פון פּאַסיפיק.

נאָרד־אַמעריקע האָט מיט דעם אָפּמאַך געוואונען אַ פּאָזיטיוון נצחון. עס איז אויך בטול געוואָרן דער ענגליש־יאַפּאַנישער געהיים־אָפּמאַך, וואָס האָט געשטאַרקט די יאַפּאַנישע פּאָזיציע קעגן די פאַראייניקטע שטאַטן.

לייזן די מעגלעכע און דראָענדע קאָנפליקטן אין פּאַסיפיק, דאָס הארטע און שווערע פּראָבלעם פון דער איינטיילונג פון דעם פעטן ביסן פון כינעזישן מארק, פון סיביר — דאָס האָט די וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ נישט דערגרייכט און וועט נישט דערגרייכן.

דער אָפּמאַך פון די פיר מאַכטן האָט אָפּגעשטופּט דערוויייל די נאָענטע סכנה פון אַן אָפענעם צוזאַמענשטויס צווישן יאַפּאַן און פאַראייניקטע שטאַטן — אויף ווי לאַנג איז שווער פאָראויסזאָגן. אויף יעדנפאַל איז עס דאָס איינציק פּאָזיטיווע, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן אין וואַשינגטאָן.

אָבער אין איר ציל איינצוזימען דעם אימפּעט פון מיליטערישער באַוואָפנונג פון דער וועלט — האָט די וואַשינגטאָנער קאָנפערענץ אָנשטאָט אַ באַרג — אַ מויז געבוירן...

:: :: ::

אַלס וויכטיקע פּאַסירונג אין די צווישן־פעלקערישע באַציאונגען פאַרן לעצטן יאָר דאַרפן פאַרצייכנט ווערן די גרויסע ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין דער צו־זאַמענשטעלונג פון דער בריטישער אימפּעריע.

די נבואה, וואָס ענגלאַנדס שונאים האָבן פאָראויסגעזאָגט, אַז די מלחמה וועט פירן צו דעם צוזאַמענברוך פון דער ענגלישער אימפּעריע איז נישט מקוים געוואָרן. פאַרקערט די אַלגעמיינע מלחמה־געפאַר האָט נאָך ענגער געמאַכט דעם צוזאַמענבונד פון די ענגלישע קאָלאָניען־דאָמיניעס צו דער מעטראָפּאָליע. קאַנאַדע, אויסטראַליע, זיד־אַפריקע האָבן פרייוויליק געאָפּפערט מיט בלוט און גאָלד אין ענגלאַנדס קריג. אָבער די קרבנות זיינען נישט אומזיסט געווען. די ענגלישע דאָמיניעס האָבן דער־

פאַר דערוואָרבן גרויסע פּאָליטישע רעכט און זיינען פּאַקטיש געוואָרן גלייכבאַרעכ־טיקטע בעלי־דעות מיט דער מעטראָפּאָליע אין אַלע וויכטיקע אינטערנאַציאָנאַלע ענינים. קאַנאַדע, אויסטראַליע און זיד־אַפריקע זיינען איצט גלייכע שותפים אין אַלע מלוכה-געשעפטן פון גרויס־בריטאַניע און האָבן דעם פּאָליטישן סטאַטוס פון אויטאָנאָמע שטאַטן.

גרויס־בריטאַניע ווערט פאַרוואַנדלט ביסלעכווייז אין אַ פעדעראַטיוון פאַרבאַנד פון ענגליש־רעדנדע מלוכות.

ביי די דריי אויבנדערמאָנטע קאָלאָניאַלע דאָמיניעס איז דער פעדעראַליזירונגס־פּראָצעס פאָרגעקומען פרידלעך אָן גרויסע דערשיטערונג.

אַנדערש איז די לאַגע מיט די איבעריקע טיילן פון דער בריטישער אימפּעריע.

א י ר ל אַ נ ד  האָט דורך בלוט און פייער דערשלאָגן זיך צו איר רעכט אַלס פרייע מלוכה, וואָס איז פעדעראַטיוו פאַראייניקט מיט בריטאַניע.

די לעצטע אַנטשיידונג פון דער יאָרהונדערטער אַלטער אירלענדער־פראַגע הענגט נאָך אין דער לופטן. דער ענגליש-אירלענדישער פרידנס־טראַקטאַט וואַרט נאָך אויף זיין הסכמה פון דעם אירלענדישן פּאַרלאַמענט, און דער קומענדער יאָר וועט אַנטגילטיק לייזן דאָס אירלענדישע פּראָבלעם.

אויף יעדן פאַל דראָט נישט פאַר ענגלאַנד קיין ערנסטע געפאַר מצד אירלאַנד, ווייל אַ גרויסער, אויב נישט דער גרעסטער טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער באַפעל־קערונג פון דעם אירלענדישן אינדזל שטעלט זיך צופרידן מיט די קאָנצעסיעס, וואָס זיינען דערגרייכט געוואָרן מיט דעם בריטיש־אירלענדישן פרידנס־אָפּמאַך.

עס זיינען מעגלעך נאָך געוויסע קאָמפּליקאַציעס ביי דעם אירלענדיש־ענגלישן אויסגלייך. אָבער זיי שיינען נישט צו זיין פון פונדאַמענטאַלער באַדייטונג פאַר דעם גורל פון דער בריטישער אימפּעריע.

פיל ערנסטערע געפאַרן ווייזן זיך פאַר דער ענגלישער אימפּעריע אין וויטן און נאָענטערן מזרח.

אין  א י נ ד י ע  און  ע ג י פּ ט ן  איז דער לאַנג-יאָריקער מלוכה־אויטאָ־ריטעט פון גרויס־בריטאַניע ענדגילטיק דערשיטערט.

שפּעט האָט ענגלאַנד אָנגעהויבן איר נייע טאַקטיק פון ליבעראַלע קאָנצעסיעס בנוגע צו די צוויי לענדער. מיט עטלעכע יאָר צוריק וואָלטן די נייע אויטאָנאָמע רעכט, וואָס זיינען איצט געגעבן געוואָרן צו אינדיע און עגיפּטן באַרואיקט און באַ־פרידיקט די אָרטיקע באַפעלקערונג.

איצט איז שוין צו שפּעט. דער לאָזונג פון באַפרייען די אונטערדריקטע נאַ־ציאָנאַליטעטן, מיט וועלכן די אַנטאַנט האָט מאַסקירט אירע אימפּעריאַליסטישע צילן אין דער מלחמה, האָט אויפגערודערט אינדיע און עגיפּטן.

די גייסטער זיינען אויפגעוועקט און איצט קען מען זיי נישט באַהערשן.

די קליינע הנחות פון זעלבסטפאַרוואַלטונג שטעלן נישט צופרידן די אויפגע־וואַכטע פעלקער פונעם אָריענט.

אינדיע און עגיפּטן זיינען אויפגערודערט, זיינען אין פלאַם פון נאַציאָנאַל־רע־וואָלוציאָנערן אויפשטאַנד, זיי ווילן זיך אינגאַנצן באַפרייען פון דעם צוואַנג־יאָך פון דער בריטישער אימפּעריע.

מיר זעען דעם אָנפאַנג פון סוף.

דער אירלענדישער נצחון וועט נאָך מער אייל אונטערגיסן אין דעם פייער, וואָס וויל אונטערצינדן די ריזן־געביידע פון דער ענגלישער אימפּעריע.

דער קומענדיקער יאָר באַהאַלט אין זיין פאַרבאָרגענעם שויס ענגלאַנדס גורל אינעם אָריענט . . .

## דער סאָציאַלער קריזיס

די שווערע ירושה, פון וועלט־קריג, דער טיפער ס אָ צ י א ל ע ר ק ר י ז י ס אין אייראָפּע און אַמעריקע האָט זיך אויך פאַר דעם פאַרגאַנגענעם יאָר נישט דער־נענטערט צו זיין לייזונג.

פאַרקערט. אַלץ בולטער און שאַרפער ווערן די סימנים פון דער שווערער סאָ־ציאַלער קראַנקייט, פון וועלכער עס ליידט די גאַנצע וועלט — די באַזיגטע און נצחונדיקע פעלקער.

די אַ ר ב ע ט ס ל אָ ז י ק י י ט וואַקסט צו גיגאַנטישע פּראָפּאָרציעס אין אַלע וועלט־טיילן. פון דער געפערלעכער סאָציאַלער קראַנקייט זיינען נישט געשוינט געוואָרן די שטאַרקסטע ווירטשאַפטלעכע פעלקער — ע נ ג ל א נ ד און ד י פ א ר א יי נ י ק ט ע ש ט א ט ן.

אין מיליאָנען ווערט געציילט די אַרבעטסלאָזע אַרמיי אין דיביידע לענדער.

צוזאַמען מיט דער אַרבעטסלאָזיקייט ווערט אויך וואָס אַמאָל ערנסטער דער צווייטער סימפּטאָם פון דעם סאָציאַלן וועלט־קריזיס — די אומזיכערקייט פון דעם ג ע ל ט ־ מ א ר ק.

די וואַלוטע פון די שטאַרקסטע לענדער וואַקלט זיך ווי אַ געלעכערטע שיף אויף די כוואַליעס פון ים.

די וואָס שטייען ביי דעם רודער פון די מלוכה־שיפן זיינען אומבאַהאָלפן צו געפינען וועלכע נישט איז רפואה צו דער סאָציאַלער קראַנקייט.

מ׳פּראָיעקטירט און מ׳פּלאַנעוועט נייע קאָנפערענצן און נייע באַראַטונגען.

אָבער מיר האָבן שוין געזען, וואָס די אַסיפות האָבן אויפגעטון צו לייזן די פּאָליטישע פּראָבלעמען פון דער וועלט און נאָך ווייניקער איז צו דערוואַרטן עפּעס

פּאָזיטיוועס פאַר דער פאַרבעסערונג פון דערווירטשאַפטלעכער לאַגע פאַר דעם צע-
טרייסלטן עקאָנאָמישן וועלט־אָרגאַניזם.

און די דערוואַרטונג, אַז די פעלקער אַליין זאָלן נעמען אין זייער האַנט זייער שיקזאַל און אויף אַ ראַדיקאַלן וועג דורך אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע פּרוּווון דער־לייזן זיך פון דער סאָציאַלער קראַנקייט — איז אויך נישט מקוים געוואָרן.

אין דעם פּרט זיינען די פּערספּעקטיוון נאָך פיל טונקעלער געוואָרן, ווי ביז איצט.

מיר האָבן דאָ נישט בדעה אָפּצושטעלן זיך אויף די סיבות, וואָס האָבן גע־צוואונגען די רוסישע סאָוועטן־רעגירונג אומקערן זיך צום נעפּ-סיסטעם, אָבער דער שיינבאַרער דורכפאַל פון די קאָמוניסטישע ווירטשאַפטס־פאָרמען אין רוסלאַנד — האָט דערווייטערט אויף יאָרן און יאָרן די דערוואַרטונג, אַז דער איצטיקער סאָ־ציאַלער קריזיס זאָל געלייזט ווערן אין דער נאָענטער צוקונפט דורך אַ ראַדיקאַלער איבערקערעניש.

אַפילו דער קאָמוניסטישער טעאָרעטיקער ב ו כ אַ ר י ן זעט נישט פאָר־אויס דעם אָנקומען פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע פריער ווי אין אַ האַלבן יאָר־הונדערט...

מיר טרעטן אַלזאָ נישט אריין, ווי פילע האָבן געהאָפט און געוואַרט אין דער תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, נאָר אין דער עפּאָכע פון פאַרשלעפּטן סאָ-ציאַלן קריזיס.

פאַרנעבלט און פאַרוואָלקנט זיינען די סאָציאַלע פּערספּעקטיוון פון דער וועלט און נאָך שווערער איז פאָראויסצוזען די נאָענטע צוקונפט פון רוסלאַנד, וואו עס ליגט אין אַ געוויסער מאָס דער שליסל פאַר דער קומענדיקער סאָציאַלער אַנטוויק־לונג פון אייראָפּע און נאָרד־אַמעריקע.

די פּאָליטישע מאַכט פון דער סאָוועטן־רעגירונג איז ביז היינט צו טאָג פעסט און אומדערשיטערט.

אָבער וואָס וועט אונדז ברענגען די קומענדע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג?

דאָס יאָר 1921 האָט נישט נאָר ניט געלייזט די אַלע שווערע פּאָליטישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען וואָס זיינען אים געבליבן בירושה פון זיין פאָרגענגער, נאָר פאַרקערט, די סאָציאַל־פּאָליטישע לאַגע איז איצט נאָך פאַרפּלאָנטערטער און די האָריזאָנטן זיינען טונקל און נעפּלדיק.

וועט אונדז דאָס קומענדע יאָר ברענגען די לייזונג?

אויף דעם וואַרט די אומגעדולדיקע מענטשהייט — — — — —

(דעצעמבער 1921)

# היינריך מאַנ'ס רוף צו דער וועלט

(דער אונטערגאַנג פון די גרויסע פרידנס־האָפנונגען)

לאַנג האָט שוין אייראָפּע נישט געהערט דאָס באַפליגלטע וואָרט פון דיכטערי־שער נבואה און שטראָף.

אין דער גראָקייט פון יאוש און גייסטיקער אָפּגעלאָזנקייט, וואָס האָט אַרומגע־כאַפּט אַלץ און אַלעמען נאָך די גרויסע איבערלעבונגען און אַנטוישונגען פון די לעצטע טראַגישע נאָך־מלחמה־יאָרן, האָט זיך אָפּגעטון דער רוח השכינה פון איי־ראָפּע.

די דיכטער, די גייסטיקע וואָרט־פירער פון אייראָפּע זיינען אַנטשוויגן גע־וואָרן. זיי זיינען אַוועק צו זיך, אין דער אייגענער אינטימער וועלט פון זייער שאַפן און טרוימען, זיי האָבן אויפגעהערט צו רעדן צו דער ברייטער וועלט, צו מישן זיך אין איר האַנדלען און וואַנדלען.

פּאָליטיקער און פּאָליטיקאַנער האָבן ווידער גענומען דעם איבערגעוויכט, זיי האָבן פאַרדרענגט די דיכטער און טרוימער, וועלכע האָבן געפּרואווט באַאיינפלוסן דעם געוויסן פון די פעלקער.

דאָס „גרויסע" וואָרט ווערט איצט געזאָגט פון די, וואָס האָבן אַריינגעכאַפּט די פּאָליטישע השפעה איבער די פעלקער, אַדאַנק דעם וואָס זיי זיינען מ אַ נ־מ ע נ ט ־ מענטשן און רעדן אינעם נאָמען פון די קורצזיכטיקע אָבער פאַרשטענד־לעכע פאַרן המון, אינטערעסן פון טאָג.

מיר לעבן איצט איבער צייטן פיל ערגערע, ווי אין די שוואַרצסטע טעג פון דער גרויסער מלחמה.

אינעם געדיכטן חושך פון די שווערע מלחמה־יאָרן, ווען פּאָש און קלעמענסאָ, הינדענבורג און לודענדאָרף האָבן פאַרנומען די וועלט־בינע, פלעגט דאָך פון צייט צו צייט דורכבליצן פאַר אונדז אַ ליכט.

איבער דעם גערויש פון קאַנאָנען, פלעגט צו אונדז דערגיין דאָס טרייסטנדע און וועקנדע וואָרט פון דיכטערישער נבואה.

נישט קענענדיק רעדן אין די גרענעצן פון זיין אייגענעם פאָטערלאַנד, איז ר אָ מ ע ן ר אָ ל אַ ן, דער גרויסער שריפטשטעלער און פראַנצויז אַוועק אין דער שווייץ. פון די אַלפּן בערג האָט ער גערעדט צו די מענטשן פון אַלע לענדער, האָט געוועקט, געטרייסט און גערופן נישט צו פאַרלעשן אין שטורם דעם פאַקעל פון מענטשלעכן פאַרנונפט און געוויסן.

וואָס פאַר אַן אומענדלעכע טרייסט עס איז געווען פאַר אונדז אין יענער צייט, דאָס באַפליגלטע וואָרט פונעם גרויסן דיכטער...

און אין דעם געדיכטן נעפּל פון לאָנדאָן, וואו די העלדן פון טאָג זיינען געווען

דער אמוניציע-מיניסטער לויד זשאָרזש און דער גענעראַל לאָרד קיטשענער, האָט פון דער באַשולדיקונגס־באַנק פונעם ענגלישן געריכט גערעדט צו אונדז דער גרויסער הומאַניסט און פילאָזאָף בערטראַנד ראָסעל װעגן דער אייביקייט און גרויסקייט פון דעם מענטשלעכן פאַרנונפט, װעלכער קען נישט באַזיגט װערן פון מאַכט און פון דעם מענטשלעכן געװיסן, װאָס קען נישט דערשטיקט װערן אין דעם גערויש פון קאַנאָנען־קנאַלן.

און מיר האָבן געהערט דאָס װאָרט פונעם דיכטער און דענקער. און מיר האָבן װידער אָנגעהויבן גלויבן אין דעם נצחון פונעם מענטשלעכן שכל כאָטש אַרום אונדז האָט געבושעװעט דאָס אייראָפּעאישע משוגעים־הויז.

עס איז נאָכדעם געקומען דער יאָר נײַנצן הונדערט אַכצן.

די שלאַכטפעלדער פון אייראָפּע זײַנען נאָך פאַרזונקען געװען אין בלוט, די טייוול-מאַשין פון דער פאַרניכטנדער מלחמה האָט נאָך געאַרבעט מיט איר גאַנצן אימפּעט, אָבער עס האָט זיך שוין באַװיזן דער רעגנבויגן אויפן פאַרבלוטיקטן הימל, װעלכער האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז דער מבול דערנענטערט זיך צום סוף.

דער מענטשלעכער געדאַנק און דאָס באַפליגלטע דיכטערישע װאָרט האָט אָנגעהויבן באַקומען װידער אַ שליטה איבער די מענטשלעכע מוחות, נשמות און הערצער.

ראָמאַן ראָלאַן, בערטראַנד ראָסעל און זייערע פאַראײנזאַמטע חברים, װעמענס שטימע האָט לכתחילה געקלונגען װי אַ רוף אין דעם מדבר, האָבן אָנגעהויבן זיגן.

די װעלט האָט זיך אָנגעהויבן צוהערן צום דיכטער און דענקער.

הענרי באַרביוס „אונטערן פייער“, — דער שטאַרקסטער דיכטערישער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דעם משוגעת פון קריג — האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אין הונדערטער טויזנטער עקזעמפּליאַרן, אין אַלע לענדער און אין אַלע שפּראַכן.

נאָך אַ לאַנגן װאַנדערן אין מדבר האָבן זיך מענטשן דורשטיק אַ װאָרף געטון צום קװאַל פונעם דיכטערישן אמת.

און נאָך דעם פראַנצויז באַרביוס זײַנען געקומען דער אונגאַרישער דיכטער לאַטצקאָ, דער דייטש פראַנק און זייערע ביכער האָבן זיך שנעל פאַרשפּרייט איבער אַלע ערד-װינקלען.

עס האָט געשײַנט, אַז דער מאָרגנשטערן גייט אויף איבער דער אומגליקלעכער אייראָפּע.

דיכטער האָבן װידער באַקומען די אויבערמאַכט איבער די מענטשלעכע הערצער און מוחות.

דער רום און גלאָריע פון פּאָליטיקער און גענעראַלן, האָט אָנגעהויבן פאַרבלייכט װערן; אייראָפּע האָט זיך אָנגעהויבן אויפכאַפּן פון דעם קאָשמאַר פון דעם מלחמה־משוגעת.

און צוזאמען מיטן דיכטער, איז דער העלד פונעם טאָג געוואָרן דער מאַן פונעם הויכן און באַפליגלטן געדאַנק — וו א ו ד ר אָ וו   וו י ל ס אָ ן, וועלכער האָט מיט זיין שטאַטסמענישן אויטאָריטעט באַקרעפטיקט דעם אַלטן טרוים פון דיכטער און פילאָזאָפן וועגן דעם ברודער־בונד פון די פעלקער, וואָס זאָל פאַרזיכערן דעם אייביקן פרידן אויף דער ערד.

מיר האָבן דערפילט די ווינטן פון אַ נייעם פרילינג אין אייראָפּע.

עס האָט זיך געדוכט, אַז ס'ווערט פאַרווירקלעכט אַן אַלטער חלום, אַז דיכטער און דענקער וועלן איבערנעמען דעם רודער און וועלן אַנטשיידן דעם שיקזאַל פון פעלקער און לענדער.

מיר האָבן אָנגעהויבן געפינען אַ זינען אין דעם אומזין פון דער מלחמה.

מיר האָבן זיך געזאָגט: נישט אומזיסט איז אַלזאָ געווען דער מאַרטירערטום פון אייראָפּע, די עינויים פון מיליאָנען.

אין ליידן און מאַרטירערטום האָט זיך די וועלט געריייניקט און געהייליקט און איז ראוי געוואָרן פאַר אַ ניי לעבן.

גערעכט איז אַלזאָ פרידריך ניטשע, דער פילאָזאָף און דיכטער, וועלכער האָט אונדז געלערנט: „אַז ליידן איז די שולע פון שאַפן, אַז נאָר דורך ליידן ווערן דערוועקט אַלע פאַרבאַהאַלטענע שעפערישע כוחות פון דער מענטשלעכער נשמה".

מיר האָבן געפונען אַ זין אין דעם אונטערגאַנג פון מיליאָנען, אין דעם חורבן פון אַ האַלבער וועלט.

פאַר אונדזערע אויגן איז מקוים געוואָרן די דיכטערישע נבואה פון אונדזער גרויסן פּרץ.

האָט ער אונדז דאָך געזאָגט דורכן מויל פון ר' שלמה אין זיין „גאָלדענער קייט" אַז חרוב מוז ווערן די וועלט כדי זי זאָל דערלייזט ווערן פון דער מרא שחורה, און וועלכער זי איז איינגעזונקען געוואָרן, כדי אויף אירע חורבות זאָל אויפשטיין תחית המתים אַ באַנייטע מענטשהייט...

:: :: ::

אַזוי האָבן מיר געטראַכט און געטרוימט אין דעם יאָר 1918, ווען די גרויסע מלחמה האָט געהאַלטן ביי איר גסיסה, ווען ס'האָט זיך געפילט דער פרילינג דערוואַכן פון אייראָפּע און דער גאַנצער מענטשהייט, ווען דיכטער־חלומות האָבן געהאַלטן ביי ווערן אַ ווירקלעכקייט.

:: :: ::

קנאַפּע פינף יאָר זיינען אַוועק פון יענער גרויסער האָפנונגס־צייט. וואָס פאַר אַ מערקווירדיקע איבערקערעניש עס איז געוואָרן. אויסגעלאָשן זיינען אַלע ליכט-

פייערן. אין אַש ליגן אַלע ליכטיקע האָפנונגען. אין דער גראַקייט פון יאוש און גייסטיקער אַפּאַטיע איז פאַרזונקען געוואָרן אייראָפּע.

וואָס שטעלט מיט זיך פאָר איצט אייראָפּע? איין גרויסן מאָראַלישן און מאַטעריעלן חורבן.

אָפּגעטון האָט זיך דער רוח־השכינה פון דער וועלט.

שטום איז געוואָרן דער דיכטער און דענקער.

דאָס גרויסע וואָרט פירט ווידער דער פּאָליטישער שאַרלאַטאַן און אוואַנטוריסט, דער העלד פונעם מאָמענט, פון דער שטאַרבנדער רגע, וועלכער פאַרשטייט צו נושא־חן זיין ביים המון, רייצנדיק זיינע אינסטינקטן.

און אויב עס קומט שוין יאָ אַ דענקער, וועלכער האָט דערפאָלג אין דער אינטעלעקטועלער וועלט פון אייראָפּע און אַמעריקע, איז דאָס דער, וועלכער זינגט דאָס ליד פונעם אונטערגאַנג און זאָגט נבואה פון דעם דעקאַדענס פון אייראָפּע.

שפּענגלערס בוך „דער אונטערגאַנג פון דער מערב־ציוויליזאַציע" איז איצט דאָס בוך פון טאָג, וואָס ווערט געלעזן אין אַלע שפּראַכן און אין אַלע לענדער.

דער יאוש־ניגון איז איצט דער פּאָפּולערסטער טאָן אין דער פּאָליטיק אַזוי אויך אין דער וועלט פונעם געדאַנק.

און עס דוכט זיך, אַז וואָודראָו ווילסאָן, דער פּאַראַליזירטער אינוואַליד פון „ווייסן הויז" איז איצט די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג, דער סימבאָל פון אונדזער צייט, דער זכר לחורבן פון אונדזערע האָפנונגען...

:: :: ::

אָט אין דעם מאָראַלישן און פּאָליטישן בין השמשות, אין וועלכן מיר לעבן, האָט זיך ווידער צו אונדז דערטראָגן דאָס נבואה און שטראָף־וואָרט פון אַ גרויסן דיכטער.

היינריך מאַן, דער אָנגעזעענסטער פון די מאָדערנע דייטשע ראָמאַניסטן, איינער פון די ווייניקע, וועלכער איז טריי געבליבן די אידייען פונעם הומאַניזם, ווען אַלע דייטשע געלערנטע און דיכטער, צווישן זיי אויך אַפילו דער גרויסער גערהאַרט הויפּטמאַן, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די קני פאַרן טריאומפירנדן מיליטאַריזם, איז איצט אַרויסגעטראָטן מיט אַן אויפרוף: „אייראָפּע — רייך איבער דען רייכען" (אייראָפּע, — די מלוכה איבער מלוכות).

וואָס זאָגט אונדז היינריך מאַן אין זיין אויפרוף? נייעס, נייע געדאַנקען, נייע רפואות ווי צו היילן די ווייטיקן פון דער וועלט?

ניין! די קריטיק פון דעם איצטיקן צושטאַנד אין אייראָפּע, פון דער וואַקסאַ־

נאַליע פונעם נאַציאָנאַליזם, וואָס מאַן גיט אונדז, האָבן מיר שוין פיל מאָל גע־הערט פון סאָציאַליסטן און פּאַציפיסטן, און אויך דער געדאַנק וועגן „די פאַראייניק־טע שטאַטן פון אייראָפּע" איז נישט ניי.

און דאָך ווי אַלט באַקאַנט עס זיינען נישט אונדז די אידייען פון מאַנס אויפ־רוף איז אָבער זיין דיקטעריש וואָרט דורכגעדרונגען מיט אַזאַ נאָבעלער און מעכ־טיקער ליידנשאַפט, מיט אַזאַ הומאַניסטישן שוואונג, אַז עס פאַרכאַפּט אָפּט דעם אָטעם, מאַכט שנעלער פולסירן דאָס בלוט אין די אָדערן און עס לעבט אין אייך אויף די אָפּגעשוואַכטע אמונה אין דער קראַפט פון מענטשלעכן אידעאַל.

היינריך מאַן רופט די אינטעלעקטועלע אַריסטאָקראַטיע פון פראַנקרייך און דייטשלאַנד צו אַ מלחמה פאַר אַ נייער און פאַראייניקטער אייראָפּע.

„אייראָפּע" דאָס איז מאַנס קאַמפּס־לאָזונג און פּאַראָלע. אין דעם לאָזונג ליגט ער אַריין דעם באַגריף פון אַ נייער מענטשהייט.

מאַן ווענדעט זיך צו זיינע גייסטיקע פריינט ביי די ברעגן פון סענאַ:

„אויב אייראָפּע זאָל ווערן איינס מוזן מיר — פראַנצויזן און דייטשן — פריער פון אַלץ פאַראייניקן זיך. מיר זיינען דער יסוד פון אייראָפּע, אויף אונדז קען גע־בויט ווערן די פאַראייניקונג; אַלע איבעריקע וועלן אונדז נאָר נאָכפאָלגן. מיר קענען שאַפן אַ מלוכה, וואָס זאָל זיך דערהויבן איבער אַלע שטאַטן, און די מלוכה וועט זיין אייביק. און אויב נישט, איז נישטאָ מער קיין צוקונפט נישט פאַר אונדז, נישט פאַר אייראָפּע. די וואָג האָט זיך אָפּגעשטעלט. מיר קוקן זיך צו מיט שרעק. עס איז דער לעצטער מאָמענט. אויב דיביידע וויכטיקסטע לענדער פון דער אייראָפּעאישער טעריטאָריע וועלן זיך נישט אומקערן פנים אל פנים איינער צום אַנדערן, דאַן איז אייראָפּע פאַרלאָרן און וועט איינגעשלונגען ווערן פון איר גרויסער מוטער — פון אַזיע".

מאַן גלויבט נישט, אַז דער קאָמוניזם קען ראַטעווען אייראָפּע.

„מענטשן, וואָס האָבן זיך ביז עלף אַזייגער מיט 59 מינוטן באַשעפטיקט מיט ספּעקולאַציע און בירזשע־שפּיל קענען נישט צו צוועלף אַזייגער שאַפן אַ מלוכה, וואָס פּראָקלאַמירט סאָציאַלן יושר. אין רוסלאַנד האָט דער קאָמוניזם נישט געשאַפן קיין יושר, ווייל קיינער איז צו אים נישט געווען גרייט.

אייראָפּע — דערקלערט מאַן, — קען נאָר געראַטעוועט ווערן פון דער אינ־טעליגענץ, פראַנצויזן און דייטשן, וואָס זיינען געהאָרכזאַם דעם שכל און נישט די פאַרבייגייענדע טאָג־אינטערעסן.

צו מיינע חברים אין ביידע לענדער, רוף איך: פאַראייניקט אייך. אונדזער קראַפט איז אין אונדזער אמונה, וואָס הייסט — אייראָפּע, אונדזער הייליקע תורה איז די אייניקייט פון אייראָפּע.

עס איז צייט אויפהויבן וויקטאָר הוגאָס פאָן אויף וועלכער ער האָט נאָך מיט אַ דור צוריק אויפגעשריבן:

„נידער מיט אַלע גרעניצן. דער ריין געהערט אַלעמען. לאָזט אונדז שאַפן אַ רעפּובליק, די פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע".

מאַן ווייזט אָן, אַז דעם אַגרעסיוון נאַציאָנאַליזם שטיצן די עלעמענטן אין ביי־דע לענדער, וואָס נוצן אים אויס פאַר זייערע אינטערעסן — די רייכע און מאַכט־האָבנדע.

פאַר דעם וואוילשטאַנד פון דער וועלט מוזן קעמפן אַלע נאָבעלע מענטשן. לאָזן אַלע, וואָס טרעטן צו צו אונדזער געמיינדע זיין קלוג ווי די שלאַנגען און אומ־שולדיק ווי טויבן. אין אָנפאַנג וועלן מיר אויפטון ווייניק. מיר האָבן נישט קיין אַרמיי, קיין פרעסע, קיין געלט. אָבער מיר פאַרמאָגן אמונה, *דאָס וואָרט* און *אונדזערע נעמען*.

פאַר אונדזער זאַך דאַרפן אַרויסטרעטן נעמען, אין וועמענס קלאַנג עס ליגט שוין דער מאָראַלישער כוח.

און מיר וועלן נאָך זען, צי דאָס אויסגעדראָשענע, פאַרקויפטע וואָרט, וועלכע די וועלט הערט אַלע טאָג, אָדער אונדזער וואָרט, וועלכער טראָגט די נבואה און די צוקונפט וועט מנצח זיין.

די איצטיקע פאַרפוילטע וועלט וועט מוזן אָפּטרעטן פאַר אונדז אין שאָטן.

די מאַסן וועלן אויפנעמען אונדזער געדאַנק וועגן דעם אמתן פאָטערלאַנד.

די יונגערע פון אונדז וועלן זען אונדזער חלום אַ פאַרווירקלעכטן, און אונדז, זקנים, באַגייסטערט שוין אָט דער טרוים און אַלע אונדזערע געדאַנקען געהערן דער פאַראייניקונג.

לאָמיר־זשע, דייטשן און פראַנצויזן אַרבעטן פאַר דעם ציל. דער יונגער דור וועט שניידן אונדזער פרוכט. די מלחמה און דער חורבן זיינען אַ רעזולטאַט פון אָנשטרענגונגען פון אומצאָליקע בייזע גייסטער. טאָ לאָמיר פאַראייניקן די קרעפטן פון די נאָבעלע.

מעגלעך, אַז נאָך דער דור איז באַרופן צו פאַרווירקלעכן דעם צוקונפטס־חלום, וועגן וועלכע עס האָבן געטרוימט די קלוגסטע מענטשן פון דער וועלט, — די שאַ־פונג פון אַ רעגירונג פון דער אַקאַדעמיע, די מאַכט פון חכמים.

און דערווייל לאָמיר גרינדען אונדזער אַרבעטס־בונד. פאַרמאָגן מיר גלויבן? דאַן דרייסטער צו דער אַרבעט! לאָז אונדזער אמת קלינגען דורך דעם מויל פון טויזנטער. די פעלקער וועלן אונדז הערן מיט פרייד. זיי דולדן דעם שקר פון אינטער־נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַליסטן, ווייל דער אמת איז פאַר זיי פאַרשטעלט.

אינעם נאָמען פון די אומשטערבלעכע מאָראַלישע כוחות וועלן אונדזערע פעל־קער דערוועקן אייראָפּע — *די מלוכה איבער אַלע מלוכות*...

אַזוי קלינגט דאָס נבואה־וואָרט פונעם דיכטער.

(סעפּטעמבער 1923)

די וואַסערן פון אַלע ימים, וואָס רינגלען דיר
אַרום, בריטאַניע, וועלן נישט סטייען אָפּצו־
וואַשן דיינע זינד.

(היינריך היינע)

# ווען די נאַכט רוקט זיך אָן אויף אייראָפּע...

(דער אונטערגאַנג פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק)

„אויב עס וועט נישט געשען קיין נס, ריכטיקער, אויב טשעכאָסלאָוואַקיע וועט זיך נישט אַנטשליסן צו באַגיין אַן אַקט פון העראָאישן „שגעון“ און אַנטקעגנשטעלן זיך דעם ריזיקן באַוואָפנטן מאָנסטער, וועלן מיר האָבן „פרידן“, דעם היטלער־פרידן אין אייראָפּע“, האָבן מיר געזאָגט מיט עטלעכע טעג צוריק.

און קיין נס איז נישט געשען... און טשעקאָסלאָוואַקיע איז אויך נישט באַגאַנגען קיין העראָאישן משוגעת.

און דאָס צווייטע איז נישט געשען נישט דערפאַר, וואָס טשעכאָסלאָוואַקיע און אירע בראַווע און מוטיק־נאָבעלע שטאַטסלייט האָט געפעלט קוראַזש.

ניין! גאַנץ טשעכאָסלאָוואַקיע, צוזאַמען מיט אירע גרויסע פירער, זיינען גרייט געווען צו קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט צו פאַרטיידיקן זייער נאַציאָנאַלע פרייהייט.

אָבער קוראַזש, העלדישקייט און קרבנות-גרייטקייט מוזן האָבן אַ געוויסן זין.

ווען איין מענטש וועט זיך אַנטקעגנשטעלן טויזנט באַוואָפנטע רוובער־גזלנים, אדער אַ מחנה משוגענע הינט — וועט דאָס זיין נישט קיין העלדישקייט, נאָר אומ־זיניקע נאַרישקייט, באַוואוסטזיניקער זעלבסטמאָרד.

אין אַזאַ פאַל דיקטירט דער געזונטער און העכערער לעבנס־אינסטינקט אַנט־לויפן פון שׂונא און ווי ווייט עס לאָזט זיך נאָר אויסמיידן דעם אומגלייכן קאַמף, זואו אַלע הונדערט פראָצענט שאַנסן זיינען צו פאַרלירן.

דער פאַרמעסט פון דער קליינער טשעכאָסלאָוואַקיע מיט דעם גזלנישן דייטשן טיטאַן האָט געקענט האָבן אַ זין און אַ שטאַטסמענישן תכלית, ווען עס וואָלט גע־ווען די מינימאַלסטע אויסזיכט, אַז נאָכדעם ווי טשעכן וועלן אָנהויבן די מלחמה, וועלן, ווילנדיק נישט ווילנדיק, אירע אַליאירטע אויך אַריינגעצויגן ווערן אין גע־ראַנגל און וועלן איר קומען צו הילף.

אין אַזאַ פאַל האָט געהאַט אַ זין צו ריזיקירן, צו פאַרגיסן בלוט און לאָזן פאַר־ניכטן אַ טייל פון לאַנד, מיט דער האָפנונג, אַז אויף די חורבות וועט צוריק אַנט־שטיין אַ באַנייטע און פאַרשטאַרקטע טשעכאָסלאָוואַקיע.

ביז דער לעצטער מינוט האָבן בענעש, האָדזאַ און קראָפּטאַ טאַקע געגלויבט,

אַז אַזוינס איז מעגלעך. זיי זיינען דערפאַר פעסט אַנטשלאָסן געווען נישט אָפּצו־שטעלן זיך פאַר קיין שום קרבנות און גיין אין קאַמף. זיי האָבן געהאָפט:

— מיר וועלן נאָכטון דעם ביישפּיל פון אונדזערע שונאים. מיר וועלן אוועק־שטעלן אונדזערע אַליאירטע פראַנקרייך פאַר אַ געשעענעם פאַקט. מיר וועלן אַליין אָנהויבן די מלחמה, ד. ה. די הייליקע פאַרטיידיקונג קעגן די וואַלד־גזלנים, און ווען עס וועט זיך שוין גיסן בלוט אויף דער טשעכאָסלאָוואַקישער ערד, וועט דאָך פראַנק־רייך, וועלכע האַלט, אַז איר וואָרט, אירע אינטערנאַציאָנאַלע טראַקטאַטן זיינען הייליק, מוזן קומען אונדז צו הילף, צי זי וויל דאָס אָדער נישט. און נאָך פראַנקרייך וועט אויטאָמאַטיש קומען סאָוועט־רוסלאַנד און פריער אָדער שפּעטער, די זיך וואַקלענדיקע גרויס־בריטאַניע.

אַזאַ איז געווען, ווי מיר זיינען זיך משער, דער געדאַנקען־גאַנג פון די טשע־כאָסלאָוואַקישע שטאַטסלייט אין די שווערע שעהן פון טראַגישן נסיון.

און דערפאַר האָבן מיר טאַקע געזען, אַז ווען דער חלף איז שוין געלעגן אויפן האַלדז פון דער אומגליקלעכער טשעכאָסלאָוואַקיע, האָט זי זיך דאָך נישט אונ־טערגעגעבן.

ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן אין פּראַג דער שענדלעכער און פאַררעטערישער באַשלוס פון דער ענגליש־פראַנצויזישער מיניסטאָרן־באַראַטונג אין לאָנדאָן, אין דעם שוואַרצן פאַר אייראָפּע זונטיק, האָבן די טשעכישע בראַווע און מוטיקע שטאַטס־לייט געהאַט דעם קוראַזש נישט אָנצונעמען די פּאַטאַלע ענגליש־פראַנצויזישע עצה צו באַגיין נאַציאָנאַלן זעלבסטמאָרד.

לאָנדאָן און פּאַריז זיינען געשטאַנען מיטן מעסער אין האַנט און האָבן גע־איילט: גיט שנעל אַן ענטפער! ווייל עס וועט ווערן צו־שפּעט. היטלערס רויבער־חיילות זיינען גרייט צו מאַרשירן קעגן אייך.

אָבער בענעש און האָדזאַ האָבן נישט פאַרלוירן דעם קאָפּ. זיי זיינען נישט נתפעל געוואָרן נישט פאַר דעם גזלנישן היטלעריסטישן אולטימאַטום, נישט פאַר דעם ענגליש־פראַנצויזישן דיפּלאָמאַטישן אולטימאַטום.

זיי האָבן אָפּגעוואָרפן די לאָנדאָנער פאָדערונג און פאָרגעלייגט איבערצוגעבן דעם שטרייט צו דעם אינטערנאַציאָנאַלן בוררות אין האַאַג.

פּראַג האָט געהאָפט, פּראַג האָט געזוכט צו געווינען צייט, האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען דעם שענדלעכן גזר־דין, גלויבנדיק, אַז היטלער וועט פאַרלירן דאָס גע־דולד, וועט מאַרשירן אויף בעהמען, און פּאַריז און לאָנדאָן וועלן אַוועקגעשטעלט ווערן פאַר דעם געשעענעם פאַקט פון דעם דייטשן אָנגריף און דער טשעכישער פאַרטיידיקונג און וועלן אַריינגעצויגן ווערן אין דעם בלוטיקן שפּיל.

אָבער פאַר די אַכט און פערציק שעה, פון זונטיק ביינאַכט ביז דער טראַגישער

נאַכט פון דינסטיק אויף מיטוואָך, זיינען פאָרגעקומען מיט גאַלאָפּירנדער שנעלקייט ראַדיקאַלע ענדערונגען אין דער סיטואַציע.

היטלער האָט קאַטעגאָריש און אולטימאַטיוו געמעלדעט אין לאָנדאָן, אַז דאָ־נערשטיק דעם 22־טן מאַרשירט די דייטשע אַרמיי אויף בעהמען, אויב ביז דעמאָלט וועט טשעכאָסלאָוואַקיע נישט קאַפּיטולירן.

פאַר די צוויי טעג פון מאָנטיק און דינסטיק האָבן זיך באַוויזן אויף דער סצענע צוויי נייע שונאים פון טשעכאָסלאָוואַקיע — צוויי וועלף, וועלכע האָבן דערשפּירט דעם ריח פון אַ בר־מינן — דאָס נידערטרעכטיקע פּוילן און די זשעדנע אונגאַרן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן פאָדערן זייער חלק פלייש פון דער צוגעגרייטער פאַר דער שחיטה טשעכאָסלאָוואַקיע.

און עס האָט זיך נישט געהאַנדלט וועגן סתם פאָדערונגען. פּוילן האָט קאָנצענ־טרירט אירע אַרמייען ביי דער טשעכישער גרעניץ און האָט אָנגעהויבן שרייען אויפן הויכן קול, אַז זי וועט מיט גוטן אָדער בייזן נעמען איר חלק — דאָס טשעכישע שלעזיען, דעם טעשען-געביט.

נישט אויטאָנאָמיע, נישט קאַנטאָנען — נאָר אַנעקסיע ממש — אַזוי נישט אַנדערש האָט פּראָקלאַמירט די רעגירונג פון די „איידעלע" שליאַכציטשעס.

און דער אונגאַרישער פּרעמיער איז געפלויגן צו היטלערן צו פאַרלאַנגען זיין חלק.

פּראָג האָט זיך אַלזאָ איבערנאַכט דערזען אַרומגערינגלט פון דריי שונאים.

קעמפן גלייכצייטיק אויף דריי פראָנטן, מיט דעם ברוינעם ריז, דער שטאַרקער פּוילישער אַרמיי און מיט אונגאַרן אַלס צוגאָב אויף דעם דריטן פראָנט — דאָס וואָלט שוין נישט געהייסן העלדישקייט — נאָר טאַקע נאַקעטער אומזין, באַוואוסט־זיניקער זעלבסטמאָרד, אָן דעם שאַנס פון איינס קעגן הונדערט עפּעס צו דערגרייכן דורך אַזאַ זעלבסטמאָרד.

:: :: ::

אין דער טראַגישער נאַכט פון דינסטיק אויף מיטוואָך, וואָס וועט פאַרבלייבן אין דער געשיכטע פון דעם טשעכישן פאָלק און פון דער מענטשהייט אַלס איינע פון די טראַגישסטע און צו דער זעלבער צייט שענדלעכסטע פּאַסירונג, זיינען צוויי אַזייגער נאָך האַלבער נאַכט געקומען צו דעם טשעכישן פּרעזידענט, דר. בענעש, נישט קיין נאַכט־רויבער, נאָר הויך־געשעצטע דיפּלאָמאַטן, די אַמבאַסאַדאָרן פון גרויס־בריטאַניע און פון דער שיינער פראַנקרייך, און האָבן אים צוגעשטעלט אַ מעסער צום האַלדז — אויף דעם ליגנערישן דיפּלאָמאַטישן לשון הייסט עס אַ נאָטע. זיי האָבן געזאָגט בענעשן: וועק־אויף, שלעפּ־אַרויס פון די בעטן דיינע מיניסטאָרן און גיב אונדז תיכף אַן ענטפער: גיסטו זיך אונטער אָדער נישט?

— אויב דו וועסט זיך לאָזן פּריווילעגיע אָפּשניידן איין האַנט, וועלן מיר דיר העלפן ראַטעווען די צווייטע. אויב נישט, לאָזן מיר איבער טשעכאָסלאָוואַקיע אויף גאָטס באַראָט און וועלן קיין האַנט אין קאַלט וואַסער נישט אַריינטון, כדי צו ראַ־טעווען דיך פון דער ווילדער חיה, וואָס לויערט שוין אויף דיר...

יאָ אָפּמאַכן, אָדער נישט אָפּמאַכן. פראַנקרייך וועט נישט געבן אַפילו קיין איין שאָס פון אַ ביקס, כדי צו דערפילן די התחייבות פון מיליטערישן פראַנצויזיש־טשעכישן הילפס־טראַקטאַט.

ווען דעם, אַז ראַטן־רוסלאַנד זאָל אָן פראַנקרייך קומען צוהילף טשעכאָסלאָ־וואַקיע, האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד.

מאָסקווע איז גראַד יאָ געווען גרייט צו האַלטן וואָרט, אָבער אויפן וועג פון מאָסקווע קיין פּראָג געפינט זיך רומעניע.

ווען פּאַריז וואָלט געהאַלטן וואָרט און געקומען צוהילף טשעכאָסלאָוואַקיע, איז רומעניע גרייט געווען דורכלאָזן די רויטע אַרמיי און אַוויאַציע דורך איר טע־ריטאָריע. אָבער אָן פראַנקרייך האָט זי דאָס נישט געוואָגט צו טון.

און דורכרייסן זיך אויף כוח דורך רומעניע האָט סאָוועט־רוסלאַנד נישט גע־קאָנט, ווייל זי וואָלט גלייכצייטיק געדאַרפט פירן אַ מלחמה אי קעגן רומעניע, אי קעגן פּוילן, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ מיליטערישן אָפּמאַך מיט בוקאַרעשט.

ראַטן־רוסלאַנד האָט ביי איר בעסטן און ערלעכסטן ווילן גאַרנישט געקאָנט טון אַליין צו ראַטעווען טשעכאָסלאָוואַקיע.

אין אַזאַ טראַגישער, האָפנונגס און אויסזיכטלאָזער סיטואַציע — איז פאַר דער טראַגיש־אומגליקלעכער טשעכאָסלאָוואַקישער רעגירונג נישט פאַרבליבן קיין אַנדער ברירה, ווי אָנצונעמען דעם אולטימאַטום פון פראַנקרייך און ענגלאַנד, וואָס האָבן אויסגעפירט די „נאָבעלע" מיסיע, שפּילנדיק די ראָלע פון די אַרויסהעלפער פון דעם נאַציסטישן תליון...

אַזוי איז געשען דאָס אומפאַרמיידלעכע. אַזוי איז געקומען דער טראַגישער סוף פון דעם פרייסטן, דעמאָקראַטישסטן שטאַט אין דער שוואַרצער צענטראַל־אייראָפּע.

:: :: ::

אַ פאַרוואונדעטע און צעשמעטערטע ליגט איצט טשעכאָסלאָוואַקיע צו די פיס פון דעם נאַציסטישן תליון און צו די פיס פון דער געשענדעטער, פאַררעטערישער אייראָפּעאישער דעמאָקראַטיע.

אָבער נישט נאָר טשעכאָסלאָוואַקיע איז דער געשאָכטענער קרבן, איבער וועמענ׳ס פאַרוואונדעטן קערפּער עס יובלען און טריאומפירן איצט די אכזריותדיקע פאַ־שיסטישע תלינים — מוסאָליני און היטלער.

דער חלק איז איצט אויסגעשטרעקט אויף דעם האַלדז פון גאַנץ אייראָפּע, אויף וועלכער עס רוקט זיך אָן אַ שוואַרצע נאַכט פון דער הערשאַפט פון דעם מענטשן־פיינטלעכן און רויבערישן פאַשיזם.

„די וואַסערן פון אַלע ימים, וואָס רינגלען ריך אַרום, בריטאַניע, וועלן נישט סטאַיען אָפּצוּוואַשן דיינע זינד“ — האָט דער יידיש־דייטשער דיכטערישער גאון, היינריך היינע, געשריבן, אויסגיסנדיק זיין צאָרן קעגן ענגלאַנד, הלמאי זי האָט געפאַנגען דעם גרויסן אָדלער, נאַפּאָלעאָנען און האָט אים פאַרשיקט אין סאַנטאַ העלענאַ.

נו, וואָס קאָן מען זאָגן וועגן דעם איצטיקן פאַרברעכן פון בריטאַניע, וואָס האָט צוליב איר קורצזיכטיקן עגאָאיזם און פאַלשער פרידנס־אילוזיע מקריב געווען טשעכאָסלאָוואַקיע און דעם פרידן און די פרייהייט פון אייראָפּע?...

און די גרעסטע זינד טשעמבערליינס און דעלאַדיעס איז, וואָס זיי האָבן פאַרפירט טשעכאָסלאָוואַקיע, געשפּייזט זי מיט פאַלשע אילוזיעס און באַרויבט ביי איר די מעגלעכקייטן דורכצוקומען מיט די זודעטן, אָן דעם, אַז עס זאָל צעפּיצלט ווערן דער טשעכאָסלאָוואַקישער שטאַט.

ווען נישט דער פראַנצויזישער פאַראַט, וואָלט דאָך פראַג געקאָנט זיך באַצייטנס ראַטעווען, אָננעמענדיק העגליינס קאַרלסבאַדער פּראָגראַם פון אַ ברייטער אויטאָנאָמיע.

דאָס מאַכט נאָך שרעקלעכער דעם פראַנצויזיש־ענגלישן פאַרברעכן, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן טשעכאָסלאָוואַקיע.

(סעפּטעמבער 1938)

---

# פאַר דער קאַטאַסטראָפע

די אויפגאַבע פון דעם פּאָליטישן כראָניקער און קאָמענטאַטאָר איז פריער פון אַלץ „אָן רוגזה און ליידנשאַפט" צו פאַרשטיין און אָפּשאַצן, וואָס עס קומט פאָר פאַר זיינע אויגן.

עס זיינען געווען מאָמענטן, ווען ס'איז שווער געווען צו באַהערשן די נערוון, ווען צער און ווייטאָק האָבן פאַרנעפּלט דעם מוח, עס איז נויטיק געווען די גוואַל־דיקסטע אָנשטרענגונג צו צווינגען זיך ניכטער טראַכטן; דאָס האַרץ איז צעריסן געוואָרן פון פּיין; עס האָט זיך געוואָלט שרייען פון ווייטאָק, קריצן מיט די ציין און ביילן דעם פויסט פון צאָרן...

מיר האָבן זיך פּלוצלינג דערזען פאַר אַן אָפּגרונט, מיר האָבן דערשפּירט, אַז אַ שוואַרצע נאַכט שפּרייט זיך אויס אויף אייראָפּע, און מיר זיינען נאָך צו־ווייניק אַמעריקאַנער, כדי קאָנען רואיק, אָביעקטיוו צוקוקן, ווי אונדזער אַלטע געליבטע אייראָפּע, מיט וועלכער מיר זיינען געבונדן מיט טויזנטער פעדים, שטייט פאַר אַן אָפּגרונט.

און מיר דאַרפן זאָגן, אַז נישט דער יידישער מאָמענט איז געווען פּרעדאָמי־נירנד אין אונדזערע סענטימענטן. דאָס איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, אַז אונ־דזער יידישער גורל איז פאַרבונדן מיטן שיקזאַל פון אייראָפּע. איצט גייט עס אָבער וועגן דעם ג אַ נ צ ן; עס איז איצט נישטאָ קיין יידישע פראַגע, עס איז די פראַגע פון דעם גורל פון דער גאַנצער מענטשהייט.

די טשעכן גיין אונדז אָן נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אַלע אייראָפּעער. פראַנקרייך און דאָס נעבעכדיקע דייטשלאַנד זיינען אונדז אַ סך נענטער צום גייסט און דער נשמה, ווי טשעכאָסלאָוואַקיע.

טאָ פאַרוואָס פּייניקט אונדז און שמערצט ביז צום פיזישן ווייטאָק די טשע־כישע דראַמע?

דאָס איז דערפאַר, וואָס טשעכאָסלאָוואַקיע פאַרקערפּערט איצט דאָס גאַנצע פּראָבלעם פון דער פרייהייט אָדער פאַרקנעכטונג פון אייראָפּע, פון דעם נצחון אָדער שווערער מפּלה פון דער גאַנצער אייראָפּעאישער און וועלט־דעמאָקראַטיע.

מיט טשעכאָסלאָוואַקיע פאַלט אָדער זיגט די אייראָפּעאישע מענטשהייט, פאַלט אָדער זיגט דער ברוטאַלסטער און שרעקלעכסטער שונא פון דער מענטשהייט — דער פאַשיזם.

און דערפאַר ציטערט אַזוי דאָס האַרץ פאַר דעם גורל פון אָט דער קליינער

פרייער רעפובליק אין צענטער פון אייראָפּע, וואָס איז פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט פון די פאַשיסטישע וועלף.

און נאָך אַ זאַך. ביי אונדז אַלעמען, דערהויפּט ביי אונדז יידן, דעם פריד־לעבנטן פאָלק אין דער וועלט, ביי וועמען דער שלום איז נישט נאָר אַ אידעאַל, נאָר אַ פלאַמענדע נאַציאָנאַלע ליידנשאַפט — האָט זיך איצט אויפגעוועקט אַ קריגס־אינסטינקט. מיר לעבן שיעור נישט נאָך דער קריגס־קאַטאַסטראָפע.

אָבער יעדער איינער פון אונדז, וואָס האָט פון דער נאָענט אָדער פון דער ווייט מיטגעמאַכט די לעצטע קריגס־קאַטאַסטראָפע פון 1914, פאַר יעדן איינעם, וואָס זעט פאַר זיך קלאָר דאָס בילד פון חורבן און אונטערגאַנג און דעם אומקום, און פּיין און יסורים פון מיליאָנען הייליקע מענטשלעכע לעבנס — דער קאָן נישט מיט לייכטן געמיט שלום מאַכן מיט דעם ביטערן גזר־דין פון אַ נייער שרעקלע־כער מלחמה.

יאָ. מיר זיינען פיבערדיק אומגעדולדיק. מיר קאָנען זיך נישט דערוואַרטן די שעה פון דעם סוף פון פאַשיזם.

אָבער מיר פרעגן זיך אָפט: — צי איז די רפואה (די מלחמה) נישט ערגער און געפערלעכער פאַר דער פאַשיסטישער קרענק?

מלחמה הייסט די פאַרברוטאַליזירונג, די פאַרחיהשקייט פון אַלע מענטשן, דאָס הייסט די פאַרוואַנדלונג פון גאַנץ אייראָפּע אין אַ גיגאַנטישער מענטשן־יאַטקע.

און דאָס האַרץ ציטערט פאַר דעם שרעקלעכן ספק:

— וועט טאַקע אויף די שוואַרצע פליגלען פון מאָרד און אומקום — קומען די גאולה?...

האָט דען די לעצטע מלחמה „קעגן מיליטאַריזם", „כדי צו פאַרזיכערן די וועלט פאַר דער דעמאָקראַטיע" („טו מייק דהי וואָרלד סייוו פאָר דעמאָקראַסי"), ווי דאָס האָט געלויטעט די ווילסאָנישע פּאַראָלע — געבראַכט אונדז די גאולה?...

איז די וועלט געוואָרן שענער, בעסער און גליקלעכער נאָך דער קאַטאַסטראָפע פון 1914 - 1918?

אָט דערפאַר זיינען מיר גרייט געווען צו באַגריסן אויף אָט די שפּאַלטן יעדע פרידנס־באַמיאונג, כאָטש מיר האָבן קיינמאָל נישט פאַרמאַכט די אויגן אויף די כוונות, וואָס האָבן אינספּירירט די אָדער יענע שלום־באַמיאונג.

און איצט, ווען מיר שטייען שוין האַרט ביים אָפּגרונט פון דער קאַטאַסטראָפע, ציטערט דאָס האַרץ פאַר דעם גזר־דין פון דער געשיכטע...

אין דער איצטיקער טראַגישער שעה, וואָס מיר, דער עלטערער דור, וואָס האָט געזען און נישט פאַרגעסן די שרעקן פון 1914 - 1918, — זאָל דערלויבט זיין דעם ביטערן פּאָליטישן כראָניקער, ברענגען צום אויסדרוק אָט די געפילן.

(סעפּטעמבער 1938)

# אייראָפּע אין קריגס-פלאַמען

עס איז אַלזאָ געשען!

קענן יעדן מענטשלעכן פּאַראַויסזען, קענן יעדער מענטשלעכער לאָגיק האָט דער גרעסטער אוואַנטוריסט פון אונדזער דור, אַדאָלף היטלער, געוואַגט אונטער־צינדן אייראָפּע.

יאָ, היינט בושעוועט דער קריג נאָר אין איין ווינקל פון אייראָפּע — אין פּוילן, אָבער עס קאָן שוין נישט באַשטיין דער מינדסטער צווייפל אין דעם, אַז אין די נאָענטסטע פיר און צוואַנציק שעה וועט דער אַל־אייראָפּעאישער קריג שוין זיין אַ געשעענער פאַקט.

מיר באַגעגענען די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע אָן דעם פאַרבאָרגענעם גלויבן און אָן די אילוזיעס, וועלכע מיר האָבן נישט פאַרלוירן אין די שרעקלעכסטע מאָ־מענטן פון 1914-1918.

דעמאָלט האָט ביי אונדז אַלעמען געלעבט די זיכערקייט, אַז דאָס איז די לעצטע מלחמה, אַז ס'איז נישט דענקבאַר, אַז נאָך דער טרויעריקער דערפאַרונג פון דער וועלט־שחיטה זאָל די מענטשהייט איבעראַניים באַגיין דעם משוגעת פון אַ נייער מלחמה.

„מלחמה קעגן מלחמה!", „מלחמה פאַר דער זיכערקייט פון דער דעמאָקראַ־טיע!", „מלחמה פאַר דעם פרידן פון אונדזערע קינדער!" אָט דאָס זיינען געווען די לאָזונגען, מיט וועלכע מיליאָנען אייראָפּעער און אַמעריקאַנער זיינען געגאַנגען אין שלאַכט. האָבן דורכגעמאַכט די גהינום־יסורים אין די טראַנשייען און האָבן באַ־געגנט דעם טויט.

יאָ, אויך איצט ווילט זיך אונדז גלויבן, אַז די נייע מלחמה וועט ברענגען דעם אַנטגילטיקן טריאומף פון דער דעמאָקראַטיע, פון דער באַנייטער און סאָציאַל־אויפ־געריכטער דעמאָקראַטיע פון דער פּאָליטישער פרייהייט און סאָציאַלער גלייכקייט.

אָבער... אונדזער גלויבן, ריכטיקער אונדזער ווילן צו גלויבן, ווערט באַגלייט פון די שוואַרצע שאָטנס פון פייניקנדע ספיקות.

עס קומט נישט ווילנדיק אויפן זכרון די איוב־פראַגע:

„היולד מטמא טהור?"

קאָן די טומאה פון קריג ברענגען די קדושה פון אַ נייער געלייטערטער מענטשהייט?

די נאָך־מלחמה דערפאַרונג פון 1918-1938 גיט אונדז נישט קיין גרונט פאַר צו גרויסן אָפּטימיזם.

יאָ, אין 1917־1919 האָט אויסגעזען, אַז אין די יסורים פון קריג ווערט געבוירן די נייע, פרייע און גערעכטע אייראָפּע.

עס זיינען געפאַלן די אבסאָלוטישע טראָנען פון עסטרייך, רוסלאַנד און דייטשלאַנד. פון דעם געוועזענעם צאַרישן רוסלאַנד איז געקומען די בשורה פון סאָציאַלער גאולה.

א נייער היסטאָרישער פרילינג האָט געשיינט אַנצוקומען פאַר דער אַלטער אייראָפּע...

אָבער שנעל האָט פאַרבליט דער פרילינג.

עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דער קריג, די פיר יאָר פון דער שרעקלעכער מענטשן־שחיטה, וואָס האָט אומגעבראַכט צוואַנציק מיליאָן מענטשן, האָט נישט דערהויבן דעם מין מענטש, נאָר האָט דערוועקט די חיה אין מענטשן.

אייראָפּע איז נישט געלייטערט, נאָר ברוטאַליזירט געוואָרן פון די יסורים פון קריג.

דאָס מענטשלעכע לעבן, די הייליקייט פון מענטשלעכן לעבן האָט פאַרלוירן יעדן ווערט. עס איז געוואָרן הפקר.

אַפילו אינעם נאָמען פון די העכסטע הומאַנע און סאָציאַלע אידייען האָט מען געשאָכטן און געקוילעט אָן רחמנות.

מידת הדין און נישט דער נאָבעלער מידת הרחמים האָט אָנגעהויבן הערשן אין דער וועלט.

נישט די פּאָליטיש און סאָציאַל־באַפרייענדע רעוואָלוציעס זיינען געוואָרן די טריאומפאַטאָרן נאָך דעם קריגס־קאַטאַקליזם; עס האָט געזיגט די חיה אין מענטשן. עס איז אַנטשטאַנען און פאַרשפּרייט זיך, ווי אַ מגפה די טומאה פון פאַשיזם און נאַציזם, די דאָקטרין פון מענטשן און ראַסן־שנאה, פון פּאָליטישער און סאָציאַלער שקלאַפעריי.

ווען וויטזיכטיקע מענטשן האָבן אונדז געוואָרנט אויפן צווייטן טאָג פון היטלערס טריאומף, אַז דאָס מיינט דאָס אָנקומען פון אַ נייער אייראָפּעאישער מלחמה, האָט זיך קיינעם פון אונדז נישט געוואָלט גלייבן אין אָט דער שוואַרצער נבואה.

מיר האָבן זיך געזאָגט: דאָס איז איבערגעטריבענע מורא, דאָס מאָלט מען אונדז צו שוואַרץ דעם טייוול...

מיר האָבן זיך געזאָגט, וואָס פאַרא בייז קאָן טון היטלער, ווען ער איז דער מושל פון אַן אַנטוואָפנטער דייטשלאַנד, אָן קאַנאָנען און אָן אַוויאָנען?

עס זיינען אָבער אַוועק בלויז געציילטע עטלעכע יאָר זינט היטלער האָט איבערגענומען די ממשלה איבער דעם אומגליקלעכן שקלאַפן־לאַנד, און דער דייטשער מיליטאַריזם, וואָס איז צעשמעטערט געוואָרן אין דער מלחמה פון 1914־1918, איז

אויפגעשטאַנען תחית המתים אַ פיל שטאַרקערער און געפערלעכערער, ווי דער מי־ליטאַריזם פון קייזער־דייטשלאַנד.

און איצט, ווי אין 1914 פאַרמעסט זיך דער ברוינער מיליטאַריזם קעגן דער דעמאָקראַטישער וועלט...

:: :: ::

און דאָך באַגעגענען מיר די טראַגישע קאַטאַסטראָפע פון דעם נייעם קריג, ווי אַ היסטאָרישע אומפאַרמיידלעכקייט, ווי אַ היסטאָרישן מוז.

אויב אין 1914 זיינען אַלע שולדיק געווען אין דעם קריגס-אויסברוך, כאָטש אויך דעמאָלט האָט דייטשלאַנד, ווי איצט געגעבן דעם סיגנאַל פאַר דער מלחמה, ווייסן מיר איצט מיט דער אַבסאָלוטער זיכערקייט, אַז דער איינציקער שולדיקער אין דער קאַטאַסטראָפע איז דער מענטשן און פרידן־פיינטלעכער נאַצי־פאַשיזם.

אין 1914 איז פאָרגעקומען דער היסטאָרישער געראַנגל פון דעם ענגליש-פראַנ־צויזיש-רוסישן אימפעריאַליזם — קעגן דעם דייטש-עסטרייכישן אימפעריאַליזם. יעדער האָט געזוכט רויב און דעראָבערונגס-צילן אין קריג. ווען דייטשלאַנד וואָלט נישט אָנגעהויבן דעם קריג אין 1914, וואָלטן פראַנקרייך און דאָס צאַרישע רוס־לאַנד אים אָנגעהויבן אין 1916, לויט דעם פּלאַן, וואָס פּוּנקאַרע און די צאַרישע דיפּלאָמאַטן האָבן צוגעגרייט אין סאַנקט-פּעטערבורג בעת דעם באַזוך (יולי 1914) פון דעם פראַנצויזישן פּרעזידענט אין רוסלאַנד.

איצט ווייסן מיר אָבער מיט הונדערט-פּראָצענטיקער זיכערקייט און קלאָרקייט, אַז קיינע פון די דעמאָקראַטיש-קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָבן דעם קריג נישט גע־וואָלט און האָבן נישט געזוכט קיין אימפעריאַליסטישע דעראָבערונגען.

די הויפּט־שולד פאַרן קריג פאַלט אויסשליסלעך און אַבסאָלוט אויף דעם נאַ־צי־פאַשיסטישן טאָטאַליטאַרן רויבער־אימפעריאַליזם, וואָס זוכט טעריטאָריעס און וויל אויסשפרייטן די שוואַרצע פליגלען פון זיין פאַרקנעכטנדער הערשאַפט איבער אייראָפּע און דער וועלט.

נישט דאַנציג, נישט פּוילן שטייען איצט אין קאָן.

עס ליגט איצט אויף דעם וואָגשאָל די פרייהייט פון אייראָפּע, די פרייהייט פון מענטשן. דער זין פון מענטשלעכן לעבן אָן וועלכן דאָס לעבן איז נישט ווערט גע־לעבט צו ווערן.

אויב אין 1914 איז די מלחמה ווירקלעך געווען נישט מער, ווי אַ געראַנגל פאַר דער פּרעפּאָטענץ צווישן די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות, — גייט איצט באמת אָן דער קאַמף צווישן דער דעמאָקראַטיע און דעם טאָטאַליטאַריזם. דער קאַמף פאַר די קולטור־פּאָליטישע און הומאַניטאַרע ווערטן פון דורות אייראָפּעאישער ציוויליזאַ־

ציע קעגן דער הערשאַפֿט פֿון דעם באַרבאַריזם און דער געוואַלד פֿון דער געפּאַנצער־טער פֿויסט — אין אינטערנאַציאָנאַלן לעבן און קעגן דער בלוטיקער האַק אין דער אינערלעכער פּאָליטיק.

אַוודאי וואָלט בעסער געווען, ווען דער נאַצי־פֿאַשיזם וואָלט צוזאַמענגעבראָכן פֿון אינעווייניק, דורך דעם רעוואָלט פֿון די פֿאַרשקלאַפֿטע פֿעלקער. דאָס איז אָבער נישט געשען און האָט נישט געהאַט די אויסזיכט צו געשען אין דער נאָענטסטער צייט צוליב דער אייגענער שולד פֿון די קאַפּיטאַליסטישע דעמאָקראַטיעס.

אונדז איז אָבער נישט געגעבן געוואָרן דער אויסוואַל.

קאָנטיק, אַז אין לעצטן חשבון איז אַנטשיידנד די היסטאָרישע פֿאַטאַליטעט...

„די וועלט־מלחמה — איז דער וועלט־געריכט" — פֿלעגן די דייטשן זאָגן אין 1914.

לאָמיר האָפֿן, אַז שטרענג און אומברחמנותדיק וועט זיין דער פּסק־דין פֿון דיער געשיכטע קעגן די שווידערלעכסטע פֿאַרברעכער, וואָס האָבן איצט אונטערגע־צונדן אייראָפּע מיט קאַטאַסטראָפֿאַלער מלחמה־שריפֿה...

(1־טער סעפּטעמבער 1939)

## וואַרשע אין העלדן און מאַרטירער - קרוין

דאָס האַרץ וויל אַרויסשפּרינגען פֿון ברוסט, און, וואָס זאָלן מיר פֿאַרבאָרגן, די הענט ציטערט און פֿון די אויגן רייסן זיך טרערן, ווען פֿאַר אונדז שטייט דאָס בילד פֿון וו אַ ר ש ע, דער געהייליקטער און געגרויסטער אין איר מאַרטירערטום און העלדישקייט וו אַ ר ש ע, דער שטאָט פֿון אונדזערע יוגנט־חלומות, וואו מיר האָבן געלעבט די שענסטע יאָרן פֿון אונדזער לעבן.

וואַרשע, דו האָסט אונדז נישט איינמאָל ביטער אַנטוישט, ווען דו האָסט דער־גרייכט די גדולה פֿון דער הויפּטשטאָט פֿון דעם באַפֿרייטן פּוילן, מיר האָבן געהאַט צו דיר ביטערע און גערעכטע טענות, אָבער איצט, ווען דיינע גאַסן זיינען פֿאַר־פֿלייצט מיט דעם העלדן בלוט פֿון דיינע זין און טעכטער און פֿון מיינע ברי־דער־שוועסטער ווען דיינע שיינע גערטנער און פּאַרקן זיינען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין בית עולמס, ווען דיינע היסטאָרישע דענקמעלער און מאָנומענטן ליגן אין חור־בות, צעשטערט פֿון דיין און אונדזער שונא — גייט אויס דאָס האַרץ פֿון פּיין און צער פֿאַר דיר, דו שיינע שטאָט ביי די ברעגן פֿון ווייסל, און די נשמה איז טיף דערשיטערט פֿון באַוואונדערונג פֿאַר דיין אומשטערבלעכער העלדישקייט.

„דעם אומזין פון געוואגטע זינגען מיר א הימן!" — דערמאָנט זיך איצט דער פּערז פון מאַקסים גאָרקים „שטורם-פויגל".

יאָ, עס איז אַן „אומזין" דאָס, וואָס עס טוט איצט װאַרשע.

געבענטשט און פאַרהערלעכט זאָלסטו, װאַרשע, װערן אויף אַלע אייביקייטן, פאַר דיין װאונדערבאַרן און העראָאישן „אומזין"!...

ריזיקע מחנות פון גערמאַנישע הונען, באַװאָפנט מיט די מעכטיקסטע װאָפן, װאָס עס האָט דערפונדן דער דיאַבאָלישער טעכנישער זשעני פון די דייטשע באַר־באַרן, באַלאַגערן די שטאָט.

עס איז נישטאָ קיין שום האָפנונג, קיין שום אויסזיכט, אַז װאַרשע זאָל זיך אַרויסראַטעװען פון דעם רינג פון אייזן און פייער, מיט װעלכן זי איז אַרומ־געלאַגערט.

אָבער די מענער, פרויען און קינדער, פּאָליאַקן און יידן, פאַראַכטן פאַרנונפט, פאַראַכטן דעם טויט און פאַרטיידיקן די איצט הייליק געװאָרענע פאַר דער גאַנצער מענטשהייט שטאָט װ אַ ר ש ע.

ביי די ברעגן פון װייסל-טייך װערט איצט געשריבן מיט דעם העלדן-בלוט פון די מענער און פרויען פון װאַרשע, דאָס װאונדערבאַרסטע בלאַט פון דער מענטש־לעכער געשיכטע, װאָס מאַכט אונדז װידעראַמאָל גלויבן אין דער גרויסקייט און דערהויבנקייט פון מענטשן.

די טויערן פון װאַרשע זיינען איצט עדות פון אַ נייער העראָאישער עפּאָפּייע, װאָס קערט װידער אום דעם זין דער װעלט-געשיכטע, װאָס האָט לעצטנס אויסגע־זען זינלאָז...

דורך די כװאַליעס פון עטער רופט איצט די באַלאַגערטע װאַרשע צו דער װעלט:

„מיר שטאַרבן קעמפנדיק, װייל מיר װילן נישט לעבן װי שקלאַפן!".

און דורך די זעלבע ראַדיאָ-כװאַליעס ענטפערט לאָנדאָן, די הויפּטשטאָט פון דער בריטישער אימפּעריע, װאָס האָט אפשר צום ערשטן מאָל אין איר געשיכטע אָנ-געהויבן אַ הייליקע מלחמה פאַר רעכט און פרייהייט.

„אַכטונג! אַכטונג! װאַרשע, די גאַנצע װעלט באַװאונדערט אייער מוט. פּוילן איז װידעראַמאָל געפאַלן אַ קרבן פון דער אַגרעסיע פון אירע שכנים. װידעראַמאָל האָט זיך פּוילן דורך איר העראָאישן װידערשטאַנד פאַרװאַנדלט אין דעם קאַמפּעאָן פון דער פרייהייט פון אייראָפּע. מיר, אייערע אַליאירטע, װעלן פאָרזעצן דעם קאַמף ביז אייער פרייהייט װעט װידער דעראָבערט װערן! ענטפערט אונדז, אויב איר קענט".

און װאַרשע ענטפערט:

„אונדזער שטאָט איז פאַרװאַנדלט געװאָרן אין חורבות. דער אכזריותדיקער שונא פאַרטיליקט די לעבעדיקע און ברענגט אום אונדזערע טייערסטע דענקמעלער;

אונזערע פּאַרקן און גערטנער זיינען געוואָרן בית עולמס. מיר וועלן אָבער קעמפן ביזן לעצטן מאַן. העלפט אונדז!"

און דורך די זעלבע עטער־כוואַליעס פון וואַרשעווער ראַדיאָ הערט זיך פון צייט צו צייט אויך אַ צאַרטע פרויען־שטימע, וואָס רופט די מענער פון וואַרשע נישט אויפצוגעבן דעם העראָאישן געראַנגל און פאָדערט פון די פרויען נישט צו באַוויינען די טויטע, נאָר דערמוטיקן די נאָך ביים לעבן־געבליבענע קעמפער...

נאָך קיינמאָל האָבן די כוואַליעס פון עטער נישט איבערגעגעבן אונדז אַזאַ העראָאישע דראַמע, וואָס דערשיטערט און מאַכט ציטערן אַלע אַטאָמען פון נשמה מיט איר גראַנדיעזער גרויסקייט.

יאָ, זאָל זיין, אַז די פּוילישע מלוכה־פירער האָבן נעכטן געזינדיקט. שווער געזינדיקט און אַליין מיט אייגענע הענט געבראַכט דעם איצטיקן אומגליק.

היינט איז אָבער פּוילן דער אוואַנגאַרד פון דער אייראָפּעאישער פרייהייט. מיט איר העראָאישן קאַמף און בלוטיקן קרבן האָט זיך אויפגעוועקט די פאַרחלושטע פרייע אייראָפּע צו דער איצטיקער הייליקער פרייהייטס־מלחמה.

וואַרשע שטאַרבט און קעמפט.

און אויב וואַרשע וועט פאַלן, וואָס דאָס שיינט צו זיין אַ טראַגישע אומפאַרמיידלעכקייט, וועט זי מאָרגן ווידער אויפשטיין פון אירע חורבות, אַ גערייניקטע און געהייליקטע פון איר מאַרטירערטום.

וואַרשע, עס וועלן ווידער אויפבליען דיינע פאַרוויסטע גערטנער און פּאַרקן. גייע דענקמעלער וועלן דיך באַצירן!

וואַרשע, דו וועסט אויפשטיין פון דיין אַש, אַ באַנייטע און אַ דערלייזטע און דיין נאָמען, ווי דער נאָמען פון מ אַ ד ר י ד וועט שיינען מיט רום און אומשטערבלעכער גלאָריע אין דער געשיכטע.

און לאָמיר האָפן, אַז דאָס געמיינזאַמע פּוילישע און יידישע בלוט, וואָס פאַרפלייצט איצט די גאַסן פון וואַרשע, וועט שאַפן אַ שטענדיקן ברודערבונד פון ליבע צווישן יידן און פּוילן.

וואַרשע איז שוין איצט נישט בלויז די הויפּטשטאָט פון דער מאַרטירער־פּוילן — זי איז דאָס אייגנטום פון דער גאַנצער פרייער מענטשהייט און צוזאַמען מיט איר וועט זי אויפשטיין אַ באַנייטע און געלייטערטע, באַדעקט מיט רום און אומשטערבלעכער גלאָריע...

(סעפּטעמבער 1939)

דער פאַטאַליזם אין דער געשיכטע איז אומפאַרמיידלעך
פאַר דער אויפקלערונג פון די אומשכלדיקע דערשיינונגען
אין דער געשיכטע, ד. ה. פון די דערשיינונגען, וואָס זיי־
נען פאַר אונדז אומפאַרשטענדלעך...
(ל. טאָלסטאָי, עפּילאָג פון „קריג און פרידן")

# דער וועלט-קריג איז אַ וועלט-געריכט

אין די גרויזאַם־ביטערע טעג, וואָס אונדז איז באַשערט צו לעבן, אונטער דעם דרוק פון די מאַוימדיקע קאַטאַסטראָפאַלע פּאַסירונגען, וואָס שפּילן זיך אָפּ פאַר אונדזערע אויגן, מאַטערט זיך דער מוח צו באַגרייפן דעם פאַרבאָרגענעם זין, וואָס עס מוז דאָך פאָרט זיין אין דעם אומזין פון די געשעענישן...

ווילנדיק נישט ווילנדיק, מוז מען זיך אומקערן צו דעם געדאַנק, וועלכן עס דריקט אויס דער גאוניאַלער ל ע וו טאָלסטאָי אין זיין גראַנדיעזן ווערק „קריג און פרידן", אין וועלכן ער האָט געשילדערט און געפּרוואוט אויפקלערן די עפּאָפּייע פון די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות.

זיין עפּאָכע-מאַכנדן ראָמאַן האָט טאָלסטאָי, ווי באַוואוסט, געשריבן אויפן גרונד פון לאַנג־יאָריקן שטודיום פון היסטאָרישע מאַטעריאַלן, וועלכע זיינען באַאַרבעט געוואָרן אין דער גאוניאַלער לאַבאָראַטאָריע פון זיין גאוניאַלער אינטואיציע.

און דערפאַר זיינען פאַר אונדז די מיינונגען און אויספירונגען פון ל. טאָלסטאָי, אַ סך וויכטיקער און וואָגיקער, ווי די מיינונגען פון דער ראַציאָנאַליסטישער היס־טאָריאָגראַפיע.

נאָך זיין שטודיום און קינסטלעריש־אינטואיטיוון אַריינדרינגען אין דער קאַ־טאַסטראָפאַלער עפּאָכע פון די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות, איז טאָלסטאָי געקומען צו דעם אויספיר, אַז „דער פאַטאַליזם אין דער געשיכטע איז אומפאַרמיידלעך פאַר דער אויפקלערונג פון די אומשכלדיקע דערשיינונגען פון דער געשיכטע".

און צום זעלבן געדאַנק קומט אויך אַ צווייטער גרויסער קינסטלער, דער פראַנ־צויזישער שריפטשטעלער, ראָמען ראָלאַן, וועלכער ווייזט אָן, „אַז דער גורל, דער פאַטום איז אין ערגיץ נישט אַזאַ באַהערשנדער פאַקטאָר ווי אין קריג, ווען עס ווערן אויפגעברויזט די סטיכישע כוחות פון דער געשיכטע..."

מיר האָבן אַלזאָ דאָס וויכטיקע עדות זאָגן פון גאוניאַלע קינסטלער, אַז די פאַר־באָרגענע האַנט פון גורל פירט די געשיכטע אין קאַטאַסטראָפאַלע קריגס־עפּאָכעס,

און דער פאַטום האָט זיינע פאַרבאָרגענע צילן, וואָס לאָזן זיך נישט שטענדיק באַ־גרייפן מיטן קאַלטן, ניכטערן שכל.

ווען עס וועט איבערגעריסן דער נאָרמאַלער, פרידלעכער גאַנג פון דער גע־שיכטע און עס רייסן זיך אָפּ „פון די קייטן" די סטיכישע כוחות, מוזן מיר אומ־פאַרמיידלעך בלאָנדזשען אין דער פינצטער און קאָנען בלויז אהנען, און פאָרשטעלן זיך דעם זין פון די קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן.

עס שיינט אונדז, אַז עס זיינען נישט אומגערעכט געווען די דייטשן, ווען זיי האָבן בעת דעם אויסברוך פון דער פריערדיקער מלחמה פראָקלאַמירט, אַז דער „וועלט־קריג איז אַ וועלט־משפט".

יאָ, עס זעט איצט אויס, אַז די מלחמה־דראַמע, וואָס שפילט זיך אָפּ פאַר אונדזערע אויגן, איז דער אומבּרחמנותדיקער משפט פון דער געשיכטע אויף פעלקער און רעגירונגען. עס זיינען איצט אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַרן ריכטער־שטול פון דער היסטאָריע פעלקער און לענדער, און עס איז געקומען די שעה פון פאַרגעלטונג, פון ביטערן שכר, פאַר אַלע באַגאַנגענע עולות און טעותן.

נאָר אין אָט דעם ליכט, קאָנען פאַר אונדז, ווי עס איז, ווערן כאָטש טיילווייז פאַרשטענדלעך, די טראַגישע געשעענישן, וואָס קומען איצט פאָר.

עס איז געוויס ווייט פון אונדזער מחשבה צו פירן אַצינד חשבונות מיט די אייראָפּעאישע דעמאָקראַטיעס פאַר די זינד, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען קעגן אונדז יידן, בעת זיי באַקומען דערשמעטערנדע קלעפּ פון אונדזער געפערלעכסטן און ביטערסטן שונא.

מען קען זיך אָבער דאָך נישט באַפרייען פון דעם געדאַנק, אַז ווען די דעמאָ־קראַטישע אייראָפּע וואָלט נישט געבליבן טויב און שטום צו אונזער וויי־געשריי און צו אונדזער הילפס־רוף, בעת דער היטלעריזם האָט געמאַכט זיין אכזריותדיקן אָנ־פאַל נאָר און אויסשליסלעך אויף דעם יידישן פאָלק, וואָלט נישט געקומען, וואָלט געקאָנט העכסט וואַרשיינלעך פאַרמיטן ווערן די איצטיקע קאַטאַסטראָפע.

דאָס יידישע פאָלק אין דער וועלט האָט דערקלערט זיין מאַכטלאָזע עקאָנאָמישע מלחמה קעגן נאַצי־דייטשלאַנד. ווען אין יענעם מאָמענט וואָלטן די דעמאָקראַטישע פעלקער אָנגענומען זיך אונדזער קריוודע און וואָלטן אין אַפּריל 1933 אויפגענומען דעם עקאָנאָמישן קאַמף קעגן נאַצי־דייטשלאַנד, וואָלטן איבערגעריסן מיט דעם נאַ־צי־רעזשים זייערע ווירטשאַפטלעכע און פינאַנציעלע באַציאונגען, איזאָלירט דייטש־לאַנד עקאָנאָמיש, איז מער ווי זיכער, אַז אינעם לויף פון עטלעכע חדשים וואָלט היטלער געמוזט קאַפּיטולירן. די נאַצי־שלאַנג וואָלט דערשטיקט געוואָרן, איידער זי האָט באַוויזן צו פאַרסמען די וועלט.

דער דורכפאַל פון דער נאַציסטישער ראַסן־אַטאַקע קעגן די אידן, וואָלט אומ־מעגלעך געמאַכט די שפּעטערדיקע נאַציסטישע אָנגריפן קעגן דעם ווערסאַלער

טראַקטאַט און קעגן די קלענערע אייראָפּעאישע פעלקער.

די אייראָפּעאישע דעמאָקראַטיעס האָבן אָבער צוליב זייער קורצזיכטיקן עגאָ־איזם און גלייכגילטיקייט צום יידישן אומגליק פאַרזאַמט די היסטאָרישע געלעגנ־הייט בייצוקומען דעם נאַציזם אָן אַ שאָס פולווער...

איז זיך איצט די געשיכטע נוקם פאַר דעם שווערן חטא פון די דעמאָקראַטיעס קעגן דעם יידישן פאָלק.

און נאָכדעם זיינען געקומען די גאַנצע רייע פון דורכגעלאָזענע היסטאָרישע גע־לעגנהייטן און באַגאַנגענע זינד.

גלייכגילטיק מיט אַ פלאַטאָנישן קרעכץ זיינען די צוויי גרויסע אייראָפּעאישע דעמאָקראַטיעס אָפּגעקומען, ווען די נאַציסטישע הידרע האָט איינגעשלונגען די קליינע עסטרייך.

ווי פּאַנטיוס פּילאַטוס האָבן פראַנקרייך און ענגלאַנד אָפּגעוואַשן זייערע הענט, ווען עסטרייך איז באַפאַלן געוואָרן פון די נאַציסטישע נאַכט־רויבער.

דאָס זעלבע האָט זיך אין אַ נאָך שאַרפערער און פאַרברעכערישער פאָרם ווי־דערהאָלט, ווען עס איז אומגעקומען די טשעכישע רעפּובליק.

ווער דערמאָנט זיך נישט דעם אכזריותדיקן אולטימאַטום, וואָס ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן צוגעשטעלט דעם טשעכאָסלאָוואַקישן פּרעזידענט, בענעשן, שפּעט אין דער נאַכט, צווינגענדיק אים צו קאַפּיטולירן?

דער פאַרראַט קעגן טשעכאָסלאָוואַקיע איז נאָכדעם „געקרוינט" געוואָרן מיט דעם פאַרברעכן פון מינכען.

יאָ, עס קאָן געווים זיין, אַז די דעמאָקראַטישע פעלקער האָבן זיך געשפּירט צו שוואַך אויפצונעמען דעם קאַמף קעגן היטלער־דייטשלאַנד אין דער צייט פון דער מינכען־אַפערע. אָבער דאָ האָט זיך נישט געהאַנדלט בלויז וועגן שוואַכקייט. פאַר־זונקען אין זעלבסטצופרידענעם עגאָאיזם האָבן פראַנקרייך און ענגלאַנד מקריב גע־ווען טשעכאָסלאָוואַקיע, גלויבנדיק אַזוי אַרום, אַז די געאָפּפערטע טשעכישע רע־פּובליק וועט זיין דער בליץ־אָפּלייטער, וואָס וועט זיי פאַרשאַנעווען פון דעם שטורם.

צי מען וויל, צי מען וויל נישט, מוז מען צולאָזן דעם געדאַנק, אַז ס'איז פאַראַן אַ היסטאָרישע גערעכטיקייט, אַ געשיכטלעכע נעמעזיס, וואָס איז זיך נוקם פאַר באַגאַנגענע היסטאָרישע עולות.

עס וואָלט אונדז פאַרפירט צו ווייט, ווען מען זאָל וועלן מאַכן דעם פולן חשבון פון די זינד, עולות און טעותן, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן פון די אַליאירטע בעת דער ווערסאַלער פרידנס־קאָנפערענץ און נאָך דעם פרידן.

עס וועט גענוג זיין צו דערמאָנען בלויז די וויכטיקסטע פאַקטן.

עס איז גאָרנישט אויסגעשלאָסן, אַז דער אָנהויב פון אַלע צרות האָט זיך גע־נומען פון דער ערשטער עולה, וואָס די ענגליש־פראַנצויזישע דעמאָקראַטיעס זיינען

באַגאַנגען קעגן כינע, בעת יאַפּאַן איז באַגאַנגען איר ערשטן געוואַלט־אַקט, פאַר־באַפּנדיק מאַנדזשוריע.

דעמאָלט זיינען די פאַראייניקטע שטאַטן געווען גרייט צו גיין צוזאַמען מיט דער דעמאָקראַטישער אייראָפּע און אָננעמען די ענערגישסטע עקאָנאָמישע און פּאָ־ליטישע רעפּרעסיעס קעגן יאַפּאַן. דער דעמאָלטיקער נאָרד־אַמעריקאַנישער שטאַטס־סעקרעטאַר, מר. סטימפּסאָן האָט פאָרגעשלאָגן ענגלאַנד און פראַנקרייך אַ געמיינ־זאַמע אַקציע און איז געווען גרייט צו אידענטיפיצירן זיך מיט דער פעלקער־ליגע.

דעמאָלט איז געווען דער גרויסער היסטאָרישער שאַנס פון דער נאָרד־אַמערי־קאַנישער קאָאָפּעראַציע מיט דעם פעלקער־בונד, וואָס וואָלט געמאַכט אַ פּאָליטישן יש פון דער געגנפער אינסטיטוציע און עס וואָלט טריאומפירט דער פּרינציפּ פון אינטערנאַציאָנאַלן רעכט.

לאָנדאָן און פּאַריז זיינען אָבער דעמאָלט געבליבן טויב צו דעם רוף פון נאָרד־אַמעריקע.

די פעלקער־ליגע האָט באַקומען איר ערשטן קלאַפּ און האָט מאַניפעסטירט איר אימפּאָטענץ, און נאָרד־אַמעריקע, די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי, וועלכע איז דעמאָלט געווען ביי דער מאַכט, האָט זיך דערווייטערט פון אייראָפּע.

דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דעם באַרג־אַראָפּ פון דעם פעלקער־בונד, דער אָנהויב פון דעם ברוך פון די פּרינציפּן פון אינטערנאַציאָנאַלן רעכט, וואָס האָט געעפנט טיר און טויער פאַר די ווייטערדיקע נאַציסטישע אַגרעסיעס.

און ווען מען גליטשט זיך אויס איין מאָל, ווען מען גיט דעם טייוול פון גוואַלד און אינטערנאַציאָנאַלן רעכט־ברוך איין פינגער, נעמט ער די גאַנצע האַנט.

דאָס שלום מאַכן פון די דעמאָקראַטיעס מיט דער יאַפּאַנישער אַגרעסיע קעגן כינע האָט צעשטערט די דאַמבעס, וואָס האָבן איינגעהאַלטן דעם שטראָם פון אינ־טערנאַציאָנאַלן גוואַלד פון נאַצי־פאַשיזם.

ווען די פאַשיסטישע איטאַליע האָט אָנגעגריפן אַביסיניע, האָט ענגלאַנד יאָ געמאַכט דעם פּרוּוו צו רעאַקציאָנירן. זי האָט דורכגעזעצט דעם ליגע־באַשלוס וועגן עקאָנאָמישע סאַנקציעס קעגן איטאַליע, אָבער דאָס איז געטון געוואָרן אָן דער גע־העריקער ענערגיע און אַנטשלאָסנקייט. פראַנקרייך האָט נישט ווילנדיק און וואַקל־דיק סעקונדירט ענגלאַנד. נאָרד־אַמעריקע געדענקענדיק דעם פאַל מיט מאַנדזשוריע, איז געשטאַנען אין אַ זייט. אַזוי אַרום האָבן די אַנטי־איטאַליענישע סאַנקציעס גע־ביזט דורכפאַלן.

נישט בעסער און נישט ווייטזיכטיקער איז געווען די שטעלונג פון די אייראָ־פּעאישע דעמאָקראַטיעס צו דעם שפּאַנישן בירגער־קריג. אָנשטאָט אויסצונוצן די געלעגנהייט און ברעכן די נאַצי־פאַשיסטישע פּאָטענץ אויף דעם שפּאַנישן באָדן,

האָט די אומגליקלעכע נישט־אינטערווענץ־פּאָליטיק געבראַכט צו דעם נצחון פון שפּאַנישן און דייטש־איטאַליענישן פאַשיזם.

צוויי יאָר האָבן די אייראָפּעאישע דעמאָקראַטיעס גלייכגילטיק, אָדער פּחדנות־דיק צוגעקוקט, ווי דאָס שפּאַנישע פאָלק איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט.

אין דעם ספר־הזכרונות פון דער געשיכטע ווערט אָבער פאַרשריבן יעדע עולה ביז עס קומט דער טאָג פון חשבון...

און אפילו די לעצטע שרעקלעכע פּאַסירונג, דאָס דעזערטירן פון פראַנקרייך, וואָרצלט אין די טעותן פון דער ענגלישער נאָך־מלחמה־פּאָליטיק.

האָבנדיק אין זין איר פאַרעקשנטע פּאָליטישע טראַדיציע פון דעם „באַלאַנס פון די כוחות", האָט ענגלאַנד זינט נאָך ווערסאַל שטענדיק געלייגט שטעקנס אין די רעדער פון דער פראַנצויזישער פּאָליטיק, מורא־האָבנדיק פאַר דער העגעמאָניע פון פראַנקרייך אין אייראָפּע האָט גרויס־בריטאַניע געשטיצט דייטשלאַנד, אפילו שוין נאָכדעם, ווי עס האָט דאָרטן טריאומפירט דער נאַציזם.

ווער דערמאָנט זיך דען נישט דעם ענגליש־דייטשן נאַוואַלן אָפּמאַך? ווער קאָן פאַרגעסן די ענגלישע אָפּאָזיציע קעגן דעם פראַנצויזישן וואונטש צו האַנדלען ענערגיש קעגן היטלערס מיליטאַריזירונג פון ריינלאַנד?

צי קאָן מען זיך נאָך דעם וואונדערן, אז עס האָבן זיך אין פראַנקרייך געפונען אין דעם איצטיקן קריטישן מאָמענט רעאַקציאָנערע און בלינדע פּאָליטיקער און מיליטאַריסטן, וועלכע האָבן פאַרראַטן גרויס־בריטאַניע?

ענגלאַנד האָט געזייט ווינט אין משך פון די נאָך־מלחמה יאָרן און שניידט איצט שטורם...

דער וועלט־קריג איז אַ וועלט־געריכט; די מלחמה איז אַ האַרטער גזר־דין פאַר אַלע באַגאַנגענע חטאים און טעותים.

נאָר טראַכטנדיק אַזוי, קאָן מען געפינען אַ געוויסע לאָגיק אין דער שרעק־לעכער אומלאָגיק פון די לעצטע קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן, און אַ געוויסן זין אין דעם אומזין פון די מלחמה־פּאַסירונגען.

אָבער, אָנווענדנדיק אָט די מאָס צו דעם, וואָס עס געשעט פאַר אונדזערע אויגן, מוזן מיר קומען צו דעם אויספיר, אַז דער זעלבער גזר־דין פון דער געשיכטע, וואָס איז זיך נוקם אין די אייראָפּעאישע דעמאָקראַטיעס איז אויך גילטיק פאַר דער בייזעסטער מאַכט פון דער געשיכטע, פאַר דער מיט בלוט, גזילה און פאַרברעכן אָנ־געזאַפּטן נאַצי־פאַשיזם.

יאָ, דער וועלט־קריג איז אַ וועלט־געריכט. אָבער עס קאָן נישט זיין, אַז אַלע שרעקן פון דעם גזר־דין פון דער געשיכטע זאָלן זיך אויסגיסן אויף דעם קאָפּ פון די דעמאָקראַטיעס, וואָס האָבן געזינדיקט מיט זייער קורצזיכטיקן עגאָאיזם, לגבי דעם יידישן פאָלק און אַלע שוואַכע און קליינע פעלקער.

דער גזר־דין פון דער היסטאָריע מוז אויך קומען פאַר דעם שרעקלעכסטן און בלוטיקסטן שונא פון דער מענטשהייט — פאַר דעם נאַצי־פאַשיזם.

די בלינדע אָדער שוין אפשר גאָרנישט בלינדע, בלויז פאַר אונדז נישט־פאַר־שטענדלעכע, מאַכט פון גורל, פון היסטאָרישן פאַטום האָט אויסגעוויילט דעם מע־באַנישן מאָנסטער פון נאַצי-דייטשלאַנד, כדי צו שטראָפן די פאַרזינדיקטע דעמאָ־קראַטישע אייראָפּע, כדי צו דערשיטערן זי, כדי צו לויטערן זי אין דעם קאַלכ־אויוון פון פּיין, יסורים און מפּלות. אָבער נאָכדעם, ווי אָט דער מעכאַנישער מאָנסטער אין גולם האָט שוין אויסגעפירט זיין פינצטערע היסטאָרישע שליחות, וועט דער מעכאַנישער גולם, ווי דער לעגענדאַרער פּראַגער גולם פון מה״רל פאַרוואַנדלען זיך אין אַ קופּע ליים...

דאָס גלויבן מיר אין דעם זין פון די אומזיניקע, קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן, וואָס שפּילן זיך אָפּ פאַר אונדזערע אויגן.

קיינער קאָן נישט וויסן, ווי לאַנג וועט דויערן אָט דער גזר־דין פון געשיכט־לעכן פאַטום, ווי טיף און גרויס עס דאַרפן זיין די לויטערנדע יסורים פון דער דע־מאָקראַטישער אייראָפּע, מיר גלויבן אָבער אומדערשיטערט, מיר גלויבן באמונה שלמה, אַז פראַנקרייך און די גאַנצע דעמאָקראַטישע וועלט, געלייטערט און דער־הויבן אין פּיין און יסורים, וועלן אין לעצטן היסטאָרישן חשבון, אַרויסקומען זיגרייך פון דעם שווערן און פּיינפולן נסיון.

דער מעכאַנישער מאָנסטער און גולם וועט פריער אָדער שפּעטער, אויספירנ־דיק זיין בייזע היסטאָרישע שליחות, פאַרשווינדן פון דער ערד; נאָך דער געשיכט־לעכער נאַכט וואָס מיר לעבן איצט דורך, וועט קומען דער ליכטיקער פרימאָרגן פון אַ פרייער און גליקלעכער וועלט פון אמתן שלום און אמתער גערעכטיקייט פאַר אַלע פעלקער און מענטשן...

(יוני 1940)

---

# ווען עס האָט זיך געוואָלט גלויבן...

(אין דער נאַכט פון 18־טן יוני)

עס איז געווען אַ ליל שמורים די נאַכט פון מיטוואָך אויף דאָנערשטיק...

אַ קלונג אין טעלעפאָן פון דער טעלעגראַפן־אַגענטור „יונייטעד פרעס" האָט געשטעלט אויף די פיס די גאַנצע רעדאַקציע. דער באַאַמטער פון דער אַגענטור מעלדעט קורץ און לאַקאָניש:

— פון לאָנדאָן מעלדעט מען, אַז לויט די אומבאַשטעטיקטע ידיעות, וואָס קו־מען פון אַנגאָרא, זאָל דייטשלאַנד האָבן אינוואַדירט סאָוועט־רוסלאַנד אין פופצן פונקטן.

ווי אַ בליץ צעטראָגט זיך די ידיעה אין אַלע רעדאַקציע־צימערן. יעדער איי־נער וואַרפט אַוועק די פעדער און פאַרלאָזט דעם רעדאַקציע־טיש. אַ פיבער פון אומגעדולד און נערוועז־שפאַנענדער נייגעריקייט כאַפּט אַרום אַלעמען.

— זאָל עס אמת זיין? — עגבערט יעדן איינעם די פראַגע. און באַלד הויבט אָן אומאויפהערלעך קלינגען דער טעלעפאָן. אומצאָליקע לייענער פון „די אידישע צייטונג" מיט נערוועזער אויפרעגונג, וואָס שפירט זיך אין טעלעפאָן, שטעלן די־זעלבע פראַגע:

— איז דאָס אמת?

דער רואיק־קאַלטער באַאַמטער פון דער טעלעגראַפן־אַגענטור זאָגט צו תיכף מעלדן, ווי עס וועלן נאָר דערהאַלטן ווערן נייע ידיעות.

מיר זיינען אָבער אומגעדולדיק.

מיר קאָנען זיך נישט דערוואַרטן אויף דעם רוף און טרעטן נישט אָפּ פון טעלעפאָן. אָבער די ידעות קומען לאַנגזאַם.

ווידער קלאַנגען, ווידער סברות, עס איז שוין שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, אָבער די גיריק דערוואַרטע קאַטעגאָרישע און באַשטעטיקטע ידיעה קומט אַלץ נישט.

דער קאַלטער שכל זאָגט אונטער, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט איינער פון די פיל סענסאַציאָנעלע מלחמה־קלאַנגען, וואָס זיינען אַן אומפאַרמיידלעכקייט ביי יע־דער געשפּאַנטער אינטערנאַציאָנאַלער סיטואַציע.

אָבער כאָטש עס גייט אַוועק איין שעה נאָך דער צווייטער, און די דערוואַרטע נייעס קומען נישט, ווילט זיך דאָך גלויבן, אפשר, אפשר איז עס דאָסמאָל דאָך אמת.

אין דעם מאָמענט פון אויפגערודערטן געמיט ווילט זיך גאָרנישט טראַכטן, אַז די אויסברייטונג פון קריג אויף דעם סאָוועטיש־דייטשן פראָנט מיינט חורבן און

אומקום פון נייע טויזנטער און טויזנטער מענטשלעכע לעבנס און צווישן זיי אויך די לעבנס פון טויזנטער פון אונדזערע ברידער.

מיר פארטרייבן פון זיך אט די מחשבות, מיר טרייסטן זיך מיט דער האפנונג, אז די אומפרייוויליקע אינטערוועניץ פון ראטן-רוסלאנד אין קריג וועט מקצר זיין די גסיסה־יסורים פון גאנץ אייראפע און במילא אויך פון די יידן און וועט דערנענטערן דעם סוף פון היטלערן.

אבער באלד קומט דער ספקותדיקער געדאנק. צי וועט ראטן־רוסלאנד אימשטאנד זיין אויסצוהאלטן דעם געפאנצערטן שטורם פון דעם „מאטאריזירטן אטילא"? וועט זיך נישט ווידערהאלן אויף דער רוסישער ערד די טראגעדיע פון פראנקרייך? ביי דער רוסיש־דייטשער גרעניץ איז דאך נישטא קיין מאזשינא־ליניע, אוקראאינע איז דאך פלאכלאנד, וואס איז אזוי גינסטיק פאר די ברוינע מאטאריזירטע דיוויזיעס?

מיר פאריאגן אבער די ספקות, מיר דערמאנען זיך די מיינונג פון די מילי־טערישע עקספערטן, אז די רויטע ארמיי איז מעגלעך צו שוואך פאר אן אגריף־קריג, אבער זי איז א גוואלדיקע דעפענסיווע קראפט.

ראטן־רוסלאנד — זאגן מיר זיך — האט מאקע נישט קיין מאזשינא־ליניע, אבער די דאזיקע ליניע איז דאך פאקטיש געווען פראנקרייכס אומגליק. אין רוס־לאנד האט מען זיך נישט פארלאזן אויף פעסטונגען: דער יונגער, דינאמישער און מאדערנער סאוועטישער מיליטאריזם איז נישט פארפרוירן געווארן אין די דאג־מעס פון דער אלטער קלאסישער מיליטערישער שול, וואס האט אומגעבראכט די גלענצנדע פראנצויזישע ארמיי, ווען זי האט זיך אנגעשטויסן אויף די מאדערנע דייטשע קריגס־מעטאדן.

דער סאוועטישער מיליטאריזם איז דערפינדעריש און דינאמיש און אים איז פרעמד די קאנסערוואטיווע אלטמאדישקייט פון דעם פראנצויזישן אדער פוילישן גענעראל־שטאב.

און סאוועט-רוסלאנד האט באצייטנס פארשטאנען די ראלע פון דער מאשין אין דעם מאדערנעם קריג. מען האט געבויט אן א שיעור טאנקען און מען האט גע־זוכט דורך די מאטאריזירטע באוועגונגס־מיטלען גובר זיין די דעפעקטן פון דער סאוועטישער טראנספארט־סיסטעם.

ראטן־רוסלאנד איז אויך געווען די ערשטע, וואס האט דערפונדן די סיסטעם פון די פאלשירמערס (פאראשוטשיקעס), בעת די אייראפעאישע קאנסערוואטיווע מיליטערלייט האבן סקעפטיש געשמייכלט פון דער סאוועטישער דערפינדונג.

די וואונדער, וואס די סאוועטישע אוויאטארן האבן באוויזן בעת זייערע מערק־ווירדיקע עקספעדיציעס ביים נארד־פאל, זאגן עדות דערויף, אז סאוועט-רוסלאנד האט באהערשט די לופט און וועט אימשטאנד זיין צו פארמעסטן זיך מיט דער נא־ציסטישער אוויאציע.

מען קאָן אויך דערוואַרטן, — אַזוי האָבן מיר געטראַכט אין דער נאַכט פון שפּאַנענדער און נערוועזער דערוואַרטונג, אַז דער אָנגריף פון דייטשלאַנד אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע וועט אָנצינדן דעם אמתן פייער פון רעוואָלוציאָנערן פּאַטריאָטיזם ביי די רוסישע מאַסן, וואָס וועט באַווייזן וואונדער, וואָס וועט גובר זיין אפילו די וואַרשיינלעכע אומצופרידנקייט, וואָס עס איז אפשר פאַראַן ביי געוויסע שיכטן פון דער סאָוועטישער באַפעלקערונג.

מעגלעך, אַז גיין שלאָגן זיך אין פינלאַנד, אין אַ פרעמד לאַנד, ביי פרעציק גראַד פראָסט, ביי געדיכטע שנייען, אין וועלכע די טאַנקען זיינען געזונקען, האָט געפעלט דער אמתער ענטוזיאַזם ביי דער רוסישער אַרמיי. אָבער, ווען דער שונא פאַלט אָן אויף דעם אייגן לאַנד — וועט עס זיין גאָר אַנדערש.

האָט מען דאָך יאָרן־לאַנג קולטיווירט ביי דער סאָוועטישער יוגנט דעם עקזאַלטירטן פּאַטריאָטיזם צום סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד...

וואָס רעוואָלוציאָנערער פּאַטריאָטיזם באַדייט האָבן אונדז געלערנט די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנערע מלחמות. דאָס האָבן מיר אויך געזען, בעת דער פּויליש־סאָוועטישער מלחמה, ווען די באָרוועסע רויטע אַרמיי האָט פאַרטריבן פּילסודסקין ביז די טויערן פון וואַרשע.

יאָ. דעמאָלט זיינען נישט געווען קיין טאַנקען און קיין אַוויאַציע. אָבער די פּוילישע אַרמיי איז שטענדיק געווען בעסער באַוואָפנט פאַר דער סאָוועטישער.

און מיר האָבן ווייטער געטראַכט:

די אינטערווענץ פון ראַטן־רוסלאַנד אין קריג וועט אַ סוף מאַכן צו די באַבע־מעשיות וועגן ענגלישן און יענקישן אימפּעריאַליזם, מיט וועלכע די רויטע „פינפטע קאָלומנעס" סאַבאָטירן די קריגס־הכנות אין די פאַראייניקטע שטאַטן און צעשטערן די שאַפונג פון אַן אייניק־געשלאָסענע אַנטי־נאַצי פראָנט אין אַלע אַנדערע לענדער.

די אינטערווענץ פון ראַטן־פאַרבאַנד אין קריג וועט אָנצינדן מיט נייעם פייער דעם קאַמפּס־ענטוזיאַזם פון די מאַסן אין די דעמאָקראַטישע לענדער און וועט שטאַרקן זייער גלויבן אין נצחון.

די דעמאָקראַטישע וועלט וועט פאַרגעסן, וועט מוחל זיין די ביז איצטיקע חטאים פון קרעמל און עס וועט געשאַפן ווערן אַ מעכטיק פאַראייניקטער קריגס־פראָנט קעגן נאַצי־פאַשיזם, וואָס וועט אומפאַרמיידלעך ברענגען זיין שנעלע מפּלה...

אַזוי האָבן מיר געטראַכט אין דער נאַכט, ווען אונדז האָט זיך געוואָלט אַזוי שטאַרק גלויבן, אַז די סענסאַציאָנעלע ידיעה וועגן דעם דייטש־סאָוועטישן קריג זאָל זיין ריכטיק...

(יוני 1941)

# די גורל־שעה פון אייראָפּע

(אין דער נאַכט פון 22־טן יוני 1941).

עס איז אַלזאָ געשען!

היטלער האָט געוואַגט. זיינע אַרמייען, בשותפות מיט די שוואַרצע מחנות פון רומעניע און פון דער נקמה־דורשטיקער פינלאַנד, מאַרשירן אויף די גרעניצן פון סאָוועט־רוסלאַנד.

דער אומגאַטירלעכער, משונהדיקער בונד צווישן סאָוועט־רוסלאַנד און דעם שוואַרצן דייטשלאַנד איז צעריסן.

די אייראָפּעאישע מלחמה טרעט איצט אַריין אין אַ נייער אַנטשיידנדער פאַזע.

איצט ווערט געשטעלט צו פּראָבע די מיליטערישע רעזיסטענץ פון דעם גרעסטן לאַנד אין אייראָפּע.

עס איז מער ווי זיכער, אַז ענגלאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן וועלן פאַר־געסן אַלע זייערע חשבונות מיטן לאַנד פון די סאָוועטן. איצט איז פאַראַן איין גרויסער פּיינט פון דער מענטשהייט, וואָס קאָן ווערן אַלמעכטיק און אומבאַזיגבאַר, אויב ער זאָל דעראָבערן רוסלאַנד מיט אירע אומענדלעכע קוואַלן פון רוי־שטאָף און שפּייז.

דאָס טאָר נישט געשען און דאָס באַגרייפט מען אויסגעצייכנט אין לאָנדאָן און אין וואַשינגטאָן.

איצט איז נישט דער מאָמענט צו געדענקען די שווערע חטאים פון דער ביז־איצטיקער סאָוועטישער פּאָליטיק.

איצט, זאָל זיין אפילו קעגן איר ווילן, איז רוסלאַנד די אַליאירטע פון דער וועלט־דעמאָקראַטיע.

נאָך די דערפאַרונגען מיט פראַנקרייך קאָן קיינער נישט זאָגן קיין נביאות וועגן די פּערספּעקטיוון פון דעם נייעם דייטשן מיליטערישן פאַרמעסט מיט דעם ריזיקן לאַנד, וואָס פאַרמאָגט מיליאָנען קאַמפס־גרייטע מענער און פרויען.

איצט איז נישט די צייט צו טענהן:

— אַהאַ, מיר האָבן עס געזאָגט, פאָראויסגעזען און געוואָרנט!

ראַטן־רוסלאַנד האָט געבלאָנדזשעט, ערנסט געבלאָנדזשעט, אָבער איצט איז זי סוף־כל־סוף דאָך אין קאַמף מיט דעם בלוטיקסטן שונא פון דער מענטשהייט און יעדער סאָוועטישער נצחון איז דער זיג פון דער פרייער מענטשהייט.

מיר האָפן, אַז עס וועט זיך אָנצינדן דאָס פייער פון רעוואָלוציאָנערן פּאַטריאָ־טיזם אין רוסלאַנד, און אויב די דייטשע מאָטאָריזירטע האָרדעס זאָלן אפילו זיגן אין

דער ערשטער פאזע פון קריג, וועט היטלער דאך סוף־כל־סוף האבן נאפאלעאנס סוף אין רוסלאנד.

מיר גלויבן, אז עס האט איצט געשלאגן די גורל־שעה פאר אייראפע און דער היינטיקער טאג וועט זיין היסטאריש, ווייל היטלער האט געחתמעט זיין טויט־אורטייל.

מיט גלויבן און האפנונג באגעגענען מיר דעם נייעם קריגס־שטורם, וואס צע־טראגט זיך איצט איבער גאנץ אייראפע און וועט מעגלעך דערגרייכן אויך די ווייטע אזיע.

בדמיך חיי!

אין דעם נייעם בלוט־שטורם קומט די גאולה פון דער מענטשהייט!

(יוני 1941)

# בדמיך חיי!...

(צום נאַציאָנאַלן טרויער־טאָג, דעצעמבער 1942)

היינט איז אונדזער טרויער־טאָג.

היינט ווילן מיר זיך איינגראָבן אין אונדזער צער, אויפרייסן פאַר זיך, און פאַר דער וועלט, דערהויפּט פאַר זיך אַליין, אונדזערע ברענענדע וואונדן.

אונדזער פאָלק קומט אום אין אייראָפּע. אַ העלפט פון אונדזער פאָלק איז שוין אומגעבראַכט געוואָרן פון דעם גרויזאַמסטן שונא, וואָס מיר האָבן ווען עס איז געהאַט אויף דעם דערנערפולן און בלוטיקן וועג פון אונדזער אַלטער געשיכטע.

צוויי מיליאָן יידן, בלוט פון אונדזער בלוט, פלייש פון אונדזער פלייש איז שוין אומגעקומען אויף קידוש־השם והאומה.

וואָס זיינען פאַר דער וועלט צוויי מיליאָן יידישע מענער און פרויען, זקנים און עופהלעך?

אין דער גרויסער וועלט־שחיטה, אויף די בלוטיקע שלאַכטן פון גאָר דער וועלט, וואו עס גייט אָן דער געראַנגל צווישן די כוחות פון פינצטערניש און ליכט, זיינען אומגעקומען אַ סך מער ווי צוויי מיליאָן לעבעדיקע וועזנס.

די וועלט נעמט אויף אונזערע צוויי מיליאָן אין דעם אַלגעמיינעם בלוטיקן חשבון.

די וועלט טרייסט זיך, אַז אויף די קברים פון די פאַרשניטענע לעבנס וועט אפשר אויפבליען אַ ניי, אַ גליקלעך לעבן.

מיר האָבן אָבער פאַרלוירן אַ העלפט פון אונדזער פאָלק אין דער פאַרבלוטיקטער אייראָפּע.

און מיר קלאָגן נישט נאָר אויף די אין פיין און יסורים פאַרשניטענע יידישע לעבנס.

מיר זעען פאַר אונדזערע אויגן דעם שאַרפן בלאַנק פון דעם גזלנישן שווערד, וואָס איז אויפגעהויבן איבער די קעפּ פון די מיליאָנען ברידער און שוועסטער און וויל זיך אויף זיי אַראָפּלאָזן.

מיר ווערן געפּייניקט פון שרעק און אימה, אַז אָט באַלד קומט שוין דער סוף פון דעם שוואַרץ-רויטן יאָר 1942, וואָס דאַרף לויט דער גזלנישער מחשבה פון דעם שרעקלעכן תליון זיין דער סוף פון אונדזער גאַנץ פאָלק אין דער פאַרבלוטיקטער און פאַרשקלאַפטער אייראָפּע.

אונדזער מוח ווערט געפּלאָגט, אונדזער האַרץ און נשמה ווערן צעריסן אויף שטיקער פון דעם גרויזאַמען קאָשמאַר...

היטלער האָט גוזר געווען:

ביזן 31־טן דעצעמבער 1942 זאָל נישט בלייבן לעבן קיין איין יידישער נפש

אין דער גאַנצער אייראָפּע, וואָס ער האָט פאַרכאַפּט אין זיינע חיהשע נעגל...

קאָן האָט דער מאָוימדיקער גזר ווערן אַ שרעקלעכע ווירקלעכקייט? — האָבן מיר זיך געפרעגט.

און מיר האָבן זיך געטרייסט: ניין! אַזאַ בלוטיקער שגעון איז אוממעגלעך.

אין מינוטן פון דער ביטערסטער פאַרצווייפלונג און מאַכטלאָזן פּיין, האָבן מיר זיך געזאָגט:

ניין! דאָס איז אוממעגלעך, נישטאָ דער פאַרברעכער, וואָס זאָל אימשטאַנד זיין אויסצופירן אַזאַ מאָנסטרועזע מאַסן־שחיטה פון מיליאָנען אומשולדיקע מענער, פרויען און קינדער...

יאָ, מיר האָבן געוואוסט, אונדזער בלוטיקע דערפאַרונג האָט אונדז געלערנט, אַז עס איז נישטאָ דער פאַרברעכן אויף וועלכן דער נאַצי־תליון זאָל נישט זיין פעאיק.

אָבער אונדזער מוח איז נישט פעאיק געווען אויפנעמען דעם קאָשמאַר, אַז היטלער האָט זיך באמת פאַרמאָסטן, איידער ער וועט אַליין אָפּגעווישט ווערן פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד, אומברענגען און פאַרטיליקן אונדזער גאַנץ פאָלק, אין אייראָפּע, יונג און אַלט, זקן און אומשולדיקע עופהלעך.

אָבער, ווי מיט שאַרפע מעסערס שניידט זיך אַריין אין אונדזער מוח, אין אונדזער פאַרצווייפלט האַרץ און נשמה די מאָוימדיקע וואָרנונג פון אונדזערע גרויסע און פאַראַנטוואָרטלעכע פירער:

— ביז דעם סוף פון 1942 האָט היטלער גוזר געווען, אַז עס זאָל קומען אַ סוף צו אונדזער פאָלק אין אייראָפּע...

ניין! מיר קאָנען זיך שוין מער נישט טרייסטן מיט פאַלשע האָפנונגען.

מיר מוזן קוקן דעם מאָוימדיק־גרויזאַמען אמת גלייך אין פנים אַריין.

נאָך אַ טאָג, נאָך ניין און צוואַנציק טעג און דער גזלנישער מעסער וועט זיך אַראָפּלאָזן אויף מיליאָנען יידישע קעפּ און עס וועט פאַרשניטן ווערן אונזער גאַנץ פאָלק אין אייראָפּע...

סיידן, סיידן עס זאָל געשען, אַ נס, און די וועלט, די וועלט, וואָס איז פאַרטויבט פון דעם קאַנאָנען־קלאַנג אויף אַלע שלאַכטפעלדער פון דער ערד, זאָל פאַרנעמען אונדזער געשריי, זאָל אויפשטורמען מיט אַ מעכטיקן צאָרן און וואָרנונג, אַז דער תליון זאָל זיך דערשרעקן און דער חלף זאָל אַרויספאַלן פון זיינע פאַרבלוטיקטע הענט.

מיר בעטן נישט ביי דער וועלט זי זאָל מיטקלאָגן מיט אונדז אויף די מיליאָנען אונדזערע שוין פאַרשאָטענע קברים.

מיר וועלן אַליין אויסוויינען אונדזערע טרערן. מיר וועלן אָפּריכטן אַליין אונדזערע נאַציאָנאַלע אבילות.

מיר פאַרלאַנגען נישט ביי פרעמדע קיין מיטלייד און קיין רחמנות.
מיר פאָדערן אָבער פון דער וועלט זי זאָל אויפשטורעמען מיט איר וואָרנונג.
איין פאַרברענטער און פאַרטיליקטער טשעכישער דאָרף — לידיצע האָט אַרויס־גערופן דעם געררעכטן צאָרן פון דער וועלט, האָט אויפגעשטורעמט דעם געוויסן פון דער נאָך פרייער מענטשהייט.
ס'האָבן זיך געהערט צאָרנדיקע דראָאונגען פון גערעכטער נקמה.
צי דען פאַרדינען נישט מיליאָנען פון אונדזערע קדושים דעם צאָרן, די נקמה־דראָאונג פון דער ערלעכער און נאָך פרייער וועלט?!!...
זיי ווייסן אַלע, זיי ווייסן די פירער פון די פרייע קעמפנדע פעלקער וועגן דעם פאַרברעכן וואָס דער תליון גרייט זיך אויספירן אויף אונדזער פאָלק.
וואו איז די דראָענדע וואָרנדע שטימע פון די צדיקי הדור, פון די טשורטשילס און אפילו רוזוועלטס?!...
מיר ווייסן נישט, צי דאָס וואָלט אונדז געהאָלפן, צי דאָס וואָלט געראַטעוועט אונדזער פאָלק.
אָבער, וואו, וואו איז זייער שטים, וואָס מיר האָבן געדאַרפט פאַרנעמען אין אונדזער שרעקלעכן פיין און פחד?!!
מיר פאַרלאַנגען נישט דעם מיטלייד, די רחמים פון דער וועלט.
מיר ווייסן אָבער, אַז די מענטשן, וואָס וועלן בלייבן טויב צו אונדזער אַנגסט־רוף וועלן נישט בויען, זיינען נישט ראוי צו בויען די נייע גערעכטע וועלט, וואָס דאַרף אויפבליען און אויפשטיין אויף דער פאַרבלוטיקטער ערד...

:: :: ::

היינט איז דער טאָג פון אונדזער נאַציאָנאַלן טרויער. מיר ווילן זיך אַליין איינ־גראָבן אין אונדזער צער.
גלויביקע און נישט־גלויביקע וועלן מיר זיך פאַרזאַמלען אין די שולן, מיר ווילן אויפרייסן די שערי שמים. מיר ווילן זיך באַהעפטן צו אונדזערע אבות, מיר ווילן זוכן טרייסט דאָרטן וואו זיי האָבן דורות־לאַנג געזוכט נחמה און גערעכטיקייט, ווען עס האָבן געברענט די שייטער־הויפנס פון דער אינקוויזיציע, ווען עס האָבן מאַר־שירט די מערדער לעגיאָנען מיט דעם קרייץ, און די קאָזאַקן מיט זייערע שווערדן...
מיר ווילן זוכן טרייסט, נחמה און האָפנונג ביי דעם שר פון אונדזער אומה.
מיר וועלן פאַרגיסן הייסע טרערן אויף די קברים פון אונדזערע קדושים.
מיר ווילן געגרויסט און געהייליקט ווערן פון אונדזער אמתן צער.
מיר ווילן דערהערן דעם בת־קול פון אונדזער געשיכטע:
בדמיך חיי!

היינט איז אונדזער טאָג פון טרויער און פון צער.

אָבער איבער אונדזערע מיט אַש באַדעקטע קעפּ שוועבט דער גייסט פון אונ־דזער געשיכטע, די אמונה און נצח ישראל.

אונדזערע פאַרנעפּלטע פון טרערן אויגן זעען שוין אין דער שוואַרצער בלוטי־קער נאַכט די ערשטע ליכט־שיינען פון דער אויפגייענדער זון פון דער געשיכטע.

אין דעם דונער פון די קאַנאָנען, וואָס דערטראָגן זיך צו אונדז פון די העראָ־אישע שלאַכטפעלדער פון דעם קעמפנדן רוסלאַנד, פון די שלאַכטפעלדער פון דער שוואַרצער אַפריקע, פאַרנעמען מיר דעם בת־קול פון אונדזער געשיכטע:

— דער טאָג פון דער גאולה קומט.

— עס וועט אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד דער ממשלת זדון און איבער דער אָנגעזאָפּטער מיט יידיש און מענטשלעך בלוט ערד וועט אויפשיינען די זון פון דעם באַפרייטן ישראל און פון דער דערלייזטער מענטשהייט...

היינט, זאָל זיך אָבער גיסן אונדזער הייסע טרער אויף די קברים פון די, וועלכע זיינען אומגעקומען אויף קידוש־השם, כדי ישראל זאָל אייביק לעבן און כדי מענטש און ייד זאָלן דערלייזט ווערן.

(דעצעמבער 1942)

# פאַר דעם זון-אויפגאַנג

אין אייראָפּע איז ווידער פינצטער געוואָרן.
עס צעשווימען ווי רויך אונדזערע גאָלדענע חלומות.
וואו זיינען אונדזערע גרויסע האָפנונגען פונעם שטורמדיקן מערץ?...

ווי שטאַרק ס'איז געווען אונדזער גלויבן, אַז דאָס ליכט, וואָס האָט זיך אָנגע־צונדן אין רוסלאַנד וועט זיך פאַרשפּרייטן איבער דער וועלט, מיר זיינען דאָך כמעט ווי זיכער געווען, אַז פּעטראָגראַד איז דער גליקלעכער אָנהויב פון דעם נצחון־מאַרש פון דער וועלט־באַפרייענדער און דערלייזנדער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

און איצט?

אַ פאַרמאַטערטע, אַ צעבלוטיקטע, אַ פאַרהונגערטע ליגט איזאָלירט דאָס היי־ליקע רוסלאַנד, אַרומגערינגלט מיט וועלף, וואָס זיינען גרייט צו וואַרפן זיך אויף איר, פאַרטרינקען אין בלוט דאָס אומגליקלעכע לאַנד, ווייל זי האָט די העזה גע־האַט צו צעברעכן די אַלטע געטער פון אייראָפּע, ווייל זי האָט געוואַגט צו גלויבן אין אַ נייעם סאָציאַלן יושר, וואָס שטעלט אין סכנה דעם געהייליקטן יושר פון קאַפּיטאַליסטישער דעמאָקראַטיע...

אויף אַ ווײַלע האָט אַ בליץ געטאָן פון בערלין...

געפאַלן דער האָהענצאָלערן־טראָן, די סאָציאַליסטן האָבן איבערגענומען די פּאָליטישע פירערשאַפט פון דער גרויסער ביז אַהער שוואַרצמער מדינה.

ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער זון-אויפגאַנג איז שוין נאָענט, ווידער האָט זיך אָנגעצונדן אין אונדז די פאַרלאָשענע האָפנונג.

אָבער נישט דער פּעטראָגראַדער און נישט דער בערלינער שטורם האָט נאָך נישט אויפגעוועקט אייראָפּע, דער בליץ איז נאָך נישט שטאַרק גענוג צו פונאַנ־דערטרייבן דעם חושך, וואָס האָט איינגעוויקלט די אייראָפּעאישע דעמאָקראַטיע.

פון נצחון באַרוישט שווייגן שטיל די פעלקער פון די אַליאירטע און קוקן שווייגנד צו, ווי עס זאַמלט זיך די אייראָפּעאישע רעאַקציע צו פאַרגוואַלדיקן די נייע אין גייסט און אידייען דעמאָקראַטיע פון רוסלאַנד.

מאָלנדיק דעם טייוול אויפן וואַנט, דעם טייוול פון אינוואַזיע האַלט מען אין צוים דעם פּראָלעטאַריאַט פון דייטשלאַנד, מ'צעטרייבט אין קעלן און אין די פאַר־נומענע רהיין־פּראָווינצן די סאָוועטן־פאַרוואַלטונג. און די דייטשע בורזשואַזיע פאַר־שטייט זייער גוט, ווי אויסצונוצן דעם שרעק פאַר דער אַריינמישונג פון די אַלי־

אירטע חילות, און זעט דערשטיקן, פארקלענערן דעם סאָציאַלן שוואונג פון דער דייטשער רעוואָלוציע...

פינצטער איז אין אייראָפּע.

מיר הערן נאָך נישט די דערוואכטע שטים פון די אומגליקלעכע זיגער-פעלקער, עם שווייגט נאָך דער פּראָלעטאריאט אין פראנקרייך, ענגלאנד און איטאליע.

און אין אָט דער פינצטערניש קלויבט זיך צוזאמען דעם בית־דין פון ווערסאַל.

וואָס פאר א גוטס קענען מיר דערווארטן פון די פּאָליטישע בעלי־נצחון פון דער אַלטער אייראָפּע? געשפּייזט האט מען די אומגליקלעכע פעלקער מיטן צוזאָג, אַז מ׳גייט איבערבויען די וועלט אויף נייע, גערעכטע יסודות און פאר־שטאָפּן וויל מען איצט דאָס מויל פון די אויפגערעגטע נאַציעס מיט דייטשער קאָנ־טריבוציע, מיט דייטשע קאָלאָניעס, מיט דייטשע שיפן...

פינצטער איז אין אייראָפּע.

ה ע נ ד ע ר ס אָ ן, דאָס לעבעדיקע געוויסן פון דער ענגלישער דעמאָקראטיע און פּראָלעטאריאט האט פארשפּילט זיין פּלאץ אין פארלאמענט ווייל פארטויבט איז איצט דאָס ענגלישע פאָלק פון דעם טריאומף־געשריי פון זיינע געשיקטע פּאָ־ליטישע פירער־פארפירער. אינעם נצחון-שכרות שווייגט דאָס געוויסן...

ווי א טראגישע פיגור שטייט איצט פּרעזידענט ו וי ל ס אָ ן צווישן די פּאָליטישע פּיראטן פון דער אַלטער אייראָפּע, ער האט דאָך ערלעך און ערנסט געמיינט, אַז זיינע 14 פּרינציפּן זיינען געוואָרן דער אני־מאמין פון די פּאָליטישע הערשער פון זיינע מלחמה־שותפים. צווישן די מאכט-האבנדע פּאָליטיקער, וואָס האָבן זיך צוזאמענגעקליבן אין פּאריז איז ער דאָך דער ערלעכסטער, וואָס מיינט ערנסט מיט זיינע פּאָליטיש־דעמאָקראטישע אידייען פון א פעלקער־בונד, פון א ריינערער, ערלעכער און ניט רויבערישער אינטערנאציאָנאַלער פּאָליטיק.

ארומגערינגלט פון דער רעאקציע אין זיין אייגן לאנד און פון די פּאָליטישע בעלי-דעות פון פּאריז וועט ער ביישטיין דעם נסיון? וועט דאָס ווילסאָנישע פרידנס־פּראָגראם, וואָס איז אויך אָנגענומען געוואָרן פון דער סאָציאַליסטישער אַליאירטער קאָנפערענץ, וועט דאָס בלייבן א שטיקל פּאפּיר, א קאָרטן־הייזל, וואָס צעשיט זיך פון דעם ערשטן ווינט־שטוים פון דער שווארצער רעאקציע, וואָס זאמלט זיך ארום דעם פרידנס־טיש?...

ווידער איז פינצטער געוואָרן אין אייראָפּע.

אָבער אין אונדז לעבט נאָך די שטארקע האָפנונג, אַז דאָס איז די לעצטע פינצ־טערניש פאר דעם זונען־אויפגאנג.

עס קען דאָך נישט אומזיסט זיין דאָס מארטירערטום פון אייראָפּע.

עס מוז דאָך זיין א גרעניץ צו דער נארישקייט פון די פעלקער...

האט דען דער גרויסער דעמאָקראט א יי ב ר א ה א ם ל י נ ק אָ ל ן א

מעות געהאַט, ווען ער האָט געוואָרנט די מאַכט־האָבער, אַז מ׳קען נאַרן אַ טייל פאָלק אַ געוויסע צייט, אָבער מ׳קען נישט נאַרן דאָס גאַנצע פאָלק, די גאַנצע צייט . . .

שווער און אין מאַטערניש ווערט געבוירן די נייע וועלט...

אָבער אין אונדזער הארצן לעבט דאָס גרויסע, טרייסט־וואָרט פון אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר ה ע ר צ ע ן אין דער צייט פון דער אייראָפּעאישער רעאַקציע אין די פופציקער יאָרן:

„...מיינע פריינט, פאַרצווייפלט נישט. זיי האָבן געזיגט, לאָמיר פאַרזאַמען זייער פרייד מיט אונדזער האָפנונג, מיט אונדזער נביאה, דער מאָרגן איז אונדזערער!...“

(1919)

# ד ע ר  י אָ ר צ י י ט

די באַפרייאונגס־קאַמפן פון רוסישן פאָלק

דער סוף פונעם יאָר 1904...

די לופט איז פול עלעקטריציטעט...

דאָס גרויסע רוסלאַנד פילט, אַז זי שטייט אויפן שוועל פון גרויסע געשעענישעם וואָרפט שוין פאָראויס זיינע שאָטנס דער „ר ו י ט ע ר ז ו נ ט י ק“ פון ניינטן יאַנואַר, — דער פראָלאָג פון דער רוסישער פרייהייטס־טראַגעדיע מיט דעם דראַמאַטיש־מיסטעריעזן גלח גאַפּאָן אַלס איר הויפּט־העלד.

אין „וויענא“, דעם פּעטערבורגער רעסטאָראַן — דעם טרעף־פונקט פון דער רוסישער ליטעראַטור און קונסט, איז פאַרזאַמלט אַלץ וואָס רוסלאַנד פאַרמאָגט גרויסעס אויף דעם געביט פון קולטור — קונסט, ליטעראַטור און טעאַטער, דאָ איז די לייכט־שפּילנדע באָהעמע און די ערנסט־טראַכטנדע קריטיק און פּובליציסטיק.

דער זייגער־ווייזער דערנענטערט זיך צו צוועלף...

און ווי דורכגענומען פון אַ געפיל, אַז מען באַגעגנט אַ גרויסן, שיקזאַל־שווערן יאָר פאַר רוסלאַנד, ווערט מען מיט אַ מאָל שטיל און ערנסט און מיט אַ נערוועזער אויפרעגונג נעמט מען זיך צו די ווייַן־גלעזער.

און פּלוצלינג הויבט זיך אויף פון זיין פּלאַץ דער אַלטער וועטעראַן פון דער רוסישער ליטעראַטור — דער גרויסער נ י ק אָ ל א י מ י כ א י ל אָ װ ס ק י, און ווי אַ צוואה האָבן געקלונגען זיינע לעצטע ווערטער (אין עטלעכע וואָכן אַרום איז ער געשטאָרבן):

...מיינע ברידער. רוסלאַנד האָט געשאַפן די גרעסטע ליטעראַטור אין דער וועלט. דאָס אָפּגעשטאַנענסטע פאָלק אין דער וועלט האָט געשאַפן די העכסטע גייסטיקע אוצרות. וואָס פאַר אַ פּאַראַדאָקס פונעם שיקזאַל!

„איך הויב מיין כוס פאַר דער גליקלעכער צייט, ווען ד אָ ס ר ו ס י ש ע פ אָ ל ק וועט ווערט זיין ג ר ו י ס ע ל י ט ע ר אַ ט ו ר...״

:: :: ::

פופצן יאָר זיינען אַוועק...

און איצט צום יאָרצייט פון דעם גרויסן נס פון דער געשיכטע — פון דער מפּלה פונעם רוסישן צאַריזם, שווימען אַרויף אין מיין זכרון די ווערטער פון דעם גרויסן רוס מיכאַילאָווסקי.

האָט זיך דאָס רוסישע פאָלק דערהויבן צו דער ווערט פון זיין גרויסער ליטעראַטור?

אַלעקסאַנדער הערצען, בעלינסקי, מיכאַילאָווסקי, טאָלסטאָי, קאָראָלענקאָ, — די ליכטיקע, די זוניקע און העלע ווי דער טאָג, און דאָסטאָיעווסקי גאָגאָל, גאַרשין — די טונקעלע און סודותדיק טיפע, ווי נאַכט...

רוסלאַנד, אין וועמענס וועגן גייסטו איצט?

:: :: ::

„...אויב דאָס גליק פון דער וועלט דאַרף דערגרייכט ווערן מיטן פּרייז פון איין טרער פון איין קינד, דאַן זאָג איך זיך אָפּ פון גליק און פון דער וועלט. איך קער אום צוריק דעם בורא מיין איינטריטס-קאַרטע צום לעבן...״ — אַזוי רעדט צו אונדז דאָס ליכטיקע און זוניקע רוסלאַנד מיטן מויל פון א י וו אַ ן ק אַ ר אַ מ אַ ז אָ וו.

אין וועמענס וועגן גייסט איצט, נאַענטע און ווייטע, אין בלוט-פאַרטרונקענע רוסלאַנד?...

„...אויב איך וועל אַרויפשטייגן אויף דער העכסטער שטופע פון מענטשלעכן פּראָגרעס און גליק, וועל איך פאָדערן פון דער געשיכטע ד י ן ו ח ש ב ו ן פאַר י ע ד ע ר א ו מ ג ע ק ו מ ע ן ל ע ב ן. און אויב איך וועל נישט באַקומען קיין באַפרידיקנדע תשובה, וואַרף איך זיך אַראָפּ פון אָט דער העכסטער שטופע און וועל זיך צעפּלעטן דעם קאָפּ...״ אַזוי רעדט דער שטורמדיקער וו ע ס ע ר י אָ ן ב ע ל י נ ס ק י.

אין וועמענס וועגן גייסטו איצט, געפּייניקטע, געמאַטערטע, הייליקע אָדער וואַנזיניקע רוסלאַנד?...

ווער קען דיך פאַרשטיין. הייליק-קינדישע ווי ר אַ ס ק אָ ל נ י ק אָ וו, פינצטער-אומריינע, ווי ס מ ע ר ד י אַ ק אָ וו, דו מיין ווייט-נאָענטע, פרעמד-טייער פאַטערלאַנד.

פארשטעלט און פארשלייערט ביזט דו פון אונדז, רוסלאנד. נאר וועגן דיינע זינד און חטאים הערן מיר.

פאלן וועט דאך אמאל דער שווערער פארהאנג מיט וועלכן מ'פארשטעלט דיך פון אונדז, פון דער וועלט.

וועלן מיר דערזען דעמאלט דיין ליכטיק זוניק געשטאלט, וואס האט זיך אפגע־שפיגלט אין א י וו א ן ק א ר א מ א ז א וו, אדער איז דאס אמת, אז דער נאכט־פינצטערער ס מ ע ר ד י א ק א וו האט דיך באזיגט?...

ניין! רוסלאנד, מיר גלויבן אין דיר, דו וועסט זיך, דו מוזט זיך דערהויבן צו דער ריינקייט פון דיין גאלדענעם שפיגל — דיין גרויסער ליטעראטור...

(1919)

---

## שטימונגען און וועלט אנשויאונג

נעמסט די צייטונג אין האנט. זי דערציילט דיר פון א „בארטאלאמעאוס־נאכט“ אין א ד ע ס, פון דער טויזנט־און־ערשטער יידישער שחיטה, וואס קומט פאר איצט אלע פיר און צוואנציק שעה אין מעת־לעת דארטן, וואו אמאל האט געלעבט און איצט גוס'ט דאס־יידישע פאלק.

דו זעסט פאר זיך:

בלוט, בלוט און בלוט...

אמאל אין דער גליקלעכער פאר מלחמה פאגראם־צייט, איז געווען כמעט א טרייסט: נישט די גאנצע וועלט איז דאך געגליכן צו סדום, ערגעץ־וואו איז דא כמעט א גערעכטער, ערגעץ־וואו הערט זיך א מענטשלעכע שטים פון פראטעסט און ענטריסטונג.

אמאל איז געווען א סגולה: מיר פלעגן זיך טרייסטן מיט חלשות־טראפן, ווען מיר פלעגן האלטן ביים חלשן פון פיין, „פראגרעס“ האט דער טראפן געהייסן. שלעכט איז נאר ה יי נ ט און מיט האפנונג האבן מיר געקוקט אויפן מארגן...

נו, זיינען פארשוואונדן יענע גליקלעכע נאאיווע טעג.

און אז דיך פארפאלגן די גסיסה־געשרייען פון דיינע פארמוטשעטע ברידער, און זיי שפאלטן נישט דעם קופערנעם הימל און צעטראגן זיך, ווי א קול אין דעם מדבר, און די וועלט איז טויב, און די שטיינער שווייגן, און די פעלקער (צוזאמען מיטן פראלעטאריאט) זיינען נאך שטומער און טויבער פאר שטיינער... אז דיר פארפעלט אטעם פון מאכטלאזן צער, רייסט זיך ארויס דער געשריי:

„מ י ט ן ר ו ק ן צ ו ד ע ר וו ע ל ט“...

חבר וו. וואונדערט זיך: ווי אזוי זאָגט מען אזוינס? דערמיט איז מען דאָך א כופר בעיקר...

מיין ליבער חבר וו.! אויב עמיצער פון דעם רעשטל ביסל פון אונדזערע קעג־נער כאַפּן אויף אַן ארויסגעריסענעם זאַץ און מאַכן זייערע „קלוגע" פּשטים, פאַר־שטיי איך זיי.

איך פאַרשטיי מענטשן מיט אביסל קאַלטן אָרימען שכל אין קאָפּ, ביי וועמען ס'פליסט מילך און נישט בלוט אין די אָדערן, אָה, זיי קענען רואיק בלייבן ווען ס'גיסט זיך אַן א סוף און אַן אויפהער יידיש בלוט.

דאָרט וואו ס'שווייגט דאָס יידישע הארץ און פאַרטעמפּט איז דאָס מענטשלעך געפיל וואו אונדזער נאַציאָנאַלער צער ווערט געלעסטערט אַלס „קאַצניאַמער פון ציונים", דאָרט באַגרייף איך אַז מ'קען נישט, מ'דאַרף נישט פאַרשטיין א צו שאַרף וואָרט, געזאָגט אינעם מאָמענט פון פאַרצווייפלונג.

מיך וואונדערט אָבער אויף אייך, חבר וו. איר האָט דאָך געדאַרפט באַגרייפן, אַז „מיטן רוקן צו דער וועלט" איז נישט אונדזער און נישט מיין פּאָליטישער אני־מאמין. דאָס איז א וויטיק־געשריי און נישט מער. א צאָרן־זשעסט אין א מינוט, ווען דער יאוש באַהערשט מיך.

ניין, איך האָב נישט געמיינט אָפּצוזאָגן זיך פון דעם הויפּט־יסוד פון אונדזער גאַנצער וועלט־אָנשויאונג, וואָס זעט דעם נצחון פון פּאַלעסטינע נאָר אין דעם זיג פון דער נייער וועלט־אָרדנונג.

איך בין איצט, ווי געווען שטאַרק אין מיין אמונה, אַז א ו נ ד ז ע ר ארץ ישראל־אידעאַל קען פאַרווירקלעכט ווערן נאָר אין דער נייער וועלט, וועמענס אָנ־קומען מיר וואַרטן, כאָטש מאָמענטנווייז ווערן מיר אומגעדולדיק, ווייל ס'געדויערט צו לאַנג און יידיש בלוט גיסט זיך דערווייל...

„מיטן רוקן צו דער וועלט", געווייס נישט צו דער וועלט, וואָס בלוטעט און רייסט צום ליכט.

„מ י ט ן פּ נ י ם צ ו צ י ו ן" דאָס יאָ.

דאָס איז מיין זיכערסטע און אייזערנע איבערצייגונג, אַז מיר, ד אָ אין די לענדער פונעם אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, קענען און מוזן מער פאַר אונזערע חברים אין אייראָפּע טאָן פאַר אונדזער טעריטאָריאַלער דערלייזונג.

געוויס דאַרפן מיר לויט אונדזערע כוחות און מעגלעכקייטן, העלפן שטופּן דעם שווערן וואָגן פון פּאָליטישן און סאָציאַלן פּראָגרעס, אָבער נאָר העלדן פון דער פייער־ווערק פראַזע קענען זיך מאַכן אילוזיעס, אַז מיר, דער קליינער עמיגראַנטן מיעוט, קענען אויפטאָן גרויסעם אויף דעם געביט.

מיר קענען אָבער יאָ פיל אויפטאָן, העלפנדיק וואָס שנעלער און אין וואָס פול־קאָמענער אויפבויען אונדזער היים אין ארץ ישראל.

דער קאמף פאר א קאָאָפּעראַטיווער און סאָציאַליסטישער קאָלאָניזאַציע־פּאָליטיק אין פּאַלעסטינע מוז דאָ אונדזער הויפּט־עובדה זיין. דאָס איז, ס'קען זיין אַז דערווייל, אונזער ה ו י פּ ט ־ פראָנט פאר וועלכן מיר דארפן מאָביליזירן אונדזער גאַנצע ענערגיע, אונדזערע אַלע כוחות.

(1919)

---

# נ אָ ו ע מ ב ע ר

ביז מיט צוויי יאָר צוריק איז מערץ דער יחסן געווען.

דער רויטער מערץ, איז געווען דער חודש פונעם פּאָליטישן „פרילינגס־דער־וואַכן" פון דער פארשקלאָפּטער אייראָפּע. אין מ ע ר ץ האָט זיך אָנגעהויבן דער „שטורם און דראַנג" פעריאָד. אין מ ע ר ץ האָט דער אויסגעלאָשענער רעוואָלוציאָנערער וואולקאַן פון פ א ר י ז ווידער אָנגעהויבן מיט פלאַמען שפּייען און זיין דונער־רעש האָט זיך צעטראָגן איבער דעם שווארצן עסטרייך, אונגארן און דייטשלאַנד...

דער פיל באַזונגענער מ ע ר ץ האָט אָבער נישט אריינגעטראָגן קיין נ יי ע ם ניגון אין דער וועלט־געשיכטע, ער איז נאָר אַ שוואַכערווידערקול געווען, בלויז אַן עכאָ פון דער גרויסער וועלט־באַפרייענדער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

איצט זיינען מיר עדות, ווי די היסטאָרישע דאַטן פאַרוועקסלען זיך מיט די יאָרציַיטן: דעם אמתן פרילינג פאר דער וועלט וויל גאָר ברייַנגען דער ה ע ר ב ס ט־ לע כ ע ר נאָוועמבער.

מ ע ר ץ טרעט אָפּ זיין פּלאַץ. פון איצט אָן וועט נ אָ ו ע מ ב ע ר שטעלן אַליין דער רויטער חודש פון דער געשיכטע...

און ווער ווייסט? ס'קען זיין, אַז דער ז י ב ע ט ע ר נ אָ ו ע מ ב ע ר, דער טאָג, ווען דער סלאַוויש־יידישער זשעני האָט אָנגעצונדן דעם פאַקל פון דער סאָציאַלער גאולה, וועט ווערן די גרעניץ ליניע פון אַ נייער ערע און ווי קריסטוס געבורט וועט ער זיין דער אָנהויב פון אַ נייער צייט־רעכנונג אין דער געשיכטע...

דערווייל קאָכט און ברויזט דער פייער־קעסל פון דער געשיכטע און ווער קען איצט אַרויסטראָגן דעם ענדגילטיקן אורטייל וועגן דער נאָוועמבער־איבערקערעניש אין רוסלאַנד?

איצט ווייסן מיר נאָר איינס, אַז מיר זיינען די עדות פון דער גרעסטער פאַר־כירונג פון דער וועלט־געשיכטע: נ אָ ו ו ע מ ב ע ר לאָזט איבער אין שאָטן אַלץ, וואָס האָט ביז אַהער דורכגעמאַכט און דורכגעלעבט די קעמפנדע, ליידנדע און האָפנדע מענטשהייט.

ביז אַהער האָט די סאָציאַלע גאולה געלעבט אַלס פּאָעטישער און פּאָליטישער חלום אין די הערצער פון די אונטערדריקטע און אין די מוחות פון אויסדערוויילטע, ביי דער אמתער אַריסטאָקראַטיע פון גייסט און געדאַנק; אַלס ממשותדיקע היסטאָרישע טאַט האָט זי נאָר אויפגעבליצט אויף אַ ווײַלע, אויף טעג און מאָנאַטן.

דער גאָבעלער מאַרטירער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע ב אַ ב ע ף האָט געפּרואווט מיט הונדערט און אַכט און צוואַנציק יאָר צוריק ברייננען דעם גן־עדן פון סאָציאַלער גערעכטיקייט אויף דער ערד.

ס׳איז אָבער נאָך נישט געווען די צייט פאַר דער גאולה.

אין בלוט איז דערשטיקט געוואָרן דער סאָציאַליסטישער רעוואָלט פון באַבעף.

דער בליץ פון דער פאַריזער קאָמונע אין 1871 האָט אָנגעהאַלטן לענגער. זי־בעציק טעג האָט געדויערט דער העראָאישער קאַמף פון דער פאַריזער אַרבעטער־שאַפט און ווידער איז די פּראָבע אַראָפּצוברייננען דעם „גן־עדן“ אויף דער זינדי־קער ערד דערטרונקען געוואָרן אין בלוט. די ברוטאַלע און טיראַנישע פראַנצויזישע בורזשואַזיע האָט אָפּגעהאַקט די אָדלערשע פליגלען פונעם רעבעלירנדן פּראָלעטאַ־ריאַט און געמאַנצט איר שדים־טאַנץ אויף די קברים פון צענדליקער טויזנטער אַר־בעטער, וואָס האָבן די העזה געהאַט צו גלויבן אין דער „נייער ערד“...

דורך די געהיימניספולע וועגן פון דער געשיכטע האָט זיך דער קאָמונאַרן־גייסט פון דער אייביק שטורמדיקער פראַנקרייך אַריבערגעטראָגן אין דעם אָפּגע־שטאַנענעם און „באַרבאַרישן“ סלאַוון־לאַנד...

דעם 7־טן נאָוועמבער איז צום דריטן מאָל אין דער געשיכטע געמאַכט גע־וואָרן די גרויסע פּראָבע ברייננען די סאָציאַלע גאולה און דעם אייביקן פרידן פאַר דער וועלט.

עס ברויזט און קאָכט דער פייער־קעסל פון דער געשיכטע.

אין צוויי לאַגערן האָט זיך צעטיילט די וועלט.

די נײַער וועמען די אַלטע וועלט איז שוין דער אמתער גן־עדן טענהן צוזאַמען מיט פּרצם בטלן, אַז ס׳איז:

נאַריש ווער עס גלויבט
נייעס וועט געשען.
זיין וועט נאָר דאָס,
וואָס איז געווען.

די ליידנדע און בלוטנדע אין אירע וואונדן מענטשהייט הערט זיך צו מיט שרעק און האָפנונג צום נ אָ וו ע מ ב ע ר - ש ט ו ר ם און וואַרט ער זאָל ברענגען די גאולה...

:: :: ::

נ אָ וו ע מ ב ע ר האָט אונדז אויך די בשורה פון דייטשן „פרילינג" געבראַכט.

און איצט ביים ערשטן יאָרצייט פון דער דייטשער נאָוועמבער־רעוואָלוציע זעען מיר, אַז ס'איז אַ הערבסטלעכער „פרילינג" געווען...

„מיכעל" האָט טאַקע אָפּגעטאָן אַ גרויס שטיקל אַרבעט און האָט זיך צעשיידט מיט קייזער. ער האָט צעשלאָגן אַלע טעאָריעס און נביאות, אַז אין דייטשלאַנד וועט קיינמאָל קיין רעוואָלוציע נישט זיין, ווייל דאָס איז לויט ה יי נ ע „פּאָליציייאיש פאַרבאָטן"...

אָבער דאָך איז און בלייבט דער נ יי נ ט ע ר נ אָ וו ע מ ב ע ר נאָר אַ ד יי ט ש ע רעוואָלוציע. „מיכעל" האָט באַקומען נאָר אַ שנעל אין נאָז, אויפגע־כאַפּט זיך אויף אַ ווייַלע און שנאָרכט זיך רואיק ווייטער. נאָסקע עבערט „ווירדט שאָן אַלעס בעזאָרגען" ווי דאָס האָט געטאָן ביז אַהער דער ליבער קייזער!...

ניין, די דייטשע ישועה קאָן נישט קומען פון נאָסקע עבערטן. „מיכעל" מוז זיך אָננעמען אַפריער מיט גבורה אָפּצוזאָגן זיך נישט נאָר פון קייזער, נאָר אויך פון די קייזערלעכע „סאָציאַליסטן"...

דער 9־טער נאָוועמבער איז נישט מער ווי אַ הערבסט־„פרילינג".

ווען וועט קומען דער אמתער פרילינג אין דייטשלאַנד?!

(1919)

# די נעגער-רעפּובליק און ווערסאַל

(צו דער יידישער טראַגעדיע ביים פרידנס-טיש)

„עס איז פאַראַן נאָך אַ אומגעלייזטע פראַגע
פון פעלקער־אומגליק, וואָס נאָר אַ ייד קען זי
באַגרייפן אין איר גאַנצער שמערצלעכער טיפ־
קייט. דאָס איז די נעגער־פראַגע.”
(הערצל „אַלטנייַלאַנד”)

צווישן די אַקטיאָרן פון דער טראַגיש־היסטאָרישער פאָרשטעלונג אין ווער־סאַל, וואו מ'האָט דער דייטשער אומה פרעזענטירט די שקלאַפן־קייטן (פרידנס־טראַקטאַט בל"עז), ציט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט די שוואַרצע נעגער־גרופּע — די פאַרטרעטער פון דער נעגער־רעפּובליק ליבעריאַ.

ווער זיינען זיי?

ווער זיינען דאָס די שוואַרץ־הויטיקע אין פאַראַדנע פראַקן? מאַכט נאָר קיין טעות נישט. דאָס זיינען נישט קיין קעלנערס און לאַקייען, וואָס מיר באַגעגענען אָפט אין די האָטעלן און ביי די רייכע טישן פון אייראָפּע און אַמעריקע.

דרך־ארץ! דאָס זיינען דיפּלאָמאַטן, שלוחים פון דעם פרייען נעגער־פאָלק, פאַר־טרעטער פון דער פרייער רעפּובליק „ליבעריאַ“.

מאַכט קיין טעות נישט. נישט צו באַדינען די געהויבענע געסט פון ווערסאַל זיינען זיי געקומען אַהער.

ניין. אַ פריי פאָלק האָט זיי געשיקט אַהער, זיי זאָלן, ווי גלייכבארעכטיקטע צו־זאַמען מיט מעכטיקע און שטאַרקע פעלקער משפּטן זייער שונא — דייטשלאַנד און אַנטשיידן דעם שיקזאַל פון דער וועלט...

קוקט זיך גוט צו צו דער נעגער־גרופּע אין ווערסאַל און פאַרטראַכט זיך וועגן דער איראָניע פון דער געשיכטע, וועגן דעם טראַגישן גורל אונדזערן ביי דעם פרידנס־טיש פון די פעלקער...

::    ::    ::

ערגעץ־וואו אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל פון דער ערד, אונטער דער ברענענדער זון פון מערב-אַפריקע, ביי די ברעגן פון דעם גווינעא־אויסגוס האָבן זיך אין יאָר 1821 פאַרזאַמלט אַ גרופּע פון עטלעכע הונדערט באַפרייטע און אַנטלאָפענע נעגער־שקלאַפן פון די נאָרד־אַמעריקאַנער פּלאַנטאַציעס און אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דעם אַמעריקאַנער יידן יהודה עשמאַן און מיט דער הילף פון די אַמעריקאַנער נעגער־פריינט („אַמעריקאַנער קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט”) האָבן זיי אַ ישוב געגרינדעט.

דער ווייסער יהודה עשמאַן האָט נישט לאַנג אויסגעהאַלטן די ברענענדע שטראַלן פון דער אַפריקאַנישער זון און אין אַכט יאָר אַרום, נאָכדעם ווי ער האָט געהאָלפן מיט זיין גרויסער מענטשן־ליבע און טאַקט אַוועקלייגן דעם פונדאַמענט פון דעם פרייען נעגער־ישוב, איז ער געשטאָרבן.

אין 25 יאָר אַרום נאָך זיין טויט איז פון קליינעם ישוב געגרינדעט געוואָרן די פרייע רעפּובליק „ליבעריאַ" וואָס האָט זיך לויט איר קאָנסטיטוציע אַלס ציל געשטעלט: „צו שאַפן אַ זיכערע היים פאַר די גערודפטע און פאַרוואָרפענע קינדער פון אַפריקע און מיטהעלפן צו בילדן און אויפלעבן דעם שוואַרצן מאַטעריק, וואָס איז פאַרזונקען אין פינצטערניש און ווילדקייט"...

„מיר ליבערישע פאָלק — שטייט ווייטער אין דער קאָנסטיטוציע — זיינען געקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו מיר זיינען פאַרפאָלגט פון געזעץ און פון פאָראורטיילן פון די ווייסע, מיר האָבן שוין אָנגעוואוירן די האָפנונג, אַז די באַציאונג פון די ווייסע צו אונדז זאָל זיך איבעראַנדערשן אויף בעסער, און דאַרום האָבן מיר גענומען טראַכטן וועגן שאַפן אַ זיכערע היים פאַר די קרבנות פון די רדיפות. מיר האָבן אויסגעקליבן די ערד, פון וועל־כער מיר זיינען אַמאָל מיט גוואַלד אָפּגעריסן געוואָרן."

:: :: ::

זיבן צענדליק יאָר זיינען אַריבער פון דעם טאָג, ווען ס'האָט זיך געגרינדעט און פון דער וועלט אָנערקענט געוואָרן די פרייע און זעלבסטשטענדיקע רעפּובליק פון די שוואַרצע. אָנשטאָט די 5.000 העקטאַר, וואָס זי האָט פאַרנומען אין אירע גרינדונגס־יאָרן, צעשפּרייט זי זיך אויף אַ שטח אַזוי גרויס ווי בעלגיע און אָנשטאָט די 4.000 קולטור־נעגערן געפינט זיך איצט דאָרט אַ באַפעלקערונג פון עטלעכע מיליאָן מענטשן.

אויף דעם פרייען און דעמאָקראַטישן פּאַרלאַמענט פון „ליבעריאַ" פלאַטערט שטאָלץ די נאַציאָנאַלע פאָן פון דער רעפּובליק, וואו עס שטייט מיט גאָלדענע אותיות געשריבן: „די ליבע צו פרייהייט האָט אונדז געבראַכט אַהער".

:: :: ::

בעת ס'האָט אויסגעבראָכן דער וועלט־קאָנפליקט פון 1914 האָט דאָס פרייע פאָלק פון „ליבעריאַ" פרייוויליק זיך אָנגעשלאָסן אין דעם צד פון די „אַליאירטע" און האָט אָפּגעבראָכן אירע באַציאונגען מיט דייטשלאַנד. קיין קרבנות האָט איר דער וועלט־קריג חלילה נישט געקאָסט. פאַרקערט, זי האָט נאָך באַקומען אַ פיינע הלוואה פון דער רייכער מומע אַמעריקע און איר אינדוסטריע האָט באַקומען אַ נייעם מאַרק.

איצט זיצן די שווארצע נעגערן ביים פרידנס־טיש צוזאמען מיט אַלע גדולים פון וועלט, גלייכבארעכטיקטע פארטרעטער פון א פרייער און זעלבסטשטענדיקער מלוכה.

:: :: ::

מיך פארדריסט שוין איצט נישט, וואָס דאָס יידישע פאָלק איז נישטאָ אין וועלט.

ס'איז אפשר צום גוטן.

וואָס האָט דען דאָס פאָלק פון נביאים צו טאָן דאָרטן, וואו ס'ווערן צעטראָטן מיט די פיס די נביאישע אידייע פון פעלקער־פרידן און וועלט־יושר?...

אָבער מיך לאָזט נישט רוען דער געדאנק: שווארצע שקלאפן, וואָס מ'פלעגט אויף די אמעריקאנער מערק פארקויפן פאר א פעקל טאבאק, פארשפּילן אין קאָרטן און באהאנדלען ערגער ווי הינט, זיינען דורך מי און ארבעט און דער הילף פון דעם ייד יהודה עשמאן א פריי פאָלק געוואָרן, און „ליבעריא" איז איצט א גלייכער יחסן ביים פרידנס־טיש מיט אַלע מעכטיקע פעלקער, ווייל זיי האָבן א לאנד, ווייל זיי זיינען א שטאָט.

און די יידישע שלוחים אין פאריז, וואָס ריידן אינעם נאָמען פון הונדערטער טויזנט קרבנות וואָס מיר האָבן געבראכט אַלס קרבן אויף דעם מזבח פון דער אייראָפּעאישער „באפרייאונגס־מלחמה" דרייען זיך ארום ווי פארוואָגלטע שאָף און קלאפּן אין פארמאכטע טירן...

פארטראכט זיך וועגן דער איראָניע פון דער געשיכטע! — — — —

(18־טן מיי 1919)

---

# די פרידנס־קאָנפערענץ

עס לייטערט זיך אויס צו ביסלעך דער שווערער וואָלקן, וואָס איז געהאָנגען איבער דער פרידנס־קאָנפערענץ.

געוויס, פאר צו שטארקן אָפּטימיזם איז נאָך איצט אויך קיין גרונד נישטאָ, דאָך זעט דער פּאָליטישער האָריזאָנט אויס אביסל ליכטיקער, ווי אין די ערשטע טעג, ווען די פּאָליטיקער פון דער אַלטער אייראָפּע האָבן זיך פארזאמלט אין פאריז.

קלעמאנסאָ אָדער ווילסאָן, ווער וועט זיין דער פירנדער גייסט פון דעם פרידנס־קאָנגרעס?

אין די ערשטע טעג האָט עס אויסגעזען, אַז דער „טיגער", דער געניאַלער פירער פון דער קליינבירגערלעכער רעאקציאָנערער פראנקרייך וועט גובר זיין ווילסאָ־

נען, דעם פירער פון דעם נייעם דעמאָקראַטישן (געוויס נישט סאָציאַלן) אידעאַליזם, — דעם פּאַרטייִדיקער פון אַ נייער מאָראַלישער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

ס'האָט אויסגעזען, אַז די „קלוגע“ קעפּ פון די אַלטע, דערפאַרענע דיפּלאָמאַטן מאַכן קאָמפּלימענטן דעם געהויבענעם גאַסט פון נאָרד־אַמעריקע און לאַכן אין די הויפנס פון ווילסאָנס פּראָפעסאָרישן אידעאַליזם.

— „ס'מוז אַלץ בלייבן ביים אַלטן“, האָט געטענהט קלעמענסאָ אין פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט, בעת ווילסאָן איז אויף אַ פּאָר טעג אָפּגעפאָרן קיין ענגלאַנד. „מ'דאַרף נישט קיין ליגע פון נאַציאָנען, זי איז שוין דאָ, און דאָס איז דער בונד פון די פיר גרויסן מאַכטן, וואָס האָבן געוואונען דעם קריג“...

און דער געהאָרכזאַמער פראַנצויזישער פּאַרלאַמענט, וואָס טאַנצט, ווי קלעמענסאָ פייפט אונטער, האָט אים געגעבן די פולע פרייהייט צו האַנדלען ביים פרידנסטיש, ווי ער אַליין וועט פאַרשטיין.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן מוז באַטראַכט ווערן די צווייטע זיצונג פון דער פרידנס־קאָנפערענץ כמעט ווי אַ טריאומף פאַר דער וועלט־דעמאָקראַטיע.

דער „טיגער“ איז באַזיגט. ווילסאָן האָט געגעבן דעם הויפּט־טאָן צו די פאַרהאַנדלונגען וועגן דער ליגע פון די נאַציאָנען. אַ נייעם גייסט האָט ער אַריינגעטראָגן אין דעם זיצונגס־זאַל פון די חשובע און פלינקע דיפּלאָמאַטן פון דער אַלטער אייראָפּע. „נישט די רעגירונגס־קרייזן, נאָר די מענטשהייט מוזן מיר צופרידנשטעלן“.

געוויס וועט די פּאַריזער קאָנפערענץ דאַרפן געמשפּט ווערן לויט אירע מעשים און נישט לויט אירע שיינע רייד, דאָך מוז מען מודה זיין אַז אין ווילסאָנס רעדע פילט זיך דער ערנסטער און איינגעשפּאַרטער ווילן, וואָס לאָזט זיך נישט בויגן פאַר די כיטרע וועלף פון דער אַלטער דיפּלאָמאַטיע, צו פאַרזיכערן פאַר דער וועלט אַ דויערהאַפטן פרידן.

„אונזער פרידן וואָס מיר גייען דאָ שליסן מוז באַפרידיקן יענע ווייטע שיכטן, וואוהין עס דערגרייכט נישט דאָס אויג פון די רעגירונגען, און וואו עס קלאַפּט אָבער דאָס האַרץ פון דער מענטשהייט“.

די ווערטער פון דעם פּרעזידענט ווילסאָן וועלן געוויס געפינען אַן אָפּקלאַנג אין דער דעמאָקראַטישער וועלט, וועלן וועקן די האָפנונג ביי די פעלקער אויף אַ גערעכטן פרידן און דערמיט אויך פאַרפליכטן די פּאַריזער קאָנפערענץ צו שאַפן ממשותדיקע גאַראַנטיעס פאַר אַ פרידלעכן צוזאַמענלעבן פון די נאַציאָנען.

דאַן ווער וועט וואַגן צו אַנטוישן די האָפנונגען פון דער פאַרצווייפלטער און אויסגעמאַטערטער אייראָפּע, וואָס הויבט זיך שוין אָן אויסצוניכטערן פון דער ערשטער באַרוישונג פון נצחון?...

(פעברואַר 1919)

# ד ע ר  כ אַ אָ ס

„...קלאַפּ נישט, האַרץ! אין דעם־אַ לעבן מוזט
דו זיין פון אייזן..."
(„האָפנונגסלאָזיקייט" — וואַלערי בריוסאָו)

און דו לייענסט:

אין ר ע וו ע ל זיינען אָנגעקומען ענגלישע קריגסשיפן צו פאַרשטאַרקן דעם פלאָט, וואָס אָפּערירט קעגן רוסלאַנד.

נ אָ ר ד ־ אַ מ ע ר י ק ע שיקט אַרויס קאָלטשאַקן נייע זיבעציק טויזנט ביקסן און די גאַנצע אַמוניציע, וואָס דער צאַר האָט געהאַט באַשטעלט.

ע נ ג ל אַ נ ד שיקט די „רעטער" פון רוסלאַנד אירע געפּאַנצערטע טאַנקען.

פ י נ ל אַ נ ד, דאָס ווייסע פינלאַנד גרייט זיך צו אַטאַקירן פּעטראָגראַד.

דאָס שוואַרצע פּ ו י ל ן מאַרשירט אויף ווייס־רוסלאַנד און די „רעטער פון דער ציוויליזאַציע", די ר ו מ ע נ י ש ע נאַכט־גזלנים פעלן, פאַרשטייט זיך, אויך נישט צווישן דער הייליקער כאַליאַסטרע...

און דו לייענסט דאָס אַלץ אויף איינמאָל, אין א יי ן צייטונג, און דאָס האַרץ ווערט אָנגעפילט מיט שרעק...

פאַר דיינע אויגן שטייט אויף דאָס בלאַסע, הייליקע מאַרטירער־געזיכט פון דער פאַרמוטשעטער רוסלאַנד, דיין היימלאַנד, דיין געבורטס־לאַנד, וואו דו האָסט איבערגעלאָזן אַלץ, וואָס איז דיר טייער אין לעבן: דיינע נאָענטע, דיינע לעבנס־פריינט...

דו טראַכסט שוין נישט וועגן רעכט און אומרעכט, וועגן רויט און שוואַרץ, נישט קיין פּאָליטישע רעיונות באַהערשן דיין מוח.

און שילטן ביסטו גרייט דיין גורל, וואָס האָט אויף דיר אַרויפגעוואָרפן דעם יאָך, דעם צווייפאַכן, צו זיין א ר ו ס און יי ד...

דיין האַרץ צעגייט פון ווייטיק.

דו זעסט פאַר זיך נאָר מתים־פעלדער, דו הערסט נאָר קרעכצן.

:: :: ::

איך פּרוּוו זיך טרייסטן:

געדולד! נישט אייביק איז די נאַכט, דאָס איז די פינצטערניש פאַרן אויפגאַנג פון דער זון...

ס'שווימען אַרויף אין זכרון ל אַ ס אַ ל ס טרייסט־ווערטער:

„...האָט איר געזען דעם זונען-אויפגאַנג פון אַ באַרג. עטלעכע מינוטן איידער דער מאָרגנשטערן ווייזט זיך?“

„פאַרכמאַרעט זיך און ווערט פּלוצלינג פינצטער דער הימל און אייך דוכט זיך, אַז אייביקער חושך וועט פאַרדעקן דעם האָריזאָנט. אָבער עטלעכע מינוטן שפּעטער ווייזט זיך אין ברענענדן גאָלד דער מאָרגנשטערן און די גאָלדענע זונען-שטראַלן פאַרפלייצן באַרג און טאָל“...

„דאָס, וואָס עס געדויערט ביי דער נאַטור מינוטן, זאָגט ל אַ ס אַ ל — פאַרציט זיך אין דער געשיכטע אויף יאָרן, אָבער קיין קראַפט אין דער וועלט קען נישט אויפהאַלטן דעם זונען-אויפגאַנג“...

געוויס, ל אַ ס אַ ל איז גערעכט, היסטאָריש גערעכט.

אָבער וואו נעמט מען, וואו נעמט מען געדולד צו וואַרטן?!

„ביז די זון וועט אויפגיין וועט די ראָסע אויסשטעכן די אויגן“...

ווער וועט רעטן אונדזער אומגליקלעך היימלאַנד פון די שוואַרצע ראָבן, וואָס האָבן זי פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט?

ווער וועט מציל זיין דאָס רעשטל ביסל יידן, ווען די סטאַיע וועלף וועלן מנצח זיין?!

ווייסט און שטיל איז אַרום און ס'פאַרקלינגט ווי אין אַ מדבר דער הילפס-רוף פון רוסלאַנד, ווי אָן אַן עכאָ איז געבליבן דער רעטונגס-געשריי פונעם אומגליקלעכן אונגאַרן.

נאָר איין א י ט אַ ל י ע האָט איר פליכט געטאָן.

אין דעם לאַנד פון מ א ד ז י נ י און ג אַ ר י ב אַ ל ד י האָט דער נצחון נישט פאַרשיכורט דאָס געוויסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

די איטאַליענישע אַרבעטער האָבן געמאַכט דעם ערלעכן פאַרזוך אַרויסצוהעלפן רוסלאַנד און אונגאַרן: לויט זייער פאַרשלאַג האָט דער א י ן א ו ן צ וו אַ נ־צ י ק ס ט ע ר י ו ל י געדאַרפט זיין דער טאָג פון וואָרנונג פאַר די „גרויסע פינף“.

איטאַליע איז אָבער געבליבן שטיין אַליין אין פעלד. די פראַנצויזישע אַרבעטער זיינען צוריקגעטראָטן, צוליב שוואַכקייט, אָדער שרעק, וואָס איז שוין די נפקא־מינא?

און ענגלאַנד? דאָרטן איז אַפילו נישט געמאַכט געוואָרן די פּראָבע צו באַטייליקן זיך אין דער רעטונגס-אַקציע.

דער א י ן א ו ן צ וו אַ נ צ י ק ס ט ע ר י ו ל י, וואָס האָט געדאַרפט ווערן אַ טאָג פון וואָרנונג פאַר די מאַכטהאָבער, איז געוואָרן פאַר זיי דער טאָג פון גרעסטן נצחון.

זייערע הענט האָבן זיך פונאַנדערגעבונדן.

נישטאָ קיין מאַכט וואָס זאָל צעשטערן זייערע מערדערישע פּלענער.

א ו נ ג א ר ן איז דער ערשטער קרבן פון דער דורכגעפאלענער ארבעטער־אקציע פונעם א י י ן א ו ן צ ו ו א נ צ י ק ס ט ן יולי.

איצט קומט די רייע פאר רוסלאנד.

וויסט און שטיל איז ארום...

ס'הערט זיך נאר דער וואיען פון די נאכט־שאקאלן...

פאר דיינע אויגן ציען זיך די ברייטע סטעפן פון דיין היימלאנד, די מתים־פעלדער פון דער געפייניקטער רוסלאנד.

און הילפלאז איז דיין צארן און מאכטלאז איז דיין פיין...

„קלאפ נישט, הארץ! אין דעם א לעבן מוזט דו זיין פון אייזן"...

(1919)

---

# אויפן שוועל פון צוויי וועלטן

די ווילסאן־טראגעדיע

און ו י ל ס א ן האט ווידער גערעדט צו זיין לאנד, צו דער וועלט, און פאר אונדזערע אויגן שטייגט ווידער אויפן פיעדעסטאל די אימפאזאנטע פיגור פונעם טראגישן קעמפער, וואס וויל אנפילן „אלטע פענכער מיט נייעם וויין"...

אויפן שווארצן פאן פון דער רעאקציאנער־ענגהערציקער, אין מאטעריאליס־טישן זומפ פון עגאאיסטישע אינטערעסן פארזונקענער א ל ט ע ר אמעריקע, שיינט די איידעלע פערזאן פון ווילסאן אלץ אין א העלערן ליכט און זיין דראמאטי־שער דועל מיט דער מעכטיקער רעאקציע אין דער היים, מיט די שווארצע כוחות פון פראנקרייך האלט אין שפאנונג די ליידנדע און האפנדע מענטשהייט.

מיט א נאכט פריער האט גערעדט דער אמעריקאנער סענאט, האבן גערעדט ווילסאנס קעגנער. א גאנצע נאכט, צום ערשטן מאל אין דער אמעריקאנישער פאר־לאמענטס־געשיכטע האט געדויערט די אבסטרוקציע פון די רעפובליקאנער סענא־טארן.

דאס איז געווען א סימבאלישע זיצונג.

דאס האבן נ א כ ט ־ מענטשן פארטיידיקט די נ א כ ט ־ אידייען פון דער אלטער וועלט.

„מ'דארף נישט קיין ליגע פון נאציעס", האבן געקראכט די שווארצע ראבן פון אלט־אמעריקע. „אונדזער ציל איז דערגרייכט, דייטשלאנד ליגט אין אש צו אונ־דזערע פיס, מיר זיינען פטור געווארן פון דעם געפערלעכן קאנקורענט, וואס דארפן מיר מער? וואס גייט אונדז אן די גערעכטע איבערבויאונג פון דער וועלט, לאז זי

זיך אליין זארגן פאר זיך. מיר וועלן זיך טאָן אונדזערע „ביזנעס" און מיר וועלן שאַרן גאָלד פון פרידן, ווי מיר האָבן געגראבלט דאָס בלוטיקע גאָלד פון קריג".

אזוי האָבן גערעדט די פּאַרלאַמענטאַרישע פאַרטרעטער פון אַמעריקע, די וואָס האָבן די קאָנסטיטוציאָנעלע מאַכט צו דיקטירן ווילסאָנען די אויסערלעכע פּאָליטיק.

אָבער אַמעריקע איז צוויי־פּנימדיק: פון איין זייט קוקט אַרויס די זשאַדנע גאָלד־גיריקייט פון „וואָל־סטריט" — דעם טעמפּל פון מאַמאָן, און פון דער צווייטער שטראַלט און שיינט דאָס ליכטיקע געשטאַלט פון א ב ר א ה ם ל י נ ק א ָ ל ן און זיין ברודער אין גייסט וו א ו ד ר א ווי ל ס א ָ ן.

רעדן די שלוחים פון „וואָל־סטריט", די רעפּובליקאַנער סענאַטאָרן — איז א שמחה אין דער נאַכט־וועלט, אַפּלאָדירט מען אין דער שווארצער פראַנקרייך, וואַקסט די שווארצע האָפנונג בייצוקומען דעם אידעאַליסטישן פאַנטאַזיאָר, הויבט אויף זיין שטימע ווילסאָן צינדט זיך ווידער אָן די אויסגעלאָשענע האָפנונג, אַז אין פּאַריז וועלן לכל הפּחות פאַרזייט ווערן די קערנער פון וועלכע ס'וועט אויסוואַקסן די נייע גערעכטע וועלט.

איצט פאָרט ווידער ווילסאָן אין פראַנקרייך פאַרענדיקן זיין קאַמף פאַר זיינע פּרינציפּן. אין פילע פּונקטן איז ער שוין באַזיגט. די אויסזיכטן פאַר א גערעכטן שלום מיט דער צעשלאָגענער און רואיגירטער דייטשלאַנד זיינען כמעט ווי פאַרשוואונדן. פון דער אַמאָל גרויסער און פּאָליטיש שטאַרקער דייטשלאַנד וועט ווי ס'ווייזט אויס בלייבן נאָר א סקעלעט. ביסמאַרקס ווערסאַלער שלום־באַדינגונגען שיינען צו זיין באַרמהערציקע אין פאַרגלייך מיט די, וואָס וועט אויסקומען אונטערצושרייבן דייטשלאַנד.

די האָפנונג בלייבט נאָר פאַר דער ליגע פון די נאַציעס. אין דעם פּונקט שיינט ווילסאָן צו זיין איינגעשפּאַרט און אַ־טשלאָסן דורכצופירן דעם קאַמף ביז צום סוף, ביי דעם פרידנס־טיש און ביי זיך אין דער היים.

וועט ער בייקומען די שווארצע כוחות, וואָס זאַמלען זיך קעגן אים, אָדער וועט ער באַזיגט ווערן און בלייבן אין דער געשיכטע אַלס דער טראַגישער מאַן, וואָס איז געשטאַנען אויפן שוועל פון צוויי וועלטן, הילפלאָז וועלנדיק ראַטעווען די זינקנדע שיף פון דער אַלטער וועלט...

(פעברואַר 1919)

# דער פרידנס-יום-טוב

(צום ערשטן מיי)

„...די שולע פון לײדן, פון גרויסן לײדן, איז די שולע פון שאַפן".

פרידריך ניצשע

דורך די שווערע, שוואַרצע וואָלקנס, וואָס פאַרדעקן נאָך דעם הימל פון דער פאַרבלוטיקטער אייראָפּע ברעכן זיך שוין דורך די שטראַלן פון דער גאָלדענער זון.

פרילינגס-דערוואַכן...

היינט איז דער נייער ערשטער מיי, דער באַנייטער יום-טוב פון אַ גרויסן וועלט-חלום, וואָס וויל און ווערט אַ גרויסע רעאַלע ווירקלעכקייט.

געענדיקט זיינען די טעג פון שוואַרצע אבלות, ס'הויבן זיך אָן די ליכטיקע טעג פונעם גרויסן קאַמף.

נעמט אַראָפּ דעם טרויער-וואַואַל פון דער רויטער פאָן, ס'לעבט, ס'איז נישט געשטאָרבן די גרויסע אידייע פונעם ערשטן מיי.

ס'פאַרשטומט שוין דער בלוט-דורשטיקער און טויט-ברענגענדער ניגון פונעם מיליטער מאַרש. איבער די חורבות און טויטן פעלדער פון אייראָפּע הערט זיך שוין ווידער דאָס פרייליקע ליד פון לעבן און האָפנונג — דאָס וועלט-ליד פונעם „אינטערנאַציאָנאַל".

זיי געגריסט, דו וועלט-ניגון פון ברודער-ליבע און פעלקער-פרידן!

:: :: ::

ס'איז געווען אַ געניאַלער איינפאַל די שענסטע פּאָעטיש-היסטאָרישע אידייע פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל צו פּראָקלאַמירן דעם ע ר ש ט ן מ י י אַלס דעם אַלוועלטלעכן יום-טוב פון אַרבעט, פרידן און סאָציאַליזם.

נישט מיט קירכן גלאָקן און נישט מיט שול-געזאַנג זאָל געפייערט ווערן דער יום-טוב פון דער נ יי ע ר א מ ו נ ה, פון דעם נייעם גלויבן אין אַ נייער ערד און אין אַ נייעם הימל.

אין דעם טאָג ווען יונג און גרין ווערט די מוטער-ערד, ווען העל און ליכטיק שיינט די זון איבער וואַלד און פעלד, אויף דעם טאָג האָט דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט זיין אַלוועלטלעכן יום-טוב באַשטימט, אין דעם טאָג האָט זיך אין אַלע ווינקעלעך פון דער ערד געהערט די נייע אַרבעטער-תפלה צום גאָט פון ברודער-ליבע און פעלקער-פרידן...

יונג איז דער יום־טוב פונעם ערשטן מיי געווען, קוים אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר האָט די וועלט די נייע תפלה געהערט אין דעם טעמפּל פונעם צווייטן אינטער־נאַציאָנאַל.

געקומען דער שוואַרצער שטורם פונעם וועלט־קריג חרוב געוואָרן איז דער שיי־נער טעמפּל פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, דערמאָרדעט איז געוואָרן זיין כּ ה ן גדול ז ש אָ ר ע ס, פאַרשטומט איז געוואָרן די גרויסע תפלה פונעם 1 - ט ן מיי . . .

פיר פרילינגען זיינען אַוועק און די אומגליקלעכע וועלט האָט דעם שלאַכט־מאַרש אָנשטאָט דער תפלה פונעם ערשטן מיי געהערט.

פאַרהילט אין טרויער איז די רויטע פאָן פיר פרילינגען נאָכאַנאַנד. איבער דער וועלט האָט דעמאָגיש טריאומפירנד געפלאַטערט די שוואַרצע פאָן פון טויט, שנאה און פאַרניכטונג.

און אָט ליגט דער חרובער טעמפּל פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און אונ־טער זיינע חורבות איז באַגראָבן די יוגנט פון דער וועלט, פערצן מיליאָן קברים, שוואַרצע ראָבן קראָען דאָרט... אינעם חרובן טעמפּל זינגט די תפלה פונעם ערשטן מיי, פאַרגיסט אַ טרער און זאָגט אָפּ קדיש אויף דעם געשטאָרבענעם וועלט־חלום פון ברודער־ליבע און פעלקער־פרידן...

אין פיר פרילינגען האָט די וועלט נישט געהערט די יום־טוב־תפלה פונעם פּראָ־לעטאַריאַט, דעם נגון פון ערשטן מיי...

:: :: ::

דורך די שווערע, שוואַרצע וואָלקנס בליצט דורך דאָס ליכט.

די פיר מאַרטירער־יאָר פון ברודער־מאָרד זיינען געווען פאַר דעם פּראָלעטאַ־ריאַט די „שולע פון גרויסן ליידן, די שולע פון גרויסן שאַפן״...

און בעת די זיגרייכע אימפּעריאַליסטן פון דער אַלטער וועלט זיינען פאַרזאַמלט און קענען צווישן זיך נישט מושוה ווערן מיט דער חלוקה פון דער פעל פונעם דער־הרגעטן בער, איילט זיך דער פּראָלעטאַריאַט צו דער אין טרויער פאַרהילטער פאָן פונעם אינטערנאַציאָנאַל.

אמת, געשטאָרבן און אין בלוט פאַרטרונקען איז דער שיינער חלום פונעם צ ווייט ן אינטערנאַציאָנאַל, אַ נ יי ע ר טעמפּל מוז געבויט ווערן, דער ד ר י ט ע ר בית־המקדש מוז אויפגעריכט ווערן, דער נ יי ע ר בנין פון ברו־דער־ליבע און פעלקער־פרידן וועט פעלזן־זיכער זיין, ווייל געבויט ווערט ער נישט אויף אַן אידייע און דעם גוטן ווילן פון מענטשן, נאָר אויף דעם בלוט און ליידן פון אַ גאַנצער מענטשהייט.

עס איז דער טראַגיש־פרוכטבאַרער געזעץ פון דער געשיכטע בדמיך חיי!...

ליכט אויפגעבויט געוואָרן איז דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל און אַן מי האָט אים דער שטורם צעטראָגן. דורך בלוט און מאַרטירערטום ווערן אויפגעשטעלט די זיילן פון דעם נייעם טעמפּל פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, זיין קיום מוז געזיכערט זיין. אים ווען היטן הייליקע שאָטנס פון מיליאָנען טויטע, אויף זיין וואך וועט שטיין די געמאַטערטע און געפּייניקטע מענטשהייט.

נעמט אראָפּ דעם טרויער־פלאָר פון דער רויטער פאָן, ס'שטייט אויף תחית־המתים דער אינטערנאַציאָנאַל, ס'הערט זיך שוין ווידער די הייליקע תפלה פונעם ערשטן מיי:

„זייט אומשלונגען מיליאָנען"...

זינגט צוזאַמען מיטן פּראָליטאַריאַט שילערס הימן די ליידנדע מענטשהייט.

זיי געגריסט, דו וועלט־ניגון פון ברודער־ליבע און פעלקער־פרידן.

(1־טער מיי 1919)

---

# דער משפּט פון דער געשיכטע

די ניו־יאָרקער צייטשריפט „דהי ניישאַן", איינער פון די ווינציקע אָרגאַנען, וואו ס'קומט צום וואָרט די ערלעכע און ראַדיקאַלע יונג־אַמעריקע, האָט דאָ נישט לאַנג געשטעלט דער פרידנס־קאָנפערענץ זייער אַן אינטערעסאַנטע פראַגע:

צוליב וואָס האָט מען אין פּאַריז באַשטימט קאָמיסיעס אויסצופאָרשן די פראַגע, ווער איז שולדיק אינעם קריג?

מיט וואָס פאַר אַ רעכט קלויבט זיך די פרידנס־קאָנפערענץ מישפּטן ווילהעלם האָהענצאָלערן אַלס דעם הויפּט־שולדיקן אין דער וועלט־מלחמה?

און די פראַגע איז טאַקע זייער אַ האַרבע.

האָט דען דער דיפּלאָמאַטן טריבונאַל פון דער אַלטער אייראָפּע דאָס מאָראַלע און יורידישע רעכט צו משפּטן דעם קריגס־מייסטער פון דייטשלאַנד?

וויאזוי און ווען האָבן דען דיפּלאָמאַטן און רעגירער דערקלערט קריג אַלס פאַרברעכן? וואו איז דאָס אינטערנאַציאָנאַלע רעכט, דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָדעקס, וואָס אָנערקענט מלחמה אַלס אַ שטראָפבאַרע זינד?

די אינטערנאַציאָנאַלע יוסטיץ האָט אונדז געלערנט, אַז עס איז שטראָפבאַר די הריגה פון אַן איינצעלנעם ברודער־מענטש, אָבער אָראַנזשירן מאַסן־שחיטות פון

ברודער־מענטשן איז שטענדיק געווען אין הסכם מיט דער האָטענטאָטן־מאָראַל פון דער ניט־פּראָלעטאַרישער וועלט.

און לאָז מען אונדז נישט אָנווייזן אויפן אינדזל סאַנטאַ העלענאַ.

נ א פ א ל ע א ן איז נישט פאַר זיינע מלחמה־זינד באַשטראָפט געוואָרן. נקמה־דורשט פון קליינע קאַרליקעס, וואָס האָבן בייגעקומען דעם גרויסן ריז, האָט אים אויפן וויסטן אינדזל געבראַכט...

ניין, די אַלטע ב י ר ג ע ר ל ע כ ע וועלט קען נישט משפּטן פאַר זינד, וואָס זי האָט שטענדיק באַטראַכט פאַר אַ טוגנד, די וועלט, וואָס האָט געזונגען שירים ושבחים די קריגס־העלדן, האָט פאַרהערלעכט מלחמה־גבורות קען נישט ווערן דער דיין און שופט פאַר דעם פאַרברעכן פון דער וועלט־שחיטה.

זי אַליין שטייט פאַר דעם געריכט פון דער געשיכטע...

:: :: ::

נאָר די וועמענס הענט עס זיינען ריין פון דעם ברודער־בלוט, וואָס האָט פּייכט געמאַכט די פעלדער פון אייראָפּע קענען זיך נעמען משפּטן די שולדיקע אין דער וועלט־שחיטה.

און די געשיכטע האָט אויסדערוויילט דעם פּראָלעטאַריאַט צו ווערן דער ריכטער פון דער זינדיקער וועלט.

קענן זיין ווילן איז דער פּראָלעטאַריאַט אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם בלוטיקן סדום פון דער וועלט־שחיטה, פיר יאָר האָט ער מיטגעזינדיקט מיט דער אַלטער וועלט, ווייל צו שוואַך איז ער געווען זיך קעגנשטעלן קעגן דעם משוגעת פון אַ גאַנצער וועלט, אָבער ער איז דער ע ר ש ט ע ר געווען תשובה צו טאָן, און די געשיכטע האָט אים איבערגעגעבן איר שטראָף־רוט...

און איצט רייניקט די שטראָף־רוט די זינדיקע וועלט. רוסלאַנד — דער דעספּאָטישער צאַריזם און די זשעדנע אימפּעריאַליסטישע בורזשואַזיע, פאַר וועלכער די וועלט איז ווייניק געווען, צו קליין איז פאַר איר די אומגעהייערע מדינה געווען, דעם ווייטן און נאָענטן מזרח, מאַנדזשוריען, באַלקאַנען, קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט זי מיט אירע גיריקע אויגן געשלונגען, און דער שוואַרץ־ראָזער צווייבונד פון צאַריזם און אימפּעריאַליסטישן ליבעראַליזם זיינען די ערשטע אָפּפער געווען פון דער שטראָפנדער האנט פון דער געשיכטע.

אַ נוקם ונוטר איז דער גערעכטער גאָט פון דער געשיכטע — און האַרט איז זיין שטראָף...

נישט נאָר אויף קעניגן און טראָנען רוט זיין צאָרן. האָט דאָס דייטשע פאָלק צוזאַמען מיט זיין קייזער געזינדיקט, מיידן זיי ביידע נישט אויס די שטראָף.

אין אַש ליגט דער קייזער־טראָן, אין ברודער־פּיין מוטשעט זיך דאָס גאַנצע פאָלק. און שמום און טויב בלייבט די וועלט צו זיינע קרעכצן.

דער בימערער כוס פון היסטאָרישער גערעכטיקייט מוז אויסגעטרונקען ווערן ביזן דעק...

וויניקער איז שולדיק געווען דער יונגער ק א ר ל און מילדער איז צו אים די שטראָפנדע האַנט פון דער געשיכטע, שטיל אָן רעש, אָן דראַמאַטישן פּיין און שאַנדע איז געפאַלן זיין יונגער טראָן...

און איצט איז געקומען די רייע אויף א ו נ ג א ר ן. זי האָט נישט געטאָרט אויסמיידן דעם שיקזאַל...

גראַף ט י ז ש א איז געווען איינער פון די הויפּט־רעזשיסאָרן פון דער וועלט־דראַמע. דער נאַציאָנאַלער עגאָאיזם און רויבערישע אַפּעטיטן פון די אונגאַרישע באַראָנען זיינען געווען ווילהעלמס הויפּט־שותפים — און איצט איז געקומען די צייט אויך אויף זיי...

ב ו ד א פּ ע ס ט, דער מאָדערנער בבל, וואו די יחסנים פונעם לעבן פון גאָר דער וועלט, פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן צו פאַרשענערן זייערע נעכט אין שכרות און זנות, בודאַפּעסט די ווײַן און לעבע־שטאָט פון דער וועלט, האָט נישט אויסגעמיטן איר גורל.

די באַראָנען און גראַפן מרעטן אָפּ זייער אָרט. צום רייך־געדעקטן טיש פונעם לעבן ווערט צוגעלאָזן דאָס פאָלק...

אַזוי טוט איר משפּט די שטראָפנדע און גערעכטע האַנט פון דער געשיכטע... אויף וועמען וועט זי מאָרגן אויפהויבן איר האַנט?

(יוני 1919)

---

# די קדושים-ליסטע

די שקחיטות אין אוקראַינע

ניין, ס'איז נישט קיין בייזער, פינצטערער נאַכט־חלום, ס'איז וואָר און ווידערלעך די מעשה אוקראַינע... די מאַוומדיקע יידישע שחיטה...

איר גלויבט נישט, איר האָט געוואָלט זיך ראַטעווען פון שרעק, אייוווינגדיק זיך, צווייטנווייז פונקט ווי איך אין אַ נעבלהאַפטער אילוזיע. אפשר זיינען די אַלע אוקראַינער בשורות רעות אַ גוזמא, קראַנקן־פאַנטאַזיע פון אויפגערודערטע יידישע מוחות...

דאָס שפּינוועבס פון טרייסט איז איצט צעריסן.

אַט האָט איר די קדושים־ליסטע. די אומענדלעכע שורות פון אונדזערע מתים, פון די פאַרפּייניקטע יידישע זקנים און עופהלעך. זיי זיינען עדות, אַז ס׳איז וואָר און ווירקלעך די מעשה־אוקראַינע, אונדזער שרעקלעכסטער אומגליק פאַר דורות...

:: :: ::

פאַר מיר ליגן די מתים־ליסטעס פון זשיטאָמיר, טשערקאַסי און אומאַן, און מיר קומט אויס דורכצומאַכן אויף דער אייגענער הויט, דאָס וואָס איך האָב אַלס זייטיקער עדות צוגעקוקט אין די ערשטע וואָכן פון דער מלחמה אין די גאַסן פון בערלין.

לכתחילה, בעת די דייטשע מלחמה־טויטע פלעגן נאָך נישט גרייכן אין די טויזנטער האָבן די בערלינער אָוונט־צייטונגען פובליקירט די ליסטעס פון טויטע און פאַרוואונדעטע.

אַז ס׳פלעג קומען דער אָוונט, ווען די צייטונגס־פאַרקויפער לאָזן זיך ארויס מיטן זשום מיט די נאָכמיטאָג־אויסגאַבעס, האָט איר געקענט זען אויפן גאַס, אין די קאַ־פעס און טראַמווייען טויזנטער פאַר זשעדנע, פיבערהאַפטע אויגן, וואָס עסן זיך איין אין די צייטונגס־בויגן, זוכנדיק דאָרטן טייערע פאַר זיי נעמען.

אַט הערט איר אַ היסטערישן אויסגעשריי פון אַ פרוי, איינגעבויגן אויפן צייטונגס־פּאַפּיר, אַט דערזעט איר פּלוצלינג אַ קאַלך בלאַס־געוואָרענע מענער־גע־זיכט מיט דער צייטונג אין האַנט און איר ווייסט שוין — ער האָט געפונען אַ טייערן נאָמען אין דער טויטן־ליסע...

:: :: ::

די מלחמה איז שוין לאַנג געענדיקט. נישטאָ מער די שוואַרץ־רויטע ליסטעס פון אירע קרבנות. די וואונדן הויבן זיך אָן צו ביסלעך פאַרהיילן, די וועלט הויבט שוין אָן צו פאַרגעסן די קלאָגן און פלאָגן פון די מלחמה־שחיטות.

און פאַר אונדז, פאַר אונדז הויבט זיך ערשט אָן די סדרה פון די „טויט־ליסטעס“.

אַט ליגט פאַר מיר דער צעטל פון די קדושים פון זשיטאָמיר, טשערקאַסי און אומאַן.

מיט זשעדנע, הונגעריקע אויגן וואַרף איך זיך אויפן צייטונגס־בויגן און זוך נעמען, טייערע נעמען פון עטלעכע פריינט און חברים, וואָס געפינען זיך אין דרום־רוסלאַנד.

איך אָטעם אָפּ פריי. נישטאָ.

אין דער דערווייליקער, אומפולקאָמענער ליסטע, וואָס מיין בראַווער קאָלעגאַ

און פריינט פון בערלין, מאיר גראָסמאַן, האָט מיט מסירת־נפש געבראַכט אונדז, זיינען קיין נאָענטע נעמען נישטאָ.

אין דער קדושים־ליסטע האָב איך נישט מיינע קרבנות.

דאָס זיינען די קרבנות פון מ יי ן פאָלק, דאָס הייליקע בלוט פון קדושים, וואָס זיינען געפאַלן פאַר אונדזער אייביקייט, פאַר אונדזער אומשטערבלעכקייט...

(יוני 1919)

---

## אַז וואונדער געשעען...

דער ערשטער יידיש־אַמעריקאַנישער קאָנגרעס

עס דערנענטערט זיך צו אונדז פון דער מויזנט מייל ווייטער פילאַדעלפיע דער ווידערקול פון אַ וואונדער־געזאַנג, — די שיר־התחיה פונעם אייביקן פאָלק...

— נישט דער געבורט, נאָר דער תחית־המתים פון אַ נאַציע, — זאָגן אונדז עדות די, וואָס האָבן די זכיה געהאַט צו בייזיין דאָס וואונדער פון פילאַדעלפיע, וואו אַ פאָלק פון יהודים, יידן, חברים, גענאָסן, אַריסטאָקראַטן, בורזשויען, פינאַנץ־מאַג־נאַטן אַרבעטער, קרעמער, רבנים, סוחרים, ליטוואַקעס, פוילישע, גאָט־גלויביקע און אַטעאיסטן זיינען צוזאַמענגעשמאָלצן, צוזאַמענגעשמידט געוואָרן אין איין איינ־הייטלעכע פון לעבנס-ווילן דורכגעדרונגענע און לעבנס־רעכט פאַרלאַנגנדע נ אַ־צ י ע.

גרויס און דערהויבן איז אין אונדזער היסטאָרישן זכרון דער ערשטער באַזעלער ציוניסטישער קאָנגרעס, דאָרטן איז דאָס ע ר ש ט ע גאולה־וואָרט געזאָגט געוואָרן, דאָרטן האָבן די יחידי סגולה, די פון רוח-הנבואה באַהערשטע פּראָקלאַמירט פאַר דער וועלט דעם לעבנס־ווילן פון דער אין שטויב ליגנדער יידישער אומה.

דאָס גרויסע, שטומע און שווייגנדע פאָלק ישראל איז אין באַזעל נישט געווען, דאָרטן האָבן זיך נ אָ ר צ י ו נ י ס ט ן פאַרזאַמלט, די בשורה־טרעגער, די העראָלדן פון נאַציאָנאַלער דערלייזונג.

אין פילאַדעלפיע, האָט דאָס פאָלק, דאָס ג אַ נ צ ע פאָלק גערעדט, און עס טראָגט זיך איבער דער וועלט דער קול־השופר און זאָגט אָן די אין אַלע ווינקלעך פון דער ערד געמאַטערטע, און בלוט זיך טרינקנדע יידן:

י ש ר א ל, ד ו ב י ס ט ו ו י ד ע ר אַ פ אָ ל ק ג ע וו אָ ר ן!

לאָזן זיך נאָך בושעווען די בייזע גייסטער פון דער שטאַרבנדער זינדיקער וועלט, זיי קענען נאָך אַ ווייל מעכב זיין די גאולה, אָפּשטופּן נאָך אויף רגעים אונ־דזער דערלייזונג, אָבער קומען וועט זי, קומען מוז זי, ווייל מיר זיינען שוין פריי,

מיר האָבן זיך שוין אַליין באַפרייט, פון שטויב פון אונדזער געפאַלנקייט האָבן מיר זיך אַליין צו דעם ראַנג פון אַ פאָלק, פון אַ נאַציע דערהויבן...

:: :: ::

אַז וואונדער געשעען, הויבט אָן רוען דער רוח השכינה אויף מענטשן. זיי דערפילן דעם אָטעם פון דער געשיכטע און דערהויבן זיך פלוצלינג, אומגעריכט צו דער הויך פון דעם געשיכטע־שאַפנדן מאָמענט...

אַ ליכט האָבן זיי פלוצלינג דערזען, די פאַרזאַמלטע יידן פון דער פילאַדעלפיער אסיפה און זייער שייכות מיט צוויי טויזנט יאָר יידישע געשיכטע האָבן זיי אַנט־דעקט און פון דער צעריסענער און זיך אמפערנדער און צווישן זיך קעמפנדער עדה פון טעמפל־יהודים, ציוניסטן, סאָציאַליסטן, אַסימילאַטאָרן איז אין איין גרויסער היסטאָרישער רגע געוואָרן א יי ן פאָלק מיט איין ווילן.

פון פילאַדעלפיע שיינט אונדז אַרויס דאָס אומשטערבלעכע געשטאַלט פונעם אייביקן פאָלק...

אַז וואונדער געשעען הויבט אָן דער אַלטער וועטעראַן פונעם יידישן סאָציאַ־ליזם, דער איידעלער דיכטער־שער מ אָ ר י ס ווי נ ט ש ע ווס קי צו טרוי־מען דעם טרוים פון זיין פאָלק און חלומט וועגן דער ווידעראויפבויאונג אויף די בערג פון ציון פון דעם בית שלישי — פון דעם דריטן בית־המקדש — דעם טעמפל פון אַלמענטשלעכער ברודער־ליבע, דעם סימבאָל פון דעם אוניווערסאַליזם, פון יידנטום.

אַז וואונדער געשעען חלומט ווינטשעווסקי — דער דעלעגאַט פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע אין אַמעריקע, אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אויף טויט און לעבן באַקעמפט דעם ציוניזם, דעם קאָנגרעס, די אידייע פון איין יידישער נאַ־ציע — אַז... ער וועט שטאַרבן אַלס פאָציאַליסט אין ארץ ישראל...

אַז וואונדער געשעען ווערט באַפרייט די געפאַנגענע, די פאַרטומלטע יידישע נשמה... און מ אָ ק ס פּ יי ן, דער פירער פון די געווערקשאַפטן, דער פאַר־טרעטער פון הונדערט טויזנט יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן נאָך נעכטן געדינט דעם אָפּגאָט, דער געצקע פון אַסימילאַציע, וואָס האָבן נאָך אַ טאָג פאַרן קאָנגרעס נישט געוואָלט זיך באַטייליקן אין אים, — דערקלערט פיין, אַז די יידישע אַרבעטער שטייען צוזאַמען מיטן יידישן פאָלק אין אַלע זיינע שטרעבונגען און אידעאַלן...

אַז וואונדער געשעען און אַ פאָלק שטייט תחית־המתים אויף ווערט ל ו א י ס מ אַ ר ש אַ ל, דער טעמפל־ייד, דער שטאַרקסטער און טאַלאַנטפולסטער קעגנער פון דער נאַציאָנאַלער אידייע, ווערט מאַרשאַל דער מחבר פון דער היסטאָרישער

קאָנגרעס־דעקלאַראַציע וועגן אונדזערע נאַציאָנאַלע רעכט, פון דער „מאַגנאַ קאַרטאַ“ פונעם יידישן פאָלק...

אַז וואונדער געשעען און די פאַרחלשטע האַלב־אָפּגעשטאָרבענע גלידער פונעם פאָלק הויבן אָן מיט לעבן פולסירן, קענען מיר מיט לייכטן געמיט באַגעגענען אַלע אויסערלעכע שוועריקייטן, וואָס ליגן אונדז נאָך אויפן וועג פון אונדזער באַפרייאונג.

דעם גרעסטן טייל אויף דעם וועג צו דער גאולה האָבן מיר שוין דורכגעמאַכט — מיר האָבן זיך אַליין אינערלעך באַפרייט.

(יוני 1919)

---

# דעם „טיגערס“ טרער

קלעמאַנסאָס ירידה

ער האָט פאַרענדיקט זיין קאַריערע מיט אַ טרער...

דער וואָס איז אפשר די הויפּט־סיבה געוועזן פון אַזוי פיל אומשולדיקע טרערן פון קינדער אין דעם בלאָקירטן רוסלאַנד, דער וואָס האָט אויסגעשלאָסן די ליכטיקע האָפנונג פון די פינצטערע מלחמה־יאָרן — די האָפנונג אויף פרידן צווישן פעלקער...

עס איז געווען אַ מערקווירדיקע, דראַמאַטישע סצענע, בעת ד ז ש אַ ר ז ש ק ל ע מ אַ נ ס אָ האָט זיך געזעגנט מיט דעם העכסטן „פרידנס“־ראַט אין פּאַריז.

נעכטן ערשט איז ער געווען דער ריז, דער הויפּט־זייל אין דער אסיפה פון די מאַכטהאָבער, וואָס האָבן אַנטשידן דעם גורל פון דער וועלט און געהאַט מער דעה איידער אַלע געקרוינטע און ניט־געקרוינטע הערשער, היינט איז ער נישט מער ווי אַ איבערגעמישטע בלאַט געשיכטע, אַ געפאַלענער אָפּגאָט און מאָרגן אפשר וועט ער זיין נישט מער ווי אַן אָפּגעשלאָגענע הושענה, מ׳וועט אים פאַרגעסן אָדער דער־מאָנען מיט פלוך און אַ קללה...

קלעמאַנסאָ האָט דאָס געמוזט פילן, בעת ער האָט פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ פון מיניסטעריום און אַ טרער האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פון זיינע אויגן...

דאָס איז געווים נישט געווען די אומשולדיקע טרער פון דער מאַדאָנאַ, דאָס איז די טרער פון אַ פאַרוואונדעטן, באַזיגטן, געפאַלענעם טיגער...

לאָמיר זיין מענטשלעך, לאָמיר זיין גערעכט צו אונדזער ביטערסטן שונא, לאָ־מיר פאַרשטיין די טיפקייט פון קלעמאַנסאָס טראַגעדיע אין די ערשטע מינוטן, בעת ער האָט זיך געזעגנט אין מיניסטאָרן־פּאַלאַץ פאַר זיין אַוועקגיין אין פּאָליטישן קבר.

צוויי יאָר נאָכאַנאַנד איז ער געווען די מעכטיקע היסטאָרישע פיגור, וואָס האָט פאַרקערפּערט אין זיך דעם כוח און גייסט פון זיער נאַציע, דעם לעבנס־ווילן, דעם

נצחון-עקשנות פון דער הערָאישער פראַנקרייך. ער האָט דערפירט זיין פאָלק צום העכסטן טריאומף פון נצחון, ער האָט געראַטעוועט דאָס לאַנד, פּאַריז פון דער טראַ־גישער סכנה דערשטיקט צו ווערן ווידעראַמאָל פונעם פּרייסישן מיליטערישן שטיוול, ער האָט פאַרווירקלעכט דעם חלום פון יעדן פראַנצויז צוריקבאַקומען פונעם פאַר־האסטן פּרייס על־זאַס און לאָטאַרינגיע; דאָס פאָלק האָט אים געקרוינט אַלס דעם „פאָטער פון נצחון" און ער האָט זיך געבאָדן אינעם גלאַנץ פון רום און אומשטערב־לעכקייט...

ער האָט געשיינט אומבאַזיגבאַר פאַר אַלע שטורמען פון דער צייט, אַלע פיילן פון זיינע קעגנער פלעגן אַלץ נאָכאַנאַנד זיך צעברעכן אָן דער אייזערנער וואַנט פון דער פאַרגעטערונג פונעם דאַנקבאַרן פאָלק. אַלע אָנגעשטרענגטע אַטאַקעס פון דער אָפּאָזיציע, זיינען מאַכטלאָז געווען קעגן דער אומגעהויערער פּאָליטישער גבורה פונעם „טיגער". אַלע זיינע שונאים פון אינעווייניק און פון אויסן האָבן זיך געמוזט בייגן קעגן זיין דיקטאַטאָרישן ווילן. ער האָט באַזיגט זיין געפערלעכסטן פיינד דעם „אי־דעאַליסטישן" יענקי ווילסאָנען און האָט דיקטירט דעם פרידן פון ווערסאַל...

און אָט איז געקומען דער העכסטער מאָמענט פון באַלוינונג — דער פּורפּור־נער פּרעזידענטן־שטול אין עליזעאום־פּאַלאַץ.

געדאַכט האָט זיך, ס'איז געווען כמעט זיכער, אַז די געטער פון רום וועלן אים נישט פאַרלאָזן. דער דערפאָלג איז דאָך געווען אַזוי זיכער. דאָס פאַרטומלטע און פאַרנאַרישטע פאָלק פון דער אַמאָל פרייער רעפּובליק האָט געשיקט אין פּאַרלאַ־מענט און סענאַט אַלץ קלעמאַנסאָישע חסידים. ווער האָט צווייפלען געקענט, אַז זיי וועלן שיקן אין עליזעאום־פּאַלאַץ זייער אָפּגאָט און רבין?

און ביי קלעמאַנסאָן, ווי ביי דער גרויסער אויסערער וועלט איז קיין שום ספק נישט געווען אַז דער פּרעזידענטן־שאַרף פון דער גרויסער רעפּובליק וועט הענגען אויף דער טיגרישער ברוסט פון דעם „פאָטער פון דעם נצחון".

און אַזוי פּלוצלינג איז געקומען דער בראָך!

אינעם לעצטן מאָמענט פון טריאומף, האָט דערוואַכט דער פּרייהייטס־אינס־טינקט פונעם גרויסן פראַנצויזישן פאָלק. זיי האָבן דערשפּירט די „טיגער"־געפאַר פאַר פראַנקרייך און האָבן דערוויילט דעשאַנעלן...

לאָמיר באַגרייפן די טראַגעדיע פון דעם געפאַלענעם ריז: אונטער די לויב־געזאַנגען פון זיין פאָטערלאַנד און אַלע שוואַרצע גייסטער פון אייראָפּע האָט ער מיט זיכערע טריט מאַרשירט צו דער זון פון דער גלאָריע, נאָך איין שריט און ער וואָלט שוין דערגרייכט דעם שפּיץ באַרג. און מיט אַמאָל האָט זיך פאַר אים גע־עפנט דער אָפּגרונד.

אויסגעלאָשן אַלע גלאַנץ־ליכטער פון רום און מאַכט...

דער מעכטיקער קלעמאַנסאָ פאַר וועלכן די וועלט האָט געציטערט איז שוין אַ

מענטש פון נעכטן, א פיגור פון דער פאָליטישער פאַרגאַנגענהייט, א פּאָליטישער מת, א פשוטער זקן־זשורנאַליסט וואָס קלייבט זיך שרייבן זכרונות אָנשטאָט... רע־גירן פראַנקרייך און אייראָפּע...

גרויס האָט געמוזט זיין די טראַגעדיע פון קלעמאַנסאָ, בעת ער האָט זיך גע־זעגנט אין פּאַלאַץ פון מיניסטעריום; דער בייזער טיגער האָט נישט אויסגעהאַלטן זיין ראָלע און א טרער האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פון זיינע אויגן... די טרער, וואָס פאַר אונדז שיינט זי, ווי דער טייערסטער ד י א מ אַ נ ט, ווייל זי וועקט אין אונדז דעם גלויבן, אַז נישט אייביק איז די הערשאַפט פון בייזע און שוואַרצע גייסטער...

:: :: ::

„דע מארטיום אוט ניהיל, אוט בענע" — אויף טויטע זאָל מען רעדן גוטס, אָדער מ׳זאָל וועגן זיי גאָרנישט רעדן — אַזוי הייסט אונדז דער לאַטיינישער שפּרוך.

קענען מיר אָבער פאָלגן אָט די רוימישע עצה, בעת מיר שטייען פאַר דעם פּאָ־ליטישן קבר פון ז ש אָ ר ז ש ק ל ע מ אַ נ ס אָ?

יאָ, מיר זיינען גרייט גערעכט צו זיין צום שונא. ער וועט געוויס בלייבן דער אומשטערבלעכער העלד פון דער פראַנצויזישער נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר געשיכטע, ווייל ער האָט אין דעם לעצטן יאָר פונעם קריג פאַרקערפּערט דעם העראָאישן גייסט פון זיין נאַציע, ער האָט איר געהאָלפן זיך ראַטעווען פון מוראַדיקער גערמאַנישער סכנה. אין דעם פּרט וועט ער אויך פאַרדינען דאָס לויב־וואָרט פון דער אַלמענטש־לעכער געשיכטע.

ווי טיף די פינצטערניש זאָל נישט זיין איצט אויף דער וועלט, עס קען דאָך קיין ספק נישט זיין, אַז נאָך טיפער וואָלט געווען דער וועלט־חושך און דער אומ־גליק פון דער מענטשהייט, ווען... ווילהעלם מיט הינדענבורגן וואָלטן דיקטירט דעם פרידן אין ווערסאַל.

לאָמיר גערעכט זיין צו אונדזער שונא. לאָמיר ביי אים נישט אַוועקנעמען דעם פאַרדינטן טיטל: דער „פּאָטער פון נצחון".

אָבער אין דעם קראַנץ, וואָס מיר לייגן מיט אַזוי פיל פרייד, אויף דעם קבר פון ז ש אָ ר ז ש ק ל ע מ אַ נ ס אָ מוזן מיר אויך איינפלעכטן צוויי גרויסע פּ ע ך־ש וו אַ ר צ ע רויזן: דער „פּאָטער פון נצחון" וועט בלייבן אין דער געשיכטע, אַלס דער ק ב ר ן פון דער הייליקסטער האָפנונג פון דער פאַרבלוטיקטער מענטש־הייט — פון דער האָפנונג פונעם שטענדיקן פרידן צווישן די פעלקער. אים וועט די מענטשהייט הויפּטזעכלעך פאַרדאַנקען דעם דורכפאַל פון דעם ווילסאָנישן פרידן, דעם דורכפאַל פון דער פרידנס־ליגע פון די נאַציאָנען.

מיר, בירגער פון  דער גרויסער רוסלאַנד, וועלן געדענקען דעם „טיגער", אַלס דעם הויפּט־פּאָטער פון דער בלאָקאַדע, אַלס דעם תליון פון הונדערטער טויזנט אומשולדיקע נפשות, אַלס אונדזער בלוטיקסטן און געפערלעכסטן שונא.

צוויי שוואַרצע רויזן פלעכטן מיר איין אין דעם לאָרבער־קראַנץ פון געפאַלענעם טיגער.

ד ע ר  ק ב ר ן  פ ו ן  װ ע ל ט ־ פ ר י ד ן  א ו ן  ד ע ר  ת ל י ו ן  פ ו ן  ר ו ס ל אַ נ ד . . .

:: :: ::

קלעמאַנסאָס טרער בלישטשעט פאַר אונדז מיט אַלע ליכט־פייערן פון די טייערסטע דיאַמאַנטן און פערלען.

זי זאָגט אונדז אָן די פרייליכע בשורה!

געדולד!

ס'קומט דער פרימאָרגן . . .

(פעברואַר 1919)

---

# דאָס שיינע איטאַליע

איטאַליע האָט אָנערקענט רוסלאַנד.

זי איז די ערשטע פון די קאַפּיטאַליסטיש־אייראָפּעאישע מלוכות, וואָס האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט דער סאָציאַליסטישער רוסלאַנד. די טעג קומט אָן אַהינצו דער דיפּלאָמאַטישער פאַרטרעטער פון מאָסקווע, און אַן איטאַליענישער אַמבאַסאַדאָר ווערט געשיקט אין דער סאָוועטן־רעפּובליק.

אין דער צייט, ווען דאָס „שיינע פראַנקרייך" שמידט דאָס געווער און קאָנספּירירט מיט דער שוואַרצער אונגאַרן און רומעניע קעגן דער סאָציאַליסטישער רוסלאַנד, האָט זיך די איטאַליענישע בורזשואַזע רעגירונג אַרויסגעריסן פון דער „הייליקער" אַנגלאָ־פראַנצויזישער אַליאַנס און געשלאָסן פרידן מיט דעם ביטערסטן שונא פון אירע פּאָליטישע פריינט.

עס איז נישט וויכטיק, וואָס דער איטאַליענישער אויסערן־מיניסטער ספאָרצא פאַרענטפערט זיך, אַז ער מוז רוסלאַנד לאָזן פריי כדי דער קאָמוניזם זאָל זיך קענען אומגעשטערט אַנטוויקלען צו זיין סוף, ווייל עס איז נויטיק, אַז דער באָלשעוויזם זאָל פון זיך אַליין אָפּשטאַרבן און נישט אונטערגיין אַלס אַ פאַלשער מאַרטירער.

מיר ווייסן צו גוט די מאָטיוון פון דעם רוסיש־איטאַליענישן פרידן. און ספאָר־

צאַ אַליין זאָגט אונדז אויס דעם סוד, אַז דאָס איטאַליענישע פאָלק סימפּאַטיזירט מיט פעלקער און רעגירונגען, וואָס ווערן פאַרגוואַלדיקט און באַעולהט. מיר ווייסן צו גוט אַז נאָר אַדאַנק דעם בראַוון און הערָאַאישן קאַמף פון די איטליענישע אַר־בעטער איז געשלאָסן געוואָרן דער פרידן מיט רוסלאַנד.

אָבער דער איטאַליעניש־רוסישער פרידן פאַרלירט געווים נישט דורכדעם זיין מאָראַלישן גלאַנץ און שיינקייט.

איטאַליע, דאָס לאַנד פון גאַריבאַלדי און מאַדזיני, דאָס רויטע, סאָציאַליסטישע איטאַליע האָט אַריינגעשריבן אַ נייעם רומפולן בלאַט אין איר נאַציאָנאַלער גע־שיכטע.

יאָ, דער בכבודיקער טיטל מיט וועלכן מען האָט געקרוינט ביז אהער דאָס „שיינע" פראַנקרייך — דאָס לאַנד פון רעוואָלוציע, גייט איצט איבער מיט רעכט צו איטאַליע.

דער איטאַליענישער פּראָלעטאַריאַט האָט אָפּגעוואונען פאַר זיין לאַנד דעם רומפולן קראַנץ, וואָס האָט באַצירט ביז אהער דאָס פאָטערלאַנד פון ראָבעספיערן און דאַנטאָנען . . .

:: :: ::

יאָ, איטאַליע האָט איצט כשר פאַרדינט איר רומפולן טיטל.

יעדעס פאָלק האָט די רעגירונג, וואָס זי פאַרדינט.

און אַפילו די בורזשואַזע רעגירונג פון איטאַליע שטייט מיט צען קעפּ העכער פון די רעגירונגען פון אירע אימפּעריאַליסטישע שכנים.

אין דער צייט פון שנאה און האַס, בעת די אַלע זיגרייכע רעגירער האָבן זיך געהאַלטן צו זייערע באַזיגטע שונאים לויט דער קלאַסישער רוימישער מעטאָדע: „ווייַ די באַזיגטע" — האָבן מיר פון איטאַליע געזען דעם ערשטן מענטשלעכן זשעסט צו איר שונא.

נישט קוקנדיק אויף דער אַלטער טראַדיציאָנעלער איטאַלישער שנאה צו די עסטרייכישע באַדריקער, האָט דאָס איטאַליענישע פאָלק דאָס ערשטע באַוויזן, אַז זי איז פריי פון נקמה־געפילן צו אירע נעכטיקע שונאים און פאַרשקלאַפער.

איטאַליע איז דורכגעדרונגען מיט געפילן פונעם ריינעם הומאַניזם, זי טאַנצט נישט דעם שדים־טאַנץ פון נקמה אַלא פראַנקרייך, אויף דעם פאַרוואונדעטן קערפּער פון איר שונא.

הערט זי דעם הונגער־קרעכץ פון עסטרייכישע קינדער, באַלד איז זי גרייט מיט איר העלפנדער ברודער־האַנט.

קומט ר ע נ ע ר, דער פּרעמיער פונעם נעכטיקן שונא־לאַנד אין רוים, קומט

אים אַנטקעגן מקבל־פּנים זיין דער גאַנצער איטאַליענישער מיניסטאָרן־קאַבינעט. מ'נעמט אים אויף אַלס דעם בכבודיקסטן גאַסט און מען לאָזט אים נישט פילן, אַז ער איז בלויז אַ פאַרטרעטער פון אַ מאַכטלאָזער און באַזיגטער מדינה.

דער איטאַליענישער קעניג מאַכט פאַר רענערן פאַראַדנע באַנקעטן און דאָס גאַנצע פאָלק ווייזט אים אַרויס מענטשלעך און האַרציק מיטגעפיל.

פאַרגלייכט די נקמה־ברוטאַליטעט פון די פראַנצויזישע מאַכטהאָבער צו די דייטשע פאַרטרעטער און איר וועט זען נאָך אין אַ העלערן ליכט די איטאַליענישע מענטשלעכקייט.

און איצט, בעת ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף פון דער אַלוועלטלעכער אַר־בעטערשאַפט אַרויסצוראַטעווען דאָס סאָציאַליסטישע רוסלאַנד פון די נעגל פון דער מערדערישער קאַפּיטאַליסטישער בלאָקאַדע האָט איטאַליע פאַרנומען דעם בכבודיקן אויבן־אָן אין דעם ערן־קאַמף.

בעת די קאַלטע ענגלענדער האָבן געקעמפט קעגן דער אַנטי־רוסישער בלאָקאַדע מיט קאָנגרעסן און רעזאָלוציעס, בעת דאָס סאָציאַליסטישע פראַנקרייך האָט יוצא געווען מיט פייערלעכע מאַניפעסטן איז דאָס אַרבעטער־איטאַליע געווען אויף דער גאַס, האָט געשטורעמט און געברויזט מיט פּראָטעסט און גענעראַל־שטרייקן.

ווי בראַוו און העראָאיש האָט דאָס אַרבעטער־פאָלק פון איטאַליע פאַרטיידיקט דאָס ליידנדע און קעמפנדע רוסלאַנד.

נישט בלויז דאָס פּראָלעטאַרישע חוב־באַוואוסטזיין, נישט קאַלטע אויסגערעכנ־טע פּאָליטישע לאָגיק האָט זיך געפילט אין אַלע אַרויסטרעטונגען פון דעם סאָציאַ־ליסטישן איטאַליע פאַר דעם סאָציאַליסטישן רוסלאַנד — מיט אמתער מענטשלעכער ליבע און ספּאָנטאַנער האַרציקייט זיינען דורכגעדרונגען געווען אַלע האַנדלונגען פון דעם איטאַליענישן פאָלק.

דאָס שיינע איטאַליע איז איצט דאָס ערשטע, צווישן די לענדער אויסצושטרעקן די ברודער־האַנט דעם פאָלק, וואָס האָט אויפגעהויבן די פאָן פון סאָציאַליזם און בלוטעט פאַר דעם גליק פון דער וועלט.

און דאָס האַרץ פון דעם נייעם רוסלאַנד וועט שטענדיק פול זיין מיט ליבע צו דער שיינער איטאַליע...

(אויגוסט 1919)

# ווען דער ווילן ווערט געבוירן...

„...און די רעדער בלייבן שטיל,
ווען דיין מעכטיקער אָרעם וויל..."
(פון אַן אַרבעטער־ליד).

עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם פון פרייד און האָפנונג פון דעם שטורעם־פיבער, וואָס האָט זיך אין די טעג פונעם נייעם אייראָפּעאישן מלחמה־קריזיס דורכגעטראָגן דורך די פּראָלעטאַרישע רייען אין ענגלאַנד, פראַנקרייך און אין די איבעריקע ערד־ווינקעלעך.

מיר האָבן צום ערשטן מאָל נאָך דעם בלוטיקן וועלט־מבול דערזען אויף דעם שוואַרצן הימל פון אייראָפּע די ערשטע רעגנבויגן-צייכנס.

און שטאַרקער קלאַפּט דאָס האַרץ פון פרייד: עס בליצט! באַלד וועט קומען דער דונער.

עס צינדן זיך ווידער אָן די אויסגעלאָשענע שטערן פון האָפנונג...

מאַכטלאָז קריצט מיט די ציין די ווילדע מלחמה־פוריע, דער צאָרן־געשריי פונעם פּראָלעטאַריאַט האָט זי ווידער פאַרטריבן אין שטייג אַריין.

ניין, צום צווייטן מאָל וועט שוין זיין ניט אַזוי גרינג אַריינוואָרפן די אַרבעטער־מאַסן פון דער וועלט אין די אָרעמס פונעם קריג־משוגעת.

איצט ווייסן מיר, אַז נישט אומזיסט זיינען געווען די קרבנות פון די לעצטע בלוטיקע יאָרן.

אויב די מאַכטהאָבער האָבן גאָרנישט געלערנט און גאָרנישט פאַרגעסן, האָט אָבער דערוואַכט דער געפאַנגענער און געשמידטער אַרבעטער־ווילן.

דער וועלט־פרידן האָט ענדלעך געפונען זיין באַשיצנדן ריטער.

מיר האָבן שטענדיק געוואוסט, אַז נישט ווילסאָן וועט זיין דער מלאך־השלום פון דער פאַרבלוטיקטער וועלט.

מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז נישט דאָס ווילסאָנישע שווינזיכט־קינד, די „ליגע פון נאַציעס" וועט אונדז ברענגען דעם פרידן.

האָט דאָך אונדז געזאָגט דער קלוגער וו ע ל ס : וואָרט נישט, אַז די דיפּלאָמאַטן, וואָס האָבן אונטערגעצונדן אייראָפּע, זאָלן בכוח זיין אויסלעשן דאָס פייער. זוכט נישט קיין לעבנס־עליקסיר אויפן בית־עולם ביי קברים און דעם פרידן ביי דיפּלאָמאַטן אין ווערסאַל...

און די לעצטע צוויי יאָר האָבן אונדז באַשטעטיקט די נבואה־וואָרנונג פון דעם ענגלישן דיכטער און סאָציאַליסט.

די לעצטע צוויי יאָר פון דער „פרידן"־קאָמעדיע האָבן אונדז געקאָסט מער

מענטשן־בלוט און ענויים, איידער די טראגישע יארן פון קריג.

די „ליגע" האט שוין געהאט א צענדליק אסיפות. זי האט שטענדיק געביטן דעם פלאץ פון אירע צוזאמענקונפטן, זי האט געוואנדערט פון פראנקרייך קיין ענגלאנד, פון לאנדאן קיין בעלגיע און צולעצט שוין אין שפאניע. איר פינצטערער מזל האט זיך דערפון נישט געביטן. זי איז געבליבן א מאכטלאזע רעד־מאשין, א פוסטע און ליגנערישע פרידנס־דעקאראציע פאר דער בלוטנדער פון מלחמות און שטרייטיקייטן אייראפע און אזיע.

דער קאפיטאליסטישער אימפעריאליזם איז געווען די מכשפה וועגן וועלכער מארקס האט געזאגט, אז זי איז בכוח ארויסצורופן די גייסטער פון יענער וועלט, אבער זי איז נישט בכוח זיי צו באהערשן.

זוכט נישט קיין לעבנס־רפואות אויפן בית־עולם און ווארט נישט אויף פרידנס־גליק אין קאפיטאליסטישן גהינום! — דאס איז דער גזר־דין פון דער געשיכטע, וואס איז אויסגעקריצט מיט פייערדיקע אותיות אויף די פארבלוטיקטע הימלען פון איירָאפע.

:: :: ::

ווען איר מיליאנען, וואס וואלגערט זיך ווי חיות אין די טראנשייען, וואס די ערשער האבן אייך געשמידט מיט פייער און אייזן און געווארפן אין די נעגל פונעם פארניכטנדן קריג, וועט זיך ברודערלעך געבן איינער דעם אנדערן די האנט, נאר דאן וועט קומען דער שלום אויף דער ערד — אזוי רעדט העניר בארבוס אין דער הקדמה צו זיין גוואלדיקן מלחמה־בוך „אונטערן פייער".

און מיר הערן איצט די ערשטע פריידיקע שריט פון דעם אנקומענדן שלום אויף דער פארפייניקטער ערד.

די מיליאנען דערוואכן, זיי גיבן זיך די הענט.

עס הערן זיך די ערשטע קלאנגען פון דער גרויסער פרידנס־בשורה אויף דער וועלט.

עס ווערט געבוירן דער מעכטיקער ווילן, וואס וועט אפשטעלן די רעדער פון דער וועלט־מאשין, ביי דעם ערשטן גרילצן פון דער קריגס־פוריע.

דערווייל האבן מיר געזען נאר די ערשטע שטראלן פון דער אויפגייענדער פרידנס־זון.

אבער ס'דערטראגן זיך שוין צו אונדז אלץ שטארקער די דונערן פון דעם באפרייענדן וועלט־שטורעם.

מיר זיינען עדות פון דער ערשטער פראבע פונעם דערוואכנדן און באפרייטן פראלעטארישן ווילן.

באַלד וועט אָבער קומען דער טאָג אויף וועלכן מיר וואַרטן.
דער פּראָלעטאַרישער ווילן וועט קומען צום פולן גלאַנץ און אויסדרוק.
און פריי וועט אויפאָטעמען די וועלט, און עס וועט ווערן פאַרניכטעט דער שוואַרצער שטן פון ברודער־פאַרניכטונג און קריגס־שגעון.
זאָל גיכער קומען דער טאָג!...

(1920)

---

## דאָס פּאַטערלאַנד רופט!...

דער סאָו־רעמאַ באַשלוס

מיר האָבן געוואַרט אויף דעם טאָג, — אויף דעם שבת פון אונדזער געשיכטע.
און איצט איז ער געקומען!
צוואַנציק דורות, צוואַנציק לאַנגע און שרעקלעכע דורות האָט געדויערט דער זונען־אונטערגאַנג פון דער געשיכטע פונעם יידישן פאָלק, און איצט טאָגט עס!
יאָ, יאָ! ס'צינדט זיך אָן ווידער דער פאַרלאָשענער שטערן פון ישראל צווישן די פעלקער.
שווייג סקעפּטישער יידישער מוח!
לאָזט אונדז דעם וועג פריי, איר, וועמען די נאַכט האָט אויסגעגעסן די אויגן!
שפּרינג פון פרייד, דו אמת־פילנד, צעווייטיקט און געמאַטערט יידיש האַרץ!
שפּרינג פון פרייד, דערשטיק דעם צווייפל און בענטש די גרויסע שעה!
די געשיכטע האָט אונדז נישט אָפּגענאַרט.
געבענטשט זאָל זיין די וואונדער־געשיכטע פון דעם געפּייניקטן פאָלק!
נישט אומזיסט האָט איר געהאָפט און געשטאָרבן, איר, הייליקע דורות וואָס האָט אונדז די צוואה געלאָזן:
געדולד. ער וועט קומען דער גרויסער טאָג פאַר דעם אייביקן פאָלק!...
איר לעבט איצט אויף פאַר אונדז, איר אַלע הייליקע שאָטנס, איר וואָס זענט אומגעקומען אויף די פייערן פון אויטאָ־דע־פע פון דער אינקוויזיציע, אין די ברויזנדע כוואַליעס ביי די אַפריקאַנער ברעגן, איר אַלטע און נייע אונדזערע קדושים וועמענס הייליקע קברים זיינען צעוואָרפן איבער דער פאַרבלוטיקטער ערד פון אוקראַינע, ליטע און פוילן...
איר לעבט אויף פאַר אונדז און זייט מיט אונדז, איר, ג ו ל י ב ב ל, וואָס האָט ביי די פרעמדע טייכן די שבועה געגעבן נישט צו פאַרגעסן ירושלים...
דאָס איז אייער שמחה, תחית־המתים אויפגעשטאַנענע דורות...

סאַן־רעמאָ האָט אונדז די גאולה געבראַכט?

בלינדע!

ווי גלויבט איר אַז אַן אסיפה פון שטערבלעכע, אין זינד־פּאַרזונקענע מינים־מאַרן קען וואונדער געשיכטלעכע אויפטאָן?!

ניין! ז יי ווייסן נישט וואָס זיי טוען אין שלעכטס ווי אין גוטס. בלינדע װערקצייג זיינען זיי אין דער האַנט פון אַ העכערן ווילן — פון דעם גרויסן און מיסטישן גורל פונעם יידישן פאָלק...

ס'איז א ו נ ד ז ע ר גורל געווען, דער טראַגישער און מערקווירדיקער פּאַ־מוס פון אונדזער היסטאָריע, וואָס קערט אונדז אום צו דער ערד פון וועלכער מען האָט אונדז אַמאָל פאַרטריבן...

סאַן־רעמאָ, פּאַריז, לאָנדאָן, — באַלפור, לאָיד דזשאָרזש — דאָס זיינען צו־פאַלן, האַלב־בלינדע שלוחים פון דעם היסטאָרישן געניוס פון אַן אייביקן פאָלק.

צונישט וועלן ווערן אינעם שטורם־לויף פון דער געשיכטע אַלע באַשלוסן פון די פרידנס־קאָנפערענצן, ווייל זיי האָבן געזינדיקט קעגן דעם מעכטיקן צ יי ט־ג יי ס ט, זיי האָבן פאַרגוואַלדיקט דעם היסטאָרישן יושר.

אָבער דער לעצטער באַשלוס פון ס אַ ן ־ ר ע מ אָ — די אומקערונג פון דער יידישער ערד צו דעם יידישן פאָלק, פּונקט, ווי די באַפרייאונגס־טראַקטאַטן פון די אבעריקע אונטערדריקטע נאַציעס — דאָס זיינען ה י ס ט אָ ר י ש ע פ ע ל ד ז ן, זיי וועט נישט אומוואַרפן קיין שטורם אין דער וועלט, ווייל זיי זיי־נען די ה י ס ט אָ ר י ש ע ג ע ר ע כ ט י ק יי ט, די איינציקע גערעכטיקייט, וואָס וועט פאַרשריבן ווערן אין זכות פון די וואָס האָבן אַזוי שטאַרק געזינדיקט קעגן דעם גאָט פון דער געשיכטע...

דערשטיק זשע, דו, יידיש האַרץ, דעם וואָרעם פון צווייפל, וואָס וויל דיר די היסטאָרישע שמחה צעשטערן.

מיר האָבן געזיגט, און אונדזער נצחון איז שטאַרקער פון פעלדזן!

:: :: ::

אין דער גרויסער שעה, ווען ס'גייט אויף ווידער די זון אויף אונדזערע הימלען ווענדט זיך אונדזער נשמה צו די קברים פון די, וואָס האָבן אונדזער חלום גע־חלומט, וואָס האָבן פאַר אונדז שטערן געצינדן אין דער פינצטערער נאַכט.

דאָס פאַרשטויבטע אַש פון מ ש ה ה ע ס קבר ווערט פאַר אונדז איצטער דער ברענענדער פירנדער זייל.

פּינסקער, ליליענבלום, וואָלפסאָן, טשלענאָוו און די אַלע אַנדערע — זייער נאָ־מען אין לעגיאָן — זיי געהערט איצט אונדזער זכרון.

און דער יידישער אַרבעטער ווענדעט איצט זיינע אויגן צו די קברים פון די וואָס זיינען די ערשטע געגאַנגען בויען דעם טעמפּל פאַר אונדז און זיינען געפאַלן...

און דאָרט אויפן ווינער בית־עולם איז גרויס איצט די שמחה: די ביינער פון הערצל גרייטן זיך צו זייער גילגול אין ארץ ישראל. באַלד וועט שווימען איבערן ים די שיף, וואָס וועט טראָגן די שטערבלעכע רעשטן פונעם אומשטערב־לעכן הערצל צו זיין געטרוימטער ערד.

מיר וועלן זיין ווילן דערפילן!...

:: :: ::

אינעם מאָמענט פון אונדזער היסטאָרישער פרייד ווילן מיר נישט פאַרזינקען אין נאַציאָנאַלע התפעלות.

שלוחים און דינער פונעם וועלט־פּראָגרעס בלייבן מיר.

ביי דעם אָנקומען פון אונדזער גרויסן היסטאָרישן שבת רופן מיר צוזאַמען מיט אונדזער גרויסן פּרצן:

„אויסגעלייזט מוז ווערן די וועלט 6
פאַר אַלעמען מוז קומען משיח!“

אין דער פייערלעכער שעה גיבן מיר די שבועה:

מיר וועלן נישט גיין אין די וועגן פון די אַלטע פאָטערלענדער, אַן אייגן און אַ נייַ פאָטערלאַנד וועלן מיר בויען, וואו די זון פון גליק וועט פאַר אַלעמען שיינען.

ירושלים מוז ווערן די שטאָט פון יושר און פרידן, דער עמוד־האש פאַרן סאָ־ציאַלן אמת.

ריין וועלן מיר האַלטן דעם פּערל, וואָס נישט סאַן־רעמאָ, נאָר דער נס און דער שטורם פון דער געשיכטע האָט אונדז געבראַכט.

:: :: ::

די גרויסע שעה פון טאַט איז געקומען! רופט זיך אָפּ, איר מענטשן פון טאַט!

יידישע אַרבעטער, האָרעפּאַשניקעס פון דער פרעמדער ערד, מאַכט זיך גרייט! דאָס פאָטערלאַנד רופט. אונדזער אַלט־נייע ערד רופט אירע זין.

ס'ענדיקט זיך אונדזער וואַגלען און וואַנדער־לעבן, ענדלעך וועלן מיר דער־פילן ערד אונטער אונדזערע פיס. פריי און אומגעשטערט וועלן מיר שאַפן.

אָבער שטייענדיק אויפן שוועל פון דער צוריק־באַקומענער ערד זאָל שטאַרקער און מעכטיקער קלינגען אונדזער רוף:

לאָמיר בויען אַ פאָטערלאַנד, וואָס זאָל ווערט זיין אונדזערע לײדן, לאָמיר

בויען דאָס לאַנד אויפן גראַניט פון סאָציאַלן יושר און נישט אויפן זאַמד פונעם קאַפּיטאַליסטישן עגאָאיזם, מעג ער זיך פּוצן אין נאַציאָנאַל-יידישע פאַרבן.

יידישע אַרבעטער, פרייע, פריי־געוואָרענע יידישער בירגער, זאַמלט זיך אַרום דער פאָן פונעם יידישן סאָציאַליזם, העלפט אונדז בויען דעם סאָציאַליסטישן טעמפּל אויף אונדזער היסטאָרישער ערד!

לאָמיר גרייט זיין,

דאָס פאָטערלאַנד רופט אונדז!

אונדז רופט דאָס סאָציאַליסטישע פאָטערלאַנד.

חברים, לאָמיר היטן ווי אַן אוצר דעם קוואַל פונעם ענטוזיאַזם, וואָס ברויזט אין אונדזער הארצן, לאַז ער וועקן אין אונדז פאַרבאַהאַלטענע קוואַלן פון טאַט, ענערגיע און אָפּפער.

לאָמיר ראוי זיין פאַר דער גרויסער שעה, וואָס די געשיכטע האָט אונדז אַלס מתנה געשענקט!

דאָס סאָציאַליסטישע פאָטערלאַנד רופט אונדז!

אָט פאַר אַ דעם כשוף־וואָרט שטאַרבן איצט צענדליקער טויזנטער אַרבעטער און אונדזערע חברים אין רוסלאַנד:

לאָמיר דאָ כאָטש גרייטן זיך צו גרויסע קרבנות צו לעבן און אַרבעטן פאַר אונדזער סאָציאַליסטיש־פאָטערלאַנד אין ארץ ישראל.

---

## ווען דאָס פאָלק דערוואַכט...

די סאַן־רעמאָ מאַניפעסטאַציע אין בוענאָס איירעס

מיר האָבן שטענדיק געגלויבט, אַז דאָרטן, ערגעץ אין די באַהאַלטענע טיפע־נישן פון דער פאָלקס־נשמה, אונטער דעם אַש פון וואָכעדיקייט זיינען פונקן פאַראַן וואָס וועלן אויפפלאַמען אין אַ באַצויבערנדן פלאַם, ווען די שעה וועט קומען...

מיר האָבן שטענדיק געגלויבט אין דעם כשוף פון פאָלקס־דערוואַכונג, ווען פון דער צעזייטער און צעשפּרייטער מאַסע פון קליינע יחידים וועט אויסגעשמידט ווערן אַ נאַציע מיט איין הארץ, איין חלום, איין ווילן...

מיר האָבן געגלויבט אין דעם, געגלויבט אָבער נישט געווען זיכער.

וועט דאָס פאָלק צוקומען צו אונדז, גיין מיט אונדז ווען ס'וועט קומען דער רוף?

— ווי אַ שווערער וואָלקן איז געהאָנגען איבער אונדזערע קעפּ אָט די פראַגע.

און אין מאָמענטן פון צווייפל האָט ווי גיפט אונדז געברענט דער פאַרצווייפ־לונגס־קרעכץ פון אחד העם (אין זיין „אמת מארץ ישראל"): „ווען אַ לאַנד

ווערט חרוב, דאַן קומען אַן עזרה און נחמיה און בויען עס אויף ווידער, אָבער... ווען א פאָלק גייט אונטער, ווער קען עס ראַטעווען?!...״

מיר האָבן שטענדיק געגלויבט אין דעם פאָלק, דאָס האָט דאָך אונדז כוח געגעבן צו אַרבעטן, אָבער אונדזער אמונה איז שטענדיק מיט ספיקות באַשאָטנט געווען...

:: :: ::

און אָט ציט זיך פאַר מיר די יום-טוב־פּראָצעסיע פון דעם יידישן פאָלק אין בוענאָס־איירעס. נישטאָ מער קיין יידן, יאַהודים, שפּאַניאָלן און טערקן, פּוילישע און ליטוואַקעס, הענדלער און קרעמער, אַרבעטער, קינדער און ווייבער...

די שכינה פון דער יידישער געשיכטע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער פאַר־שיידן־פאַרביקער מאַסע און מאַרשירט אַ פון שטויב דערהויבן פאָלק...

דער פונק האָט זיך פונאַנדערגעפלאַמט אונטערן אַש, און מיר זיינען ווידער אַ פאָלק געוואָרן מיט איין האַרץ, מיט איין ווילן, מיט איין גרויסער היסטאָרישער נצחון־שמחה.

אָט גייט, זינגענדיק און טאַנצנדיק די מערקווירדיקסטע קאָלומנע פון דער גאַנצער פּראָצעסיע — די ספרדישע און טערקישע יידן מיט דעם גרייז-גרויען, שטאָלץ־שיינעם חכם בראש.

דערמאָנט זיך אייך נישט די וואונדערבאַרע סצענע פון פּ ר צ ס „די גאָל־דענע קייט״, ווען ש ל מ ה גייט מיט זיינע זינגענדיקע, טאַנצנדיקע, שבת־יום־טובדיקע יידן צום כסא הכבוד פאָדערן משיח זאָל קומען, די וועלט זאָל דערלייזט ווערן?

דער דיכטערישער חלום ווערט וואָר...

די אַלע קאָלומנעס האָבן פאַרשידענע פאָנען געטראָגן, די שפּאַניאָלישע יידן האָבן מאַרשירט מיט דער באַקרוינטער יידישער תורה.

איר זאָגט זיי זיינען פאַנאַטיקער. ס׳קען זיין.

אָבער מיר גייט פון זינען נישט אַרויס דאָס מערקווירדיקע בילד פון די אַלטע שפּאַניאָלישע יידן, וואָס זיינען צום היסטאָרישן פאָלקס-יום־טוב מיט דער תורה געקומען און אויף די הענט זי געהאַלטן און ווי אַ טייערן אוצר צום האַרצן געדריקט...

ס׳איז רעליגיעזער פאַנאַטיזם, זאָגט איר.

גאַנץ מעגלעך.

אָבער אינעם מאָמענט פון נאַציאָנאַלן התרוממות הנפש האָב איך וועגן דעם נישט געטראַכט. איך האָב געזען פאַר זיך דעם מערקווירדיקן גורל פון אַ פאָלק, וואָס האָט דורות־לאַנג געוואַנדערט דורך דער וועלט באַשיצט מיט דער „צוויי־און־פער־

ציקער קאַנאַנע" — פון דעם אמת פון דער יידישער תורה...

איצט אין דעם נצחון־יום־טוב זיינען די אַלטע שפּאַניאָלישע יידן געגאַנגען און געטאַנצט מיט זייער טריאומף־געוועד, מיט דער אַלטער און אייביק נייער יידישער תורה...

הקרנט נישט מיט אייער אויפגעקלערטן יידישן מוח. פאַרבייגט זיך און גיט אָפּ כבוד דעם וואונדער־גלויבן פון דורות, וואָס האָט אונדז צום נצחון געפירט!...

אויך אונדז, יונגע, נישט־גלייביקע יידן, וועט די „קאַנאַנע" צונויף קומען; מיר נעמען פון דאָרטן די אומשטערבלעכע אמתן, די לייכטנדע נבואה פון אייביקן פרידן, דעם ציטערנדן געדאַנק פון סאָציאַלער וועלט־דערלייזונג...

:: :: ::

ס'איז געווען אַ גרויסער טאָג, דער זונטיק פון ניינטן מיי. פון אונטער דעם אַש פון דער יידישער וואָכעדיקייט האָט אויפגעבליצט דער באַצויבערנדער פלאַם פון דער יידישער פאָלקס־נשמה; מיר האָבן דערהערט דעם ערשטן לעבנס־רויש פון אַ פאָלק, וואָס הויבט אָן אויפשטיין תחית־המתים און שאָקלט פון זיך אָפּ די בית־עולם־ערד פון דורות־לאַנגער היסטאָרישער טויטקייט...

(מיי 1920)

---

## צום ערשטן מיי

מיי־זכרונות

ווידער קומט דער 1־טער מיי...

און אין די געדאַנקען שווימען אַרויף בילדער און זכרונות פון פאַרשוואונדענע יאָרן.

אָט לעבט אויף פאַר דיר איינער פון די לעצטע מיי־יום־טובים פאַר דעם אָקטובער־שטורם פון 1905.

ערגעץ אויף פּאַוויאַ־גאַס אין ווארשע, אין אַ „פּאַציאַטע" — אין אַ בוידעם־דירה האַרט אונטערן דאַך, וואו ס'טוליעט זיך די יידישע אָרימקייט, — זיינען פאַרזאַמלט עטלעכע הונדערט יידישע אַרבעטער־מענער און פרויען. „פּאַטרולן" זיינען צעשטעלט אויף אַלע אַרומיקע גאַסן און מיט אַ וואונק פון אויג ווייזן זיי די חברים, וואָס שטראָמען פון אַלע עקן, דעם פּלאַץ פון אונדזער מיי־מיטינג.

אין די אָרימע צימערלעך. ענג צוזאַמענגעפּרעסט איינער צום אַנדערן, האָט

זיך פארזאמלט אונטער דעם שאָטן פון פּאָליציייאישע געפאַרן א הונדערט־קעפּיקע רעוואָלוציאָנערע עדה צו פייערן דעם אַלוועלטלעכן סאָציאַליסטישן יום־טוב.

די לופט איז פול מיט רעוואָלוציאָנערן התלהבות.

איך קוק דאָ אַריין צום ערשטן מאָל אין דעם קדשי־קדשים פונעם רעוואָלו־ציאָנערן טעמפּל.

איז דען נישט קיין טעמפּל אָט די אָרימע דאַך-וואוינונג, וואָס איז אָנגעפּילט מיט רעוואָלוציאָנערע חסידים, גרייטע אויף אַלע קרבנות צום פייערן דעם יום-טוב פון דעם שטראַלענדן, גליקלעכן מאָרגן?!...

דאָ באַקום איך מיין ערשטע רעוואָלוציאָנערע „טויפונג". דאָס איז מיין ער־שטער אַרויסטריט אויף א גרויסער רעוואָלוציאָנערער טריבונע.

ווי פון וואָרימע ים־כוואַליעס ווער איך אַרומגעכאַפּט פון דעם הייליקן ענטו־זיאַזם און קרבנות־גרייטקייט פון דער גרויסער אַרבעטער־פאַרזאַמלונג.

און די אויפגערעגטע, אָנגעצונדענע נשמה גיסט זיך אויס אין ווערטער פול מיט פייער, גלויבן און קדושה.

אָט שטייען פאַר דיר אויף די הייליקע שאָטנס פון די אומגעקומענע העלדן פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע; דו מאַכסט דעם חשבון פון די קרבנות וואָס די צאַרישע הידרע האָט פאַרצערט אין די לאַנגע יאָרן פונעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

דו ציטערסט און מאַכסט פיבערן און ציטערן די גרויסע יום-טוב-פאַרזאַמלונג פון דורשט נאָך נקמה, פון דורשטיקן וואַרטן אויף דעם יום־הדין, אויף דעם טאָג פון באַצאָלונג...

און פּלוצלינג טראָגסט דו זיך אַוועק אויף די פליגלען פון רעוואָלוציאָנערער פאַנטאַזיע און הויבסט אָן וועבן דעם חלום, דעם צוקונפטס־טרוים פון א נייער גליקלעכער וועלט, וואָס דער סאָציאַליזם וועט ברענגען אויף דער פאַרבלוטיקטער און ליידנדער ערד...

געהייליקטע, דורשטיקע נאָך קאַמף און אָפּפער, פאַרלאָזן מיר די רעוואָלוציאָ־נערע יום־טוב־פאַרזאַמלונג.

דאָס איז מיין ערשטע פייערונג פון ערשטן מיי אין יענע גליקלעכע טעג פון רעוואָלוציאָנערן פרילינג, ווען ס'האָט זיך אַזוי לייכט געגלויבט און געהאָפט.

:: :: ::

און אָט שווימט אויף אין זכרון א צווייט מיי־בילד.

מיר זיינען אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע.

פון אַלע ווינקעלעך שטראָמען צו דער וואַרשעווער אַריסטאָקראַטישער גאַס יידישע אַרבעטער, מענער און פרויען.

מיט שטורם איז אָנגעפולט די לופט.

לאנגזאַם און פול-באַוואוסט פון די סכנות וואָס ווארטן אויף אונדז שפּאַצירן מיר אין געדיכטע רייען אויף די ברייטע טראָטואַרן פון דער שיינער גאַס.

מיר ווארטן אויף דעם סיגנאַל.

אָט ווייזט זיך דער באַשטימטער פּונעם ווארשעווער קאָמיטעט אָנפירער פון דער דעמאָנסטראַציע.

אָט איז דער חבר א.

אונטערן מאַנטל טראָגט ער די רויטע פאָן, ארומגערינגלט מיט דעם באַיעוואָי אָטריאַד, וואָס דאַרף באַשיצן אונדזער רעוואָלוציאָנערן שטאַנדאַרד.

פון אַלע זייטן זיינען מיר ארומגערינגלט פון שפּיאָנען און זשאַנדאַרמען.

נאָר אָט קומט דער סיגנאַל. א שוואונג מיט א וויסן טיכל און א פּאַראָל-גע-שריי: „פּאָרווערטס!"

ווי פון עלעקטרישן שטראָם געטריבן גיסן מיר זיך אַלע צונויף אין מיטן גאַס.

ס'פלאַמערט אויף די רויטע פאָן.

ס'קלינגען די קאַמפּס-טענער פון דער מאַרסעליעזע און דער טרויער-ניגון פו-נעם רעוואָלוציאָנערן מאַרש „איר זענט אַלס קרבן געפאַלן"...

ס'גייען פאַרביי מינוטן אָדער סעקונדן, וואָס דוכטן זיך אַלס אייביקייט.

איבער אונדזערע קעפּ גיבן א בלישטשע די בלאַנקנדע שווערדן פון זשאַנדאַר-מען-עסקאַדראָן.

ס'דערהערן זיך רעוואָלווער-קנאַלן.

אייניקע פאַלן.

ס'דונערט די קאָמאַנדע-רוף: „ראַטעוועט די פאָן!"

מיר רייסן זיך דורך אין זאַקסישן גאָרטן.

די פאָן איז געראַטעוועט.

מיר פאַרלירן עטלעכע צענדליק געפאַנגענע.

די מאַניפעסטאַציע איז געענדיקט.

מיר האָבן נישט אויפגענומען די שלאַכט מיטן שונא. צו שוואַך זיינען דערווייל אונדזערע רייען.

מיר האָבן מאַניפעסטירט אונדזער קאַמפּס-גרייטקייט.

מיר האָבן בלויז געגעבן די וואָרנונג, געטראָגן אויפן גאַס די בשורה פון די קומענדיקע טעג פון דער רעוואָלוציע...

:: :: ::

יאָרן גייען...

איך בין אין בערלין.

א גרויסער סאַלאָן מיט א טויזנט-קעפּיקער מאַסע.

ס'זיצן מיושבדיק דייטשן ביי די טישן און מ'זופט הויכע קופל מיט ביר.
איז דאָס די מיי־פייערונג פון די דייטשע אַרבעטער, וואָס זיינען פאַר אונז געווען אַ מוסטער פון סאָציאַליזם?
וואָס פאַר אַ מוראדיקער קאָנטראַסט מיט די פאַרזאַמלונגען אויף די וואַר־שעווער בוידעמס און די וואַרשעווער גאַסן!
מיט פאַרכאַפּטן אָטעם דערוואַרט איך צו זען די סאָציאַליסטישע גדולים.
אָט שטייט אויף דער טריבונע דער וויים־גראָער קאַרל קאַאוטסקי.
ער האַלט אַן אַקאַדעמיש טרוקענע רעדע וועגן מאַרקסן.
דער עולם הערט זיך צו אויפמערקזאַם און קאַלט.
וואו איז די יום־טוב־שטימונג? זי איז נאָר אין דעם רויטן געוואַנט אויף די ווענט און אין די בלומען־גירלאַנדן אויף דער טריבונע.
אָבער אָט קומט דער פייער־צינדער בעבעל, — דאָס דענקנדע האַרץ פונעם דייטשן סאָציאַליזם!
איך זע שוין נישט די וואָכעדיקע פּנימער און באַמערק שוין נישט דאָס ביר.
עס דונערט די שטימע פון דעם טריבון קעגן דער פּרייסישער רעאַקציע, קעגן דעם רעאַקציאָנערן וואַל־רעכט. עס קלינגט דער רוף צום קאַמף.
די שטימונג וואַקסט. עס וויגן זיך פונאַנדער די קאַלטע דייטשן.
אָבער דאָך פילסט דו נישט די פליגלען פונעם סאָציאַליסטישן חלום זאָלן שוועבן איבער זייערע קעפּ...
ווי ניכטער איז דער דייטשער מיי־יום־טוב!...

:: :: ::

ס'קומען די מלחמה־יאָרן.
איך בין אין ניו־יאָרק.
אַמעריקע איז נאָך נייטראַל, זי איז נאָך נישט אריין אין משוגענעם טאַנץ פונעם וועלט־קריג.
דאָס איז איצט דאָס איינציק גרויסע לאַנד, וואָס פייערט דעם ערשטן מיי.
אָבער וואָס איז דאָס בלויז אַ יידישער יום־טוב?
די איסט־סייד איז פאַרפּוצט און יום־טובדיק. אויף אַלע גאַסן פאַרמירן זיך פּראָצעסיעס מיט פאָנען און מוזיק פון די פאַרשידענע יידישע יוניאָנס. מ'זעט אויך איטאַליענער און אַנדערע אויסלענדער.
וואו זיינען די יענקיס?
שעהן לאַנג ציט זיך די פּראָצעסיע פון די יידישע אַרבעטער.
פאַראויס רייטן אויף פערד די יוניאָן־פירער, די פעלדמאַרשאַלן פון דער מיי־מאַניפעסטאַציע.

מיר זיינען אויפן יוניאָן־סקוועה. צענדליקער טריבונעס און צענדליקער רעדנער. איך בין אויך צווישן זיי.

צום ערשטן מאָל בין איך אַן עדות און אָנטיילנעמער פון אַ פרייען מיי־יום־טוב. עס לויערט נישט דאָס אויגן פונעם שפּיאָן, דראָט נישט די שווערד פונעם זשאַנדאַרם.

ווער האָט זיך דאָס געקענט דאַן ריכטן, אַז באַלד וועט אויך דאָס פרייע אַמע־ריקע גיין אין די בלוטיקע וועגן פונעם צאַרישן רוסלאַנד.

ווער האָט דאָס געקענט גלויבן, אַז די גאַסן פון טשיקאַגאָ און קליוולאַנד וועלן עדות זיין פון בלוטיקע סצענעס ביי דער פייערונג פונעם אַלוועלטלעכן אַרבעטער־יום־טוב?

:: :: ::

וואַרשע, בערלין, ניו־יאָרק, בוענאָס־איירעס, פאַרשידענע לענדער און פאַר־שידענע וועלט־טיילן, אָבער ה יי נ ט אין דעם טאָג פונעם ערשטן מיי פלאַטערט איבער זיי א י י ן פאָן, פאַראייניקט זיי איין גרויסער חלום פון אַ פרידלעך אַרבעטנדער און שאַפנדער, גליקלעכער מענטשהייט.

און דער חלום אַמאָל שוין מיט ווירקלעכקייט...

(מיי 1920)

---

# דער זין פון ערשטן מיי

אין דער גראָער, שווערער ווירקלעכקייט פון אַרבעט אָן דער פרייד פון שאַפן, אָן ליכט, אָן פאַרב, אָן זין האָט דער סאָציאַליזם אָנגעצונדן פאַרן פּראָלעטאַריאַט די גאָלדענע האָפנונג אויף אַ צוקונפטס־שטאַט פון פריידיקער אַרבעט און שאַפן, פון אַ וועלט, וואו גליק וועט זיין נישט נאָר די פּריווילעגיע פון די אויסגעקליבענע כהנים פונעם גאָלדענעם קאַלב...

דער סאָציאַליזם האָט פּראָקלאַמירט דאָס רעכט אויף אַ גליק פאַר דער אַר־בעטנדער און נישט געניסנדער, פאַר דער שאַפנדער און פאַרשקלאַפּטער מענטשהייט.

„אומעטום וואו איר זענט, צי ביי דער שווערער אַרבעט פונעם ווערקשטאַט ביי טאָג, אויף אייער האַרטן געלעגער ביי נאַכט, געדענקט! איר זענט די אויסדער־

ווייל טע פון דער געשיכטע צו שאַפן די נייע וועלט־אָרדנונג, איר זענט דער פונדאַ־מענט פון דעם שיינעם טעמפּל פון דער צוקונפט...״

אַזוי האָט גערעדט דער סאָציאַליסטישער נביא ל א ס א ל צו די אַרבעטער פון בערלין, און זיין נבואה האָט זיך צעטראָגן איבער אַלע פיר עקן וועלט...

שיין איז געווען דער טרוים, ער האָט געצונדן פאַרלאָשענע אויגן, אָנגעפילט מיט האָפנונג די הערצער.

אָבער דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די טראַגעדיע פון דעם באַוואוסטזיניקן פּראָ־לעטאַריאַט, דער אייביקער קאָנפליקט און צוזאַמענשטויס פון טרוים און ווירק־לעכקייט:

שיין איז דער סאָציאַליסטישער חלום, אָבער ווי מיאוס עס איז די קאַפּיטאַ־ליסטישע ווירקלעכקייט! גאָלדיק ווינקט דער סאָציאַליסטישער מ אָ ר ג ן, אָבער שווער דריקט און פּרעסט דער יאָך פון היינט...

פיינפולער איז דער בעטלער־מאַנטל, ווען אים איז געוואונגען צו טראָגן דער פרינץ . . .

אַלס דעם פרינץ פון דער נייער געשיכטע האָט ל א ס א ל געקרוינט דעם מענטש פון אַרבעט און צו אַ פּאַריער און קנעכט האָט אים פאַרמשפּט די טאָג־טעג־לעכע עקאָנאָמישע ווירקלעכקייט.

דאָס ביסל סאָציאַלע רעפאָרמען און עקאָנאָמישע פאַרבעסערונגען, וואָס דער סאָציאַליזם איז בכוח געווען צו דערשלאָגן זיך פאַרן פּראָלעטאַריאַט האָבן בשום אופן נישט געקענט אָנפילן דעם תהום, וואָס האָט צעשיידט דעם רעאַלן ה יי נ ט פון דעם געטרוימטן מ אָ ר ג ן .

און וואָס איז דער וואונדער, וואָס דער ביז מלחמה־סאָציאַליזם האָט ביסלעכ־ווייז אָנגעהויבן צו פאַרלירן זיין גלאַנץ פון נבואה און איז געשטאַנען גאַנץ נאָענט צו ווערן אַ קלוגע און ניכטערע באַוועגונג פון רעפאָרמען.

דעם „בעטלער" האָט זיך אָנגעהויבן צו ביסלעך פאַרגעסן וועגן זיין „פרינצ־לעכער" אָפּשטאַמונג און זיין מחשבה איז געוואָרן: ווי פאַרלאַטעט מען בעסער דעם אָרימען בעטלער־בגד?...

:: :: ::

נאָר איין טאָג אין יאָר — דעם ערשטן טאָג פון דעם שיינעם מאָנאַט מיי פלעגט זיך די סאָציאַליסטישע שכינה אַראָפּלאָזן אויף די אַרבעטער־קוואַרטאַלן פון די פאַרשידענע ערד־ווינקלען; דער „בעטלער" איז ווידער פרינץ געוואָרן. דער וויי־טער חלום פלעגט אַלס ווירקלעכקייט אויפבליצן, דער מענטש פון אַרבעט האָט אויפגעהערט פּאַריער צו זיין, ער האָט דער וועלט געוויזן זיין מאַכט, זיין וואַקסנדן ווילן צו פאַרלאָזן דעם קאַפּיטאַליסטישן מצרים און צו עפענען אָדער אויפרייסן די

פאַרשלאָסענע טויערן פון דעם געבענטשטן צוקונפטס־לאַנד, וואו ס׳וועט הערשן „פרידן אויף דער ערד און גוטער ווילן צווישן די מענטשן״...

און דער ערשטער טאָג פון דעם שיינעם מאָנאַט מיי איז געוואָרן דער גרויסער שבת פון דער אַרבעטנדער וועלט, דער איינציק גרויסער יום־טוב פון דער מענטש־הייט, וואָס האָט נישט געוואוסט, נישט געוואָלט וויסן פון גרעניצן צווישן לאַנד און פאָלק.

„אַלע מענטשן זיינען ברידער״ האָט זיך אין דעם טאָג פון דעם אַרבעטער־יום־טוב געטראָגן איבער גאָר דער וועלט דער ליבע־הימן פון דעם גרויסן דייטשן דיכ־טער פ ר י ד ר י ך ש י ל ע ר.

„נעמט זיך אַרום, איר מיליאָנען! אייער איז די גאַנצע וועלט״ — האָט דאָס שילערישע וואָרט אין ב ע ט כ אָ ו ע נ ס גאָונישע און שטורמדיקע קלאַנגען געשאַלט אין אַלע ווינקעלעך פון דער פאַרשקלאַפטער ערד, ווי אַ בשורה און צוזאָג פון דעם גליקלעכן טאָג, ווען פריי וועט ווערן די פאַרשקלאַפטע אַרבעט, ווען אויפ־שיינען וועט די גאָלדענע זין פון אייביקן פרידן...

:: :: ::

און אַז ס׳פלעגט אַוועקגיין דער טאָג פון ערשטן מיי און פאַרקלינגען די לעצטע יום־טוב־קלאַנגען — האָבן זיך אָנגעהויבן צוריק די דריי הונדערט טעג פון אַ גאַנץ יאָר, די טעג פון אַ גאַנץ יאָר, די טעג פון נויט און דחקות — די עבודה זרה פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע...

אין די פּאַרלאַמענטן האָט מען דרשות געהאַלטן וועגן אַביסל מער יושר פאַר דעם וואָס אַרבעט און געניסט נישט; דאָ און דאָרטן האָט מען אַ שטיקל רעפאָרמע געמאַכט: פאַרלאַטעט אַ לאָך אין דעם צעריסענעם בעטלער־מאַנטל, אַביסל לויזער געמאַכט די שטריק אויף דעם האַלדז פון קנעכט, וואָס שאַפט פאַר אַלעמען און נישט פאַר זיך...

און אַזוי האָט זיך געדרייט דאָס פאַמעלעכע ראָד פון דער געשיכטע:

דער סאָציאַליזם האָט שיינע חלומות געוועבט פאַר דעם מענטש פון אַרבעט, און די קאַפּיטאַליסטישע ווירקלעכקייט האָט פאַר אים קייטן געשמידט ביז ס׳איז געקומען דער שטורם־טאָג פון דער געשיכטע...

:: :: ::

היינט איז ווידער דער ערשטער טאָג פון דעם „שיינעם מאָנאַט מיי״.

ווי אַ נגון פון אַ פאַרגעסענער ליד קלינגט אונדז דאָס שילערישע וואָרט: „אַלע מענטשן זיינען ברידער!״

„האַמאַ האַמינעם לופּוס!‟ — דער מענטש איז דעם מענטשן אַ וואָלף — ברומען די שוואַרצע דעמאָנען איבער די חורבות און קברים פון דער פאַרבלוטיקטער ערד.

אָבער אין דעם תהו ובהו פון דער זינדיקער וועלט פון ברודער־מאָרד און קינדער־טויט הערט זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער דער העלער בת־קול פון דער געשיכטע:

עס קומט דער ערשטער מיי, דער יום־טוב פון דער באַפרייטער אַרבעט. פון פרידן אויף דער ערד און גוטן ווילן צווישן מענטשן. ער קומט דער גרויסער טאָג, ער מוז קומען, ווען אַפילו ער פאַרזאַמט זיך...

(מיי 1921)

---

# די נביאות פון ליבע

(ראָמען ראָלאַן און דער בונד פון די פּאָעטן).

אין די יאָרן וואָס וועלן קומען, ווען ס׳וועט געשריבן ווערן די היסטאָרישע כראָניק פון דער בלוט און פייער־צייט, וואָס אייראָפּע, — די וועלט האָט דורכגעלעבט אין די קאַטאַסטראָפאַלע יאָרן פון דער קריג, און פאַר די קומענדיקע דורות וועט אויפשווימען די פראַגע: — צי איז די וועלט אין יענער שוואַרצער צייט אַזוי זינדיק געווען ווי סדום און ס׳איז נישט געווען קיין איין גערעכטער? — וועלן פון דעם געדיכטן חושך אַרויסשטראַלן עטלעכע שטערן — נעמען פון גייסטיקע ריזן, ווי ז ש אַ ן ז ש אָ ר ע ס וואָס האָט געפּרואווט אָפּהאַלטן דעם בלוטיקן מבול פאַר זיין אָנקומען און אויך די נעמען פון די טיראַנען, וואָס האָבן געבויט שווימענדע קאַסטנס, וואוהין זיי האָבן געוואָלט ראַטעווען פון דער פאַרזינקונג דעם אוצר פון קולטור און הומאַניטעט.

ווער וועט טראָגן און ווער האָט פאַרדינט דעם „נח‟־טיטל פון דער איצטיקער מבול־עפּאָכע?

ראָמען ראָלאַן איז זיין נאָמען.

נישט אויף די ברויזנדע כוואַליעס פון וואַסערן, ביי די שנייאיקע בערג פון דער שווייץ האָט דער מאָדערנער נח — ראָלען זיין „תבה‟ געבויט און פון דער באַרג־הויך האָט ער זיינע „טויבן‟ געשיקט אין דער פאַרבלוטיקטער וועלט...

ער האָט פאַרלאָזן זיין שיינע פראַנקרייך און איז אַוועק אין דער פרעמד, די גיפטיקע פיילן פון האַס און פאַרלוימדונג האָבן אים נאָכגעיאָגט, די מלחמה־בעסטיע האָט געשטשירעט מיט אירע ציין, שטאַרק פינצטער איז געווען אַרום...

און ראָמען מיט אַ הייפל זיינע באַגלייטער — העלדן־פּאָעטן האָבן אַ לייכט־

טורם אויפגעשטעלט אויף די בערג און ליכט־סיגנאַלן געשיקט צו דער אין חושך פאַרזונקענער וועלט...

איצט דערציילט אונדז ראָלען וועגן דער קליינער גרופּע פּאָעטן, וואָס האָבן מיט אים אָפּגעריכטעט גלות אין שווייץ און צוזאַמען מיט אים געטיילט די קאַמפּס־ליידן קעגן דער מלחמה מיט אירע ליגנס און פאַרברעכנס.

„דאָס זיינען געווען שרעקלעך פינצטערע טעג, וואָס זיינען באַלויכטן געוואָרן מיט דעם פייער פון אונדזער פרייען געוויסן און דורך אונדזער פראַנצויזישער אי־ראָניע, ווייל מיר האָבן, צום גליק, נישט פאַרלוירן דעם טאָן פון לאַכן אַנטקעגן דעם נאַרישן ספּעקטאַקל פון דער מענטשהייט"...

מיר דערוויסן זיך, — אַז ראָמען איז נישט אַליין געווען אין זיין „תבה" אויף די בערג.

אים האָבן אַרומגערינגלט אַ גרופּע יונגע פראַנצויזישע פּאָעטן מיט שטורמדיקע הערצער און נביאישע נשמות וואָס האָבן אויף די געשרייען פון נקמה, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון זיין פּאַטערלאַנד, געענטפערט מיט געשרייען פון ליידן; קעגן דעם צאָרן פון די אַרמייען האָבן זיי פאַרגעשטעלט דאָס קינד אין וויג...

מיר דערוויסן זיך, אַז אויך אין די לעבעדיקע קברים פון די טראַנשייען, אונ־טער דעם פייער פון די קאַנאָנען האָבן יונגע דיכטער פראַנצויזן צוזאַמען מיט ראָ־לאַנען תפילות געזונגען צום גאָט פון ליבע און האָבן דער וועלט אין פּנים געשליי־דערט איר נידערטרעכטיקייט און האָבן געשאָלטן דאָס גרויס פאַרברעכן פונעם אוניווערז, „וואָס וואַשט זיך די הענט און עסט מיט אַ פולן מויל דעם רום דורכגע־קנאָטן מיט טרערן"...

און באַקענענדיק די וועלט מיט די גרויסע פראַנצויזישע דיכטער־העלדן, וואָס האָבן אין דער צייט ווען זייער פּאַטערלאַנד איז געווען פאַרפלייצט פון בלוטיקן מבול פון שנאה און נקמה, געזונגען דאָס ליד פון מענטשן־ליבע, רופט ראָמען ראָלאַן ווידער אין משיח־שופר פון זיין ליבע נבואה:

„פאַרן שמערץ זיינען נישטאָ קיין פראָנטן, זיי זיינען אויך נישטאָ פאַר דער ליבע!"

„ברידער פון אַלע לענדער, און באַזונדערס איר, פּאָעטן, וואָס איר מוזט זיין דאָס ליכט פון אייערע פעלקער, פאַראייניקט אייערע הענט. אַלע בילדן היינט נישט מער ווי איין פּאַטערלאַנד."

(1919)

:: :: ::

„צוליב דער גלאָריע פון גאָט" — איז געווען די פאָן פון מיטלאַלטער, און זי האָט געפלאַטערט איבער די שייטער־הויפנס, וואָס מ'האָט געברענט און אומגע־בראַכט לעבנס צוליב איר קדושה.

„צוליב דער גלאָריע פון פאָטערלאַנד“ — איז געווען דער לאָזונג אין נאָמען פון וועלכן ס'איז אומגעקומען די יוגנט פון איירָאָפּע און עס זיינען אריינגעוואָרפן געוואָרן אין תהום אומצאָליקע אוצרות פון מענטשלעכן שאַפן.

און איצט קומט דער נביא ראָלאַן און איבער די חורבות פון דער פאַרבלוטיק־טער וועלט רופט ער די ברידער־מענטשן און פּאָעטן פאַראייניקט אייך:

„צוליב דער גלאָריע פון דעם גרויסן גאָט פון ליבע!“...

(1919)

---

# די קונסט אינעם נייעם רוסלאַנד

עס דערטראָגן זיך צו אונדז אָפּגעריסענע קלאַנגען פון הינטער די כינעזישע ווענט מיט וועלכע מ'האָט ארומגעמויערט די נייע רוסלאַנד.

ווען נישט ווען דערגרייכט צו אונדז אַ בשורה געבראַכט פון אַ פיינד אָדער פריינט, וואָס דערציילט אונדז, ווי עס לעבט זיך דאָרט אין דעם גרויסן לאַבאָראַ־טאָריום, אין דעם גראַנדיעזן ווערקשטאַט פון נייע אידייען און לעבנס־פאָרמען.

מיר קענען זיך שוין פאָרשטעלן דאָס בילד, געוויס ווייט נישט קיין לעבנס־געטרייע, ווי אַזוי דאָס נייע רוסלאַנד זעט אויס עקאָנאָמיש און פּאָליטיש, מיר ווייסן אָבער כמעט ווי גאָרנישט, ווי עס זעט אויס די גייסטיקע פיזיאָנאָמיע פון דעם גרויסן און מערקווירדיקן לאַנד.

לכתחילה זיינען צו אונדז דערגאַנגען גאָרנישט קיין פרייליכע נייעס. מ'האָט אונדז דערציילט, אַז דאָס גאַנצע דענקענדע, קולטור און קונסט־שאַפנדע רוסלאַנד האָט זיך מיטן רוקן אומגעקערט צו דער נייער אָרדנונג און האָט איר דערקלערט אַן אָפענע אָדער באהאַלטענע מלחמה.

די רוסלענדישע אינטעליגענץ האָט באַגעגנט דאָס אָנקומען פון די נייע צייטן מיטן אַלאַרם־געשריי: „טאָרזשעסטוואָ כאַמאַ!“, דאָס איז דער טריאומף פונעם גראָבן יונג!

די קללות און וויי־געשרייען פון דעם ערשט־געשטאָרבענעם ל ע אָ נ י ד א נ ד ר ע י ע וו, פון אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר ק ו פּ ר י ן קעגן דער סאָוועטן־מאַכט, האָבן אין אונדז נישט געקענט נישט דערוועקן קיין ווייטיקדיקן צווייפל אין דעם גייסטיקן גורל פון ניי־רוסלאַנד.

ל ו נ אַ ט ש אַ ר ס ק י ס באַריכט וועגן דער גראַנדיעזער און טיטאַנישער בילדונגס־אַרבעט, וואָס די סאָוועטן־מאַכט פירט אָן האָבן צעשטרייט אונדזער שרעק פאַר דער קולטורעלער פאַרווילדערונג פון רוסלאַנד. פון די אָפּגעריסענע ידיעות

וויסן מיר וועגן דער מעכטיקער שטרעבונג צו ליכט, צו וויסן און בילדונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גרויסע סאָוועטן־לאַנד.

ווי האַלט עס אָבער מיט דעם אייגנטלעכן קולטור־שאַפן, מיט דער יונגער רו־סישער קונסט, פּאָעזיע און וויסנשאַפט?

די פון אונדז, וואָס האָבן פאַרשטאַנען, אַז אין די אַלע גוואַלדן פון דער אינ־טעליגענץ וועגן דער הערשאַפט פון „כאַם" איז פאַראַן פיל גוזמא און איבערטריי־בונג, וואָס ווערט דיקטירט פון פּאָליטישער ליידנשאַפט און פאַרבלענדקייט, פון שרעק און מורא פאַר דאָס נ יי ע, פאַר דעם פּלוצלונגען צוזאַמענברוך פון די אַלטע אָנגענומענע, איינגעוואָרצלטע אין האַרץ און נשמה אַ ל ט ע לעבנס־פאָר־מען, — האָבן אָבער דאָך נישט געצווייפלט, אַז דאָס קולטור־שאַפן אין ניי־רוסלאַנד האָט זיך אָפּגעשטעלט. ווי איז מעגלעך אינעם קעסל־גרוב פון רעוואָלוציע, הונגער און בירגער קריג די רואיקע שעפער־אַרבעט פונעם מאָלער, פונעם דיכטער, פונעם מוזיקער און אַרטיסט? — האָבן מיר זיך געטראַכט.

אַן אָפיציעלער אויסשניט פון דער בערלינער „ אַ ק צ י אָ ן " עפנט אונדז אַביסל דעם פאָרהאַנג וועגן דעם גייסטיקן צושטאַנד פון דער איצטיקער רוסלאַנד.

מיר דערוויסן זיך, אַז עס לעבט און שאַפט דער מאָסקווער קינסטלערישער טעאַטער פון סטאַניסלאַווסקי — דאָס שענסטע קולטור־אויפטאָן פונעם אַמאָליקן רוסלאַנד. מ'שפּילט דאָרטן די זעלבע זאַכן, וואָס אַמאָל. געביטן האָט זיך נאָר דאָס פּובליקום. אַנשטאָט דעם עלעגאַנט־געפּוצטן עולם פון נעכטן פאַרנעמט היינט דעם פּאַרקעט (פּלאַטעאַ) דער פּשוטער פּראָלעטאַרישער המון, וואָס שלינגט און זויגט אין זיך איין יעדעס וואָרט פון דעם שוישפּילער. ט ש ע כ אָ וו ס „דריי שוועס־טער" פאַרנעמען נאָך אַלץ דעם אויבן־אָן אין טעאַטער־רעפּערטואַר. אָבער טשע־כאָווס דראַמאַטישע מאָטיוון קלינגען, ווי אַ נגון פון אַ פאַרקלונגענעם ליד: אין נייעם אַרבעטנדן און שאַפנדן רוסלאַנד איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר די זיך־לאַנג־ווײַלנדע און גענצנדע העלדן פון טשעכאָווס פּיעסן... טשעכאָוו איז איצט נישט מער ווי אַ קינסטלערישער מאָנומענט פון פאַרגאַנגענע, געשטאָרבענע צייטן.

דער מאָסקווער קינסטלערישער טעאַטער לעבט איצט איבער אַ קריזיס־צייט, ווייל ס'איז נישטאָ, וואָס צו שפּילן. די נייע דראַמע איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן. די אַלטע קינסטלער אויסער גאָרקין, בריוסאָוון און נאָך אייניקע זיינען זיך צעלאָפן פון ניי־רוסלאַנד.

פון די גרויסע פּאָעטן זיינען מיטגעגאַנגען מיט רוסלאַנד אויף אירע נייע, שטורמדיקע וועגן, דער פייִנער פילאָזאָפיש־סקעפּטישער וו אַ ל ע ר י ב ר י ו־ס אָ וו, וואָס פאָרט איצט אַרום איבערן לאַנד און האַלט פאָרטראַגן: „ווי איך בין

געוואָרן אַ קאָמוניסט". דאָס גרעסטע קונסט־ווערק פון דער רעוואָלוציע האָט דער־וייל געשאַפן נאָר אַלעקסאַנדער בלאָק אין זיין פּאָעמע „צוועלף". דער גייסטיק־ליידנשאַפטלעכער אַנדרעי בּיעלי זינגט אויך דאָס ליד פון דער רעוואָלוציע.

פּאָפּולער איז איצט אין רוסלאַנד די נייע פוטוריסטישע באַוועגונג, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך די נייע סאָציאַלע מאָטיוון (אַנשטאָט די פריערדיקע עקסטרעם־אינדיווידואַליסטישע) און דינט מיט אויפריכטיקער התלהבות דער נייער רוסלאַנד. אַ גרויסן ליטעראַרישן טומל האָט אַרויסגערופן מיאַקאָווסקים פוטוריסטישע טעאַטער־שטיק: „בופאָמיסטעסיום", וואָס שילדערט די וועלט־רעוואָ-לוציע, ווי דעם ביבלישן מבול, וואָס האָט אָפּגעריייניקט און אַריינגעשלעפּט אין תהום די אַלטע אייראָפּע.

דאָס שטיק איז ערמערווייז זייער שטאַרק און האָט סצענעס, וואָס דערגרייכן צו געניאַליטעט.

אינטערעסאַנטער פון אַלץ אָבער זיינען די צייכנס פון נייעם קונסט־שאַפן, וואָס ווייזן זיך אין די פּראָלעטאַרישע רייען, און רופן אַרויס די האָפנונג, אַז די אַרבעטער, וואָס האָבן איבערגענומען אין זייערע הענט די פּאָליטישע מאַכט וועלן אויך ווערן די טרעגער פון נייער קולטור.

אין די קונסט־אַנשטאַלטן, ליטעראַרישע קלובן און מוזיק־סאַלאָנען, וואָס זייי־נען אָרגאַניזירט פון די סאָוועטן, אין „פּראָלעטקולט" באַגעגנט מען פילע אַרבעטער, סאָלדאַטן פון דער רויטער אַרמיי, וואָס קלייבן זיך צונויף אין אָוונט, נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט, און באַשעפטיקן זיך מיט סקולפּטור, מאָלעריי, מוזיק־גימנאַסטיק און ליטעראַרישע ווערק. דער שרייבער פון דער „אַקציאָן" דער־ציילט, אַז צווישן פילע אומבאַהאָלפענע קינדערייען אין ליטעראַטור און סקולפּטור, האָט ער באַגעגנט פּשוטע פויערים און סאָלדאַטן וואָס ווייזן אַרויס סימנים פון גרויסער געניאַליטעט, פון נייע אַנטדעקער אין דער וועלט פון דיכטונג און סקולפּטור.

אַזוי מאַרשירט דאָס נייע, געמאַטערטע רוסלאַנד אויף נייע וועגן, סאָציאַלע און קינסטלערישע, צו נייע אומבאַקאַנטע ברעגן, צו נייע זונען...

(1920)

---

# פוילן

(צו דער פוילישרוסישער מלחמה)

„לאָמיר זיך ליב האָבן!" ''Kochajmi sie''

„פאַן טאַדעאוש" פון מיצקעוויטש.

ווי אַ יום-טובדיקער הימן קלינגט דער לעצטער אַקאָרד פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער און אַלמענטשלעכער פוילישער פּאָעמע פון אַ ד אַ ם מ י צ ק ע-ו י ט ש :

"לאָמיר זיך ליב האָבן!"

דער גרויסער דיכטער פון דער פוילישער ערד, וואָס האָט געליטן און געמאַטערט זיך אונטערן יאָך פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, האָט אין אַ מאָמענט פון פּאָעטישער עלית-הנשמה פאַרגעסן דאָס בייז, וואָס דער פרעמדער אונטערדריקער האָט אָנגעטאָן זיין פאָטערלאַנד און האָט פּראָקלאַמירט דעם געבאָט פון אַלמענטשלעכער, אַלץ מוחל-זייענדיקער ליבע!

"לאָמיר זיך ליב האָבן!"

און מיר האָבן געגלויבט, אַז דאָס איז די שטימע פון פוילן...

:: :: ::

אין משך פון די צענדליקער יאָרן פון דעם העראָאישן און אומדערמידלעכן קאַמף פון די פּאָליאַקן פאַר זייער פרייהייט קעגן דעם צאַרישן און פּרייסישן יאָך, זיינען איירעפּעאָם בעסטע מענטשן געווען אויף זייער צד, זיי מיטגעפילט און געגלויבט אין דער אײדעלער גרויסקייט פון זייערע ליידן.

די פּוילישע פרייהייט איז געוואָרן די פאָן און דער לאָזונג פון דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער וועלט.

און אין רוסלאַנד אַליין האָבן פאַר דער פוילישער זאַך געקעמפט אירע בעסטע זין אין דער שפּיץ מיט ב אַ ק ו נ י נ ע ן און דעם אײדעלן ריטער פון דעם רוסישן אמת — אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר ה ע ר צ ע ן .

אין די לעצטע יאָרן האָט דער דענישער ייד — דער וועלט-באַקאַנטער קריטיקער ג ע אָ ר ג ב ר אַ נ ד ע ס — אויפגענומען אַלס זיין לעבנס-מיסיע פוילנס באַפרייאונג און האָט געוועקט דעם אַנטשלאָפענעם און איינגעשלעפערטן דורכן צאַריזם און פּרייסנטום איירעפּעאישן געוויסן.

דאָס האָט בראַנדעס געלאָזט איבער דער וועלט די לעגענדע וועגן דער „פאַרבלוטיקטער ווייסער טיכעלע פון וועראָניקאַ" — דער סימבאָל פון איר ליידנדער אומשולד . . .

און דער איטאַליענישער ייד, דער גרעסטער מלוכה-מענטש פון איטאַליע —

לוצאטי — האָט זיך פאַראייניקט מיט בראַנדעסן און איז געוואָרן דער איינפלוס־רייכסטער אַדוואָקאַט פון פוילישער באַפרייאונג.

:: :: ::

יאָרן זיינען אַוועק — — — — — —

ס'איז אָנגעקומען דער גרויסער יום־הדין פון דער געשיכטע — דער וועלט־קריג.

און די אַלוועלטלעכע צעשטערנדע שרפה איז פאַר פוילן געוואָרן אַ גליק, און האָט אָנגעצונדן איר פאַרלאָשענעם שטערן.

פוילן איז תחית־המתים אויפגעשטאַנען.

זי איז ווידער פריי, פאַראייניקט און גלייכבאַרעכטיקט צווישן די פעלקער.

אָבער פוילנס תחית־המתים איז גלייכצייטיק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איר מפּלה...

און מיר האָבן דערזען דעם אמתן געשטאַלט פון פוילן...

מיט שרעק האָבן מיר דערזען דאָס ווערמדיקע פּנים פון דער נאַציע אונטער דער פאַלשער מאַסקע און טעאַטראַלישער טאָגע פון טראַגישן מאַרטירערטום.

די יאָרן פון קנעכטשאַפט האָבן נישט פאַרפיינערט און דערהויבן די נשמה פון פוילן — זיי האָבן זי פאַרסמט מיט בייז, שקר און נידעריקע פּאָליטישע ליידנשאַפטן.

ס'איז שוין נישטאָ מער די פוילן, די באַפליגלטע מיט דער מיסטישער, אַל־מענטשלעכער ליבע פון איר פּאָעט מיצקעוויטש!...

פאַר אונדז שטייט אַ בלוטדורשטיקע נאַציע מיט אַ פאַרפינצטערטן, פאַרחיהשטן הארצן.

דעם יום־טוב פון איר פרייהייט הוליעט פוילן דערהרגנדיק קליינע יידישע עופהלעך, פאַרברענענדיק יידישע זקנים (לעמבערג) און מיט פּאָגראָמען אָן אַ סוף און אָן ענד...

אַזוי דאַנקט די אויפגעלעבט־געזונקענע פוילן אירע יידישע מיטבירגער פאַר די קרבנות וואָס זיי האָבן געבראַכט פאַר דער פוילישער פרייהייט אין דער צייט פון די מיאַטעזשן, אין דער צייט פון דער לאַנגער מלחמה קעגן צאַריזם.

אַזוי דאַנקט פוילן דעם ריטערלעכן קאַמף פון בראַנדעסן און לוצאַטין.

:: :: ::

נאָר אָט איז געקומען די העכסטע מדרגה פון פוילישער געזונקענקייט און פאַרברעכן — איר קריג קעגן דער באַפרייטער רוסלאַנד.

אַזוי נידעריק איז נאָך נישט געפאַלן קיין פאָלק אין דער געשיכטע!

פוילן, וואָס איז תחית־המתים אויפגעשטאַנען אַדאַנק די טייכן רוסיש בלוט אין דער צייט פון דער מלחמה און רעוואָלוציע, פוילן פאַר וועמענס פרייהייט עס

האָבן געקעמפט און געשטאָרבן אַזוי פיל אײדעלע רוסישע זין, פוילן הויבט אויף איר שווערד קעגן דער נייער רוסלאַנד, קעגן דער מוטער, וואָס האָט אויפגעהאָדעוועט דאָס נײַע פוילן — — —

:: :: ::

און איצט, ווען ס'דערטראָגן זיך צו אונדז פון די ווייטע פויליש־רוסישע קריגס־פעלדער, דער קלאַנג פון וואָפן, רייסט זיך פון אונדזער ברוסט די תפילה:

„דער וואָס האָט די שווערד אויפגעהויבן, זאָל פון דער שווערד פאַלן!"

לאָזן מאָראַליסטן דיסקוטירן, צי איז ערלעך, צי איז כשר דאָס געפיל פון נקמה. נאָר מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן פוילנס פאַרראַט...

אין דער שווערסטער מינוט פון דער רוסישער געשיכטע, ווען דאָס נײַע רוס־לאַנד רייסט זיך אין ליידן און ווייטיקן, מיטן פרייז פון הייליקסטן בלוט צום נייעם גליק פאַר זיך און פאַר דער וועלט, שטעקט די מערדערישע האַנט פונעם נעכטיקן קנעכט דעם מעסער אין דעם האָרם רוקן...

און מיר טוען תפילה צום געניוס פון געשיכטע:

לאָז די שטראָפנדע האַנט פון נעמעזיס אַראָפּלאָזן זיך אויפן פאַרברעכערישן קאָפּ פון פוילן!

:: :: ::

און מיר, יידישע בירגער פון רוסלאַנד, האָבן איצט דאָפּעלע חשבונות: מיט פוילן דעם פּאָגראָם־לאַנד און פוילן, וואָס גייט אויפן לעבן פון אונדזער אונדז ווי־דער טייער־געוואָרענעם היימלאַנד רוסלאַנד.

און דערום, ווי מיר זאָלן זיך נישט באַציען צום רויטן רוסלאַנד, אונדזערע נשמות פאָלגן נאָך די טריט פון דער רויטער אַרמיי, וואָס מאַרשירט צו די פוילישע גרעניצן מיט אַ הייסער תפילה פאַר זייער נצחון: :

„די האַנט, וואָס האָט אויפגעהויבן די שווערד זאָל פון דער שווערד פאַלן!"...

:: :: ::

פוילן דאַרף איצט ענטפערן פאַרן געריכט פון דער געשיכטע פאַר אַ דאָפּלטער בגידה:

זי האָט אַריינגעשטאָכן אַ מעסער אין דער מוטער־ברוסט פון דער פרייער רוס־לאַנד, וואָס האָט זי אויפגעזויגן...

זי האָט פאַרראַטן איר גרויסן אײדעלן דיכטער, וואָס האָט זי געלערנט, אַז מיר זאָלן זיך ליבן...

זאָל די זיגרייכע און שטראָפנדע שווערד פון דער רויטער אַרמיי אומקערן דאָס זינדיקע פוילן אויף די הייליקע וועגן פון מיצקעוויטשעס מענטשלעכער ליבע...

(1920)

# יודזשין דעבס

דער אַפּאָסטאָל פון אַמעריקאַנער סאָציאַליזם

אַנדערש האָט דאָס נישט געקענט זיין.

יודזשין דעבס, דער מאַרטירער פאַר דער סאָציאַליסטישער פרידנס־אידייע האָט אָפּגעוואָרפן דעם „חסד" פון פּרעזידענט האַרדינג, וואָס האָט אים פאָרגעלייגט אַן אַמניסטיע אונטער דער באַדינגונג ער זאָל חרטה האָבן אויף זיינע „זינד" און אָפּזאָגן זיך פון אַקטיווער פּראָפּאַגאַנדע פון זיינע אידעאַלן.

דריי יאָר איז שוין באַלד, אַז דער וועטעראַן פון נאָרד־אַמעריקאַנער סאָציאַליזם, דער באַגייסטערטער פרידנס־אַפּאָסטאָל איז פאַרשפּאַרט אין דער אַטלאַנטער תפיסה.

אין דער צייט ווען נאָרד־אַמעריקע איז געווען פאַרשכורט מיטן קריגס־ענטוזיאַזם, ווען דאָס גאַנצע לאַנד האָט דעם קאָפּ און האַרץ פאַרלאָרן אינעם פיבער פון דעם מלחמה־משוגעת, האָט ער געוואַגט צו זאָגן דאָס וואָרט פון אמת, דאָס וואָרט פון פאַרנונפט.

אין זיין באַרימטער קליוולענדער רעדע האָט דעבס מוטיק און אומדערשראָקן פאַר די האַרבע קריגס־געזעצן און דעם צאָרן פון דעם פּאַטריאָטישן מאָב אַרונטערגעריסן די הומאַניטאַרע מאַסקע, מיט וועלכער ווילסאָן האָט געוואָלט פאַרדעקן דעם פאַרברעכן פון דער מלחמה. מיט די פייערדיקע פיילן פון זיין נבואה־וואָרט האָט ער אויפגעדעקט דעם אימפּעריאַליסטישן עגאָאיזם פון די דייטשן אַזוי גוט ווי פון די אַליאירטע און האָט גערופן די מאַסן נישט צו לאָזן זיך אויסשעכטן אויף דעם מזבח פון מאַמאָן...

און פאַר דעם פאַרברעכן האָט אים דער פּאַטריאָטישער פאָלקס־געריכט פאַרמשפּט צו צען יאָר תפיסה.

קיינער האָט פונדעסטוועגן זיך נישט געריכט, אַז דעבסן וועט אויסקומען אָפּזיצן אין תפיסה די גאַנצע צייט. אַלע אין נאָרד־אַמעריקע האָבן געגלויבט, אַז ווילסאָן וועט דורך־אַרץ האָבן פאַר די ווייסע האָר פונעם אַלטן און פּאָפּולערן אין אַלע פאָלקס־שיכטן קעמפער און וועט אים אַמניסטירן. די לאַנגע תפיסה איז דאָך אַ זיכערער טויט פאַר דעם קראַנקן זקן, ווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט יאָרן לאַנג אַרויסגעשטעלט אַלס דעם פּאָנען־טרעגער צו די פּרעזידענט־וואַלן.

ווילסאָן איז אָבער טויב געבליבן צו אַלע פאָדערונגען און פּעטיציעס פון טויזנטער אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען און האָט געלאָזן זיצן דעבסן אין תפיסה.

עס האָבן אויך נישט געהאָלפן די בקשות פון פילע ליבעראַלן און זיין אייגענע טאָכטער, וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון אַ דעלעגאַציע, וואָס האָט געפאָדערט די באַפרייאונג פון דעם סאָציאַליסטישן טריבון.

דעבס איז אַפילו נישט באַפרייט געוואָרן אויף דער צייט פון דעם פּרעזידענטישן וואַל־קאַמפּיין און פון הינטער די תפיסה־גראַטעס האָט ער אָנגעפירט דעם מערקווירדיקן קאַמף פאַר זיין פּרעזידענטן־קאַנדידאַטור.

די טורמע־קאַמער אין אַטלאַנטאַ איז געוואָרן דער פּלאַץ וואוהין עס האָבן געוואַנדערט הונדערטער דעלעגאַציעס, סאָציאַליסטן און סתם ערלעכע אַמעריקאַנער, וואָס פלעגן קומען אָפּגעבן כבוד און אויסדריקן זייער ליבע צו דעם גרויסן אידעאַליסט און קעמפער.

דאָס גאַנצע פרייהייט־ליבנדע אַמעריקע האָט אַרומגערינגלט מיט ליבע און יראת הכבוד דעבסן און האָט אים געקרוינט מיטן אָרעאָל פון מאַרטירער.

די שטרענגע טורמע־וועכטער האָבן געמוזט פאַרבויגן דעם דראַקאָנישן תפיסה־ר'עגלאַמענט און געבן דעבסן באַדייטנדע פרייהייטן אינערהאַלב די גראַטעס.

אַזוי האָט דאָס געדויערט ביז דעבס האָט נישט פאַרעפנטלעכט זיין באַרימטן בריוו וועגן ווילסאָנען, וואו ער האָט אָנגערופן דעם פּרעזידענט אַלס דעם אומגליקלעכסטן מאַן אין דער געשיכטע. „אויף מיין טורמע-בעטל — האָט זיך פאַרענדיקט זיין בריוו — שלאָף איך מיט אַ ריינערן געוויסן איידער ווילסאָן אין זיין ווייסן פּאַלאַץ“.

ווילסאָן, ווי באַקאַנט, איז נישט בייגעשטאַנען דעם נסיון פון קליינלעכער נקמה און האָט באַשטראָפט דעבסן, צונעמענדיק ביי אים די איינציקע פרייהייטן, וואָס ער האָט געהאַט אין טורמע.

דאָס איז געווען די לעצטע ירידה פון ווילסאָנס אומגליקלעכער פּרעזידענטשאַפט.

בעת האַרדינג איז אַרויף אויף דעם פּרעזידענטן־שטול האָבן אַלע געוואַרט, אַז דער ערשטער אַקט פון דער נייער אַדמיניסטראַציע וועט זיין די באַפרייאונג פון דעבסן.

הונדערטער מיטינגען איבערן גאַנצן לאַנד האָבן געפאָדערט די אַמנעסטיע פון דעבסן. דער רעאַקציאָנערער גאָמפּערס אַפילו מיט זיין אַמעריקאַנער אַרבעטער־פעדעראַציע זיינען צוגעשטאַנען צו דער באַוועגונג וואָס האָט געפאָדערט די באַפרייאונג פון דעם אַלטן סאָציאַליסטישן פאָנען־טרעגער.

אָבער די וואַשינגטאָנער רעגירונג האָט אויף די אַלע פאָדערונגען געהאַט איין תירוץ: עס איז נאָך פאָרמעל נישט געשלאָסן געוואָרן דער פרידן מיט דייטשלאַנד, עס זיינען נאָך נישט בטל געוואָרן די קריגס־געזעצן, לויט וועלכע דעבס איז פאַרמשפט געוואָרן און דערום איז נישט מעגלעך זיין באַפרייאונג.

נו, איז איצט שוין אויך די מניעה פאַרשוואונדן. דער פרידן מיט דייטשלאַנד איז פאָרמעל געשלאָסן, עס איז בטל געוואָרן דער שפּיאָנאַזש־געזעץ, וועלכן דעבס האָט עובר געווען.

און דאָך איז דעבס, דער זקן מיט דער נשמה פון אַ יונגן אָדלער נאָך אַלץ געפאַנגען אין אַטלאַנטער תּפיסה.

אמת, מען האָט אים פאַרגעלייגט אַן אַמניסטיע פאַר דעם טייערן פּרייז ער זאָל מער נישט דינען זיין גאָט פון פרידן.

אָבער דעבס איז אַוועק אויף דעם מאַרטירער־וועג פון זיין גרויסן פראַנצויזישן ברודער אין גייסט און האָט אויסגעקליבן די גאַלגאָטע פון לאַנגזאַמען טויט אינעם קערקער און איז טריי געבליבן דער גרויסער אידייע פאַר וועלכער עס איז אומגעקומען זיין חבר זשאַן זשאָרעס...

דעבס אין אַטלאַנטע — דאָס איז דער לעבעדיקער סימבאָל פון דער איצטיקער אַמעריקע...

אין לאַנד וואָס איז פאַרסמט פון מיליטאַריזם און דער שוואַרצסטער רעאַקציע, וואו אָנשטאָט וואַשינגטאָן און לינקאָלן הערשן די משרתים פון דער בירזשע און די מאַגנאַטן פון קאַפּיטאַל — איז דער פּלאַץ פאַרן אַפּאָסטאָל פון פרידן און פרייהייט נאָר אין טורמע...

(1921)

---

# צום יובל פון דער פּאַריזער קאָמונע

דער ערשטער, דער פאָרלויפער און אָנזאָגער פון די קומענדע הערואישע און מוראדיקע טעג פון דער קאָמונע איז געווען באַבעף.

דאָס איז געווען די ע ר ש ט ע ש וו א ל ב, וואָס האָט אינעם טיפן היסטאָרישן ווינטער, ביי דער געבורטס־שעה פון דער קאַפּיטאַליסטישער, בורזשואזער פרייהייט (1793) געוואָלט ברענגען דעם סאָציאַליסטישן פרילינג.

אין דעם אויפגערודערטן דור פון שטורם פון דער גרויסער רעוואָלוציע האָט ער פאָרלויפנדיק פאַראויס די געשיכטלעכע מעגלעכקייטן און אַנטוויקלונג, געוואָלט אַראָפּברענגען דעם סאָציאַלן גן־עדן.

צו הויך און צו ווייט איז ער געפלויגן...

און אומגעקומען איז די ערשטע שוואַלב, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן מיט גוואַלד, דורך רעוואָלוציאָנערער העלדישקייט אַראָפּברענגען דעם היסטאָרישן פרילינג.

ב אַ ב ע ף, דער ערשטער קאָמונאַר און סאָציאַליסטישער נביא האָט ווי אַ מעטעאָר אויפגעבליצט און אויסגעלאָשן געוואָרן אין די שטורם־טעג פון דער גרויסער רעוואָלוציע.

ער, צוזאַמען מיט זיין הייפל העלדן־חברים, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם באַבעף־אויפשטאַנד, האָבן געחלומט צו מאַכן אַ גוואַלדיקן היסטאָרישן קפיצת הדרך, איבערשפּרינגען אַ גאַנצן יאָרהונדערט קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג און מיטרייסן דאָס פּאָליטיש־באַפרייטע פראַנצויזישע פאָלק צו די ליכטיקע ברעגן פון דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג.

און די רעוואָלוציאָנערע פראַנצויזישע בורזשואַזיע האָט אומגעבראַכט אויפן עשאַפאָט דעם נביא און אָנזאָגער פון איר אונטערגאַנג, דער ערשטער פאָנען־טרעגער פון דער סאָציאַליסטישער צוקונפט.

:: :: ::

און אַכט און זיבעציק יאָר נאָך דעם ערשטן סאָציאַליסטישן אויפשטאַנד פון דעם הייפל באַבעפיסטן זיינען געקומען זיי, די טויזנטער העלדישע זין פונעם פראַנצויזישן פּראָלעטאַריאַט, די פּאַריזער קאָמונאַרן וועמענס אָנדענקען מיר פייערן היינט, פאַר וועמענס אומגעציילטע און אומבאַקאַנטע חברים מיר פאַרבויגן איצט אונדזערע קני.

די ערשט־באַפרייטע פון די פעאָדאַל־מאָנאַרכישע קייטן פראַנצויזישע בורזשואַזיע האָט אָנגעהויבן איר הערשאַפט און געפייערט איר ערשטן נצחון אין דער גרויסער רעוואָלוציע אויף די טויטע קערפּערס פון דעם הייפל העלדן פון דעם באַבעפישן סאָציאַליסטישן אויפשטאַנד.

און אַכט צענדליק יאָר נאָכדעם האָבן זייערע נאָכפאָלגער, די בורזשואַזע רעגירונגס־מענער פון דער דריטער רעפּובליק, געפייערט זייער מפּלה אין דעם קריג מיט דייטשלאַנד, אין טייכן פּראָלעטאַרישן בלוט.

דאָס איז געווען די בלוטיקסטע און שענדלעכסטע רויב און מאָרד־וואַקכאַנאַליע פון דער בורזשואַזיע אַנטקעגן וועלכער עס ווערן בלאַס אַלע פאַרברעכן פון דער געשיכטע.

און אויך איצט, ווען אַ האַלבער יאָרהונדערט איז שוין אַוועק פון די מוראדיקע טעג פון דער קאָמונע, שטורעמט אויף אונדזער בלוט פון צער, צאָרן און נקמה, ווען מיר מישן אויף די געשיכטע־בלעטער פון דער פּאַריזער קאָמונע; ווען פאַר אונדזער גייסטיק אויג גיין פאַרביי די שרעקנס־בילדער פון דער פופצן־טאָגיקער בלוט־וואַקכאַנאַליע, ווען הונדערט טויזנט פּאַריזער פּראָלעטאַריער, זייערע פרויען, קינדער און מוטערס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אויף דעם מזבח פון דעם ברוטאַלן נקמה־דורשט פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע.

:: :: ::

ניינציק טעג האָט געלעבט די ערשטע פּראָלעטאַרישע רעפּובליק.

צו פרי איז זי געקומען אויף דער וועלט.

פראַנקרייך און די איבעריקע אייראָפּע איז נאָך נישט גרייט געווען פאַר דעם סאָציאַלן גן־עדן צו וועלכן ס'האָבן געשטרעבט די פּאַריזער קאָמונאַרן.

און זיי זיינען אומגעקומען די ערשטע שוואַלבן פון דעם סאָציאַליסטישן פרי־לינג. זיי האָבן אָבער איבערגעלאָזט דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט אַ הייליקע ירושה אין איר מאַרטירער־בלוט געהייליקטע נבואה.

און איצט שטייען אויף תחית־המתים די מאַרטירער און הייליקע פון דער קאָמונע.

און דער פופציק־יאָריקער געדענק־טאָג איז געוואָרן אַ טריאומף־טאָג פאַר דעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט.

יאָ, דערוויייל ווערט געפייערט דער יובל פון דער קאָמונע נישט ביי די ברעגן פון סענאַ און נישט אויף די הייליקע קברים פון פּאַריזער פון פער־לאַ־שעז.

אָבער וואָס איז די נפקא־מינא.

דער גייסט און העלדנטום פון דער קאָמונע איז אויפגעשטאַנען צום לעבן אין אַן אַנדער ערד־ווינקל.

די דראָאונגס־נבואה צו דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע מיט וועלכער ס'איז געשטאָרבן דער העראָאישער קאָמונאַר פ ע ר ר אַ, אַז די צוקונפט וועט אָפּשאַצן זיין זכרון און זיין כבוד, ווערט איצט מקוים ביי די ברעגן פון נעוואַ אין מאָסקווע־טייך.

אויף די ווענט פון קרעמל ווערט איצט געשריבן דער היסטאָרישער פּסק־דין פאַר דעם וועלט־קאַפּיטאַליזם און דאָרטן איז אויך פאַרזיגלט דער גורל פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע.

אויף דעם קבר פון דער קאָמונע פונעם רויטן פּאַריז איז איצט אויפגעשטאַנען צום לעבן אין העלדן־קאַמף די ריזן־קאָמונע פון אַ מעכטיקן לאַנד.

די פראַנצויזישע בורזשואַזיע האָט אומגעבראַכט הונדערט טויזנט קאָמונאַרן.

און איצט צו זייער פופציקסטן יאָרצייט זיינען אויפגעשטאַנען צום לעבן מיליאָנען, וואָס פייערן זייער הייליקן זכרון.

און נאָענט איז שוין דער טאָג, ווען די טויטע פון פער־לאַ־שעז וועלן אויך פייערן זייער טריאומף־נצחון אין אַלע ווינקעלעך פון דער ליידנדער און האָפנדער וועלט...

(1921)

# רוסלאַנד אינעם שפּיגל פון דאָסטאָיעווסקי

(צום פּופּיקסטן יאָרצייט פון גרויסן רוסישן שריפטשטעלער)

די גאַנצע קולטור־וועלט פייערט איצט דעם אָנדענק פון דעם געניאַלן רוסישן ראָמאַניסט, פיאָדאָר דאָסטאָיעווסקי, וועלכער האָט צוזאַמען מיט טאָלסטאָיען פאַר־קערפּערט די גאַנצע פּאָטענץ פון דעם שעפערישן רוסישן גייסט.

אָרים איז געווען דער בייטראַג פון רוסישן פאָלק אין דעם אוצר פון דעם פי־לאָזאָפישן געדאַנק פון דער מענטשהייט. מיט דעם קליינעם אויסנאַם פון וולאַדימיר סאָלאָוויעוו, האָט רוסלאַנד נישט פאַרמאָגט קיין איין אָריגינעלן פילאָזאָפישן דענקער.

באַשיידן איז אויך געווען, לפּחות, ביז איצט, דער בייטראַג פון רוסלאַנד פאַר דער וויסנשאַפט; אויף די פינגער פון איין האַנט וועט מען קענען איבערציילן די נעמען פון די רוסישע וויסנשאַפטסלייט פון אוניווערסאַלן באַדייט.

דערפאַר פאַרנעמט אָבער רוסלאַנד דעם ערשטן פּלאַץ אין דער וועלט־ליטע־ראַטור, און איר השפּעה אויף דער ברייטער קולטור־וועלט האָט זי אויסגעאיבט דורך דער פּלעיאַדע פון אירע גרויסע שריפטשטעלער, ראָמאַניסטן, באַזונדערס דורך טאָלסטאָיען און דאָסטאָיעווסקין.

דער גאַנצער שעפערישער זשעני פון דער רוסישער נאַציע, האָט זיך ווי אויס־געשעפּט אין איר ליטעראַטור, אין וועלכער עס זיינען געקומען צום אויסדרוק די העכסטע רעיונות, די עטישע אידעאַלן, די גייסטיקע ספקות און זוכענישן פון דער נאַציע.

אויב אין טאָלסטאָיען האָט געפונען אַן אָפּשפּיגלונג און פאַרקערפּערונג דער עליות־הנשמה פון דער רוסישער נאַציע, איז דאָסטאָיעווסקי געווען און איז היינט פאַרבליבן דאָס אמתע גייסטיקע שפּיגל פון רוסלאַנד, פון די טיפע אָפּגרונטן פון דער רוסישער נשמה, פון איר הויכקייט און איר געפאַלנקייט.

און נישט אומזיסט מערקט זיך איצט אַזאַ שטאַרקער אינטערעס אין דער מערבדיקער קולטור־וועלט צו דאָסטאָיעווסקין, ווייל די ראַפינירטסטע גייסטער פון אייראָפּע הויבן אָן באַגרייפן, אַז דאָסטאָיעווסקי איז דער פולקאָמנסטער און גע־ניאַלסטער דאָלמעטשער פון רוסלאַנד און אַז נאָר דורך אים קען מען פאַרשטיין דעם סוד, די מיסטעריע און די ווידערשפּרוכן פון דעם פענאָמען, וואָס הייסט רוסלאַנד.

:: :: ::

ווי ווייניק האָט געפעלט, אַז רוסלאַנד און צוזאַמען מיט איר די גאַנצע קול־טור־וועלט, זאָלן פאַרלירן דעם גרויסן שעפערישן אוצר, וואָס דאָסטאָיעווסקי האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך.

ווען דער עשטאַפּעט פון צאַר וואָלט פאַרשפּעטיקן אויף איין מינוט אָנצוקומען צום פּלאַץ פון דער עקזעקוציע, וואו דער הענקער איז שוין גרייט געווען איבער־ציען דאָס שטריקל איבער דעם קאָפּ פון דאָסטאָיעווסקין, ווי אָרעמער וואָלט געווען דער גייסטיקער פאַרמעגן פון דער מענטשהייט.

ווי באַוואוסט, איז דאָסטאָיעווסקי געווען פאַרמישט אין דעם רעוואָלוציאָנערן קרייז פון די פּעטראַשעווצעס און איז צוזאַמען מיט אַנדערע פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט.

און ערשט אין דער עלפטער שעה, ווען דאָסטאָיעווסקי איז שוין מיט אַן אָפּ־געגאָלטן קאָפּ געשטאַנען אויף דעם עשאַפּאָט, האָט די אומדערוואַרטע באַגנעדיקונג פון צאַר אָפּגעהאַלטן די האַנט פון דעם הענקער, וואָס איז שוין גרייט געווען צו באַרויבן ביי דער מענטשהייט דעם גרויסן זשעני פון דער רוסישער ערד.

און עס קען זייער זיין, אַז ס'איז גערעכט דער בעסטער אייראָפּעאישער קענער פון דאָסטאָיעווסקין. דער ייִדיש־דייטשער דיכטער, ס ט ע פ אַ ן צ וו יי ג, וועלכער מיינט, אַז די מינוטן, וואָס דער מחבר פון „די ברידער קאַראַמאַזאָוו" איז געשטאַנען אויפן עשאַפּאָט און האָט אַנטדעקט דעם סוד פון טויט, האָבן פאַרטיפט, נביאיש־זעעריש געמאַכט זיין גייסט און האָבן אינספּירירט זיין ווייטערדיקן שאַפן...

קיינעם איז נישט געגעבן געוואָרן איבערצולעבן דאָס, וואָס עס האָט דורכגע־לעבט דאָסטאָיעווסקי.

ער האָט זיך מתקרב געווען מיטן טויט, אַריינגעקוקט מיט די אויגן אין דעם לעצטן אָפּגרונט און דאָס האָט פאַרשאַרפט זיין גייסט און געגעבן אים דעם כּוח צו שילדערן די זיגזאַגן און אָפּגרונטן פון דער מענטשלעכער נשמה, ווי קיין שום אַנדערן שריפטשטעלער אין דער וועלט־ליטעראַטור.

נאָך דער איבערלעבעניש אויפן עשאַפּאָט זיינען געקומען די יסורים פון דער לאַנג־יאָריקער קאַטאָרגע.

דאָסטאָיעווסקי האָט דורכגעמאַכט דעם גאַנצן „וויאַ קרוסיס", דעם קרייץ־וועג פון ליידן און מאַרטירערטום, וואָס איז לויט פרידריך ניטשע — דעם גייסטיקן ברודער פון דאָסטאָיעווסקי — די העכסטע שולע פון שאַפן.

דער גרויסער ליידנדער איז געוואָרן דער גרויסער שאַפנדער.

און די וועלט־ליטעראַטור ווייסט נישט פון אַ צווייטן ענלעכן ביישפּיל; זי איז באַרייכערט געוואָרן מיט דעם שאַפן פון איינעם, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון יענער וועלט, וועלכער האָט אַריינגעקוקט אין דעם לעצטן סוד פון נישט־זיין...

:: :: ::

וואָס איז אַלזאָ דער וואונדער, וואָס דאָסטאָיעווסקי האָט מיט זיין טיפן זעע־רישן גייסט, מיט זיין געלייטערטער אין יסורים און פּיין נשמה, געזען און געשיל־דערט מיט אַ דערשיטערנדן אמת און לעצטער וואָרהאַפטיקייט, די דערהויבונגען

און ירידות פון דעם רוסישן מענטשן פון זיין געפאַלנקייט און דערהויבונג, פון זיין ברוטאַלער ווילדקייט און הייליקייט.

ווער קען דען באַגרייפן רוסלאַנד, דעם זין פון די לעצטע שטורם־יאָרן פון איר געשיכטע, נישט פאַרטיפנדיק זיך אין דאָסטאָיעווסקיס שאַפן און זיינע העלדן?

סמערדיאַקאָוו און איוואַן קאַראַמאַזאָוו.

די צוויי העלדן פון דעם טיפזיניקסטן און געדאַנקען־רייכסטן ראָמאַן אין דער וועלט־ליטעראַטור — „די ברידער קאַראַמאַזאָוו“ — דאָס איז דער סימבאָל פון רוסלאַנד, פון איר גאַנצער געשיכטע, די קינסטלערישע פאַרקערפּערונג פון איר טומאה און קדושה, פון איר געפאַלנקייט און דערהויבנקייט.

טיף און שוואַרץ, ווי די נאַכט, אָפּשרעקנד, ווי דער אָפּגרונט, איז די נשמה פון ס מ ע ר ד י אַ ק אָ וו ן, וואָס האָט אין זיך פאַרקערפּערט דאָס פאַרברעכע־רישע, דאָס סאַדיסטיש־בעסטיאַלישע פון דעם רוסישן מענטשן, ווען פון אים טוט זיך אָפּ דער צלם אלקים.

אין אַלע שרעקן און גרויזאַמקייטן פון דער רוסישער געשיכטע, אין „איוואַן דעם שרעקלעכן“ (איוואַן גראָזני), אין דער פּוגאַטשאָווש־טינע, אין דעם פּאָגראָם־סאַ־דיזם ביז אויף דער היינטיקער „טשעקאַ“ — זעט איר דעם געשטאַלט פון דעם פּראָ־טאָטיפּ פון דער רוסישער טומאה — פון סמיערדיאַקאָוון.

העל און לויטער, ווי דער שיין פון אויפגייענדן זונען־טאָג איז אָבער דערפאַר די נשמה פון א י וו אַ ן ק אַ ר אַ מ אַ ז אָ וו. ער איז ריין, אומשולדיק און הייליק, ווי אַ מלאך. ער פאַרקערפּערט די קדושה און דערהויבונג פון דער נאַציע, איר עלית־הנשמה.

— אויב פאַר דעם גליק פון דער וועלט, פון דער גאַנצער מענטשהייט איז נויטיק איין טרער, איין טרער פון אַן אומשולדיק קינד — דאַן זאָג איך זיך אָפּ פון דעם וועלט־גליק — טענהט איוואַן קאַראַמאַזאָוו — און קער אום דעם באַשעפער מיין איינטריטס־קאַרטע אין לעבן...

בעת סאַדיסטישע בעסטיאַליטעט איז די סטיכיע פון סמיערדיאַקאָוון, שוועבט איוואַן קאַראַמאַזאָווס געלייטערטע נשמה אין די העכסטע עולמות פון דער אי־דעאַלסטער, כמעט מלאכישער ליבע צום מענטשן און איז גרייט אָפּצוזאָגן זיך פון דעם גליק פון דער גאַנצער מענטשהייט, אויב דער דאָזיקער גליק דאַרף געקויפט ווערן מיט דעם פּרייז פון איין קינדישער טרער.

אָט די צוויי העלדן פון דאָסטאָיעווסקין — איז דער גייסטיקער שפּיגל פון רוסלאַנד, פון איר ליכט און שאָטן.

פון איר שטרעבן צום וועלט־גליק, פון איר גרייטקייט צו אָפּפערן זיך פאַר דעם וואויל פון דער מענטשהייט, פון איר אור־קריסטלעכער טאָלסטאָיאישער ליבע צום מענטשן — קוקט אַרויס די געשטאַלט פון איוואַן קאַראַמאַזאָוו.

און פון איוואַן דעם שרעקלעכן, פון דער פוגאַטשאָווטשטשינע, פון דעם פּאָגראָם־סאַדיזם ביז אויף דער הײנטיקער „טשעקאַ" — קוקט אַרויס דער גרויזאַם־בעס־טיאַלישער פּרצוף פון סמיערדיאַקאָוון.

דאָס זײַנען די צוויי פּאָליוסן — די צוויי פּסיכישע עקסטרעמען צווישן וועלכע עס ראַנגלט זיך די רוסישע פאָלקס־נשמה און כדי צו באַגרײַפן אָט דעם טראַגישן געראַנגל, מוז מען זיך אײַנקוקן אין דעם שפּיגל פון דאָסטאָיעווסקי און פאַרטיפן זיך אין זײַן געניאַלן שאַפן...

(1926)

---

# די פאַרבאָרגענע וועגן פון דער געשיכטע

צום ניינטן יאָרטאָג פון אָקטובער־רעוואָלוציע

„רוסלאַנד וועסטו מיטן שכל ניט באַגרײַפן
און וועסט זי ניט אויסמעסטן מיטן געוויינ־
לעכן אַרשין".

טיוטשעוו.

„פראַנקרײַך — די סאָציאַלע לאַבאָראַטאָריע פון דער וועלט — וועט אָנצינדן דעם פאַקל פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און גרויס־בריטאַניע וועט זי פאַר־ווירקלעכן." —

אַזוי האָט נבואה געזאָגט דער באַשאַפער פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, ק אַ ר ל  מ אַ ר ק ס  אין זײַנעם אַ בריוו צו זײַן פרײַנט און מיטאַרבעטער פריד־ריך ענגעלס. די נבואה איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין דער צווייטער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט, און ביזן יאָר 1917 האָבן אין איר געגלויבט אַלע סאָציאַליסטן פון דער גאַנצער וועלט.

און דאָס איז ניט געווען קיין בלינדע אמונה. די לאָגיק און די דערפאַרונג פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג האָבן גערעדט דערפאַר, אַז אַזוי דאַרף עס זײַן און אַזוי וועט עס זײַן.

פראַנקרײַך איז פון דעם יאָר 1789 געווען דאָס וויגעלע פון רעוואָלוציע און גרויסע סאָציאַלע געדאַנקען און אידייען. פראַנקרײַך איז געווען דער שטורם־פויגל פון אייראָפּע, וואָס האָט אָנגעזאָגט די בשורה פון דער געבורט פון דער נײַער וועלט: „פרײַהייט, גלײַכהייט און ברידערלעכקייט"! פראַנקרײַך איז געווען דאָס ערשטע לאַנד, וואָס האָט באַפרײַט אייראָפּע פון די קייטן פון פעאָדאַליזם און איז

געוואָרן איר וועג־ווייזערן אין דעם קאַמף פאַר דער רעפּובליקאַנישער פרייהייט.

אין פראַנקרייך איז נאָך אין עם סוף פון אכצנטן יאָרהונדערט פאָרגעקומען דער ערשטער טראַגיש־העראָאישער סאָציאַלער אויפשטאַנד פון באַבעפן וואָס האָט געוואָלט באַפרייען דאָס לאַנד נישט נאָר פון די קייטן פון פעאָדאַלן אבסאָ־לוטיזם, נאָר האָט אויך געשטרעבט איינפירן אַן אָרדנונג פון סאָציאַלער גערעכטי־קייט און סאָציאַלער גלייכקייט און האָט דערפאַר באַצאָלט מיט זיין לעבן.

אין פראַנקרייך איז געשטאַנען די וויג פון די גרויסע סאָציאַלע דענקער און טרוימער, סען־סימאָן, פוריע, פּרודאָן און פילע אַנדערע, וואָס האָבן מיט זייער נביא־איש וואָרט און מיט טאַטן געקעמפט פאַר אַ בעסערער און שענערער וועלט, וואו עס זאָל הערשן נישט נאָר פּאָליטישע פרייהייט, נאָר וואו עס זאָל אויך נישט זיין קיין סאָציאַלע קנעכטשאַפט, קיין נויט און קיין אָרימקייט...

פראַנקרייך איז אויך געווען די ערשטע וואָס האָט געמאַכט דעם העראָאישן פאַרזוך צו איינפירן אין איר הויפּטשטאָט די קאָמונע, וואָס איז פאַרטרונקען גע־וואָרן אין דעם בלוט פון די פּאַריזער מאַרטירער־פּראָלעטאַריער, וואָס האָבן פאַר דער צייט געוואָלט ברענגען די וועלט־גאולה...

וואָס איז אַלזאָ דער וואונדער, וואָס קאַרל מאַרקס און מיט אים אַלע סאָציאַ־ליסטישע דענקער האָבן געוואַרט און געהאָפט, אַז דער סיגנאַל פאַר דער סאָציאַלער איבערקערעניש וועט קומען פון פראַנקרייך?

און די צווייטע העלפט פון מאַרקס נבואה וועגן דעם, אַז דער סאָציאַליזם וועט אַלעמערשטן פאַרווירקלעכט ווערן אין ענגלאַנד, איז אויך נישט געווען סתם זיך סברה, נאָר אַ לאָגישע באַגרינדעטע אויף היסטאָרישע פאַקטן באַהויפּטונג.

איז דאָך גרויס־בריטאַניע נאָך אין קאַרל מאַרקס צייטן געווען דאָס איינציקע דויך־אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע לאַנד אין אייראָפּע.

ענגלאַנד איז דאָך געווען דאָס מ אָ ד ע ל ־ לאַנד פון אינדוסטריעלן פּראָ־גרעס, אויף וועלכן מאַרקס האָט געבויט זיינע טעאָריעס וועגן דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם.

ענגלאַנד איז דאָס קלאַסישע לאַנד פון אינדוסטריאַליזם, וואו די אַגראַר־ווירט־שאַפט און דאָס בטבע רעאַקציאָנערע פּויערטום שפּילט אַ קליינע ראָלע און די אַרבעטערשאַפט איז דער רוב מנין ובנין פון דער ענגלישער נאַציע. דער ענגלישער טרייד־יוניאָניזם איז געווען די ערשטע און עלטסטע אין אייראָפּע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע. די ענגלישע אַרבעטערשאַפט האָט דורכגעמאַכט די בעסטע שולע פון שטאַטלעכער דערציאונג אונטער דעם פּרייסטן פּאַרלאַמענטאַרישן רעזשים.

על פּי שכל איז דער ענגלישער פּראָלעטאַריאַט מער ווי ערגיץ וואו אַנדערש אין אייראָפּע צוגעגרייט איבערצונעמען אין זיינע הענט די פירערשאַפט פון דער צו־קונפטיקער סאָציאַליסטישער מלוכה.

אויף דעם יסוד פון דער דאָזיקער היסטאָרישער טאַט־זאַך האָט מאַרקס מיט רעכטגעשטיצט זיך אין זיין נביאות, אַז גרויס-בריטאַניע וועט זיין דאָס ערשטע לאַנד אין אייראָפּע, וועלבע וועט פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם.

נישט בלויז דער וואונטש איז געווען דער פאָטער פון געדאַנק — ווי דאָס איז על פי רוב דער פאַל מיט אַלע נביאות — נאָר מאַרקס באַהויפּטונג איז געווען באַגרינדעט אויף דעם רעאַלן יסוד פון געשיכטלעכן אמת און דערפאַרונג.

און דאָך. דאָך איז געקומען די געשיכטע און האָט זיך אויסגעלאַכט פון אַלע לאָגיש באַגרינדעטע היסטאָרישע סברות און טאַט־זאַכן און האָט דאָס רעאַקציאָנערסטע לאַנד פון אייראָפּע געמאַכט פאַר דעם פאַקל־טרעגער פון דער סאָציאַלער איבערקערעניש.

רוסלאַנד, וואָס איז אין משך פון אַ גאַנצן דור באַטראַכט געווען אַלס דער „זשאַנדאַרם פון אייראָפּע", אַלס דער ערגסטער שונא פון פרייהייט און אַלס דער סימבאָל פון רעאַקציע און סאָציאַל־פּאָליטישער אָפּגעשטאַנענקייט איז פּלוצלינג געוואָרן דאָס לאַנד, וואָס פאַרשפּרייט דעם „רויטן שרעק" איבער דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט.

רוסלאַנד האָט אָפּגעשפּילט דעם גרעסטן היסטאָרישן פּאַראַדאָקס און האָט לפּחות דערוויל באַוויזן דעם געטע'שן אמת, אַז „גרוי זיינען אַלע טעאָריעס"...

די רעוואָלוציע פון 1917 האָט אויפן קאָפּ געשטעלט אַלע סאָציאַליסטישע טעאָריעס.

די ערשטע סאָציאַליסטישע — זאָל זיין אַפילו בלויז אין איר אוי־סערלעכער געשטאַלטונג מלוכה — איז נישט געבוירן געוואָרן אין אַ לאַנד פון דער העכסטער קאַפּיטאַליסטיש־אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג — ווי אַלע האָבן דאָס דערוואַרט — נאָר אין אַ מדינה, וועלבע איז די צוריקגעשטאַנענסטע אין איר טעכניש אינדוסטריעלן פּראָגרעס, אַ לאַנד, וואָס איז אַגראַריש „פּאַר עקסעלאַנס", וואו דער איבערוועגנדער רוב פון דער באַפעלקערונג, קרוב צו 90 פּראָצענט, באַשטייט פון פּויערים וואָס זיינען פאַרזונקען געווען אין אָרימקייט, אין גייסטיקער פינצטערניש און אומקולטור און וואו דער פּראָלעטאַריאַט איז דער מינימאַלסטער טייל פון דער נאַציע — גראָד אויף דעם לאַנד איז אויסגעפאַלן דער מערקווירדיקער היסטאָרישער גורל צו זיין דער פּיאָנער פון דער סאָציאַלער רע־וואָלוציע...

געוויס, דער דאָזיקער היסטאָרישער אויפן ערשטן בליק, אומדערקלערבאַרער וואונדער, איז פאַרגעקומען אַדאַנק דעם צוזאַמענטרעף פון אַ רייע צופאַלן, וואָס זיינען געקומען אַלס פּועל־יוצא פון דער מלחמה־קאַטאַסטראָפּע.

דער לאָזונג פון „ערד די פּויערים און פרידן דער גאַנצער וועלט", איז געווען

אַ מעכטיקער פאַקטאָר, וואָס האָט געפירט צו דעם נצחון פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. אָבער טראָץ די צענדליקער און הונדערטער סיבות, וואָס מיר קענען אויסזוכן אויף צו דערקלערן די היסטאָריש-גראַנדיעזע רוסישע איבערקערעניש, בלייבט פאַר אונדז איינגעהילט אין אַ טיפן סוד, ווי אַזוי האָט דאָס פּאָרט געקענט פּאַסירן, אַז אין אַ לאַנד, וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן צו מאַכן די ערשטע שריט פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג האָט אַ קליין הייפל געוואַגטע סאָציאַליסטן דורכגעפירט די גרעסטע נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע מהפכה, און האָט געמאַכט דעם געוואַגטסטן פּאַרזוך איינצופירן אַ סאָציאַליסטישע מלוכה-אָרדנונג.

די, וועלכע זיינען געגוינט צוצושרייבן גרויסע היסטאָרישע פּאַסירונגען דער ווירקונג פון איינצלנע העלדישע פּערזענלעכקייטן, פּרואוון זיך דערקלערן דעם טריאומף פון דער נאָוועמבער-רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, דער דרייסטער געוואַגטקייט פון דעם הייפל באָלשעוויקעס מיט לענינען בראש. מיר ווילן נישט לייקענען די וויכטיקייט פון דער השפּעה פון דער שטאַרקער פּערזענלעכקייט אויף דעם גאַנג פון די געשיכטלעכע פּאַסירונגען, אָבער דאָך גלויבן מיר, אַז די גרויסע פּערזענלעכקייט איז נישט מער ווי אַן אינסטרומענט פון דער געשיכטע.

מיר גלויבן אין דעם אמת פון געטעס קלוג וואָרט, אַז מיר דענקען, אַז מיר שטופּן די לעבנס-פּאַסירונגען, אָבער אין דער אמתן ווערן מיר געשטופּט פון גורל...

און וויפל מיר זאָלן זיך נישט גריבלען צו דערקלערן אויפן יסוד פון היסטאָרישער לאָגיק די פּאַסירונגען פון דער רוסישער נאָוועמבער-רעוואָלוציע, מוזן מיר אָבער סוף-כל-סוף קומען צום שלוס, אַז פאַר אונדז זיינען פאַרבאָרגן די וועגן פון דער געשיכטע...

:: :: ::

און איצט, נאָכדעם ווי דער געבוירענער אין שטורם פון רעוואָלוציע ראַטן-פאַרבאַנד פייערט דעם ניינטן יאָר פון זיין עקזיסטענץ, ווייסן מיר נאָך אַלץ נישט מיט זיכערהייט, אויף וועלכע וועגן עס גייט דאָס נייע רוסלאַנד.

די פּאַריזער קאָמונע, וואָס איז געקומען פאַר דער צייט, איז אומגעקומען נאָך איר דרייחדשימדיקער העראָאישער עקזיסטענץ, און סאָוועטן-רוסלאַנד האַלט זיך שוין ניין יאָר.

אמת, מיר האָבן נישט קיין סאָציאַליזם אין רוסלאַנד — דערווייל איז בלויז רערגרייכט געוואָרן די פולשטענדיקע ליקווידאַציע פון דער מאָנאַרכיסטישער אָרדנונג מיט איר סיסטעם פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, דערווייל איז נאָר דערגרייכט געוואָרן די פּאָליטישע, אָבער נישט עקאָנאָמישע עמאַנסיפּאַציע פון דער רוסישער אַרבעטערשאַפט, אָבער פּאָרט שטייען

מיר פאַר דעם לאָגיש־אומבאַגרייפלעכן פאַקט, אַז אין אַ לאַנד, פון פּויערים, וואו עס זיינען דערווייל נאָך נישט אָדער כמעט ווי נישטאָ קיין צייכנס פון סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט געפינט זיך ביים מלוכה־רודער שוין דעם נ יי נ ט ן יאָר אַ סאָציאַליסטישע רעגירונג.

וועט לאַנג קענען אָנהאַלטן אָט דער מערקווירדיקער ווידערשפּרוך פון דער רוסישער האַלב־קאַפּיטאַליסטיש־אַגראַרישער ווירקלעכקייט און איר סאָציאַליסטישער מלוכה־פאָרם — דאָס קען קיינער נישט פאָראויסזען מיט זיכערקייט.

פאַרבאָרגן זיינען פאַר אונדז די וועגן פון דער געשיכטע...

און טראַכטנדיק וועגן דעם מערקווירדיקן גורל פון דער רוסישער סאָציאַל־פּאָליטישער אַנטוויקלונג קומען נישט ווילנדיק אויפן זינען די ווערטער פון רוסישן ליריקער ט י ו ט ש ע וו:

„רוסלאַנד וועסטו מיטן שכל נישט באַגרייפן און וועסט זי נישט אויסמעסטן מיטן געוויינלעכן אַרשין...“

(1926)

---

# היינט הויבט זיך אָן אונזער משפּט מיט דער וועלט

דער שוואַרצבאַרד־פּראָצעס

„קברים עפנען זיך און טויטע שטייען אויף פון זייער רו“.

(פון גאַריבאַלדי־הימן)

היינט הויבט זיך אָן אין דעם געריכטס־זאַל פון דער גרויסער וועלט־שטאָט דער משפּט פון אונדזער גואל־הדם — שלום שוואַרצבאַרד.

די אַכט געשוואוירענע, די אַכט אומבאַקאַנטע בירגער פון דער גרויסער פראַנצויזישער דעמאָקראַטיע, וועמען דער צופאַל וועט אַוועקזעצן אויף דער ריכטער־באַנק, וועלן דאַרפן אויסהערן אונדזערע בלוטיקע טענות צו דער וועלט, און אַרויסטראָגן זייער פּסק־דין וועגן אונדזער ויכוח מיט דער מענטשהייט, וואָס האָט געשטומט און געשוויגן, בעת מען האָט אונדז טויזנטערווייז געשאָכטן, געפּייניקט און געמאַטערט, בעת מען האָט טויזנטערווייז געשענדעט די הייליקע אומשולד פון אונדזערע שוועסטער און מוטערס.

און אונדזער האַרץ ציטערט פאַר אומרו:

וועלן די אַכט אַנאָנימע פראַנצויזישע בירגער קענען זיך דערהויבן צו דער

טראַגישער גרויסקייט פון דעם פּראָצעס, אין וועלכן זיי זיינען גערופן צו אַרויס־טראָגן זייער היסטאָרישן פּסק־דין?...

וואָס וועלן דאַרפן אַנטשיידן די ריכטער פון פּאַריזער שוואור־געריכט, — צי מעג מען הרגענען?

ניין. דערויף וואַרטן מיר נישט קיין תשובה פון די ריכטער אין פּאַריז.

מיר זיינען די ערשטע געווען, וואָס האָבן נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק פּראָקלאַמירט פאַר דער וועלט דעם געטלעכן געבאָט:

— לא תרצח!

מיר וויסן, אַז ס'איז הייליק יעדער מענטשלעך לעבן.

דאָס האָט אונדזער גרויסער דיכטער היינריך היינע געזאָגט דעם הייליקן אמת, אַז:

„אונטער יעדער מצבה ליגט באַגראָבן די גאַנצע מענטשהייט און די גאַנצע וועלט־געשיכטע".

ניין, די פּאַריזער ריכטער האָבן אונדז נישט, וואָס צו זאָגן וועגן דעם געזעץ, וואָס מיר האָבן זיי געלערנט:

לא תרצח!

און דאָך פאָדערן מיר פון די ריכטער פון פּאַריז:

באַפרייט אונדזער טראַגישן ברודער, וואָס האָט עובר געווען אויפן געזעץ, אויף דעם געטלעכן געבאָט פון זיין אייגענער אומה.

יאָ. מיר האָבן נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק פּראָקלאַמירט פאַר דער וועלט דעם הייליקן געבאָט פון דער אומבאַרירלעכקייט פון מענטשלעכן לעבן.

יאָ, מיר האָבן דורות־לאַנג געפּרעדיקט דעם געדאַנק, אַז די קראַפט ליגט אין גייסט און נישט אין דער פיזישער גבורה.

לא בכוח כי אם ברוח.

און די גרויסע, נישט־יידישע וועלט האָט געהערט אונדזער פּרעדיקט און האָט אונדז געפּייניקט, געמאָרדעט און געבאָדן זיך אין אונדזער בלוט.

דורך דורות און יאָרהונדערטער האָט אונדז פאַרפאָלגט אייער געשריי:

הרגע און פאַרפאָלג דעם יידן!

און מיר האָבן דאָך הייליק געהאַלטן אונדזער געבאָט:

לא תרצח!

קעגן דעם נצחון פון דער ברוטאַלער קראַפט האָבן מיר אַרויסגעשטעלט אונדזער האָפנונג, אונדזער אמונה אַז אונדזער זיג וועט קומען דורכן טריאומף פון דעם גייסט און נישט פון קראַפט...

דורות־לאַנג ציט זיך אונדזער ויכוח מיט דער נים־יידישער וועלט — דער ויכוח וועגן גייסט און קראַפט.

אין יעדן דור זיינען אַנדערע אויפגעשטאַנען, וואָס האָבן געוואָלט פאַרטיליקן אונדזער אומה, וואָס האָט געפּרעדיקט די אומבאַגרייפלעכע פאַר זיי תּורה פון טריאומף פון גייסט...

נאָר אָט איז געקומען איינער פון אונדז, וועלכער האָט איינגעזאַפּט אין זיך דעם צער, דעם וויי פון די טויזנטער, וואָס דאָס צעווילדעוועטע, פאַרחושכטע אוק־ראַאינישע פאָלק, האָט מיטן שטילשווייגנדן הסכם פון דער וועלט אומגעבראַכט אויף דעם אכזריותדיקסטן אופן, וואָס וועט בלייבן די אייביקע שאַנד פון דעם היינ־טיקן דור.

פאַר אים, פאַר אונדזער טראַגיש-העלדישן ברודער איז הייליק, ווי פאַר יעדן פון אונדז, דער געטלעכער געבאָט פון אונדזער ראַסע—

לא תרצח!

אָבער זיין העלדישע ברוסט האָט נישט געקענט בייקומען דעם צער און פּיין פון די טויזנטער פאַרפּייניקטע, וואָס זיין האַרץ האָט איינגעזאַפּט אין זיך.

שוואַרצבאַרדס מוח איז געפּייניקט געוואָרן פון דעם מאַיומדיקן געדאַנק:

איז דאָס מעגלעך, אַז אַ גאַנץ פאָלק, טויזנטער עופּהלעך און זקנים, שוצלאָזע פרויען און מענער זיינען פאַר דעם ליכט פון דער זון און פאַר די אויגן פון דער וועלט פאַרפּייניקט געוואָרן פון באַרבאַרן — און די ערד זאָל שטיל און שפּורלאָז איינזאַפּן אין זיך די ימים בלוט פון אומשולדיקע קדושים?...

די וועלט האָט געשוויגן און האָט אויף דער פּייניקנדער פראַגע פון שלום שוואַרצבאַרד קיין ענטפער נישט געגעבן.

די אומצאָליקע קברים אין אוקראַאינע האָבן שוין אָנגעהויבן מיט גראָז פאַר־וואַקסן, און די וועלט און אפילו מיר אַליין, זיינען אַריבער „צו דער טאָג־אָרדנונג“, ווי גאָרנישט וואָלט געשען...

און אין די גאַסן פון פּאַריז, פון דער הויפּטשטאָט פון פרייהייט און רעוואָ־לוציע, וועלכע שוואַרצבאַרד איז גרייט געווען מיט זיין בלוט פאַרטיידיקן, ווען די דייטשן האָבן זי באַדראָט, אין דער דאָזיקער שטאָט איז פראַנק און פריי ארומגע־גאַנגען דער אַטאַמאַן פּעטליוראַ, וואָס איז פאַר אַלע יידן אין אוקראַאינע און פאַר שוואַרצבאַרדן געווען דער סימבאָל און די פאַרקערפּערונג פון די אכזריות, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן קעגן זיינע טויזנטער שוועסטער און ברידער, וועמעס טויט האָט גערופן צו נקמה.

קיינעם איז גאָר נישט איינגעפאַלן דער געדאַנק צו רופן צום משפּט דעם, וואָס טראָגט די מאָראַלישע שולד פאַר די שרעקלעכסטע פאַרברעכנס, וועלכע ווייסן נישט זייער גלייכן אפילו אין דער שוואַרצסטער געשיכטע פון מיטלאַלטער.

און שלום שוואַרצבאַרד, אונדזער טראַגישער ברודער, האָט דערשטיקט אין זיך

זיין ראַסן-שנאה צו מאָרד און בלוט-פאַרגיסונג און האָט נקמה גענומען פאַר דעם בלוט פון אונדזערע טויזנטער קדושים.

שוואַרצבאָרד איז געוואָרן אונדזער גואל הדם.

און שוואַרצבאַרדס שאָס אויף דעם ראַסן-בולוואַר רעדט צו דער וועלט:

דורות לאַנג האָבן מיר אייך געפּרעדיקט אונדזער געטלעכן געבאָט:

לא תרצח!

דורות לאַנג האָבן מיר געפּרעדיקט אייך אונדזער אמונה אין גייסט און נישט אין קראַפט.

איר זענט אָבער געבליבן טויב און שטום צו אונדזער פּרעדיקט

איר באַגרייפט נאָר דעם לשון פון בלוט און אייזן.

און דאָס האָט איר מיך, דעם זון פון דעם פאָלק, וואָס האָט אייך געגעבן די תורה פון לא תרצח, געצוואונגען צו נעמען דאָס אייזן אין האַנט.

הײַנט, ווי נעכטן בין איך טריי מיין ראַסן-אמונה פון דער הייליקייט פון מענטשלעכן לעבן.

אָבער, ווען איר בלייבט טויב און שטום, ווען עס ווערן פאַרטיליקט פון מענטשן-חיות טויזנטער הייליקע לעבנס פון אונדזערע קדושים — דאַן מוז דער זון פון גייסט-פאָלק רעדן מיט דער שפּראַך פון בלוט און אייזן — די איינציקע שפּראַך, וואָס איר באַגרייפט און פאַרשטייט...

איך בין ריין און אומשולדיק און האָב נישט פאַרראַטן דעם הייליקן געבאָט פון מיין ראַסע:

לא תרצח!

**איך האָב נישט געמאָרדעט קיין מענטשן, נאָר דעם, וואָס איז געווען די פאַר־קערפּערונג פון דער בעסטיע און בלוטדורשטיקייט אין מענטשן.**

**פּונקט ווי איך האָב זיך נישט געוואָקלט צו נעמען דאָס אייזן אין דער** האַנט און פאַרטיידיקן מיט מיין בלוט די רעפּובליק פון פרייהייט און רעוואָלוציע, ווען איך האָב געגלויבט, אַז זי ווערט באַדראָט פון דעם **אוממענטשלעכן דייטשן אים-**פּעריאַליזם, אַזוי האָב איך אויך גענומען דעם זעלבן אייזן צו נקמה נעמען פון די חיות אין מענטשן-געשטאַלט, וואָס האָבן געשאָכטן און געפּייניקט מיינע שוועסטער און ברידער...

און איר, ריכטער פון פראַנקרייך, וועט איר באַגרייפן די טראַגעדיע פון דעם אייביקן אידעאַליסט, ווען די ברוטאַליטעט און געוויסנלאָזיקייט פון דער וועלט האָט געמאַכט פון אים א „מערדער"?...

יאָ, מיר פאַראַכטן און פאַרדאַמען בלוט-פאַרגיסונג און מאָרד מער ווי וועלכע ס'איז אַנדער אומה אין דער וועלט.

אָבער עס האָט געמוזט זיך געפינען איינער פון אונדז, וואָס זאָל דערמאָנען

דער וועלט, אַז אויך יידיש בלוט איז נישט קיין וואַסער און פֿאַדערט פֿאַרגעלטונג...
און דערפֿאַר קערן מיר זיך נישט אָפּ פֿון אונדזער טראַגישן ברודער.

ער איז אונדזער גואל הדם.

און מיט אַ געהויבענעם קאָפּ און שטאָלצן באַוואוסטזיין פֿון זיין־אונדזערער אומשולד, פֿאָדערן מיר זיין באַפֿרייאונג.

און צו די געשוואוירענע ריכטער אין פּאַריז וואָלטן מיר געקענט זאָגן:

אין משך פֿון אַ האַלבן יאָרהונדערט האָט פֿראַנקרייך געטראָגן אין איר האַרצן דאָס געפֿיל פֿון רעוואַנש, פֿון נקמה צו דייטשלאַנד פֿאַרן אַוועקנעמען פֿון עלזאַס־לאָטאָרינגיען. די טעריטאָריע, וואָס זי האָט פֿאַרלוירן אין אַן אָפֿענעם מלחמה־קאַמף.

דער פֿראַנצויזישער רעוואַנש־געפֿיל איז נאָכדעם געווען איינע פֿון די הויפּט־סיבות, וואָס האָבן געפֿירט צו דער קאַטאַסטראָפֿע פֿונעם וועלט־קריג און דעם פֿאַרלוסט פֿון מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס.

ווער, ווער, אָבער די פֿראַנצויזן דאַרפֿן און מוזן באַגרייפֿן די געפֿילן פֿון שוואַרצבאַרדן, וועלכער האָט זיך אַנטשלאָסן אויף זיין נקמה־טאַט נישט צוליב נאַציאָנאַלן פּרעסטיזש, נאָר כדי צו באַשטראָפֿן דעם שולדיקן אין דעם גרויזאַמסטן פֿאַרברעכן, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן אַ שוצלאָזן פֿאָלק.

היינט הויבט זיך אָן דער שוואַרצבאַרד־פּראָצעס.

ווידער לעבט אויף פֿאַר אונדז די אוקראַאינער טראַגעדיע, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן אויסלעשן זיך אין אונדזער זכרון.

קברים עפֿענען זיך און די טויטע שטייען אויף פֿון זייער רו...
און זיי פֿאָדערן גערעכטיקייט פֿאַר דעם וואָס האָט נישט פֿאַרגעסן זייער גרויזאַמען טויט און האָט זיך נוקם געווען פֿאַר זייער אומשולדיק פֿאַרגאָסן בלוט.

(1926)

:: :: ::

# ווען בלינדער פאַנאַטיזם פירט צום פאַראַט פון מענטשלעכער און יידישער מאָראַל...

אין א בריוו צו געאָרג בראַנדעסן זאָגט דער גרויסער נאָרוועגישער שריפטשטעלער היינריך איבסען:

„דאָס יידישע פאָלק איז דאָס מאָראַלישסטע אין דער וועלט, ווייל עס איז שוין צוויי טויזנט יאָר נישט קאָרומפּירט געוואָרן פון דעם פעטיש פון דער מלוכה . . . ״

און איך בין טיף איבערצייגט, אַז דער גרויסער נאָרוועגער האָט דאָ אַרויסגעזאָגט אַ הייליקן אמת און האָט דאָ אַנטדעקט דעם סוד פון אונדזער אייגנאַרטיקער יידישער מאָראַל, וועלכע איז פרעמד די מלוכה־פעלקער.

געוויס וואָלט אונדז געווען גרינגער און באַקוועמער צו לעבן, ווען מיר וואָלטן געווען אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער צוגלייך און וואָלטן פאַרמאָגט אונדזער אייגענע מלוכה.

אונדזער היסטאָרישער גורל האָט אונדז אָבער באַהיט פון דעם.

אין דעם מאָמענט, ווען רוים איז געקומען מיט זיין שטאָלענער מאַכט און גוואַלד־אידייע — זיינען מיר אַראָפּ פון דער היסטאָרישער סצענע אַלס מלוכה־פאָלק, מיר זיינען אַוועק אין גלות און זיינען געוואָרן אַ פאָלק גון גייסט, אַן עם כהנים . . .

מיר האָבן אויפגעגעבן די שטאַטס־אידייע.

אין אַ צייט, ווען שטאַט מיינט צוואַנג, גוואַלד, הערשאַפט מיט בלוט און אייזן — דאַרפן מיר זיין אין גלות.

ערשט, ווען משיח וועט קומען, ווען די מענטשהייט וועט געלייטערט און דערהויבן ווערן, ווען רוים, דער רוימישער באַגריף פון גוואַלד־שטאַט וועט פאַלן — דאַן וועט קומען אונדזער צייט צו שאַפן די יידישע מלוכה פון יושר און פרידן.

דאָס איז אַזוי צו זאָגן די מעטאַפיזיק פון דעם יידישן משיח־געדאַנק, פון אונדזער מאַרטירער־געשיכטע.

איידער גיין אין די וועגן פון רוים, — דאַן איז בעסער דער מאַרטירער־וועג פון גלות . . .

דאָס איז געווען באַוואוסט, אָדער אומבאַוואוסט, אונדזער גרויסע אידייע.

און דער גרויסער נאָרוועגער, דער געניאַלער קינסטלער היינריך איבסען, האָט דערשפּירט אונדזער אמת און האָט אים אַזוי טרעפלעך פאָרמולירט אין דעם ציטירטן בריוו צו זיין יידישן פריינט — געאָרג בראַנדעס.

:: :: ::

די וועלט־געשיכטע דערנענטערט זיך אָבער צו נייע צייטן, צו יענער גרויסער דערהויבונג, וואָס לעבט אין אונדזער יידישן באַגריף און פאָרשטעלונג אַלס משיח־צייט.

און אין דער אָנונג פון דער ניי־אָנקומענדער צייט, האָבן מיר אָנגעהויבן קאָנקרעט צו טראַכטן וועגן אַ יידישער מלוכה.

ביז הערצלען האָט דאָס יידישע פאָלק נישט געוואָגט רעאַל צו טראַכטן וועגן אַ יידישער מלוכה. דאָס איז נישט קיין פּשוטער צופאַל. די צייט איז דערצו נישט ראוי געווען, און מיר האָבן נישט געוואָלט נכשל ווערן און גיין אין די וועגן פון רוים.

מיט זיין נביאישן פאַרגעפיל האָט אָבער הערצל דערשפּירט דאָס אָנקומען פון נייע צייטן. און ער האָט אויף זיינע ליפּן אַרויסגעבראַכט דאָס וואָרט „יידישע מלוכה".

עס איז נאָך צו פרי געווען.

ווען רוים הערשט — דער באַגריף פון רוימישן מאַכט און גוואַלד־שטאַט — דאַן קען יודעא נאָך נישט אויפשטיין.

און הערצל איז אַוועק פון אונדז נישט פאַר דער צייט, נאָר אין דער צייט.

אויף אים האָט די געשיכטע אַרויפגעלייגט די שליחות פון זיין דער אָנזאָגער, ווייל צו פאַרווירקלעכן זיין מלוכה־געדאַנק איז די צייט נישט ראוי געווען...

דער גניזום פון דער יידישער געשיכטע האָט אונדז פאַרהיט מיר זאָלן נישט נכשל ווערן אויף די וועגן פון רוים.

ווען עס האָט זיך דורכגעטראָגן דער וועלט־שטורם פון דער גרויסער מלחמה, האָט פאַר אונדז מיט אַ נייער קראַפט אויפגעבליצט דער משיח־געדאַנק.

די וועלט — אַזוי האָבן מיר און אַלע פעלקער געגלויבט, — איז געריייניקט און געלייטערט געוואָרן אין די יסורים פון דער קריגס־קאַטאַסטראָפע.

עס איז געקומען די באַלפור־דעקלאַראַציע. די סאַן־רעמאָ־אַנערקענונג פון אונדזער רעכט אויף ארץ ישראל.

עס האָט געשיינט, אַז איצט איז שוין ענדלעך געקומען דער אַנטגילטיקער מאָמענט פון אונדזער דערלייזונג און דער פאַרווירקלעכונג פון דעם הערצלשן מלוכה־געדאַנק.

עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז עס איז געקומען נישט די משיח־צייט, נאָר די חבלי לידה פון משיח.

רוים — נישט דאָס רעאַלע, נאָר דאָס סימבאָלישע „רוים" — האָט זיך אַ וואַקלגעטון, אָבער עס איז נישט געפאַלן.

א ו נ ד ז ע ר   צייט איז נאָך אַלץ נישט געקומען.

מיר האָבן זיך בלויז אָנגעהויבן דערנענטערן צו איר.

און אונדזער היסטאָרישער גורל האָט אונדז ווידער געראַטעוועט.

ארץ ישראל איז איבערגעגעבן געוואָרן נישט דירעקט אונדז, נאָר גרויס־בריטאַניע פאַר אונדז.

די השגחה, אָדער היסטאָרישער גורל האָט אונדז פאַרהיט מיר זאָלן נישט נכשל ווערן אויף די וועגן פון רוים.

די משיח-צייט פון דעם נצחון פון אונדזער מלוכה־אידייע קומט, אָבער ביז זי וועט קומען, דאַרפן מיר דורכמאַכן די „פערציק יאָר" פון דער וואַנדערונג דורך דעם ענגלישן מלוכה־מאַנדאַט...

ווען מיר קוקן מיט די אויגן פון טאָג זיינען מיר געווים נישט צופרידן פון דעם, נאָר ווען מיר באַטראַכטן די פּאַסירונגען פון די לעצטע יאָרן אינעם גייסט פון אונדזער היסטאָרישער שליחות, דאַן קענען מיר גליקלעך זיין, וואָס די מלוכה־מאַכט אין ארץ ישראל איז דערווייל נישט אין אונדזערע הענט, און מיר ווערן פאַרהיט פון די מאַכט און גוואַלד-וועגן פון „רוים" און ווערן פאַרהיט פון דער דעמאָראַליזירנדער השפעה פון דער שטאַט־גוואַלד, וועגן וועלכער עס האָט גערעדט דער גרויסער נאָרוועגער...

:: :: ::

און קוים הערשט דערווייל „רוים" אין ארץ ישראל, אין דער געשטאַלט פון דער בריטישער אימפּעריע — איז אומפאַרמיידלעך, אַז דאָרטן זאָלן זיין די אַטריבוטן פון דער מאָדערנער מלוכה — די טורמע און דער זשאַנדאַרם.

מיר נעמען דאָס אָן אַלס אומפאַרמיידלעכע בייז און וואַרטן מיט גלויבן און האָפנונג, אַז עס וועט קומען א ו נ ד ז ע ר טאָג און ס'וועט זיגן א ו נ ד ז ע ר יידישער מלוכה־געדאַנק, וועלכער איז אַזוי נביאיש דערהויבן פאָרמולירט געוואָרן פון אונדזער לאַסאַלן אין דער שפּראַך פון דעם מאָדערנעם רעכט — דעמאָלט וועט פאַרשווינדן די פאַרפלוכטע טורמע און דער עקלהאַפטער זשאַנדאַרם.

דאָס איז אונדזער אמונה און אונדזער געהייליקטער דורך יסורים גלויבן.

פאַר דעם האָבן מיר געבלוטעט צוואַנציק דורות אין גלות.

פאַר דעם האָבן מיר אין גלות אויפגעהערט צו זיין אַ מלוכה־פאָלק און זיינען געוואָרן אַ וואַנדערנדיק פאָלק פון משיח־האָפנונגען.

און גייענדיק צו אונדזער הויכן ציל מוזן מיר דערווייל דורכגיין דורך דעם מדבר פון דער ענגלישער מאַנדאַטן־הערשאַפט מיט אירע טורמעס און זשאַנדאַרמען.

מיר נעמען דאָס אָן אַלס אומפאַרמיידלעכע בייז, קעגן וועלכן מיר זיינען מאַכטלאָז.

מיר נעמען דאָס אָן מיט פּראָטעסט און עמפּערונג, ווייל קיין אַנדער ברירה איז נישטאָ. א ו נ ד ז ע ר צייט איז נאָך ניש געקומען.

אָבער, אַז דער ענגלישער זשאַנדאַרם באַגייט גוואַלד-אַקטן, באַרבאַריזמען, וואָס שענדן אונדזער מענטשלעכן און יידישן געוויסן, שרייען מיר אויפן קול: פון ווייטיק.

— יאָ, די „מאַפּסן" זיינען אַ שעדלעכער עלעמענט!

קיינער האָט קיינעם נישט מיט גוואַלד אין ארץ ישראל. אויב די טויערן אויף אַריין זיינען שמאָל, זיינען זיי אָבער ברייט אויף אַוועקצוגיין. ווער עס וויל נישט דורכטראָגן אויף זיינע פּלייצעס די חבלי לידה של משיח אין בויענדן זיך ארץ ישראל, קענען אַוועקגיין, אָבער זיי טאָרן נישט שטערן די, וועלכע זיינען גרייט העראָאיש צו טראָגן דעם יאָך.

יאָ, די „מאַפּסן" זיינען שעדלעכע קעגנער.

אָבער צום כבוד פון ארץ ישראל, — פון דער אַרבייטנדער און בירגערלעכער ארץ ישראל — מוז געזאָגט ווערן, אַז רעכטע און לינקע האָבן אויפגעשטורעמט מיט פּראָטעסט, ווען דער ענגלישער זשאַנדאַרם האָט אָנגעהויבן צו פאַרטרייבן פון לאַנד די אידייאיש פאַרבלאָנדזשעטע יידישע קאָמוניסטן.

און ווען דער ענגלישער זשאַנדאַרם האָט אָנגעהויבן באַגיין נאָך שרעקלעכערע און שענדלעכערע פאַרברעכנס — די פיזישע עקזעקוציע אויף אידייאישע קעגנער — האָבן די יידישע אַרבעטער אין ארץ ישראל דורך זייערע פּריינט אין ענגלישן פּאַר־לאַמענט אויפגעהויבן אַ שטורמישן פּראָטעסט.

און מיר האָבן דאָ אויך נישט געקענט דערשטיקן אונדזער ווייטיק און שאַנד, ווייל דער ווילדסטער פאַרברעכן איז באַגאַנגען געוואָרן אין דעם לאַנד, וואָס איז אונדז צוגעזאָגט געוואָרן.

טורמע, דעפּאָרטאַציע און אַפילו טויט־שטראָף, דאָס זיינען גרוילזאַמע מעטאָדן פון שטאַטס-מאַכט, אָבער זיי שענדן נישט די ערע און מענטלעכע ווערדע פון קרבן.

נעמען אָבער אַ פּאָליטישן קעגנער און דורכפירן אויף אים די עקלהאַפטע און אָפּשיילעכע פיזישע עקזעקוציע — דאָס איז פאַרברעכן, פון וועלכן עס ווערט פאַר־קילט דאָס בלוט אין די אָדערן.

איינפירן אין ארץ ישראל דעם באַרבאַרישן מיטלאַלטער — קעגן דעם מוזן מיר שרייען, אַז די הימלען זאָלן זיך שפּאַלטן, ווייל ארץ ישראל איז נאָך נישט אונ־דזערס, אָבער עס איז אונדזער פאַרשפּראָכן לאַנד, און זי טאָר נישט געשענדעט ווערן מיט אַ פאַרברעכן, וואָס קען נאָר אויסגעקויפט ווערן מיט בלוט...

:: :: ::

צו כבוד פון ארץ ישראל, וואָס ליידט אַזוי שטאַרק פון די „מאַפּסן", מוז גע־זאָגט ווערן, אַז דאָרטן האָט זיך נישט געפונען קיין איין שטימע, וואָס זאָל געבן איר הכשר אויף דעם שאַנד־טאַט פון ענגלישן זשאַנדאַרם.

און דאָ ביי אונדז? —

דאָ האָט זיך, צו אונדזער שאַנדע, געפינען אַ „לירישער" יונגערמאַן מיט פּאָעטישע פּרעטענזיעס, אַ יונגערמאַן, וואָס האָט נישט געפּאַקט און נישט געמאָזלט פאַרן ציוניזם, וועמעס רעכט צו רעדן פאַר דער אין יסורים זיך שאַפנדער ארץ ישראל איז מיט קיין שום אויפטו נישט באַרעכטיקט, און אָט דער יונגערמאַן האָט דעם טרויעריקן מוט צו אַפּלאָדירן דעם ענגלישן הענקער און זשאַנדאַרם, וואָס האָט אויסגעפירט די עקלהאַפטע פיזישע עקזעקוציע אויף אידייאיש פאַרבלאָנדזשעטע מענער און פרויען...

דער ענגלישער זשאַנדאַרם איז אומשולדיק — ער איז אַן אויטאָמאַט, וואָס פירט אויס דעם ווילן פון זיין האַר.

און דעם ענגלישן „האַר", קענען וועמען מען מוז קעמפן מיט אַלע געגעבענע כוחות און מיטלען — קען מען אפשר אויך אַנטשולדיקן. ער איז דערצויגן געוואָרן אין דער שולע פון אימפּעריאַליסטישן גוואַלד און מיינט, אַז ארץ ישראל איז זיינע אַ קאָלאָניע, פאַר וועלכער עס זיינען נישט געשריבן די געזעצן פון עלעמענטאַרער מענטשלעכקייט.

אָבער פון די בוגדים פון יידישער און מענטשלעכער מאָראַל, פון די, וואָס פוצן זיך אין דעם תכלת־מאַנטל פון לאַקרעץ־זיסער ליבע צו דער „מוטער ציון" און שענדן אונדזערע רייען, זינגענדיק „לירישע סענטימענטאַלעכץ־לידער דעם עקל־האַפטסטן און באַרבאַרישסטן פאַרברעכן, — פון די מוזן מיר זיך אָפּקערן, פון די מוזן מיר אַנטלויפן אויף מיילן ווייט, מען זאָל אונדז נישט מיטשולדיק מאַכן פאַר זייערע אומפאַרגעבלעכע זינד, וואָס זיינען אינספּירירט געוואָרן פון בלינדן פאַנאַטיזם . . .

דער יידישער יעווסעק אין ארץ ישראל איז מיין קעגנער — ווען ער איז אויף דער פריי — און איך וועל קעגן אים קעמפן מיט אַלע וואָפן פון לאָגיק און געדאַנק.

דער יידישער יעווסעק אין טורמע — איז אַ געפאַנגענער און אַ קרבן פון מאַכט און איך וועל זיך מיט דרך־ארץ באַציען צו זיינע ליידן, כאָטש ער טוט דאָס נישט מיט מיינע חברים אין רוסלאַנד.

און ווען דער יידישער קאָמוניסט ליגט אויסגעצויגן אַ נאַקעטער, געבונדן אין רימענס אויפן עקזעקוציע־באַנק, איז ער פאַר מיר אַ געהייליקטער מאַרטירער און איך וואָלט מיט מיינע נעגל אויסגעריסן די אויגן פון זיינע פייניקער.

און אַז איך קען דאָס נישט טון, שיק איך זיי מיין גאַליקע קללה און פלוך.

און אַז איך זע, אַז עס געפינט זיך איינער, וואָס האַלט זיך פאַר אונדזערן, ווי ער שטייט און שפּאָט מיט סאַדיסטישן ציניזם פון דעם געבונדענעם, געפייניקטן מאַרטירער, דאַן ווייס איך נישט קעגן וועמען זאָל מיין צאָרן זיין גרעסער, קעגן די בלינדע אַרישע פייניגער, אָדער קעגן דעם לעסטערער פון מענטשלעכן פיין, קעגן דעם שענדער פון מיין געהייליקטער יידישער און מענטשלעכער מאָראַל...

(1928)

# לעגענדעס און פאַקטן וועגן ראובן בריינינס אַרבעט פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד

די אויסגעשפּראָכענע און שעמעוודיקע קעגנער פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ראַטן־רוסלאַנד האָבן פאַר דער לעצטער צייט ווידער גענומען זיך פאַר דעם „אָרימען" בריינינען און מען איז גרייט אים עוקר מן השורש זיין, הלמאַי ער האָט געוואַגט אונטערצונעמען זיין פּראָפּאַגאַנדע־נסיעה קיין דרום־אַפריקע, כדי צו זאַמלען געלט פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד.

מילא, מיר קענען נישט האָבן גאָרנישט קעגן די, וואָס האָבן דעם מוט מיט איין פעדער־שטריך אויסצומעקן די גאַנצע ציוניסטישע פאַרגאַנגענהייט פון דעם אַלטן וועטעראַן, וואָס האָט אַ לעבן־לאַנג געדינט דעם ציוניזם און דער העברעאישער ליטעראַטור. דאָרטן, וואו אָנשטאָט קאַלטן שכל און אָביעקטיווער באַטראַכטונג הערשט לײַדנשאַפט און רוגזה, קען מען נישט פאַרלאַנגען טאָלעראַנץ און אַ מיושבדיקן אורטייל בנוגע אַ מענטשן, וועלכן מען באַטראַכט פאַר אַ קעגנער און שיעור נישט אידייאישן רענעגאַט...

מיר האָבן אַלזאָ גאָרנישט דאַקעגן דעם לײַדנשאַפטלעכן פּסק־דין, וואָס מען האָט אַרויסגעטראָגן קעגן בריינינען.

דאָס איז פאַר אונדז, אויב נישט ל אָ ג י ש, איז לפּחות פּ ס י כ אָ ל אָ ג י ש באַגרייפלעך...

איינס וואָלט מען אָבער געקענט ווייניקסטנס פאַרלאַנגען פון די בריינין־קעגנער, אַז זיי זאָלן פאָרט נעמען אביסל אין אכט זיינע אומדיסקוטירבאַרע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער נאַציאָנעלער באַוועגונג, און קעמפן מיט אים מיט ערלעכע מיטלען, מיט פאַקטן און נישט מיט לעגענדעס און אויסטראַכטענישן.

אָט האָט, למשל, אַ פאַרדינסטפולער יידישער פּובליציסט געמאַכט בריינינען אין פאַרבינדונג מיט זיין רייזע קיין דרום־אַפריקע פאַר אַ אַגענט פון דעם „איקאָר".

מיר, באַקומענדיק די ידיעות פון נאָרד־אַמעריקע און דרום־אַפריקע, מיט פאַרשטענדלעכער פאַרשפּעטיקונג, האָבן נישט געהאַט קיין גרונד צו צווייפלען אין דער באַהויפּטונג, וואָס קומט פון בערלין, וואו מען איז נעענטער באַקאַנט אָדער מען דאַרף זיין באַקאַנט מיט יידישע אָנגעלעגנהייטן.

און געוויינלעך האָבן מיר נישט ווייניק געשטוינט, ווי אַזוי קומט עס, אַז בריינין זאָל איבערנעמען די שליחות פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע ווי „איקאָר".

יאָ, פאַר אונדז איז גאַנץ פאַרשטענדלעך אַז אַ ייד מיט אַזאַ וואַרימען האַרץ און שטאַרקע יידישע סענטימענטן ווי ר. בריינין זאָל קומען קיין ראַטן־רוסלאַנד, ווען די יידישע צרות און דעם יידישן עקאָנאָמישן חורבן און גלייכצייטיק ווען אַז די יידישע קאָלאָניזאַציע איז כמעט דער איינציקער ליכטיקער פּונקט אויף דעם

מונקעלן פאַן פון דעם רוסיש-יידישן לעבן, און דאָס זאָל אים באַוועגן צו ווערן אַן אומקאָנדיציאָנעלער אָנהענגער פון דער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין ראַטן־רוסלאַנד.

אמת, ברייניני האָט אַ לעבן־לאַנג געדינט טריי און ערלעך דעם ציוניזם, אָבער ער איז ביין און פלייש פון רוסישן יידנטום און עס גאָר מענטשלעך פאַר אַ מענטשן פון א י ד י ע ן און נישט פון ד אָ ג מ ע ן, אַז ער זאָל נישט פאַרמאַכן די אויגן אויף דער ווירקלעכקייט און איינזען, אַז ארץ ישראל קען דערווייל נישט ראַטעווען די רוסישע יידן פון עקאָנאָמישן חורבן.

מיר קענען אויך פאַרשטיין, אַז ברייניני, וועלכער האָט פאַרלאָזן רוסלאַנד אין די אַלטע צאַרישע צייטן, ווען דאָס גרויסע לאַנד איז געווען אַ טורמע פאַר יידן, און האָט איצט דערזען דאָס באָלשעוויסטישע רוסלאַנד, וואו יידן זיינען טראָץ די צרות און נויטן דאָך ר ע כ ט ל ע ך געוואָרן אַ פריי פאָלק און זיינען נתעלה געוואָרן צו די העכסטע רעגירונגס־פּאָסטנס, איז פאַר אונדז באַגרייפלעך, אַז דער־זעענדיק דאָס אַלעס איז ר. ברייניני ביי זיין סאַנגוויניש־ענטוזיאַסטישן טעמפּעראַמענט געוואָרן באַגייסטערט פון דער באַציאונג פון דעם נייעם רעזשים צו יידן.

אָבער זייענדיק הונדערט פּראָצענט אָנהענגער פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע איז אונדז דאָך שווער געווען צו פאַרשטיין ווי אַזוי ברייניני, דער אַלטער ציוניס-טישער וועטעראַן און העברעאיסט האָט געקענט פועלן ביי זיך אָנצונעמען די שלי-חות פון אַ האַלב אָדער גאַנץ קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווי דער „איקאָר".

נישט שווין־זשע, האָבן מיר געטראַכט, האָט ברייניני, ווען ער האָט דעם לויבנס-ווערטן מוט צו זיין אַן אָנהענגער און טוער פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד, נישט געקענט פאַרבינדן זיך מיט אַנדערע פּאַרטייאיש־נייטראַלע אָרגאַ-ניזאַציעס, ווי דער „אָרט" אָדער „אַגראָדזשאָינט" און נישט ווערן אַן „אַגענט פון איקאָר", ווי מען האָט דאָס אונדז געמעלדט פון בערלין?...

איז אָבער געשען אַ נס, און די גאַנצע מעשה וועגן ברייינינס „אַגענטסטווע" פון „איקאָר" איז לא היה ולא נברא.

מיר ווילן איצט נישט בודק זיין, צי איז דאָ געמאַכט געוואָרן אַ טעות בשוגג אָדער במזיד. דאָס לאָזן מיר איבער אויף דעם געוויסן פון די, וואָס האַלטן פאַר זייער „הייליקן" חוב צו באַקעמפן ר. בריינינען.

דאָ ווילן מיר נאָר ברענגען פאַקטן.

און אין איינעם פון די לעצטע נומערן פון ניו־יאָרקער „טאָג" (פון 2־טן יולי 1929) געפינען מיר די פאָלגנדע דערקלערונג פון ל ו א י מ אַ ר ש אַ ל, **דעם** פירער פון אַגראָ־דזשאָינט און דער יידישער אַגענטור.

לואי מאַרשאַל דערקלערט בזה הלשון:

„איך דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז מיר האָבן געבעטן מר. בריינינען צו אונ־

טערנעמען די שווערע און ווייטע רייזע נאָכדעם ווי מען האָט זיך געווענדעט צו אונדז פון דרום-אפריקע, אַז מיר זאָלן פועלן ביי אים צו פאָרן. די איינלאַדונג איז געקומען פון די פּראָמינענטסטע יידישע פירער אין דרום־אפריקע, ווי דער געוועזע־נער פּאַרלאַמענטס־מיטגליד, אַלעקסאַנדער, און אַנדערע.

„מיר האָבן געוואוסט, אַז מר. בריינין איז איינער פון די וועטעראַנען פון ציוניזם; מיר האָבן אָבער נישט געזען קיין ווידערשפּרוך צווישן זיין ציוניזם און זיין מיסיע. פאַרקערט, מיר האָבן געזען אין מר. בריינינס מיסיע דעם אָנהויב פון מיטאַרבעט־ערשאַפט צווישן ציוניסטן און נישט־ציוניסטן. חוץ דעם איז דאָך פאַר־שטאַנען געוואָרן, אַז ציוניסטן וועלן נישט שטערן אין דער אַרבעט פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע, זיי וועלן זיך, צום ווייניקסטן האַלטן נייטראַל”.

אַלזאָ, מיר האָבן פאַר זיך דעם אויטאָריטעטן און אומצווייפלהאַפטן עדות־זאָגן פון אַזאַ ערשטראַנגיקער פּערזענלעכקייט, ווי לואי מאַרשאַל, אַז די מעשה מיט דעם „איקאָר” איז נישט געשטויגן און נישט געפלויגן.

בריינין איז געפאָרן אין דרום־אַפריקע לויט דער בקשה פון די דאָרטיקע אָנגע־זעענע יידן און אויף דער ווענדונג פון די „דזשאָינט” און אַגענטור־פירער אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

די מעשה וועגן „איקאָר-אַגענט” איז אַלזאָ נישט מער, ווי אַ בשוגג אָדער במזיד בלבול, וואָס איז געצילט אומבאַרעכטיקטערהייט צו פאַרשוואַרצן דעם אומבאַפלעקטן נאָמען פון בריינינען אין די אויגן פון דער נאַציאָנאַל־געשטימטער יידישער וועלט.

בריינין האָט דאָ מעגלעך נישט גענוג ענערגיש און מוטיק פּאַרטיידיקט די פאַרפאָלגטע ציוניסטן בעת זיין באַזוך אין ראַטנפאַרבאַנד.

אָבער וועגן דעם נעמען מיר זיך נישט אונטער צו אורטיילן, ווייל מיר האָבן געהערט נאָר די אָנקלאַגעס פון די באַשולדיקער און נישט דעם ענטפער פון דעם באַשולדיקטן. דערצו דאַרף מען אויך נעמען אין אכט, אַז בריינין איז נישט אַזאַ תקיף און מאַכט-מענטש, פאַר וועלכן די ראַטן-רעגירונג זאָל נתפּעל ווערן.

פאַר וואַרבורגן און מאַרשאַלן און זייערע מיליאָנען האָבן די יידישע קאָמו־ניסטן אין רוסלאַנד מער דרך־ארץ ווי פאַר דעם שריפטשטעלער בריינין און דאָך האָבן זיי אויך נישט געקענט פיל פועלן צו ענדערן די באַציאונג פון די קאָמוניסטן צום ציוניזם.

עס איז אַלזאָ נישטאָ קיין גרונד צו באַשולדיקן בריינינען, הלמאי ער האָט זיך נישט גענוג ענערגיש איינגעשטעלט פאַר די פאַרפאָלגטע אין רוסלאַנד ציוניסטן, און בכלל האָבן מיר ביז איצט נישט געהאַט די געלעגנהייט צו הערן בריינינס תשובה אויף די באַשולדיקונגען, וואָס ווערן קעגן אים געמאַכט אין דעם פּרט.

די איינציקע באַרעכטיקטע טענה קעגן בריינינען וואָלט געקענט זיין, אַז ער

האָט נישט גענוג ענערגיש פּאַרדאַמט די יידישע קאָמוניסטן נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אומגעקערט פון ראַטן־רוסלאַנד.

אָבער מיר זעען, אַז אַ צווייטער ציוניסט, וואָס האָט באַזוכט רוסלאַנד — דער פּיערער פון דער גאַנצער ציוניסטישער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין ארץ ישראל, דער באַקאַנטער עקאָנאָמיסט און געלערנטער, דר. אַרטור רופּין, האָט אויך גערעדט נאָר וועגן די פּ אָ ז י ט י וו ע זייטן פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד און האָט נישט געפונען פאַר נויטיק צוגויפמישן די אומצווייפלהאַפטע חטאים פון די יעווסעקן מיט דער גרויסער און וויכטיקער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט.

און מיר האָבן ביז איצט נישט געהערט, אַז עמיצער זאָל האָבן דערפאַר טענות צו רופּינען.

און פאַר די, וואָס האָבן מיט אַזאַ לייכטקייט געפּסלט בריינינס ציוניזם און האָבן אים דערקלערט פאַר אַ רענעגאַט, וועט זיין נישט איבעריק צו ברענגען אייניקע ציטאַטן פון בריינינס רעדע ביי זיין ערשטן אויפטריט אין דרום־אפריקע, וואו מען האָט אים אגב געגעבן אַ קעניגלעכע אויפנאַמע און מען האָט געמוזט אַריבערפירן זיין פּאָרטראַג פון טעאַטער אין דעם גרעסטן זאַל „נילד האָל" פון יאָהאַנעסבורג, וואָס איז איבערפולט געוואָרן פון טויזנטער מענטשן.

בריינין האָט אָנגעהויבן זיין רעדע דווקא וועגן זיינע ארץ ישראלדיקע איינדרוקן און האָט דערקלערט, אַז ער איז איבערצייגט, אַז דער פּלאַן אויפצובויען ארץ ישראל פאַר די יידן וועט זיך איינגעבן.

„עס איז גענוג צו זען — האָט געזאָגט דער רעדנער — דעם גרויסן פּראָגרעס, וואָס די יידן האָבן געמאַכט, אפילו נאָר אויף דעם קולטורעלן געביט, אַז מען זאָל זיך איבערצייגן, אַז אונדזערע האָפנונגען זיינען נישט געבויט אויף זאַמד און דאָס, וואָס קליינע גרופּן פון חלוצים, וועלכע האָבן מיט מסירת־נפש געאַרבעט פאַר דעם אויפבוי פון לאַנד זיינען דאָך געצוואונגען געווען אַוועקצופאָרן זאָגט נישט, אַז די אַרבעט איז אַרויסגעוואָרפן. די וואָס זיינען געבליבן אין לאַנד, זיינען דער בעסטער באַווייז, אַז די צוקונפט באַלאַנגט צו אונדז".

דער רעדנער האָט צוגעגעבן, אַז פּאַלעסטינע קען אָבער נישט העלפן די דריי מיליאָן יידן אין רוסלאַנד און עס מוז אָנגעפירט ווערן אַ זעלבסשטענדיקע אַרבעט פאַר די יידן פון יענעם לאַנד.

„איצט איז נישט די צייט צו פירן פּאַרטייאישע פּאָליטיק — האָט בריינין ווייטער געזאָגט — אַלע יידן מוזן זיך פאַראייניקן פאַר דעם ציל צו העלפן באַזעצן די יידן אויף לאַנד; און מען זאָל נישט מיינען, אַז דאָ איז נאָר די אַרבעט פון פאַנטאַזיאָרן. עס איז גענוג צו זען מיט די אייגענע אויגן דאָס, וואָס עס ווערט געטאָן פאַר דער קאָלאָניזירונג פון יידן אין רוסלאַנד, אַז מען זאָל זיין איבערצייגט אין דעם דערפאָלג פון דער אַרבעט.

„איך וויל נישט פאַרטיידיקן די באָלשעוויקעס, דאָס איז נישט מיין אויפ־גאַבע, אָבער איך מוז דערקלערן, אַז אין קיין לאַנד אויף דער וועלט פילט זיך דער ייד נישט אַזוי זיכער, אַזוי פריי ווי אין רוסלאַנד און אין קיין אָרט אָנערקענט מען נישט אַזוי אונדזערע פעאיקייטן ווי דאָרט".

אָט דאָס זיינען די פאַקטן, אומבאַשטרייטבאַרע פאַקטן און נישט לעגענדעס, וואָס ווערן איצט אַזוי פיל פאַרשפרייט וועגן ברייניגען.

און מיר גלויבן, אַז יעדער איינער, וואָס וויל אַרויסטראָגן אַן אָביעקטיוון און נישט פאַרבלענדעט־ליידנשאַפטלעכן אורטייל וועגן דער ברייניגן־אַפערע, דאַרף זיך מיט אָט די פאַקטן רעכענען און נישט פאַרלאָזן זיך אויף צווייפלהאַפטע לעגענדעס און אויסטראַכטענישן.

## דאָס רעטעניש פון רוסלאַנד

(נישט־פּאָליטישע באַטראַכטונגען צו דעם צוועלפטן יאָרטאָג פון דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע)

„רוסלאַנד וועסטו מיטן קאָלטן שכל נישט באַגרייפן" — האָט געזונגען אין איינעם פון זיינע פערזן דער גרויסער רוסישער פּאָעט א. טיוטשעוו. און מען מוז צוגעבן, אַז די דיכטערישע אינטואיציע פון דעם גרויסן רוסישן ליריקער האָט אים אונטערגעזאָגט אַן אומצווייפלהאַפטן אמת.

מען קען דען ווירקלעך מיטן קאָלטן ניכטערן מוח דורכדרינגען דאָס רעטעניש פון רוסלאַנד און באַגרייפן אירע אַלע ווידערשפּרוכן און קעגנזעצן?

אַ פאָלק פון אַנאַלפאַבעטן, וואָס איז פאַרזונקען געווען אין דער טיפער פינצ־טערניש פון אומוויסן און אומקולטור און האָט געגעבן דער וועלט די גרעסטע לי־טעראַטור און די ליכטיקסטע ליטעראַרישע גאונים — אַ ליטעראַטור, וואָס איז מערקווירדיק און אייגנאַרטיק לויט איר עטישן אינהאַלט און איז פאָלקאָמען אין איר פאָרם־מייסטערשאַפט.

דאָס לאַנד און פאָלק פון אומשעפערישן כאַאָס האָבן געגעבן דער וועלט־לי־טעראַטור די גרעסטע ראָמאַן־שאַפונגען ד. ה. דעם מין ליטעראַטור, וואו עס מאַ־ניפעסטירט זיך דער קאָנסטרוקטיוו־אַרכיטעקטאָרישער און אָרגאַניזירנדער שעפע־רישער גייסט.

א לאַנד, וועמען עס זיינען פֿרעמד די עלעמענטאַרסטע דערגרייכונגען פֿון דער ציוויליזאַציע, וואָס איז פֿאַרזונקען אין האַלב־אַזיאַטישער אָפּגעשטאַנענקייט, איז געוואָרן די פֿירערין פֿון דער וועלט אויף דעם געביט פֿון דער ראַפֿינירטסטער און שפּילעוודיקסטער פֿון אַלע קונסטן — אין טאַנץ און באַלעט.

דער זשעני פֿון די רוסישע דעקאָראַטיווע מאָלער מיט באַקסטן בראָש, די מוזיקאַלישע שעפֿערישקייט פֿון די מוסאָרגסקיס און רימסקי־קאָרסאַקאָוו, די פּלאַסטישע גאונות פֿון א פּאַוולאָוואַ און ניזשינסקי האָבן באַרייכערט די וועלט מיט נייע קונסט־דערלעבנישן.

און אויב עס איז פֿאַראַן געווים א סך גוזמא אין דער באַהויפּטונג פֿון דעם ערשט־פֿאַרשטאָרבענעם ווינער שריפֿטשטעלער הוגאָ פּאָן האָפֿמאַנסטאַל, אַז אין ניזשינסקיס טאַנצנדע פֿיס שטעקט אַזוי פֿיל חכמה, ווי אין געטעס „פֿאַוסט", באַווייזט עס אָבער צו וואָס פֿאַר א הויכער מדרגה פֿון קינסטלערישן ענטוזיאַזם די רוסישע „באַרבאַרן" האָבן דערפֿירט מיט זייער נייער באַלעט־קונסט די ראַפֿינירטע אייראָפּע.

יאָ, איז עס דען נישט מערקווירדיק, אַז אין דעם לאַנד, וואו בלי גוזמא אַבציק פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג איז נאָך פֿרעמד די עלעמענטאַרע ציוויליזאַציע פֿון גאָפּל־מעסער, זאָל געבוירן ווערן די העכסטע דערגרייכונג פֿון דער דיאָנאַסישער קונסט — טאַנץ און באַלעט?

און וואָס פֿאַר א אויסטערלישע ווידערשפּרוכן שטעלט פֿאָר מיט זיך דאָס מאָראַלישע פּנים פֿון רוסלאַנד.

א י וו אַ ן  ק אַ ר אַ מ אַ ז אָ וו און ס מ ע ר ד י אַ ק אָ וו. דאָס זיינען די צוויי עקסטרעמען פֿון דער רוסישער נשמה, די העכסטע פֿאָרם פֿון קדושה און דער נידעריקסטער אָפּגרונט פֿון טומאה.

איוואַן קאַראַמאַזאָוו טענהט:

— איך גיב אָפּ דעם רבונו של עולם מיין איינטריטס־קאַרטע אין דער וועלט, אויב פֿאַר דעם גליק פֿון דער מענטשהייט איז נויטיק איין קינדישע טרער...

די גאַנצע גרויסע און שיינע גאָטס־וועלט איז פּסול פֿאַר דעם הייליקן איוואַן קאַראַמאַזאָוו, אויב דאָס גליק פֿון דער מענטשהייט דאַרף געקויפֿט ווערן מיט דעם פּרייז פֿון א יי ן קינדערשער טרער...

דאָס איז דער העכסטער שפּיץ־באַרג פֿון ריינעם מאָראַלישן עמפֿינדן און באַוואוסטזיין. דאָס איז א העכערע מדרגה פֿון קאַנטס מאָראַלישן קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו...

און אַלס באַגלייט־שאָטן פֿון דעם הייליקן ק אַ ר אַ מ אַ ז אָ וו ן קומט ס מ ע ר ד י אַ ק אָ וו — די פֿאַרקערפּערונג פֿון אַלדאָס בייז און שלעכטס, פֿון מענטשלעכער נידערטרעכטיקייט, ברוטאַליטעט, אכזריות, פֿאַלשקייט. דער שוואַר־

צער און גרעניצלאָזער תהום פון מענטשלעכער געפאַלנקייט...

דאָס זיינען די היפוכים און ווידערשפּרוכן פון רוסלאַנד — די עקסטרעמען פון איר קדושה און טומאה, פון אירע באַרג־הויכקייטן און אָפּגרונדן, וואָס גייען דורך ווי אַ רויטער שנור דורך דער רוסישער פאַרגאַנגענהייט און אויך קעגנוואַרט, וואָס האָבן געפונען איר גלענצענדע אָפּשפּיגלונג אין דער רוסישער ליטעראַטור און אין דער רוסישער געשיכטע פון נעכטן און היינט.

:: :: ::

און ווילן מען זיך פונאַנדערקלייבן אין דעם כאָאָס פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אין אירע מאָראַלישע אויפשטייגן און זינקענישן, אין איר קדושה און איר טומאה, מוז מען זי אָפּשאַצן אינעם ליכט פון דאָסטאָיעווסקי — דעם טיפסטן קענער פון דער פאַרפּלאָנטערטער און היפוכים־רייכער רוסישער נשמה.

לאָמיר זיך בלויז דערמאָנען די פונדאַמענטאַלע עפּיזאָדן פון דער דראַמאַטיש־סטער אין דער וועלט־געשיכטע רוסישער רעוואָלוציע.

וואָס פאַר אַ וואונדערבאַר בלעטל אין דער געשיכטע פון מענטשלעכער גרויס־קייט און העראָאיזם עס שטעלט מיט זיך פאָר דער וואַנזיניק־געוואַגטער אויפשטאַנד פון די דעקאַבריסטן אין אָנפאַנג פון פאָריקן יאָרהונדערט.

נאָכדעם קומט די העלדן־עפּאָפּייע פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" — מיט אירע ליכטיקסטע געשטאַלטן פון די האַלב־הייליקע מענטשן — די סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ, זשעליאַבאָוו און אַנדערע.

דאָ קומט צום ערשטן מאָל אין דער בולטסטער פאָרם צום אויסדרוק די קדושה און טומאה פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

לעגענדאַרישער העלדנטום, הייליקע קרבנות־גרייטקייט און... דינאַמיט. דאָס מיינט בלוט, מאָרד, פאַרברעכן פון געזיכט־פּונקט פון דעם עטישן געזעץ פון דער הייליקייט פון יעדן מענטשלעכן לעבן.

אין אַ פּיל דראַמאַטישער פאָרם איז אָט די צוויי־פּנימדיקייט פון דער רוסי־שער רעוואָלוציע, איר הייליקייט און טומאה געקומען צום אויסדרוק אין דער טע־ראָר־באַוועגונג פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן.

ווער זיינען די קאַליאַיעוו, באַלמאַשאָוו און ספּירידאָנאָוואַס? הייליקע, מאַר־טירער, וואָס האָבן אָוועקגעגעבן זייער לעבן פאַר דעם גליק און פרייהייט פון זייער פאָלק. מענטשן מיט קינדער־ריינע נשמות, גלגולים פון איוואַן קאַראַמאַזאָוו, וועל־כער האָט זיך געשראָקן פאַר אַ קינדערשער טרער און האָבן אויף זיך גענומען דעם שווערסטן און טראַגישסטן עול צו ווערן בלוט־פאַרגיסער און מערדער.

זיי זיינען הייליקע מאַרטירער, אָבער צו דער זעלבער צייט זיינען זיי מאָראַלי־

שע פּאַרברעכער. זיי האָבן עובר געווען אויף דעם געטלעכן געזעץ — דו זאָלסט נישט מאָרדן!

און אַזוי ציט זיך דער רויטער שנור פון ווידערשפּרוכן און היפּוכים אין דער גאַנצער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

עס קומט דער רויטער 1905־טער יאָר.

די רעוואָלוציאָנערע עפּאָפּייע הויבט זיך אָן מיטן באַרימטן מאַרש פונעם גלח גאַפּאָן צום ווינטער־פּאַלאַץ, וואָס האָט נישט זיין גלייכן אין דער געשיכטע פון פעלקער.

מיט אַ צלם אין האַנט, מיט פרויען און קינדער אויף די הענט גייט דאָס אַר־בעטער־פאָלק פון פּעטערבורג זוכן גערעכטיקייט ביים צאַר און ווערט באַגעגנט מיט אַ רעגן פון קוילן.

נאָר אַ קינד־פאָלק האָט געקענט האָבן אַזאַ נאַאיווע אמונה, אַז פרייהייט קען דערוואָרבן ווערן מיט תחנונים און אַ צלם אָנשטאָט וואָפן אין די הענט.

דאָ איז געקומען צום אויסדרוק די נאַאיווע, קינדערשע פּשטות פון רוסישן פאָלקס-מענטש.

די רעוואָלוציע גייט נאָכדעם איר ווייטערדיקן גאַנג. עס קומט דער בלוט־לאָזער גענעראַל־שטרייק, וואָס האָט כמעט אויף אַ פרידלעכן אופן אַרויסגעריסן די אָקטאָבער־קאָנסטיטוציע און האָט איינגענומען די ערשטע פּאָזיציע פון דעם מאָ־נאַרכיזם.

אָבער דער אַזוי געדופענער פּאָליטישער פרילינג פאַרענדיקט זיך מיט דעם הערבסט פון דער רעאַקציע און מיט דער בלוטיקער כוואַליע פון די אַנטי־יידישע פּאָגראָמען.

סמערדיאַקאָוו האָט באַזיגט קאַראַמאַזאָוון און דאָס פאָלקס-קינד האָט באַוויזן זיין חיהשן פּרצוף...

עס קומט דער פּעריאָד פון דער רוסישער גרויזאַמקייט, פון די פעלד-געריכטן און שטראָף־עקספּעדיציעס, וואָס האָבן אויפגעלעבט די ציַיטן פון איוואַן גראָזני.

און סטאָליפּין איז בלוט און פלייש פון רוסלאַנד, פונקט ווי עס איז קאַליאַיעוו, זשעלאַבאָוו און פּעראָווסקאַיאַ.

דאָס זיינען די היפּוכים און ווידערשפּרוכן פון רוסלאַנד.

:: :: ::

מיר דערנענטערן זיך צו דער לעצטער פאַזע פון דער רוסישער רעוואָלוציע פון אונדזערע טעג.

עס קומט דער שטורעמדיקער מערץ 1917. אָן אַ טראָפּן בלוט פאַלט די מעכ־

ביקסטע מאַנאַרכיע אין דער וועלט. די רעוואָלוציע איז אַ יום-טוב פון ברודער־ליבע און מענטשלעכער דערהויבונג.

איבער רוסלאַנד שוועבט דער גייסט פון איוואַן קאַראַמאַזאָוו...

נאָר אַט ברעכט אויס דער שטורם פון רויטן נאָוועמבער. דאָס בילד בייט זיך אינגאַנצן. עס פלאַמט אויף דער ביטערער ברודער־קריג, וואָס איז פול מיט מענטש־לעכער העלדישקייט און נשמה־גרויסקייט און אויך מיט דערשיטערנד גרויזאַמער אכזריות.

און אין דעם גרויסן כאָאָס דערהערט זיך ווידער די שטימע פון הייליקער ברו־דער־ליבע, די שטימע פון איוואַן קאַראַמאַזאָוו.

בעת די גאַנצע וועלט איז אַרומגעכאַפּט פון דעם ווילדן משוגעת פון קעגנזיי־טיקער פאַרניכטונג, בעת עס בושעוועט די ווילדע פוריע פון וועלט־קריג, וואָס צע־טרעט אַלע מענטשלעכע און געטלעכע געזעצן, קומט דאָס רויטע רוסלאַנד מיט איר רוף צום פרידן און ברודער־ליבע. זי איז די ערשטע אַוועקצולייגן די וואָפן און אין דעם מענטשלעכסטן דאָקומענט פון אונדזער צייט אין דעם באַרימטן מאַניפעסט „צו אַלעמען“, שטרעקט אויס די אויפגעשטורעמטע פון דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע באָלשעוויסטישע רוסלאַנד איר ברודער־אָרעמס די שונאים און דער גאַנצער וועלט.

דאָס ליכטיקע געשטאַלט פון איוואַן קאַראַמאַזאָוו האָט ווידער אויפגעבליצט פאַר דער וועלט...

:: :: ::

און נאָכדעם. בירגער־קריג, בעסטיאַלישע גרויזאַמקייטן פון די ווייסע און רוי־טע, רויטער טעראָר, טשעקאַ, די שוידערנדע יידן־שחיטות אין אוקראַינע. און אויף אַט דעם רויט־שוואַרצן פאָן טראָגט זיך די בשורה צו דער וועלט, צו אַלע אונטער־דריקטע פעלקער און מענטשן וועגן דערלייזונג און באַפרייאונג, וועגן דער שאַפונג פון אַ וועלט פון יושר, גערעכטיקייט, גליק פאַר אַלעמען.

און בלוטיקנד פאַר דעם גליק פון אַלעמען, חלומנדיק וועגן דעם גרויסן שבת פון דער געשיכטע בויט און שאַפט דאָס רויטע רוסלאַנד און מאַכט גלייכצייטיק חרוב טויזנטער לעבנס און גרויסע ווערטן, מאַטערט זיך אַליין אין נויט און וואַרפט אין די אָרעמס פון נויט צענדליקער טויזנטער לעבנס, זייט האַס און ליבע, פאַר־צווייפלונג און האָפנונג, פאַלט אין תהומען און קלעטערט אויף באַרג־שפּיצן.

אָט דאָס איז דער זיגזאַג-וועג פון דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע, וואָס לעבט שוין צוועלף יאָר קעגן אַלע שוואַרצע נבואות און קעגן דער אויבנאויפיקער היסטאָרישער לאָגיק, און ראַנגלט זיך צווישן קדושה און טומאה — צווישן קאַראַמאַזאָוון און סמערדיאַקאָוו.

און ווער קען וויסן, וואו איז דער סוף פון אָט דעם וועג?...

יאָ, רוסלאַנד וועסטו מיטן ניכטערן מוח נישט באַגרייפן...

(1929)

# די שיינקייט פון „נוצלאָזן" העראָאיזם

„...דעם אומזין פון די געוואַגטע זינגען מיר
אונדזער ליב."
„דאָס ליד פון שטורם־פויגל"
מ. גאָרקי.

ווער דאַרף האָבן דעם נאָרד־פּאָל און וואָס פאַר אַ נוצן קען ער ברענגען דער מענטשהייט?

די ערד, די פעסטע און זיכערע ערד, אויף וועלכער מיר טרעטן איז נאָך גע־נוג גרויס און עס איז נאָך דאָ אויף איר גענוג וואָס צו טון און פיל צו פאָרשן.

צו וואָס דאַרפן מיר האָבן די וויסטע אייז־מדבריות פון נאָרד־פּאָל און פון אייז-ים?

אמת, מען זאָגט אונדז, אַז אויב עס וועלן אויסגעפאָרשט ווערן די אַטמאָס־פערישע באַדינגונגען פון דער אייז־געגנט פון ווייטן צפון, וועלן מיר קענען האָבן אַ קורצערן לופט־וועג פון איין קאָנטינענט צום צווייטן, און די לופט־רייזע פון ניו-יאָרק ביז פעקין וועט פאַרקירצט ווערן פון 20 אויף 6 טויזנט קילאָמעטער.

אָבער מיר גלויבן ווייניק אין די פּראַקטישע מאָטיוון פון דער נאָרד־פּאָל־פאָרשונג.

האָבן דאָך נאַנסען, אַמונדסען און די צענדליקער אַנדערע אַרטישע עקספּע־דיציאָנערן אונטערגענומען זייערע געוואַגטע פאָרשונגס־נסיעות, איידער עס איז נאָך אַנטוויקלט געוואָרן די אַוויאַציע און ווען קיינער האָט נאָך נישט געחלומט וועגן וועלט-לופט־רייזעס.

ניין. נישט דער גייעג נאָך פּראַקטיש־נוצלעכע דערגרייכונגען האָט אינספּי־רירט די ביים לעבן געבליבענע און אומגעקומענע נאָרד־פּאָל־פאָרשער, צו שטעלן אין קאָן זייער לעבן און לאָזן זיך אין די אומבאַקאַנטע אייז־מדבריות פון ווייטן צפון.

ניין. די נאַנסענס, אַמונדסענס, ראַסמוסענס, שאַקלעטאָנס, ווילקינס און די אַנדערע נאָרד־פּאָל־פאָרשער פאַרפאָלגן נישט קיין פּראַקטישע צילן — זיי פאַר־קערפּערן אין זיך דעם העכסטן און שענסטן אומפּראַקטישן מענטשלעכן גייסט, וואָס איז אייביק אומרואיק און זוכנד.

האָט די וועלט דערוואַרטעט, וועלכע נישט איז פּראַקטישע נוצן, ווען מיט עט־לעכע יאָר צוריק האָט דער נאָרוועגישער פאָרשער אַמונדסען געלאָזן זיך אויף אַ דיריזשיבל צום נאָרד-פּאָל?

און דאָך האָבן מיליאָנען מענטשלעכע הערצער געציטערט און מיט דער גרעס-

טער שפּאַנונג נאָכגעפאָלגט די הערָאיש־געוואַגטע אַמונדסענישע לופט־עקספּעדי־ציע צום נאָרד־פּאָל.

גראַד די נוצלאָזיקייט פון דעם אידעאַליסטישן הערָאיזם פון די נאָרד־פּאָל־עקספּעדיציעס אימפּאָנירט אונדז אַמשטאַרקסטן.

עס ווירקט דערהויבענד אויף אונדזער נשמה, וואָס גראַד אין אונדזער פּראַק־טיש־מאַטעריאַליסטישער צייט, איז נאָך נישט פאַרלוירן געוואָרן דער העכערער קינסטלערישער טיפּ פון הערָאישן מענטשן, וואָס איז גרייט איינצושטעלן זיין לעבן צוליב דעם העכערן דראַנג פון פאָרשן און וויסן, כדי צו באַפרידיקן דעם אומרו פון זייער פאָרשנדיקן גייסט.

דאָ האָבן מיר פאַר זיך דעם העכערן טיפּ קינסטלער־מענטש, וואָס שאַפט אָן אַ שום פּאַרוואָס, אָן אַ שום ציל אָדער כוונה, נאָר דורך דעם אינערלעכן געטלעכן אימפּולס פון זיין נשמה.

עס איז דאָ אַ הערָאיזם, וואָס איז פאַר אונדז לייכטער באַגרייפבאַר, וואָס ווערט אינספּירירט אין ליבע צום פאָלק, צום פאָטערלאַנד, צום קלאַס, אָדער צו אַ העכערער הומאַניטאַרער אידייע.

דאָ קענען מיר פאַרשטיין די פּסיכאָלאָגישע מאָטיוון, וואָס פירן צו דער הוי־כער מדרגה פון נשמה־עקסטאַז, ווען דער הערָאישער מענטש קען גובר זיין זיין צו־שטאַנד פון עלית־הנשמה די צוגעבונדנקייט צום לעבן.

נאָר אָט קומט עפּעס אַן אומבאַקאַנטער קאַפּיטאַן ווילקינס מיט זיין באַגלייטער אייעלסאָן און לאָזט זיך אַוועק מיט זיין שטאָלענעם פויגל אין דעם אומבאַקאַנטן וועלט־טייל פון אייביקן אייז און אין אייביקן שניי.

טויזנטער געפאַרן לויערן אויף זיי אין דער מדברדיקער ווייסער וועלט.

עס איז דאָך געגנוג וועלכער נישט איז קלענסטער קאַפּריז פון מאָטאָר און זיי דערוואַרט נישט בלויז דער טויט, נאָר מעגלעך אַ לאַנגזאַמע גסיסה אין דעם מיס־טיש־דערשרעקנדיקער צוליב איר אומבאַקאַנטקייט אייז און שניי־וועלט.

אומגעקומען אויפן ים אָדער אויף דער באַקאַנטער ערד איז דאָך נישט אַזוי דערשרעקנד, ווי די געפאַר אונטערצוגיין ערגיץ וואו אין דעם אייז־מדבר, צווישן דער ווילדער און דראָענדיקער נאַטור־סטיכיע, וואו עס איז נישטאָ קיין שפּור פון מענטשן און וואו עס דערוואַרט מיט אייזערנער זיכערקייט דער שרעקלעכער טויט.

ביי די געוואַגסטע ים־לופט־רייזעס, וואָס זיינען פאַר דער לעצטער צייט גע־מאַכט געוואָרן, האָט דאָך שטענדיק ביי די לופט־פליער געקענט זיין די האָפנונג דורך אַ וועלכן נישט איז נס געראַטעוועט צו ווערן דורך אַ שיף.

אָבער אין דעם שניי און אייז־מדבר פון נאָרד־פּאָל קען דאָך נישט זיין קיין שום דערוואַרטונג צו ראַטעווען זיך.

און ווען ווילקינס און אייעלסאָן האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף זייער שטאָלע־

נעם פויגל און האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אין דער אומבאַקאַנטער ווּיסטער וועלט, האָבן זיי אין זייער באַוואוסטזיין געהאַט די פעסטע זיכערקייט, אַז אויב עס זאָל פּאַסירן די קלענסטע שטערונג אין דעם בלינדן מעכאַניזם פון זייער מאָטאָר — דאַן איז פאַר זיי קיין רעטונג נישט, דאַן דערוואַרט זיי דער זיכערער אונטערגאַנג אין דעם ווייסן תהום פון אייביקן שניי און אייז.

און וואָס האָט באַוואויגן צו דעם דאָזיקן ביז אומזין געוואַגטן העראָאיזם די צוויי אַמעריקאַנער בירגער?

דאָ איז נישט געווען די עקזאַלטאַציע פון פּאַטריאָטיזם, אָדער פון אַ גרויסער אידייע, וואָס אינספּירירט אַזוי אָפט די מענטשן צו העלדנטאַטן.

מיר האָבן דאָ אויך נישט צו טון מיט פאַנאַטיקער פון וויסנשאַפט, וואָס זיינען זיך אָפט מקריב, באַגייסטערט פון דעם ווילן צו ברענגען ממשותדיקע נוצן דער מענטשהייט.

מיר ווייסן נישט צי ווילקינס האָט יאָ אָדער נישט אַנטדעקט, וועלכע נישט איז טעריטאָריע צווישן דעם נאָרד־פּאָל און דעם אַמעריקאַנישן קאָנטינענט.

און וועמען וואָלט נוצן ברענגען, ווען עס וואָלט שוין יאָ אַנטדעקט געוואָרן אַ ערד־אינדזל אין דער ווייסער מדבר-וועלט פון אייז און שניי?

נישט ווילקינס און זיין באַגלייטער און נישט די ברייטע וועלט, וואָס קוקט איצט מיט דערשטוינונג אויף זייער העראָאישן „משוגעת" — דערוואַרט אין דער נאָענטער אָדער ווייטער צוקונפט, וועלכע נישט איז פּראַקטישע רעזולטאַטן פון דער אויפאָרשונג פון דער אומבאַקאַנטער ווייסער שניי און אייז־וועלט.

און דאָך וועקט דער העראָאישער „אומזין" פון ווילקינס און זיין באַגלייטער, געפילן פון ערפורכט און אַנטציקונג ביי אַלעמען, וואָס זיינען אומשטאַנד צו באַגייסטערן זיך פון מענטשלעכער גרויסקייט.

אין אונדזער פּראַקטישער, מאַטעריאַליסטישער צייט קומען צוויי בירגער פון אַ לאַנד, וואָס האָט די פּראַקטישקייט און דעם מאַטעריאַליזם דערהויבן צו אַ לעבנס-שיטה און „פילאָזאָפיע" און האָבן דערוויזן, אַז די מענטשלעכע נשמה קען זיך דערהויבן צו די העכסטע הויכקייטן און אַז דער אומרו און דער דראַנג פון דעם מענטשלעכן גייסט איז אַמאָל שטאַרקער פאַר דער צוגעבונדנקייט צום לעבן.

דער „אומזיניקער" העראָאיזם פון די ווילקינס איז אַזוי „נוצלאָז" ווי ראַפאַעלס מאַדאָנאַ, אָבער ער דערהויבט אונדזער נשמה, און פאַרשענערט אונדזער אמונה אין דעם מענטשן, וואָס קען כאָטש אָפט זיין אַזוי נידעריק ווי אַ וואָרעם אָבער קען אויך נתעלה ווערן צו די גרעניצלאָזע הויכקייטן פון הימל...

---

# דער הימל געהערט אויך דעם מענטשן...

— דער מענטש זאָל פליגלען האָבן און זאָל זיך צו די הימלען דערהויבן ווי דער פרייער פויגל — דאָס איז געווען דער גאָלדענער חלום פון לעאָנאַרדאָ דע ווינטשי, דעם געניאַלן קינסטלער פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע.

טעג און נעכט האָט דער גרויסער מייסטער, דער וואָס האָט אין פאַרב פאַר־אייביקט די אומשטערבלעכע דזשיאָקאָנדאַ, געטראַכט און געבראָכן זיך דעם קאָפּ אויף מאַטעמאַטישע פאָרמולעס און מעכאַנישע קאָמבינאַציעס, ווי אַזוי צו אויסגעפונען פליגלען פאַר דעם מענטשן, כדי ער, דער „האָמאָ סאַפּיענס", דער מעכטיקער באַ־זיצער פון פאַרנונפט, זאָל זיך קענען פריי אויפהויבן צום הימל, ווי דאָס קליינע, שוואַכינקע פויגעלע...

און מיט פאַרכאַפּטן אָטעם לייענען מיר ביי דימיטרי מערעזשקאָווסקין — אין זיין ראָמאַן „לעאָנאַרדאָ דע ווינטשי" — די וואונדערבאַרע בלעטער, וואו ער באַ־שרייבט אונדז, ווי אַזוי דער געניאַלער איטאַליענישער מייסטער האָט מיט פיר הונדערט יאָר צוריק געראַנגלט זיך פאַר דער באַהערשונג פון דער לופט.

אָט האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער האָט שוין זיין ציל דערגרייכט.

נאָך אומצאָליקע שלאָפלאָזע נעכט, נאָכדעם ווי לעאָנאַרדאָ דע ווינטשי האָט אויף וואָכנלאַנג פאַרלאָזן זיין מאָלעריי־סטודיע, איז אים געלונגען צו אויסקאָמבי־נירן מעכאַנישע פליגלען, וועלכע האָבן געזאָלט געבן די מעגלעכקייט דעם יעניקן, וואָס טוט זיי אָן אויף דעם רוקן, אויפצוהויבן זיך צום הימל.

און לעאָנאַרדאָס געטרייער תלמיד האָט זיך אונטערגענומען אויסצופּרואוון די מעכאַנישע פליגלען פון זיין מייסטער, ער האָט זיך אויפגעהויבן אויף עטלעכע מע־טער פון דער ערד און איז אַראָפּגעפאַלן, ווי אַ בלייענער פויגל, באַצאָלנדיק פאַר זיין פּרואוו מיט לייכטע וואונדן.

און דער אַלטער מייסטער איז געשטאַנען דערביי און האָט מיט פאַרצווייפלונג געקוקט, ווי עס ווערט צערונען זיין גאָלדענער חלום צו געבן פליגלען דעם מענטשן.

דאָס איז געווען דער דראַמאַטישער פינאַל פון דעם מענטשנס דרייסטן פּרואוו אויפצוהויבן זיך צום הימל מיט פיר הונדערט יאָר צוריק.

:: :: ::

דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט האָט לעאָנאַרדאָ דע ווינטשיס גאָלדענעם חלום געמאַכט פאַר אַ פּראָזאַאישער ווירקלעכקייט.

מיר קוקן זיך שוין נישט אום אַפילו, ווען מיר הערן איבער אונדזערע קעפּ דעם כיאָטאָר־קערויש פון די מעכאַנישע פליגלען.

אונדז איבערראַשן שוין נישט די אַלע נצחונות פון דער אַוויאַציע, און די גרעסטע דערפאָלגן פון דער לופט־פליערײַ זײַנען שוין פאַר אונדז נאָרמאַלע טאָג־דערשײַנונגען, וואָס רייצן נישט אונדזער פאַנטאַזיע, און שפּאַנען נישט אונדזער נײַגעריקייט...

און איך דערמאָן זיך דעם ערשטן אײַנדרוק, ווען איך האָב דערזען צום ערשטן מאָל דעם פּרואוו פון אַ שטאָלענעם פויגל אויפצוהויבן זיך צום הימל.

דאָס איז געווען מער ווי מיט דרײַטהאַלבן צענדליק יאָר צוריק אויף דעם קאָר־סאָ־פעלד אין וואַרשע.

אַ פראַנצויזישער אַוויאַטאָר — זײַן נאָמען איז מיר פאַרשוואונדן פון זכרון — האָט געמאַכט אַ פאָרשטעלונגס־פלוג אויף דעם פּלאַץ ווישציגאָווי.

טויזנטער מענטשן זײַנען מיר געווען פאַרזאַמלט צו זען דעם גרויסן וואונדער, ווי אַזוי די כשוף־מאַשין פון פראַנצויזישן אַוויאַטאָר וועט זיך אויפהויבן אין דער לופטן.

אָט איז דער קליינער שטאָלענער פויגל — דאָס איז געווען נאָר פון די ערשטע לופט־אַפּאַראַטן — אַרויסגעפירט געוואָרן פון דעם אַנגאַר.

טויזנטער זשעדנע נײַגעריקע אויגן האָבן זיך אײַנגעקלאַמערט אין דער אויס־טערלישער מאַשין, וועלכע האָט אויסגעזען ווי אַ שטאָלענע קאָפּיע פון אַ גרויסן אָדלער.

איך ווייס נישט, וואָס איז דעמאָלט געשען, וואַרשײַנלעך האָט שלעכט פונק־ציאָנירט דער מאָטאָר פונעם קליינעם מאָנאָפּלאַן. מיר האָבן נאָר געזען ווי דער אַוויאַטאָר מאַכט גוואַלדיקע אָנשטרענגונגען אויפצוהויבן זיך פון דער ערד, און די מאַשין וויל אים נישט געהאָרכן.

אַ שעה צוויי־דרײַ האָט געדויערט דער געראַנגל פון דעם אַוויאַטאָר מיט זײַן שטאָלענעם פויגל. די שפּאַנונג בײַ אונדז אַלעמען איז געווען אַן אומגעהויערע.

מיט פאַרכאַפּטן אָטעם האָבן מיר נאָכגעפאָלגט דעם געראַנגל פון דעם שטאָ־לענעם פויגל, וואָס האָט געריסן זיך אין דער לופטן און האָט זיך נישט געקענט אויפהויבן פון דער ערד.

פאַר מיר האָט דאַן אויפגעלעבט דאָס בילד פון לעאָנאַרדאָ דע ווינטשיס תלמיד וואָס האָט מיט פיר הונדערט יאָר צוריק אויך אומזיסט געריסן זיך אויפצוהויבן פון דער ערד אויף די מעכאַנישע פליגלען פון זײַן מײַסטער.

און ווען נאָך אַ לאַנגן קאַמף האָט זיך דער שטאָלענער פויגל פונעם פראַנצויזישן אַוויאַטאָר אַ הויב געטון סוף־כל־סוף אין דער לופטן, האָבן טויזנטער הערצער אַ ציטער געטון און פון טויזנטער מײַלער האָט זיך אַרויסגעריסן אַ יובל און טרי־אומף־געשרײַ.

די אָטעם־פאַרכאַפּנדע שפּאַנונג און עמאָציעס פון יענער סצענע אויף דעם

װאַרשעװער ספּאָרט־פּעלד, האָט זיך אױף שטענדיק אײַנגעקריצט אין זכרון און האָט איבערגעלאָזן אַ טיפערן רושם אײדער די גרעסטע לופט־קונצן און „לופּינג־דע־לופּס“, װאָס מיר איז שפּעטער אױסגעקומען צו זען אױף די אַװיאַציע־פעלדער פון בערלין און ניו־יאָרק.

דאָרטן אױף דעם װאַרשעװער ספּאָרט־פּעלד, האָב איך געזען פאַר זיך בפּועל ממש דעם טיטאַנישן געראַנגל פון אַ מענטשן אױפהײבן זיך פון דער ערד צום הימל...

:: :: ::

די גרױסע דעראָבערונגען פון דער אַװיאַציע, די לופט־רײַדס אַרום דער װעלט, איבער װיסטע מדבריות, בערג און ימים און אַפילו איבער דער טױטער װעלט פון נאָרד־פּאָל, די זעלטענע געװאַגטקײט, װאָס עס האָבן פאַר די לעצטע יאָרן אַרױס־געװיזן די ריטער פון דער לופט — האָבן אונדז באַװיזן, אַז דער שטאָלציקער מענטש־לעכער שכל און די געװאַגטקײט פון העלדן־נאַטורן האָבן שױן פאַר אונדז דעראָ־בערט דעם הימל.

— דער הימל איז פאַר גאָט און די זינדיקע ערד איז פאַר די מענטשן־קינדער...

אַזױ האָט מען אונדז געװאָלט אײַנרעדן, אַזױ האָט מען געװאָלט צױמען דעם מענטשלעכן װילן און די מענטשלעכע העזה.

אָבער דער נאָבעלער מענטשלעכער פאַרנונפט, די דורשטיקע נאָך נײַע װעלטן און דערגרײכונגען מענטשלעכע נשמה, האָט זיך נישט געלאָזט אײַנצױמען אין די ענגע גרעניצן פון דער ערד.

לעאָנאַרדאָ דע װינטשיס דיכטערישער חלום װעגן פליגלען, װאָס זאָלן דעם מענטשן אױפהײבן צו די הימלען, האָט נישט געלאָזט רוען די מענטשהײט.

און דער מענטשלעכער פאַרנונפט, און דער העראָאישער גײַסט פון אומדער־שראָקענער, העזהדיקער געװאַגטקײט, האָט טריאומפירט.

נישט בלױז די ערד מוז דעם מענטשנס זײַן.

דער הימל איז איצט פאַר דעם מענטשן דעראָבערט. און העכער פון די העכסטע בערג, העכער פון די װאָלקנס פליען די נאָבעלע ריטער און דעראָבערער פון דער הימלישער אימפּעריע...

:: :: ::

— ל י נ ד ע נ ב ע ר ג ! ... —

אַ נײַער נאָמען אין דער העלדן־גאַלעריע פון די הימל־דעראָבערער.

ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק האָט דער ים איינגעשלונגען פיר העלדן־לע־בענס, וואָס האָבן העזהדיק געוואָגט צו דורכקרייצן אין דער לופטן דעם אומענד־לעכן אַטלאַנטיק.

אָבער דער אייזערנער מוט און העזהדיקער הערָאאיזם פון דעם יונגן אַמערי־קאַנער, האָט זיך נישט דערשראָקן פאַר דער טראַגישער וואָרנונג.

איינער אַליין, אָן באַגלייטער, האָט ער זיך געלאָזן מיט זיין שטאָלענעם פויגל אין טיטאַנישן קאַמף קעגן דער גוואַלדיקער נאַטור־סטיכיע.

און ער האָט געזיגט.

און עס איז פאַרשריבן געוואָרן אַ נייַ גאָלדן בלעטל אין דער געשיכטע פון דעם גראַנגל פון שטאָלצן מענטשלעכן פאַרנונפט מיט דער בלינדער נאַטור־סטיכיע.

און שטאָלצער הויבן זיך אונדזערע קעפּ און שטאַרקער קלאַפּט אונדזער האַרץ פאַר פרייד, צוליב דעם נייעם נצחון פון נאָבעלן מענטשלעכן שכל און פאַר דער מאַיעסטעטישער שיינקייט פון העזהדיקער, הערָאאישער מענטשלעכער געוואַגטקייט...

נישט בלויז די זינדיקע ערד געהערט די מענטשן־קינדער.

דער הימל וועט דעם מענטשנס זיין...

---

# הערצל

(צום יאָרצייט)

„...דער טויט האָט דיך געקרוינט מיט אַן
אייביקן דיאַדעם"...

זאַנגוויל.

הערצל...

דער גליקלעכער און דער טראַגישער...

דער גליקלעכער. פיל טיטאַנען, אייגענע און פרעמדע, האָבן זיין מחשבה געטראַכט, זיין געדאַנק אין גלענצנדע ווערטער און ביכער פאַרקערפּערט, משה העס, דיזראַעלי (לאָרד ביקאָנספּילד), ליליענבלום, לעאָ פּינסקער, די אומדזעריקע און נאַפּאָלעאָן, פּעסטעל, זשאָרזש עליאָט און נאָך און נאָך פון די פרעמדע.

די געשיכטע האָט די געדאַנקען פאַרשריבן; אין די ביבליאָטעקן ליגן די ביכער. נאָר געדאַנקען און נאָר ביכער.

ער, דער גליקלעכער, האָט דעם געדאַנק צו טאַט פאַרוואַנדלט, די ערשטע, גרויסע טאַט פאַר אַכצן יאָרהונדערט יידישע געשיכטע.

:: :: ::

דער טרוימער און דער גרויסער מלוכה־מענטש.

דער טרוימער. דאָס האָט ער אונדז קלוגע און ניכטערע קאָפּ־מענטשן געלערנט, אַז „טרוימען הייסט אויך לעבן. יעדע גרויסע טאַט איז פריער אַ חלום געווען".

קינדערווייז האָט ער געחלומט צו פאַראייניקן דעם אַטלאַנטיק און פאַסיפיק, צו בויען דעם פּאַנאַמאַ־קאַנאַל.

און אויפגעבויט האָט ער דעם גאָלדענעם בריק, וואָס פירט אונדז אין טרוים־לאַנד, אין דער יידישער צוקונפט־מדינה צו דעם נייעם ארץ ישראל.

„די גאַנצע נאַכט פון גלות האָבן מיר געחלומט דעם קעניגלעכן חלום פון ציון. איצט הויבט דאָס אָן צו טאָגן".

דאָס האָט ער אונדז דעם טאָג געבראַכט! די גאָלדענע זון פון אייביקן ייִדישן חלום און האָפנונג אויף דער פּאַרווייַנטער ייִדישער ערד.

ער, דער טרוימער-קעניג, דער לייכטנדער בליץ אין דעם ייִדישן חושך, דער ליכט און זון-ברייַנגער.

:: :: ::

הערצל דער מלוכה-מענטש, דער ערשטער ייִדישער שטאַטסמאַן.

מיר האָבן געהאַט גענוג גרויסע, געניאַלע פּאָליטיקער. לאָרד ביקאָנס-פעלד, לאַסקער, לאַסאַל און מאַרקס. זייַנען זיי אַוועק פון אונדז. האָבן זיי פרעמדע און שטאַרקע פעלקער געדינט. זייַנען אַוועק אין דער ברייטער וועלט, גע־דינט דעם גאָט פון דער מענטשהייט...

ער איז אונדזערער. איין-און־אײנציקער גרויסער נאַציאָנאַל־ייִדי־שער פּאָליטיקער, געקנאָטן פון דעם געניאַלן טייג פון אַ אַ-לאַ ביקאָנספעלד־לאַסאַל.

הערצל, דער שטאָלצער באַשאַפער פון דער ייִדישער מלוכה-פּאָליטיק.

ער האָט בנבואה געזען דעם וועג, דעם גרויסן און איינציקן וועג פון אונדזער דערלייזונג.

שוין אויפן ערשטן קאָנגרעס האָט ער בדעה געהאַט צו האַלטן אַ פּאַרטראַג: „די אידנפראַגע און דער קומענדיקער אייראָפּעאישער קאָנגרעס".

זיין צייט איז נאָך נישט אינגאַנצן רייף געווען פאַר זיינע אָדלערישע פלענער.

זיין מעכטיקער שוואונג האָט זיך אָנגעשטויסן אָן דער אייזערנער וואַנט פון פּאָליטי־שער אוממעגלעכקייט.

ער איז אַרומגערינגלט געווען פון מענטשן אָן וויזיע און אָן פליגלען...

דאָס איז געווען הערצלס טראַגעדיע.

:: :: ::

אַז הערצלס שטערן איז אויסגעלאָשן געוואָרן, האָבן די קליינע תּלמידים פונעם גרויסן לערער אָנגעהויבן פאַרלאָזן זיינע גרויסע וועגן...

דער „דרך-המלך" איז נאָר פאַר מענטשן מיט אָדלער־פליגל.

„די וואָס זיינען געבוירן געוואָרן צו קריכן קענען נישט פליען"...

אין די הערצער פון די טרייע איז אַ טיפער חלום פאַרגראָבן געוואָרן.

אינעם ציוניזם האָט מען אָבער דעם גערויש פון אָדלער־פליגלען מער נישט געהערט...

און מיט ווייטיק און פיין האָבן מיר געמיינט, אַז הערצל, דער גרויסער, אומ־שטערבלעכער הערצל איז געשטאָרבן...

:: :: ::

„דער טויט האָט דיך געקרוינט מיט אייביקן דיאַדעם" האָט זאַנגוויל אַלס אַ קבורה־ליד פאַר הערצלען געזונגען.

און ער, דער דיכטער, הערצלס ברודער אין גייסט, איז געווען גערעכט.

אין בלוט און רויך פון דער חרוב־געוואָרענער יידישער וועלט שטייט אויף הערצל תחית־המתים...

די גאָלדענע דיאדעם פון זיין אומשטערבלעכקייט שיינט און בליצט פאַר אונדז ווידער און באַלויכט פאַר אונדז דעם פּערלאָזענעם, האַלב־פאַרגעסענעם הערצל-וועג.

מיר זיינען ווידער אויפן דרך־המלך...

דער ציוניזם האַלט זיך ביים אומקערן צו הערצלען.

אויף דעם וועג מוזן מיר גיין.

נאָר אויף דעם וועג קענען מיר זיגן.

און אומקערן מוזן מיר זיך נישט, נאָר צו הערצלען דעם פּאָליטישן נביא.

ער מוז אונדז זיין אַ וועגווייזער נישט נאָר אין אונדזער פּאָליטישן טאָן.

מיר מוזן אויך הערצלס חלומות פאַר אונדזער פאָן מאַכן.

הערצלס טרוים פון דער ווייסער זיידענער פאָן, דער סימבאָל פון ריינקייט פון אונדזער אידייע, די זיבן גאָלדענע שטערן, דער צייכן פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, די „נייע געזעלשאַפט”, די מלוכה פון יושר, מוזן ווירקלעכקייט ווערן.

הערצל, דער גאַנצער, גרויסער און ליכטיקער הערצל מוז תחית־המתים אויפשטיין.

:: :: ::

און ס'וועט זיך פאַרזאַמלען דער ערשטער יידישער פּאַרלאַמענט אין ירושלים.

און אונדזער ערשט וואָרט, דאָס ערשטע פריי יידיש וואָרט אין אונדזער פריי לאַנד וועט אים זיין געווידמעט.

און דער ערשטער יידישער געזעץ־פּראָיעקט וועט דעם ערשטן ביודזשעט באַשטימען מקיים צו זיין הערצלס צוואה, בריינגען זיינע שטערבלעכע רעשטן צו דער ערד וועגן וועלכער ער האָט געחלומט, צו וועלכער ער האָט אונדז געפירט, פאַלנדיק אין מיטן וועג.

נישט מיט אל מלא רחמים וועלן מיר די שיף, וואָס וועט אונדז הערצלען בריינגען באַגעגענען.

מיט פאַקעלן און בלומען, מיט טענץ און מיט שירה וועלן מיר מקבל־פּנים-זיין אונדזער טויט־לעבעדיקן פירער — דעם זיגער.

דעם טריאומפירנדן קעניג פון טרוים...

אונדזער גרויסן און ליכטיקן וועגווייזער אין דער שוואַרצער נאַכט, וואָס האָט אונדז אַרומגעהילט . . .

(1919)

# מאַקס נאָרדוי

אויפן צענטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל האָב איך צום ערשטן מאָל געזען און געהערט נ אָ ר ד ו י ע ן.

מיט אויפגערעגטער שפּאַנונג בין איך געזעסן אויף דער זשורנאַליסטן-טריבונע אין דעם היסטאָרישן באַזעלער קאַזינאָ און געוואַרט אויף דער פייערלעכער דערעפ־נונג־צערעמאָניע פונעם קאָנגרעס.

איך האָב אַזוי פיל געהערט און געלעזן וועגן דער אימפּאָזאַנטער גרויסקייט פונעם מאָמענט, ווען ה ע ר צ ל פלעגט נעמען דעם פּרעזידענטן־האַמער אין האַנט און האַלטן זיין „טראָן"־רעדע...

נישט מקוים געוואָרן איז דער חלום און טרוים פון מיינע יונגע ציוניסטישע יאָרן בייצוזיין אַ הערצל־קאָנגרעס. ערשט איצט, אין דער בין־השמשות-צייט פון ציו־ניזם, ווען געשטאָרבן איז דער גלויבן און דער ברען פון די גאָלדענע הערצל־טעג, קומט מיר אויס צו זיין אַן עדות פון דער היסטאָרישער אסיפה אין באַזעל.

ווי וועט דאָס אויסזען דער „כל נדרי" פונעם ציוניסטישן קאָנגרעס אָן דער הדרת־מלך־געשטאַלט פון הערצלען? די פראַגע האָט מיך און פיל פון מיינע שכנים געהאַלטן אין נערוועזער אויפרעגונג פון דערוואַרטונג...

נאָר אָט עפנט זיך די טיר לעבן דער טריבונע און ס'באַווייזט זיך די שטאָלצע, איינדרוקספולע פיגור פון ד ו ד וו אָ ל פ ז אָ ן און נאָך אים דער גראָער קאָפּ פון נ אָ ר ד ו י. דער עולם שפּרינגט אויף פון די פּלעצער און מסתמא לויט דער טראַדיציע נאָך ברעכט אויס אַ קעניגלעכע אָוואַציע, ווי דער קאַזינאָ־זאַל איז זי גע־וואוינט געווען צו זען אין די קעניגלעכע טעג פון הערצלען...

אָבער הערצל איז נישטאָ. ס'איז פאַראַן אין זאַל נאָר איינער, וואָס דערמאָנט די אַמאָליקע גרויסקייט מ אַ ק ס נ אָ ר ד ו י. דער קלוגער וואָלפזאָן פאַרשטייט עס און מיט אַן איידעלן זשעסט ווענדט ער אָפּ די אַפּלאָדיסמענטן אויף נאָרדויען, און זיין האַנט־באַוועגונג וואָלט ווי געזאָגט: „אָט דעם גראָען קאָפּ, הערצלס פּאָנען־טרעגער קומט דער כבוד"... און דער עולם פאַרשטייט דעם וואונק, און דער גאַנצער שטראָם פון ליבע און פאַרגעטערונג, וואָס פלעגט פליסן צו דער טריבונע, בעת אויף איר איז הערצל געווען, ווענדט זיך איצט צו נאָרדויען.

„אונדזער גרויס־מייסטער האָט דאָס וואָרט" — רופט אויס וואָלפזאָן.

רואיק און עניוותדיק פאַרנעמט נאָרדוי די רעדנער־טריבונע.

כמעט ניין יאָר זיינען שוין אַוועק פון דעם צענטן קאָנגרעס און אין מיין זכרון איז נאָך עד היום פריש דער רושם פון נאָרדויס רעדן.

זעענדיק אים אויף דער טריבונע האָט מען געקענט באַגרייפן פאַרוואָס  א ח ד  ה ע ם  האָט אים נאָך זיין ערשטער קאָנגרעס־רעדע אָנגערופן דער מאָדערנער ירמיהו . . .

נ אָ ר ד ו י  רעדט נישט. יעדנפאַלס נישט אין דעם זין, ווי מיר זיינען געוואוינט דאָס צו הערן אַפילו פון די בעסטע אונדזערע רעדנער. ס'בליצן פונקען און עס קנאַלן דונערן בעת ער שטייט אויף דער טריבונע. אַזוי האָבן באמת געמוזט אמאָל רעדן צום פאָלק אונדזערע נביאים...

איך ווייס נישט, ווי נאָרדוי רעדט אין געוויינלעכע צייטן ווען געוויינלעכע פראַגן, ס'קען זיין, אַז ער איז דאַן בלויז אַן אָראַטאָר, ווען אויך פון באַדייטונג. אָבער דאָס איז זיכער: נאָרדוי אויף דער קאָנגרעס־טריבונע, אין דער געשפאַנט־עלעקטרישער אַטמאָספער פון קאָנגרעס פאַרוואַנדלט זיך אין אַ  ט ר י ב ו ן .

מיר פאַרמאָגן אפשר נישט ווייניק באַדייטנדע טאַלאַנטפולע רעדנער — נאָרדוי איז אָבער אונדזער איינציקער  נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר  ט ר י ב ו ן . דורך אים האָט דאָס יידישע פאָלק אויסגעשריען פאַר דער וועלט זיין ווייטיק און צער, מיט זיין מויל האָט די נייַ־דערוואַכטע יידישע האָפנונג גערעדט...

נאָרדויס קאָנגרעס־רעדעס וועלן שטענדיק בלייבן מאָנומענטן פון דער גרויסער הערצליאַנער עפּאָכע אין ציוניזם.

און איצט, כאָטש פאַרשוואונדן איז שוין יענע קעניגלעכע הערצל־צייט,  נ אָ ר-ד ו י  האַלט נאָך אָבער אַלץ אין האַנט דעם שופר און כאָטש זעלטענער הערן זיך נאָך אַלץ פון אים די אַמאָליקע גרויסע קלאַנגען...  נ אָ ר ד ו י,  הערצלס טרייער און טריי געבליבענער וואָפן־טרעגער איז נאָך אַלץ דער  נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר  ה ע ר אַ ל ד  פון אונדזערע ליידן און אונדזערע האָפנונגען.

:: :: ::

זינט דעם צעגטן קאָנגרעס, ווען די פירערשאַפט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג איז אַריבער אין די הענט פון די אַזוי־גערופענע „פּראַקטיקער“, האָט זיך נאָרדוי דערווייטערט פונעם ציוניזם. אמת, ער האָט נישט געקענט אָנווייזן קיין פּראַקטישע, ממשותדיקע וועגן פאַרן פּאָליטישן ציוניזם, אָבער ער האָט נישט געקענט מסכים זיין צו דעם פּראַקטישן גייסט פון די אַמאָליקע חובבי־ציון, וואָס האָט באַהערשט דעם ציוניזם נאָכן צעגטן קאָנגרעס.

נאָרדוי האָט אויף קיין איין רגע נישט פאַרלאָזן דעם גרויסן הערצל־וועג פונעם ציוניזם.

„אַז מ'קען נישט פליען, דאַרף מען  ק ר י כ ן “ — האָבן געטענהט די „פּראַקטישע“ ליבהאָבער פון ציון.

„אַז מען קען נישט פליען, דאַרף מען  וו אַ ר ט ן “ — האָט דערויף געענטפערט  נ אָ ר ד ו י .

„איז אוממעגלעך צו קומען צו א פשרה מיט טערקיי, האָט נאָרדוי צו זיינע קעגנער געזאָגט, מוזן מיר בלייבן פעסט שטייען מיט ביידע פיס אויפן באָדן פון דער באזעלער פראָגראַם, האָבן געדולד און וואַרטן; אונדזער הויפט־אַרבעט דאַרף זיין די אָרגאַניזירונג פון דעם יידישן פאָלק אין גלות".

„ס'איז שווער צו וואַרטן אין גלות, ווען מיר גלויבן נישט אין אונדזער צו־קונפט. האָבן מיר אָבער אַ קלאָרן פּלאַן און פעסטע פאָדערונגען זיינען מיר ווידער דער „עם-עולם", וואָס קען אָפּוואַרטן ביז ס'וועט אין דער וועלט־פּאָליטיק נישט אַריינטרעטן אַזאַ לאַגע, וואָס וועט מאַכן ווינטשנסווערט פאַר די וועלט־מלוכות, זיי זאָלן אונדז אויסהערן."

די לעצטע היסטאָרישע פּאַסירונגען אין ציוניזם באַווייזן, ווי גערעכט עס איז געווען נאָרדוי, ווען ער האָט מיט זיין נביאיש־קינסטלערישן חוש כמעט ווי פאָראויסגעזען די געשעענישן און גערופן די באַוועגונג טריי ווייטער צו גיין אין הערצלס וועגן, וואָס פירן איצט, ווי מיר זעען, דאָס יידישע פאָלק צום נצחון...

:: :: ::

ווי איז נאָרדויס שטעלונג צו די סאָציאַליסטישע טענדענצן אין ציוניזם?

נאָרדוי ווי הערצל זיינען געווים נישט קיין סאָציאַליסטן, אָבער זיי ביידע זיינען דורכגעדרונגען מיט דעם היסטאָרישן גייסט פון יידנטום, מיט דעם הויכן געפיל פון סאָציאַלן יושר און גערעכטיקייט. הערצל האָט דאָס גלענצנד באַוויזן אין זיין „אַלט־ניי־לאַנד", וואו ער מאָלט פאַר אונדז דעם יידנשטאַט אַלס קאָאָפּעראַטיוו־סאָציאַ־ליסטישע געזעלשאַפט.

מאַקס נאָרדוי האָט אין זיין אַמסטערדאַמער רעדע פון 1899 אַרויסגעזאָגט זיין שטעלונג צום סאָציאַליסטישן ציוניזם. נאָרדוי באַקלאָגט זיך, וואָס נישט אַלע יידישע אַרבעטער זיינען צוגעשטאַנען צום ציוניזם.

„אויב די יידישע פּראָלעטאַריער זיינען קענען אונדז דעמאָלט איז צו אונדזער אויפגאַבע באמת אַן עק — אַ סוף. דעמאָלט וועט פאַר אונדז גאָרנישט בלייבן, סיידן... אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ, צו דערקלערן, אַז מיר זיינען באַזיגט און אַרומקוקן זיך, אפשר וועלן מיר נאָך דער טראַגישער אַנטוישונג, געפינען פאַר דעם רעשט פון אונדזערע טעג, אַ נייעם אידעאַל, וואָס זאָל אונדז מאַכן ווערט דאָס לעבן..."

נאָרדוי באַמיט זיך אין דער דערמאָנטער רעדע צו באַווייזן, אַז דער ציוניזם איז נישט להיפּוך פון סאָציאַליזם, נאָר פאַרקערט ער ווערט אין אים פאַרווירקלעכט. וואָס פאַרן סאָציאַליזם איז ערשט אַן אידעאַל, איז שוין אין יידנטום געווען אַ געשיכטלעכע רעאַליטעט און קען אויפן שטעל ווידער ווערן אַ

רעאַליטעט, ווען דאָס יידישע פאָלק וועט אויפסניי באַקומען זיין זעלבסט־באַשטי־מונגס־רעכט.

נאָרדוי ווייזט אָן, אַז ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס ביי דער וויג פון דער מאָ־דערנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג זיינען געשטאַנען די יידן מארקס און לאַסאַל. מעגן זיך די לעצטע אָפּלייקענען זייער יידנטום, אומבאַוואוסט לעבט אין זיי דער סאָציאַלער גייסט פון דער יידישער אומה.

אויב נאָרדוי האָט פאַר דער צייט פון אַמסטערדאַם נישט געענדערט זיינע מיי־נונגען אין דעם פּרט, קענען מיר דערוואַרטן אויף זיין מיטהילף אין אונדזער קאַמף קעגן דער סאָציאַלער רעאַקציע, וואָס גנבעט זיך לעצטנס אַריין אין ציוניזם און וויל אים אַראָפּפירן פון די ברייטע סאָציאַל־פּראָגרעסיווע הערצל־וועגן.

(1919)

---

## ישׂראל זאַנגוויל מער נישטאָ!

(נ ע ק ר א ל א ג)

זאַנגוויל איז טויט!!

קורץ, לאַקאָניש און ברוטאַל דערציילן אונדז דאָס די עטלעכע טעלעגראַפישע שורות פון לאָנדאָן.

פּלוצלינג, נישט צוגעגרייט, טרעפט אונדז, דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, די דאָ־זיקע ביטערע איוב־בשורה.

זאַנגוויל איז טויט!

עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אָט דער וואונדערבאַרער, ברויזנדער קוואַל פון לעבן, פון גייסט, פון נביאות, פון איידעלן מענטשלעכן און טיף־יידישן אידעאַליזם.

זאַנגוויל איז טויט!

מיר האָבן פאַרלוירן אַ גאָלדענע קרוין פון אונדזער קאָפּ, ס'איז אויסגעלאָשן געוואָרן אַ גרויסער שטערן אויף דעם יידישן הימל, אפשר דער איינציקער גרויסער שטערן, וואָס איז אונדז נאָך פאַרבליבן פון דער גאָלדענער עפּאָכע, ווען פאַר אונדז האָבן אויפגעשיינט הערצל און נאָרדוי.

מיר זיינען פאַריתומט געוואָרן.

„ס'איז געווען לייכטער צו לעבן — האָבן נאָך לעוו טאָלסטאָיס טויט מיט רעכט געזאָגט פיל רוסן, — אַז מען האָט געוואוסט, אַז אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ גע־פינט זיך דער גרויסער צדיק הדור“.

און מיר קענען דאָס זעלבע איצט זאָגן וועגן זאַנגווילן.

ער איז לעצטנס נישט געווען אונדזער פירער, אונדזער מנהיג, ער איז כמעט געשטאנען אָן אַ זייט פון דער יידישער נאציאָנאלער באַוועגונג.

און דאָך, דאָך, איז געווען ליכטער אויפן געמיט פון דעם באוואוסטזיין, אַז אין לאָנדאָן געפינט זיך דער גרויסער זאנגוויל, דער מאַן מיט די אָדלער-פליגלען, דער גרויסער שטאָלצער ייד מיט דעם ברויזנדן האַרץ פון אַ נביא.

ער איז נישט געווען אונדזער פירער אין די לעצטע טעג פון זיין שיינעם לעבן, אָבער דאָך האָט ביי אונדז אַלעמען געלעבט ערגעץ-וואו באַהאַלטן די איבערצייגונג, אַז ער וואָלט געקענט ווערן אונדזער באַרופענער שטאָלצער פירער, וועלכער וואָלט דרייסטער, געוואַגטער ווי עמיצער אַנדערש געקענט קומען צו ענגלאַנד און צו דער וועלט פאַרלייגן אונדזערע טענות און פאָדערן און מאָנען אונדזער רעכט.

דער אַלט-רוימישער שטאָלץ פון ענגלישן בירגער פון דעם „ציבים בריטאַניא“ האָט זיך ביי אים האַרמאָניש צונויפגעגאָסן מיט דעם שטאָלץ פון יהודה.

פירסטלעך און קעניגלעך בלוט האָט געראַנגען אין זיינע אָדערן.

ער האָט הויך און שטאָלץ געהאַלטן זיין יידישן קאָפּ, ווי דאָס האָבן געטון נאָר צוויי אַנדערע גרויסע יידן — זיינע ברידער אין גייסט — הערצל און נאָרדוי.

:: :: ::

מען האָט גערעדט וועגן דעם, אַז זאַנגוויל וועט זיך באַטייליקן אין דעם שוואַרצ-באַרד-פּראָצעס.

אַך, וויפל מיר האָבן פאַרלוירן, וואָס ער וועט שוין זיין נישט ביים וועלט-גע-ריכט אין פּאַריז!

מיר האָבן זיך שוין פאָרגעשטעלט דעם מערקווירדיקן היסטאָרישן ספּעקטאַקל, ווי זאַנגוויל וועט אַרויסטרעטן אויף דער וועלט-טריבונע פון פּאַריזער געריכט אַלס מאָנער און אָנקלאָגער פון דעם געמאַטערטן יידישן פאָלק, אַלס מאָנער און אָנקלאָ-גער פאַר די פאַרגאָסענע טייכן יידיש בלוט...

ווי דער שאַרף פון אַ בלאַנקענדער שווערד איז זיין געניאַל בליצנדעס וואָרט.

און ווער ווייסט.

אויב דורך נאָרדויס מויל האָט — לויט דער כאַראַקטעריסטיק פון אחד העמען — אויפן ערשטן קאָנגרעס גערעדט ירמיהו הנביא, וואָלט דער געניאַלער זאַנגוויל דערהויבן זיך אויף דער היסטאָרישער טריבונע פון פּאַריזער געריכט צו דער הויך פון ישעיהו הנביא...

מיר האָבן זיך דאָך ביז איצט נישט דורכגערעדט מיט דער וועלט.

מיר האָבן דאָך מיט אייראָפּע נישט אונטערגעפירט אונדזערע חשבונות, פאַר די אוקראַאינער שחיטות.

די וועלט האָט דאָך נישט געהערט אונדזער וואָרט.

און ווער איז מער ווי דער געניאַלער זאַנגוויל באַרופן געווען צו זיין אונדזער שליח-ציבור, אונדזער מאָנער פאַרן וועלט־משפט?

אָבער זאַנגוויל איז טויט!

מיר האָבן נישט קיין מזל. ווי גרויס און נישט צום אָפּמעסטן איז אונדזער פאַרלוסט.

איצט, אַז ס׳איז ערשט אַוועק די ערשטע שעה, אַז אונדז האָט דערגרייכט די אומזיניק ווילדע און פּלוצלינגע בייזע בשורה, אַז זאַנגוויל איז אַוועק פון אונדז אויף אייביק און שטענדיק, ווער איז אימשטאַנד אָפּשאַצן אין דער גאַנצער מאָס די גרויסקייט פון אונדזער אבדה.

אין מוח האָבן זיך איינגעשניטן די צוויי בייזע ווערטער:

זאַנגוויל טויט!

דאָס האַרץ, דאָס בלינדע געפיל זאָגט אונדז, אַז דעם יידישן פאָלק איז אַ גרויס אומגליק געשען, עס האָט פאַרלוירן דעם גרעסטן זון, וואָס איינמאָל אין אַ דור ווערן אַ פאָלק אַזעלכע מתנות געשענקט.

ס׳איז געשטאָרבן דער גרעסטער און שטאָלצסטער טרוימער פון געטאָ, וואָס האָט פאַראייביקט מיט זיין געניאַלן וואָרט אונדזערע גרויסע געטאָ־טרוימערס, די לאַסאַלס, די היינעס...

עס איז געשטאָרבן דער, וואָס האָט מיט רום און שטאָלץ באַדעקט אונדזער נאָמען מיט זיין געניאַל־יידישער שעפערישקייט אין דער גרויסער ענגלישער וועלט.

זאַנגוויל איז טויט!

עס איז געשטאָרבן דער לעצטער גרויסער וו ע ל ט - יי ד , אונדזער דאָל־מעטשער פאַר דער גרויסער וועלט, וואָס האָט אַנטפּלעקט פאַר ענגלאַנד און דורך דער ענגלישער ליטעראַטור דער גאַנצער וועלט די גרויסקייט און אומענדלעכע נשמה־שיינקייט פון „די קינדער פון געטאָ“ פון די „טרוימער פון געטאָ“...

:: :: ::

ער איז לעצטנס נישט געווען אונדזער פירער.

מיר זיינען נישט געגאַנגען אויף זיינע וועגן.

אָבער ער איז געווען אונדזער שטאָלץ, אונדזער חכם, דער גלענצנדער פאַר־טרעטער פון אונדזער געניאַלער שעפערישקייט.

מיטן טויט פון זאַנגווילן האָט די ענגלישע ליטעראַטור פאַרלוירן אַ געניאַלן מייסטער, אַ גייסטיקן ברודער פון דעם שטורמיש־אומרואיקן און אַפּיקורסיש־קרי־טישן בערנאַרד שאָו, פון דעם טרוימעריש־הומאַניסטישן אועלסן.

די וועלט האָט פאַרלוירן אַ גרויסן שטראָפער, אַ נביאישן קעמפער פאַרן וועלט־פרידן, פאַר יושר און אמת.
פון אונדזער קאָפּ איז אָבער אַראָפּגעפאַלן אַ גאָלדענע קרוין.
עס איז אויסגעלאָשן געוואָרן אַ גרויסער יידישער שטערן.
אַ פירסט פון ישראל איז געשטאָרבן!...

(1926)

---

# ישראל זאַנגוויל — דער דיכטער און כלל-מענטש

„אַדיע, מיין פרינץ, דער טויט האָט דיר גע־
קרוינט מיט אַן אייביקער דיאַדעמע.״
(זאַנגוויל, „דאָס טרויער־ליד נאָך הערצלען״)

די אומשטערבלעכע ירושה, וואָס י ש ר א ל ז א נ ג ו י ל האָט איבער־געלאָזן נאָך זיך, איז בלי ספק זיין ליטעראַרישער און נישט געזעלשאַפטלעכער שאַפן. ווען מען עס געהערט די דאָזיקע גרויסע ירושה — אונדז, אָדער בלויז דער ענג־לישער ליטעראַטור, — אויף דער דאָזיקער פראַגע האָבן מיר נישט בדעה דאָ אויס־פירלעך אָפּצושטעלן זיך.

מיר גלויבן, אַז זאַנגוויל איז מער פון אַלע אַנדערע יידישע גאונים, וואָס האָבן זייער שעפערישן זשעני אַוועקגעגעבן פרעמדע קולטורן און ליטעראַטורן, געווען אונ־דזערער, אונדזער גרויסער דאָלמעטשער פאַר דער ברייטער, ניט־יידישער קולטור־וועלט.

„די קינדער פון דער געטאָ“ און „די טרוימער פון דער געטאָ“, זיינען באַין אופן נישט דאָס אויסשליסלעכע אייגנטום פון דער ענגלישער ליטעראַטור.

דאָס זיינען ניין און ניינציק פּראָצענטיק י י ד י ש ע ווערק לויט זייער גייסט און אינהאַלט, כאָטש זיי זיינען געשריבן אין ענגליש.

אויב עס איז אַ פראַגע, צי קענען מיר אַריינרעכענען אין דעם אוצר פון דעם ריין יידישן קולטור-שאַפן אַ היינעס, בערנעס, אָדער די מאָדערנע דייטש־יידישע שריפט־שטעלער, ווי אַרטור שניצלער, ליסאַוער, בראָד, צווייג, וואַסערמאַן און די פילע אַנדערע יידן, וואָס שאַפן אין אַנדערע פרעמדע שפּראַכן, — שיינט אונדז אייגער יעדן צווייפל, אַז מיט זאַנגווילס ליטעראַרישער ירושה האָבן מיר לפּחות דאָך ־[illegible]עכט צו טיילן זיך מיט דער ענגלישער ליטעראַטור.

אָבער נישט וועגן דעם בלייבנדן ווערט פון זאַנגווילס דיכטערישן שאַפן איז דאָ די רייד. מיר ווילן זיך איצט אָפּשטעלן אויף ישראל זאַנגווילן דעם דיכטערישן כלל-מענטש, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף זיין צייט און [illegible] די

מענטשן פון זיין צייט. ווען עס איז אָבער נישט באַשערט געווען צו אויפ־ געוועלשאַפטלעכע מעשים וואָס זאָלן האָבן אַ בלייבנדן היסטאָרישן ווערט.

זאַנגוויל איז געקנאָטן געווען פון היינעשן דיכטערישן טייג...

פונקט ווי ביי זיין גרעסערן און געניאַלערן ברודער, היינען, האָבן אין זאַנגווילס האַרץ געפונען אַן אָפקלאַנג די העכסטע אידעאַלן און שטרעבונגען פון זיין צייט.

אָבער אַזוי ווי ביי היינען איז זיין רעוואָלוציאָניזם און אינטערעס צו יעזעל־שאַפטלעך־פּאָליטישע פראַגן געווען נישט מער ווי אַ קאַפּריז פון זיין געניאַלער מוזע, אַזוי איז דאָס אויך געשען מיט ישראל זאַנגוויל.

זיינען דאָך געווען מאָמענטן, ווען היינע האָט געהייסן, אַז מען זאָל אויף זיין קבר אַרויפלייגן אַ שווערד, ווייל ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ סאָלדאַט פון דער אַרמיי, וואָס האָט געקעמפט פאַר פרייהייט.

אויף היינעס קבר ליגט אָבער נישט קיין שווערד, עס ליגן בלומען, וועלכע דריקן אויס די ניט־שטאַרבנדע פאַרערונג פאַר דעם דיכטער פון דעם „בוך דער לי־דער“, און היינעס פרייהייטס־ליבע און רעוואָלוציאָניזם זיינען נישט מי־ ווי שיינע עפּיזאָדן פון זיין מערקווירדיקן לעבן.

זאַנגווילס ציוניזם און טעריטאָריאַליזם זיינען אויך נישט מער ווי ־־־יינע עפּי־זאָדן פון זיין דיכטערישן ווירקן, אָבער פאַר אונדזער צייט און אונדזער דור זיינען די דאָזיקע עפּיזאָדן פון גרויסן ווערט און באַדייטונג.

זאַנגוויל איז געווען איינער פון דעם גרויסן דריילינג פון די וועלט־יידן — ה ע ר צ ל — נ אָ ר ד ו י — ז אַ נ ג ו ו י ל, וואָס זיינען צו אונדז געקומען פון דער פרעמדער און גרויסער ־ניט־יידישער וועלט און באַקרוינט מיט וועלט־רום האָבן זיי אונדזער נאַציאָנאַלער רענעסאַנס־באַוועגונג צוגעגעבן גלאַנץ, כבוד און מאָראַ־לישן אויטאָריטעט.

דאָס איז געווען דער סוד פון דער מאַגנעטישער כשוף־קראַפט פון טעאָדאָר הערצל, וואָס האָט צוגעצויגן צו זיך די צוויי גרויסע פּערזענלעכקייטן — נאָרדוי און זאַנגוויל, וואָס האָבן צוגעגעבן דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אירע ערשטע גרינדונגס־יאָרן אַן אומגעהויערן מאָראַלישן געוויכט אין די אויגן פון דער יידישער און ניט־יידישער וועלט.

לאַנגזאַם און פאָרזיכטיק איז געווען דער צוגאַנג פון ישראל זאַנגווילן צו דער ציוניסטישער באַוועגונג. אויף די ערשטע עטלעכע קאָנגרעסן איז ער געווען נאָר אַ סימפּאַטיזירנדער צוזעער, אָבער דער היפּנאָז פון הערצלס פּערזענלעכקייט האָט אים שנעל געוואונען פאַר דער ציוניסטישער זאַך.

אויף דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס איז זאַנגוויל נאָך געזעסן אויף דער גאַלעריע צווישן פּובליקום און נישט צווישן די אַקטיווע אָנטיילנעמער. אָבער דער גרויסער און שוין דאַן פּאָפּולערער אין דער וועלט דיכטער האָט גלייך דערשפּירט

מיט זיין קינסטלערישער אינטואיציע די גרויסקייט פון דעם אומבאקאַנטן נאָך דע־מאָלט דיכטער-פּאָליטיקער, הערצלען.

אין זיינע איינדריקן פונעם ערשטן קאָנגרעס, אין דעם אַרטיקל „די טרוימער פון געטאָ אויפן קאָנגרעס" האָט י. זאַנגוויל געשריבן:

„די מאַיעסטעטישע פיגור פון דעם פּרעזידענט פון קאָנגרעס זעט אויס נאָך פיל גרעסער, ווען ער הויבט זיך אויף פון זיין פּלאַץ און כאַפּט אַרום מיט דעם דורכ־דרינגענדן בליק פון זיינע ברענענדיקע אויגן די פאַרזאַמלונג. ער דערמאָנט מיט זיך די סטאַטועס פון די אַסירישע קעניגן, וואָס באַשיינען אונדזערע מוזעאומס"...

מען האָט גלייך געזען, אַז זאַנגוויל איז שוין געפאַנגען פון דעם ציוניזם, און ווען אין עטלעכע יאָר אַרום, שפּעטער, איז הערצל געקומען צו אים אין לאָנדאָן מיט דעם רוף: „די יידישע מיליאָנערן האָבן מיך פאַרראַטן איך דאַרף אייער הילף" — האָט זיך זאַנגוויל מיט דעם גאַנצן ברען און פּאַטאָס פון זיין שטאָלצער, דיכטערי־שער נשמה אַריינגעוואָרפן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, און איז געוואָרן איי־נער פון די דריי לייכטנדע שטערן, וועלכע האָבן אויפגעשיינט אויף דעם יידישן הימל אין דער גרויסער פּרילינגס-דערוואַכונג פון דעם יידישן פאָלק, ווען הערצל איז פאַר אים אַנטפּלעקט געוואָרן.

זאַנגווילס ערשטער גרויסער דעביוט אינעם ציוניזם איז געווען זיין היסטאָ־רישע רעדע אויפן פינפטן ציוניסטישן קאָנגרעס וועגן דער יק"א.

אויב די יידישע קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט האָט שפּעטער אָנגעהויבן אַ גאַנץ אַקטיווע טעטיקייט אין ארץ ישראל איז דאָס בלי ספק דער פאַ־דינסט פון זאַנגווילס היסטאָרישן אַרויסטריט קעגן די יורשים פון באַראָן הירש.

פונקט ווי נאָרדויס באַרימטע רעדע אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אַזוי איז זאַנגווילס יק"א-רעדע אויפן פינפטן, אַ דאָקומענט פון אומפאַרגעסלעכן היס־טאָרישן ווערט.

מיט וואָס פאַר אַ שוואונג און ברייטן פאַרנעם האָט זאַנגוויל געשילדערט די פיגור פון באַראָן הירש, דעם מיטגליד פון „זשאָקעי קלוב", ביי וועמען עס האָט פּלוצלינג אויפגעבליצט דער פונק פון אַ היסטאָרישער פּערזענלעכקייט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן לויט „אַ הערא‌ָאישן מוסטער".

מיט אַ פאַרניכטנדן סאַרקאַזם, — יעדער וואָרט שאַרף און טרעפנד ווי אַ פייל פון בויגן, האָט ער געשילדערט די דעקאַדענץ פון באַראָן הירשס אידייען, ביי די אויספירער פון זיין ווילן.

— „אַ ווערק פון וועלט-באַדייטונג, — האָט ער געטענהט צו די באַראָן הירשס יורשים — האָט איר פאַרוואַנדלט אין אַ ווינקל און קלענער אַנגעלעגנהייט."

זאַנגוויל, דער גרויסער מייסטער פון שניידנדע שלאָג־ווערטער האָט מיט זיין ביסנדער, פאַרניכטנדער פּראָזע כאַראַקטעריזירט און געוואָרפן אַ ליכט-שיין אויף

דער מעטיקייט פון דער ייק"א פארגלייכנדיק זי מיט „א דאמף־מאשין, וואס קנאקט ניסלעך"...

און דעם פינאל פון זיין רעדע האט זאנגוויל פארענדיקט מיט דער היסטאריש-געווארענער פראגע:

„גיט אוועק די מיליאנען אן א ציל, פאר דעם ציל, וואס האט נישט קיין מי־ליאנען!"

נאכן פינפטן קאנגרעס איז שוין י. זאנגוויל, ווי באוואוסט, נישט לאנג פאר־בליבן אין דער ציוניסטישער באוועגונג.

עס איז געקומען אויף דער טאג־ארדנונג אוגאנדא. דער פאליטישער ציוניזם האט אפגעהאלטן זיין ערשטן גרויסן נצחון. די גרעסטע אייראפעאישע מלוכה — גרויס-בריטאניע, האט אנגעבאטן דורך דעם ציוניסטישן קאנגרעס דעם יידישן פאלק א טעריטאריע אין אפריקע, אויף אויטאנאמע יסודות. צום ערשטן מאל אין דורות לאנגער גלות-געשיכטע איז דאס יידישע פאלק אנערקענט געווארן פון דער גרעסטער מלוכה אלס נאציע און די ציוניסטישע ארגאניזאציע אלס איר לעגיטימער פאר־טרעטער.

אוגאנדע איז געווען די באלפור־דעקלאראציע פון דעם פאר־מלחמה פעריאד פון דער ציוניסטישער באוועגונג.

הערצל, באטראכטנדיק מיט רעכט דעם אוגאנדא-פארשלאג, אלס א גרויסן פא־ליטיש־היסטארישן נצחון פון ציוניזם האט געקעמפט מיט זיין גאנצער ליידנשאפט פאר אננעמען פון דעם פארשלאג, נישט איינזעענדיק אין דעם קיין שום ווידערשפרוך מיט די ריין פאלעסטינישע שטרעבונגען פון דעם ציוניזם.

ביי די אומשטענדן און סאציאל־פאליטישער קאניוקטור פון יענער צייט זיינען נישט געווען קיין שום אויסזיכטן, אויף צו דערגרייכן וועלכע נישט איז באדייטנדע פאליטישע דערפאלגן אין ארץ ישראל, און פונקט ווי די ארגענטינער קאלאניזאציע האט נישט געשטעלט זיך אין וועג און נישט געשטערט דעם ציוניזם, נאר איז פאר-קערט געווארן א הילפס-קוואל פאר ארץ ישראל, אזוי וואלט דאס געקענט זיין מיט אוגאנדע.

עס וואלט ווארשיינלעך נישט געווארן די יידישע נאציאנאלע היים פונעם יידי־שן פאלק, נאר א נאציאנאלע היים, א וויכטיקער קאנצענטרירטער יידישער נאציא־נאל־פאליטישער צענטר.

ישראל זאנגוויל מיט זיין דיכטערישער אינטואיציע און מיט זיין חוש פאר פאליטישע רעאליטעטן, האט צוגלייך מיט נארדויען גלייך אויפן מאמענט אפגע־שאצט די אמתע באדייטונג פון אוגאנדא און האט זיך אומקאנדיציאנעל געשטעלט אויף הערצלס צד.

דאס אפווארפן פון דעם אוגאנדא-פראיעקט אויפן זיבעטן קאנגרעס האט אפ־

גערים זאנגווילן פון דעם ציוניזם, און ער האָט זיך געשטעלט אין שפּיץ פון דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג.

אויב מען זאָל משפּטן אידייען און באַוועגונגען לויט די ממשותדיקע דערפּאָלגן וואָס זיי האָבן דערגרייכט, דאַרף מען אָנערקענען, אַז זאַנגווילס טעריטאָריאַליזם און פון די אַלע וואָס האָבן אים נאָכגעפאָלגט, איז געווען אַ היסטאָרישער טעות.

מיר זיינען אָבער גענייגט צו גלייבן, אַז די געשיכטע וועט מילדערער משפּטן זאַנגווילן און דעם טעריטאָריאַליזם, וועלכע איז אין ז יי ן צ יי ט און ביי די ד ע מ אָ ל ט ה ע ר ש נ ד ע אומשטענדן געווען פול און גאַנץ באַרעכטיקט. באַזונדערס צווייפלען מיר נישט אין דעם, אַז הערצל אַזוי ווי זאַנגוויל און זיינע אָנהענגער זיינען געווען גערעכט ווען זיי האָבן פאַרטיידיקט דעם אוגאַנדאַ־פּראָ־יעקט, ווייל פּונקט ווי מיר זעען איצט נישט קיין היפּוך צווישן קרים און ארץ ישראל, און מיר באַטראַכטן די קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד און אַרגענטינע אַלס דערגענצונג צו אונדזער הויפּט-קאָלאָניזאַטאָרישן נאַציאָנאַל־צענטער אין פּאַלעסטינע, אַזוי וואָלט אונדז נישט געשטערט, נאָר געהאָלפן, ווען די צעזייטע און צעשפּרייטע יידישע אי־מיגראַציע וואָלט אין משך פון די לעצטע צוויי צענדליק יאָרן, ביז דער באַלפור־דעקלאַראַציע געגאַנגען אין דעם קאָנצענטראַציע־פּונקט פון אוגאַנדאַ.

אויף דעם סמך זיינען מיר גענייגט צו באַטראַכטן זאַנגווילס פּונקט ווי אויך הערצלס אוגאַנדיזם אַלס צייכן און מאַניפעסטאַציע פון זייער גרויסער דיכטעריש־פּאָליטישער אינטואיציע.

ישראל זאַנגווילס בלאָנדזשעניש האָט זיך אָבער אָנגעהויבן ווען ער האָט זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג און איז געקומען צו דעם גאַלוועסטאָן-פּלאַן.

פון פּראַקטיש-אוטיליטאַריסטישן שטאַנדפּונקט איז אפשר געווען נוצלעך, וואָס מען האָט אָפּגעצויגן די יידישע אימיגראַציע אין די פּאַראייניקטע שטאַטן פון צפון, פון ניו־יאָרק און איסט און מען האָט געעפנט דורך דעם גאַלוועסטאָן־פּאָרט דעם דרום-טייל, אָבער פון נאַציאָנאַלן געזיכטס־פּונקט איז די גאַלוועסטאָן־אַרבעט געווען די פאַרלייקענונג פון דער טעריטאָריאַליסטישער צענטראַליזאַציע.

ישראל זאַנגוויל, וועלכער האָט אין זיין היסטאָרישער ייק"א־רעדע אַזוי ליידנ־שאַפטלעך באַקעמפט די יורשים פון באַראָן הירש, פאַרוואָס זיי צעשפּרייטן די יידי־שע אימיגראַציע איבער אַלע וועלט-טיילן, האָט פאַקטיש געטון דאָס זעלבע מיט זיין גאַלוועסטאָן־אַרבעט.

בכלל האָט זאַנגוויל אין דער צייט, ווען ער איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג, אַרויסגעוויזן זיך, אַז ער איז מער דיכטער ווי פּאָליטיקער, מער פּאָעט ווי פירער פון אַ פאָלקס־באַוועגונג, כאָטש אים זיינען נישט פרעמד געווען געניאַלע פּאָליטישע בליץ־איינפאַלן און געוואַגטקייט.

נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, ווען זאַנגוויל האָט זיך פאָרמעל אומגעקערט צום ציוניזם, האָט ער זיך אָבער שוין נישט אומגעקערט צו זיין אַמאָליקער פּאָזיציע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. צי איז אין דעם די שולד פון זאַנגווילן אָדער אין דער ציוניסטישער מאַשין, וואָס האָט אים,, ווי נאָרדויען, אין דעם נאָך באַלפור פּעריאָד נישט פאַרשטאַנען ווי אויסנוצן אָדער באַוואוסטזיניק אָפּגעשטופּט אין א זייט — דאָס וועט פאַר אונדז קלאָר ווערן שפּעטער, ווען עס וועט געשריבן ווערן די געשיכטע פון דעם ציוניזם אין דער נאָך־מלחמה תקופה.

זיין גרויסע פּאָליטישע געוואַגטקייט, און אומדערשראָקנקייט האָט זאַנגוויל צום לעצטן מאָל אַרויסגעוויזן אין זיין באַרימטער רעדע אויף דעם נאָרד־אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס אין ניו־יאָרק.

דאָס זעלבע שאַרפע, שווערד פון זיין שניידנדן וואָרט, וועלכן ער האָט אַמאָל באַנוצט קעגן דער ייק״א, האָט ער דאָס מאָל באַנוצט קעגן דער ציוניסטישער ליי־טונג און קעגן דער ענגלישער רעגירונג, וועלכע ער האָט אָפן באַשולדיקט, אַז זי האָט אָפּגענאַרט דאָס יידישע פאָלק און נישט מקוים געווען אירע הבטחות.

קיין פּאָליטיקער, קיין דיפּלאָמאַט און אחריותפולער פירער וואָלט זיך געוויס קיינמאָל נישט דערלויבט צו רעדן אין אַזאַ טאָן וועגן דער רעגירונג פון גרויס-בריט־טאַניע און וועגן די אַראַבער, נאָר דער דיכטעריש־קאַפּריציעזער און אומדערשראָקן־געוואַגטער און שטאָלצער י. זאַנגוויל האָט אַראָפּגערעדט פון זיין האַרצן מיט דער אָפנקייט און אויפריכטיקייט פון א קינד־פּאָעט, אַלץ וואָס ער האָט געפילט און געטראַכט...

צי איז גערעכט געווען דער טרוימער פון דער געטאָ, מיט זיין דיכטערישן שוואונג און אומבאַרעכנטקייט, אָדער די ניכטערע און קאַלט־טראַכטנדע פּאָליטיק פון געטאָ — דאָס וועט אַנטשיידן די צוקונפט.

אפשר איז שוין אַוועק די גאָלדענע צייט פון דעם גרויסן דריילינג דיכטער־פּאָליטיקער — הערצל, נאָרדוי, זאַנגוויל, כדי פריי מאַכן דעם וועג פאַר דער יידי־שער פּאָליטיק זיינען נויטיק געווען די גרויסע בליצנדע גייסטער און איצט איז גע־קומען די צייט פאַר ניכטערע בעלי־מוחות...

אויב אַזוי איז זאַנגווילן אויסגעקומען צו פאַרענדיקן אָט די וואונדערבאַרע תקופה פון אונדזער געשיכטע, ווען דיכטער און פּאָעטן האָבן אָנגעפירט מיט דעם גורל פון דעם יידישן פאָלק.

און אין דער גאָלדענער לעגענדע וועגן דעם לעצטן פערטל יאָרהונדערט פון דעם פרילינג-דערוואַכן פון דעם יידישן פאָלק, וועט זאַנגוויל לעבן צוזאַמען מיט הערצלען און נאָרדויען, און עס גילט פאַר אים דאָס וואָרט, מיט וועלכן ער האָט זיך געזעגנט מיט הערצלען:

— „דער טויט האָט דיך, מיין פּרינץ, געקרוינט מיט אַן אייביקער דעאַדעמע"...

(סעפּטעמבער 1926)

# באַראָן הירש דער הומאַניסט און רעפאָרמאַטאָר

(צו זיין הונדערטסטן געבורטסטאָג)

„איך האָב פאַרלוירן מיין זון אָבער נישט מיין יורש. די מענטשהייט וועט באַקומען מיין ירושה".

באַראָן הירש.

סער מאָנטעפיאָרע, באַראָן עדמונד ראָטשילד און באַראָן מאָריס דע הירש — דאָס זיינען די דריי גרויסע יידישע פיגורן וועלכע האָבן דערגרייכט דעם העכסטן שטאַפּל פון מאַכט און רום און זיינען נישט קאָרומפּירט געוואָרן פון זייער געלט־מאַכט און האָבן זיך נישט אומגעקערט מיטן רוקן צו זייער אָרעם און ליידנד פאָלק.

זיי זיינען דער גליקלעכער אויסנאַם צווישן די יידישע געלט־מאַגנאַטן און דער יידישער, לויט איר אָפּשטאַמונג אָבער נישט לויט איר נאַציאָנאַלן מהות, פינאַנס-אַריסטאָקראַטיע.

אונדזער גרויס־פינאַנס איז שטענדיק געווען די פאַרקערפערונג פון דער עקס־טרעמער און אַבסאָלוטער אַסימילאַציע, וואָס האָט פאַרלוירן יעדע ווייטסטע שייכות צום יידישן פאָלק.

און דאָס איז באַגרייפלעך!

בעת דער אינדוסטריעלער קאַפּיטאַל איז נאַציאָנאַל, ווייל ער איז צונויפגע־בונדן מיט אַ באַשטימטער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט און דערמיט אויך מיט דער נאַציאָנאַלער גייסטיקער און קולטורעלער סביבה, איז דער פינאַנס-און באַנק־קאַפּי־טאַל לויט זיין גאַנצן מהות אַ־נאַציאָנאַל, קאָסמאָפּאָליטיש.

דער פינאַנס-קאַפּיטאַל האָט נישט קיין פאָטערלאַנד, דאָרטן, וואו מען קען מאַכן געשעפטן — דאָרטן איז זיין פאָטערלאַנד. זיין לעמאַ איז: „אובי בענע — אובי פּאַטריאַ", דאָרטן, וואו מיר איז גוט — דאָרטן איז מיין היים...

און דערמיט דערקלערט זיך, וואָס די יידישע פינאַנס-פּלוטאָקראַטיע האָט זיך אַמשטאַרקסטן דערווייטערט פון דעם יידישן פאָלק און אין אירע רייען האָט גע־שלאָגן די טיפסטע וואָרצלען די אַבסאָלוטע אַלץ פאַרלייקנדע אַסימילאַציע.

באַראָן הירש, וועלכער האָט גוט געקענט זיינע קרייזן, האָט דערקלערט הערצלען:

„די רייכע יידן גיבן גאָרנישט, די רייכע זיינען שלעכט. זיי אינטערעסירן זיך נישט מיט די ליידן פון די אָרימע".

מאָנטעפיאָרע, ראָטשילד און הירש זיינען געווען דער יוצא מן הכלל, און דער־פאַר האָבן זיי געמאַכט אַזאַ טיפן רושם אויף די יידישע פאָלקס־מאַסן, אויף דער

יידישער פאָלקס־פאַנטאַזיע און זייערע נעמען זיינען אַרומגערינגלט מיט דעם אָרעאָל פון דער פאָלקס־לעגענדע.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז אויף באַראָן הירשן זאָל אויספאַלן די געהויבענע שליחות צו זיין דער אינסטרומענט, דער פּיאָנער פון דער נייער וואַנדערונג און נייע צילן פון אַ געשיכטלעכער עפּאָכע אינעם יידישן לעבן.

די פּאָגראָמען פון די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט אינעם אַלטן צאַרישן רוסלאַנד — האָבן געשאַפן אַ טיפן איבערברוך אינעם יידישן ווירטשאַפט־לעבן לעבן און האָבן אַרויסגערופן אַ ריין־סטיכישע באַוועגונג פאַר דעם איבערבויען פון דער יידישער עקאָנאָמיק אויף די געזונטע יסודות פון פּראָדוקטיווער אַרבעט און דערהויפּט אַגריקולטור.

„אין דער סאָכע ליגט די מזל־ברכה" — האָט געקלונגען דאָס פּאָפּולערע פאָלקס־לידל פון די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, און אין אָט דעם לידל האָט געשטעקט אומבאַוואוסטזיניק, אַ גאַנצע סאָציאַלע פילאָזאָפיע, אַ פּראָגראַם פון ראַדיקאַלן איבערבוי פון דעם יידישן עקאָנאָמישן לעבן.

די רוסיש־יידישע פאָלקס־מאַסן האָבן מיט זייער געזונטן נאַציאָנאַלן אינס־טינקט דערשפּירט, אַז די פּאָגראָמען פון די אַכציקער יאָרן זיינען געווען נישט בלויז אַ פּאָליטישער פענאָמען, נישט נאָר אַ פּאָליטישע דערשיינונג פון רגישות און פאַר־פאָלגונגען, זיי האָבן דערפילט אי אין די פּאָגראָמען, אי אין די איגנאַטיעווישע יידן־פיינדלעכע אויסנאַם־געזעצן אַן אָנזאָג, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן טרייסלען אונ־טער די יידישע פיס דער עקאָנאָמישער באָדן פון די אַלטע פאַרמיטלער־פּרנסות, אַז דער וואַקסנדער רוסישער קאַפּיטאַליזם און די אַנטשטייאונג פון אַ רוסישן פאַר־מיטלער־קלאַס, רייסט אַוועק ביי די יידן זייערע סוחריש־פאַרמיטלערישע באַשעפ־טיקונגען.

און אָט דער אינסטינקטיווער, אפשר נאָך נישט גאַנץ קלאָרער באַוואוסטזיין האָט געטריבן די רוסיש־יידישע פאָלקס־מאַסן צו דעם געדאַנק פון קאָלאָניזאַציע, פון זוכן נייע מער זיכערע און פונדאַמענטאַלע פּרנסות.

דאָס לידל „אין דער סאָכע ליגט די מזל־ברכה" איז געווען דער פאָלקס־פּאָע־טישער אויסדרוק פון דעם רייף־געוואָרענעם נייעם עקאָנאָמישן באַוואוסטזיין פון די יידישע פאָלקס־מאַסן.

און מיר זעען טאַקע, אַז די גרויסע איבערוואַנדערונגס־באַוועגונג צווישן די יידישע מאַסן אין די אַכציקער יאָרן האָט געטראָגן אין זיך גאַנץ אויסגעשפּראָכענע קאָלאָניזאַטאָרישע כוונות.

מען איז געפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן מיטן ציל צו באַקומען אַ פרייען צוטריט צו דער ערד.

די ערשטע יידישע אימיגראַנטן אין נאָרד־אַמעריקע „די בני משה", האָבן טאַ־

קע געמאַכט אַ פּרואוו צו שאַפן יידישע קאָלאָניעס אין ניו־דזשוירסי שטאַט און אַנדערע געגענטן פון דעם נייעם לאַנד.

די „בילוי“-באַוועגונג פון דער קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל איז אויך אינס-פּירירט געווען פון דער זעלבער צענטראַלער אידייע פון איבערבויען דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן אויף נייע פּראָדוקטיווע יסודות פון ערד־ארבעט, וואָס האָט באַ-הערשט אין יענער צייט די יידישע מוחות.

און אָט אין דער וויכטיקער איבערגאַנגס-עפּאָכע פונעם יידישן לעבן איז אוים־געקומען צו ווירקן דעם גרויסן יידישן פילאַנטראָפּ באַראָן הירש.

ער, וועלכער איז געשטאַנען ווייט און פרעמד צום יידישן לעבן, ווייט פון די צענטערן פון די יידישע מאַסן־ישובים, צו וועמען די יידישע דאגות און צרות, פּלאָגן און האָפנונגען האָבן זיך דערטראָגן נאָר ווי אַ ווייטער עכאָ, האָט מיט אַן אמת־געניאַלער אינטואיציע פון אַ גרויסן סאָציאַל־פּאָליטיקער און סאָציאַל-רעפאָר-מאַטאָר, דערשפּירט דעם צייט-גייסט און דעם געבאָט פון דער היסטאָרישער שעה און האָט גענומען אויף זיך די גרויסע שליחות צו העלפן די יידישע מאַסן אין זייער אינסטינקטיוון שטרעבן צו נייע עקאָנאָמישע לעבנס-פאָרמען.

היינט צו טאָג האָט זיך די אידייע פון קאָלאָניזאַציע און פּראָדוקטיוויזירונג פון די יידישע מאַסן שוין איינגעבירגערט אין דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן באַ־וואוסטזיין און איז געוואָרן אַן אלף־בית אמת, אָבער מיט פערציק יאָר צוריק האָט מען געדאַרפט פאַרמאָגן דעם חוש פון אַ נאָוואַטאָר, פון אַ ווייטזיכטיקן סאָציאַלן רעפאָרמאַטאָר, כדי אַוועקצושטעלן פאַר זיך אַזעלכע ברייט־שוואונגיקע עקאָנאָמיש-רעקאָנסטרוקטיווע צילן, ווי דאָס האָט געטון באַראָן הירש.

שוין פון די ערשטע שריט פון זיין הילפס-טעטיקייט אין די אַכציקער יאָרן, האָט באַראָן הירש באַוויזן, אַז ער איז פיל מער ווי אַ ווייכהאַרציקער פילאַנטראָפּ און סענטימענטאַלער בעל־צדקה, וואָס וואַרפט צו ברעקלעך פון זיין רייכן טיש צו זיינע אָרימע און ליידנדע „גלויבנס-גענאָסן“, לויט דעם מוסטער פון די אַסימילירטע מערב-אייראָפּעאישע יידישע בעלי־צדקה.

קומענדיק אין באַרירונג מיט די יידן פון אָריענט, בעת זיין גרויסער אייזנבאַן־בוי־טעטיקייט, האָט באַראָן הירש גלייך איינגעזען, אַז זיינע ליידנדע ברידער אין מזרח קענען נישט געהאָלפן ווערן דורך דער וואולגאַרער פילאַנטראָפּישער הילף, דורך נדבות פאַר שפּיטעלער און מושב זקנים. זיין ברייטהאַרציקע געלט-שטיצע האָט ער געגעבן אויף צו בויען אַלגעמיינע און פאַך־שולן, כדי צו הויבן דעם קולטור-מצב פון די אָפּגעשטאַנענע אָריענט־יידן און געבן זיי אַ וואָפן אין דער האַנט פאַר זייער קיום אַלס פּראָדוקטיווע מענטשן.

ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז נאָך אין אונדזערע טעג, בעת דער גראַנדיעזער יידיש־אַמעריקאַנער הילפס-אַקציע פון „דזשאָינט“ פאַר די יידישע מלחמה-קרבנות

אין אייראָפּע, איז אויסגעקומען נישט ווייניק צו קעמפן פאַר די פּרינציפּן פון קאָנס־טרוקטיוון רעליף, קענען מיר ערשט אין דער געהעריקער מאָס אָפּשאַצן דעם באַראָן הירשס סאָציאַל־ראַציאָנעלע הילפס־טעטיקייט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק.

שפּעטער, אין אָנפאַנג פון די ניינציקער יאָרן, ווען באַראָן הירש האָט זיך פאַר־אינטערעסירט מיטן גורל פון די רוסישע יידן, איז זיין ערשטע כוונה געווען צו העלפן זיי אויפן אָרט דורך אַ ראַציאָנעלער און שרייט־שוואונגיקער סיסטעם פון אַלגעמיינער פאַך־בילדונג, פאַר וועלכן צוועק ער האָט אַסיגנירט די ריזיקע סומע פון פּ ו פּ צ י ק מ י ל י אָ ן פראַנק.

ווי באַוואוסט, איז פון אָט דעם פּלאַן גאָרנישט געוואָרן. נישט קוקנדיק דע־רויף, וואָס דעם באַראָנס שליח, אַרנאָלד ווהייט, האָט אונטערגעקויפט דעם טרויעריק־באַרימטן צורר היהודים, פּאָבעדאָנאָסצעוו, אַוועקשענקענדיק אַ מיליאָן פראַנק פאַר די רוסישע קירכלעכע שולן, האָט די צאַרישע רעגירונג נישט דערלויבט באַראָן הירשן אונטערצונעמען זיין גרויסצוגיקע דערציהערישע אַרבעט.

דעמאָלט איז דאָס ביים באַראָן געבוירן געוואָרן זיין ריזן־פּלאַן פון דער מאַסן־קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.

ווען מען בלעטערט די כראָניק פון די רוסיש־יידישע צייטונגען פון די ניינצי־קער יאָרן זעט מען, וואָס פאַר אַ מערקווירדיקן קוואַל פון העלער באַגייסטערונג און שיער נישט משיחישע האָפנונגען עס האָט דערוועקט ביי די געפּלאָגטע און געפּייניקטע רוסישע יידישע מאַסן די בשורה פון דער אַרגענטינישער גאולה, וואָס דער נייער גואל באַראָן הירש האָט פאַר זיי געבאַכט.

און באמת איז געווען עפּעס ביבלישעס, אַ נייער יציאת מצרים אין דעם גראַנ־דיעזן פּלאַן פון באַראָן הירש, אַרויסצופירן אין פינף און צוואַנציק יאָר, דריי פערטל מיליאָן יידן פון דעם צאַרישן מצרים.

עס איז די שולד פון אַ גאַנצער רייע אָביעקטיווע, אומבאַזיגבאַרע סיבות, פאַר־וואָס דער גראַנדיעזער באַראָנישער פּלאַן איז נישט געוואָרן קיין ווירקלעכקייט.

אָבער, וואָס דער גורל האָט נישט געמאַכט פונעם באַראָן הירשס גראַנדיעזן חלום, קען מען נישט לייקענען, אַז דער פּלאַן פון דער יידישער מאַסן־קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע איז אינספּירירט געוואָרן נישט בלויז פון פילאַנטראָפּישער סענטי־מענטאַליטעט פון אַ ברייטהאַרציקן בעל־צדקה, נאָר פון דעם ברייט־שוואונגיקן גע־דאַנק פון אַ גרויסן סאָציאַל־פּאָליטיקער און סאָציאַל־רעפאָרמאַטאָר, וועלכער איז באַגייסטערט געווען פון דער גענייאַלער אַמביציע דורכצוברעכן נייע וועגן אין דער יידישער געשיכטע.

דורך דער גרויסער יידישער מאַסן־אויסוואַנדערונג פון צאַרישן רוסלאַנד, האָט באַראָן הירש געחלומט ראַטעווען מיליאָנען פון זיינע ברידער, לעזן די יידנפראַגע אין דעם גרעסטן יידישן מאַסן־צענטער און גלייכצייטיק פאַרענטפערן די יידן־פראָ־

בלעם אין וועלט-מאסשטאב, ווייל די שאפונג פון גרויסן יידישן טעריטאָריעלן צענ־
מער אין אַרגענטינע, וואָלט בלי ספק געווען דער וויכטיקסטער בייטראַג פאַר דער
לעזונג פון דער יידישער פראגע.

דער באַראָנישער חלום איז פאַרבליבן נישט מער, ווי אַ חלום, הויפּטזעכלעך
דערפאַר, וואָס נאָרד-אַמעריקע האָט „פאַרקאָנקורירט" אַרגענטינע. די לייכטערע
האַנדלס-אינדוסטריעלע מעגלעכקייטן אין דער ריזיקער צפון-אַמעריקאַנער רעפּוב־
ליק, האָבן אָפּגעצויגן דעם יידישן אימיגראַנטן מאַסן־שטראָם פון דעם שווערן קאָ־
לאָניזאַציע-וועג פון דרום אויף דעם וועג פון קלענערן ווידערשטאַנד — אין די
פאַראייניקטע שטאַטן.

די געשיכטע פון דער אוניווערסאַלער קאָלאָניזאַציע לערנט אונדז, אַז נאָר
אונטערן צוואַנג פון אַן אויסערלעכער מאַכט אָדער צוליב דער אינספּיראַציע פון אַ
פאַנאַטיש-רעליגיעזער אידייע, איז מעגלעך אַ דערפאָלגרייכע מאַסן-קאָלאָניזאַציע.

ענגלאַנד האָט אָנגעהויבן איר היסטאָרישע קאָלאָניזאַציע-אַרבעט, שיקנדיק
פאַרברעכער אין די נייע קאָלאָניעס. די פּיאָנערן פון דער ענגלישער קאָלאָניזאַציע
אין נאָרד-אַמעריקע, זיינען געווען די רעליגיעז-פאַרפאָלגטע עלעמענטן, וועמען דער
אידעאַל פון רעליגיעזער פרייהייט האָט געטריבן צו דער שווערער אַרבעט פון דעראָ־
בערן דאָס נייע לאַנד.

אין דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע האָבן געפעלט ענלעכע צו די
אָנגעוויזענע פאַקטאָרן, וואָס זיינען אַנטשיידנד ביי דעם דערפאָלג פון אַ מאַסן-קאָ־
לאָניזאַציע. דערצו האָבן זיך אין דער צייט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די יידישע
קאָלאָניזאַציע דאָ אין לאַנד, געעפנט אויב נישט קיין גרויסע, דאָך באַדייטנדע מעג־
לעכקייטן פאַר דער לייכטערער האַנדלס-אינדוסטריעלער טעטיקייט, וואָס האָט גע־
מוזט אָוועקנעמען דעם אימפעט פון דער קאָלאָניזאַטאָרישער אַרבעט.

אָט די אָנגעוויזענע סיבות צוזאַמען מיט די טעכניש-קאָלאָניזאַטאָרישע און
אַדמיניסטראַטיווע טעותן פון די יורשים פון באַראָן הירש, וואָס זיינען טיילווייז,
געווים נישט אינגאַנצן, געווען אומפאַרמיידלעך, ווייל מיר זיינען דאָך נישט אַ פאָלק
פון קאָלאָניזאַטאָרן און אונדז האָט געפעלט קאָלאָניזאַטאָרישע דערפאַרונג, האָבן
געווירקט, אַז אַרגענטינע זאָל נישט ווערן דאָס לאַנד פון דער יידישער מאַסן-קאָלאָ־
ניזאַציע, און דער גרויסער חלום פון באַראָן הירשן זאָל נאָר פאַרווירקלעכט ווערן
אין זיין מינימאַלסטן טייל.

די היסטאָרישע חשיבות און די מאָראַלישע גרויסקייט פון באַראָן הירשס
גראַנדיעזן פּלאַן, ווערט אָבער נישט פאַרמינדערט דורך דעם וואָס אָביעקטיווע און
אומבאַזינבאַרע אומשטענדן האָבן געשטערט די פאַרווירקלעכונג.

באַראָן הירש פאַרבלייבט אין דער יידישער געשיכטע אַלס איינע פון די באַ־

דייטנדיקסטע און נאָבעלסטע פּערזענלעכקייטן פון אונדזער צייט. ער האָט אין דער פולער מאָס פאַרדינט דעם טיטל פון גרויסן יידישן סאָציאַל־רעפאָרמער, וועלכער האָט געזוכט און מיט זיין געניאַלער אינטואיציע כמעט מיט האַלבן יאָרהונדערט צו־ריק געפונען דעם וועג, אויף וועלכן עס וועט גיין די סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכע ווי־דערגעבורט פון דעם יידישן פאָלק.

:: :: ::

באַראָן הירש איז געווען דער מענטש פון טאַט און נישט דער מענטש פון גע־דאַנק און דערפאַר ווייסן מיר זייער ווייניק וועגן זיין גייסטיקער פיזיאָנאָמיע.

פאַר אים רעדן הויפּטזעכלעך זיינע מעשים.

אָבער פון דעם ווייניקן, וואָס אונדז איז באַקאַנט וועגן זיין גייסטיקן פּרצוף, באַקומט זיך דאָס בילד פון אַ פּערזענלעכקייט פון הויכן עטישן ווערט.

זיין באַקאַנטע סענטענץ, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט נאָך דעם טויט פון זיין איינציקן זון — „איך האָב פאַרלוירן מיין זון אָבער נישט מיין ירוש — די מענטש־הייט וועט באַקומען מיין ירושה“, איז גענוג צו וואַרפן אַ העלן ליכט אויף דער נאַ־בעלער גרויסקייט פון באַראָן הירש, וועלכער קען פאַררעכנט ווערן צווישן די באַ־דייטנדסטע הומאַניסטן, וואָס די מענטשהייט האָט פאַרמאָגט, און דאָס יידישע פאָלק האָט דאָס רעכט צו זיין שטאָלץ, וואָס דאָס גאָלד האָט נישט דערשטיקט דאָס מענטשלעכע אין דעם גרעסטן געלט־יידן, וואָס מיר האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך.

(דעצעמבער 1931)



# אויף דעם פרישן קבר פון אַ טרוימער און קעמפער

(צום טויט פון דר. נ. סירקין)

געשטאָרבן סירקין.

אין מוח וויל נישט אַריינדרינגען דער געדאַנק, אַז דער אומדערשעפּלעכער קוואַל פון לעבן, פון לעבנס-דורשט און לעבנס-ענטוזיאַזם האָט אויפגעהערט צו שלאָגן, אַז מיר, די אַלוועלטלעכע פּועלי ציון באַוועגונג, דאָס יידישע פאָלק, די יידישע פּובליציסטיק האָבן אויף שטענדיק פאַרלוירן דעם גרויסן אוצר פון דערהויבענע געדאַנקען, פונעם נביאישן פּאַטאָס, דעם אומרואיקן שטורמישן גייסט, דעם וועג־ווייזער און העלדישן ריטער פון דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונגס־באַוועגונג, דעם שעפּער פון דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן געדאַנק, און טאַט.

סירקין געשטאָרבן!

מיר האָבן אונדזער זשאָרעסן, אונדזער מאַדזיני פאַרלוירן.

פּוסט וועט בלייבן זיין פּלאַץ.

נישטאָ קיינער ווער ער זאָל זיין אָרט פאַרנעמען.

ער איז געווען דער איינציקער גרויסער ש ב ת ־ מ ע נ ט ש אין אונדזערע רייען. אַזעלכע מענטשן ווי סירקין ווערן איינמאָל געבוירן, פּונקט ווי די הערצלס, זשאָרעס און מאַדזיניס.

מיר האָבן געהאַט און האָבן אויך איצט באַדייטנדע, טאַלאַנטפולע פּערזענלעכ־קייטן אין דער ציוניסטישער און יידיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אָבער סירקין איז געווען דער איין־און־איינציקער אין וועמענס נשמה עס האָבן זיך אַזוי פרידלעך, אַזוי סינטעטיש צוזאַמענגעלעבט די צוויי גרויסע אידייען פון אונדזער צייט: דער געדאַנק און די פלאַמענדע ליידנשאַפט פון דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג פון דעם אונטערדריקטן פאָלק צווישן אַלע נאַציעס און די דערהויבענע שטרעבונג צו אַ נייער שיינער וועלט פון סאָציאַלן יושר.

דער נאַציאָנאַלער און פּראָלעטאַרישער גאולה-געדאַנק האָבן זיך אין סירקינס מוח, נשמה און האַרצן צונויפגעגאָסן אין איין גרויסער נביאישער ליידנשאַפט, מיט וועלכער ער האָט שטענדיק געפלאַמט און באַשטראַלט און דערוואָרעמט אַלעמען, וועלכע האָבן געהאַט דאָס גליק צו גיין מיט אים דעם שווערן וועג פון נסיונות, אַנטוישונגען און האָפנונגען פון דער פּיאָנערן-צייט פון ציוניסטישן סאָציאַליזם.

:: :: ::

פון פאַרשידענע קוואַלן שטראָמט דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער געדאַנק.

צוזאַמען מיט דעם גרויסן אויפשוואונג פון דער יידישער רענעסאַנס־באַוועגונג, בעת אויף דער סצענע האָט זיך געוויזן דער גרויסער הערצל, איז אויך אַנטשטאַנען דער געדאַנק פון סאָציאַליסטישן ציוניזם אין פאַרשידענע ווינקעלעך, וואו עס האָט געלעבט, געטראַכט און געזוכט די יידישע אינטעליגענץ.

דאָס איז ער געווען דער ערשטער, וועלכער האָט ביים ערשטן ציוניסטישן באַזעל־קאָנגרעס געוואָרפן דעם לאָזונג: דער יידנשטאַט מוז זיין אַ סאָציאַליסטישער שטאַט!

אמת, גלייכצייטיק מיט סירקינען האָבן די קריייזלעך פון די אַזוי־גערופענע אַרבעטער־ציוניסטן אין ווילנע, מינסק און וואַרשע אויך געזוכט דעם וועג ווי אַזוי צו פאַרבינדן אין איין געדאַנקען־גאַנצקייט די שטרעבונג צו נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג, אָבער אין סירקינס בערלינער „המון“ און „השחר“ האָבן מיר צום ערשטן מאָל דערהערט די בשורה פון ציוניסטישן סאָציאַליזם.

שפּעטער שוין זיינען געקומען באָראָכאָוו, לעשטשינסקי, בערטאָלדי און אַנדערע, וועלכע האָבן סירקינס קערן־אידייע פון סאָציאַליסטישן ציוניזם פאַרוואַנדלט און אויסגעשמידט צו אַ דיסציפּלינירטער וועלט־אַנשויאונג.

:: :: ::

צום ערשטן מאָל האָב איך באַגעגנט סירקינען מיט צוויי צענדליק יאָר צוריק אויף דער ערשטער אומלעגאַלער קאָנפערענץ פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז פאָרגעקומען אין ביאַליסטאָק אין דעם הויז פון דעם באַקאַנטן ציוניסט ראָזענטאַל, וועלכער האָט אונדז אויף דריי טעג און נעכט אָפּגעגעבן זיין זומער־וואוינונג, שטעלנדיק אין ריזיק זיין אייגענע פרייהייט.

אויף דער ביאַליסטאָקער קאָנפערענץ איז געווען סירקינס ערשטער דעביוט נאָך זיין אָנקומען פון אויסלאַנד.

דער פאָטער פון סאָציאַליסטישן ציוניזם האָט זיך דאָ צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט זיינע „קינדער“, מיט דער לעבעדיקער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע איז אַנטשטאַנען אין אַלע שטעט פון פוילן און ליטע און איז אינטואיטיוו, אָן דער דירעקטער ווירקונג פון סירקינען געגאַנגען אין זיינע וועגן.

אין דער אַטמאָספער פונעם טרוקענעם טעאָרעטישן פּלפּול און פּראָגראַם־דאָגמאַטיזם, אין וועלכן עס איז געווען געשמידט אין יענע צייטן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג בכלל און דער ציוניסטישער סאָציאַליזם בפרט, האָבן מיר דורך סירקינס מויל דערהערט צום ערשטן מאָל די שטימע פונעם נביאישן פּאַטאָס און דערפילט אַ באַפליגלטן אידייען־שוואונג.

מיר האָבן אין סירקינען גלייך ביי זיין ערשטן אַרויסטרעט דערשפּירט דעם

פארקערפערטן גלגול פון אַ משה העם, וועמענס סאָציאַליזם און ציוניזם איז נישט אַ קאָפּ און בוך־סברה, נאָר וועמענס אידייען שטראָמען פון דער יידישער געשיכטע און זיינען באַהויכט מיטן גייסט פון דער יידישער נבואה.

אויב ביז אַהער האָבן מיר זיך געשפייזט מיט טרוקענער מוח־אַרבעט, וועלכע האָט זיך באַמיט צו מאַכן דעם טעאָרעטישן שדוך צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם און כשרן אים אין די אויגן פון „בונד" און דער יידישער אַרבעטערשאַפט, האָבן מיר אין סירקינס ערשטער רעדע דערפילט די אומענדלעכע פּאָעזיע, די טיפע היס־טאָרישע ראָמאַנטיק פון דעם ציוניסטישן סאָציאַליזם, וועלכער שעפּט זיין יניקה אין דער יידישער נביאות און יידישער געשיכטע.

סירקין האָט גלייך געוואונען די הערצער און נשמות פון אַלע דעלעגאַטן און איז באַלד געוואָרן דער ליבלינג פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטערשאַפט אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן און ליטע, וואו עס האָט זיך פאַרוואָרצלט די ציוניסטישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין די יאָרן פאַר און נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע פונעם אָקטאָבער.

נאָר די טרוקענע מוח און פּראָגראַם־מענטשן האָבן געקוקט אַביסל קרום אויף דעם ראָמאַנטישן אידעאַליסט, וועלכער האָט נישט געברויכט די אָנגענומענע פאָר־מולעס און שפּראַך פון דעם פּאַרטיי־זשאַרגאָן פון יענע צייטן...

עס איז נאָכדעם געקומען דער ערשטער אָפיציעלער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער (ס. ס.) פּאַרטיי אין לייפּציג.

דריי וואָכן נאָכאַנאַנד האָבן מיר, אַ פערציק דעלעגאַטן פון די הויפּטשטעט פון פּוילן, ליטע און זיד־רוסלאַנד, זיך געמאַטערט אין דעם גאַסטפריינדלעכן רויטן זאַקסן צו פאָרמולירן דאָס פּראָגראַם פון ציוניסטישן סאָציאַליזם און אַריינקלעמען די יידישע ווירקלעכקייט אין די פאַרטיקע מאַרקסיסטישע פאָרמולעס פון היסטאָ־רישער נויטווענדיקייט און קלאַסן־קאַמף.

די אַרבעט איז נישט געווען קיין לייכטע. מאַרקס האָט נישט געשאַפן זיין תורה פאַר דער יידישער ווירקלעכקייט, ער האָט דאָך פאַר זיך געהאַט דעם מאָדעל פון ג ר ו י ס ־ ב ר י ט א נ י ע און פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז געווען שווער אַריינפּאַסן אות באות דעם מאַרקסיזם צו די נויטן, באַדערפענישן און צילן פון דער יידישער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג; עס איז צוליב דעם פאָרגעקומען אויף דעם לייפּציגער צוזאַמענפאָר דראַמאַטישע סצענעס און מענטשן האָבן אַזש געוויינט פון פאַרצווייפלונג, נישט קענענדיק געפינען אַ כשרע מאַרקסיסטישע פאָרמולע פאַר זייערע שטרעבונגען.

סירקין האָט מיט טיפן טרויער צוגעקוקט דעם ספּעקטאַקל, ווי אַזוי די פירער פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, די סמעטענע פון דער יידישער אַרבעטער־אינטעליגענץ, האָט זיך דעם קאָפּ געבראָכן ווי אַזוי צו אויסאַרבעטן אַ

מאַרקסיסטישן הכשר פאַר דעם הייליקן ווילן פון דעם יידישן פאָלק און דער יידי־שער אַרבעטערשאַפט נאַציאָנאַל און סאָציאַל זיך באַפרייען.

מיט צאָרן, אמונה און שטראָף האָט געברויזט זיין רעדע צום צוזאַמענפאָר.

„מיר דאַרפן האָבן אַ טעריטאָריע און נישט קיין טעאָריע" — האָט ער מיט בייסנדן סאַרקאַזם פאַרענדיקט זיין רעדע.

דער צוזאַמענפאָר איז געקומען צו זיך פון סירקינס אָפּמונטערונג. מיר זיינען מיט זיין הילף אַרויסגעקראָכן פון דעם מדבר פון טעאָרעטישן פּלפּול.

עס קומט נאָכדעם דער אוגאַנדאַ־קאָנגרעס. סירקין דער ראָמאַנטיש־פאַרליבטער פּאַלעסטינעזער וואַקלט נישט קיין איין מאָמענט מיטצוגיין מיט הערצלען, וועמעס באַגייסטערטער באַוואונדערער עס איז שטענדיק געווען, און נעמט אָן דעם אוגאַנ־דאַ־פּראָיעקט.

דער זיבעטער ציוניסטישער קאָנגרעס ברענגט צו דער דראַמאַטישער שפּאַל־טונג. די אוגאַנדיסטן פאַרלאָזן דעם קאָנגרעס און די ציוניסטישע באַוועגונג.

דר. סירקין איז געווען איינער פון די דעלעגאַטן פון דער ס. ס. פראַקציע אויפן קאָנגרעס, בעת עס איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן דער אוגאַנדאַ־פּראָיעקט האָבן די ס. ס. צוזאַמען מיט די בירגערלעכע טעריטאָריאַליסטן פאַרלאָזן דעם קאָנגרעס און סיר־קין צוזאַמען מיט זיי.

און מיינע חברים האָבן מיר נאָכדעם דערציילט:

בעת די ס. ס. פראַקציע האָט קאַמפּס־לוסטיק און אונטער די קלאַנגען פון דער שבועה פאַרלאָזן דעם קאָנגרעס־זאַל, האָט סירקין אויסגערופן:

„מיר האָבן פאַרלאָזן דעם דרך־המלך!"...

און נישט לאַנג האָט געדויערט סירקינס צעשיידונג מיט ארץ ישראל.

עס האָט אים גלייך צוריק געצויגן צום דרך־המלך.

נאָר אַ קורצן מאָמענט האָט ער געגלויבט, אַז מ'קען נעמען פון ארץ ישראל די אמונה פון די אַפּאָסטאָלן און דעם גלויבן פון די נביאים און פאַרלאָזנדיק דאָס לאַנד פון די אבות גיין אין דעם לאַנד פון די קינדער...

שנעל, זייער שנעל האָט ער זיך איבערצייגט, אַז דאָס לאַנד פון די אבות מוז אויך ווערן דאָס לאַנד פון די קינדער, דאָס לאַנד פון דער יידישער צוקונפט.

גלייך ווי עס איז אויסגעבראָכן די יונג־טערקישע רעוואָלוציע איז ער אַרויס מיט דער באַרימטער ווענדונג צו די חברים פון דער ס. ס. פּאַרטיי, אַז זיי זאָלן זיך אומקערן אין די רייען פונעם פּאַלעסטינישן ציוניזם.

„דער שופר של משיח בלאָזט איבער די יידישע חורבות" — האָט גערופן צו אונדז דר. סירקין, פאַרנעמט זיין שפּראַך און קערט זיך אום צוריק אויף דעם פאַר־לאָזענעם דרך־המלך.

אונדז, די ס. ס., איז אָבער באַשערט געווען צו בלאָנדזשען נאָך אויף די טערי־

מאַטעריאַליסטישע מדבר־וועגן. מיר האָבן זיך נישט צוגעהערט צו סירקינס פּראָפעטי־שער שטים, און ער איז אַוועק אַליין צום ציוניזם און איז אַריינגעטראָטן אין דער פּועלי־ציוניסטישער פּאַרטיי.

ס'האָט זיך פאַר אים פאַרענדיקט די טראַגישע צייטווייליקע צעשיידונג מיט ארץ ישראל און ער האָט זיך מיט דעם גאַנצן ברען פון זיין גרויסער נשמה אריינגע־וואָרפן אין דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער ארבעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

אויב היינט צו טאָג האָט דער געדאַנק פון ארץ ישראל אָנגעהויבן באַהערשן די מוחות און הערצער פון צענדליקער טויזנטער יידישע אַרבעטער אין נאָרד־אַמע־ריקע, איז דאָס דער פּועל־יוצא פון דר. סירקינס פּראָפּאַגאַנדע פאַר די לעצטע יאָרן, וועלכע האָבן געהאָלפן צו פאַרשטאַרקן די נאָרד־אַמעריקאַנער פּועלי ציון פּאַרטיי און די ליבע און צוגעבונדנקייט צו ארץ ישראל ביי דער יידיש אַמעריקאַנער אַר־בעטערשאַפט.

נישט לייכט זיינען אָנגעקומען פאַר סירקינען די יאָרן, וואָס ער האָט אָפּגע־לעבט אין נאָרד־אַמעריקע פון נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905, ביזן טאָג פון זיין טויט.

אין דער מגושמדיקער, מאַטעריאַליסטישער ביזנעס־סביבה פון ניו־יאָרק וואו עס הערשט די קאַלטע ניכטערקייט און פּאָליטישע אויסגערעכנטקייט, וואו אידעאַ־ליזם און טרוימערישע פאַנטאַזיעס זיינען אַ וויניק גאַנגבאַרער אַרטיקל, האָט ער געלעבט אין דער אייגענער וועלט, וואָס ער האָט זיך געשאַפן, אַ טרוימערישע וועלט פון באַגייסטערנדע זעאונגען פון אַ נייעם שטאָלצן יידנטום, פון אַ נייער יידישער אַרבעטערשאַפט, וואָס איז באַפרייט פון די גשמיותדיקע כלומרשט סאָציאַליסטישע באַגריפן און שטרעבונגען און איז אינספּירירט און באַפליגלט מיט דער גרויסער מיסיע צו שאַפן אַ נייע יידיש־סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט אין ארץ ישראל, וואָס זאָל מאַכן דאָס נייע ירושלים פאַר אַ וועגווייזער פון דער גאַנצער מענטשהייט.

אין דער צייט פון די שווערסטע נסיונות האָבן מיר סירקינען קיינמאָל נישט געזען מיט אַ געפאַלענעם געמיט, ווייל די פאַקטן און טאַט־זאַכן פון דער ווירקלעכ־קייט האָבן אויף אים געהאַט אַ קנאַפּע השפּעה, זיין באַגייסטערונג, זיין טיפע ליידנ־שאַפטלעכע אמונה אינעם ציוניסטישן סאָציאַליזם און זיין אומפאַרמיידלעכן נצחון האָט ער געשעפּט פון זיך אַליין, פון די טיפע, אומדערשעפּלעכע קוואַלן פון זיין גרויסער נשמה, פון זיין דיכטעריש־בונטארישן האַרץ.

סירקין רעדנדיק וועגן הערצלען, האָט געזאָגט, אַז ביי היינען האָט ער גענומען דעם יידנשמערץ און ביי לאַסאַלן זיין שטאָלצנעם ווילן פון סאָציאַלן שאַפן.

און מיר דוכט זיך, אַז אָן שום גוזמא קענען מיר דאָסזעלבע זאָגן וועגן דעם פאָטער פון סאָציאַליסטישן ציוניזם.

סירקין איז פונקט ווי הערצל געווען אַ דיכטער־פּאָליטיקער און פאַרטרוימטער פילאָזאָף, אַ וועג־ווייזער און פאָראויסזעער.

זייענדיק זיין גאַנצן לעבן אַן אַקטיוועו געזעלשאַפטס-מענטש, אַ פּאַרטיי־מאַן, אַן אומרואיקער שטורמער, איז ער דאָך געווען זייער אָפט איינזאַם און נישט פאַר־שטאַנען. סיי אין די רייען פון דער ס. ס.-פּאַרטיי ווי שפּעטער אין די רייען פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג איז ער אָפטמאָל נישט פאַרשטאַנען געוואָרן און אפילו באַ־קעמפט געוואָרן.

ער האָט געהאַט אַ צו ברייטע דיכטערישע נשמה. אין אים האָבן געשטורמט צו הויך-באַפליגלטע געדאַנקען און שטרעבונגען ער זאָל זיך קענען שטענדיק אריינ־פּאַסן אין דעם ענגן מונדיר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

און דערפאַר איז אים אויסגעקומען זייער אָפט צו זיין אין דער לאַגע פון ד אָ ק ט אָ ר ש ט א ק מ א ן, איינזאַם און נישט פאַרשטאַנען...

מיר זיינען דאָך נישט מסוגל שטענדיק זיין אין אַ שבת־שטימונג און באַגרייפן שבתדיקע פאַרלאַנגען.

און דר. סירקין איז דאָך געווען אונדזער ר' שלמה, וועלכער האָט געהאַסט בתכלית השנאה די וואָך און וואָכעדיקייט און האָט געשטרעבט צום שטענדיקן שבת...

סירקין איז שוין מער נישטאָ.

נישט קיין פּאַרטיי-פירער, נישט בלויז אַ לערער און וועגווייזער האָבן מיר פאַרלוירן.

מיר זיינען יתומים געוואָרן. ס'האָט זיך אויסגעלאָשן אַ גרויסע פייערלעכע ליכט, וואָס האָט פאַר אונדז געדינט אַלס עמוד־האש.

אָרימער איז געוואָרן די אַלוועלטלעכע פּועלי-ציון־באַוועגונג, בלאַסער וועט ווע־רן די יידישע פּובליציסטיק, זי האָט פאַרלוירן דעם, וואָס האָט אין איר אַ נבואה־טאָן אריינגעטראָגן, און אונדזער נאַציאָנאַלע באַוועגונג האָט פאַרלוירן דעם מאַדזיני פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן באַפרייאונגס־קאַמף, דעם וואָס האָט געטראָגן אין זיך דעם שיקזאַל פון דעם יידישן פאָלק, פון זיין קולטור און די האָפנונג פון אויפ־וואַכנדן יידישן אַרבעטער־קלאַס.

נישטאָ מער סירקין צווישן אונדז!

מיר האָבן אונדזערע פליגלען פאַרלוירן און קיינער, קיינער וועט אים אונדז נישט פאַרבייטן.

---

# „די גאָלדענע קייט"

(צו פּרצס צענטן יאָרצייט)

„...נאָר איין דיכטער מוז קומען, נאָר איין
בוך מוז געשאַפן ווערן, און דעם דיכטער פון
לעצטן וואָרט מוזן מיר געבן נאָר אונדזער משיח
איז נאָך נישט געקומען, נאָר ער דאַרף ערשט
קומען און נישט נאָר פאַר אונדז אַליין, אויס־
געלייזט מוז ווערן די וועלט..."

י. ל. פּרץ, „דער דיכטער,
דאָס בוך און דער לעזער".

שלום עליכם האָט אין זיין צוואה פאַרזאָגט, אַז אין דעם טאָג פון זיין יאָרצייט זאָל מען זיך פאַרזאַמלען און לייענען פון זיינע פריילעכסטע און לוסטיקסטע מעשה־לעך און מיט הילכיקן געלעכטער ערן זיין אָנדענק.

פּרץ איז געשטאָרבן פּלוצלינג מיט דער פעדער אין דער האַנט שרייבנדיק אַ קינדער־לידל. פּרץ האָט אונדז קיין צוואה נישט געלאָזן.

אָבער עס קען קיין ספק נישט זיין, אַז ווען פּרץ וואָלט יאָ געטראַכט וועגן אַ צוואה פאַר דעם „לייענער, וואָס זיין נאָמען איז פאָלק", וואָלט ער אונדז פאַרזאָגט, אַז די הזכרה נאָך אים זאָל געפייערט ווערן דורכן לייענען און אויפפירן פון זיין ליבלינגס־ווערק, פון אונדזער איינציקער דערוויילּ נאַציאָנאַלער דראַמע „די גאָל-דענע קייט".

און איך גלויב, אַז אונדזער העכסטע פאַרערונג פאַר דעם גרעסטן דיכטער פון אונדזער נייער ליטעראַרישער תקופה, וועלן מיר ברענגען צום אויסדרוק, ווען מיר וועלן זיך אַריבערטראָגן אין גייסט פון דער גרויסער אידייען־וועלט פון דער „גאָל־דענער קייט" און וועלן נאָכאַמאָל איבערלעבן מיטן דיכטער זיין „ענוימדיקן וועג פון זוכן דראַמאַטיש צו פאַרקערפּערן דעם העכסטן שוואונג, דעם עלית-נשמה פון דעם אַלטן פאָלק מיט אַ גלאַנץ־שטראַלנדיקער פאַרגאַנגענהייט, וואָס גייט אַ לאַנגן בלוטיקן מאַרטירער-וועג צו אַ פּראָפעטיש געהלומטער צוקונפט"...

פּרצס העכסטער חלום, זיין גרויסע שעפערישע אַמביציע איז שטענדיק געווען צו שאַפן די יידישע נאַציאָנאַלע דראַמע, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען דעם שטראַלנדן עבר און די נביאיש־געחלומטע צוקונפט.

„אַנדערע פעלקער — האָט ער געזאָגט, — האָבן די זון הינטער זיך, רוימער און גריכן ווייסן פון אַ גאָלדענער צייט, נאָר אונדזער משיח איז נאָך נישט געקומען, נאָר ער דאַרף ערשט קומען און נישט נאָר פאַר אונדז, פאַר זיין פאָלק אַליין...

געמשפּט און אויסגעלייזט מוז ווערן די וועלט. פון מענטשלעכער טראַגעדיע מוז באַפרייט ווערן די וועלט...

נאָך איין דיכטער מוז קומען, נאָך איין בוך מוז געשאַפן ווערן, און דעם דיכ־טער פון לעצטן וואָרט מוזן מיר געבן...״

און ווער עס האָט געלייענט און איינגעזאַפּט אין זיך פּרצס „גאָלדענע קייט״, ווער עס האָט אויפמערקזאַם נאָכגעפאָלגט פּרצס שעפעריש־יסורימדיקן וועג, ווי אַזוי עס זיינען אין משך פון לאַנגע יאָרן געבוירן געוואָרן די פאַרשידענע וואַריאַנטן, נוס־חאות פון דער דראַמע פאַר דעם איז קלאָר, אַז דער פראָמעטעאוס־פייער, וואָס האָט געברענט אין פּרצס נשמה, אַז זיין העכסטע דיכטערישע לײדנשאַפט איז געווען צו זיין דער מחבר פונעם א יי ן בוך, וואָס דאַרף נאָך באַשאַפן ווערן און צו זיין דער דיכטער פון דעם ל ע צ ט ן וואָרט, וואָס עס דאַרף זאָגן דאָס אַלטע פאָלק, וואָס וואַרט נאָך אויף דעם משיח פאַר זיך און פאַר דער וועלט.

און זוכנדיק דעם שטאָפלעכן מאַטעריאַל פאַר זיין געחלומטער נאַציאָנאַלער דראַמע איז פרץ אַוועק צום עבר, צו דער דערהויבענער עפּאָכע פון חסידיזם. דאָרטן, וואו ער האָט שוין אין זיינע דערציילונגען אָפּגעקליבן אַזוי פיל דיאַמאַנטן.

די גראָע און בלייכע ווירקלעכקייט האָט אים נישט געקענט געבן קיין פערספּעק־טיוו פאַר זיין דראַמע. די העלדן און די סביבה פאַר דער „גאָלדענער קייט״ האָט ער געזוכט אין דער חסידישער וועלט, וועמענס שטראַלנדע שיינקייט ער האָט שוין פריער קינסטלעריש אַנטדעקט.

לכתחילה האָט זיך פרץ, קענטיק, געשטעלט אַ באַגרעניצטע אויפגאַבע, דראַמאַ־טיש צו שילדערן בלויז דעם באַרג־אַראָפּ שטייגן פון דעם חסידיזם, זיין זינקען פון דער באַרג־הויכקייט פון בעל שם טוב און רבי נחמן בראַסלאַווער צו די נידעריקע מאָלן פון דער איצטיקער קאַריקאַטור פון חסידיזם.

דער ערשטער נוסח פון „דער גאָלדענער קייט״ וואָס איז דערשינען צום ערשטן מאָל אין העברעאיש אונטער דעם באַשיידענעם טיטל „חורבן בית צדיק״ (השלוח 1903) האָט געטראָגן אַ ריין רעאַליסטישן כאַראַקטער און האָט זיך געהאַלטן אין די ראַמען פון אַ חסידיש פאַמיליען־דראַמע: מען האָט קוים, קוים באַמערקט די כוונות פונעם דיכטער אויסצונוצן דעם חסידישן שטאָף פאַר אַ סימבאָלישער דראַ־מע, וואָס זאָל טראָגן אַ יידיש־אַלמענטשלעכן כאַראַקטער.

ערשט אין דעם צווייטן נוסח, ווען די דראַמע איז אויפגעפירט געוואָרן אין יידיש אונטערן נאָמען „דער נסיון״ האָבן זיך אָנגעהויבן מערקן אין איר סימבאָלי־שע טענדענצן... אָבער די שוואַכקייט פון צווייטן וואַריאַנט, וואָס איז באַקאַנט אונ־טערן נאָמען „דער נסיון״ איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דאָרטן האָט זיך געפילט שטאַרק די השפעה פון ביערסאָנס דראַמע „איבער אונדזער קראַפט״.

ערשט אין 1906 איז דערשינען דער דריטער נוסח פון דער דראַמע אונטערן

מיטל „די גאָלדענע קייט“ און דאָ ווי אין די שפּעטערע באַארבעטונגען (עם זיינען אין געדרוקטער פאָרם פינף נוסחאות פון דער דראַמע און אין מאַנוסקריפּט דאַרפן וואַרשיינלעך זיין פיל מער וואַריאַנטן) קומט שוין בולט צום אויסדרוק דער שפּעטער ווילן פונעם דיכטער אויסצונוצן דעם חסידישן שטאָף אַלס אַ מיטל, אַלס מאַטעריאַל פאַר אַ נאַציאָנאַלער דראַמע, וואָס זאָל אין זיך פאַרקערפּערן די העכסטע אידעאַלן און משיח־שטרעבונגען פונעם יידישן פאָלק.

דער הויפּט־העלד פון דער „גאָלדענער קייט“ די גרויסע ליכטיקע פּערזענלעכקייט פון דעם אַלטן רבי שלמה פאַרקערפּערט קינסטלעריש אַלע אידייען, וועלכע פּרץ האָט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אויסגעדריקט פּובליציסטיש.

אין זיין אויבן ציטירטן אַרטיקל, „וועגן דעם דיכטער, דעם בוך און דעם לעזער“ האָט פּרץ, ריידנדיק וועגן דער עוואָלוציע פון דעם גאָט־געדאַנק ביי יידן געזאָגט:

„פונעם גאָט פון אברהם, יצחק ויעקב זיינען מיר געגאַנגען צום גאָט פון ישראל און צום גאָט פון דער וועלט. ווערט גאָטס פאָלק פאַרשפּרייט איבער דער וועלט, מוז קומען משיח פאַר דער גאַנצער וועלט. דאָ הערט שוין אויף אונדזער חלום פון דער וועלט, מיר שפּאַרן אין הימל אַריין“.

און ר׳ שלמה אין דעם איינציק געלונגענעם און מערקווירדיקן לויט זיין אוניווערסאַלן פּאַטאָס ערשטן אַקט פון דער דראַמע „די גאָלדענע קייט“ האַלט כסדר אין טענהן, אַז ער וויל נישט מאַכן קיין הבדלה, אַז שבת מוז זיין אין דער וועלט, געמשפּט און אויסגעלייזט מוז ווערן די גאַנצע וועלט, וועלכע זינקט אין מרה־שחורה און מוז אויסגעלייזט ווערן.

בעת דער המון, די מחנה חסידים, וואָס רינגלען אַרום זייער גרויסן רבין טראַכטן עגאָאיסטיש נאָר וועגן זייער אייגן פּיין און לייד, בעטן פאַר זיך, פאַר אייגן ווייב און קינד, און קענען זיך נאָר דערהויבן אין בעסטן פאַל צו די ליידן פון זייער אייגן פאָלק, חלומט דער גרויסער וועלט־ייד ר׳ שלמה וועגן וועלט־דערלייזונג...

ווערט גאָטס פאָלק פאַרשפּרייט איבער גאָר דער וועלט, מוז קומען משיח פאַר דער גאַנצער וועלט, דאָס איז דער לייט־מאָטיוו פון ר׳ שלמהס לײדנשאַפטלעכן שטרעבן.

ר׳ שלמה איז דורכגעדרונגען מיט דעם דיכטערס אומגעדולד, וועלכער ווערט דערשטיקט פון דער הערשנדער גראָער וואָכעדיקייט און וויל ברענגען דעם אייביקן שבת.

ר׳ שלמה וויל נישט וואַרטן ביז משיח וועט קומען, ער וועט נישט מאַכן קיין הבדלה, אייביקער שבת זאָל זיין!

און „מיר שבת־יום־טובדיקע יידן וועלן צום כסא הכבוד גיין“ און וועלן מענהן צום רבונו של עולם, אַז מער וואַרטן האָבן מיר נישט געקענט...

די וועלט איז איינגעזונקען אין מרה שחורה.
געמשפּט און אויסגעלייזט מוז ווערן די וועלט.

און ווען דער המון, די מחנה חסידים קענען נישט באַגרייפן דעם אָדלער-ווילן פון זייער רבין, זיין שטרעבן אַ סוף צו מאַכן צו דער דערשטיקנדער וואָכעדיקייט, מיט כוח איינהאַלטן דעם שבת, נישט מאַכנדיק קיין הבדלה, און הויבן אויף אַ גוואַלד, אַז די וועלט וועט דאָך חרוב ווערן אויב ס'וועט זיין אייביקער שבת אָן האַנדלען און וואַנדלען, ענטפערט זיי שטאָלץ ר' שלמה:

חרוב זאָל ווערן די וועלט...
און מיר —
מיר שבת־יום־טובדיקע
וועלן איבער אירע חורבות גיין!...

גיין צום כסא הכבוד און זאָגן, אַז לענגער האָבן מיר וואַרטן נישט געקענט משיח מוז מיט גוואַלד געבראַכט ווערן און אויסלייזן די וועלט.

ר' שלמה האָט נישט אויסגעפירט. אויסער דער באַפליגלטער העלדין פון דער דראַמע, מרימן, באַגרייפט קיינער נישט די אויסטערלישע פאַרלאַנגען פון דעם רבין... די מאַסע קען נישט נאָכגיין אויף די הויכע בערג, וואוהין דער העלד וויל זי פירן. די חסידים פאַרלאָזן ר' שלמהן. זיי פּראָקלאַמירן אַלס רבין זיין זון פּנחס, דעם שוואַרצן פּנחסן, וואָס האָט אַליין נישט קיין פליגלען און קען קריכן נאָר אויף דער ערד, ווי דער חסידישער המון פאַרלאַנגט עס. פּנחס רייסט איבער דעם משיחדיקן שבת-חלום פון ר' שלמה. ער מאַכט הבדלה.

ר' שלמה שטאַרבט...

**די וואָך האָט באַזיגט דעם שבת... די צייט פאַר שבת איז נאָך נישט געקומען.**

דערמיט ענדיקט זיך, ווי באַקאַנט, דער ערשטער אַקט פון דער „גאָלדענער קייט", וועלכע איז פון אַ דראַמע פון חסידישן לעבן געוואָרן דער אַלמענטשלעכער דראַמאַטישער סימבאָל, פון דעם אייביקן קאַמף פון דעם העלד און פון דער מאַסע, פון דעם דיכטערישן שטרעבן צו אייביקן שבת, וועלכער פאַלט אַלס קרבן פון דער כביבה, וואָס קען אים נישט באַגרייפן און נישט נאָכגיין.

דאָ איז פרץ אַרויס פון די ענגע ראַמען פון דער חסידישער דראַמע, פון דער דראַמע פון דער ירידה פון דער ריינער און באַפליגלטער חסידישער אידייע.

דער ערשטער אַקט פון דער „גאָלדענער קייט" איז אַן אַלמענטשלעכע פּראָמעטעאוס־דראַמע, די דראַמע פון דעם העלד וואָס וויל דערלייזן די וועלט און איז צו-געשמידט מיט קייטן צו דעם פעלז, פון דער גראָער ווירקלעכקייט, וואָס איז שטאַרקער פון אים...

דער גאַנצער ערשטער אַקט פון דער „גאָלדענער קייט" איז דורכגעדרונגען מיט דיכטעריש־נביאישע זעאונגען פון אונדזער משיח-צייט.

נאָך דעם ווי פון אונדז האָט זיך אָפּגעטון דער רוח־הנבואה פון אונדזער אַלטן גרויסן עבר, שטייט ער אויף קינסטלעריש תחית־המתים אין דער גרויסער נאַציאָנאַלער דראַמע פון אונדזער דיכטער.

געוויס, די לעצטע צוויי אַקטן פון דער „גאָלדענער קייט" מיט זייער געמיש פון רעאַליזם און סימבאָליזם, ציען אַראָפּ די דראַמע פון איר גרויסער הויך. זיי זייענען בלאַס און בלייך און אומבאַדייטנד אין פאַרגלייך מיט דער דראַמאַטישער קראַפט פונעם ערשטן אַקט. די גאַנצע דראַמע אין איר ווייטערדיקער אַנטוויקלונג ליידט פון פאָרם און קאָנסטרוקציע און שוואַכט אָפּ דעם רושם פון דעם גראַנדיעזן ערשטן אַקט.

די „גאָלדענע קייט" איז נאָך געוויס נישט ד אָ ס ב ו ך און נישט דאָס ל ע צ ט ע וואָרט וועגן וועלכן פּרץ האָט אַזויעקסטאַטיש געחלומט.

אונדזער גרויסן דיכטער איז נישט געלונגען אַרויפצוקריכן אויף דעם הויכן שפּיץ בארג צו וועלכן ער האָט זיך אַזוי ליידנשאַפטלעך און מיט פּיין געריסן, אָבער ביי אַלע אירע פעלערן איז די „גאָלדענע קייט" דער איינציקער גרויסער און שטאַרקער פאַרזוך קינסטלעריש פאַרקערפּערן דעם גלאַנץ פון אונדזער שטראַלנדן עבר און נביאיש־געחלומטע צוקונפט.

און אין דעם טאָג פון פּרצס יאָרצייט דערמאָנען מיר זיך מיט יראת הכבוד וועגן די שעפערישע חבלי־לידה פון דער „גאָלדענער קייט", וועלכע שפּיגלט אָפּ די אוניווערסאַלע גרויסקייט פון אונדזערע אַלמענטשלעך־נאַציאָנאַלע משיח־חלומות.

---

# אויפֿן פֿרישן קבר פֿון א. ווייטער

איך קען זיי נישט די אַלע הרוגי־לעמבערג, פּראָסקוראָוו, פּינסק און פֿון די אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך, וואו ס'גיסט זיך דאָס בלוט פֿון מיין פֿאָלק. מיין האַרץ ציטערט מער נישט, ס'איז פֿאַרשטומט און פֿאַרשטיינערט צו די אַלע איכה־נגונים, וואָס טראָגן זיך צו אונדז פֿון יענעם זייט ים.

צו לאַנג דויערט דער נאַכט־חלום, ס'פֿאַרוועלקט דער כוח פֿון צער און צאָרן...

וואו זענט איר, גליקלעכע טעג פֿון קישינעוו און האָמעל?!

יונג און פֿריש איז נאָך דאַן געווען די נשמה, זי האָט געפֿלאַמט און געבלוטעט פֿון ווייטיק און צאָרן, פֿון ברענענדן דורשט נאָך נקמה.

און איצט?...

אונדזער טאָג־טעגלעכער שפּייז זיינען געוואָרן די בלוטיקסטע בשורות און ס'ציטערט נישט אויף שוין דאָס האַרץ, ווי אַמאָל פֿון פּיין און פֿון ווייטיק.

צו לאַנג ציט זיך דער בלוטיקער נאַכט־קאָשמאַר...

:: :: ::

נאָר אָט בליצט אויף אַ קורצע טעלעגראַפֿן־שורה און דערשיטערט דאָס פֿאַרשלאָפֿענע האַרץ...

א. ווייטער דערשאָסן אין ווילנע פֿון די פּוילישע לעגיאָנערן.

נישט קיין פֿריינט און נישט קיין חבר.

אַ קורצע צייט זיך באַגעגנט ביי דעם רעדאַקציע־טיש פֿון „פֿריינד", וואו מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט, בעת די צייטונג האָט זיך איבערגעקליבן פֿון פּעטערבורג קיין וואַרשע און איז דערשינען אונטער דער לייטונג פֿון ש. ראָזענפֿעלד, י. ל. פּרץ און ה. ד. נאָמבערג.

ס'איז געווען אין דער נאָך־אָקטאָבערדיקער אָפּגעקילטער פּאָליטישער אַטמאָספֿער. ס'האָט ערשט אָפּגעבליט דער קורצער „קולטור־רענעסאַנס" מיט זיינע „ליטעראַרישע מאַנאַטשריפֿטן" צו וועלכע א. ווייטער האָט געהאַט אַ נאָענטע שייכות.

דעם אַלטן בונדיסט האָט מען שוין קוים געקענט דערקענען איזווייטערן. ער האָט געהערט צו די ווייניקע פֿון זיין קרייז, וואָס האָבן פֿון זייערע פּאָליטישע איבערצייגונגען נישט געמאַכט קיין טויטע פֿאַרגליווערטע אָפּגעטער.

מער קינסטלער אַלס פּאָליטיקער האָט ער זיך נישט געקענט באַנוגנען מיטן קאַלטן און פֿאַרעווען בונדיסטישן נאַציאָנאַליזם, ס'האָט אים געצויגן צו דעם לעבעדיקן קוואַל פֿונעם יידישן קולטור־שאַפֿן און ער האָט זיך צוזאַמען מיט ניגערן און ש. גאָרעליקן אַריינגעוואָרפֿן אין דער יידישער קולטור־באַוועגונג.

צו דער צייט, וואָס איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט האָט ער כמעט אינגאַנצן פאַרלאָזן דאָס פעלד פון פּאָליטישער טעטיקייט. ער האָט פיל מיטגעהאָלפן פּרצן אין דער קולטור-אַרבעט אין וואַרשעווער „הזמיר".

זיין פּובליציסטיק איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ וואַרימען נאַציאָנאַלן געפיל, זיין סטיל — דורכגעדרונגען מיט אַ לירישע מעלאַנכאָליע.

זיין ערשטע דראַמע „פּאַר טאָג" האָט געוויזן סימנים פון באַדייטנדן ליטעראַרישן טאַלאַנט, און זיינע נאָענטסטע פריינט האָבן פון אים פיל דערוואַרט.

ענדע 1909 האָב איך פאַרלאָזן וואַרשע און דעם „פריינד" און פון יענער צייט האָב איך נישט געהאַט די געלעגנהייט נאָכצופאָלגען ווייטערס ליטעראַרישע קאַריערע און האָב פון אים מער נישט געהערט.

:: :: ::

און איצט מעלדעט אַ קורצע טעלעגראַפישע ידיעה פון ווילנע, אַז דער יונגער גראַציעזער א. ו ײ ט ע ר איז דערשאָסן.

איך קען נישט די טויזנטער הרוגים און קדושים פון די לעצטע פּויליש-רוסיש-אוקראַינישע שחיטות. נאָר דער באַקאַנטער סילועט פון ווייטערן בליצט אויף אין דעם שוואַרצן קאָשמאַר, וואָס האָט פאַראייזט מיין מוח און האַרץ און עפנט אויף פאַר מיינע אויגן דעם שוואַרצן אָפּגרונד, וואו ס'צאַפּלען זיך צווישן טויט און לעבן מיינע טויזנטער ברידער, וואו ס'ווערן אַלץ שיטערער די רייען פון די לעבעדיקע און ס'וואַקסן די צאָל פון די יידישע קברים.

:: :: ::

א. ווייטערס קבר איז נישט דער טויטן-פּלאַץ פון אַ יידישן ליטעראַט און פּאָליטיקער. אַ סאָלדאַט פון דער נאַציאָנאַלער יידישער אַרמיי איז געפאַלן, פאַרטיידיקנדיק אונדזער נאַציאָנאַלע האָב און גוטס פון די פּוילישע וועלף.

ווי אַן אמתער קדוש איז ער געשטאָרבן. זיין קבר געהערט צום יידישן פאָלק.

(יוני 1919)

# גוסטאוו לאנדאועה

„זיי זיי מוחל, ווייל זיי ווייסן נישט וואס זיי טוען".

(פון עוואַנגעליום)

מיט עטלעכע מאָנאַטן צוריק האָט אַ טעלעגראַמע געמאָלדן וועגן דעם נצחון פון דער ווייסער גוואַרדיע אין מינכען, וואָס האָט אַן ענדע געמאַכט צו דעם קורצן לעבן פון דער בייערישער קאָמונע, דערביי זיינען אויסגערעכנט געוואָרן אייניקע נעמען פון דער ראַטן־רעגירונג, וואָס זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט.

צווישן זיי איז אויך געווען דער נאָמען לאַנדאַוער.

מיר האָט זיך די גאַנצע צייט נישט געוואָלט גלויבן, אַז דאָס איז דער באַקאַנ־טער יידיש־דייטשער שריפטשטעלער, סאָציאַליסט און אַפּאָסטאָל געפאַלן אַלס קרבן פון די „ווייסע" בעסטיעס...

איך האָב אים נישט געקענט אַלס אַקטיוון פּאָליטיקער; ער איז געווען אַ קאַ־בינעט-מענטש, טרוימער, פילאָזאָף און דיכטער. מיר האָט זיך דערום נישט גע־גלויבט ער זאָל דאָס זיין דער טראַגישער העלד פון דער מינכענער סאָ-ציאַלער דראַמע.

איצט ליגט פאַר מיר אַ אויסשניט פון דער דייטשער צייטשריפט „דיי נייע ערד", וואָס דערציילט די שרעקלעכע פּרטים פון דעם מאַרטירער־טויט פון גוסטאַוו לאַנדאַוער.

נאָך אַ יידישער קרבן פון דער שוואַרצער דייטשלאַנד...

:: :: ::

לאַנדאַוער איז געשטאַנען אויסערהאַלב די רייען פון דער אָפיציעלער דייטשער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מיט צען יאָר צוריק בערך האָט ער צוזאַמען מיט דר. פרידמאַן דערווייטערט זיך פון דער אָפיציעלער פּאַרטיי, פונקט ווי דאָס האָט געטאָן אויך קורט אייזנער וועמען ס'זיינען ענג געוואָרן די ראַמען פון דער אָרטאָדאָקסאַלער סאָציאַליסטישער „קירכע".

לאַנדאַוער מיט זיינע חברים האָט אָנגעהויבן פּרעדיגן אַ אינדיווי־דואַליסטישן און עסטעטישן סאָציאַליזם. אין אַ גאַנצער רייע גייסטרייכע באַמפּלעטן און פּאָרטראַגן, געשריבן מיט בלוט און פייער פון האַרצן,

האָט ער אַנטוויקלט זיין געדאַנקען־גאַנג, וואָס האָט געהאַט פיל ענלעכקייט צו אַ רעליגיעזער שיטה.

און ער אַליין, אַ דאַרער, אַ הויכער, מיט איינגעפאַלענע באַקן און גלעטנדע אויגן האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַן אַפּאָסטאַל און רעליגיעזן פאַנאַטיקער...

אין זיין געשטאַלט, אין די קנייטשן פון זיין פּנים וואָס האָבן עדות געזאָגט אויף גרויסן אינערלעכן פייער און ליידן, איז געווען עפּעס ענלעכס צו ק ר י ס־ט ו ס ן . . .

לאַנדאַוערס ריכטונג האָט נישט געפונען קיין שטאַרקן אָפּקלאַנג צווישן די דייטשע סאָציאַליסטן. צו שטאַרק איז אין דייטשלאַנד די השפּעה פון דער קאַזאַר־מער דיסציפּלין (דער שוואַרצער אַזוי גוט ווי דער ראָז־רויטער), אַז דאָרטן זאָלן קענען פאַרשפּרייטן זיך אינדיווידואַליסטישע אידייען און ריכטונגען.

נ י ט ש ע, ש ט י ר נ ע ר און זייער תּלמיד ל אַ נ ד אַ ו ע ר דאָס זיי־נען די גרויסע יחידים, די גרויסע אינדיווידואַליסטן, וואָס דאָס קאַזאַרמען־לאַנד האָט געבוירן, אָבער זייער השפּעה איז ווייטער פון דער ליטעראַטור נישט געגאַנגען. ד׳אָס ברייטע סאָציאַל־פּאָליטישע לעבן איז געבליבן אויסערהאַלב זייער ווירקונג...

די ליטעראַטור בלייבט דאָס איינציקע פעלד פאַר די אינדיווידואַליסטיש־רע־וואָלטירנדע גייסטער אין דייטשלאַנד...

און אויך ל אַ נ ד אַ ו ע ר איז אַוועק אויף דעם פעלד. ער איז געוואָרן איינער פון די פיינסטע און גייסטרייכסטע ליטעראַטור־קריטיקער.

זיינע פאָרטראַגן וועגן דער סקאַנדינאַווישער ליטעראַטור אין דער בערלינער ליטעראַטור־געזעלשאַפט פלעגן צוציען דאָס בעסטע וואָס בערלין האָט פאַרמאָגט, די גייסטיקע „עליטע“ (אַריסטאָקראַטיע). מ׳האָט אים גערעכנט פאַרן בעסטן קע־נער און טיפזיניקסטן פאַרטייטשער פון ק י ר ג ע ר ג אַ ר ן, ס ט ר י נ ד־ב ע ר ג ן און די אַנדערע.

לאַנדאַוער איז אויך נישט אינגאַנצן פרעמד געווען פונעם יידנטום.

אין אַ פאָרטראַג, וואָס מיר איז אים אויסגעקומען צו הערן אין בערלינער יידישן סטודענטישן קולטור־פאַראיין האָט ער אַנטוויקלט כמעט אונדזערע ציוניסטיש־סאָ־ציאַליסטישע אידייען מכּוח דער יידנפראַגע.

:: :: ::

בעת ס׳איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין מ י נ כ ע ן די ערשטע ראַטן־רע־פּובליק איז לאַנדאַוער באַשטימט געוואָרן אַלס בילדונגס־קאָמיסאַר, נאָכדעם ווי די קאָמוניסטן האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט האָט ער געמוזט פאַרלאָזן זיין פּאָסטן, ווייל מ׳האָט פון אים אין די קאָמוניסטישע קרייזן נישט געהאַלטן: ער איז געווען אַן

אַנטשיידענער קעגנער פון יעדער גוואַלד און מאַכט־פּאָליטיק.

ערשט ווען די פאַבריק-קאָמיטעטן פון מינכען האָבן געצוואונגען צו מאַכן נייע וואַלן אין דער קאָמונע־רעגירונג האָט זיך לאַנדאַוער אומגעקערט צו זיין אַמט.

קורץ איז געווען דאָס לעבן פון דער מינכענער קאָמונע. מיט דער „סאָציאַ־ליסטישער" הילף פון נ אָ ס ק ע האָבן די „ווייסע" געזיגט. די פריינט האָבן פאַרגעלייגט לאַנדאַוערן אַנטלויפן איידער די „ווייסע" גוואַרדיע האָט אַריינגעמאַר־שירט אין שטאָט. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט.

מ'האָט אים צוגענומען, בעת ער איז געזעסן און געאַרבעט אין קורט אייזנערס שרייב־צימער.

— „ס'איז בעסער אַזוי!" — האָט ער אויסגערופן ווען די סאָלדאַטן האָבן אים אַרעסטירט.

די צעווילדעוועטע בעסטיעס האָבן אים געוואָלט באַלד אויפן אָרט דערשיסן. זיינע פריינט איז קוים געלונגען אים אָפּצוראַטעווען, אָבער אויפן וועג צום געפענג־ניס אין שטאַדהיים האָבן די משוגענע הינט פון דער קאָנטררעוואָלוציע אים פאַר־מוטשעט. אַ גענעראַל האָט אויסגעשאָסן אויף אים גייענדיק. ער איז אומגעפאַלן. פון אַלע זייטן האָבן זיך געשאָטן אויף אים קוילן. ער איז אָבער לעבן געבליבן.

ער האָט זיך געבעטן צו זאָגן זיין לעצט וואָרט. די בעסטיעס האָבן אָבער אַלץ געשאָסן אויף אים.

ער האָט אָבער נאָך אַלץ געזשיפּעט. „דער לומפּ האָט צוויי לעבנס!" — האָט אויסגעשריען אַ גוואַרדיע־לייטענאַנט, און האָט זיך געצילט אין האַרצן. לאַנדאַוער האָט נאָך אַלץ אַרויסגעוויזן סימנים פון לעבן.

דער לייטענאַנט האָט אָנגעהויבן טרעטן מיט די פיס דעם גוססן קערפּער ביז אַ לעצטע קויל האָט געמאַכט אַן ענדע צו לאַנדאַוערן...

:: :: ::

אַזוי איז אומגעקומען דער אַפּאָסטאָל פון דער רעליגיע פון אַלמענטשלעכן גליק, פון נייעם אמת און נייער שיינהייט...

אומגליקלעך לאַנד! אירע בעסטע און איידלסטע זין האָט זי צו שחיטה געבראַכט אַלס קרבנות פון איר בעסטיאַליטעט און איר דומהייט...

„ווייל זיי ווייסן נישט וואָס זיי טוען!"

דייטשלאַנד! פאַרמאָגן דיינע ימים געווען וואָסער אָפּצוואַשן דיינע פאַרבלו־טיקטע הענט, דיין גרויסע בלוט־שאַנדע?!

(נאָוועמבער 1919)

---

# איינער פון די לעצטע מאָהיקאַנער

מ. ווינאַווער

אין דעם אַלטן פּעטערבורג פון די צאַרישע צייטן האָבן נאָר יחידי סגולה פון די רוסישע יידן געקענט געפינען אַ מקום מנוחה.

די הויפּטשטאָט פון דעם צאַרן־רוסלאַנד איז געווען פאַריגלט און פאַרשלאָסן פאַר יידן אויף זיבן ריגלען, נאָר פּערזאָנען מיט אַקאַדעמישער בילדונג און אוני־ווערזיטעט־דיפּלאָמען און סוחרים־יחסנים פון דער ערשטער גילדיע האָבן געקענט אַריבערטרעטן דעם שוועל פון דער הייליקער פּעטער־שטאָט — סאַנקט פּעטערבורג.

און אָט אין דער ריין־רוסישער סביבה וואו עס האָט געפעלט דער לעבעדיקער אָטעם פון יידישן לעבן און ווירקן, האָט זיך אויסגעבילדעט די גרופּע פון דער אַזוי־גערופענער „פּעטערבורגער יידישער אינטעליגענץ", וואָס האָט געשפּילט אַזאַ וויכ־טיקע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון דער אַלגעמיין־יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין רוסלאַנד.

אין דער צייט פון יידישע נגישות און פאַרפאָלגונגען, מיט וועלכע עס איז רייך געווען די עפּאָכע פון צאַריסטישן ווילקיר האָט די פּעטערבורגער יידישע אינטעלי־גענץ, וואָס האָט אַדאַנק אירע אויסעראָרדנטלעכע פעאיקייטן און טאַלאַנטן דער־וואָרבן זיך אָנגעזעענע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס אין דער הויפּטשטאָט, געשפּילט די ראָלע פון איינפלוסרייכע שתדלנים און מליצי־יושר פאַר זייער באַעולהטע ברי־דער פון תחום המושב.

באַראָן האָראַצי גינצבורג, סלאָיזבערג, בראַמסאָן און ווינאַווער, זיינען געווען די הויפּט־פיגורן פון דער דאָזיקער פּעטערבורגער יידישער אינטעליגענץ־גרופּע.

די דאָזיקע גרופּע איז געווען די גייסטיקע אינספּיראַטאָרין פון דעם וואָכנבלאַט „וואָסכאָד", וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָל אין דער פאַרשפּרייטונג פון יידישן וויסן צווישן דער רוסיש־רעדנדער יידישער אינטעליגענץ.

נישט קוקנדיק אויף זיינע אַסימילאַטאָרישע טענדענצן, האָט דער „וואָסכאָד" געהאַט אַ גרויסע נאַציאָנאַל־דערציערישע השפּעה אויף אַ גאַנצן דור פון דער רו־סיש־יידישער אינטעליגענץ און איז געווען די טריבונע, פון וועלכער שמעון דובנאָוו האָט אין זיינע „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" געפּרעדיגט זיינע נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמיסטישע אידעאַלן.

דער פאַרשטאַרבענער מ. ווינאַווער איז אין משך פון עטלעכע יאָר, — ביז 1905, געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם דאָזיקן עלטסטן אָרגאַן פון דער רוסיש־יידי־שער געזעלשאַפטלעכקייט.

מ. ווינאַווער, צוזאַמען מיט דער איבעריקער גרופּע פון דער פּעטערבורגער

אינטעליגענץ, איז אויך געווען דער גרינדער און „פירנדער גייסט“ פון דער חברה מפיצי השכלה און פון דער געזעלשאפט פאר דער פארשפרייטונג פון ערד־ארבעט (אָרט).

דער העכסטער אידעאל פון דער פעטערבורגער יידישער אינטעליגענץ איז געווען די יידישע פּאָליטישע און בירגערלעכע גלייכבארעכטיקונג.

די ווינאווער־סליאזבערג־גינצבורג גרופּע איז געווען די צענטראל־שטעלע, וואו עס פלעגן זיך צונויפקלייבן די ווײ־געשרייען פון דער פארפאָלגטער און אונטערדריקטער יידיש־רוסישער מאסע, וועלכע פלעגט קומען זוכן ביי זיי הילף און שוץ קעגן דעם ווילקיר פון דער צארישער אדמיניסטראציע.

עס איז דערום קיין וואונדער נישט, וואָס פאר ווינאווערן און זיינע חברים איז די העכסטע פון אלע שטרעבונגען געווען די דערגרייכונג פון „ראוונאפּראוויע“ פון דער בירגערלעכער גלייכבארעכטיקונג.

און אין דעם קאמף פאר דער יידישער בירגערלעכער עמאנסיפּאציע אינעם אלטן רוסלאנד האָט מ. ווינאווער פארנומען דעם אָנגעזעענסטן פּלאץ, אדאנק זיין גרויסער ווירקונג און ראָלע, וואָס ער האָט געשפּילט אין דער רוסישער ליבעראלער פּארטיי, ביי די „קאדעטן“ (קאָנסטיטוציאָנאליסטן ־ דעמאָקראטן).

זייענדיק איינער פון די גרעסטע ציווילע יוריסטן אין רוסלאנד און דערצו א מאן פון אויסערגעוויינלעכן פּאָליטישן טאקט און אָריענטאציע־פעאיקייט, האָט ווינאווער, אין דעם מאָמענט, ווען דער רוסישער ליבעראליזם איז נאָך דער אָקטובער־רעוואָלוציע פון 1905, ארויסגעטראָטן אויף דער אָפענער פּאָליטישער בינע, פארנומען איינעם פון די אָנגעזעענסטע פּלעצער אין דער פּארטיי.

אין דער ערשטער רוסישער דומע, איז ווינאווער אויסגעוויילט געוואָרן אלס איינער פון די זעקס דעפּוטאטן פון דער הויפּטשטאָט און אין דער „קאדעטישער“ דומע־פראקציע איז ער געווען פון די אָנגעזעענסטע פיגורן, פארנעמענדיק דעם פּאָסטן פון געהילפס־פּאָרזיצנדער.

ווינאווער האָט זיך גערעכנט אלס דער טאקטיקער און סטראטעגיקער פון די קאדעטן און צוזאמען מיט פּראָפעסאָר מיליוקאָוו איז ער געווען איינער פון די פירער פון דעם רוסלענדישן ליבעראליזם, וועלכער האָט געציילט אין זיינע רייען די טאלאנטפולסטע און געבילדעטסטע רוסישע אינטעליגענץ.

אויב מיר האָבן קיין טעות נישט איז ווינאווער געווען דער מחבר פון דעם בארימטן וויבאָרגער „אויפרוף“, וועלכן עס האָבן ארויסגעלאָזן די דעפּוטאטן פון דער ערשטער דומע נאָכדעם, ווי ניקאָלאי האָט זי צעטריבן.

כאָטש ווינאווער איז געווען א קעגנער פון דער שאפונג פון א ספּעציעלער יידישער פראקציע אין דעם ערשטן רוסישן פּארלאמענט, טענהענדיק, אז די יידן דעפּוטאטן דארפן ווירקן צו גונסטן פון יידישע אינטערעסן, אין זייערע רעספּעקטיווע

פּאַרטייען, איז ער דאָך געשטאַנען אין ענגן קאָנטאַקט מיט אַלע יידן־דעפּוטאַטן פון דער ערשטער דומע. ער האָט אויך מיט פיל אַנטשלאָסנקייט געקעמפט דערפאַר, אַז זיין פּאַרטיי, די „קאַדעטן", וואָס זיינען געווען אין דער מערהייט אין דער ערשטער רוסישער דומע, זאָלן איינשליסן די פראַגע פון דער יידישער גלייכבארעכטיקונג אין דעם ענטפער־אַדרעס, אויף ניקאָלאַיס טראָן־רעדע.

אַלס אַדקאָוואַט האָט ווינאַווער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די טרויעריק־באַרימטע פּאָגראָם־פּראָצעסן פון קישינעוו און האָמעל.

דער פאַרשטאָרבענער איז אויך געווען אַ גלענצנדער שריפטשטעלער און פּובּ־ליציסט. עס איז געווען דער רעדאַקטאָר און מיטאַרבעטער פון די אָנגעזעענסטע יוריסטישע זשורנאַלן אין רוסלאַנד און האָט אָנגעשריבן אַ רייע וויסנשאַפטלעכע ווערק וועגן דער פילאָזאָפיע און געשיכטע פון ציווילן רעכט. ער האָט זיך אויסגע־צייכנט מיט זיין ברייטן שוואונג אין דער אויספאַסונג פון יוריסטישע פּראָבלעמען און איז באַטראַכט געוואָרן אַלס איינער פון די גרעסטע שטערנס פון דער רוסלענ־דישער אַדוואָקאַטור.

זיינע טעאָריעס וועגן ציווילן רעכט האָבן אַן אַל-אייראָפּעאישע פאַרשפּרייטונג און זיינע ווערק ווערן באַנוצט אַלס טעקסט־ביכער אין פילע אייראָפּעאישע אוני־ווערזיטעטן.

ווינאַווער איז געווען אַן אינטערעסאַנטער שילדערער און זיין בוך וואָס ער האָט נישט לאַנג אַרויסגעלאָזן אין פּאַריז אונטערן טיטל „מענטשן און באַגעגענישן", האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין דער ליטעראַרישער וועלט.

ער האָט זיך אין דעם בוך אַרויסגעוויזן אַלס מייסטערהאַפטער פּאָרטרעטיסט און האָט פּלאַסטיש געשילדערט אַ רייע פון די אָנגעזעענסטע פיגורן פון דער רוסיש־יידישער אַדוואָקאַטור און געזעלשאַפטלעכקייט.

:: :: ::

איך האָב ווינאַווערן געזען אין קאָוונאָ אין 1909, אויף דעם ערשטן אַל־רוסישן קהילה־צוזאַמענפאָר.

עס איז געווען די צייט ווען די רעאַקציע אין רוסלאַנד האָט שוין גענומען די אויבערהאַנט, דעם קהילה־צוזאַמענפאָר האָט מען מיט גרויס שוועריקייט דערלויבט און ער איז דורכגעגאַנגען אונטער שטרענגער צענזור פון ספּעציעלע שלוחים פון קאָוונער גובערנאַטאָר און דערהויפּט פון דער קאָוונער זשאַנדאַרמעריע.

וועלנדיק מאַכן שוועריקייטן דעם צוזאַמענפאָר האָט די זשאַנדאַרמעריע אַרעס־טירט אונדז, אַ גרופּע יידישע זשורנאַליסטן, וועלכע זיינען געקומען אַלס קאָרעס־פּאָנדענטן צום צוזאַמענפאָר, צווישן וועלכע עס זיינען על פּי צופאַל געווען אַ רייע

אנגעזעענע ס. ס.-ישע טוער, ווי יעקב לעשצינסקי, מ. ליטוואקאָוו, גוטמאַן. די זשאַנדאַרמעריע האָט דורך דעם אַרעסט געוואָלט קאָמפּראָמעטירן דעם קהילה־צו־זאַמענפאָר.

ווינאַווער איז געווען דער פאָרזיצנדער פונעם צוזאַמענפאָר. אים איז אויסגע־קומען אויף יעדן שריט און טריט האָבן צוזאַמענשטויסן מיט די אָפיציעלע צענזאָרן וואָס פלעגן יעדן מאָל פּראָטעסטירן, אַז דער ענין, וועגן וועלכן דער אָדער יענער רעדנער רעדט, גייט נישט אַריין אין דער אָפיציעלער דערלויבטער פּראָגראַם פון צוזאַמענפאָר.

ווינאַווער איז, ווי באַוואוסט, נישט געווען קיין רעוואָלוציאָנער און האָט גע־האַט ווייניק סימפּאַטיעס צו סאָציאַליסטן בכלל און צו יידישע בפרט, אָבער אַלס פּרעזידענט פון צוזאַמענפאָר האָט ער אונדז מיט שטאָלצער ווירדע פאַרטיידיקט און געפאָדערט אונדזער באַפרייאונג.

עס איז געווען ממש אַ גייסטיקער פאַרגעניגן צו זען מיט וואָס פאַר אַ פיינער און ווירדיקער איראָניע ער האָט געקעמפט מיט די צענזאָרן און האָט פאַרטיידיקט די וואָרט־פרייהייט פון די רעדנער.

צו יענער צייט האָט זיך שוין געמערקט אַז ווינאַווער, דער זייל פון דער פּע־טערבורגער אַסימילאַטאָרישער אינטעליגענץ האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צום נאַציאָנאַלן לאַגער.

ווינאַווער איז געווען איינער פון די אויסגעצייכנסטע רעדנער פון דער רוסי־שער אַדוואָקאַטור, ער האָט נישט גערעדט פּאַטעטיש, זיינע ווערטער זיינען געווען פול מיט דורכגעטראַכטער קלוגהייט און פיינער געשליפענער געטאָקטקייט, ער איז געווען אַ וואונדערבאַרער סטיליסט אינעם געשריבענעם פּונקט ווי אינעם גערעדטן וואָרט.

זיין גאַנצע פּערזענלעכקייט האָט געאָטעמט מיט גייסטיקער אַדעליקייט.

איך דערמאָן זיך זיין שלום-רעדע אויפן קאָוונער קהילה־צוזאַמענפאָר.

דער שטרענגער פאָרם־מייסטער, ביי וועמען יעדעס וואָרט, וואָס איז פון מויל אַרויס, איז געווען ציזעלירט און געשליפן, ווי אַ פיין יובעליר-ווערק, האָט זיך גע־לאָזן באַהערשן פון דער נעילה־שטימונג פון צוזאַמענפאָר.

ער איז געוואָרן ליריש. ער האָט גערעדט וועגן דעם וואונדערבאַרן „עפּעס" — זאָל עס זיין געפיל, ראַסן־אינסטינקט, נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין, וואָס פאַראיי־ניקט דאָס יידישע פאָלק.

דער אָפּגעריסענער יידיש־אַסימילירטער אינטעליגענט פון פּעטערבורג, האָט זיך דערפילט דערוואַרעמט אין דער יידישער סביבה און לופט פון קאָוונאָ און אין

זיין נשמה האָט אויפגעבליצט דער יידישער פונק און ער האָט דעם פונק פאַרוואַנדלט אין ווערטער.

זיין רעדע האָט געקלונגען, ווי אַ מוזיקאַלישע סימפאָניע. ביי דעם שטרענגען יוריסט און געדאַנקען-מענטש האָט זיך דערוועקט די יידיש־פּאָעטישע נשמה...

:: :: ::

די רוסישע רעוואָלוציע, וואָס האָט אין פּולווער צעריבן און צעשטויבט די רוטישע ליבעראַלן, די גלענצנדע פיגורן ווי ראָדיטשעוו, די פּעטרינקעוויטשעס, דאָלגאָרוקאָווס און מיליוקאָווס, וואָס האָבן אין ז יי ע ר צ יי ט און פ אַ ר ז יי ע ר צ יי ט געגלאַנצט, ווי גאָלדענע שטערן אויף דעם רוסלענדישן פּאָליטישן הימל, האָט אויך פאַרוואָרפן ערגעץ אין אַ ווינקל אין פּאַריזער גלות דעם רוסיש-יידישן ליבעראַל, ווינאַווערן.

אַרויסגעריסן מיטן וואָרצל פון דער סביבה, וואו ער האָט אויפגעבליט איז ווינאָווער פאַרוועלקט געוואָרן אין גלות און האָט זיינע לעצטע לעבנס־יאָרן טראַגיש פאַרענדיקט, ווי די אַלע „געוועזענע" מענטשן פון דעם אַמאָליקן רוסלאַנד, וואָס האָבן נישט געקענט מיטלויפן מיט דעם שטורמישן רייט־וואָגן פון דער רעוואָלוציע...

אין דער געשיכטע פון רוסישן יידנטום וועט אָבער זיין נאָמען נישט פאַרשווינדן שפורלאָז און וועט פאַרצייכנט ווערן אַלס געטרייער און נאָבעלער דינער פון דער רוסיש-יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

לויט זיין וויסן און געוויסן, האָט ווינאַווער געטריי געדינט דעם יידישן פאָלק און האָט געקעמפט פאַר דעם וואוילזיין פון רוסישן יידנטום.

מיט זיין טויט פאַרשווינדט איינער פון די מאָהיקאַנער פון דער פּעטערבורגער יידישער אינטעליגענץ, וועלכע האָט אין ז יי ן צ יי ט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין רוסיש־יידישן לעבן.

---

# די וואַנדלונגען פון מתתיהו אחר

דאָקטאָר נאַטאַן בירנבוים, וואָס איז באַקאַנט דער ברייטער יידישער וועלט אַלס מתתיהו אחר, איז בלי ספק, איינע פון די אינטערעסאַנטסטע פיגורן, וואָס דאָס מערב-אייראָפּעאישע יידנטום האָט אַרויסגעגעבן פון זיך.

אין אַ צייט, ווען די אַסימילאַציע האָט באַהערשט די מוחות און נשמות פון דער גאַנצער יידישער אינטעליגענץ אין מערב-אייראָפּע איז ער געווען דער ערשטער, דער פּיאָנער, וואָס האָט אויפגעהויבן די פאָן פון יידישן נאַציאָנאַלן רענעסאַנס. ער איז געווען דער פאָטער פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק אין דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג צווישן דער יידישער שטודירנדער יוגנט אין אייראָפּע. נישט איינער פון די איצטיקע באַדייטנדע פירער אינעם יידנטום זיינען געווען זיינע דירעקטע אָדער אומדירעקטע תלמידים.

בעת די נאַציאָנאַלע באַוועגונג האָט אָנגענומען קאָנקרעטע פאָרמען פונעם פּאָ-ליטישן ציוניזם מיט דעם דערשיינען פון טעאָדאָר הערצל, איז בירנבוים געוואָרן דער סעקרעטאַר און טיכטיקסטער טוער פונעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס.

אָבער מתתיהו אחר געהערט צו די שטורמיש-אומרואיקע נאַטורן, וואָס בלייבן נישט לאַנג שטיין אויף איין אָרט און קענען נישט טריי בלייבן דעם איינמאָל גע-פונענעם אמת. דער אינערלעכער דראַנג ציט זיי שטענדיק אויף נייע וועגן.

ער איז דער אייביקער אומצופרידענער און זוכער.

זיין אוועקגיין פונעם פּאָליטישן ציוניזם איז אויסערלעך אפשר געווען אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק פון זיין קאָנפליקט מיט הערצלען.

בירנבוים האָט זיך געהאַלטן — און נישט אָן רעכט — אַלס גייסטיקער פאָטער פונעם מערב-אייראָפּעאישן ציוניזם, וואָס האָט פריער און טיפער פאַר הערצלען אַנטדעקט און געוויזן די וועגן פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. זיין אַמ-ביציע האָט נישט געקענט פאַרטראָגן וואָס דער „פרעמדער" און אינטעלעקטועל נישט העכער פאַר אים שטייענדיקער הערצל האָט, אַדאַנק זיין פּאָליטישער און אָר-גאַניזאַציאָנעלער געניאַליטעט, פאַרנומען דעם אויבן-אָן און איז געוואָרן די צענ-טראַלע און פירנדע פיגור פון דעם ציוניזם.

די פּערזענלעך-אונטערדריקטע אַמביציע איז אָבער געוויס נישט געווען די טיפע אינערלעכע טרייב-קראַפט, וואָס האָט בירנבוימען אָפּגעקערט פונעם פּאָליטישן ציו-ניזם. דאָס איז בלויז געווען אַ ו י ס ע ר ל ע כ ע סיבה.

זיין שטורמיש-אומרואיקע נשמה, זיין טיפער קריטיציזם, זיין חסידישער ברען און שטענדיקער זוכן לאָזן אים נישט אָרגאַניש אָפּשטעלן זיך אויף אַ באַשטימטער דאָגמע און אמונה.

אוועקגייענדיק פון ציוניזם, איז ער געוואָרן דער התלהבותדיקער פאַרקעמפער

פונעם גלות-נאַציאָנאַליזם. און אויך דאָ איז ער געווען דער ערשטער, דער פּיאָנער צווישן די מערב־יידן, וואָס האָט פאַרטיידיקט דעם נאַציאָנאַלן אויטאָנאָמיזם און ברייטע נאַציאָנאַל־קולטורעלע טעטיקייט. זיינע פּובליציסטישע אַרבעטן אין דער תקופה פון זיינע גייסטיקע וואַנדערונגען זיינען פול מיט נייע און וויכטיקע געדאַנקען.

בירנבוים איז געווען דער ערשטער מערב-ייד, וואָס איז אַרויסגעטראָטן אַלס פאַרטיידיקער פון יידיש. דאָס האָט ער צוזאַמען מיט זשיטלאָווסקין צונויפגערופן די באַקאַנטע טשערנאָוויצער קאָנפערענץ. אין דער סביבה פון בטלנישער העברע-איסטיש־ציוניסטישער פאַרנייגונג פון יידיש האָט בירנבוימס התלהבותדיקער יידי־שיזם געווירקט ווי אַ דערפרישנדער קוואַל.

מתתיהו אחר איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעוויזן דעם געביל־דעטן מערב די גרויסע נאַציאָנאַל-באַדייטונג פונעם מזרח. די יידישע נאַציאָנאַלע דערלייזונג וועט קומען נישט פון דעם קאָרומפּירטן דורך אַסימילאַציע מערב, נאָר פון די אָרימע געטאָס פון מזרח, וואו ס'שלאָגט דער אמתער קוואַל פון יידנטום, פון דער דערוואַכטער יידישער נאַציע — דאָס איז געווען די אומערמידלעכע טענה פון מתתיהו אחר צו דער יידיש־אייראָפּעאישער אינטעליגענץ.

דאָס ערשטע וואָרט וועגן אַלוועלטלעכן יידישן קאָנגרעס — איז אויך געקור מען פון בירנבוימען.

אומעטום און שטענדיק איז ער געווען דער ערשטער, דער אָנזאָגער פון נייע אידייען און געדאַנקען. ער איז די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון די אַלע וואַנדלונ־גען און ענדערונגען, וואָס האָט דורכגעמאַכט די יידישע נאַציאָנאַלע אַנטוויקלונג אין יידנטום. ער האָט אָבער קיינמאָל אין זיך נישט געהאַט די אינערלעכע פעסטקייט און זיכערקייט צו פאַרוואַנדלען אין מעשים זיינע אידייען.

„איך בין געשטראָפט מיט דעם, וואָס איך קום אַרויס מיט אידייען, וואָס וועלן ערשט שפּעטער האָבן אַ קיום״ — האָט זיך נישט זעלטן געקלאָגט בירנבוים.

זיין טראַגעדיע איז, וואָס ער, אַ מענטש פון געדאַנק און וואָרט — בלויז פון געדאַנק און וואָרט — האָט זיך געריסן צו אַ פירער־ראָלע. ער האָט זיך מתקנא גע־ווען אָן הערצלען און דאָס האָט אים שטענדיק אַרויסגעפירט פונעם גלייכגעוויכט.

איצט זעען מיר אונדזער אַלטן־יונגן בירנבוים, דעם שטענדיקן ליידנשאַפטלעכן קעמפער פון נייע אידייען, ווי ער האָט זיך אומגעקערט גאָר אויף צוריק, דערשי־טערט פון דער יידישער טראַגעדיע אין די מאַוימדיקע יאָרן פון קריג און רעוואָ־לוציע, האָט בירנבוים פאַרלאָזן זיין אמונה אין דער ערד און האָט אומגעקערט צום הימל.

ליידנשאַפטלעך, און ווי זיין שטייגער איז מיט חסידישן ברען, מיט די פלאַמנ־דע אויגן פון אַ פאַנאַטיקער, אָנגעטון אין דער זיידענער יאַרמלקע, רופט ער אונדז אויף אַלטע פאַרלאָזענע און פאַרגעסענע וועגן, צו וועלכע ס'איז מער קיין צוריק ניטאָ, ער רופט אונדז אויף דעם היסטאָרישן בית-עולם פונעם אָרטאָדאָקסישן יידנטום...

מיר זיינען געגאַנגען מיט בירנבוימען געוויסע שטרעקעס אויף אונדזער וועג צום נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט, — אונדז בלייבט אָבער פרעמד זיין רוף צום בית־עולם . . .

מיר קוקן זיך צו פון ווייטן — נישט אָן מיטגעפיל צו דער טראַגעדיע פון דעם הייסן, ליידנשאַפטלעכן יידן, זוכער און דענקער, וואָס האָט זיך פאַרלוירן אין אונ־דזער טראַגישער צייט אויף בית־עולם־וועגן, וואו ס'וואַקסט טויטן־גראָז און נישט דאָס אייביקע גרינע פונעם לעבן...

---

## ער איז אויך אַוועק פון אונדז...

ה. ד. נאָמבערג

„איך געהער צו דער משפחה פון יענע פי־לאָזאָפן, וואָס וואָלטן צוזאַמען מיט פּלאַטאָן קיינמאָל נישט געקענט שאַפן קיין רעפּובליק, ווייל זי וואָלט געווען פּליסיק, אַזוי ווי זייערע געדאַנקען".

(ה. ד. נאָמבערג, „דער סך־הכל פון מיין רייזע אין סאָוועט־רוסלאַנד").

עס איז נישט נ אָ מ ב ע ר ג י ש צו זיין ליריש־סענטימענטאַל...

אָבער דאָס האַרץ ציטערט און פון אויג רייסט זיך אַ טרער, ווען דו לייענסט די ברוטאַל־לאַקאָנישע שורות:

— פינף פאַרטאָג איז אין אָטוואָצק געשטאָרבן נאָמבערג.

נישט מער . . .

פינף פאַרטאָג האָט צווישן די סאָסנע־ביימער פון דעם דאַטשע־שטעטל לעבן וואַרשע, אויסגעהויכט זיין אָטעם ה. ד. נאָמבערג.

און דו דערמאָנסט זיך ווען די צייטן, ווען דו האָסט שפּאַצירט צווישן די זעלבע סאָסנע־ביימער אין דער געזעלשאַפט פון נאָמבערגן און דער יונגער בלייי־אויגיקער, ליליען־שלאַנקער און בויגזאַמער און אָן אַ גרעניץ חנעוודיקער און רייצנ־דער ג... און צוגעהערט זיך צו זיינע קלוגע שמועסן וועגן קונסט און לעבן, וועגן בי־כער און מענטשן, האָסט אַרויסגעפילט דעם האַרץ־סוד פון אַ טיפזיניקן פּאָעט...

דעם סוד פון אַ טורגעניעווישער, קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכטער ליבע...

און איצט האָט ער צווישן די זעלבע סאָסנע־ביימער פון אָטוואָצק אויסגעהויכט זיין נשמה...

און ער איז אוועק פון אונדז, אויך אים האָבן מיר פאַרלוירן, דעם קלוגן טיפּזי־ניקן דיכטער־פילאָזאָף, דעם מיטבאַשאַפער און עדות פון אונדזער קולטור־פרילינג, דער חבר און מיטאַרבעטער פון אונדזער י. ל. פּרץ.

אויך ער איז אוועק פון אונדז. איינער פון די לעצטע פון אונדזערע פּיאָנערן, וואָס האָבן געשאַפן אונדזער נייע יידישע ליטעראַטור.

— געשטאָרבן נאָמבערג! — ווידערהאָלן מיר די ברוטאַל־לאַקאָנישע ווערטער פון דער טעלעגראַמע.

און עס גלויבט זיך גאָר נישט, און דער מוח וויל נישט שלום מאַכן מיטן גע־דאַנק, אַז די אומזיניקע פאַטאַליטעט פון טויט האָט אויך אים בייגעקומען, דעם פּקח...

עס האָט זיך עפּעס אויסגעדוכט, אַז ער, דער חכם, וועט זיך וויסן ווי אויס־צודרייען נישט אַריינצופאַלן פאַר דער צייט אין די בייניקע אָרעמס פון דעם מלאך־המות...

נאָמבערג איז קיינמאָל קיין גבור נישט געווען, אָבער אין זיין קליינעם שוואַכן, נישט אָנזעעוודיקן קערפּער האָט געלעבט אַ שטאַרקער גייסט און עס האָט זיך גע־דוכט, אַז נישט אַזוי לייכט וועט דער פאַרניכטנדער טויט בייקומען אָט דעם גייסט־קערפּער.

אָבער ער האָט אויך אים געפּאַקט אין זיינע נעגל, דער אַלמעכטיקער טויט, ווי ער האָט בייגעקומען פּרצן און די אַלע, וואָס זיינען פאַר די לעצטע פּאָר יאָר פאַר־שוואונדן פון אונדז.

נישטאָ מער דער קלוגער און אין זיין חכמה טיף־לירישער און טיף־פּאָעטישער נאָמבערג.

עס ווערט אומעטיקער און איינזאַמער אין דער יידישער ליטעראַטור...

עס איז איינגעפאַלן אַ בריק, וואָס האָט אונדז צוזאַמענגעבונדן מיט דער גאָל־דענער פּרץ־עפּאָכע, עס איז פאַרשוואונדן דער נאָענטסטער עדות און דער אינטימס־טער חבר פון אונדזער גרויסן ריז, פּרץ.

עס איז נישט נאָמבערגיש צו זיין סענטימענטאַל.

אָבער דאָס האַרץ ציטערט פון מעלאַנכאָלישן וויייטיק און פון די אויגן רייסט זיך אַ טרער און זאָל זי פאַלן אויף דעם קבר פון דעם טייערן, ליבן נאָמבערג, דעם מעלאַנכאָלישן דיכטער־פילאָזאָף, וואָס האָט רייכער און שענער געמאַכט אונדזער לעבן און אונדזער פאַריתומטע ליטעראַטור.

:: :: ::

דאָס פולע בילד פון נאָמבערגן דעם פּובליציסט, וועט מען זיך קענען שאַפן ערשט דעמאָלט, ווען עס וועט געזאַמלט ווערן דאָס ווערטפולע און בלייבנדע פון

נאָמבערגס טאָג־טעגלעכער זשורנאַליסטישער אַרבעט פאַר די לעצטע איבער צוויי צענדליק יאָר.

אָבער אויך איצט, דורכלויפנדיק מיט דעם געדאַנק דאָס פובליציסטישע שאַפן פון דעם פאַר דער צייט אַוועקגעגאַנגענעם שריפטשטעלער, דאָס שאַפן, וואָס איז צעשפּרייט איבער אַלע שבעה ימים פון די טעגלעכע און וועכנטלעכע אויסגאַבעס, קומט מען צום שלוס, אַז ביי דער גאַנצער פילזייטיקייט און פילפאַרביקייט פון נאָמבערגס פּובליציסטיק פאַרמאָגט זי נישט נאָר אַן איינהייטלעכן טאָן, נאָר אויך צענטראַלע אידייען און איז אַן אויסדרוק פון אַן איינהייטלעכער וועלט־באַנעמונג אויב נישט וועלט־אַנשויאונג.

אייגנטלעך איז דאָס אַ וואונדער, ווי נאָמבערג דער אייביקער באָהעם, דער נירוואַנאַ־מענטש פילאָזאָפיש־געשטימטער סקעפּטיקער, האָט מיט אַזאַ זאַכלעכער און קלוגער ניכטערקייט און רעאַלן פּאָזיטיוויזם רעאַגירט אויף אַלע דערשיינונגען פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

נישט איינמאָל, לעזנדיק נאָמבערגן האָט זיך געשטעלט די פראַגע, ווי קומט עס צו אים, דעם קלוגן סקעפּטיקער און צווייפלער אַזאַ מין אויסגעהאַלטנקייט אין דער פאַרטיידיקונג פון זיינע פאָלקיסטישע אידייען?

אין די מאָמענטן פון אונדזערע ליידנשאַפטלעכע אידייען־מלחמות, ווען עס האָט זיך פאָרמירט דער בונד און די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, — נאָמבערג איז געווען אַ נאָענטער עדות פון דעם דאָזיקן קאַמף, האָבן מיר נישט איינמאָל געפילט אויף זיך זיין קלוגן, שמייכלענדיקן בליק, וואָס האָט, ווי געזאָגט:

— קינדער, וואָס היצט איר זיך? פון שטאַנדפּונקט פון דער אייביקייט, איז אַלץ הבל הבלים...

און דאָך איז דער דאָזיקער סקעפּטיש־קלוגער באָהעם אין משך פון זיין גאַנצער פּובליציסטישער קאַריערע געווען איינער פון די זאַכלעכסטע און פאַרנונפטיקסטע קאָמענטאַטאָרן פון די געשעענישן און פּאַסירונגען פון אונדזער כלל־לעבן און האָט כסדר אָנגעהאַלטן איין ליניע, וועלכע איז אינספּירירט געוואָרן פון אַ טיפזיניקער פאַרשטענדעניש און אינטואיטיוון באַגרייפן פון די יידישע פאָלקס־אינטערעסן.

נאָמבערג האָט פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין דער יידישער זשורנאַליסטישער וועלט, נישט בלויז צוליב דעם אופן און פאָרם פון זיין שרייבן, וואָס איז געווען איינציק אין זיין אַרט — קיינער קען זיך נישט פאַרגלייכן מיט אים אין דער לייכטקייט און גראַציעזקייט פון זיין סטיל, — נאָר אויך דערמיט, וואָס ער איז געווען איינער פון די ווייניקע נישט־פּאַרטייאישע יידישע פּובליציסטן, וואָס איז אין זיין שרייבן אינספּירירט געווען מיט אַ קלאָרער און אין דער זעלבער צייט אומדאָגמאַטישער געזעלשאַפטלעכער אידייע.

נאָמבערג איז געווען דער קרעפטיקער בעלעטריסטישער טאַלאַנט, וואָס האָט

פארבלאַנדזשעט, — ווער ווייסט דורך וואָס פאַר אַ אינערלעכן דראַנג, — אין דער פּובליציסטיק, און זיין שרייבן איז געוואָרן אַ סינטעז פון אַט דער צווייזייטיקייט פון זיין טאַלאַנט.

מעגלעך, אַז די יידישע שיינע ליטעראַטור דאַרף באַקלאָגן, וואָס נאָמבערג איז פּובליציסטישער שאַפן האָט פאַרשלונגען דעם טאַלאַנטפולן בעלעטריסט.

עס איז אויך מער ווי וואַרשיינלעך, אַז ס'איז געווען נאָמבערגס שטילע און פאַרבאַהאַלטענע טראַגעדיע, דער אינערלעכער געראַנגל פון קינסטלער, וועמעס שעפערישע כוחות זיינען פאַרצערט געוואָרן אין דער טעגלעכער אַרבעט פונעם צייטונגס־מענטש און פּובליציסט.

אויב דערפון האָט בלי ספק פאַרלוירן די יידישע ליטעראַטור — איז דערפאַר אָבער באַפּרוכפּערט געוואָרן די יידישע פּובליציסטיק, וואָס האָט אין נאָמבערגן געוואונען אַן אמתן אוצר פון פאַרבן, און קלאַנג־רייכקייט און אומפאַרגלייכלעכער סטיל־פיינקייט.

אָבער, ווי געזאָגט, נאָמבערג איז געווען דער איין־און־איינציקער צווישן אונדזערע פּובליציסטן נישט נאָר מיט דער ראַפינירטקייט פון זיין סטיל און שפּראַך, מיט דער אומפאַרגלייכלעכער מייסטערשאַפט, קלאָרקייט פון עקספּאָזיציע און קינסטלערישער שפּאָרזאַמקייט און קאָנצענטרירטקייט פון זיין וואָרט, — ער איז אויך געווען איינער פון די נישט פילע אַזוי־גערופענע אומפּאַרטייאישע יידישע פּובליציסטן, וואָס האָט זיין לעבן לאַנג פאַרטיידיקט אַ באַשטימטע אידייאישע קאָנצעפּציע, וועלכע ער האָט שפּעטער געקרוינט מיטן נאָמען „פאָלקיזם".

נאָמבערגס אומפּאַרטייאישקייט איז נישט געווען צעשוואומענקייט. ער האָט געוואוסט, וואָס ער האָט געוואָלט. מיט טיפער פאַרשטענדעניש האָט ער אויפגעפאַסט די יידישע נאַציאָנאַל־ווירטשאַפטלעכע און קולטור־פּראָבלעמען, און האָט זיין פעדער געווידמעט דעם גרויסן היסטאָרישן קאַמף פאַר דער איבערבויאונג פון דעם יידישן עקאָנאָמישן לעבן אויף די געזונטע יסודות פון דער ערד־אַרבעט.

מיר האָבן דאָ פאַר זיך געהאַט נישט קיין טרוקענעם דאָגמע־מענטש וואָס פאַרטיידיקט דעם אני־מאמין פון אַ באַשטימטן פּאַרטיי־שולחן־ערוך, נאָר אַ פּובליציסט קינסטלער, וואָס האָט מיט זיין אינסטינקט און מיט זיין אינטואיטיוון חוש באַגריפן דעם רוף פון דער צייט און האָט אָנגעטאַפּט דעם דפק פון דעם יידישן פאָלקס־לעבן.

אויך אויף דעם קולטור־געביט איז ה. ד. נאָמבערג געווען דער פּובליציסט מיטן ברייטן פאַרנעם און טיפן חוש פאַר דער רעאַלער ווירקלעכקייט.

ער איז נישט געווען קיין שפּראַך־פאַנאַטיקער, ווייל ער איז בכלל געווען צו טיפזיניק און פילאָזאָפיש־סקעפּטיש צו זיין אַ פאַנאַטיקער, נאָר ער האָט באַגריפן, אַז כדי צו שאַפן יידישע קולטור, מוזן מיר באַשיצן די שפּראַך פון אונדזער קולטור און דעם פונדאַמענט פון אונדזער קולטור — די יידישע שול.

און ער איז געוואָרן דער נאָבעלער ריטער פון יידיש און דער יידישער שול אין פוילן און איז געווען דער פאָנען־טרעגער פון דער גרויסער יידישער שול־באַוועגונג אין פוילן.

ער האָט נישט פאַרמאַכט די אויגן אויף די פעלערן און טעותן פון דער שול־באַוועגונג, אָבער דער שונא פון דאָגמען האָט געזען דעם שעפערישן נאַציאָנאַלן קערן פון דעם גרויסן שול־ווערק, וואָס איז אויך מיט זיין הילף געשאַפן געוואָרן אין פוילן.

און ווי אַ קולטור־צוואה קלינגען זיינע ווערטער, וועלכע ער האָט נישט לאַנג פאַר זיין טויט געזאָגט צו די קעגנער פון די יידישע שולן אין פוילן:

„...דעם קאַמף וועגן דער ריכטונג אין אונדזערע פאָלקס־שולן לאָמיר פירן דורך שעפערישער טעטיקייט; לאָמיר אויסכאַפּן איינע ביי די צווייטע אַלע פּעדאַגאָגישע דערגרייכונגען, אַריינפלאַנצן זיי אין אונדזערע שולן, און זאָל זיך יעדער באַמיען צו געבן דעם פאָלק אַ בעסערן, אַ געזונטערן טיפּ פון אַ שולע, מער צוגעפּאַסט צו די אָנשויאונגען און באַדערפענישן פון די מאַסן

דער איינציקער ווירדיקער קאַמף, דער איינציק דערלאָזבאַרער אויף דעם געביט פון דערציען דעם יונגן דור.״

:: :: ::

נאָמבערגס רייזע־פעליעטאָנען פון אַמעריקע, ארץ ישראל און סאָוועט־רוסלאַנד, זיינען אפשר די קרוין פון זיין פובליציסטישן שאַפן. דאָרטן איז געקומען צום אויסדרוק די מייסטערשאַפט פון זיין פאָרם און סטיל. — עס זיינען דאָרטן צעוואָרפן אמתע פערל פון בילד און געדאַנק — און דאָרטן האָט ער אויך מאַניפעסטירט אין דער פולסטער מאָס זיין טיפע לעבנס־חכמה און די אומדאָגמאַטישקייט פון זיין גייסט.

ער איז געשטאַנען ווייט פון ציוניזם און קאָמוניזם, אָבער ער האָט געקוקט מיט דעם אָפענעם אויג און האַרצן פון אַ קינסטלער אויף דער וועלט און מענטשן. און דערפון שטאַמט אַזאַ מענטשלעכע און גערעכטע אָפּשאַצונג און פאַרשטענדעניש פאַר דאָס ווירקלעך שעפערישע, וואָס ער האָט געזען אין ארץ ישראל אי אין דער גרויסער קאָציאַלער לאַבאָראַטאָריע פון סאָוועט־רוסלאַנד.

נאָמבערג איז נישט געווען קיין פּאָליטיקער נישט אינעם לעבן און נישט אין דער פובליציסטיק, ווייל ווי ער האָט אַליין געזאָגט וועגן זיך, געהערט ער צו דער משפחה פון יענע פילאָזאָפן, וואָס קענען נישט שאַפן קיין רעפובליק, ווייל זי וואָלט געווען פּליסיק ווי זייער אומרואיקער און שטענדיק זוכנדיקער געדאַנק.

אָבער אויב נאָמבערגס פובליציסטישע פעדער האָט נישט געדינט פאַר אונדזער „פּאָליטישער רעפובליק״ האָט זי אָבער געלאָזן אומשטערבלעכע ווערטן פאַר אונדזער „גייסט־רעפובליק״ — פאַר דער וואַקסנדער אין קראַפט און פּאָטענץ רעפובליק פון אונדזער יידישער קולטור...

(נאָוועמבער 1927)

# קאָראַלניק איז טויט

(נ ע ק ר א ל א ג)

עס ציטערט די האַנט, שרייבנדיק די שרעקלעכע, פאַטאַלע ווערטער:

— קאָראַלניק איז טויט!

אַזוי פּלוצלינג, אַזוי אומגעריכט קומט די בייזע, שוואַרצע בשורה פון ניו־יאָרק.

יאָ. מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט מען מיר דורכגעלעזן אַ זאַץ אין ניגערס אַ בריוו, אַז קאָראַלניק איז האַרץ־קראַנק און קומט שוין זעלטן אין דער רעדאַקציע.

ווער האָט אָבער געקאָנט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז אָט דער שמייכלענדיקער בלאָנדער מענטש, אין וועמען עס האָבן געשפּרודלט טויזנטער קוואַלן פון לעבן, שטייט אויף דער שוועל פון נישט־זיין?

דאָס האַרץ ציטערט, אַ קאַלטער פראָסט גייט דורך דורך דעם לייב, אָבער דער מוח וויל נישט באַגרייפן, אַז ס'איז שוין אויס, אַז ס'איז שוין נישטאָ מער דער אוצר פון פּאָעזיע, פון באַפליגלטע געדאַנקען, פון אוניווערסאַלן און יידישן וויסן.

מיר וועלן שוין נישט הערן די שטים פון דעם מייסטער, פון צויבערער, פון יידישן וואָרט, וואָס האָט פאַרוואַנדלט דאָס יידישע וואָרט אין דעם פיינסטן, איידל־סטן און רייכסטן אינסטרומענט פאַר די העכסטע געדאַנקען און איידלסטע אַל־מענטשלעכע און יידישע געפילן.

עס אָטעמט שוין נישט די נשמה, וואָס האָט אין זיך איינגעזאַפּט אַלץ, וואָס איז גרויס, דערהויבן-שיין אין דער יידישער און אַלמענטשלעכער קולטור און האָט עס פאַר אונדז אַרויסגעשטראַלט מיט טויזנטער שטראַלן דורך דעם כישוף פון זיין וואָרט, וואָס האָט געקלונגען פאַר אונדז אין אַלע טענער פון אַ וואונדערבאַרער וויאָלינטשעל.

ער, דער איין־און־איינציקער, די שטראַלנדיקע קרוין פון אונדזער יידישער זשורנאַליסטיק, איז שוין נישטאָ.

ווער איז אימשטאַנד איצט אָפּצוגעבן זיך חשבון, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן, ווען אין מוח ברענען די ווערטער:

— קאָראַלניק איז טויט!

:: :: ::

צום ערשטן מאָל האָב איך באַגעגנט קאָראַלניקן אין בערלין, אַ יאָר דריי-פיר פאַר דעם אויסברוך פון דער מלחמה.

פאַר אונדז, אין דעם יידישן זשורנאַליסטן־קרייז אין בערלין, איז ער געווען אַ פנים־חדשות. מיר האָבן געוואוסט, אַז אין ווין האָט ער זיך דערלאַבערט אַן אָנגע-

זעענעם פּלאַץ אין דייטשער זשורנאַליסטיק, זייענדיק רעדאַקטאָר פון אַ ווינער דייט־שער צייטונג. איך האָב געהערט, אַז פאַר אַ געוויסער צייט האָט קאָראַלניק רעדאַק־טירט דעם אָפיציעלן ציוניסטישן אָרגאַן „די וועלט“, ווערנדיק איינגעלאַדן פון הערצלען אַליין, וועלכער האָט תיכף באַמערקט די גרויסע זשורנאַליסטישע באַגאַבונג פון קאָראַלניקן און האָט אים פאַרטרויט דעם פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר־פּאָסטן פון „די וועלט“. זיין נאָענטקייט צו הערצלען איז געווען דער מאַגנעט, וואָס האָט מיך צוגעצויגן צו קאָראַלניקן פון דער ערשטער מינוט פון אונדזער באַגעגעניש, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ לאַנג־יאָריקער פריינטשאַפט.

קיין בערלין איז קאָראַלניק געקומען אַלס קאָרעספּאָנדענט פון דער גרויסער פּע־טערבורגער צייטונג „רעטש“, וואָס איז רעדאַקטירט געוואָרן פון דעם באַוואוסטן רוסישן היסטאָריקער, מילוקאָוו, און איז געווען דער אָרגאַן פון די רוסישע ליבעראַלן.

קאָראַלניק האָט דעמאָלט צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן שרייבן רוסיש. זיינע בריוו פון בערלין זיינען געווען זיין דעבוט אין דער רוסישער זשורנאַליסטיק און גלייך נאָך די ערשטע צוויי אָפּגעדרוקטע קאָרעספּאָנדענצן האָט ער געצויגן אויף זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט און אַלע האָבן אָנערקענט, אַז אין דער רוסישער זשורנאַליסטיק און אין אונדזער בערלינער זשורנאַליסטישן וועלט האָט זיך באַוויזן אַ נייער שטערן.

עס האָט נישט גענומען קיין סך צייט און קאָראַלניק איז געוואָרן די צענטראַלע פיגור צווישן דער גרופּע באַגאַבטע זשורנאַליסטן און פּובליציסטן, וואָס האָבן רע־פּרעזענטירט אין בערלין די רוסישע ליבעראַלע פּרעסע. זיין טיפע און פילזייטיקע קענטעניש פון דער אייראָפּעאישער און דייטשער קולטור און פּאָליטיק האָבן אים אַרויסגערוקט אין די ערשטע רייען. זיין קינסטלעריש־פּאָליטישע אינטואיציע, זיין ליריש־פּאָעטישער טאָן האָבן געגעבן אַ מערקווירדיקן גלאַנץ און אָריגינעלע אייגנ־אַרטיקייט זיינע בערלינער בריוו, וואָס האָבן פאַרמאָגט אין זיך עפּעס היינעשעס און בערנעשעס.

דער אויסברוך פון דער מלחמה האָט אונדז אויף אַ קורצער ווײַלע צעשיידט. מיר האָבן זיך נאָכדעם באַגעגנט אין קאָפּענהאַגען, וואוהין עס איז זיך צוזאַמענגע־קומען די גאַנצע בערלינער יידישע און רוסישע זשורנאַליסטן־גרופּע.

עטלעכע חדשים האָט קאָראַלניק פאַרבראַכט אין קאָפּענהאַגען, וואו ער האָט פון די שפּאַלטן פון דער „רעטש“ געפירט זיין גלענצנדע און שאַרפע מלחמה קעגן דייטשלאַנד. קאָראַלניקס פען־פיילן האָבן אַזוי שאַרף געטראָפן אין ציל, אַז דער דייטשער פּרעסע־אַמט האָט געפונען פאַר נויטיק צו שיקן אין קאָפּענהאַגען אַלס עמיסאַר ד"ר נתן בירנבוים (מתתיהו אחר) אַז ער זאָל באַווירקן קאָראַלניקן און די אַנדערע רוסיש־יידישע זשורנאַליסטן, אַז זיי זאָלן לשם יידישע אינטערעסן מילדערן זייער טאָן.

אין דעצעמבער 1914 האָב איך פאַרלאָזט קאָפּענהאַגען און בין אַוועק קיין ניו־יאָרק.

אין עטלעכע חדשים אַרום, ווען איך בין אין אַ נאָכמיטאָג אַריינגעקומען אין דעם אַמאָליקן ליטעראַרישן „קאַפע-שלום" אויף דער איסט־בראָדוויי, האָב איך דאָרטן, צו מיין אָנגענעמער איבעראַשונג, געטראָפן קאָראַלניקן.

פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן האָבן אים באַוואויגן צו פאַרלאָזן קאָפּענהאַגען.

אין ניו־יאָרק האָט כמעט קיינער, אויסער די געוועזענע בערלינער, נישט גע־קאָנט קאָראַלניקן. יידיש האָט ער קיינמאָל נישט געשריבן. פאַר אַ נייעם מענטשן אַריינדרינגען אין דער יידישער ניו־יאָרקער צייטונגס-וועלט איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן.

אָבער קאָראַלניקס אומבאַקאַנטשאַפט האָט געדויערט נישט מער ווי אַ צוויי וואָכן.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז עמיצער זאָל אים פאַרשלעפן אין דעם הויז פון אַ פּוילישן גוטן־יידן, ערגעץ־וואו אויף דער איסט־סייד. אויף מאָרגן האָט זיך באַוויזן קאָראַלניקס ערשטער אַרטיקל אין „טאָג", וועמענס רעדאַקטאָר איז דעמאָלט געווען דער פאַרשטאָרבענער הערמאַן בערנשטיין.

קאָראַלניק האָט אויף זיין קאָראַלניקישן אופן געשילדערט זיינע איינדרוקן פון דעם באַזוך ביי דעם פּאַרוואָגלטן, אין ניו-יאָרק, פּוילישן רבין.

קאַפע־„שלום" איז געווען, ווי אויף רעדלעך און אויף אַלעמענס ליפּן איז גע־ווען די פראַגע:

— ווער איז ער, דער נייער אומבאַקאַנטער?

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז קאָראַלניק איז תיכף איינגעלאַדן געוואָרן אַלס שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „טאָג".

זיין דעבוט אין אַ שפּראַך, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט באַנוצט, האָט אַלע־מען איבעראַשט, און פון דער ערשטער רגע איז ביי קיינעם נישט געווען קיין צווייפל, אַז די יידישע זשורנאַליסטיק האָט געוואונען אַ נייעם גרויסן כוח.

מען קאָן זאָגן אויף קאָראַלניקס אַריינטריט אין דער יידישער פּובליציסטיק, אַז „ער איז געקומען, געזען און באַזיגט".

געקומען איז ער אַלס האַלב-פרעמדער, זייטיקער, אפשר נאָך אַדאַנק צופעליקע אומשטענדן און איז געוואָרן אַ בירגער, דער ערשטער בירגער אין דער רעפּובליק פון יידישן זשורנאַליזם.

:: :: ::

ווען עס איז אויסגעבראָכן די קערענסקי־רעוואָלוציע איז קאָראַלניק אַוועק אין רוסלאַנד. אַוועק מיט גרויסע האָפנונגען און דערוואַרטונגען, גלויבנדיק, אַז אַדאַנק

זיינע פאַרבינדונגען מיט מילוקאָוון, וועלכער איז געווען דעמאָלט אויסערן־מיניסטער אין דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג, וועט זיך פאַר אים עפענען אַ ברייטערער פעלד פון אַרבעט, אַז ער וועט קאָנען שווימען אין אַ ברייטערן ים, ווי די ניו־יאָרקער איסט־בראָדוויי...

מיר האָבן זיך דעמאָלט צעשיידט. איך האָב געהאָפט באַלד באַגעגענען זיך מיט אים אין רוסלאַנד.

זיינע ערשטע בריוו פון רוסלאַנד זיינען געווען פול מיט גרויסע האָפנונגען און דערוואַרטונגען.

אָבער עס איז געקומען די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש, און מען האָט נישט געוואוסט, וואָס איז געשען מיט קאָראַלניקן.

און ערשט יאָרן שפּעטער, ווען „די אידישע ציימונג" האָט געדרוקט קאָראַלניקס מיט בלוט געשריבענעם ווײ־געשריי וועגן דער אוקראַינער שחיטה, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון דעם אוקראַינער גהינום קיין ניו־יאָרק, באַקומענדיק די שליחות פון דעם אוקראַינער יידנטום צו דערציילן דער וועלט וועגן דעם פּיין און יסורים פון דעם חורבן־אוקראַינע.

אין דער יידישער פּראָזע איז געווים נישטאָ קיין מעכטיקערער דענקמאָל פון יענעם גרויזאַמען קאַפּיטל פון דער יידישער געשיכטע, ווי די שורות, וואָס קאָראַלניק האָט געשריבן וועגן דער מעשה־אוקראַינע.

אומקערנדיק זיך פון אוקראַינע קיין ניו־יאָרק האָט שוין די יידיש־אַמעריקאַנישע שרייבער-משפחה אויפגענומען קאָראַלניקן — דעם נעכטיקן אומבאַקאַנטן און האַלב-פרעמדן, ווי אַ כהן גדול פון דעם יידישן וואָרט און האָט אים אָפּגעטראָטן דעם פּאַרדיגמן ערשטן פּלאַץ אַלס דעם גלענצנדסטן פון די עסעאיסטן, וואָס זיינען געווען און פאַראַן אין דער יידישער שפּראַך.

קאָראַלניק האָט דורך דעם צופאַל פון אומשטענדן פאַרבונדן זיך מיט יידיש און יידישער זשורנאַליסטיק און האָט זיך אפשר די ערשטע צייט געפילט אַלס האַלב-זייטיקער און סקעפּטישער גאַסט אין איר; אָבער אין די לעצטע יאָרן איז אַלץ געוואַקסן זיין אָרגאַנישער צובונד און צוזאַמענוואוקס מיט דעם יידישן געשריבענעם וואָרט, וואָס איז געוואָרן דער אינסטרומענט פון זיין אומענדלעך־רייכער שעפערישער באַגאַבונג.

:: :: ::

קאָראַלניק איז געווען באַשאָנקען, ווי פּאַראַדאָקסאַל עס זאָל נישט קלינגען, מיט צופיל טאַלאַנטן און דאָס איז אפשר געווען די טראַגעדיע פון זיין שעפערישער פּערזענלעכקייט.

ער איז געווען פּאָעט, פילאָזאָף, דראַמאַטיקער (אין דער יוגנט האָט ער פּאַרזוכט זיינע כוחות אויך אויף דעם דראַמאַטישן געביט, אָנשרייבנדיק אַ דראַמע אין דייטש), פּובליציסט און עסעאיסט־קריטיקער. ער האָט געשפּילט און געשפּילט, ווי אַ מייסטער אויף אַ סך שפּראַך-אינסטרומענטן, אַפּריער דייטש, נאָכדעם רוסיש און צולעצט איז ער געקומען צו יידיש. דערפאַר האָט זיך אין זיין פּובליציסטיק און אין זיינע וואונדערבאַרע עסעיען אָפּגעשפּיגלט די פילזייטיקייט און פילפאַרביקייט פון זיין גייסט און פון זיינע אַלע טאַלאַנטן.

אָבער די מייסטערשאַפט, לויט געטעם קלוגן וואָרט, איז אין דער באַגרעניצט־קייט. קאָראַלניק איז געווען צו פילזייטיק, צו אַלווייסנד, כדי צו דערגרייכן די לעצטע שלימות — צו ווע־ן דער גרויסער פּאָעט, אָדער דענקער.

דאָס איז די דראַמע פון דעם שעפערישן לעבן, וואָס איז איצט אַזוי אומברחמנות־דיק אָפּגעשניטן געוואָרן אין דעם מאָמענט פון העכסטער רייפקייט, ווען ער האָט פאַר אונדז ערשט געקאָנט אַנטפּלעקן אַלע זיינע שעפערישע פּאָטענצן...

אַ שטערן, אַ גלענצנדער מעטעאָר איז אויסגעלאָשן געוואָרן אין אונדזער גייס־טיקן לעבן.

אונדזער הייסע טרער פאַלט אויף דעם ווייטן קבר פון דעם וואַרימען פריינט פון פיל יאָרן, פון דעם אַלצווייסנדן סקעפּטיקער, אין וועמענס ברוסט עס האָט אָבער געשלאָגן אַ הייס הארץ, וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויף אַלע ליידן און פריידן פון יידנטום און מענטשנטום און וועגן וועמען מען קען זאָגן:

— אים איז נישט געווען פרעמד אַלץ, וואָס איז מענטשלעך —

# פריטץ מרדכי קויפמאַן

אויסער די גרעניצן פון דייטשלאַנד איז זיין נאָמען ווייניק באַקאַנט.

נאָר אין די ענגערע קרייזן פון דער ייִדיש־אייראָפּעאישער אינטעליגענץ, וואָס פּאָלגט אויפמערקזאַם נאָך אַלץ וואָס ווערט געשאַפן אויף דעם ייִדישן געביט, האָט מען געוואוסט ווער קויפמאַן איז און הויך געשעצט דעם יונג־ענטוזיאַסטישן און טאַלאַנטפולן תלמיד פון מתתיהו אחר — דער טרייען דינער פון דער ייִדישער קולטור.

פ ר י ט ץ מ ר ד כ י. אין דעם נאָמען אַליין ליגט אַ שטיק ביאָגראַפיע פון קויפמאַנען, דעם יונגן דייטש־ייִד, וואָס איז גאַנץ ייִד געוואָרן, איינער פון די ווייניקע קנאים פון דער ייִדישער (ייִדישיסטישער) קולטור צווישן דער מערב־אייראָפּעאישער אינטעליגענץ.

פ ר י ט ץ, דאָס איז דער דייטש, דער עכטער דייטש, דער זון פונעם רהיין, דעם פיל באַזונגענעם טייך, וואָס דערמאָנט אונדז דאָס בעסטע, דאָס דיכטערישע און אַנטי־פּרייסישע אין דייטשלאַנד, דאָרטן איז דער געבורט־פּלאַץ פון קויפמאַנען.

ביים רהיין האָט ער איינגעזויגן אין זיך די דייטשע קולטור, די ליבע צו דאָס שיינע, צו מוזיק און געזאַנג.

און נאָכדעם אין די יאָרן פון גייסטיקער רייפקייט איז פריטץ מ ר ד כ י געוואָרן, אינעם דייטש־ייִד האָט דער ייִד דערוואַכט, דער גאַנצער פולקאָמענער ייִד, וואָס ווייסט נישט פון האַלבקייט און צעריסנקייט.

ער איז נישט געקומען פון דער רייכער דייטשער קולטור צום ייִדיש, ווי צו אַן אָרימען קרוב. ניין, אין דער ייִדישער קולטור האָט ער זיין אמתן מקור, זיך אין זיין גייסטיקע היים געפונען.

ער איז איינגאַנצן צו אונדז געקומען. אָן דער צעריסנקייט פון דעם ייִדישן אינ־טעליגענט בעל־תשובה, וואָס קען קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם פרעמדן רייך־געדעק־טן קולטור־„טיש״, וואָס ער האָט פאַרלאָזן.

דער ערשטער עטאַפּ אויף זיין צוריקקער צו ייִדישקייט איז געווען דער ציוניזם, דער בורזשואַז־אַסימילאַטאָרישער ציוניזם אין זיין ערגסטער דייטשער אויסגאַבע. אָבער ער איז נישט לאַנג דאָרט פאַרבליבן. ער האָט באַלד דערפילט די גייסטיקע אָרעמקייט און נשמה־פּוסטקייט פון דעם פילאַנטראָפּישן דייטשן ציוניזם, פאַר וועמען דאָס ייִדיש־נאַציאָנאַלע לעבן איז געווען אַ הלכתא דמשיחא.

דאָרט, אין פּאַלעסטינע, וועלן מיר זיך נאַציאָנאַל אויסלעבן — דאָס איז געווען די אָרימע פילאָזאָפיע פונעם דייטשן ציוניזם — און דערוויל, פאַר דער קעגנוואַרט האָט מען זיך באַנוגנט מיט נאַציאָנאַליסטישער אתה בחרתנו־דעקלאַמאַציע און גע־פירט דעם גייסטיק־שפּלן לעבן פון זאַטער אַסימילאַטאָרישער צופרידנקייט.

קויפמאַן האָט זיך גלייך דערפילט ענג אָט אין דער אַטמאָספעריע; ס'האָט אים געצויגן צום לעבעדיקן יידישן פאָלק. אים האָט נישט באַפרידיקט דער קאַלטער פאָר־מאַלער נאַציאָנאַליזם פון דער דייטשער ציוניסטישער תורה. נישט נאַציאָנאַלע צו־קונפט־מוזיק האָט זיין נשמה פאַרלאַנגט, ער האָט געזוכט די לעבעדיקע יידישע קול־טור־ווירקלעכקייט, וואו היינט, תיכּף, באַלד איז שוין מעגלעך צו לעבן בהסכם מיט זיינע אידייען און שטרעבונגען.

און אינעם מזרח־יידנטום האָט ער, ווי זיין לערער ב י ר נ ב ו י ם, דאָס געזוכטע געפונען.

צו יענער צייט באַגעגנט זיך קויפמאַן מיט מתתיהו אחר, דעם אַפּאָסטאָל פון מזרח־יידנטום.

דער תלמיד האָט זיין גרויסן רבין געפונען.

אין בירנבוימס אידייען וועגן מערב און מזרח־יידנטום געפינט ער די שטאַרקס־טע שטיצע און באַשטעטיקייט פון זיינע אייגענע שטרעבונגען.

ער קערט זיך אָפּ אינגאַנצן פונעם ציוניזם מיט זיין שלילת הגלות און ווערט דער ערשטער פאָרקעמפער פון דער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור אין מערב.

און זיין ליבע־פאַרליבטקייט אין די מזרח־יידישע מאַסן, אין זייער קולטור־שאַפן און שפּראַך איז נישט קיין פלאַטאָנישע.

מיט עכט דייטשן ערנסט און חסידישער התלהבות נעמט ער זיך צום **שטודיום** פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור.

יידיש ווערט די שפּראַך פון זיין היים און טאָג־טעגלעכן לעבן. ס'נעמט נישט קיין לאַנגע צייט און ער ווערט איינער פון די גרעסטע מומחים אין דייטשלאַנד פון דער יידישער שפּראַך, פילאָלאָגיע און ליטעראַטור.

אינעם פריילינג פון 1913 שאַפט ער די צייטשריפט „פרײשטאַט" — אַ קאַמפס־אָרגאַן פאַר אַלץ וואָס איז יידיש. ער פירט דאָרטן צוזאַמען מיט בירנבוימען אַ ליידנ־שאַפטלעכע מלחמה קעגן דער ציוניסטישער אַסימילאַציע. ער דרוקט דאָרטן אַ גאַנ־צע רייע אָפּהאַנדלונגען וועגן יידישער ליטעראַטור, שפּראַך־פאָרשונג און פאָלקלאָר.

אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג איז געווידמעט דער יידישער דיכטונג (אין יידיש מיט לאַטיינישע טראַנסקריפּציע). מיט הייסער ליבע פאָלגט ער נאָך אַלץ, וואָס ווערט געשאַפן אויף דעם געביט פון דער יידישער קולטור און עפנט אויף פאַר דער יידישער און דייטשער וועלט די אוצרות פון דעם יידישן קולטור־שאַפן אין מזרח.

אין „פרײשטאַט" ווערן געדרוקט אַ רייע פון זיינע קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער יידישער ליטעראַטור. זיין עסיי וועגן מענדעלע מוכר ספרים איז איינע פון די בעסטע אַרבעטן, וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן דעם זיידן.

די „פרײשטאַט" ווערט אויך דער מאַגנעט, וואוהין ס'ווערן צוגעצויגן די יידן פון דער דייטש־עסטרייכישער ליטעראַטור.

דער זשורנאַל האָט געהאַט אַ טיפע השפעה אויף דער דייטש-יידישער יוגנט און אויף אַ רייע באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן אין דער דייטש־עסטרייכישער ליטעראַטור.

דער הויך-טאַלאַנטפולער מ אַ ק ס ב ר אָ ד, ס ט ע פ אַ ן צ וו יי ג און אַנדערע ווערן אַריינגעצויגן אין דעם „פּריישטאַט"־קרייז.

ספּעציעל ווידמעט זיך קויפמאַן דעם יידישן פאָלקלאָר. אַלס באַגאַבטער מוזיקער און וויאָליניסט האָט ער אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר דער יידישער פאָלקס-מוזיק. ער ווערט אַן אייפעריקער זאַמלער פון יידישע פאָלקס-ניגונים און לידער פון דעם פאַרשידנסטן אַרט.

מיט טיפן ערנסט און גרויסער זאַכקענטעניש רעווידירט ער אַלץ, וואָס איז געשאַפן אויף דעם געביט. אינעם „אידישן פאַרלאַג" דערשיינט זיין ערשטע זאַמלונג פון יידישע פאָלקס-לידער, אַ קליינער ברוך־טייל פון אַ רייכער אַרבעט.

אין „וועלט פאַרלאַג", איז קורץ פאַר זיין טויט דערשינען אַ זאַמלונג פון זיינע „עסעים" וועגן יידישער דיכטונג און קולטור.

אייך איבעראַשט דאָס טיפע קענען און הייסע פאַרליבטקייט אין יידיש פון אַט דעם גר, וואָס איז ערשט נישט לאַנג געקומען צו אונדז כמעט פון אַ פרעמדער וועלט.

:: :: ::

איך האָב זיך מיט קויפמאַנען באַגעגנט אויף אונדזערע „דינסטאַגן" אין קאַפע „יוסט" אין בערלין, וואו ס'פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן עטלעכע מנינים פון דער יידיש־נאַציאָנאַלער סטודענטשאַפט און די יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, וואָס פלעגן לעבן אָדער דורכפאָרן דורך דייטשלאַנד. די נשמה פון דעם קולטור-קרייז איז געווען דער אייביק זוכנדער און אומרואיקער נ ת ן ב י ר נ ב ו י ם. רייזען, נאָמבערג, ש. גאָרעליק, מ. גראָסמאַן, א. קאַרטאַזשיסקי (אָסקאַר נערוועזשסקי) זיינען געווען פון די אָפטע אַריינגייער.

אַלע פראַגן פון דער יידישער קולטור און פאָליטיק זיינען דאָרטן היים און לייידנשאַפטלעך דיסקוטירט געוואָרן. קויפמאַן פלעגט זעלטן ווען נעמען דאָס וואָרט. שטיל און עניותדיק פלעגט ער הערן און באַאָבאַכטן.

דאָס איז געווען די צייט, ווען ער האָט נאָך נישט באַמייסטערט דעם יידיש און דייטש האָט ער אויס פּרינציפּ נישט געוואָלט רעדן.

די מלחמה האָט אונדז אַלעמען צעזייט און האָט אַ סוף געמאַכט פון די „דינסטאַגן".

קויפמאַנען האָט מען גלייך אין די ערשטע טעג פון קריג מאָביליזירט. מיר איז נישט געלונגען צו געזעגענען זיך מיט אים.

פון בירנבוימען ווייס איך, אז ער איז כמעט מיט פרייד געגאנגען אין קאזארמע, ער האט געהאפט, אז מ'וועט אים שיקן צום רוסישן פראנט און דארטן וועט ער האבן א געלעגנהייט נקמה צו נעמען פאר קישענעוו...

אבער זיין חלום איז נישט מקוים געווארן. מען האט אים געשיקט קיין בעלגיע. איך האב אין קאפענהאגען געלייענט זיינעם א בריוו געשריבן פון פראנט. ער האט זיך טאפפער געשלאגן און איינער אליין געפאנגען א גאנצע אפטיילונג ענגלישע סאלדאטן.

אבער דאס איז געווען די ערשטע בארוישונג פון קריגס-פראנט. באלד האב איך זיך דערוואוסט, אז דער פרידלעכער דיכטערישער קויפמאן האט נישט לאנג אויס־געהאלטן זיין קריגס־ראלע און איז געווארן א קרבן פון א שטארקער נערוון־צע־טרייסלונג.

פון דאן אן האב איך וועגן קויפמאנען גארנישט געהערט.

איצט ברענגען מיר די יידיש־דייטשע צייטונגען די בשורה פון זיין פריציי־טיקן טויט.

די מלחמה האט אים פארשאנעוועט. ער איז געקומען לעבעדיק צוריק און האט זיך אומגעקערט צו זיין פאסטן אלס קעמפער פאר יידיש און יידישער קולטור אין דייטשלאנד.

ער האט אויך פיל לעצטנס געארבעט אין דער דייטשער הילפס־ארגאניזאציע פאר די יידישע ארבעטער, וואס זיינען פארוואגלט געווארן אין דייטשלאנד. מ'דער־ציילט, אז ער האט אויף דעם געביט פון פראדוקטיווירן די יידישע איינוואנדערער אין דייטשלאנד פיל, זייער פיל אויפגעטאן.

און אין דער זעלבער צייט האט ער געטאן זיין וויכטיקע און שעפערישע קול־טור־ארבעט, געזאמלט יידישע לידער, מאטעריאלן פאר דער יידישער שפראך־פאר־שונג און געפרעדיקט צווישן דייטשן יידנטום דאס אומקערן צום אלטן גרויסן יידישן פאלק און זיין קולטור.

קויפמאן איז געשטארבן קוים דערגרייכנדיק די דרייסיקער. אזוי יונג איז ער שוין געווארן איינע פון די צענטראלע און אינטערעסאנטסטע אמת־יידישע פער־זענלעכקייטן אין דייטשלאנד.

ער האט ערשט געהאלטן ביים אנפאנג. זיין ביז איצטיקער אויפטון איז געווען בלויז א הקדמה, ער האט צוגעזאגט פיל, זייער פיל.

דער טויט האט ארויסגעריסן פון די רייען פון די יידישע קולטור־טוער אין מערב א גרויסע צוזאגנדע קראפט, ס'איז אויסגעלאשן געווארן אן אויפגייענדער שטערן...

---

# יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז דער קרעפטיקער ריז, דער מאַן וועמענס מאָנומענטאַלע סטאַטור האָט אייך דערמאָנט אַ פעסטן אומבויגזאַמען דעמב, וועלכן קיין שטורם וועט נישט איינברעכן, איז געפאַלן און איז שוין מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע.

געוויס, יצחק אייזיק הורוויטש, איז נישט יונג געשטאָרבן, ער האָט זיך שוין דערנענטערט צו דער זאַמער עלטער פון די זיבעציק יאָר. אָבער ווער עס איז געקומען אין באַרירונג מיט אים, ווער עס האָט געזען זיין אַטלעטישע פיגור און געפילט זיין בריוזנדן מיט לעבנס-קראַפט און לעבנס-ענערגיע גייסט האָט פאַרגעסן וועגן זיין עלטער און האָט באַקומען דעם איינדרוק, אַז פאַר אים שטייט אַ מאַן אין פולער בליאונגס-צייט.

איך דערמאָן זיך, אין עטלעכע טעג אַרום נאָך מיין אָנקומען אין ניו-יאָרק האָב איך אין „קארנעגיע-האַל" אויף דעם באַגריסונגס-אָוונט לכבוד שלום עליכמען דער-זען צום ערשטן מאָל יצחק אייזיקן.

ביז איך האָב נישט דערהערט זיין פשוטן מינסקער יידיש, געווירצט מיט חנוו-דיקן הומאָר, האָב איך נישט פאַרשטאַנען, וואָס טוט דאָ אויף דעם יידישן אָוונט דער רוסישער פאָמעשטשיק פון נאָוואָגראַד אָדער טולע, מיט דעם אויסזען פון אַן אמת-רוסישן „באָגאַטיר".

אין מיינע וואַנדערונגען אין אייראָפּע און אַמעריקע האָב איך נישט געטראָפן אַ צווייטן יידישן טיפ, וואָס זאָל זיין ענלעך צו דער אַפּאָלאָנישער הערקולעסן-פיגור פון יצחק אייזיקן.

און נישט נאָר אין זיין פיזישן אויסזען האָט יצחק אייזיק הורוויטש פאַרקער-פערט קראַפט און קאַמפּס-ענערגיע — דאָס איז אויך געווען דער עצם פון זיין גייסטיקן מהות.

אין אַמעריקע האָט מען יצחק אייזיקן געהאַלטן פאַר דעם שטענדיקן „פייטער", פאַר דעם אומדערמידלעכן קעמפער.

ער איז געווען פון די פערזענלעכקייטן, וועמענס גייסט איז פון שמאָל געשמידט און וועמענס עובדה אין לעבן איז צו גיין נישט מיטן שטראָם, נאָר קעגן אים.

ד"ר הורוויטש איז, ווי באַקאַנט, זיין גאַנץ לעבן געווען אַ סאָציאַליסט און האָט אויף איין מאָמענט נישט פאַרראַטן זיינע סאָציאַליסטישע אידעאַלן.

ער האָט דורכגעמאַכט די פּאָליטישע שולע פון די רוסישע טורמעס, פון סיבי-רער פאַרשיקונג און האָט פאָרגעזעצט זיין סאָציאַליסטישע אַרבעט אין דער פרייער אַמעריקע.

אָבער קעמפנדיק פאַר סאָציאַליסטישע אידייען איז ער פאַקטיש די גרעסטע צייט פון זיין אַמעריקאַנישער פּאָליטישער קאַריערע געווען אינעם קאַמף קעגן דעם אָפיציעלן פּאַרטיי־סאָציאַליזם, און האָט זיך געראַנגלט קעגן דער סאָציאַליסטישער דאָגמאַ אין דער טעאָריע און פּראַקטיק.

ער איז געווען דער אומרואיקער גייסט פון דעם אַמעריקאַנישן סאָציאַליזם, דער שטענדיקער אַפּיקורס און פראַגע־שטעלער, וועלכן די פּאַרטיי האָט קיינמאָל נישט געקענט פאַרדייען און ער האָט דערום געמוזט שטיין אויסער אירע רייען.

אין משך פון זיין גאַנצער פּובליציסטישער קאַריערע האָט ד״ר הורוויטש געקעמפט קעגן דעם וואולגאַרן סאָציאַליזם, קעגן די דאָגמאַטישע סאָציאַליסטישע פּי־רער וועמען ער האָט געקרוינט מיט דעם בייסיקן נאָמען „סאָציאַליסטישע כלי־קודש״.

צו די וועלכע האָבן דאָגמאַטיש פאַרטיידיקט יעדן בוכשטאַב פון מאַרקסיזם אַלס „איינציקן אמת״ האָט יצחק אייזיק געטענהט:

אויב איר ווילט זוכן דעם „איינציקן אמת״ טאָ מוזט איר זיך ווענדן צו דער רעליגיע. אין דער רעליגיע איז פאַראַן אַן איינציקער גאָט, אַן אמתער גאָט און אַן אייביקער גאָט. פון דער וויסנשאַפט איז דער „איין־איינציקער אמת״ אַוועק.

כדי דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם זאָל גיין פאָראַויס דאַרף מען באַקעמפן דעם קירכלעכן גייסט אין דעם סאָציאַליזם.

יצחק אייזיק הורוויטש איז אפשר דער ערשטער פון די טרייע סאָציאַליסטן, וועלכער האָט אַלס פריינט און נישט אַלס קעגנער קריטיקירט דעם געדאַנק פון דיק־טאַטור אין סאָציאַליזם און האָט געוואָרנט פאַר דער געפאַר פון סאָציאַליסטישן ביוראָקראַטיזם און דעם דעספּאָטיזם פון דער פּאַרטיי־מאַשין.

אַ סך פריער פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע האָט ער פאָראויסגעזען די שאָטן־זייטן און געפאַרן פון סאָציאַליסטישער פּאַרטיי־דיקטאַטור.

עס איז דערום קיין וואונדער נישט, וואָס צוזעענדיק דורך זיין פערזענלעכער באַאָבאַכטונג די באָלשעוויסטישע ווירקלעכקייט אין רוסלאַנד איז ד״ר הורוויטש דרייסט און אָפן אַרויסגעטראָטן קעגן דעם קאָמוניסטישן רעזשים.

אין משך פון די לעצטע יאָרן האָט יצחק אייזיק פאַרטיידיקט די אַזוי־גערופע־נע „פיוזשאַן״־פּאָליטיק אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ער האָט געקעמפט דער־פאַר, אַז די סאָציאַליסטן זאָלן ביי די וואַלן נישט באַנוגענען זיך בלויז מיט דעי־מאָנסטראַציעס, וואָטירנדיק פאַר זייערע אייגענע קאַנדידאַטן, וואָס האָבן קיין שום שאַנסן נישט דערוויילט צו ווערן און זאָלן בעסער אָפּגעבן זייערע שטימען פאַר די מער פּראָגרעסיווערע בירגערלעכע קאַנדידאַטן.

יצחק אייזיקס פיוזשאַן־טעאָריע האָט מען אין די סאָציאַליסטישע רייען באַ־טראַכט פאַר דעם גרעסטן אַפּיקורסות. און איצט בעת ד״ר הורוויטש איז שוין וואָר־שיינלעך געלעגן אין גסיסה, האָט דער צוזאַמענפאָר פון דער סאָציאַליסטישער פּאַר־

טיי און קליוולאַנד באַשלאָסן צו וואָטירן פאַר דער בירגערלעכער פּרעזידענט־קאַנדי-דאַטור פון דעם פּראָגרעסיסט, לאַ פאָלעט.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איר אָרטאָדאָקסאַלע פירער הילקוויט און בערגער האָבן אַלזאָ אָנגענומען די אַפּיקורסות, וועלכע יצחק אייזיק הורוויטש האָט די גאַנצע צייט געפּרעדיגט.

שוין זייענדיק אויפן טויטן־בעט, האָט יצחק אייזיק געזיגט, האָבנדיק ביים לעבן קענען זיך די גאַנצע סאָציאַליסטישע עפנטלעכע מיינונג פון לאַנד.

די גאַנצע פּאָליטישע קאַריערע פון יצחק אייזיקן צייכנט זיך אויס מיט זיין שטענדיקן וואַנדערן ק ע ג ן ש ט ר אָ ם.

אַזוי איז דאָס געווען, בעת ער איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דעם גרעסטן יידישן אַרבעטער־סינדיקאַט (דער שניידער־יוניאָן) און האָט קעגן זיך אויפגעשטור-רעמט די גאַנצע מחנה פון די טוער פון דער נאָרד-אַמעריקאַנער יידישער פּראָפּע-סיאָנאַלער באַוועגונג.

אין דער צייט פון דער מלחמה איז ד"ר הורוויטש ווידער געגאַנגען קעגן שטראָם.

בעת אין לאַנד האָט געהערשט דער מלחמה־טעראָר, בעת דער גרעסטער טייל פון די סאָציאַליסטישע און ראַדיקאַלע געזעלשאַפטלעכע טוער איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון דער „אַליאַדאָפילישער היסטעריע", איז ד"ר הורוויטש גע-ווען איינער פון די וויניקע, וועלכער האָט באַקעמפט דעם „בלאָף" פון דער דעמאָ-קראַטישער פּראָזעלאָגיע פון די קריגער און האָט עקשנותדיק פאַרטיידיקט דעם געדאַנק פון שלום און נייטראַליזם.

פאַרשטייט זיך, אַז יצחק אייזיק איז צוליב זיין אַנטי־מלחמה שטעלונג נישט פאַרשאַנעוועט געוואָרן פון פאַלשער באַשולדיקונג אין דייטש־פריינטלעכקייט.

ער האָט זיך אָבער אויף דעם וויניק אומגעקוקט, ווי ער האָט זיך קיינמאָל נישט גערעכנט מיט די מיינונגען פון זיינע קעגנער, בעת ער האָט פאַרטיידיקט די פּרינ-ציפּן אין וועלכע ער האָט געגלויבט.

:: :: ::

אין ד"ר הורוויטשן פאַרלירט נישט נאָר דער יידישער סאָציאַליזם, נאָר אויך די יידישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג איינעם פון אירע שטאַרקסטע פערזענלעכקייטן און באַדייטנדסטן טוער.

פון דעם מאָמענט אָן, ווען יצחק אייזיק האָט זיך אומגעקערט מיטן רוקן צו זיינע אַמאָליקע אידייען פון אַסימילאַציע איז ער געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע זיילן פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן,

צוזאַמען מיט דאָקטאָר זשיטלאָווסקי האָט ער דורכגעפירט די רעוואָלוציע אין די מוחות פון די יידיש-אַמעריקאַנישע סאָציאַליסטן און האָט פיל בייגעטראָגן צו דעם, אַז די מעכטיקע יידישע אַרבעטער-באַוועגונג זאָל זיך שטעלן צום דינסט דער יידי־שער נאַציאָנאַלער זאַך.

ד״ר הורוויטש האָט גענומען דעם גרעסטן אָנטייל אין די אַרבעטער-קאָנגרעסן פאַר יידישע רעכט אין ארץ ישראל.

אין דער אַלגעמיינער יידישער קאָנגרעס-באַוועגונג האָט יצחק אייזיק אויך געשפּילט זייער אַן אָנזעעוודיקע ראָל, און ער איז דער פאָטער פון דעם וואַל־געזעץ צום ערשטן פאַרלאַמענט אין פילאַדעלפיע, וואָס איז פאָרגעקומען נאָך דער אַר־מיסטיציע.

ד״ר הורוויטש, נישט זייענדיק קיין פּאַרטיי־מאַן איז זייער נאָענט געשטאַנען צו די נאָרד־אַמעריקאַנער פּועלי ציון און האָט פיל מיטגעהאָלפן די פּאָליטישע אַק-ציעס פון דער פּאַרטיי.

די ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַר־לירט אין יצחק אייזיקן איינעם פון אירע געבילדעסטע און אָנזעענדיקע מיטגלידער.

:: :: ::

אַ גרויסן און אומפאַרבייטבאַרן פאַרלוסט האָט געליטן מיטן טויט פון ד״ר הורוויטש די יידישע וויסנשאַפט און פּובליציסטיק.

מיר פאַרמאָגן נישט ווייניק געלערנטע יידן אין די אַקאַדעמיעס און אוניווער־זיטעטן פון אייראָפּע און אַמעריקע, אָבער מיר קענען איבערציילן קוים אויף די פינגער פון איין האַנט יידישע געלערנטע, וואָס האָבן זייער וויסנשאַפטלעכע פאַריערע געווידמעט יידן און האָבן געשריבן אין יידיש.

דערהויפּט זיינען מיר אָרים אין יידישע עקאָנאָמיסטן און סאָציאָלאָגן: ח. ד. הורוויטש, יעקב לעשצינסקי און יצחק אייזיק זיינען כמעט די איינציקע, וואָס האָבן געשריבן איבער יידיש-עקאָנאָמישע פראַגן, און דער פאַרשטאָרבענער פאַרנעמט בלי ספק דעם ערשטן פּלאַץ מיט זיין וויסנשאַפטלעכער ערודיציע און סיסטעמאַטישער אַקאַדעמישער בילדונג.

יצחק אייזיק הורוויטשס בוך וועגן דער עמיגראַציע אין נאָרד־אַמעריקע, וואָס איז צום ערשטן מאָל דערשינען אין ענגליש איז אַ קאַפּיטאַלע ווערק, וועלכע האָט פיל בייגעטראָגן צו דער אויפקלערונג פון דעם עמיגראַציע און אימיגראַציע־פּראָבלעם.

הורוויטשס בוך איז די באַגרינדעסטע וויסנשאַפטלעכע אַטאַקע אויף די אַי־מיגראַציע-קעגנער און האָט אין זיין צייט געמאַכט זייער אַ שטאַרקן רושם אין די קרייזן פון די געלערנטע עקאָנאָמיסטן פון נאָרד־אַמעריקע.

יצחק אייזיק איז אויך דער מחבר פון דעם זייער אָנגעזעענעם און אָריגינעל אויפגעפאַסטן ווערק „איבער דער אנטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע" (דערשינען אין יידיש אין 1922).

די יידישע פּובליציסטישע אַרטיקלען פון דעם פאַרשטאָרבענעם זיינען דערשינען אין 1917 אין פיר בענדער און דאָרטן זיינען ווייט נישט פאַרטראָטן אַלע זיינע וויכטיקסטע אָפּהאַנדלונגען.

לעצטנס האָט הורוויטש אָנגעהויבן דרוקן זיינע מעמואַרן. דאָס איז אַן אמתער לעבנס-ראָמאַן פון אַ יידישן קעמפער-לעבן, געשריבן מיט דער זעלטענער פשטות און באַשיידנקייט פון אַן אמת באַדייטנדן מענטשן. עס וואָלט געווען אַן אומערזעצלע-כער פאַרלוסט, אויב דאָס ווערק איז געבליבן נישט פאַרענדיקט.

צווישן די פילע אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן, וואָס דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט ארויסגעגעבן פאַר די לעצטע דריי צענדליק יאָר, איז יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע און מאָראַליש-באַדייטנדסטע.

אין דער טומלדיקער און רעשדיקער אַמעריקע, וואו עס איז אַזוי שווער איינ-צוהאַלטן זיך אויפן פיעדעסטאַל פון פּאָפּולאַריטעט און אַלגעמיינער אכטונג, איז יצחק אייזיק געווען איינער פון די זייער, זייער ווייניקע וועמענס נאָמען האָט ארויס-גערופן צו זיך יראת הכבוד אין אַלע אָן אויסנאַם קרייזן פון נאָרד-אַמעריקאַנער יידנטום.

מיט יצחק אייזיקס טויט פאַרשווינדט איינער פון די מאָהיקאַנער פון דער יידיש-רוסישער אימיגראַנטן קאָלאָניע, וואָס האָבן געהאָלפן שאַפן און גייסטיק פאַר-מירן דעם גרויסן יידישן קיבוץ פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

נישט קוקנדיק אויף זיין בכבודיקן עלטער קענען מיר דאָך באַטראַכטן יצחק אייזיקן אַלס אַ פ ר י - ג ע ש ט אָ ר ב ע נ ע ם, ווייל אין אים האָט נאָך געברויזט אַ קוואַל פון נישט אויסגעשעפּטער לעבנס און שאַפונגס-ענערגיע און ער האָט נאָך פיל געקענט געבן דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און דער יידישער וויסנשאַפט.

אַ שיינער און פרוכטבאַרער לעבן פון שאַפן און קאַמף איז פאַר דער צייט אי-בערגעהאַקט געוואָרן.

———

# געשטאָרבן אַ גרויסער הערצליאַנער

(לעאָז מאָצקין)

לעאָ מאָצקין איז שוין געווען אין דער עלטער, ווען מען דאַרף זיך ריכטן און נישט איבעראַשט ווערן פונעם טויט.

און דאָך, ווען איך האָב געהאַלטן אין האַנט די טעלעגראַמע מיט די צוויי קורצע, לאַקאָנישע ענגלישע ווערטער: „מאָצקין דאַיד" — מאָצקין געשטאָרבן — האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן אין הארצן. אַ טיפער צער און שאַרפער ווייטאָג האָט דורכגעדרונגען די נשמה.

דער נאָמען מאָצקין איז דאָך פאַר פיל פון אונדז, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם גאָלדענעם פרילינג פון הערצליאַנישן ציוניזם, פאַרבונדן מיט דעם פערזענלעכן פרילינג, מיט די גאָלדענע באַרוישנדע חלומות פון דער יוגנט. עס איז דאָך געווען די גליקלעכע צייט, ווען עס האָט זיך אַזוי לייכט געגלויבט און דערהויבענע וויזיעס פון אַ פאָלק וואָס שטייט אויף תחית־המתים, האָבן באַהערשט און באַרוישט אונדזערע נשמות.

און ווען דו טראָגסט זיך אַריבער אין גדאַנק צו יענער צייט, קומט נישט ווילנדיק אויפן זינען געטעס אויסרוף אין „פאוסט":

— בלייב שטיין, דו אויגנבליק, דו ביסט דאָך אַזוי פּראַכטפול...

אָט הויב איך זיך אָן דערמאָנען מיינע באַגעגענישן מיט מאָצקינען. אין זכרון שווימען אויף, ווי דורך אַ נעפּל, בילדער פון דער פאַרשוואונדענער פאַרגאַנגנהייט.

צום ערשטן מאָל האָב איך געזען מאָצקינען אויף דעם צוזאַמענפאָר פון די רוסישע ציוניסטן אין וואַרשע, ערב דעם ערשטן באַזעלער קאָנגרעס.

איך האָב געהאַט אַ קנאַפּע אַנונג וועגן ציוניזם. איך בין נאָך געווען אַ קינד. מיינער אַ שכן, אַ מוזיקער, האָט מיך מיטגענומען אין דעם זאַל „נאָוואָטע" אויף דער דלוגאַ־גאַס אין וואַרשע, כדי צו הערן דעם אָרקעסטער, אין וועלכן ער האָט זיך באַטייליקט. צו יענער צייט איז נאָך דער ציוניזם נישט געווען לעגאַל און ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט האָט מען פאַרמאַסקירט דעם ערשטן ציוניסטן־צוזאַמענפאָר פאַרן קאָנצערט, אַלס קנס־מאָל. מוזיק האָט געשפּילט און פאַרוועדם זייַנען אַרומגעגאַנגען צווישן די געסט, סערווירנדיק מכל טוב.

איך האָב נישט געהאַט דעם מינדעסטן באַגריף, וואָס דאָ קומט פאָר. מיך האָט אינטערעסירט מער פון אַלץ די מוזיק, און... די רוסישע „מאָראָזשענע", וואָס מען האָט דאָרטן סערווירט.

אָבער בעת אין אַ צווייטן זאַל האָבן פאָרלעך כלומרשט געטאַנצט, האָט מען פון דער טריבונע פון צווייטן זאַל גערעדט. מען האָט גערעדט רוסיש. איך האָב נישט געוואוסט ווער זיי זייַנען און וואָס איז די באַדייטונג פון די מענער אין שוואַרצע

פראָקן, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף דער טריבונע. אָבער, ווען איך האָב זיך גע־נומען צוהערן צו דעם, וואָס ווערט גערעדט, בין איך געבליבן אַ פאַרגאַפטער און אַ פאַרשכורטער. איך האָב זיך פאַרגעסן וועגן דער מוזיק און וועגן דער „מאַראַזשענע“...

אין דעם זאַל „נאַוואַטע“ האָט געהערשט אַזאַ מערקווירדיקער ענטוזיאַזם, אַזאַ התרוממות הנפש, אַז מיין קינדישע, אומוויסנדע נשמה איז מיטגעריסן געוואָרן און איך האָב נישט געוואוסט, צי איז עס אַ טרוים אָדער ווירקלעכקייט, וואָס איך האָב געזען און געהערט.

ערשט שפּעטער, ווען איך בין עלטער און רייפער געוואָרן, האָב איך זיך דער־וואוסט די היסטאָרישע באַדייטונג פון אָט דער מערקווירדיקער פאַר־קאָנגרעס פאַר־זאַמלונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אַלע גדולים פונעם רוסישן ציוניזם.

מיין נשמה איז אָבער געפאַנגען געוואָרן אין יענעם אומפאַרגעסלעכן אָוונט פון דעם ציוניסטישן חלום, פון דעם טרוים פון אַ פאָלק, וואָס וויל אויפשטיין תחית-המתים.

אָט דעמאָלט, אין דער ווייטער, ווייטער קינדהייט, אין דעם רויש פון אומ־באַשרייבלעכן ענטוזיאַזם, האָב איך דאָס ערשטע מאָל געהערט דעם נאָמען מאָצקין, געהערט זיין ווייכע ווארימע שטימע, זיין פלאַמענדיקן וואָרט, דעם געניוען זין פון וועלכן איך האָב מער געאַנט ווי פאַרשטאַנען...

:: :: ::

צום צווייטן מאָל האָב איך שוין באַגעגנט מאָצקינען אין מיין רייפן עלטער.

דאָס איז געווען אין באַזעל, אויפן צענטן ציוניסטישן קאָנגרעס. איך בין שוין דאָרטן געווען אַ האַלב-פּרעמדער, איך בין אַוועק אין די רייען פון די טעריטאָריאַ־ליסטן.

פון דער זשורנאַליסטן-טריבונע אַלס שליח פון דעם נישט-ציוניסטישן פּעטער־בורגער „וואָסכאָד“, האָב איך נאָכגעפאָלגט דעם גאַנג פון קאָנגרעס. אָבער ביי מיין גאַנצער בלומרשטער „נייטראַליטעט“ צום פּאַלעסטינישן ציוניזם, האָב איך מיט פיבערנדער שפּאַנונג מיטגעלעבט דעם קאַמף צווישן די „פּראַקטישע“ און פּאָליטי־שע, הערצליאַנישע ציוניסטן. מיטן האַרץ און דער נשמה בין איך געווען אויף דער זייט פון די הערצליאַנער, און מאָצקין, צוזאַמען מיט נאָרדויען און וואָלפסאָנען, איז געווען איינער פון דעם גרויסן דריילינג, וואָס האָט העראָאיש געקעמפט צו ראַטע־ווען די הערצליאַנישע טראַדיציעס און דעם הערצלישן שוואונג פון דער ציוניסטי־שער באַוועגונג.

מיט וואָס פאַר אַ פעסטער לאָגיק, פאַטאָס און ברען האָט מאָצקין פאַרטיידיקט דעם הערצלישן גייסט פון ציוניזם!

פון אַט דעם קליינעם אין וואוקס, נישט אַנזעעוודיקן אין זיין אויסערלעכן אויסזען מענטש, האָט געשטראָמט אַ קוואַל פון טיפן, אומדערשיטערטן גלויבן, פון לויטערן אידעאַליזם, פון אַזאַ נאָבלען, אַנשטעקנדיקן ענטוזיאַזם, וואָס האָט גע־ווירקט באַצווינגנד. ער האָט מיך צוגעצויגן צו זיך, ווי אַ מאַגנעט, איך האָב דער־שפירט צו אים אַ טיפע ליבע. און כאָטש מיר זיינען געשטאַנען אין פאַרשידענע לאַגערן און אָפטמאָל ליידנשאַפטלעך פּאָלעמיזירט אויף בערלינער סטודענטן־פאַר־זאַמלונגען וועגן ציוניזם און טעריטאָריאַליזם, — האָט עס אונדז נישט געשטערט אַנצוהאַלטן די וואַרימסטע פריינטלעכע באַציאונגען, אין משך פון די יאָרן, וואָס איך האָב געלעבט אין בערלין.

:: :: ::

בעת דער מלחמה האָב איך פלוצים און אומדערוואַרט באַגעגנט מאָצקינען אין ניו־יאָרק, אויף אַ הילפס־פאַרזאַמלונג אין ברוקלין, אין באַגלייטונג פון דעם פאַר־שטאָרבענעם ד"ר עפשטיין.

די איבערלעבונגען פון די ערשטע מלחמה־יאָרן האָבן איבערגעלאָזט אַ טיפן שפור אויף מאָצקינען. עס האָט זיך אויף אים אָנגערוקט די עלטער. איך האָב זיך דערשראָקן, איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז איך זע פאַר זיך אַ געבראָכענעם מענטשן.

שטיל, אָן טומל און רעש, כמעט אומבאַמערקט, איז מאָצקין געקומען קיין ניו־יאָרק און שטיל, באַשיידן האָט ער דערפילט זיין שליחות.

דאָס איז געווען דער פעריאָד פון די מערדערישע רציחות פון צאַריזם און דעם רוסישן מיליטער אין פוילן און ליטע, דער פעריאָד פון די שפּיאָנאַזש־באַשול־דיקונגען און מאַסן־גירושים. מאָצקין איז געקומען קיין ניו־יאָרק און האָט אין דער שטיל פאַרהאַנדלט מיט די פירער פונעם „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע", מיט מאַרשאַל און דזשייקאָב שיף־גרופּע, וועגן הילף פאַר די געפּלאָגטע רוסיש־פוילישע יידן, פאַר דער צוגרייטונג פון אַ פּאָליטישער רעטונגס־אַקציע פאַר די רוסישע יידן.

:: :: ::

די ווייטערדיקע אַקטיוויטעט פון לעאָ מאָצקין האָב איך שוין נאָכגעפאָלגט פון דער ווייטן, פון ארגענטינע.

די פּופּצן לעצטע יאָר פון ל. מאָצקינס פיבערהאַפטער טעטיקייט אויף אַלע גע־ביטן פון דער אַלוועלטלעכער יידישער פּאָליטיק, האָבן מיך שנעל איבערצייגט, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט מיט מיין איינדרוק ביי דער לעצטער ניו־יאָרקער באַגע־

געניש. מאַצקין איז גאָר ווייט געווען פון צו זיין אַ געבראָכענער מענטש.

אין זיין שוואַכן קערפּער האָט געלעבט אַ קרעפּטיקער גייסט און ער האָט פאַר־מאָגט ענערגיע, וואָס וואָלט געקלעקט פאַר צען טיכטיקע כלל-טוער.

וואָס האָט דען אַלץ נישט אויפגעטון מאַצקין אין די שטורמישע, פיבערדיקע יאָרן פון דעם נאָך־מלחמה-פּעריאָד?

צו דערציילן מאַצקינס אַקטיוויטעט וועט מען דאַרפן שרייבן די געשיכטע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט פאַר אַט דעם רייכסטן און וויכטיקע פאַסירונגען היסטאָרישן פּעריאָד.

אַלס אָנפירער פון די יידישע דעלעגאַציעס אין פּאַריז, האָט מאַצקין גענומען דעם אַקטיווסטן אָנטייל אין אַלע אַרבעטן פון דער אַלוועלטלעכער יידישער פאַרטרע־טערשאַפט אויף דער פרידנס־קאָנפערענץ.

מאַצקין איז געווען די נשמה, דער אָנפירנדער און אינספּירירנדער כוח אין דער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער הילפס-אַקציע פאַר די מלחמה און פּאָגראָם־געליטענע. און אויף דעם געביט איז דאָס אַרגענטינער יידנטום געווען ענג פאַרבונדן מיט מאַצ־קינס טעטיקייט.

מאַצקין איז אויך געשטאַנען אינעם צענטער פון דער אַקטיווער אינטערנאַציאָ־נאַלער יידישער פּאָליטיק, אין שייכות מיט דער פאַרטיידיקונג פון די יידישע אינ־טערעסן פאַר דער פעלקער־ליגע.

דער דערפאָלג פון דער בערנהיים־פּעטיציע איז געווען די קרוין און ליידער דאָס שוואַנען־ליד פון זיין פּילזייטיקער און פרוכטבאַרער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אַק־טואַציע.

אין דעם קאָנגרעס פון די נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן, האָט מאַצקין געשפּילט אַ פירנדע ראָלע ביז דעם לעצטן מאָמענט, ווען עס איז אויסגעבראָכן דער באַקאַנטער קאָנפליקט וואָס האָט געפירט צו דעם צוריקציען זיך פון דער יידישער דעלעגאַציע.

די אַלוועלטלעכע יידישע קאָנגרעס־באַוועגונג האָט געהאַט אין מאַצקינען איי־נעם פון אירע טיכטיקסטע און איבערצייגטסטע אָנהענגער און אינספּיראַטאָרן.

מאַצקינס שעפערישע ראָלע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג — איז אַ קאַ־פּיטל פאַר זיך, איינער פון די וויכטיקסטע קאַפּיטלען פון זיין פרוכטבאַרן עפנטלעכן לעבן.

ער איז געווען דער לעגיטימער רעפּרעזענטאַנט פון דעם עכטן הערצליאַנישן ציוניזם, איינער פון די ווייניקע אמתע יורשים פון הערצלס גייסט, פון הערצלס נאָבעלן אידעאַליזם.

אויב עס עקזיסטירט נאָך באמת דער אַזוי־גערופענער אַלגעמיינער, איבער־
פּאַרטייאישער ציוניזם, וואָס ווייסט נישט פון אינטערעסן פון פּאַרטייען און קלאַסן,
וואָס איז באמת אינספּירירט פון עכטן הונדערט־פּראָצענטיק כשרן נאַציאָנאַלן אי־
דעאַליזם, איז לעאָ מאָצקין געווען איינער פון זיינע וויניקע, געציילטע פּאַרטרעטער
און מאָהיקאַנער. אין דעם זין איז ער געגאַנגען אויף הערצלס וועגן. ער איז געווען
פון די וויניקע, לעצטע גרויסע הערצליאַנער, וואָס די ציוניסטישע באַוועגונג פאַר־
מאָגט נאָך. דערפאַר האָט מאָצקין געהאַט אַזאַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר די שטרע־
בונגען פון דער ארץ ישראל אַרבעטערשאַפט; אים איז פרעמד געווען די פראַקציאָ־
נערע באַציאונג צו די אידעאַלן פון דער ארץ ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט, ווייל
ער איז דורכגעדרונגען געווען מיט דעם עכטן הערצלישן נאַציאָנאַלן און גלייכצייטיק
סאָציאַלן אידעאַליזם.

:: :: ::

מאָצקינס טויט איז אַזוי שיין און דערהויבן, ווי זיין לעבן. נישט קיין מידער
און אויסגעשעפּטער איז ער אַוועק פון אונדז. ער איז געפאַלן אויף זיין פּאָסטן, אויף
זיין שווערן ערן־פּאָסטן פון דעם קאַמף פאַרן יידישן כלל.

ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק איז ער נאָך געווען אויף דער אַלוועלטלעכער
לאָנדאָנער הילפס-קאָנפערענץ.

מיט זיין ברייטער דערפאַרונג, מיט זיין ליכטיקן קלאָרן קאָפּ פון אַ מאַטעמאַ־
טיקער (מאָצקין האָט איבערגעריסן זיין שטודיום־קאַריערע פון מאַטעמאַטיק, הגם
מ׳האָט אים פאָראויסגעזאָגט אַ גרויסע וויסנשאַפטלעכע צוקונפט) און מיט זיין טיפן
אידעאַליזם און פאַרשטענדעניש פאַר די שטרעבונגען פון די יידישע נאַציאָנאַל-דע־
מאָקראַטישע מאַסן, האָט ער בייגעטראָגן זיין לעצטן חלק פאַר דער לייזונג פון דער
יידיש־דייטשער פּראָבלעם.

און אונדזער טיפער ווייטאָג און צער צוליב דעם פאַרלוסט פון אָט דעם נאָ־
בעלן אידעאַליסט, ווערט געמילדערט דורך דעם באַוואוסטזיין, אַז עס האָט זיך אויס־
געלאָשן אַ גרויס, אָבער פול און שעפעריש אויסגעלעבט לעבן.

זיין ליכטיקער אָנדענק וועט לעבן אין זיינע מעשים, וועט בלייבן אומפאַרגעס־
באַר פאַר אַלע, וועלכע האָבן געהאַט דעם מזל צו שטיין נאָענט צו אים.

:: :: ::

# ש. אַנ-סקי

(נעקראָלאָג)

אויך אַנסקי איז שוין נישטאָ! —

ס'גייען אוועק די לעצטע מאָהיקאַנער, אוועק דער לעצטער גרויסער עדות און העלד פון אַן עפּאָכע, וואָס ווערט פאַרטיליקט אין שטורם פון דער מוראדיקער צייט.

ס'וואַקסן די שורות פון די גרויסע קברים. ס'גייען אוועק פון אונדז די גייסטיקע פאַרטרעטער פון אַ גאַנצן דור, — דעם פרוכטבאַרסטן פון דער נייער יידישער קולטור.

פּרץ, שלום עליכם, מענדעלע, פרוג, דינעזאָהן, און איצט קומט צו דער פרישער קבר פון ש. אַנסקי.

דער שטורם פון דער מאויםדיקער צייט ברענגט אום די אַלטע גייסט-פעסטונג פון דעם יידישן קולטור-שאַפן און גייסטיקן עשירות פון אונדזער פאָלק, און דער אומברחמנותדיקער טויט רייסט אַרויס פון אונדזערע רייען איינעם נאָך איינעם, די גלענצנדע פירער פון אונדזער נייעם קולטור-פרילינג, פון אונדזער קולטור-רענעסאַנס.

אַ צייט לאַנג האָבן מיר ווייניק געוואוסט, ווער ס'באַהאַלט זיך אונטער די באַשיידענע בוכשטאַבן אַנסקי.

ער האָט געלעבט ווייט פון אונדז, זיין הויפּט-פעלד איז געווען די נ י ט - יי ד י ש ע „עס-ער"-וועלט, — דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם. ער איז געווען דער גייסטיקער באַגלייטער פון דעם פאָטער פונעם רוסישן אינדיווידואַליסטישן סאָציאַליזם — פעטער לאַווראָוו.

אָבער אויך אין דער „פרעמד" איז ער נישט אַוועק פון אונדז. ער איז אומעטום געבליבן טריי צו זיין יידישן מקור, אין אים האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט קלאַפּן זיין יידיש האַרץ, און נישט אומזיסט איז אונדזער זשיטלאָווסקי געווען זיין בוזעם-פריינט.

די צוויי יידן וואָס האָבן זיך געצויגן איינער צום צווייטן, זייענדיק דורך דעם צופאַל אָפּגעריסן פון דער גייסטיקער היים — פונעם יידישן סאָציאַליזם.

און אויב אין זיינע יוגנט-טעג אין דער צייט פון דער ריין רוסיש-סלאַוויאַנישער „נאַראָדניטשעסטוואָ", ווען די רוסישע אינטעליגענץ האָט זיך אַ „לאָז" געטאָן „צום פאָלק" — איז אַנסקי, גייענדיק „צום פאָלק" — אין רוסישן דאָרף, צום רוסישן פּויער — „פאַרבלאָנדזשעט" (ווי ער דערציילט דאָס אין זיינע לעצטע זכרונות) צו אַן יידישן ישובניק און... האָט גענומען לערנען עברי מיט אַ פאַרוואָגלט יידיש קינד.

דאָס איז געווען נישט זיין „בלאָנדזשען" — נאָר דאָס איז געווען זיין ריכטיקער וועג.

ניין, אַנסקי האָט נישט „געבלאָנדזשעט" אין דער פרעמד. ער, ווי זיין פריינט זשיטלאָווסקי, האָבן אַ צייט-לאַנג נאָר „ פ אַ ר ב ר אַ כ ט " אין דער „פרעמד"-

אייגענער רוסיש־רעוואָלוציאָנערער וועלט, נישט דינענדיק אויף קיין איין מאָמענט דער עבודה זרה פון אסימילאַציע, אַפילו אין אַ שענערן סאָציאַליסטישן נוסח.

די לעצטע פופצן יאָר האָבן אונדז אים אומגעקערט אינגאַנצן.

און מיר האָבן אַנדעקט, אַז אונטער די פּשוטע און באַשיידענע בוכשאַבן „אַנ־סקי", האָט זיך אין שאָטן געהאַלטן אַן אונדזעריקער — דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער ייד, דער גאַנצער ייד פון וואָרט און מעשים, וואָס האָט זיך מיט דעם גאַנצן ברען פון זיין נשמה, מיט זיין גאַנצן גרויסן און פּילפּאַרביקן טאַלאַנט אַריינגעוואָרפן אין דער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור־אַרבעט, וואָס איז שטענדיק באַלויכטן געווען מיט דעם העלן ליכט פון זיין סאָציאַליזם און רעוואָלוציאָנערישקייט.

ער איז געווען אַ מענטש פון וואָרט און טאַט.

און וויכטיק איז זיין וואָרט, וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויף אַלע געביטן פון דעם יידישן קולטור־שאַפן.

וויכטיק זיינען זיינע ממשותדיקע קולטור־טאַטן, זיינע אומדערמידלעכע זאַמ־לונגען פון די צעוואָרפענע יידישע קולטור־אוצרות, וואו ס'האָט זיך אַזוי בולט אָפּ־געשפּיגלט זיין הייםישקייט אין דער יידישער קולטור.

און אפשר העכער פון אַלץ וועט דאַרפן אָפּגעשאַצט ווערן זיין מסירת־נפשדי־קער העלדנטום אין די טראַגישע קריגס־יאָרן, ווען זיין גרויס יידיש האַרץ האָט אים געטריבן צו זיין הערואישער הילפס־אַרבעט פאַר די אומגליקלעכע גאַליציאַנער יידן, וואָס האָבן געליטן אונטער דעם באַרבאַריזם פון דער רוסישער סאָלדאַטעסקאַ.

ווען זיינע צעוואָרפענע שריפטן וועלן געזאַמלט ווערן, ווען זיינע אַלע מעשים וועלן דערציילט ווערן — דאַן וועט דערשיינען פאַר אונדז אין איר גאַנצן גרויס, אין איר גאַנצן ליכט די גרויסע פּערזענלעכקייט פון דעם ייד, שריפטשטעלער, רע־וואָלוציאָנער און סאָציאַליסט, דעם גרויסן פּיאָנער פון דער יידישער קולטור, וואָס איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון אונדזערע רייען דורך דעם פאַרניכטנדן שטורם פון אונדזער גרויזאַמער צייט.

---

# דער טויט פון דעם פירער פון נאָרד-אַמעריקאַנישן יידנטום

(לואי מאַרשאַל)

מיר זיינען נאָך נישט געקומען צו זיך פון דער טיפער דערשיטערונג פון די לעצטע בלוטיקע געשעענישן אין ארץ ישראל און איצט באַקומען מיר אַ נייעם קלאַפּ מיט דעם אומדערוואַרטעטן פאַרלוסט פון איינעם פון די שטאַרקסטע מיטקעמפער, וואָס דער ציוניזם האָט געוואונען אין די לעצטע יאָרן.

עס איז שווער אין דער הייסער מינוט, ווען מיר געפינען זיך אונטער דעם דערדריקנדן רושם פון דער טרויעריקער ידיעה פון ציוריך, אָפּגעבן זיך חשבון, וואָס עס באַדייט פאַרן יידישן פאָלק דער טויט פון לואי מאַרשאַל.

אונדז שיינט, אַז נאָך הערצלס טויט איז דאָס די גרעסטע אבידה, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט געליטן.

אמת, מאַרשאַל איז אַוועקגעריסן געוואָרן פון לעבן אין דער עלטער פון איבער זיבעציק יאָר, אָבער, ווען פאַר אונדזערע אויגן שטייט אויף זיין מעכטיק אימפּאָזאַנטע פיגור, מיטן פּראַכטפולן לייבן-קאָפּ, קען מען נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז עס איז אַוועק פון אונדז כמעט אַ זקן.

ווען מיר האָבן געזען מאַרשאַלן צום לעצטן מאָל מיט אַ יאָר צען-עלף צוריק, איז ער שוין געווען אַ זעכציקער, אָבער דעם איינדרוק האָט ער געמאַכט פון אַ מאַן אין דער בליענדסטער עלטער. עס האָט געאָטעמט פון אים מיט ברויזנדער דינאַמישער ענערגיע און אומדערשעפּלעכער לעבנס-קראַפט און לעבנס-ווילן.

עס איז געווען אַ גענוס צו קוק צו טון אויף אים, ווען ער איז געשטאַנען אויף דער טריבונע, כדי דורכצודרינגען זיך מיט דער איבערצייגונג, אַז דאָס איז דער געבוירענער פאָלקס-פירער.

אַן אמת מאַיעסטעטישע געשטאַלט!

די אידעאַלע פיגור פון אַ טריבון. הויך, ברייט-פּלייציק, מאָנומענטאַל — די פאַרקערפּערונג פון פיזישער און גייסטיקער קראַפט, פון אימפּאָנירנדן גלויבן אין זיך און אין דער זאַך, וואָס ער האָט פאַרטיידיקט.

זיין שטימע איז געווען מעכטיק און האָט פאַרמאָגט דעם קלאַנג פונעם ריינעם מעטאַל.

מען האָט מיט אים געקענט נישט מסכים זיין, און די נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע שיכטן פונעם נאָרד-אמעריקאַנער יידנטום האָבן געהאַט אויסצושטיין מיט אים אין דעם ערשטן צוגרייטונגס-פּעריאָד פון דער יידישער קאָנגרעס-באַוועגונג, שטאַרקע אידייאישע שטרייטן, אָבער קיינער פון אונדז האָט זיך נישט געקענט באַפרייען פון דעם פאַסצינירנדן היפּנאָז פון זיין מעכטיקן וואָרט.

ער האָט ווי אַ לייב געקעמפט פאַר זיינע איבערצייגונגען, און נישט נאָר מענטשלעכע הערצער, נאָר דאַכט זיך די זיילן פון דעם סאַלאָן האָבן געציטערט, ווען

ער האָט געדונערט מיט זיין ליבן-שטימע און האָט זיך געראַנגלט פאַר זיינע אידייען.

און געדאַכט האָט זיך אָפט, אַז די יידישע נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטיע וועט נישט בייקומען אָט דעם ריז, וואָס האָט מיט אַזוי פיל עכטן פייער און איבערציי־גונגס־קראַפט געראַנגלט זיך קעגן דער קאָנגרעס־באַוועגונג און האָט פאַרטיידיקט זיינע אויפפאַסונגען וועגן די אויפגאַבן און מעטאָדן פון דער יידישער פּאָליטיק, אויפפאַסונגען, וואָס האָבן געשטאַמט פון דער יאַהודימשער אַסימילאַטאָרישער סביבה, אין וועלכער ער האָט פאַרבראַכט זיין גאַנצן לעבן און וועלכע זיינען געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פון זיין לעבן און גלויבן.

אָבער לואי מאַרשאַל איז געווען אַ מענטש, וואָס איז באַשאַנקען געווען מיט אַ גרויס יידיש און מענטשלעך האַרץ און מיט אַ טיפער קינסטלעריש-געזעלשאַפטלע־כער אינטואיציע. און ווען זיין שכל האָט זיך געראַנגלט קעגן די נייע אידייען און נייע מעטאָדן, וואָס זיינען אויפגעשוואומען אין דער יידיש־אַמעריקאַנער ווירקלעכ־קייט אין דער צייט פונעם גרויסן מלחמה-קריזיס, האָט זיין האַרץ אָבער דערפילט דעם אמת פון די נייע וועגן, אויף וועלכע עס האָט גערופן די יידישע נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטיע.

ווען אויף דער יידישער קהילה-קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק סוף 1914, וואָס איז צוזאַמענגערופן געוואָרן מיט דעם אויסשליסלעכן צוועק צו שאַפן אַ לאָקאַלע יידישע קהילה אין דער גרעסטער שטאָט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איז צום ערשטן מאָל געפאַלן מצד די פאַרטרעטער פון די פּועלי־ציון און סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן דאָס וואָרט וועגן יידישן קאָנגרעס, וואָס זאָל איבערנעמען די לייזונג פון די אינ־טערנאַציאָנאַלע יידישע פּראָבלעמען, איז לואי מאַרשאַל, ווי אַ פאַרוואונדעטער לייב מיט שטורם אַרויסגעטראָטן קעגן דעם געדאַנק פון שאַפן אַ ברייטע נאַציאָנאַלע דע־מאָקראַטישע פאַרטרעטערשאַפט צו פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן.

מיר האָבן געהערט פון מאַרשאַלס מויל דעם גאַנצן אַרסענאַל פון די גוט־באַ־קאַנטע אַרגומענטן פון דער אַסימילאַטאָרישער יידישער פּלוטאָקראַטיע, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר דעם איינציקן באַרופענעם אַפּוטרופּס פון די יידישע אינטערנאַ־ציאָנאַל־פּאָליטישע אינטערעסן.

מאַרשאַל האָט געהאַלטן, אַז דער „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע“ (אַמעריקאַנער יידישער קאָמיטעט) איז דער איינציק באַרופענער צו זאָרגן פאַרן כלל ישראל און האָט באַטראַכט דעם יידישן קאָנגרעס אַלס אַן אומדערהערטן אַטענטאַט אויף די טראַדיציאָנעלע רעכט און פּריווילעגיעס פון די אויבערשטע „פיר הונדערט“ פונעם נאָרד-אַמעריקאַנער יידנטום.

אָבער שריט נאָך שריט, וואָס מער עס איז געוואַקסן און געשטאַרקט זיך די יידישע קאָנגרעס־באַוועגונג, אַלץ שוואַכער איז געוואָרן מאַרשאַלס אָפּאָזיציע קעגן דעם קאָנגרעס־געדאַנק.

דער טיפער געזעלשאַפטלעכער חוש פון דעם פירער פון די נאָרד־אַמעריקאַנער יאהודים האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז עס זיינען געקומען נייע צייטן, וואָס פאַר־לאַנגען נייע און ברייטע מעטאָדן פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און מאַרשאַל האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָנגרעס־באַוועגונג און האָט איר צוגעגעבן די גאַנצע אויטאָריטעט און געוויכט פון זיין קרעפטיקער פערזענלעכקייט.

שפּעטער איז פאָרגעקומען דער קאַמף צווישן מאַרשאַלן און די נאַציאָנאַל־דע־מאָקראַטישע פירער פון דער קאָנגרעס־באַוועגונג וועגן די פאָדערונגען, וואָס דאַרפן אַרויסגעשטעלט ווערן צו דער פרידנס־קאָנפערענץ.

מאַרשאַל האָט נישט געוואָלט איינגיין אויף דער פאָדערונג פון נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן־רעכט. ער איז באַשטאַנען דערויף, אַז דאָס וואָרט „נאַציאָנאַלע" זאָל פאַרביטן ווערן מיטן וואָרט „גרופּן־אינטערעסן". דער איינגעוואָרצלטער אַסימילאַ־טאָרישער אני־מאמין האָט זיך געראַנגלט קעגן דעם אויסגעשפּראָכענעם יידישן נאַ־ציאָנאַליזם, וואָס האָט זיך מאַניפעסטירט אין די פאָדערונגען פון דער יידישער נאַציאָנאַלער דעמאָקראַטיע.

דערשפּירנדיק אָבער דעם אויפגעוואַכטן ווילן פון די ברייטסטע יידישע פאָלקס־מאַסן פון נאָרד־אַמעריקע, האָט לואי מאַרשאַל געבויגן זיך פאַר דעם דעת הקהל, װעלנדיק אָנהאַלטן דעם פאַראייניקטן יידישן פראָנט לגבי דער אויסערלעכער וועלט אין דעם מאָמענט פון דעם גרויסן יידישן קריזיס.

אויף דעם היסטאָרישן ערשטן יידישן קאָנגרעס אין פילאַדעלפיע איז לואי מאַר־שאַל אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסער נאַציאָנאַלער פיגור. עס איז אין אים פאָרגעקומען אַ טיפער אידייאישער און נשמה־איבערברוך, און פון דעם פירער פון דער קליינער אַסימילירטער יאהודים־גרופּע איז ער געוואָרן אַ פאָלקס־פירער און פאָלקס־קעמפער.

ער האָט זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער יידישער קאָנגרעס־דעלעגאַציע צו דער פרידנס־קאָנפערענץ אין פאַריז און האָט מיט שטאָלץ און ווירדע געקעמפט און פאַרטיידיקט פאַרן טריבונאַל פון די פעלקער די נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע אינ־טערעסן פון דעם יידישן פאָלק.

אַדאַנק דער גרויסער אויטאָריטעט און איינפלוס פון לואי מאַרשאַל איז אויף דער פרידנס־קאָנפערענץ אויסגעקעמפט געוואָרן דער פּונקט וועגן דעם שוץ פון די נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן, וואָס איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין דעם ווערסאַלער טראַקטאַט. דאָס איז געווען אַ גרויסער פּאָליטישער נצחון פאַרן יידישן פאָלק און גלייכצייטיק פאַר אַלע קליינע נאַציאָנאַליטעטן פון דער וועלט, וואָס לעבן צווישן אַנדערע פעלקער.

:: :: ::

א גלענצנדער קאפיטל אין מארשאלס יידיש־געזעלשאפטלעכער קאריערע איז אויך זיין טעטיקייט אויפן געביט פון דער הילפס-טעטיקייט.

ער איז געווען די נשמה פון „דזשאינט" און דער גאנצער הילפס־ארבעט. אויב דאס נארד־אמעריקאנער יידנטום האט זיך אזוי שטארק אויסגעצייכנט אין דעם מאמענט פון דער גרויסער מלחמה־קאטאסטראפע און האט אזוי ברייטהארציק געהאלפן די ברידער אין מזרח-אייראפע איז דאס אין א גרויסער מאס צו פארדאנקען מארשאלן. ער האט אויך איין מינוט נישט געלאזט איינשלאפן דעם געוויסן פון נארד־אמעריקאנער יידנטום און איז געווען דער שטענדיקער מאנער און רופער. ער האט געצונדן און געוועקט מיט זיין ווארט און האט אויך מיט זיין אייגענער אפפערווייליקייט געדינט אלס א ביישפיל.

אין דער הילפס-ארבעט האט זיך אנטפלעקט אין זיין גאנצער שיינקייט דאס הייסע יידישע און הומאניסטישע הארץ פון דער פארשטארבענעם פירער.

אים איז אויך צו פארדאנקען פארן גרויסן אויפטו פון אגרא־דזשאינט פאר דער יידישער קאלאניזאציע אין ראטן־רוסלאנד.

נישט קוקנדיק דערויף, וואס לויט זיינע סאציאל־פאליטישע איבערצייגונגען און לויט זיין סאציאלער פאזיציע איז ער געווען א פארביטערטער קעגנער פון ראטן־פארבאנד, האט ער זיך קיין איין מינוט נישט געוואקלט צו אינספירירן און אנפירן די גרויסע יידישע קאלאניזאציע-ארבעט, כאטש דאס איז געווען פארבונדן מיט דער נויטיקייט צו שטיין אין פריינדלעכע באציאונגען מיט דער ראטן-מאכט.

לעצטנס, אז עס איז געשטאנען די פראגע, צי זאל מען ליקווידירן די הילפס־ארבעט, איז מארשאל געווען איינער פון די, וואס האט גערופן דאס נארד־אמעריקאנער יידנטום ווייטער צו דערפילן זיין פליכט און נישט אפשטעלן זיך פאר ווייטערע קרבנות.

אין דעם שענסטן קאפיטל פון דער יידיש־אמעריקאנער געשיכטע, וואס עס שטעלט מיט זיך פאר די הילפס־טעטיקייט, וועט מארשאל בלי ספק פארנעמען דעם אויבן־אן.

:: :: ::

מארשאלס ראלע אין דער שאפונג פון דער יידישער אגענטור איז נאך פריש אין אלעמענס זכרון, אז מען זאל זיך דארפן אויף איר גענויער אפשטעלן.

די יידישע אגענטור דאס איז בלי ספק די קרוין פון מארשאלס געזעלשאפטלעכער אקטוואציע.

מארשאלן וועט דאס יידישע פאלק האבן צו פארדאנקען אין גאר א גרויסער מאס, וואס עס איז געלונגען צוציען צום ארץ ישראל-אויפבוי נייע וויכטיקע כוחות,

וואָס זיינען געשטאַנען ווייט און פרעמד צו אונדז. מאַרשאַל האָט מיטגעריסן מיט זיך און האָט געהאָלפן אויפוועקן דאָס פינטעלע ייד ביי די נאַציאָנאַל-אָפּגעפרעמדטע טיילן פון דעם יידישן פאָלק.

מאַרשאַל האָט זיך פאַר דעם אויסגאַנג פון זיין לעבן אומגעקערט צו אונדז, צו דער יידישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג מיט זיין גאַנצן האַרצן און נשמה, מיט דעם גאַנצן ברען פון זיין קריסטאַל-ריינעם און פּראַקטיש-אַמעריקאַנישן אידעאַליזם.

און דער מאַגנעטיזם פון זיין פּערזענלעכקייט און די ריינקייט פון זיינע כוונות האָבן געווירקט, אַז עס זיינען אין ציוריך פאַרשוואונדן אַלע חשדים פון די אַגענטור-קעגנער, און די נעילה פון דער אַגענטור-קאָנפערענץ איז געווען אַזוי באַגייסטערנד דערהויבן און האָט אין אַלעמען אָנגעצונדן דעם פלאַם פון עכטן ענטוזיאַזם.

„עס איז אַריבער די צייט פון חלומות, — האָט ער געזאָגט אין ציוריך — אָבער עס איז נישט פאַרביי די צייט פון אידעאַלן".

מאַרשאַל האָט נישט געהאַט די מינדסטע כונה צו פאַרקלענערן דורך דער אַגענטור די ציוניסטישע אידעאַלן.

און אַלע אָנטיילנעמער פון דער אַגענטור-קאָנפערענץ האָבן דערשפּירט דעם אמת, מיט וועלכן עס האָבן געאָטעמט די ווערטער פון דעם גרויסן טריבון:

„מיר זיינען נישט קיין געלט-זעק, מיר זיינען פליייש און בלוט, מיר זיינען יידן, וואָס רופן זיך אָפּ אויף אַלע יידישע נויטן".

און צו וואָס פאַרא פּאַטאָס האָט ער זיך דערהויבן אין דעם פינאַל-אויסרוף פון זיין אַגענטור-רעדע, וואָס וועט דאַרפן אויסגעקריצט ווערן אויף זיין מצבה:

„מיר האָבן איין גאָט, מיר זיינען איין פאָלק, לאָמיר האָבן איין גייסט!"

:: :: ::

דער אומברחמנותדיקער טויט האָט באַרויבט מאַרשאַלן ביים יידישן פאָלק אין אַ מאָמענט ווען זיין ברויזנדע ענערגיע און זיין צו מיסטישער שטאַרקייט דער־גרייכנדע אמונה, איז אַזוי נויטיק.

אָבער דער געדאַנק, אַז אים איז נאָך באַשערט געווען צו פאַרענדיקן זיין קרוין-ווערק און צו זען דעם טריאומף פון זיינע נאָבעלע אָנשטרענגונגען, וועט דינען אַלס טרייסט פאַר די אַלע, וואָס טרויערן אויף דעם טויט פון דעם גרעסטן יידן, וואָס נאָרד-אַמעריקע האָט אַרויסגעגעבן פון זיך.

---

# נתן שטראַוס, דער מיליאָנער מיטן ברייטן יידישן און מענטשלעכן האַרץ

נתן שטראַוס, „דער באַליבטסטער ייד פון די פאַראייניקטע שטאַטן" — ווי עס רופט אים אָן די נישט-יידישע טעלעגראַפן-אַגענטור, — איז די טעג אַלט גע-וואָרן איין און אַכציק יאָר.

דער געבורטסטאָג פון דעם גרויסן זקן איז אַזאַ וויכטיקע געשעעניש אינעם יידיש-אַמעריקאַנער לעבן, אַז אַפילו די נישט-יידישע אינפאָרמאַציע-אַגענטור האָט געפונען פאַר וויכטיק צו מעלדן וועגן דעם דער ברייטער נישט-יידישער וועלט.

און ווירקלעך, די באַהויפּטונג, אַז נתן שטראַוס איז דער באַליבטסטער ייד אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז ווייט נישט קיין גוזמא.

יעדער באַאָבאַכטער פון יידיש-אַמעריקאַנער לעבן, וועט מודה זיין, אַז די פּאַטריאַרכאַלע פיגור פון נתן שטראַוס, דערוועקט אַכטונג און ליבע מער פון אַלע אַנדערע פּערזענלעכקייטן, וואָס דאָס נאָרד-אַמעריקאַנער יידנטום פאַרמאָגט נישט אין אַ קליינער צאָל.

נתן שטראַוס געהערט צו דעם גרויסן דור פון די יידיש-דייטשע אימיגראַנטן, וואָס זיינען געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין דער ערשטער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט, און האָבן פאַרנומען די אָנגעזעענסטע פּאָזיציע אין דעם ווירט-שאַפטלעכן לעבן פון דער צפון- אַמעריקאַנער רעפּובליק.

שטראַוס איז איינער פון דער אַזוי-גערופענער „יאַהודים"-גרופּע, פון די שיפס, מאַרשאַלס, וואַרבורגס, מאָרגענטוים, און אַנדערע — וואָס זיינען געוואַקסן צוזאַ-מען מיטן לאַנד און זיינען געוואָרן די גרויסע קאַפּיטאַנען פון דער נאָרד-אַמעריקאַ-נער פינאַנס און געשעפטס-וועלט. זיי זיינען פּאַקטיש די פּיאָנערן פון דעם מערק-ווירדיקן ווירטשאַפטלעכן פּראָגרעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

זיי האָבן געבראַכט אין דעם נייעם לאַנד דעם גליקלעכן זיווג פון דעם יידישן און דייטשן גייסט, וואָס האָט אויפן באָדן פון זייער אַלטן דייטשן פאָטערלאַנד, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזן, געגעבן אַזעלכע וואונדערבאַרע פּירות אויף אַלע געביטן פון דער מענטשלעכער קולטור, גייסטיקער, ווי מאַטעריעלער.

דאָס יידנטום פון אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער, קען נישט אָנווייזן אַזוי פיל גדולים אין דער וויסנשאַפט, ליטעראַטור, פּאָליטיק און פון דער פינאַנס-ווירט-שאַפט, ווי די דייטשע יידן.

אין די צענדליקער דערגרייכן די נעמען פון די יידיש-דייטשע גייסט-גאונים, וועמענס רום איז אַריבער ווייט די גרעניצן פון דייטשלאַנד.

קענטיק, אַז דער דייטשער קולטור-באָדן איז באַזונדערס גינסטיק געווען פאַר דעם אויפבליען פון יידישן גייסט און דער יידיש-דייטשער זיווג איז געווען זייער אַ

גליקלעבער, און עס מאַכט זייער ווייניק אויס, וואָס די גרויסע ראָלע, וואָס דאָס ביסל יידן (איינס פּראָצענט), שפּילן אויף אַלע געביטן פון דייטשן גייסטיקן לעבן, אין דער וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע, ליטעראַטור, קונסט, טעאַטער, זשורנאַליזם און פינאַנס, רופט אַרויס אַנטיסעמיטישע קנאה-שנאה.

און עס איז מערקווירדיק, אַז אויך אויף דעם נייעם באָדן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָבן זיך גראָד די יידיש-דייטשע איינוואַנדערער אַרויסגערוקט אין דער ערשטער רייע, הויפּטזעכלעך אין דער פינאַנס-וועלט און אַדוואָקאַטור און האָבן פאַרשאָטנט די יידישע אימיגראַנטן פון אַלע לענדער.

ביז דער גרויסער קאַטאַסטראָפע פון דער וועלט-מלחמה, האָבן די אַמאָליקע יידיש-דייטשע אויסוואַנדערער און די איצטיקע נאָרד-אַמעריקאַנער יאהודים, געביל-דעט אַ באַזונדערע קאַסטע, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט, ווי מיט אַ כינעזישער וואַנט פון דעם גרויסן יידישן קיבוץ, וואָס האָט זיך פאַרמירט פון די יידישע אי-מיגראַנטן פון מזרח-אייראָפּע.

בלויז אין איינצלנע פאַלן האָט זיך מאַניפעסטירט די יידישקייט פון די יאַ-הודים.

מיר האָבן געזען, אַז בעת דער רוסיש-יאַפּאַנישער מלחמה האָט יעקב שיף אַרויסגעוויזן אויף אַזא בולטן אופן זיין יידישן פּאַטריאָטיזם און האָט אויסגענוצט זיין גרויסע פינאַנס-קראַפט צו שטערן דעם צאַריזם צו באַקומען הלוואות אויף דעם נאָרד-אַמעריקאַנער פינאַנס-מאַרק, העלפנדיק אין דער זעלבער צייט רוסלאַנדס שונא — יאַפּאַן.

בעת דער פּרעזידענט טאַפט האָט איבערגעריסן די האַנדלונגס-באַציאונגען מיט רוסלאַנד, אַלס פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס די יידיש-אַמעריקאַנער בירגער זיינען נישט אַריינגעלאָזן געוואָרן אין רוסלאַנד — האָט מען צום ערשטן מאָל געזען די שטאָלצע יידיש-געזעלשאַפטלעכע אַקטואַציע פון לואי מאַרשאַל און דער יאהודים-גרופּע, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו אים.

אָבער די דאָזיקע איזאָלירטע, אויסגעשפּראָכן יידישע אַרויסטרעטונגען פון דער יאהודים-גרופּע זיינען געווען צו ווייניק, כדי צו שאַפן אַ התקרבות צווישן די דאָ-זיקע מערב-יידן און דעם גרויסן מזרח-אייראָפּעאישן יידישן קיבוץ פון די פאַראיי-ניקטע שטאַטן.

עס האָט געדאַרפט קומען דער מלחמה-אומגליק, וואָס האָט רואינירט דאָס יידנ-טום פון אייראָפּע, כדי די וואַנט, וואָס האָט צעטיילט דאָס נאָרד-אַמעריקאַנער יידנ-טום אויף יידן און יאהודים, זאָל צעבראָכן ווערן.

נתן שטראַוס איז ביז דעמאָלט אויך געשטאַנען אויף יענער זייט גרעניץ. ער איז געווען ביין און פלייש פון דער האַלב-אָפּגעפרעמדטער פאַרן גרויסן יידישן כלל, יאהודים-גרופּע.

ביז דער מלחמה-קאַטאַסטראָפע האָבן מיר געהערט וועגן שטראַוסן דעם גרויסן פילאַנטראָפ. שטראַוס איז געווען באַרימט אַלס דער „מילך"-פילאַנטראָפ, ער האָט שווערע צענדליקער טויזנטער דאָלאַר אויסגעגעבן אויף צו שאַפן מילך-סטאַנציעס איבערן גאַנצן לאַנד, וואו עס פלעגט פאַרטיילט ווערן אומזיסט פרישע מילך פאַר קינדער און באַדערפטיקע דערוואַקסענע.

שטראַוסן דעם יידן האָבן מיר ערשט דערזען, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די הילפס-אַקציע פאַר די מלחמה-געליטענע יידן.

כאָטש ער פאַרנעמט ווייט נישט דעם ערשטן פּלאַץ צווישן די יידיש-אַמערי-קאַנער מיליאָנערן, (ער האָט זיך שוין לאַנג צוריקגעצויגן פון זיינע געשעפטן) איז ער אָבער געווען צווישן די ערשטע, וואָס האָבן ברייט פונאַנדערגעעפנט זייער האַרץ און קעשענע, פאַר די הילפס-פאָנדן. און עס איז נישט וויכטיק, וואָס ער האָט געגעבן באַדייטנדע סומען, נאָר ווי ער האָט זיי געגעבן.

זיין ערשטער אַקט איז געווען צו פאַרקויפן זיין לוקסוס-יאַכט און דאָס געלט האָט ער אָפּגעגעבן פאַר רעליעף.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זיך אויף שטראַוסעס פּאַלאַץ אויף דער פינפ-טער עוועניו באַוויזן אַ שילד: „עס פאַרקויפט זיך צו גונסטן פון די יידישע מלחמה-ליידנדע".

שטראַוס האָט געהאַלטן פאַר אַ פאַרברעכן צו געניסן פון לוקסוס, בעת מיליאָ-נען פון זיינע ברידער אין אייראָפּע ליידן פון נויט.

און מיט וואָס פאַר אַ קינדערשן ענטוזיאַזם איז דער ערווירדיקער זקן אַרומ-געלאָפן אויף דער בינע פון קאַרנעגי-האָל, בעת דעם באַרימטן הילפס-מיטינג אין קאַרנעגי-האָל, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער מיליאָן דאָלאַר פאַרן רעליעף-פאָנד.

אַלע ווילע איז ער אַרויסגעשפרונגען מיט נייע ח"י טויזנט דאָלאַר, אויף דעם נאָמען פון איין אייניקל און דאָ פאַר אַ צווייטן.

און מיט וואָס פאַר אַ שטאָלץ, ווירדע און מוט האָט ער גערעדט צו די פאַר-זאַמלטע יידישע קריגס-מיליאָנערן אויפן באַנקעט אין אַסטאָר-האָטעל.

„איך שטיי שוין די לעצטע יאָרן, ווייט פון געשעפטן — האָט געזאָגט דער שטאָלצער זקן — איך האָב קיין איין סענט נישט פאַרדינט פון דער בלוטיקער טראַ-געדיע פון אייראָפּע, אָבער איר, וואָס זענט רייך געוואָרן אויפן חשבון פון דעם בלוט, וואָס גיסט זיך אויף די אייראָפּעאישע שלאַכטפעלדער, קויפט זיך כאָטשע אוים מיט דעם, וואָס איר וועט העלפן אייערע אומגליקלעכע ברידער..."

נישט נאָר די באַנקעט-געסט, נאָר די געגילטע ווענט פון דעם גרויסאַרטיקן סאַ-לאָן-האָטעל, זיינען בלייך געוואָרן, ווען דער אַלטער שטראַוס האָט געדונערט ווי אַ שטראָפנדער נביא...

אָבער דער מלחמה־אומגליק האָט דערוועקט אין שטראַוסן נישט נאָר זיינע הומאַניטאַר־פילאַנטראָפּישע סענטימענטן. עס האָט זיך דערוועקט אין נתן שטראַוסן נישט בלויז דאָס יידישע האַרץ, נאָר אויך דאָס יידישע באַוואוסטזיין און דער יידיש־אינטערנאַציאָנאַלער געפיל.

נתן שטראַוס האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט ברען און פיבער נישט נאָר אין דער הילפס־טעטיקייט, נאָר אויך אין דער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער קאָנגרעס־באַוועגונג.

אין דעם ליידנשאַפטלעכן קאַמף, וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישן די אָנהענגער פון יידישן קאָנגרעס — די נאָרד־אַמעריקאַנער פּועלי ציון און ציוניסטן, — און דער יאַהודימשער מאַרשאַל־גרופּע, וואָס האָט מורא געהאַט, ווי דער טייוול פאַר ווייַרויך פאַר דעם קאָנגרעס־טומל, — האָט זיך דער אַלטער שטראַוס קיין איין מינוט נישט וואַקלענדיק זיך, געשטעלט אויפן צד פון דער יידישער נאַציאָנאַלער דעמאָקראַטיע.

און מיט וואָס פאַר אַ התלהבות האָט דער זקן־מיליאָנער גערעדט אויף די קאָנגרעס וואַל־מיטינגען וועגן דעם ערשטן יידישן פּאַרלאַמענט און זיין נאַציאָנאַל־היסטאָרישער שליחות!

ווען עס האָט זיך נאָך דעם פונאַנדערגעברענט די אידייען־מלחמה צווישן דעם נאַציאָנאַלן לאַגער און דער מאַרשאַל־גרופּע, צי זאָל מען פאָדערן ביים פרידן־קאָנגרעס „נאַציאָנאַלע רעכט" — אָדער „גרופּן־רעכט", ווי דאָס האָט געפאָדערט מאַרשאַל — איז שטראַוס ווידער געווען אויף אונדזער זייט.

די, וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט נתן שטראַוסעס יידיש־געזעלשאַפטלעכע קאַריערע אין דער שטורמישן פּעריאָד פון דער יידיש־אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכקייט אין די יאָרן 1918 - 1914, האָבן געזען, ווי יעדער שעה קומט אַלץ שנעלער פאָר די פאַרוואַנדלונג פון נתן שטראַוס דעם גוט־האַרציקן פילאַנטראָפּ יאַהודי — אין אַ ציל־באַוואוסטן נאַציאָנאַלן ייד.

אין דער זעלבער צייט, ווי ער האָט זיך באַטייליקט אין דער רעליעף און קאָנגרעס־באַוועגונג, איז ער אויך פון אַ נדבן פאַר ציוניסטישע צוועקן, שריט ביי שריט געוואָרן אַ איבערגעגעבענער הונדערט־פּראָצענטיקער ציוניסט.

עס האָבן זיך פילע פון דער אַזוי־גערופענעם יאַהודים־גרופּע דערנענטערט פאַר דער צייט פון דער מלחמה צום לעבעדיקן נאַציאָנאַלן יידנטום, אָבער קיינער פון זיי האָט זיך נישט אַזוי אַנטשידן, אָן צווייפלען און וואַקלענישן, פאַרבונדן זיין גורל מיט דער נאַציאָנאַלער יידישער באַוועגונג, ווי דאָס האָט געטון נתן שטראַוס!

און איצט, פייערנדיק זיין איין און אַכציק־יאָריקן געבורטסטאָג האָט נתן שטראַוס, שיקנדיק זיין שלום־גרוס דעם גאַנצן נאָרד־אַמעריקאַנער פאָלק, געווענדעט

ספעציעל צו די יידן פון די פאראייניקטע שטאטן, אויפפאָדערנדיק זיי צו פאראייניקן זיך, כדי צו שאפן די יידישע נאציאָנאלע היים אין ארץ ישראל.

נישט אומזיסט איז נתן שטראוס די פאפולערסטע און געליבטסטע פיגור פון נאָרד-אמעריקאנער יידנטום; ער האָט דערוויזן, אז נישט שטענדיק קאָרומפירט דאָס גאָלד די נשמה פון מענטשן. די מיליאָנען האָבן נישט דערשטיקט אין אים דאָס מענטשלעכע און יידישע הארץ.

ער האָט נישט נאָר זיין פארמעגן אפגעגעבן פאר הומאניטארע און יידישע צוועקן — ער האָט זיין גאנצע פערזאָן, זיין גאנץ הארץ און נשמה אפגעגעבן דער יידישער זאך און האָט דערוועקט דערפאר ליבע און אכטונג פון גאנצן אמעריקאנער יידנטום.

---

# די יידישע עלעאָנאָרא דוזע

(צום טויט פון אסתר רחל קאמינסקי)

עס איז נישט קיין לייכטע זאך אויפלעבן אין זכרון טעאטער-איינדרוקן פון צוריק מיט זעכצן יאָר.

עס מוז שוין זיין א דערשיטערנדער רושם פונעם סטיל פון שילדקרויטס שיילאָק, פון באסערמאנס „קעניג עדיפוס", סער ליים שעקספּיריאנער ראָלן, אָדער מאָיסים פעדיא פאטאסאָוו, וואָס קריצט זיך איין אין זכרון און אויף וועלכע יאָרן האָבן נישט קיין שליטה.

קען אָבער לעבן מער ווי אנדערהאלבן צענדליק יאָר דער איינדרוק פון דער אויפפירונג פון גאָרדין־פּיעסן, צו וועלכער דו באציסט זיך מיט עסטעטישן ווידערווילן אָדער אין בעסטן פאל מיט גלייכגילטיקייט?

און דאָך איז ביי מיר נאָך נישט אינגאנצן פארווישט געוואָרן דער טיפער איינדרוק פון דעם שטארקן קינסטלערישן גענוס, וואָס איך האָב באקומען פון דער אויפפירונג פון דעם כמעט גאנצן גאָרדין־רעפּערטואַר מיט זעכצן יאָר צוריק אין ק אָ וו נ ע ר שטאָט־טעאטער מיט דער קאמינסקי אין די הויפּט־ראָלן.

נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די קאמינסקי האָט געשפּילט צווישן 1903 - 1906 אין ווארשע, וואו איך האָב געוואוינט צו יענער צייט, בין איך אָבער נישט באטראָכטן די שוועל פון יידישן טעאטער. וואָס פאר א צוזאמענגס־קראפט האָט געקענט פאר אונדז האָבן די אָרימע יידישע בינע מיט איר קינסטלעריש־ווערטלאָזן

צו יענער צייט רעפּערטואַר, ווען מיר האָבן געהאַט פאַר זיך דעם ערשטקלאַסיקן פּוילישן דראַמאַטישן טעאַטער „ראָזמאַיטאָשצי", וואו עס איז אויפגעפירט געוואָרן דער מאָדערנסטער אייראָפּעאישער רעפּערטואַר מיט גאָט־באַגאַבטע אַרטיסטישע קרעפטן?

מען האָט שוין דאַן אָנגעהויבן רעדן וועגן דער טאַלאַנטפולער יידישער אַר־טיסטן קאַמינסקי, אָבער ס'האָט מיך נישט געצויגן אין יידישן טעאַטער.

ערשט אין 1909 האָב איך צום ערשטן מאָל געהאַט די געלעגנהייט צו זען אסתר רחל קאַמינסקי אין קאָוונע, אין דעם שטאָטישן טעאַטער.

איך קען זיך שוין נישט דערמאָנען איצט דעם גאַנצן רעפּערטואַר, אין וועלכן די פאַרשטאָרבענע אַרטיסטן איז אַרויסגעטראָטן. עס לעבט אָבער פריש אין מיין זכרון דער איינדרוק פון קאַמינסקיס שפּילן אין די דריי גאָרדינישע פּיעסן: „מי־רעלע אפרת", „די שחיטה" און „דער אומבאַקאַנטער".

„מירעלע אפרת" איז געווען קאַמינסקיס קעניגלעכע ראָלע. זי האָט פריער פון אַלץ איבעראַשט מיט איר אויסערגעוויינלעכער נאַטירלעכקייט. דאָס איז געווען דער ראַפינירטסטער קינסטלערישער רעאַליזם. קיין איין שטריך פון קינסטלעכער טעאַ־טראַלישקייט, זי איז געווען עכט, ווי די נאַטור אַליין.

איר מירעלע איז געווען קלאַסיש, אימפּאָנענט, געשפּילט מיט אַזוי פיל ווירדע און אמת-מענטשלעכער גרויסקייט, אַז איר האָט פאַרגעסן אַן די טעאַטער־ברעטלעך און זענט אָטעמלאָז מיטגעריסן געוואָרן מיט אירע איבערלעבונגען.

און נאָך מער איז געקומען צום אויסדרוק איר גרויסער קינסטלערישער קענען אין גאָרדינס כמעט מעלאָדראַמאַטישן שונד-שטיק די „שחיטה".

איך דערמאָן זיך די לעצטע מעסער־סצענע, ווען די קאַמינסקי דאַרף שעכטן איר מאַן. דאָס איז דער קולמינאַציע־פּונקט פון גאָרדינס מעלאָדראַמאַטישער אור־מעכטיקייט און ביליקן טעאַטראַליזם.

וויפל קינסטלערישן טאַקט האָט די קאַמינסקי אַריינגעלייגט אין דער דאָזיקער בינען־רייסנדער סצענע. דאָ ערשט איז געקומען צום אויסדרוק די גאַנצע קינסט־לערישע שעפער-קראַפט פון דער אַרטיסטן, וועלכע האָט פון שוואַרץ וויים געמאַכט און די אומגלויבווירדיקסטע און פאַלש-געקינצלטע סצענע איז אויסגעקומען אַזוי עכט, רעאַליסטיש און קינסטלעריש גלויבווירדיק, אַז איר האָט אַ דערשיטערטער פאַרלאָזן דעם טעאַטער. ערשט דאָ אין גאָרדינס שוואַכסטער זאַך האָט זיך אַרויס־געוויזן די קינסטלערישע שטאַרקייט פון דער גאָט געבענטשטער אַרטיסטן.

איך טראָג זיך אַריבער אין געדאַנק אין קאָוונער שטאָט-טעאַטער און דערמאָן זיך דאָס לעצטע גאָרדינישע שטיק, — דער „אומבאַקאַנטער", וואָס די קאַמינסקי האָט אויפגעפירט.

די אַרטיסטן האָט געשפּילט די ראָלע פון דעם הויקערדיקן מיידל, ביי וועמען

די שוועסטער האָט אוועקגענומען איר חתן. איך געדענק שוין ניט די נעמען פון די העלדן.

ווען קאַמינסקיס שפּילן אין דער דאָזיקער ראָלע האָט שפּעטער אין עטלעכע וואָכן, ווען די אַרטיסטן איז אַרויסגעטראָטן אין פּעטערבורג, געשריבן דער גרעסטער רוסישער טעאַטער־קריטיקער „האַמאַנאַוואָוס" (קוגעל), אַז זי איז די „יידישע עלעאָ־נאָראַ דוזע". און אַזאַ קאַלט־איינגעהאַלטענער און געמאָסטענער קריטיקער ווי אַלעק־סאַנדער גאָרנפעלד האָט פאַרגליכן די קאַמינסקי מיט סאַראַ בערנאַרד.

. איך האָב נישט געזען די דוזע און קען דערום נישט זאָגן פון אייגענער דער־פאַרונג, וויפל גוזמא אָדער אמת עס האָט דער פאַרגלייך פון קאַמינסקי מיט איר.

נאָר אויב דוזעס גענילאַלע גרויסקייט איז באַשטאַנען אין איר דראַמאַטישער ע כ ט ק יי ט, אין דעם, וואָס זי האָט נישט געשפּילט, נאָר ג ע ל ע ב ט אויף דער בינע, דאַן מוז מען צוגעבן, אַז אַ גרויסער טייל אמת איז דאָ אין דעם פאַר־גלייך פון קאַמינסקי און דוזע.

די קאַמינסקי האָט נישט געקענט בשום אופן פאַרגלייכן זיך מיט דעם דערשי־טערנדן ליידנשאַפטלעכן טעמפּעראַמענט פון דער איטאַליענישער אַרטיסטן, אָבער זי האָט אין זיך געהאַט אַ גרויסע טייל פון דוזעס אַרטיסטישן וועזן, ווייל זי האָט ג ע ל ע ב ט אויף דער בינע און נישט געשפּילט.

פאַרשטייט זיך, האָבנדיק פאַר זיך אַזאַ שונד־שטאָף ווי גאָרדינס „שחיטה", האָט אָט דער דאָזיקער הויפּט־שטריך פון איר אַרטיסטישן כאַראַקטער נישט גע־קענט קומען אַזוי בולט צום אויסדרוק, אָבער אין די עכטע, רעאַליסטישע סצענעס פון „אומבאַקאַנטן", וואו די קאַמינסקי האָט פאַרקערפּערט די אומגליקלעכע קריפּל־פרוי מיט אַ שיינער און שטאָלצער פרויען־נשמה, ביי וועמען איר אייגענע שוועס־טער באַרויבט איר גליק, איז די פאַרשטאָרבענע אַרטיסטן געווען אַזוי גרויס און דערהויבן, אַז ס'איז וואַרשיינלעך נישטאָ קיין גרויסע גוזמא מצד די רוסישע קרי־טיקער, וואָס האָבן זי פאַרגליכן מיט דער דוזע. יעדנפאַלס די גרויסע רוסישע און פּוילישע אַרטיסטנס ווי די סאַווינאַ, קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ, פּשיבילקאַ־פּאָטאָצקאַ, אָדער די סעמאשקאַ וואָלטן געווים נישט איבערגעשטיגן די קאַמינסקי אין איר קינסטלערישער דערגרייכונג.

זעלטן ווען, אפילו ביי די פאָרשטעלונגען פון מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער האָט מען אַזוי וויניק געזען און געפילט טעאַטער, ווי ביים שפּילן פון דער קאַ־מינסקי די ראָל אין דעם „אומבאַקאַנטן". די בינען־ברעטער זיינען פאַר אייך ווי דורך אַ כשוף פאַרשוואונדן, איר האָט געזען אַ שטיק טראַגיש פרויען־לעבן, איר זענט אינגאַנצן דורכגענומען געוואָרן מיט דעם שטילן איינגעהאַלטענעם ליידן פון אַן אומגליקלעכער פרוי, פאַר וועלכער דאָס גליק האָט אויף אַ מאָמענט אויפגעשיינט.

זי, די באַקריוודעטע פון לעבן, דער קריפּל האָט אומדערוואַרט געפונען אַ מאַן, וועלכער האָט זי ליב באַקומען.

ווי דערגרייפנד, ווי פון אַן אינערלעכער זון באַשטראַלט איז די קאַמינסקי גע-ווען אין די מאָמענטן פון גליק, אייער האַרץ האָט פון פרייד מיטגעציטערט צוזעענ-דיק, פילנדיק דעם שטילן, טיף־אינערלעכן גליק־געפיל פון דער קריפּל־פרוי קאַמינסקי.

נאָר נישט לאַנג געדויערט דאָס גליק פון דער הויפּט־העלדן פון גאָרדינס פּיעסע. באַלד באַווייזן זיך וואָלקנס, איר חתן ווערט גלייכגילטיקער צו איר. ביי איר הויבט זיך אָן דערוועקן דער חשד, אַז איר שוועסטער מאַכט אַן אַטענטאַט אויף איר גליק. באַלד ווערט דער חשד פאַרוואַנדלט אין אַ זיכערן פאַקט, אַז איר אייגענע שוועסטער האָט ביי איר באַרויבט איר גליק.

וויפל מערקווירדיקע ניואַנסן האָט די קאַמינסקי אַרויסגעבראַכט אין איר ראָל! מיט וואָס פאַר אַ אינטואיטיוון קינסטלערישן אמת האָט זי אַרויסגעבראַכט די פיינסטע און קוים באַמערקבאַרע איבערגאַנגען אין אירע נשמה-איבערלעבונגען פון דער אומגליקלעכער שטאָלצער אין איר אומגליק פרוי, ווי פיין און ראַפינירט איידל זיינען אַרויסגעקומען ביי איר די סצענעס פון פאַרצווייפלטער אייפערזוכט, ווי איינ־געהאַלטן און געצוימט איז זי געווען אין איר פאַרצווייפלטן ליידן, ווי אָטעם־פאַר־כאַפּנד און דראַמאַטיש-שפּאַנענד איז זי געווען, ווען איר חשד אין דער שוועסטערס פאַרראַט ווערט אַ טראַגישע געוויסהייט... קיין איין פאַלשער שטריך, קיין שום פּגימהלע האָט זיך נישט אַריינגעכאַפּט ביי דער קאַמינסקי אין איר אינטערפּרע־טאַציע.

און דער אַלגעמיינער איינדרוק, איז געווען: איר האָט געזען אַ דערשיטערנד שטיק דראַמאַטיש לעבן אין דוזעאישן סטיל, אָבער נישט קיין טעאַטער...

:: :: ::

זעכצן יאָר זיינען שוין אַוועק זינט איך האָב צום ערשטן און לעצטן מאָל געזען אסתר רחל קאַמינסקי אין דעם שטאָטישן טעאַטער פון קאָוונע.

זעכצן יאָר איז אַ צו לאַנגער דאַטום, און די צייט האָט בלאָס געמאַכט אין זכרון פילע דעטאַלן פון דעם שפּילן פון דער גרויסער אַרטיסטן, אָבער דאָך לעבט נאָך ביז היינט צו טאָג אין דער נשמה ווי אַן עכאָ, ווי אַ ווייטער אָפּקלאַנג די גרוי-סע קינסטלערישע דערלעבניש פון יענעם טעאַטער־אָוונט, ווען איך האָב געזען די קאַמינסקי אין דער הויפּט־ראָל אינעם „אומבאַקאַנטן".

דער אומגעהויערער דערפאָלג, וואָס די קאַמינסקי האָט געהאַט בעת איר טרי-אומף־רייזע איבער רוסלאַנד אין די יאָרן 1909 - 1910, די ליוב־געזאַנגען און אָנער-קענונג, וואָס זי האָט זיך פאַרדינט ביי דער ערנסטער און אויטאָריטעטער רוסישער

טעאַטער־קריטיק, זאָגן עדות דערפאַר, אַז ווען די פאַרשטאָרבענע וואָלט אַרויסטרעטן אין אַן אייראָפּעאישער שפּראַך און וואָלט געהאַט דעם צוטריט צו דער אייראָפּעאישער בינע, וואָלט זי געווים אַריין אין דעם פּאַנטעאָן פון די וועלט־באַרימטע אומשטערבלעכע פרויען־אַרטיסטנס, דער דוזע און סאַראַ בערנאַרד, וואָס האָבן איבערגעלאָזן זייערע שפּורן אויף דער וועלט־בינע.

דער יידישער טעאַטער האָט בלי ספק פאַרלוירן מיטן טויט פון אסתר רחל קאַמינסקי זיין דוזע.

(1925)

---

# דער טויט פון אַ גרויסן יוד

(ד"ר פּאָול נאַטאַן)

מיטן טויט פון דאָקטאָר פּ אָ ו ל נ אַ ט אַ ן, האָט דאָס דייטשע יידנטום פאַרלוירן איינעם פון אירע גרויסע און אפשר גרעסטע פירנדע פּערזענלעכקייטן, וואָס עס האָט פאַרמאָגט אין די לעצטע צייטן.

אַ מענטש פון שטאַרקן ווילן, פון פילזייטיקער און סאָלידער, לויט דעם דייטשן מוסטער, בילדונג מיט בלי ספקדיקע שטאַטסמענישע פעאיקייטן האָט ד"ר פּאָול נאַטאַן געקענט ווערן אַ פירנדע פיגור אין דער דייטשער פּאָליטיק, אַ צווייטער לאַסקער פון דייטשן ליבעראַליזם, אָבער דער פאַרשטאָרבענער פירער פונעם „הילפס־פאַראיין דער דויטשען יודען" האָט פאַרגעצויגן די באַגרעניצטע אַרענע פון יידישער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אָנשטאָט דעם ברייטן פעלד פון דער דייטשער פּאָליטיק.

אַ געוויסע צייט איז פּאָול נאַטאַן יאָ געווען טעטיק אין די רייען פון דייטשן ליבעראַליזם, אָבער זיין אַלגעמיין פּאָליטישע קאַריערע איז געווען אַ קורצע דויערנדע און ער האָט זיין גרויסע אומדערשעפּלעכע ענערגיע געווידמעט כמעט אויסשליסלעך דער אינטערנאַציאָנאַלער געזעלשאַפטלעכקייט.

פּאָול נאַטאַן איז געווען דער ק ר ע מ י ע פון דייטשן יידנטום און האָט כמעט זיין גאַנצן לעבן געווידמעט צו דער פאַרטיידיקונג פון די יידישע אינטערעסן נישט נאָר פון דייטשלאַנד, נאָר פון דער גאַנצער וועלט.

ביי פּאָול נאַטאַנען איז זיין יידישע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט נישט געווען קיין נעבן־זאַך, נישט קיין צייט־פאַרטרייב.

באַאָבאַכטנדיק ד"ר נאַטאַנען אין משך פון אַ רייע יאָרן אויף די צוזאַמענפאָרן

פון דעם הילפס-פאַראיין פון די דייטשע יידן, האָב איך שטענדיק געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס זאָרגן פאַר כלל ישראל איז געווען די לעבנס-סטיכיע פון דעם פאַרשטאָרבענעם פירער פון די דייטשע יידן.

וואָס איז געווען די טרייב-קראַפט און דער לייטנדער מאָטיוו פון דער אומדערמידלעכער יידישער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון פּאול נאַטאַן?

מילא, בנוגע נאַטאַנס און דעם דייטשן הילפס-פאַראיינס טעטיקייט אין פּאַלעסטינע און אין אָריענט, האָט מען געקענט זאָגן, אַז דאָ האָט דער ד י י ט ש ע ר פּ אַ ט ר י אָ ט י ז ם געשפּילט מער ראָלע, ווי דער יידישער סענטימענט.

אַזוי ווי די פראַנצויזישע יידן האָבן זיך געשאַפן די „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל", וועלכע האָט, טוענדיק יידישע פילאַנטראָפּישע אַרבעט אין דער זעלבער צייט געדינט אַלס אינסטרומענט פון דער פראַנצויזישער פּאָליטיק, פאַרשפּרייטנדיק דעם פראַנצויזישן קולטור-איינפלוס אין אָריענט — אַזוי האָבן אויך די דייטשע יידן געשאַפן דעם „הילפס-פאַראיין דער דויטשען יודען", כדי צו פירן דייטשע פּאָליטיק און פאַרשפּרייטנדיק דעם דייטשן קולטור-איינפלוס אין אָריענט, מאַניפעסטירנדיק דערמיט פאַר דער דייטשער רעגירונג זייער פּאַטריאָטיזם.

אָט אָ די טענדענץ פון דייטשן הילפס-פאַראיין און פון איר פירער ד"ר פּאול נאַטאַן, האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן ביי דעם באַוואוסטן קאָנפליקט צווישן די ציוניסטן און דעם „הילפס-פאַראיין" בנוגע דער אונטערריכטס-שפּראַך אינעם טעכניקום אין חיפה.

ווי באַוואוסט, האָט פּאול נאַטאַן און דער הילפס-פאַראיין עקשנותדיק געקעמפט דערפאַר, אַז ד י י ט ש און נישט העברעאיש זאָל זיין די אונטערריכטס-שפּראַך אין טעכניקום.

דאָ האָט מען קלאָר געזען, אַז דער הילפס-פאַראיין באַצוועקט הויפּטזעכלעך צו קאָנטראַבאַלאַנסירן די ווירקונג פון אַליאַנס איזראַעליט אין אָריענט און ביי אים שטייען די אַלגעמיינע דייטשע אינטערעסן העכער פאַר די יידישע נאַציאָנאַלע.

אָבער אויב ד"ר נאַטאַנס און דעם דייטשן הילפס-פאַראיינס טעטיקייט אין אָריענט איז סטימולירט געוואָרן נישט נאָר פון יידישע, נאָר אויך פון דייטשע אינטערעסן, קען מען אָבער בשום אופן נישט לייקענען, אַז בדרך כלל איז נאַטאַן געווען אין זיין אַרבעט אינספּירירט פון אַ טיפן יידישן סענטימענט.

ד"ר נאַטאַן איז געווען אַן אַסימילאַטאָר און האָט געלייקנט דעם יידישן נאַציאָנאַליזם, אָבער מיט זיין אינטערנאַציאָנאַל-יידישער טעטיקייט, מיט זיין הייסן און איבערגעגעבענעם רעאַגירן על כל צרה שלא תבא אין יעדן ווינקל פון דער יידישער וועלט, האָט ער פּאַקטיש צוגעגעבן די איינהייט פון דער יידישער נאַציע.

לייקענענדיק אין טעאָריע די עקזיסטענץ פון נאַציאָנאַל-יידישע געפילן, איז ער אָבער אין זיין פיבערהאַפטער אַל-יידישער פילאַנטראָפּישער טעטיקייט בלי ספק

אינספירירט געווען פון א פארבארגענעם, פאר אים אליין אומקלארן נאציאנאל-יידישן געפיל.

אוויף דעם געביט פון דער יידישער עמיגראציע, אויף דעם געביט פון דער פארטיידיקונג פון די יידישע אינטערעסן אין דער גאנצער וועלט און דערהויפט אין רוסלאנד, האט ד"ר נאטאן לויט זיין פארשטיין און דורך זיינע וועגן און מעטאדן אויפגעטון פיל פאזיטיוועס.

:: :: ::

אין די לעצטע נאך־מלחמה יארן האט פאול נאטאן פארגעשטעלט מיט זיך די טראגישע פיגור פון א יורד.

די מלחמה האט פארענדיקט מיט דער דייטשער גדלות אין דער וועלט און צוזאמען מיט דער ירידה פון דייטשלאנד, האט פארלוירן זיין תקיפות אויך דאס דייטשע יידנטום.

דער דייטשער הילפס־פאראיין און זיין פירער ד"ר פאול נאטאן, וועלכע האבן ביז 1914 געשפילט די ערשטע פידל אין דער אלוועלטלעכער יידישער פאליטיק, — זיינען צוריקגעשטויסן געווארן אויף דער צווייטער ליניע.

פון א צענטראלער פיגור אין דער אינטערנאציאנאלער יידישער פאליטיק, איז ד"ר פאול נאטאן געבליבן דער פירער פון אן ארגאניזאציע, וואס האט פארלוירן איר אנזען און ווירקונג אויסערהאלב די גרעניצן פון דייטשן יידנטום.

ד"ר פאול נאטאן, צו וועמענס שטימע מען האט זיך צוגעהערט מיט דער גרעס־טער אויפמערקזאמקייט אין אלע יידישע ענינים, איז רעדוצירט געווארן צו א רע־פרעזענטאנט פון אן איינפלוסלאזער ארגאניזאציע.

אמת, נאטאן האט זיך אויך נאך לעצטנס געמישט אין אלגעמיין־יידישע ענינים, ער האט זיך באטייליקט אין דעם דזשאינט אין אייראפע, אין דער רוסיש־יידישער קאלאניזאציע־ארבעט: אוים דרך־ארץ צו זיין פארגאנגענהייט האט מען אים נאך געשענקט אביסל אויפמערקזאמקייט, אבער ער איז שוין געווען נישט מער ווי א שאטן פון דעם אמאליקן אויטאריטעטן פירער, מיט דיקטאטארישע טענדענצן.

:: :: ::

ד"ר פאול נאטאן איז געווען דער טיפישסטער און אנגעזעענסטער פארטרעטער פון דער יידישער נאטאבלען־פאליטיק פון דער פאר־מלחמה צייט.

נישט איינמאל איז דער יידישער נאציאנאלער דעמאקראטיע אויסגעקומען צו באקעמפן נאטאנס פאליטיק, בנוגע דער עמיגראציע און אנדערע געביטן פון דער יידישער סאציאלער הילף, אבער איצט ביי דעם אפענעם קבר פון פאול נאטאן קען מען נישט לייקענען, אז דאס דייטשע יידנטום האט פארלוירן מיט זיין טויט איינעם פון זיינע ווערטפולסטע פערזענלעכקייטן, וואס האט זיין גאנצן לעבן מיט ריינעם אידעאליזם געווידמעט, לויט זיין פארשטיין און זיינע באגריפן, דעם יידישן פאלק.

# אויפן קבר פון א פאָלקס-טריבון

(ד"ר ב. עפּשטיין)

ווען אַ צייטיק און געזעטיקט געוואָרענער לעבן פאַרשווינדט פלוצלינג פון אונדז איז לייכטער שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק פון דער אומפאַרמיידלעכקייט פון טויט.

אָבער עס רעוואָלטירט אין אונדז אַלע אונדזערע חושים, ווען דער טויט קומט פלוצלינג און שניידט איבער ברוטאַל אומברצמנותדיק, אָן שום וואָרנונג און התראה, אַ לעבן וואָס וועבט זיך נאָך, אַ לעבן פול מיט זאַפט און היות, אַ לעבן וואָס איז נאָך אַזוי פול מיט לעבנס-ווילן און לעבנס-ענערגיע.

דערפאַר איז אַזוי שווער צו שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז ד"ר ב. עפּשטיין, וועלכן מיר אַלע געדענקען נאָך פול מיט ברויזנדן לעבנס-טעמפּעראַמענט, מיט ענ־טוזיאַזם, און עקזאַלטירנדער ענערגיע, אַז אָט דער לעבנס-דורשטיקער מענטש איז שוין מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע.

שוין עטלעכע טעג, אַז די נאָרד־אַמעריקאַנער פּאָסט האָט אונדז געבראַכט די טרויעריקע און איבערראַשנדע ידיעה פון דאָקטאָר עפּשטיינס טויט.

איך באַגרייף זייער גוט אַז דאָס איז לײדער אַן אומצווייפלהאַפטער פאַקט און דאָך איז מיר שווער, כמעט אוממעגלעך צו טראַכטן וועגן דעם הייסן ענטוזיאַסטישן טריבון, וועגן דעם ליבן מענטשן און גוטן פריינט אַלס אַ טויטן.

עס זיינען פאַראַן מענטשן אין דעם עלטער פון דעם פאַרשטאָרבענעם פריינט און נאָך יונגער פון אים וועמען די איבערגעלעבטע שטורמען פון אונדזער אומגליק־לעך־גליקלעכער, צושטערנדער און בויענדער צייט האָבן מיר געמאַכט, ביי וועמען עס האָט זיך שוין באַוויזן דער רעזיגנאַציע-שמייכל אויף די ליפּן, ביי וועמען עס איז שוין אויסגעלאָשן געוואָרן דער אומדערזעטלעכער לעבנס־דורשט.

זיי, די רעזיגנאַציע-מענטשן איז לייכטער אָוועקצוגיין פון אונדזער ברוטאַל־האַרטער און רייצנד־שיינער וועלט. און ווען דער טויט רייסט איבער אַזאַ מיד לעבן פון אַ יונג־אַלטן, בויגן מיר זיך געהאָרכזאַם פאַרן שיקזאַל.

ד"ר עפּשטיין האָט אָבער באַזעסן אַ נישט־אויסגעשעפּטן לעבנס-ענטוזיאַזם. ער איז געבליבן אומבאַרירט פון די שטורמען פון דער צייט, זיין רוקן האָט זיך נישט געבויגן אונטערן לאַסט פון די שווערע פּערזענלעכע און געזעלשאַפטלעכע איבער־לעבונגען פון די טראַגישע מלחמה און רעוואָלוציע-יאָרן. אין אים האָט געברויזט נאָך אַ נישט-אויסגעשעפּטער לעבנס-קוואַל, זיין אויג און האַרץ איז געווען יונג און פריש און האָט פיבערהאַפט רעאַגירט אויף אַלע לעבנס־דערשיינונגען.

ד"ר עפשטיין איז געשטאַנען אין רעכטן מיטן פון זיין לעבנס-וועג, ער האָט נאָך פיל געקענט געבן און נעמען פונעם לעבן און דערפאַר טוט אַזוי ווי זיין פּלוצלינגער פאַרשווינדן.

ב. עפשטיין איז געווען איינער פון די נישט פילע יידישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן זייער גאַנצן איך אָוועקגעגעבן דער יידישער זאַך, דער יידישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

---

## צום אָנדענק פון מאַקס פיין

עס הויבן אָן שיטערער ווערן די רייען פון דער פּיאָנערן־גוואַרדיע פון דער גרויסער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

פאַר די לעצטע עטלעכע יאָרן האָט דער טויט אַוועקגעריסן אַ רייע פון די אָנגעזעענסטע פיגורן און וועטעראַנען פון דער יידיש-אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי יצחק אייזיק הורוויץ, מאיר לאָנדאָן, פראַנק ראָזענבלאַט, ד"ר נ. סירקין און איצט ברענגט אונדז די ניו־יאָרקער פּאָסט די טרויעריקע ידיעה וועגן דעם טויט פון מאַקס פיין.

כאָטש דער פאַרשטאָרבענער אַרבעטער־פירער איז שוין געווען אַריבער די זעכציקער, האָט ער נישט געהערט צו די זקנים און האָט געשפּרודלט מיט לעבנס-קראַפט און דינאַמישער ענערגיע, וואָס האָט אים געמאַכט פאַר אַ צענטראַלער פיגור פון דער יידישער אַרבעטער־געזעלשאַפטלעכקייט אין נאָרד-אַמעריקע.

מאַקס פיין איז נישט געווען קיין טעאָרעטיקער און געדאַנקען־מענטש, כאָטש ער האָט באַזעסן אַ הויכע אינטעליגענץ. דער פאַרשטאָרבענער איז פריער פון אַלץ געווען אַ מענטש פון טאַט, פון פּראַקטישן אידעאַליזם און גרויסע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן און איז געווען איינער פון די הויפּט-אַרכיטעקטן פון דעם גרויסן בנין פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אין נאָרד־אַמעריקע.

ער איז געווען איינער פון די נישט פילע יידישע אַמעריקאַנער אַרבעטער-טוער, וואָס איז פאַר די כמעט פיר צענדליק יאָר פון זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, קיין איין מאָל נישט געשטרויכלט געוואָרן אויף דעם גליטשיקן באָדן פון נאָרד־אַמעריקאַנער פּראַקטישקייט.

אין דער ניכטערער ספּעציפיש־אַמעריקאַנער אַטמאָספערע פון אייגננוץ און געיעג נאָך פּראַקטישע דערפאָלגן האָט מען באַדאַרפט פאַרמאָגן אַ גרויסע און מאָ־

ראַליש ווידערשטאַנדס־פעאיקע נשמה, כדי צו פאַרבלייבן טריי דעם גאַנצן לעבן די אידעאַלן פון דער יוגנט און איינהאַלטן אין זיך דעם אידעאַליסטישן ברען.

און אָט די דאָזיקע מערקווירדיקע נשמה־ריינקייט און ערלעכקייט האָט געמאַכט אַזוי מאַגנעטיש צוציענד און סימפּאַטיש מאַקס פּיינס פּערזענלעכקייט פאַר יעדן איינעם, וואָס איז געקומען מיט אים אין באַרירונג און האָט געמאַכט דעם פאַר־שטאָרבענעם פאַר דעם ליבלינג פון דער יידיש־אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפט און פאַר איר געאַכטסטן פאַרטרעטער אין אַלע יידיש־אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכע קרייזן.

אין די לעצטע יאָרן פון זיין פרוכטבאַרן און ערלעכן לעבן איז אָבער מאַקס פּיינען באַשערט געווען אַרויסצורוקן זיך ווייט איבער די גרענעצן פון דער יידיש־אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכקייט און שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין אַלגעמיין־יידישן לעבן.

ווי אַלע יידישע אַרבעטער־פירער אין נאָרד־אַמעריקע, האָט מאַקס פּיין דורכ־געמאַכט די שולע פון דעם אַסימילאַציאָרישן יידישן סאָציאַליזם און איז גענויגט געווען צו דער בונדיסטישער אויפפאַסונג פון די יידישע און יידיש־סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען.

ווען עס איז אָבער אויסגעבראָכן די מלחמה־קאַטאַסטראָפע און עס איז גע־קומען דער גרויסער יידישער חורבן אין מזרח־אייראָפּע, איז מאַקס פּיין געווען פון די ערשטע, וואָס האָט דערפילט און דערשיטערט געוואָרן פון דעם גרויסן יידישן צער.

ער האָט אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייט אַלע אָנגענומענע דאָגמען פון דעם אַנטי־נאַציאָנאַלן סאָציאַליזם און האָט זיך מיט דעם גאַנצן ברען פון זיין נשמה און שטאַרקן אידעאַליסטישן טעמפּעראַמענט אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, וואָס האָט געצילט צו פאַרלייכטערן די גרויסע יידישע נויט און פאַרטיידיקן די יידישע נאַציאָ־נאַל־פּאָליטישע אינטערעסן אין מאָמענט פון גרויסן היסטאָרישן קריזיס.

ווען עס האָט זיך געגרינדעט די פּיפּעלס רעליעף, דער פאָלקס־הילפס־קאָמיטעט פאַר די יידישע מלחמה־קרבנות, איז מאַקס פּיין געווען איינער פון זיינע איניציאַ־טאָרן און האָט אין משך פון יאָרן מיט פיבערהאַפטער ענערגיע און אידעאַליסטי־שער איבערגעבנקייט געאַרבעט בעת די גרויסע קאַמפּיינען פאַר פאָלקס־הילף.

ווי באַוואוסט, איז מאַקס פּיין געווען איינער פון די ערשטע, וואָס איז צוזאַמען מיטן ריכטער פישער דורכגעדרונגען אין דער בלאָקירטער סאָוועטישער רוסלאַנד און האָט דורכגעמאַכט זיין מסירת־נפשדיקע אויטאָמאָביל־רייזע איבער דער פאַר־בלוטיקטער יידישער אוקראַינע, ברענגענדיק הילף און טרייסט דער געפּייניקטער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך געפילט אָפּגעשניטן און פאַרלאָזן פון דער גאַנצער וועלט.

ווען די נאָרד־אַמעריקאַנער פּועלי־ציון האָבן אָנגעהויבן די באַוועגונג צו אָרגאַ־

ניזירן דעם יידישן אַרבעטער־קאָנגרעס צו קעמפן פאַר יידישע נאַציאָנאַלע רעכט, און שפּעטער דעם אַרבעטער־קאָנגרעס פאַר ארץ ישראל, איז מאַקס פּיין געווען איי־נער פון די ערשטע, וואָס איז געקומען אויף דעם רוף.

דער שטורם, וואָס האָט זיך דורכגעטראָגן איז יידישן לעבן אין די קאַטאַס־טראָפאַלע יאָרן פון דער וועלט־מלחמה, האָט געמאַכט אַ טיפן רושם אויף דער איי־דעלער נשמה פון סאָציאַליסטישן און אַרבעטער־קעמפער און האָט אויפגעוועקט אַלע פאַרבאָרגענע אין איר יידישע סטרונעס.

מאַקס פּיין האָט זיך דערפילט נישט נאָר אַלס זין פון אַרבעטער־קלאַס, נאָר אַלס לעבעדיקער גליד פון געפייניקטן און פאַרפאָלגטן יידישן פאָלק און ער האָט מיט זיין נייער נאַציאָנאַלער שטימונג אָנגעשטעקט אַ סך פון זיינע פריינט, זיינע חברים פון דער יידיש־אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָבן געהערט צו די פאַרביסענע און פאַרעקשנטע קעגנער פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק.

מאַכנדיק דעם ערשטן שריט צו דערנענטערן זיך צו די יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, האָט מאַקס פּיין, אַלס גאַנצע און קרעפטיקע פערזענלעכקייט נישט אָפּ־געשטעלט זיך אויפן מיטן וועג.

ווען עס האָט זיך נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע אָנגעהויבן די גרויסע בוי־אונגס־אַרבעט אין ארץ ישראל, און די נאָרד־אַמעריקאַנער פועלי־ציון האָבן אָנגע־הויבן די באַוועגונג צו צוציען די יידישע אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפט, פאַר דער פּראַקטישער אויפבוי־אַרבעט אין ארץ ישראל האָט זיך מאַקס פּיין מיטן גאַנצן האַרצן און נשמה געשטעלט צו דינסט דער דאָזיקער באַוועגונג.

אָנהויבנדיק פון דעם ענטוזיאַסטישן געצייג־קאַמפּיין, וואָס איז מיט עטלעכע יאָר צוריק דורכגעפירט געוואָרן אין נאָרד־אַמעריקע, האָט זיך מאַקס פּיין געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער פּראָ־ארץ ישראל־באַוועגונג, וואָס איז אַנטשטאַנען צווישן די נאָרד־אַמעריקאַנער יידישע אַרבעטער און האָט בייגעטראָגן באַדייטנדע סומען פאַר דעם ארץ ישראל־אויפבוי.

אויב מיר זיינען עדות, ווי עס האָט געפּלאַצט דאָס אייז, מיט וועלכן עס זיינען פאַרבאַריקאַדירט געווען די הערצער פון דער ברייטער נאָרד־אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטערשאַפט בנוגע ארץ ישראל, פאַרדאַנקען מיר דאָס אין אַ גרויסער מאָס דער אומדערמידלעכער און התלהבותדיקער אַרבעט פון דעם פאַרשטאָרבענעם מאַקס פּיין.

נישט קוקנדיק אויף זיין זעכציק־יאָריקער עלטער, האָט מאַקס פּיין אין די לעצטע עטלעכע יאָר, זינט ער האָט איבערגענומען די אָנפירערשאַפט פון די גע־ווערקשאַפטס־קאַמפּיינען פאַר ארץ ישראל, אַנטוויקלט אַן אויסערגעוויינלעך פּי־בערהאַפטע טעטיקייט.

פּונקט ווי ער וואָלט געפילט, אַז זיין טעטיקייט פאַרן אַרבעטנדן ארץ ישראל איז דאָס שוואַנען־ליד פון זיין געזעלשאַפטלעכער קאַריערע, האָט ער אין איר אַריינגע־

ליגט דעם גאַנצן ברען און דעם גאַנצן ענטוזיאַזם פון זיין אידעלער נשמה.

עס האָט זיך געפילט, ווי ביי דעם מענטשן זיינען פליגלען אויסגעוואַקסן.

אַ קוואַל פון טיפער ליבע צו דער ארץ ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט און איר שעפערישן אויפּטו האָט זיך געעפנט אין מאַקס פיינס האַרץ, און דער אַרבעטער-פירער, וואָס איז אַ לעבן לאַנג געשטאַנען ווייט פון דער ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער באַוועגונג און דעם ארץ ישראל־געדאַנק, האָט אָנגעהויבן קעמפן פאַר דעם יידישן אַרבעטער־ישוב מיט דעם ברענענדן פאַטאָס און צינדנדן התלהבות פון אַ באַקערטן צו אַ נייער אמונה.

ערשט אין לעצטן יאַנואַר האָט מאַקס פיין אָנגעהויבן דעם נייעם קאַמפּיין פאַר אַ פערטל מיליאָן דאָלאַר פאַר דעם אַרבעטנדן ישוב און מיט וואָס פאַר אַ גרעניצלאָזע גלויבן און ענטוזיאַזם האָבן געקלונגען זיינע ווערטער אויפן פּראָקלאַמירונגס־אַקט פון דעם קאַמפּיין.

דער שווערער קריזיס, וואָס דאָס אַרבעטנדע ארץ ישראל מאַכט דורך, האָבן אַרויסגערופן ביי מאַקס פיינען אַ נייעם ניט געוועזענעם אימפּעט און התלהבות צו דער אַרבעט, און זיין רוף צו דער אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטערשאַפט צו העלפן זייערע ברידער אין ארץ ישראל איז דורכגעדרונגען געווען מיט נביאישן פאַטאָס.

איצט האָט דער פּלוצלינגער טויט אַרויסגעריסן מאַקס פיינען אין מיטן פון זיין גרויסער און היסטאָרישער אַרבעט.

די נאָרד-אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפט פאַרלירט אין פיינען איינעם פון אירע ערלעכסטע און איידלסטע פירער, וואָס האָט געהאָלפן בויען די מעכטיקע יידיש-אַמעריקאַנער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע.

מאַקס פיין איז אויך געווען דער בויער פון דעם בריק צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין נאָרד-אַמעריקע און ארץ ישראל.

שוין איצט איז דער ביישטייער פון די יידישע אַרבעטער אין נאָרד-אַמעריקע פאַר דעם ארץ ישראל־אויפבוי פון גרויס וויכטיקייט און באַדייטונג, און מאַקס פיינס גייסט וועט נאָך ווירקן ווייטער און וועט פאַרוואַנדלען די דאָזיקע מיטאַרבעטערשאַפט צו איינעם פון די גרעסטע פאַקטאָרן פון דער שאַפונג פון דער נייער מלוכה פון יידישער אַרבעט אין ארץ ישראל.

און מאַקס פיינס נאָמען וועט פאַרשריבן ווערן נישט בלויז אין דער געשיכטע פון דער יידיש־אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג, אַלס איר ערלעכער בויער און שאַפער, נאָר ער וועט פיגורירן אין דער היסטאָרישער ערן־ליסטע פון די, וואָס האָבן געהאָלפן בויען דאָס יידישע פרייאַנד, די נייע יידישע אַרבעטס-געזעלשאַפט אין ארץ ישראל.

און די נאָרד-אַמעריקאַנער יידישע אַרבעטער וועלן שטענדיק מיט דאַנק און

פארערונג דערמאָנען דעם נאָמען פון דעם, וואָס האָט זיי אינספּירירט צו גרויסע היסטאָרישע מעשׂים, האָט אין זיי דערוועקט דעם אידעאַליזם און די קרבנות־גרייט־קייט פאַר גרויסע טאַטן און האָט זיי אַרויסגעפירט פון די ענגע ד' אמות פון באַ־גרענעצטן יוניאָניזם און אומבאַפליגלטן סאָציאַליזם...

---

# צום אָנדענק פון אַ לאָיאַלן קעגנער

(אַ. ל י ט וו אַ ק)

מיטן טויט פון אַ. ליטוואַק האָט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פאַרלוירן איי־נעם פון אירע עלטסטע, און פאַרדינסטפולע טוער און פּיאָנערן.

אַ. ליטוואַק איז געווען דער מיטגרינדער און אָנפירער פון „בונד“, און נישט איינמאָל איז אויסגעקומען אונדז, ציוניסטן־סאָציאַליסטן, צו קרייצן מיט אים די שווערדן פון פּאָלעמיק, אָפטמאָל ביטערער און לײדנשאַפטלעכער פּאָלעמיק.

דאָס איז אָבער שטענדיק געווען אַ מלחמת מצוה. עס זיינען דעמאָלט, מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, אויך געווען צייטן פון שטורם און אויפבדרויז, דאָס איז געווען די עפּאָכע פון דער ערשטער רוסישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. עס איז אָנ־געגאַנגען אין פּוילן אַ ביטערער קאַמף צווישן „בונד“ און ס. ס. פאַר דעם איינפלוס אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. מיר האָבן זיך קעגנזייטיק נישט געשאָנע־וועט אין דעם דאָזיקן קאַמף.

אָבער אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס עס קומט פאָר אין אונדזערע ברוטאַלע צייטן, שיינט אונדז די דעמאָלטיקע אידייען און פּראָגראַמען־מלחמה אַלס זיסע אידיליע.

און אין דער ווירקלעכקייט איז עס טאַקע געווען אַ ריינער און גרויסצוגיקער אידייען־קאַמף, וואָס איז זעלטן ווען — וועגן אויסנאַמען רעדט מען נישט — אַרי־בערגעגאַנגען די גרעניצן פון „קאַוואַלערישקייט“.

און אַ. ליטוואַק האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט דער ריינקייט און „דזשענטעלמענישקייט“ פון זיינע קאַמפּס־מיטלען. און דערפאַר איז עס באַגרייפ־לעך, וואָס מיר אַלע, זיינע אַנטשלאָסענע קעגנער, האָבן שטענדיק געפילט צו אים דעם העכסטן רעספּעקט, און אויף יענער זייט פון דעם פאַרזאַמלונגס־לאָקאַל, וואו מיר האָבן ביטער און לײדנשאַפטלעך דיסקוטירט, פלעגן מיר זיך געבן די הענט, ווי פריינט, וואָס ווייסן קעגנזייטיק צו שעצן ערלעכע און אויפריכטיקע איבערצייגונגען.

אין דער צייט פון דער מלחמה האָבן מיר זיך מיט ליטוואַקן באַגעגנט אין

ניו־יאָרק. דער אָפּקלאַנג פון די אַמאָליקע ליידנשאַפטלעכע אידייען־שטרייטן אין פּוילן איז שוין פאַרשוואונדן, מיר האָבן אין דער קאַלטער אַמעריקע מיט באַנקשאַפט דערמאָנט די אַמאָליקע גוטע און הייסע צייטן, ווען יעדער פון אונדז האָט אַזוי ליכט געגלויבט און אַזוי העל געהאָפט.

די שאַרפע שפּיצן פון דער אידייאישער קעגנערשאַפט זיינען פאַר דער צייט אָפּגעבראָכן געוואָרן. דער טאָלעראַנטער א. ליטוואַק איז געוואָרן נאָך מער טאָלע־ראַנט: מיר האָבן געמיטלעך און פריינטלעך געקענט שמועסן וועגן די פראַגן, וועגן וועלכע עס איז אַמאָל געפירט געוואָרן אַזאַ ביטער־ליידנשאַפטלעכער שטרייט.

נאָר אָט איז אונדזער ניו־יאָרקער געמיטלעכקייט פאַרשוואונדן. עס איז גע־קומען דער שטורם פון דער רוסישער מערץ־רעוואָלוציע. מיר האָבן זיך אַלע אָנ־געהויבן קלייבן אין וועג אַריין, פול מיט ענטוזיאַזם און ליכטיקע האָפנונגען.

און עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז א. ליטוואַק מיט זיין ניכטערן ליטווישן שכל האָט אין יענעם מאָמענט דעם קאָפּ נישט פאַרלוירן, און ווען ביי פילע פון אונדז האָט זיך דער קאָפּ פאַרדרייט פון ענטוזיאַסטישע האָפנונגען, האָט ער געהאַלטן אין איין וואָרענען, אַז עס איז נאָך צו פרי צו טריאומפירן און אַז דער צו גרויסער איינפלוס פון די סאָציאַליסטן אויף דער רוסישער רעוואָלוציע קען ברענגען צו קאַ־טאַסטראָפאַלע רעזולטאַטן.

מיר האָבן דעמאָלט געטענהט צו ליטוואַקן, אַז ער קוקט צו פּעסימיסטיש אויף דעם גאַנג פון די געשעענישן.

נו, האָט אָבער די צייט דערוויזן, אַז דער ניכטערער א. ליטוואַק איז אין אַ גרויסער מאָס געווען גערעכט מיט זיינע פּעסימיסטישע פאָראויסזאָגונגען...

די דורכפאַלן, וואָס א. ליטוואַק האָט געליטן אין רוסלאַנד, האָבן אָבער אים מאָראַליש נישט צעבראָכן. ער איז ביז זיין לעצטער לעבנס־שעה געבליבן אויף זיין קאַמפס־פּאָסטן: פול מיט דינאַמישער ענערגיע און אומגעבראָכענער עקשנות האָט ער געדינט זיינע אידייען און איז צו דער זעלבער צייט געווען איינער פון די פרוכט־באַרסטע טוער פון דער יידישער קולטור־באַוועגונג.

און זאָל מיט אָט די עטלעכע שורות באַערט ווערן דער אָנדענקען פון אַ שיי־נעם און פרוכטבאַרן קאַמפּעריש לעבן, פון אַ לאַיאַלן אידייען־קעגנער, וועלכער איז געווען אַן ערלעכער און אָפּפערווויליקער אידעאַליסט, אַ מענטש פון ברייטן און טאָ־לעראַנטן גייסט און האָט פאַרשטאַנען צו געווינען די פריינשאַפט פון די, וועלכע זיינען געגאַנגען אויף אַנדערע וועגן...

# צום טויט פון ב. וולאַדעק

דער פּלוצלינגער טויט פון ב. וולאַדעק איז אַ שווערער פאַרלוסט פאַר דער יידישער פּובליציסטיק און פאַר דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין גאַר דער וועלט.

יאָ, לויט זיין סאָציאַל־פּאָליטישער וועלט־אַנשויאונג האָט דער פאַרשטאָרבענער געהערט צו אַ באַשטימטער יידישער פּאַרטיי־גרופּירונג; ער איז געווען איינער פון די יונגטלעכע שטערנס אין דער בונדיסטישער באַוועגונג אין אַלטן רוסלאַנד און איז געבליבן אין אַ געוויסער מאָס דער טרייער בונדיסט אויך אין זיין שפּעטערער און פרוכטבאַרער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אָבער פאַר די בערך דריי צענדליק יאָר פון זיין פילזייטיקער און דינאַמישער געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז ב. וולאַדעק אויסגעוואַקסן צו אַ צענטראַלער פיגור אינעם יידיש־אַמעריקאַנישן עפנטלעכן לעבן.

ב. וולאַדעק איז געווען איינער פון די אויסגעצייכנטסטע יידישע רעדנער־טריבונען: אין די רייען פונעם „בונד“ אין רוסלאַנד האָט ער דערוואָרבן, נישט אָן רעכט, דעם ערן־נאָמען פון דעם בונדישן „לאַסאַל“.

אין נאָרד־אַמעריקע איז ער געקומען נאָך דעם צוזאַמענברוך פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 אין שליחות פון „בונד“ און פאַרבלייבנדיק אין לאַנד, האָט ער זיך מיט אַ מערקווירדיקער שנעלקייט צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען, צו דער שפּראַך, צו דער קולטור־פּאָליטישער אַטמאָספער פון אַמעריקע.

עס איז נישט געווען קיין צווייטער פון זיין דור יידישע עמיגראַנטן, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַזאַ פולקאָמענעם אַמעריקאַנער, ווי דער פאַרשטאָרבענער ב. וולאַדעק.

ביז דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה איז ב. וולאַדעק געזעלשאַפטלעך און פּובליציסטיש געווען טעטיק הויפּטזעכלעך אין דער יידיש־אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג און אין יידיש־סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, דער נאָרד־אַמעריקאַנער פּיליאַלע פון „בונד“. דאָ האָט ער דערוואָרבן די העכסטע פּאָפּולאַריטעט אַלס ערשטקלאַסיקער טריבון, וועמענס וואָרט איז געווען שטענדיק באַהויכט מיט דעם חן פון אַ פיינעם הומאָר און אַלס גלענצנדער קלאָר־דענקענדיקער און קלאָר־שרייבנדער פּובליציסט און אַקטיווער טוער אין אַלע צווייגן פון דער ברייט־צעוואַקסענער יידיש־אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג.

בעת עס איז אין דער מלחמה־צייט פאָרגעקומען אַ ראַדיקאַלער גייסטיקער איבערברוך אין דער יידיש־אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפט און צווישן די יידישע סאָציאַליסטן און אַרבעטער־טוער האָט זיך דערוועקט אַ לעבעדיקע און אַקטיווע פאַראינטערעסירונג מיט די יידישע פּראָבלעמען און מיט דער לאַגע פון דעם יידישן

פֿאָלק אין די מלחמה־לענדער, איז ב. װלאַדעק געװאָרן דער באַרופֿענער פֿירער און װאָרט־זאָגער פֿון דער ייִדיש־אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפֿט אין אַלע אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע ייִדישע ענינים.

אַלס מענטש פֿון הױכער קולטור, טיפֿער לעבנס־חכמה און זעלטענעם טאַקט, האָט ב. װלאַדעק פֿאַרשטאַנען אױפֿצושטעלן אַ בריק צװישן דער ייִדישער אַרבעטערשאַפֿט און דער ייִדיש־אַמעריקאַנער אַריסטאָקראַטיע, די קרײזן פֿון „דזשאָינט" און אַמעריקאַנער ייִדישן קאָמיטעט, אױף דער באַזע פֿון אַלגעמיין־ייִדישע אינטערעסן. ער האָט אין די דאָזיקע קרײזן דערװאָרבן דעם גרעסטן דרך־ארץ און סימפּאַטיע און מיט זײן װאָרט און מײנונג האָט מען זיך גאָר שטאַרק גערעכנט.

ב. װלאַדעק האָט באַװיזן צו פֿאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דעם אַלגעמײן־פּאָליטישן לעבן פֿון די פֿאַראײניקטע שטאַטן. ער איז געװען אַ דערװײלטער מיטגליד פֿון ניו־יאָרקער שטאָט־ראַט און איז געשטאַנען נאָענט צו דעם באַקאַנטן בירגערמײסטער פֿון ניו־יאָרק, פֿיאָרעלאָ לאַגװאַרדיאַ, װעלכער האָט אים באַשטימט אױף דעם פֿאַראַנטװאָרטלעכן אַמט פֿון פּרעזידענט פֿון דעם קאָמיטעט, װאָס באַשעפֿטיקט זיך מיט דער װאױנונגס־פֿראַגע אין אָט דער ריזיקער װעלט־שטאָט.

װלאַדעק האָט אױך געהאַט גרױסע פֿאַרבינדונגען אין די פּאָליטישע קרײזן פֿון װאַשינגטאָן, װאו מען האָט זיך מיט אים שטאַרק גערעכנט.

עס איז נישט געװען קײן אײן געביט פֿון ייִדיש־געזעלשאַפֿטלעכער און קולטורעלער טעטיקײט, װאו װלאַדעק זאָל נישט פֿאַרנעמען דעם אױבן־אָן.

ער איז געװען דער אַמעריקאַנער אַדרעס פֿאַר דער דעמאָקראַטישער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקײט אין אײראָפּע. ער האָט פֿאַרנומען דעם פּרעזידיום פֿון אַמעריקאַנער „אָרט־אָזע", פֿון דעם „אָם־איװוא" און אומעטום האָט ער אַרײנגעטראָגן זײן מערקװירדיקן דינאַמיזם, זײן אױפֿריכטיקן אידעאַליזם און איבערגעבנקײט די ייִדישע און אַרבעטער־אינטערעסן.

ביז גאָר נישט לאַנג צוריק האָט ב. װלאַדעק, געטרײ זײנע אַמאָליקע בונדישע טראַדיציעס, פֿאַרנומען אַ קעגנערישע שטעלונג צום ציוניזם און ציוניסטישן סאָציאַליזם.

אָבער ער איז נישט געװען קײן דאָגמאַטיקער. אַ מענטש מיט אַן אָפֿענעם מוח און הארץ איז ער נאָך זײן באַזוך אין ארץ ישראל געװאָרן אַן אַנטשײדענער פֿרײנט פֿון אַרבעטנדן ארץ ישראל.

אים איז אױסגעקומען צו באַזוכן ארץ ישראל אין דער צײט פֿון די אומרועןֿ. ער האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט פֿאַר קײן שום סכנות צו זײן אומעטום און צו זען אַלצדינג. און ער האָט זיך אומגעקערט אַ באַגײסטערטער פֿון דעם העראָאישן ייִדישן אױפֿבױ אין ארץ ישראל.

איצט, אין דעם סאַמע אױפֿבלי פֿון זײן פּערזענלעכקײט, װען ער האָט אַזױ

פיל פאַרמאָגט און נאָך אַזוי פיל געקענט געבן דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין נאָרד־אַמעריקע און אין אייראָפּע, איז זיין הויך באַגאַבט און פּרוכטבאַר לעבן גרויזאַם אָפּגעשניטן געוואָרן.

וולאַדעקס פלאַץ בלייבט ליידיק און עס איז נישטאָ קיינער, וועלכער זאָל אים פאַרבייטן.

זאָל זיין לייכט די ערד אָט דעם איידעלן אידעאַליסט, וואָס האָט אָוועקגעגעבן זיין גאַנצן באַוואוסטזיניקן לעבן אינעם דינסט פון יידישן סאָציאַליזם און די יידישע אינטערעסן.

ער האָט נישט אומזיסט געלעבט און זיין זכרון וועט נישט פאַרשווינדן אין די הערצער פון זיינע אומצאָליקע פריינט איבער גאָר דער וועלט און דערהויפּט ביי די, וואָס האָבן אים פערזענלעך געקענט און גענאָסן דעם צויבער פון זיין מאַג־נעטישער פערזענלעכקייט...

---

## צום טויט פון לואי ד. מילער

מיר איז שוין אויסגעקומען צו טרעפן לואי ד. מילערן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווען זיין שטערן האָט געהאַלטן אין פאַרגיין.

דאָס איז געווען אין די ערשטע חדשים נאָך דעם מלחמה-אויסברוך.

די יידישע גאַס אין נאָרד־אַמעריקע, ווי אומעטום, איז געווען טיף אויפגערו־דערט און דערשיטערט פון די גרויסע וועלט־פּאַסירונגען, וועלכע זיינען אַזוי אומ־דערוואַרטעט אַראָפּגעפאַלן אויף אַלעמענס קעפּ אין די פאַטאַלע היסטאָרישע טעג פון יולי 1914.

ווייניק מענטשן האָבן אין יענע טעג דעם קאָפּ נישט פאַרלוירן און געפונען די ריכטיקע אָריענטאַציע.

דער גרויסער רוב פון די יידישע מאַסן אין נאָרד־אַמעריקע, ווי ערגעץ-וואו אַנ־דערש, האָט נאָכגעפאָלגט דעם דיקטאַט פון בלינדן געפיל און אינסטינקט. און די גרויסע גוג ומגוג מלחמה איז אויפגעפאַסט געוואָרן אין דעם מוח און הארצן פון די ברייטע יידישע מאַסן אַלס היסטאָרישן יום-הדין פאַר דעם גרעסטן יידישן שונא — דעם רוסישן צאַריזם.

די טיפע שנאה צום צאַרישן רעזשים האָט געטריבן די יידישע מאַסן אין די אָרעמס פון דעם פאַנטאַסטישן „גערמאַנאָפיליזם“ אין דער בלינדסטער סימפּאַטיע נישט צו דייטשלאַנד, נאָר ממש מאַקע צום דייטשן מיליטאַריזם.

די יידישע מאַסן האָבן אין יעדן דייטשן גענעראַל געזען די שטראָפנדע האַנט פון דער געשיכטע קעגן דעם פאַרפלוכטן צאַריזם...

און אָט אין דער דאָזיקער אַטמאָספער פון אויפגעהעצטער און אויפגעהיצטער פּראָ-דייטשער שטימונג, ווען אַלץ, וואָס דער דייטשער מיליטאַריזם האָט געטון איז געווען כשר וישר, און אַלץ וואָס די אַליאירטע האָבן געטון איז געווען טריף צוליב זייער אומריינער שותפות מיטן צאַריזם, איז ל. ע. מילער דער זשורנאַליסטישער אָפּגאָט פון דעם יידישן ניו־יאָרקער קוואַרטאַל — פון דער איסט־סייד — אַרויס מיט זיין העזהדיק געוואַגטער שטעלונג צו גונסטן פון די אַליאירטע און רוסלאַנד.

ער האָט מיט דער שטימע פון פאַרנונפט געוואָלט איינצוימען די אויפגעברויזטע ליידנשאַפטן פון די יידיש־אַמעריקאַנער מאַסן און געוואָלט איבערצייגן, אַז רוס־לאַנד וועט זיך אויסמענטשלען צוליב דער שותפות מיט די הויך-ציוויליזירטע פעל־קער, ווי פראַנקרייך און ענגלאַנד.

מילער האָט דעמאָלט אויך געפּרואווט איבערצייגן, אַז פאַר די אינטערעסן פון דעם יידישן פאָלק איז וויכטיק צו שטעלן זיך אויפן צד פון די אַליאירטע, ווייל אויפן סמך פון דער יידישער סימפּאַטיע צו דער זאַך פון די אַליאירטע, וועט מען קענען פאָדערן ביי די גרויסע מלוכות אַלס פאַרגעלטונג די פולע גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די רוסישע יידן.

מילער איז אויך געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אַרויסגעזאָגט די פּאָליטי־שע נבואה, אַז די מפּלה פון טערקיי וועט ברענגען גרויסע פּאָליטישע געווינסן דעם יידישן פאָלק אין פּאַלעסטינע.

מילערס אַרויסטריט אין דער „וואַרהייט" צו גונסטן רוסלאַנד און די אַליאירטע, איז געווען פאַר דער „איסט־סייד" נישט קיין קלענערע סענסאַציע, ווי די מלחמה גופא.

טויזנטער לייענער, פאַר וועמען מילער איז געווען דער געקרוינטער פּרינץ פון דעם יידיש-אַמעריקאַנער זשורנאַליזם און פאַר וועמען יעדעס וואָרט פון אַ מילער־עדיטאָריאַל איז געווען תורת משה, האָבן זיך מיט צאָרן און פאַראַכטונג אָפּגעקערט פון דער „וואַרהייט".

מילערס צייטונג האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען. דער גאַליציאַנער קוואַרטאַל, שווערע טויזנטער לייענער, האָבן דערקלערט אַ באָיקאָט דער „וואַרהייט".

מילערן אין פּנים איז געשליידערט געוואָרן די באַשולדיקונג, אַז ער האָט זיך פאַרקויפט דער רוסישער אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן.

אָבער נישט דער שווערער און באַליידיקנדער חשד און נישט דער קאַטאַסטראָ־פאַלער פאַרלוסט פון לייענער, וואָס האָבן אונטערגעגראָבן דעם קיום פון דער פּאָ־פולערער און רייכער צייטונג האָבן נישט געווירקט אויף מילערן.

מילערס פריינט און געשוואוירענע פאַרערער, האָבן זיך געבעטן ביי אים, ער

זאָל נישט מיט אַזאַ לײדנשאַפטלעכער עקשנות פאַרטיידיקן זײַן פּראָ־אַליאירטע פּאָ־זיציע, אָבער ער איז געבליבן האַרט ווי אַ פעלז. איינער קעגן אַלעמען, אַ שטאָלצער דאָקטאָר שטאָקמאַן, וואָס איז גרייט געווען צו שטעלן אַלץ אין קאָן און נישט מקריב זײַן זײַנע איבערצייגונגען.

מיר אַלס נייטראַליסט, וואָס האָט געוואונטשן ביידע צדדים אַ מפּלה און האָט געחלומט דעם פּוסטן חלום פון אַ שלום אָן זיגער און באַזיגטע, איז נישט צום האַרצן געווען מילערס שאַרף אויסגעשפּראָכענע פּראָ-אַליאירטע שטעלונג, אָבער דער דאָזיקער מענטש, וואָס האָט אויף מיר ביי פריערדיקע באַגעגענישן אין איירּאָפּע אין זײַנע גלאַנץ־צייטן געמאַכט אַן אומאָנגענעמען איינדרוק פון אַ גייסטיק־זאַטן און אַגרעסיוון מענטשן, — האָט איצט אויפגעוועקט די טיפסטע סימפּאַטיע צוליב זײַן שטאָלצן און געוואַגטן אַרויסטריט קעגן דעת הקהל, קעגן דעם המון, וואָס איז געווען גרייט צו שטייניקן זײַן העלד פון נעכטן...

:: :: ::

לואי ד. מילער איז נישט געווען די פּערזענלעכקייט, וועמענס אויפטון גייט אַרויס פון די גרעניצן פון לאָקאַלער באַדייטונג און באַקומט אַן אַלגעמיין־נאַציאָ־נאַלן ווערט.

ער געהערט אויסשליסלעך דער יידיש־אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכקייט און דעם יידיש־אַמעריקאַנער זשורנאַליזם, וועמענס פּיאָנער און גלענצנדסטער פאַרטרע־טער ער איז געווען אין משך פון לאַנגע יאָרן.

די יידישע אַמעריקע האָט אין מילערן פאַרלוירן איינעם פון אירע רעפּרעזענ־טאַטיווסטע פיגורן, וואָס האָט מער ווי עמיצער אַנדערש פאַרקערפּערט דעם דינאַ־מישן גייסט פון שטורמדיקער ענערגיע און שאַפונגס-קראַפט, וואָס איז ביי די יידן געבוירן געוואָרן פון דער באַרירונג מיט דעם נאָרד־אַמעריקאַנער באָדן.

אָבער אויב די געשיכטע פון דער יידיש־אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכקייט און יידיש-אַמעריקאַנער זשורנאַליזם וועט פאַרשרייבן די באַדייטנדע און וויכטיקע פּאָ־זיטיווע אויפטואונגען פון ל. ד. מילער, וועט מען אָבער אויך נישט פאַרשווייגן די מאָראַלישע שיינקייט פון זײַן דורכפאַל, ווען ער האָט זיך געשטעלט איינער קעגן אַלעמען און האָט מיט אַזוי פיל שטאָלץ און ווירדע געטראָגן דעם שווערן גורל פון דעם איינזאַמען ד"ר שטאָקמאַן פון דעם יידיש-אַמעריקאַנער זשורנאַליזם...

# ווען דער טויט האָט זיך אַריינגעריסן צו אונדז אין הויז...

(ל. מ אַ ס)

איצט, ווען דער טויט האָט זיך אַריינגעריסן צו אונדז אין הויז, ווען דער מיט־באַשאַפער פון דער טריבונע, פון וועלכער מיר רעדן טאָג־איין טאָג־אויס צו אונדזערע פריינט־ליינער, — דער ליבער, גוטער און ערלעכער פאָלקס־מענטש, ל. מאַס ליגט אונטער אונדזער דאַך אין שוואַרצן קאַסטן — זיינען מיר נישט אומשטאַנד אָפצושאַצן, וואָס מיר, דער יידיש־אַרגענטינישער זשורנאַליזם און די גאַנצע יידישע געזעלשאַפט האָבן פאַרלוירן מיט דעם פלוצלינגן, אומדערוואַרטן און אומגערעכטן טויט, וואָס האָט ביי אונדז אַוועקגענומען איינעם פון די בעסטע אין אונדזערע רייען.

אָבער די פליכט רופט, מיר זיינען סאָלדאַטן, וואָס שטייען מיט דער פעדער אויף דעם קאַמפּס־פּראָנט פון דעם יידיש־אַרגענטינער זשורנאַליזם, אין וועלכן אונדזער פאַרשטאָרבענער פריינט האָט געהאַט אַזאַ גרויסן פּיאָנערישן חלק, און מיר דאַרפן געפינען ווערטער פאַר אונדזער ווייטאָג און צער.

אומדערוואַרט האָט אונדז געטראָפן די ביטערע בשורה וועגן מאַס טויט.

ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז דער קרעפטיקער, פולער מיט לעבנס-לוסט מענטש וועט נישט ווידערשטיין אַ שווערע, אָבער אין פלוג נישט צו ערנסטע קראַנקייט.

מיט מערקווירדיקער, רואיקער און שטילער אַנטשלאָסנקייט איז מאַס געגאַנגען אויף דעם אָפּעראַציע־טיש. ער האָט נישט געוואָלט, אַז די כראָנישע קראַנקייט זאָל אים שטערן אין זיין טאָג־טעגלעכן האָרעפּאַשנעם לעבן פון אַ יידישן קאָלאָניסט.

דער בלינדער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז אָנשטאָט צו באַפרייען זיך פון די ליידן, וואָס האָבן אים געשטערט אין זיין ערלעכער אַרבעט, זאָל ער פאַרלירן זיין לעבן, אַ שיין, פרוכטבאַר און שעפעריש לעבן, וואָס איז געלעבט געוואָרן נישט נאָר פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר דעם כלל.

מיר, די יידישע אַרבעטער פון דער פען, האָבן פאַרלוירן אַ טייערן און ערלעכן חבר, איינעם פון די פּיאָנערן, וועלכע האָבן צעאַקערט דעם באָדן פון דעם יונגן יידישן ישוב אין אַרגענטינע און האָבן פאַרזייט אין אים די ערשטע קערנער פון דער יידישער קולטור און זשורנאַליזם, פון וועלכע עס איז אויסגעוואַקסן אַלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן דאָ היינט צו טאָג.

אָבער דער טויט פון אונדזער טייערן חבר און פריינט איז נישט בלויז אַ פאַר־לוסט פאַר דער יידישער שרייבער-משפחה אין אַרגענטינע.

אין ל. מאַסן האָבן מיר פאַרלוירן נישט נאָר דעם טאַלאַנטירטן שריפטשטע־לער און פּובליציסט, וואָס האָט מיט זיין ערלעכער פעדער געדינט געטריי דער יידי־שער געזעלשאַפט, געהאָלפן זי בויען און דערציען.

דער טויט פון ל. מאס איז אויך א שווערע אבידה פאר דער יונגער יידיש־אר־גענטינער געזעלשאפטלעכקייט, וואס האט אין אים געהאט איינעם פון אירע שענ־סטע, ערלעכסטע און ציל־באוואוסטע טוער.

ל. מאס האט זיך נישט באנוגנט מיט זיין שווערער און פאראנטוואָרטלעכער אויפגאבע צו זיין דער פירער פון דעם דעת הקהל אין דעם יונגן יידישן ישוב, וואס האט זיך געהאלטן אין פארמירן, ער האט זיך נישט באפרידיקט בלויז מיט דער ראלע פון רעדאקטאר און גייסטיקן לייטער פון דער ערשטער יידישער צייטונג אין ארגענטינע, וואס ער האט מיטגעשאפן. ער האט זיך אקטיוו אריינגעווארפן אין דער פיאנערן־ארבעט צו בויען און שאפן די יידישע געזעלשאפט און האט זיין ענערגיע, קריסטאל־ריינעם אידעאליזם און קלארן ניכטערן מוח געווידמעט דעם יידישן כלל.

ער האט געשאפן און מיטגעשאפן יידישע קולטור-אנשטאלטן, ער האט גע־האלפן בויען דעם יידישן קאאפעראטיוויזם, און אין דעם מאמענט פון דער גרויסער יידישער קאטאסטראפע אין מזרח-אייראפע, אין דער מלחמה-צייט האט ער גע־וועקט, גערופן דאס ארגענטינער יידנטום צו דערפילן זיין חוב פון נאציאנאלער סאלידאריטעט און האט זיך אליין אריינגעווארפן מיט דעם גאנצן ברען פון זיין ערלעכער אידעאליסטישער נשמה אין דער הילפס־ארבעט.

און שטענדיק צום דינסט פון דער יונגער יידישער געזעלשאפט אין ארגענ־טינע זיין קלארע און טאלאנטירטע פעדער און זיין אקטיווע געזעלשאפטלעכע ענער־גיע, איז ער נישט פארזונקען געווארן אין ענגן לאקאליזם און האט הויך געהאלטן די פאן, פון זיינע יוגנטלעכע סאציאלע אידעאלן, פאר וועלכע ער האט געליטן און געאפפערט, און פון די נאציאנאלע דערלייזונג־אידעאלן פון זיין רייפן עלטער.

שטיל, באשיידן מיט דער זעלטענער פשטות פון אן ערלעכן און אויפריכטיקן פאלקס-מענטש האט ער געטון זיין אחריותפולע זשורנאליסטישע און געזעלשאפט־לעכע ארבעט.

און ווען ס'איז געקומען דער מאמענט, ווען ער האט אוועקגעלייגט זיין פע־דער אלס פראפעסיע, כאטש ער האט קיינמאל נישט אויפגעגעבן זיין שריפטשטע־לערישן בארוף, האט ער זיך גענומען צו ערלעכער הארעפאשנער ערד-ארבעט און איז געווארן א קאלאניסט.

און איצט, ווען דער וויטאג נאגט דאס הארץ, ווען דער געדאנק וויל נישט שלום מאכן מיט דעם פאטאלן פאקט, אז פאר אונדז ליגט דער טויטער קערפער פון דעם טייערן פריינט־חבר און וועגווייזער פון דער יידיש־ארגענטינער געזעלשאפט־לעכקייט, איז פאר אונדז פאראן נאר איין טרייסט:

ער האט געלעבט א שיין און פרוכטבאר מוסטער־לעבן, וואס איז געווען גע־ווידמעט די אינטערעסן פון כלל און דעם דינסט פון הויכע אידעאלן.

יא, פאר דער צייט איז אפגעשניטן געווארן דאס שיינע ערלעכע לעבן.

אזוי האָט געוואָלט דער בלינדער אומברחמנותדיקער גורל.

אָבער דאָס ווערק, וואָס דער פאַרשטאָרבענער האָט אונדז איבערגעלאָזן, די טריבונע פון „די אידישע צייטונג", וואָס ער האָט פאַר אונדז געשאַפן, לעבט און מיט אים וועט לעבן זיין גייסט.

אַן ערלעכע, רייגע און אומבאַפלעקטע פעדער איז אַרויסגעפאַלן פון די הענט פון דעם פּיאָנער פון דעם יידישן זשורנאַליזם אין אַרגענטינע.

און מיר, די פאַרבליבענע וועלן שטענדיק טריי בלייבן דיין אָנדענקען, טייע־רער חבר און פריינט, און מיען זיך הויך האַלטן דיין ירושה און דינען ערלעך און אמת מיט אונדזער פעדער די אינטערעסן פון כלל, ווי דו האָסט עס געטון, ווי דו האָסט אונדז געלערנט מיט דיין נאָבעלן און הויכן ביישפּיל.

רו אין פרידן, טייערער חבר, דו האָסט געלעבט אַ שיינעם און פרוכטבאַרן לעבן, וואָס האָט פאַרשאַפט כבוד אונדזער יונגער יידישער שרייבער־משפחה אין אַרגענטינע.

---

## אויפן פרישן קבר פון וו. לאַצקי־בערטאָלדי

נישטאָ מער לאַצקי־בערטאָלדי!

אַ פאַטאַלער האַרץ־שלאַג האָט געמאַכט אַ סוף צו דעם גרויסן האַרץ וואָס האָט וויברירט אויף אַלץ, וואָס איז נאָבל און דערהויבן אין אַלמענטשלעכן און יידישן געדאַנק.

עס איז אַוועק פון אונדז דער מענטש, וואָס איז געווען כולו שבת, וואָס האָט פאַרקערפּערט אין זיך און אַרויסגעשטראַלט פון זיך דעם טרוים וועגן דעם שבת פון דער יידישער און מענטשלעכער נשמה.

ווער קאָן אין אָט דער רגע, ווען די ביטערע בשורה פון תל־אביב, פאַרקלעמט דאָס האַרץ און דעם מוח, מאַכן אַ חשבון, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן אין לאַצקין.

מיר ווייסן נאָר, אַז זינט דעם טויט פון נחמן סירקין האָט דאָס יידישע פאָלק, די יידישע קולטור און אונדזער נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס־באַוועגונג נישט געליטן אַזאַ שווערן פאַרלוסט.

מיר האָבן פאַרלוירן די שענסטע יידישע פּערזענלעכקייט, וואָס מיר האָבן פאַר־מאָגט; עס איז אויסגעלאָשן געוואָרן אַ נשמה וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיך אַ ים ליכט, שיינקייט און דערהויבנקייט.

נישט גרוים אין כמות איז די ליטעראַרישע ירושה, וואָס לאַצקי־בערטאָלדי

לאָזט אונדז איבער, אָבער דאָס וואָס ער לאָזט אונדז איבער זיינען געשליפענע פּערלען, וואָס בליצן מיט גרויסאַרטיקע, טיף און אייגנאַרטיק דורכגעטראַכטע געדאַנקען פון נישט פאַרגייענדן ווערט.

ער איז געקומען צו אונדז צוזאַמען מיט זיין גרויסן ברודער אין גייסט, נחמן סירקין.

ער האָט אונדז געבראַכט דעם אמת פון ציוניסטישן סאָציאַליזם. נישט פון ביכער אויסגעפונען, נאָר אַלס פּראָדוקט פון זיין שעפערישן מוח, פון זיין שעפערישער וויזיע.

ער איז געווען צוזאַמען מיט אַנדערע דער מיטבאַגרינדער פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (ס. ס.).

איז ער געווען פּאַרטיי־פירער?

ניין! ער איז געווען די קרוין פון דער פּאַרטיי, איר גייסטיקער שטאָלץ.

אין דער אומפאַרמיידלעכער פּראָזע פון פּאַרטיי־לעבן איז ער געווען די באַגייסטערטע און באַגייסטערנדע פּאָעזיע.

דעם שבת פון סאָציאַליזם, פון יידישן סאָציאַליזם, וואָס ציט זיין יניקה פון דער יידישער נבואה, האָט ער אונדז געבראַכט.

דעם משיחשן ציוניזם האָט ער געפּרעדיקט. און סאָציאַליזם און ציוניזם האָבן זיך ביי אים פאַראייניקט אין איין וואונדערבאַרער, אומצעטיילבאַרער אָרגאַנישער גאַנצקייט פון וועלט, מענטש און יידן־באַפרייאונג.

אַלץ, וואָס איז גרויס און נאָבעל אין דעם אוצר פון דעם יידישן און אַלמענטשלעכן געדאַנק — איז געווען זיין אייגנטום.

די ביבל איז געווען זיין טיש-בוך, מיט וועלכן ער האָט זיך נישט צעשיידט און אַזוי נאָענט און אייגן איז אים אויך געווען שפּינאָזאַ, הערצל, מאַרקס, לאַסאַל און היינע.

ער איז געווען אַ מלך אין דעם קעניגרייך פון דער יידישער מחשבה און דעם אַלמענטשלעכן פילאָזאָפישן געדאַנק.

עס איז גאָרנישט געזאָגט, ווען מען זאָגט, אַז לאַצקי־בערטאָלדי איז געווען אַ מאַן פון אַלגעמיינעם און יידישן ענציקלאָפּעדישן וויסן.

אַלע גרויסע און שיינע געדאַנקען פון דעם יידישן און אַלמענטשלעכן געדאַנקען־אוצר זיינען געווען זיין אייגנטום, ער האָט זיי אינגאַנצן ביזן סוף איינגעזאַפּט אין זיך און אידענטיפיצירט זיך מיט זיי און זיי אינערלעך שעפעריש באַאַרבעט.

נאָר אין איין בוך „ערד־גייסט“ איז דערוווייל צונויפגעזאַמלט געוואָרן אַ קליינער טייל פון לאַצקי־בערטאָלדיס שאַפונגען, אָבער דאָס איז בלי ספק דאָס שווערוואָגיקסטע בוך אין דער יידישער ליטעראַטור און אין דעם אוצר פון דעם מאָדערנעם יידישן געדאַנק, פון וועלכן ער איז געווען איינער פון די באַדייטנדסטע שעפער.

לאצקי-בערטאלדי וואס האט שטענדיק געשוועבט אין די עולמות העליונים פון יידישן און מענטשלעכן געדאנק, איז געווען אבער אין דער זעלבער צייט, ליידנ־שאפטלעך פארליבט אין דער ערד און האט געחלומט, אז דער יידישער גייסט זאל זיך פארבינדן מיט דער ערד און באקומען אן ערדישע ממשות.

ער האט שטענדיק געשטרעבט צו דעם סינטעז פון ירושלים של מעלה מיט ירושלים של מטה.

איצט קערט זיך אום דער מחבר פון „ערד-גייסט" צו דער ערד, וועלכע ער האט אזוי היים ליידנשאפטלעך געליבט.

עס ווילט זיך נישט גלייבן, עס ווילט זיך נישט שלום מאכן מיט דעם בייזן געדאנק, אז די דערהויבענע נשמה, וואס האט ארויסגעשטראלט פון זיך אזוי פיל ליכט, איז פאר אונדז אויף שטענדיק אויסגעלאשן.

דער מוח איז פארקלעמט, דאס הארץ איז פארשטיינערט, און דער שווערער צער וויל זיך נישט אויסלייזן אין א טרער אויף דעם פרישן קבר פון דעם טייערן פריינט און דעם לערער פון די יונגע פרילינגס-טעג פון אונדזער לעבן...

---

# געשטארבן לעאן באקסט

די דעפעשע פון פאריז מעלדעט וועגן דעם טויט פון  ל ע א ן  ב א ק ס ט , איינעם פון די גרעסטע מאדערנע מאלער וואס האט בארימט געמאכט אין דער וועלט די רוסישע קונסט.

אזוי ווי דער ייד אנטאקאלסקי האט מיט זיין קינסטלערישן זשעני גרויס גע־מאכט אין דער וועלט די רוסישע סקולפטור, אזוי האט דער ייד באקסט באדעקט מיט רום די רוסישע דעקאראטיווע מאלעריי.

לעאן באקסט איז אבער מער פון אנטאקאלסקין טריי געבליבן דעם ווארצל פון זיין יידישער אפשטאמונג און אין זיין געניאלן שאפן האט זיך מער ווי ביי אנטא־קאלסקין אפגעשפיגלט זיין יידישער כאראקטער.

באקסט האט, אמווינציקסטן ביז אין די לעצטע יארן, נישט געמאלן קיין יידי־שע סיוזשעטן און האט נישט ארויסגעוויזן קיין באזונדערן אינטערעס צו יידישע טעמאס, אבער אין יעדן שטריך פון זיין געניאלן פענזיל האט זיך געפילט דער שוואונג און די עשירות פון זיין אריענטאלישער יידישער פאנטאזיע.

אין באקסטן האט אויפגעלעבט די אומענדלעכע פארבן־רייכקייט פון דער

אָריענטאַלישער וועלט און ער האָט פאַרגעטערט די קלאַסישע שיינקייט פון דער אַלטער עלאַדאַ.

אין זיין שאַפן, אין זיינע מערקווירדיקע דעקאָראַטיווע לייוונטן פאַר דעם רוסישן באַלעט פאַר „שעכערעזאַדאַ", דער „פייער־פויגל" און „פּעטרושקאַ", אין זיינע איבעראַשנדע דעם אויג דעקאָראַציעס צו די באַלעטן „נאַרציס" און „קלעאָפּאַטראַ" איז געווען ווייניק רוסישעס. אין זיי איז פאַרקערפּערט דער עכט יידיש־אָריענטאַלישער פאַרבן־ענטוזיאַזם.

עס וועט נישט זיין קיין גוזמא צו זאָגן אַז באַקסט איז געווען דער יידישיסטער צווישן די גרויסע מאָדערנע יידן־מאָלער, וואָס האָבן געאַרבעט אויף דעם פעלד פון דער ניט־יידישער קונסט.

אויף באַקסטן איז מקוים געוואָרן דער אמת, אַז אַסימילירן זיך קענען נאָר מיטלמעסיקע טאַלאַנטן, וואָס קענען זיך צופּאַסן און „אַריינקוועטשן" זיך אין פרעמדע פאָרמען: דער אמתער גרויסער זשעני בלייבט שטענדיק טריי זיין טיפן אינערן וועזן און איז אינסטינקטיוו, אויב נישט מיטן באַוואוסטזיין צוגעבונדן צו זיין שטאַם און שעפּט פון אים זיין שעפערישע יניקה, כאָטש ער מעג אַרבעטן נישט אויף דעם אויסגעשפּראָכענעם נאַציאָנאַלן געביט.

באַקסטן קען מען אין אַ געוויסן גראַד פאַרגלייכן מיט דעם גרויסן העברעאישן דיכטער טשערניכאָווסקי.ביידן ציט צו זיך און צויבערט די שיינע וועלט פון עלאַדאַ, פון דעם קלאַסישן גריכנלאַנד, נאָר בעת ביי טשערניכאָווסקין האָט זיך זיין ליד אויסגעגאָסן אין די נאַציאָנאַלע קלאַנגען פון דער העברעאישער שפּראַך, האָט באַקסט דאָס זעלבע ליד געזונגען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער שפּראַך פון פאַרבן. אָבער ביידע זיינען זיי ברידער פון גייסט און שעפן זייער התפעלות פאַר דער שיינקייט פון איין און דעם זעלבן יידישן קוואַל.

מיר האָבן נישט קיין אייגענעם גרויסן טעאַטער, מיר האָבן נישט קיין אייגענעם יידישן באַלעט, קליין זיינען די וואַסערן פון אונדזער אייגענער קולטור־סביבה און גרויסע פיש רייסן זיך צו גרויסן ים. און באַקסט, ווי פיל אַנדערע אונדזערע גרויסע קינסטלער, זיינען אוועק אַרבעטן אין דער פרעמד, אין דער רייכער סביבה פון דער רוסישער קונסט.

נאָר אויף דעם פרעמדן פעלד איז ער געבליבן אונדזערער. ער האָט נישט אוועקגעגעבן זיין האַרץ, נשמה און שעפערישן גייסט אַ פרעמדער קונסט, מיט וועלכער ער האָט זיך אַסימילירט, ווי למשל אַ לעוויטאַן, נאָר ער איז געבליבן זיך טריי און האָט נאָר אויסגענוצט אַ פרעמדן פעלד פאַר זיין עכט יידיש־אָריענטאַלישן שאַפן.

געוויס האָט מיט באַקסטן פּאַסירט דאָס זעלבע ווי מיט אַלע אונדזערע גרויסע

קינסטלער, וואָס אַרבעטן אין דער פרעמד, און זיין גרויסער קינסטלערישער אויפטו און וועלט רום איז געגאַנגען אויף דער קאָנטאָ פון דער רוסישער מאָלעריי...

ווען דער פלוצלינגער טויט וואָלט אַזוי אומדערוואַרט נישט אָוועקגערויבט דעם געניאַלן קינסטלער, וואָלט ער אונדז געדינט נישט אומדירעקט, נאָר ער וואָלט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער גרויסער יידישער קינסטלערישער משפחה, וואָס שאַפט איצט ריין־יידישע קונסט.

באַקסט האָט געהאַט בדעה צו אָנטיילנעמען אין דער קינסטלערישער פּאַלעס־טינאַ־עקספּעדיציע, וואָס עס האָט אָרגאַניזירט דער אַרויסגעבער פון דעם באַוואוסטן רוסישן קינסטלערישן זשורנאַל „זשאַר פּטיצאַ", קאָהאַן.

באַקסט האָט געוואָלט נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם מאָנומענטאַלן פּאַ־לעסטינאַ־אַלבום, וואָס האָט געזאָלט פאַרקערפּערן אויפן לייוונט די אויסטערלישע נאַטור־שיינקייטן פון ארץ ישראל און די קינסטלערישע אייגנאַרטיקייט פון איר סביבה און אירע מענטשן.

עס קאָן גאָר קיין ספק נישט זיין, אַז ווען באַקסט וואָלט קומען אין קאָנטאַקט און באַרירונג מיט דער אייגענער ארץ ישראל ערד, וואָלט נישט נאָר די וועלט, נישט נאָר די רוסישע קונסט, נאָר אויך מיר, אונדזערע אייגענע נאַציאָנאַלע קונסט באַרייכערט געוואָרן מיט דער פּראָדוקציע פון זיין געניאַלער פּענזיל.

דער ברוטאַלער אומברחמנותדיקער טויט האָט איבערגעריסן דאָס לעבן פון אַ געניאַלן יידישן שעפער, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער פרעמד, אָבער איז געווען אַ מאַניפעסטאַציע פון דעם יידישן שעפערישן גייסט, דורך און אונדזערער, און האָט געהאַלטן ביי אומקערן זיך אינגאַנצן צו אונדז.

---

# מאַקסימיליאַן האַרדען — דער זשורנאַליסט, וואָס האָט געטראָגן די קרוין פון וועלט־רום

אין דעם קליינעם האָלענדישן שטעטל — דאָארן, וואו עס ריכט אָפּ גלות דער דייטשער עקס־קייזער, דער נעכטיקער מאַכטהאָבער פון דעם דייטשן קעניגרייך, וויל־העלם פאָן האָהענצאָלערן, איז היינט אַ גרויסע שמחה:

עס איז געשטאָרבן מ אַ ק ס י מ י ל י אַ ן ה אַ ר ד ע ן, דער געוועזענער פּויליש־יידישער בחור, וואָס האָט געשטערט נישט איינמאָל די רו פון דעם מעכ־טיקן קייזער און האָט מיט זיין מעכטיקער פעדער פאַרביטערט די יאָרן פון דעם גע־קרוינטן הערשער פון דער דייטשער אימפּעריע.

אָבער אויב ווילהעלם פרייט זיך, וואָס ער האָט פאַרלוירן אין האַרדענען איינעם פון זיינע ביטערסטע שונאים, וואָס האָט געוואָגט אים אַטאַקירן אין די צייטן פון זיין גרעסטער תקיפות, — וועט אָבער דאָס ערלעכע דייטשלאַנד באַדויערן דעם טויט פון דעם געוועזענעם פוילישן יידן, וואָס האָט ערלעך געקעמפט מיט דעם גאַנצן כוח פון זיין אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט פאַר דער גרויסקייט פון דייטשלאַנד און האָט פאַרשאַפט רום דעם דייטשן זשורנאַליזם. וואָס האָט זיין בערנעס טויט נישט געהאַט אַזאַ קראַפטפולע פעדער, ווי עס האָט זי באַזעסן מאַקסימיליאַן האַרדען.

דער פאַרשטאָרבענער נאָפּאָלעאָן פון דעם דייטשן און אייראָפּעאישן זשורנאַליזם איז געבוירן געוואָרן מיט זעקס און זעכציק יאָר צוריק אין אַ דייטש־פּוילישן שטעטל אין אַ באַשיידענער יידישער פאַמיליע — וויטקאָווסקי.

צו זעכצן יאָר האָט דער יונגער משה וויטקאָווסקי פאַרלאָזן זיין שטעטל, און איז אַוועק אין דער ברייטער וועלט מיט אַ וואַנדערנדער דראַמאַטישער טרופּע.

נאָך אַ קורצן פאַרברענגען אויף די טעאַטער־ברעטלעך, וואו ער האָט קיין גרויסעם נישט דערגרייכט, איז ער אַוועק צום זשורנאַליזם און האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע אַלס טעאַטער און ליטעראַטור-קריטיקער אין דער בערלינער טאָג־צייטונג „די טעגלעכע רונדשוי“.

וויטקאָווסקיס אַרטיקלען אונטערן פּסעוודאָנים „אַפּאָסטאַטאַ“ האָבן גלייך געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער דייטשער ליטעראַרישער וועלט.

וויטקאָווסקי - האַרדען איז געוואָרן דער פאָרקעמפער פון דעם דייטשן מאָדערניזם אינעם טעאַטער און אין דער ליטעראַטור. ער האָט מיט ברען און ליידנשאַפט פאַרטיידיקט די אויפגייענדע שטערנס פון הויפּטמאַנען און זודערמאַנען און איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט פאָראויסגעזאָגט די גרויסע ליטעראַרישע צוקונפט פון הויפּטמאַנען.

צו יענער צייט האָט משה וויטקאָווסקי געשמדט זיך און האָט אויף אַזאַ אופן באַרעכטיקט דעם מאָדנעם פּסעוודאָנים „אַפּאָסטאַטאַ“ (פאַרעטער), וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן...

איצט האָט ער זיך געקרוינט מיטן נאָמען מאַקסימיליאַן האַרדען און האָט זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן מיט פּאָליטישער זשורנאַליסטיק.

אין די נייניציקער יאָרן איז פאָרגעקומען אַ פּאַסירונג, וואָס האָט אַנטשידן דעם גורל פון האַרדענען און האָט אים געמאַכט פאַר דעם איינפלוסרייכסטן זשורנאַליסט אין דייטשלאַנד.

צו יענער צייט איז פאָרגעקומען דער סכסוך צווישן דעם יונגן קעניג ווילהעלם האָהענצאָלערן און דעם גרויסן דייטשן שטאַטסמאַן — פירשט ביסמאַרק.

דער „אייזערנער קאַנצלער“, דער באַגרינדער פון דער דייטשער אימפּעריע,

האָט נישט געקענט אויסקומען מיט דעם אַמביציעזן ווילהעלמען און איז געצוואונגען געווען צו דימיסיאָנירן פון זיין אַמט אַלס פּרעמיער־מיניסטער.

ביסמאַרק האָט גלייך באַמערקט דעם יונגן טאַלאַנטפולן זשורנאַליסט און האָט באַשלאָסן אויסצונוצן די שאַרפע שניידיקע פעדער פון מאַקסימיליאַן הארדען אין זיין קאַמף קעגן דייטשן מאָנאַרך.

פון דעמאָלט אָן איז הארדען געוואָרן דער מקורב פון דעם גרעסטן און געניאַלן דייטשן שטאַטסמאַן און צו זיין וואָרט האָט מען זיך אָנגעהויבן צוהערן מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט, ווייל אַלע האָבן געוואוסט, אַז דורך הארדענען רעדט דער „אייזערנער קאַנצלער”.

דורך ביסמאַרקן האָט הארדען באַקומען אַ צוטריט צו דעם הויפּט־פאַרוואַלטער פון דייטשן אויסערן־מיניסטעריום — פאָן האָלשטיינען, וועלכער איז פאַר אים גע־וואָרן די הויפּט־קוואַל פון אַ סך וויכטיקע דיפּלאָמאַטישע סודות, וואָס האָבן אים פיל געהאָלפן אין זיין פּאָליטישער אָריענטאַציע.

פון דעם מאָמענט אָן, ווען מאַקסימיליאַן הארדען איז געוואָרן ביסמאַרקס פריינט — האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אין די ערשטע רייען פון דעם דייטשן און אייראָפּעאישן זשורנאַליזם. זיין גרויסער שריפטשטעלערישער טאַלאַנט, זיין אַל־זייטיקער, ענציקלאָפּעדישער וויסן און פּאָליטישע אינטואיציע, און דערצו טאַקע די נאָענטקייט צו דעם געניאַלסטן דייטשן פּאָליטיקער — האָבן אים געמאַכט פאַר דעם פּרינץ פון די דייטשע און אייראָפּעאישע זשורנאַליסטן.

זיין וועלט־באַרימטקייט האָט מאַקסימיליאַן הארדען דערגרייכט דורך זיין סענ־סאַציאָנעלער אַפערע אוילענבורג.

הארדען האָט זיך אַלס לעבנס־מיסיע, געשטעלט צו באַקעמפן ווילהעלמען, כדי צו דינען זיין פריינט — ביסמאַרקן.

און אין דעם קאַמף קעגן דעם מעכטיקן דייטשן קייזער האָט ער זיך באַנוצט נישט נאָר מיט געווער פון פּאָליטישער קריטיק, דורך זיינע גרויסע פאַרבינדונגען אין אַלע קרייזן פון דער בערלינער הויכער געזעלשאַפט און פּאָליטיק, איז הארדענען געלונגען אויסצוגעפינען, אַז איינער פון די נאָענטסטע פריינט און מקורבים פונעם קייזער ווילהעלם, — דער פירסט אוילענבורג, איז אַ סעקסועל אומנאָרמאַלער מענטש.

אין זיין וואָכן־זשורנאַל „די צוקונפט” האָט הארדען אָנגעהויבן באַקעמפן דעם פירסט אוילענבורג און האָט מיט וואונקען און אָנדייטונגען געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ווילהעלמס בוזים־פריינט איז אַ געשלעכטלעך אומנאָרמאַלער און פאַרברעכערישער טיפּ.

און אַז עס האָבן נישט געהאָלפן קיין רמזים, איז הארדען אָפן אַרויס מיט דער אָנקלאַגע, אַז אוילענבורג איז אַ האָמאָסעקסואַליסט.

הארדענס אַנטדעקונג האָט געווירקט ווי דער אויפרייס פון אַ באָמבע און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ וועלט-סענסאַציע.

מיט דער אָנקלאַגע פון פירשט אוילענבורג, איז דירעקט געטראָפן געוואָרן דער דייטשער קייזער.

אַלע באַמיאונגען פון דעם מעכטיקן דייטשן קייזער צו דערשטיקן די אַפערע אוילענבורג, זיינען דורכגעפאַלן.

דער געוועזענער פוילישער ייד מיט זיין שאַרפער ווי אַ בליץ פעדער האָט זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער פאַר דעם מעכטיקן געקרוינטן הערשער.

די אוילענבורג אַפערע האָט געמוזט דערשיינען פאַרן געריכט, וואו מאַקסימי-ליאַן הארדען האָט אויפגעדעקט דעם גאַנצן אָפּגרונט פון דער מאָראַלישער דעגענע-ראַציע פון דעם ווילהעלמישן הויף-קרייז.

די דאָזיקע אַפערע האָט הארדענען מיט איין קלאַפּ געמאַכט פאַר דעם באַרימט-סטן אייראָפּעאישן זשורנאַליסט.

אָבער נישט נאָר דער סענסאַציאָנאַליזם האָט געשאַפן הארדענען אַ נאָמען.

אין דעם לאַנד, וואָס איז אַזוי רייך אין מיליטערישע טאַלאַנטן און אַזוי אָרים אין גרויסע פּאָליטיקער און דיפּלאָמאַטן, איז מאַקסימיליאַן הארדען ווירקלעך געווען איינער פון די קלוגסטע און ווייטזיכטיקסטע פּאָליטישע קעפּ.

גלייך ביי דעם אויסברוך פון דעם באַלקאַנען-קריג אין 1912, איז הארדען געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אויף דער טריבונע פון דעם בערלינער פילהאַרמאָנישן זאַל פאַראויסגעזאָגט, אַז דער באַלקאַנישער קאָנפליקט איז אַ פּרעלודיע צו דער אומפאַרמיידלעכער וועלט-מלחמה.

הארדען איז אויך געווען דער יעניקער וואָס האָט צו יענער צייט געוואָרנט די דייטשע רעגירונג אַז זי זאָל נישט בויען אויף דעם „דרייבונד“ — אויף דער פריינט-שאַפט מיט איטאַליע.

הארדען האָט אָנגעוויזן, אַז ביי דעם אויסברוך פון אַ וועלט-קאָנפליקט וועט איטאַליע פאַרראַטן דייטשלאַנד און עסטרייך, און האָט געוואָרנט, אַז די דייטש-עסטרייכישע פּאָליטיק זאָל זיך נישט אָריענטירן אויף איטאַליע.

די געשעענישן פונעם וועלט-קריג האָבן באַשטעטיקט פול און גאַנץ הארדענס פאַראויסזאָגונג.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די וועלט-מלחמה האָט הארדען מיט זיין וויכטי-קער און גלענצנדער פעדער פאַרטיידיקט די דייטשע קריגס-ציל און האָט געצונדן מיט זיין ליידנשאַפטלעכן וואָרט דעם דייטשן קריגס-פּאַטריאָטיזם.

אָבער מען מוז אָנערקענען, אַז ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט נאָך סוף 1916 אָנגעהויבן קעמפן פאַרן שלום.

ער האָט געווּפֿן די דייטשע רעגירונג אויסצונוצן די גינסטיקע מיליטערישע סי־טואַציע אויף צו שליסן אַ מעסיקן און סאָלידן פֿרידן און האָט געוואָרנט קעגן די צו ווייטגייענדע קריגס־אַפּעטיטן פֿון דער מיליטאַריסטישער קאַסטע.

מען האָט דעמאָלט האַרדענען פֿאַרמאַכט דאָס מויל.

און די ווייטערדיקע געשעענישן האָבן ווידער באַשטעטיקט האַרדענס פּאָלי־טישע נביאות.

נאָך דעם ווערסאַלער פֿרידנס־טראַקטאַט איז מאַקסימיליאַן הערדען אַרויסגע־טראָטן אַלס אַנטשיידענער פּאַרטיידיקער פֿון דער אויפֿריכטיקער פֿאַרשטענדיקונג מיט די אַליאירטע.

ער האָט באַקעמפֿט דעם קאָפּלאָזן דייטשן נאַציאָנאַליזם, וועלכער האָט געפּאָ־כעט מיט דער מאַכטלאָזער דייטשער שווערד און האָט אַפּעלירט צו פֿאַרנונפֿט און מעסיקייט.

דאָס האָט אויפֿגעוועקט צו אים דעם האַס פֿון דער רעאַקציאָנער-מיליטערישער קליקע, און ער איז געווען אַ קרבן פֿון אַן אַטענטאַט פֿון די נאַציאָנאַליסטישע פֿאַ־נאַטיקער.

נאָך דעם דאָזיקן אַטענטאַט, ביי וועלכן האַרדען איז נאָר לייכט פֿאַרוואונדעט געוואָרן — האָט ער פֿאַרלאָזן דייטשלאַנד און האָט זיך באַזעצט אין דער שווייץ, פֿון וואַנען ער פֿלעגט אָפֿט לאָזן הערן זיין שטימע אין דער אַלוועלטלעכער פּרעסע.

לעצטנס האָט מען געהערט וועגן דעם, אַז האַרדען האָט בדעה צו באַנייען זיין „צוקונפֿט". אָבער דער טויט האָט אַרויסגעריסן די פֿעדער פֿון דער האַנט פֿון דעם גרעסטן דייטשן און אייראָפּעאישן זשורנאַליסט, וואָס איז במשך פֿון עטלעכע צענד־ליק יאָר געשטאַנען אין צענטער פֿון דער אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער דייטשער און אייראָפּעאישער עפֿנטלעכער מיינונג.

:: :: ::

דער משומד האַרדען איז כמעט זיין גאַנצן לעבן געשטאַנען ווייט פֿון יידן און יידישקייט, כאָטש מען האָט אין דער שאַרפֿקייט פֿון זיין פֿעדער און אין דער בלי־ציקייט פֿון זיין טאַלאַנט שטענדיק אַרויסגעפֿילט די יידישע פּקחות און די יידישע אַלזייטיקייט.

די לעצטע יאָרן, ווען אין דייטשלאַנד האָט זיך צעבושעוועט דער נאָך־מלחמה אַנטיסעמיטיזם, און די דייטשע נאַציאָנאַליסטן האָבן אים געמאַכט פֿאַר דעם ציל־ברעט פֿון זייערע גיפֿטיקע יידן־פֿיינדלעכע אָנפֿאַלן האָט האַרדען עפֿנטלעך אויף אַ פֿאַרזאַמלונג אין בערלין זיך געשלאָגן על חטא און האָט זיך דערקלערט אַלס ייד.

אין זיין געוואַגטקייט איז ער געגאַנגען אַפֿילו אַזוי ווייט, ווי פֿאָרצושלאָגן אַז

די יידן זאָלן אַלס נקמה פאַר דער דייטשער אומדאַנקבאַרקייט פּראָקלאַמירן אַ שטרייק און צוריקציען זיך פון דעם דייטשן עפנטלעכן לעבן און פאַרלאָזן די דייטשע זשורנאַליסטיק, ליטעראַטור, טעאַטער און פּאָליטיק, כּדי די דייטשן זאָלן דערזען, וואָס פאַר אַ פוסטער פּלאַץ עס וועט דאַן בלייבן אין דייטשן לעבן.

אין דעם דייטשן זשורנאַליזם האָט האַרדען בלי ספק פאַרנומען דעם פּלאַץ פון בערנע, אַזוי ווי בערנע איז ער געווען אַ קאַמפּס־נאַטור, אַ שטורמער און אומרו־איקער גייסט, וואָס האָט מיט זיין לײַדנשאַפטלעכן און טאַלאַנטפול בליצנדן וואָרט געקעמפט פאַר דייטשלאַנד.

אַזוי ווי בערנע איז ער געווען אַ יידישער דעזערטיר, וואָס האָט פאַרראַטן זיין פאָלק און אָפּשטאַמונג און גלייך ווי בערנע האָט האַרדען געהאַט ליכטיקע מינוטן פון חרטה, ווען זיין יידישער געוויסן האָט אין אים אויפגעוואַכט.

פאַר אונדז בלייבט ער אָבער אַ פרעמדער און אַנטריניקער, וואָס האָט די גאַנ־צע עשירות פון זיין גאָט־געבענטשטן טאַלאַנט אָפּגעגעבן אַ פרעמדן פאָלק אונטער אַ פרעמדער מאַסקע...

---

## צווי יידן

(סירקין און מתתיהו אחר צו סירקינס 50־יעריקן געבורטסטאָג)

צוויי יידן פאַרמאָגן מיר — גרויסע באַדייטנדע יידן.

זייערע נעמען זיינען באַקאַנט, אפשר פּאָפּולער, דערהויפּט דער נאָמען פון איי־נעם איז אָפּט ביי אַלעמען אויף די ליפּן. און דאָך בלייבן זיי ווייניק פאַרשטאַנען, ווייט נישט געניג אָפּגעשאַצט. איינזאַם און אַליין גייען זיי על־פּי רוב זייער וועג.

ווייל זיי רעדן צו די ווייניקע און נישט צו די פילע, ווייל נישט קיין פּאַרטיי־טשער פון אָנגענומענע אמתן זיינען זיי, נישט מיט דער צייט גייען זיי — אָנזאָ־גער זיינען זיי, פאָרלויפער פון דער צייט, וואָס האָט ערשט אין קומען, דאָלמע־טשער פון אידייען, וועלכע זיינען נאָך נישט רייף, נישט באַגריפן, וועלכע וועלן ערשט זיגן אָבער זיינען דערווייל נאָך דער אוצר פון איינצלנע, פון די יחידי־סגולה.

„מאָרגן" און נישט „היינט"־מענטשן זיינען זיי און דערפאַר בלייבן זיי אָפּט איינזאַם, אַליין — אָבער שטענדיק אין דער שטאָלצער איינזאַמקייט פון זיכערער נצחון־באַוואוסטקייט.

אין פאַרשידענע וועגן גייען זיי, אָבער ביידן געהערט מיין האַרץ, מיין אכטונג און... (נישט געשעמט זיך) מיין ליבע.

ד"ר נחמן סירקין — און ד"ר נתן בירנבוים (מתתיהו אחר).

ביידע טיף־דענקענדע און טראַכטנדע און דאָך נישט קיין יידישע מוח-מענטשן, אונטער וועמענס חקרנישן, אינטעלעקטועלן מעסער עס שטאַרבט אָפּ דאָס לעבעדיק־צאַפּלדיקע, די נשמה פון גרויסע אידייען און געדאַנקען.

צוויי ברידער אין גייסט זיינען זיי, נישט קוקנדיק אויף דער פון אויבן־אויף קענטיקער אידייען־קעגנערשאַפט אָדער פיינטשאַפט.

ד"ר נתן בירנבוים — דער התלהבותדיקער מליץ־יושר פון גלות, נחמן סירקין דער רימער און טרוימער פון דעם יידישן מאָרגן, פון דער יידישער צוקונפט.

בירנבוים דער מליץ פון יידיש אַלס די שפּראַך פון היינט און מאָרגן, דער בלינד־פאַרליבטער אין גלות און אין זיינע שאַפונגען, אין דעם ייד פון היינט מיט אַלע זיינע חסרונות און פעלערן — נאָר ווייל ער איז אַ ייד. און סירקין — דער פלאַמענדיקער קטיגר פון גלות, דער האַסער פון דעם צעבראָכענעם יידן פון היינט, פון זיין שפּראַך, פון זיין „אויך מיר קולטור" — וואָס קען זיין סעגנזעצלעכער און פרעמדער?

און דאָך, דאָך זיינען זיי גייסטיקע קרובים פון דעם העכערן דענקער-דיכטער־טיפּ, זיי זיינען מענטשן מיט דענקדנקע הערצער און פילנדע מוחות.

זיי פאַראייניקט דער פונדאַמענטאַלער שטריך פון זייער ביידנס פּערזענלעכ־קייט.

זיי זיינען פּערזענלעכקייטן. זיי שעפּן פון זייער אייגענעם קוואַל, כאָטש אָפּט טרעפן זיך זייערע אידייען צוזאַמען מיט די געדאַנקען פון אַנדערע. די מיינונג און אורטייל פון דער אַרומיקער וועלט איז פאַר זיי אַ נעבן-זאַך. זיי זיינען אַליין זייערע אייגענע שופטים און ריכטער. ביידע לאָזן זיך נישט באאיינפלוסן פון די פאַקטן און טאַט־זאַכן פון דער אָביעקטיווער וועלט, ווערן נישט נתפּעל פון דעם משפּט און מאַכט פון דער אַזוי־גערופענער „געזעלשאַפטלעכער מיינונג" — פון דער מיינונג פון די פילע, פון דער מאַיאָריטעט.

זיינען די פאַקטן, איז די גשמיותדיקע רעאַליטעט קעגן זיי — פאַר זיי איז דאָס ווייניק גרונד צו ענדערן זייערע מיינונגען, אָפּצוטרעטן פון זייער וועג.

„זיינען די פאַקטן קעגן מיר — אַליץ ערגער איז פאַר די פאַקטן" — דאָס שיינט צו זיין זייער ביידנס אני מאמין. זיי גייען זיך זייער וועג, נישט אומקוקנדיק זיך אויף די זייטן.

מיט מער, ווי מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק, ווען דאָס יידנטום פון מזרח (גאַליציע און רוסלאַנד) איז געלעגן אין שטויב, דערנידעריקט, פּאָליטיש, ווירט־שאַפטלעך און קולטורעל און האָט געקוקט נישט אָן קנאה אויף די יידן פון מערב־אייראָפּע, ווי אויף לערער און וועגווייזער, אין דער צייט, ווען דאָס שטאָלצע און זעלבסט־צופרידענע מערב-יידנטום האָט געקוקט אויף אונדז, ווי אויף שנאָרער און

קבצנים, וועלכע גוטיקן זיך אין פילאַנטראָפּישער אָפּעקע און פאַר וועמען מען דאַרף גרינדן צדקה־חברות, „הילפס-פאַראיינען“ און „אַליאַנסן“ — איז געקומען מתית אחר (ד״ר בירנבוים) מיט זיין דערוואַלוציאָנערן וואָרט: „פ ו ן מ ז ר ח ק ו מ ט ד אָ ס ל י כ ט “.

אַליין אַ מערב-ייד, אַ קינד פון דער ראַפינירטער ווינער קולטור, אַן אייראָפּעער אין דעם פולן זין פון וואָרט, האָט ער זיך אַ קער געטאָן מיטן רוקן צו זיינע אַסימילירטע ברידער פון דער וועסט און איז געוועזן דער ערשטער, וועלכער האָט אָנגעוויזן אויף דער אינערלעכער פוילקייט, אויף דעם ריין־אויסערלעכן גלאַנץ פון דעם קולטור־אָפּגעפּאָלירטן און אָפּגעשליפענעם מערב־איירָאָפּעאישן יידנטום.

איר, אין די פראַקן און צילינדערס, מיט די דאָקטאָר, פּראָפעסאָר און אַנדערע טיטולן אין די קעשענעס, גייט אין די אָרימע געסלעך פון גאַליציע, פוילן און ליטע, גייט צו די פון נויט און דחקות־געבויגענע יידן פון מזרח און שעפּט ביי זיי דעם לעבעדיקן גייסט פונעם יידנטום — ווייל דאָרטן און נישט אין אייערע סאַלאָנען איז זיין אמתער, ניט־געפעלשטער קוואַל.

ניי און רעוואָלוציאָנער האָט געקלונגען דער רוף פון מתית אחר. מיט פאַרוואונדערונג האָט מען געקוקט אויף אים, סיי די באַליידיקטע יחסנים פון מערב, סיי די פאַרטיידיקטע יידן פון מזרח. קליינע הייפלעך האָבן אים נאָכגעפאָלגט.

נישט מיט דער צייט, פאַר דער צייט איז ער געגאַנגען.

ווען הערצל איז אַרויסגעקומען מיט זיין „יידנשטאַט“־פּלאַן, ווען אין פּאַריז און ווין האָבן זיינע פריינט אים געשיקט צו נערוון־דאָקטוירים, ווייל נישט פון אַ קלאָרן זין, האָט זיך זיי געדאַכט, האָט געקענט אַזאַ משונהדיקער געדאַנק געבוירן ווערן, איז בירנבוים געוועזן פון די ערשטע, וועלכער איז צוגעשטאַנען צו אים, איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פון דעם ערשטן באַזעלער ציוניסטן־קאָנגרעס.

נישט אויס פילאַנטראָפּישער ליבע צו די „אומגליקלעכע ברידער פון אָסטן“ — זוי דער רוב פון די איירָאָפּעאישע ציוניסטן, — איז ער צוגעשטאַנען צום ציוניזם, נאָר אויס מיטלייד צו זיך, צו דער קולטור־טראַגעדיע, צו דער נשמה־צעריסנקייט פון דעם ערלעך און פיין־פילנדן איירָאָפּעאישן יידן.

נישט לאַנג איז ער געבליבן אין די ציוניסטישע רייען. ער האָט זיך באַלד דערפילט פרעמד צווישן דער איירָאָפּעאישער שקל־צאָלנדער מהנה, וועלכע איז אונטער איר ציוניסטישן בלוי-ווייסן מאַנטל געבליבן אין האַרצן פרעמד דעם נאַציאָנאַלן יידישן גייסט, דעם יידנטום פון מזרח־איירָאָפּע.

און ווייטער איז ער אַוועק פאַר דער צייט, קעגן דער צייט, האָט אָנגעהויבן קעמפן קעגן דעם אַסימילאַטאָרישן פילאַנטראָפּישן ציוניזם פון מערב און איז געוואָרן דער ערשטער אין מערב־איירָאָפּע, פאַר אַ לאַנגער צייט דער איינציקער פאַרטיידיקער פון דעם אמתן, ערנסטן און אויפריכטיקן נאַציאָנאַליזם.

ער האָט נישט פאַרלייקנט די באַדייטונג פון ארץ ישראל פאַר יידן, אָבער ער האָט געפאָדערט מען זאָל צוליב איר נישט פאַרלייקענען די אומגעהויערע באַדייטונג פון גלות, פון זיינע שאַפונגס־מעגלעכקייטן אויף זיין שפּראַך.

אַזוי איז אויפגעשוואומען דער געדאַנק פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, וואו יידיש איז דאָרט דערהויבן געוואָרן צו דער אָנערקענונג פון אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך — בירנבוים איז געווען אויפן פּלאַץ, צווישן די ערשטע, צווישן די התלהבותדיקסטע אַדוואָקאַטן פון דער פאָלקס־שפּראַך.

מיט דער קראַפט פון זיין קינסטלעריש־סאָציאַלער אינטואיציע האָט בירנבוים, איינער פון די ערשטע, אויב נישט דער ערשטער, באַגריפן די גרויסע היסטאָרישע באַדייטונג פון אַ יידישן אַלוועלטלעכן פאַרלאַמענט — פון אַ יידישן קאָנגרעס.

מיט יאָרן צוריק, ווען דער געדאַנק איז געווען נאָך פרעמד און ניי און האָט זיך אויסגעדוכט אַלס אַ משונהדיקע, כמעט אומגעלומפּערטע פאַנטאַזיע, האָט מתתיהו אחר מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין איבערצייגונג און ענטוזיאַזם געטראָפן די יידישע געזעלשאַפט צו דער פּראַקטישער פאַרווירקלעכונג פון דער קאָנגרעס־אידייע.

נישט מיט דער צייט, פאַר דער צייט איז ער שטענדיק געגאַנגען.

און אין יאָרן פון זיין געזעלשאַפטלעכער איינזאַמקייט אין בערלין, ווען איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו שטיין נאָענט צו אים, פון אָנפאַנג שאַרף קעגנעריש, ווייל פרעמד זיינען זיינע אידייען געווען מיין טעריטאָריאַליסטישן אני־מאמין, האָב איך דאָך געלערנט איבערצושאַצן אַ סך פון די אָנגעגומענע אמתן.

זיין גלות־ענטוזיאַזם האָט מיך אָנגעשטעקט און מיט אַנדערע אויגן האָב איך געלערנט צו קוקן אויף דעם, וואָס מיר טעריטאָריאַליסטן און ציוניסטן האָבן אַזוי איינגעשפּאַרט געלייקנט און אָפּגעשטויסן.

און דערפאַר צאָל איך אים מיין טריבוט, דעם איינזאַמען, אַזוי ווייניק אָנערקענטן הייסן, פּאַטעטישן יידן, איינעם פון די ווינציקע, וואָס מיר פאַרמאָגן.

:: :: ::

אויף דעם זעלבן וועג פון די איינזאַמע איז אויך ד״ר סירקין — דער כהן גדול פון דער יידישער צוקונפט, — געגאַנגען.

ער איז גליקלעכער פאַר מתתיהו אחר׳ן. זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז אַ מער אָפענער און מער באַקאַנטער בוך; עס איז דערפאַר אפשר נישט נויטיק גענויער אויף אים זיך אָפּצושטעלן.

ווי איינפאַך, כמעט באַנאַל, קלינגט איצט דער געדאַנק וועגן דעם אידייען־שדוך פון ציוניזם און סאָציאַליזם. עס איז שוין באַלד די אידייע פון די פילע. סיר־

קינס אידייע איז דאָס אָבער געווען, ווען נאָר ווייניקע האָבן אין גאַנצן זי באַגריפן.

אין דער צייט פונעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. ווען אַ יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג האָט מען נאָך גאָר נישט געהערט. דער „בונד" איז נאָך אין די ווי־קעלעך געווען. יידישער סאָציאַליזם איז געווען נאָך אַ יקר המציאות. וועגן נאַציאָ־נאַלן סאָציאַליזם האָט מען נאָך נישט געוואַגט אפילו צו טראַכטן. די געזעלשאַפט־לעכע באַדייטונג און ראָל פונעם יידישן אַרבעטער איז געווען גלייך נול. און דאַן קומט סירקין אַרויס פון די ערשטע, אויב נישט דער ערשטער מיט דער העזהדיקער נבואה:

דער יידישער שטאַט וועט זיין אַ ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע ר, אָדער ער וועט גאָר נישט זיין.

„ווער איז ער?" — האָט דערשטוינט און פאַרוואונדערט געקוקט אויף אים די אַלגעמיינע און ציוניסטישע באַלעבאַטישע וועלט.

מען דאַרף זיך אַריבערטראַגן אין דער פאַר־היסטאָרישער צייט פונעם ציו־ניסטישן סאָציאַליזם כדי מען זאָל באַגרייפן דעם רעוואָלוציאָנערן קוראַזש און נבואהשן בליק פון ד"ר סירקינס ערשטן אַרויסטריט פאַר דער ערשט־געבוירענער יידישער עפנטלעכער מיינונג.

נישט מ י ט דער צייט, פ אַ ר דער צייט איז ער געגאַנגען.

ווער ווייסט דאָס נישט איצט וועגן יידישן קאָנגרעס? קיין קינד אין וויג איז דאַכט זיך נישט פאַרבליבן נישט אָנגעווירט פון אונדזער ענערגישער קאָנגרעס־אַגיטאַציע.

ווער האָט זיך אָבער צוגעהערט צום געדאַנק פונעם יידישן פּאַרלאַמענט, ווען סירקין מיט שמר'ן זיינען מיט יאָרן צוריק די ע ר ש ט ע אַרויס אים פאַרטיידיקן?

„נאַאיווע חלומות, קינדערשע טרוימערייען!" — האָבן מיר, פּאָליטיש־קלוגע און ניכטערע אָפּגעפּטרט דעם סירקינישן געדאַנק, בעת ער האָט אַזוי ענערגיש געפאָכטן פאַר אים מיט זיינע, ווי מיר זעען איצט, גאָרנישט „דאָן קיכאָטישע" שווערדן.

נישט מיט דער צייט איז ער געגאַנגען, איר פאָרלויפער איז ער געווען.

איך האָב מורא, אַז מיר וועלן זיך נאָך מוזן אויך אומקערן צו סירקינס „נאַ־איוון" איינפאַל צו קעמפן פאַר די מיליאָנען פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן פאַרמעגן, וואָס געפינט זיך אונטער דעם ביוראָקראַטישן שלאָס פון ייק"אַ.

און צו לעצט. מען קען מיט סירקינען נישט זיין איינשטימיק אין זיין שטעל־לונג צו די פראַגן, וועלכע עס האָט אַרויסגערופן דער וועלט־קריג. אָבער קיינער וועט נישט וואַגן לייקענען דעם קוראַזש און דרייסטקייט פון זיין אַרויסטריט קעגן דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג פון דער מאַיאָריטעט, פון די פילע.

ווייל דאָ, אין אַלע פראַגן פון יידישן און פּאָליטישן לעבן, האָט זיך סירקין אַרויסגעוויזן דער מענטש, וואָס גייט נישט אויף אויסגעטראָטענע וועגן, אויף די וועגן פון די פילע. וואָס אַרט אים די וועלט, ווען ער איז אַ וועלט פאַר זיך, זיין אייגענער שופט און ריכטער? אַ מענטש פון ווייטע וויזיעס איז ער, די רעאַלע פאַקטן פון דער גרויסער ווירקלעכקייט קימערן אים ווייניק, ווייל אים קימערט ווייניק דאָס, וואָס עס איז, ער טראַכט נאָר וועגן דעם וואָס וועט זיין.

און ער דינט דער יידישער צוקונפט דער נאָענטער און ווייטער ווי אַן אמתער כהן גדול, מיט התלהבות, מיט פּאַטאָס, ווי אַן אמתער יורש פונעם אַלטן חסידיזם — דער אייניציקער מיט בירנבוימען פון אונדזערע אמתע מאָדערנע חסידים.

סירקינען דעם 50־יעריקן, דעם אייביק יונגן, מיין חבר פון נעכטן און צום גליק אויך פון היינט — מיין האַרציקע ברכה.

(„טאָג“, ניו־יאָרק, מערץ 191[illegible])

---

# געשטאָרבן אַנדרעיעוו

געשטאָרבן אַנדרעיעוו . . .

וואָלטן אים „געשאָסן“ די באָלשעוויקעס, וואָלט נאָך אַ האַגנונג געווען ער זאָל נאָך צען מאָל תחית־המתים אויפשטיין, ווי דאָס איז געווען מיט גאָרקין, קראָפּאָט־קין און אַנדערע.

איז ער אָבער אויסגעלאָשן געוואָרן אין דער פרעמד, אין פינלאַנד, אויף די הענט פון זיין פרוי און ס'איז קיין אַנהאַלט נישטאָ צו צווייפלען אין דעם טרויע־ריקן אמת, אַז רוסלאַנד האָט אַנדרעיעוון פאַרלוירן.

ל ע אָ נ י ד   אַ נ ד ר ע י ע ו ו . . .

וויפל זכרונות וועקט דער אַ נאָמען פון יענער גאָלדענער פרילינגס־צייט מיט צוויי צענדליק יאָר צוריק, ווען ס'האָט צוערשט זיך זיין שטערן באַוויזן צוזאַמען מיט גאָרקין. מיט וואָס פאַר אַ זשעדנעקייט און אומגעדולד פלעגן מיר זיך אַרויפ־וואַרפן אויף די זאַמל־ביכער אין די גרינע טאָוולען פונעם פאַרלאַג „זנאַניע“.

דאָן איז געווען די בליאונגס־צייט פון דער רוסישער ליטעראַטור.

ס'האָבן אַרויסגעשפּראָצט פון דער רוסישער ערד גלייך מיטאַמאָל אַזעלכע שטאַרקע און גרויסע טאַלאַנטן, ווי גאָרקי, קופּרין, בונין, באָריס זייצעוו, טשיריקאָוו, סערגעי צענסקי און אַנדערע.

דעמאָלט איז אויך געווען דער אָנהויב פון דעם שוואונג־פּעריאָד פון דער רו־

כישער „מאדערנע“, פון די רעוואָלטירנדע דעקאַדענטן-קינסטלער און פּאָעטן, ווי באַלמאָנט, בלאָק, וויאַטשעסלאַוו איוואַנאָוו, אַנדרעי בעלי און אַנדערע.

דאַן האָט זיך אויך אָנגעהויבן דער קאַמפּס-פּעריאָד צווישן דעם רוסישן פּי־לאָזאָפישן אידעאַליזם (בערדיאַיעוו-בולגאַקאָוו) און די פּאַרשטייער פונעם מאַרק־סיזם (פּלעכאַנאָוו, לונאַטשאַרסקי, באָגדאַנאָוו און אַנדערע).

וואו זענט איר, יענע גליקלעכע צייטן, פון גייסטיקן שטורם און דראַנג?

ווי יונג זיינען מיר דאַן געווען, ווי שטורמיש האָבן מיר זיך געאַמפּערט (אָפּט ביז זונען־אויפגאַנג) איבער יעדן נייעם ליד, איבער יעדער דערציילונג, איבער יעדן אַרטיקל פון דעם מאָדערניסטישן זשורנאַל „וועסי“ אָדער די מאַרקסיסטישע „זשיזן“ און „פּראַוודאַ“...

ווי לייכט האָט זיך דאַן געגלויבט.

ווי ערנסט און שטורמיש האָבן מיר געהאָפּט.

ס'דערמאָנען זיך פערזן פון פּ ו ש ק י נ ס מעלאַנכאָליש יוגנט-ליד:

„ס'איז געווען אַ צייט...
אונדזער יונגער יום־טוב האָט געגלאַנצט, געשטורעמט
און מיט רויזן געקרוינט ייד...
דעמאָלט איז די נשמה זאָרגלאָז־אומווויסנד געווען
און מיר אַלע האָבן געטרונקען
פאַר דער האָפנונג, פאַר דער יוגנט
און אַלע אירע איינפאַלן.
איצט, איז שוין נישט דאָס...“

:: :: ::

געשטאָרבן אַדרעיעוו.

און מיט אים איז אוועק דער מערקווירדיקסטער גייסט־ריז פון דער איצטיקער רוסישער ליטעראַטור.

ער האָט געהערט צו די ווייניקע יחידי סגולה, וואָס האָבן ג ע ל ע ב ט, ד ו ר כ ג ע ל ע ב ט און נישט נאָר געשריבן זייערע ווערק.

די רוסישע ליטעראַטור האָט און פאַרמאָגט איצט קינסטלער שטאַרקערע פאַר אַנדרעיעוון, וואָס באַהערשן מיט מער מייסטערשאַפט זייער שטאָף, מער גאַנצע, מער איינהייטלעכע און פּלאַסטישע.

ביי אַנדרעיעוון, דערהויפּט אין זיינע סימבאָלישע דראַמען, הערשט אָפּטמאָל אַ קינסטלערישער כאָאָס, זיי זיינען צו אַבסטראַקט, ס'איז געדאַנקען-אַרבעט, וואָס האָט געזוכט, געמאַטערט זיך צו געפינען די בילדערלעך־קינסטלערישע פאָרם. ביי

אַנדרעיעוון פילט זיך מער, ווי ביי וועמען ס׳איז פון די מאָדערנע שריפטשטעלער זיין שטאַרקער שעפער-מאַרטירערטום — דער קאַמף פון זיין גרויסן גייסט מיט דעם קינסטלערישן רוי-שטאָף.

עס זיינען אָבער ביי אים פאַראַן ווערק וואו ער איז אַרויס אַ זיגער-טריאומ־פאַטאָר פון זיין קאַמף. אינעם „ל ע ב ן פ ו ן וו אַ ס י ל י פ י וו ע י ס ק י", אין דער טיפזיניקער און פראַכטפולער דערציילונג „מיסל" (דער געדאַנק), און ביז אַ געוויסער מאָס אין דער דראַמע: „דאָס לעבן פון אַ מענטשן" שטייט אַנדרעיעוו — דער טיפער און גייסטרייכער דענקער אויף איין הויך מיט אַנדרעיעוון דעם בילד־מייסטער, דעם קינסטלער און סקולפּטאָר.

מ׳האָט שוין אָפט אויף דעם אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז די רוסישע פילאָזאָ־פיע (אַ חוץ וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו) האָט ווייניק וואָס בייגעטראָגן צו דער פילאָ־זאָפישער געדאַנקען-אַרבעט פון אייראָפּע.

און דאָס איז געווען ריכטיק.

רוסלאַנד פאַרמאָגט די פילאָזאָפיש-געבילדעטסטע לייט, זי האָט אָבער נישט אַרויסגעגעבן קיין איין אָריגינעלן פילאָזאָף, קיין שום נייע סיסטעמאַטישע פילאָזאָ־פישע שיטה.

דער רוסישער פילאָזאָפישער זשעני האָט אָבער זיין אויסדרוק געפונען אין דער שיינער ליטעראַטור; רוסלאַנד האָט אַרויסגעגעבן און באַשאַפן דעם פילאָזאָפיש־פּסיכאָלאָגישן ראָמאַן, (ט אָ ל ס ט אָ י ־ ד אָ ס ט אָ י ע וו ס ק י) וואָס האָט זיין גלייכן נישט אין דער וועלט-ליטעראַטור און פאַרנעמט דאָרט דעם אויבן־אָן.

ל ע אָ נ י ד  אַ נ ד ר ע י ע וו  קען רואיק פאַרנעמען דעם פּלאַץ לעבן זיינע צוויי גרעסערע און גרעניאַלערע גייסט-ברידער — דאָסטאָיעווסקי און טאָלסטאָי. ער איז פון דעם זעלבן גרעניאַלן טייג געקנאָטן, כאָטש ער פאַרמאָגט נישט זייער קינסט־לערישע מייסטערשאַפט.

אַנדרעיעוו געהערט, באַנוצנדיק פּרצס אויסדרוק, צו די קינסטלער, וואָס קלע־טערן אויף די הויכע בערג, דאָרט וואו עס ווערן געלייזט די גרויסע און האַרבע פּראָבלעמען פון לעבן און טויט, דאָרט, וואו מען באַשעפטיקט זיך מיט די טראַגישע פראַגן: מה אנו, ומה חיינו? וואָס זיינען מיר, וואוהין גייען מיר?

דאָס פּראָבלעם פון פאַטאַליזם, פון דער טראַגישער, בלינדער און אייזערנער מאַכט פונעם גורל, פון שיקזאַל — אָט די אייביקע פראַגע פון דער פילאָזאָפיע און קונסט זינט ע ס כ י ל און ס אָ פ אָ ק ל ע ס צייטן — האָט שטאַרקער פון אַלץ באַשעפטיקט דעם מוח און די נשמה פונעם טראַגישן קינסטלער און האָט גע־פונען איר אויסדרוק אין אַנדרעיעווס דראַמען און דערציילונגען.

ער איז אָבער נישט געווען דער קאַלטער, ניכטערער, טראַכטנדער און פאָרשנ־דער פילאָזאָף. ער האָט דורכגעלעבט און דורכגעליטן אַלץ וואָס ער האָט געשריבן.

ער האָט געפּאָלגט נ י ט ש ע ס געבאָט: „ש ר ײ ב מ י ט ב ל ו ט, און ד ו װ ע ס ט ז ע ן, א ז ב ל ו ט א י ז ג ײ ס ט!“

זײן „ר ו י ט ע ר ג ע ל ע כ ט ע ר“ און דערהויפּט „ד י ז י ב ן ג ע ה א נ ג ע נ ע“ זײנען מיט בלוט געשריבן געװאָרן. נישט אומזיסט האָט ער געהאַלטן בײ משוגע װערן, שרײבנדיק די לעצטע קאַפּיטלען פון דעם גרויזאַמסטן װערק פון דער װעלט-ליטעראַטור.

:: :: ::

אײנזאַם, פאַרלאָזן, אין גלות האָט פאַרענדיקט זײן לעבן דער קינסטלער־מאַר־טירער, װאָס האָט געליטן און געבלוטעט פאַר זײן, פאַר אונדזער אַלעמענס טראַגיש־גרויסער און הײליקער רוסלאַנד.

אַלס י י ד ן שטײען מיר אויך מיט געבויגענעם קאָפּ פאַר אַנדרעיעװס קבר און װעלן דאַנקבאַר געדענקען זײן גרויסע, אמתע און מענטשלעכע ליבע צו אונדז...

(1919)

---

# ר י כ אַ ר ד ד ע ה מ ע ל

געשטאָרבן ר י כ אַ ר ד ד ע ה מ ע ל.

מיט אים איז אַװעק דער גרעסטער פון די דײטשע און קען זײן אײראָפּעאישע פּאָעטן פון דעם איצטיקן דור; פאַר דײטשלאַנד איז ער געװיס געװען דער אמת־װירדיקער פּאָעטן-פּרינץ אויף ה ײ נ ר י ך ה ײ נ ע ס פּאָעטישן טראָן. נישט קײן װאונדער, װאָס ר י כ אַ ר ד ד ע ה מ ע ל האָט געשאַפן דעם אײנציק־גרויסן הײנע־דענקמאָל, װאָס דײטשלאַנד פאַרמאָגט. די דעהמעלשע פּאָעמע: „ה ײ נ ע ־ ד ע נ ק מ אָ ל“ איז אַ מאָנומענטאַל קונסט-װערק געשמידט פון גאָל־דענע פערזן. װען הײנע װאָלט נאָך נויטיק געהאַט פאַראײביקט צו װערן — װאָלטן דאָס געװיס געטאָן דעהמעלס פערזן.

הײנעס געשטאַלט שטײט אויף אין דעהמעלס ליד אין איר גאַנצער פיבערנדער לעבעדיקײט און טראַגישער גרויסקײט. איר זעט פאַר זיך דעם גרויסן ײדישן דיכ־טער אין זײן גאַנצער װיברירנדער פיל־פּנימדיקײט: דאָס בילד, ריכטיקער די צענדליקער בילדער פון הײנע קומען אַרויס אַזוי מײסטערהאַפט פּלאַסטיש, זײ זײנען געמאָלן מיט דער פיבערנד־אויפגערעגטער האַנט פון אַ געניאַלן מײסטער, װאָס פאַרגעטערט, װאָס בוקט און פאַלט כורעים פאַר זײן װערק. די פאַרבן און טענער

פונעם „היינע-דענקמאָל" איבערראַשן אייך מיט זייער אָריענטאַלישער פּראַכט און עשירות; דאָס ליד איז געזונגען אין די העכסטע טענער פון באַוואונדערנדן ענטוזיאַזם און התלהבות.

אַזוי באַזינגט מען נאָר געטער אָדער געטער־ענלעכע פּאָעטן...

זינגענדיק דעם היינע־דענקמאָל האָט דעהמעל פאַר זיך אַליין אויסגעזונגען די פּאָעטישע אומשטערבלעכקייט...

:: :: ::

ריכאַרד דעהמעל ווערט פאַררעכנט אַלס דער דיכטער פון דער נייער דעמאָקראַטיע, אַלס דער פּאָעט און אָנזאָגער פון דער סאָציאַליסטישער צוקונפטס-קולטור.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז דעהמעל האָט נישט געזונגען קיין לידער מיט פּאָליטישער אָדער סאָציאַלער טענדענץ. ער איז ניין און ניינציק גאָלד־פּראָבע דיינער קינסטלער און זיין מוזע האָט זיך קיינמאָל נישט געלאָזט פאַרפירן אויף די קרומע און צווייפלהאַפטע וועגן פון טענדענץ און „אידייען-לידער"... ער האָט געשאַפן דאָס מערקווירדיקע צוועלף־שורותדיקע לידל: „דער אַרבייטסמאַן", איר וועט דאָרטן נישט געפונען דעם אויסגעדראָשענעם, סקאַרבאָווען מאָטיוו פון קאַמף און לײדן... אין דעהמעלס אַרבעטער־ליד הערט איר דעם גערויש פון אָדלער־פליגלען, דעם אויסדרוק פון אַ נייער קראַפט, וואָס איז אַזוי זיכער אין זיך, ווי די נאַטור, אַזוי רואיק און מאַיעסטעטיש ווי די נאַטור. יעדער פון די דריי־פערז-טיילן פאַרענדיקט זיך מיט אַ רעפרען, וואָס קלינגט, ווי גלאָקן-קלאַנג צווישן בערג:

„אונדז פעלט נאָר צייט, מיין ווייב און קינד,
מיר זאָלן פריי זיין, ווי פויגל זיינען...
נאָר צייט, נאָר צייט..."

און איר הויבט אָן גלויבן, איר מוזט גלויבן, הערנדיק די מוזיק פון דעהמעלס ליד, אַז ס'פעלט נאָר צייט און מיר וועלן פריי זיין, ווי די פייגל...

:: :: ::

אין דעהמעלס לידער איז שטאַרק פאַרטראָטן דער עראָטישער מאָטיוו, אָבער אויף אַ גאַנץ אַנדערן אַרט, ווי די אַזוי גערופענע פּאָעטן פון דעקאַדענץ. דעהמעלס עראָטיק איז נישט קיין לעבנס-מידקייט און לאַנגווייליקייט, וואָס אַנטלויפט אונטער די אילוזאָריש-אויסגעטראַכטע פליגלען פון דעם שאַטנדיקן שפּינ־

וועבס־גאָט „עראָס". אין דעהמעלס ליבע־לידער פולסירט און שטורעמט ווי אַ מעכ־טיקער וואַסער־פאַל דאָס אמתדיקע לעבן, די גרויסע וואולקאַנישע ליידנשאַפט; ער איז נישט דער פאַלשער כהן פון „עראָס", ער איז דער אמתער כהן גדול אין דעם טעמפל פונעם גאָט פון ליבע.

און ער איז נישט נאָר דער גרויסער עראָטיקער, ער איז אויך דער אויפריכ־טיקער און שטורמדיקער פאַרליבטער אין ל ע ב ן בכלל. ער ווערט נישט מיד צו זינגען זיינע צויבער־הימנען דעם גרויסן גאָט פון דער ערד, פונעם לעבן.

זיין פּאָעטישע וועלט־אָנשויאונג און וועלט־פילן האָט ד ע ה מ ע ל אַמ־בולטסטן אויסגעדרוקט אין דעם פּראַכטפולן ליד „ד ר יי ר י נ ג ע ן":

„איך אַהן און שטוין יעדע נאַכט,
אַז נישט א יי ן זון לייכט צו אונדז,
אַז ל ע ב ן איז דאָס לעבנס־ציל...
צען טויזנט שטערן פון אַלע הימלס עקן
שטייען און לייכטן אין אונדזער ברוסט אַריין..."

אויף דעהמלען איז באמת צוגעפּאַסט ב י ע ל י נ ס ק י ס וואָרט וועגן לער־מאַנטאָוון: ער האָט ביי דער זון אירע גאָלד־שטראַלן גענומען, ביים שטורם האָט ער אוועקגערויבט זיין קראַפט, ביים בליץ — זיין אויפלייכטנדן שיין...

קען דען קימערן ד ע ה מ ע ל ס טויט, ווען זיינע פערזן זינגען די אומ־שטערבלעכע תפילה צום אייביקן זיין און לעבן?...

(מערץ 1920)

---

# פּעטער קראָפּאָטקין

„רוסלאַנד, דיך קאָן מען נישט מיט שכל באַגרייפן".

טיוטשעוו.

ער האָט פאַרקערפּערט אין זיך דעם שיינעם דראַמאַטישן זשעסט פון דער רוסישער געשיכטע, ער איז געווען די סימבאָלישע פיגור פון דעם מערקווירדיקן רו־סישן רעוואָלוציאָנאַריזם.

וואויל איז דעם פאָלק, וואָס זיין שטרעבונג צו נייע הימלען און אַ נייער „ערד" איז אַזוי שטאַרק און מעכטיק, אַז זי רייסט זיך דורך די מאַרמאָרנע ווענט פון פּאַ־לאַצן, דאָרט וואו ס'הערשט די קרוין, די פּריווילעגיעס פון הערשער, דער קאָנווענ־

ציאָנעלער און באַקוועמער פאַר די הערשנדע שקר וועגן דער הייליקייט פון דעם עקזיסטירנדן סדר־עולם.

עס איז דער אינטערעסאַנטסטער שטריך פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער געשיכטע, וואָס די ערשטע פאָן פון רעוואָלט האָבן גראָד אויפגעהויבן די, וואָס זיינען אמווייטסטן געווען פון פאָלק — די רוסישע אַדעליקע, די פּריווילעגירטע קאַסטע פון הויף-מענטשן.

די ערשטע שוואַלבן פון דער רוסישער רעוואָלוציע ביים אָנהויב פונעם ניינצנ־טן יאָרהונדערט זיינען געווען די פּירסטלעכע און אַדעליקע העלדן פון די „דעקאַ־בריסטן", וואָס האָבן אויף די גאַסן פון סאַנט־פּעטערבורג אָפּגעשפּילט דעם ערשטן דראַמאַטישן פאַרשפּיל פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

פּ י ר ס ט   ק ר אָ פּ אָ ט ק י ן   איז דער אמתער יורש געווען פון די טראַגישע העלדן אינעם פּורפּורנעם מאַנטל, וואָס זיינען אַלס קרבן געפאַלן אין דעם מערק־ווירדיקן רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד אין דעצעמבער 1820 — דעם ערשטן אויפ־בליץ פון דעם גרויסן שטורם, וואָס האָט אַ גאַנצן יאָרהונדערט געדויערט און וואָס כשופט און שרעקט איצט די גאַנצע וועלט.

ב אַ ק ו נ י ן,   ה ע ר צ ע ן,   ק ר אָ פּ אָ ט ק י ן   דאָס זיינען די פון דעם זעלבן נאָבעלן מייג געקנאָטענע שטורם-גייסטער, וואָס האָבן אונטער דעם פּורפּור־נעם פּרינץ-מאַנטל געטראָגן קיין אייראָפּע, אין דער „פאַרשימלטער" אייראָפּע, די בשורה אין דעם אָנזאָג פון רוסלאַנד, — פון דעם רוסלאַנד, וואָס אונטער איר שוואַר־צער מאַסקע פון צאַרנטום און רעאַקציע איז באַהאַלטן געווען דאָס סודותפולע און אומפאַרשטענדלעכע פון איר גרויסער רעוואָלוציע, וואָס מ'קאָן מיטן שכל נישט באַ־גרייפן.

נאָר דיכטער מיט זייער קינסטלעריש־אינטואיטיוון רוח הנבואה האָבן מיט זייער האַרצן פאַראויסגעפילט די צוקונפט-שליחות פון דעם שוואַרצן רוסלאַנד.

דערמאָנט זיך היינריך הייגעס נבואה אין די דרייסיקער יאָרן פון דעם לעצטן יאָרהונדערט. (אין זיין רייזע איבער איטאַליע).

:: :: ::

אַ גאַנצע רייע פון גראַפן און פירסטן זיינען אין משך פון די לעצטע יאָר־צענדליק אין לאָנדאָן געזעסן אַלס די אַמבאַסאַדאָרן און דיפּלאָמאַטישע שלוחים פון דער רוסישער מלוכה, פון דעם רוסישן צאַרנטום.

פּעטער קראָפּאָטקין האָט אָבער אין לאָנדאָן אַ העכערן ערן־פּאָסטן פאַרנומען: אינעם לויף פון עטלעכע צענדליקער יאָרן איז ער געווען דער פירסטלעכער וועלט־אַמבאַסאַדאָר פון דער רוסישער רעוואָלוציע, פון אירע העכסטע, ווייטסטע און

לעצטע צילן, ווען נישט נאָר די געזעלשאַפט וועט אירע קייטן פאַרלירן, נאָר ווען אויך דער מענטש, דער איינצלנער וועט פריי ווערן און וועט זיך ווי אַן אָדלער קע-נען אויפהויבן צו די אומבאַגרעניצטע הימלען...

די פאַרווירקלעכטע און זיגרייכע רוסישע רעוואָלוציע האָט קראָפּאָטקינען — איר שליח אין גלות אַהיים געבראַכט.

און איצט, בעת דאָס שטומע, שווייגנדע פאָלק האָט גענומען מאַכן געשיכטע און טרעט אַליין אַרויף אויף דער היסטאָרישער בינע נויטיקט זיך נישט רוסלאַנד מער אין אַמבאַסאַדאָרן.

און ס'האָט זיך געענדיקט די שליחות-ראָלע פון פעטער קראָפּאָטקין...

דאָס גרויסע רוסלאַנד רעדט אַליין פאַר זיך.

זי רעדט מיט דער שטורם־שפּראַך פון איר גרויסער רעוואָלוציע, וואָס מ'קען נישט בלויז מיטן שכל באַגרייפן.

און ס'באַגרייפן זי נישט נאָר אירע שונאים און אירע האַסער, נאָר אויך אירע פריינט, אירע ליבנדע זין.

און דאָס איז געווען די טראַגעדיע פון די לעצטע טעג פון דעם מערקווירדיקן לעבן פון דעם פירסטלעכן רעוואָלוציאָנערן קראָפּאָטקין.

יאָרן לאַנג האָט ער טריי און ערלעך געהאַלטן אין האַנט דעם שטאַנדאַרט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, פון דער סאָציאַלער וועלט־גאולה, ער איז געווען איר נאָבעלער ריטער און גרויסער אַמבאַסאַדאָר.

און ביי דער ענדע פון זיינע טעג ווען ער האָט נאָך אַ לאַנגן וועג פון מאַרטי-רערטום און קאַמף דערגרייכט די ברעגן פון דעם געבענטשטן לאַנד — איז געקומען די אַנטוישונג...

פעטער קראָפּאָטקין דער יאָרן-לאַנגער אַמבאַסאַדאָר פון דער רוסישער רע-וואָלוציע און איר סאָציאַלער משיחיות האָט זיך נישט געקענט פול און גאַנץ צו־זאַמענהעפטן מיט די רעוואָלוציאָנערע מעשים פון זיין פאָלק, האָט נישט געקענט איננאַנצן פאַרשטיין די שפּראַך פונעם רויטן רוסלאַנד, וועמענס שליח און בשורה־ברענגער ער איז געווען, פאַר וועלכער ער האָט געלעבט, געליטן און געקעמפט.

דאָ שטייט דער אייביקער, טראַגישער קאָנפליקט פון אידעאַל און ווירקלעכ-קייט . . .

(פעברואַר 1921)

---

# דעם אָנדענק פון אַ דיכטער-נביא

(אַלעקסאַנדער בלאָק)

דער רוסישער פּאַרנאַס איז אין טיפן טרויער. ער האָט פאַרלוירן אַ ל ע ק־ס אַ נ ד ע ר ב ל אָ ק ן.

דער אומברחמנותדיקער טויט, וואָס פאַרזייט איצט מיט קברים די רוסישע ערד, האָט אַוועקגערויבט דעם גניאַלן זינגער, דעם העל־זעענדן קינסטלער און גרויסן מייסטער פון דעם רוסישן וואָרט, וואָס האָט דערהויבן די מאָדערנע רוסישע פּאָעזיע צו איר אַמאָליקער קעניגלעכער גדולה פון פּ ו ש ק י נ ס און ל ע ר מ אָ נ־ט אָ ו ו ס צייטן.

יונג שטאַרבן די רוסישע דיכטער...

אין זיין שענסטער בלי־צייט איז אומגעקומען פּושקין און נאָך אים לערמאָנ־טאָוו, און איצט קוים אַ פערציק־יאָריקער, שטאַרבט דער אָנגעזענסטער רוסישער פּאָעט, אין דעם העכסטן גלאַנץ פון זיינע שעפערישע מעגלעכקייטן.

אַ פיר און צוואַנציק יאָריקער באַטרעט בלאָק דעם פּאַרנאַס שוין אַלס ריי־פער קינסטלער.

מיט דעם ערשטן בוך פון זיין ליריק „פּערזן וועגן דער שיינער דאַמע" האָט ער געוואונען די קריטיק און דעם לעזנדן עולם פון רוסלאַנד.

נישט קוקנדיק, וואָס צו יענער צייט איז די ליטעראַרישע בינע געווען פאַרנו־מען מיט אַזעלכע דיכטערישע גדולים, ווי ק אָ נ ס ט אַ נ ט י ן ב אַ ל מ אָ נ ט, וואַלערי בריוסאָוו און אַנדרעי ביעלי, — איז דאָך בלאָק אָנערקענט געוואָרן אַלס דער „פּרינץ פון די פּאָעטן און אַלס דער ערנסטסטער פּרע־טענדענט אויף פּושקינס דיכטערישן טראָן.

זיין לייכטער, און פריי־פליסנדער גאָלדענער פערז האָט אויפגעוועקט אין זכרון די מייסטערשאַפט פון דעם גרויסן זשעני פון דער רוסישער פּאָעזיע.

די צוויי ביכער ליריק וואָס זיינען דערשינען תיכף נאָך די „פּערזן וועגן דער שיינער דאַמע" — „די שניי־מאַסקען", די „צופעליקע פרייד" און די לירישע דראַ־מען „דער באַלאַגאַנטשטשיק", „די אומבאַקאַנטע", „דער קעניג אויפן פּלאַץ", — האָבן פאַרשטאַרקט און באַשטעטיקט דעם איינדרוק, וואָס בלאָק האָט אַרויסגערופן מיט זיינע ערשטע לידער און האָבן אים אַרויסגערוקט אין די ערשטע רייען פון דער רוסישער ליטעראַטור.

אמת, אונטער דעם רושם פון זיינע ערשטע לידער „וועגן דער שיינער דאַמע" (ספּעציעל די פּאָעמע, וואָס האָט פיל אויפזען דערוועקט: „אַנטפּלעק מיר דיין ווייס פּיסל"), האָט מען געקענט מיינען, אַז ב ל אָ ק איז נאָר אַ גניאַלער מייסטער

פון דער פ אָ ר ם, וואָס באַווייזט אין אויסגעצייכנטע פּושקינישע פערזן דעם אַלטן און לייכטן עראָס-מאָטיוו.

לכתּחילה איז נישט געווען גענוג קלאָר, אַז בלאָקס „שיינע דאַמע" און „אומ־באַקאַנטע" איז מער ווי די פאַרקערפּערונג פון דער שיינער און אידעאַלער ווייב־לעכקייט — פון דער מאַדאָננע.

דאָס שפּעטערדיקע פּאָעטישע שאַפן פון בלאָקן האָט אָבער באַלד באַוויזן, אַז זיין „שיינע דאַמע" איז נישט קיין אַנדערע, ווי דאָס גרויסע, מיטן שכל אומבאַ־גרייפבאַרע רוסלאַנד, וואָס האָט געבוירן אין איר שוים די וועלט-רעוואָלוציע.

און בלאָק איז געוואָרן איר טרובאַדור, איר איינציקער, גענעאַלער זינגער.

די רעוואָלוציע פון 1905, וואָס האָט באַגייסטערט ב אַ ל מ אָ נ ט ן און זיינע חברים פון דעם דעקאַדענטישן זשורנאַל „וועסי", האָט בלאָקן איבערגעלאָזן קאַלט און גלייכגילטיק. דער ערשטער רוסישער פּאָליטישער שטורם האָט נישט פאַרטשעפּעט בלאָקס פּאָעטישע נשמה. ער האָט זיך דאַן אַלץ געזונגען זיינע לידער וועגן די ווייסע פּיסלעך פון „אומבאַקאַנטער"...

נאָר אָט איז געקומען דער נ אָ וו ע מ ב ע ר - שטורם.

פון אומבאַקאַנטע טיפענישן האָט זיך אויפגעהויבן די בלינדע און פאַר דעם אויסערלעכן אויג נאָר צעשטערנדע רוסישע סטיכיע. רוסלאַנד האָט העזהדיק אָנגע־הויבן צו דערפילן איר וועלט־באַפרייענדע מיסיע, און בלאָק האָט זיך צענויפגע־שמאָלצן מיט אָט דער סטיכיע. ער איז געוואָרן איר נביא און זינגער און האָט באַשאַפן זיין גענעאַלע פּאָעמע „צוועלף". מיט זיין שעפּעריש-אינטואיטיוון זשעני האָט ער דיכטעריש באַזינגט דעם גרויסן און נישט קלאָרן פאַר אונדז כאַאָס פון אונדזערע טעג...

און אינטערעסאַנט איז, אַז בלאָק האָט שוין לאַנג אַרויסגעוויזן זיין נביאיש־פּאָעטישן חוש.

בעת מיט אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר צוריק איז געשען די ערדציטערניש אין מ ע ס י נ אַ (זיד־איטאַליע) האָט בלאָק אין דער מאָסקווער ליטעראַרישער גע־זעלשאַפט געהאַלטן אַ פאָרטראַג, וועלכן מען האָט שוין איצט פאַרגעסן.

ווי איך דערמאָן זיך, האָט ער דאַן אָנגעוויזן די סימבאָלישע באַדייטונג פון דער מעסינער קאַטאַסטראָפע. ער האָט גערעדט וועגן דעם טראַגיזם פון אונדזער מענטשלעכער בלינדקייט. מיר גייען זיך אום רואיק אויף דער ערד, נישט ווויסנדיק נישט פאָרפילנדיק, אַז ערגיץ־וואו האָט זיך אַ ריר געטאָן דער סיסמאָגראַפישער וויזער, און די ערד האָט געשפּאָלטן איר קאָרע און האָט דערשלונגען אַ פּראַכט-פולע שטאָט, די מענטשן און זייערע שטאָלצע שאַפונגען.

„קומט דען נישט דאָס זעלבע פאָר אין סאָציאַלן לעבן?" — האָט בלאָק דע־מאָלט געפרעגט. „גייען מיר נישט אום אויף דער אָפּנאַרנד-פאַרמאַכטער סאָציאַ־

לער קאָרע פון היסטאָרישער רואיקייט, און דאָרט אין די באהאַלטענע טיפעניש גרייט זיך שוין אפשר דער גרויסער בונט פון דער היסטאָרישער סטיכיע“.

אזוי האָט בלאָק נביאות געזאָגט וועגן דעם אויפרייס פון סאָציאַלן וואולקאַן מיט יאָרן צוריק אין אַ צייט, ווען מיר האָבן נישט געטראַכט און נישט גערעכט זיך אויף דעם.

און איצט בעת ס'האָט זיך אויפגעהויבן די גרויסע היסטאָרישע לאַווינע, האָט זיך בלאָק נישט דערשראָקן פאַר איר, נאָר האָט זי באַזונגען. ער האָט באַזונגען די נייע קומענדע שיינקייט, דעם ליכטיקן מאָרגן, וואָס בליצט אין דער ווייטער ווייטעניש, וואָס מיטן פראָסטן אויג — אינעם נעפּל פונעם טראַגישן היינט, — זעט מען נאָך נישט...

אָבער דאָס וואָס מיר זעען נישט פילן בחוש דיכטער־נביאים.

און בלאָק איז געווען מער ווי אַ געניאַלער פּאָעט, אים איז געגעבן געוואָרן די גרויסע מתנה פון רוח־נבואה...

(אָקטובער 1922)

---

# איוואַן פּאַוולאָוו

מיט דעם טויט פון דעם אַקאַדעמיקער, פּראָפ' איוואַן פּאַוולאָוו, האָט ראַטן־רוסלאַנד פאַרלוירן נישט נאָר איר גרעסטן און וועלט־באַרימטן וויסנשאַפטלעכן גאון, נאָר אויך איינעם פון אירע מערקווירדיקסטע פּערזענלעכקייטן, פאַר וועלכע עס זיינען נישט געשריבן געווען די געזעצן פון דער אַלמעכטיקער און אומברהמנותדיקער רעוואָלוציע.

דער פאַל פּאַוולאָוו איז פון איין זייט אַ באַווייז פון דער געוואַלדיקער אומבאַזיגבאַרער פּאָטענץ פון גרויסן מענטשלעכן גייסט, און פון דער אַנדערער זייט האָט די רעוואָלוציע מיט איר מערקווירדיקן רעספּעקט צו דעם וויסנשאַפטלעכן גאון דערוויזן איר גרויסן מאָראַלישן תוך, נישט קוקנדיק וואָס בדרך כלל האָט זי נישט געשאַנעוועט דאָס לעבן פון יחיד.

ווי באַוואוסט, איז פּאַוולאָוו ביז דעם לעצטן יאָר פון זיין געניאַל-שעפערישן לעבן, פאַרבליבן אַ פאַר'עקשנטער פאַנאַטישער קעגנער פון דעם סאָוועטן-רעזשים און דער ראַטן־מאַכט.

ווען איך בין געווען אין לענינגראַד האָב איך זיך אָנגעהערט מערקווירדיקע גע־

שיכטעם וועגן פּאַוולאָוון און זיין פאַנאַטישער אָפּאָזיציע קעגן דעם נייעם מלוכה־רעזשים אין רוסלאַנד און קעגן זיינע מענטשן.

מען דערציילט מיר, אַז יעדע לעקציע זיינע אין דער אַקאַדעמיע פלעגט פּאַוו־לאָוו אָנהויבן:

— מיר לעבן אין דעם טריפהנעם לאַנד פון אַנטיקריסט...

און ערשט נאָכדעם, ווי ער פלעגט זיך אָראָפּרעדן פון האַרצן, אויסגיסנדיק פעך און שוועבל אויף דעם סאָוועטישן רעזשים, פלעגט ער האַלטן די לעקציע אויף דער באַשטימטער וויסנשאַפטלעכער טעמע.

די ראַטן־מאַכט איז אָבער געבליבן טויב און בלינד צו אַלע אַנטי־סאָוועטישע אַרויסטרעטונגען פון דעם געניאַלן געלערנטן, אַפילו אין די מאָמענטן פון דעם שאַרפסטן און פאַרביסנסטן בירגער־קריג, ווען קעפּ זיינען געפלויגן הויפנווייז, האָט מען דעם אַקאַדעמיקער פּאַוולאָוו באַהאַנדלט, ווי אַ קאַפּריזנעם געליבטן קינד.

די רעוואָלוציע האָט דאָ קאַפּיטולירט פאַר דעם גאון, אָבער דאָס איז פון דעם סאָרט קאַפּיטולאַציעס, וואָס דערהויבן און גלאָריפיצירן די רוסישע רעוואָלוציע אין דעם אורטייל פון דער קומענדיקער געשיכטע.

און סוף־כל־סוף האָט די רעוואָלוציע מיט איר מוטערלעכער טאָלעראַנץ צו דעם גאון, אים באַזיגט.

אויף דעם לעצטן אינטערנאַציאָנאַלן פיזיאָלאָגישן קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגע־האַלטן געוואָרן פאַראַיאָרן אין לענינגראַד, האָט דער אַקאַדעמיקער פּאַוולאָוו צום ערשטן מאָל באַגריסט די רעוואָלוציע און האָט געבויגן פאַר איר זיין אַלטן גע־ניאַלן קאָפּ.

אַ חבר מיינער, אויך אַ מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין פיזיאָלאָגישן קאָנגרעס און האָט באַקומען אַן אויסצייכענונג פאַר זיין צוגע־שטעלטער בעמישער אַרבעט, האָט מיר דערציילט, אַז דער איינדרוק פון פּאַוולאָווס רעדע האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדן רושם אויף די סאָוועטישע מענטשן. מען האָט העכסטנס דערוואַרט, אַז אין דער אָנוועזנהייט פון די אויסלענדישע געסט וועט זיך פּאַוולאָוו האַלטן העכסטנס נייטראַל, אויסמיידנדיק פּאָליטישע ענינים.

ווי איבעראַשט איז אָבער געוועזן דער גאַנצער קאָנגרעס, ווען דער אַקאַדעמי־קער פּאַוולאָוו האָט אָנגעהויבן זינגען אַ שירה דער סאָוועטישער אָרדנונג, דער איינ־ציקער מלוכה אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, וואָס האָט זיך געשטעלט צום דינסט פון דער וויסנשאַפט, פּראָטעזשירנדיק זי, ווי אַ זאָרגזאַמע מוטער, בעת אין אַנדערע לענדער פון איירּאָפּע און אַמעריקע האָט דער געלערנטער קיין שום מלוכה־שטיצע און ווערט באַטראַכט אַלס שטיף־קינד.

ווייטער האָט דער פּראָפעסאָר געריהמט די סאָוועטישע רעגירונג פאַר איר אומ־

דערמידלעכן קאמף פארן וועלט-פרידן, וואס איז גזיטיק, ווי פרייע לופט פאר דער אנטוויקלונג פון דער וויסנשאפט.

ביי פראפעסאר פאוולאוו איז געפאלן אין בירגער־קריג זיינער א זון, א וויס־גווארדייער. דעם אנדענקען פון אט דעם זון האט פאוולאוו געוואלט ווידמען א נייעם באנד פון זיינע וויסנשאפטלעכע ווערק, וואס די מלוכה-אקאדעמיע האט צוגעגרייט צום דרוק.

פאוולאוו איז דורכאוים באשטאנען דערויף, אז אויף דעם ווערק זאל שטיין די פאלגנדע ווידמונג:

— דעם ליכטיקן אנדענק פון מיין זון.

און די מלוכה־אקאדעמיע האט זיך קוים דערבעטן ביי פאוולאוון, אז דאס ווארט „ליכטיקן" זאל נישט פיגורירן אין דער ווידמונג, ווייל מען האט עס גע־האלטן פאר אוממעגלעך, אז אין אן אפיציעלן מלוכה־פארלאג זאל דערשיינען א ווערק מיט א ווידמונג א וויסגווארדייער.

איצט איז אט דער גרעסטער וועלט־גאון פון רוסלאנד פארשוואונדן און דער ראטן-פארבאנד ערט זיך, ווען ער גיט איצט אפ א באמת „קעניגלעכן" כבוד דעם גרעסטן געלערנטן פון אונדזער צייט, וואס שטייט אין איין רייע מיט איינשטיינען און וואזשע אינקלאזן.

---

# דער טראגישער סוף פון דער טאנץ-פריסטערן

(איזאדארא דונקאן)

עס איז געווען מיט מער ווי א פערטל יארהונדערט צוריק.

אין דער קונסט און טעאטער האט נישט געבלאזן קיין שום פריש ניי ווינטל און דער באלעט האט זיך געהאלטן אין זיינע פארגליווערטע, קאנוועאציאנעלע פאר־מען פון קלאסיציזם: שפיץ־פינגער מיט גאלד־ארנאמענטירטער זיידענער קליידונג.

און אט אין דער צייט פון דער פולשטענדיקער דעקאדענץ פון דער טאנץ־קונסט, ווען דער באלעט האט געדינט בלויז אלס צודאט צו דער אפערע, און איז רעדוצירט געווארן צו א גימנאסטישער טעכניק און אקראבאטיק, — איז דערשינען, ניין, האט זיך אריינגעריסן ווי אן אפפרישנדער שטורם אויף דער וועלט־בינע א י ז א־ד א ר א ד ו נ ק א ן, די געניאלע טענצערן, וואס האט דעם טאנץ פארוואנדלט אין א רעליגיעזער עבודה...

איך דערמאן זיך דונקאנס ערשטן ארויסטריט אין דער ווארשעווער פילארמא־ניע מיט איבער צוויי צענדליק יאר צוריק.

די גרויסע טענצערן האט נאך דעמאלט נישט געוואונען די אנערקענונג פון אייראפע. לאנדאן האט זי קאלט אויפגענומען און ערשט אין פעטערבורג, וואו ס'איז

שפּעטער אַנטשטאַנען די נייע באַלעט-שולע, האָט מען אָפּגעשאַצט און אָנערקענט
די געוואַגטע רעוואָלוציאָנערין פון דער טאַנץ-קונסט.

דאָס פּובליקום אין דער וואַרשעווער פילהאַרמאָניע איז געווען געפּלעפט, דערזעענדיק די גראַציעזע האַלב־נאַקעטע פיגור אין דער גריכישער טוניק, טאַנצנדיק שאָפּען׳ס נאָקטורן, מאָצאַרטן, שומאַנען און שובערטן.

טאַנצן שאָפּענען...

מען האָט דאָס אין וואַרשע באַטראַכט אַלס לעסטערונג פון דעם גרויסן פּוילישן קאָמפּאָזיטאָר.

און די, וואָס זיינען אין משך פון לאַנגע יאָרן געוואוינט געווען צום טראַדיציאָנעלן באַלעט, צו דעם שפּיץ־פינגער טאַנץ אין די גאָלדענע שיכלעך, געפּודערטע פּאַרוקן און פאַרצירטע געוואַנטן, זיינען סקאַנדאַליזירט געוואָרן פון דער דרייסטער געוואַגטקייט פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער טענצערן, וואָס איז דערשינען אויף דער בינע באָרוועס, קוים באַדעקט דעם קערפּער מיט לייכטן געוואַנט פון דער גריכישער טוניק . . .

אָבער אין דער זעלבער צייט, ווי די טראַדיציאָנאַליסטן און קונסט־קאָנסערוואַטאָרן האָבן דונקאַנס ערשטן אַרויסטריט אויפגענומען מיט שטורמישע פּראָטעסטן און פאַרניכטנדער קריטיק, — האָבן די אַלע, וואָס האָבן געבענקט נאָך נייע קונסט־אַנטפּלעקונגען, דערפילט, אויב נישט קלאָר באַגריפן, אין דעם דונקאַן־טאַנץ אַן אָנזאָג פון אַ נייעם קונסט־רענעסאַנס, פון דער אויפלעבונג פון דעם אַלט־גריכישן טאַנץ־קולט.

די דונקאַן איז אַזוי אַרום געוואָרן דער שטורם־צענטער פון דעם קאַמף פון די אַלטע און נייע אידייען אין דער קונסט און האָט דעם טאַנץ, וואָס איז פאַרגליווערט געוואָרן אין די טראַדיציאָנעלע באַלעט־פאָרמען און האָט פאַרלוירן זיין אַמאָליקן גרויסן קונסט-ווערט, ווידער דערהויבן צו זיין אַמאָליקער שעפערישער הויך פון במעט אַ גאָטעס־דינסט.

אויסער איר אייגענער דערגרייכונג, וואָס זי האָט באַהערשט דעם קערפּער־ריטם אַלס אויסדרוק־מיטל און פּלאַסטישע פאַרקערפּערונג פון די העכסטע און טיפסטע מענטשלעכע געפילן, פון ליידן, פריידן, פאַרצווייפלונג און ענטוזיאַזם, — האָט די דונקאַן רעוואָלוציאָניזירט די גאַנצע טאַנץ־קונסט און דעם באַלעט און האָט אינספּירירט די איבערשאַצונג פון די אַלטע קונסט־ווערטן און באַגריפן.

דער נייער רוסישער באַלעט פון דיאַגילעוון, פאָקינען, וואָס האָט מיט דער מיטאַרבעטערשאַפט פון די גרויסע מאָלער, בענוא, באַקסט, קוסטאַדיעוו א. א. דערגרייכט צו אַזאַ הויכן קינסטלערישן סינטעז פון פאַרב, קלאַנג, און באַוועגונג, איז אַן אומדירעקטער רעזולטאַט פון דער דונקאַנישער טאַנץ־רעוואָלוציע.

אַ גאַנצע פאַרגעסענע, זינט די צייטן פון אַלט-גריכנלאַנד וועלט פון קינסט־

לערישע עמאָציעס און דערגרייכונגען איז ווידער אַנטפּלעקט געוואָרן פאַר אונדזער צייט אַדאַנק דעם שפּעדישן זשעני פון דער טאַנצנדער אַמעריקאַנערן.

די דונקאַן האָט געעפנט די אויגן פון דער וועלט אויף די גרעניצלאָזע מעגלעכקייטן פון דער טאַנץ-קונסט אויסצודריקן אַזוי ווי אין דער מוזיק אַלע איידלסטע באַוועגונגען פון דער מענטשלעכער נשמה און אַפילו פון דעם גדאַנק.

האָט דאָך נישט נאָר איין הוגאָ פאָן האָפמאַנסטאַל, דער פיינסטער ווינער פּאָעט און דראַמאַטורג, נאָר אויך פיל אַנדערע דיכטער אָנערקענט, אַז „אין די פיס פון דעם רוסישן טענצער ניזשינסקי איז פאַראַן אַזוי פיל גדאַנק און פּאָעזיע, ווי אין געטעס פאוסט...”

און די דונקאַן, מיט איר „אַווע מאַריאַ”, מיט איר פּלאַסטישער אילוסטרירונג פון קאַפּיטלען תהילים האָט דערוויזן, אַז היינע האָט רעכט געהאַט, ווען ער האָט געזאָגט וועגן אַ צווייטער טענצערן, אַז „זי טוט תפילה צו גאָט מיט אירע פיס...”

פּאַרטיפנדיק זיך ביז צום רעליגיעזן עקסטאַז אין איר טאַנץ פון „אַווע מאַ־ריאַ”, האָט די דונקאַן ביי טויזנטער און טויזנטער מענטשן אין אַלע וועלט־טיילן געוועקט טרערן פון רעליגיעזער באַגייסטערונג... פּונקט ווי זי האָט געוועקט עקס־טאַטישע פרייד מיט איר טאַנץ פון שובערטס מיליטער־מאַרש וואו זי פלעג זיך דערהויבן צו דער שיינקייט פון אַ אמת גריכישער פּריסטערן...

:: :: ::

פּונקט ווי אין אָנהויב פון איר קינסטלערישער קאַריערע, האָט זי זיך אָנגע־שטויסן אויף דער אומפאַרשטענדעניש פון איר נייער קונסט, אַזוי האָט זי שפּעטער — דערהויפּט אין די לעצטע יאָרן פון פאַר דער מלחמה — דערגרייכט דעם העכסטן טריאומף סיי ביי דעם גרויסן פּובליקום, אַזוי אויך ביי די אויסדערוויילטע קינסטלער.

פּאָעטן און קינסטלער האָבן איר לויב־געזאַנגען געזונגען.

אַזאַ גרויס-מייסטער ווי ראָדען, האָט באַטראַכט די דונקאַן אַלס העכסטן אויס-דרוק פון קונסט, אַלס דעם סינאָנים פון דער העכסטער קלאַסישער שיינקייט.

און דער גרויסער עולם האָט איר וועג מיט בלומען פאַרשאָטן.

אָבער דער גרויסער קינסטלערין איז נישט באַשערט געווען דער גליק פון רו-איקן אויסלעשן זיך פון איר שטערן.

די לעצטע יאָרן פון איר לעבן זיינען געווען אַ טראַגישע גסיסה.

די וועלט האָט פאַרגעסן די רומפולע טענצערין און נאָך אַ לעבן פול גלאַנץ און שטורם, האָט זיך כמעט קיינער וועגן איר נישט דערמאָנט און זי האָט געלעבט אין פּאַריז אין נויט און איינזאַמקייט.

דער לעצטער אויפבליץ פון איר שעפערישער קראַפט איז געווען איר רייזע אין רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד.

דער שטורם פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט פאַרלאָקט די גרויסע קינסט־

לערן פון דער רואיקער אַמעריקע אין דעם לאַנד פון דעם רעוואָלוציאָנערן געווירבל...

די רעוואָלוציאָנער־אוואַנטוריסטישע באַהעמע־נאַטור פון דער קינסטלערן האָט דערזען אין דעם רעוואָלוציאָנער־אויפגעשטורעמטן רוסלאַנד אַ פעלד פאַר איר קינסט־לערישן רעוואָלוציאָניזם.

און אין דעם רויטן מאָסקווע איז געווען דער לעצטער טריאומף־עפּילאָג פון דונקאַנס קינסטלערישער קאַריערע.

אומקערנדיק זיך פון רוסלאַנד, נאָכדעם ווי זי האָט דורכגעלעבט די ראָמאַנ־טישע אוואַנטורע מיטן רוסישן דיכטער יעסענין — האָט זיך אָנגעהויבן אויסלעשן דער שטערן פון דער רומפולער קינסטלערן.

אין גרויס פאַרצווייפלונג פון איר איינזאַמקייט און פאַרלאָזנקייט האָט זי מיט אַ יאָר צוריק געפּרואווט באַגיין זעלבסטמאָרד, וואַרפנדיק זיך אין ים.

מען האָט זי אָבער געראַטעוועט, כדי זי זאָל איצט געפינען איר טראַגישן טויט אין ניצאַ, די שטאָט, וואָס איז אַן עדות פון אירע טריאומפן...

:: :: ::

דאָס געדעכעניש פון דער דונקאַן וועט אָבער נישט פאַרשווינדן, ווייל זי האָט פאַר די מענטשן ווידער געעפנט דעם פאַרגעסענעם קוואַל פון דער טאַנץ־פרייד און האָט געוואָלט אויפלעבן פאַר אונדז די פאַרשוואונדענע וועלט פון דער אַלט־גריכי־שער שיינקייט...

:: :: ::

## צום אָנדענק פון יודזשין דעבס

(דער אַפּאָסטאָל און מאַרטירער פון פרידן)

עס ווערן שיטערער די רייען פון די גרויסע סאָציאַליסטישע וועלט־פיגורן, וואָס האָבן באַלויכטן דעם וועג נישט נאָר פאַר זייערע פאַרטייען, נישט נאָר פאַר דעם פראָלעטאַריאַט, נאָר פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

נאָך דעם פאַרלוסט פון זשאַן זשאָרעסן איז דער טויט פון י ו ד ז ש י ן ד ע ב ס, דער שטאַרקסטער קלאַפּ פאַרן אַלוועלטלעכן סאָציאַליזם און די שווערסטע אבדה פאַר דער מענטשהייט, וואָס שטרעבט צום פרידן און צו דעם גליק פון אַלעמען.

די ערד פון נאָרד־אַמעריקע וואָס האָט אַרויסגעגעבן איר גרעסטן און הומאַ־ניסטישן שטאַטסמאַן א ב ר א ם ל י נ ק אָ ל ן האָט אויך אויפגעהאָדעוועט יודזשין דעבסן, דעם פּשוטן אייזנבאַן־אַרבעטער, וואָס האָט אין זיך פאַרקערפּערט די בעסטע מידות פון דער אַמעריקאַנער פאָלק, זיין גאַנצן אידעאַליזם, דאָס שענסטע און בעסטע וואָס עס פאַרמאָגט.

די אין מאַטעריאַליזם און אינדיווידועלן עגאָאיזם פאַרזונקענע נאָרד־אַמעריקאַ־

נער ציוויליזאציע, וואו עס הערשט די ברוטאַלע מאָראַל, אַז „דער מענטש איז דעם מענטשן אַ וואָלף“, האָט באַקומען איר תיקון אין די אַפּאָסטאָלישע פיגורן פון לינקאָלן און דעבסן.

יודזשין דעבס איז באַטראַכט געוואָרן אַלס דער פירער און אינספּיראַטאָר פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער סאָציאַליזם, אָבער עס וואָלט געווען דער גרעסטער טעות צו מיינען, אַז מיט זיינער סאָציאַליסטישער לידערשאַפט שעפּט זיך אויס די באַדייטונג און ווערט פון דעבס פּערזענלעכקייט.

פאַרן נאָרד־אַמעריקאַנער סאָציאַליזם, אויף וויפל ער איז בכלל פאַראַן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט וואַרשיינלעך אויפגעטון מער פאַר דעבסן דער קלוגער, ניכטערער און טאַלאַנטפולער יידישער אימיגראַנט פון ריגע, מ א ר י ס ה י ל ק ו י ט (הילקאָוויטש), וועלכער איז דער פּאַקטישער פירער פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. הילקוויט איז געווען דער, וואָס האָט געפּרואווט איינפלאַנצן דעם מאַרקסיזם, דעם אייראָפּעאישן סאָציאַליזם אין נאָרד־אַמעריקע.

דעבס איז נישט געווען דער פּאַקטישער פירער פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער סאָציאַליזם, ער איז געווען פיל מער פון דעם, ער איז געווען דער פאָנען־טרעגער פון דעם סאָציאַליזם, דער סימבאָל און די פאַרקערפּערונג פון דעם גרויסן הומאַניסטישן און עטישן תוך פון סאָציאַליזם.

אין די ברויזנדע און שטורמדיקע רעדעס פון דעבסן, און ער איז געווען איינער פון די גרעסטע אָראַטאָרן וואָס נאָרד־אַמעריקע פאַרמאָגט, — האָט איר נישט געהערט די טעאָריעס און דעם פאַרנונפט פון דער סאָציאַליסטישער לערע, נאָר איר האָט געפילט דעם פּאַטאָס פון דעם סאָציאַליסטישן אמת און שטאַרקער פון אַלץ די אמונה, די ענטוזיאַסטישע און אָנשטעקנדע אמונה אין דעם נצחון פון דער גערעכטיקייט און אין דעם טריאומף פון מענטשלעכער ליבע.

זעענדיק די אומגעווייינלעך הויכע און דאַרע פיגור פון דעבסן מיט זיינע פונקען־שפּריצנדע אויגן אויף דער רעדנער־טריבונע אָדער אין דער שפּיץ פון די סאָציאַליסטישע גאַסן־מאַניפעסטאַציעס, האָט איר זיך נישט געקענט באַפרייען פון דעם איינדרוק, אַז איר האָט פאַר זיך אַ יעזוס־געשטאַלט.

עס איז אפשר טיפּיש פאַר די בעסערע אַנגלאָ־זאַקסישע מענטשן, וואָס זייערע הומאַניסטישע אידייען זיינען דורכגעדרונגען מיט רעליגיאָזיטעט און דעבס פונקט ווי לינקאָלן און ציימנוויז ווילסאָן האָבן אין זיך געהאַט עפּעס פון רעליגיעזע פּרעדיקער, פון פרומע און גלויביקע קירכן־פּאַסטאָרן...

דעבס רעדעס פלעגן אויף אייך נישט איבערלאָזן דעם איינדרוק פון פּאָליטישע פּראָגראַם־דעקלאַראַציעס, נאָר פון רעליגיעזע פּרעדיק־דרשות און פאַר דעבסן איז ווירקלעך דער סאָציאַליזם נישט געווען קיין סאָציאַל־פּאָליטישע דאָגמע, נאָר אַן אַלמענטשלעכע רעליגיע.

אין איר פולער מאַראַלישער שיינקייט און גלאַנץ האָט דעבס פּערזענלעכקייט אויפגעשטראַלט אין דעם מאָמענט, ווען נאָרד־אַמעריקע איז אַריינגעטראָטן אין וועלט־קריג.

אמת, די גאַנצע נאָרד־אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי — צו איר רום זאָל עס פאַרצייכנט ווערן — האָט געהאַט דעם מוט אַרויסצוטרעטן קעגן דעם מלחמה־שגעון און קעגן ווילסאָנס קריגס־פּאָליטיק. אין דעם פּרט האָט די שוואַכע נאָרד־אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איבערגעשטיגן אַלע אירע עלטערע און שטאַרקערע שוועסטער־פּאַרטייען אין אייראָפּע, וועלכע זיינען אַריינגעשלעפּט געוואָרן אינעם אָפּגרונט פון קריגס־משוגעת.

אויף דעבסן איז אויסגעפאַלן דער גורל צו זיין דער פרידנס־אַפּאָסטאָל און דער פרידנס־מאַרטירער פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער סאָציאַליזם.

ווי באַוואוסט איז דעבס שוין ביים שלום פון דער מלחמה פאַרמשפּט געוואָרן צו צען יאָר טורמע פאַר זיין פרעדיקן שלום. און זיין האַלטן זיך פאַר די ריכטער איז געווען פון אַ רעליגיעזן מאַרטירער.

„איך אָפּאָניר זיך נישט קעגן די באַווייזן, וואָס די רעגירונג האָט אַרויסגעשטעלט קעגן מיר — האָט געזאָגט דעבס זיינע ריכטער — און איך קריטיקיר נישט די רעגירונג פאַר איר פאַרפאָלגן מיך. איך וועל אָבער נישט צוריקנעמען קיין וואָרט פון מיין אַנטי־מלחמה־רעדע, כדי צו ראַטעווען זיך פון טורמע. איך ווער באַשולדיקט אין אַ פאַרברעכן, אָבער איך קוק מיט שטאָלץ צו די ריכטער, צו די געשוואוירענע און צו דער גאַנצער וועלט, ווייל אין מיין האַרץ איז נישטאָ קיין פונק בייזעס. איך ווער אָנגעקלאָגט פאַר קעגנשטעלן זיך דעם קריג. מיינע הערן, איך אָנערקען דאָס, איך האָס דעם קריג, און ווען איך וואָלט איינער אַליין געווען, וואָלט איך באַקעמפט דעם מלחמה־משוגעת"...

אַזוי האָט גערעדט דעבס פאַרן געריכט און אַנדערש וואָלט נישט גערעדט קרים־טום צו זיינע ריכטער.

דעבס איז פאַרבליבן אַן ערך דריי יאָר אין טורמע און פאַר דער דאָזיקער צייט איז דאָס געפענגעניש אין אַטלאַנטאַ, וואו ער איז געזעסן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָרט פון פילגערשאַפט פון טויזנטער גלויביקע, וועלכע האָבן געוואַנדערט אַהין צו הערן דאָס וואָרט פון דעם פרידנס־אַפּאָסטאָל און מאַרטירער.

און עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אומגעהויערן מאָראַלישן מאַגנעטיזם און צויבער פון דעבסן, אַז זיצנדיק אין טורמע איז ער געוואָרן דער בעסטער פריינט פון די שרעקלעכסטע פאַרברעכער, וואָס זיינען דאָרטן געווען און מען דערציילט, אַז ער האָט איינעם אַ נעגער־אַרעסטאַנט, אַ בונטאַרישן שווערן פאַרברעכער פאַרוואַנדלט ממש אין אַ טויב...

און נישט אומזיסט האָט דעבס אַרויסגייענדיק פון טורמע דערקלערט, אַז ער

האָט אויסגעפונען, אַז די ליבע איז אַלמעכטיק, און אַז קיין שום כוחות אויף דער ערד קענען זיך איר גוט נישט קעגנשטעלן. די שנאה, קריג און גרויזאַמקייט מוזן אָפּטרעטן דעם פּלאַץ פאַר ליבע. די ליבע וועט באַזיגן אַלע טי־ראַנייען, זי וועט אויסלייזן אַלע טורמעס און וועט עמאַנסיפּירן די מענטשלעכע ראַסע.

און אויף זיין מצבה וועט מען מיט גאָלדענע ווערטער אויסקריצן זיינע אומ־שטערבלעכע ווערטער: „איך האָס דעם קריג און גלויב אין דער אַלמאַכט פון ליבע...“

און ביי דעם קבר פון דעבסן וועלן אויך נישט פעלן די פאַרטרעטער פון יידישן פאָלק, ווייל זיין גרויסע ליבנדע האַרץ איז אויך געווען אָפן פאַר די ליידן און האָפ־נונגען פון יידישן פאָלק, ווייל מיט זיין שטאַרקן גלויביקן וואָרט האָט ער נישט איינ־מאָל דערמוטיקט דעם קאַמף פאַר דער יידישער סאָציאַליסטישער צוקונפט אין פּאַלעסטינע . . .

---

## צום צוואַנציקסטן יאָרצייט פון זשאַן זשאָרעס

דער 30־טער יולי 1914.

צוועלף אַזייגער ביינאַכט איז זשאַן זשאָרעס געווען אין „קעי ד'אָרסעי“ — אין פּאַלאַץ פון פראַנצויזישן אויסערן־מיניסטעריום. ער האָט געשמועסט מיטן דעמאָל־טיקן פרעמיער וויוויאַני.

דאָס איז נישט געווען קיין לעבעדיקע קאָנווערסאַציע. זשאָרעס איז געקומען אָנ־געלאָדן מיט שטורעם. ער איז געקומען אַלס אַדוואָקאַט פון אייראָפּע, אַלס פאַרטיידי־קער פון דעם באַדראָטן פרידן און האָט געפאָדערט, אַז די פראַנצויזישע רעגירונג זאָל פאַרלאַנגען אולטימאַטיוו פון דער אַליאירטער צאַרישער רוסלאַנד זי זאָל אָפּ־שטעלן די מאָביליזאַציע, כדי צו פאַרהיטן אייראָפּע פון דער מלחמה־קאַטאַסטראָפע. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז דער צאַר זאָל געוואָרנט ווערן, אַז פראַנקרייך איז גרייט בטל צו מאַכן די עקזיסטירנדיקע אָפּמאַכן, אויב איר וואונטש זאָל נישט דערפילט ווערן.

מיט שטורעם און ברענענדער ליידנשאַפט האָט זשאָרעס געפירט זיין היסטאָרישן שמועס מיט דעם פראַנצויזישן מיניסטער־פּרעזידענט.

דאָס איז געווען דער לעצטער העראָאישער פאַרזוך פון דעם אַפּאָסטאָל פון פרידן צו פאַרטיידיקן זיין הייליקסטן אידעאַל, דעם גאָט, וואָס ער האָט שטענדיק געדינט און צו וועלכן, ווי ער אַליין האָט זיך אויסגעדריקט, ער האָט שטענדיק גערופן אין האָפנונג און פּיין...

זשאָרעס האָט אַ קלאַפּ געטון מיטן פויסט אויפן גרינעם מיניסטער־טיש און האָט, ווי אַ פּאַרוואונדעטער לייב דראָענד געוואָרנט:

— אויב ביז מאָרגן אינדערפרי וועט נישט געשיקט ווערן די פאַרלאַנגטע נאָטע דער צאַרישער רעגירונג — וועל איך רופן די פראַנצויזישע אַרבעטער צו אַ רעוואָלוציע, אין מאָמענט, ווען איר וועט זיי רופן צו מאָביליזאַציע...

און זשאָרעס איז אַוועק אין דער רעדאַקציע פון זיין ציַיטונג „הומאַניטע", וואָס איז אין זיינע הענט ווירקלעך געווען דער אָרגאַן, די געוויסנס־שטימע פון דער גאַנצער ערלעכער מענטשהייט.

די מונדלעכע וואָרנונג, וואָס ער האָט געמאַכט דעם פראַנצויזישן מיניסטער, האָט ער איבערגעגאָסן אין פייער־פלאַמענדע ווערטער פון אַן עדיטאָריאַל.

פאַרנאַכט-צו איז ער אַריין אין זיין שטענדיקן קאַפע ביי דער רעדאַקציע. און דאָרטן האָט אים געטראָפן די פאַררעטערישע קויל פון אַ משוגענעם פאַרברעכער, וואָס האָט זיין נשמה פאַרקויפט דער פראַנצויזישער מיליטאַריסטיש-שאָוויניסטישער באַנדע.

די, וואָס האָבן געזוכט דעם קריג, וואָס האָבן געגאַרט אויף דער שעה, ווען מען וועט קענען אַרויסנעמען די שווערד פון שיידל, כדי אַרויסצורייסן ביי דייטשלאַנד על־זאַס-לאָטאַרינגיע, האָבן געוואוסט, אַז זשאָרעס, דער גרעסטער מענטשן־פריינט איז זייער ביטערסטער שונא, אַז כל־זמן עס לעבט דער גרויסער אַדוואָקאַט פון פרידן, שטייט אין סכנה זייער פינצטערע זאַך — די מלחמה.

די פּוריע פון קריג האָט געמוזט איבערטרעטן דעם טויטן קערפּער פון זשאָרעסן, כדי זי זאָל קענען פריי און אומגעשטערט אַריינגעמען אין אירע לאַפּעס די אומגליקלעכע אייראָפּע.

דעם 30-טן יולי 1914, 6 אַזייגער פאַרנאַכט איז אַנטשיידן געוואָרן דער ביטערער גורל פון אייראָפּע.

די קויל, וואָס האָט דורכגעלעכערט דאָס האַרץ פון דעם גרויסן צדיק הדור, דאָס גרעסטע און נאָבלסטע האַרץ, וואָס די מענטשהייט האָט זייט דורות פאַרמאָגט, האָט פאַרניכטעט דעם אייראָפּעאישן פרידן.

אויף מאָרגן, דעם 31-טן יולי, האָבן שוין די אייראָפּעאישע אַרמייען מאַרשירט צו די גרעניצן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער זעלבסטמאָרד־פּראָצעס פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע, וואָס ציט זיך ביז אין אונדזערע טעג...

איך בלעטער איצט אַ קליין דין ביכעלע פון עטלעכע צענדליק זייטלעך. דאָס זיינען פינף קאָנפערענצן, וואָס זשאַן זשאָרעס האָט געהאַלטן דאָ אין בוענאָס-איירעס אין טעאַטער „אָדעאָן", בעת זיין באַזוך אין אַרגענטינע אין 1911.

וויפל מענטשלעכע גרויסקייט, טיפע נאָבעלקייט פון געדאַנק, הומאַניסטישער

פּאַטאָס און פּראָפּעטישע זעאונגען, — יאָ, אמתע נבואה! — עס זיינען דאָס פאַר־באָרגן אין דעם דינעם ביכל, וואָס עס ליגט איצט פאַר מיינע אויגן.

וואָס פאַרא טעמעס זשאָרעס האָט נישט באַרירט אין זיינע פאָרטראַגן, פלעגט ער זיך שטענדיק, ווידער און אָבער אומקערן צו זיין גרונד־טעמע, צו זיין גרויסער און הייליקער ליידנשאַפט — דער ליבע צום פרידן.

האָט ער גערעדט וועגן אימיגראַציע אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, וועגן דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע פון פראַנקרייך, אָדער וועגן דעם אַרגענטינער שטאַטסמאַן אַלבערדי — אומעטום און ביי יעדער געלעגנהייט האָט פון זיין פּראָ־פעטיש מויל אַרויסגעזונגען דער פלאַמענדער הימן פאַר זיין גרויסער אידייע — דעם פרידן פון דער מענטשהייט.

און זשאָרעס אַליין זאָגט אין איינער פון זיינע „אָדעאָן"-קאָנפערענצן:

— עס קען זיין, אַז איך קער זיך שוין צופיל אום צו דער טעמע. אָבער אַזוי, ווי אין די אַלטע טעמפּלען האָבן אַלע וועגן געפירט צו דעם מזבח פון דעם הויפּט-גאָט, אַזוי ווענדן זיך שטענדיק מיינע אידייען צו דער גאָטהייט, וואָס איז מיין אידעאַל. און מיין גאָטהייט איז דער מענטשלעכער פרידן, פאַר אים קעמף איך און צו אים ווענד איך מיינע רופן פון האָפנונג און פיין...

רעדנדיק וועגן די מעגלעכע קאָנסעקווענצן פון קריג, האָט זשאָרעס אַפּעלירט צו דער עפנטלעכער מיינונג פון אַרגענטינע און אַמעריקע צו מיטהעלפן דער זאַך פון שלום, הן צוליב הומאַניטאַרע און הן צוליב רעאַלע נאַציאָנאַל־ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן.

מיט אמתער פּראָפעטישער פאָראויסזעאונג האָט זשאָרעס אָנגעוויזן, אַז די מלחמה וועט אָפּשטעלן דעם צופלוס פון מענטשן און קאַפּיטאַל אין אַרגענטינע און וועט אָפּהאַלטן דעם ווירטשאַפטלעכן פּראָגרעס פון די יונגע אַמעריקאַנישע לענדער.

„אייער ציוויליזאַציע פאַרלאַנגט פון אייראָפּע מענטשן און קאַפּיטאַל און נישט דעם בלוטיקן אָפּשיין פון אירע מלחמות".

און וויפל אַנדערע נבואהשע פאָראויסזאָגונגען האָט אַנטהאַלטן דער דערמאָנ-טער פאָרטראַג וועגן די קאָנסעקווענצן פון קומענדן קריג.

בעת אייראָפּע האָט נאָך אין מיטן פון דער בלוטיקער וואַקכאַנאַליע פון קריג געהאַפּט, אַז סוף־כל־סוף וועט אַלס רעזולטאַט פון דעם בלוטיקן געראַנגל קומען די משיח־צייט פון דעם אייביקן שלום, האָט זשאָרעס מיט פיר יאָר פאַר דער קאַטאַס-טראָפע געוואָרנט פון דער טריבונע פון „אָדעאָן" קעגן דער דאָזיקער טועתדיקער אמונה.

ער האָט געזאָגט, אַז עס איז אַן אומזין, אַ שגעון צו גלויבן, אַז עס איז נויטיק דער קריג, כדי נאָכדעם מאַכן מעגלעך די אַנטוואַפנונג, אַז עס איז נויטיק אַ לעצטע מלחמה, כדי אויפבויען דעם אוניווערסאַלן פרידן.

„ניין, דאָס איז אַ שפּאַס! — האָט זשאָרעס אויסגערופן מיט אַנטריסטונג. אויב די מענטשהייט פאַרמאָגט נישט היינט דעם כוח, די פאַרנונפט, די פּאָטענץ פון שכל צו מאַכן אַ סוף צו די שרעקן און ברוטאַליטעט פון קריג, וועט זי זיין וויניקער האָבן נאָך אַ נייער מלחמה, וואָס וועט דערוועקן ביי די איינע דעם שטאָלץ פון נצחון און ביי די אַנדערע די פאַרצווייפלונג און נקמה פון דער מפּלה.

„ניין, ניין, — האָט אויסגערופן מיט ליידנשאַפט זשאָרעס, — נישט קיין נייער קריג, נישט קיין נייער אויסברוך פון משוגעת וועט לערנען די מענטשן און די פעלקער מעסיקייט און פאַרנונפט!”

דאָס איז געזאָגט געוואָרן אין יאָר 1911.

און וואָס פאַראַ ביטערע ווירקלעכקייט עס איז איצט אָט די נבואה אין יאָר 1934!

ווען עס איז אויסגעבראָכן דער קריג, האָבן אַ היפּשע צאָל פון די גרעסטע פּאָליטיקער און מיליטער-פירער פון אַלע לענדער געגלויבט, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן אין צוויי-דריי חדשים.

דער גאַנצער פּלאַן פון דעם שעף פון דייטשן גענעראַל־שטאַב, גענעראַל מאָלטקע, איז געבויט געוואָרן אויף דער השערה פון אַ צוויי־דריי חדשימדיקער קאָנצענטרירטער און שטורמישער אַטאַקע קעגן פראַנקרייך און נאָכדעם קעגן רוסלאַנד.

ווען די דאָזיקע משונהדיקע היפּאָטעזע וואָלט נישט אינספּירירט די דייטשע מיליטאַריסטישע שעפּן, וואָלט עס וואַרשיינלעך נישט געקומען צו דער קאַטאַסטראָפע פון אויגוסט 1914.

זשאַן זשאָרעס איז געווען אפשר דער איינציקער אייראָפּעאישער פּאָליטיקער, וואָס האָט געהאַט דעם קלאָרן פאָראויסזען, אַז אַן אייראָפּעאישע מלחמה וועט דויערן יאָרן.

זשאָרעס האָט פון דער טריבונע פון „אָדעאָן” אינעם יאָר 1911 געוואָרנט, אַז מען זאָל זיך נישט מאַכן קיין אילוזיעס, אַז די מלחמה וועט זיין אַ קורצע, אַז עס וועלן געננג זיין אייניקע נצחונות, כדי דער זיגער זאָל קענען באַדעקן זיין קאָפּ מיט דעם לאָרבער־קראַנץ פון טריאומף.

מיט שניידנדער, באמת שטוינענדער לאָגיק האָט זשאָרעס, וואָס האָט אויך גרונטלעך שטודירט מיליטעריש-טעכנישע פּראָבלעמען, אָנגעוויזן, אַז די מלחמה וועט זיין אַ קאַמף פון גרויסע מיליאָנען-מאַסן, אַז עס וועלן אַריינגעצויגן ווערן אַלע מענטשן-רעזערוון פון די נאַציעס, אַז דער קאַמף וועט זיין אַ לאַנג-פאַרצויגענער טראַנשייען-געראַנגל.

להיפּוך די חכמים פון דייטשן גענעראַל־שטאַב האָט זשאָרעס אָנגעוויזן, אַז מען דאַרף זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ דעם געדאַנק, אַז אין דער נייער מלחמה וועלן מעגלעך זיין די מאַנעוורן פון נאַפּאָלעאָן אָדער פון דעם אַלטן מאָלטקע בעת זיין

סודאַן־שלאַכט, פון שנעלע אומקרייזונג־באַוועגונגען, ווען עס איז געלונגען צו פאַר־פאַרכאַפן אין פאַסטקע גאַנצע אַרמייען.

די טראַגישע ווירקלעכקייט פון 1918־1914 האָט אויף גאַנצע הונדערט פּראָ־צענט באַשטעטיקט זשאָרעסעס פאָראויסזאָגונג, פונקט ווי עס האָט זיך אַרויסגע־וויזן פאַר ריכטיק די גאוניש־איגמואיטיווע טעזע פון זשאָרעסן אין זיין בוך „די נייע אַרמיי", וואו ער האָט געראַטן, אַז פראַנקרייך זאָל נישט קעמפן מיט דער אינ־וואַדירנדער דייטשער אַרמיי ביי די שוואַך־באַשיצטע גרעניצן, נאָר זאָל געבן דעם שונא די גענעראַל־שלאַכט ביים טייך מאַרן.

און ביי די ברעגן פון דעם מאַרן האָט דייטשלאַנד, בהסכם מיט זשאָרעסעס פּלאַן, געליטן טאַקע איר ערשטע און דעצידירנדע מפּלה, וואָס האָט איר געמאַכט פאַרשפּילן די מלחמה.

און נישט ווייניקער נביאיש איז געווען זשאַן זשאָרעסעס פאָראויסזאָגונג, אַלץ אין דער דערמאָנטער לעקציע פון 1911, וועגן די סאָציאַלע שטורמען, וואָס די מלחמה וועט ברענגען מיט זיך.

„זאָלן זיך די קאָנסערוואַטאָרן פון דער גאַנצער וועלט היטן! — האָט געוואָרנט זשאָרעס — איך וועל נישט מיד ווערן צו ווידערהאָלן, אַז עס איז היינט אוממעגלעך אַרויסצורופן די גוואַלד פון קריג, נישט פּראָוואָצירנדיק דעם שטורם פון רעוואָלוציע.

„עס זיינען משוגע די יעניקע, וואָס באַגרייפן נישט אָט די וואָרנונגען, וואָס פאַרשטייען נישט די סאָציאַלע עקספּלאָזיע, וואָס וועט אויפשטורעמען אין דעם טאָג, ווען די מלחמה וועט אויסברעכן מיט אירע פלאַמען, שרעקן און אומגליקן".

זשאָרעס האָט צוגעגעבן, אַז ער מיינט נישט, פאַרשטייט זיך, אַז די רעוואָלו־ציע וועט אויסברעכן תיכף אין דער ערשטער פאַזע פון דער מלחמה, אָבער דאָס וועט געשען, ווען די פעלקער וועלן אויפגערודערט ווערן פון די מפּלות און די שווע־רע קרבנות פון קריג.

דער גורל פון עסטרייך, דייטשלאַנד און רוסלאַנד — האָט אין דער פולסטער מאָס באַשטעטיקט זשאָרעסעס נבואהשע פאָראויסזאָגונג.

:: :: ::

צוואַנציק יאָר זיינען שוין אַוועק פון יענעם טראַגישן טאָג, ווען די מענטש־הייט האָט פאַרלוירן איר הערלעכסטן מליץ יושר.

די וועלט שטייט איצט ווידער פאַר נייע שרעקלעכע תהומען און עס איז נישטאָ די וואָרנדע, נביאישע שטימע פון זשאַן זשאָרעס, וואָס וואָלט איצט נויטיק געווען אַ סך מער, ווי אין די פאַטאַלע טעג פון יולי 1914.

אָבער פאַר דער גאַנצער ערלעכער מענטשהייט איז זשאָרעס נישט געשטאָרבן. גערעכט איז ראָמען ראָלאַן, ווען ער זאָגט:

„זשאָרעס איז אַוועק פון אונדז.

„אָבער אַזוי ווי די ליכטיקע אויפבליצונגען נאָך דעם זון־אונטערגאַנג בליצן אויף די שטראַלן פון זיין ליכטיקן זשעני, פון זיין גוטסקייט און פאַרביטערטן קאַמף, פון זיין אומצושטערבאַרן אָפּטימיזם אַפילו ביי די גרעסטע מפּלות״...

---

# פון טשערנאָוויץ ביז ניו-יאָרק

איבער צוויי צענדליק יאָר טיילן אונדז אָפּ פון דעם וויכטיקן דאַטום אין דער יידישער קולטור-געשיכטע, ווען אין ט ש ע ר נ אָ וו י ץ האָבן זיך פאַרזאַמלט די אָנגעזעענסטע פאַרטרעטער פון דער דעמאָלט נאָך בערך גאָר יונגער יידישער ליטעראַטור און אַ קליינער הייפל פון יידישע קולטור-טוער און פריינט פון דער יידישער שפּראַך, וועלכע האָבן פּראָקלאַמירט זייער טיפע אמונה אין דער יידישער פאָלקס־שפּראַך און איר צוקונפט.

ווי באַוואוסט, האָט די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ געהאַט בלויז אַ דעמאָנס־טראַטיווע באַדייטונג און האָט קיין פּראַקטישע ממשותדיקע רעזולטאַטן, וואָס זאָלן געבן אַ נייעם אימפּולס דער רעאַלער יידישער קולטור־אַרבעט, נישט געבראַכט.

מען האָט אַ געוויסע צייט דיסקוטירט און געאַמפּערט זיך וועגן דער רעזאָלו־ציע פון טשערנאָוויץ, וואָס האָט פּראָקלאַמירט יידיש אַלס נאַציאָנאַלע שפּראַך, אָבער טיפערע, קענטיקע שפּורן אינעם יידישן קולטור־לעבן האָט די ערשטע אַל־יידישע צוזאַמענקונפט פון די טוער און שעפער פון דער יידישער קולטור נישט איבערגעלאָזן.

מיר זיינען דעמאָלט געשטאַנען ערשט ביים אָנהויב, ביי דער הקדמה פון דעם יידישן קולטור־אויפבלי. קליין איז געווען נאָך דעמאָלט די צאָל פון די שעפער פון דער יידישער ליטעראַטור און פון די יידישע קולטור־פּיאָנערן, און זייער איינפלוס אויף דעם גאַנג פון דעם יידישן לעבן איז געווען מער, ווי באַגרעניצט.

ווי אַנדערש זעט אָבער איצט אויס דאָס בילד פון דעם יידישער קולטור־לעבן אין די צענטערן פון דעם יידישן מאַסן-ישוב איבער גאָר דער וועלט!

דער גורל האָט געוואָלט, אַז אין די צוויי צענדליק יאָר, וואָס זיינען אוועק זינט דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, וואָס איז פון אונדזערע געשוואוירענע סקעפּ־טיקער און צווייפלער באַטראַכט געוואָרן שיעור נישט, ווי אַ דאָן־קיכאָטישע אוואַנ־טורע, — זאָלן די שטרעבונגען און צילן פון די טשערנאָוויצער פּיאָנערן אין אַזאַ גרויסער מאָס פאַרווירקלעכט ווערן, ווי דאָס האָבן נישט געוואַגט צו טרוימען אונ־דזערע גרעסטע אָפּטימיסטן.

איז דען נישט געשען ביי אונדז אַן אמתער קולטור־נס?

גראָד אין דעם קורצן צייט־אָפּשניט פון די לעצטע צוויי צענדליק יאָר, ווען אונדז איז אויסגעקומען דורכצומאַכן די קאַטאַסטראָפע פון דער וועלט־מלחמה, וואָס

האָט זיך דורכגעטראָגן, ווי אַ צעשטערנדער שטורם אין יידישן לעבן און האָט חרוב געמאַכט דעם ווירטשאַפטלעכן יסוד פון די יידישע מאַסן־ישובים אין מזרח־אייראָפּע, גראָד אין דעם מאָמענט, ווען עס איז צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך און דערפירט געוואָרן כמעט צום חורבן דאָס פיל מיליאָניקע רוסישע אידנטום, — האָט זיך די שעפערישע יידישע קולטור־ענערגיע צעבליט, ווי נאָך קיינמאָל נישט אין די פריערדיקע נאָרמאַלע און פרידלעכע צייטן.

אָבער עס איז גענוג צו וואַרפן אַ אויבנאויפיקן, פאַרביילויפנדיקן בליק אויף אַלע געביטן פון אונדזער קולטור־לעבן, כדי מיר זאָלן באמת נשתומם ווערן פון דעם גרויסן שנוי, וואָס איז פאָרגעקומען אין די צוויי צענדליק יאָר אויף אונדזער קולטור־פעלד.

אויף די פינגער פון איין האַנט האָבן מיר דעמאָלט געקענט איבערציילן די שעפער און בויער פון דער יידישער ליטעראַטור.

און היינט?

היינט פאַרמאָגן מיר אַ צאָלרייכע יידישע שרייבער־משפחה, און עס וועלן שוין מעגלעך נישט סטאַיען די פינגער פון צען הענט צו איבערציילן די גרעסערע און קלענערע טאַלאַנטן, וואָס האָבן באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור אין אַלע אירע אָפּצווייגונגען — פּאָעזיע, ראָמאַן, דערציילונג און דראַמע.

אויב אין דער פאַר־מלחמה־צייט, לאָמיר אָנרופן זי אַלס טשערנאָוויצער פּע־ריאָד, זיינען געווען צוויי־דריי יידישע פאַרלעגער און דאָס דערשיינען פון אַ יידישן בוך איז געווען אַ גאַנצע געשעעניש פאַר דער קליינער צאָל יידישער לייענער, — האָט אונדזער פאַרלאַג־וועזן איצט אַזוי זיך פונאַנדערגעבליט אַז פאַר דעם פלייסיקסטן יידישן לייענער איז כמעט אוממעגלעך נאָכצופאָלגן די אומצאָליקע דערשיינונגען פון דעם יידישן ביכער־מאַרק אין אַלע צענטערן פון דעם יידישן קולטור־לעבן.

און דעם זעלבן וואוקס און פונאַנדערבלי איז אויך צו פאַרצייכענען אויף אַלע אַנדערע געביטן פון דעם יידישן קולטור־לעבן, — אין דעם יידישן צייטונגס־וועזן, אין דער יידישער וויסנשאַפט און אין דעם יידישן טעאַטער.

און וואָס פאַר אַ שפּרונג פאָראויס האָבן מיר געמאַכט אין דעם יידישן שול־וועזן, סיי אין די אייראָפּעאיש־יידישע מאַסן־צענטערן, סיי אין די פאַראייניקטע שטאַטן?

די צייט פון גרויסן פּאָליטישן און עקאָנאָמישן חורבן פון דעם יידישן לעבן האָט זיך נישט אַנדערש, ווי דורך אַ נס, פאַרוואַנדלט אין דעם שעפערישסטן קולטור־פּעריאָד פון אונדזער לעצטן געשיכטלעכן צייט־אָפּשניט.

עס האָט זיך אויפגעעפנט, ווי אַ פאַרבאָרגענער קוואַל פון שעפערישער יידישער קולטור־ענערגיע.

עס האָבן, ווי פון דער ערד, אויסגעשפּראָצט אַ גאַנצע פּלעיאַדע פון פּאָעטן, ראָמאַניסטן, דראַמאַטורגן — פון גרעסערן און קלענערן פאַרנעם, עס זיינען אויפגעבויט געוואָרן הונדערטער יידישע שולן. און איינציקע גאָר באַדייטנדע פּעדאַגאָגישע אינסטיטוטן, עס איז זיך צעוואַקסן אַ וואַלד פון יידישע צייטונגען בכל תפוצות ישראל, עס זיינען דערשינען טויזנטער יידישע ביכער, עס זיינען אַנטשטאַנען אַ רייע ערשט-קלאַסיקע יידישע קונסט-טעאַטערס און עס איז געשאַפן געוואָרן דער וואונדערבאַרער קולטור־בנין — דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט אין ווילנע מיט זיינע אָפּצווייגונגען אין דער גאַנצער יידישער וועלט.

עס איז באמת דאָ פון וואָס באַגייסטערט צו ווערן, ווען מיר מאַכן אַפילו אַ פאַרביילויפיקן אויבנאויפיקן באַלאַנס פון אונדזערע קולטור־דערגרייכונגען אין דעם קורצן נאָך־מלחמה פעריאָד.

מיר זיינען ווירקלעך אַוועק אַ גרויסן מהלך פון דעם באַשיידענעם אָנהויב פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ.

און אויב אין די יאָרן 1906-1907 האָט געקלונגען, ווי אַ גוזמא און עס איז טאַקע געווען נישט מער ווי אַ גוזמא די באַהויפּטונג פון די רעדאַקטאָרן פון די ווילנער „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטן“ (ניגער, וויטער, גאָרעליק), אַז מיר לעבן איבער אַ צייט פון יידישן קולטור־רענעסאַנס, — קענען מיר אַצינד מיט פולן רעכט זאָגן, אַז מיר זיינען עדות פון אַ מערקווירדיקער אויפלעבונג און אויפבלי פון דעם יידישן קולטור-שאַפן אויף אַלע געביטן.

:: :: ::

און אונדז איז אַרויפגעשוואָומען אויפן זינען צו מאַכן אָט דעם פאַרביילויפנרן קולטור־באַלאַנס אין פאַרבינדונג מיט דער גרויסער יידישער קולטור-קאָנפערענץ, וואָס קומט איצט פאָר אין ניו-יאָרק.

טויזנט דעלעגאַטן און געסט, — אַזוי דערציילט אונדז די קורצע „איטאַ“-טעלעגראַמע, — האָבן זיך פאַרזאַמלט פון אַלע עקן פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, כדי צו באַהאַנדלען די אַקטועלע יידישע קולטור־פּראָבלעמען און זוכן וועגן און מיטלען, ווי אַזוי אויסצוברייטערן די יידישע קולטור־טעטיקייט, פאַרשפּרייטן די יידישע שפּראַך, דאָס יידישע בוך און פאַרשטאַרקן די יידישע קולטור־אינסטיטוציעס.

עס האַנדלט זיך דאָ נישט וועגן אַ הייפל עקשנים-יידישיסטן, וועלכע ווילן אין יעדן פּרייז און טראָץ דעם מעכטיקן אַסימילאַטאָרישן שטראָם פון דעם אַזוי גערופענעם אַמעריקאַניזם, איינהאַלטן די פּאָזיציעס פון דער יידישער שפּראַך און קולטור, נאָר מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ ברייטער פאָלקס־באַוועגונג, וואָס האָט

זיך אויסגעשפרייט אין אַלע ווינקלען פון דעם גרויסן־צפון־אַמעריקאַנער און קאַ־נאַדער יידישן ישוב.

מיר האָבן אַלע מיט אומרו און שרעק געקוקט אויף דעם נאָרד־אַמעריקאַנער יידישן ישוב. מען האָט אונדז נבואה געזאָגט, אַז אַזוי שנעל, ווי עס וועט זיך אָפּ־שטעלן די יידישע איינוואַנדערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווי נאָר עס וועט אויפהערן דער כסדרדיקער צושטראָם פון פרישע יידישע כוחות — וועט דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום פאַרפלייצט ווערן פון די כוואַליעס פון דער אומפאַרמיידלע־כער אַסימילאַציע.

יאָ, עס וועט געווים זיין אַ קורצזיכטיקע שטרויסן־פּאָליטיק צו פאַרלייקענען, אַז דאָ און דאָרטן הויבן זיך אָן ליידער ווייזן די נאַציאָנאַל־נעגאַטיווע רעזולטאַטן פון דעם אָפּשטעלן פון דער יידישער איינוואַנדערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן. עס וועט זיין אַ טעות צו פאַרלייקענען, אַז דער אַסימילאַציע־שטראָם פאַרכאַפּט באַ־דייטנדע קרייזן פון דעם נייעם יידיש־אַמעריקאַנער שטראָם.

אָבער צו דער זעלבער צייט קענען מיר מיט פרייד קאָנסטאַטירן, אַז גראָד אין די יאָרן, ווען עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דער צושטראָם פון פרישן בלוט אין דעם אָרגאַניזם פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום, האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוואוסט־זיניקער און אָנגעשטרענגטער קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער זעלבסטדערהאַלטונג און פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון די יידישע קולטור־פּאָזיציעס.

פריער, ווען די גרויסע יידישע אימיגראַציע האָט סטיכישערהייט אויפגעהאַלטן די יידישע שפּראַך און דעם יידיש־נאַציאָנאַלן וועזן — האָט מען זיך פאַרלאָזן אויף דער „סטיכיע”.

איצט האָבן די פאַרגעשריטנסטע און נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניקע עלעמענטן פון נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום באַגריפן, אַז מען קען זיך נישט פאַרלאָזן אויף דער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג און אַז עס מוז אינטערווענירן דער ציל־באַוואוסטער נאַ־ציאָנאַלער קולטור־ווילן.

דערמיט איז אפשר צו דערקלערן, וואָס אין יענע גוטע יאָרן, ווען אין נאָרד־אַמעריקע פלעגן אָריינקומען צענדליקער און הונדערטער טויזנטער יידן, האָט קיי־נער נישט געזאָרגט וועגן דער יידישער שפּראַך, וועגן דער יידישער קולטור און דעם יידישן שול־וועזן.

אַ קליין הייפל מענטשן האָבן זיך אינטערעסירט מיט דער יידישער דערציאונג און האָבן געבויט געציילטע יידישע שולן.

היינט צו טאָג האָבן מיר שוין הונדערטער יידישע שולן פון פאַרשידענע ריכ־טונגען און אַ פּראַכטפולן יידישן לערער־סעמינאַר, און ברייט פאַרצווייגטע אָרגאַני־זאַציע, ווי דער „אַרבעטער רינג”, וואָס האָט מורא געהאַט פאַר ספּעציעל יידישער

קולטור־ארבעט, ווי דער טייוול פאַר ווייווך, האָט זיך גענומען אויסבויען אַ גאַנצע נעץ פון יידישע שולן.

און מען באַגנוגנט זיך שוין איצט נישט בלויז מיט דעם יידישן שול־וועזן.

אין דער געשטאַלט פון דער ברייטער יידישער קולטור-באַוועגונג, וואָס איז געקרוינט געוואָרן מיט דער גרויסער קאָנפערענץ, וואָס קומט איצט פאָר אין ניו־יאָרק — האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרעקשנטער און ציל־באַוואוסטער קאַמף פאַר דער יידישער שפּראַך און קולטור.

אין טשערנאָוויץ האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ הייפל טאַלענטירטע יידישע ליטע־ראַטור-און קולטור-טוער און האָבן אָנגעהויבן דעם קאַמף פאַר יידיש און יידישער קולטור כמעט אָן וואָפן.

אָרים און קליין זיינען דעמאָלט די יידישע קולטור־דערגרייכונגען געווען.

דער וואָפן פון די טשערנאָוויצער טוער איז געווען נאָר זייער אמונה, זיי האָבן פאַרמאָגט אַ בלאַנקאָ־וועקסל אויף דער גערבלהאַפטער און אומבאַקאַנטער צוקונפט.

איצט, צוואַנציק יאָר נאָך טשערנאָוויץ, האָט זיך אין דעם גרעסטן און שטאַרקס־טן יידישן מאַסן-צענטער, פאַרזאַמלט אַ גאַנצע אַרמיי (אין פאַרגלייך מיט דעם טשערנאָוויצער הייפל) יידישע קולטור־טוער, וועלכע גייען אין קאַמף פאַר יידיש און יידישער קולטור מיט אַ רייכער „אמוניציע“, מיט גרויסע און רייכע דערגריי־כונגען אויף דער קאָנטאָ פון דער יידישער קולטור־טעטיקייט.

יאָ, מיר ווייסן, אַז עס וואָלט געווען צו איבעראייַלט שוין איצט צו טריאומ־פירן און פייערן נצחונות. מיר גיבן זיך אָפּ חשבון, אַז עס איז שווער און לאַנג דער קאַמף פאַר דער דערהאַלטונג און אויסברייטערונג פון די יידישע קולטור-פּאָזיציעס, פון די יידישע אינדזלען אין דעם גרויסן אַמעריקאַניזאַציע־ים.

אָבער דער ציל־באַוואוסטער יידישער קולטור־ווילן קען דאָך אויפטון וואונ־דער. דאָס ווייזן אונדזערע גרויסע קולטור־דערגרייכונגען פאַר דער בערך גאָר קור־צער צייט, וואָס טיילט אונדז אָפּ פון טשערנאָוויץ ביז ניו־יאָרק.

# דער קאַמף פאַר אונדזער נאַציאָנאַל-קולטורעלן קיום

עס איז כמעט געווען די הערשנדע מיינונג אין די יידיש־געזעלשאַפטלעכע קרייזן, אַז דער נאַציאָנאַלער חיות פון נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום וועט אויפגע־האַלטן אויסשליסלעך דורך דעם שטענדיק צופליסנדן אימיגראַנטן־שטראָם פון די יידישע הויפּט-צענטערן אין מזרח-איירָאָפּע.

נישט נאָר אונדזערע שטענדיקע שוואַרצזעער די, וואָס קוקן אויפן יידישן לעבן דורך פּעסימיסטישע ברילן, נאָר אַפילו די אָפּטימיסטן האָבן מיט אַנגסט געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען עס וועט זיך אָפּשטעלן די יידישע איינוואַנדערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, גלויבנדיק, אַז דאָס וועט זיין דער אָנהויב פון דעם פאַר־שנעלערטן אַסימילאַציע-פּראָצעס ביי דעם נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום.

איצט זיינען שוין אַוועק עטלעכע יאָר, זינט עס איז אַריין אין קראַפט די אַנטי־אימיגראַציע־גזירה אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און אויב מיר קענען נישט דער־ווייל אַרויסטראָגן דעם דעפיניטיוון אורטייל וועגן דעם איינפלוס, וואָס די אָפּשטע־לונג פון דער יידישער איינוואַנדערונג וועט האָבן אויף דער נאַציאָנאַלער אַנטוויק־לונג פון דעם נאָרד-אַמעריקאַנער יידנטום, — מערקן מיר אָבער שוין געוויסע טענ־דענצן אין יידיש-אַמעריקאַנער לעבן, וואָס גיבן אונדז אַ רעכט צו דענקען, אַז דער פּעסימיסטישער שרעק וועגן דעם גורל פון נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום איז נישט קיין באַגרינדעטער.

דעם אויפמערקזאַמען באַאָבאַכטער פון דעם יידיש־אַמעריקאַנער לעבן וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן, אַז גראָד אין די לעצטע יאָרן, ווען עס האָט זיך אָפּגעשטעלט די יידישע איינוואַנדערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט זיך דאָרטן אָנגע־הויבן אַן אינטענסיווע אַרבעט אויף אַלע געביטן פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכ־קייט און באַזונדערס אויף דעם יידיש־קולטורעלן געביט.

מעגלעך, אַז דאָ האָט אָנגעהויבן ווירקן דער אינסטינקט פון נאַציאָנאַלער זעלבסטדערהאַלטונג, עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז גראַד אין די לעצטע פּאָר יאָר פון דעם אימיגראַציע-שטילשטאַנד האָט זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן אינטענסיפי־צירט די יידישע קולטור-אַרבעט און באַזונדערס די יידישע שול-טעטיקייט, וואָס אינטערעסירט באַזונדערס אין דעם איצטיקן פאַל.

ביז די לעצטע יאָרן האָבן אויף דעם שול־געביט אין די פאַראייניקטע שטאַטן געאַרבעט כמעט אויסשליסלעך די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע עלעמענטן — די פּועלי ציון און דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד, וואָס האָבן מיט מי און מאַטערניש געשאַפן ווייט נישט קיין גרויסע נעץ פון די אַזוי־גערופענע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן.

די גרויסע יידיש־אַמעריקאַנער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע, דער „אַרבעטער-רינג“

איז געשטאַנען ווייט און באַציִיגן זיך מיט דער גרעסטער גלייכגילטיקייט צו דעם יידישן שול-פּראָבלעם; אויך די אומפּאַרטייאישע יידישע אינטעליגענץ און קולטור־טוער האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין באַזונדערן אינטערעס צו דעם יידישן שול־וועזן.

פאַר די לעצטע פאַר יאָרן האָט זיך דאָס בילד פון דעם יידישן שול־וועזן אין נאָרד־אַמעריקע אינגאַנצן געענדערט.

פון די איינצלנע פּרוואון וואָס זיינען מיט אַ יאָר אַכט צוריק געמאַכט געוואָרן, אַריינצוציען דעם „אַרבעטער־רינג" אין דער שול-טעטיקייט איז אַנטשטאַנען אַ מעכטיקע שול־באַוועגונג, וואָס ציילט איבער הונדערט דרייסיק שולן איבערן גאַנצן לאַנד.

פון דעם קליינע פאַרזוך פון אַ קליינער גרופּע קולטור־טוער צו שאַפן אַ פאָלקס-שולע אויפן נאָמען פון שלום עליכם איז אויסגעוואַקסן דער וויכטיקער קולטור־בנין, וואָס טראָגט דעם נאָמען „שלום עליכם־אינסטיטוט" און ציילט שוין מיט צענדליקער שולען און קורסן און האָט שוין אָפּגעהאַלטן אַ רייע לאַנדעס־קאָנפערענצן, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט ביי די הונדערט דעלעגאַטן.

מיט איין וואָרט, צווישן די פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע שיכטן פון דעם נאָרד-אַמעריקאַנער יידנטום באַמערקט זיך אַ קיינמאָל ביז איצט נישט געוועזענער אימפּעט פאַר דער בויאונג פון פאַרשידענע טיפּן ראַדיקאַלערע און מעסיקערע יידי-שע שולן, וואָס באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט, שטרעבן זיי צו איין ציל — צו דער אויפהאַלטונג פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן איך פון דעם יונגן דור.

מיר זעען אַלזאָ, אַז גראַד אין אַ מאָמענט, ווען אין נאָרד־אַמעריקע זיינען נישט צוגעקומען קיין פרישע יידיש־געזעלשאַפטלעכע כוחות, איז דאָרטן קענען אַלע דער-וואַרטונגען און קענען אַלע פּעסימיסטישע פאָראויסזעאונגען אַנטשטאַנען אַ מעכטיקע און פיל צוזאַגנדיקע יידיש שול־באַוועגונג.

און מיר האָבן זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף דער נאָרד־אַמעריקאַנער יידישער שול־באַוועגונג, כדי אָפּצולערנען דעם נויטיקן מוסר השכל פאָר אונדז, פאַר דער יידיש־אַרגענטינער געזעלשאַפטלעכער ווירקלעכקייט.

אויב אין נאָרד-אַמעריקע האָבן די פּיאָנערן פון דער יידישער שול-באַוועגונג אָנגעשטויסן זיך אויף אַ פּעסימיסטישער בטול־באַציאונג צו דער אונטערגענומענער אַרבעט, — באַמערקט זיך ביי אונדז די דאָזיקע באַציאונג אין אַ נישט צו פאַר-גלייכן שטאַרקערער מאָס.

:: :: ::

און דאָס איז לייכט פאַרשטענדלעך, ווען מען נעמט אין אַכט אונדזער גרויסע אָרימקייט אין געזעלשאַפטלעכע כוחות,, וועלכע מוזן דערצו נאָך וואַרפן זיך אויף פאַרשידענע געביטן.

עס איז דערום נישטאָ, וואָס צו וואונדערן זיך, וואָס אַלע פּראָבעס, וועלכע זיי־נען דאָ ביי אונדז ביז איצט געמאַכט געוואָרן, איינצופלאַנצן אַ מאָדערנערן יידישן פאָלקס-שול־וועזן האָבן געהאַט זייער אַ רעדוצירטן דערפאָלג און האָבן נישט ארויס-גערופן דעם געהעריקן געזעלשאַפטלעכן אינטערעס, נישט ארויסגייענדיק פון די ענגע פּאַרטייאישע ד' אמות.

איצט ווערט צום ערשטן מאָל ביי אונדז געמאַכט דער פּארזוך צו שאַפן אַ יידישן פאָלקס-שול־וועזן אויף אַ ברייטערן געזעלשאַפטלעכן יסוד, וואָס זאָל פאַר־אייניקן אַלע פאָלקסטימלעכע נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון אונדזער גע־זעלשאַפט, וועלכע באַגרייפן דעם גרויסן ערנסט פון דער יידישער דערציאונגס־פּראָבלעם אין אַרגענטינע.

די ערשטע פאַרענדיקטע הילפס-אַקציע פאַר די יידישע שולן אין פּוילן האָט געהאַט דעם בלי ספקדיקן פאַרדינסט, וואָס זי האָט אין פאַרשידענע קרייזן פון דער יידיש־אַרגענטינער געזעלשאַפט אויפגעוועקט אַ שטאַרקן אינטערעס צו אונדזער לאָקאַלן שול-וועזן, וועלכער געפינט זיך אין אַ קריטישן און פאַרוואָרלאָזטן צושטאַנד.

מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז געמאַכט געוואָרן דער פּארזוך צו שאַפן אַ צענטראַלע פאַר די היגע תלמוד תורות און פאַר דער גרינדונג פון שולן, וואָס שטייען נאָענט צו דער תרבות־ריכטונג. און די טעג איז אָוועקגעלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר אַן אָרגאַניזאַציע, פון יידיש־נאַציאָנאַלע פאָלקס-שולן.

די איניציאַטיוו פאַר דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע איז געקומען פון די צוויי שוין עקזיסטירנדע דאָ יידישע פאָלקס־שולן אויף דעם נאָמען פון שלום עליכם און שלום אש.

די דאָזיקע ביידע שולן, נישט קוקנדיק אויף דעם באַשיידענעם פאַרנעם פון זייער אַרבעט האָבן ביז איצט געפירט אַ קלאָגעדיקע עקזיסטענץ צוליב שטענדיקער מאַטעריעלער נויט, וואָס האָט געשטערט זייער אַנטוויקלונג אין פּעדאַגאָגישן הינ־זיכט.

די נייע אָרגאַניזאַציע האָט אַלס איר ערשטע אויפגאַבע געשטעלט זיך אַלס צוועק צו ראַטעווען פון דראָענדן אונטערגאַנג די צוויי דערמאָנטע שולן, וואָס דאַרפן באַטראַכט ווערן אַלס ערשטער באַשיידענער עקספּערימענט אויף דעם געביט פון דעם יידישן פאָלקס־שול-וועזן אין אַרגענטינע, וואָס דאַרף שטיין אויף אַ ברייטער, אומפּאַרטייאישער נאַציאָנאַל־פאָלקסטימלעכער באַזע.

פאַר דער נייער שול-אָרגאַניזאַציע קענען, פאַרשטייט זיך, די צוויי דערמאָנטע שולן נישט דינען אַלס אַנטגילטיקער מאָדעל פאַר דער יידישער פאָלקסטימלעכער דערציאונג.

דערווייל, קען בכלל פאַר דער יונגער אָרגאַניזאַציע נישט שטיין די פראַגע פון אַנטגילטיקע פּראָגראַמאַטישע דעפיניציעס.

עס קען דערוווייל נאָר זיין די רייד פון אָנציייבענען די אַלגעמיינע קאָנטורן פון דער באַוועגונג, וואָס דאַרף ערשט אַרויסגערופן ווערן צום לעבן, פאַר דער שאַפונג פון אַ יידישן נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיוון שול־וועזן אין אַרגענטינע.

די צייט פאַר אַנטגילטיקע פּראָגראַמאַטישע פאָרמולירונגען וועט ערשט קומען שפּעטער. דערוווייל האַנדלט עס זיך וועגן מאָביליזירן אַלע אמתע פריינט פון דער יידישער קולטור, אַלע פאָלקסטימלעכע עלעמענטן פון דער יידישער געזעלשאַפט אין אַרגענטינע, וועלכע האָבן אמונה און ליבע צו דער יידישער קולטור און וועלכע ווילן, אַז אונדזער קומענדיקער יידישער דור זאָל נישט ווערן אָפּגעפרעמדט פון דעם לעבעדיקן און שאַפנדן יידישן פאָלק, פון זיין געשיכטע, שפּראַך און קולטור.

קיינער וועט זיך נישט אונטערנעמען פאָראויסזאָגן, וואָס עס וועט זיך אויסלאָזן פון דער ערשט געגרינדעטער אָרגאַניזאַציע.

אויב עס וועט זיך אָבער געפינען כאָטש אַ קליינע גרופּע כלל־טוער, דורכגעדרונגען מיט דעם נויטיקן אידעאַליזם און דערהויפּט מיט דער נויטיקער עקשנות, צווייפלען מיר נישט אין דער מעגלעכקייט צו שאַפן אין אַרגענטינע אַ נעץ פון גוט אָוועקגעשטעלטע יידישע פאָלקס־שולן, וואָס זאָלן כאָטש טיילווייז לייזן דאָס שווערע פּראָבלעם פון דער יידישער פאָלקס־דערציאונג אין אַרגענטינע.

די ערשטע פאַרענדיקטע אַקציע פאַר די יידישע שולן אין פּוילן איז געווען אין אַ געוויסער מאָס אַן עקזאַמען פאַר דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין אַרגענטינע. אויב בלויז אין נאָמען פון קולטור־סאָלידאַריטעט האָט מען דאָ געקענט אַנטוויקלען אַזאַ ברייטע אַקציע און שאַפן אויך אַ גאַנץ באַדייטנדע סומע פאַר די יידישע שולן אין פּוילן, איז נישטאָ קיין גרונד צו זיין פּעסימיסטיש און שוואַרצזעעריש בנוגע די אויסזיכטן פון אַ באַוועגונג, וואָס דאַרף באַפרידיקן אונדזער אייגענע ברענענדסטע קולטור־נויט.

מען מוז נאָר דורכברעכן די אייז־קאַלטע וואַנט פון גלייכגילטיקייט און אומפאַרציילעכער נאַכלעסיקייט, וואָס הערשט ביי אונדז צו דער פונדאַמענטאַלסטער און וויכטיקסטער אויפגאַבע פון אונדזער ישוב און זיין צוקונפט און לכל הפחות אַזוי פיל וויפל מיר האָבן אויפגעטון פאַר אַנדערע — מעגן מיר דאָך טון פאַר זיך אַליין.

בנוגע דעם שול־וועזן זיינען מיר דאָך הונדערט פאַך אָרימער פאַר די פּוילישע יידן, און מיר טאָרן נישט באַגיין דעם גרויסן פאַרברעכן צו פאַרנאַכלעסיקן אין אַזאַ גראַד ווי מיר האָבן דאָס געטון ביז איצט, די יידישע קינדער־דערציאונג אין אַרגענטינע, פון וועלכער עס איז אָפּהענגיק אונדזער נאַציאָנאַלער קולטור־קיום דאָ אין לאַנד.

אויך זאָל אונדז נישט אָפּשטעלן דער דערוווייל קליינער פאַרנעם פון דער אַרבעט און אונדזערע באַשיידענע כוחות.

מיר האָבן בכוונה לענגער אָפּגעשטעלט זיך אויף דער יידישער שול־באַוועגונג אין נאָרד־אַמעריקע, וועלכע האָט זיך ערשט אַנטוויקלט פאַר די לעצטע אַכט יאָר.

אויך דאָרטן האָט מען אָנגעהויבן פון קליינע, אויפן ערשטן בליק אומוויכטי־קע שריט, וואָס האָבן לכתחילה נישט געפונען קיין ברייטן אָפּקלאַנג און דאָך האָט מען דאָרטן דערגרייכט גרויסעס.

מיר דאָ, אין קלענערן מאַסשטאַב און פּראָפּאָרציאָנעל צו די כּוחות, וואָס מיר פאַרמאָגן, וועלן אימשטאַנד זיין אויפטון דאָס זעלבע.

עס איז נאָר נויטיק צו וועקן דעם ווילן, דעם באַוואוסטזיין און דעם אחריות געפיל פון אונדזערע פאָלקסטימלעכע און נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניקע עלעמענטן, — און פון דער קליינער און באַשיידענער התחלה, וואָס איז די טעג געמאַכט געוואָרן, קען מיט דער צייט אַנטשטיין די באַדייטנדע שול־באַוועגונג, פון וועלכער עס איז אָפּהענגיק דער גורל און די צוקונפט פון דעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע.

(1926)

---

# אונדזער יידישער קולטור־קאַמף

צום צווייטן מאָל פאַרזאַמלט זיך אין ניו־יאָרק — אין דעם גרעסטן יידישן וועלט־צענטער — די יידישע קולטור־קאָנפערענץ.

בערך מיט אַ יאָר צייט צוריק, זיינען זיך צום ערשטן מאָל צוזאַמענגעקומען די פאַרטרעטער פון דער יידיש־אַמעריקאַנער קולטור־געזעלשאַפט, כדי אויסצואַר־בעטן אַ פּלאַן פון אַ ברייטער יידישער קולטור־טעטיקייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. די איצטיקע קאָנפערענץ, וואָס איז מער ווי וואַרשיינלעך אַ פאָרזעצונג פון דער ערשטער, איז צוזאַמענגערופן געוואָרן מיט דעם ספּעציעלן צוועק צו פייערן די פופציק־יאָריקע טעטיקייט אויף דעם געביט פון דעם יידיש־אַמעריקאַנער צייטונגס־וועזן, טעאַטער און שול־וועזן.

מיר האָבן פאַר זיך נישט די דאַטן וועגן די רעזולטאַטן פון דעם ערשטן יאָר טעטיקייט פון דער יידיש־אַמעריקאַנער קולטור־געזעלשאַפט, אָבער דער פאַקט, וואָס די יידישע קולטור־קאָנפערענצן זיינען נישט קיין עפּיזאָדישע דערשיינונגען, נאָר האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פּערמאַנענטער אינסטיטוציע אינעם יידיש־אַמערי־קאַנער לעבן, זאָגט אונדז עדות דערויף, אַז עס איז דאָ אַ טיפער און ערנסטער אינטע־רעס אינעם נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום פאַר דער יידישער קולטור־אַרבעט.

דעם אמת געזאָגט האָט געקענט זיין אַ גרונד צו דענקען, אַז די יידישע קול־

טור־געזעלשאַפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז דער אויפטו פון אַ הייפל יידי־שער אינטעליגענץ, וואָס וויל נישט שלום מאַכן מיט דער טרויעריקער, אָבער מעכ־טיקער נאָרד־אַמעריקאַנער יידישער ווירקלעכקייט, וואָס פירט פּאַטאַל, אויב נישט צו פולשטענדיקער אַסימילאַציע, איז צו דער אָפּשוואַכונג אָדער פאַרשווינדונג פון דער יידישער שפּראַך און די יידישע קולטור־פאָרמען.

אמת, מיר האָבן בלויז די מעגלעכקייט צו באַאָבאַכטן פון ווייטן און אויף אַן אומדירעקטן וועג דאָס יידיש־אַמעריקאַנער לעבן. עס קען אַלזאָ זייער מעגלעך זיין, אַז מיר מאַכן אַ טעות אין אונדזערע איינדרוקן פון דערווייטן. אָבער קיינער פון אונדז קען זיך נישט באַפרייען פון דעם וואָרעם פון צווייפל, אַז די יידישע קולטור־אַרבעט אין נאָרד־אַמעריקע איז אַ סיזיפוס־אַרבעט. אונדז ווייזט אויס, אַז זינט עס האָט זיך אָפּגעשטעלט די יידישע איינוואַנדערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, — דער לעבעדיקער צושטראָם פון יידיש־ריידנדע און פילנדע מאַסן — האָט זיך אָנגעהויבן דאָרטן דער פאַטאַלער פּראָצעס פון דעם איינטריקענען פון די וואָרצלען פון דער יידישער קולטור אין אַלע אירע מאַניפעסטאַציעס און פון דער יידישער שפּראַך.

יאָ, קיינער פון אונדז, אפילו די שטאַרקסטע פּעסימיסטן לאָזן נישט צו דעם געדאַנק, אַז יידישקייט זאָל פאַרשווינדן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער מען וועט זי מאַניפעסטירן אין אַן ענגלישן לבוש.

בנוגע אָבער די אויסזיכטן אין נאָרד־אַמעריקע פון דער עכטער יידישקייט אין פאָרם און אין אינהאַלט, קען זיך קיינער פון אונדז נישט באַפרייען פון ספקות.

און אויב עס האָבן זיך געפונען יידישע קולטור־מענטשן אין נאָרד־אַמעריקע, וועלכע האָבן געגרינדעט די יידישע קולטור־געזעלשאַפט, — אַ קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע צו מלחמה האַלטן פאַר דעם קיום און פּאָזיציעס פון דער יידישער קולטור און דער יידישער שפּראַך אין די פאַראייניקטע שטאַטן, — האָבן מיר, פרייענדיק זיך און באַגריסנדיק די דאָזיקע דערשיינונג, נישט געקענט איינגאַנצן דערשטיקן אין זיך אונדזערע שווערע ספקות.

— איז דאָס נישט קיין דאָן־קיכאָט־אַרבעט? האָט דען וועלכע נישט איז פּאָזיטיווע אויסזיכט אויף דערפאָלג דאָס דאָזיקע ראַנגלען זיך פון דעם הייפל יידישע קולטור־טוער קעגן דעם שטראָם פון דער קולטורעלער און שפּראַכלעכער אַסימילאַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן? וועלן די קליינע יידישע קולטור־אינדזלען וואָס וועו־רן געשאַפן אין לאַנד דורך די יידישע צייטונגען, שולן און טעאַטערס נישט איינגע־שלונגען ווערן פון די כוואַליעס פון דער פרעמדער ענגלישער שפּראַך און קולטור?

אַט די ספקות האָבן יעדן פון אונדז פאַרפאָלגט, ווען מיר האָבן געפרייט זיך מיט דער ערשטער יידישער קולטור־קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק.

וועט נאָך דער ערשטער קומען אויך אַ צווייטע צוזאַמענקונפט פון די יידישע

קולטור־טוער? — האָבן מיר זיך אין דער שטיל געפרעגט.

נו, זעען מיר איצט צו אונדזער פרייד, אַז די יידיש־אַמעריקאַנער קולטור־געזעלשאַפט איז נישט קיין איין־נאַכט־פּלאַנץ, אַז דאָס איז נישט קיין קאַפּריז און דאָן־קיכאָט־איינפאַל פון אַ הייפל יידישער אינטעליגענץ, וואָס וויל שווימען קעגן שטראָם און ראַנגלען זיך פאַרן קיום פון דעם, וואָס איז פאַרמשפט געוואָרן צום לאַנגזאַמען פאַרשווינדן דורך דער מעכטיקערער פון מענטשלעכן ווילן אָביעקטיווער ווירקלעכקייט.

מיר זעען, אַז די יידיש־אַמעריקאַנער קולטור־געזעלשאַפט איז דער אויסדרוק פון אַן עקשנותדיקן יידישן קולטור־ווילן, וואָס לעבט אין גאַנץ באַדייטנדע קרייזן פון דער יידיש־שאַפנדער אינטעליגענץ און ביי געוויסע טיילן פון די יידיש־אַמעריקאַנער מאַסן.

אמת, אַ קאָנפערענץ פון הונדערט און צוואַנציק דעלעגאַטן, וואָס פאַרטרעטן די יידיש־אַמעריקאַנער שרייבער־משפחה און די יידישע קולטור־טוער, איז נישט קיין גרויסע מחנה.

אָבער, ווער זאָגט אונדז, אַז צאָלן אַנטשיידן? די גרעסטע און זיגרייכע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען אין דער געשיכטע האָבן זיך אָנגעהויבן פון אַ הייפל צילבאַוואוסטע, אַנטשלאָסענע און אידעאַליסטישע פערזענלעכקייטן. דער העראָאישער מיעוט פירט שטענדיק נאָך זיך נאָך די פּאַסיווע מאַיאָריטעט.

קען דען נישט געשען דער נס, אַז דער בערך באַשיידענער לויט זיין פאַרנעם אָנהויב פון די יידישע קולטור־קאָנפערענצן זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ מעכטיקער יידישער קולטור־באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן?

סימנים, אַז די קולטור־קאָנפערענצן געפינען אַ ברייטערן אָפּקלאַנג אין דער יידיש־אַמעריקאַנער געזעלשאַפט זיינען אויף יעדן פאַל פאַראַן. דער פאַקט, אַז איבער טויזנט געסט פאָלגן נאָך די פאַרהאַנדלונגען פון דער קאָנפערענץ איז צוזאַגנד, און דער פּלאַן צו שאַפן אַ פופציק טויזנט דאָלאַרדיקן קולטור־פאָנד רעדט אויך דערפאַר, אַז די טעטיקייט פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט הויבט אָן געפינען אַ ברייטערן אָפּקלאַנג ביי די יידישע מאַסן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

יאָ, מיר זיינען גאַנץ ווייט פון דעם צו אַריינפאַלן אין איבערטריבענער התפעלות פון דעם בערכדיק באַדייטנדיקן דערפאָלג פון דער ערשטער און איצטיקער יידישער קולטור־קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק.

מיר גיבן זיך אָפּ קלאָר חשבון וועגן די אומגעהויערע אָביעקטיווע שוועריקייטן פאַר דער אויפהאַלטונג און אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך און קולטור אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

די גאַס, די שול, די עקאָנאָמישע באַדינגונגען טרייבן די יידיש־אַמעריקאַנער

מאַסן צו דער שפּראַכלעכער און קולטורעלער אַסימילאַציע. און קעגן אַט די מעכ־טיקע פאַקטאָרן פאַרמאָגן מיר דעם שוואַכן געווער פון דער יידישער צייטונג, פון דעם בערך קליינעם יידישן שול־נעץ, פון דעם יידישן טעאַטער און יידישן בוך.

אָבער דאָך זעען מיר, אַז די יידיש־אַמעריקאַנער אינטעליגענץ, וואָס איז נאָ־טירלעכערהייט אָנגעשטעקט מיט דער הערשנדער אַרום איר נאָרד־אַמעריקאַנער פּראַקטישקייט און ניכטערקייט איז נישט פאַרצווייפלט און איז פול מיט מוט און ענטוזיאַזם פאַר דעם יידישן קולטור־קאַמף.

און פונקט, ווי די אומגעהויער שווערע אָביעקטיווע באַדינגונגען פאַר דעם יידישן קולטור-קאַמף רופן אַרויס באַרעכטיקטע ספקות אין זיין אַנטגילטיקן דער-פאָלג, פונקט אַזוי האָבן מיר גרונד פאַר אָפּטימיסטישע דערוואַרטונגען, ווען מיר נעמען אין אַכט די ביז איצטיקע דערגרייכונגען אויף אונדזער יידישן קולטור-פראָנט.

די איצטיקע קולטור־קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק קומט פאָר אונטערן צייכן פון דעם פופציק-יאָריקן יובילעאום פון דער יידישער צייטונג, טעאַטער און שול־וועזן. און ווען מען קוקט זיך אום, ווי עס האָט אויסגעזען אונדזער יידישער קולטור־פראָנט נישט מיט אַ האַלבן, נאָר בלויז מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, האָבן מיר דען נישט קיין גרונד צו באַרעכטיקן דעם מוט און גלויבן, וואָס אינספּירירט אונדזער קולטור־קאַמף?

ווי האָט אויסגעזען מיט פופציק און צוואַנציק יאָר צוריק אונדזער צייטונגס-וועזן, אונדזער טעאַטער, אונדזער שול און אונדזער ליטעראַטור סיי אין די פאַראייניקטע שטאַטן, סיי אין די געדיכט-באַזעצטע יידישע צענטערן אין מזרח-אייראָפּע?

דאָס זיינען געווען עפּאָכעס, ווען פאַר אונדז זיינען נישט געשטאַנען אַזוי שאַרף, ווי איצט די פּראָבלעמען פון שפּראַכלעכער און קולטור־אַסימילאַציע. אָבער, וואָס האָבן מיר דעמאָלט פאַרמאָגט? ווי קליין, אָרעם און נישטיק איז געווען אונ־דזער ליטעראַטור, זשורנאַליזם און טעאַטער!

און וואָס פאַר אַ מייל־שריט עס האָט דורכגעמאַכט די יידישע קולטור־אַנט־וויקלונג פאַר דעם לעצטן האַלבן און פערטל יאָרהונדערט. מיר זיינען דאָך געוואָרן אמתע קולטור־גבירים אין פאַרגלייך מיט אונדזער פריערדיקער קולטור-קבצנות אין יידיש.

מיר פאַרמאָגן צייטונגען, וואָס קענען זיך פאַרגלייכן מיט די רייכסטע אָרגאַ-נען אין די אַנדערע שפּראַכן; אונדזער יידישע טעאַטער-קולטור און אירע העכערע דערגרייכונגען האָט זיך שוין נישט וואָס צו שעמען מיט דעם טעאַטער פון די קולטור־פעלקער; אונדזער בערך יונגע יידישע ליטעראַטור הויבט שוין אָן געווינען אָנזען אין דער וועלט־ליטעראַטור, און מיר קענען מיט פולן רעכט זאָגן, אַז מיר האָבן שוין אויך אַ סאָלידן אָנהויב פון אַ וועלטלעכן יידישן שול־וועזן סיי אין די

פאַראייניקטע שטאַטן, סיי אין די מזרח־אייראָפּעאישע צענטערן.

געוויס, די דערגרייכטע דעראָבערונגען אויף אַלע געביטן פון דעם יידישן קול־טור־שאַפן זיינען באַין אופן נישט קיין אַבסאָלוטע גאַראַנטיע, אַז די אַנטוויקלונג וועט ווייטער גיין „אין קרעשענדאָ“, וואַקסנדיק באַרג־אַרויף אין דער נאָענטער און ווייטערער צוקונפט, באַזונדערס ביי די נאָרד־אַמעריקאַנער באַדינגונגען, וואו דאָס גאַנצע אַרומיקע לעבן איז קעגן אונדז.

אָבער איינס איז זיכער, מיר פירן איצט אָן אונדזער קולטור־קאַמף נישט מיט ליידיקע הענט, — מיר גייען אין מלחמה נישט נאָר באַוואָפנט מיט ווילן, עקשנות און ענטוזיאַזם פאַר אַן אייגענעם קולטור־שאַפן און דעם שטרעבן קולטורעל זיך אויסלעבן אין אַן אייגענער און שעפערישער סביבה, נאָר אויך מיט אַ רייכן באַגאַזש פון געשאַפענע אומדיסקוטירבאַרע און אַלגעמיין־אָנערקענטע קולטור־ווערטן.

דאָס גיט אונדז דאָס רעכט צו גלויבן אין דעם דערפאָלג פון דעם יידישן קול־טור־קאַמף טראָץ די אומגעהויער שווערע און אומגינסטיקע באַדינגונגען, ביי וועלכע אונדז קומט אויס אים צו פירן.

---

# דאָס „בעלעטריסטישע“ יידנטום

דער יידישער קולטור־צוזאַמענפאָר, וואָס איז דאָ נישט לאַנג אָפּגעהאַלטן גע־וואָרן אין ניו־יאָרק, האָט געגעבן אַ סיגנאַל צו דער באַנייאונג פון דער אַלטער דע־באַטע וועגן דעם ווערט און באַדייטונג פון דער אַזוי־גערופענער יידישיסטישער באַוועגונג.

די אויסגעשפּראָכענע אַנטי־יידישיסטן, ווי אויך די, וואָס באַציען זיך מיט אַ געוויסן „גנאָד“ און טאָלעראַנץ צו יידיש און באַנוצן זיך אַפילו מיט אָט דער שפּראַך אין זייער פּובליציסטישער אַרבעט, האָבן איצט געפונען אַ שעת־הכושר אַרויסצוטרעטן מיט זייער „פאַרניכטנדער“ קריטיק פון דער יידישיסטישער באַוועגונג.

אַלס לייכטן ציל־ברעט פאַר זייערע אַטאַקעס, האָבן זיי גענומען די עטלעכע יידישיסטישע עקסטרעמיסטן, וואָס פאַרפלאַכן ווירקלעך דעם יידישיזם, און אויף דעם גרונד משפּטן זיי און פאַראורטיילן די גאַנצע יידישיסטישע באַוועגונג.

אַזוי מיינט, למשל, איינער פון אונדזערע עלטסטע און באַגאַבטסטע יידישע פּובליציסטן, ש. ראָזענפעלד, וועלכער האָט אַליין באַדייטנדע פאַרדינסטן פאַר יידיש, זייענדיק דער רעדאַקטאָר פון דער ערשטער יידישער צייטונג אין רוסלאַנד: „דער

פריינד" — אז די יידישיסטישע באַוועגונג שטרעבט צו שאַפן אַ „ב ע ל ע־ט ר י ס ט י ש ן י י ד נ ט ו ם".

אין אַן אַרטיקל, וואָס ש. ראָזענפעלד האָט פאַרעפנטלעכט אין דער ניו־יאָרקער העברעאישער צייטשריפט „הדואר" דערקלערט ער, אַז די יידישיסטישע באַוועגונג שטרעבט אויסצוליידיקן דאָס יידנטום פון יעדן וויכטיקן היסטאָרישן אינהאַלט און רעדוצירן עס בלויז צו יידיש און בעלעטריסטיק.

און ש. ראָזענפעלד ווערט אונטערשטיצט אין זיינע אויספירונגען פון אַ צווייטן יידישן שרייבער וואָס שרייבט אין יידיש, אַב גאָלדבערג, פון „מאָרגן־זשורנאַל".

לויט דער מיינונג פון דיביידע יידישע פובליציסטן, באַשטייט די מאָדערנע יידישקייט אין דער אויפפאַסונג פון די יידישיסטן פון דער בעלעטריסטישער ליטע־ראַטור, וואָס איז אין די לעצטע צוויי דורות געשאַפן אין יידיש.

„דאָס יידישע פאָלק הערט אויף — זאָגן אונדז די דערמאָנטע שריפטשטעלער — לויט דער יידישיסטישער קאָנצעפּציע צו זיין דאָס עם הספר. עס איז אפילו נישט מער דאָס פאָלק פון בוך, נאָר דאָס פאָלק פונעם מעשה־ביכל, פון דער באָבע־מעשה — אַ ב ע ל ע ט ר י ס ט י ש ע ר יידנטום".

מיט אמתער שאַדנפרייד וויל אונדז דער ה' גאָלדבערג איבערצייגן, אַז פאַר די לעצטע צוויי צענדליק יאָר זינט משערנאָוויץ, האָט דער יידישיזם נישט געמאַכט קיין שריט פאָרוועטס, „ווייל עס איז אַ באַוועגונג אָן וואָרצלען אין לעבן און אין יידישן האַרץ"...

און כדי צו אונטערשטיצן זיינע אויספירונגען, ווייזט אָן ה' גאָלדבערג אויף דעם פאַקט, אַז פאַר די צוואַנציק יאָר, וואָס זיינען אַוועק זינט דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן אויסגעוואַקסן אַ באַפעלקערונג פון צוויי מיליאָן יידן, וואָס רעדט און האָט ליב ענגליש, וואָס לייענט ענגלישע ליטע־ראַטור, גייט אין ענגלישן טעאַטער, שטודירט און לעבט זיך אויס אין דער ענגלישער שפּראַך. עס איז אַנטשטאַנען אַ גאַנצע מחנה פון יידיש־ענגלישע זשורנאַליסטן, פּאָעטן, דראַמאַטורגן, פילאָזאָפן און וויסנשאַפטסלייט, בעת די קליינע פאַמיליע יידישע שרייבער איז באַגרעניצט נאָר אויף דעם פעלד פון בעלעטריסטישן שאַפן.

אויפן סמך פון די אויסגערעכנטע פאַקטן זעט דער ה' גאָלדבערג קיין שום צוקונפט נישט פאַרן יידישיזם אין די פאַראייניקטע שטאַטן, כאָטש ער איז אויך נישט פיל אָפּטימיסטישער וועגן די אויסזיכטן פון העברעאיש אין נאָרד־אַמעריקע, גלויבנדיק דאָך, אַז דער כישוף פון גרויסן אויפלעבונגס־אידעאַל אין ארץ ישראל און די רייכקייט און טראַדיציע פון דער העברעאישער ליטעראַטור וועט צוציען צו העברעאיש אַ געוויסן טייל פון דער יידישער יוגנט.

עס פרעגט זיך אַלזאָ, איז באַרעכטיקט די אָנגעוויזענע פאַרניכטנדע קריטיק פון יידישיזם און די פּעסימיסטישע נבואה וועגן זיין צוקונפט.

ראשית לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף דער באַהויפּטונג, אַז דער יידישיזם שטרעבט צו שאַפן אַ „בעלעטריסטישן" יידנטום, אויסגעליידיקט פון זיין גאַנצן היסטאָרישן אינהאַלט.

וואו און ווען האָבן פאַראַנטוואָרטלעכע פירער פון דער יידישיסטישער באַוועגונג פאָרמולירט אַזאַ מין לעבערלעכן אני מאמין?

יאָ, רעדנדיק וועגן די בולטע סימנים פון וואוקס און אויפבליאונג פון דער קולטור אין יידיש פאַר די לעצטע צענדליקער יאָרן, קומט אויס יעדן איינעם פון אונדז אָנצואווייזן אויף דער פונאַנדערבליאונג פון דעם יידישן בעלעטריסטישן שאַפן. קיינער לייקנט נישט אַז די העכסטע שעפערישע קראַפט פון יידיש האָט זיך דערוויילן מאַניפעסטירט אין דער פּלעיאַדע פון אונדזערע גרויסע קלאַסיקער און דעם נאָכפאָלגנדיקן דור פון די גרויסע און מאַנכע ערשט-קלאַסיקע טאַלאַנטן אויף דעם געביט פון דער שיינער ליטעראַטור.

קיינער פון די פאַרנונפטיקע יידישיסטן האָט און וועט נישט באַהויפּטן אָבער, אַז בעלעטריסטיק איז אָדער קען זיין דער איינציקער אינהאַלט און תמצית פון וועלכער נישט איז קולטור בכלל און דער יידישער בפרט.

מיר באַטראַכטן נאָר דעם מערקווירדיקן אויפבלי פון דער יידישער ליטעראַטור אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר אַלס דערמוטיקנדן סימפּטאָם פון דער לעבנס-קראַפט און שעפערישער פּאָטענץ פון דער יידישער שפּראַך.

זעען מיר דאָך, אַז ביי אַנדערע פעלקער האָט זיך אויך דער אַנטוויקלונגס-גאַנג פון דעם קולטור-שאַפן אָנגעהויבן פון דער שיינער ליטעראַטור. די רוסישע ליטעראַטור למשל, איז געגאַנגען פאָראויס אין איר וואוקס און אַנטוויקלונג פאַר די אַנדערע צווייגן פון דער רוסישער קולטור. אַזוי שנעל, ווי די געבילדעטע רוסישע געזעלשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן באַפרייען פון דער הענעמאָניע פון פראַנצויזיש, האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די רוסישע ליטעראַטור מיט אירע גאונים. און נאָך היינט צו טאָג איז די ליטעראַטור דער העכסטער אויסדרוק פון רוסישן נאַציאָנאַלן קולטור-שאַפן בעת אין דער וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע פאַרנעמט רוסלאַנד אַ סעקונדערן פּלאַץ.

מיר האָבן דערום רעכט צו גלויבן, אַז דער אויפבלי פון דעם בעלעטריסטישן שאַפן אין יידיש איז נישט קיין איזאָלירטע דערשיינונג, נאָר אַ גרויסער לעבנס און שאַפונגס-צייכן פון יידיש. אַ טויטע, אָדער פאַראורטיילטע צום טויט שפּראַך וואָלט נישט געהאַט אין זיך קיין שעפערישע פּאָטענץ צו אינספּירירן אונדזערע גרויסמייסטער פון דער עלטערער און יונגערער יידישער ליטעראַטור.

צוליב אָט דעם טעם קומט אונדז אויס צו שטעלן אָפט דעם דגש אויף דעם יידישן בעלעטריסטישן שאַפן, אָבער קיינער פון די ערנסטע אָנהענגער פון יידיש

האָט זיך נישט דערערדט צום אבסורד, אַז די יידישע קולטור קען זיך באַגרעניצן מיט „מעשה-ביכלעך" — מיט בעלעטריסטיק, פּאָעזיע און דראַמע.

מיט דעם אויסנאַם פון איינצלנע גייסטיק-באַגרעניצטע מענטשן האָט קיינער פון די פאַראַנטוואָרטלעכע יידישיסטן נישט אַרויסגעזאָגט דעם אַבסורדן געדאַנק, אַז די יידישע קולטור דאַרף שטעלן אַ שטריך אויף דעם גאַנצן יידישן קולטור־עבר.

לאָמיר נעמען דעם פּאַנאַטישסטן יידישיסט, ד"ר ח. זשיטלאָווסקי, רעדט ער און חלומט שטענדיק וועגן איבערגיסן אין יידישער פאָרם דאָס ווערטפולסטע און בלייבנדע פאַרמעגן פון אונדזער קולטור־עבר, וואָס איז פאַר די ברייטע פאָלקס־שיכטן אַ פאַרזיגלטער קוואַל. פאַרקערט, דורך יידיש, אַזוי שטעלן זיך פאַר אַלע ערנסטע יידישיסטן, וועט פאָרקומען דער תחית-המתים פון אונדזער אַלטן קולטור-עבר, וואָס איז היינט צו טאָג דאָס אייגנטום בלויז פון דעם רעדוצירטן מיעוט פון דער יידישער אינטעליגענץ.

און יידיש קען שוין אָנווייזן אויף גרויסע דערגרייכונגען אין אָט דער ריכטונג דאָס מאָנומענטאַלע ווערק פון יהואשס תנ"ך־איבערזעצונג און ד"ר זאַלקינדס גמרא-איבערזעצונג.

פאַר אַלע יידישיסטן, מיר קענען דאָך נישט נעמען אין אַכט די קאָמוניסטישע קולטור־פאַראיינען, — איז דאָך דאָס דערשיינען פון יהואשס און זאַלקינדס ווערק געווען דער גרעסטער יום־טוב, ווייל יעדער פאַרנונפטיקער יידישיסט באַגרייפט אַז אונדזער קולטור הויבט זיך נישט אָן פון צאינה וראינה און נישט פון מענדעלען, און דער גרעסטער טריאומף פונעם יידישיזם וועט זיין, ווען אין דער מאָדערנער כלי פון יידיש, וועט איבערגעגאָסן ווערן דאָס ווערטפולסטע פון אונדזער קולטור־פאַרמעגן אין העברעאיש. אויב אין געוויסע יידישיסטישע קרייזן איז פאַראַן אַ גע־וויסע מענדענץ צו פאַרלייקענען די קולטור־ווערטן, וואָס זיינען און ווערן געשאַפן אין העברעאיש, איז דאָס אַ פאַראיבערגייענדיקע דערשיינונג, אַ צייטווייליקער פּסי-כאָלאָגישער רעזולטאַט פון אונדזער פאַרביטערטן שפּראַכלעכן ברידער-קאַמף, אין וועלכן פון דעם העברעאיסטישן צד ווערט געווים נישט ווייניקער געזינדיקט ווי מצד די יידישיסטן.

די באַהויפּטונג אַלזאָ, אַז דער יידישיזם חלומט וועגן אַ „בעלעטריסטישן" יידנטום, איז אַ בכוונהדיקע אָדער בלי־כוונהדיקע קאַריקאַטוריזירונג פון דער יידי-שיסטישער באַוועגונג, וואָס שטרעבט צו אַ פולן און אַלזייטיקן קולטור־אויסלעבן אין יידיש.

וואָס איז שייך די אויסזיכטן פון דעם יידישיזם און זיין צוקונפט, פאַרמאַכן מיר נישט די אויגן אויף די מעכטיקע אַסימילאַטאָרישע פאַקטאָרן, וואָס ווירקן אין אונדזער לעבן קעגן יידיש, ווי בכלל זיינען אַלע אונדזערע אָנשטרענגונגען זיך דער־האַלטן אַלס אייגנאַרטיקע נאַציע.

אָבער פונקט, ווי מיר ראַנגלען זיך קעגן דער אַסימילאַטאָרישער כוואַליע אין אונדזער לעבן — און האָבן צו פאַרצייכענען גרויסע נצחונות אויף דעם געביט פאַר די לעצטע פאַר צענדליק יאָרן, — אַזוי זיינען מיר אויך אַנטשלאָסן צו קעמפן פאַר דער דערהאַלטונג און אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור און דער יידישער שפּראַך.

די קולטורן און שפּראַכן פון די פעלקער, צווישן וועלכע מיר לעבן, רייסן ביי אונדז אָפּ גרויסע טיילן פון אונדזער יוגנט, און מיר מאַכן זיך נישט קיין פאַלשע אילוזיעס, אַז דער קאַמף פאַר אונדזער נאַציאָנאַלער דערהאַלטונג און פאַר יידיש איז אַ לייכטער.

אָבער מען דאַרף זיין בלינד, אָדער אַ פאַרעקשנטער קעגנער פון יידיש, כדי צו באַהויפּטן, אַז פון טשערנאָוויץ ביז איצט האָט זיך די יידישיסטישע באַוועגונג נישט אַ ריר געטון פאָראויס.

עס איז פאַלש און להיפּוך די רעאַלע פאַקטן די באַהויפּטונג, אַז מיר פאַרמאָגן אין יידיש בלויז אַ „בעלעטריסטיק"-יידנטום.

מיר האָבן געמאַכט באמת ריזיקע פאָרשריטן פאַר די לעצטע צוויי צענדליק יאָר אויף אַלע געביטן פון דער יידישער קולטור; אין דער ליטעראַטור, ווי אינעם טעאַטער, אין צייטונגס-וועזן, ווי אויף דעם יידישן שול-געביט, און מיר האָבן שוין אויך דעם אָנפאַנג פון אַ וויסנשאַפט אין יידיש.

די יידישע קולטור-טוער מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָבן זיך אפילו אין זייערע חלומות נישט פאָרגעשטעלט, אַז אין אַזאַ קורצן צייט-אָפּשניט, וועלן מיר אַזוי פיל דערגרייכן און אַזוי באַרייכערן אונדזער קולטור-פאַרמעגן אין יידיש.

דאָס אַלץ גיט אונדז רעכט און גרונד צו גלויבן, אַז די יידישע קולטור גייט באַרג-אַרויף און נישט באַרג-אַראָפּ, כאָטש דאָ און דאָרטן ווערן אָפּגעשוואַכט די פּאָזיציעס פון יידיש, צוליב דעם נצחון. פון דער לאַנדעס-שפּראַך און קולטור פון די פעלקער, צווישן וועלכע מיר לעבן.

מיר ווייסן זייער גוט, אַז אינעם קאַמף פאַר יידיש און יידישער קולטור וועט אונדז אויסקומען צו ליידן מפּלות און נישט נאָר נצחונות.

דערוויילע רעדן אָבער מיליאָנען יידן יידיש, עס דערשיינען הונדערטער טויזנ-טער עקזעמפּלאַרן יידישע אויסגאַבן אין אַלע וועלט-עקן, הונדערטער טויזנטער יידן באַזוכן דעם יידישן טעאַטער, עס וואַקסט דער יידישער שול-וועזן, עס אַנטשטייען וויכטיקע יידישע קולטור-אינסטיטוציעס, עס ווערן געשאַפן באַדייטנדע ווערק פון יידישע שרייבער.

זאָגט מען אונדז, אַז דאָס אַלץ איז הבל הבלים, אַז די שפּראַך, אויף וועלכער דאָס אַלץ ווערט געשאַפן וועט אונטערגיין.

ענטפערן מיר דערויף: קיין קאָנטראַקט מיט דער געשיכטע האָבן מיר נישט געמאַכט און קיינעם פון אונדז איז נישט געגעבן געוואָרן צו לייזן די צוקונפט.

איצט לעבן מיר, איצט לעבט די יידישע שפּראַך אין דעם מויל פון מיליאָנען, און מיר ווילן זי באַרייכערן, אַנטוויקלען און פאַרוואַנדלען אין אַ אינסטרומענט פאַר אונדזער אויסלעבן זיך.

וואָס מאָרגן וועט זיין, זאָל גאָט זאָרגן...

מיר האָבן נאָר דאָס רעכט צו פאַרלאַנגען, אַז די שוואַרצע קראָען, וואָס האַלטן כסדר אין אַריינשעפּטשען אין אונדזער אויער: —

— זעט, איר גייט אונטער און אייער אַרבעט וועט נישט האָבן קיין תקומה — זאָלן אונדז לאָזן צורו.

דערווייל לעבן מיר און ווילן אָנפירן דעם קאַמף פאַר דער באַרייכערונג און באַרשענערונג פון אונדזער אייגענעם יידישן קולטור-לעבן, טראָץ אַלע שוועריקייטן און שטרעבונגען, אויף וועלכע מיר פאַרמאַכן נישט די אויגן.

---

## די אַכט מיליאָן יידיש-רעדנדע יידן

אַ כ ט מיליאָן פון די פופצן מיליאָן יידן, וועלכע זיינע צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע ווינקלען פון גאָטס ערד, רעדן יידיש אַלס זייער מוטער-שפּראַך.

אַזוי דערציילט אונדז דער סטאַטיסטישער באַריכט, וואָס עס האָט פאַרעפנט-לעכט די „איטאַ“.

מען קען נישט פּרעטענדירן, אַז די אָנגעוויזענע ציפער זאָל זיין אַ וויסנשאַפט-לעך עקזאַקטע. מיר האָבן דאָך לײדער נישט, מיט ווייניקע אויסנאַמען, קיין וויסנ-שאַפטלעך באַאַרבעטע יידישע סטאַטיסטיק אין וועלט-מאַסשטאַב. די עקאָנאָמיש-סטאַטיסטישע סעקציע ביים וויסנשאַפטלעכן יידישן אינסטיטוט מאַכט ערשט אין דער ריכטונג די ערשטע וויסנשאַפטלעך-סאָלידע התחלות. מיר מוזן זיך דערווייל באַנוגענען מיט מער אָדער ווייניקער באַגרינדעטע סטאַטיסטישע השערות און מען קען אָננעמען, אַז די אָנגעגעבענע פון דער „איטאַ“ ציפער וועגן דער צאָל יידיש-רעדנדע יידן, איז אַן אומגעפער ריכטיקע.

אַ כ ט מ י ל י אָ ן יידן רעדן און באַנוצן זיך מיט יידיש אַלס מוטער-שפּראַך. דאָס איז אַ גוואַלדיקער פּאָטענציעלער כוח פאַר דער יידישער קולטור און פאַר אירע פּערספּעקטיוון.

דאָס מיינט צו זאָגן, אַז די יידישע ליטעראַטור, די יידישע זשורנאַליסטיק און דער יידישער טעאַטער האָבן הינטער זיך אין רעזערוו אַ ריזיקע קראַפט.

ווי ווייט וואָלטן מיר געהאַלטן, ווען די אַכט מיליאָן יידיש-רעדנדע וואָלטן

אויך געווען יידיש־לעזנדע און וואָלטן געווען געברויכער פון יידישן בוך, פון יידישן זשורנאַל און צייטונג און באַזוכער פון יידישן טעאַטער.

לײדער קענען מיר דערווייל רעכענען אַלס קאָנסומענטן פון דער יידישער קולטור־פּראָדוקציע בלויז אַ קליינעם פּראָצענט פון אָט דער ריזיקער אַכט מיליאָניקער אַרמיי פון יידיש־רעדנדע יידן.

אָבער די דאָזיקע ציפער גיט אונדז דאָס רעכט צו באַציען זיך מיט איראָנישן בטול צו די שוואַרצזעער, וועלכע רעדן וועגן דעם אומפאַרמיידלעכן אונטערגאַנג פון יידיש און צו די שונאים פון יידיש, וועלכע האָבן דעם מוט צו פאַרלייקענען דעם נאַציאָנאַלן ווערט פון אַ שפּראַך, וואָס איז אין דעם מויל פון אַכט מיליאָן יידן, וועלכע זיינען פאַרשפּרייט איבער אַלע פיר עקן וועלט.

יאָ, מיר ווייסן זייער גוט, אַז דאָ און דאָרטן רייסט אַרויס ביי אונדז די אַסי־מילאַציע לעבעדיקע טיילן פון דעם יידיש-רעדנדן פאָלק און אַז די יידישע שפּראַך געפינט ווייט נישט אומעטום אַ המשך ביים יונגן יידישן דור.

וואָס מאָרגן וועט זיין, ווייסט נישט, קען נישט ווייסן מיט זיכערקייט פון אונדז, אַפילו אונדזערע שוואַרצע נביאים.

מיר פאַרמאַכן נישט די אויגן אויף די פאַקטן, וואָס רעדן קעגן אונדז. אָבער מיר ווילן אויך נישט דערלאָזן צו פאַרקלענערן דעם ווערט פון די פאַקטן, וואָס רעדן לטובת אונדזער אָפּטימיזם און גלויבן אין דער צוקונפט פון דער יידישער שפּראַך און קולטור.

אונדזער שפּראַך און קולטור-אַנטוויקלונג גייט נישט לויט אַ גראַדער, גלייכער ליניע, נאָר מיט אַ זיג-זאַגן וועג. מיר ליידן באַדייטנדע פאַרלוסטן, עס ווערן אָפּ־געפרעמדט פון אונדזער שפּראַך און קולטור באַדייטנדע טיילן פון דעם צעוואַקסנדן דור, מיר האָבן אָבער אויך צו פאַרצייכענען וויכטיקע נצחונות אויפן באָדן פון אונדזער נאַציאָנאַלן יידישן קולטור־קאַמף.

עס איז דאָך גענוג צו וואַרפן אַ לויפנדן, אייליקן בליק אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך און קולטור פאַר די לעצטע צוויי צענדליק יאָר.

ווי האָט אויסגעזען דאָס יידישע בוך אין די לעצטע פאַר-מלחמה יאָרן?

אויף די פינגער פון איין האַנט האָבן מיר געקענט איבערציילן די צאָל יידישע פאַרלאַגן אין אַלע יידישע מאַסן-צענטערן, און די פינגער פוןביידע הענט וואָלטן געווען גענוג איבערצוציילן די צאָל יידישע ביכער, וואָס זיינען יערלעך דערשינען.

און איצט?

נישט קוקנדיק אויף דעם עקאָנאָמישן יידישן חורבן, וואָס די מלחמה־קאַטאַס־טראָפע האָט אונדז געבראַכט, האָט זיך פאַר דעם לעצטן צענדליק יאָר אַנטוויקלט אַ פיבערהאַפטע און אימפּעטפולע יידישע פאַרלאַג-טעטיקייט.

אמת, די לעצטע דריי-פיר יאָר מאַכט דורך דאָס יידישע בוך אַ שווערן קריי־

זים, אָבער וויפל הונדערטער און טויזנטער ביכער אין יידיש, אָריגינעלע און אי־בערזעצטע פון אַלע געביטן פון דער שיינער און וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור, זיי־נען אַרויסגעלאָזן געוואָרן אויפן אַלוועלטלעכן יידישן מאַרק.

דער ערשטער בעסטער קאַטאַלאָג פון דער איין־יאָריקער פאַרלאַג־טעטיקייט פון די לעצטע יאָרן וועגט דאָך איבער צענדליקער מאָל אין כמות און איכות דאָס, וואָס מיר האָבן פריער פאַרמאָגט און אָנגעזאַמלט אין משך פון לאַנגע יאָרן.

ציילט די נעמען פון די שעפער פון דער יידישער ליטעראַטור.

אין איין „טשעמאָדאַן" האָט מען מיט אַ צוויי צענדליק יאָר צוריק געקענט איינפּאַקן די גאַנצע מאָדערנע יידישע ליטעראַטור.

און היינט? היינט פאַרמאָגן מיר אַ לעגיאָן גרעסערע און קלענערע טאַלאַנטן, וואָס באַרייכערן מיט זייער שאַפן די שיינע און וויסנשאַפטלעכע יידישע ליטעראַ־טור, בעת פריער האָט זי געציילט בלויז פיר־פינף באַדייטנדע נעמען.

יאָ, גרויסע טיילן פון דער יידישער יוגנט קערן אָוועק פון דער יידישער שפּראַך און קולטור, אָבער מיר פאַרמאָגן איצט אין אייראָפּע און צפון-אַמעריקע אַ קרעפטי־קע און וואַקסנדע יידישע שול-באַוועגונג, וואָס קעמפט קעגן דעם נאַטירלעכן שטראָם פון אַסימילאַציע, וואָס דערגענצט, זאָל זיין דערוויל, וויט נישט אין אַ גענוגנדער מאָס, דער קולטור-און שפּראַך־פאַרלוסט, וואָס מיר ליידן פון די אַוועקגייענדע מאַסן.

מיט צוואַנציק, מיט פופצן יאָר צוריק, האָבן מיר דאָך נישט געהאַט אפילו קיין אָנהויב פון אַ מאָדערנעם יידישן שול-וועזן. און טראָץ אַלע שוועריקייטן און נסיונות האָבן מיר אומגעהויער פיל דערגרייכט.

און זאָלן נאָר אַ בלאָז טאָן פרייערע ווינטן, זאָל נאָר די ביטערע נויט אַרויס־לאָזן פון אירע נעגל די יידישע מאַסן קיבוצים אין אייראָפּע און אַמעריקע, און מיר וועלן נאָך זען ווי עס וועט אויפבליען דאָס קולטור־ווערק פון דעם יידישן וועלט־לעכן שול־וועזן, דער וויכטיקסטער אינסטרומענט און וואָפן פון אונדזער יידישן קולטור-קאַמף.

און די זעלבע דערגרייכונגען און דערפאָלגן האָבן מיר צו פאַרצייכענען אויף אַלע געביטן פון דער יידישער שפּראַך און קולטור-אַנטוויקלונג. אין דעם יידישן טעאַטער, אין דעם יידישן צייטונגס־וועזן און אין דער יונגער יידישער וויסנשאַפט.

איז עמיצער, ביי אַזעלכע אומשטענדן באַרעכטיקט צו רעדן וועגן דער דעקאַ־דענץ, וועגן אַ באַרג־אַראָפּ שטייגנדער ליניע פון דער יידישער שפּראַך און קולטור־אַנטוויקלונג?

מיר ווייסן נישט, וואָס מאָרגן וועט זיין, צי וועט די יידישע שפּראַך און קול־טור אַנטוויקלען זיך אין שטייגנדער פּראָגרעסיע, אָדער עס וועט אָנקומען אַ פּעריאָד פון שטילשטאַנד און צוריקגאַנג.

יעדנפאַלס דער באַלאַנס פון די לעצטע צוויי צענדליק יאָרן איז בלי ספק צו

אונדזער גונסטן אויף דער גאַנצער ליניע פון אונדזער יידישן קולטור־פראָנט.

קעגן דער כוואַליע פון דער שפּראַך־אַסימילאַציע האָבן מיר אויפגעשטעלט די דאַמבע פון באַוואוסטזיניקער און ציל-באַוואוסטער שפּראַך-קולטיווירונג דורך דעם בעסערן יידישן בוך, דורך דער בעסערער יידישער צייטונג, דורך דעם בעסערן יידישן טעאַטער און פריער און מער פון אַלץ, דורך דער מאָדערנער און וועלטלעכער יידישער שול.

צי וועלן מיר באַזיגן די אַסימילאַציע, אָדער זי וועט באַזיגן אונדז — דאָס וועט אַנטשיידן דער אומבאַקאַנטער מאָרגן.

אומקוקנדיק זיך אויף אונדזערע ביז איצטיקע דערגרייכונגען, האָבן מיר אוודאי נישט קיין גרונד פאַר איבערגעטריבענעם אָפּטימיזם, אָבער נאָך ווייניקער גרונד האָבן מיר זיך צוהערן צו דעם כסדרדיקן שעפּטשען פון אונדזערע שוואַצזעער און די באַוואוסטזיניקע און אומבאַוואוסטזיניקע שונאים פון דער יידישער שפּראַך און קולטור — מעגן זיי זיך דראַפּירן אין דעם היפּער-נאַציאָנאַליסטישן מאַנטל, — אַז מיר גייען אונטער, אַז אונדזער שפּראַך שטאַרבט אָפּ, איז פאַרמשפּט צו שטאַרבן און אַז מיר בויען אַלץ אויף אַ זאַמדיקן באָדן...

היינט לעבן מיר און מיר פילן דעם שלאָגנדן פּולס פון אַ לעבעדיקער, שאַפנדער און מיט יעדן טאָג אַלץ רייכער ווערנדיקער שפּראַך.

היינט זיינען מיר אַ כ ט מיליאָן יידיש־רעדנדע יידן. אַסך וועלן פון אונדזער מחנה אַוועקגיין, וועלן אָפּגעריסן ווערן פון אונדז, מיטן שטראָם פון דער אַסימילאַציע, אָבער מיר גלויבן, אַז אַ סך פון אָט דעם ריזיקן רעזערוו וועלן מיר אַריבערשלעפּן אין דעם אַקטיוון לאַגער פון די באַוואוסטזיניקע קעמפער פאַר דער יידישער שפּראַך און קולטור.

מיט אַזאַ רעזערוו הינטער אונדזער רוקן האָבן מיר דאָס רעכט צו גלויבן און האָפן אין דער צוקונפט פון יידיש און דער יידישער קולטור, נישט אומקוקנדיק זיך אויף די ערלעכע צווייפלערס און פאַנאַטישע שונאים, וועלכע שעפּטשען אונדז אין די אויערן זייער שוואַרצע נבואה פון אונטערגאַנג...

---

# צום וויכוח וועגן די יידישע שולן אין פּוילן

איך האָב נישט געהאַט בדעה נאָכאַמאָל אומצוקערן זיך צו דער פראַגע וועגן די יידישע שולן אין פּוילן. איך האָב זיך געפּרואווט אין אייניקע אַרטיקלען געשריבן „אָן לײדנשאַפט און כעס" מיט דער מעגלעכסטער אָביעקטיוויטעט אַנאַליזירן דעם יידישן שול־וועזן אין פּוילן און דערווייזן אויף גרונד פון דאָקומענטאַלע באַווייזן און נישט סתם סברות און השערות, דעם נאַציאָנאַלן ווערט פון דעם גרויסן קולטור־ווערק פון דער יידישער דעמאָקראַטיע און אַרבעטערשאַפט אין פּוילן.

אין די אַלע דירעקטע און אומדירעקטע תשובות, וואָס זיינען געקומען אויף מיינע אַרטיקלען איז, פאַרשטייט זיך, נישטאָ קיין זאַכלעכע און קאָנקרעטע אָפּ־לייקענונג פון די פון מיר ציטירטע דאָקומענטן און ס'ווערן בלויז ווידערהאָלט די אַלגעמיינע שלאָג־פראַזן וועגן דער „שותפות צום בונד", און סתם באַהויפּטונגען וועגן דעם אַנטי־נאַציאָנאַלן און אַ נ ט י ־ ציוניסטישן גייסט, וואָס הערשט לויט דער באַהויפּטונג פון מיינע אָפּאָנענטן אין די יידישע שולן אין פּוילן.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען האַלט איך פאַר פרוכטלאָז יעדע ערנסטע פּאָלעמיק, ווייל דאָ האַנדלט זיך שוין נישט וועגן אַ טעותדיקער אויפפאַסונג קעגן וועלכער מען קען אַקעגנשטעלן די אַרטילעריע פון פאַקטן און באַווייזן. דאָ האָבן מיר שוין צו טאָן מיט אַ פּסיכאָלאָגישער עקשנות, מיט אַ אידעאָלאָגישער סוגעסטיע, קעגן וועלכע לאָגיק און פאַקטן זיינען מאַכטלאָז...

אויב איך קער זיך איצט אום נאָכאַמאָל צו דער פראַגע, איז דאָס מיט דעם אויסשליסלעכן צוועק אויפצוקלערן אייניקע נישט ריכטיקע אויסטייטשונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן בנוגע מיין אַרגומענטאַציע.

עס ווערט מיר געמאַכט, למשל, דער פאָרוואורף, אַז איך האָב אומזיסט אַריינ־געשלעפּט די שפּראַך־פראַגע אין דעם וויכוח וועגן דער שול־פראַגע און אַז זי האָט אייגנטלעך גאָרנישט צו טון מיטן גאַנצן ענין.

איך האָב זיך פאַרבייגייענדיק אָפּגעשטעלט אין דער הקדמה צו מיינע באַ־טראַכטונגען וועגן די שולן אויף דער שפּראַך־פראַגע, ווייל איך האַלט, אַז אָן דער אויפקלערונג פון דער שטעלונג צו אונדזער שפּראַך־פּראָבלעם קען מען נישט ערנסט באַהאַנדלען דעם גאַנצן ענין פון אונדזער שול־וועזן. די שפּראַך־פראַגע איז אָרגאַניש פאַרבונדן און נישט אָפּטיילבאַר פון אונדזער שול־פּראָבלעם, און דערפאַר האָב איך גע־פונען פאַר נויטיק צו פאָרמולירן מיין שפּראַך־אני־מאמין, מיין אומבויגזאַמע איבער־צייגונג אַז מיר מוזן אָן שום דיסקוסיעס אָננעמען דעם פאַקט וועגן דער צוויי־שפּראַ־כיקייט פון אונדזער קולטור־שאַפן (יידיש אַלס שפּראַך פון אונדזער קולטור־קעגנ־וואַרט, אַלס די הויפּט־מאַניפעסטאַציע פון דעם נאַציאָנאַלן לעבן אויסערהאַלב ארץ

ישראל און העברעאיש אלס די שפראך פון אונדזער קולטור־עבר און לויט אלע וואר־שיינלעכקייטן די שפראך פון אונדזער קולטור־הווה אין ארץ ישראל) איך האב אויך אנגעוויזן, אז די שטרעבונג צו א שפראך־הארמאניע און שפראך־שלום איז דער איינציקער אויסוועג פטור צו ווערן פון דער אומפרוכטבארער און קולטור־שטערנדער שפראך־מלחמה.

נישט אן צופרידנקייט קען איך איצט פעסטשטעלן, אז חיים נחמן ביאליק, דער פרינץ פון דער העברעאישער פאעזיע האט בעתן קבלת־פנים פאר אשן און הירשביינען אין תל־אביב אויך פארטיידיקט דעם אפיקורסישן פאר אונדזערע שפראך־פאנאטיקער געדאנק וועגן שפראך־שלום. וועגן דעם, אז העברעאיש און יידיש זיינען א קולטור-צווילינג...

אבער, ווי געזאגט, איך האב די שפראך־פראגע בארירט פארבייגייענדיק אלס איינלייטונג, אבער נישט צענטראל־פונקט צו מיין ארגומענטאציע.

און איך האב בדרך אגב, ארויסגעזאגט מיין טיפסטע, אינערלעכע איבערצייגונג, אז די קעגנערשאפט צו די יידישע שולן שטאמט באוואוסטזיניק אדער אומבא־וואוסטזיניק פון דער קעגנערשאפט, אדער אומגלויבן און מיס־אכטונג צו דער שפראך אין וועלכער עס וועבט זיך אונדזער מאדערנע פאלקס־קולטור. און מיינע אפאנענטן האבן, נישט ווילנדיקערייט, ווארשיינלעך, דאס אליין בשטעטיקט.

„מיר גלויבן נישט אינעם כוח פון יידיש ער זאל קענען אויפהאלטן און צעמענטירן די גאנצקייט פון דער יידישער נאציע; מיר גלויבן נישט אין קיין צוקונפט פאר יידיש" — זאגט איינער פון מיינע אפאנענטן.

נו, איז דאס נישט דער אומגלויבן אין יידיש וועגן וועלכן מיר האבן גערעדט!

און מיין צווייטער אפאנענט רעדט נאך „עלעגאנטער" וועגן דעם „מדבר און וויסטעניש" פון דער יידישער קולטור...

האב איך אלזא געהאט א גרונד צו ארויסזאגן בדרך אגב די באמערקונג וועגן דעם אז די קעגנערשאפט צו די יידישע שולן און צו יידיש אלס שפראך שטאמט פון איין קוואל?

איז דאס בלויז א צופאל, וואס אלע קעגנער אדער אפיקורסים פון יידיש זיינען די קעגנער פון די יידישע שולן אין פוילן? איך גלויב, אז נישט.

אבער גענוג וועגן דעם.

אויב עמיצער פון די קעגנער פון די יידישע שולן אין פוילן וועט מיר אנווייזן ערגעץ אויף דעם ערדקוגל אן אנדער יידישע שול אויף וועלכער ער איז גרייט צו געבן זיין הסכמה, וועל איך גערן אנערקענען דעם טעות פון מיין באמערקונג, וועלכע האט אגב בלויז אן אומדירעקטע שייכות צום גאנצן דיסקוטירבארן ענין.

:: :: ::

נישט וועלנדיק, ווי געזאָגט, אויפצונעמען איבעראַנייס די שול־פראַגע אין איר גאַנצן פאַרנעם וועל איך זיך אָפּשטעלן בלויז, אויף צוויי באַמערקונגען פון מיינע אָפּאָנענטן.

עס ווערט מיר געמאַכט דער פאָרוואורף, אַז פאַרטיידיקנדיק יידישע שולן הענג איך זיך אָן אויף דעם שטאַרקן בוים פון פרצן און דינענזאָנען, וועלכע האָבן געגרינדעט די שולן.

און מען זאָגט מיר, אַז פאַר די לעצטע יאָרן זינט פרץ איז שוין נישטאָ, האָט זיך זיין גייסט אָפּגעטון פון די שולן.

איך אָנערקען גערן מיין חטא. יאָ, איך הענג זיך אָן אין דעם שטאַרקן און פרוכטבאַרן בוים פון פרצן, דעם פאָטער פון אונדזער מאָדערנער יידישער קולטור, וועלכער איז פאַר אונדז אַלעמען אַ קולטור־פּאָן, — דער שמיד פון דער אומאונטערגעבראָכענער גאָלדענער קייט פון אונדזער נאַציאָנאַלן קולטור־שאַפן.

און וואָס איז שייך דער באַהויפּטונג, אַז פרצעס גייסט האָט זיך אָפּגעטון פון די שולעס איז זי פ אַ ל ש און ג ר ו נ ד ל אָ ז.

די מערקווירדיקע פראָצעסיע פון די טויזנטער יידישע שול־קינדער צו פרצעס קבר, ווען מען האָט אים אַוועקגעשטעלט די מצבה, איז געווען די וואונדערבאַרסטע מאַניפעסטאַציע פון דער פאַרערונג, וואָס ווערט איינגעפלאַנצט ביי די קינדער צו אונדזער גרויסן דיכטער.

די צענדליקער טויזנטער עקזעמפּליאַרן פון דער קינדער־אויסגאַבע פון פרצעס זיבעטיקסטע ווערק, וואָס ווערן פאַרשפּרייט צווישן די שול־קינדער, איז די בעסטע אָפּלייקענונג פון דער דערמאָנטער באַהויפּטונג.

שוין דערמיט, וואָס די יידישע שולן אין פוילן דערציען פינף און צוואַנציק טויזנט באַוואוסטזיניקע פרץ־לייענער, היטן זיי אָפּ פרצעס גייסט און דינען דעם גרויסן ציל, וואָס דער דיכטער האָט געהאַט, אַוועקלייגנדיק דעם יסוד פאַר דער יידישער שול, איינצוהאַלטן דעם קומענדיקן דור פאַר דער יידישער קולטור.

אָדער לאָמיר נעמען די באַהויפּטונג פון איינעם פון מיינע אָפּאָנענטן, אַז דאָס העברעאיש לערנען אין די שולן איז אַ בלאָף.

אויף וואָס פאַר אַ סמך ווערט געמאַכט אַזאַ קאַטעגאָרישע דערקלערונג?

איך האָב געבראַכט לאַנגע אויסצוגן פון דעם פּראָטאָקאָל פון דער העברעאישער לערער־קאָנפערענץ אין ווילנער ראַיאָן, וועלכע באַווייזט,, פאַר יעדן אָביעקטיוון מענטשן, מיט וואָס פאַר אַ טיפן קולטור־ערנסט מען באַציט זיך צום שטודיום פון העברעאיש און דער העברעאישער קולטור אין אַ רייע, אויב נישט אין אַלע שולן פון דער ציש״אָ.

עס איז געבראַכט געוואָרן דער אָפיציעלער לער־פּלאַן פון די שולן, וואו עס

איז אָנגעוויזן געוואָרן די גענויע צאָל שעהן, וועלכע ווערן געווידמעט דעם שטודיום פון העברעאיש.

וואָס זיינען זייערע ראיות, אַז דאָס איז אַ בלאָף? מענטשן, וואָס פילן אחריות פאַר זייערע מיינונגען, דאַרפן קענען דערווייזן זייערע באַהויפּטונגען און נישט סתם אין דער וועלט וואַרפן באַשולדיקונגען.

אָבער לאָמיר לאָזן אַן אַ זייט די איינצלנע גרונדלאָזע און נישט דערוויזענע באַהויפּטונגען פון מיינע אָפּאָנענטן.

לאָמיר זיך נאָכאַמאָל אָפּשטעלן אויף דעם לייט-מאָטיוו פון אַלע טענות קעגן די יידישע שולן אין פּוילן, אַז זיי זיינען אַנטי-נאַציאָנאַל און אַנטי־ציוניסטיש.

איינער פון מיינע אָפּאָנענטן ברענגט אַלס עדות פאַר זיינע באַהויפּטונגען אַן אַנאָנימען רעדנער, וואָס האָט געהאַלטן אַ דרשה אויף אַ צעירי־ציון־פאַרזאַמלונג און האָט דאָרטן איבערגעגעבן אַ לעכערלעך-קאָמישן געשפּרעך, וואָס זאָל האָבן פאַרגעקומען צווישן אַ לערער און אַ שילער פון יידישער שולע.

און אויף דעם סמך דערלויבט מען זיך אַרויסצוטרעטן מיט בלבולים און באַשולדיקונגען קעגן דעם גאַנצן יידישן שול-וועזן אין פּוילן!

דאָס איז שוין אַ הפקרות, וואָס האָט נישט קיין נאָמען!

שלום אַש, נאָמבערג, ד״ר שיפּער, אָפּאַטאָשו און צענדליקער אַנדערע יידישע שריפטשטעלער און כלל־טוער וואָס האָבן אויפן אָרט געזען די יידישע שולן און זיינען זיי די באַגייסטערטע הימנען זיינען פּסול פאַר מיין אָפּאָנענט און דאָס עדות זאָגן פון אַן אומבאַקאַנטן פּאַרטייאישן יונגערמאַן איז כשר!...

איך האָב אין משך פון עטלעכע יאָר נאָכגעפאָלגט די פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן פון דער שול-אָרגאַניזאַציע, פאַר מיר אויפן טיש ליגט אַ יאָרגאַנג פון דעם פּעדאַגאָגיש-וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל פון דער שול־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָגן עדות וועגן גרויסן ערנסט, וועגן דעם הויכן פּעדאַגאָגישן ניוואָ פון די יידישע שולן אין פּוילן.

אין די דאָזיקע זשורנאַלן ווערן מיט דער גרעסטער זאַכלעכקייט און ערנסט באַהאַנדלט די פאַרשידנאַרטיקסטע פּעדאַגאָגישע פּראָבלעמען, מען זעט אויף וואָס פאַר אַ הויכער מדרגה עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער שטודיום פון דער יידישער געשיכטע, פון דער יידישער ליטעראַטור.

עס איז דאָרטן נישטאָ קיין איין שורה וואָס זאָל אָנדייטן אויף אַן אַנטי־נאַציאָנאַלער טענדענץ אָדער אויף גרינגשעצנדער באַציאונג צו דעם יידישן קולטור־עבר.

די כלל־טוער פון דער ציש״אָ, די פּאַרטיי-לייט פון פאַרשידענע ריכטונגען, זינדיקן אפשר דאָ און דאָרטן, וועלנדיק דורכזעצן זייער אָנשויאונג אויף די שול-צוזאַמענפאָרן. אָבער די טויזנט לערער אין זייער טאָג־טעגלעכער פּעדאַגאָגישער פּראַקטיק און אויף זייערע צוזאַמענפאָרן באַהאַנדלען נישט די פראַגן פון ציוניזם אָדער אַנטי־ציוניזם אָדער אַנדערע פּאַרטיי־פּראָבלעמען. זיי גיבן זיך אָפּ אויסשליסלעך

מיט פּעדאַגאָגישער טעטיקייט. (דאָס זאָגן אונדז די באַריכטן פון די לערער־צוזאַ־מענפאָרן און די פּעדאַגאָגישע צייטשריפטן.)

די יידישע שולן זיינען געווים נישט ציוניסטיש און זיי קענען דאָס על פּי שכל נישט זיין, ווייל פאַר דעם רוב ציוניסטן זיינען די יידישע שולן טריף און זיי באַשעפטיקן זיך נישט מיט זיי.

דאַן ווען פאָלקס־ציוניסטן וועלן זיך פאַרנעמען מיטן יידישן שול־וועזן דאַן קען מען דערוואַרטן, אַז אין די שולן זאָל הערשן אַ ציוניסטישער גייסט.

פאַר דער איין ווילנער גימנאַזיע, וואָס גיט אַרויס אַ דור פון שטאָלצע און נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניקע און אמת יידיש געבילדעטע יידישע יונגעלייט דאַרף מ'ען דער צישאָ מוחל זיין צענדליקער חטאים, וואָס זי וואָלט אפילו געהאַט.

איך בין גרייט צוגעבן, אַז די צישאָ אַלס גאַנצע גיט מעגלעך נאָר דעם מינימום פון נאַציאָנאַל־יידישער דערציאונג, פון שטאַנדפּונקט פון עקסטרעמען נאַציאָנאַליזם.

אָבער ווער עס האָט דעם טרויעריקן מוט צו באַהויפּטן, אַז ס'וואָלט בעסער געווען, אַז 25.000 יידישע קינדער זאָלן גיין אין פּוילישע רעגירונגס־שולן אָנשטאָט אין די צישאָ־שולן, אַז ס'איז בעסער אַז פאַר 25.000 קינדער זאָל פּויליש ווערן די מוטער־שפּראַך אָנשטאָט יידיש — ווער עס האָט דעם מוט דאָס צו באַהויפּטן — ענטפער איך מיט פולן געוויסן, אַז ער דינט דעם טייוול פון אַסימילאַציע אינעם נאָמען פון שלעכט פאַרשטאַנענעם נאַציאָנאַליזם אָדער ציוניזם.

און איך בין בעסער טויזנט מאָל גרייט מסכים זיין אויף אַ מינימום נאַציאָנאַלער דערציאונג, איידער ווערן אַ שותף פון דער פּאָלאָניזאַציע פון אַ גאַנצן דור יידישער יוגנט, ווי דאָס טוען במזיד אָדער בשוגג מיינע אָפּאָנענטן...

(1926)

# די יידישע שול אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּעדאַגאָגישן קאָנגרעס

אין דער באַרימטער שווייצאַרישער שטאָט לאָקאַרנאָ, וואָס האָט זיך קונה־שם געווען אין דער וועלט מיט דער קאָנפערענץ, וואו עס איז געבוירן געוואָרן דער פריינדשאַפטס־אָפּמאַך צווישן ענגלאַנד און פראַנקרייך, מיט איר געוועזענעם שונא — דייטשלאַנד, איז איצט פאָרגעקומען אַ אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענקונפט, וואָס דינט נישט אין קיין קלענערער מאָס, ווי די פּאָליטישע קאָנפערענץ, דער זאַך פון פעלקער־פרידן. מיר מיינען דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּעדאַגאָגישן קאָנגרעס, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין לאָקאַרנאָ.

אין דעם דאָזיקן קאָנגרעס האָבן זיך באַטייליקט לערער און שול־אָרגאַניזאַציעס פון פערציק לענדער.

און אויב עס איז ריכטיק דאָס באַקאַנטע ווערטל, אַז די פריסיש־פראַנצויזישע מלחמה האָט געוואונען נישט דער פעלדמאַרשאַל מאָלטקע, נאָר דער דייטשער שול־לערער, וועט נישט ווייניקער ריכטיק זיין די באַהויפּטונג, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס פון די לערער קען גיכער געווינען די שלאַכט פאַר דעם וועלט־פרידן, איידער די פּאָליטיקער, וואָס האָבן מיט מאָנאַטן צוריק פאַרזאַמלט זיך אין דער זעלבער לאָקאַרנאָ.

די שול־לערער פון אַלע פעלקער און לענדער האָבן אין זייערע הענט די נשמה פון די קינדער, זיי קענען זיי פאַרסמען מיטן גיפט פון קריגעריש, פאַלסיפיצירטן פּאַטריאָטיזם און זיי קענען אין איר איינפלאַנצן די געפילן פון אַלמענטשלעכער סאָלידאַריטעט פון דער אמתער הומאַניסטישער ליבע צום אייגענעם פאָטערלאַנד און צו דער מענטשהייט.

און דערום קען די ישועה פון פרידן גיכער קומען פון דער לאָקאַרנער אינטערנאַציאָנאַלער לערער־קאָנפערענץ, איידער פון דער לאָקאַרנער צוזאַמענקונפט פון די בריאַנס, טשעמבערליינס און שטרעסמאַנס.

אָבער מיר האָבן דאָ בלויז בדרך אגב באַרירט די אַלגעמיינע באַדייטונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פּעדאַגאָגישער קאָנפערענץ אין לאָקאַרנאָ, וואָס מיר זיינען אויסן, איז צו רופן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם לייענער, אויף דעם גרויסן מאָראַלישן טריאומף, וואָס מיר, יידן האָבן אָפּגעהאַלטן אין לאָקאַרנאָ.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן קאָנגרעס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין לאָקאַרנאָ אַ אינטערנאַציאָנאַלע פּעדאַגאָגישע אויסשטעלונג.

די יידישע שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן האָט אויף דער דאָזיקער אויסשטעלונג געשיקט הונדערט עקספּאָנאַטן, וועלכע פאַרנעמען צוויי גרויסע צימערן פון דער לאָקאַרנער עקספּאָזיציע.

און די ווארשעווער יידישע צייטונגען דערציילן אונדז וועגן דעם אויסערגע-וויינלעכן דערפאָלג, וואָס די יידישע עקספּאָנאַטן האָבן אויף דער לאָקאַרנער פּע-דאַגאָגישער אויסשטעלונג.

דער דירעקטאָר פון די לאָקאַרנער פאָלקס־שולן איז אַזוי אַנטציקט געוואָרן פון די יידישע קינדער־שאַפונגען, אַז ער האָט געשיקט אַלס צייכן פון דאַנקבאַר-קייט און אָנערקענונג אַ גרויסן בלומען־בוקעט דער יידישער אויסשטעלונג־אָפּטיי-לונג.

די דעלעגאַטן פון די בראַזיליענישע רעגירונגס־שולן האָבן געבעטן ביי די פאַרטרעטער פון דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע, אַז זיי זאָלן געבן אייניקע עקס-פּאָנאַטן פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג פון קינדער־ארבעטן וואָס ווערט איינגעאָרדנט אין בראַזיל.

דער באַרימטער דייטשער פּעדאַגאָג, דער פּראָפעסאָר טעמערסאָן פון יענאַ קען זיך גישט אָפּלויבן פון די דערגרייכונגען פון די יידיש-פּוילישע שולן.

און הונדערטער ענגלענדער, פראַנצויזן, דייטשן, האָלענדער, איטאַליענער און פאַרטרעטער פון אַנדערע פעלקער, האָבן באַזוכט די יידישע אָפּטיילונג פון דער אויסשטעלונג און האָבן אויסגעדריקט זייער באַוואונדערונג.

און ווי מען זאָל זיך נישט באַציען צו דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן, צו איר אידעאָלאָגישער ריכטונג, קען מען נישט לייקענען דעם גרויסן פאַרדינסט אירן מיט דער אָרגאַניזירונג פון דער יידישער אָפּטיילונג אויף דער אינטערנאַציאָ-נאַלער פּעדאַגאָגישער אויסשטעלונג.

אויסער דעם, וואָס דער דערפאָלג אין לאָקאַרנאָ איז אַ גרויסע דערגרייכונג פאַר דער שול־אָרגאַניזאַציע גופא, וועלכע האָט געוואונען די אָנערקענונג פון דער ברייטער פּעדאַגאָגישער וועלט פאַר איר דערציערישער אַרבעט, האָט דער פאַקט נישט קיין קליינע אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע באַדייטונג.

די שול־אָרגאַניזאַציע האָט מיט איר דערגרייכטן טריאומף אויף דער אינטער-נאַציאָנאַלער לאָקאַרנאָ-אויסשטעלונג באַקומען אַ קאָזיר אין האַנט אין איר קאַמף פאַר דער מלוכהשער אָנערקענונג אין פּוילן. אויף דער ווארשעווער רעגירונג וועט די אינטערנאַציאָנאַלע אָנערקענונג פון די פּעדאַגאָגישע דערפאָלגן פון די יידישע שולן געוויס נישט בלייבן ווירקונגסלאָז. נאָך דעם לאָקאַרנער אַטעסטאַט, וועט מען אין די פּוילישע רעגירונגס־ספערן נישט קענען שטעלן אונטער אַ פראַגע-צייכן דעם פּעדאַגאָגישן ווערט פון די יידישע שולן.

אָבער ווי געזאָגט, אויסער דער פאַקטער ריין־לאָקאַלער באַדייטונג, האָט דער לאָקאַרנער דערפאָלג פון דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע, אַן אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן ווערט.

די ברייטע וועלט, אַ קאָנגרעס פון דעלעגאַטן פון פּעדאַגאָגישע לענדער פון אַלע

ווינקלען פון דער וועלט, האָט צום ערשטן מאָל זיך דערוואוסט און אָנערקענט דעם הויכן ווערט פון דעם יידישן קולטור־אויפטו אין פוילן.

פילע פון זיי האָבן ווארשיינלעך צום ערשטן מאָל געהאַט אַ געלעגנהייט צו דערוויסן זיך אַז אויסער פּאָליאַקן געפינט זיך אויף דער פוילישער טעריטאָריע אַ פאָלק וואָס לעבט איר אייגענעם קולטור־לעבן און שאַפט באַדייטנדע קולטור־ווערטן.

פאַר פילע איז די יידישע אָפּטיילונג אין לאָקאַרנאָ געווים געווען אַ נייע קאָלומבוס-אַנטדעקונג און זיי האָבן זיך מסתמא צום ערשטן מאָל דערוואוסט, אַז מיר זיינען נישט נאָר אַ ביבל־פאָלק, נאָר אַ קולטור־שאַפנדע נאַציע פון דער קעגנוואַרט.

און צי האָט די יידישע שול־אָרגאַניזאַציע אין פוילן יאָ אָדער נישט געהאַט ווייטזיכטיקע נאַציאָנאַלע כוונות, האָט זי פאַקטיש אויף דער אויסשטעלונג אין לאָקאַרנאָ דורכגעפירט אַ פיל באַדייטנדע יידישע קולטור־מאַניפעסטאַציע, וואָס וועט פאַרשאַפן כבוד דעם יידישן נאָמען אין דער וועלט.

(1927)

---

# פאַרווירקלעכט אַ פאַנטאַזיע

(„ יי וו א ")

ערשט מיט געציילטע עטלעכע יאָר צוריק איז דאָס געווען אַ פאַנטאַזיע.

אַ קליינע גרופּע יידישע אינטעליגענטן, פּובליציסטן און שריפטשטעלער, וועלכע זיינען פאַרוואָגלט געוואָרן נאָך דעם גרויסן רוסישן שטורם קיין בערלין, האָבן, גאַנץ ווארשיינלעך, ביי אַ קאַפע-טישל אָנגעהויבן שמועסן צווישן זיך, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען עס זאָל געלינגען צו שאַפן אַ מין העכערע אַקאַדעמיע פאַר דער יידישער שפּראַך און פאַרן יידישן וויסן. און אַט אַלס רעזולטאַט פון די שמועסן איז געבוירן געוואָרן דער קאָנקרעטער געדאַנק וועגן דער גרינדונג פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

די קליינע גרופּע, וועמענס מיטגלידער מען קען איבערציילן אויף די פינגער פון איין האַנט, איז נישט געבליבן ביי די רייד, נאָר איז טאַקע באַלד צוגעטראָטן צו פאַרוואַנדלען אין מעשים אירע פּלענער און פּראָיעקטן.

צום אָנפאַנג איז געקומען דאָס וואָרט. מען האָט אָפּגעקלאַפּט אויף אַ שרייבמאַשינקע אַ מעמאָראַנדום פון עטלעכע צענדליק בייגעלעך פּאַפּיר, וואו מען האָט אויספירלעך באַגרינדעט דעם פּלאַן פון דעם וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט און מען

האָט אים צעשיקט אין אַלע ארבע כנפות הארץ, וואו עס געפינען זיך יידישע שריפטשטעלער, קולטור און כלל־טוער.

ווען עס איז צו אונדז אין ארגענטינע צום ערשטן מאָל אָנגעקומען דער דער־מאָנטער מעמאָראַנדום, האָבן מיר געקוועטשט מיט די אַקסלען און געוואונדערט זיך, פון וואַנען נעמט זיך אַזוי פיל פאַנטאַזיע ביי מענטשן, וואָס זיינען אַזוי אויס־געבונדן מיט דער יידישערווירקלעכקייט און ווייסן פון אייגענער דערפאַרונג די ענגע גרעניצן פון אונדזער געזעלשאַפטלעך־שאַפנדן קענען און די אָרימקייט פון אונדזערע אַקטיווע קולטור־כוחות.

אַ יידישע אַקאַדעמיע, אַ יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, וואָס זאָל זיין אַ מין גייסטיק־קולטורעלער קיבוץ־גליות פון אונדזערע צעשטרייטע און צעשאָ־טענע קולטור־כוחות.

קען דען זיין אַן אומרעאַלערע פאַנטאַזיע? אַזוי האָט זיך אונדז אויסגעדוכט דער פּלאַן פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט דאָ, אין דער ווייטער אַר־גענטינע, — וואָס איז אָפּגעריסן מיט אַזאַ גרויסער דיסטאַנץ, פון די ליידנדע און שאַפנדע צענטערן פון דעם יידישן מאַסן־ישוב אין אייראָפּע.

מיר האָבן געטראַכט, ווי אַזוי ווען מיר מיט אונדזערע אייגענע שוואַכע און צעשאָטענע כוחות, וואָס זיינען נאָך צעשפּליטערטער געוואָרן נאָך דעם חורבן פון דער מלחמה, פּאָגראָמען און רעוואָלוציע, קענען אויפבויען דעם בנין פון אַ מין העכערער אַקאַדעמיע, וואָס איז ביי אַלע פעלקער אַנטשטאַנען מיט דער הילף פון דער מלוכה אַלס פּועל־יוצא פון אַ לאַנג־דויערנדער קולטורעלער אַנטוויקלונג און אַלס קרוין פון גרויסע קולטורעלע דערגרייכונגען.

ווי קען מען ערנסט דענקען וועגן בויען אַ דאַך פאַר אונדזער קולטור־בנין, ווען מיר האָבן נאָך נישט פאַרפעסטיקט דעם יסוד פון אונדזער קולטור — די עלעמענ־טאַרע יידישע שול?

אַזוי האָבן מיר געטראַכט דאָ, אין דעם ווייטן לאַנד, ווען מיר האָבן געלעזן די בלעטלעך פון דעם מעמאָראַנדום וועגן דעם פּלאַן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינס־טיטוט, וואָס עס האָבן אונדז צוגעשיקט זיינע בערלינער איניציאַטאָרן.

און מיר האָבן קוים באַוויזן ארומצוזען זיך, ווי די פאַנטאַזיע פון דער בערלינער אינטעליגענטן־גרופּע האָט אָנגעהויבן פאַרוואַנדלען זיך אין אַ ווירקלעכקייט און עס זיינען אַוועקגעלייגט געוואָרן די ערשטע ציגל פאַר דעם בנין פון דער גרויסער יידי־שער קולטור־אינסטיטוציע.

איצט, אַז עס זיינען אַוועק די ערשטע עטלעכע יאָר פון דער אַנטשטייאונג פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, קען שוין קיינער נישט צווייפלען אין דעם, אַז עס שטעלט פאָר מיט זיך איינע פון אונדזערע גרעסטע קולטור־דערגרייכונגען.

דער „ייוואָ“ האָט אַנטפּלעקט פאַר אונדז און פאַר דער אויסערלעכער וועלט די פאַרבאָרגענע קולטור־כוחות, וואָס מיר פאַרמאָגן, און איז געוואָרן דער מאַגנעט־צענטער, וואָס האָט צוגעצויגן צו זיך אַלע אונדזערע אין יידיש־שאַפנדע עלעמענטן.

עס האָט זיך נאָך ווייט נישט פאַרענדיקט דער ערשטער גרינדונגס־פּעריאָד פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט און ער קען שוין אָנווייזן אין זיין באַלאַנס אַזעלכע באַדייטנדע אויפטוען, וואָס וואָלטן געווען אַ כבוד פאַר פיל רייכערע און קרעפטיקערע קולטור־אַנשטאַלטן, וואָס זיינען נישט אַזוי באַגרעניצט אין אַקטיוועע קולטור־געזעלשאַפטלעכע כוחות און מאַטעריעלע מיטלען.

די שריפטן פון דעם „ייוואָ“, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון זיינע סעקציעס — פילאָלאָגישער, עקאָנאָמישער און היסטאָרישער — זיינען בלי ספק סאָלידע ביישטייערן פאַר דער יידישער וויסנשאַפט און זאָגן עדות אויף דער אינטענסיווער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט וואָס ווערט אָנגעפירט אין די ראַמען פון דעם אינסטיטוט מצד שוין אַ גענוג צאָלרייכער פלעיאַדע פון יונגע און עלטערע יידישע געלערנטע.

די קאָלעקציעס, וואָס דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט האָט באַוויזן אָנצוזאַמלען דורך זיינע פריינט אין אַלע איבער דער וועלט פאַרשפּרייטע יידישע ישובים, שטעלן שוין איצט פאָר אַן אומאָפּשאַצבאַרן אוצר, וואָס וועט מיט דער צייט ווערן אַ קוואַל פאַר יידישן וויסנשאַפטלעכן שאַפן.

דער בלי גוזמא ריזיקער אויפטו פון דעם „ייוואָ“ פאַר די ערשטע עטלעכע יאָר פון זיין קיום, וואָס זיינען פאַקטיש געווען די גרינדונג־ראַנגלענישן פון דעם אינסטיטוט, גיבן אונדז דאָס רעכט צו גלויבן אין דער גלענצנדער צוקונפט, וואָס איה דערוואַרט אַלס זאַמל־פּלאַץ פון אונדזער שוין פאַראַנענעם קולטור־פאַרמעגן און הויפּטזעכלעך אַלס אינספּירירנדן און באַפרוכפּערנדן קוואַל פאַר אונדזער ווייטערדיקן קולטור־שאַפן.

אויב פאַר די ערשטע עטלעכע גרינדונגס־יאָרן, יאָרן פון גייסטיקע און מאַטעריעלע מאַטערנישן, איז שוין דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט געלונגען אַזוי פיל צו דערגרייכן, קענען שוין זיין נישט מער קיין ספקות און וואַקלענישן אין דער פּאָטענץ פון אונדזערע קולטור־שאַפנדע כוחות.

און די אמונה און גלויבן אין אונדזערע קולטור־שאַפונגס־מעגלעכקייטן, וואָס וועקט און מוז דערוועקן אין אונדז דער רעזולטאַט פון דער קנאַפּער פינף־יאָריקער טעטיקייט פון דעם „ייוואָ“, איז אפשר נישט ווייניקער ווערט, ווי דער קאָנקרעטער ממשותדיקער אויפטו פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

דער יידישער ישוב אין אַרגענטינע האָט, צוליב זיין געאָגראַפישער ווייטקייט פון די צענטערן פון דעם יידישן מאַסן־ישוב, נישט געהאַט די געלעגנהייט און דעם מזל צו זיין צווישן די פּיאָנערן פון דעם „ייוואָ“ — צווישן די באַגייסטערטע בעלי־אמונה, וואָס האָבן גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו לייגן דעם גרונטשטיין פון

דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

אונדז איז נישט באַשערט דירעקט צו באַטייליקן זיך נישט אין די מאַטעריעלע און נישט אין די גרויסע דערגרייכונגען פון דעם יידישן קולטור־לעבן.

אונדז איז איבערגעגעבן די מעגלעכקייט מיטצובאַטייליקן זיך אין דעם דאָזיקן יידישן קולטור־שאַפן. דורך דער היגער אָפּטיילונג פון דעם „ייוואָ" האָבן מיר בייגעטראָגן אונדזער באַשיידענעם טייל, ליידער שוין צו באַשיידענעם, פאַר דער אויפהאַלטונג און אַנטוויקלונג פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

מיר טאָרן אָבער נישט ווייטער באַציען זיך מיט אַזאַ גלייכגילטיקייט און אינערץ צו דעם גרויסן יידישן קולטור־ווערק, וואָס ווערט איצט מיט דער הילף פון דער יידישער קולטור־וועלט געשאַפן אין ווילנע.

דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט — אונדזער אַלעמענס גייסטיקע היים — בויט איצט אין ווילנע זיין מאַטעריעלע היים, דעם בנין, וואו עס וועלן זיך געפינען אַלע געזאַמלטע קולטור־אוצרות און דער פּלאַץ, וואָס וועט מאַכן זיין אונדזער נאַציאָנאַל־יידישע וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיע.

עס איז דערום דער חוב פון דעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע אָפּצוצאָלן אונדזער חוב די פּיאָנערן פון דעם גרויסן יידישן קולטור־ווערק און פאַרלייכטערן זייער אויפגאַבע און ברייטהאַרציק מיטהעלפן זיי לפּחות איצט, ווען זיי אַליין האָבן מיט זייערע אייגענע כוחות אוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פון דעם „ייוואָ", וואָס שנעלער אויפהויבן די ווענט פונעם אינסטיטוט און מיטבאַטייליקן זיך אין דער שאַפונג פון אַ ווירדיקער מאַטעריעלער היים פאַר אונדזער קולטור.

טראָגן ציגל צו אָט דעם בנין איז אַן ערן־חוב פון יעדן יידישן קולטור־מענטשן און מיר ווילן נישט צווייפלען אין דעם, אַז די יידישע אַרגענטינע וועט איר חוב דערפילן און וועט ענערגיש שטיצן די אַקציע פאַר דעם „ייוואָ".

# איניקע פאַקטן וועגן „ייוואָ"

די פאָרשונג פון דער יידישער פילאָלאָגיע, יידישער געשיכטע, עקאָנאָמיע און סטאַטיסטיק פון דער יידישער עטנאָגראַפיע און ביבליאָגראַפיע — דאָס זיינען ענינים, וואָס האָבן אייגנטלעך געדאַרפט אינטערעסירן אַ גאַנץ ענגן קרייז פון פאַכלייט און געלערנטע. און דאָך זעען מיר, אַז דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט („ייוואָ") האָט אויפגעוועקט דעם לעבעדיקסטן אינטערעס ביי די ברייטסטע יידישע פאָלקס-שיכטן אין אַלע ארבע כנפות הארץ און איז געוואָרן דער צענטער פון דער אַלוועלטלעכער יידישער קולטור-באַוועגונג.

דער סוד פון אָט דער מערקווירדיקער דערשיינונג איז אַ גאַנץ איינפאַכער. דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט איז נישט קיין וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציע אין דעם אָנגענומענעם ענגן זין פון וואָרט, ער איז נישט בלויז די צענטראַלע פאַר טרוקענער און קאַלטער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, נאָר ער איז דער לעבעדיקער אינסטרומענט, „וואָס דינט די יידישע מאַסן אין דעם קאַמף פאַר זייער עמאַנסיפּאַציע, ווי דאָס לויטעט די פּרינציפּן-דעקלאַראַציע פון זיינע גרינדער.

דערפאַר איז קיין וואונדער נישט, וואָס אַרום דעם אינסטיטוט האָבן זיך פאַרזאַמלט נישט בלויז אונדזערע און אַפילו פרעמדע וויסנשאַפטסמענער, יונגע און עלטערע יידישע געלערנטע און פאַכלייט, נאָר דער „ייוואָ" האָט געשאַפן אַרום זיך און אַרויסגעבראַכט ספּאָנטאַן צום לעבן אַן אמתע פאָלקס-באַוועגונג אין אַלע לענדער, וואו עס זיינען פאַראַן גרעסערע אָדער קלענערע יידישע ישובים.

אינטואיטיוו, מיט זייער געזונטן חוש, האָבן די יידישע מאַסן דערשפּירט, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן אַ ריין אַקאַדעמישן ענין פון געלערנטע יחידי-סגולה, נאָר וועגן אַ גרויסער אַלגעמיין-נאַציאָנאַלער אונטערנעמונג, וואָס דאַרף באַפרוכפּערן און באַרייכערן דאָס גאַנצע יידישע קולטור-לעבן און ווערן אַ קוואַל פון סטימול פאַר דעם יידישן גייסטיקן שאַפן אויף אַלע געביטן און צווייגן.

און פאַר די געצעלטע עטלעכע יאָר פון זיין קיום האָט דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט דערפילט און ווייט איבערגעשטיגן די האָפנונגען, וואָס מען האָט אויף אים געלעגט, ווערנדיק דער אינספּירירנדער צענטער פאַר דער וויסנשאַפטלעכער ארבעט פון יחידים און פאַר דער קאָלעקטיווער קולטור-אַקטיוויטעט פון די מאַסן.

נאָך דעם אַלעמען, וואָס איז שוין געשריבן וועגן דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט און נאָך דעם אַלעמען, וואָס איז אונדז דערציילט געוואָרן פון דעם ספּעציעלן שליח זלמן רייזען איז שוין איבעריק צו רעדן וועגן דעם אויפטו פון דעם „ייוואָ".

מיר ווילן זיך דאָ נאָר אָפּשטעלן אויף אייניקע פאַקטן, וואָס באַזייטיקן דעם חשד, וואָס ווערט אַרויסגעזאָגט פון געוויסע צדדים, אַז דער יידישער וויסנשאַפט־לעכער אינסטיטוט טראָגט אַן אויסגעשפּראָכענעם פּאַרטיי־כאַראַקטער און איז אַפילו נישט ריין פון אַנטי־ציוניסטישע טענדענצן.

אַט האָבן מיר פאַר זיך דעם אָפיציעלן פּראָטאָקאָל פון דער ערשטער קאָנפע־רענץ פון דעם „ייוואָ", וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ווילנע, אין אָקטובער 1929.

לאָמיר הערן, וואָס עס זאָגט אַזאַ אויסגעשפּראָכענער פּאַרטיי־מענטש, ווי איי־נער פון די פירער פון פּוילישן „בונד", יוסף לעשטשינסקי:

„די פירער פון דעם וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט — האָט געזאָגט דער רעדנער — דאַרפן געדענקען, אַז אויב זיי ווילן נישט, אַז דער אינסטיטוט זאָל זיין אַן אָרט פון אייז־קאַלטער טויטער וואָרט־וויסנשאַפט, מוז ער זיך איינגלידערן אין קייט פון די אַלע אינסטיטוציעס, וואָס קעמפן פאַר דער קולטור פון די יידישע מאַסן. דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט דאַרף זיך אָריענטירן נישט אויף אַ פּאַרטיי, נאָר אויף די יידישע מאַסן".

אַלזאָ, אַפילו אַזאַ עקסטרעמער פּאַרטיי־מענטש, ווי דער פירער פון „בונד" פּרעטענדירט נישט אַרויפצולייגן אויף דעם „ייוואָ" אַ פּאַרטיי־שטעמפּל.

דער אומפּאַרטייאישער און צו ארץ ישראל נישט קעגנערישער כאַראַקטער פון דעם „ייוואָ" איז אויך געקומען צום אויסדרוק אויף דער ערשטער דערעפענונגס־זיצונג פון דער דערמאָנטער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין צוויי חדשים אַרום נאָך די אויגוסט־געשעענישן אין ארץ ישראל.

גלייך ביי דער דערעפנונג פון דער זיצונג, האָט דער פאָרזיצנדער, ד"ר צ. שאַבאַד זיך געווענדעט צו דער פאַרזאַמלונג:

„איידער מיר וועלן צוטרעטן צו דער עצם־זיצונג מוזן מיר דערמאָנען די, וואָס זיינען אַוועק פון אונדז. מיר מוזן דערמאָנען די קרבנות פון די לעצטע בלוטיקע געשעענישן אין ארץ ישראל. איך בעט באַערן זייער אָנדענק מיט אויפשטיין". (אַלע פאַרזאַמלטע הויבן זיך אויף פון זייערע ערטער) — (זעט דעם באַריכט זייט 16).

אויף דער זעלבער זיצונג איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ באַגריסונגס־רעדע דער באַקאַנטער יידישער היסטאָריקער און אַקטיווער ציוניסטישער טוער ד"ר י. שיפּער (גרינבוימס נאָענטסטער מיטאַרבעטער), וועלכער האָט געזאָגט:

„איך וויל נישט באַהאַלטן, אַז איך שטיי פאַר אייך אַלס ציוניסט. איך בין צוגלייך אַן אויפריכטיקער פריינט פון „ייוואָ". געוויס זיינען פאַראַן חלוקי־דעות ביי אונדז און איטלעכער דאַרף קעמפן אין פאָלק פאַר זיינע אמתן, אָבער דער קריג דאַרף געפירט ווערן צוליב שלום, צוליב צעמענטירן דאָס פאָלק. וועלן מיר אָבער

פאַרשאַרפן דעם קאַמף, האָב איך מורא, אַז מיר וועלן אויפרייסן דאָס, וואָס מוז זיין איין גאַנצעס, אין צוויי טיילן. דער היסטאָרישער וועג פון העברעאיש און יידיש איז ענג פאַרבונדן. מיר האָבן געבויט קולטור סיי אין העברעאיש און סיי אין יידיש, און עס איז נישט געווען קיין קריג. וואָס וואָלט געווען יידיש אָן העברעאיש און פאַרקערט? לאָמיר דריקן צום הארצן די ווירקלעכקייט ווי זי איז. צוויי שפּראַכן פאַרמאָגן מיר, וואָס אין זיי ביידע לעבט זיך אויס דער יידישער גייסט. און דאָ אין וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט טוט זיך אַן אַרבעט וואָס קען פאַרנעמען אַלעמען. די זאַך שטייט העכער פאַר פּערזענלעכע רייבונגען, קיין זאַך קען מיר נישט שטערן מיטצוהעלפן דאָרטן, וואו עס טוט זיך יידישע זאַפטיקע אַרבעט, נאָר איינס דאַרפן מיר געדענקען: מיר דאַרפן שטעלן דעם טראָפּ אויפן אייגענעם נאָמען: „יידישע וויסנשאַפט". (זעט באַריכט זייט 26).

און אַ צווייטער ציוניסט, דער דעלעגאַט פון עסטלאַנד, ד"ר י. פ אַ ר ע נ ס א ן:

„מיר ווייסן גוט, אַז די אמתע יידישע קולטור־אויטאָנאָמיע, איר פולער אינ־האַלט איז אָט דאָ, וואו עס האָבן זיך צונויפגעקליבן די פאָרשטייער פון יידן פון אַ סך לענדער. לאָזט מיר אויסרעדן מיין האַרץ. איך בין אַ געטרייער ציוניסט. איך בין צוגלייך אַן איבערצייגטער יידישיסט. אין אונדזערע פאַרהעלטענישן קומט אָפּט־מאָל אויס, אַז ס'איז נויטיק צו דערווייזן די עלעמענטאַרסטע זאַכן, ווי דאָס איז, אַז יידיש קען זיין די שפּראַך פון קולטור. און אָט קומט דער וויסנשאַפטלעכער אינס־טיטוט מיט זיין עקזיסטענץ, מיט זיין אַרבעט און מיט זיינע אויסגאַבן און באַווייזט דאָס אַלעמען בהוש. זאָל ער לאַנג לעבן און ווייטער טאָן זיין אַרבעט".

און אָט לאָמיר ברענגען אייניקע אויסצוגן פון דעם באַזוכער־בוך פון דעם יידי־שן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

מרדכי בן הלל הכהן, אַ נאָמען, וואָס איז גוט באַקאַנט אין דער העברעאישער פּובליציסטיק, וועלכער האָט באַזוכט דעם אינסטיטוט אין סעפּטעמבער 1930 שרייבט:

„זייער ווייניק, אַ שעה אָנדערהאַלבן, אַרומגעזען גאַנץ אויבערפלעכלעך די גרויסע אַרבעט, וואָס איז באַשאַפן אין דעם אינסטיטוט. געבענטשט זאָלן זיין די הענט פון די אַרבעטער. לאָזן זיי צוגרייטן שטיינער, לאָזן זיי היטן די שטיינער פאַר בויען אונדזער געשיכטע, און פון די אַלע געביידעס וועט דאָך געבויט ווערן דאָס פאָלק ישראל בארץ ישראל".

די זעלבע ברכה גיט אויך דער ארץ ישראלדיקער זשורנאַליסט י. ל. וואהלמאַן:

„געבענטשט זאָלן זיין די הענט פון די בויער! די וואָס לייגן אַ שטיין אויף אַ שטיין פאַרן בנין פון דער יידישער געשיכטע".

ז. ש נ י א ו ר, וועלכער האָט באַזוכט דעם אינסטיטוט אין פעברואר 1932 שרייבט קורץ און לאַקאָניש:

„געקומען, געזען און איך בין — באַזיגט".

ש מ ו א ל ו יי נ ב ע ר ג האָט אין העברעאיש געמאַכט פאָלגנדע אויפ־שריפט אין באַזוכער־בוך:

„איך וויל אונטערשטרייכן, אַז דווקא אַלס מיטגליד פון „ברית עברית עולמית" האָב איך זיך אויסגעצייכנט געפילט צווישן מיינע חברים פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. מיר דורכט זיך, אַז די חברים פון דעם „ייוואָ" זיינען פון די „מקיצי נרדמים" (די וועקער פון אַנדרימלטע) אין אַ נייער אויסגאַבע. זאָל אייער אַרבעט געבענטשט און פרוכטבאַר זיין".

און די וואַרשעווער געזעלשאַפט „פריינד פון העברעאישן אוניווערסיטעט אין ירושלים", אין שפּיץ פון וועלכן עס שטייען פּראָפעסאָר משה שאָר און יצחק יעקב פּאָזנאַנסקי האָט צוגעשיקט פאָלגנדע באַגריסונג צו דעם אַקט פון לייגן דעם גרונד־שטיין פונעם אינסטיטוט:

„מיר שיקן אייך אונדזערע האַרציקסטע ברכות. זינט דער גרינדונג פונעם „ייוואָ" שטייען מיר מיטן אינסטיטוט אין פריינדלעכע באַציאונגען און געמיינזאַ־מער אַרבעט. מיט באַזונדערער צופרידנקייט קוקן מיר זיך צו צו זיין גיכער אַנט־וויקלונג. מיר ווינטשן אייך, אַז איר זאָלט מצליח זיין אין אייער וויכטיקער אַרבעט צו דער וויסנשאַפטלעכער און גייסטיקער אויפלעבונג פון יידישן פאָלק".

:: :: ::

מיר זעען אַלזאָ פון די אויבנגעבראַכטע פאַקטן, אַז די אַלע, אַפילו אויסגע־שפּראָכענע ציוניסטן און העברעאיסטן, וועלכע האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט צו שטיין אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט און פון דער נאָענט זיך באַקענען מיט זיין אַרבעט, אָנערקענען זיין אומצווייפלהאַפטן נאַציאָנאַלן ווערט און באַדייטונג.

און דאָס האָט אַנדערש נישט געקענט זיין.

דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט איז דער לעבעדיקער אויסדרוק פון דעם וואוקס און אויפבלי פון די יידישע שעפערישע קולטור־כוחות אין גאָר דער וועלט. דערמיט, וואָס ער קאָנצענטרירט אַרום זיך די אַלע יידישע שאַפנדע כוחות און זאַמלט די פּראָדוקציע פון דעם יידישן שאַפן אין עבר און קעגנוואַרט און אַלע היסטאָרישע און עטנאָגראַפישע דאָקומענטן, וואָס זיינען שייך צו אונדזער פאַר־גאַנגענהייט און קעגנוואַרט, קעמפט ער קעגן דער גלות־טראַגעדיע פון אונדזער צע־שפּליטערטקייט און צעוואָרפנקייט איבער אַלע פיר עקן וועלט און העלפט פאָרמירן דעם יידישן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און צעמענטירן די אייניקייט און גאַנצקייט פון דער יידישער נאַציע.

אזוי ווי דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט געפינט זיך אין ווי ל-נ ע, אין דעם אַלטן און שטענדיק זיך באַנייענדן צענטער פון דעם יידישן מאַסן־לעבן און נישט אין ירושלים, איז זייער באַגרייפלעך, אַז דאָס שאַפן אין יידיש, אַז די קולטורעלע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פון דעם יידישן לעבן אין דער דיאַס־פּאָרא פאַרנעמען, מוזן פאַרנעמען דעם אויבנאָן, אין זיין שטודיום און פאָרשונגען.

דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט האָט דאָך נישט בדעה צו קעמפן און קאָנקורירן מיט דעם העברעאישן אוניווערזיטעט אויפן הר הצופים, וואו העב-רעאיש און דאָס העברעאישע שאַפן פאַרנעמט דעם ערשטן און איינציקן פּלאַץ.

מיר גלויבן, אַז עס איז נישטאָ קיין אָרט פאַר אַ מלחמה צווישן ווילנע און ירושלים, וואָס רעפּרעזענטירן די צוויי שטראָמען פון דעם יידישן גייסטיקן שאַפן.

דער אידעאַל וואָלט געווען, אַז די יידישע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוטן אין ווילנע און אויפן הר הצופים זאָלן זיך קעגנזייטיק דערגענצן און באַפרוכטן, אָבער כל-זמן דאָס איז נישט דערגרייכט געוואָרן קענען זיי טון זייער אַרבעט האַרמאָניש און פּרידלעך פּאַראַלעל. און ווער פון זיי וועט פאַרנעמען אַ וויכטיקערן אָרט אין דעם יידישן נאַציאָנאַלן שאַפן און וועט האָבן מער נאַציאָנאַלע חשיבות — דאָס וועט אַנטשיידן די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג.

---

## ביאַליק — דאָס אייגנטום פון אונדזערע ביידע ליטעראַטורן

היינט איז דאָס בלויז אַ טיילווייזע ווירקלעכקייט.

היינט קען מען זיך נאָך האַמפּערן וועגן דעם, צי איז חיים נחמן ביאַליק אַ גלייכבאַרעכטיקטער בירגער פון אונדזער צוויי-שפּראַכיקע ליטעראַטור.

עס זיינען פאַראַן קנאים, וואָס ווילן זען אין ביאַליקן בלויז און נאָר דעם גרויסן גאון פון דער העברעאישער ליטעראַטור.

און די קנאים זיינען דאָ איז ביידע לאַגערן. די איינע ווילן נישט אָפּטרעטן כהו זה פון ביאַליקן, דעם גאונישן שאַפער פון דער יידישער ליטעראַטור. זיי ווילן אים אויסשליסלעך און עקסקלוסיוו פאַר דער העברעאישער ליטעראַטור.

און די קנאים פון צווייטן צד, די שפּראַך־פאַנאַטיקער פון יידיש צווייפלען ווי־דער, צי קען האָבן בירגער־רעכט אין דער יידישער ליטעראַטור דער געניאַלער דיכ-טער, וואָס האָט דעם גרעסטן חלק פון זיין שעפערישער פּאָטענץ אָפּגעגעבן דער העברעאישער ליטעראַטור און האָט שוין יאָרנלאַנג איבערגעריסן די בריקן, וואָס האָבן אים געפירט צום שאַפן אין יידיש.

אונדז שיינט, אַז די קנאים פון ביידע צדדים זיינען זיך טיף טועה.

מיר גלויבן בכלל נישט, אַז פאַר דעם גרויסן פון געטער געבענטשטן שעפער זיינען פאַראַן שפּראַך־גערניצן.

יעדע נאַציאָנאַלע שאַפונג, ווען זי דערגרייכט צו דער העכסטער שלימות ווערט אוניווערסאַל און גייט אַריבער אין דעם אוצר פון אַלמענטשלעכער קולטור.

דאָס איז אַ באַנאַלער, אַלגעמיין־ אָנגענומענער אמת, וואָס נויטיקט זיך נישט אין באַווייזן.

עס איז גענוג צו דערמאָנען איינציקעביישפּילן.

אין דעם מאָמענט, ווען עס האָט זיך אין דייטשלאַנד געפונען דער קאָן־געניאַלער דיכטער (שלעגעל), וואָס האָט איבערזעצט ש ע ק ס פּ י ר ן, איז דער גאָר־נישער ענגלישער דראַמאַטורג געוואָרן דאָס גייסטיקע אייגנטום פון דער דייטשער קולטור. און ווען עס איז געקומען דער געניאַלער אויסטייטשער פון שעקספּירן, דער דייטש־יידישער רעזשיסאָר מ אַ ק ס ר יי נ ה אַ ר ד ט, איז שעקספּיר געוואָרן שיעור נישט דער יסוד פון דער דייטשער טעאַטער־קולטור.

און דאָס זעלבע איז געשען מיט אַלע אַנדערע גרויסע שעפער פון אַלע אַנדערע נאַציעס און ליטעראַטורן.

פאַר דעם גאון איז נישטאָ די מחיצה פון שפּראַך און נאַציאָנאַל־קולטורעלער אייגנאַרט. די שעקספּירס, טאָלסטאָיס, געטעס זיינען דער העכסטער שעפערישער אויסדרוק פון זייערע אייגענע נאַציאָנאַלע קולטורן און זיינען אין דער זעלבער צייט אוניווערסאַל און אַלמענטשלעך, כאָטש זייער השפּעה איז געוויס טיפער און פיל־אַרטיקער אויף זייערע אייגענע נאַציאָנאַלע קולטורן.

מיר גלויבן, אַז חיים נחמן ביאַליק געהערט צו אָט די שעפערישע גרויסן, פאַר וועלכע עס עקזיסטירן נישט, אָדער וועלן אויף להבא נישט עקזיסטירן קיין שפּראַכלעכע און נאַציאָנאַלע גרעניצן.

געוויס וועט נישט דער גאַנצער ביאַליק אַריבערגיין אין דעם אוצר פון דער אוניווערסאַלער קולטור, גענוי ווי דאָס איז נישט געשען מיט אַלע אַנדערע נאַציאָנאַלע גאונים. דאָס טיף אייגנאַרטיקע נאַציאָנאַלע קען אפשר נישט אַריבערגיין אינגאַנצן אין דער פולער מאָס די שפּראַכלעכע און קולטור־גרעניצן.

אָבער אין די ראַמען פון אונדזער צוויי־שפּראַכיקער קולטור קענען נישט עקזיסטירן אַזעלכע שאַרפע גרעניצן, וואָס זאָלן שאַפן אַן אומבאַזיגבאַרע מחיצה.

אויב מיר האָבן אין אַ גרויסער מאָס באַזייטיקט די מחיצה צווישן אונדז און ה יי נ ר י ך ה יי נ ע, וואָס איז פאַרט אַ פּראָדוקט פון דער דייטשער קולטור, אין דעם מאָמענט, ווען ער איז איבערגעדיכטעט געוואָרן אין יידיש און העברעאיש, טאָ ווער קען צווייפלען אין דעם, אַז חיים נחמן ביאַליק קען ווערן דער גלייכבאַרעכטיקטער בירגער אין אונדזער צוויי־שפּראַכיקער ליטעראַטור.

אין דעם טאָג, ווען יהואש'ס יידישער תנ"ך וועט ווערן אַ פאָלקס־בוך, וועט בכלל געשאַפן ווערן די גייסטיקע איינהייט פון אונדזער שאַפן אין העברעאיש און יידיש.

יהואש האָט שוין פּאַקטיש אויפגעבויט דעם בריק צווישן אונדזער צוויי־שפּראַכיקער ליטעראַטור און האָט צעמענטירט די איינהייט און איינהייטלעכקייט פון אונדזער נאַציאָנאַלער קולטור.

און וואָס איז שייך חיים נחמן ביאַליקס גאונישער שאַפונג איז זיין קלענער אין כמות בייטראָג צו דער יידישער פּאָעזיע אַזוי גרויס אין זיין א י כ ו ת, אין זיין קינסטלערישן ווערט, אַז עס איז בכלל אומבאַרעכטיקט די פראגע וועגן זיינע בירגער־„רעכט" אין דער יידישער ליטעראַטור.

בעל מחשבות האָט שוין לאַנג אָנגעוויזן, אַז יעדע פון די צען פּאָעטישע זאַכן, וואָס ביאַליק האָט געשריבן אין יידיש, איז אַ גרויסער פּרק אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער פּאָעזיע, אַז ער האָט אריינגעטראָגן אין דער יידישער פּאָעזיע דעם גייסט פון אייביקייט און אין דער יידישער שפּראַך דעם הייסן פּאָעטישן גייסט פון דער ביבל, די קראַפט, פּאַטאָס און הימל־שטורמישער ליידנשאַפט פון דער נבואה.

און ווער קען צווייפלען אין דעם, אַז אָן די צען ביאַליקישע יידישע שירים וואָלט אוממעגלעך געווען דער אויסערגעוויינלעכער אויפשוואונג און אויפבלי פון דער יידישר פּאָעזיע פון די לעצטע יאָרן.

ביאַליק איז געווען דער פּיאָנער און האָט באַפרוכפּערט דעם באָדן פון דער יידישער פּאָעזיע, וואָס האָט דערגרייכט אין איר מאָדערנער אַנטוויקלונג צו אַזאַ שפּראַך־עשירות און מאַכט־אויסדרוק.

עס איז אויך כדאי צו דערמאָנען, ווי הויך עס האָט געשאַצט שלום עליכם ביאַליקס יידישע שירים.

וועגן ביאַליקס „נביאיש" האָט שלום עליכם געשריבן צו ראַווניצקין:

„...וועגן ביאַליקס „נביאיש", קען איך אייך נאָר זאָגן, אַז ווען ישעיהו הנביא זאָל איצט זיין ביי אונדז נביא, וואָלט ער נישט באַדאַרפט בעסער זאָגן; אָדער ווען ישעיהו אין זיין צייט זאָל געווען זאָגן נביאות אויף זשאַרגאָן, וואָלט ער בעסער נ י ש ט געקענט זאָגן"...

און ווען עס איז דערשינען ביאַליקס „אין גאָרטן", האָט שלום עליכמס התפעלות נישט געהאַט קיין גרעניצן.

ער האָט דעמאָלט (אין יאַנואַר 1903) געשריבן ביאַליקן:

„מזל טוב אייך, ביאַליק, מיט אייער „גאָרטן"! איך בין באמת געווען אין גן־עדן, בשעת איך האָב געלייענט אייער „גאָרטן". גוט, גוט, מחיה נפשות, זאָג איך אייך. הערט איר, ביאַליק? גוט — און גענוג! — ס'איז גוט! איך זאָג אייך, אַז

ס'איז גוט! איר הערט? איך זאָג אייך, דאָס זאָג א י ך אייך, אַז עס איז גוט! גוט, וואָס גוט הייסט! בקיצור — ס'איז גוט!... גאַנץ גוט...

„זייט געזונט און שרייבט נאָך אַזאַ מין „גאָרטן" — זאָלן זיי זען, די כלבים, אַז מיר, זשאַרגאָניסטן, האָבן אויך אַ ביאַליק. זיי מיינען, אַז נאָר זיי האָבן; מיר האָבן אויך!... אַלזאָ, וואָס נאָך האָב איך אייך געוואָלט זאָגן? יאָ, איך האָב מיך דערמאָנט אָן דעם „גאָרטן". אַי, אַ גאָרטן! נו, אַ גאָרטן! ס'איז שוין איינמאָל אַ גאָרטן! זינט גאָט האָנדלט מיט גערטנער, האָט ער נאָך אַזאַ גאָרטן נישט געזען אין חלום אפילו! אָט דאָס הייסט אַ גאָרטן — אָט אַזוי באַדאַרף מען שרייבן אויף יידיש גאָרטן, אַז מען וויל באַשרייבן אַ גאָרטן! בקיצור — ס'איז שוין אַ גאָרטן!"

דאָס איז נישט קיין ביאַליק-קריטיק. דאָס איז דער פאַרשיכורטער עקסטאַז, גרעניצלאָזע התפעלות פון אַ גאָט-געבענטשטן קינסטלער, וואָס האָט דערפילט די גרויסקייט פון דער מייסטערשאַפט פון אַ ברודער-קינסטלער.

מיר האָבן דאָ געבראַכט די לענגערע ציטאַט פון שלום עליכמס בריוו צו ביאַליקן, וואָס רעדט פאַר זיך גאַנצע בענדער וועגן ביאַליקס אויפטו פאַר דער יידישער פּאָעזיע.

און שלום עליכמס אורטייל איז נישט ווייניקער ווערט, ווי דער פסק-דין פון דער יידישער ליטעראַטור-געשיכטע.

קען מען נאָך דעם צווייפלען אין ביאַליקס בירגערשאַפט אין דער יידישער ליטעראַטור?

גוט, עס איז אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט, אַז זיין הויפּט-שעפערישע ענער-גיע האָט ביאַליק אַוועקגעגעבן דער העברעאישער ליטעראַטור, וואו ער איז דער אנערקענטער כהן גדול. אָבער עס קען נישט געלייקנט ווערן זיין טיפע, אינטים-קינסטלערישע קרובהשאַפט מיטן שאַפן אין יידיש.

דערויף זאָגן עדות זיינע ווייניקע אין צאָל אָבער גרויסע אין זייער קינסטלע-רישן מהות יידישע לידער; דערויף זאָגט עדות זיין טיפע גייסטיקע צוגעבונדנקייט צו די צוויי גרעסטע שעפער פון דער יידישער ליטעראַטור — צו מענדעלע מוכר ספרים און צו שלום עליכם.

מיט וואָס פאַרא באַוואונדערונג און יראת הכבוד האָט זיך ביאַליק באַצויגן צו דעם אַלטן מענדעלע! אויף אַזאַ פאַערונג איז נאָר פעאיק אַ קינסטלער-ריז, וואָס האָט באַגריפן מיט זיין גאַנצן אינערלעכן וועזן די שעפערישע גרויסקייט פון זיין חבר.

און ווי טיף, ווי רירנד איז די קעגנזייטיקע ליבע און באַגייסטערונג צווישן ביאַליקן און שלום עליכמען!

איז דאָס אַ צופאַל?

מיר גלויבן, אַז נישט. די טיפע גייסטיקע און קינסטלערישע קרובהשאַפט פון

דעם גאון פון דער העברעאישער פּאָעזיע מיט די גרויסע שעפער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, זאָגט עדות, אַז זיי האָבן געשעפּט פון איין און דעם זעלבן שעפערישן קוואַל. פון דעם שעפערישן זשעני פון דער איינער און גאַנצער יידישער נאַציע, וואָס האָט געשאַפן די צוויי-שפּראַכיק ליטעראַטור פון דעם יידישן פאָלק.

עס זיינען נישטאָ קיין שפּראַך־גרעניצן פאַר די גאונים פון דער ליטעראַטור בכלל, און עס איז געווים נישטאָ און קען נישט זיין קיין תהום צווישן די גייסטיקע ריזן פון דער צוויי-שפּראַכיקער ליטעראַטור פון א י י ן פאָלק.

היינט איז נאָך ביאַליק הויפּטזעכלעך דער ערן־בירגער פון דער העברעאישער ליטעראַטור.

היינט איז זיין בירגערשאַפט אין דער יידישער ליטעראַטור נאָר אַ טיילווייזע ווירקלעכקייט.

די מיליאָנען פון דעם יידיש-לעזנדן פאָלק איז נאָך ג א נ ץ ביאַליק נישט צוגענגלעך.

אָבער מאָרגן וועט קומען אַ צווייטער י ה ו א ש — אַ קאָנגעניאַלער מיט ביאַליקן יידישער דיכטער און וועט איבערשמידן ביאַליקס גאָלדענע און מעכטיקע פערזן אין יידיש.

דעמאָלט וועט אויפהערן דער מחלוקת, וועמען געהערט ביאַליק: נאָר און אויס־שליסלעך דער העברעאישער, אָדער אויך דער יידישער ליטעראַטור.

ער וועט דאַן אַריינגיין אין דעם קאָלעקטיוון גייסטיקן אוצר פון דעם יידישן פאָלק און זיין צוויי־שפּראַכיקער ליטעראַטור און וועט ווערן דער אומדיסקוטיר־באַרער גייסטיקער פאַרמעגן פון דער ג א נ צ ע ר יידישער נאַציע און זיין אומ־צעטיילבאַר.

(אויגוסט 1934)

---

# הערנדיק לייוויקן רעדן...

וואָס קען אונדז זאָגן, וואָס קען אונדז מוסיף זיין דאָס ג ע ר ע ד ט ע וואָרט פון אַ דיכטער?

און דערהויפּט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ דיכטער פון דעם פאַרנעם פון ה. לייוויק, וועמען אַלע זיבן הימלען האָבן באַשאָנקען מיט דעם גאָב פון דעם וואָרט, וואָס דינט אים אַלס דער געהאַרכזאַמסטער אינסטרומענט צו אַנטפּלעקן אַלע רע־גונגען פון זיין גרויס האַרץ און זיין טיפער דיכטערישער נשמה.

עס האָט זיך געדוכט, לייוויק האָט זיך איינגאַנצן געגעבן, האָט זיך איינגאַנצן

אַנטפּלעקט פאַר אונדז אין זיינע פערזן און אין זיין דראַמאַטישער דיכטונג. וואָס קען נאָך צוגעבן זיין געזעדט וואָרט צו דעם אוצר, וואָס ער האָט אונדז שוין אַזוי פרייגעביק געגעבן?

און אָט שטייט דער דיכטער אויף דער טריבונע, און באַלד אַנטדעקן מיר אונדזער טעות.

יאָ, מיר האָבן געקאָנט דעם דיכטערס וואָרט, וואָס איז שטענדיק אָנגעזעטיקט מיטן בלוט פון אַ גרויסן האַרץ און מיטן ציטער פון אַ טיפער נשמה. אָבער דאָך איז דאָס דאָזיקע וואָרט געקומען צו אונדז דורך דער פאַרמיטלונג פון טינט און פּאַפּיר. עפּעס ווערט פאַרלוירן, וואָס דאָס געשריבענע וואָרט אַפילו פון דעם גרעסטן מייסטער קען נישט אויפכאַפּן.

דער דירעקטער אָפּקלאַנג פון האַרצן איז דאָך די מענטשלעכע שטימע.

און אָט די שטימע פון דיכטער האָבן מיר געהערט. צום וואָרט איז צוגעקומען די שטימע פון דיכטער. עס איז אַנטשטאַנען אַ דירעקטער קאָנטאַקט פון הערצער און נשמות.

צום אָנפאַנג זיינען געקומען די אַלגעמיינע באַטראַכטונגען וועגן דער ליטע־ראַטור. מיר האָבן אויפמערקזאַם און מיט אינטערעס נאָכגעפאָלגט דעם געדאַנקען־גאַנג פון דעם דיכטער. אָבער דאָ איז נישט געווען קיין איבערראַשנדעס.

מיר זיינען נאָך געווען צוזאַמען מיט דעם דיכטער אין טאָל. אָבער באַלד האָט זיך אָנגעהויבן דער באַרג־שטייגן, שריט נאָך שריט איז געשטיגן אָט דער בלייכער מענטש מיט דעם וואונדערלעכן פאַרגייסטיקטן פּנים, וואָס איז געשטאַנען אויף דער בינע.

עס האָט זיך אָנגעהויבן עפּענען פאַר אונדז דאָס האַרץ פון דעם דיכטער ביז זיין לעצטער אינטימיטעט.

מיר האָבן געהאַט דעם געפיל, ווי פאַר אונדז וואָלטן ברייט פונאַנדערגעפּראַלט געוואָרן די פאַרבאָרגנסטע ווינקלען פון האַרץ און נשמה, מען האָט אונדז אַריינגע־לאָזט אין די קדשי קדשים...

פריער איז געקומען די מאָנונג. און ווי נביאישע שטראָף־רייד האָבן געקלונגען די טענות פונעם דיכטער צו דער ליטעראַטור, וואָס האָט פאַרראַטן איר שליחות צו דינען דעם אמת, דער מענטשלעכער דערלעזונג און דערהויבונג.

און ווי אָנגעזעטיקטע מיט פיין פיילן זיינען געווען די שטראָף־ווערטער, וואָס זיינען באַזונדערס געווענדט געווען צו דער ליטעראַטור פון דעם לאַנד, וואָס וויל ברענגען די סאָציאַלע גאולה און צו דעם קלאַס, וואָס האָט די היסטאָרישע שליחות נישט נאָר צו שאַפן די נייע אָרדנונג, נאָר אויך דעם נייעם דערלעזטן און געלייטערט־דערהויבענעם מענטשן.

איין גרויסער דערשיטערנדער נשמה־געשריי האָט זיך געטראָגן פון דער בינע,

דער אייביקער און שטענדיקער געשריי פון לייוויקן וועגן דער הייליקייט פון מענטש־לעבן בלוט, וואָס מוזן געשאָנעוועט ווערן.

לייוויקס גאַנצע דיכטערישע שאַפונג איז דורכגעדרונגען מיט אָט דעם געשריי. אָבער, ווען דאָס וואָרט פונעם דיכטער איז געקומען צו אונדז דירעקט און אוממיטל־באַר, פון די טיפעניש פון אַ דורכגעפייניקטער נשמה דורכן מויל, האָט אַלעמען אַדומגעכאַפּט — נישטאָ קיין אַנדער וואָרט דערצו — אַ הייליקער ציטער...

דאָס איז שוין נישט געווען קיין דיכטונג, נאָר דער צער פון אַ נביא.

און נאָכדעם איז ווי אין די שעקספּיריאַנער דראַמעס געקומען דער קלימאַקס, דער עקסטאַטישער ליבע־הימן צו דער וועלט, צו אַלע מענטשן, צו דעם געפאַלענעם און געשטרויכלטן, צו דעם זינדיקן און געשטראָפטן.

נישט מיט פאָטער־ליבע, נאָר מיט פאַרגעבנדער מוטער־ליבע מוז זיין דורכגע־דרונגען די ליטעראַטור.

פאַרבאָרגענע, מעכטיקע ליבע קוואַלן האָבן זיך געעפנט, האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פון דער בינע און אַרומנעמען זיך...

פרייד און גליק־געפיל האָט זיך באַהערשט.

מיר האָט זיך געדוכט, אַז עס פאַלן אַלע שייד־ווענט, וואָס צעטיילן די מענטשן און באַלד וועלן זיך אַלע וואַרפן איינער דעם אַנדערן אין די אָרעמס...

עפּעס ענלעכעס לעבט מען דורך נאָר איין מאָל אין לעבן.

עפּעס ענלעכעס האָב איך געפילט, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל געהערט דעם שילער־הימן צו דער מענטשהייט אין בעטהאָווענס ניינטער סימפאָניע...

און ווער וועט קענען פאַרגעסן דעם איינדרוק, ווען לייוויק האָט גערעדט וועגן דעם, אַז די ליטעראַטור דאַרף זיין געגליכן צו מוטער־פינגער, וואָס גלעטן, צערטלען און האַלדזן, אָבער נישט, ווי יענע פינגער, וואָס וואַרגן, שטיקן און שטויסן צום אָפּגרונט.

דאָ האָבן מיר שוין נישט געהערט בלויז די שטימע פון דיכטער, עס האָט גערעדט זיין גאַנצער וועזן, זיין קערפּער און, — אַך! —ווי אומפאַרגעסלעך און דערשיטערנד עס האָבן גערעדט זיינע הענט און פינגער!...

ניין, לייוויקן איז נאָך ווייניק צו לעזן. מען מוז אים אויך הערן. און עס איז אַ גליק, ווען מען הערט אים, בעת זיין עלית הנשמה...

# צום פופציקסטן געבורטסטאָג פון אַ יידיש סאָציאַליסטישן שטורמער

פאַר דעם ברייטן קרייז פון די ערנסטע יידישע לעזער, וואָס פאָלגן נאָך נישט נאָר די אַנטוויקלונג פון אונדזער שיינער ליטעראַטור, נאָר אויך פון אונדזער נישט איבעריקס רייכער פובליציסטיק איז דער נאָמען פון י ע ק ב ל ע ש צ י נ ס ק י גוט באַקאַנט.

י. לעשצינסקי איז נישט נאָר איינער פון די אָנגעזעענסטע פיגורן פון דער יידישער פובליציסטיק, נאָר ער איז דער פ י אָ נ ע ר און מען קען זאָגן דער פאָטער פון דעם צווייג פון דער יידישער פובליציסטיק, וואָס האָט זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיטן פאָרשן און שטודיום פון די יידישע ע ק אָ נ אָ מ י ש ע פּראָ-בלעמען.

מיר האָבן זיך זייער פיל אָפּגעגעבן מיט רוחניות־פראגן, אָבער מען האָט זיך ביי אונדז זייער ווייניק אינטערעסירט מיט די ניכטערע און עקזאַקטע פּראָבלעמען פון דער יידישער עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק, וואָס זיינען אייגנטלעך דער שליסל פאַר דער ערנסטער פאַרהאַנדלונג פון די פאַרשיידענע פראַגן פון יידישן לעבן.

אויף די פינגער פון איין האַנט וועלן מיר קוים אָנציילן די יידישע פובלי־ציסטן און שריפטשטעלער, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט אָט דעם וויכטיקן אָבער „טרוקענעם" געביט פון עקאָנאָמישער און סטאַטיסטישער פאָרשונג.

ד"ר ה. ד. הורוויטש, ב. באָראָכאָוו, ב. ברוצקוס, ד"ר שיפער זיינען די ווייניקע יידישע פובליציסטן, וואָס האָבן געשריבן און באַהאַנדלט יידישע עקאָנאָמישע פראָבלעמען. אָבער דער פ י אָ נ ע ר אויף דעם דאָזיקן געביט איז בלי ספק געווען יעקב לעשצינסקי. און דערצו איז ביי די דערמאָנטע שריפטשטעלער דאָס שטודיום פון די עקאָנאָמישע פראַגן געווען אַ נעבן־זאַך אין זייער פובליציסטישער אַרבעט. י. לעשצינסקי האָט אָבער זיך אינגאַנצן געווידמעט דעם שטודיום פון דער יידישער עקאָנאָמיק, און איז מיטן לויף פון די יאָרן געוואָרן איינער, אויב נישט דער איינציקער פון אונדזערע באַדייטנדע יידישע עקאָנאָמיסטן און דער בעסטער פאַכמאַן און מומחה אין אַלע פּראָבלעמען פון דער יידישער עקאָנאָמיק און סטאַ־טיסטיק.

יעקב לעשצינסקי איז דער מחבר פון אַ רייע סאָלידע ווערק וועגן יידישע עקאָ־נאָמישע פראַגן און דערוויילל האָט אים קיינער נישט איבערגעשטיקן אויף דעם דאָזיקן געביט.

זיין דעבוט אין דער יידישער פובליציסטיק האָט י. לעשצינסקי געמאַכט מיט דער קורצער מאָנאָגראַפיע „דער יידישער אַרבעטער אין לאָנדאָן"; נאָכדעם האָט ער פאַרעפנטלעכט זיין גרעסער ווערק: „דער יידישער ארבעטער אין רוסלאַנד" און

א גאַנצע רייע אַנדערע גרעסערע און קלענערע מאָנאָגראַפיעס וועגן דער יידישער עקאָנאָמיק.

אין די לעצטע יאָרן האָט ער אָנגעהויבן אַ גרעסערע אַרבעט וועגן דעם יידישן עקאָנאָמישן לעבן לויט זיין אָפּשפּיגלונג אין דער יידישער ליטעראַטור, און נאָך דער מלחמה האָט ער פאַרעפנטלעכט דאָס ווערק „ד אָ ס י י ד י ש ע פ אָ ל ק א י ן צ י פ ע ר ן“.

זיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט זעצט ער פאָר אויף די שפאַלטן פון דער ערנסטער צייטשריפט „בלעטער פאַר יידישער דעמאָגראַפיע און סטאַטיסטיק“, וועלכע דער־שיינט אונטער זיין רעדאַקציע און וואו ער האָט אָפּגעדרוקט אַ רייע ווערטפולע שטודיעס.

אויך לעצטנס האָבן זיך באַוויזן נאָך טוער אויף דעם געביט פון דער יידישער עקאָנאָמישער פאָרשונג, מוז מען אָבער אָנערקענען, אַז יעקב לעשצינסקי, איז גע־ווען איינער פון די ערשטע, וועלכע האָט דורכגעטראָטן דעם וועג פאַר דעם דאָזיקן וויכטיקן צווייג פון דער יידישער וויסנשאַפט און פובליציסטיק און אים קומט מיט רעכט דער ערן־טיטל פון פּיאָנער.

:: :: ::

אָבער נישט וועגן יעקב לעשצינסקי דעם עקאָנאָמיסט ווילט זיך אונדז רעדן איצט ביי דער געלעגנהייט פון זיין פופציק־יאָריקן געבורטסטאָג.

ביי דעם לייענער, וואָס איז נישט געקומען אין קאָנטאַקט מיט דער דאָזיקער מאַגנעטיש־אָנציענדער און שטורמדיקער פערזענלעכקייט האָט זיך געקענט שאַפן דער איינדרוק וועגן י. לעשצינסקי אַלס אַ טרוקענעם בוך־וואָרעם, וועלכער איז ימים ושנים תרוד מיט טויטע ציפערן און סטאַטיסטישע קאָמבינאַציעס.

אָט די פאָרשטעלונג וועגן י. לעשצינסקי איז אָבער דורכאויס פאַלש, און איז אין פולן היפוך מיט דערווירקלעכקייט.

צווישן אונדזערע געזעלשאַפטלעכע טוער און פובליציסטן קען מען זעלטן אָנ־טרעפן אַזאַ ראָמאַנטישע נאַטור, אַזאַ פאַרביקן, נשמהדיקן און ברויזנדן מיט שטי־כונגען און שטורמישער ענערגיע מענטשן, ווי יעקב לעשצינסקי, וועלכער טאָר נישט געשאַצט ווערן בלויז לויט זיין שריפטשטעלערישער טעטיקייט, ווייל ער האָט גע־שפּילט די ע ר ש ט ע ר אָ ל ע אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער סאָ־ציאַליסטישער געזעלשאַפטלעכקייט.

יעקב לעשצינסקים נאָמען איז ענג פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון דער ציו־ניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג און ער איז געווען איינער פון אירע שעפער און אינספּיראַטאָרן.

זיין בוך „דער יידישער אַרבעטער אין רוסלאַנד" איז פאַר אַ לאַנגע צייט געווען די ביבל פון דעם ס־סיזם (ציוניסטישן סאָציאַליזם); ער האָט דער ערשטער געמאַכט דעם פּרואוו וויסנשאַפטלעך באַגרינדען ד'עם ציוניסטישן סאָציאַליזם און אויספאָרשן די ספּעציפישע אייגנאַרטיקייט פון דער יידישער אַרבעטער־ווירקלעכקייט. ער איז אויך געווען דער פּראַקטישער פירער און אָרגאַניזאַטאָר פון דער ס. ס. באַוועגונג וועלכע האָט אין זיין צייט אין דער עפּאָכע פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע געשפּילט אַזאַ אָנגעזעענע ראָלע אין דער יידישער אַרבעטער־גאַס און האָט געציילט אירע אָנהענגער אין די צענדליקער טויזנטער.

יעקב לעשצינסקי איז געווען איינער פון די ערשטע עקספּאָנענטן פון אַרבעטער־ציוניזם אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן און האָט אַנטוויקלט אַ פיל פאַרצווייגטע טעטיקייט אויפן געביט פון דער טעאָרעטישער קריסטאַליזירונג און פּראַקטישער אָרגאַניזירונג פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אין דער צייט פון די פּאָגראָמען האָט ער פיל געאַרבעט פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דער יידישער רע־וואָלוציאָנערער זעלבסטשוץ.

בכלל איז יעקב לעשצינסקי די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון דער גייסטיקער עוואָלוציע, וואָס עס האָט דורכגעמאַכט פאַרן לעצטן פערטל יאָרהונדערט די רעוואָלוציאָנער געשטימטע יידיש־נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ.

:: :: ::

איך טראָג זיך איבער אין געדאַנק אין יענער גליקלעכער צייט מיט דריטהאַלבן צענדליק יאָר צוריק, צו דעם פרילינג פון דעם יידישן און יידיש־סאָציאַליסטישן רענעסאַנס, וואָס איז אויך געווען אונזער פּערזענלעכער פרילינג, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל באַגעגנט י. לעשצינסקין אין וואַרשע.

דאַן איז זיין לייכטנדער שטערן געווען אחד העם.

מיט וואָס פאַר אַ חסידישן ברען און התלהבות האָט ער געפּרעדיקט אין די ערשטע אַרבעטער און אינטעליגענטן־קרייזלעך דעם אחד העמיזם געמישט מיט סאָציאַליסטישן רעוואָלוציאָניזם.

העברעאיש איז דאַן געווען זיין אמונה. אָבער מיט וואָס פאַר אַ התלהבות־דיקן פאַנאַטיזם האָט ער געדינט זיין אמונה און אָנגעשטעקט מיט איר אונדז, זיינע תלמידים, וואָס האָבן נישט געקענט ביישטיין דעם צויבער פון זיין מאַגנעטישער פּערזענלעכקייט.

עס איז געווען אַ פּעריאָד, ווען י. לעשצינסקי האָט קיין איין וואָרט נישט אויס־גערעדט אויף קיין אַנדער שפּראַך ווי העברעאיש, און אפילו מיט די קאָנדוקטאָרן פון וואַרשעווער טראַמוויי האָט ער געוואָלט רעדן, נאָר העברעאיש...

שנעל איז אוועק אָבער דער דאָזיקער קינדער-פּעריאָד אין דער געזעלשאַפֿט־לעכער קאַריערע פֿון י. לעשצינסקי.

עס איז געקומען דער ערנסטער פּעריאָד פֿון אַרויסטרעטן פֿאַר דער עפֿנטלעכ־קייט מיט אַ קלאָרער און טעאָרעטיש־באַגרינדעטער פּלאַטפֿאָרם פֿון ציוניסטישן סאָציאַליזם.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן ערנסטע און פֿיבערהאַפֿטע אידייאישע און פּראַק־טישע אַרבעט פֿאַר דער אָרגאַניזירונג פֿון דער ס. ס. פּאַרטיי. ווי אַ שטורם־ווינט טראָגט זיך י. לעשצינסקי איבער די שטעט פֿון דעם רוסיש־יידישן ישוב. אומעטום ווערן אָפּגעהאַלטן קאָנספּיראַטיווע פֿאַרזאַמלונגען, מען דיסקוטירט די פּראָגראַם־יסודות פֿון דער נייער פּאַרטיי און מען לייגט איר אָרגאַניזאַציאָנעלן יסוד. עס קומט נאָכדעם דער געהיימער צוזאַמענפֿאָר אין אָדעס, וועלכן מ׳האָט אַרעסטירט, וואו ס׳איז אָבער דאָך געשאַפֿן געוואָרן די פּאַרטיי.

שפּעטער, 1906 אין ליפּציג. עס האָט זיך פֿאַרזאַמלט דער ערשטער פּאַקטיש גרינדונגס-צוזאַמענפֿאָר פֿון דער שטאַרק פֿאַרשפּרייטער ס. ס. פּאַרטיי.

לעשצינסקי האַלט דעם פֿונדאַמענטאַלן פֿאָרטראַג וועגן דער היסטאָרישער נויט־ווענדיקייט פֿון סאָציאַליסטישן טעריטאָריאַליזם. דער רעדנער פּרואווט אַריינפּאַסן אין דעם פּראָקרוסטוס־בעט פֿון דער מאַרקסיסטישער וועלט־אָנשויאונג דאָס יידישע אַרבעטער־פּראָבלעם, דעם סאָציאַליסטישן טעריטאָריאַליזם און זיין פֿאַרווירקלעכונג.

אָבער פּלוצלינג, נאָך שעהן לאַנגע פֿאַרפּלאָנטערטע גמרא־סברות, ווען עס קומט צו דער באַגרינדונג פֿון דער סטיכישער פֿאַרווירקלעכונג פֿון טעריטאָריאַליזם, רייסט איבער לעשצינסקי זיין פֿאָרטראַג און רופֿט אויס: „איגנאָראַמוס" — מיר ווייסן נישט דעם וועג.

אין זיצונגס־זאַל פֿון דער גרויסער „טורנהאַלע" פֿון די ליפּציגער סאָציאַליסטן, וואו אונדזער צוזאַמענפֿאָר איז פֿאָרגעקומען, — איז אויסגעבראָכן אַ מהומה — — —

אַלע האָבן זיך פֿאַרלוירן. וואָס הייסט? איינער פֿון אונדזערע הויפּט־גענעראַלן דערקלערט, אַז על פּי מאַרקסיזם שטייט עס שוואַך מיט אונדזער סאָציאַליסטישן טעריטאָריאַליזם...

צווישן די דעלעגאַטן איז געוואָרן תשעה באב. מען האָט זיך צערוקט איבער די ווינקעלעך פֿון גרויסן זאַל, ווי פֿאַרלוירענע שעפּסן. פֿילע האָבן געוויינט מיט בי־טערע טרערן...

ביז אַ פּשוטער אַרבעטער — דעלעגאַט פֿון דווינסק — איז אויפֿגעשפּרונגען און האָט זיך אָנגעהויבן בייזערן אויף די אינטעליגענטן, וואָס האָבן זיך פֿאַרפּלאָנ־טערט אין זייער טעאָרעטישן פּלפּול, בעת די לעבעדיקע ווירקלעכקייט און די לע־בעדיקע עמיגראַציע ווייזט די קלאָרע וועגן פֿון טעריטאָריאַליזם.

מיר האָבן זיך אָטשוכעט. נאָכדעם איז געקומען ד״ר סירקין און האָט צו אונדז

געטענהט, אז מיר דארפן האָבן אַ טעריטאָריע און נישט קיין טעאָריע...

דער לייפּציגער צוזאַמענפאָר האָט זיך בשלום פאַרענדיקט. אָבער יעקב לעשצינסקי איז שוין מער נישט געקומען און דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דער ערשטער פּעריאָד פון זיין שטורמישער קאַריערע אַלס איינע פון די צענטראַלע פיגורן פון דער ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

שפּעטער נאָך דער צווייטער רוסישער רעוואָלוציע האָט זיך יעקב לעשצינסקי צוריק אומגעקערט צו די ס. ס. (ריכטיקער צו די פאַראייניקטע) און האָט אַנטוויקלט אין רוסלאַנד אַ ברייטע סאָציאַליסטעש און קולטורעלע טעטיקייט.

דער נצחון פון די באָלשעוויקעס האָט אים געטריבן צו פאַרלאָזן רוסלאַנד און ער האָט זיך פאַר די לעצטע יאָרן באַזעצט אין בערלין, וואו ער איז זייער פרוכטבאַר אויף זיין געביט פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג פון דער יידישער עקאָנאָמיק.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דערוויל די מער פון אַ פערטל יאָרהונדערטדיקע כּלל־אַרבעט פון דעם יידיש־סאָציאַליסטישן שטורמער, פון דעם טיכטיקן יידישן געלערנטן פון דעם שטורמישן זוכער פון אמת, וואָס האָט שטענדיק געדינט זיינע אידייען מיט חסידישן ברען און התלהבות און האָט געגעבן זיין וויכטיקן בייטראָג דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, פון וועלכער ער האָט זיך איצט דערווייטערט.

:: :: ::

צו דעם פופציק-יאָריקן געבורטסטאָג פון יעקב לעשצינסקי שיק איך מיינע האַרציקסטע ליבע־גרוסן מיין אַמאָליקן רבין און שטענדיק ליידנשאַפטלעכן איבערגעגעבענעם טרייען פריינט, און ווינטש אים, אַז עס זאָל נישט אויסגעשעפּט ווערן דער שטענדיק ברויזנדער קוואַל פון זיין שעפערישער אייביק יונגער ענערגיע.

---

# אויף די ברעגן פון פּלאַטאַ

מיר קענען שטאָלץ זיין.

וואוהין מיר וואַנדערן נישט, וואוהין עס פאַרטראַגט אונדז נישט דער טרייבנ־דער שטראָם פון לעבן. אומעטום נעמען מיר מיט מיט זיך דעם חשק און דורשט צום שאַפן, ווייטער צו וועבן די פעדים פון אונדזער, לאָז זיין דערווייל נישט רייכן, אָבער אונדזערן אייגענעם קולטור־לעבן.

ס'איז אַ מערקווירדיקע זאַך.

ס'וואַנדערן הונדערטער טויזנטער איטאַליענער קיין אַרגענטינע, קינדער פון אַ געזונט און שטאַרק קולטור־פאָלק און דוכט זיך, אויב איך האָב קיין טעות נישט, אויסער צייטונגען און פּובליציסטיק קען דער איטאַליעניש־אַרגענטינער ישוב נישט אָנווייזן אויף קיין אמתע קולטור־שאַפונג. ס'פעלט דוכט זיך, אַפילו דער ווילן דערצו. קיין שטענדיקן טעאַטער האָבן זיי אויך נישט.

דאָס זעלבע קען מען זאָגן און מיט מער געוויסהייט אויך וועגן די דייטשן. זיי ציילן זיך אין די מיליאָנען אין דער גרויסער צפון־רעפּובליק פון אַמעריקע. זייער צאָל איז מסתמא נישט קלענער פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין אַרגענטינע. און וואָס קענען זיי אָנווייזן אַלס זייער קולטור־שאַפן?

אַ באַשיידענער, כמעט אָרימער טעאַטער אינעם גרויסן ניו־יאָרק, דאָס איז כמעט אַלץ, וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרן פון די דייטשן אין נאָרד־אַמעריקע אויפן קולטורעלן געביט. די דייטשע פרעסע איז אין די אימיגראַציע־לענדער אָרים און שווינדזוכטיק און ווען נישט די מלחמה, וואָס האָט אויפגעוועקט דעם פּאַטריאָטישן גייסט פון די דייטשן, וואָלט אויך די צייטונגס־„קולטור" פאַרבליבן אין איר קלאָג־געדיקן מצב. די מלחמה האָט נאָר אַביסל אָפּגעפרישט און פאַרגרעסערט די ציר־קולאַציע פון דער פרעסע.

דורכקרייצנדיק דעם ים ווערן די דייטשן ווי די איטאַליענער אפשר גוטע אַגענ־טן און משולחים פאַר די קאָמערציעלע און פינאַנץ־אינטערעסן פון זייערע פאָטער־לענדער, זיי פאַרלאָזן אָבער, ווי עס שיינט, זייער קולטור־ווילן, זייער נאַציאָנאַל־גייסטיקע שאַפונגס־פּאָטענץ...

ווי אַנדערש איז דאָס מיט אונדז.

נישט ווילנדיק קומט דיר אָט דער געדאַנק, ווען דו בלעטערסט דעם ערשט־דערשינענעם זאַמלבוך, וואָס עס האָבן אַרויסגעגעבן די גרופּע יונגע יידישע לי־טעראַטן.

איז דאָס ־דען נישט אַ גלענצנדע מאַניפעסטאַציע פון אונדזער עקשנותדיקן קולטור־ווילן און אומדערמידלעכן קולטור־שאַפן, וואו מיר זאָלן נישט זיין און אונ־טער וועלכע אומשטענדן מיר זאָלן נישט לעבן.

בעת ס'איז דערשינען דאָס בוך לידער פון פ י נ ט ש ע ו ו ס ק י, האָט די אויסן-וועלט געקענט טראַכטן: ס'האָט זיך צופעליק פאַרוואָגלט אין דער ווייטער און יונגער יידישער אַרגענטינע אַ קרעפטיקער, פאַרביקער און אויף זיין אייגן אָרט זינגענדער פּאָעטישער טאַלאַנט. דאָס איז אָבער אַ צופאַל און נישט מער. קיין עדות פאַר דעם יידישן קולטורעלן מיליע פון אַרגענטינע האָט אָבער פינטשעווסקיס בוך לידער נישט געקענט זיין. אַן איינצלנער לידער-בוך פון אַ יידישן פּאָעט-אימיגראַנט האָט אויך געקענט געשאַפן ווערן אַפילו אין האָנאָלולו...

גאַנץ אַנדערש איז די באַדייטונג פון דעם זאַמלבוך „אויף די ברעגן פון פּלאַ-טאַ". דאָ זעען מיר פאַר זיך נישט אַ פאַראיינצלטע און צופעליקע ליטעראַטור-דער-שיינונג, דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַ קאָלעקטיוון קולטור-טאַט. די יונגע יידישע אַרגענטינע מאַכט דאָ דעם ערשטן ערנסטן און גאַנץ באַדייטנדן שריט אַריינצו-טרעטן אין דער אַלגעמיין-יידישער קולטור-משפּחה. און אַז דער זאַמלבוך קען דינען אַלס גוטע „איינטריטס-קאַרטע" שיינט אונדז צו זיין אויסער יעדן צווייפל.

די אָנטיילנעמער פון זאַמלבוך, ווי עס זאָגט אונדז י ו ס ף מ ע נ ד ע ל-ס אָ ן אין זיין הקדמה-קאָמענטאַר (זאַכלעך און מיט אַ געניטער פּובליציסטיש-קריטישער האַנט געשריבן; אַ שאָד נאָר, וואָס נישט געגוג שפּאָרעוודיק-קאָנצענ-טרירט, אַביסל צו „פּיל-וואָרטיק" אין דער ערשטער העלפט) האָבן נישט בדעה מרעיש עולם זיין און עפענען גאָר נייע האָריזאָנטן פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

„אויף די ברעגן פון פּלאַטאַ" וויל אַ באַשיידענער בייטראָג זיין פון דער יונ-גער און אָפּגעריסענער יידישער אַרגענטינע צו דעם יידישן ליטעראַטור-שאַפן אין די אַלטע און נייע היימען. קיין ספּעציפיש „יידיש-אַרגענטינישעס" וועט דער פאַר-נונפטיקער לייענער נישט דערוואַרטן פונעם ערשטן זאַמלבוך, ווייל ער וועט פאַר-שטיין, אַז אין צען-פופצן יאָר זינט עס האָבן זיך פאַרקליבן אַהער אַ באַדייטנדע צאָל יידן און ס'האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן אַ יידיש-אַרגענטינער מיליע, איז פּסי-כאָלאָגיש אוממעגלעך קינסטלעריש פאַרקערפּערן און קריסטאַליזירן דאָס „נייע" וואָס ווערט דאָ אַנטשטאַנען, אויב אַזוינס איז שוין דאָ פאַראַן.

דאָ און דאָרטן וועט מען אין זאַמלבוך געפינען איינצלנע פאַרבן און קלאַנגען אַרגענטינישע, דערהויפּט אין די פיין געשליפענע און דורכגעפילטע פערזן פון דעם ערלעכן און אויפריכטיקן פּאָעט א ב א ק ל י ג ע ר.

דאָס אמת נייע אין דער יידישער אַרגענטינע דאַרף מען זוכן אין „קאַמפּ", וואו אַ זייטיקן אויג דוכט זיך אויס, אַז ס'איז יאָ געשאַפן געוואָרן פון דער שטענדיקער התקרבות מיט דער אַרגענטינער נאַטור-סביבה אין די אייגנאַרטיקע אומשטענדן פונעם אַרגענטינער קאָלאָניסטישן לעבן; עפּעס אַן אַנדער אויב נישט קיין נייער טיפּ ייד.

די קינסטלערישע אויפמערקזאַמקייט פון די הויפּט-אָנטיילנעמער פונעם זאַמל-

בוך (מיטן אויסנאַם פון ב ר ו ך ב ע נ ד ע ר ס ק י ס טאַלאַנטפולע, רעאַליס־טיש־טרייע שילדערונגען פון די הויז־חיות) איז אָבער געווידמעט דער שטאָט. דאָ האָט דאָס „נייע“ נאָך נישט צייט געהאַט צו לאָזן קענטיקע שפּורן, דאָס קינסטלע־רישע אויג זאָל זיי אויפכאַפּן.

„אויף די ברעגן פון פּלאַטאַ“ האָט נישט פּרעטענדירט צו געבן אַן אָפּשפּיגלונג פון דער נייער סביבה, דאָס דאַרף בלייבן דערווייל די אויפגאַבע פאַר אַ באַשרייבנ־דער זשורנאַליסטיק; אין דער זאַמלונג איז צונויפגעקליבן אַ טייל פון דעם ליטעראַ־רישן שאַפן פון אַ גרופּע יידישע שרייבער אין אַרגענטינע (וויטאַל, העלפמאַן, מאָס, בראָדסקי און די שוין דערמאָנטע קליגער און בענדערסקי) און פאַרמאַכנדיק דאָס בוך, בלייבסטו אונטער דעם איינדרוק פון אַן אָנגענעמען סורפּריז: ס'איז פאַראַן יידישע ליטעראַטור אין אַרגענטינע.

נ ח ו י ט אַ ל ס „אין צוויי צימערן“, „אין כשוף“, „דער זיווג“; העלפמאַנס „בונין“, „ברוך זלאטניק“, גיבן דאָס רעכט צו דערוואַרטן, אַז דאָס דערשיינען פונעם ערשטן זאַמלבוך וועט זיין פאַר זיי אַן אימפּולס פאַר וויי‌טערער אַרבעט. זיי פאַר־מאָגן: פאָרם, מאָס, קינסטלערישע דיסציפּלין און קינסטלערישע וואַרהאַפטיקייט אינעם פּסיכאָלאָגישן שילדערן און באַאָבאַכטן: אַלץ וואָס איז נויטיק פאַר ליטע־ראַרישן דערפאָלג.

טעכניש איז דער זאַמלבוך אַרויסגעגעבן געוואָרן געשמאַקפול.

(1919)

# אַ וויכטיקע איניציאַטיוו אויף דעם געביט פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע

איינע פון די כאַראַקטעריסטישע און וויכטיקע דערשיינונגען פון דעם יידישן ווירטשאַפטלעכן לעבן פון דער נאָך־מלחמה־צייט איז בלי ספק די שטרעבונג פון אַלע יידישע קיבוצים אין דער אַלטער און נייער וועלט צו אויסברייטערן אַגראַר־ישובים און שאַפן נייע.

די אַזוי-גערופענע אַגראַריזירונגס־באַוועגונג האָט אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער אין ראַטן־רוסלאַנד און אין אַ קלענערער מאָס מערקט זי זיך אין אַלע ווינקעלעך פון דער יידישער וועלט. אפילו אין דעם פאַרוואָרפענעם יידישן ישוב אין מאַראָקאָ זעען מיר אַ געוויסע טענדענץ איבערצוגיין צו ערד-אַרבעט.

דאָ האָט געווים געווירקט דער ביישפּיל פונעם רוסלענדישן יידנטום, וואָס האָט געפונען אַ ווייטן אוןברייטן אָפּקלאַנג, אָבער די הויפּט־סיבה, וואָס האָט געגעבן אַ שטאַרקן אימפּולס דער יידישער אַגראַר־באַוועגונג, איז געווען די מלחמה.

קיינמאָל האָט זיך נישט מאַניפעסטירט אַזוי בולט די נישט־סאָלידקייט און אומזיכערקייט פון די יידישע פּרנסות, ווי אין די לעצטע יאָרן, ווען דורך אייראָפּע האָט זיך דורכגעטראָגן דער שטורם פון מלחמה און רעוואָלוציע.

מיר האָבן געזען, אַז די דערשיטערונג פון דעם עקאָנאָמישן לעבן, אפילו פון אַזאַ שטאַרקן קיבוץ ווי דאָס דייטשע יידנטום, וואו די אַנטשטייאונג פון די גרויסע ווירטשאַפטלעכע קאַרטעלן (טרוסטן) האָט געווירקט פאַטאַל אויף די יידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

אין דער שאַרפסטער פאָרם האָט זיך אָבער מאַניפעסטירט די באָדנלאָזיקייט פון דער יידישער עקאָנאָמיק אין די יידישע מאַסן-צענטערן פון מזרח־אייראָפּע. די שוואַכע יידישע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס — דער האַנדל, פאַרמיטלעריי און קליין־אינדוסטריע — האָבן אַרויסגעוויזן זייער גאַנצע אומווידערשטאַנדס-פעאיקייט, בעת דער גרויסער עקאָנאָמישער צערודערונג, וואָס די מלחמה האָט אַרויסגערופן.

די יידישע מאַסן האָבן בחוש דערשפּירט די גאַנצע אומזיכערקייט פון זייער עקאָנאָמישן קיום, און ווי אַמאָל אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, האָט ספּאָנטאַן אויפגעלעבט דער אַלטער לאָזונג — „אין דער סאָכע ליגט די מזל-ברכה" — די שטרעבונג איבערצוגיין צו דער ערד־אַרבעט, דער זיכערסטער פון אַלע ווירטשאַפטן, וואָס איז מער ווידערשטאַנדס־פעאיק קעגן אַלע מעגלעכע קריזיסן פון מלחמה און רעוואָלוציע.

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז די יידישע אַגראַר־באַוועגונג איז נאָר אַ פּראָדוקט פון דער מלחמה. זי האָט אונטער זיך פיל טיפערע וואָרצלען און אַ פיל עלטערע געשיכטע, וואָס באַווייזט אונדז, אַז אָט די באַוועגונג איז רייף געוואָרן

פאַר דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט און האָט געפונען איר אויסדרוק אין דער עמיגראַציע קיין נאָרד־אַמעריקע, וואָס האָט לכתחילה געשטעלט זיך קאָלאָניזאַציע־צוועקן, אין דער אַרגענטינער קאָלאָניזאַציע און ציוניזם.

אויף ווי ווייט די שטרעבונג צו פעסטערע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס איז נישט בלויז אַרויסגערופן געוואָרן פון קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן, ווי די רוסישע פּאָגראָמען אין די אַכציקער יאָרן אָדער די לעצטע מלחמה, ווייזט אונדז דער פּראָגרעס פון דער יידישער פאַרמער־באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

אַפילו אין דעם יידיש-אַמעריקאַנער ישוב וואָס ווערט באַטראַכט אַלס דער קרעפּטיקסטער און רייכסטער, זעען מיר ווי עס וואַקסט די טענדענץ איבערצוגיין צו ערד-אַרבעט. מיר פאַרמאָגן היינט צו טאָג אין נאָרד־אַמעריקע אַ כ צ ן ט ו י ז נ ט י י ד י ש ע פאַרמער־פאַמיליעס (80 טויזנט נפשות) וועלכע באַזיצן אַ מ י ל י אָ ן אַ ק ע ר ־ ל אַ נ ד. און דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז, אַז בלויז פאַר די לעצטע צען יאָר האָט זיך די יידישע קאָלאָניסטישע באַפעלקערונג פאַרגרעסערט דאָרטן אויף צ וו אַ נ צ י ק ט ו י ז נ ט נפשות. דערביי איז נאָך וויכטיק צו באַמערקן, אַז אַ העלפט פון די יידישע פאַרמער־אַרבעטער (49 פּראָצענט) זיינען אַמעריקאַנער געבוירענע און 20 פּראָצענט זיינען אַלס קינדער געקומען אין לאַנד.

דאָס איז דער בעסטער באַווייז פון דער סאָלידער ערנסטקייט פון דער יידישער אַגראַר־באַוועגונג, וואָס מוז באַטראַכט ווערן נישט אַלס צופעליקע דערשיינונג, נאָר אַלס טיפגייענדע טענדענץ פון דעם יידישן עקאָנאָמישן לעבן אין די אַלטע און נייע ישובים.

באַטראַכטנדיק אַלזאָ דעם שטייגנדן וואוקס פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע־באַוועגונג אין דער יידישער וועלט מוז מען מיט פאַרוואונדערונג קאָנסטאַטירן די שווער באַגרייפלעכע דערשיינונג, וואָס ביי אונדז אין אַרגענטינע — אין דעם קלאַסישן לאַנד פון קאָלאָניזאַציע — מערקן זיך נישט ביז איצט קיין שום באַדייטנדע סימפּטאָמען צווישן דער יידישער באַפעלקערונג איבערצוגיין צו ערד־אַרבעט.

מיר פאַרמאָגן אַ גאַנצע ריי פון בליענדע און שוואַכע יידישע קאָלאָניעס מיט אַ באַפעלקערונג פון ביי די דרייסיק טויזנט נפשות. די דרייסיק־יאָריקע טעטיקייט פון דער ייק״אַ מיט אירע מעלות און חסרונות האָט אונדז געגעבן אַן אוצר פון קאָלאָניזאַציע דערפאַרונג, וואָס עס פאַרמאָגט נישט אפשר קיין שום אַנדערער יידישער ישוב. מיר לעבן אין אַ לאַנד, וועמענס גאַנצע צוקונפט איז אָפּהענגיק פון דער קאָלאָניזאַציע און וואו טראָץ אַלע שוועריקייטן זיינען פאַראַן גאָר גרויסע קאָלאָניזאַציע־מעגלעכקייטן.

און עס וואָלט געווען נישט מער ווי לאָגיש, צו דערוואַרטן, אַז דורכמאַכנדיק די איבער דרייסיק־יאָריקע קאָלאָניזאַציע-שולע ביי דער ייק״אַ, זאָל אַנטשטיין אַליין

פון זיך ספּאָנטאַן אַ יידישע קאָלאָניזאַציע־באַוועגונג, וואָס זאָל זיך פּרואוון שטיצן אויף אירע אייגענע כוחות.

דאָס איז אָבער, ווי באַוואוסט, נישט געשען.

אויף די פינגער פון איין האַנט קענען מיר אויסרעכענען די פּרוואוון פון זעלבסט־שטענדיקער יידישער קאָלאָניזאַציע. מעדאַנאָס, ווישאַ אַלבאַ, טשאַקאָ דאָס זיינען דאַכט זיך די איינציקע מאַניפעסטאַציעס פון דער יידישער קאָלאָניזאַטאָרישער זעלבסטשטענדיקייט.

אין דער צייט, ווען אין דער רייכער און זאַטער נאָרד־אַמעריקע, וואו עס זיינען פאַראַן דאָך אַזוי פיל מעגלעכקייטן עקאָנאָמיש איינצואָרדענען זיך, זיינען פאַר די לעצטע צען יאָר צוגעקומען פינף טויזנט יידישער פאַרמער־משפחות (צוואַנציק טויזנט נפשות) — ווילן מיר ביי אונדז קוים אָנציילן הונדערטער און דערביי דאַרפן מיר דאָך נישט פאַרגעסן, אַז אַ געוויסע צאָל יידישע קאָלאָניסטן האָבן דאָך פאַר דער צייט אַנטגילטיק פאַרלאָזן זייערע קאַמפּן.

אמת, מיר ווייסן זייער גוט, אַז בכלל שטויסט זיך אָן די קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע אויף ריזיקע שוועריקייטן אַדאַנק דער שולד פון דער רעגירונג און דער געזעצגעבונג, וואָס טוען אַזוי גוט ווי גאָרנישט צו פאַרלייכטערן די ערד־באַזעצונג.

אָבער דאָס קען דינען בלויז אַלס טיילווייזע באַרעכטיקונג, אָבער נישט אַלס פולשטענדיקע אַנטשולדיקונג פאַר דער יידיש־אַרגענטינער געזעלשאַפט.

לאָמיר דאָ לאָזן אָן אַ זייט דעם ענין יק״אַ, צי זיינען יאָ אָדער נישט באַרעכטיקט אירע מאָטיוון, פאַרוואָס זי האָט פאַרלאַנגזאַמט אָדער כמעט ווי אָפּגעשטעלט איר קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט. דאָס רוסלענדישע יידנטום איז געווים איצט אין זיין קריטישן מצב מער באַרעכטיקט פאַר אונדז אויף דער יק״אַ־הילף. און דערצו, ווען עס וואָלט אפילו נישט געווען די געלט־מניעה, איז דאָך שוין אויך צייט נאָך דרייסיק יאָר יק״אַ־קאָלאָניזאַציע, זאָל דער אַרגענטינער יידישער ישוב אַרויסווייזן אויך אייגענע איניציאַטיוו.

אָט אַנטוויקלט זיך דאָך די נאָרד־אַמעריקאַנער יידישע פאַרמער־באַוועגונג גאַנץ זעלבסטשטענדיק, בלויז מיט דער טעכנישער הילף פון דעם באַראָן הירש פונדיישאָן.

ווי אומטעטיק די אַרגענטינער רעגירונג זאָל נישט זיין אויף דעם קאָלאָניזאַציע־געביט האָבן מיר דאָך דעם היפּאָטעקן־באַנק, וואָס גיט ביז אַכציק פּראָצענט קרע־דיטן אויף יעדער טשאַקרע. און מיט דער דאָזיקער הילף וואָלט דאָך פאַרט געקענט עפּעס געטון ווערן, ווען עס וואָלט געווען ביי אונדז אַן אָרגאַניזירטע אַגראַר־באַוועגונג.

ערשט פאַר די לעצטע צוויי־דריי יאָר האָט מען זיך ביי אונדז אָנגעהויבן אַרומ־זען, אַז עס וואָלט שוין צייט געווען, אַז די יידישע געזעלשאַפט וואָלט געדאַרפט עפּעס אָנהויבן צו טון אויפן קאָלאָניזאַציע־געביט מיט אירע אייגענע כוחות.

עס איז בלי ספק דער פאַרדינסט פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע, וואָס איז אַרויסגעקומען מיט דער איניציאַטיוו צו שאַפן אַ זעלבסטשטענדיקן געזעלשאַפט־לעכן אינסטרומענט פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע.

לײדער איז די פאַרווירקלעכונג פון אָט דער וויכטיקער איניציאַטיוו צוגעגאַנ־גען ביז איצט צו לאַנגזאַם, און דער געפּלאַנטער פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַ־ציע קאָלאָניזאַציע־פאָנד איז נאָך נישט אַרויס פון דער צוגרייטונגס־סטאַדיע.

באַזונדערס שווער איז אָנגעקומען די איניצאַטאָרן פון קאָלאָניזאַציע־פאָנד אַריינציען אין דער אַרבעט די יידישע שטאָטישע געזעלשאַפט. עס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ ריי ענטוזיאַסטישע פאַרזאַמלונגען, וואו די פאַרטרעטער פון אַלע אונ־דזערע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און אַנשטאַלטן האָבן אָנערקענט די אויס־ערגעוויינלעכע וויכטיקייט פון דעם קאָלאָניזאַציע-פאָנד און האָבן געגעבן פייער־לעכע הבטחות ענערגיש מיטצואַרבעטן פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דעם פּלאַן פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע.

עס איז אַפילו אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון די שטאָטישע אַנשטאַלטן, וואָס האָט געזאָלט אַקטיוו מיטהעלפן דער אַגראַר־פעדעראַציע צו רעאַליזירן דעם פּראָיעקט פון קאָלאָניזאַציע-פאָנד, אָבער אין לעצטן סך־הכל האָט זיך עס אויסגע־לאָזן צו אַסיפות און פּלענער און עס איז נישט געשאַפן געוואָרן אַפילו קיין אַקציע פאַרן קאָלאָניזאַציע־פאָנד.

דאָך איז אָט די צוגרייטונגס־אַרבעט נישט געגאַנגען פאַרלוירן און האָט גע־שאַפן דעם באָדן פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער יידיש-אַרגענטינער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט, וואָס איז די טעג שוין פאָרמעל אָרגאַניזירט געוואָרן על פי רוב פון די זעלבע טוער, וואָס האָבן געאַרבעט פאַרן קאָלאָניזאַציע־פאָנד.

די נייע געזעלשאַפט אונטערשיידט זיך אין פ א ר ם, אָבער נישט אין איר תוך און אין אירע צילן פון דעם געפּלאַנטן קאָלאָניזאַציע־פאָנד.

פונקט, ווי דער פאָנד פון דער אַגראַר־פעדעראַציע שליסט אויס די נייע קאָ־לאָניזאַציע־געזעלשאַפט דעם מאָמענט פון פילאַנטראָפּיע אין איר אַרבעט.

ביידע, אי דער קאָלאָניזאַציע-פאָנד, אי די נייע געזעלשאַפט, באַזירן זיך אויף

אַ ג ע ש ע פ ט ל ע ך ־ ג ע ז ע ל ש א פ ט ל ע כ ן פּרינציפּ.

די געשעפטלעך־קאָמערציעלע זייט פון ביידע אונטערנעמונגען דריקט זיך אויס אין דעם וואָס אי דער קאָלאָניזאַציע-פאָנד, אי די קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט שטעלן צוזאַמען זייערע קאַפּיטאַלן נישט פון פּריוווילעקע ביישטייערונגען און נדבות, נאָר פון פּראָפיט־ברענגענדע אַקציעס.

דאָס קויפן לאַנד, באַזונדערס, ווען דאָס ווערט געמאַכט אויף סאָלידע און נישט-ספּעקולאַטיווע יסודות, איז אַ זיכערע געלט-אינוועסטירונג. און יעדער אַק־

ציאָנער פון דעם קאָלאָניזאַציע-פאָנד אַזוי גוט ווי פון דער נייער געזעלשאַפט קען האָבן די פולע זיכערקייט, אַז זיין געלט איז זיכער.

אי די יידישע אַגראַר־פעדעראַציע, אי די קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט שטייען אויף איינעם און דעם זעלבן שטאַנדפונקט, אַז קאָלאָניזאַציע קען נישט געמאַכט ווערן אויף פילאַנטראָפּישע יסודות און איז פאַראורטיילט אין פאָראויס צו אַ פולשטענדיקן דורכפאַל, ווען זי איז אינספּירירט פון פילאַנטראָפּישע מאָטיוון, אָפּגערעדט שוין דערפון, אַז באַדייטנדע קאַפּיטאַלן וואָלט קיינמאָל נישט געלונגען צו קריגן דורך נדבות.

אָבער אין דער זעלבער צייט טראָגט די נייע קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט אַן אויסגעשפּראָכן געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, ווייל זי איז אינספּירירט פון דעם שטרעבן צוליב אַלגעמיין נאַציאָנאַלע אינטערעסן צו פאַרפעסטיקן און אויסברייטערן דעם יידישן קאָלאָניסטישן ישוב אין אַרגענטינע. און אָפּגערעדט שוין דערפון, וואָס די געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציע פון די איניציאַטאָרן גאַראַנטירט דעם געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער פון דער אונטערנעמונג, איז דער פאַקט, וואָס דער פּראָפיט פון די אַקציעס וועט באַגרענעצט ווערן פון זעקס ביז אַכט פּראָצענט, די בעסטע פאַרזיכערונג, אַז די געזעלשאַפט טראָגט נישט קיין קאָמערציעלן כאַראַקטער.

אמת, די געפּלאַנטע קאָנסטיטוציע אָדער סטאַטוטן פון דער נייער געזעלשאַפט זיינען אָפּ פון דעם אָריגינעלן פּראָיעקט פון קאָלאָניזאַציע-פאָנד, וואו עס האָט געזאָלט זיין אַ בשותפותדיקע פאַרוואַלטונג פון דער אַגראַר־פעדעראַציע און די שטאָטישע פאַרטרעטער, אָבער די פירער פון דער נייער געזעלשאַפט דעקלאַרירן קאַטעגאָריש, אַז זיי האָבן בדעה צו אַרבעטן אין פולשטענדיקן הסכם מיט דער אַגראַר-פעדעראַציע און שטעלן זיך אַבסאָלוט די זעלבע צילן וואָס דער קאָלאָניזאַציע־פאָנד.

כדי נאָך שטאַרקער אונטערצושטרייכן דעם געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער פון דער נייער קאָלאָניזאַציע־אונטערנעמונג איז פאַראַן די פולע מעגלעכקייט, אַז די יידישע אַגראַר-פעדעראַציע, ווי אויך אַנדערע יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי למשל, די חברה קדישא און אַנדערע זאָלן דערווערבן אַ געוויסע צאָל אַקציעס און אויף אַזאַ אופן האָבן אַ דעה אין דער פאַרוואַלטונג פון דער קאָלאָניזאַציע-געזעלשאַפט.

די דערפאַרונג פון די לעצטע צוויי יאָר האָט אונדז באַוויזן, אַז אַלע ביז־איצטיקע מעטאָדן צו אָריינציען די שטאָטישע יידישע געזעלשאַפט אין דער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט זיינען דורכגעפאַלן, און דער קאָנקרעטער פּראַקטישער פּלאַן פון די איניציאַטאָרן פון דער נייער געזעלשאַפט איז שוין געקרוינט געוואָרן מיט אַ געוויסן ממשותדיקן דערפאָלג, וואָס גיט דעם פולן גרונד צו דערוואַרטן, אַז דאָסמאָל האָבן מיר פאַר זיך אַ פּראַקטיש-פאַרווירקלעכבאַרע איניציאַטיוו.

דער פאַקט, וואָס דער קאָנגרעס פון דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע אין באַסאַווילבאַסאָ האָט באַגריסט די גרינדונג פון דער יידיש־אַרגענטינער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט, באַווייזט, אַז די יידישע קאָלאָניסטישע עפנטלעכקייט האָט אָפּגעשאַצט דעם געהעריקן ווערט פון דער איניציאַטיוו און גלויבט פעסט אין דער מעגלעכקייט פון געמיינזאַמער מיטאַרבעטערשאַפט.

איצט בלייבט נאָר איבער פאַר די ברייטע יידישע קרייזן אין שטאָט ווי אין גאַנצן לאַנד צו פאַרזיכערן דעם אַנטגילטיקן דערפאָלג פון דער נייער וויכטיקער און פּראַקטישער איניציאַטיוו אויף דעם געביט פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע.

מען דאַרף זיך געוויס נישט מאַכן קיין איבערטריבענע אילוזיעס. מיט אַ קאַפּיטאַל פון אַ מיליאָן פּעזעס, ווען עס זאָל אַפילו רעאַליזירט ווערן דער גאַנצער געפּלאַנטער סכום פון די אַקציעס, קען מען נישט איבערקערן קיין וועלטן אויפן געביט פון קאָלאָניזאַציע. אָבער מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז צו דעם דאָזיקן קאַפּיטאַל דאַרף מען נאָך צורעכענען די אַכציק פּראָצענט, וואָס מען קען עווענטועל באַקומען פון דער היפּאָטעקן־באַנק, און דאָס קען שוין שאַפן גאַנץ באַדייטנדע קאָלאָניזאַציע־מעגלעכקייטן.

עס איז אויך מעגלעך נישט אויסגעשלאָסן, אַז די נייע געזעלשאַפט, ווען זי וועט זיך אַרויסווייזן אַקציאָנס־פעאיק, זאָל קענען צוציען אויסלענדיש־יידישע קאַפּיטאַלן פון „דזשאָינט“ אָדער אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

מיר גלויבן דערום, אַז די נייע איניציאַטיוו פון געזעלשאַפטלעכער זעלבסטטעטיקייט אויפן געביט פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע, וואָס וועט געוויס האָבן צו איר דינסט די טעכנישע דערפאַרונג און הילף פון דער יק״אַ און דער יידישער אַגראַר־פעדעראַציע, קען ווערן מיט דער צייט אַ טרייב־קראַפט פאַר דעם וואוקס און ווייטער־אַנטוויקלונג פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, דאָס קלאַסישע לאַנד פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע, וועט נישט אָפּשטיין פון אַנדערע יידישע ישובים אין דער גרויסער היסטאָרישער באַוועגונג פון איבערגאַנג צו דער פּראָדוקטיווער ערד־אַרבעט.

פון די ברייטע קרייזן פון אונדזער געזעלשאַפט איז איצט אָפּהענגיק, אַז די גוטע התחלה, וואָס ווערט איצט געמאַכט, זאָל געקרוינט ווערן מיט דעם געהעריקן דערפאָלג.

(יוני 1929)

---

# צום ערשטן הילפס-צוזאַמענפאַר אין אַרגענטינע

צום ערשטן מאָל זינט עס ווערט אָנגעפירט אין אַרגענטינע די הילפס־אַרבעט פאַר די יידישע מלחמה-געליטענע קליבן זיך צוזאַמען די טוער פון די סוב־קאָמי־טעטן איבערן גאַנצן לאַנד צו באַראַטן זיך וועגן די ברענענדע פראַגן, וואָס שטייען איצט פאַר דער גאַנצער יידישער וועלט, ווי אַזוי צוועקמעסיקער און דערפאָלגרייכער ראַטעווען דאָס נאָך גאַנץ געבליבענע פונעם מלחמה און פּאָגראָם־מבול יידנטום.

מיר זיינען אַזוי ווייט פון דעם יאָמער־טאָל, וואו עס ראַנגלט זיך צווישן טויט און לעבן, צווישן פּאָגראָם-חלף און הונגער־מגפה דער גרעסטער טייל פון דעם יידישן פאָלק און אויף אונדז ווערט מקוים דאָס וואָרט: „ווייטער פון אויג, ווייטער פון האַרץ״...

גראַד אין דעם יאָר פון די גרעסטע יידישע ענויים, ווען אַלע היהשע גהינום-קרעפטן האָבן זיך אָפּגעריסן פון זייערע קייטן אויסצוראָטן דאָס יידישע פאָלק, גראַד אין דעם מאָמענט, ווען ס'איז נויטיק געווען פון אונדזער צד די גרעסטע אָנשטרענ־גונג און די טיכטיקסטע אַרבעט, — האָבן באַדייטנדע טיילן פונעם אַרגענטינער יידנטום כמעט ווי אָנגעהויבן צו פאַרגעסן זייער נאַציאָנאַלן און מענטשלעכן חוב צו זייערע ברידער אין דער הונגערנדער און בלוטנדער אייראָפּע.

עס איז דערום קלאָר, אַז פריער פון אַלץ, אינעם צענטער פון זיינע באַטראַכ־טונגען, וועט דער צוזאַמענפאָר מוזן אַוועקשטעלן אויפן סדר־היום די פראַגע, ווי אַזוי אויפצומונטערן און אויפטרייסלען דעם פאַרחלושטן און איינגעשלאָפענעם פליכט-באַוואוסטזיין פון פיל יידן און יידישע קהילות אין אַרגענטינע. אמת, די־אָ אויפגאַבע איז נישט פון די לייכטע, מיר האָבן זיך שוין באַקוועם איינגעלעבט מיט די צרות, אַז נאָר דונערן און בליצן וועלן בכוח זיין אויפוועקן פילע פון אונדז. אָבער די שטראָפנדע און וואָרנדע שטים פונעם צוזאַמענפאָר דאַרף זיין גענוג שטאַרק, זיין אָפּקלאַנג זאָל זיך צעטראָגן אין אַלע פאַרוואָרפענע ווינקלען פון דער רעפּובליק, וואו עס וואוינען יידן אין רו און אין וואוילטאָג.

די ערשטע עובדה פונעם צוזאַמענפאָר איז אַליין אַ ריין דעמאָנסטראַטיווע, באַטש דערפאַר אין קיין פאַל נישט קיין אומוויכטיקע, אָבער דערמיט אַליין, דאָס איז קלאָר, קענען מיר זיך נישט באַנוגענען. דער צוזאַמענפאָר מוז נעמען אַ שטעל־לונג צו די אַלע פראַגן, וואָס שטייען אויפן סדר־היום פון דער הילפס-אַרבעט, דאָ ביי אונדז און אין נאָרד-אַמעריקע.

בראש פון אַלע פראַגן וועט נויטיק זיין צו אַנטשיידן, צי זאָלן מיר זעלבסט־שטענדיק אָנפירן אונדזער אַרבעט און פּרואוון זיך אפשר שטעלן אין דירעקטער פאַרבינדונג מיט די פּאָגראָם און מלחמה־לענדער, און אינעם פאַל, אויב מיר וועלן

קומען צום הסכם, אז דאָס איז נישט מעגלעך, טאָ מיט וועלכער פון די נאָרד־אַמע־ריקאַנער יידישע הילפס-אָרגאַניזאַציעס זאָלן מיר גיין און זיי שטיצן.

אויף דער ערשטער פראַגע איז נישטאָ וואָס פיל צייט צו פארלירן. עס איז גענוג צו דערמאָנען דעם טאָטאַל־סכום פון אונדזערע געלט-זאַמלונגען, כדי צו פאַר־שטיין, אַז אונדזער גאַנץ געלט וועט נישט סטאַיען אפילו אויף צו שיקן שלוחים אין די וויכטיקסטע פונקטן פון דער יידישער נויט.

און וואָס הייסט שטעלן זיך אין „דירעקטער פאַרבינדונג" מיט די מלחמה-לענדער, ווי נישט שיקן אייגענע פאַרטרעטער, וואָס זאָלן אויספאָרשן די לאַגע, וואו איז די נויט גרעסער און קאָנטראָלירן די געלט-פאַרטיילונג? „דירעקטע פאַר־בינדונג" קען דאָך קיינמאָל אין דער וועלט נישט הייסן דורכשרייבן זיך דורך בריוו מיט די הונדערטער יידישע קהילות און לאָקאַלע קאָמיטעטן אויף יענער זייט ים? „דירעקטע" פאַרבינדונגען קען דאַכט זיך אויך נישט הייסן צו סומך זיין זיך אויף אינפאָרמאַציע פון יידישע צייטונגען פון אונדזערע אַלטע היימען, מעגן זיי זיין כשר סאָציאַליסטישע אָדער כשר בירגערלעכע. ווי אַזוי קאָן מען דאָ, טויזנ־טער מייל ווייט פון די חרובע היימען, אַנטשיידן ווי אַזוי בעסער און צוועקמעסיקער אויסצונוצן אונדזערע קלאָגעדיקע פאַר הילפס-סענט?

דער פאָרשלאָג פון זעלבסטשטענדיקער הילפס־אַקציע קען נישט גענומען ווערן ערנסט אין באַטראַכט — ער איז, לאָזן מיר אַנטשולדיקן זיינע מחברים, צו נאַאיוו און נישט דורכגעטראַכט. עס זיינען נישט נויטיק קיין ווייטערע אַרגומענטן צו דער־וויזן די „דאָן קיכאָטעריי" פון דעם גאַנצן איינפאַל, עס וועט גענוג זיין אָנווייזן אויף דעם פאַקט, אַז דער נאָרד־אַמעריקאַנער פאָלקס-הילף־קאָמיטעט (פיפעלס רע־ליף) וואָס האָט געשאַפן פאַנדן אַביסל גרעסערע פאַר אונדז (נאָענט צו ז י ב ן מ י ל י אָ ן פעזעס), וואָס האָט די שטיצע פון אַלע יידישע פאָליטישע פאַרטייען און פון די מעכטיקע געווערקשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, האָט זיך אויף דעם פילאַ־דעלפיער צוזאַמענפאָר אָפּגעזאָגט פון דעם געדאַנק פון זעלבסטשטענדיקע הילפס־אַקציע, נישט קוקנדיק, וואָס ער איז אין פילע פּרטים נישט מסכים מיט דער הילפס־פּאָליטיק פון דעם צעטיילונגס־קאָמיטעט (דזשוינט דיסטריבושאַן קאָמיטע). און ווען די פיפעלס רעליף, נישט קוקנדיק אויף דעם אומגעהויערן מאָראַלישן אויטאָריטעט וואָס זי האָט הינטער זיך, איז דערוויייל געצוואונגען ביי איר גאַנצער אומצופרידנהייט מיט די הילפס-מעטאָדן פונעם „דזשוינט דיסטריבושאַן קאָמיטע" צו גייען מיט איר, ווייל די דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע הילפס-טוער אין נאָרד־אַמעריקע זיינען דורכגעדרונגען מיט דעם באַוואוסטזיין פון די גרויסע שוועריקייטן אָרגאַניזירן אַ זעלבסטשטענדיקע הילפס־אַקציע. היינט וואָס פאַר אַ זין און טעם קען האָבן דער פאָרשלאָג פון „דירעקטע באַציאונגען" ביי אונדז,

וואו מיר זיינען אזוי באַגרעניצט אין מענטשן און געלט? עס איז קלאָר: מיר קענען נאָר מיטשטופּן אָבער נישט פירן אַליין דעם שווערן הילפס־וואָגן.

עס בלייבט פאַר אונדז אַלזאָ נאָר די צווייטע פראַגע, מיט וועמען צו גיין און וועמען צו שטיצן אין דער הילפס־אַרבעט?

ביז גאָר נישט לאַנג האָט דער „צענטראַל־קאָמיטעט" צוליב אַ פּאַרזען און טעות געשיקט זיינע פאָנדן צו דעם יאַהודימשן "אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע". דער טעות איז אַרויסגעקומען צוליב דעם, וואָס דער קאַסיר פון דעם „אַמעריקאַניש־יידישן קאָמיטעט" און „דזשאָינט דיסטריבושאַן" איז געווען איינע און די זעלבע פּערזאָן, און די אַרגענטינער געלטער זיינען פאַרשריבן געוואָרן אויפן קאָנטאָ פון דער יאַהודימשער הילפס־אָרגאַניזאַציע. ערשט ביי דער לעצטער געלט־זענדונג (פון 100.000 פּעזעס) האָט דער שרייבער פון די דאָזיקע צייַלן אויפגעקלערט דעם טעות און דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט איבערגעשיקט די דערמאָנטע סומע צום „צע־מיילונגס־קאָמיטעט" (דיסטריבושאַן קאָמיטע) אויפן חשבון פון דער פּיפּעלס רע־ליעף. ווי דאַרפן מיר האַנדלען אויף ווייטער?

כדי צו געבן אַ תשובה אויף דעם דאַרפן מיר פריער קלאָר ווערן אויף וואָס פאַר אַ אופן ווילן מיר העלפן אונדזערע ברידער?

אונדזערע רייכע פילאַנטראָפּישע יאַהודים, וואָס האָבן ליידער די הויפּט־דעה אין דעם דיסטריבושאַן קאָמיטע, ענטפערן: מען דאַרף טיילן ברויט דעם הונגעריקן, קליידער דעם נאַקעטן, מעדיצין דעם קראַנקן.

זיינען זיי גערעכט? ווער קען לייקענען, אַז מיר דאַרפן ראַטעווען אונדזערע ברידער פון דער הונגער און קראַנקייט־מגפה. אָבער, צי קענען מיר דאָס טאָן? כדי צו געבן איין מאָל אין טאָג אַ מיטאָג און איין גלאָז טיי פאַר די 25 פּראָצענט פון דעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום, וואָס נויטיקט זיך אין אונדזער הילף באַדאַרף מען — לויט דעם חשבון פון די נאָרד־אַמעריקאַנער הילפס־שלוחים — אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר (אין גאָלד) יעדן טאָג, אָדער 175 מיליאָן אַ יאָר. פאַר די גאַנצע פינף יאָר האָבן אַלע הילפס־פאָנדן צוזאַמען געשאַפן ערשט די סומע פון 32 מי־ליאָן דאָלאַר.

ווי אַזוי זשע וועלן מיר שטילן דעם הונגער פון יעדן ליידנדן, לייכטער מאַכן די נויט פון די נויטבאַדערפטיקע? דאָס איז איבער אונדזערע כוחות. די צדקה און חלוקה־מעטאָדע איז הילפלאָז צו לייזן דעם פּראָבלעם. מיר וועלן זאַט מאַכן טויזנ־טער און צענדליקער טויזנטער וועלן בלייבן ווי געווען אין די נעגל פון נויט און דחקות.

די דעמאָקראַטישע און נאַציאָנאַלע שיכטן, וואָס גרופּירן זיך אַרום דעם פאָלקס־הילף־קאָמיטעט אין נאָרד־אַמעריקע און וואָס אַרבעטן צוזאַמען מיט די יאַהודים

פון דיסטריבושאן קאָמיטע (זייערע דעלעגאַטן זיינען: שלום אַש, דער פּרעזידענט פון דער ניו־יאָרקער ציוניסטישער פעדעראַציע מאָריס ראָטענבערג, גיליס פון „פאָר־ווערטס", קאַן און פיין פון די געווערקשאַפטן, ב. צוקערמאַן און אַנדערע) האַלטן אין איין טענהן שוין זייט יאָרן, אַז מ'מוז אָוועקוואַרפן די אַלט־פרענקישע מעטאָדן פון צדקה, וואָס דערגרייכן נישט זייער ציל און דעמאָראַליזירן די יידישע באַפעל־קערונג אין אייראָפּע, פאַרוואַנדלענדיק זי אין שנאָרער און בעטלער. די „פּיפּעלס רעליעף" איז אַרויסגעטראָטן מיט דעם קלאָרן לאָזונג: קאָנסטרוקטיווע הילף, וואָס דאָס מיינט, אָוועקוואַרפן די פילאַנטראָפּישע מעטאָדע פון חלוקה, ווייל אַ לעבערדיקן זאַך קען מען סיי ווי נישט אָנפילן און העלפן זיך שטעלן אויף די פיס די עקאָנאָמיש חרוב־געוואָרענע טיילן פון יידנטום. עס איז קיין ספק נישט, אַז ס'איז נויטיק תכף אויפן אָרט פאַרלייכטערן אויף וויפל ס'לאָזט זיך די שרייענדע נויט, אָבער די הויפּט־אויפגאַבע פון דער הילפס־אַרבעט דאַרף ווערן, שאַפן די עקאָנאָמישע אינסטיטוטן וואָס זאָלן געבן די מעגלעכקייט עקאָנאָמיש זעלבסט־שטענדיק ווערן די לעבנס-פעאיקע און קרעפטיקע עלעמענטן פון דער יידישער באַ־פעלקערונג אין די מלחמה און פּאָגראָם־לענדער. קאָאָפּעראַטיווע ווערקשטאַטן, דאָס פאַרשאַפן פון אַרבעטס-אינסטרומענטן און רויע מאַטעריאַלן, די גרינדונג פון פּראָ־פעסיאָנעלע שולן וועלן צוריקקערן צום פּראָדוקטיוון לעבן די עלעמענטן, וואָס מען שפייזט איצט מיט די דעמאָראַליזירנדע חלוקה און נדבות: קאָאָפּעראַטיווע סחורות־סקלאַדן, ביליקער קרעדיט פון ליי און שפּאָר־קאַסעס וועלן העלפן דעם צעשטערטן יידישן מסחר און מלאכה צו פאַרנעמען כאָטש טיילוויז די פאַרלוירענע פּאָזיציעס. דאָס זיינען די הויפּט־פּונקטן פון די פאָדערונגען פאַר וועלכע עס קעמפן די טוער פון דער „פּיפּעלס רעליעף" אין דעם דיסטריבושאַן קאָמיטע. עפּעס האָבן זיי דער־גרייכט, אָבער אין פילע פראַגן האָט ליידער דערוייל גובר געווען דער יאהודימשער פילאַנטראָפּישער שטאַנדפּונקט. די לעצטע קאָנפערענץ פון דער פּיפּעלס רעליעף האָט באַשלאָסן ווייטער אָנצופירן דעם קאַמף פאַר די אויבנדערמאָנטע פּרינציפּן אין דעם דיסטריבושאַן קאָמיטע און אַרויסטרעטן פון אים אין דעם פאַל אויב די גאַנצע קאָנסטרוקטיווע אַרבעט וועט איבערגעגעבן ווערן אין די הענט פון בכבו־דיקע אָבער פּריוואַטע באַנקירן.

וואָס בלייבט אונדז אין אַרגענטינע ווייטער צו טאָן? זעלבסטשטענדיק די אַרבעט צו פירן קענען מיר נישט, ווי שטאַרק אונדז וואָלט זיך דאָס נישט געוואָלט. מיר זיינען דערצו צו שוואַך, צו ווייט און צו קליין. מיר קענען אָבער מאָראַליש און מאַטעריעל שטיצן די, וועלכע ווילן אויפבויען און נישט פאַרסמען מיט שנאָ־רעריי דאָס יידישע לעבן?

מיט וועמען זאָלן מיר גיין? מיט די פילאַנטראָפּישע יאהודים קעגן וועלכע עס פּראָטעסטירן אַלע געזונטע עלעמענטן פון מזרח־יידנטום? וועלן מיר שטום בלייבן

צום געשריי פון אונדזערע ברידער: „מאַכט אונדז נישט פאַר קיין שנאָרער!" און וועלן מיר גיסן וואַסער אויף די מילן פון דער אַסימילאַטאָרישער, פּלוטאָקראַטישער פילאַנטראָפּיע?

אָדער וועלן מיר גיין מיט אַלע נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון נאָרד־אַמעריקע און אייראָפּע און צוזאַמען מיט דער פּיפּעלם רעליעף אויסשטרעקן אונדזער ברודער־האַנט דעם ליידנדן יידנטום און נישט דערלאַנגען אים די פאַרשימלטע צדקה־פּושקע?

אויף דער פראַגע וועט דאַרפן ענטפערן דער ערשטער הילפס־צוזאַמענפאָר פון די אַרגענטינער יידן.

(1טער מיי 1920)

---

# די קאָנסטיטואירונג פון דער יידישער נאַציע

מיט אַ יאָר דריי־פיר פאַרן וועלט־קריג האָט אין די יידישע סאָציאַליסטישע קרייזן אַ באַדייטנדע אויפמערקזאַמקייט אַרויסגערופן אַ זייער ערנסט געשריבענער אַרטיקל פונעם באַקאַנטן בונדיסטישן טעאָרעטיקער וולאַדימיר מעדעם, וואו ער האָט זיך באַמיט צו דערווייזן, אַז עס איז נישטאָ קיין איינהייטלעכע יידישע נאַציע. ביי די גרעניצן פון אייראָפּע־אַזיע און ווער זשבאַלאַוואַ ענדיקט זיך, לויט מעדעמען, די רוסישע און פּויליש־ליטווישע יידישע נאַציע, דער ריין איז דער שיידפּונקט פון דער דייטש־יידישער און פראַנצויזיש־יידישער אומה, און דער אַטלאַנטיק פירט אונדז צו דער אַמעריקאַניש־יידישער נאַציע.

מיט איין וואָרט, עס איז בלויז אַ ציוניסטישע אויסטראַכטעניש, — על פּי טעאָריע מעדעם, — אַז ס'איז פאַראַן אַ איינהייטלעך יידיש פאָלק, אין דער אמתן זיינען פאַראַן אַזוי פיל יידישע פעלקער, וויפל עס זיינען לענדער פאַראַן, וואו יידן וואוינען.

אַזוי האָט מעדעם געטענהט.

נישט דאָ איז דער פּלאַץ צו דערווייזן די היסטאָרישע פאַלשקייט פון מעדעמס טעאָריע, מיר זיינען דאָ אָבער גראַד אויסן אָנצואווייזן אויף דעם קערנדל אמת, וואָס איז פאַראַן אין מעדעמס באַהויפּטונג.

אין דעם לאַנגן גלות־פּעריאָד פון צעזייטקייט האָבן זיך ווירקלעך אָנגעהויבן אָפּשוואַכן די בענדער, וואָס האָבן פאַראייניקט די יידישע נאַציע; אין יעדן לאַנד

האָבן זיך אָנגעהויבן אויסבילדן אינדיווידועלע טיילן פונעם יידישן פאָלק, וואָס זייַנען איינער צו דעם אַנדערן נישט ענלעך. דורך דער ווירקונג פון קולטור, פון סאָציאַל־פּאָליטישער און געאָגראַפישער סביבה, האָבן זיך אָנגעהויבן אויסאַרבעטן טיפן יידן, וואָס זיינען מער ענלעך געוואָרן צו זייערע קריסטלעכע ׳שכנים, איידער אויף די יידן פון אַנדערע לענדער. די יידן פון מערב־אייראָפּע האָבן אָנגעהויבן פאַרשידן זיין פון די מזרח־יידן נישט נאָר אין שפּראַך און זיטן, נאָר אין זייער פ אָ ל ק ס־פּ ס י כ אָ ל אָ ג י ש ן טיפּוס.

דער וויץ פון אַ „ציוניסטישער״ נאַציע וועגן וועלכער ס׳האָבן גערעדט די ענגליש־אַמעריקאַנישע צייטונגען האָט אייגנטלעך אַ גאַנץ ערנסטן מיין, ווייל ביז איצט איז נאָר אינעם אַלוועלטלעכן ציוניזם רעפּרעזענטירט געוואָרן פאַר די אומות העולם דער געדאַנק און דער פאַקט פון אַן איינהייטלעכן יידישן פאָלק, וואָס שטייט א י ב ע ר אַלע געאָגראַפישע גרעניצן.

דער וועלט־קריג האָט אָבער צעשטערט דעם איינציקן אינדזל אין דעם ים פון אונדזער צעריסנקייט, וואָס האָט סימבאָליזירט די פּאַראייניקטע יידישע נאַציע. — עס איז חרוב געוואָרן דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער קאָנגרעס וואָס איז באמת געווען אַ מין קיבוץ־גלות אין מיניאַטור. דער פּאָליטישער תהום צווישן די יידן פון פאַרשידענע לענדער איז טיפער געוואָרן. אונטער דעם דראַנג פון די קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן זיינען מיר נאָך טיפער ווי פאַרן קריג צעשיידט און צעריסן געוואָרן, מיר זיינען ג ע צ וו א ו נ ג ע ן געוואָרן צו צעטיילן זיך אין צוויי פיינדלעכע מחנות: „אַנטאַנט־יידן״ און ציוניסטן אויף איין זייט און די פון צענטראַל־אייראָפּע אויף דער אַנדערער.

דער בלוטיקער שטורם פונעם קריג האָט צעטראָגן און חרוב געמאַכט דעם איינציקן בנין — דעם ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס האָט, זאָל זיין אין אַ שוואַכער פאָרם, אָבער דאָך רעפּרעזענטירט די א ל וו ע ל ט ל ע כ ק יי ט פון דער יידישער נאַציע. דער אומגליק פון אונדזער צעזייטקייט און צעשפּרייטקייט האָט דערגרייכט אינעם קריג זיין העכסטע טראַגישע אַפּאָגייע.

אָבער דער צעשטערנדער שטורם האָט אויך די ד ע ר ל יי ז ו נ ג געבראַכט.

— דער אַלוועלטלעכער קאָנגרעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז חרוב, ל ע ב ן ז אָ ל ד ע ר אַ ל וו ע ל ט ל ע כ ע ר ק אָ נ ג ר ע ס פ ו נ ע ם י י ד י ש ן פ אָ ל ק ! — האָט זיך אָנגעהויבן טראָגן דער קול השופר איבער די יידישע חורבות. ווי אַ בשורה פון דער געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן איבער אַלע קהילות פון דער וועלט, וואו עס לעבן און מאַטערן זיך יידן די פּאַראָלן „קאָנגרעס״, אַלוועלטלעכער יידישער קאָנגרעס.

וואָס איז דאָ געשען?

ווי איז דער וואונדער געקומען?

ערשט עטלעכע יאָר פאַרן קריג, בעת נ ת ן ב י ר נ ב ו י ם (מתתיהו אחר), ש מ ר, ד"ר ס י ר ק י ן זיינען ארויסגעטראָטן מיטן „קאָנגרעס"-געדאַנק, האָט מען פון זיי אין די הויפּנם געלאַכט. נישט נאָר דאָס ברייטע שטומע פאָלק, נאָר אויך פילע פון אונדז, נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן און פאַרקעמפער פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק.

און איצט?

אומעטום, וואו עס קלאַפּט אַ יידיש האַרץ, וואו עס טראַכט אַ יידישער מוח האָט דער קאָנגרעס-געדאַנק זיינע אָנהענגער געפונען. און פונעם געדאַנק איז דאָס אַ טאַט געוואָרן, אַ גרויסע, ד י ג ר ע ס ט ע א י ן א ו נ ד ז ע ר ג אַ נ צ ע ר ג ל ו ת - ג ע ש י כ ט ע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ט אַ ט. מיליאָנען יידן אין אַלע לענדער, אי דאָרטן וואו זיי לעבן פריי, ווי נאָרד־אַמעריקע, קאַנאַדע, סקאַנדינאַוויע, האָלאַנד אי אין דעם גהינום פון פּוילן, ליטע, רומעניע, עסטרייך, אינעם צעריסענעם רוסלאַנד, אין אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיע און לעצטנס אפילו אין גריכנלאַנד, האָבן זיך מיליאָנען יידן פאַרזאַמלט אַרום דער קאָנגרעס־פאָן און זיך באַטייליקט צום ערשטן מאָל אין דער יידישער גלות־געשיכטע, אין וואַלן צו אַ י י ד י ש ן פּאַרלאַמענט.

דער „קאָנגרעס" איז געוואָרן אַ מין ה י ס ט אָ ר י ש ע ר מ אַ ג נ ע ט, וואָס האָט געצווינגן צו זיך אַלע צעשפּליטערטע טיילן פונעם יידישן פאָלק, אַ מין אייזערנער רייף, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט און צוריק גאַנץ געמאַכט די צעשאָטענע פאַס פון דער יידישער אומה.

„קאָנגרעס" און ארץ ישראל דאָס זיינען די צוויי רעטונגס-גאַרטלען, וואָס די געשיכטע האָט אונדז צוגעשיקט, כדי צו ראַטעווען זיך פון דעם מלחמה־מבול, וואָס האָט געדראָט צו פאַרניכטן די יידישע נאַציע.

אין שטורעם פון דער גרעסטער קאַטאַסטראָפע פון זיין געשיכטע ווערט ווידער געבוירן, ווידער פאַראייניקט דאָס פאָלק ישראל. פון דעם צעזייטן אש פון יידן, יאַהודים און איזראַעליטן מכל המינים ווערט ווי אַ פעניקס ווידער־געבוירן די יידישע אומה.

נישט שטענדיק איז ריכטיק ר ע נ אַ נ ס וואָרט, אַז אַ נאַציע איז וואָס זי וויל זיין. די גאַנצע צייט פון אונדזער גלות זיינען מיר געווען, וואָס מיר האָבן געקאָנט זיין, וואָס די אומשטענדן האָבן אונדז געצוואונגען צו זיין — צעשמעטערטע רעשטלעך פון אַ געזונקענער שיף. אָבער איצט בעת עס איז אָנגעקומען דער גרויסער „הרת עולם" קענען מיר, ווי אַלע אונטערדריקטע פעלקער, ווערן וו אָ ס מיר ווילן זיין. אויף דער איצטיקער שטורמיש־ברעכנדער און שאַפנדער צייט איז צו־

געפּאַסט רעגאַנס וואָרט: „אַ נאַציע איז, וואָס זי וויל זיין".

און דאָס יידישע פאָלק האָט אויסגעהאַלטן דעם היסטאָרישן עקזאַמען און האָט מיט אַ מעכטיקער שטימע דערקלערט דער וועלט, אַ ז ע ס וו י ל ז יי ן אַ פ אָ ל ק.

דער יידישער קאָנגרעס איז אַלע לענדער איז געוואָרן די טריבונע פון וועלכער די ווידער־דערוואַכטע און ווידער־פאַראייניקטע אומה האָט גערעדט צו דער וועלט.

צו פאַראייניקן און צוזאַמענשמידן די אַלע באַזונדערע געזונט געוואָרענע אברים פונעם יידישן גוף — צ ו ק אָ נ ס ט י ט ו א י ר ן ד י אַ ל ע וו ע ל ט־ ל ע כ ע יי ד י ש ע נ אַ צ י ע, דאָס איז די גרויסע ה י ס ט אָ ר י ש ע מ י ס י ע פונעם אַלוועלטלעכן יידישן קאָנגרעס.

די קאָנגרעס־באַוועגונג איז די תחית־המתים־באַוועגונג פון דער יידישער געשיכטע. געוויס קען דער נס פון ווידעראויפלעבונג נישט קומען מיטאַמאָל; די טויטע אָדער פאַרחלשטע גלידער ראַנגלען זיך נאָך קעגן די לעבעדיקע. אָבער פריער אָדער שפּעטער וועט אַלץ, וואָס האָט נאָך דעם נאַציאָנאַלן לעבנס־זאַפט אין זיך, אַריינגע־צויגן ווערן אין דעם לעבעדיקן שטראָם, וואָס וועט אָפּוואַרפן נאָר דאָס, וואָס איז אַנטגילטיק און האָפנונגסלאָז נאַציאָנאַל טויט.

און דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנגרעס האָט אונדז באַוויזן, אַז מיר פאַר־מאָגן גאָר נישט קיין טויטע, לאָז נאָר שמעטערן די רופנדע שטימע און אויך די טויטע וועלן דערוואַכן...

באַגרייפנדיק די גרויסע היסטאָרישע מיסיע פון דער קאָנגרעס־באַוועגונג אָר־גאַניזירן און קאָנסטיטואירן די יידישע נאַציע, האָבן זיך די „פּועל־ציון", דער דער צענטראַל־פאַרבאַנד אַזוי ווי די לאַנדס־פּאַרטייען, אַריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן ברען אין דער קאָנגרעס־אַרבעט, וואָס איז לעצטנס געקרוינט געוואָרן מיט אַזאַ גראַנדיעזן דערפאָלג.

איינגעפינענדיק, אַז דאָס אַרגענטינער יידנטום איז נישט קיין יוצא מן הכלל, האָבן אויך דאָ די פּועלי־ציון גענומען אויף זיך די פּיאָנערן־אַרבעט אויפצובויען דעם קאָנגרעס־בנין.

אמת, אַ קאָנגרעס איז שוין דאָ אַמאָל געווען. אָבער ער איז צו פרי געווען. אַן אָראָפּגעריסן נישט צייטיק פרוכט. זיין נאַציאָנאַל־פּאָליטישע באַדייטונג איז גלייך נול. ער איז לאַנג פאַרגעסן געוואָרן דאָ אין לאַנד, און די אויסערלעכע, יידי־שע און ניט־יידישע וועלט, האָט וועגן אים אפילו נישט געהערט, ווייל אינעם רעכטן ברען און טומל פון קריג איז פאַרשוואונדן ווי רויך דער גאַנצער אויפטו פונעם קאָנגרעס.

נו איז דער קריג געקומען צו ענדע. ס'איז געקומען דער שעת הכשר, ווען דאָס

יידישע פאָלק אומעטום זאָל אויפהויבן מיט שטאָלץ און קראַפט זיין שטימע.

ענדע דעצעמבער איז קלאָר געוואָרן, אַז ביז דער פרידנס־קאָנפערענץ איז נאָך דאָ גענוג צייט. און די „פּועלי־ציון“ האָבן אויפגעהויבן איבערן לאַנד אַ באַוועגונג, עס זאָל תיכּף צוזאַמענגערופן ווערן דער קאָנגרעס, כּדי אונדזער שטים זאָל גע־הערט ווערן אין פּאַריז. די טעגלעכע יידישע פּרעסע און די יידישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג האָט געשטיצט די באַוועגונג און עס קען קיין שום ספק נישט זיין, וואָלטן זיך ווי אַ שטן־מקטרג נישט אַריינגעריסן די יאַנואַר־טעג, — דער יידישער קאָנ־גרעס אין אַרגענטינע וואָלט שוין לאַנג געווען אַ רעאַלער פאַקט.

אין די לעצטע 2-3 חדשים האָט זיך די לאַגע אָן ספק געענדערט. אויף אַ גוטן אָדער שלעכטן וועג, די טעלעגראַמע אין פּאַריז איז אָפּגעשיקט געוואָרן. די דרינגלעכע שנעלקייט צוזאַמענרופן דעם קאָנגרעס פאַר אַ פּאָליטישער דע־מאָנסטראַציע איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און די „פּועלי־ציון“ אין דער איצטיקער פאַזע פון זייער קאָנגרעס־פּראָפּאַגאַנדע זיינען ווייט פון דעם געדאַנק, אַז דער קאָנ־גרעס מוז דווקא פאָרקומען אין די נאָענטסטע טעג. אַן ערלעכע און ערנסטע דעבאַטע וועגן דער צייט פונעם צוזאַמענרופן דעם קאָנגרעס וואָלטן מיר נאָר באַגריסט, אָבער די צוגרייטונגס־אַרבעט צום קאָנגרעס טאָר נישט אָפּגעלייגט ווערן.

דער פרידן איז שוין גאַנץ נאָענט. פון די ידיעות וואָס קומען אָן פון פּאַריז איז צו זען, אַז אונדזער לאַגע איז גאָרנישט קיין פריילעכע: די קאָנסטיטוציע פון דער נאַציאָנען־ליגע האָט וועגן אונדז פאַרגעסן, עס שטייט אונדז נאָך פאַר אַ ביטערער קאַמף פאַר דער אָנערקענונג אין דער ליגע.

דער אַלוועלטלעכער יידישער קאָנגרעס איז איצט ווי פריער און אפשר מער ווי פריער אַ דרינגענדע נויטווענדיקייט, נישט נאָר צוליב זיינע ווייטע היסטאָרישע צילן, נאָר כּדי אָנצופירן אונדזער הייליקן קריג פאַר אונדזערע פּאָליטישע און נאַ־ציאָנאַלע רעכט. דאָס לעצטע וואָרט וועגן דער „ליגע“ וועט געזאָגט ווערן נישט אין פּאַריז. די דעמאָקראַטישע עפנטלעכע מיינונג פון דער וועלט וועט האָבן דעם כּוח אַרויפצווינגען די נויטיקע ענדערונגען אין דער ליג־קאָנסטיטוציע. מיר טאָרן אָבער נישט שווייגן.

די גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבע פונעם יידישן פאָלק אויפצובויען די חרובע יידישע היימען און די נייע יידישע היים אין ארץ ישראל איז אַ פראַגע, וואָס שטייט פאַר אונדז אויף מאָרגן נאָכן פרידן, און דער „מאָרגן“ איז איצט אַ פראַגע פון וואָכן נישט חדשים.

אין דעם גרויסן פּאָליטישן קאַמף אין דער שווערער בויאונגס־אַרבעט מוז זיך באַטייליקן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק פון דער וועלט.

אומעטום זיינען שוין געמאַכט געוואָרן די פאָרבאַרייטונגען. דער קליינער קי־בוץ פון יידן אין גריכנלאנד האָט שוין זיין קאָנגרעס געהאַט; קאַנאַדע, וואָס האָט אַ סך אַ קלענערן יידישן ישוב פון ארגענטינע האָט אָרגאַניזירט זיך אינעם קאָנגרעס.

און די פראַגע שטייט:

זאָל דאָס אַרגענטינער יידנטום וואַרטן מיט פאַרלייגטע הענט, שטיין אין אַ זייט פון דער היסטאָרישער אָרגאַניזירונגס־באַוועגונג פון דער יידישער נאַציע, נישט באַטייליקן זיך צוזאַמען מיטן גאַנצן יידישן פאָלק אין זיין קאַמף פאַר אַ פּלאַץ צווישן די פעלקער. נישט באַטייליקן זיך אין דער גרויסער אַרבעט, וואָס איז אויף אונדז אויסגעפאַלן?

טויזנטער יידן האָבן שוין דערויף אַן ענטפער געגעבן. די יידישע קהילות פון מאָזעסוויל, טוקומאַן, סערעס, מאָנטעפיאָרע, סאַנטאַ פע, קאַסאַרעס, ריווערא, נאַר־סיס לעוועןן, בערנאַסקאָני, באַהיאַ בלאַנקאַ און אַנדערע האָבן שוין זייער וואָרט געזאָגט.

איצט איז די רייע פון בוענאָס־איירעס פאַר דער פירנדער יידישער קהילה.

פיר מיט אַ האַלבן יאָר האָבן די „פועלי-ציון״ פון נאָרד-אַמעריקע אָנגעפירט זייער קאַמף פאַר דער אידייע פונעם קאָנגרעס און זיי האָבן ענדלעך געזיגט. דער ביישפּיל וועט אויך דינען די „פועלי־ציון״ פון אַרגענטינע אָנצוגיין מיט דעם עקשנות פון אייזערנעם גלויבן מיט זייער אַרבעט, נישט קוקנדיק אויף די שטערונגען, וואָס מען וועט אונדז לייגן אין וועג.

(אַבריל 1919)

---

# דער נצחון פון דער קאָנגרעס-אידייע

צווישן דעם אָן אַ צאָל יידישע אסיפות און פאַרזאַמלונגען, וואָס מיר האָבן דעם פאַרגאַנגענעם יאָר געהאַט, ציט צו זיך די אויפמערקזאַמקייט אַ קליינע, נישט טומלדיקע צוזאַמענקונפט פון יידן, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּאַריז, אין דער צייט פון דעם פרידנס קאָנגרעס, אין איינעם פון די סאַלאָנען פון דער פאַרוואַלטונג פון דער „אַליאַנס איזראַעליט״ (חברת כל ישראל חברים).

מ׳האָט ווייניק גערעדט און געשריבן וועגן דער־אָ פאַרזאַמלונג. און ס׳איז אַ שאָד. ס׳האָט זיך דאָרט אָפּגעשפּיגלט איינע פון די וויכטיקע קאַפּיטלען פון דער יידישער געשיכטע, פון דער נייער יידישער געשיכטע און עס איז דורכאויס כדאַי אָפּצושטעלן זיך און געבן זיך דין וחשבון פון דער היסטאָרישער באַדייטונג

פון דער שטילער אָבער מערקווירדיקער יידישער אסיפה.

דאָרט, אינעם פּאַריזער סאַלאָן פון דער „אַליאַנס איזראַעליט" איז פאָרגעקו־מען אַ דועל, מ'קען זאָגן אַ היסטאָרישע שלאַכט צווישן אַלטן און נייעם יידנטום, צווישן דער אַלטער און נייער יידישער פּאָליטיק. ס'האָבן זיך דאָרטן צוזאַמענגע־טראָפן צוויי וועלטן: דאָס נייע דעמאָקראַטישע און נאַציאָנאַלע יידנטום און דאָס אַלטע, פאַרשימלטע, שתדלנות-פחדנישע „יאַהודימטום".

צום אָנפאַנג פון דער פרידנס-קאָנפערענץ זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אין פּאַ־ריז שלוחים פון גאָר דער יידישער וועלט, פון מערב און מזרח, צו פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן אין די פאַרשידענע לענדער און אויסצוקעמפן די רעכט פונעם יידישן פאָלק פאַרן „בית-דין" פון דעם פרידנס-טיש. עס זיינען געקומען אין פּאַריז אַלטע און נייע יידן; געשיקטע און דעלעגאַטן פון די פאַרשידענע יידישע קאָנגרעסן און נאַציאָנאַל־ראַטן, און אויך די גוט באַקאַנטע שתדלנים און מקורבי־מלכות פון דער יידישער געלט־פּלוטאָקראַטיע.

די פאַרטרעטער פון דער יאַהודים־אַסימילאַטאָרישער גרויס-פינאַנץ, די פּני פון דער „אַליאַנס איזראַעליט" און „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע" האָבן גלייך דערשפּירט וואוהין עס בלאָזן די ווינטן אויף דעם פרידנס-קאָנגרעס. פון די פּוסטע, דעמאָקראַטישע און ווילסאָניסטישע פאַנטאַזיעס וועגן אַן אָפענע פאָלקס־דיפּלאָ־מאַטיע, וועגן אָפענע פּאַר דער ליכט פון דער זון פאַרהאַנדלונגען צווישן די פעל־קער — האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך.

נו, אַז ס'איז נאַכט קריכן אַרויס פון דער פינצטער די פלעדערמייז... אַז עס האָבן דערזען אונדזערע יאַהודים, אַז אין פּאַריז בלייבט אַלץ ביים אַלטן, די אַלטע דיפּלאָמאַטיע און די אַלטע פּאָליטישע מעטאָדן צו לייזן די פעלקער־פּראָבלעמען, האָבן זיי אַ טראַכט געטון, אַז איצט האָט זיך צוריק אומגעקערט זייער צייט און האָבן גענומען שלעפּן דעם יידישן פּאָליטישן וואָגן אין דער אַלטער שתדלנות־בלאָטע.

אין די מלחמה־יאָרן איז עפּעס אויסגעוואַקסן אַ ניי יידנטום; מיט נייע ווער־טער און נייע תביעות קומט דאָס יידישע פאָלק צו דער וועלט. נישט אין די קאַנ־צעלאַריעס פון פילאַנטראָפּישע חברות און נישט אין סאַלאָנען פון עשירים און איינ־פלוסרייכע פּני באַהאַנדלט מען יידישע פראַגן און יידישע פּאָליטיק. מ'רעדט גאָר עפּעס פון פאָדערונגען און נישט פון משתדל זיין זיך ביי גדולים, ווי דאָס האָט זיך שטענדיק געפירט.

אויף די יידישע מלחמה־חורבות איז אויפגעבויט געוואָרן עפּעס גאָר אַ מאָדער־נער בנין — אַ פרייע דעמאָקראַטישע, נאַציאָנאַלע טריבונע — דער יידישער קאָנ־גרעס (אין נאָרד־אַמעריקע, פּוילן, אוקראַינע, בוקאָווינע און אין די איבעריקע לענ־דער פונעם יידישן ישוב) און זיינע שלוחים דעלעגאַטן זיינען געקומען צו דער פרידנס-קאָנפערענץ פאָדערן און נישט בעטן רעכט, און נאָך וואָס פּאַר אַ רעכט,

נישט נאָר „פּראָווּעם" צו לעבן, צו האַנדלען און וואַנדלען, נאָר נאַציאָנאַלע אויטאָ-נאָמיע, רעכט אויף דער אייגענער יידישער שפּראַך, קולטור און בילדונג, רעכט צו פאַרוואַלטן זעלבסטשטענדיק אַלע אינערלעכע יידישע אָנגעלעגנהייטן.

ס'איז געוואָרן אַ בהלה אין דער מחנה פון די „יאַהודים". וואָס הייסט דאָס און וואָס קומט דאָ פאָר? יאָרן לאַנג האָבן מיר, אַריסטאָקראַטן און פינאַנץ-לייט, („אַליאַנס", „הילפס-פאַראיין" און „אַמעריקאַנער יידישער קאָמיטעט") אָנגעפירט די אינטערנאַציאָנאַלע יידישע פּאָליטיק. מיר האָבן זיך משתדל געווען פאַר די אומ-גליקלעכע יידן פון מזרח ביי אַלע פּריצים און שררות, אין די קאָרידאָרן און לאָבים פון אַלע מיניסטעריומס זיינען מיר שטענדיק פאַררעכנט געוואָרן אַלס די מנהיגים פון דער יידישער „ראַסע". אויפן בערלינער קאָנגרעס אין 1878 האָבן מיר מעמאָראַנ-דומס דערלאַנגט און פאַרטיידיקט די רומענישע יידן. נו, איצט קומען זיך די פּרי-צים און מיניסטאָרן ווידער צונויף און ווער, אַז נישט מיר זאָלן זיך משתדל זיין פאַר יידן, פאַר אונדזערע יידישע גלויבנס-גענאָסן?

און אַז מ'האָט אויפמערקזאַם געמאַכט די הויכע הערן פון מאַזאַאישן גלויבן אַז יידישע פאַרלאַמענטן אין נאָרד-אַמעריקע און אייראָפּע האָבן אויסגעקליבן ספּע-ציעלע דעלעגאַטן צו פאַרטרעטן יידישע אינטערעסן פאַרן פרידנס-קאָנגרעס און אַז דאָס ווידער-דערוואַכטע יידישע פאָלק האָט זיך גאָר פאַרגעסן וועגן דער עקזיסטענץ פון די געשוואוירענע בעלי-טובות פון „אַליאַנס" און די אַנדערע קאָמיטעטן, — איז גאָר קיין גרעניץ נישט געווען צו דער דערשטוינונג פון די יאַהודימשע פּני...

דאָס איז דאָך אַ רעוואָלוציע, אַ רעוואָלוציע קעגן דער טראַדיציאָנעלער יידי-שער „פּאָליטיק", וואָס מיר האָבן מכמה ימים ושנים אָנגעפירט — האָבן זיך גע-טראַכט די געשוואוירענע מליצי יושר פון יידן.

אין איינעם אַ פרימאָרגן אין פעברואַר האָבן זיך אין פאַריזער סאַלאָן פון דער „אַליאַנס" צוזאַמענגעטראָפן די צוויי וועלטן: די יידישע פילאַנטראָפּישע פּלוטאָ-קראַטיע און די נייע יידישע נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטיע, די רעפּרעזענטאַנטן פון דעם אויפגעוואַכטן יידישן פאָלקס-באַוואוסטזיין.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער היסטאָרישער ויכוח צווישן די אַסימילאַטאָרישע גרויס-פינאַנץ בערן, וואָס האָבן ביז אַהער מאָנאָפּאָליזירט די יידישע פּאָליטיק, און די נייע קאָנגרעס-דעלעגאַטן, וואָס האָבן גערעדט און פאַרטראָטן דאָס יידישע פאָלק פון נאָרד-אַמעריקע און מזרח-אייראָפּע.

די „אַליאַנס"-לייט און זייערע מיטהעלפער פונעם אַסימילאַטאָריש-יאַהודימשן „אַמעריקאַניש-יידישן קאָמיטעט", דערשפּירנדיק דעם רעאַקציאָנערן גייסט וואָס שוועבט אַרום דעם פאַריזער פרידנס-קאָנגרעס, האָבן זיך געפּרוּווט דורך כשרע און ניט כשרע מיטלען אַרויסרייסן די יידישע פּאָליטישע פירערשאַפט פון די הענט פון דער יידישער דעמאָקראַטיע און ווידער אַריינכאַפּן זיך אינעם זאַטל. זיי איז אָבער

נישט געלונגען. די קאָנגרעס־דעלעגאַטן אויף יענער זיצונג האָבן אָפּגע־שלאָגן אַלע פאַרמאַסקירטע אַטאַקעס און האָבן נישט דערלאָזן, אַז די יידישע פּאָ־ליטישע פּירערשאַפט און פאַרטרעטערשאַפט זאָל צוריק איבערגיין אין די הענט פון דער יאַהודימשער גרויס־בורזשואַזיע.

פיל דראַמאַטישער איז נאָך געווען אויף יענער זיצונג דעם קאַמף אַרום דער פראַגע פון נאַציאָנאַלע רעכט. צום ערשטן מאָל האָבן די ווענט פון דער „אַליאַנס"־סאַלאָן, אָט די פעסטונג פון דער יידישער אַסימילאַציע אין יאַהודימטום, דערהערט דאָס רעוואָלוציאָנערע וואָרט וועגן יידישער נאַציע, וועגן יידישער נאַציאָנאַלער פּאָ־ליטיק. די יידישע אַסימילאַטאָרישע גרויס־בורזשואַזיע, דורכגעדרונגען מיט פילאַנ־טראָפּישע סענטימענטן איז שטענדיק גרייט געווען איינצושטעלן זיך פאַר יידישע „פראַוועס", פאַר די רעכט פון דער יידישער רעליגיע. דאָ איז זיי אָבער צום ערשטן מאָל אויסגעקומען צו טרעפן זיך פנים צו פנים מיט דעם נייעם צייט־גייסט אינעם יידנטום. צו זייער דערשטוינונג האָבן זיי דערהערט די נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע דעקלאַראַציעס פון די שלוחים פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס ד"ר נחמן סירקין און דעם זיידן וו י נ ט ש ע ו ס ק י, וועגן די נאַציאָ־נאַלע רעכט פון דעם יידישן פאָלק. די אומגליקלעכע יידן פון פוילן און דעם גאַנצן בלוטיקן מזרח ווילן נישט נאָר האָבן דאָס רעכט צו דאַוונען יידיש, נאָר אויך לעבן יידיש.

ווי אַזוי קומט מען צו די פריצים און שררות פון דער פרידנס־קאָנפערענץ צו רעדן וועגן אַ יידיש פאָלק, וועגן נאַציאָנאַלע רעכט; יאָרן לאַנג האָט מען צו זיי געטענהט, ס'זיינען נאָר דאָ טרייע בירגער פון די פאַרשידנסטע פאָטערלענדער, וואָס ווילן בלויז מען זאָל זיי נישט באַרויבן דאָס מענטשלעכע רעכט דערפאַר וואָס זיי גייען אין דער יידישער סינאַגאָגע, ווי אַזוי קומט מען אַרויס מיט דער „שאַנד" פאַר דער גרויסער פּאָליטישער וועלט, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין פּאַריז? אַזוי, אָדער אומגעפער אַזוי האָבן געמוזט טענהן די לייבן פון דער יידישער אַסימילאַציע און גרויס־פינאַנץ. און זיי אַלס תשובה איז געקומען דאָס שטאָלצע נאַציאָנאַל־ווירדיקע וואָרט פון דער דערוואַכטער יידישער נאַציאָנאַלער דעמאָקראַטיע.

(יאַנואַר 1920)

---

# ייוואָ

(אַ צענטראַלע יידישע ביבליאָטעק אין ייוואָ)

דער יידישער ישוב אין אַרגענטינע גרייט זיך צו דער פייערונג פון דעם וויכ־טיקן היסטאָרישן דאַטום פון זיין עקזיסטענץ — דעם יובל פון דער יידישער פּראָ־דוקטיווער איינוואַנדערונג אין לאַנד און דער יידישער קאָלאָניזאַציע.

ווען עס וועט אונטערגעפירט ווערן דער סך־הכל פון דעם האַלבן יאָרהונדערט שאַפנדער און בויענדער אַרבעט פון דעם יידישן ישוב, וועט קאָנען אָנגעוויזן ווערן אויף אונדזערע וויכטיקע און באַדייטנדע דערגרייכונגען הן פאַר דעםווירטשאַפט־לעכן פאָרשריט פון לאַנד, הן אויף אַלע געביטן פון אונדזער אינערלעכן געזעלשאַפט־לעכן לעבן.

דעם אויבנאָן פון דער אַרגענטינער יידישער געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט וועט בלי ספק פאַרנעמען אונדזער פילאַנטראָפּיע... דאָ האָט די יידישע קאָלעקטיווי־טעט באמת אָנצואווייזן אויף באַדייטנדע לייסטונגען און אַנשטאַלטן, וואָס זאָגן עדות וועגן דעם שאַפנדן אימפּעט פון דעם יידישן ישוב.

אַ סך אָרימער, אויב נישט גאָר קלאָגעדיק וועט זיין דער סך־הכל, אויב מען וועט פּרואוון מאַכן דעם באַלאַנס פון די קולטור־דערגרייכונגען און אויפטוען פון דעם אַרגענטינער יידישן ישוב פאַר דעם פאַרגאַנגענעם האַלבן יאָרהונדערט. דאָ קאָנען מיר אויף אונדזער קאָנטאָ נאָר איין באמת וויכטיקע און פּאָזיטיווע שאַפונג — דאָס איז דאָס יידישע ציטונגס־עווזן, וואָס האָט געוואונען די פאַרדינטע אָנער־קענונג און דעם לויב פון דער ברייטער יידישער קולטור־וועלט. אוודאי האָט די גאַנצע אַרגענטינער יידישע געזעלשאַפט אומדירעקט מיטגעווירקט דעם זעלטענעם וואוקס פון דעם יידישן ציטונגס־וועזן אין לאַנד, אָבער נאָך אַלעמען איז אָט דער צווייג פון אונדזער קולטור־לעבן דער רעזולטאַט פון דער איניציאַטיוו, אָנשטרענ־גונגען און אונטערנעמונגס־גייסט פון יחידים, קאָלעקטיוו האָבן מיר ווייניק, אָדער גאָר ווייניק אויפגעטון אויף דעם יידישן קולטור־געביט, באַזונדערס אין פאַרגלייך מיט דער רייך־פאַרצווייגטער פילאַנטראָפּישער אַקטיוויטעט.

און איינער פון די בולטסטע, מען קאָן זאָגן, שרייענדע סימנים פון דער אָרימ־קייט פון אונדזער קולטור־אויפטו איז די אָפּוועזנהייט פון אַ יידישער ביבליאָטעק, וואָס זאָל ווערט זיין אָט דעם נאָמען.

מיר האָבן געבויט פּראַכטפולע בנינים פאַר אונדזערע קראַנקע, פאַר אונדזערע יתומים. עס פאַרמאָגן גאַנץ פיינע און רחבותדיקע געביידעס אונדזערע ווירטשאַפט־לעכע אינסטיטוציעס, אונדזערע בענק און קאָאָפּעראַטיוועס. אָבער דאָס יידישע בוך איז געבליבן פאַריתומט.

עס זיינען פאַראַן, אָדער ריכטיקער, עס זיינען געווען איינצלנע קליינע יידישע

ביבליאָטעקן אין דער הויפּטשטאָט און אין די פּראָווינצן, אָבער עס איז נישטאָ קיין איין מער אָדער ווייניקער אָנגעזעענע יידישע ביכער-זאַמלונג פאַר דעם עפנט-לעכן געברויך.

דאָס איז בלי ספק אַ באַדויערנדיקע „אָרימקייט-צייגעניש" פאַר אונדזער קול-טור-פּרעסטיזש און פאַר דעם גייסטיקן אָנזען פון אונדזער ישוב, וואָס איז אין אַ שרייענדן ווידערשפּרוך מיט אונדזער ערן-טיטל פון „עם-הספר".

עס איז אפשר געווען נאַטירלעך אומפאַרמיידלעך, אַז אונדזער יונגער אימי-גראַציע-ישוב זאָל אין דעם ערשטן פּעריאָד פון זיין אָרגאַניזירונג און קאָנסאָלידאַ-ציע זאָרגן פאַר דער מאַטעריע, אָבער עס איז שוין צייט, די העכסטע צייט ערנסט צו טראַכטן אויך וועגן דעם גייסט, וועגן אונדזערע קולטור-נויטן און הצטרכותן.

דער אַרגענטינער אָפּטייל פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט האָט איצט גענומען אויף זיך די לויבנסווערטע איניציאַטיוו צו לייזן, מען קאָן זאָגן, איינע פון די צענטראַלע קולטור-פּראָבלעמען פון אונדזער ישוב, די שאַפונג פון אַ גרויסער צענטראַלער ביבליאָטעק, וואו עס זאָלן געזאַמלט ווערן די אוצרות פון דעם יידישן גייסט, פון דער יידישער ליטעראַטור, געשיכטע און וויסנשאַפט און נישט אויפן לעצטן פּלאַץ, אַלע דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דעם עפנטלעכן לעבן און דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פון אונדזער יונגן ישוב.

דער יידישער קראַנקער, דער יידישער יתום, די יידישע בענק האָבן זייער איי-גענע היים. עס מוז ענדלעך אויך געשאַפן ווערן די היים פאַר דעם יידישן ספר. די היים פאַר דער יידישער בילדונג און פאָרשונג.

די עקזיסטענץ פון אַ גרויסער און שיינער יידישער ביבליאָטעק וועט בלי ספק זיין אַ אימפּולס און אָנרעגונג פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון יידישער קולטור, פאַר דער אויסברייטערונג פון דעם יידישן לייענער-קרייז און וועט אויך זיין די היים פאַר דער יידישער פאָרשונג און שטודיום.

אין דעם טראַגישן חורבן-מאָמענט, וואָס מיר לעבן, ווען עס ווערן פאַרניכטעט צוזאַמען מיט די גרויסע מאַטעריעלע יידישע גיטער, גרויסע גייסטיקע אוצרות און צענטערן פון יידישער קולטור, ווערט באַזונדערס דרינגענד די שאַפונג פון אַ גרויסן יידישן קולטור-אַנשטאַלט דאָ אויף דער מער אָדער ווייניקער זיכערער ערד פון אַמע-ריקע. דאָס, וואָס איז פאַרניכטעט געוואָרן ערגיץ אַנדערש מוז קאָמפּענסירט ווערן מיט אונדזער קולטור-שאַפונג דאָ אין אונדזער נייער היים.

און עס וועט דערפאַר נישט זיין אפשר קיין גוזמא צו זאָגן, אַז די שאַפונג פון אַ גרויסער יידישער ביכער-זאַמלונג אין אונדזער ישוב גייט אַרויס פון די גרעניצן פון אַ ריין לאָקאַלן קולטור-אויפטו און באַקומט אַ געוויסע אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע באַדייטונג אַלס מאַניפעסטאַציע פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבנס-עקשנות און אומ-געבראָכענעם שאַפונגס-ווילן אונטער אַלע אומשטענדן און אַלע באַדינגונגען.

די אויפגאַבע, וואָס האָט גענומען אויף זיך דער אַרגענטינער אָפּטייל פון דעם „ייוואָ“ איז אַ ריזיקע אַרבעט פון ברייטן געזעלשאַפטלעכן פאַרנעם נישט לויט די באַשיידענע כוחות פון דער גרופּע שריפטשטעלער און קולטור־טוער, וואָס גרופּירן זיך אַרום דער היגער סעקציע פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

כדי צו שאַפן אַזאַ וויכטיקן קולטור־אַנשטאַלט, ווי אַ צענטראַלע יידישע בי־בליאָטעק, וואָס זאָל באמת זיין ראוי צו טראָגן אָט דעם נאָמען, זיינען נויטיק גרויסע מאַטעריעלע מיטלען און די אַקטיווע מיטאַרבעט פון ברייטע געזעלשאַפטלעכע יידי־שע קרייזן.

אָבער דאַרף מען דען דערמאָנען דאָס קלאַסישע יידישע וואָרט, אַז כל התחלות קשות, אַז יעדער אָנפאַנג איז שווער? עס איז נישט איבעריק צו דערמאָנען דעם אויסגעדראָשענעם אמת, אַז „רוים איז געבויט געוואָרן נישט אין איין טאָג“. עס איז אַליין פאַר זיך פאַרשטענדלעך, אַז נישט אויף איין מאָל קאָן געלונגען צו שאַפן אַ גרויסע ביכער־זאַמלונג, אַפילו פון די וויכטיקסטע און פונדאַמענטאַלסטע יידישע ווערק אין פאַרשידענע שפּראַכן. עס וועט נויטיק זיין צייט, געדולד און אַ סך מי אויפצובויען דעם גרויסן קולטור־בנין.

אָבער דער פאַקט, וואָס שוין ביי די ערשטע שריט, וואָס די ייוואָ־איניציאַטאָרן האָבן געמאַכט פאַר דער שאַפונג פון דער צענטראַל־ביבליאָטעק, זיינען געזאַמלט גע־וואָרן ביי די צוויי טויזנט בענדער, איז דער בעסטער באַווייז, אַז אין געוויסע קרייזן פון אונדזער געזעלשאַפט איז שוין פאַראַן די פולע פאַרשטענדעניש פאַר דער וויכטיקייט פון דער שאַפונג פון דער יידישער צענטראַל־ביבליאָטעק.

די ייוואָ־פאַרוואַלטונג האָט איצט אָנגענומען שריט צו באַקומען דעם ביכער־אייגנטום פון אייניקע פאַרמאַכטע יידישע ביבליאָטעקן.

עס איז אויך אָנטשטאַנען דער פּלאַן, מיט גאַנץ־קאָנקרעטע אויסזיכטן אויף דערפאָלג, אַז געוויסע פּערזאָנען, וואָס ווילן פאַראייביקן דעם אָנדענק פון זייערע פאַרשטאָרבענע נאָענטע, וועלכע האָבן געדינט דער יידישער געזעלשאַפט, זאָלן איינ־אָרדענען לייען־זאַלן אויף דעם נאָמען פון די אַוועקגעגאַנגענע. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז דאָס איז דער שענסטער דענקמאָל און די ווירדיקסטע פאָרם פון פאַר־אייביקן אַ טייערן אָנדענק, און ס׳וועלן זיך אין אונדזער געזעלשאַפט געווים געפינען קאַנדידאַטן, וואָס וועלן גרייט זיין אויף אַזאַ אופן מיטצוהעלפן דעם אויפבוי פון דער גרויסער יידישער קולטור־אינסטיטוציע.

אָבער דער וויכטיקסטער פונדאַמענט פאַר דער מאַטעריעלער עקזיסטענץ פון דעם נייעם קולטור־אַנשטאַלט מוז זיין די סיסטעמאַטישע און פּערמאַנענטע סובווענץ פון אַלע אונדזערע עפנטלעכע אינסטיטו־ציעס און געזעלשאַפטן, פילאַנטראָפּישע ווי עקאָנאָמישע.

די יידישע צענטראַל־ביבליאָטעק, איר נאָרמאַלער יערלעכער בודזשעט מוז

געדעקט און פאַרזיכערט ווערן פון די בייטראָגן פון אַלע אונדזערע אינסטיטוציעס, אָן שום אויסנאַם, אין פּראָפּאָרץ צו זייער באַדייטונג און פינאַנציעלע מעגלעכקייטן. דער בייטראָג פאַר דער אויסהאַלטונג פון דעם וויכטיקסטן צענטראַלן קולטור־אַנ־שטאַלט מוז אַריינגיין אַלס אָרגאַנישער פּונקט אין די בודזשעט־הוצאות פון יעדער יידישער אינסטיטוציע, אָפּגעזען פון דעם, צי זי טראָגט אַ פילאַנטראָפּישן אָדער עקאָנאָמישן כאַראַקטער. מיר דענקען נישט, אַז אַזאַ בייטראָג זאָל פאַלן אַלס צו שווערע לאַסט אפילו פאַר די ריין־פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס: ער וועט געוויס אויסמאַכן אַ מינימאַלן פּראָצענט פון די אָרדנטלעכע הוצאות.

אונדזערע געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט ריין־פילאַנטראָפּישער אָדער געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישער טעטיקייט, מוזן זיך דורכדרינגען מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז דער אַרגענטינער יידישער ישוב האָט שוין דערגרייכט צו אַזאַ הויכן מצב פון געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, ווען עס איז נויטיק צו זאָרגן אויך פאַר דעם גייסט, פאַר זיין קולטורעלן פּרעסטיזש און אָנזען.

זאָל יעדער איינער בייטראָגן אַ ציגל צו דעם וויכטיקן קולטור־בנין און זאָל די פייערונג פון דעם יובל־קיום פון אונדזער ישוב געקרוינט ווערן מיט דער שאַפונג פון דער היים פאַר דעם יידישן בוך, פאַר דער יידישער קולטור און יידישן וויסן.

מיט דער אויפבוי פון דער צענטראַלער יידישער ביבליאָטעק וועט פאַרפולט ווערן אַ וויכטיקער בלויז אין דעם באַלאַנס פון דעם פופציק־יאָריקן קיום און שאַ־פונגס־אַרבעט פון אונדזער יונגן ישוב.

לאָמיר אַלזאָ לכבוד אונדזער יובל־יום־טוב אוועקלייגן דעם יסוד פון דעם וויכ־טיקן קולטור־בנין, וואָס וועט געוויס הויבן דעם אָנזען און חשיבות פון אונדזער ישוב אין דער יידישער קולטור־וועלט.

(אַפּריל 1939)

# דאָס אויפלעבן פון אונדזער שול-וועגן

ענדלעך האָבן מיר זיך פאַרט דערוואַרט.

נאָך דעם פּוילשטעגדיקן קראַך, אמת, צוליב ריין אויסערלעכע „אומאָפּהענגיקע" סיבות פון דער קליינער התחלה פון דעם יידישן וועלטלעכן שול-וועזן, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט אין אַרגענטינע, מערקן זיך אַצינד בולטע סימנים פון אַן ערנסטער און פיל צוזאָגנדער יידיש-וועלטלעכער שול-באַוועגונג, וואָס האָט שוין צו פאַר־צייכענען אייניקע באַדייטנדע דערפאָלגן.

און עס וועט אפשר נישט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז פאַר אונדזערע אומ־שטענדן און קלאָגעדיקע פאַר יעדער קולטור-אַרבעט באַדינגונגען קען דאָס שוין דערגרייכטע באַטראַכט ווערן פאַר אַן אמתן טריאומף.

אָרעם און באַשיידן זיינען געווען אונדזערע ביז איצטיקע פאַרזוכן אויף דעם געביט פון דעם יידיש-וועלטלעכן שול-וועזן. קליין זיינען געווען אונדזערע מעגלעכ־קייטן און נאָך קלענער זיינען געווען אונדזערע השגות. מיר האָבן אפילו נישט גע־האַט די דרייסטקייט פון אַ ברייטערן פאַרנעם און שוואונג. ווער האָט דאָס ביי אונדז געוואַגט צו חלומען וועגן אַ שול-בודזשעט פאַר איין־איינציקער שול, וואָס זאָל דערגרייכן צו אַ צוויי צענדליק טויזנט פּעזעס אַ יאָר?

אין אָרעמע לאָקאַלן האָבן זיך געטוליעט די עטלעכע וועלטלעכע שולן, וואָס מיר האָבן אַמאָל פאַרמאָגט און אויף די פינגער פון איין האַנט האָט מען געקענט איבערציילן די טוער, אויף וועלכע עס האָט זיך געשטיצט אונדזער נעבעכדיקער וועלטלעכער שול-וועזן. די גאַנצע יידיש-וועלטלעכע שול-טעטיקייט איז נישט אַרוים פון די ענגע ד' אמות פון אַ באַגרענעצטן און ריין פּאַרטייאישן קרייז.

נו, איצט קענען מיר מיט צופרידנהייט פעסטשטעלן, אַז מיר פאַרמאָגן שוין אַ התחלה פון אַ ברייטער יידיש-וועלטלעכער שול-באַוועגונג, וואָס האָט שוין דעראָ־בערט די אַקטיווע סימפּאַטיע און אונטערשטיצונג פון גאַנץ באַדייטנדע געזעל־שאַפטלעכע קרייזן. און דער גליקלעכער אָנהויב גיט אונדז דאָס רעכט צו גלויבן, אַז עס איז שוין דורכגעבראָכן געוואָרן די האַרטע וואַנט פון גלייכגילטיקייט און אַפּאַ־טיע פון אונדזער געזעלשאַפט צום דעם יידישן שול-וועזן, צו דער וויטאַלסטער פּראָ־בלעם פון אונדזער קולטור-לעבן.

און די יידישע שול-באַוועגונג האָט די גרויסע מעלה וואָס זי איז געבויט אויף אַ פעסטן און סאָלידן פונדאַמענט און האָט זיך געשטעלט דעם ברייטן און וויים־גייענדיקן ציל, צו שאַפן אַן אינטעגראַלע, פולע יידישע שול, וואָס זאָל האָבן אונ־טער איר אויסשליסלעכער השפעה דאָס יידישע קינד לפחות ביז עס פאַרענדיקט זיין עלעמענטאַרע בילדונג.

מיר האָבן ביז איצט נישט באַוויזן צו שאַפן אַ זאַך, וואָס עס איז געלונגען אַלע

פּרעמד־שפּראַכיקע קאָלעקטיוויטעטן אין בוענאָס איירעס — דעם קינדער־גאָרטן — די אמתע רעאַלע באַזע פון אַ געזונטן שול־וועזן.

די אַלע ביז איצט געמאַכטע געוואָרענע ביי אונדז פּרואוון פון אַ יידיש־וועלט־לעכן שול־וועזן זיינען אָנגעווענדט געוואָרן אויף דערגענצונגס-שולן. עס איז אָבער נישט געמאַכט געוואָרן דער מינדסטער פּרווו אויפצובויען די יידישע שול פון איר פונדאַמענט — פון דעם קינדער-גאָרטן.

און יעדער איינער וועט מוזן אָנערקענען דעם פאַרדינסט פון דער געזעלשאַפט פאַר יידיש־וועלטלעכע שולן, וואָס האָט באמת דערפילט אַ פּיאָנערן־אויפגאַבע, אויסבויענדיק דעם ערשטן אויסגעצייכנטן און מיט ברייטן שוואונג אוועקגעשטעלטן קינדער־גאָרטן, וואָס איז דער וו אָ ר צ ל, פון וועלכן עס קען מיט דער צייט אויסוואַקסן די אינטעגראַלע יידישע וועלטלעכע עלעמענטאַרע שול.

דער ברייטער פאַרנעם און די ווייט־גייענדיקע צילן, וואָס עס האָבן זיך אוועק־געשטעלט די פּיאָנערן פון דער נייער, אויב איר ווילט באַנייטער, יידיש־וועלטלע־כער שול־באַוועגונג האָט פיל מיטגעהאָלפן איר דערפאָלג און בלי ספק דיקער פּאָ־פּולאַריטעט.

איצט האָבן מיר דאָס רעכט צו גלויבן, אַז אונדזער וועלטלעך יידישער שול־וועזן וועט נישט שטיין אויף הינערשע פיסלעך און וועט נישט האָבן דעם ביטערן מזל פון די ביז איצטיקע דורכגעפאַלענע פּראָבעס און עקספּערימענטן.

מיר זיינען זיכער, אַז דאָס, וואָס איז ביז איצט אויפגעבויט געוואָרן איז אַ דבר של קימה, וואָס האָט אַלע אויסזיכטן אויף ווייטערדיקן וואוקס און פונאַנדערבליי.

און זאָל דאָ מיט דער גאַנצער קלאָרקייט אָנגעוויזן ווערן, אַז איינע פון די סיבות פון דעם בערך גאָר גרויסן דערפאָלג פון דער באַנייטער יידיש־וועלטלעכער שול־באַוועגונג איז לויט אונדזער מיינונג די ברייטערע, נישט ע נ ג - פּ אַ ר־ ט יי אַ י ש ע באַזע אויף וועלכער זי איז אויפגעשטעלט געוואָרן.

די סיבה, יעדנפאַלס איינע פון די וויכטיקסטע סיבות פון די ביז איצטיקע דורכפאַלן פון דער יידיש-וועלטלעכער שול־באַוועגונג איז געווען איר ענג-פּאַרטיי־אישער כאַראַקטער. די עטלעכע געציילטע וועלטלעכע שולן, וואָס מיר האָבן אַמאָל געהאַט, זיינען געשטאַנען אונטער דער אויסשליסלעכער השפּעה פון ענגע פּאַרטיי־קרייזלעך און זיינען נישט אַרויס פון די ענגע ד׳ אמות פון די פּאַרטיי־קרייזלעך און זיי זיינען דערפאַר פאַראורטיילט געווען צו זייער קלאָגעדיקן קיום.

עס איז שוין די העכסטע צייט באַגרייפן פאַר אַלע פריינט פון דער יידישער קולטור, אַז אונדזער סביבה איז נאָך נישט רייף און אונדזערע קולטור־כוחות זיינען צו באַשיידן, אַז מיר זאָלן זיך קענען דערלויבן דעם לוקסוס פון שפּאַלטן אונדזער באַשיידענעם קולטור-פּראָנט לויט די סאָציאַל־פּאָליטישע שטרעמונגען וואָס עקזיס־טירן אויף אונדזער יידישער גאַס.

לאָז עס קלאָר געזאָגט ווערן. מיר זיינען גאַנץ ווייט פון דעם געדאַנק, אַז דער

יידישער שול-וועזן קען זיין די גאַנצע הונדערט פּראָצענט אומפּאַרטייאיש און אַ־פּאָליטיש.

דער יידיש-וועלטלעכער שול־וועזן דאָ אין אַרגענטינע, ווי אומעטום, קען רע־כענען מיט דער סימפּאַטיע און אונטערשטיצונג פון אַ ברייטער אומפּאַרטייאישער מאַסע, וועלכע פילט אַ צובונד צו דער יידישער שפּראַך און יידישער קולטור. מיר ווייסן אָבער זייער גוט, אַז דער אינספּירירנדער און לייכטנדער פאַקטאָר פון דער יידישער קולטור־אַרבעט בכלל און פון דעם יידישן שול־וועזן קענען זיין נאָר די פאַרשידענע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען.

דאָס מיינט אָבער בשום אופן נישט צו זאָגן, אַז די שולן מוזן זיין פּאַרטיי-קרייזלעך.

וועלטלעכקייט, סאָציאַליזם און דער אומדערשיטערטער גלויבן אין אונדזער יידיש-נאַציאָנאַלער קולטור־אייגנאַרט קענען זיין אַ גענוג ברייטע באַזע פאַר אַ פאַרייניקטן קולטור־פראָנט, נישט קוקנדיק אויף די סאָציאַל־פּאָליטישע טענדענצן, וואָס צעטיילן און צעשיידן אונדז.

מאָרגן ווען די יידישע וועלטלעכע שול-באַוועגונג וועט אַרויסקריכן פון אירע ווינקעלעך און וועט לאָזן טיפע וואָרצלען אין דער אַרגענטיניש־יידישערווירקלעכ־קייט, וואָלטן מיר געקענט טראַכטן וועגן פונאַנדערגייען זיך יעדער אין זיין מחנה.

אַצינד אָבער שיינט אונדז, אַז עס איז אַ דרינגלעכע, אימפּעראַטיווע נויט־ווענדיקייט צו קאָנצענטרירן אַלע אונדזערע אָנשטרענגונגען, כדי צו שאַפן אַ ברייטן יידיש-וועלטלעכן שול־פראָנט, אינערהאַלב פון וועלכן יעדע גרופּע אָדער ריכטונג וואָלט מיט דער צייט געקענט אויסבויען שולן, וואָס אַנטשפּרעכן מער מיט אירע אידייאישע אויפפאַסונגען אין די ראַמען פון די אַלגעמיין גילטיקע פאַר אַלעמען גרונט-פּרינציפּן פון וועלטלעכקייט, סאָציאַליזם און יידישן קולטור אני מאמין.

און די „צישאַ" אין פּוילן, די לעגיטימע מוטער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול־באַוועגונג אין גאָר דער יידישער וועלט, האָט לפּחות אין איר שאַפונגס-פּעריאָד געטראָגן אָט דעם ברייטן איבערפּאַרטייאישן אָדער אונטערפּאַרטייאישן כאַראַקטער.

די דריי גרינדער פון דעם יידיש־וועלטלעכן שול-וועזן אין פּוילן — דינעזאָן, מעדעם און רייכמאַן — זיינען געווען די לעבעדיקע פאַרקערפּערונג און דער סימ־באָל פון אָט דער אייניקייט פון דעם יידישן שול־פראָנט.

אינערהאַלב אָט דער צענטראַלע זיינען געווען שולן פון פאַרשידענע שאַטירונ-גען: פּועלי ציוניסטישע — רעכטע און לינקע — בונדיסטישע און פאָלקיסטישע, און דאָס האָט נישט געשטערט, אַז די „צישאַ" זאָל אויפוואַקסן צו אַ מעכטיקן קול-טור־פאַקטאָר.

ליידער האָט אין דער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער „צישאַ" גובר געווען

דער פּאַרטיי-יצר־הרע און עס איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג, צו דער גרינדונג פון דעם „שול־קולט“.

נו, אין פּוילן, וואו עס זיינען דאָ גענוג כוחות, וואו עס איז פאַראַן אַן אומ־באַגרענעצט ברייט אַרבעטס־פעלד האָט מען זיך געקענט דערלויבן דעם לוקסוס פון ישפּאַלטן דעם שול־פראָנט, כאָטש קיין געזונט איז געוויס דערפון נישט צוגעקומען דעם יידישן שול-וועזן.

מיר מאַכן אָבער ערשט די אָנפאַנגס-שריט, אונדזער אַרבעטס־פעלד איז באַגרע־נעצט און נאָך באַגרענעצטער זיינען אונדזערע קולטור-כוחות, מיר דאַרפן דערפאַר נישט שפּאָרן קיין מי צו שאַפן אַ ברייטן פּאַראייניקטן שול־פראָנט אויף דער אויבנ־דערמאָנטער ברייטער באַזע, וואָס זאָל דערלויבן די מאָביליזירונג פון אַלע פאַראַ־נענע יידישע קולטור־כוחות, נישט קוקנדיק אויף זייערע סאָציאַל-פּאָליטישע טענ־דענצן.

מיר זיינען טיף איבערצייגט, אַז דער גורל פון דער יידישער וועלטלעכער שול־באַוועגונג, וואָס האָט זיך צוגלייך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַצינד ביי אונדז מיט פיל צוזאָגנדע אויסזיכטן אויף דערפאָלג, איז אָפּהענגיק דערפון, צי וועט אונדז גע־לונגען גובר זיין דעם פּאַרטיי־יצר־הרע און אויפשטעלן אַ ברייטן יידישן קולטור און שול־פראָנט אין דער אויבן אָנגעצייכנטער ריכטונג.

(יולי 1934)

---

# פון אַ שמועס וועגן שול-וועזן אין אַרגענטינע

— איר באַגייט אַ שווערן חטא, איר זינדיקט אַלע, אַלע יידישע צייטונגס־שרייבער און זשורנאַליסטן און איך מיין טאַקע אייך בתוכם...

איך האָב מיט פאַרוואונדערונג אָנגעקוקט מיין מיטשמועסער, אַן אַלטער לע־זער־פריינט, און האָב אויפן ערשטן מאָמענט זיך נישט אָפּגעגעבן חשבון, וואוהין ער צילט און וואָס ער מיינט מיט זיינע האַרבע באַשולדיקונגס־ווערטער.

— יאָ, — האָט פאָרגעזעצט מיין מיטשמועסער — איר זינדיקט נישט נאָר קעגן דער יידישער געזעלשאַפט, קעגן דער יידישער קולטור, קעגן דעם יידישן נאַ־ציאָנאַלן קיום, טאָר טאַקע קעגן זיך אַליין...

— איך פרעג אייך, ווי איז דאָס מעגלעך, אַז מענטשן זאָלן זיך נישט פאַר־טראַכטן וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג, איך מיין נישט וועגן דער ווייטער נעבלהאַפטער צוקונפט, נאָר ממש טאַקע וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג? ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז אייך, די טאָן-געבער און די באַשאַפער פון דער יידישער עפנטלעכער מיינונג,

זאָל נישט עגבערן דער געדאַנק, אַז אונדזער גאַנצע אַרגענטינער יידישע געזעל־שאַפטלעכקייט געפינט זיך אויף אַ זאַמדיקן באָדן, כל־זמן עס איז נישטאָ די זי־כערקייט, אַז כאָטש אַ טייל פון דעם אונטערוואַקסנדיקן יידישן דור זאָל בלייבן מיט אונדז, זאָל נישט פאַרלירן דעם צובונד און אינטערעס צום יידישן לעבן און זיינע פּראָבלעמען?

— מילא, אונדזערע יידישע כלל־טוער דרייען זיך אין דעם ענגן קרייז פון זייערע באַגרענעצטע געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן. זיי זיינען שטענדיק פאַרדאַגהט און פאַרדרייט און האָבן נישט קיין צייט צו טראַכטן וועגן נאַציאָנאַלן תּכלית, וועגן אונדזערע קולטור־אינטערעסן, אָבער איר, צייטונגס־מענטשן, זשורנאַליסטן און שריפטשטעלער, ווי קומט עס, וואָס איר באַשעפטיקט זיך מיט דער יידישער שול־פראַגע אין אַרגענטינע, ווי כלאחר יד?

— בלעטערט אונדזערע צייטונגען, — האָב איך געפּרואווט איבעררייסן מיין מיטשמועסער — און איר וועט געפינען נישט איין טוץ אַרטיקלען, וואָס זיינען גע־שריבן געוואָרן אויף אָט דער טעמע, וואָס אינטערעסירט אייך אַזוי שטאַרק. יעדער פון אונדז, איינער מער, איינער ווייניקער, האָט גוט אָדער שלעכט געשריבן וועגן דער אַזוי אויסגעדראָשענער דערציאונגס-און שול־פראַגע. מיר וועלן דאָך מיאוס ווערן דעם לייענער, אויב מיר וועלן האַלטן אין איין דרשענען אַלץ וועגן דעם זעלבן ענין.

— יאָ, קיינער לייקנט נישט — באַקום איך אַלס תשובה, — אַז יעדער פון אייך האָט „דערפילט זיין חוב" און האָט אָפטער אָדער זעלטענער באַהאַנדלט די דערציאונגס־טעמע. אָבער דערלויבט מיר אַלס לייענער צו זאָגן אייך דעם אמת, אַז די דאָזיקע אַלע אַרטיקלען זיינען געווען כּדי יוצא זיין אַ חוב, אָבער נישט אַזוי באַציט מען זיך צו אַ פונדאַמענטאַלער לעבנס־פראַגע.

דערהויפּט באַגרייף איך נישט אַזאַ לעבלעכע, אויב נישט קאַלטע באַציאונג צו דער שול-פראַגע מצד אייך, יידישע זשורנאַליסטן. פאַרטראַכט איר זיך דען נישט, אַז פאַר אייך איז דאָס נישט בלויז אַ נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכער ענין נאָר אויך אַן ערנסטע — לאָמיר אָנרופן זאַכן מיט זייער ריכטיקן נאָמען — פּראָפעסיאָנעלע פּראָבלעם. ווער איז דען מער פון אייך פאַראינטערעסירט צו אויסברייטערן דעם קרייז פון די יידישע לייענער? אויב דער איצטיקער צושטאַנד וועט לאַנג אָנהאַלטן, וועט איר דאָך אין בעסטן פאַל האָבן אַ לייענער־קרייז פון מיטליעריקע און זקנים, אויב איר וועט נישט רעקרוטירן קיין לייענער פון דער יוגנט, וועט איר דאָך נישט האָבן פאַר וועמען צו רעדן וועגן די פּראָבלעמען פון דער מאָדערנער יידישער קול־טור און די אַקטועלע סאָציאַל־פּאָליטישע פראַגן. ווילנדיק נישט ווילנדיק וועט איר זיך מוזן צופּאַסן צו אייער עלטערן לייענער און זיינע השגות און אייערע צייטונגען און זשורנאַלן וועלן אַלט ווערן פאַר דער צייט... פאַר אייך וואָלט די יידישע שול־

פראַגע געדאַרפט זיין נישט בלויז אַן אַבסטראַקטער ענין פון דער נאַציאָנאַלער דער־האַלטונג און באַשיצונג פון יידישע קולטור־אינטערעסן, פאַר אייך איז דאָס אַ בהענענדע פּראָבלעם פון גייסטיקער זעלבסט־דערהאַלטונג, אויף וויפל איר האָט נישט בדעה און די מעגלעכקייט אַריבערצולויפן אין פרעמדן קולטור־לאַגער.

— וואָס וואָלטן מיר אַלזאָ געדאַרפט טון? — האָב איך געפּרואווט איבער־רייסן מיין מיטשמועסער.

— איך בין נישט בלינד, נישט צו זען, אַז עס איז גאָרנישט קיין לייכטע אויפגאַבע צו באַקעמפן דעם קולטור־אינדיפערענטיזם פון אונדזער היגער געזעל־שאַפט און די פּעגאָמענאַלע גלייכגילטיקייט צו דער יידישער שול־פראַגע. איך ווייס, אַז דאָס איז אַן אַרבעט פון בערג איבערצוקן. און דאָך גלויב איך, אַז איר פאַרמאָגט אַ גוואַלדיק וויכטיקן וואָפן — די פעדער און די טאָג־טעגלעכע צייטונגס־טריבונע.

פאַרשטייט זיך, אַז מיט צופעליקע אַרטיקלען, וואָס דערשיינען פון מאָל צו מאָל, קען מען גאָרנישט דערגרייכן. די קאַמפּאַניע פאַר דער באַשאַפונג פון אַ יידישן שול־וועזן אין אַרגענטינע דאַרף געפירט ווערן מיט עקשנות און מיט התל־להבות. איר מוזט טאָג־איין טאָג־אויס אַריינהאַמערן אין דעם באַוואוסטזיין פון דער יידישער געזעלשאַפט, אַז די שאַפונג פון יידישן שול־וועזן אין אַרגענטינע איז די „פּראַגע פון אַלע פראַגן", וואָס שטייגט איבער אין איר וויכטיקייט אַלע, בפירוש אַלע אונדזערע געזעלשאַפטלעכע הצטרכותן.

— גלויבט איר, אַז דאָס וועט העלפן? — האָב איך באַמערקט.

— יאָ, גאַנץ באַשטימט. איך בין דערין איבערצייגט. און מיין איבערצייגונג שטיצט זיך נישט בלויז אויף דער סתם אמונה אין דעם כוח פון דעם געדרוקטן יידישן וואָרט. איך בין וויניק גענייגט צו מאַכן אייך, זשורנאַליסטן, קאָמפּלימענטן, אָבער ווער קען לייקענען די ראָלע פון דעם יידיש־אַרגענטינישן זשורנאַליזם אין דער באַשאַפונג פון אונדזער גאַנצן געזעלשאַפטלעכן פאַרמעגן. און איר אונטערשאַצט אַליין אייער חשיבות, אויב איר באַציט זיך סקעפּטיש צו דער מעגלעכקייט אויפצו־וועקן דעם קולטור־אינטערעס אין דער יידישער געזעלשאַפט. אויב אַדאַנק אייך זיי־נען דערגרייכט געוואָרן — אין אונדזערע פאַרהעלטעניש — גאַנץ באַדייטנדע דער־פאָלגן פאַר די קאַמפּיינען פון יידישע קולטור־אינסטיטוציעס אין אויסלאַנד — גלויבט איר נישט, אַז דאָס זעלבע קען דערגרייכט ווערן פאַר אונדזערע ברענענדע קולטור־נויטן.

— איך ווייס, — האָט פאַרגעזעצט מיין מיטשמועסער, — איר וועט זאָגן, אַז אין דעם דערפאָלג פון די קולטור־קאַמפּיינען פאַר אויסלאַנד האָט מיטגעהאָלפן די פּאָפּולאַריטעט און דער אויטאָריטעט פון די דעלעגאַטן, וואָס זיינען געקומען צו אונדז. דאָס איז אָבער בלויז מיילוויז אמת. ווען איר, צייטונגס־שרייבער, וואָלט נישט געשאַפן די געהעריקע אַטמאָספער דערצו, ווען איר וואָלט נישט איבערצייגט

די עפנטלעכקייט אין דער גרויסער וויכטיקייט פון די באַטרעפנדע קולטור־אינסטי־טוציעס, וואָלט אוממעגלעך געווען דער דערפאָלג פון דער אַרבעט. די אויסלענדישע דעלעגירטע האָבן בפירוש דורכגעפירט אַ וויכטיקע שליחות, זיי האָבן געהאָלפן וועקן אין די ברייטסטע שיכטן דעם אינטערעס צו דער יידישער קולטור און שול בכלל, אַצינד וואָלט שוין צייט געווען, — באמת די העכסטע צייט — אַז מיר זאָלן דעם אויפגעוועקטן קולטור־אינטערעס אויסנוצן אויך פאַר אונדזערע אייגענע קולטור־הצטרכותן. אויב מיר פאַרמאָגן די „ליבע צום צווייטן" איז אומגלויבלעך, אַז מיר זאָלן נישט קענען אויפוועקן די „ליבע צום נאָענטן"...

— וואָס שטעלט איר זיך אַלזאָ פאָר, קאָנקרעט, וואָלטן מיר געקענט טון? — האָב איך אונטערבראָכן מיין מיטשמועסער.

קאָנקרעט? דערויף איז נשט לייכט צו ענטפערן. איך גלויב, אַז עס איז דער חוב פון דעם געדרוקטן יידישן וואָרט צו אינספּירירן און שטיצן יעדע פּ אָ ז י־ ט י וו ע איניציאַטיוו אויף דעם געביט פון דעם יידיש־אַרגענטינער שול־וועזן. און דאָ איז נויטיק אַרויסצואווייזן די העכסטע מאָס פון טאָלעראַנץ, וואָס זאָל זיין פרעמד פון יעדן פּאַרטייאישן דאָגמאַטיזם. ביי אונדזער אָרימקייט אין קולטור־כוחות, ביי דער אַבסאָלוטער אָפּוועזנהייט פון אַ יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן אין לאַנד איז אוממעגלעך צו פּאַרלאַנגען, אַז פון היינט אויף מאָרגן זאָל געשאַפן ווערן די אידעאַלע שול, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן אַלע הונדערט פּראָצענט פון אונדזערע נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע און פּעדאַגאָגישע פאָדערונגען. מיר מוזן איינגיין אויף פּשרות און טון, וואָס עס לאָזט זיך אונטער די אומשטענדן, אָנכאַפּנדיק זיך פאַר יעדן פּאָזיטיוון שריט אין דער יידישער שול־טעטיקייט.

— אָט האָבן מיר פאַר זיך אַ פּרואוו צו שאַפן אַ יידיש־וועלטלעכע שול־באַ־וועגונג. מיט וואָס דערקלערט זיך די קאַלטע באַציאונג צו דער דאָזיקער באַוועגונג מצד די נאַציאָנאַלע עלעמענטן, וואָס האַלטן יידיש און די יידישע קולטור פאַר דעם וויכטיקסטן אינסטרומענט פאַר אונדזער נאַציאָנאַלער דערהאַלטונג אין דער דיאַספּאָראַ?

— דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די איניציאַטיוו פון דער דאָזיקער באַ־וועגונג איז געקומען פון אַ גרופּע, וואָס שטייט נאָענט צו דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע פון „בונד" — באַמערק איך.

— גוט, איך וועל נישט לייקענען דעם פאַקט, אַז אַ געוויסער טייל, בשום אופן נישט אַלע, פון די איניציאַטאָרן פון דער באַוועגונג זיינען אַקטיווע טוער אָדער סימפּאַטיזירער פון „בונד" און די „ציש"א"-שולן אין פּוילן. עס איז אָבער אויך אַ פאַקט, אַז די טוער פון דער שול־באַוועגונג האָבן זיך באמת און באַמיען זיך צוציען אַלעמען צו דער שול־אַרבעט און מיידן אויס אַרויפצולייגן אַ פּאַרטיי־שטעמפּל אויף דער קומענדער שולע. זיי פירן איצט אָן אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע

צווישן די לאַנדסמאַנשאַפטן. עס איז אַבסאָלוט אָפּן די טיר פאַר אַלע אָנהענגער פון א יידישער וועלטלעכער שול פון אַנדערע פּאַרטייען צוצוטרעטן צו דער באַוועגונג און אַרויפלייגן אויף איר זייער חותם.

די פאַראַנטוואָרטלעכע טועד פון דער באַוועגונג, אגב שטייט איצט אין איר שפּיץ אַן אויטאָריטעט פּעדאַגאָג, וועלכער האָט קלאָר און קאַטעגאָריש פּראָקלאַמירט דעם אידעאַל פון אַן אומפּאַרטייאישער שול. מעגלעך, אַז די פּאַרטיי־עלעמענטן וועלן ציען אין אַ באַשטימטער ריכטונג, אָבער אויב צו דער באַוועגונג וועלן צוטרעטן ברייטערע קרייזן, וועלן זיי אַנטשיידן דעם כאַראַקטער פון דער געפּלאַנטער שול־באַוועגונג.

מיר האָבן דאָך פאַר זיך דעם לעבעדיקן ביישפּיל פון דער „ציש״א“־באַוועגונג אין פּוילן, וואָס טראָגט אגב נישט קיין איינהייטלעכן בונדישן כאַראַקטער, ווי מען מיינט עס על פּי טעות. עס איז אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט, אַז די שולן פון דעם ווילנער געגנט זיינען גאַנץ ווייט פון בונדיסטישע און פּאַרטיי־טענדענצן בכלל. אין די שולן פון ווילנער ראַיאָן לערנט מען העברעאיש פון דריטן און אין אייניקע אַפילו פון צווייטן שול־יאָר.

— און דערלויבט מיר אייך בכלל צו זאָגן, אַז מען דאַרף נישט איבערטרייבן דעם שרעק פאַר פּאַרטייאישע מעשׂים. וואָס זאָלן מיר טון, ווען די אַזוי גערופענע אומפּאַרטייאישע מאַסן איז אַ אינערטע, זי איז פּאַסיוו און מוז שטענדיק באַקומען אַן אָנרעגונג פון דער זייט. די אָנוועזנהייט פון געוויסע פּאַרטייאישע עלעמענטן אין דער שול־באַוועגונג איז אַבסאָלוט נוצלעך און אומפאַרמיידלעך. זיי זיינען דער הייוון אין אַ באַוועגונג. דער איינפלוס פון איין צד קען זייער גוט קאָנטראַבאַלאַנסירט ווערן פון די פאַרטרעטער פון אַנדערע פּאַרטייען און די אומפּאַרטייאישע.

דאָס וויכטיקסטע איז, וואָס דער פּרואוו צו אָרגאַניזירן דאָ אַ יידישע וועלטלעכע שול־באַוועגונג האָט אין זיך אַ געזונטן קערן. זי האָט צום ערשטן מאָל אין אַרגענטינע אַרויסגעשטעלט דעם אידעאַל פון אַ גאַנצער, אינטעגראַלער שול, וואָס זאָל אינקאָרפּאָרירט ווערן און באַקומען מלוכה־רעכט.

מעגלעך, אַז דעם דאָזיקן אידעאַל פון אַ אינטעגראַלער שול וועט נישט אַזוי לייכט און אַזוי שנעל געלינגען צו פאַרווירקלעכן. אָבער, כדי אַזאַ שול זאָל קענען אַנטשטיין, ווען די באַדינגונגען אין לאַנד וועלן זיך פאַרבעסערן, מוז מען דאָך איינמאָל פאַר אַלעמאָל שטעלן זיך אַזעלכע צילן.

די לעצטע פּאַסירונגען האָבן קלאָר באַוויזן, אַז מען מוז שאַפן דעם יידישן שול־וועזן אויף אַ געזיכערטן רעכטלעכן יסוד, ווי דאָס איז דער פאַל מיט די דייטשע, ענגלישע און פראַנצויזישע אינקאָרפּאָרירטע שולן.

מיר דאַרפן אויך האָבן די זיכערקייט, אַז די לעצטע דערפאַרונגען, וואָס מיר האָבן געהאַט וועלן דינען אַלס וואָרנונג פאַר די טועד פון דער שול־באַוועגונג, אַז

זיי זאָלן אָפּהיטן דעם שטרענג - א ו מ פ א ר ט יי א י ש ן כאַראַקטער פון דער שול.

— יאָ, דענקט איר אָבער נישט, מיין פריינט, אַז דער וואונטש פון אַן אומ־פּאַרטייאישער שולע איז אַ תפילת שוא?

— ניין, איך בין איבערצייגט, אַז אויב צו דער וועלטלעכער שול, וועלן צו־שטיין ברייטע אומפּאַרטייאישע שיכטן וועט דאָ געלונגען צו שאַפן שולן פון דעם דערמאָנטן ווילנער טיפּ. און זאָלן די פּאַרטרעטער פון די אויסגעשפּראָכענע נאַציאָ־נאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען נישט שטיין אָן אַ זייט וועלן זיי געווינען איינפלוס און השפעה אויף דער באַוועגונג. זיי וועלן שאַפן דעם גלייכגעוויכט. אוודאי, ווען מיר וואָלטן געוועזן רייך אין כוחות וואָלטן מיר דאָ געקענט אפשר שאַפן אַ באַוועגונג פאַר דעם טיפּ שולן פון שול-קולט ווי אין פּוילן. מיר שיינט אָבער, אַז מיר קענען זיך דאָ נאָך נישט דערלויבן דעם לוקסוס פון שפּאַלטן די באַשיידענע יידישע קול-טור־כוחות, וואָס שטייען אויף דער באַזע פון יידישער שפּראַך און יידישער קול־טור. ביי דער מאָביליזאַציע פון אַלע כוחות וואָלט אפשר געלינגען צו שאַפן עפּעס פּאָזיטיוועס. און אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער שול־באַוועגונג וועלן די מער אויסגעשפּראָכענע נאַציאָנאַלע עלעמענטן קענען אויפטון מער ממשותדיקס פאַר זייערע צילן, איידער שטייענדיק אָן אַ זייט און באַנוגנדיק זיך מיט דער קריטיק.

— און צום סוף דערלויבט מיר אייך צו זאָגן, אַז אין אַ סביבה, וואו די יידישע יוגנט ווערט פון אונדז אינגאַנצן אָפּגעפרעמדט, וואו די אסימילאַציע שלאָגט די טיפסטע וואָרצלען ביי דעם יונגן דור, טאָרן זיך נישט די נאַציאָנאַלע עלעמענטן באַציען מיט ביטול, אָדער גאָר קעמפערישער קעגנערשאַפט צו דעם פּרואוו צו שאַפן אַ שולע, וואָס וועט אפילו נישט אַנטשפּרעכן די גאַנצע הונדערט פּראָצענט פון אַ נאַציאָנאַלער לער־פּראָגראַם. אייך דאַרף איך נישט זאָגן, אַז עס איז אַ בלבול, אַז די אַזוי-גערופענע יידישיסטן הויבן אָן די יידישע קולטור־כראָנאָלאָגיע פון מענ־דעלען און פּרצן. איר ווייסט דאָך גוט, אַז אונדזער אידעאַל איז מאַכן צוגענגלעך פאַרן פאָלק אין דער שפּראַך פון פאָלק (יהואש איז אין דעם פּרט דער וועגווייזער), אַלע ווערטן פון אונדזער רייכן קולטור-עבר, אויב עס איז נישט דערגרייכבאַר צו עפענען פאַר אים די אָריגינעלע קוואַלן פון אונדזער שאַפן. און זאָל מען אגב נישט אַזוי גרינגשעצן דעם נאַציאָנאַל-דערציערישן ווערט פון מענדעלע, פּרץ אין דער יידישער ליטעראַטור. אונדזערע קינדער וועלן אוודאי זיין בעסערע יידן, ווען זיי וועלן קענען לייענען און וועלן ליבן פּרצס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“, חסידות און די יידישע ליטעראַטור בכלל, איידער אָן זיי, אָדער ווען זיי וועלן דאַרפן אָנ־קומען צו דער שפּאַנישער איבערזעצונג. צוליב דעם וואָס מיר קענען נישט דער־גרייכן דעם מאַקסימום, לאָמיר נישט פאַרוואַרפן דעם מינימום.

— און גאַראַנטיעס פאַר יידישקייט, פאַר דער נאַציאָנאַלער טריישאַפט זיינען

דאָ בכלל נישטאָ. די וואָלאָזשינער ישיבה האָט דאָך אונדז אויך געבראַכט פאַררעטער, אָפענע משומדים... און משה ליטוואַקאָוו איז דאָך אויך איינגעטונקט אין יידישן וויסן און לומדות און האָט דורכגעמאַכט נישט קיין יידישיסטישע שול, נאָר אַ פרומע ישיבה...

— קורץ גערעדט — האָט פאַרענדיקט מיין מישמועסער, — מען דאַרף אוודאי שטרעבן צום מאַקסימום, צו אַ יידישער שולע, וואָס זאָל געבן אונדזערע קינדער די פולסטע יידיש־וועלטלעכע דערציאונג און זאָל פאַר אים עפענען, ווי ווייט מעגלעך אויך די אָריגינעלע קוואַלן פון אונדזער העברעאישן שאַפן, אָבער דאָס באַפרייט אונדז נישט פון דעם דרינגנדן חוב צו שטיצן און מיטהעלפן יעדן באַשיידנסטן פאַזיטיוון שריט אויף דעם געביט פון דעם יידישן שול־וועזן אין אַרגענטינע.

(אויגוסט 1932)

---

# צו דער פּראָבלעם פון דער יידישער קהילה אין אַמעריקע און אַרגענטינע

דאָס קהילה־פּראָבלעם איז בלי ספק אין איצטיקן מאָמענט איינע פון די וויכטיקסטע פראַגן פון דער יידישער ווירקלעכקייט סיי אין אייראָפּע, סיי אין די נייע און עלטערע לענדער פון דער יידישער איינוואַנדערונג.

אין אייראָפּע שטייט שאַרף און אַקטועל דאָס פּראָבלעם פון דער ר ע אָ ר ג אַ נ י ז י ר ו נ ג פון דער יידישער קהילה, פון איבערשטאַלטן זי צו די פאָדערונגען פון דער צייט.

אין דייטשלאַנד, עסטרייך און אין פאַרשידענע לענדער פון מזרח־אייראָפּע, וואו עס זיינען דאָ אויסגעצייכנט אָרגאַניזירטע און אין משך פון דורות פאָרמירטע קהילות, שטייט די פראַגע פון רעפאָרמירן די קהילה־אינסטיטוציעס און אַריינגיסן „נייעם וויין אין די אַלטע פענכערס".

אין מערב־אייראָפּע איז פאַר די לעצטע יאָרן, זינט די דעמאָקראַטישע און נאַציאָנאַל־ציוניסטישע עלעמענטן האָבן זיך אָנגעהויבן מער אינטערעסירן מיט דער קהילה, אַנטשטאַנען אַ באַוועגונג פאַר דער רעפאָרמירונג פון די קהילה־קאָנסטיטוציעס, פאַר דער דעמאָקראַטיזירונג פון דעם וואַל־סיסטעם און שטייער־סיסטעם.

ביז גאָר נישט לאַנג איז די אַסימילאַטאָרישע גרויס־בורזשואַזיע געווען די איינציקע פאַרוואַלטערין פון די קהילות אין די גרעסטע מערב־אייראָפּעאישע שטעט.

ביים אָנפאַנג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט ד"ר הערצל גלייך באַגריפן די וויכטיקייט און גרויסע באַדייטונג, וואָס עס האָט פאַר דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג צו פאַרשטאַרקן אירע פּאָזיציעס אין די קהילה־אַנשטאַלטן און האָט אַרויס־

געגעבן דעם לאָזונג: כבוש הקהילות: כדי צו געווינען דעם איינפלוס אויף דעם גאַנג פון דעם יידישן לעבן איז נויטיק איינצונעמען די אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער טאָג־טעגלעכער יידישער ווירקלעכקייט.

נישט לייכט איז אָבער אָנגעקומען אַרויסצורייסן פון די הענט פון דער אַסי־מילאַציע די קהילה־מאַכט, וועלכע עס האָט זיך פאַרפעסטיקט אין משך פון לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

סיי איז מערב-אייראָפּע און אַפילו אין אַזאַ וויכטיקן צענטער פון מזרח־אײ־ראָפּע, ווי ווארשע, איז די קהילה גענומען געוואָרן אין אַרענדע פון דער אַסימילאַ־ציע און איז געווען איינע פון די שטאַרקסטע פעסטונגען פון דער יידישער אַסימי־לירטער בורזשואַזיע.

פאַרשטייט זיך, אַז כל־זמן די אַסימילאַטאָרן האָבן געהאַט די אויבערהער־שאַפט אויף דער קהילה איז זי געשטאַלטעט און געפורעמט געוואָרן אין זייער גייסט. דער טעמפּל, די סינאַגאָגע און דער פרידהאָף (בית עלמין) — דאָס זיינען געווען די „פּראָבלעמען" מיט וועלכע עס האָט זיך באַשעפטיקט די קהילה.

נאָר אין איינצלנע פאַלן זיינען אינעם קרייז פון די קהילה־אינטערעסן אַריינ־געגאַנגען אויך געוויסע קולטורעלע פראַגן, ווי די אויפהאַלטונג פון סעמינאַרן פאַר דער יידישער וויסנשאַפט, וועלכע זיינען, פאַרשטייט זיך, אָנגעפירט געוואָרן אינעם גייסט פון די איינציקע אַפּיטרופּסים פון דער קהילה — פון דער אַסימילירטער גרויס־בורזשואַזיע.

די נאַציאָנאַלע און דעמאָקראַטישע עלעמענטן אין מערב-אייראָפּע און אויך אין פּוילן האָבן נישט געהאַט קיין צוטריט צו דער קהילה, ווייל די דאָזיקע פעסטונג איז פאַרבאַריקאַדירט געוואָרן דורך אַ פּלוטאָקראַטישן וואַל־סיסטעם.

אין בערלין, ווין, אַזוי גוט ווי אין ווארשע, איז טאַקע יעדער יידישער איינ־וואוינער מחויב צו צאָלן קהילה-שטייערן, אָבער ווייזן קענען נאָר די פּריווילעגירטע קהילה־מיטגלידער, וואָס צאָלן אַ גרעסערן שטייער.

צוליב דער סיבה זיינען אַלע אָנשטרענגונגען פון די נאַציאָנאַלע און דעמאָ־קראַטישערע עלעמענטן אין אייראָפּע צו אַריינרייסן זיך אין דער קהילה געגאַנגען לאיבוד. נאָר אַ רעדוצירטער קרייז פון די וועלער פלעגט וואָטירן פאַר די נאַציאָ־נאַלע און דעמאָקראַטישע עלעמענטן, און די יידישע אַסימילירטע בורזשואַזיע האָט זיך געפילט זיכער און פעסט אינעם זאָטל און האָט נישט געוואָלט וויסן וועגן וועל־כע נישט איז קהילה־רעפאָרמען, וועגן צולאָזן דעם „המון" צו די קהילה-געשעפטן.

ערשט גאָר אין די לעצטע צייטן זיינען געוויסע ניצאָנאַלע און דעמאָקראַטישע עלעמענטן אַריינגעדרונגען אין די קהילה־פאַרוואַלטונגען פון ווארשע, בערלין, ווין און אַנדערע אייראָפּעאישע צענטערן.

אויף געוויסע הנחות זיינען די ביז־איצטיקע קהילה-באַלעבאַטים, ווילנדיק

נישט ווילנדיק, איינגעגאנגען. אין פילע ערטער איז מאָדיפיצירט געוואָרן דער וואַל־סיסטעם, עס זיינען אויך אַריינגעטראָגן געוואָרן איינציקע אויסבעסערונגען אין דעם שטייער־סיסטעם, נאָר דאָך האָט עס ערשט גאָר ביים אָנפאַנג פון אַ ראַדיקאַלער קהילה-רעפאָרם.

אַזוי זעען מיר, למשל, אַז אין דער גרויסער און אַלטער קהילה פון ווין האָט עס ביי אַן ערנסטן קריזיס צוליב דער אומגערעכטער שטייער־סיסטעם, וואָס עקזיסטירט דאָרטן.

אַזוי ווי די קהילה האָט אַ צוואַנגס־מאַכט אויפצומאָנען די אַרויפגעלייגטע פון איר שטייערן פון יעדן יידישער איינוואוינער, וועלכער מוז געהערן צו דער קהילה כל זמן ער דערקלערט זיך אַלס ייד, — איז איצט אין ווין אַנטשטאַנען אַ באַוועגונג אַרויסצוטרעטן פון יידנטום בכלל אַלס פּראָטעסט קעגן די אומגערעכטע שטייערן.

נישט פיל בעסער איז די לאַגע אין די אַנדערע אייראָפּעאישע צענטערן: אומעטום איז אַקטועל די פראַגע פון ראַדיקאַלע רעפאָרמען פון די קהילה-קאָנסטיטוציעס און פון דעם גאַנצן קהילה־וועזן.

אָבער דאָס איז אַלץ אַ פראַגע פון רעפאָרמירן און אויסבעסערן אַ בנין, וועלכער איז שוין פאַראַן, וועלכער עקזיסטירט שוין פון דורות, וועלכער האָט שוין הינטער זיך אַ לאַנגע היסטאָרישע טראַדיציע.

אַנדערש איז די לאַגע אין די נייע לענדער פון דער יידישער איינוואַנדערונג, אין צפון און דרום־אַמעריקע און אין די אַנדערע וועלט־טיילן, וואוהין עס איז פאַרוואָרפן געוואָרן דער יידישער איינוואַנדערער.

דאָ ביי אונדז אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, שטייט דאָס פּראָבלעם פון שאַפן אַ יש מאין, פון לייגן די ציגל פאַר דער קהילה-געביידע.

קיינער צווייפלט נישט אין דער וויכטיקייט און נויטיקייט פון אויפצושטעלן אויך דאָ, אין אונדזערע נייע וואוין־ערטער די קהילה־פעסטונגען וועלכע זיינען געווען אונדזער שוץ און נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונגס-אינסטרומענט אין משך פון אונדזער גאַנצער גלות-צייט.

די וועלכע וויסן, וואָס פאַרא ראָלע די קהילה־אָרגאַניזאַציע האָט געשפּילט אין דער גאַנצער יידישער גלות־געשיכטע אַלס נאַציאָנאַלער דערהאַלטונגס-מאָמענט — פאַר די קען גאָר נישט שטיין די פראַגע, אַז מיר מוזן מאָביליזירן אונדזער גאַנציע נאַציאָנאַלע ענערגיע, כדי אויך דאָ אין די אימיגראַציע־לענדער פּרוּוון אויפבויען אונדזערע נאַציאָנאַלע פעסטונגען.

נישט דאָ איז דער פּלאַץ אָפּצושטעלן זיך אויספירלעך אויף דער ראָלע פון דער קהילה אין דער יידישער געשיכטע.

עס וועט גענוג זיין אָנצואווייזן, אַז ווען נישט קהילה־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט מיט צוואַנג אָנגעשלאָסן אָן זיך אַלע ניט געשמדטע יידן אין מערב-אייראָפּע,

וואָלטן מיר איצט אין דייטשלאַנד, עסטרייך און אַנדערע לענדער געהאַט אפשר בלויז נאָר שפּורן פון יידנטום, און די אַסימילאַציע וואָלט איינגעשלונגען אינגאַנצן דאָס יידנטום.

דער פאַקט, וואָס יעדער ייד אין דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער האָט געמוזט אָנגעהערן צו דער קהילה, כל־זמן ער האָט זיך נישט געשמדט, האָט געדינט אַלס אַ היסטאָרישע אייגערנע רייף, וועלכע האָט אויפגעהאַלטן דעם יידישן קיבוץ פון פולשטענדיקן פונאַנדערפאַלן, און נישט קוקנדיק אויף דעם אַסימילאַטאָרישן גייסט, וואָס האָט געהערשט אין דער מערב־אייראָפּעאישער און פּוילישער יידישער קהילה איז זי פאָרט געווען אַ יידישע פעסטונג, וועלכע האָט דערהאַלטן דעם יידנטום אין גלות.

מען קען זאָגן, אַז די קהילה איז געווען אַ מין במקום־מלוכה, אַ סוראָגאַט פון אַ יידישער מלוכה־אָרגאַניזאַציע און נאַציאָנאַלער זעלבסט־פאַרוואַל־טונג פאַר דער נאַציע אָן אַ מלוכה.

און עס איז קיין וואונדער נישט, וואָס אַלע פּלענער וועגן נאַציאָנאַלער אויטאָ־נאָמיע אין פאַרשידענע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער ווערן געמאַכט אויפן יסוד פון דער יידישער קהילה.

נעמענדיק דאָס אַלץ אין אַכט קען גאָר קיין פראַגע נישט זיין וועגן דעם, צי מיר דאַרפן האָבן אַ קהילה אין אונדזערע נייע אייננוואַנדערונגס־לענדער. יעדן, וועמען עס איז טייער דער קיום פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן קיבוץ אין די נייע לענדער מוז האָבן אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו אַלע אָנשטרענגונגען, וואָס ווערן געמאַכט אין די אימיגראַציע־לענדער צו שאַפן אין דער אָדער יענער פאָרם אַ יידישן קהילה־וועזן.

די הויפּט־פּראָבלעם באַשטייט נאָר אין דעם, צי זיינען די אַלע באַמיאונגען, וואָס ווערן אויף דעם געביט געמאַכט, נישט קיין סיזיפוס־אַרבעט.

די יידישע קהילה אין אונדזערע אַלטע ישובים האָט זיך געבילדעט אַלס אַן אָרגאַנישע קערפּערשאַפט אין דעם לויף פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג.

די פראַגע איז אַלזאָ, צי קען מען די דאָזיקע אין דעם געשיכטלעכן עבר און טראַדיציע פאַרוואָרצלטע אינסטיטוציע אַריבערטראָגן אַלס קינסטלעכע פּלאַנצונג אויף דעם באָדן פון די אייננוואַנדערונגס־לענדער? צי קען מען קינסטלעך נאָכשאַפן און קאָפּירן אַ געוויסע פאָרם פון נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אַנטשטאַנען דורך אימאַנענטע היסטאָרישע קרעפטן?

אַ דעפיניטיווען ענטפער אויף דער דאָזיקער קאַרדינאַלער פראַגע וועט געבן נאָר די צייט אַליין, וועלכע וועט אונדז באַווייזן אין וואָס פאַר אַ פאָרמען עס וועט זיך געשטאַלטן דאָס יידישע קאָלעקטיווע לעבן אין די נייע לענדער.

איינס קענען מיר מיט באַשטימטקייט פאָראויסזען, אַז קיין סתם קאָפּיע פון דער טראַדיציאָנעלער יידישער קהילה וועלן מיר אין די נייע לענדער נישט שאַפן, און די פאַרוואַלטונג פון אונדזערע לאָקאַלע ניצאָנאַלע ענינים וועט זיך צופּאַסן צו

די באַדינגונגען פון אָרט און צייט. אין אייראָפּע ווערט דאָך אויך מאָדיפיצירט און געענדערט דער געשטאַלט פון דער אַמאָליקער יידישער קהילה און אין איר ווערט אַריינגעלייגט אַ גאַנץ נייער אינהאַלט. דאָ ביי אונדז וועט די קהילה מוזן זיין אַנדערש אי אין פאָרם אי אין אינהאַלט.

אָבער איינס מוז פאַר אונדז קלאָר זיין, אַז אויב אין דער אַלטער וועלט האָבן געשיכטלעכע אומשטענדן און געשיכטלעכע כוחות געשאַפן דעם קהילה־וועזן, מוז דאָ, אין די נייע לענדער שפּילן די הויפּט־ראָלע אונדזער באַוואוסטזייני־קער נאַציאָנאַלער ווילן און אונדזערע אָרגאַניזאַטאָרישע אָנשטרענגונגען.

געוויס, אויב די היסטאָרישע אומשטענדן וועלן זיין קעגן אונדז, אויב די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג, למשל, פון די פאַראייניקטע שטאַטן וועט נישט זיין, לפּחות אויף דעם קולטורעלן געביט, לויט דעם נאַציאָנאַליטעטן־פּרינציפּ, ווי דאָס פאַרלאַנגען און זאָגן פאָראויס אייניקע נאָרד־אַמעריקאַנער געלערנטע, דעמאָלט וועט זיין זייער שווער אַז די קהילה־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מין נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע און זי וועט האָבן רעדוצירטע פונקציעס און אַ באַגרעניצטערע נאַציאָנאַלע באַדייטונג.

דערווייל זעען מיר, אַז אין די לעצטע יאָרן, ווען דער אייראָפּעאיש־יידישער חורבן האָט אויפגעוועקט נאַציאָנאַל און געזעלשאַפטלעך די יידישע נאָרד־אַמעריקע, איז דער ערשטער פּראַקטישער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער אויפלעבונג געווען די פּראָבע צו קאָנסטיטואירן אַ יידישע קהילה אין ניו־יאָרק.

אמת, ד״ר מאַגנוס האָט שוין מיט פיל יאָרן צוריק געפּרעדיקט דעם געדאַנק פון דער אָרגאַניזירונג פון אַ קהילה אין ניו־יאָרק. אָבער עס איז נויטיק געווען דער אויפשוואונג פון דעם נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכן באַוואוסטזיין פון די מלחמה־יאָרן, אַז עס זאָל געמאַכט ווערן אין 1915 דער ערשטער פּראַקטישער פאַרזוך צו אָרגאַני־זירן די יידישע קהילה.

אין דער אַזוי־גערופענער קהילה־קאָנווענשאָן האָבן זיך באַטייליקט אַלע וויכטיקסטע פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן, דערציאונגס־אַנשטאַלטן, אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען די פּועלי־ציון אייגגעשלאָסן און די „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע״, וועלכע שפּילט די ראָלע פון דער יידישער פּאָליטישער רעפּרעזענטאַנץ פון דעם נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום.

אויף דער דאָזיקער קאָנווענשאָן איז אַוועקגעלייגט געוואָרן דער יסוד און עס איז פאָרמעל אָרגאַניזירט געוואָרן די יידישע קהילה פון ניו־יאָרק אונטער דער פּרעזידענץ פון ד״ר מאַגנוס.

די ניו־יאָרקער קהילה־קאָנווענשאָן האָט אויך געשפּילט אַ גרויסע ראָלע ביי די צוגרייטונגען פון דעם אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס.

די ערשטע, אַרבעט, וואָס די קהילה האָט גענומען אויף זיך איז געווען די אָר־גאַניזירונג פון דעם „עדוקיישאָנאַל־ביוראָ", וועלכער האָט גענומען אויף זיך די צענטראַליזירונג פון דעם יידישן שול־וועזן אין ניו־יאָרק.

ווי אַזוי די אַרבעט פון דער ניו־יאָרקער קהילה האָט זיך אַנטוויקלט אין די לעצטע יאָרן איז אונדז לײדער נשט באַוואוסט.

פאַרשטייט זך, אַז נישט מיט אַמאָל קענען אויף דעם יסוד פון פרייוויליקייט צענטראַליזירן זיך אַזאַ אומגעהויערע צאָל פון פאַרשידענע יידישע געזעלשאַפטן, וואָס ניו־יאָרק פאַרמאָגט.

אָבער אַ באַדייטנדער שריט פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דער יידישער קהילה איז די קאָנווענשאָן פון 1915 געווים געווען.

מען קען אויך באַטראַכטן אַלס אַ דירעקטן רעזולטאַט פון דער פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער יידישער קהילה די אָרגאַניזירונג פון דער „פעדערײשאָן אָף דזשואיש טשאַריטיס" (פעדעראַציע פון די יידישע פילאַנטראָפּישע אָרגאַנזאַציעס) וועלכע האָט קאָנצענטרירט אַלע וויכטיקסטע יידישע צדקה־אַנשטאַלטן, ווי האָספּיטעלער, יתומים־הייזער און אַנדערע אינסטיטוציעס.

די פעדעראַציע אַרבעט אויס דעם בודזשעט פאַר די פאַרשידענע אָנגעשלאָסענע אַן איר אַנשטאַלטן, וועלכע זיינען אויטאָנאָם אין זייער אינערלעכער פאַרוואַלטונג און פירט דורך איין מאָל אין יאָר געמייןזאַמע קאַמפּיינען פאַר געלט־זאַמלונגען.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די פעדעראַציע, האָט אַריינגעטראָגן אַ סך עקאָ־נאָמיע אין דער געזעלשאַפטלעכער ענערגיע־פאַרשווענדונג, און די קאָנצענטרירטע אַקציעס האָבן געהאַט מער דערפאָלג, ווי די צערוסטרעטונגען פון איינצלנע אָרגאַ־ניזאַציעס. די פינף מיליאָן דאָלאַרדיקע קאַמפּיינען, וואָס די פעדעראַציע פירט דורך יעדן יאָר האָבן דעם גרעסטן דערפאָלג, ווייל די יידישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג באַציט זיך מיט דער אויפריכטיקסטער סימפּאַטיע צו דער צענטראַליזירונג פון די יידישע אַנשטאַלטן.

אינעם ליכט פון די אויבנגעבראַכטע באַמערקונגען דאַרף אויך באַטראַכט ווערן די פראַגע פון דער יידישער קהילה אין בוענאָס איירעס.

געווים לעבן מיר אין גאַנץ אייגנאַרטיקע אומשטענדן, אָבער דאָך האָבן זיי אַ געוויסע ענלעכקייט צו דעם מצב פון די יידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דאָס אַרגענטינער יידנטום פאַרמאָגט נישט די געזעלשאַפטלעכע כוחות, די געזעלשאַפטלעכע דערפאַרונג און די מאַטעריעלע מעגלעכקייטן פון נאָרד־אַמעריקאַ־נער יידנטום, אָבער דערפאַר זיינען ביי אונדז אויך נישטאָ די הונדערטער אָדער טויזנטער יידישע געזעלשאַפטן, וועלכע עס איז כמעט מענטשלעך אוממעגלעך צו צענטראַליזירן און אַריינטראָגן האַרמאָניע אין דעם געזעלשאַפטלעכן כאַאָס און אַנאַרכיע.

אויב ביי דער אויסעראָרדנטלעכער כוחות-צעשפּליטערונג פון נאָרד־אַמעריקע איז מעגלעך געווען צו מאַכן די התחלה פון אַ קהילה. אָרגאַניזאַציע און פעדעראַטי־ווע פאַראייניקונג פון פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן, זעען מיר נישט איין, פאַרוואָס ביי אונדז אין אַרגענטינע זאָל נישט מעגלעך זיין דאָס זעלבע, ווען אויך אין אַן אַנדער צוגעפּאַסטער צו די אָרטיקע אומשטענדן פאָרמע.

מיר האָבן זיך דאָ נישט געשטעלט די אויפגאַבע אַרויסצוזאָגן זיך וועגן די קאָנקרעטע פּלענער פון דער אָרטיקער „אַליאַנס“.

מיר ווילן דאָ נאָר אונטערשטרייכן, אַז פונעם שטאַנדפּונקט פון די ווייטזיכ־טיקע יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן מוז יעדע פּראָבע און יעדע אָנשטרענגונג צו שאַפן אַ יידישע קהילה אין אַרגענטינע, לאָז זיין אַפילו אין איר עלעמענטאַרסטער עמבריאָ־פאָרם, געפונען די אַבסאָלוטע אונטערשטיצונג פון די נאַציאָנאַלע עלע־מענטן.

געווים איז זייער פּראָבלעמאַטיש, צי וועט אונדז געלונגען אַריבערטראָגן אין די אַמעריקאַנישע לענדער די קהילה־אינסטיטוציע, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן ביי גאַנץ אַנדערע היסטאָרישע אומשטענדן און אין אַ גאַנץ אַנדערער סאָציאַל־פּאָלי־טישער סביבה.

אָבער ביי דער מאָביליזירונג פון אונדזער נאַציאָנאַלן ווילן קענען מיר דאָך שאַפן אַן אינסטיטוציע לאָז זיין כאָטש אַ סוראָגאַט פון אַ יידישער קהילה, וואו עס זאָלן זיך קאָנצענטרירן אַלע אונדזערע טעגלעכע יידישע אינטערעסן פון לאָקאַלן און שפּעטער אפשר אויך פון אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

נאָך אַלעם דעם זיינען נישט נאָר די אומשטענדן דער אַליין אַנטשיידנדער פאַק־טאָר אין דעם לעבן פון פעלקער.

אויב ס'איז נישט אינגאַנצן אמת ר ע נ א נ ס באַהויפּטונג, „אַ ז אַ נ אַ צ י ע א י ז, וו אָ ס ז י וו י ל ז יי ן“, איז אָבער דאָך פאַראַן אַ טייל אמת אין דעם.

נעבעכן איז די קהילה, אונדזער נאַציאָנאַלע גלות-זעלבסטפאַרוואַלטונג געשאַפן געוואָרן דורך אימאַנענטע געשיכטלעכע כוחות, הייַנט ביי אַנדערע אַפילו ווייניק גינסטיקערע אומשטענדן קען זי שאַפן, אין דער פאָרם, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די פאָדערונגען פון דער צייט, אונדזער נאַציאָנאַלער ווילן און אונדזער אַקטיווע באַ־וואוסטזיניקע ענערגיע.

(סעפּטעמבער 1923)

# דער ערשטער יידיש-אַמעריקאַנישער קאָנגרעס

ס׳איז אַלזאָ נישט אומזיסט געווען אונדזער ארבעט פאַר די לעצטע קריגס־יאָרן. דער קאָנגרעס־געדאַנק, וואָס מיר האָבן מיט אַזויפיל ענערגיע און איינגע־שפּאַרטקייט געפּריידיקט האָט אין אַנטשיידנדן מאָמענט טריאומפירט.

דער יידיש-אַמעריקאַנער קאָנגרעס, וועלכן אונדזערע קעגנער פון לינקס און רעכטס האָבן שוין געהאַלטן פאַר טויט — איז אויפגעשטאַנען תחית המתים. דער טראַגישער ערנסט פון מאָמענט, די נאָענטקייט פון דעם פרידנס־קאָנגרעס — פון דער היסטאָרישער שיקזאַל-שעה פאַר דער יידישער אומה, האָט משמעות געווירקט און דערוועקט דעם נאַציאָנאַלן געוויסן פון די קאָנגרעס־קעגנער.

לויט אַלע סימנים זעט אויס, אַז דער אָט ערשט אָפּגעהאַלטענער קאָנגרעס אין פילאַדעלפיע האָט פאַראייניקט אַלע טיילן פונעם אַמעריקאַנער יידנטום, אי די עקשנים פון די ציוניסטישע הויכע פענצטער, אי די איינגעשפּאַרטע „פעדעראַציע״ — סאָציאַליסטן, וואָס האָבן געלייקנט זייער שייכות מיט כלל ישראל.

מיר באַגריסן אונדזערע קעגנער פון סאָציאַליסטישן לאַגער, וואָס האָבן אפילו שפּעט אָבער דאָך נאָך אין צייט דערפילט די אָנגעהויערע היסטאָרישע אחריות פון מאָמענט און האָבן זיך פאַראייניקט מיטן יידישן פאָלק אין זיין אַנטשיידנדן קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער און פּאָליטישער באַפרייאונג. מיר קאָנסטאַטירן מיט אָנערקענונג דעם פאַקט, וואָס אין דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער פעדעראַציע האָבן אין לעצטן מאָמענט די נאַציאָנאַלע מאָטיוון גובר געווען די ריין-פּאַרטייאישע און זיי האָבן סוף־כל־סוף באַגריפן אונדזער טענה, אַז אונדזער אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע און פּאַלעס־טינישע פאָדערונגען וועלן נאָר געווינען פון דעם, וואָס הינטער זיי וועט שטיין דער אָרגאַניזירטער ווילן פון אַ גאַנץ פאָלק און נישט נאָר פון איין פאַרטיי, מעג זי זיין נאָך ווי שטאַרק און איינפלוסרייך.

גלייך נאָכן וואַפן-שטילשטאַנד האָבן מיר אויף די שפּאַלטן פון דער „נייער צייט״ אַרויסגעזאָגט זיך דערפאַר, אַז אינעם נויטפאַל, אויב ס׳זאָל אונדז נישט גע־ווען געלונגען דורך פאַרשידענע לאַנדעס-קאָנגרעסן אָרגאַניזירן דאָס יידישע פאָלק צום פרידנס־קאָנגרעס, זאָלן מיר מאָביליזירן די יידישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג אַרום דעם ציוניסטישן פּאָליטישן ביוראָ אין פאַריז און פאַרוואַנדלען זי פון אַ ריין פּאַרטייאישער אין אַן אַלגעמיין-נאַציאָנאַלער יידישער פאַרטרעטערשאַפט, וואָס זאָל פאַרטיידיקן אונדזערע אַלגעמיין־יידישע אַזוי גוט ווי די ציוניסטישע אינטערעסן.

גליקלעכערהייט איז דאָס איצט נישט נויטיק. מיר האָבן איצט די מעגלעכ־קייט צו שאַפן אַ מער אויטאָריטאַטיווע און אימפּאָזאַנטע פאַרטרעטערשאַפט אין פאַריז, וועלכע וועט זעלבסטפאַרשטענדלעך בנוגע צו דער פּאַלעסטינע־פאָדערונג פאַראייניקן זיך מיט דער ציוניסטישער דעלעגאַציע.

דאָס יידנטום אין אַלע וועלט־טיילן האָט זיך שוין אָרגאַניזירט. מיר ווייסן וועגן דעם קאָנגרעס אין אוקראַינע, נאָרד־אַמעריקע, צו אונדז זיינען דערגאַנגען די ידיעות וועגן אַ שטאַרקער קאָנגרעס־באַוועגונג אין עסטרייך, אונגאַרן און אפילו אין דער אומגליקלעכער פוילן איז שוין מעגלעך איצט מיטן אַוועקגיין פון די פּרייסישע אונטערדריקער פאָרגעקומען דער געפּלאַנטער קאָנגרעס.

עס זעט איצט אַלזאָ אויס זייער וואַרשיינלעך, אַז די אַלע יידישע דעלעגאַ־ציעס פון די לאַנדעס־קאָנגרעסן זאָלן זיך פאַראייניקן אין פּאַריז אין איין שטאַרקער און לעגיטימער פאָרטרעטערשאַפט פונעם אַלוועלטלעכן יידנטום, וואָס זאָל אויף אַ געהעריקן אופן פאָרברענגען אונדזערע טענות און פאָדערונגען צום טריבונאַל פון די פעלקער אין ווערסאַל.

נו, און ווי האַלט עס מיטן אַרגענטינער יידנטום?

אמת, צום כבוד פון די אַרגענטינער יידן דאַרף פאַרשריבן ווערן, אַז זיי זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן פאַרווירקלעכט דעם קאָנגרעס־געדאַנק און האָבן נאָך אין די ערשטע יאָרן פון דער וועלט־מלחמה צונויפגערופן די יידישע נאַציאָנאַלע אַסיפה. אָבער יענער ערשטער קאָנגרעס, זייענדיק אַביסל צו פרי האָט איצט פאַר־לוירן זיין פּאָליטישע באַדייטונג. ער האָט געזאָגט דאָס ריכטיקע וואָרט נישט אין דער ריכטיקער צייט.

וואו איז אָבער איצט, ווען מיר דאַרפן אַזוי שטאַרק און קרעפטיק, ווי נאָר מעג־לעך לאָזן פון זיך הערן, וואו איז איצט די שטים פונעם אַרגענטינער יידנטום?

פאַרוואָס הערשט איצט ביי אונדז אַזאַ טויטע שטילקייט, די שטילקייט פון אַ בית־עולם?

פאַרוואָס שטייען מיר אין אַ זייט פון דער גרויסער, היסטאָריש־אחריותדיקער אַרבעט פון דער יידישער נאַציע?

האָט אונדז נישט אַ טשעפּע געטון דער נאַציאָנאַלער שטורם, וואָס האָט מיט אַזאַ קראַפט אַרומגענומען דאָס יידישע פאָלק אין אַלע וועלט־טיילן? ז

וואו איז די שטימע פון דעם פאַראייניקטן אַרגענטינער יידנטום, וואו איז דער אויסדרוק פון זיין נאַציאָנאַלן ווילן?

די צייט איז קורץ, געפערלעך קורץ.

אויב אין משך פון די קומענדיקע 3-4 וואָכן וועט נישט צוזאַמענקומען דער קאָנגרעס פונעם אַרגענטינער יידנטום — האָבן מיר פאַרשפּעטיקט, וועט אונדזער וואָרט נישט געהערט ווערן, וועט אונדזער שטים נישט פאַראייניקט ווערן מיט דער שטימע פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק פאַר דעם בית־דין פון די פעלקער.

לאָז קיין איין מינוט נישט פאַרלוירן גיין. לאָזן תיכף אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד אָפּגעהאַלטן ווערן פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, לאָזן געוויילט ווערן פאַרטרעטער פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער אַסיפה, אויב דער צענטער שלאָפט, אויב בוענאָס

איירעס האָט נאָך גאָרנישט געטון, לאָז די איניציאַטיוו און דער ערשטער שריט קו־מען פון דער פּראָווינץ. בוענאָס איירעס וועט נאָכקומען און צוהערן זיך צו דער פאָדערונג פון דער פּראָווינץ.

נישט שפּעטער, ווי פון דער צווייטער העלפט פון יאַנואַר מוזן זיך צוזאַמענקו־מען די יידישע פאָרשטייער אין בוענאָס איירעס. ס'וועט נאָך דאַן נישט שפּעט זיין צו שיקן אונדזער דעלעגאַט, אָדער דעלעגאַציע קיין פּאַריז.

מיר טאָרן נישט שטייען אין אַ זייט אין דער גרויסער שעה פון אונדזער געשיכ־טע. מיר מוזן אויסדריקן אונדזער נאַציאָנאַלן ווילן און אונדזערע נאַציאָנאַל־פּאָלי־טישע פאָדערונגען אַזוי שטאַרק, קרעפטיק און אימפּאָזאַנט, אַז די וועלט זאָל זיך צוהערן צו אונדז, זאָל זיך מוזן צוהערן צו אונדז.

דער יידישער קאָנגרעס אין אַלע לענדער און דער פאַראייניקטער אַלוועלטלע־כער קאָנגרעס מוז ווערן אונדזער גרויסע קאָנסטיטואַנטאַ, די היסטאָרישע גרינ־דונגס־פאַרזאַמלונג פון דער יידישער נאַציע. אַלע וועלכע ווילן זיך נישט שטעלן מחוץ למחנה, אַלע וואָס האָבן מורא פאַרן שטעמפּל פון נאַציאָנאַלן פאַראַט, איילט זיך אויסדריקן אייער אָנגעהעריקייט צו דער יידישער נאַציע דורכן יידישן קאָנגרעס!

אָן אומאָפּהענגיקע נאַציאָנאַלע היים אין ארץ ישראל, נאַציאָנאַל־פּאָליטישע רעכט אויף דעם באַזיס פון נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַל אויטאָנאָמיע מוז ווערן דער שלאַכט־רוף פון דעם יידישן פאָלק, פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק אין דעם מאָמענט, ווען ס'דערנענטערט זיך די שעה, ווען אונדזער היסטאָרישער גורל וועט אַנטשיידן פאַר דעם טריבונאַל פון די פעלקער.

יידישע בירגער! נישט קיין פּאַרטיי רופט אייך, די פון די דורות־געמאַטערטע, אינעם וועלט־קריג פאַרבלוטיקטע יידישע נאַציע רופט אַלע אירע טרייע קינדער צו העלפן איר דערלייזן זיך און באַפרייען זיך!

די צייט איז קורץ. פאַרשפּעטיקט נישט די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכע שעה!

זאָל דער יידישער קאָנגרעס אין אַרגענטינע תיכף צוזאַמענקומען זיך!

(יאַנואַר 1919)

---

# דער נייער דורכפאַל פון אַ פּרואוו צו גרינדן אַ קהילה אין בוענאָס איירעס

עס העלפט נישט, די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין בוענאָס איירעס האָט נישט קיין מזל צו די קהילה־פּלענער.

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז דורכגעפאַלן דער גרויסאַרטיקער פּלאַן פון דער אַליאַנס וואָס האָט געצילט צו צענטראַליזירן און אָרגאַניזירן אויף ראַציאָנעלע יסודות אונדזער געזעלשאַפטלעכע ווירטשאַפט, און אַצינד האָט דעם זעלביקן סוף געהאַט דער פּרואוו צו רעפאָרמירן און פאַרוואַנדלען די גרעסטע יידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע אין בוענאָס איירעס — די חברה קדישא אין אַ קהילה־קערפערשאַפט.

עס איז ממש צו שטוינען, ווי טיף די רוטינע האָט זיך איינגעגעסן אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם און דערלאָזט נישט קיין שום אָפּווענדונג פון דעם אויסגעטראָטענעם וועג און קיין שום רעפאָרם אין דער אָרגאַניזאַציע פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן.

עס איז דוכט זיך נישטאָ קיין איין פאַרנונפטיקער מענטש, וואָס זאָל נישט אָנערקענען, אַז עס איז עפּעס נויטיק צו טון, כדי אַריינצוטראָגן אַ סדר און פּלאַנמעסיקייט אין אונדזער קהלשער ווירטשאַפט, און דאָך שטויסט זיך אָן יעדער פּאַרזיך פון רעפאָרם אויף אַן אייזערנער וואַנט פון אומפאַרשטענדעניש און רוטינע.

עטלעכע יאָר האָט מען זיך געטומלט אַרום דער אַליאַנס, וואָס האָט אַנטהאַלטן אין זיך די געזונטע אידייע פון פּלאַנמעסיקער און ציל־באַוואוסטער פאַרוואַלטונג מיט אונדזערע קהלשע אינסטיטוציעס.

ערשט איצט, אין דער צייט פון שווערן קריזיס, ווען אַלע גרויסע אינסטיטוציעס פון סאָציאַלער הילף ווערן שיר נישט דערשטיקט פון דער גרויסער פינאַנציעלער נויט, זעט מען, ווי נויטיק און לעבנס־וויכטיק עס איז געווען די אַליאַנס, וואָס האָט געזוכט אַוועקצושטעלן אויף אַ סאָלידן און ראַציאָנעלן יסוד אונדזער געזעלשאַפטלעכן בודזשעט.

ווי באַוואוסט, האָט די אַליאַנס געוואָלט מאַכן אַ סוף צו דער געזעלשאַפטלעכער אַנאַרכיע, וואָס עס הערשט ביי אונדז, וואו יעדע אינסטיטוציע אַרבעט און זאָרגט נאָר פאַר זיך, נישט האָבנדיק אין אויג די אַלגעמיינע כלל־אינטערעסן. מען האָט ביי אונדז אָנגעבויט פּאַוועליאָנען און אַנשטאַלטן, נישט רעכנענדיק זיך מיט די רעאַלע בודזשעט־מעגלעכקייטן פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט אין דער הויפּטשטאָט און אין דער פּראָווינץ. איצט קרעכצט מען אונטער דער שווערער לאַסט פון די גרויסע דעפיציטן און יעדע חברה באַזונדערט שרייט: „ראַטעוועט".

ווען עס וואָלט געווען ביי אונדז אַ צענטראַלע פאַרוואַלטונג, ווי דאָס האָט גע-

פלאַנט די אַליאַנס, ווען אונדזערע כלל-טוער וואָלטן נישט געליטן פון דער מחלת פון דעם פּאַטריאָטיזם פון זייער אייגענער חברה, נאָר וואָלטן געהאַט אין אויג די אינטערעסן פון כלל און נישט געיאָגט זיך נאָך דער אַמביציע ארויסצורוקן אין פראָנט זייער אייגענע אינסטיטוציע, וואָלטן מיר אפשר געהאַט מיט איין בנין, מיט איין פּאַוועליאָן ווייניקער, אָבער אונדזערע אַלע אינסטיטוציעס וואָלטן נישט געווען אין באַנקראָט-צושטאַנד, ווי דאָס איז איצטער דער פאַל.

מען האָט נישט געטאָרט אויף איין מאָל אָנבויען אַזוי פיל קאָסטפּולע געזעלשאַפטלעכע בנינים, די אויסהאַלטונג פון וועלכע עס איז נישט לויט די פינאַנציעלע כוחות פון אונדזער געזעלשאַפט.

ווי ווייט עס גרייכט ביי אונדז דער געזעלשאַפטלעכער כאַאָס און מיסווירטשאַפט איז דאָ גענוג אָנצוווייזן אויף דעם פאַקט, אַז בלויז פאַר מעדיצינישער הילף פאַרמאָגן מיר דריי באַזונדערע אינסטיטוציעס, ווי די „עזרה“, אַנטי-טובערקולאָזע ליגע און ביקור חולים. דריי באַזונדערע אינסטיטוציעס, מיט באַזונדערע מעכניש-אָרגאַניזאַציאָנעלע אַפּאַראַטן, מיט באַזונדערע בודזשעטן.

וויפל אומזיסטע געלט און ענערגיע ווערט דאָ פאַרלוירן? וויפל געזעלשאַפטלעכע כוחות און געלטער וואָלט מען געקענט איינשפּאָרן, ווען די גאַנצע ארבעט פון מעדיצינישער הילף וואָלט קאָנצענטרירט געווען אין איין פאַרוואַלטונג, מיט אויסנאַמע אָפּטיילונגען און איין טעכניש-אָרגאַניזאַציאָנעלן אַפּאַראַט?

די אַליאַנס האָט געשטרעבט אָט צו דער ראַציאָנעלער אָרגאַניזירונג פון אונדזערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אָבער די קורצזיכטיקייט, די לאָקאַליסטישע אַמביציע האָבן נישט דערלאָזן די פאַרווירקלעכונג פון אַ געזונטער און צוועקמעסיקער געזעלשאַפטלעכער אידייע.

די געפּלאַנטע פאַרוואַנדלונג פון דער חברה קדישא אין אַ קהילה האָט זיך געשטעלט אַ סך באַשיידענערע צילן. עס איז דאָ נישט געווען די רייד וועגן אַ ראַדיקאַלער און פונדאַמענטאַלער רעאָרגאַניזאַציע פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַלץ וואָלט געבליבן, ווי געווען, ווען מען וואָלט אַפילו ענדערן דעם נאָמען פון דער גרעסטער יידישער חברה.

אָבער מעגלעך, אַז נאָך אָט דעם ערשטן באַשיידענעם שריט וואָלט מעגלעך געווען די ווייטערדיקע און מער טיף-גייענדע רעפאָרם פון אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט.

גאַנץ געוויס האָט די סטאַטוטן-רעפאָרם, ווי זי איז פאָרגעלייגט געוואָרן פאַר דער פאַרזאַמלונג פון דער חברה קדישא, אַנטהאַלטן אין זיך אַ סך פעלערן. די דאָזיקע פעלערן וואָלטן אָבער געקענט לייכט אויסגעבעסערט און געענדערט ווערן, ווען די גענעראַל פאַרזאַמלונג וואָלט לפּחות אין פּרינציפּ אָנערקענט די נויטיקייט פון דער רעפאָרם, אָבער אונדזער מערקווירדיקע געזעלשאַפטלעכע אומרייפקייט האָט נישט דערלאָזן אַפילו אָט צו דעם באַשיידענעם שריט.

איצט מוז מען אויפגעבן אויף א היבשער צייט די האפנונג, אז עס זאל מעגלעך זיין די ארגאניזירונג פון א יידישער קהילה אין בוענאס איירעס. עס האט זיך געשאפן אן אומגעלומפערטער אנטי־קהילה פסיכאז, וואס לאזט זיך נישט מיט לאגיק און פארנונפט באקעמפן.

אצינד בלייבט נישט איבער קיין אנדער זאך, ווי שטעלן זיך באשיידענערע צילן און צוועקן.

עס איז נויטיק לפחות אריינטראגן אביסל ארדענונג, סיסטעם און פלאנמעסיקייט אין אונדזער אינסטיטוציאנעלן לעבן.

עס איז איצט אוועקגעשטעלט געווארן די פראגע פון א פעדעראציע פון די יידישע אנשטאלטן.

מען האט זיך אבער אויך דא געשטעלט אויף א פאלשן וועג. מען וויל שאפן די פעדעראציע צוליב רעפרעזענטאטיווע צילן.

עס פרעגט זיך אבער, ווער פון אונדז קען פארטרויען דער „עזרה“, דעם בית יתומים, אדער אפילו דער חברה קדישא די אויפגאבע צו פארטרעטן אונדז נאציאנאל־פאליטיש? מיר האבן געוויילט די פארוואלטונגען פון די דערמאנטע פילאנטראפישע אנשטאלטן צו אדמיניסטרירן די דאזיקע חברות, אבער נישט אלס אונדזערע געזעלשאפטלעכע פארטרעטער אין נאציאנאל־פאליטישע פראגן.

עס איז אוודאי נישט אויסגעשלאסן, אז אין געוויסע קאנקרעטע פאלן, ווען עס איז נויטיק צו אינטערווענירן ביי דער מאכט, אדער ווען עס איז נויטיק אנצונעמען שוץ־מיטלען קעגן אנטיסעמיטישע אנגריפן, קענען מיר בלית ברירה פארטרויען די פארטרעטער פון אונדזערע חברות א געוויסע שליחות פון אן אלגעמיין־געזעלשאפטלעכן כאראקטער, מען קען אבער בשום אופן נישט פארוואנדלען די פארטרעטער פון פילאנטראפישע חברות אין א רעפרעזענטאטיווער קערפערשאפט. אין די פילאנטראפישע חברות האבן מיר געשיקט גוטע אדער שלעכטע אדמיניסטראטארן, נישט רעכענענדיק זיך מיט זייער אידייאיש־געזעלשאפטלעכער פיזיאנאמיע; די געזעלשאפטלעכע רעפרעזענטאנץ קענען מיר אבער פארטרויען בלויז די פארטרעטער פון באשטימטע פארטייען און וועלט־אנשויאונג.

עס איז דערום אן אבסורד צו טראכטן וועגן א פעדעראציע צוליב רעפרעזענטאטיווע צוועקן.

א פעדעראטיווע פאראייניקונג פון אלע יידישע אינסטיטוציעס און אנשטאלטן איז אבסאלוט נוצלעך און אומבאדינגט נויטיק, אבער אזא פעדעראציע דארף זיך שטעלן הויפטזעכלעך אדמינסטראטיוו־פינאנציעלע צילן.

מען מוז פלאנמעסיק ארגאניזירן אונדזער קהלשן בודזשעט, מען דארף אריינטראגן מער צענטראליזאציע, מער פלאן און סדר אין אונדזער קהלשערווירטשאפט

און דאָס קאָן און דאַרף זיין דער הויפּט־פונדאַמענט פון דער פעדעראַטיווער פאַר־אייניקונג פון אונדזערע קהלשע אַנשטאַלטן.

דאָס איז דער ציל, וואָס די יידישע געזעלשאַפט אין בוענאָס איירעס מוז זיך איצט שטעלן, כדי אויסצומיידן דעם פאַטאַלן באַנקראָט וואָס באַדראָעט אונדזער׳ע אינסטיטוציעס.

(אָקטאָבער 1932)

# די ראָלע פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה

(א בלעטל זכרונות)

זינט דאָס יידנטום פון דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט איז אַדאַנק דעם אויס־ברוך פון דער אַל־אייראָפּעאישער מלחמה, אַרויסגערוקט געוואָרן אין דער ערשטער ליניע פון דעם אַלוועלטלעכן יידישן פראָנט, איז דער שווערגעוויכט פון דעם שאַפנדן און בויענדן יידישן לעבן אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון אייראָפּע צו די ברעגן פון אַטלאַנטיק.

דעם שרייבער פון אָט די שורות איז גראַד אויסגעקומען צו באַטרעטן די שוועל פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט, פונקט אין דעם מאָמענט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די נייע תקופה אין דעם יידיש־אַמעריקאַנער לעבן און מיר וועלן זיך דאָ פּרוּוון אויפן סמך פון פּערזענלעכע באַאָבאַכטונגען אונטערצופירן אין פראַגמענ־טאַרישע שטריכן דעם סך־הכל פון דער ראָלע, וואָס דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט געשפּילט אין די שווערע שיקזאַל־יאָרן פאַרן יידישן פאָלק.

:: :: ::

איצט, נאָכדעם וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט פאַר די לעצטע צען יאָר, איז שווער איבערצעטראָגן זיך אין געדאַנק צו דער פאַר־מלחמה תקופה און צו אונדזערע דעמאָלטיקע באַגריפן און פאָרשטעלונגען וועגן אַמעריקאַנער יידנטום.

קורץ געפאַסט וואָלטן מיר געקענט זאָגן, אַז די שטעלונג פון דער יידישער אייראָפּע צו דער יידישער אַמעריקע איז געווען ווי פון אַ מיוחסדיקן און זיכערן אין זיין פּאָזיציע אַ ר י ס ט אָ ק ר אַ ט צו אַן אויפגעקומענעם פ אַ ר וו ע נ י ו, וואָס אויסער זיין מאַטעריעלן וואוילשטאַנד פאַרמאָגט ער גאָרנישט און אויסער זיינע דאָלאַרס קען ער אונדז גאָרנישט געבן. און דער דאָלאַר, ווי באַקאַנט, איז אין די פאַר־מלחמה צייטן אויך טאַקע געווען אַ יחסן, אָבער נישט קיין גרויסער תכיף.

אמת, אין די קליינע און מיטעלע שטעטלעך פון ליטע און פּוילן, האָט אויך אין דער פאַר־מלחמה צייט דער דאָלאַר געשפּילט די ראָלע פון אַ וויכטיקן עקאָנאָ־מישן פאַקטאָר, אָבער זיין השפּעה, ווי בכלל די השפּעה פון דער יידישער אַמעריקע אויף דעם אַלגעמיין יידישן לעבן פון אייראָפּע, איז געווען זייער אַ קליינע.

פונקט ווי די קולטורעל יחוסדיקע אייראָפּע בכלל, האָט אויך די יידישע איי־ראָפּע געקוקט פון א ו י ב ן - אַ ר אָ פּ אויף דער „געלער" אַמעריקע...

צום ערשטן מאָל איז פאַר אונדז אין אייראָפּע די יידישע אַמעריקע אַנט־

דעקט געוואָרן אין איר גאַנצער וואָגיקער באַדייטונג, מיט עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה, בעת דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ט א פ ט, האָט אַדאַנק דער יידישער השפּעה, איבערגעריסן די האַנדלס־באַציאונגען מיט רוסלאַנד און האָט אַנולירט דעם רוסיש־אַמעריקאַנער האַנדלס־טראַקטאַט, ווייל די צאַרישע רעגירונג האָט נישט געוואָלט אָנערקענען די גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידישע און ניט־יידישע אַמעריקאַנער בירגער.

דעמאָלט האָבן מיר צום ערשטן מאָל דערזען, וואָס פאַר אַ גרויסן פּאָליטישן כוח עס שטעלט מיט זיך פאָר דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום.

עס איז פאַר אונדז געווען אַן אַנטפּלעקונג.

ערשט נעכטן איז דאָס יידנטום פון אַמעריקע געווען נישט מער ווי עמי־גראַנטן־שטויב.

ערשט נעכטן זיינען די הייַנטיקע יידיש־אַמעריקאַנער בירגער געשטאַנען ווי בעטלער ביי די טירן פון די פאַרשידענע עמיגראַציע־קאָמיטעטן און האָבן געהאַלטן דאָס היטל אין דער האַנט פאַר די טשינאָווניקעס און סעקרעטאַרן פון „דייטשן הילפס־פאַראיין", „ווינער אַליאַנס" און אַנדערע בעלי־טובות און פאַרזאָרגער. ערשט נעכטן האָט מען אין די עמיגראַנטן־באַראַקן פון האַמבורג, ברעמען, ליבאַווע און די אַנדערע פּאָרט־שטעט פון אייראָפּע געזען פאַר זיך פאַרלוירענע און צעשראָקענע מענטשן־שאָף... און עס איז גענוג געווען אַנדערהאַלבן, צוויי צענדליק יאָר, אַז דער דאָזיקער עמיגראַנטן־שטויב זאָל זיך איבערקאָכן אין דעם אַמעריקאַנישן „מעלטינג־פּאָט", אין דעם יענקישן קעסל און זאָל זיין בכוח צווינגען די רעגירונג פון דער גרויסער אַמעריקאַנישער רעפּובליק, איבערצורייסן די האַנדלס־באַציאונגען מיט דער מעכטיקער צאַרישער רוסלאַנד.

ווי אין אַ פּלוצלינגער בליץ־באַלויכטונג איז אונדז דעמאָלט קלאָר געוואָרן די גרויסע פּאָליטישע מאַכט און די וויכטיקע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע ראָלע, וואָס דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום איז פעאיק צו שפּילן אין יידישן לעבן.

די פון „אויבן־אַראָפּ"־באַציאונג פון דער יידישער אייראָפּע צו דער יידישער אַמעריקע האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט.

מיר האָבן דערפילט, אַז אויב מיר, דאָס אייראָפּעאישע יידנטום, זיינען די קולטור־יחסנים, וואַקסט אָבער אויס אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט אַ מאַטע־ריעל־פּאָליטישע יידישע קראַפט, וועלכע וועט האָבן אַ דעצידירנדע השפּעה אין יידישן לעבן.

די שתדלנים פון פּעטערבורג, די הויף־יידן פון בערלין, ווין, לאָנדאָן, וואָס פלעגן ביז איצט זיך פילן, אַלס די איינציקע אַפּוטרופּסים פון יידן, וואָס זיינען פאַר זיי מליץ יושר בעת צרה, האָבן זיך דערפילט קליין קעגן דעם וויכטיקן און

שטאַלצן פּאָליטישן אַקט פון די אַמעריקאַנער יידן, וואָס האָבן דערלאַנגט אַזאַ שטאַרקן קלאַפּ, דעם גרעסטן יידישן שונא — דעם צאַריזם.

דער גרויסער פּאָליטישער נצחון פונעם אַמעריקאַנער יידנטום אין דעם פאַל פון דעם רוסיש־אַמעריקאַנער האַנדלס-פּאַרטראַג, איז געווען אַן אָנזאָג וועגן דער צו־קונפטיקער גרויכער ראָלע פון די יידן פון אַמעריקע.

:: :: ::

עס איז געקומען דער שווערער שיקזאַל-יאָר פון דער יידישער געשיכטע, — 1914.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרטירערטום פון רוסישן יידנטום, די ברוטאַלע פּייניקונגען פון די רוסישע יידן אויף דעם מזרחדיקן מלחמה־פראָנט.

איך דערמאָן זיך, ווי צו יענער צייט, נאָוועמבער-דעצעמבער 1914, האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין דער הויפּטשטאָט פון דענעמאַרק, קאָפּענהאַגען, אַ צאָלרייכע גרופּע פון יידישע, יידיש־רוסישע זשורנאַליסטן און שריפטשטעלער, וועלכע זיינען זיך צעלאָפן פון דייטשלאַנד, עסטרייך און מאַנכע אויך פון פּעטערבורג.

צו אונדז האָבן זיך דערטראָגן די ווייַ־געשרייען פון די יידישע גרעניץ־געגנטן אין רוסלאַנד. געפינענדיק זיך אין אַ נייטראַלן לאַנד, האָבן מיר אָנגעהויבן זוכן מיטלען, ווי אַזוי צו דערטראָגן דעם יידישן געשריי צו דער ברייטער וועלט און פּרואוון אָפּשטעלן אויף אַזאַ אופן דעם חלף, וואָס איז געלעגן אויף דעם יידישן האַלדז.

אין דעם הויז פון דעם באַקאַנטן יידיש־דענישן כלל-טוער, דעם אַלטן פּראָפּע־סאָר ס י מ אָ נ ס אָ ן, האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט צו באַטראַכטן די לאַגע און צו שאַפן אַ קאָמיטעט פון די יידן פון די נייטראַלע לענדער.

אויף יענער פאַרזאַמלונג איז צווישן אַנדערע אָנוועזנד געווען ש ל ו ם - ע ל י כ ם, וועלכער איז אַנטלאָפן קיין קאָפּענהאַגען פון אַ דייטשן קוראָרט, און אַ רייע יידישע זשורנאַליסטן, וואָס זיינען געווען פאַרטרעטער פון גרויסע רוסישע צייטונגען, ווי ד״ר קאָראַלניק, (דעמאָלטיקער קאָרעספּאָנדענט פון „רעטש“) א. גראָס־מאַן (פון מאָסקווער „רוסקיא וויעדאָמאָסטי“), וו. טראָצקי (פון מאָסקווער „רוס־קאָיע סלאָוואָ“), מ. גראָסמאַן, דער אַרויסגעבער פון „פריינד“, מייזנער און אַ גרופּע פון געוועזענע בערלינער קאָרעספּאָנדענטן פון די וואַרשעווער יידישע צייטונגען.

שעהן־לאַנג האָבן מיר דיסקוטירט וועגן דער לאַגע, מיר האָבן געטראַכט וועגן אַ צוזאַמענפאָר פון די יידן אין נייטראַלע לענדער, אָבער מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר זיינען מאַכטלאָז עפּעס צו טון, ווייל די אַליאירטע וועלט און די גרויסע פּרע־

סע, וואָס שטייט אויף איר צד, וועט נישט לאָזן פאַלן קיין שפּרענקעלע אויף דעם רוסישן מלחמה־שותף.

און איך דערמאָן זיך, דעם סך־הכל פון אונדזערע באַראַטונגען, האָט אונטער־געפירט דער אַלטער דעניש־יידישער פּראָפעסאָר סימאָנסאָן: „מיר זיינען מאַכטלאָז, די איינציקע, וואָס קענען עפּעס טון און ראַטעווען אונדזערע ברידער אין רוסלאַנד, זיינען די יידן פון אַמעריקע, צו זיי דאַרפן מיר זיך ווענדן".

אַזוי איז גלייך ביי די ערשטע שריט פון דעם יידישן מלחמה-אומגליק קלאָר געוואָרן אין דעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן באַוואוסטזיין דער געדאַנק און די פאַר־אויסזאָגונג וועגן דער גרויסער ראָלע, וואָס דעם יידנטום פון אַמעריקע וועט אויס־קומען צו שפּילן אין די שטורם און דראַנג־יאָרן פון דער יידישער געשיכטע.

:: :: ::

ענדע דעצעמבער 1914. —

די גרויסע מעטראָפּאָליע פון דער יידישער אַמעריקע — ניו־יאָרק, איז געוואָרן אַ מין קיבוץ־גלויות. ווער עס האָט זיך נאָר ווי עס איז געקענט אַרויסראַ־טעווען פון די פאַרשידענע פונקטן פון דער ברענענדער איירּאָפּע, האָט זיך אַ לאָז געטון אין ניו־יאָרק, וועלכער איז אין משך פון די עטלעכע חדשים פונעם וועלט־קריג געוואָרן דער זאַמל-פונקט פון די אָנגעזעענסטע פיגורן פון דער יידישער לי־טעראַטור און געזעלשאַפטלעכער וועלט.

דער מלחמה־שטראָם האָט געבראַכט צו די ברעגן פון אַטלאַנטיק אונדזערע ליטעראַרישע גדולים, ווי שלום עליכם, שלום אַש, אברהם רייזען און אַנדערע: די אָנגעזעענסטע פיגורן פון דער יידיש־אייראָפּעאישער געזעלשאַפטלעכקייט ווי שמריהו לעווין, בער באָראָכאָוו, ש. קאַפּלאַנסקי, פנחס רוטענבערג און פילע אַנדערע. די אַלגעמיין יידישע סאָציאַליסטן האָבן באַקומען אַ רייע אָנפירנדע קרעפטן, ווי אָלגין, ליטוואַק און אַנדערע; די יידישע פּובליציסטיק איז באַרייכערט געוואָרן מיט פיל פון די בעסטע עלעמענטן פון דעם יידיש־אייראָפּעאישן זשורנאַליזם.

מיט איין וואָרט, ניו־יאָרק איז געוואָרן דער רעטונגס-אינדזל פאַר אומציילִיקע יידיש-געזעלשאַפטלעכע און קולטור עלעמענטן, וואָס זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם קריגס־שטורם און האָבן געזוכט שוץ און אַ נייעם פעלד פון טעטיקייט אין דעם נייטראַלן האַפן פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

דער צופלוס פון די נייע ווערטפולע כוחות, האָט זיך גלייך געלאָזט פילן אין אַלע געביטן פון דעם יידיש אַמעריקאַנער לעבן.

עס האָט זיך גלייך דערפילט אַ גרויסע ענדערונג אין דער יידיש־אַמעריקאַני־שער פּרעסע, וועלכע האָט מיטאַמאָל צובאַקומען אַזוי פיל פריש בלוט און אַזוי פיל

מאַלאַנטפּולע יידישע פּעדערס. יעדע פון די גרויסע ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען האָט צובאַקומען נייע קרעפטן פון די אָנגעקומענע יידישע שריפטשטעלער און זשורנאַליסטן. דעם גרעסטן טייל פון זיי האָט צונויפגעזאַמלט אַרום זיך „דער טאָג“, וואָס האָט אין יענעם מאָמענט אָנגעהויבן דערשיינען אונטער דער רעדאַקציע פון דעם באַוואוסטן יידיש־אַמעריקאַנישן זשורנאַליסט הערמאַן בערנשטיין, וועלכער איז דעמאָלט צום ערשטן מאָל אַרויסגעטראָטן אויף דעם פעלד פון יידישער זשורנאַליסטיק.

אַן אינטענסיווער לעבן האָט זיך אויך אָנגעהויבן אין אַלע יידישע פּאַרטייען.

די ציוניסטישע באַוועגונג האָט באַקומען אַזעלכע באַדייטנדע כוחות ווי: שמריהו לעווין, שיינקין, בעלקין און נאָך אַ רייע טוער.

די נייטראַליטעט פון נאָרד־אַמעריקע האָט גלייך אַרויסגערוקט די אַמעריקאַנער ציוניסטישע באַוועגונג אין דער פראָנט־ליניע. דער יידישער ישוב אין פּאַלעסטינע האָט זיך געפונען אין דער גרעסטער געפאַר צוליב טערקיים אַריינטריט אין דער מלחמה. עס איז נויטיק געווען דער פּאָליטישער איינפלוס פון דעם שטאַרקסטן נייטראַלן שטאַט און גרויסע מאַטעריעלע מיטלען, כדי צו ראַטעווען אונדזער נאַציאָנאַלן פאַרמעגן אין ארץ ישראל. און אין דער ריכטונג איז געווענדט געוואָרן די גאַנצע ענערגיע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן, וועלכע האָבן מיט דער מיטהילף פון די אָנפירנדע אייראָפּעאישע ציוניסטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין לאַנד, אָנגעפירט מיט דעם גרעסטן דערפאָלג די אַרבעט פאַר דער רעטונג פון דעם יידישן ישוב אין פּאַלעסטינע.

דער אויפטו פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן אין דעם ערשטן פּעריאָד פון דער מלחמה איז איינער פון די באַדייטנדע קאַפּיטלען פון דער יידיש־אַמעריקאַנער געשיכטע פון די לעצטע צען יאָר, און מיר האָבן זיך אויף אים אָפּגעשטעלט נאָר פאַרבייגייענדיק אין אונדזער קורצן איבערבליק.

אַן ענערגישע אַקטיוויטעט האָט זיך אָנגעהויבן אויך ביי די איבעריקע יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען, אַדאַנק דעם צופלוס פון די נייע קרעפטן.

אפילו די קליינע און שוואַכע סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישע פּאַרטיי, האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן צייכנס פון לעבן, אַדאַנק דעם, וואָס דער מלחמה־שטראָם האָט געבראַכט קיין נאָרד־אַמעריקע אייניקע פון אירע אַקטיווע טוער.

די אַלגעמיין יידיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט באַקומען אַ שטאַרקן אימפּולס, אַדאַנק דעם אָנקומען פון אַ רייע אָנפירנדע בונדיסטישע כוחות, וועלכע האָבן זיך געפּרואווט אַרויסנעמען דעם יידישן סאָציאַליזם פון אונטער די „פּאַרנעלטע“ פליגל פון דעם „פאָרווערטס“.

יעדער אָביעקטיווער באַאָבאַכטער פון דעם יידיש־אַמעריקאַנער לעבן אין די ערשטע יאָרן פון קריג, וועט מוזן אָבער צוגעבן אַז די גרעסטע געזעלשאַפטלעכע אַק־

טיוויטעט אויף דעם געביט פון אלגעמיין נאציאנאלע און סאציאליסטישע טעטי־קייט, האט ארויסגעוויזן די פועלי ציון פארטיי.

דער מלחמה־שטראם האט געבראכט קיין אמעריקע די בעסטע כוחות פון דער אלוועלטלעכער פועלי ציון באוועגונג. די קריטישע לאגע אין ארץ ישראל האט גע־צוואונגען, אז פון דארטן זאלן אפפארן די אקטיווסטע כוחות פון דער דארטיקער ארבעטער־באוועגונג, ווי בן צבי, בן גוריון, זרובבל, כאשין און אנדערע. פון אייראפע, ווי מיר האבן שוין דערמאנט, זיינען אנגעקומען בארא‎כאוו, קאפלאנסקי, קריטשמאר איזראעלי. צוזאמען מיט די אלטע אמעריקאנער טוער, ווי ד"ר זשיט־לאווסקי, ד"ר סירקין, יואל ענטין, צוקערמאן, האט זיך געבילדעט א זעלטענער שטאב פון געזעלשאפטלעכע טוער, צו וועלכע עס איז שפעטער צוגעשטאנען פנחס רוטענבערג, און די פירער פון דער סאציאליסטיש־טעריטאריאליסטישער פארטיי.

די פועלי ציון געהערט די איניציאטיוו פון דער באוועגונג צו מאביליזירן די נארד־אמעריקאנער יידישע ארבעטערשאפט פאר דעם קאמף פאר די יידישע נא־ציאנאל־פאליטישע רעכט אין די אייראפעאישע לענדער.

די צוויי ארבעטער־קאנגרעסן, וואס זיינען צוזאמענגערופן געווארן פון דעם פאראייניקטן קאמיטעט פון אלע פאליטישע פארטייען און געווערקשאפטלעכע אר־גאניזאציעס, האבן פארטראטן ביי א האלבן מיליאן יידישע ארבעטער פון דעם גאנצן לאנד און זיינען געווען א ריזיקע מאניפעסטאציע פאר די נאציאנאלע און פאליטישע רעכט פון די יידן אין אייראפע.

אדאנק דער אויסערגעוויינלעכער פראפאגאנדע, וואס די פועלי ציון האבן אנ־געפירט איבערן גאנצן לאנד, איז געלונגען צו באאיינפלוסן די ארבעטער־קאנגרעסן, אז ארץ ישראל זאל אויך אריין אין דעם פראגראם פון דער פאליטישער טעטיקייט פון דעם פאראייניקטן ארבעטער־קאמיטעט, וועלכער האט געפירט א ברייטע אויפ־קלערונגס־ארבעט וועגן דער לאגע פון די יידן אין די מזרח־אייראפעאישע לענדער, צווישן דער ניט־יידישער נארד־אמעריקאנער און אייראפעאישער ארבעטערשאפט.

נאך דער באלפור־דעקלאראציע, וועלכע איז אין ערשטן מאמענט פארבייגע־גאנגען האלב־אומבאמערקט פאר דער ברייטער יידיש־אמעריקאנער עפנטלעכקייט, זיינען די פועלי ציון געווען די ערשטע, וועלכע האבן אנגעהויבן א ריזיקע באוועגונג איבערן גאנצן לאנד און האבן אייך אויפגעוועקט די אלגעמיינע ציוניסטן צו א ברייטער טעטיקייט.

אלס רעזולטאט פון דער ברייטער פועלי ציוניסטישער פראפאגאנדע, איז גע־קומען דער ערשטער ארבעטער־קאנגרעס פאר ארץ ישראל, אין וועלכן עס האבן זיך באטייליקט פארטרעטער פון איבער א פערטל מיליאן יידישע ארבעטער. צום ערשטן מאל אין דער געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג, איז געלונגען צוצוציען צו דער ארץ ישראל־טעטיקייט די ברייטסטע שיכטן פון דער ארבעטער־

שאַפט, וועלכע איז נאָך נעכטן געשטאַנען אונטערן צייכן פֿון אויסגעשפּראָכענעם אַנטי־נאַציאָנאַליזם און ארץ ישראל-קעגנערשאַפט.

אומאָפּשעצבאַר איז די ראָלע, וואָס די פּועלי ציון האָבן געשפּילט אַלס די אינס־פּיראַטאָרן פֿון דער אַלגעמיינער קאָנגרעס-באַוועגונג, צו וועלכער מיר וועלן זיך נאָך אומקערן אין אונדזערע ווייטערע באַטראַכטונגען.

:: :: ::

פּרואוונדיק אָנוואַרפֿן דאָס בילד פֿון דער אַלגעמיין נאַציאָנאַלער טעטיקייט פֿון נאָרד-אַמעריקאַנער יידנטום, מוז מען זיך כראָנאָליגש פריער פֿון אַלץ אָפּשטעלן אויף דער הילפֿס־אַרבעט.

גלייך ווי עס זיינען אָנגעקומען אין נאָרד־אַמעריקע די ערשטע ידיעות וועגן די גוואַלד־אַקטן, וואָס ווערן באַגאַנגען קעגן דער יידישער באַפעלקערונג אין די גרעניץ־שטעטט פֿון פּוילן און ליטע פֿון דער רוסישער מיליטער-קאָמאַנדע, האָבן די יידיש־אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכע טוער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן די מיטלען, ווי אַזוי מען קען אַרויסהעלפֿן די רוסישע יידן.

די פֿאָרזיכטיקע פּאָליטיקער פֿון דעם „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע" האָבן געגלויבט, אַז אַ טומלדיקע פּראָטעסט-אַקציע, קען נאָך שטעלן אין אַ גרעסערער סכנה די יידישע באַפעלקערונג אין רוסלאַנד. דערצו איז טאַקע כמעט אוממעגלעך געווען עפּעס ממשותדיקעס צו טון אויף דעם געביט.

די עפנטלעכע מיינונג פֿון לאַנד און די איינפֿלוסרייכע פּרעסע איז געשטאַנען אויפֿן צד פֿון די אַליאירטע. רוסלאַנד איז געווען, דערהויפּט אין דער ערשטער פֿאַזע פֿונעם קריג, דער גרויסער יחסן און מען האָט נישט געדאַרפט וואַרפֿן קיין שאָטן אויף איר. עס איז אַלזאָ אוממעגלעך געווען צו דערטראָגן דעם ווײ-געשריי פֿון די יעמאַטערטע רוסישע יידן צו דער ברייטער עפנטלעכער מיינונג פֿון לאַנד און אויף אַזאַ אופֿן פּרוּוון באַאיינפֿלוסן די רוסישע רעגירונג און אָפּשטעלן די פֿאַרפֿאָלגונגען.

נישט קענענדיק אַלזאָ פּאָליטיש אַרויסהעלפֿן די יידן אין רוסלאַנד, האָט דער אַמעריקאַנער יידישער קאָמיטעט, וואָס רעפּרעזענטירט די יאַהודים, אין דער שפּיץ פֿון לואי מאַרשאַל, יעקב שיף און אַנדערע, באַשלאָסן אונטערצונעמען אַ מאַטעריעלע הילפֿס-אַקציע און עס איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע יאַהודימשע הילפֿס־אָרגאַ־ניזאַציע — דער „אַמעריקען דזשואיש רעליעף קאָמיטע".

שטיל און אָן רעש איז אָנגעגאַנגען די זאַמלונג פֿון די הילפֿס־פֿאָנדן און ווי יעדע זאַך, וואָס ווערט אין אַמעריקע געטון, אָן אַ ברייטן פֿאַרנעם און פּראָפּאַגאַנדע, האָט די ערשטע הילפֿס-אַקציע געהאַט מער ווי אַ באַשיידענעם דערפֿאָלג.

די דאָזיקע האַלב־פּאַסיווע האַלטונג פֿון די יאַהודים, האָט אָבער אַ שטורם גע־

פון די „איסט-סייד" יידן, זיי זאָלן אַרויסטרעטן אין פראָנט פון דער הילפס-אַקציע.

לויט דער איניציאַטיוו פון שלום אַש, חנן מיניקעס און פון די איבעריקע נישט לאַנג אָנגעקומענע כלל-טוער און זשורנאַליסטן, איז אַנטשטאַנען דער געדאַנק צו שאַפן אַ ברייטן פאָלקס-קאָמיטעט, וואָס זאָל צוציען צו דער הילפס-אַרבעט די ברייטע מאַסן און נישט פאַרלאָזן זיך אין דעם פרט אינגאַנצן אויף די יאַהודימשע פילאַנטראָפן. פון דער דאָזיקער איניציאַטיוו איז אַנטשטאַנען די „דזשוּאיש פּיפּעלס רעליעף" — די יידישע פאָלקס-הילף, וואָס האָט גלייך פון די ערשטע שריט געפונען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג אין די ברייטסטע קרייזן פון דער דעמאָקראַטישער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און ביי דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

דערווייל פלעגט פון רוסלאַנד יעדע פּאָסט ברענגען אַלץ נייע איוב-ידיעות. עס איז געקומען דער שרעקלעכער גירוש-קאָוונאָ, וואָס האָט מיט זיין ווילדער ברוטאַליטעט איבערגעשטיגן דעם היסטאָרישן גירוש-שפּאַניע.

די צער און צאָרן-שטימונג פון די אַמעריקאַנער יידן איז געוואַקסן און וויל עס איז קורץ געווען די האַנט צו העלפן אויף אַן אַנדער אופן האָט זי זיך אויסגעגאָסן אין אַן ענטוזיאַסטישער און קרבנות-גרייטער רעליעף-אַקציע.

דעם פּיפּעלס-רעליעף קאָמיטעט איז געלונגען צו פועלן ביי ווילסאָנען, ער זאָל דעם 27-טן יאַנואַר 1916 פּראָקלאַמירן אַ „יידן-טאָג" פאַר זאַמלען אַ הילפס-פאָנד פאַר די געליטענע רוסישע יידן. דאָס איז געווען אַן אומדירעקטער פּאָליטישער סימפּאַטיע-אויסדרוק פון דער נייטראַלער וואַשינגטאָנער רעגירונג צו די פאַרפאָלגטע רוסישע יידן.

די זאַמלונג פון 27-טן יאַנואַר האָט אַ שטייגער נעגעבן פאַראויס די הילפס-אַקציע פון דעם פּיפּעלס רעליעף. איבערן גאַנצן לאַנד האָבן זיך געגרינדעט לאָקאַלע קאָמיטעטן, און דאָס גאַנצע אַמעריקאַנער יידנטום האָט זיך מיט אַן אומבאַשרייבלעכן ענטוזיאַזם אַריינגעוואָרפן אין דער הילפס-אַרבעט.

דער 27-טער יאַנואַר איז געווען באמת אַ היסטאָרישער טאָג. אָפּגעזען פון די מאַטעריעלע רעזולטאַטן פון דער זאַמלונג, וועלכע זיינען געווען זייער באַדייטנד, איז דאָס געווען אַן אומפאַרגעסלעכע און מערקווירדיקע מאַניפעסטאַציע פון יידישער סאָלידאַריטעט און פון דער קרבנות-גרייטקייט פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום.

מען קען זאָגן, אַן גוזמא, אַז דאָס איז געווען די נאַציאָנאַלע דערוואַכונג פון דעם נאָרד-אַמעריקאַנער יידנטום, וואָס האָט באַגריפן די אחריותדיקע ראָלע, וואָס די יידישע געשיכטע האָט אַרויפגעלייגט אויף די יידן פון אַמעריקע אין דעם מאָמענט פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע.

די ברייטע אַקציע פון דער פּיפּעלס רעליעף האָט שנעל געפונען אַן אָפּקלאַנג אויך ביי די אויבערשטע „פירהונדערט" — ביי די יאַהודים, וועלכע זיינען אַרויס

פון זייער פאַרזיכטיקער באַהעלטעניש און האָבן אונטערגענומען אַ ברייטע אָפענע הילפס־אַקציע.

עס איז באַלד געקומען דער היסטאָרישער מיטינג אין „קאַרנעגי האָל", וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון דער „אַמעריקען דזשוּאִיש רעליעף קאָמיטע", וואו אין משך פון דרייסיק מינוט איז געזאַמלט געוואָרן אַ מיליאָן דאָלאַר.

עס וועט קיינמאָל נישט אויסגעמעקט ווערן פון זכרון דער איינדרוק פון יענעם היסטאָרישן מיטינג, ביי די, וועלכע האָבן אים בייגעוואוינט.

אין דעם מאָמענט, ווען מיר אַלע זיינען געווען פאַרצווייפלט אין אונדזער מאַכט־לאָזיגקייט, דערדריקט פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע פון דעם חורב-מאַכנדן שטורם, וואָס האָט זיך דורכגעטראָגן דורך אונדזערע אַלטע היימען, האָבן מיר אין „קאַרנעגי האָל" דערזען, ווי די יידישע געשיכטע האָט צוגעגרייט די רפואה פאַר דער מכה, האָט אַריבערגעוואָרפן עטלעכע מיליאָן יידן אויף דעם זיכערן אינדזל פון אַמעריקע, כדי זיי זאָלן זיך אַרויסראַטעווען פון דעם מבול און קענען ראַטעווען זייערע ברידער.

אויף דער בינע פון „קאַרנעגי האָל" זיינען געזעסן ביי אַ טיש יידן, די שיף'ס, די וואַרבורגס, די גוגענהיימ'ס, די שטרויס, די ראָזענוואַלדס און אַנדערע וועלכע זיינען פינאַנסיעל בכוח ווידער־אויפצובויען די חרובע יידישע היימען אין דער אַלטער וועלט, ווען ביי זיי זאָל זיך נאָר אויפוועקן דער געפיל פון נאַציאָנאַלער קרבנות-גרייטקייט.

אָבער שטאַרקער פון אַלץ איז געווען די היסטאָריש־סימבאָלישע באַדייטונג פון דעם מיטינג, דער געפיל פון היסטאָרישן בטחון, וואָס ער האָט איינגעפלאַנצט אין יעדן פון אונדז אויפגעוועקט, אַז פאַר אונדז זיינען נישט שרעקלעך קיין שום קאַטאַסטראָפן, ווייל אויב דער בייזער שטן פון דעם יידישן גורל צעשטערט אונדזערע פּאָזיציעס אין איין פּלאַץ, שאַפט דער גענויס פון דער יידישער געשיכטע פאַר אונדז אין אַן אַנדער פּלאַץ די לייזונג און די רעטונג.

איצט, ווען עס זיינע שוין אַוועק קנאַפּע ניין יאָר פון דעם „קאַרנעגי"-מיטינג, לעבט נאָך אַלץ פריש אין דער נשמה דער אומפאַרגעסלעכער איינדרוק פון יענעם מערקווירדיקן אויסברוך פון יידישע געפילן, פון זעלטענער קרבנות-גרייטקייט, וואָס האָט ווי אַ פיבער אַרומגעכאַפּט די דריי טויזנט יידישע רעפּרעזענטאַנטן פון די פאַרשידנסטע שיכטן פון אַמעריקאַנער יידנטום, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט דעמאָלט אין קאַרנעגי האָל.

אָט שטייט פאַר מיר דאָס בילד פון דעם פאַרשטאָרבענעם י ע ק ב ש י ף, איינעם פון די פינאַנץ־מאַגנאַטן פון וואָל-סטריט, און דעם אייזנבאַן-קעניג פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

דער אַלטער זקן שטייט אויף די קני אויף דער בינע און מיט פיבערהאַפטע

הענט וואָרפט ער צונויף אין אַ גרויסן קויש די טשעקן און דאָלאַרס, וואָס דער עולם האָט צונויפגעשליידערט אויף דער בינע.

פון פאַרשידענע ווינקלען פון דעם גרויסן זאַל, לויפן צו דער בינע אין אַ פּיבער־האַפטער אויפרעגונג רייך אויסגעפּוצטע דאַמען און מען וואַרפט אין די קוישן די טייערע פוטערס און צירונג.

פון די גאַלעריעס וואַרפט מען געלט, אין קאָנווערטן. דאָס האָבן אַרבעטער־מיידלעך אָפּגעגעבן זייערע גאַנצע שכירות אין די זעלבע קאָנווערטן, וואָס זיי האָבן ערשט היינט באַקומען פאַר זייער שווערער האָרעוואַניע. פאַר זיך האָבן זיי גאָרנישט איבערגעלאָזן.

אָט לויפט צו צו דער בינע אַ דאַמע און מיט טרערן אין די אויגן רייסט זי אַראָפּ פון האַלדז אַ מיט בריליאַנטן באַזעצטן מעדאַליאָן. דאָרט איז דאָס בילד פון איר איינציקן געשטאָרבענעם קינד.

ד"ר מאַגנוס, דער וואָס האָט מיט זיינע פון האַרצן שטראָמענדע פייער־ווערטער אויפגעוועקט אָט דעם שטורם פון געפילן, נעמט אין האַנט דעם מעדאַליאָן און שרייט אויס — דאָס איז דער גרעסטער קרבן, וואָס איז היינט געבראַכט געוואָרן פאַר אונדזערע ליידנדע ברידער!

דער מעדאַליאָן, דער גרויסער קרבן פון אַ ליבנדער מוטער, ווערט גלייך רעמאַ־טירט און ברענגט אריין עטלעכע צענדליק טויזנט דאָלאַר.

און אָט איז נ א ט א ן ש ט ר א ו ס וואָס פאַרמאָגט דאָס יידישסטע און מענטשלעכסטע האַרץ, וואָס האָט ווען עס איז געשלאָגן אין אַ מיליאָנערן־ברוסט.

ער מאַכט זיין ערשטן בייטראַג פון הונדערט טויזנט דאָלאַר. אָבער אַלע ווילן, מיטן שטייגנדן ענטוזיאַזם, לויפט ער צו צו דעם פאָרזיצנדער און גיט אַלץ נייע ח"י טויזנט דאָלאַר, דאָ פאַר זיין אייניקל, דאָ פאַר זיין פּלימעניק און אַנדערע קרובים־קינדער.

און אַז דער מיטינג האָט זיך געענדיקט און דער אָרגל האָט אָנגעהויבן שפּילן די טענער פון דעם אַמעריקאַנער הימן, און דער טויזנט־קעפּיקער עולם האָט כמעט מיט אַ רעליגיעזער התלהבות געזונגען דעם הימן, ווען אַ רעליגיעזער האָט געקלונגען אין דעם מאָמענט ווי אַ תפילה, האָבן אויך איך, דער „גרינער“, וואָס האָט נאָך אין זיך נישט איינגעזאַפּט דעם גייסט פון אַמעריקע מיטן פולן האַרצן, מיטגעזונגען די ווערטער, דאַנקענדיק אַמעריקע פאַר דער געלעגנהייט, וואָס זי האָט געגעבן דעם יידישן פאָלק צו שאַפן ביי אירע ברעגן דעם שטאַרקסטן צווייג זיינעם...

:: :: ::

די הילפס־אַקציע פון נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום האָט געהאַט אַ סך דראַמאַ־

מיש־דערהויבענע מאָמענטן, וועלכע וועלן פאַרשריבן ווערן אין דער געשיכטע פון דעם אָנגעוויזענעם צייט-אָפּשניט פון דער יידיש־אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

מיר האָבן אַרויסגעכאַפּט איינעם פון די פילע מאָמענטן, וואָס אונדז איז אויסגעקומען דורכצולעבן, ווייל ער וואַרפט אַ ליכט אויף דעם גייסט און כאַראַקטער פון דער הילפס־אַרבעט און באַווייזט, אַז הינטער די דאָלאַרס, וואָס האָבן געשטראָמט פון דער יידישער אַמעריקע צו דער יידישער אייראָפּע, האָט פולסירט דאָס ברייטע יידישע האַרץ און אַ טיפער נאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט-געפיל.

דער „דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע", וועלכער איז געשאַפן געוואָרן אין דעם צווייטן פּעריאָד פון דער הילפס־טעטיקייט און האָט פאַראייניקט אין זיך די דריי גרויסע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געאַרבעט אויף דעם הילפס-געביט, — דעם אַריסטאָקראַטיש יאַהודימשן „אַמעריקען דזשואיש רעליעף קאָמיטע", דעם דעמאָקראַטישן פּיפּעלס רעליעף און דעם אָרטאָדאָקסישן צענטראַל רעליעף, האָט אין משך פון זיין אַרבעט, ווי באַקאַנט, פאַרטיילט אַ סומע קרוב צו **פינף און זעכציק מיליאָן דאָלאַר**.

דער „דזשאָינט" האָט בלי ספק באַגאַנגען קאַרדינאַלע פעלערן אין זיינע מעטאָדן און סיסטעם פון דער געלט־פאַרטיילונג און ביי דער אויסאַרבעטונג פון זיינע הילפס־פּלענער, וועלכע האָבן געהאַט אַלע חסרונות פון יאַהודימשן פילאַנטראָפּישן ביוראָקראַטיזם. אָבער צו באַשרייבן און אַנאַליזירן גענוי די גאַנצע הילפס-אַרבעט פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום אין דער צייט פון דער מלחמה־קאַטאַסטראָפע, איז די אויפגאַבע פון אַ ספּעציעלן שטודיום. מיר האָבן דאָ געוואָלט נאָר אָנוואַרפן איניקע קורץ־סקיצירטע שטריכן וועגן איינעם פון די וויכטיקסטע געביטן פון דער אַלגעמיין נאַציאָנאַלער אַרבעט פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום אין דעם אָנגעוויזענעם צייט-אָפּשניט.

מיר גלויבן, אַז עס וועט נישט זיין קיין גוזמא צו באַהויפּטן, אַז ביי אַלע גרויסע פעלערן פון דער הילפס־אַרבעט, האָט דאָס אַמעריקאַנער יידנטום געשפּילט אַ **גרויסע היסטאָרישע** ראָלע מיט זיין הילפס-אַקציע און האָט געראַטעוועט גרויסע טיילן פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום פון פולשטענדיקן אונטערגאַנג אין דעם בלוטיקן מבול פון דעם מלחמה און פּאָגראָם-שטורם.

:: :: ::

די פּאָליטישע ראָלע, וואָס דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט געשפּילט אין דער צייט פון די פּאַריז־ווערסאַלער פרידנס־פאַרהאַנדלונגען איז, ווי באַוואוסט דורכגעפירט געוואָרן, אַדאַנק דעם פילאַדעלפיער יידישן קאָנגרעס.

נישט לייכט איז אָבער אָנגעקומען די פאַרווירקלעכונג און פאַרוואַנדלונג פון דער אַבסטראַקטער קאָנגרעס־אידייע אין אַ פּאָליטישער רעאַליטעט.

אַנטשטאַנען איז די קאָנגרעס־אידייע אין אַמעריקע אַ לאַנגע צייט פאַר דער קאַטאַסטראָפע פון וועלט־קריג. איר פאָטער איז, ווי באַקאַנט, דער יידישער דראַמאַטורג שאָמער, (דער זון פון דעם אַלטן ראָמאַניסט). מיט אַ יאָר זיבן־אַכט פאַר דער מלחמה, האָט שאָמער צוזאַמען מיט דעם פאַרשטאָרבענעם ד״ר נ. סירקין געפירט אַן ענערגישע פּראָפּאַגאַנדע אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַר דער צוזאַמענרופונג פון אַן אַל־יידישן פאַרלאַמענט. אין אייראָפּע האָט די זעלבע אידייע אין אַ געוויסער מאָדיפיצירטער פאָרמע געפּרעדיקט מתתיהו אחר (ד״ר נתן בירנבוים).

אָבער יענע צייט איז נישט רייף געווען פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דער קאָנגרעס־אידייע, און די יידישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג אין אייראָפּע און אַמעריקע האָט זיך באַצויגן צום קאָנגרעס, ווי צו אַן אילוזיע פון פאַנטאַסטן.

דער אָנקומען פון דעם מלחמה־שטורם וואָס האָט גלייך ביי די ערשטע שריט פון קריג, געבראַכט אומגליק און פּיין דעם יידישן פאָלק, האָט מיטאַמאָל אויפגעוועקט אין יעדן יידישן באַוואוסטזיין די נעכטן נאָך אילוזאָרישע אידייע פון דעם יידישן קאָנגרעס.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז די ערשטע אסיפה פון יידישע כלל־טוער און זשורנאַליסטן, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט צופעליק אין דעם נייטראַלן קאָפּענהאַגען, אין די ערשטע וואָכן פון קריג, האָט גלייך דערשפּירט די נויטיקייט צו מאָביליזירן אַלע יידישע וועלט־כוחות אין אַ יידישן קאָנגרעס, כדי צו קענען באַשיצן דאָס יידישע פאָלק אין דער שטורם־צייט.

אָבער אין אייראָפּע האָט נאָר געשוועבט דער ג ע ד אַ נ ק פון אַל־יידישן קאָנגרעס. די ערשטע ט אַ ט צו פאַרווירקלעכן דעם קאָנגרעס איז געשען אין אַמעריקע.

עס וואָלט אונדז צו ווייט פאַרפירט, ווען מיר וואָלטן זיך געפּרואווט איבערצוגעבן אַלע פאַזן פון דער יידישער קאָנגרעס־באַוועגונג אין אַמעריקע. מיר וועלן דאָ נאָר אָנוואַרפן אין קורצע שטריכן די וויכטיקסטע עפּיזאָדן פון דעם קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון דער קאָנגרעס־אידייע.

צום ערשטן מאָל האָט דאָס אַמעריקאַנער יידנטום ערנסט באַהאַנדלט די קאָנגרעס־פראַגע אויף דער ערשטער קהילה־קאָנווענשאָן אין ניו־יאָרק ענדע דעצעמבער אָדער אָנהויב יאַנואַר 1916. די דאָזיקע קהילה־קאָנווענשאָן איז געווען די ערשטע באַגעגעניש פון אַלע שיכטן פון דעם אַמעריקאַנער אידנטום. עס זיינען אין איר געווען פאַרטראָטן די „יאַהודים״ פון אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע, מיט יעקב שיף׳ן, ל. מאַרשאַלן און די אַנדערע נאָטאַבלען, בראש מיט דעם הייסן נאַציאָנאַלן און דעמאָקראַטישן יידן, ד״ר ל. מאַגנוס. אין דער קאָנווענשאָן האָבן זיך אויך באַטייליקט

די צענדליכער און הונדערטער יידישע געזעלשאַפטן אין „לאַזשעס“ און אויך די יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען, די פּועלי ציון און די קליינע פראַקציע פון די סאָ־ציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן.

דער אייגנטלעכער צוועק פון דער קהילה־קאָנווענשאַן, איז געווען די קאָנסטי־טואירונג פון אַ יידישער געמיינדע, אָבער די פּועלי־ציון און סאָציאַליסטן-טערי־טאָריאַליסטן האָבן אַרויסגערוקט אַלס הויפּט-אויפגאַבע, אַז די פּאָרמירנדע קהילה זאָל נעמען אויף זיך די אָרגאַניזירונג פון דעם יידישן קאָנגרעס.

די יאַהודימשע עלעמענטן האָבן אַרויסגעשטעלט אַ ווידערשטאַנד קעגן דעם פּאָרשלאַג, פון די סאָציאַליסטישע פראַקציעס, טענהנדיק, אַז מען דאַרף נישט צו־זאַמענמישן די לאָקאַל־אַמעריקאַנער אויפגאַבע פון דער אָרגאַניזירונג פון דער קהילה מיט די אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע צילן פון דעם קאָנגרעס.

די קהילה־קאָנווענשאַן האָט לסוף אָנגענומען אַ פּשרה־פּאָרשלאַג, אַז עס זאָל אויסגעוויילט ווערן אַן אויטאָנאָמע קאָמיסיע, וואָס זאָל שטודירן דעם ענין און אין דעם פאַסנדן מאָמענט זאָל גערופן ווערן אַ ספּעציעלע קאָנגרעס-קאָנווענשאַן.

אויף דער קהילה-קאָנווענשאַן איז, אַלזאָ, געווען די ערשטע קאָנגרעס־שלאַכט וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ האַלבן נצחון.

עס זיינען אָבער אַוועק לאַנגע חדשים און די קאָמיסיע, וועלכע האָט געדאַרפט מאַכן הכנות פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דעם יידישן קאָנגרעס, איז איינגעשלאָפן און מיט איר אויך די גאַנצע קאָנגרעס-באַוועגונג.

ערשט נאָך אַ הפסקה פון אַן ערך אָנדערהאַלבן יאָר, האָט זיך די קאָנגרעס־באַוועגונג אָנגעהויבן מיט אַ נייעם אימפּעט.

מען מוז אָנערקענען, אַז אַ שטאַרקן אימפּולס דעם קאָנגרעסיזם האָט געגעבן דער באַקאַנטער יידישער אינזשעניער פּנחס רוטענבערג, וועלכער איז צו יענער צייט אָנגעקומען אין ניו־יאָרק.

אַדאַנק זיין איניציאַטיוו האָבן זיך אַלע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פראַקציעס פאַראייניקט אין אַ בלאָק, האָבן געשאַפן אַ קאָנגרעס־פּראָפּאַגאַנדע קאָמיטעט, מיט אַ ספּעציעלן אָרגאַן „דער אידישער קאָנגרעס“. דערהויפּט האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט איר גאַנצן אימפּעט אין דער קאָנגרעס־אַרבעט, די פּועלי ציון פּאַרטיי, מיט אַלע אירע אַלטע און אָנגעקומענע קרעפטן.

דער פאַרשטאָרבענער בער באָראָכאָוו איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע מיטגלידער פאַר דער קאָנגרעס-באַוועגונג.

דורך דער פאַרמיטלונג פון פּנחס רוטענבערג, זיינען געפירט געוואָרן מיט אַן ערפאָלגרייכן רעזולטאַט פאַרהאַנדלונגען מיט די „יאַהודים“ פון דעם אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע, און מען האָט זיך שליסלעך געאייניקט, אַז מען זאָל צוטרעטן צו דער באַלדיקער אָרגאַניזירונג פון דעם קאָנגרעס, אַז די וואַלן זאָלן גלייך דורכ־

געפירט ווערן מיט דער באַדינגונג, אַז דער קאָנגרעס זאָל זיך צוזאַמענקומען אין אַ שפּעטערן דאַטום, ביים שלום פון דער מלחמה, אָדער אין אַ מאָמענט, ווען דער קאָנגרעס-קאָמיטעט וועט איינשטימיק געפינען פאַר פּאַסנד.

אויף די עטלעכע קאָנגרעס-קאָנווענשאַנס, וואָס זיינען פאָרגעקומען פאַר די וואַלן, איז געפירט געוואָרן אַ לײַדנשאַפטלעכער שטרייט צווישן די יאַהודים און די נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע עלעמענטן, וועגן דעם וואַל-מאָדוס. די פּועלי ציון און די איבעריקע דעמאָקראַטישע עלעמענטן, האָבן געפאָדערט אַז נישט אָרגאַניזאַציעס און קערפּערשאַפטן זאָלן וויילן די קאָנגרעס-דעפּוטאַטן, נאָר די ברייטע פאָלקס-מאַסן.

ענדלעך איז מען דורכגעקומען אויף דער פּשרה „וואַל-געזעץ", וואָס עס האָט אויסגעאַרבעט דער פאַרשטאָרבענער פּראָפעסאָר אייזיק הורוויטש (ר' יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי).

אַן עקשנותדיקער אידייען-קאַמף איז אויך אָנגעפירט געוואָרן מיט די יאַהודימשע עלעמענטן, וועגן דער פּראָגראַם פון דעם קאָנגרעס און וועגן די פאָדערונגען, וואָס זאָלן פאָרמולירט ווערן פאַר דעם קומענדיקן אינטערנאַציאָנאַלן פרידנס-קאָנגרעס.

לואי מאַרשאַל האָט בשום אופן נישט געוואָלט איינגיין אויף דער פאָרמולע, אַז פאַר אַלע יידן אין אייראָפּע זאָל געפאָדערט ווערן נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר ע כ ט, ער איז באַשטאַנען אויף דער פאַרטושטער פאָרמולע „גרופּן-רעכט". אַרום דער דאָזיקער פראַגע איז פאַרגאָסן געוואָרן נישט ווייניק טינט און עס איז פאָרגעקומען נישט איין ווערטער-שלאַכט.

סוף-כל-סוף איז פאַרבליבן, אַז דער קאָנגרעס, ווען ער וועט זיך פאַרזאַמלען זאָל אַנטשיידן דעם ויכוח. דערווייל איז מען צוגעטראָטן צו וויילן די דעפּוטאַטן צום יידישן קאָנגרעס.

דער שבת און זונטיק, אין וועלכע עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן די וואַלן (דעם גענויעם דאַטום קענען מיר זיך נישט דערמאָנען), זיינען געווען ווירקלעך אומפאַרגעסלעכע טעג פאַר דעם אַמעריקאַנער יידנטום.

די וואַל-פּראָצעדור אין ניו-יאָרק און אין די איבעריקע שטעט פון לאַנד מיט אַ יידישער באַפעלקערונג, איז פאָרגעקומען לויט דעם זעלבן שניט, ווי די אַלגעמיינע מלוכה-וואַלן. עס זיינען פאָרגעקומען אומציייליקע וואַל-פאַרזאַמלונגען, עס איז געווען אַ וואַל-פּראָפּאַגאַנדע פאַר די פאַרשידענע קאַנדידאַטן. דער ענטוזיאַזם ביי די שטים-קאַסטנס איז געווען אַן אומבאַשרייבלעכער. דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט דורכגעלעבט איינעם פון די דערהויבנסטע מאָמענטן פון זיין געשיכטע.

עס זיינען געווען פאַלן, ווען מיר האָבן זיך פאַרגעסן, וואו מיר זיינען אין דער וועלט. מען איז געווען אונטער דעם איינדרוק, אַז מיר האָבן באַקומען אונדזער איי-

גענעם מלוכה-לעבן, מיר האָבן אונדזער אייגענעם פּאַרלאַמענט און צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע אַ יי ג ע נ ע יי ד י ש ע וואַלן.

דער יידישער איינוואוינער, דער פּעדלער, דער אַרבעטער, דער פינאַנסיסט, דער רייכער אַקוואַקאַט, איז מיטאמאָל געוואָרן אַ יי ד י ש ע ר ב י ר ג ע ר.

אין די פאַרשידענע וואַל-דיסטריקטן פון דעם גרויסן ניו-יאָרק האָבן זיך אָפּגעשפּילט מערקווירדיקע סצענעס פון ענטוזיאַזם, ביי די וואַל-קעסטלעך. עס פלעגן קומען אַריינוואַרפן זייערע וואַל-צעטלעך אַלטע גרייז-גרויע פרויען און מענער געפירט אונטער די הענט פון זייערע אייניקלעך, ווייל זיי האָבן קוים געשלעפּט די פיס. עס זיינען געווען פיל פאַלן, ווען קראַנקע זיינען אויפגעשטאַנען פון בעט און געפירט אויף באַוועגלעכע שטולן אויף רעדלעך זיינען זיי געקומען אָפּגעבן זייערע שטימען פאַרן „יידישן פּאַרלאַמענט".

ביז היינט איז נאָך ביי מיר איינגעקריצט אין זכרון די סצענע אין אַ בראָנקסער וואַל-לאָקאַל, וואו מיר איז אויסגעקומען צו זיצן ביים וואַל-טיש.

עס קומט אַריין אַ גרייז-גרויער פּאַטריאַרכאַלישער ייד, אַ קרוב צו די אַכציקער. לכתחילה נעמט ער אַראָפּ דעם הוט. דאָס איז דאָך „אַן אָפיציעלע אינסטיטוציע". אָבער אין דעם מאָמענט, ווען ער דאַרף אַריינוואַרפן דעם קאָנווערט אין קעסטל טוט ער זיך אָן זיין קאַשקעטל און מיט פאַרגלאָצטע אויגן רופט ער אויס:

— שהחינו וקימנו לזמן הזה...

און אַוועקגייענדיק ווענדט ער זיך צו אונדז:

— איצט, קינדערלעך, קען איך שוין שטאַרבן, דערלעבט אַ יידישן פּאַרלאַמענט . . .

:: :: ::

קנאַפּע צוויי יאָר האָט געדויערט ביז די אויסגעוויילטע דעפּוטאַטן פון דעם ערשטן יידישן קאָנגרעס האָבן געהאַט די מעגלעכקייט אויסצופירן זייער שליחות און אָפּהאַלטן די ערשטע זיצונג פונעם קאָנגרעס.

געווען מאָמענטן, ווען עס האָט זיך געדוכט, אַז די גאַנצע קאָנגרעס-באַוועגונג מיט די דורכגעפירטע וואַלן וועט זיך פאַרענדיקן מיט גאָרנישט. אַלע אָנשטרענגונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן מצד פון די פּועלי-ציוניסטישע און אַנדערע דעמאָקראַטישע קאָנגרעס-דעפּוטאַטן, אויף צונויפרופן דעם קאָנגרעס האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף דעם עקשנותדיקן ווידערשטאַנד פון די נאָטאַבלען פון דעם „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע", וואָס האָבן אַלץ געטענהט, אַז די צייט איז נישט פּאַסנד.

ס'האָט אויסגעזען, אַז די נאָטאַבלען האָבן בדעה צו סאַבאָטירן דעם גאַנצן קאָנגרעס. אין מאָמענט פון דעם אַלגעמיינעם ענטוזיאַזם האָבן זיי געמוזט נאָכגעבן

און מאַכן אַ קאָנצעסיע די נאַציאָנאַלע און דעמאָקראַטישע עלעמענטן, אָבער ביי דער ערשטער געלעגנהייט פּרואוון זיי זיך בטול מאַכן דעם נצחון פון דעם נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישן יידנטום.

די אומבאַשטימטע לאַגע האָט געדויערט ביז דעם וואַפן-שטילשטאַנד.

אין דעם מאָמענט, ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט און עס האָבן זיך גע־דאַרפט אָנהויבן די פרידנס־פאַרהאַנדלונגען פון די פעלקער, האָבן שוין די נאָטאַב־לען נישט געקענט לענגער פאַרשלעפּן די זאַך.

אין דעצעמבער טויזנט ניין הונדערט אַכצן איז ענדלעך אין דער שטאָט פ י־ ל אַ ד ע ל פ י ע זיך צוזאַמענגעקומען דער היסטאָרישער ערשטער יידיש-אַמערי־קאַנער קאָנגרעס, אין וועלכן עס האָט זיך באַטייליקט דאָס ג אַ נ צ ע אַמערי־קאַנער יידנטום, אָנהויבנדיק מיט די אַריסטאָקראַטישע נאָטאַבלען פון „אַמעריקען־יזשואיש קאָמיטע" און ענדיקן מיט דעם לינקסטן פליגל פון די אַלגעמיינע סאָציאַ־ליסטן בראש מיטן זיידן וו י נ ט ש ע וו ס ק י (דעם איצטיקן קאָמוניסט) און די אַרבעטער־געווערקשאַפטן מיט מאַקס פיינען.

די יאַהודימשע אַסימילאַציע פון איין זייט און די סאָציאַליסטישע פון דער אַנדער זייט האָבן אויפגעגעבן אונטער דעם דרוק פון שטורמישער נאַציאָנאַלער באַ־גייסטערונג, וואָס האָט געהערשט אין פילאַדעלפיע, זייער אידייאישע פּאָזיציע.

ל ו אַ י ס מ אַ ר ש אַ ל האָט קאַפּיטולירט מיט זיין פאָרמולע פון „גרופּן־רעכט" און האָט צוגעשטימט צו דער פאָדערונג פון נאַציאָנאַלע רעכט פאַר די יידן אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער.

און די סאָציאַליסטן האָבן קאַפּיטולירט מיט זייער קעגנערשאַפט צו ארץ ישראל, און די פאָדערונג פון אַ נאַציאָנאַלער היים אין ארץ ישראל איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער קאָנגרעס־פּלאַטפאָרם.

די היסטאָרישע אחריות פון דעם אַנטשיידענעם מאָמענט האָט אויפגעטון וואונדער.

דאָס גאַנצע יידיש־אַמעריקאַנער פאָלק האָט זיך פאַראייניקט אין איין פראָנט צו פאַרטיידיקן די רעכט פון דער יידישער אומה פאַר דעם טריבונאַל פון די פעל־קער אין פאַריז.

אַפילו אין דעם צוזאַמענשטעל פון דער דעלעגאַציע, וואָס איז געפאָרן צום פרידנס־קאָנגרעס, האָט זיך אָפּגעשפיגלט דער אייניקונגס־בונד פון אַלע יידן אין אַמעריקע.

ווי באַקאַנט, האָבן צווישן אַנדערע אין דער היסטאָרישער דעלעגאַציע באַטיי־ליקט זיך דער זיידע ווינטשעווסקי אַלס פאַרטרעטער פון די אַלגעמיינע סאָציאַ־ליסטן און די געווערקשאַפטן, ד"ר נחמן סירקין האָט פאַרטראָטן די נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן און לואיס מאַרשאַל האָט רעפּרעזענטירט די נאָטאַבלען.

אדאנק דעם גרויסן איינפלוס, וואָס די נאָרד־אַמעריקאַנער דעלעגאַציע מיט ווילסאָנען בראש האָט געהאַט אויף דעם גאַנג פון דער פרידנס־קאָנפערענץ איז אויך שטאַרק געוועזן די פּאָליטישע השפּעה פון דער יידישער קאָנגרעס־דעלעגאַציע.

אויב די פרידנס־קאָנפערענץ האָט אַריינגענומען אין דעם פרידנס־טראַקטאַט דעם פּונקט פון מינאָריטעטן־רעכט איז דאָס נאָר אַ רעזולטאַט פון די אומדערמידלעכע אָנשטרענגונגען פון דער יידישער קאָנגרעס־דעלעגאַציע מיט מאַרשאַלן אין דער שפּיץ.

מאַרשאַל, דער נעכטיקער קענער פונעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלע רעכט האָט מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין שטאַרקן טעמפּעראַמענט און אויסערגעוויינלעכע דיאַלעקטישע פעאיקייטן, פאַרטיידיקט דעם דאָזיקן פּרינציפּ פאַר די פאַרטרעטער פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער פרידנס־דעלעגאַציע און דורך איר באַווירקט דעם פרידנס־קאָנגרעס.

די יידיש־אַמעריקאַנער קאָנגרעס־דעלעגאַציע האָט פאַקטיש אויסגעווירקט די „כאַרטיע" פון די נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן־רעכט און דער דאָזיקער גרויסער פּאָליטישער אויפטו איז דערגרייכט געוואָרן אַדאַנק דעם פּאָליטישן איינפלוס פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום.

אמת, אַז איצט ווייזט זיך אַרויס, אַז די „כאַרטיע" ווערט נישט אָפּגעהיט אין פילע לענדער, אָבער אין דעם מאָמענט, ווען דער רעכטס־באַוואוסטזיין וועט ווידער אָנהויבן הערשן צווישן די פעלקער, וועלן די פאַרשריבענע „מינאָריטעטן־רעכט" זיין דער אָנהאַלט און שטיצע, דער יורידישער פּרעצעדענט פאַר דעם יידישן אויטאָנאָמיזם אין מזרח־אייראָפּע און די רעכטלעכע נאָרמע פאַר דעם צוזאַמענלעבן אויף די צווישן־פעלקערלעכע טעריטאָריעס.

:: :: ::

די הילפס־אַקציע און די פּאָליטישע אַקציע בעת דער פרידנס־קאָנפערענץ, דאָס זיינען די צוויי וויכטיקע געביטן אין וועלכע עס האָט זיך מאַניפעסטירט די פירנדע היסטאָרישע ראָלע פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום פאַר די לעצטע צען יאָר אין דער שווערער קריזיס־תקופה פון דער יידישער געשיכטע.

צי וועט אַמעריקע אויך אויף ווייטער אָנהאַלטן איר פירנדע ראָלע אין דער יידישער וועלט? אויף דעם איז שווער צו געבן אַ דעפיניטיוון ענטפער.

עס קען זיין, אַז מיט דער צייט זאָל דאָס לעבן אין מזרח־אייראָפּע ווידער אַריינגיין אין זיינע נאָרמאַלע גרעניצן און עס וועט זיך אויך נאָרמאַליזירן דאָס יידישע לעבן, און דער מזרח וועט ווידער ווערן ווי געוועזן דער קוואַל פון אונדזער קולטור־שאַפן, אָבער אויף דעם געביט פון סאָציאַל־פּאָליטישער טעטיקייט און דער

פינאַנסיעלער סובסידירונג פון אונדזער וויכטיקסטער אַרבעט — דעם אויפבוי פון ארץ ישראל האָט די יידישע אַמעריקע דעפיניטיוו איבערגענומען די הע גע מאָניע אין דער יידישער וועלט, פונקט ווי די אַלגעמיינע אַמעריקע האָט פאַרנומען די דאָזיקע פּאָזיציע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט.

אין די לעצטע צען יאָר האָט זיך אָנגעהויבן די נייע תקופה אין דער יידישער געשיכטע, דער צענטער און שווערגעוויכט פונעם יידישן געזעלשאַפטלעכן שאַפן האָט זיך אַריבערגעטראָגן פון מזרח־איירּאָפּע צו די ברעגן פון אַטלאַנטיק.

(סעפּטעמבער 1924)

---

# מענדעלעס טריאומפאַלער באַזוך אין וואַרשע

דאָס איז געווען אינעם יאָר 1909. דוכט זיך אָנהויב הערבסט.

ביים שטענדיקן ליטעראַרישן טיש פון דעם באַוואוסטן ניט־יידישן סטעמפּקאָווסקי־קאַפע, אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע, וואו עס פלעגן זיך כמעט טאָג־טעגלעך פאַרזאַמלען דער אומצוטיילבאַרער דריילינג — נאָמבערג, אַש, רייזין, גאַנץ אָפט איז אויך דאָרטן געווען י. ל. פרץ, האָב איך זיך אין איינעם פון די פאַרנאַכטן דערוויסט, אַז די טעג קומט אָן אין וואַרשע מענדעלע מוכר ספרים.

אויף מאָרגן האָב איך שוין די ידיעה געפונען אין די וואַרשעווער טעגלעכע יידישע צייטונגען, און ווען איך בין אין אָוונט צוגעפאָרן, דוכט זיך, אַז עס איז געווען דער טיראַספּאָלער וואָקזאַל, אָפּוואַרטן דעם צוג, מיט וועלכן מענדעלע האָט געדאַרפט אָנקומען, בין איך דערשטוינט געוואָרן. טויזנטער מענטשן האָבן באַלאַגערט דעם באַנהויף און ס'איז אוממעגלעך געווען אַהין זיך צו דערשלאָגן.

דאָס איז פאַר מיר געווען אַן איבעראַשנדער סיורפּריז. אַז מענדעלע זאָל האָבן אַזוי פיל ליטעראַרישע חסידים אין וואַרשע — האָב איך מיך נישט פאָרגעשטעלט.

איך האָב זיך געריכט, אַז העכסטנס זאָלן ביים באַן זיין עטלעכע „הזמיר"־באַזיכער, וואָס האָבן אַ ווירקלעכן אינטערעס צו יידישער ליטעראַטור און יידישע שרייבער.

דאָ האָט זיך אָבער פאַרזאַמלט אַ המון פון אפשר אַ צען טויזנט מענטשן.

איך האָב זיך צוזאַמענגעמישט צווישן עולם — מען האָט ביי אַ שעה צייט געדאַרפט וואַרטן אויף דעם אָנקומען פון צוג — און איך האָב זיך באַלד איבערציינגט, אַז ווייט נישט אַלע מענדעלע־פאַרערער האָבן גענוי געוואוסט, וועמען זיי

דערוואַרטן און איניקע האָבן געדענקט פּשוטא כמשמעו, אַז ס'קומט עפּעם אַ באַ־רימטער מוכר ספרימניק...

אָבער דער מענדעלע־ענטוזיאַזם, וואָס האָט פּלוצלינג אַרומגעכאַפּט דאָס ייִדי־שע וואַרשע האָט אַלעמען מיטגעריסן. די רוסישע זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן גע־שטופּט און געשטויסן דעם עולם, האָבן אויך נישט געוויסט, ווער עס איז דער גאַסט, וועמען אַזוי פיל יידן דערוואַרטן.

ווען עס האָט זיך באַוויזן די פיגור פון דעם זיידן פון דער יידישער ליטעראַ־טור, וועלכער איז אַרויס פון וואַקזאַל און האָט זיך מיט זיינע באַגלייטער מיט גרויס שוועריקייט דורכגעשטופּט צום קאַטש, איז אויסגעבראָכן אַ ווילדער ענטוזיאַזם. דער עולם האָט זיך אַפילו געפּרואווט אויסשפּאַנען די פערד און הונדערטער יונגע־לייט האָבן זיך געלאָזט פירן דעם קאַטש, נאָר די ענערגישע אינטערווענץ פון די רייטער־זשאַנדאַרמען האָט צעשטערט דעם פאַרזוך אַוועקצוטראָגן מענדעלען אויף די הענט.

און די עטלעכע טעג, וואָס דער זיידע האָט פאַרבראַכט אין וואַרשע איז דער מענדעלע־ענטוזיאַזם אַלץ געשטיגן און אין אַלע פלעצער, וואו מען האָט פון די צייטונגען געוואוסט פון זיין באַזוך, זיינען די גאַסן באַלאַגערט געווען מיט טויזנ־טער מענטשן.

:: :: ::

אויפן צווייטן אָוונט פון מענדעלעס אָנקומען אין וואַרשע איז אין איינעם פון די גרעסטע סאַלאָנען איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד אים אַ גרויסאַרטיקער באַנקעט.

דאָ האָבן זיך ווידער אָפּגעשפּילט די ענטוזיאַסטישע סצענעס, ווי ביי זיין אָנקומען און עס האָט געדויערט אַ היפּשע צייט ביז דער קאַטש, אין וועלכן מענדעלע איז געפאָרן, האָט זיך געקענט דורכרייסן צום סאַלאָן אויף דער גזשיבאָווסקאַ.

אין סאַלאָן גופא האָט זיך געטון חושך, ביי אַ טויזנט מענטשן זיינען געשטאַ־נען קאָפּ אויף קאָפּ.

די טישן אויבנאָן זיינען פאַרנומען געווען מיט די וואַרשעווער יידישן „פּני“, מיט די אָנגעזעענע באַלעבאַטים, וואָס האָבן זיך באַצייטנס און פאַר אַ גוטן פּרייז באַזאָרגט מיט די בעסטע פּלעצער. די אָרגאַניזאַטאָרן פון דעם באַנקעט זיינען גע־ווען מאַכטלאָז צו מאַכן אַביסל אָרדנונג, און פאַר די יידישע שרייבער און זשורנ־נאַליסטן איז שוין נישט געווען קיין אָרט אינעם הויפּט־זאַל.

די ליטעראַרישע חברה האָט אויף שנעל אָפּגעהאַלטן אַ „קריגס“־באַראַטונג און מען האָט באַשלאָסן, אַז קיינער זאָל איינציקווייז נישט גיין אין הויפּט־זאַל. מען

האָט אויף שנעל אימפּראָוויזירט אַ לאַנגן טיש אין איינעם פון די פאָדער־צימערן און מען האָט אַ וועקגעשיקט אַ דעלעגאַציע צו מענדעלען, דוכט זיך, אַז אַש, רייזען, גאָלדבערג, זיינען געווען אין דער דעלעגאַציע — איינצולאַדן דעם זיידן צום ליטעראַרישן טיש.

די שליחות האָט אָבער נישט געהאַט קיין דערפאָלג. מענדעלע האָט געענטפערט, אַז ער קען נישט מביש זיין דעם אָפיציעלן עולם און איז פאַרבליבן אין הויפּטזאַל, וואו ער איז באַגריסט געוואָרן פון אַלע פני העיר און פון די פאַרטרעטער פון די וואַרשעווער יידישע אינסטיטוציעס און פון די פאַרטייען.

מיר, ביים ליטעראַרישן טיש, זיינען געבליבן אַביסל, ווי אָפּגעשמיסענע און האָבן געפּראַוועט די שמחה פאַר זיך, אָבער די שמחה איז געווען אַ פאַרשטערטע.

דער ליטעראַרישער עולם איז געווען אַ היפּש ביסל ברוגז אויפן זיידן און האָט נישט פאַרשטאַנען זיין האַנדלונג.

— סטייטש! — האָט מען געטענהט — ביי אונדזער טישל: צו וועמען איז מענדעלע געקומען? צו די שיינע צילינדער־יידן, צו דעם סנאָב, וואָס איז מיטגעריסן געוואָרן מיטן אַלגעמיינעם ענטוזיאַזם, אָדער צו אונדז, זיינע אייניקלעך?

אַ שעה־דריי האָט געדויערט דער אָפיציעלער באַנקעט מיט דעם ים רעדעס, און דער אומגעדולד ביי אונדזער טישל איז אַלץ געשטיגן.

אָבער פּלוצלינג האָט זיך מענדעלע, דוכט זיך אין באַגלייטונג פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון באַנקעט, באַוויזן אין פאָדער־צימער און האָט זיך מיט אַ שמייכל אויפן פּנים דערנענטערט צו אונדזער טיש.

אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט, אייניקע האָבן געפּרואווט אַפּלאָדירן, אָבער די ברוגזע האָבן זיי אָפּגעהאַלטן.

— זעצט זיך, זעצט זיך, קינדער — האָט מענדעלע אָנגעהויבן און אין אַ טאָן פון מוסר האָט ער פאָרגערעדט:

— וועמענס שמחה איז היינט? זייערע, די יידנס אין די צילינדערס, אָדער אייערע? אַך, שקצים, שקצים, צו אייך איז געקומען אייער זיידע און איר פּראַוועט ברוגז.

— ווער זיינען די אמתע מחותנים אויף היינטיקער שמחה איר, צי זיי? האָט איר דען געזען אַמאָל, אַז אויף אַ יידישער חתונה זאָלן די מחותנים זיצן ביים טיש. זיי דאַרפן אַרומלויפן, אַרומשמאַיען אַרום די געסט...

ווי מיט אַ כישוף האָבן מענדעלעס ווערטער, וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט אַ צויבער־חנעוודיקן הומאָר, צעטריבן די ברוגזע שטימונג ביים טיש. אַלע זיינען, ווי עלעקטריזירטע אויפגעשפּרונגען פון די ערטער. עס איז אויסגעבראָכן אַן אַוואַציע, וואָס האָט נישט געוואָלט נעמען קיין סוף.

:: :: ::

עס איז, ווי רויך פארשוואונדן דער חשד, אז מענדעלע איז געווען גרייט אפ־צוגעבן כבוד און רעכנען זיך מער מיט די „פני העיר“, ווי מיט די יידישע שרייבער.

אש איז צוגעלאפן צום זיידן און האט זיך אים געווארפן אין די ארעמס. און נאכדעם האט ער גערעדט...

דאס איז געווען פון יענע מערקווירדיקע אש־אימפראוויזאציעס, ווען די שכינה רוט אויף אים, ווען פון זיין מויל שיטן זיך פערל, ווען עס בליצט פון אים ווארט און בילד־געניאליטעט.

עס איז שוין א מעשה פון 26 יאר. כ'קען, פארשטייט זיך, נישט דערמאנען זיך, וואס אש האט דעמאלט געזאגט, וואס פאר א גרויסער שאד עס איז, וואס קיי־נעם איז נישט איינגעפאלן צו פארשרייבן די רעדע פון דעם דיכטער. ווען אשס אימפראוויזאציעס וואלטן פארצייכנט ווערן, וואלט אונדזער ליטעראטור געווים רייכער געווען מיט עטלעכע וואונדערבארע קונסט־בלעטלעך וואס וואלטן אפגעשפיגלט דעם אוממיטלבארן אויסברוך פון זיין שעפערישן זשעני, ווען סע צינדט זיך אין אים דער הייליקער שאפונגס־פייער...

זעקס און צוואנציק יאר זיינען שוין אוועק פון יענעם אומפארגעסלעכן מענ־דעלע־באנקעט־אוונט, אבער אין זכרון קלינגט נאך דער עכא פון אשס באגייסטערטע און דערשיטערנדע ווערטער, וואס זיינען אנגעזאפט געווען מיט אומענדלעכער ליבע, מיט גרעניצלאזער פארערונג, און ממש פארגעטערינג פון דעם דעמאלט נאך יונגן קינסטלער־אייניקל פאר דעם קינסטלער, פאר דעם פאטער און זיידע פון דער יידי־שער ליטעראטור...

ווי פארהיפנאטיזירטע זיינען מיר אלע געזעסן.

ערשט, ווען מיר זיינען געקומען צו זיך, נאר א היפשער פויזע, זיינען אלע אויפגעשפרונגען און גענומען שטורמיש אפלאדירן.

און מענדעלע האט ארומגענומען אשן און האט זיך צעקושט מיט אים.

ביי אונדזער טיש איז אויך געווען די דעמאלט נאך יונגע קלארא יאנג. זי האט לכבוד דעם זיידן געזונגען „אלי, אלי“, און ווען זי האט געענדיקט האט מענדעלע אויסגערופן:

— צום ערשטן מאל פארדריסט מיך אויף דער ברכה, וואס איך זאג: „שלא עשני אשה“, — אנישט וואלט איך דאך צעקושט אט דעם סאלאוויטשיק...

ביז זונען־אויפגאנג האבן מיר פארבראכט מיטן זיידן אויף אט־דעם אומפאר־געסלעכן מענדעלע־באנקעט אין ווארשע, פון וועלכן מיין זכרון האט ליידער פאר־באהאלטן נאר אט־די פארצייכנטע עפיזאדן.

---

# אַ באַגעגעניש מיט אחד העמן

אחד העם איז ניט געווען דער העלד פון מיין „ראָמאַן".

דעמאָלט, ווען אין אונדזערע הערצער און נשמות האָט געקעניגט דער טרוימער־ריש־ראָמאַנטישער דיכטער־פּאָליטיקער הערצל, איז ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר דעם שטרענגן און ניכטערן דענקער אחד העם...

און דאָך האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן אין הארצן, ווען דער טעלעגראַף האָט געבראַכט די טרויעריקע בשורה, אַז דער זקן אחד העם איז געשטאָרבן.

הערצל, נאָרדוי, זאַנגוויל און איצט איז פאַרשוואונדן אחד העם, דער לעצטער פון דער גרויסער העלדן־גאַלעריע פון דער גאָלדענער עפּאָכע פון אונדזער נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, וואָס האָט באַהערשט די מוחות און געדאַנקען פון אַ גאַנצן דור, אַפילו פון די, וואָס האָבן געקעמפט און געראַנגלט זיך קעגן זיינע אידייען און קעגן זיין אויפפאַסונג פון ציוניזם.

אחד העם... זיין נאָמען איז דאָך פאַרבונדן מיט די ליכטיקסטע טעג און יאָרן פון אונדזער לעבן, ווען גאָלדענע האָפנונגען און חלומות האָבן געצונדן אונדזער הארץ, ווען עס האָט זיך אַזוי לייכט געגלויבט און באַרוישנדע זעאונגען האָבן זיך געטראָגן פאַר אונדזערע יונגע, נאָך ניט פאַרנעבלטע מיט ספקפּסים און אַנטוישונגען אויגן...

„פאַרוויל דו אויגנבליק, דו ביסט דאָך אַזוי שיין" — רייסט זיך פון די ליפּן דער געטע־פאַוסטישער שפּרוך. ווען דו קערסט זיך אום אין געדאַנק צו יענער גליקלעכער צייט מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק (פינף און צוואַנציק יאָר!) ווען אחד העם איז געשטאַנען אין צענטער פון אונדזער יונג־נאַאיווע ליידנשאַפטלעכע אידייען־קאַמפן.

אחד העם איז געשטאָרבן!

עס פאַרשווינדט דער לעצטער קלאַנג פון אַ פריידיק־שטורמישער עפּאָכע פון זוכן, שטרעבן און הויך־באַפליגלטן אידעאַליזם, פון דער צייט, ווען עס איז געשען דער פרילינגס־דערוואַכן פון דעם אַלטן יידישן פאָלק און זיין אינטעליגענץ, וואָס האָט דערשפּירט דאָס פליסן פון יונגן בלוט אין זיינע אָדערן.

יאָ, אחד העם איז ניט געווען דער העלד פון מיין ראָמאַן, אָבער ער איז געווען דער העלד, דער אומצווייפלהאַפטער גייסטיקער שטורמער פון דעם גאָלדענעם פרילינג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס דער גורל האָט אונדז באַשערט דורכצולעבן.

און זאָל ניט פעלן אונדזער בלום אויף דעם קבר פון דעם, קעגן וועמענס אי־

דייען מיר האָבן שטענדיק מיט יראת־הכבוד געראַנגלט זיך און געקעמפּט, זייענדיק געטרייַע „פּאַזשן" פון אונדזער טרוימער־קעניג — הערצלען...

:: :: ::

דאָס ערשטע מאָל האָב איך געזען אחד העמן אין סווידער, אַ דאַטשע נישט ווייט פון וואַרשע.

דאָס איז געווען אין יאָר 1904, אין דער צייט פון דעם זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס.

מיר, אַ גרופּע יונגע ציוניסטן ראַדיקאַלן פון די פאַרשידענע שאַטירונגען און מינים, — אַרבעטער־ציוניסטן (ס. ס.), הערצליסטן, אחד העמיסטן, האָבן זיך דער־וואוסט, אַז אחד העם געפינט זיך אין וואַרשע. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס צווישן אונדז זיינען ווייט נישט אַלע געווען חסידים פון אחד העמן, דאָך זיינען מיר אַלע נייגעריק געווען צו זען איינעם פון די אָנגעזעענסטע פערזענלעכקייטן פון אונ־דזער צייט. מיר האָבן תיכף באַשטימט אייניקע דעלעגאַטן וועלכע זאָלן אויסגעפי־נען, וואו מען קען טרעפן אחד העמן. די שליחות פון אונדזערע דעלעגאַטן איז גע־ווען נישט פון די לייכטע.

אחד העם האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין מערקווירדיקער באַשיידנקייט. ער איז געווען אַ קעגנער פון אָפיציעלע אויפנאַמעס און פּאַראַדן און האָט געוואָלט אויסמיידן די מאַניפעסטאַציע, וואָס מיר האָבן אים צוגעגרייט. די מקורבים פון דעם גאַסט האָבן אַלזאָ געהאַלטן בסוד, וואו און ווען מען קען זיך באַגעגענען מיט אים; דאָך איז זייער „קאָנספּיראַציע" דורכגעפאַלן און אונדזערע פלינקע שלוחים האָבן אַנטדעקט דעם „סוד", אַז אחד העם קלייבט זיך באַזוכן אין סווידער, די זו־מער־וואוינונג פון דעם וואַרשעווער פּראַוואַלטער פון וויסאָצקים טיי־געשעפט (אחד העם איז, ווי באַוואוסט, געווען איינער פון די דירעקטאָרן פון וויסאָצקים טיי־פירמע).

אין משך פון עטלעכע שעה זיינען מיר נישט אָפּגעטראָטן פון דער באַן סטאַנ־ציע אין סווידער, אָפּוואַרטנדיק יעדן צוג, וואָס קומט אָן פון וואַרשע. די אומגעדול־דיקע פון אונדז זיינען שוין גרייט געווען אַוועקצוגיין, גלויבנדיק, אַז מען האָט אונדז „אָנגעבלאָפט" מיט דער גאַנצער געשיכטע פון אחד העמס קומען קיין סווידער.

אָבער ענדלעך האָבן מיר זיך דערוואַרט און אונדזער מי איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג.

פון איינעם פון די אָנגעקומענע נאָכמיטיק־צוגן איז אַרויס פון וואַגאָן אחד העם, וועלכן מיר האָבן דערקענט לויט זיין בילד.

אייניקע פון די הייסע אחד העם־חסידים פון אונדזער גרופּע, האָבן אָן אונ־דזער וויסן צוגעגרייט אַ „סורפּריז": נישט ווייט פון דער סטאַנציע איז געשטאַנען אַ מיליטער־אָרקעסטער, וועלכער איז געקומען אויף אַ פּראָוויילונג, וואָס איז דעם

זעלבן אָוונט געווען אין סווידער. חברה האָט אָפּגעמאַכט מיטן דיריגענט, אַז מען זאָל דעם געהויבענעם גאַסט באַגעגענען מיט אַ מאַרש און לויט אַ געגעבענעם סיג-נאַל האָבן זיך תיכּף ווי אחד העם איז אַראָפּ פון די וואַגאָן-טרעפּלעך, דערהערט די קלאַנגען פון מיליטער-מאַרש, וואָס האָבן זיך צונויפגעמישט מיט די הידד-געשרייען...

אחד העם איז נישט ווייניק נשתומם געבליבן פון דעם דאָזיקן מיליטערישן „קבלת פּנים“, וואָס זיינע אייפעדיקע יונגע חסידים האָבן אים צוגעגרייט; דער מחבר פון „על פּרשת הדרכים“ איז להתחילה געווען גאַנץ ברוגז אויף דעם פּאַראַד, אָבער ער האָט נאָכדעם מיט אַ שמייכל מוחל געווען די שטיפעריי פון די יונגע אחד העמיסטישע ענטוזיאַסטן.

מיט אַ גאַנצער פּראָצעסיע זיינען מיר אַלע אַוועק אויף דער דאַטשע פון דעם פּאַרוואַלטער פון וויסאָצקי, באַגלייטנדיק דעם גאַסט.

— נו, מיט וואָס קען איך אייך דינען, מיינע הערן? — האָט זיך אחד העם געווענדעט צו אונדז אויף רוסיש, און האָט דערמיט איבערגעריסן דעם קאָנפוזן שווייגן פון אונדז אַלעמען, וועלכע האָבן פּאַרלוירן זייער קוראַזש אין דער אָנוועזנהייט פון „רבין“, וועלכער האָט אויף אונדז געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ שטרענגן גימנאַזיאַל-לערער.

איינער פון דער גרופּע, אויב דער זכרון נאַרט מיך נישט אָפּ, איז דאָס געווען ראַסקין (איצטער אַן אָנגעזעענער טוער פון דער „א. י. אַרבעטער-באַוועגונג“), האָט זיך אָנגעקליבן מיט מוט און האָט דערקלערט, אַז די תּלמידים פון אחד העם זיינען געקומען באַגריסן און אָפּגעבן כּבוד זייער לערער און דאָס איז אייגנטלעך דער הויפּט-צוועק פון דעם באַזוך.

אַזוי ווי דעם זעלבן טאָג איז אָנגעקומען אַ דעפּעשע פון באַזעל אין דער „הצפירה“ מיט הערצלס רעדע וועגן אוגאַנדאַ, האָט זיך דער וויטערדיקער געשפּרעך געדרייט אַרום אוגאַנדאַ.

איך דערמאָן זיך נאָך איצט אחד העמס איראָנישע פראַזע אין רוסיש:

— נו, גאָספּאָדאַ, קטאָ איז וואַס זנאיעט כאָראָשאָ געאָגראַפּיו, וואָזמיאָם קאַ גלאָבוס אי פּאָסמאָטרים, גדיע עטאָ נאַשאַ נאָוואַיאַ ראָדינאַ אוגאַנדאַ?

(נו, מיינע הערן, ווער פון אייך קען גוט געאָגראַפיע, לאָמיר נעמען דעם גלאָבוס און אַ קוק טון, וואו איז דאָס אונדזער ניי פאָטערלאַנד?)

און אַזוי איז דער געשפּרעך געפירט געוואָרן אין אַן איראָנישן טאָן און אחד העם האָט מיט סאַרקאַסטישע שטעך-ווערטלעך גערעדט וועגן הערצלס איגאַנדאַ-פּאָרשלאָג.

איך בין פון דעם ערשטן מאָמענט אָן געווען אַ הייסער אָנהענגער פון אוגאַנדאַ, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס דער פּאָרשלאָג איז געקומען פון הערצלען. אָבער איך האָב ניט געהאַט דעם מוט און קוראַזש צו עפענען דעם מויל צו מאַכן וועלכע ניט

איז באמערקונג אין דער אנוועזנהייט פון אחד העמן.

און אן אנטוישטער און ברוגזער אויף זיך אליין, הלמאי איך האב זיך געלאזן מיטרייסן מיט דעם אחד העם ענטוזיאזם פון מיינע חברים, האב איך זיך ארויס־געגנבעט און פארלאזן די דאטשע...

און א לאנגע צייט נאך דעם, האט מיך מיין „הערצליאנישער געוויסן" גע־פלאגט, פארוואס איך האב זיך ניט אנגענומען פאר הערצלס „קריוודע, בעת דער באגעגעניש אויף דער דאטשע אין סווידער...

צוויי און צוואנציק יאר זיינען אוועק פון יענער עפיזאד־באגעגעניש אין סווידער.

די האלב-קינדערשע קעגנערשאפט צו אחד־העמן, — וואו די הערצל טריישאפט האט געשפילט די הויפט־ראלע, — האט זיך פארביטן אויף א קלארער, טיפער און פונדאמענטאלער קעגנערשאפט צו אחד העמס שיטה און זיין גאנצער וועלט־אויפ־פאסונג, אבער ווער קען, טראץ דעם אלעמען לייקענען, אז מיטן טויט פון אחד העמען האט אונדזער דור פארלוירן איינע פון זיינע שטארקסטע פערזענלעכקייטן, איינעם פון די שענסטע אידעאליסטן, וואס האט באפרוכפערט מיט זיין געדאנק די יידישע נאציאנאלע אויפלעבונגס־באוועגונג.

# ווי אזוי מיר האבן געווארט אויף הערצלען אין ווארשע

דאס איז געווען מיט צוויי צענדליק יאר צוריק, אין דער צייט פאר דער או־גאנדא־קאנגרעס.

ה ע ר צ ל האט דעמאלט געמאכט זיין רייזע אין פעטערבורג צו זען זיך מיט דעם איצט שוין פארגעסענעם טרויעריקן העלד פון קישענעווער פאגראם, — דעם רוסישן אינערן־מיניסטער פאן פלעווע.

וועגן הערצלס פלענער און רייזע, האבן, פארשטייט זיך, געוואוסט נאר יחידי סגולה און פאר דעם ברייטן ציוניסטישן עולם איז עס געווען א שטרענגער סוד.

איינמאל, אין א זומערדיקן נאכמיטיק, דערשיינט פלוצלינג אן עקסטרא ביי־לאגע פון דער „הצפירה", וואו עס ווערט געמעלדעט:

— היינט פארטאג איז דורכגעפארן ווארשע אויפן וועג קיין פעטערבורג, ד"ר הערצל. אים האבן באגלייט נחום סאקאלאוו און אדוואקאט יאשינאווסקי. נאכדעם

ווי ער האָט פאַרבראַכט עטלעכע שעה אין שטאָט, איז ער אָפּגעפאָרן מיטן ערשטן צוג קיין פעטערבורג.

מיר, די ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע יוגנט, זיינען געבליבן געפּלעפט פון דער ידיעה.

אונדזער אויפרעגונג און איבעראַשונג האָט נישט געהאַט קיין ברעג.

סטייטש, דאָס גליק איז געווען אַזוי נאָענט. מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקייט מיט אונדזערע שטערבלעכע אויגן צו זען א י ם, דעם העלד און קעניג פון אונ־דזערע חלומות. און דאָס גליק איז פאַרשוואונדן ווי אַ מעטעאָר.

אין דעם ערשטן מאָמענט פון דער איבעראַשונג, האָבן מיר זיך נישט אָפּגע־געבן קיין חשבון פון דער פּאָליטישער באַדייטונג פון הערצלס רייזע צו פּאָן פּלעווע.

שפּעטער מיט עטלעכע טעג, האָבן זיך אין אונדזערע קרייזן פון „אַרבעטער־ציוניסטן" — ווי מיר האָבן זיך דאַן גערופן — אָנגעהויבן שטאַרקע און הייסע דע־באַטן, צי האָט הערצל געמעגט און געדאַרפט פאָרן צו דעם בלוטיקן פּלעווע, דער הענקער פון קישינעוו.

אָבער אין ערשטן מאָמענט, האָבן אָט די פּאָליטישע ספיקות אונדז ווייניק יואָס פאַרנומען. אונדזער געדאַנק און אַלע געפילן זיינען באַהערשט געווען פון דעם נייעס, אַז הערצל איז געווען לעבן אונדז, האָט שפּאַצירט אויף דער מאַרשאַלקאָווסקאַ, און מיר, אומגליקלעכע, האָבן פאַרגענעצט דעם גרויסן גליק — אין יענער יונג־שטור־מישער צייט, דאָס גרעסטע גליק פון אונדזער לעבן — צו זען אים...

ווען מיר זיינען אַביסל געקומען צו זיך, האָב איך, דער ענטוזיאַסטישסטער הערצליאַנער פון אַלע מיינע חברים, געגעבן דעם פאָרשלאַג, אַז מען זאָל גיין צו דער רעדאַקציע פון דער „הצפירה" און פאַרוואַרפן זי מיט שטיינער, פאַר דער גרויסער עוולה, וואָס זי האָט באַגאַנגען קעגן אונדז און פאַר באַהאַלטן דעם אָנקומען פון הערצל. כאָטש אויף אַזאַ אופן האָט זיך געוואָלט שטילן די אויפרעגונג פון דער גרויסער אַנטוישונג.

פאַרשטייט זיך, אַז מיין פּלאַן איז נישט אויפגענומען געוואָרן פון מיינע קי־לערע חברים, און איך האָב אַליין, נאָכדעם ווי דער ערשטער פיבער איז אַוועק, איינגעזען זיין נאַרישקייט.

עמיצן איז געקומען דער גליקלעכער געדאַנק, אַז עס איז נאָך נישט אַלץ פאַר־לוירן. הערצל מוז דאָך פאָרן צוריק פון פעטערבורג, ער וועט דאָרטן פאַרברענגען דאָך טעג בלויז. הערצל מוז ווידער דורכפאָרן וואַרשע.

איצט טאָר די געלעגנהייט נישט דורכגעלאָזן ווערן.

אַי, מען וועט געווים אויך דאָס מאָל האַלטן בסוד זיין אָנקומען, איז קעגן דעם פאַראַן אַן עצה: מיר וועלן פון מאָרגן אָן אָפּוואַרטן אַלע טאָג און נאַכט באַנען, וואָס קומען אָן פון פעטערבורג.

דערווייל האָב איך פאַרגעלייגט, אַז אַ דעלעגאַציע זאָל אַוועק צו משה יאַ־שינאָווסקי און פאָדערן פון אים, ער זאָל אונדז זאָגן, ווען הערצל קומט אָן.

דער פאָרשלאָג האָט געהאַט מער מזל. מען האָט אויסגעקליבן דריי דעלעגאַטן, אויך מיך צווישן זיי, און מיר זיינען אַוועק צו דעם אַלטן אַדוואָקאַט יאַשינאָווסקי, וואָס איז געווען דער מורשה פון פוילישן דיסטריקט.

— „וואָס ווילט איר, מיינע יונגע פריינט?" — האָט אונדז באַגעגנט דער ליבלעכער אַלטער.

מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם בין איך אָנגעפאַלן אויף אים מיט טענות, פאַרוואָס ער איז באַגאַנגען אַזאַ „פאַרברעכן" און האָט אויסבאַהאַלטן פון אונדז דעם אָנקו־מען פון אונדזער הערצל.

„אייך איז גוט, איר האָט דאָס גליק צו זיין אויף די קאָנגרעסן און זען הערצ־לען, אָבער ווען וועלן מיר האָבן די גרויסע געלעגנהייט?"

דער אַלטער יאַשינאָווסקי האָט מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל אויסגעהערט אונ־דזערע טענות און האָט זיך פאַרענטפערט, אַז די פּאָליטישע אומשטענדן האָבן גע־צוואונגען הערצלען דורכצופאָרן „אינקאָגניטאָ" וואַרשע, ווייל עס איז געווען אומ־מעגלעך אַרויסצורופן פיל אויפזען מיט זיין רייזע.

כדי צו באַרואיקן אונדז, האָט דער אַלטער אונדז צוגעזאָגט, אַז תיכף, ווי ער וועט באַקומען אַ מעלדונג פון קאַצענעלסאָנען וועגן הערצלס אַרויספאָר, וועט ער מעלדן וועגן דעם אַן ענגערן קרייז ציוניסטן און אויך אונדז.

מיט דער התראה, אַז מיר וועלן מאַכן קענען אים אַ „פּאָגראָם", אין פאַל ער וועט אונדז אָפּנאַרן, האָבן מיר זיך געזעגנט מיט דעם גוטמוטיקן און ציוניסטישן ליבלינג, וואָס האָט ביי אונדז יונגע אַרויסגערופן דעם גרעסטן יראת הכבוד מיט זיין פּאַטריאַרכאַלן אויסזען און צוליב דעם, וואָס ער איז געווען אַ „קרוב למלכות" יען געהערט צו דער הערצל־גוואַרדיע...

אָבער אויף די הבטחות פון דעם ציוניסטישן מורשה האָבן מיר זיך נישט פאַרלאָזן.

מיר האָבן באַשלאָסן אָפּצואוואַרטן יעדן צוג, וואָס קומט אָן פון פּעטערבורג. אין משך פון כמעט אַ וואָך צייט, האָבן מיר געטאָגט און גענעכטיקט אויפן פּע־טערבורגער וואָקזאַל.

ביי אַלע דריי צוגן, אינדערפרי, בייטאָג און ביינאַכט, וואָס פלעגן אָנקומען פון פּעטערבורג, זיינען מיר געווען ביים וואָקזאַל.

מיר האָבן פאַרוואָרפן די לערן־ביכער, מיר פלעגן בלייבן אָן עסן אין דער היים און האָבן די וואָך צייט געלעבט מיטן זייגער אין דער האַנט כדי חלילה נישט צו פאַרשפּעטיקן דעם באַן.

דער וואָקזאַל אין וואַרשע איז געווען באַלאַגערט מיט הונדערטער מענטשן.

אונדזער סוד האָט דערגאַנגען גאַנץ בראַד און עס האָבן זיך געפינען אַזעלכע חכמים ווי מיר, וואָס האָבן נאָכגעטון אונדזער ביישפּיל. דערהויפּט פלעגן די פּעטערבורגער אָוונט־צוגן אָפּגעוואַרט ווערן פון אַ גרויסער צאָל מענטשן.

מיט אַ פיבערהאַפּטער נערוועזקייט און קלאַפּענדן האַרצן פלעגן מיר אַרויס־לויפן אויף דער פּלאַטפאָרמע און צעשיטן זיך איבער די וואַגאָנען פון ערשטן קלאַס, מורא האָבנדיק, טאָמער בלייבט הערצל זיצן אין וואַגאָן.

די זשאַנדאַרמען און די באַן־נאַטשאַלסטווע האָט געקוקט מיט פאַרוואונדערונג אויף דער יידישער „פאַרפלייצונג".

— „קאַקאָי טאָ יעווריסקי באַראָן דאָלזשען פּריעכאַט" — עפּעס אַ יידישער באַראָן דאַרף קומען — האָבן צווישן זיך גערעדט די זשאַנדאַרמען.

מיט יעדן אָוונט איז דער עולם געוואָרן גרעסער, און דער פּעטערבורגער וואָק־זאַל איז שוין גוט באַוואַכט געוואָרן מיט פוס און רייטער־זשאַנדאַרמען.

פיר טעג און אָוונטן האָבן מיר „דעזשורעט" אויפן וואָקזאַל און אונדזער וואַר־טעניש איז געווען אומזיסט.

אויפן פינפטן טאָג, פאַרנדיק אויף דעם טראַמוויי אַפּצוואַרטן דעם אָוונט־צוג, האָבן מיר דערזען פון וויטן דעם מורשה יאַשינאָווסקי אויף אַ איזוואָזטשיק, מיט אַ גרויסן בוקעט בלומען.

דאָס האַרץ איז ביי מיר שיעור נישט אַרויסגעפאַלן פון התפעלות. אהא! מיט רעם באַן קומט אָן געוויס הערצל.

איך און מיינע באַגלייטער זיינען אַרויסגעשפּרונגען פון טראַמוויי און געלאָזט זיך לויפן צום וואָקזאַל.

אַזוי ווי בינען אַרום האָניק, האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם אַלטן יאַשינאָווסקי.

און ווען עס האָט זיך דערהערט דער קלינג פון גלאָק מיטן אָנזאָג, אַז דער צוג קומט אָן, האָט זיך ביי מיר אָפּגעשטעלט דאָס האַרץ, איך האָב נישט געקענט כאַפּן דעם אָטעם.

ווי אַ וויכער האָבן מיר זיך אַ לאָז געטון צו דער טיר פון דער פּלאַטפאָרם. מען האָט זי פאַרשלאָסן. קיין סעקונדע נישט געטראַכט, האָבן זיך הונדערטער פּליי־צעס אָנגעשפּאַרט אויף דער טיר און זי האָט זיך מיט אַ טראַסק געעפנט.

אין יענעם מאָמענט, ווען עס וואָלט פאַר אונדז געשטאַנען אַן אייזערנע וואַנט, וואָלטן מיר זי געוויס דורכגעבראָכן.

מיר וואַרפן זיך צו די וואַגאָנען פון ערשטן קלאַס, נישט אַרויסלאָזנדיק פון אויג יעדע באַוועגונג פון יאַשינאָווסקי.

אַן אָפיציר, וואָס איז אַראָפּ פון די וואַגאָן־טרעפּ, ווענדעט זיך צו אונדז: „אָן ני׳טאָם וואַגאָניע".

די ענטוזיאַסטישע מענטשן־כוואַליע, גיט זיך אַ וואָרף אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג. און פּלוצלינג:

מיר זעען יאַשינאָווסקין אָנשטאָט אין די אָרעמס פון הערצלען, אונטערן האַנט מיט אַן אַלטער דאַמע, אַ קרובה זיינע, וועלכע ער האָט באַגעגנט...

מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ שיינעם חלום, אַנטוישט און פאַרצווייפלט. אונדזער האָפנונג צו זען הערצלען איז ביטער אָפּגענאַרט געוואָרן.

מיט דעם צוג איז אָבער אָנגעקומען דער גרינדער פון ירושלימער „בית נאמן״, דער אַלטער ד״ר כאַזאַנאָוויטש.

אַ טייל פון עולם האָט זיך פון פאַרצווייפלונג אַ וואָרף געטון צו אים און געמאַכט אים אָוואַציעס, אויף וועלכע ער האָט זיך גאָרנישט געריכט.

ווען ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין קאָטש, האָבן מיר אונדזער אַנטוישטן ענטוזיאַזם אויסגעגאָסן אין אַ הילכיקן „הידד״ פאַר כאַזאַנאָוויטשן.

מיר האָבן געכאַפּט דערפאַר עטלעכע נאַגאַיקעס פון די קאָזאַקן, וואָס האָבן אונדז צעטריבן און דאָס איז געווען דער עפּילאָג פון אונדזער „אָדיסעע״ צום פּעטערבורגער וואָקזאַל, אָפּצואוואַרטן דעם „יידישן באַראָן״.

אויף מאָרגן פרי האָבן די צייטונגען געמעלדעט, אַז הערצל איז אָפּגעפאָרן פון פּעטערבורג דורך ווערזשבאַלאָוואַ.

און אַזוי האָבן מיר טאַקע נישט געהאַט די זכיה צו זען הערצלען.

אָבער יענע אויפרעגנדע, פול מיט ענטוזיאַסטישן דערוואַרטן „הערצל־וואָך״ איז געבליבן אויף לאַנג איינגעקריצט אין זכרון...

(יולי 1923)

---

## מיט שלום עליכמען פון קאָפּענהאַגען ביז ניו־יאָרק

קאָפּענהאַגען, דער געמיטלעכסטער ווינקל אין אייראָפּע. די הויפּטשטאָט פון דענעמאַרק, איז גלייך נאָך דעם אויסברוך פון וועלטקריג געוואָרן דער עיר־מקלט, וואוהין עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, ריכטיקער צוזאַמענגעלאָפן אַלע, וועמען עס איז געלונגען אַרויסצוכאַפּן זיך פון די דייטשע קריגס־נעץ.

די גאַנצע רוסיש־יידישע שריפטשטעלערישע און זשורנאַליסטישע קאָלאָניע פון בערלין האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין קאָפּענהאַגען מיטן אויסנאַם פון יענע, ווי שניאור, שמעונוביץ און אַנדערע, וואָס זיינען נישט געווען גענוג פאָרזיכטיק צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד מיט אַ טאָג פריער פאַר דער מאָביליזאַציע דערקלערונג.

איך האָב געהאָפט ביז דער לעצטער מינוט, אַז די מלחמה וועט אויסגעמיטן

ווערן און האָב זיך נישט געאײַלט צו פאַרלאָזן בערלין. מיר איז דערפאַר אויסגעקו־מען צו „פאַרברענגען" עטלעכע וואָכן אין דעלבריצער געפאַנגען־לאַגער און ערשט אין סעפּטעמבער 1914 בין איך אָנגעקומען אין דעם נייטראַלן גן־עדן פון קאָפּענ־האַגען, וואו מען האָט געקענט פריי אָפּאָטעמען פון דער בערלינער קריגס־אַטמאָספער.

צו יענער צייט איז שוין שלום עליכם מיט זיין פאַמיליע און זיין איידעם בער־קאָוויטש געווען אין קאָפּענהאַגען.

דער קריג האָט שלום עליכמען פאַרכאַפּט אין א דייטשן קוראָרט און ער האָט געדאַרפט דורכמאַכן א גאַנצע „אָדיסעאַ" ביז אים אַלס רוסישער בירגער איז געלונ־גען אריבערצוכאַפּן זיך אויף יענער זייט פון דער דייטשער גרעניץ.

די אויפרעגונגען פון דער דאָזיקער אוואַנטורע־נסיעה ביז קאָפּענהאַגען האָבן זיך שטאַרק אָפּגערופן אויף דעם געזונט־צושטאַנד פון שלום עליכמען.

די ערשטע וואָכן פון אונדזער אָנקומען אין דער דענישער הויפּטשטאָט האָבן מיר זיך אַלע געפילט, ווי ים־רייזנדע, וואָס האָבן דורכגעמאַכט א שיפס־קאַטאַס־טראָפע און זיינען ענדלעך אָנגעקומען אויף א זיכערן און גליקלעכן אינדזל.

דער פּענסיאָן, וואו שלום עליכם און זיין פאַמיליע האָבן געוואוינט איז געווען דער טרעף־פּונקט פאַר די אַלע יידישע און רוסיש־יידישע זשורנאַליסטן און כּלל־טוער, וואָס האָבן זיך געפונען אין קאָפּענהאַגען.

די הויפּט־טעמע פון אַלע געשפּרעכן ביי די באַגעגענישן אין שלום עליכמס הויז איז געווען די פראַגע: ווי לאַנג קען דויערן דער מבול, וואָס איז געקומען אויף אייראָפּע? קיינער פון אונדז האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָס אינטער־נאַציאָנאַלע לעבן קען זיך אָפּשטעלן אויף לאַנג און אַלע האָבן געהאָפט און געוואַרט, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן אין צוויי־דריי חדשים אַרום.

די האַניק־וואָכן פון דער קאָפּענהאַגענער פרייהייט זיינען אָבער שנעל אַוועק. דער דורכפאַל פון די דייטשן ביי דער שלאַכט פון מאַרנע האָט אונדז געעפנט די אויגן, אַז נישט אַזוי גיך וועט זיך פאַרענדיקן די אייראָפּעאישע קאַטאַסטראָפע.

שלום עליכם האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרטראַכטן, וואָס טוט מען ווייטער? צו פאַרבלייבן מיט א גרויסער פאַמיליע אין קאָפּענהאַגען איז נישט געווען קיין פּלאַן. דער פאַרקער מיט פּוילן האָט זיך איבערגעריסן, און מ׳האָט זיך נישט געקענט שטעלן אין פאַרבינדונג מיט די וואַרשעווער יידישע צייטונגען, און מיטן פאַרלאַג לידסקי. אויף וועמענס האַנאָראַר שלום עליכם איז געווען אָנגעוויזן מיט זיין חיונה.

אַלע פריינט, וואָס פלעגן באַזוכן שלום עליכמס הויז, האָבן אים אָנגעהויבן עצהנען ער זאָל פאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אַזוי האָט ער טאַקע באַ־שלאָסן צו טון.

אויב איך האָב קיין טעות נישט איז מיט דער מיטהילף פון דעם איצט שוין געשטאָרבענעם יידישן מעצענאַט, — דעם ניו־יאָרקער וויין־סוחר יצחק גאָלדבערג,

וועלכער איז געוועזן בכלל אַ פריינט פון דער יידישער ליטעראַטור און איינער פון שלום עליכמס גרעסטע חסידים, — געלונגען דורכפירן דעם פּלאַן פון דער נסיעה קיין ניו־יאָרק פון שלום עליכמס גאַנצער פאַמיליע, פאַר וועלכן עס זיינען צוגע־שיקט געוואָרן טעלעגראַפיש שיפסקאַרטן.

איינזעענדיק, אַז ס'איז נישט קיין פּלאַן צו פאַרבלייבן אין קאָפּענהאַגען, אָפּ־געריסן פון דער יידישער און רוסיש־יידישער פרעסע, האָב איך און מיין פריינט אָסקאַר קאַרטאַזשינסקי (אָסקאַר נאַרוועזשסקי) באַשלאָסן נאָכפאָלגן שלום עליכמס ביישפּיל און פאַרלאָזן אייראָפּע.

אין די ערשטע טעג פון דעצעמבער 1914 האָט שלום עליכם און מיר צוזאַמען מיט אים פאַרלאָזן דעם קאָפּענהאַגער האַפן אויף דער דענישער לוקסוס־שיף „פרע־דעריק 8".

גראָד מיט עטלעכע טעג פאַר אונדזער אָפּפאָרן איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די מעלדונג פון דער ענגלישער אַדמיראַליטעט וועגן דעם איינפירונג פון דער מינען־זאָנע.

„פרידריך דער אַכטער" איז געוועזן די ערשטע שיף, וואָס האָט געדאַרפט דורכ־מאַכן די געפערלעכע רייזע דורך דער מינען־זאָנע.

מיר האָבן אָנגעהויבן זיך וואַקלען צי זאָלן מיר נישט אָפּלייגן די רייזע, אָבער דער פעסטער באַשלוס פון שלום עליכמען צו פאָרן גלייך האָט געוווירקט אנטשיידנד.

אינטערעסאַנט איז צו פאַרצייכענען אַ כאַראַקטעריסטישע האַנדלונג פון שלום עליכמען אין דעם דאָזיקן פאַל. דער גרויסער שריפטשטעלער האָט פיל נישט גע־טראַכט צו שטעלן אין אַ גאַנץ באַדייטנדער ריזיק זיין לעבן, אָבער זיינע מאַנוסקריפּטן האָט ער נישט געוואָלט פירן מיט זיך און האָט זיי איבערגעלאָזן אין אַ זיכערן פּלאַץ אין קאָפּענהאַגען.

פערצן טעג האָט געדויערט אונדזער ים-נסיעה פון קאָפּענהאַגען ביז ניו־יאָרק. פּונקט דאָפּלט אַזוי פיל, ווי אין פרידנס־צייט, אָבער די צוויי וואָכן זיינען אומבאַ־מערקט פאַרשוואונדן פאַר אונדז.

פאַר שלום עליכמען איז דאָס געוועזן די צווייטע רייזע אין נאָרד־אַמעריקע, און אין די שעהן-לאַנגע שפּאַצירן אויפן שיף־דעק האָט ער אונדז „גרינע" דערציילט מעשיות און אָנעקדאָטן וועגן זיין ערשטן באַזוך אין קאָלומבוסעס מדינה און האָט אונדז באַקענט מיט דעם לעבנס-שטייגער פון דעם נייעם אומבאַקאַנטן פאַר אונדז לאַנד.

איך האָב קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז מיר קומט אויס צו זיין דער עדות פון דער לעצטער לעבנס־נסיעה פון דעם גרויסן שריפטשטעלער, און מיר איז נישט איינ־געפאַלן צו פאַרשרייבן זיינע אינטערעסאַנטע געשפּרעכן וועגן אַלע דערשיינונגען פון דעם יידישן לעבן אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס ער האָט געפירט מיט

אונדז אין משך פון די לאַנגע שפּאַצירן אויף דעם שיף־דעק פון „פרידריך דער אַכטער".

די ערשטע פיר־פינף טעג פון אונדזער רייזע זיינען געווען היבשלעך „שפּאַ־נענד" אומאַנגענעם... אויפן שיף האָט געהערשט אַ שטאַרקע נערוועזיטעט. עטלעכע מאָל זיינען מיר שטיין געבליבן אויף לאַנגע שעהן, ווייל ס'איז געווען געפערלעך צו פאָרן. די אָפטע פּראָבעס מיט די רעטונגס־שיפלעך האָבן אויך נישט געווירקט זייער דערמוטיקנד אויף די פּאַסאַזשירן.

ערגעץ נישט ווייט פון נאָרוועגן זיינען מיר געבליבן שטיין אַ גאַנצע נאַכט. דער קאַפּיטאַן האָט באַקומען אַ ראַדיאָ־מעלדונג, אַז פישער־שיפלעך האָבן געפונען שווימנדע מינען...

מיר האָבן פאַרבראַכט אַ ליל שמורים. קיינער האָט זיך נישט אַנטשלאָסן צו גיין שלאָפן. די שטימונג איז געווען נישט קיין פרייל־עכע... אָבער שלום עליכם האָט אַרויסגעוויזן אַ מערקווירדיקע גייסט־רואיקייט און מיט זיין וויציק־געמיטלעכן שמועס האָט ער אונדז געמאַכט פאַרגעסן די נישט איבעריק אַנגענעמע שעהן, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט ביז מיר זיינען אַרויס פון דער נישט געמיטלעכער מינען־זאָנע.

אין קריסטיאַניאַ, דער הויפּטשטאָט פון נאָרוועגיע, וואו די שיף האָט זיך אָפּ־געשטעלט, זיינען מיר אַלע אַראָפּ אָנצוקוקן די געבורטס־שטאָט פון הענריך איבסען און זיינען אַוועק אין דעם באַרימטן קאַפע, וואו דער גרויסער נאָרוועגישער דיכטער איז געווען אַן אַריינגייער.

שלום עליכם און זיין פרוי האָבן פאַרלאָזן אונדזער קאָמפּאַניע און זיינען אַוועק צו באַזוכן זייער קראַנקן זון אין דער נאָרוועגישער באַרג־סאַנאַטאָריע, וואו ער האָט זיך קורירט.

אומקערנדיק זיך צוריק אויפן שיף האָט מען געמערקט אויף שלום עליכמען די שווערע זאָרג פון פאָטער, וואָס האָט געמוזט איבערלאָזן אַליין זיין קראַנקן זון אין אַ פרעמדן לאַנד צווישן פרעמדע מענטשן, נישט קענענדיק אים מיטנעמען מיט זיך אין אַמעריקע.

שלום עליכם האָט ווי פאָראויסגעפילט דעם אומגליק, וואָס וועט קומען...

ווי באַוואוסט, האָט שלום עליכמס זון אין אַ קורצער צייט אַרום אומבאַמערקט פאַרלאָזן די סאַנאַטאָריע און איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, אַריינוואַרפנדיק זיך אין ים. דער דאָזיקער טראַגישער טויט פונעם זון האָט פיל מקצר געווען די יאָרן פון דעם גרויסן שריפטשטעלער.

פאַרלאָזנדיק אָבער דעם וואונדערבאַרן ווינקל פון די פיאָרדן און די געפער־לעכע מינען־זאָנע האָט זיך שלום עליכם באַרואיקט פון דעם שווערן איינדרוק פון דעם באַזוך פון זיין קראַנקן זון, און האָט זיך אומגעקערט צו זיין געמיטלעכער און

אויפגעלעגטער שטימונג, וועלכע עס האָט אים נישט פאַרלאָזן די גאַנצע צייט פון דער ים־נסיעה.

די שוועריקייטן פון דער ים־רייזע האָט שלום עליכם דורכגעטראָגן ווי אַן אַלטער „ים־וואָלף". מיר האָבן דורכגעמאַכט די עטלעכע טעג פון שטאַרקע שטורמען. קיינער פון די פּאַסאַזשירן האָט זיך נישט געהאַלטן אויף די פיס און אַלע זיינען געווען צעלייגט אין די קאַבינעס, אַטאַקירט פון שווערער ים־קראַנקייט. שלום עליכם האָט זיך אָבער געהאַלטן בראַוו. אין די שטאַרקסטע שטורעמס האָט מען געמערקט זיין אַביסל געבויגענע פיגור, שפּאַצירנדיק איבערן דעק, בעת די שיף האָט זיך געוואָרפן ווי אַ נוס־שאָל.

עטלעכע שעה אין טאָג פלעגט זיך שלום עליכם אָפּטיילן פון אונדזער קאָמפּאַניע און זיך אַ ר ו מ ד ר יי ע ן ביחידות אויפן שיף־דעק אָדער ליגן אויפן דעק־שטול מיט אַ בליישטיפט און נאָטיץ־ביכל אין האַנט.

ער האָט געאַרבעט אויף זיינע ערשטע „מלחמה"־דערציילונגען, וואָס האָבן געדאַרפט אָפּשפּיגלען די געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָט ערשט אָפּגעשפּילט פאַר זיינע אויגן אין דער פון דער מלחמה אָנגעצונדענער אייראָפּע.

איינמאָל אין אַ זוניקן נאָכמיטיק באַגעגן איך שלום עליכמען זייער פריילעך אויפגעלעגט, אַרויסקומענדיק פון דריטן קלאַס־אָפּטיילונג. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ ביקס־קויל, וועלכע ער האָט מיר טריאומפירנד באַוויזן.

— נאַ לאָוואַ אי זוועך אידיאָט — (דעם יעגער קומט צו דער האַנט די חיה) ווענדעט ער זיך צו מיר, ווייזנדיק די קויל.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אָפּשטאַמנדיק אַ באַזוך די פּאַסאַזשירן פון דריטן קלאַס האָט שלום עליכם אָנגעטראָפן אַ יידישע פרוי, איך דערמאָן זיך נישט צי פון לאָמזשע אָדער ראַדאָם, וועלכע האָט דורכגעלעבט די ערשטע טעג פון דער דייטשעסטרייכישער אינוואַזיע אין פּוילן.

אַלס פרוי פון אַן אַמעריקאַנער בירגער האָט מען איר דערלויבט אַרויסצופאָרן פונעם שטעטל און זי האָט מיטגענומען מיט זיך עטלעכע דייטשע ביקס־קוילן אַלס הריג־טראָפעען.

שלום עליכמען איז אָט דער צאַפּלדיק־לעבעדיקער מאַטעריאַל דירעקט פונעם קריגס־פראָנט געווען ווי צו דער האַנט, און ער האָט זיך געפרייט מיט דער אַנטדעקטער יידישער פּאַסאַזשירקע פון לאָמזשע, ווי איינער וואָס האָט געפונען אַ גאָלד־מינע.

די אומבאַהאָלפענע דערציילונגען פון דער פרוי האָבן גלייך געפונען זייער קינסטלערישן גלגול אין די ערשטע מלחמה־מעשיות, וואָס שלום עליכם האָט פאַרעפנטלעכט אינעם „טאָג" נאָך זיין אָנקומען אין ניו־יאָרק.

:: ::

די ערשטע טעג האָט שלום עליכם וויניק וואָס געצויגן צו זיך די אויפמערק־זאַמקייט פון די פּאַסאַזשירן, פון ערשטן קלאַס, מערסטנטייל ענגלענדער און אַמע־ריקאַנער, פון „פרידריך דעם אַכטן". שפּעטער האָט מען זיך אָבער דערוואוסט, אַז עס פאָרט דער „דזשואיש מאַרק טווען" (דער יידישער מאַרק טווען) און שלום עליכם איז געוואָרן דער צענטער פון אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט.

ווען מיר האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו ניו־יאָרק האָבן אָנגעהויבן אָנ־קומען אַ רייע ראַדיאָ־באַגריסונגען דעם גרויסן שריפטשטעלער.

שלום עליכם האָט אויך באַקומען אַ ראַדיאָגראַפישע איינלאַדונג מיט אַ הויכן האָנאָראַר־אָנבאָט פון הערמאַן בערנשטיין מיטצואַרבעטן אין דעם „טאָג", וועלכער האָט צו יענער צייט אָנגעהויבן צו דערשיינען.

ווען ס'האָט זיך פון וויטן דערזען די „סטאַטוע פון פרייהייט" זיינען צו אונ־דזער שיף צוגעשוואומען עטלעכע מאָטאָר־שיפלעך, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען די מיטגלידער פון דעם אויפנאַם־קאָמיטעט און צענדליקער רעפּאָרטערס און פאָ־טאָגראַפן פון די יידישע און ענגלישע צייטונגען.

דאָ האָבן מיר שוין פאַרלאָרן פון אויג אונדזער באַרימטן „שיפס־ברודער".

דער „יידישער מאַרק טווען" איז אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אַן אַרמיי פון פאָטאָגראַפן און זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן אים ממש באָמבאַרדירט מיט פראַגן און קלאָץ־קשיות.

פאַר די אַמעריקאַנער רעפּאָרטערס איז דער „דזשואיש מאַרק טווען" געווען די גרעסטע סענסאַציע פון טאָג און זיי האָבן געוואָלט הערן פון אים די לעצטע איינ־דריקן פון די אייראָפּעאישע שלאַכט־פעלדער, זיין מיינונג וועגן דעם דויער פון קריג און דערהויפּט זיין נביאות וועגן דעם, ווער וועט מנצח זיין אין דער מלחמה.

מיט גרויס מי האָבן די מיטגלידער פונעם אויפנאַם־קאָמיטעט אַרויסגעראַטע־וועט שלום עליכמען פון דער שטורמדיקער רעפּאָרטער־אַטאַקע...

אין אַ שעה אַרום זיינען מיר שוין אינעם ניו־יאָרקער האַפן, וועלכער איז באַ־לאַגערט געווען מיט טויזנטער מענטשן.

דאָס יידישע ניו־יאָרק האָט געמאַכט אַ קעניגלעכע אויפנאַמע פאַר דעם גרויסן שריפטשטעלער . . .

און קיינעם פון אונז איז אין יענעם פייערלעכן מאָמענט נישט איינגעפאַלן די מרויעריקע מחשבה, אַז שלום עליכם איז געקומען שטאַרבן ביי די זיכערע ברעגן פון דער דעמאָלט נייטראַלער און פרידלעכער אַמעריקע...

# ניו-יאָרק אין דער נאַכט פון פּרעזידענט-וואַלן

פינפטער נאָוועמבער, 1917.

עס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב די געלעגנהייט צוקוקן זיך פון דער נאָענט צו דעם גראַנדיעזן פּאָליטישן ספּעקטאַקל פון אַמעריקאַנער פּרעזידענט-וואַלן.

רואיק און נאָרמאַל פאַרגייט דער טאָג. ניו-יאָרק האָט כמעט זיין געוויינלעכן אויסזען. אין טויזנטער לאָקאַלן, וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע ווינקעלעך פון דער ריזן-שטאָט, פליִען די הונדערטער טויזנטער וויילער אָפּצוגעבן זייערע שטימען. מען באַמערקט אָבער גאָרנישט אויסטערלישעס. אין די ניו-יאָרקער גאַסן, וואו עס שטראָמען שטענדיק מיליאָנען מענטשן-מאַסן, וואַרפט זיך גאָרנישט אין די אויגן די ספּעציעלע וואַל-באַוועגונג.

פאַרקערט, היינטיקער טאָג זעט אויס שטילער און רואיקער, ווייל עס איז אַנטשוויגן געוואָרן דער וואַל-טאַראַראַם מיט די אומצאָליקע מיטינגען אויף אַלע גאַסן-עקן, וואָס האָבן איינעם פאַרטויבט.

ווען עס קומט אָבער דער אָוונט, בייט זיך, ווי דורך אַ כישוף, דאָס אויסזען פון ניו-יאָרק.

די ריזן-שטאָט ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ גיגאַנטישן מענטשן-ים. די מיליאָנען איינוואוינער פון ניו-יאָרק זיינען אויפן גאַס. ביי די גרויסע צייטונגען קאָכט עס ווי אין אַ קעסל. דער עולם וואַרט אויף די רעזולטאַטן פון די וואַלן.

ווער וועט זיגן: וואודראָו ווילסאָן אָדער טשאַרל יוהז?

מיר זיינען אויף דעם ריזיקן פּלאַץ „פּאַרק-ראָו", וואו עס געפינט זיך די געביידע פון דער גרויסער פּוליצער-צייטונג „דהי וואָרלד", מיט איר געגילדטן קופּאָל. דאָ איז פאַרזאַמלט אפשר האַלב ניו-יאָרק. ווער קאָן חשבונען וויפל מענטשן זיינען דאָ? הונדערטער טויזנטער, אָדער אפשר דער גאַנצער מיליאָן. ווער קאָן איבערציילן די זאַמד-שטויבעלעך ביים ברעג ים?

וויפל שטימען האָט יעדער פון די ריוואַלן אויף דעם פּרעזידענט-שטול — דאָס ווייסט מען נאָך נישט. דער ליכט-רעפלעקטאָר, וואָס געפינט זיך אויפן שפּיץ פון דעם קופּאָל פון דער „וואָרלד"-געביידע, וואַרפט אַלע ווייל אַ רויטן אָדער בלויען ליכט-שיין, דאָס רויטע ליכט זאָגט-אָן, אַז די ידיעות, וואָס קומען פון דעם וואַל-שלאַכט-פראָנט זיינען גינסטיק פאַר ווילסאָנען, און די בלויע ליכט-שטראַלן דערציילן מיט זייער שטומען ליכט-לשון, אַז דער וואָגשאָל פון דערפאָלג האָט זיך אַ בויג-געטאָן אויף יוהזס זייט.

די ערשטע שעה קאָן מען זיך נאָך נישט שאַפן קיין באַשטימטן איינדרוק פאַר-זיעמען דער וואַל-מזל איז גינסטיק. די ליכט-קאָלירן פון דעם רעפלעקטאָר בייטן זיך

מיט א מער אָדער ווייניקער רעגולערן גלייכגעוויכט, וואָס זאָגן עדות, אַז די צאָל שטימען פון ביידע ריוואַלן גלייכן זיך בערך אויס.

מיר זיינען אַלע, פאַרשטייט זיך, געווען פאַרברענטע ווילסאָניאַנער. דער ווילסאָנישער וואַל־לאָזונג ווען דעם קאַמף פאַר א געראַכטן פרידן, פאַר אַן אויסגעשפּראָכענער אַמעריקאַנער פרידנס־פּאָליטיק — האָט געוואונען אַלע אונדזערע סימפּאַטיעס. און דערפאַר, ווען דער רעפּלעקטאָר פלעגט אָנהאַלטן לענגער דעם רויטן ווילסאָן־שיין פלעגן אונדזערע הערצער טאַנצן פון פרייד, און אונדזער שטימונג פלעגט זינקען, ווען עס פלעגט זיך אָפּטער באַווייזן דאָס בלויע ליכט, וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם וואַל־דערפאָלג פון יוהז.

ארום ניין דעם זייגער אין אָוונט האָט אונדז ארומגעכאַפּט א געפיל פון טיפן אומרו. דער רעפּלעקטאָר פון דער „וואָרלד" האָט אָנגעהויבן אַלץ אָפּטער און אָפּטער ווארפן דעם בלויען ליכט־שיין. דער וואַל־באַראָמעטער האָט זיך אָנגעהויבן ווייזן גינסטיק פאַר ווילסאָנס ריוואַל.

מיר פאַרלאָזן דעם „ראָו־פּאַרק". אין א געדריקטער, אָבער נאָך נישט פאַרצווייפלטער שטימונג לאָזן מיר זיך גיין, מיין פאַרשטאָרבענער פריינט ד"ר א. קאָראַלניק און איך, אין יידישן קוואַרטאַל, אין דער „איסט־סייד".

נעבן דער געביידע פון „פערוועורטס" אויף דער איסט־בראָאַדוויי, שטייט אַן עולם פון צענדליקער טויזנטער מענטשן. דאָ ווערן די רעזולטאַטן פון די וואַלן נישט געמאָלדן דורך ליכט־סיגנאַלן. דער „טראַנספּאַראַנט" אויף דעם באַלקאָן פון דעם „פאָרוועורטס" גיט־אָן קאָנקרעטע ציפערן, און די שפּראַך פון די ציפערן איז ליידער גענוי אַזוי אומגינסטיק, ווי די ליכט־שיין פון דעם רעפּלעקטאָר פון „וואָרלד".

טשאַרל יוהז האָט שוין אָנגעיאָגט און אַריבערגעיאָגט ווילסאָנען, אמת, בלויז אין עטלעכע צענדליק טויזנט שטימען, אָבער די לאַגע איז ערנסט און די נצחון־אויסזיכטן פון „אונדזער" קאַנדידאַט ווערן שוין צווייפלהאַפט און פּראָבלעמאַטיש.

מיר גייען אַרויף אין דער רעדאַקציע פון „טאָג". דאָרטן איז אַן אמתע מהומה צווישן די ווילסאָן־חסידים. עס איז דאָ פאַרזאַמלט די גאַנצע רעדאַקציע און א סך פריינט פון דער צייטונג. די טעלעגראַפישע אַפּאַראַטן וואַרפן אַרויס אויטאָמאַטיש די שמאָלע פּאַפּיר־סטענגעס מיט די דאַטן וועגן די וואַל־רעזולטאַטן פון די פאַרשיידענע דיסטריקטן און שטאַטן.

מיר „גרינע" הערן זיך צו מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט צו די מיינונגען פון די עלטערע אַמעריקאַניזירטע קאָלעגן. עס זיינען דאָ פאַראַן אמתע ספּעצן אין דער וואַל־אַריטמעטיק; אייניקע פון זיי זיינען זייער פּעסימיסטיש און האַלטן, אַז ווילסאָנס זאַך איז שוין פאַרלוירן. עס זיינען אָבער אויך פאַראַן אָפּטימיסטן, וועלכע גלויבן נאָך, אַז ווילסאָן קאָן אָניאָגן אין אייניקע שטאַטן פון „וועסט".

שפעט נאָך האַלבער נאַכט פאַרלאָזן מיר די „איסט־סייד" און לאָזן זיך אין דאַון־טאַון, אויף בראָאַדוויי.

דאָ אין צענטער פון שטאָט איז אַן אמתער קאַרנאַוואַל. בראָאַדוויי איז פאַר־פלייצט פון מענטשן־כוואַליעס. מען טומלט און מען ליאַרעמט מיט פאַרשידענע מכשירים. מען גראַגערט, מען טרובעט און מען פייפט.

די וואַל־נאַכט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גיגאַנטישן פאָלקס־יום־טוב. די סטיכיע פון פאָלקס־פרייד האָט זיך ווי אָפּגעריסן פון די קייטן. דאָס ערנסטע, אַר־בעטזאַמע און „פאַרביזנעוועטע" יענקי־פאָלק האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שטיפע־רישן קינד. דאָ שטיפן אָבער מיליאַנען קינדער, און מאָמענטנווייז דוכט זיך דיר אויס, אַז דו ביסט אַריינגעפאַלן אין אַ גראַנדיעזן, גיגאַנטישן משוגעים־הויז...

אַן ביטערער פאַרדרוס כאַפּט דיך אַרום. אָט־דעם ריזן־המון גייט עס ווייניק אָן, ווער עס האָט געוואונען, און זיי נעמען זיך נישט צום האַרצן, וואָס עס האָט פאַר־שפּילט דער גרויסער הומאַניסט, וואודראו ווילסאָן...

מיר זיינען אויף דעם „טיימס"־סקווער. דער שמאָלער, פּערציק־שטאָקיקער „וואָלקענקראַצער", וואו עס געפינט זיך די רעדאַקציע פון „ניו־יאָרק טיימס", שטייט אין האַרץ פון בראָאַדוויי, אין דעם באַוועגלעכסטן ווינקל פון ניו־יאָרק, אויף דעם סאַמע עק פון דער צוויי־און־פערציקסטער גאַס. פון ווייטן מאַכט די שמאָלע און הייכע „טיימס"־געביידע דעם איינדרוק פון אַ ריזיקער האַרפע.

פון דעם טורעם פון „טיימס" ווערן אויך געגעבן ליכט־סיגנאַלן דורך אַ רע־פלעקטאָר. דאָ זיינען אַנדערע ליכט־פאַרבן, ווי ביי דער "וואָרלד". דער געלער שיין איז דער ווילסאָן־צייכן און די ווייסע סנאָפּעס ליכט זיינען אַן אָנזאָג פון יוהזס נצחון.

נאָך צוויי דעם זייגער ביינאַכט באָדט זיך די ריזן־שטאָט, כמעט אויסשליסלעך אין ווייסע סנאָפּעס ליכט, וואָס קומען פון דעם גיגאַנטישן שיין־וואַרפער אויף דעם טורעם פון דעם „טיימס"-וואָלקנקראַצער.

און וואָס העלער און עקשנותדיקער עס איז דער „טיימס"־טורעם, אַלץ טונקע־לער ווערן אונזערע האָפנונגען, אַז ווילסאָן זאָל זיך נאָך אַרויסראַטעווען מיט די שטימען פון דער „ווייטער וועסט", פון די ווייטע מערב־שטאַטן.

די שעהן רוקן זיך. דערשלאָגענע און אַנטמוטיקטע וואַנדערן מיר איבער די צענטער־גאַסן פון ניו־יאָרק צווישן דעם יובלענדן און ווילד־טומלדיקן המון, פאַר וועמען די נאַכט פון די פּרעזידענט־וואַלן איז אַ פריידיקער קאַרנאַוואַל.

מאָמענטנווייז כאַפּט זיך אַריין צווישן די סנאָפּעס ווייסן ליכט, אַ געלער ליכט־שטראַל. עס צינדט זיך אָן אויך אַ רגע די האָפנונג. אפשר וועט געשען אַ נס און אונדזער ווילסאָן וועט אָניאָגן זיין ריוואַל. אָבער דאָס דויערט נאָר איין רגע.

באַלד לעשט זיך אויס דער געלער ליכט־שטראַל און צוזאַמען מיט אים אונזער האָפנונג.

פיר אַזייגער פאַרטאָג גייען מיר פאַרביי דעם „אַסטאָר“־האָטעל. דאָ איז די הויפּט־קוואַרטיר פון די רעפּובליקאַנער און דאָ וואוינט דער רעפּובליקאַנישער פּרעזידענט־קאַנדידאַט, טשאַרלס יוהז.

עטלעכע מינוט נאָך פיר באַווייזט זיך אויף דעם באַלקאָן פון האָטעל די פאָן פון דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

אַלץ איז שוין אַלזאָ געענדיקט.

ווילסאָן האָט פאַרשפּילט. עס ווייעט שוין די פאָן פון דעם זיגער. נישטאָ אויף וואָס צו וואַרטן און אויף וואָס צו האָפן. די לעצטע דערוואַרטונגען אויף די שטימען פון דער „ווייטער וועסט“ האָבן אונדז אָפּגענאַרט.

באַזיגטע און דערשלאָגענע פאַרלאָזן מיר דעם טומלדיקן צענטער, וואו דער מיליאָן־קעפּיקער המון וויל זיך נישט באַרויקן, ווי אַן אויפגעברויזטער ים...

אין דעם „סאָבוויי“ (סובטעראַנעאָ) לייענען מיר אין דער לעצטער אויסגאַבע פון „וואָרלד“, דעם אָפיציעלן אָרגאַן פון דעמאָקראַטישער ווילסאָן־פּאַרטיי, די עדיטאָריעלע באַגריסונג פאַר דעם נייעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

„דער קאַמף איז געענדיקט — זאָגט די צייטונג — און איצט באַגריסן מיר יוהזן אַלס דעם פּרעזידענט פון אַלע אַמעריקאַנער“.

אגב, דערוויסן מיר זיך פון דער צייטונג וועגן דער רירנדער פאַמיליען־סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין „אַסטאָר“־האָטעל. די יוהז־פאַמיליע האָט די גאַנצע נאַכט פאַרבראַכט מיט פיבערדיקער שפּאַנונג ביי די טעלעפאָן און טעלעגראַף־אַפּאַראַטן. יוהז אַליין איז געזעסן מיט זיינע נאָענטסטע פריינט אין אַ דערבייאיקן סאַלאָן און געשמועסט. האַלב נאָך דריי האָט זיך די פרוי יוהז אריינגעריסן, ווי אַ שטורעם אין דעם סאַלאָן און, ארומנעמענדיק איר מאַן, האָט זי אים באַגריסט אַלס פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

יוהז — אַזוי האָט דערציילט די צייטונג — האָט זיך געזעגנט מיט זיינע פריינט און איז אַוועק שלאָפן.

אָבער אויף מאָרגן האָט יוהזן, ווי אונדז אַלעמען דערוואַרט אַן איבעראַשנדער סורפּריז.

יוהז האָט זיך אין דער נאַכט פון 5־טן נאָוועמבער געלייגט שלאָפן אַלס אויסגעוויילטער פּרעזידענט פון דער נאָרד־אַמעריקאַנישער נאַציע און האָט זיך אויפגעכאַפּט אַלס פּשוטער בירגער.

די וואַל־דאַמען, וואָס זיינען אָנגעקומען שפּעטער פון דער „ווייטער וועסט“, האָבן באַוויזן, אַז ווילסאָן הויבט אָן צו באַקומען אַ קליינעם איבערגעוויכט אין די שטימען. ביי די דריי־פיר טעג האָט געדויערט די אומזיכערקייט אין דעם אויסגאַנג

פון די פרעזידענט-וואלן ביז עס זיינען אנגעקומען די שטימען פון די ווייט־אפגע־לעגנטע רוראלע דיסטריקטן אין דער „ווייטער וועסט", וואס האבן ענדלעך געגעבן דעם נצחון ווילסאנען, דוכט זיך, מיט עטלעכע הונדערט טויזנט שטימען.

די האפנונג אויף דער „ווייטער וועסט" האט אונדז דאך, סוף־כל־סוף, נישט אפגענארט...

---

# פון לייפציג קיין בוענאס-איירעס

לייפציג 1905 — דער ערשטער גרינדונגס־צוזאמענפאר פון דער ציו־ניסטיש-סאציאליסטישער פארטיי (ס. ס.), בוענאס־איירעס 1919 — דער ערשטער גרינדונגס־צוזאמענפאר פון דער פועלי־ציון פארטיי אין ארגענטינע.

פערצן יאר זייגען דערוויל אוועק — — —

אך, וואס פאר א לאנגער, שווערער וועג.

וויפל דערנער און ווי ווייניק בלומען ליגן אויף אים, און דאך ווי טייער און הייליק איז ער מיר דער וועג פון הימל־דערגרייכנדע האפנונגען, פון אפגרונד־פאר־זונקענע אנטוישונגען, פון פלאמענדן גלויבן און ביטערן, נאגענדן יאוש...

געבענטשט זאל זיין דער וועג! פארמאטערט האט ער, שאטנס געלעגט אויף דער נשמה, אבער דאך נישט צעבראכן און ענדלעך פארט געבראכט צום ציל...

:: :: ::

לייפציג, די גאסטפריינטלעכע הויפטשטאט פון זאקסן, איז געווען דער אנ־הויב פונעם וועג.

אונטער דעם פרישן רושם פון די פריידן און לײדן פון די היסטארישע „אקטו־בער־טעג" האבן מיר זיך פארזאמלט אוועקצולייגן די ארגאניזאציאנעלע און טעא־רעטישע יסודות פון דער מעכטיקער צו יענער צייט נאציאנאל־ציוניסטישער באווע־גונג, פון דער שטארקסטער נאכן „בונד" — ס. ס. פארטיי.

די ווינטן פון רעאקציע האבן אונדז קיין לייפציג געבראכט. אין רוסלאנד איז שוין געווען צו איינגעשטעלט צו פארזאמלען זיך, און מיר האבן זיך באנוצט מיט דער איינלאדונג פון די דייטשע סאציאליסטן.

ס'איז א וואונדער־שיין בלעטל פון סאציאליסטישער סאלידאריטעט, די טעג וואס מיר האבן אין לייפציג פארבראכט. פרעמדע, אויסלענדער זיינען מיר געקומען

אהין... און אונדזער נאָמען אַלס יידישע סאָציאַליסטן איז גענוג געווען זיי זאָלן עפענען פאַר אונדז טיר און טויערן.

ווי האַרציק און ברידערלעך זיי האָבן אונדז באַגעגנט. אין משך פון פ י ר וואָכן, וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט געדויערט, האָבן זיי אונדז מיט אָפענע אָרעמס אויפגענומען אין זייערע פּריוואַטע היימען און געזעלשאַפטלעכע לאָקאַלן.

און די גוטמוטיקע און פאַרוואונדערטע זאַקסישע סאָציאַליסטן זיינען עדות געווען, ווי מיר האָבן אין משך פון טעג און נעכט די מוחות געשאַרפט, ווי אַזוי צו באַגרינדען די היסטאָרישע נויטווענדיקייט פונעם ציוניזם־טעריטאָריאַליזם, ווי אַזוי שלום צו מאַכן מאַרקסן מיט אוגאַנדע...

נישט ווייניק אויפרעגנדע און דראַמאַטישע מאָמענטן האָבן מיר איבערגעלעבט אין ל יי פּ צ י ג, בעת די אומלאָגישע אידישע ווירקלעכקייט האָט זיך נישט געוואָלט אריינפּאַסן אין דער מאַרקסיסטישער לאָגישער פאָרמולע פונעם „סטיכישן פּראָצעס"...

געווען אַ מאָמענט, ווען אונדזער בנין האָט שוין געהאַלטן אינגאַנצן ביים איינפאַלן, דאָס איז געווען בעת מיין פריינט, חבר און לערער י ע ק ב ל ע ש־צ י נ ס ק י, האָט פּלוצלינג פאַרענדיקט זיין פאָרטראַג מיט אַן דערקלערונג, אַז מיר ווייסן נישט און קענען נישט טעאָרעטיש פאָרמולירן דעם וועג, וואָס פירט אונדז מיט „היסטאָרישער נויטווענדיקייט" צום פּריילאַנד...

אַ שוואַרצער אָפּגרונד האָט זיך פּלוצלינג געעפנט פאַר אונדז...

ס'האָט זיך דעמאָלט אָפּגעשפּילט אפשר דער מערקווירדיקסטער עפּיזאָד פון דער יידישער פּאַרטיי־פּאָליטישער געשיכטע, פון אונדזערע טעאָרעטישע וואַנדלונגען און זיכענישן: דער גאַנצער צוזאַמענפאָר האָט זיך פּלוצלינג פאַרוואַנדלט אין אַ אבלים־אסיפה און דער רוב פון אונדז האָבן זיך וויינענדיק צערוקט אין די ווינקעלעך פונעם גרויסן זאַל. אויף אַ מאָמענט האָט זיך אונדז אַלעמען געדוכט, אַז אַלץ איז פאַרלוירן, ביז מיר זיינען נישט געקומען צו זיך אָפּגעמונטערט פון אַ פּשוטער שטאַרקער פּראָטעסט־רעדע פון איינעם פון די איינפאַכע אַרבעטער־דעלעגאַטן: „איר, אינטעליגענטן, אייך פעלט דער לעבעדיקער חוש פונעם לעבן — האָט זיך צעבייזערט אויף אונדז דער דווינסקער אַרבעטער־דעלעגאַט, — איר פּלפּולט און ברעכט זיך דעם קאָפּ אויף טעאָריעס; מיר דאַרפן האָבן אַ ט ע ר י ט אָ ר י ע און נ י ש ט ק יי ן ט ע אָ ר י ע"...

יעקב לעשצינסקי, דער גייסטיקער פאָטער פון דער רוסישער ס. ס. באַוועגונג, איז אַוועק אַ פאַרצווייפלטער פונעם צוזאַמענפאָר. אונדז איז דאָך אָבער געלונגען פאַרענדיקן די אַרבעט און צוזאַמענשטעלן די באַרימטע עמיגראַציאָנס־טעאָריע פונעם טעריטאָריאַליזם.

איך מיין אויך היינט צו טאָג, אַז אַ געוויסער טעאָרעטישער אמת איז פאַראַן

אין אונדזער לייפּציגער אויפפאַסונג פונעם עמיגראַציאָנס־פּראָבלעם, והראיה אונ־דזערע פּועלי־ציון חברים אין פּוילן און רוסלאַנד האָבן זיך אומגעקערט איצט צו דער ס. ס.׳ישער עמיגראַציאָנס־טעאָריע און באַגרינדן זייער פּאַלעסטיניזם כמעט על פּי דער לייפּציגער מעטאָדע.

אָבער אין לעצטן סך־הכל האָט דער ערשטער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר אין לייפּ־ציג נאָר טעאָריע געשאַפן, די טעריטאָריע איז ערגעץ פאַרבליבן הינטער די אומדערגרייכבאַרע וואָלקנס...

אוגאַנדאַ, קירענאַיקאַ, מעסאָפּאָטאַמיע און די פּאָרטוגעזישע אַנגאָלאַ, דאָס זיינען אַלץ עטאַפּן געווען אויף אונדזער שווערן זו־כער־וועג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין לייפּציג. דאָס זיינען אָבער בלויז פאַלשע וואַנדער־פייערן געווען, וואָס האָבן אונדז גערופן, גענאַרט און געפירט פון ביטע־רער אַנטוישונג צו יאושדיקער פאַרצווייפלונג...

אַך, ווי שווער ס׳איז געווען דער וועג פון עקשנותדיקן און אומגעדולדיקן זוכן, פון אויפבליצנדע און אויסגעלאָשענע האָפענונגען. דאָס זיינען פאַר דער נשמה די וואַנדער־יאָרן אין מדבר געווען.

:: :: ::

די מלחמה און די ווידער־אויפגעלעבטע האָפענונג אויף ארץ ישראל האָט אַן אַנדערע געמאַכט צו דעם טראַגישן בלאָנדזשען, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין לייפּ־ציג אין יאָר 1906. אונדזערע באַרעכטיקטע ספקות וועגן די קאָלאָניזאַציע־מעג־לעכקייטן אין ארץ־ישראל און דערהויפּט די אָפּוואַרפונג פון דעם אוגאַנדאַ־פּראָיעקט האָבן מיך, ווי די גאַנצע ס. ס. פּאַרטיי אָפּגעריסן פונעם ציוניזם און צע־שיידט אויך מיט דער פּועלי־ציוניסטישער באַוועגונג.

כמעט צוועלף יאָר האָט די צעשיידונג געדויערט. אַ לאַנגער שווערער וועג איז פאַר דער צייט דורכגעמאַכט געוואָרן און שוין אויפן שוועל פון ציל איז בישט קיין לייכטער קאַמף אויסגעפאַכטן געוואָרן מיט מיינע אידייען־חברים, די אַמעריקאַנער ס. ט. אַ קאַמף מיט איינגעוואָרצלטע ספקות בנוגע צו ארץ־ישראל.

די מלחמה איז דאָך געוואונען געוואָרן. דער וועג האָט דאָך צום ציל געבראַכט. איך בין צוריק אין דער היים אויפן גרויסן היסטאָרישן דרך המלך, וואָס פירט צו די ליכטיקע ברעגן פונעם נייעם ארץ־ישראל.

לייפּציג, בונקאָס־איירעס, צוויי צוזאַמענפאָרן, צוויי עפּאָכן.

לייפּציג איז געווען די טראַגישע התחלה פון דעם שווערן בלאָנדזשענדן יסורים־וועג, פון גרויסן ליידנשאַפטלעכן וועלן און טראַגישן נישט קענען. דער אומגעדולד צו דערלייזן וואָס גיכער די יידישע אומה האָט מיך און

מיינע חברים פאַרפירט צו די אָפּנאַרנדע, זאַמדיקע ברעגן פון אוגאַנדאַ, קירענאַיקאַ און אנגאָלאַ. אין דער שוואַרצער נאַכט פון דער יידישער ווירקלעכקייט האָבן אָפּ־נאַרנדע וואַנדער־פייערן ווי שטערן געלויכטן, זיי האָבן זיך אָבער פאַרלאָשן ווי נאָר מיר האָבן זיך דערנענטערט צו זיי.

בוענאָס־איירעס, דער ערשטער גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון דער פועלי־ציון פאַרטיי אין ווייטן אַרגענטינע — דאָס איז פאַר מיר דער גליקלעכער ציריקקער אויפן ברייטן דרך המלך, אויפן וועג וואָס פירט דורך קאַמף־ליידן און פרייִדיקער אַרבעט צו די ליכטיקע ברעגן פון ארץ־ישראל, וואו עס שיינט שוין אַרויס פון הינטער די וואָלקנס די גאָלדענע זון פון דער אידישער צוקונפט...

עס קומט אויפן זין דער הייַנישער פערז:

גליקלעך דער מאַן, וואָס האָט דעם האַפן דערגרייכט...

(דעצעמבער 1919)

# דער היסטאָרישער זין פון חלוציזם

וואָס האסטו מיר צו זאָגן אין
מיין שעה פון נאָל?
פאַרענדיק ביזן דעק די קוואַל
פון ביטערניש און צאָרן,
און ווער געגרויסט...
נישט ברעד די זיילן
פון די פלישתים אין דיין כעס,
נאָר בוי דיין אייגן הויז,
דיין אייגן הויז,
מיט אַל דעם כוח פון זיין האַס,
ברודער מיין...

י ה ו א ש

די דראַמאַטישע געשעענישן פון די מאַסן־פּאָגראָמען אין דעם צאַרישן רוס־לאַנד אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָבן געגעבן דעם אימפּולס פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער ערשטער חלוצישער באַוועגונג צווישן יידן, וואָס דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס די פּרעלודיע און אָנזאָג פון דעם העראָאישן פּיאָנערטום פון אונדזערע טעג.

אונטער דעם דערשיטערנדן רושם פון דעם צאַרישן פּאָגראָם-אַנטיסעמיטיזם איז ביי אַ טייל פון דער רוסיש-יידישער אוניווערזיטעט־אינטעליגענץ דערוועקט געוואָרן דער העראָאישער ווילן צו פאַרלאָזן דאָס גלות-לאַנד און אַוועקגיין אין דעם דעמאָלט פּוילשטענדיק וויסטן ארץ ישראל און בויען די אייגענע נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידי־שן פאָלק.

אונטער דעם לאָזונג „בית יעקב לכו ונלכה“ איז אַנטשטאַנען די אַזוי-גערופענע „בילו“־באַוועגונג, וואָס האָט, נישט קוקנדיק אויף איר קליינעם פאַרנעם, געשפּילט אַ גרויסע היסטאָרישע ראָלע אינעם ציוניזם און דעם אויפבוי פון דעם ארץ ישראל ישוב. די צענדליקער העראָאישע פּיאָנערן פון „בילו“ האָבן אַוועקגעלייגט דעם יסוד פון דער מאָדערנער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל און האָבן געשאַפן די באַזע, אויף וועלכער עס איז אַנטשטאַנען דער גרויסאַרטיקער בנין פון דעם איצטיקן ישוב אין לאַנד.

אמת, אַז די מיליאָנען פון באַראָן עדמונד ראָטשילד וואָלט די באַוועגונג פון אונדזערע ערשטע „בילו"־פּיאָנערן נישט געבראַכט די פּראַקטישע קאָלאָניזאַטאָרישע רעזולטאַטן וואָס זי האָט געגעבן. עס איז אָבער אויך אַן אומבאַשטרייטבאַרער היסטאָרישער אמת, אַז אָן דער מסירת נפשדיקער קרבנות־גרייטקייט און דעם עקשנות־דיקן אידעאַליזם פון די „בילו"־מענטשן וואָלטן די באַראָנישע מיליאָנען גאָרנישט געבראַכט און ראָטשילד וואָלט, וואַרשיינלעך גאָרנישט געטראַכט צו אינוועסטירן אַזעלכע ריזיקע קאַפּיטאַלן אין דעם פּאַרוואָרלאָזטן און וויסטן לאַנד.

דאָך, טראָץ די אָן צוויפל פּאָזיטיווע און היסטאָריש וויכטיקע דערגרייכונגען פון די „בילו"־פּיאָנערן, וואָס האָבן דורכגעלייגט דעם ערשטן וועג קיין ארץ ישראל, איז דער „בילו"־באַוועגונג נישט באַשערט געווען צו פאַרוואַנדלען זיך אין אַ מאַסן־דער שיינונג און מיטרייסן מיט זיך ברייטע שיכטן פון דער יידישער אינטעליגענץ און פון די יידישע מאַסן.

די צייט און די היסטאָרישע באַדינגונגען זיינען נאָך נישט רייף געווען פאַר אַ מאַסן־באַוועגונג קיין ארץ ישראל.

פאַר די יידישע מאַסן, פאַר דער יידישער אינטעליגענץ וואָס זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דעם אַמאָליקן רוסלאַנד, דורך דעם אַנטשטאַנענעם קאַפּיטאַליזם, האָט זיך אין די אַכציקער יאָרן געעפנט דער ברייטער און לייכטערער וועג פון דער עמיגראַציע אין צפון־אַמעריקע, און דערפאַר האָט דער ביישפּיל פון דער סעלעקטער און העראָאישער מינאָריטעט פון די „בילו"־פּיאָנערן נישט געפונען קיין נאָכאַמונג און זיי זיינען פאַרבליבן איינזאַם און אַליין אויף זייער שווערן און דערנערפולן חלוצים־וועג, וואָס האָט געפירט צו ארץ ישראל.

עס האָבן געדאַרפט אַוועקגיין צענדליקער יאָרן. עס האָט געדאַרפט קומען די גרויסע אוניווערסאַל־קאַטאַסטראָפע פון וועלט־קריג און רעוואָלוציעס, און אין דעם שטורם פון אומקום און יסורים, פון דער פולער פאַרניכטונג פון דער יידישער ווירטשאַפט און פון דער צעשטערנדער כוואַליע פון די שרעקלעכע און בלוטיקע פּאָגראָמען, וואָס האָבן באַגלייט דעם בירגער־קריג און רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, איז געבוירן געוואָרן די נייע מאַסן־באַוועגונג פון דעם היינט־צייטיקן חלוצישן ציוניזם.

אינעם פייער פון קריג, פּאָגראָמען און אומקום איז אויסגעשמידט געוואָרן דער העראָאישער שאַפונגס־און בויאונגס־ווילן, לכתחילה פון דער רוסיש־יידישער און נאָכדעם פון דער יידישער יוגנט איבער דער וועלט, וואָס האָט געשאַפן אָט די אַלע גרויסע וואונדער, פון וועלכע מיר זיינען איצט עדות אין ארץ ישראל.

צוויי גרויסע אידייען זיינען די מאָטאָרישע קראַפט פון אָט דער וואונדערבאַרער באַוועגונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען „חלוציזם".

דער גרויסער חורבן, וואָס די מלחמה האָט פאַראורזאַכט אין דער יידישער ווירטשאַפט פון מזרח־אייראָפּע, האָט באַשיינפּערלעך באַוויזן דער יידישער יוגנט

און דער יידישער אינטעליגענץ די נויטיקייט צו מאַכן אַ סוף צו דער באַדנלאַזיקייט פון די יידישע לופט־פּרנסות און איבערבויען די יידישע נאַציאָנאַלע עקאָנאָמיק אויף יסודות פון פּראָדוקטיווער און שעפערישער אַרבעט. נישט קיין טעאָריעס, נאָר די טרויעריק־טראַגישע יידישע עקאָנאָמישע ווירקלעכקייט אין דער מלחמה און נאָך־מלחמה עפּאָכע האָט געלערנט די יידישע יוגנט דעם אמת פון דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן פּראָגראַם וועגן דער אומנאָרמאַליטעט פון דער יידישער נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיק, וועלכע איז אינעם שטורם פון דער מלחמה צעשמעטערט געוואָרן, ווי אַ קאָרטן־שטיבל. בעת די פּויערים און קוואַליפיצירטע אַרבעטער פון די מלחמה־לענדער האָבן גלייך ווי דער קריג האָט זיך געענדיקט, און אפילו בעת דעם קריג געהאַט די מעגלעכקייט צו באַשעפטיקן זיך מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט און אומקערן זיך צום אַקער און צום ווערקשטאַט. איז דער יידישער סוחר, לופט־מענטש און פּראָפעסיאָנאַל געבליבן באַדנלאָז און אויסגעוואָרצלט און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן עקאָנאָמישן פּאַריער און פּאַראַזיט; ער איז אַרויסגעשפּיגן געוואָרן פון דער ווירטשאַפט פון די לענדער, וואָס האָבן דורכגעמאַכט די מלחמה־צעטריסלונג.

אונטער דעם דרוק פון אָט דער ביטערער עקאָנאָמישער רעאַליטעט איז ביי דער יידישער יוגנט געבוירן געוואָרן די אידייע פון אַרבעט, די רעליגיע פון אַרבעט, דער מעכטיקער שטרעבן איבערצובויען דאָס יידישע לעבן אויף די יסודות פון פּראָדוקטיווער אַרבעט, וואָס איז דער שטאַרקסטער אינספּירירנדער פאַקטאָר פון דעם ציוניסטישן חלוציזם.

די גרויסע סאָציאַלע דערשיטערונג וואָס איז פאַרגעקומען אין אייראָפּע נאָך דער מלחמה, האָט אויך איינגעפלאַנצט אין דער יידישער יוגנט דעם סאָציאַלן אידעאַליזם, די טיפע איבערצייגונג, אַז אונדזער נאַציאָנאַלע באַפרייאונג מוז באַגלייט זיין מיט דער סאָציאַלער דערלייזונג פון ייד און מענטש און אַז די נייע יידישע געזעלשאַפט, וואָס מיר גייען בויען אין ארץ ישראל, דאַרף באַזירט זיין אויף די פונדאַמענטן פון סאָציאַלער גערעכטיקייט.

די הויפּט־קראַפט פון דער חלוציאַנישער באַוועגונג באַשטייט אין דעם, וואָס דער סינטעז פון סאָציאַליזם און ציוניזם, וואָס דער ציוניסטישער סאָציאַליזם האָט נאָך פאַר דער מלחמה געשאַפן אין דער טעאָריע, איז פאַר דעם חלוציאַניזם געוואָרן אַ געבאָט פון פּראַקטיק, פון ממשותדיקער רעאַליטעט.

דאָס נייע וואָרט, דער נייער פּראַקטישער סאָציאַלער אמת פון דעם חלוציאַניזם בשטייט אין דעם, וואָס ער האָט באַגריפן, אַז דער סאָציאַליזם קאָן נישט פאַרווירקלעכט ווערן בלויז דורך פּאָליטישע מעטאָדן, נאָר אַז עס איז נויטיק די פּראַקטישע איבערדערציאונג פון מענטשן אין סאָציאַליסטישן גייסט און פאַרוואַנדלען די סאָציאַליסטישע טעאָריע אין דעם סטימול פון דעם אינדיווידועלן און קאָלעקטיוון לעבן.

די ארץ ישראלווירקלעכקייט האָט פיל מיטגעהאָלפן צו דעם טריאומף פון חלוציזם.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע מאַסן-איינוואַנדערונג אין ארץ ישראל, האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דאָס לאַנד ווי זי איז און דאָס יידישע פאָלק, ווי עס איז אין איצטיקן סאָציאַל-עקאָנאָמישן צוזאַמענשטעל, זיינען נישט צוגעפּאַסט איינער צום אַנדערן.

אין דעם פאַרוויסטן און פאַרוואָרלאָזטן לאַנד איז נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר גרויסער אימיגראַציע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז נויטיק צו שאַפן באמת אַ ניי לאַנד; מען דאַרף בויען דערפער, שטעט, הייזער, פאַבריקן און וועגן. מען מוז ערשט שאַפן און אויפבויען ארץ ישראל פון דאָס ניי, מיט אייגענע הענט און מיט־לען, כדי דערמעגלעכן די איינוואַנדערונג פון גרויסע מאַסן.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס יידישע פאָלק, ווי עס איז, אַ פאָלק פון סוחרים, לופט און גייסט־מענטשן, קאָן נישט מאַסנווייז עמיגרירן קיין ארץ ישראל.

יידן האָבן, למשל, געקאָנט מאַסנווייז עמיגרירן אין צפון־אַמעריקע, ווייל אין אַ לאַנד פון צוואַנציק מיליאָן פאַרמער־קאָלאָניסטן און פערציק מיליאָן אַרבעטער, האָבן געקאָנט געפינען פּלאַץ אויך עטלעכע מיליאָן יידישע סוחרים, פאַרמיטלער און באַלמעלאָכעס.

אין ארץ ישראל איז נויטיק געווען אויפצובויען איבעראַניים דאָס לאַנד און איבערבויען די גאַנצע סאָציאַלע סטרוקטור פון דעם יידישן פאָלק, פאַרוואַנדלענדיק די נישט-פּראָדוקטיווע עלעמענטן אין פאַרמער און אַרבעטער. אָן דעם איבערגאַנג וואָלט אוממעגלעך געווען אַ גרעסערע יידישע איינוואַנדערונג אין ארץ ישראל. און אַזוי אַרום איז געשען, אַז דער סוביעקטיווער, אידעאַליסטישער צוועק און ציל־באַ-וואוסטער ווילן פון דער חלוציאַנישער באַוועגונג איז צונויפגעפאַלן און האָט האַר־מאָניזירט מיט די אָביעקטיווע באַדינגונגען, מיט דער אָביעקטיווער צוואַנגס-נויט פון דעם לאַנד פון דער יידישער אויסלייזונג. דער סוביעקטיווער נאָבל־הומאַניסטי־שער און נאַציאָנאַל־סאָציאַלער אידעאַליזם האָט געפונען זיין פעסטן און סאָלידן אָנשפּאַר אין די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון ארץ ישראל.

דאָ ליגט אפשר דער טיפער סוד פון דעם פולן טריאומף פון דעם חלוציאַניזם און אַלע זיינע סאָציאַלע עקספּערימענטן אין ארץ ישראל. די אַלע פּרוּוון פון קאָלעקטיוויסטישע קאָלאָניעס אין נאָרד־אַמעריקע און אַנדערע לענדער האָבן גע-מוזט דורכפאַלן, ווייל דער סוביעקטיווער אידעאַליזם האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון דער אַרומיקער קאַפּיטאַליסטישער ווירט-שאַפט,בעת אין ארץ ישראל איז כמעט נישטאָ קיין אַנטאַגאָניזם צווישן דעם סוב-יעקטיוון אידעאַל און אָביעקטיווע באַדינגונגען.

ווען דער יצר הרע פון עקאָנאָמישן עגאָאיזם און אינדיווידואַליזם זאָל אפילו

גובר זיין דעם קאָלעקטיוויסטישן און קאָאָפּעראַטיוון אידעאַליזם איז אין ארץ ישראל אָביעקטיוו אוממעגלעך די איינאָרדנונג פון אַ גרעסערער מאַסע אויף די יסודות פון אינדיווידואַליסטישער ווירטשאַפט און אומפּראָדוקטיווע באַשעפטיקונג.

אַזוי אַרום קאָן מען זאָגן, אַז די קאָלעקטיוויסטיש-קאָאָפּעראַטיווע קבוצה איז נישט בלויז אַ פּראָדוקט פון סאָציאַל-באַנייערישע געדאַנקען און טעאָריעס, נאָר איז אַ פּועל-יוצא פון דער אייגנאַרטיקער ארץ ישראל-ווירקלעכקייט און פון די געגע־בענע פאַרהעלטענישן.

עס וואָלט אָבער געווים געווען אַ גרויסער טעות צו פאַרמינערן דעם פאַקטאָר פון דעם העראָאישן אידעאַליזם און מערקווירדיקער קרבנות-גרייטקייט פון דעם חלוציאַניזם, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט די וואונדער, וואָס מיר זעען אין ארץ ישראל. אָן דעם העראָאיש-אידעאַליסטישן ווילן, וואָס האָט דערגרייכט צו אַ רע־ליגיעזן עקסטאַז, וואָלט אוממעגלעך געווען בייצוקומען דעם מדבר צו מאַכן פּרוכט־באַר אַ באָדן, וואָס איז טויזנטער יאָרן געווען פאַרוויסט, צו פאַרוואַנדלען מאַלאַריע־זומפּן אין פּעלזיק-שטייניקע אויסגעברענטע בערג און וואונדערבאַרע גערטנער, וואו נאָך צוויי טויזנט יאָר וויסטקייט בליען מאַראַנצן, ווייַנגערטנער און תבואה-זאַנגען.

די וואָס זיינען באַקאַנט מיט דער קאָלאָניאַלער געשיכטע פון גרויס-בריטאַניע ווייסן, אַז כדי צו דעראָבערן פאַר דער ציוויליזאַציע די אַמאָליקע וויסטענישן פון די ענגלישע קאָלאָניעס און דאָמיניעס, האָבן די ענגלישע קאָלאָניזאַציע-געזעלשאַפטן באַנוצט זיך מיט דער צוואַנגס-אַרבעט פון פאַרברעכער; די ערשטע קאָלאָניסטן-דער־אָבערער פון צפון-אַמעריקע זיינען געווען מענטשן, וועמען דער אידעאַל פון רעלי־גיעזער פרייהייט האָט געטריבן אויף יענער זייט אַטלאַנטיק.

אַלזאָ נאָר צוואַנג, אָדער רעליגיעזער עקסטאַז האָט געקאָנט באַוועגן מענטשן צו דער איבערמענטשלעך-שווערער אַרבעט פון קאָלאָניזאַטאָרישן פּיאָנערנטום אין די וויסטע געגנטן פון דער וועלט.

דאָס זעלבע איז אויך אין אַ גרויסער מאָס געשען מיט דעם ציוניסטיש-סאָציאַ־ליסטישן חלוציזם אין ארץ ישראל.

דער אָבעקטיווער צוואַנג פון דער דערשיטערנדער עקאָנאָמישער נויט, וואָס איז ארויסגערופן געוואָרן דורך דעם מלחמה און רעוואָלוציע-חורבן אין די לענדער פון מזרח און צענטראַל-אייראָפּע און דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אידעאַליזם האָט ארויסגערופן צום לעבן די מערקווירדיקע העראָאישע חלוצים-באַוועגונג, ביי וועל־כער די אַרבעט איז געוואָרן אַ רעליגיע און אַ אימפּעראַטיווער פּאָסטולאַט.

נישט קיין קליינע ראָלע אין דער אַנטשטייאונג פון דעם חלוציזם האָבן אויך געשפּילט די טראַגישע יידישע איבערלעבונגען בעת די שרעקלעכע און גרויזאַמע אוקראַינער-פּאָגראָמען, וואָס האָבן אַנטפּלעקט פאַר דער יידישער סאָציאַליסטישער

יוגנט און אינטעליגענץ דעם טיפן אָפּגרונט פון דער דראַמע פון דער יידישער באָדן און היימלאָזיקייט.

דאָס האָט באַוואויגן אַ גרויסן טייל פון דער סאָציאַליסטיש־אָריענטירטער יידישער יוגנט און אינטעליגענץ אַנצואַווענדן זייער רעוואָלוציאָנערן אימפּעט און ענערגיע פאַר דער קאָנסטרוקטיוו-שאַפנדער אַרבעט פון דעם אויפבוי פון אַן אייגענער נאַציאָנאַלער יידישער היים אויף דעם יסוד פון זעלבסט־אַרבעט און די פּרינציפּן פון דעם קאָנסטרוקטיוון סאָציאַליזם.

דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער חלוציזם האָט פאַרווירקלעכט דעם וואונטש און די ברכה פון אונדזער גרויסן נאַציאָנאַלן פּאָעט, י ה ו א ש.

די יידישע דערשיטערנדע דראַמע פון דער עפּאָכע פון צוזאַמענברוך, מלחמה, רעוואָלוציעס און פּאָגראָמען, איז געוואָרן פאַר דעם חלוציאַניזם אַ אימפּולס פון הערלאישן יידישן און סאָציאַלן שאַפן אין די וויסטע בערג און זומפּיקע טאָלן פון ארץ ישראל.

(סעפּטעמבער 1939)

---

## די דראַמאַטישע „העצליאַדע“

(אויף דעם 19־טן ציוניסטישן קאָנגרעס)

די באַראַטונג פון דער אַרבעטערפראַקציע איז נאָך געווען אונטער דעם גוואַלדיקן רושם פון די שווערוואָגיקע ווערטער פון בן גוריון.

פּלוצלינג דערשיינט אין זאַל און דערנענטערט זיך צום פּרעזידיום אַ הויכער, ברייט-פּלייציקער זקן, אַ מאָנומענטאַלע פיגור.

דורכן זאַל גייט דורך אַ פליסטערן:

ווער איז דאָס?

איינער פון מיינע שכנים זאָגט אַרויס די סברה, אַז דאָס איז איינער פון די וועטעראַנען פון די שווייצאַרישע סאָציאַליסטן, וואָס איז געקומען באַגריסן די באַראַטונג.

אָבער דאָס רעטעניש ווערט באַלד אויפגעקלערט. דער פּאָרזיצנדער, שפּרינצאַק, נעמט דאָס וואָרט און דערקלערט: דער ניינצנטער קאָנגרעס וועט דאַרפן באַשליסן ענדגילטיק די פראַגע וועגן אַריבערפירן הערצלס רעשטן קיין ארץ ישראל. וועגן דעם גייט אַ גרויסער וויכוח אין די לייטנדע ציוניסטישע קרייזן. איינע מיינען, אַז דאָס אַש פון הערצלען דאַרף זיך געפינען אויפן הר הצופים אין ירושלים און אַנדערע טייטשן אוים דעם ווילן פון הערצלען, אַז זיין לעצטער רו־פּלאַץ דאַרף זיין

אויפן הר הכרמל. צוליב דעם וויכוח האָט מען ביז איצט נישט דערפילט די פריער־דיקע קאָנגרעס־באַשלוסן וועגן איבערפירן הערצלס רעשטן קיין ארץ ישראל.

שפּרינצאַק דערקלערט, אַז כדי צו וויסן דעם רצון פון הערצלען האָט דער פּרע־זידיום איינגעלאַדן איינעם פון די לעצטע ביים לעבן געבליבענע הערצל־פריינט, וואָס איז איצט דער איינציקער ממונה אויף דעם אויספירן פון דער הערצל־צוואה, דעם ה׳ ר אָ ז ע נ פ ע ל ד.

עס באַקומט דאָס וואָרט דער וואונדערבאַרער זקן.

איך בין געוועזן צו דערשיטערט איך זאָל קענען געדענקען אַלץ, וואָס עס האָט געזאָגט הערצלס פריינט, און וויכטיק איז דאָך נישט, וו אָ ס ער האָט געזאָגט, נאָר ו ו י ער האָט געזאָגט. איך קען זאָגן נאָר איינס. עס האָט געלוינט מיין לאַנגע דריי־וואָכנדיקע ים־נסיעה פון דער ווייטער אַרגענטינע קיין לוצערן, כדי דורכצו־לעבן אָט דעם אומפאַרגעסלעכן דערהויבנדן מאָמענט, כדי זוכה זיין צו זען אַזוי פיל מענטשלעכע גרויסקייט, צו פילן אַזוי פיל ליבע צו גרויסקייט און מענטשלעכער דערהויבנקייט...

שטיל, רואיק אָן שום אפעקטאַציע, נאָר מיט אַ ציטערדיק וויברירנדער שטימע האָט גערעדט אָט דער זעלטענער גרייז־גראָער מאַן. אַזוי רעדט אַ מענטש, וואָס דערפילט אַ געטלעכע שליחות, און ר אָ ז ע נ פ ע ל ד באַטראַכט, ווי אַ רעלי־גיעזע זיין מיסיע דורכצופירן הערצלס ווילן, די צוואה פון דעם פריינט.

„איך וויל זיך פאַר אייך פּרעזענטירן, איך בין הערצלס אינטימסטער פריינט נאָך פון יאָר 1884, ווען הערצל האָט נאָך נישט געטראַכט וועגן „יידנשטאַט“. איך האָב אים באַגלייט זיין גאַנצן לעבן און האָב געהאַט אויך דעם אומגליק צו שטיין ביי זיין טויטן־בעט. איך ווייס אַלע הערצלס געדאַנקען, ווייל ער האָט מיר אַלץ פאַרטרויט און איך ווייס פּאָזיטיוו זיין לעצטן ווילן. און אָט בין איך געקומען צו אייך אַלס צו דער הערשנדער פּאַרטיי אויפן קאָנגרעס. איר מוזט ווירקן, אַז הערצלס ווילן זאָל דערפילט ווערן. איך וועל נישט פאַרלאָזן לוצערן ביז דאָס וועט געשען“.

און ראָזענפעלד דערציילט אַ גאַנצע רייע עפּיזאָדן און שמועסן מיט הערצלען, ווען ער האָט אויסגעדריקט דעם וואונטש צו געפינען זיין אייביקע רו אויפן הר הכרמל. ער ברענגט אויך און לייענט אַ גאַנצע רייע דאָקומענטן, בריוו און גביות־עדות פון די הערצל־פריינט, וואָלפסאָן, קאָמענעצקי און הערצלס סעקרעטאַר, נאָך.

איך וואָלט געקענט אייך טעג און נעכט דערציילן וועגן הערצלען. די וועלט ווייסט נאָך נישט וועגן זיין גרויסקייט. מען ווייסט אפילו נישט וועגן אַלע הערצל־דאָקומענטן. אָט וועט איר איבעראַשט ווערן אין עטלעכע חדשים אַרום, אַז איר וועט זיך דערוויסן, אַז עס איז געפונען געוואָרן אַ היסטאָרישער הערצל־דאָקומענט, וואָס דער פאַרשטאָרבענער האָט געוואָלט, אַז ער זאָל פאַרעפנטלעכט ווערן אין הונדערט

יאָר אַרום נאָך זיין טויט. איך קען אייך זאָגן נאָר איינס, אז דאָס יידישע פאָלק האָט פאַר טויזנטער יאָרן, זינט משה רבינו, נישט געהאַט אזא מאַן.

דאָס איז נישט געווען קיין רעטאָרישער זאַץ. אזוי רעדט א מענטש, וועלכער גלויבט מיט אַלע פיבערן פון זיין נשמה אין דעם, וואָס ער זאָגט.

די באַלפור־דעקלאַראַציע איז אויך דאָס ווערק פון הערצלען. הערצל האָט אין זיינע שמועסן מיט די ענגלישע שטאַטסלייט, מיט טשעמבערליינען, ללאָיד־דזשאָרזשן און אַנדערע צוגעגרייט די באַלפור־דעקלאַראַציע. עס איז לעכערלעך, אז איין פאַר־מיי וויל נעמען אין מאָנאָפּאָל הערצלען, ער איז דער קנין פון דער גאַנצער אומה.

און ער דערציילט און דערציילט עפּיזאָדן און שמועסן בעת וועלכע הערצל האָט אויסגעדריקט זיין וואונטש צו רוען אויפן הר הכרמל.

עס איז געווען א טאָג פאַרן 4־טן ציוניסטן קאָנגרעס. הערצל האָט זיך דער־פילט שלעכט. „מיט מיר איז שוין אויס" — האָט ער געזאָגט — עס קומט דער מאָמענט פון מיין אייביקער רו אויפן כרמל". א צווייטער עפּיזאָד: מען האָט אריי־בערגעפירט דעם טויטן קערפּער פון הערצלס פאָטער אויפן ווינער בית־עולם. די פריינט האָט זיך איינגעגעבן איינרעדן הערצלען ער זאָל דערביי נישט זיין. אָבער אין דעם מאָמענט, ווען מען האָט אַראָפּגעלאָזן דעם טויטן־קאַסטן אין קבר איז הערצל דערשינען. ער האָט אַריינגעקוקט אין גרוב און האָט זיך א וואַקל געטון. א טויט־בלאַסן האָט מען אים אַוועקגעפירט.

„באַלד איז אויך מיין רייע. מיך וועט דאָס יידישע פאָלק אַוועקפירן אויפן כרמל־באַרג" — האָט ער געזאָגט זיין פריינט קאַמענעצקין.

און עס רעדט ווייטער דער ווונדערלעכער זקן: הערצלס פּלאַץ איז נישט אויפן הר הצופים. ער איז מיט אים נישט געווען גייסטיק פאַרבונדן. זיין גייסט איז געווען צו יידיש־אוניווערסאַל, און דערצו, אויפן באַרג הצופים איז שוין דאָ דער יידישער אוניווערזיטעט. דאָרטן זיינען די קברים פון פינסקער און אחד העם. איך אונטערשעץ נישט זייער היסטאָריש־יידישע גרויסקייט. אָבער הערצל קען נישט זיין איין גרויסער צווישן גרויסע, איינזאַם מוז זיין זיין לעצטער רו־פּלאַץ אויפן הר הכרמל. צופוסנס ליגט חיפה, די באַדייטונג פון וועלכער הערצל האָט פאָראויסגעזען און פאָראויסגעזאָגט, פון באַרג כרמל שפּרייט זיך אויס די פּאַנאָ־ראַמע, וואָס איז ווירדיק הערצלס גרויסקייט...

און ער רעדט ווייטער און ווייטער. ער ווייסט, אז יעדע מינוט איז טייער ביי די דעלעגאַטן, אָבער ער וויל נאָך עפּעס דערציילן וועגן הערצלס גרויסקייט. ער לייענט הערצלס א בריוו צו נאָרדויען, וואו ער רעדט וועגן דער נויטיקייט פון ציוי־ניסטיש־ענגלישער האַנדלס־געזעלשאַפט, וואו ער ווייזט אָן אויף דער גוואַלדיקער ראָלע, וואָס ענגלאַנד קען שפּילן אין דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם... דער בריוו

איז נישט נעבכן געשריבן, ער איז שוין אַלט 38 יאָר, ווייזט אונדז דעם דאַטום אָט דער טרייער הערצליאַנער...

ער האָט געענדיקט. די פאַרזאַמלטע, צווישן וועלכע עס זענען פאַראַן פילע פון דער פאַרהאַרטעוועטער אין אַרבעט אין ארץ ישראל יוגנט, וואָס האָט שוין הערצלען נישט געקענט, געפינען זיך, ווי אונטער אַ היפּנאָז. הערצלס גייסט האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט זיינע פליגלען איבערן זאַל...

און דער פאָרזיצנדער ענטפערט קורץ דעם טייערן, דעם מערקווירדיקן הערצלפריינט, דעם הערצל-אַפּאָסטאָל:

„מיר זיינען יעדן טאָג מקיים מיט אונדזער אַרבעט אין ארץ ישראל הערצלס צוואה און מיר וועלן אויך דערפילן זיין לעצטן רצון..."

און דער אַלטער איז באַרואיקט און דאַנקבאַר אַוועק...

יאָ, איך בין גרייט צו דאַנקען די געטער פאַר דער זכיה דורכצולעבן אָט די גרויסע מינוטן...

(לוצער, סעפּטעמבער 1935)

---

# דער דראַמאַטישער הויך-פּונקט פון לוצערן

(דער דועל אָש — בן גוריון)

עס איז נישט בלויז מיין מיינונג. אַלע וואָס זיינען אַנוועזנד געווען אויף אָט דער היסטאָרישער צוזאַמענקונפט אין רעסטאָראַן-סאַלאָן פון לוצערנער קונסט-הויז דערקלערן, אַז דאָס איז געווען זייער גרעסטע און דערהויבנסטע דערלעבניש.

דאָס איז געשען אויפן דריטן טאָג נאָכן קאָנגרעס-שלוס. אין לוצערן איז געווען האַרבסטיק-אומעטיק. עס האָט זיך געענדיקט דער גרויסער יאַריד. עס איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס לעבן און די פיבערהאַפטע באַוועגונג אַרום דעם קאָנגרעס-בנין. פאַריתומטע דרייען זיך אַרום איבער דעם פּוסט-געוואָרענעם קונסט-הויז די פאַרבליבענע דעלעגאַטן און עטלעכע זשורנאַליסטן. אויבן אין די קליינע צימערן זיינען די זיצונגען פון די קאָמיסיעס פון דער אַגענץ-קאָנפערענץ.

לוצערן האָט פאַרלוירן זיין יום-טובדיקן אויסזען און דער דריבנער רעגן פאַרשטאַרקט נאָך די האַרבסט-שטימונג. עס האָט זיך שוין געוואָלט, וואָס שנעלער אַוועק פון דאַנען. און ווען מען האָט מיר געזאָגט, אַז אין אָוונט וועט פאָרקומען אַ באַגעגעניש ביי אַ גלעזל טיי צווישן די פירער פון דער „הסתדרות" און די דעמאָקראַטישע מיטגלידער פון דער „איידזשענסי", האָב איך געהאַט ווייניק חשק צו

גיין אהין. נאך א אסיפה! — האב איך מיט פארצווייפלונג זיך געזאגט...

צום גליק האב איך אבער גובר געווען דעם יצר־הרע אויסצורוען זיך, כאטש אייז אוונט און בין אוועק אין רעסטאראן־זאל פון קונסט־הויז.

איך האב דארטן באגעגנט מיינע אלטע פריינט און חברים פון אמאל, וואס זיינען געקומען צו דער „איידזשענסי". דארט איז געווען יעקב לעשצינסקי. לאצקי־בערטאלדי, יעפרויקין, דער נארו־אמעריקאנער יידישער סאציאליסט אלעקס קא־הען, א רומעניש־יידישער וועטעראן פון דער סאציאליסטישער באוועגונג, געלערנ־טער און אנדערע.

שלום אש איז געווען צווישן די „ניט־ציוניסטישע" מיטגלידער פון דער אגענץ.

געעפנט די פארזאמלונג האט זלמן רובאשאוו, מיט א זעלטן גייסטרייכער און טעמפעראמענטפולער אימפראוויזאציע. ער האט הארציק און מיט יראת־הכבוד בא־גריסט, ווי ער האט געזאגט, די בעסטע פארטרעטער פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואס רעפרעזענטירן „א דור פון שווערע נסיונות" און פיינלעכע זוכענישן, און וועלכע האבן זיך איצט דערנענטערט און אפגעשאצט די שעפערישע דערגרייכונגען פון ארבעטנדן ארץ ישראל.

רובאשאוו האט אנגעוויזן, אז דער ציל פון דעם צוזאמענקונפט איז אויסצוגע־פינען דעם וועג, ווי צו מאכן א יש און ממשותדיקס פון דער איידזשענסי. „איר זענט בלוט און פלייש פון אונדזער פלייש, און איר דארפט אונדז העלפן, ווי צו מאכן פון דער איידזשענסי א גרויסע פאלקס־זאך. אין דער איידזשענסי האט מען גע־וואלט צוציען אונדזערע געלט־זעק. נו, האבן מיר איצט נאר זעק אן געלט... מיר באטראכטן פאר באליידיקנד פאר אייך דעם צונאמען „נאן־זייאניסט" און מיר דער־ווארטן פון אייך דעם גרויס: יא".

אויף אט דער שטורמיש־הארציקער באגריסונג האט דער ערשטער געענטפערט לאצקי־בערטאלדי. „מיר זיינען טיף גערירט — האט ער געזאגט — פון אייער הארציקן ברוך הבא. עס איז איבעריק צו זאגן, צו וועלכן לאגער מיר געהערן. מיר באטראכטן די הסתדרות, ווי א וואונדער, ווי דעם גרעסטן וואונדער פון דער יידישער געשיכטע. יידן זיינען געוואוינט צופיל חברן זיך מיט זיך אליין און קענען זיך נישט אפשאצן. גויים זעען אונדז אפט בעסער. דאס פאסירט מיט ניט־יידישע היסטאריקער, וואס באשעפטיקן זיך מיט יידישער געשיכטע. מיר, וועלכע זיינען געשטאנען אן א זייט פון אייער ארבעט, זעען אין אייך דעם תיקון, די גרעסטע דערגרייכונג. איר האט פארווירקלעכט אונדזערע חלומות. מיר זיינען ביין פון אייער ביין. מיר האבן אייך נישט געזען בשעתו, מיר האבן אייך נישט פאראויסגעזען. דאס איז אונדזער זינד, אייער זארג איז אונדזער זארג. מיר זיינען איצט מיט אייך, צו פארשטארקן אייערע פאזיציעס, צו פארזאמלען דאס

גאַנצע יידישע פאָלק אַרום ב אַ ר ג ס י נ י. דאָס איז דערוויל נישט דער־גרייכט געוואָרן. דאָס מוז אָבער איצט געשען.

עס קענען קומען קאַטאַסטראָפעס, מען דאַרף זיין גרייט און דערפאַר דאַרף מען זאַמלען דאָס גאַנצע פאָלק.

די ציריכער אייִדזשענסי־קאָנפערענץ איז דאָך געווען אַ מאָראַלישער פאַקטאָר, וואָס האָט געהאָלפן צו באַגעגנען די קאַטאַסטראָפע פון 1929. איצט דאַרף מען מאַכן אַ שריט ווייטער, כדי צו דערגרייכן דעם הויפּט־ציל פאַרן זאַמלען דאָס גאַנצע פאָלק אַרום באַרג סיני... אונדזער אויפגאַבע וועט זיין אַריינצובלאָזן אַ רוח חיים אין דער אייִדזשענסי...

עס נעמט נאָכדעם דאָס וואָרט י. עפּרויקין. זיין רעדע איז געווען אַ מוסטער פון אומברחמנותדיקער זעלבסט־קריטיק און מוטיקן זעלבסט־אַנאַליז. „עס וועט זיין גוט צו זאָגן דעם אמת ביזן סוף. דער גרעסטער טייל פון אונדז איז געווען מיט אייך און איז אַוועק פון אייך. פאַרוואָס? ביי אונדז איז נישט געווען גענוג שטאַרק דער ווילן צו טאָט. דאָס פילאָזאָפירן איז געווען שטאַרקער. אונדז איז נישט געפעלן די ציוניסטישע משפחה. מיר האָבן געטענהט, אַז זי איז צו באַלעבאַטיש... אויסגע־לאָזן האָט זיך אָבער, אַז די אמתע ראַדיקאַלן זענט איר געווען. מיר האָבן זיך גע־נאַרט. די אמתע רעוואָלוציאָנערן זיינען געווען די, וואָס האָבן געשאַפן רעוואָלוציאָ־נערע מעשים. ס'איז אונדז אומאַנגענעם דאָס צו זאָגן. צו זיין אַ בעל־תשובה איז שווער. מיר האָבן אָנערקענט דעם טעות אַביסל צו שפּעט, נאָך די מיידלשע יאָרן...

איך רעד דאָ צו אייך נישט ווי אַ געזעלשאַפטלער, נאָר ריין מענטשלעך.

אָבער אַ שטיקל קאָמפּלימענט מעגן מיר זיך דאָך דערלויבן צו מאַכן זיך אַליין, מיר האָבן גובר געווען אונדזער שטאָלץ און אונדזער עקשנות. אַנדערע זיינען פאַר־בליבן ביי זייער פוסטער גאווה און עקשנות... מיר האָבן אָבער צו פיל אַכטונג צו זיך אַליין צו מאַכן זיך קאָמפּלימענטן. איינס מוזן מיר יאָ זאָגן, עס איז דאָך פאַראַן אַ ריס צווישן אונדז. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ נייע אַטמאָספער, צו וועלכער מיר קענען זיך נישט אינגאַנצן צופּאַסן. עס ברענט נאָך ביי מיר אַ פייער אויף אייך פאַרן טראַנספער...

אָבער מיר זיינען מוחל דעם טראַנספער, מוחל די אַטמאָספער, צוליב דעם וואונדער, וואָס איר האָט געשאַפן, דעם וואונדער, וועגן וועלכן לאַצקי האָט גע־רעדט. צוליב אָט דעם וואונדער בויג איך דעם קאָפּ פאַר אייך. אַ האַרציקן דאַנק אייך, וואָס איר האָט געפונען פאַר נוצלעך צו רעדן מיט אונדז. בן־גוריון האָט גערעדט וועגן אַ מיליאָן משפחות אין ארץ ישראל. דאָס דאַרף נאָך אַוודאי גע־דויערן. אָבער, ווער ווייסט, אפשר זענט איר אַזעלכע „פּאָקוסניקעס" (קונצנמאַכער) אַז איר וועט דאָס אויך באַווייזן. מען דאַרף זוכן דאָס פאָלק. ווען דער באַרג קומט

נישט צו מאהאָמעטן מוז געשען דאָס פאַרקערטע... מען מוז זוכן נישט סתם יידן, נאָר די אָרגאַניזירטע יידן, וואָס זיינען פאַרזאַמלט אין די פילאַנטראָפּישע און קולטורעלע אינסטיטוציעס, אין ביקור חולים, לאַנדסמאַנשאַפטן א. א. וו. א מאסע קען מען אָנצינדן מיט גרויסע אידעאַלן.

אין איידזשענסי דאַרף זיין פאַרטראָטן פון איין זייט דער אָרגאַניזירטער ציוניזם און אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס און אַנשטאַלטן (קהילות, בענק, קאָאָפּעראַטיוון). דאָס איז איצט געוואָרן א מעגלעכקייט. עס איז נישטאָ קיין אָפּאָזיציע אין די קהילות.

איך פאַרטרעט זעבציק טויזנט אָרגאַניזירטע יידישע פאָלקס־מענטשן אין פראַנקרייך. מיר האָבן זיך אוודאי אָנגעשטויסן אויף א געוויסן ווידערשטאַנד אין דער פאַרטרעטערשאַפט פון די מזרח־יידן. די בונדיסטן האָבן געשטימט קעגן אונדז, אָבער זיי זיינען נישט אוועק פון דער אָרגאַניזאַציע.

דער איידזשענסי געדאַנק איז געווען א ריכטיקער, זיין פאַרווירקלעכונג איז אָבער א שלעכטע.

מיר מאַכן איצט דעם ערשטן פּרואוו אריינצוטראָגן א נייעם גייסט אין דער איידזשענסי. מיר שטעלן ארויס לאַצקים קאַנדידאַטור אין דער עקזעקוטיווע. זי וועט נישט אַדורך. אָבער דאָס וועט זיין דער ערשטער קלאַפּ".

עפרויקינס רעדע האָט געמאַכט א שטאַרקן רושם. ער האָט גערעדט, ווי זיין שטייגער, פּרעציז, קלאָר. עס איז געווען א האַרציקער און שניידיקער אין פאָרם ווידוי . . .

נאָכדעם האָט גענומען דאָס וואָרט יעקב לעשצינסקי. פאַר די 25 יאָר, וואָס איך האָב אים נישט געזען איז ווייס געוואָרן זיין קאָפּ, ער שפּרודלט אָבער מיט זיין שטענדיקער לעבנס־ענערגיע און ענטוזיאַזם.

לעשצינסקי ווייזט אָן, אַז ער האָט געקעמפט קעגן ציוניסטן, אָבער נישט קעגן ציוניזם. אָפט האָב איך זיך געפּרעגט, וואָס טו איך אין דער איידזשענסי, ווייס איך דען נישט דעם גלייכן וועג, כדי צו זיצן צוזאַמען מיט בערלען (קאַצענעלסאָן) און זלמנען (רובאַשאָוו)?

ווען די פּועלי־ציון אין פּוילן וואָלטן כאָטש איין דריטל פון זייער ענערגיע, וואָס זיי גיבן אָפּ ארץ ישראל יווידמען דער קעגנוואַרט־אַרבעט, וואָלט איך געווען מיט זיי.

איך וויל זיך באַזעצן אין ארץ ישראל, אָבער איך וויל האָבן דאָס רעכט צו פאָרן צו דעם „ייוואָ". ווען אין די העכערע קלאַסן פון די ארץ ישראל־שולן וואָלט מען געלערנט יידיש, וואָלט איך רואיק קענען פאָרן צום ייוואָ־קאָנגרעס אין ווילנע.

איך בין נישט קיין איידזשענסי־מענטש, נאָר אייערער א חבר. איך הויב אָן

פילן, אַז עס איז נישטאָ קיין סתירה פון פּאָרן קיין ארץ ישראל, און אין ווילנע. דערין איז נישטאָ קיין ווידערשפּרוך. דואַליזם איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם יידישן געשיכטלעכן לעבן. נישטאָ קיין ווידערשפּרוך צווישן יידיש און העברעאיש. צוויי מאַמעס, אָבער נישט קיין שטיף-מאַמע. מיך ציט צום ירדן און איך האָב ליב און בענק אויך נאָך דעם דניעפּר. דער דאָזיקער דואַליזם איז אפשר אַ טראַגעדיע, אָבער אַ טראַגעדיע, וואָס ציט זיך 2.000 יאָר ווערט אַ נאַטור־זאַך. אויב איך קער זיך אום צו אייך איז נישט ווי קיין בעל-תשובה. איך קער זיך  א ו ם  אַ ה י י ם.  איר זענט געווען גרעסערע מאמינים, אָבער אין הארצן האָב איך שטענדיק געטראָגן די אמונה. נו, איצט וועלן מיר אפשר קענען ווערן דאָס בינדנדע גליד, וואָס וועט העלפן שאַפן די גאַנצקייט...

דער באַקאַנטער נאָרד-אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פירער און דזשאָינט־טוער, אַלעקס קאָן, האָט דערקלערט, אַז די יידיש-אַמעריקאַנישע אַרבעטער באַוואוג־דערן די פּיאָנערן־אַרבעט פון דער הסתדרות, אַדאַנק וועלכער זיי האָבן אָנגעהויבן גלויבן אין דער פּאַרווירקלעכונג פון יידנשטאַט. איר זענט די אינספּיראַציע פאַר דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין נאָרד־אַמעריקע.

איך מוז אָבער אייך וואָרנען. דער טראַנספער איז געווען פאַר אונדז אַ ביטערע פּיל. עס איז געווען אַ געוואַגטער שריט פון אייך. דאָס זעלבע איז מיטן באַשלוס, אַז העברעאיש איז אָבליגאַטאָריש צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט. זייט פאָרזיכטיק, דאָס קען שטעלן אין סכנה די גרויסע סימפּאַטיעס צום אַרבעטנדן ארץ ישראל אין נאָרד-אַמעריקע.

אַלעקס קאָן האָט אויך אָנגעוויזן, אַז מען דאַרף נישט זיין פּעסימיסטיש בנוגע דער איידזשענסי, פון וועלכער עס קען לויט זיין מיינונג אַנטוויקלען זיך אַ וויכטיקער אָרגאַן פון ציוניסטישער פּאַרווירקלעכונג.

עס רעדט נאָכדעם דער וועטעראַן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רומעניע, ד"ר געלערטער.

„איך בין אַ ייד, אַ גוי און סאָציאַליסט — הויבט ער אָן זיין רעדע — 40 יאָר, אַז איך שטיי אין דער רומענישער, סאָציאַליסטישער און אַגראַר־באַוועגונג, איך האָב מיט 40 יאָר צוריק אַרויסגעגעבן די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע צייטונג. איך גלויב, אַז דער ציוניזם דאַרף זיך שטיצן אויף די פּראָגרעסיווע און סאָציאַליסטישע כוחות. כאָטש איך בין אַן אַלטער מאַן האָף איך צו דערלעבן די מפּלה פון פאַשיזם. מיר מוזן קעמפן קעגן דער נייטראַליטעט צום ציוניזם פון די ברייטע יידישע פאָלקס־שיכטן, ווייל גלייכגילטיקייט איז נאָך ערגער פון קעגנערשאַפט.

דער לעצטער צווישן די איינגעלאַדענע, וואָס האָט גענומען דאָס וואָרט איז געווען שלום אַש, וועמען מען באַגעגנט מיט אַ שטורם אַפּלאָדיסמענטן.

אַש איז געווען אין איינעם פון זיינע גליקלעכע מאָמענטן, ווען די שכינה רוט אויף אים און ווען זיינע אימפּראָוויזאַציעס זיינען אַ מייסטער־שטיק פון געדאַנק און דיכטונג.

„פאַר מיר איז דאָ איין פאָטערלאַנד — הויבט אָן אַש זיין נשמה-אויסגוס — מיין פאָטערלאַנד איז דאָס יידישע פאָלק. וואו עס לעבט, שאַפט און ליידט — דאָרטן בין איך. איך בין, וואו איך פיל דאָס יידישע פאָלק. מיר זיינען נאָענט די בונדיסטן און איר זענט מיר טייער, ווייל מיין אידעאַל איז קידוש השם, וואו איך פיל אים דאָרטן בין איך דאָ.

איך האָב באַוואונדערט די יידישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען געגאַנגען אויף קידוש השם און זיך מקריב געווען, נישט זעענדיק פאַר זיך, ווי זייערע טאַטעס די מויערן פון גן־עדן.

דעם נייעם קידוש השם זע איך אין דעם חלוציזם.

צוויי זאַכן באַגייסטערן מיר אין ארץ ישראל: דער חלוציזם און דאָס אַלטע ארץ ישראל. איך בין אַ סענטימענטאַלער מענטש, איך שטאַם פון אַ רעליגיעזער פאַמיליע, צו מיין האַרץ רעדט דער כותל המערבי און מוטער רחל קבר און נישט תל־אביב.

ווען איך בין געווען אין 1905 צום ערשטן מאָל אין ארץ ישראל בין איך נאָכער געקומען אין אדעס צו דעם „גראַדאַנאַטשאַלניק" — אוסישקין און געזאָגט אים: מען דאַרף אויסקויפן דעם כותל המערבי. אוסישקין פרעגט מיך: „ווי קומט עס צו אייך, אַ ראַדיקאַל?" — איך האָב אים געענטפערט: „דאָס איז מיין מיסטישע איינשטעלונג".

און דאָס צווייטע ארץ ישראל, וואָס זעטיקט מיין מיסטיש געפיל איז דאָס ארץ ישראל, וואָס איר האָט געשאַפן.

איך בין געווען אין עין־הרוד אין 1920. מיר זיינען געקראָכן איבער די קני אין זומפּן, און ווען איך בין אין 1929 ווידער געווען אין עין חרוד האָב איך געזען דעם וואונדער, וואָס איר האָט געשאַפן. דאָס איז דער שענסטער קאַפּיטל תהילים, וואָס איר האָט צוגעשריבן צום אַלטן תהילים. דאָ איז מיין היימאַט, דאָס איז מיין פאָטערלאַנד.

גלאַט ארץ ישראל, אינטערעסירט מיך נישט. סתם אַ יידישע מדינה באַגייסטערט מיך נישט.

אַש רעדט נאָכדעם וועגן דעם טראַנספער, ער באַטראַכט דעם טראַנספער פאַר אַ גרויסן טעות. „זאָלן עס אַנדערע מאַכן, נישט איר. ביים איינשפּאַנען זיך אין אייער אַרבעט האָט איר פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיטן לעבן פון דער דיאַספּאָראַ".

דאָ רייסט אים איבער בן גוריון מיט אַ ליידנשאַפטלעכן אויסגעשריי: „מיר וועלן ווייטער מאַכן דער טראַנספער, מיר וועלן ווייטער אַנגיין מיט פדיון שבוים"...

אַש ענטפערט אַז ער זאָגט, וואָס ער פילט און טיילט נישט קיין לעקעכלעך... אויף

אַ מאָמענט איז אַנטשטאַנען אַ קאָנפוזיע שטימונג, נאָר זי איז שנעל פאַריבער, ווען בערל קאַצענעלסאָן האָט גענומען דאָס וואָרט.

„דאָ האָבן גערעדט ז ע ק ס מענטשן — האָט אָנגעהויבן קאַצענעלסאָן — דאָס זיינען ז ע ק ס וועלטן... איר זענט דער דור, וואָס האָט געברענט אין פייער פון רעוואָלוציע, פון זעלבסטשוץ, ער האָט געטראָגן דעם צער, די שאַנד פון גלות און האָט נישט געהאַט קיין כוח צו גיין מיט אונדז, צו גובר זיין די מניעות, וואָס זיינען געשטאַנען אין וועג. איר האָט אייער אייגן לעבן צעבראָכן.

אויף קיין זאַך בין איך נישט אַזוי שטאָלץ, ווי אויף דעם, וואָס איך האָב זיך צוזעגנט מיט אייך, מיט די, וואָס האָבן זיך אונטערגעגעבן דעם גלות.

איר האָט געוואָלט צוריק זיין מיט אונגאַנדע און זענט געבליבן שטעקן אין גלות.

איך קען אייערע ביאָגראַפיעס און ווייס, וואָס עס באַדייט אייער צוריקקומען. אין דער גאַנצער ציוניסטישער פּרעסע זיינען נישטאָ קיין מער ציוניסטישערע אַר־טיקלען, ווי די, וואָס שרייבט לעשצינסקי.

מיר באַטראַכטן אייך נישט פאַר סימפּאַטיקער. איר האָט צוריק געפונען דעם וועג צום יידישן סאָציאַליזם. איך האָב געזען די וועלט, אָבער אין ערגעץ האָב איך נישט געטראָפן, אַז אַרבעטער זאָלן זיך אַזוי מקריב זיין פאַרן סאָציאַליזם, ווי אין ארץ ישראל.

איך בין דערשיטערט געווען, ווען אש האָט גערעדט וועגן יידישן פאָלק אָלס זיין פאָטערלאַנד. אש מיט זיין וואונדערבאַרער דערציילונג, „אַ ט אַ ל אַ נ ט צו ארץ ישראל" האָט דער ערשטער אַנטדעקט דאָך מיט יאָרן צוריק דעם זין און גייסט פון חלוציזם.

אָבער איך מוז זאָגן אשן: „באַיקאָט איז אפשר אַ מצוה, אָבער ראַטעווען יידן, פדיון שבוים איז אַ גרעסערע מצוה. מיר האָבן דאָס געטון, ווי אַלץ, וואָס מיר האָבן געטון, נישט רעכענענדיק זיך מיטן טערק"... ווען מיר זיינען געגאַנגען אין ארץ ישראל, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן דעם קאַמף פאַר העברעאיש איז דאָס אויך גע־ווען אַ משוגעת. איצט האָט דאָס לעבן אייך געלערנט, אַז אונדזער שגעון האָט געהאַט אַ זין. איר מעגט אַלזאָ זיין באַשיידענער אין אייערע טענות. עס זיינען פאַראַן אַזעלכע טיפע כוחות אין פאָלק, וואָס זיינען מנצח אינערלעכע שטערונגען. עס איז קלאָגיש געווען, אַז יידיש איז די שפּראַך פון פאָלק, אָבער קעמפנדיק פאַר העברעאיש זיינען מיר געווען שלוחים פון אַ גרעסערן כוח, עס איז אויפגעשטאַנען אין אונדז דער כוח פון היסטאָרישן זכרון.

איך גלויב, אַז די איינציקע גרויסע אָרגאַניזאַציע קען זיין די ציוניסטישע. עס איז געמאַכט געוואָרן דער פּרוואו פון אַ וועלט־קאָנגרעס. מיר האַלטן אויך דערפון, אָבער דאָך האָט ער זיך נישט געקענט אויסבילדן אין אַ רעאַלער קראַפט, און די

אומפּראַקטישע ארץ ישראל איז געוואָרן די גרעסטע רעאַליטעט אפילו אַלס ווירט־שאַפטלעכער פאַקטאָר. דער פרייער פאַרבאַנד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן אַ כוח, וואָס פאַרבינדט אפּיקורסים, ארבעטער און פרומע. עס שטעקט דערין אַלזאָ אַ טיפער כוח.

איר מאָנט ביי אונדז באַציאונג צום גלות, כאָטש די גלות-רעאַליטעט האָט אייך געדאַרפט דערשיטערן. טראַכט זיך אריין אין אונדזער שטעלונג און איר וועט אונדז נישט באַשולדיקן אין ביטול און פאַראַכטונג צום גלות.

און יעקב לעשצינסקין, דעם היסטאָריקער פון יידישן עקאָנאָמישן חורבן, וויל איך זאָגן, אַז כדי צו בויען אַ לאַנד מוז מען זיין אַ מאַניסט און נישט קיין דואַליסט. איר האָט פאַר זיך מענטשן, וואָס זיינען נישט אָפּגעריסן פון לעבן, פון גלות, אָבער ווילן די גרעסטע צאָל יידן פון גלות אריינברענגען אין דעם נייעם ארץ ישראל. מיר גלייבן, אַז פון תל-אביב ביז סיני וועלן לעבן פינף מיליאָן יידן. אויף דעם „משוגעת" איז געבויט אונדזער גאַנצע ארבעט. אויב עס זאָל נישט קומען קיין קאַטאַסטראָפע וועלן מיר אין די נאָענטע יאָרן האָבן נייע הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס מיר ווילן ארויסראַטעווען פון גלות. ציוניזם איז נישט געבויט אויף קאַטאַסטראָפעס, אָבער ער ווייסט, אַז עס זיינען דאָ קאַטאַסטראָפעס. פייערלעשער ווייסן, אַז עס זיי־נען דאָ שריפות, דאָס מיינט אָבער נישט, אַז זיי ווילן שריפות...

איך האָב מורא פאַר דער יידישער לאַגע אין ענגלאַנד און אין נאָרד־אַמעריקע. מיר זיינען דורכגעדרונגען מיט אונדזער אמת, ווייל מיר גלייבן אַז אויסערן ציוניזם איז נישטאָ קיין אַנדער כוח, וואָס העלפט דעם גלות. מיר שטיצן איצט שוין מאַ־טעריעל דעם גלות, גרויסע סומען ווערן איצט געשיקט פון ארץ ישראל קיין פוילן און ראַטן־רוסלאַנד. און דאָס וויכטיקסטע: מיר גיבן אַ האָפנונג דער פאַרצווייפלטער יוגנט.

איך פאָדער נישט, אַז איר זאָלט ווערן אינגאַנצן ציוניסטן. איר זענט צו טיף איינגעוואָרצלט אין אייערע באַציאונגען. איך שעם זיך נישט מיט דער איידזשענסי, מיט דעם שותפות מיט דער פּלוטאָקראַטיע. ווער עס קען נישט קומען צו אונדז מיטן גלייכן וועג — פאַר דעם האָבן מיר געשאַפן די איידזשענסי. ליידער זיינען אָבער אין דער אַגענץ נאָר די פּריקאַזטשיקעס פון די וואַרבורגס... די ייק"א וויל טון קאָ־לאָניזאַציע־אַרבעט אין ארץ ישראל, דורך באַאַמטע — דורך דער פּיק"א. — עס איז אייער אויפגאַבע אַלס איידזשענסי־מיטגלידער דורכברעכן די וואַנט, וואָס צעשיידט דאָס ברייטע פאָלק פון דער אַגענץ און פאַרוואַנדלען זי אין אַ ווירקזאַמען אינס־טרומענט פון יידישן אויפבוי.

:: :: ::

אויב איך האָב דאָ איבערגעגעבן אייניקע פון די וויכטיקסטע שטעלעס פון די מערקווירדיקע לויט זייער אינערלעכן ברען און געדאַנקען-רייכקייט רעדעס, וואָס זיי־

נען געהאַלטן געוואָרן ביי אַט דעם מערקווירדיקן צוזאַמענקונפט פון די וועטעראַנען פון דעם יידישן אויפבוי פון ארץ ישראל, מיט די פירנדע קעפּ פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, וואָס איז געווען די גייסטיקע פירערין פון אַ גאַנצן דור, — בין איך אָבער נישט אימשטאַנד אייך צו דערציילן, וואָס עס האָט געזאָגט בן גוריון.

און דאָס איז דערפאַר, ווייל בן גוריון האָט נישט גערעדט...

פון אַ צעשטורעמטן וואולקאַן האָבן זיך געגאָסן אויף אונדז פייער־פלאַמען. דערשיטערטע, טויט־בלייכע זיינען מיר אַלע געזעסן. איך האָב געפּרואווט אַ קוק טון אויף די פּנימער פון מיינע שכנים. אַש איז קאַלך־בלייך מיט ציטערנדן קינבאַק. אַלע אַרום, ווי פאַרשטיינערט, ווי פּאַראַליזירט. ביי אַלעמען האָט זיך אָפּגעשטעלט דער אָטעם...

איך האָב געפּרואווט אין אָנהויב עפּעס צו פאַרצייכנען, אָבער דער בלייפע־דער איז מיר אַרויסגעפאַלן פון די ציטערנדע הענט. אַזוינס האָב איך נאָך נישט דורכגעלעבט אין מיין לעבן!

און בן גוריון אַליין... זיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט, די שטימע האָט וויברירט. דאָס פּנים מיטן שניי־ווייסן לייבן־קאָפּ איז ווי איינגעהילט אין פלאַמען. אַזוי וואַרשיינלעך האָבן אויסגעזען די זעלאָטן...

ווען בן גוריון האָט זיך אויפגעשטעלט רעדן האָט אַש, וועלכער האָט זיך קענ־טיק געפילט געטראָפן פון בן גוריונס שאַרפן צווישן־רוף, געמאַכט אַ באַוועגונג אויפצוהויבן זיך און אַוועקגיין. מיט אַן ענערגישער האַנט־באַוועגונג שטעלט אים בן גוריון אָפּ: „אַש גייט נישט אַוועק!“

און ווי אונטער דער ווירקונג פון אַ היפּנאָז זעצט זיך אַש אַוועק.

בן גוריון הויבט אָן: „נאָך דרייסיק יאָר צעשיידונג האָבן זיך חברים דאָ באַ־געגנט. אָבער די פּאַרפּרעמדקייט איז נאָך געבליבן. דאָס זעט מען אין דעם אופן, ווי עס איז קריטיקירט געוואָרן אונדזער שטעלונג צום טראַנספּער. איך באַשעפטיק זיך נישט מיטן טראַנספּער, איך ווייס אַפילו נישט, ווי מען מאַכט אים. אָבער מיר מוזן אים מאַכן און מיר וועלן אים מאַכן... אַש האָט נישט געהאַט קיין גרונד צו באַליידיקן זיך פון מיין צווישנרוף. ער איז ביי אונדז נישט קיין גאַסט. ער איז שלום אַש.

דריי טאַלאַנטן האָב איך באַגעגנט אין מיין לעבן, וואָס זיינען אויסער דיכטער געווען עפּעס נאָך מער, ברענער, וואָס איז געווען נישט נאָר אַ דיכטער, נאָר אַ מענטש, וואָס האָט זיך געבראַכט אויפן מזבח פון די יסורים פון זיין פאָלק; ביאַליק, וואָס איז דער תמצית פון אַלע דורות און שלום אַש, אין וועמען איך זע די וואָרצלען פון יידישן פאָלק און פון וועמען עס רעדט אַרויס דער בת־קול פון דער יידישער אומה. אַש איז דער, וואָס וועט קענען אָנשרייבן די נייע מעשה פון אונדזער אַרבעט...

„אש, איר מיינט: מיר זיינען אמאָל געווען אידעאַליסטן, איצט זיינען מיר געוואָרן פּראַקטישע מענטשן און פאַרבויגן פּרינציפּן צוליב אַ גרויסער זאַך. איר פאַרשטייט אונדז נישט!" — רייסט זיך אַרויס, ווי אַ דונער בן גוריונגס אויסגעשריי.

לעשצינסקי מיינט, אַז מיר וואָלטן געדאַרפט האָבן מער באַציאונג צו דער אַר־בעט פון גלות. מיר האָבן פאַרשטענדניש פאַר דעם קאַמף און פאַר די האָפנונגען אין פּוילן. מיר זיינען איינגעוואַקסן פון דורות אין העברעאיש, מיר האָבן אָבער אַ שייכות צו יידיש.

אונדזער באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן אין דער רעוואָלוציע פון 1905. מיר האָבן אָבער באַגריפן, אַז אָט די רעוואָלוציע איז נאָך נישט אידענטיש מיט אונ־דזער יידישער רעוואָלוציע. מיר האָבן באַגריפן, אַז דאָס יידישע פאָלק, דער יידישער מענטש וועט זיך נישט באַפרייען דורך דער אַלגעמיינער באַפרייאונג. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס'איז אַ פאַרשאָלטענע סיזיפוס־אַרבעט...

מיר האָבן די גרעסטע אַכטונג פאַרן „בונד", אָבער ווען מיר וואָלטן נישט גע־שאַפן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין דעם „געפּגרטן לאַנד" — לויט דעם בונדס לשון — וואָלט נישט עקזיסטירט דער מוט פאַר יידישן סאָציאַליזם".

מיט גוואַלדיקער ליידנשאַפט האָט בן גוריון נאָכדעם אָנגעהויבן רעדן וועגן טראַנספער.

מיר ווילן זיך נישט באַנוגענען מיט מאַכטלאָזע, ביליקע פּראָטעסטן, ווען מיר וואָלטן געהאַט כוח, ווען מיר וואָלטן פאַרמאָגט קאַנאָנען וואָלטן מיר דערקלערט אַ הייליקע מלחמה דעם היטלעריזם. בעסער אונטערגיין אין קאַמף, איידער לעבן אין שאַנדע. איז אָבער דער רעאַלער, ממשותדיקער קאַמף נישט מעגלעך, וועלן מיר זיך נישט באַרואיקן ביז מיר וועלן נישט אויסרייסן די זעקס הונדערט טויזנט דייטשע יידן פון זייער פּיין און אַנגסט ווען פּראָטעסטן וואָלטן געהאָלפן — וואָלטן מיר טעג און נעכט פּראָטעסטירט.

האָט איר אָבער מיט אייער'ע פּראָטעסטן אַרויסגעראַטעוועט כאָטש איין גע־פּייניקט יידיש קינד?

מיר ווילן זיך נישט פאַרנעמען מיט דער לייכטער אַרבעט פון אימפּאָטענטע און אויסזיכטלאָזע פּראָטעסטן.

די יסורים און שאַנד פון מיינע ברידער און שוועסטער אין דייטשלאַנד, זיי־נען מיינע יסורים און מיין שאַנד, איז דער פּיין פון מיין קינד און ווייב. פדיון שבוים איז ביי יידן געווען אַ הייליקע זאַך. עס זיינען געווען יידן, וואָס האָבן דאָס געמאַכט פאַר דעם באַרוף פון זייער לעבן. און מיר פאַרנעמען זיך מיט פדיון שבוים. מיר האָבן זיבן הונדערט יידיש־דייטשע קינדער אַרויסגעראַטעוועט פון גהינום, מיר האָבן זיי אומגעקערט דעם ווילן צום לעבן און דעם גלויבן אינעם לעבן. איבער צוואַנציק

טויזנט דייטשע אידן האָבן געפונען זייער היים אין ארץ ישראל, וואו זיי האָבן אי־בעראַניים געוואונען זייער מענטשן־ווירדע.

און ווען מיר וואָלטן נאָר געראַטעוועט צען יידישע קינדער איז אונדזער אַרבעט באַרעכטיקט. זייענדיק אומדערשיטערט אין אונדזער איבערצייגונג, אַז מיר טוען אַ גערעכטע זאַך וועלן מיר זי טון, נישט רעכענענדיק זיך מיט דעמאַגאָגישער און נישט מיט דער ערלעכער קריטיק. מיר וועלן דאָס טון, ווי מיר האָבן אַלץ ביז איצט געטון אין ארץ ישראל, ווען מען האָט אונדז באַטראַכט פאַר משוגעים...

אָט ווענן דעם אומגעפער האָט גערעדט בן גוריון אָבער עס איז אומזיסט דער פּרוּוו צו איבערגעבן, וואָס בן גוריון האָט גערעדט, ווייל דאָס וויכטיקסטע איז דאָך, ווי ער האָט גערעדט, מיט וואָס פאַר אַ דערשיטערנדער ליידנשאַפט ער האָט גע־שליידערט זיינע ווערטער, וואָס האָבן געשטראָמט ווי אַ לאַווע. קען אַזאַ אמונה, קענען אַזאַ פאַנאַטישן גלויבן אין דער זאַך איז מאַכטלאָז יעדע לאָגיק...

ווען בן גוריון האָט געענדיקט זיינען אַלע געזעסן אַ היפּשע רגע, ווי פאַרגלי־ווערטע.

אַ ש האָט זיך נאָכדעם אויפגעהויבן אַ בלייכער און מיט אַ קוים הערבאַר, צי־טערנד־פליסטערנדער שטימע האָט ער געזאָגט:

„נצחת! איך בין דערשיטערט. זייט מיר מוחל, אָבער איך האָב דאָך דאָס גע־פיל, אַז דער טראַנספער איז אַ קרומע זאַך, אַז נישט איר האָט אים געדאַרפט מאַכן, כאָטש איך בויג דעם קאָפּ פאַר אייער אמת...״

„מיר האָבן היינט געהאַט אַ היסטאָרישן וויכוח. מיר זיינען געווען אין עולמות העליונים...״

מיט די ווערטער האָט פאַרענדיקט אָט דעם מערקווירדיקן אָוונט זלמן רובאַשאָוו.

ווען מיר זיינען שפּעט אין דער נאַכט אַרויס פון קונסט־זאַל און געלאָזן זיך גיין, ווי באַרוישטע, מיטן ברעג פון דעם פירוואַלדשטעטער טייך, זאָגט מיר לאַצקי־בערטאָלדי:

„אַזעלכע רעדעס, ווי בן גוריון האָט געהאַלטן רעדט מען איין מאָל אין לעבן און אַזעלכע רעדעס הערט מען אויך איין מאָל אין לעבן...״

און ביי זיך האָב איך געטראַכט:

ווי גוט עס איז, וואָס אַש איז דערביי געווען. ווען עס וועט אויף אים רוען די שעפערישע שכינה וועט ער געוויס שילדערן אָט דעם אומפאַרגעסלעכן אָוונט, אין וועלכן עס האָט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט די גרויסקייט פון מענטשלעכע נשמות און די גבורה פון אַ הייליקער אמונה...

ער איז דער איינציקער, וואָס וועט עס קענען טון.

# דער טריאומף פון ארץ ישראל אין... מאָסקווע

עס איז געשען כמעט אַן אומגלויביקע זאַך.

אין דעם רויטן מאָסקווע, וואו אַלץ, וואָס דערמאָנט ארץ ישראל איז פּסול, — דאָרטן, אין דער שטאָט פון די אַמאָליקע פערציק מאָל פערציק קירך־גלאָקן וואָס קלינגען איצט דעם הימן פון דער רעוואָלוציע — האָט ארץ ישראל, האָט די פּאַלעסטינער יידישער אַרבעטערשאַפט אָפּגעהאַלטן אַן אומדערוואַרטעטן נצחון, כמעט ווי אַ טריאומף.

און נישט די אידייע פון ארץ ישראל האָט געזיגט, נאָר די פּאַלעסטינע ערד, די פּראָדוקטן פון דעם שוויים און פּראַצע פון די ארץ ישראל אַרבעטער האָבן טריאומפירט.

פּאַלעסטיניזם איז פאַרמשפּט געוואָרן אַלס אומדערלויבטע און אומלעגאַלע באַוועגונג.

און דער גרעסטער טייל פון די לינקע „פּועלי ציון" האָבן אַראָפּגעוואָרפן דעם פּאַלעסטינישן שטויב פון זייערע פיס און גערייניקטע און געלייטערטע פון יעדן פּאַלעסטינישן און ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן שפּור — האָבן זיי זיך אַריינגעוואָרפן אין די אָרעמס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

נאָר איינצלנע, קליינע הייפעלעך קאָמוניסטישע „פּועלי ציון", וועלכע האָבן נישט געהאַט דעם מוט צו באַגיין דעם אידייאישן זעלבסטמאָרד, זיינען געבליבן העננען צווישן הימל און ערד און בלאָנקען אַרום די פאַרמאַכטע טויערן פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל מיט זייער קליינטשיקן פונק פון אַמאָליקן פּאַלעסטינישן גלויבן.

און דערווייל איז געקומען דער „נס" גאָר פון אַן אַנדער צד.

אין מאָסקווע זיינען פאַרבליבן אַ פּאָר אַלטע טרייע „פּועלי ציון", איבערגעגעבענע דעם געדאַנק פון ארץ ישראל.

די דאָזיקע איינצלנע טרייע וועטעראַנען פון דעם פּועלי־ציוניזם האָבן אויסגעפּועלט ביי דער פאַרוואַלטונג פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אויסשטעלונג אין מאָסקווע, אַז זי זאָל שיקן אַן איינלאַדונג די אַגריקולטורעלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין פּאַלעסטינע, זיי זאָלן זיך באַטייליקן אין דער אויסשטעלונג מיט אַן עקספּאָנענט פון די ארץ ישראל פּראָדוקטן.

פיר ארץ ישראל אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס: דער פאַרבאַנד פון די יידישע ערד־אַרבעטער (הסתדרות של העובדים העברים); די אָרגאַניזאַציע פון די יידישע ערד־אַרבעטער קאָמונעס; דער פאַרבאַנד פון די יידישע בוי־אַרבעטער און די יידישע האַנדלס־קאָאָפּעראַטיוון, האָבן זיך באַנוצט מיט דער איינלאַדונג און האָבן אָרגאַ־

ניזירט א פּאַלעסטינע־פּאַוויליאָן אויף דער גרויסער רוסלענדישער לאַנדווירטשאַפט־לעכער אויסשטעלונג.

דער פּאַוויליאָן טראָגט דעם נאָמען: „דער פּאַלעסטינא ווינקל"; אין אים באַטייליקן זיך נאָר אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס עקספּלאָאַטירן נישט קיין פרעמדע אַרבעט.

אין דעם פּאַוויליאָן זיינען אויסגעשטעלט אַלע פּאַלעסטינא פּראָדוקטן: ווייץ, גערשטן, זוימען, גערטנער־געוויקסן, לימאָנען, טייטלען, אַנאַנאַסן און פאַרשידענע ווײַנען.

די קאָאָפּעראַטיוון זיינען פּאָרגעשטעלט מיט רויען און פאַרטיקן טאַבאַק און אַנדערע פּראָדוקטן.

די אַרבעט פון די בוי־אַרבעטער איז פאָרגעשטעלט אין בילדער.

אויסערדעם איז דער גאַנצער אויפטו פון די 17.000 יידישע אַרבעטער פאָרגעשטעלט אין בילדער און סטאַטיסטישע דיאַגראַמעס.

איבער דער געביידע פון „פּאַלעסטינער ווינקל" פלאַטערט א רויטע זיידענע פאָן מיט גאָלדענע אותיות: ארץ ישראל".

פאַר די צוויי חדשים וואָס די אויסשטעלונג איז אָפן, האָבן דעם פּאַוועליאָן באַזוכט א מיליאָן מענטשן.

די צייטונגען גיבן איבער, אַז אין די זונטיק־טעג איז אין „פּאַלעסטינער ווינקל" אַן אומגעהויערע ענגשאַפט. דער פּאַוועליאָן ווערט באַזוכט פון הונדערטער טויזנטער קריסטן, פאַר וועלכע דער אויפטו פון די יידישע אַרבעטער אין ארץ ישראל איז א ניי־אַנטדעקטע אַמעריקע.

דערהויפּט איז גרויס דער דערפאָלג פון דעם ארץ ישראל ווייץ. די הויך, די גרויס און דער געוויכט פון די זאַנגען, זייער ריינקייט און פולקייט, ענלעכעס האָט מען אין רוסלאַנד נאָך נישט געזען.

רוסישע פּויערים שטעלן זיך אָפּ און קוקן ווי אויף א וואונדער, אויף די סנאָפּעס פון ארץ ישראלער ווייץ.

די ווייץ, די גערשטן און די זוימען האָבן אַרויסגערופן דעם גרעסטן אינטערעס אין די אַגראָנאָמישע קרייזן פון מאָסקווע.

בן גוריון און רוטענבערג, וועלכע פאַרטרעטן דעם פּאַלעסטינער פּאַוועליאָן, האָבן דערהאַלטן בריוו פון קאָמיסאַריאַט פאַר ערד־אַרבעט פון די פּראָפעסאָרן־באָטאַניקער וואַלילאָוו און פלאַקסבערג, אין וועלכע עס ווערט אויסגעדריקט א הייסער דאַנק די ארץ ישראל אַרבעטער פאַר דער אָרגאַניזירונג פונעם פּאַוועליאָן.

די בריוו דערקלערן, אַז די פּאַלעסטינישע אַגראַר־קולטור האָט געגעבן א שיינע מתנה אין דעם אַלגעמיינעם אוצר פון מענטשלעכער קולטור און וויסנשאַפט.

ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן, האָט דער ארץ ישראל ווייץ באַקומען אַ גאָלדענעם מעדאַל אויף דער אויסשטעלונג.

אַזוי דערציילן אונדז די טרוקענע פאַקטן וועגן דעם אומדערוואַרטעטן טריאומף פון ארץ ישראל אין דער רויטער מאָסקווע.

יאָ, די ארץ ישראל אידייע וועט וואַרשיינלעך בלייבן נישט כשר ווי געווען ביי דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. אָבער די ארץ ישראל ערד, די שווייס פון דער יידישער העלדישער אַרבעט, וואָס האָט באַנעצט די ארץ ישראל ערד, האָט טריאומפירט און קומט מיט אַ קרוין פון דער רויטער מאָסקווע.

דאָס, וואָס עס האָבן נישט געקענט אויפטון מיט זייערע קאָמוניסטישע דרשות די לינקע עמיסאַרן פון פועלי-ציוניזם, האָט אויפגעטון דער עקסט-רעכטער בן גוריון, וועלכער איז געקומען אין מאָסקווע באַוואָפנט מיט דעם ארץ ישראל ווייץ-זאַנג.

היינט האָט געזיגט דער ארץ ישראל ווייץ, און לאָמיר האָפן אַז מאָרגן זאָל אָנערקענט ווערן די גערעכטע ארץ ישראל-אידייע פון אַ יידישער אַרבעטער-מלוכה אין ארץ ישראל.

(נאָוועמבער 1924)

---

# אַלט און ניי - ירושלים

צוויי שעה בערך דויערט די אויטאָמאָביל-רייזע פון תל-אביב קיין ירושלים אויף דעם אויסגעצייכנטן אַספאַלטירטן שאָסיי-וועג, וואָס ליגט צווישן די ביידע שטעט.

און אין אַזאַ קורצער צייט דאַרפט איר דורכמאַכן אַזאַ לאַנגע, לאַנגע נסיעה פון יאָרטויזנטער. איר דאַרפט מיטאַמאָל, נישט האָבנדיק קיין צייט פריער ווי גע-העריק צו צוגרייטן זיך, אַריבערשפּרינגען פון דעם מאָדערנעם ה י נ ט צום יאָר-טויזנט אַלטן נ ע כ ט ן.

ת ל - א ב י ב א ו ן י ר ו ש ל י ם.

וואו, און אין וועלכן ווינקל פון דער ערד קענט איר געפינען אין אַזאַ נאָענטער שכנות אַזאַ אויסטערלישן, אַזאַ איינציקאַרטיקן קאָנטראַסט, ווי דער געשיכטלאָזער תל-אביב, דאָס ערשט געבוירענע עופהלע, וואָס איז אַלט נישטיקע פינף און צוואַנ-ציק יאָר, און דעם טויזנט-יאָריקן זקן, די אייביקע שטאָט ירושלים, דעם עדות פון

אזויפיל היסטאָרישע שטורעמס, דעם עדות פון אונדזער היסטאָרישער אומפאַר־גאַנגלעכקייט...

שווער, זייער שווער איז דאָס כמעט פלוצלינגע איבערטראָגן זיך פון דער געשיכטלאָזער אַטמאָספער, וואָס רינגלט דיך אַרום אין דער נייעסטער שטאָט אין דער וועלט, און אַריינדרינגען אין דער אָנגעלאָדענער געשיכטלעכער סביבה פון ירושלים.

מען דאַרף דערצו באמת פאַרמאָגן אַ סך, גאָר אַ סך היסטאָרישן ראָמאַנטיזם און היסטאָריש־פּאָעטישן זכרון...

ווען דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו די נאַקעטע, פעלזיקע הרי יהודה, האָט מיר ביז ווייטיק פאַרדראָסן, וואָס איך האָב נישט געקענט אַראָפּוואַרפן פון זיך די תל-אביבער ניכטערקייט און האָב נישט דערשפּירט אין מיין נשמה דעם ציטער פון היסטאָרישע דערינערונגען.

יאָ, איך בין געקומען אין ארץ־ישראל צו זען די שפּראָצונגען פון נייעם לעבן, די צייכנס פון אונדזער נייעם אויפקום און נישט היסטאָרישע אַרכעאָלאָגיע — און דאָך האָב איך נישט געקענט פאַרטראָגן מיין ניכטערע קאַלטקייט.

נישט שוין זשע בין איך געקומען צו שפּעט אין דעם לאַנד פון מיינע חלומות?

צו ווייט זיינען די קינדער און חדר־יאָרן, ווען איך האָב ביטערע טרערן פאַרגאָסן, הערנדיק ערב תשעה באב די מעשיות און לעגענדעס פון חורבן ירושלים, וואָס מיין רבי פלעגט מיר פאַרציילן.

רואיק, אָן אינערלעכער דערשיטערונג דערנענטער איך זיך צו ירושלים און קען אין זיך נישט אויפוועקן דעם געפיל פון היסטאָרישער ראָמאַנטיק.

איך באַטראַכט די לאַנדשאַפט, וואָס רינגלט מיך אַרום און זע די מוראדיקע נאַקעטקייט פון די אויסגעברענטע און פאַרשרפהטע הרי־יהודה. די איינצלנע גרינע פלעקן פון די אייילבוימער שטרייכן נאָך שאַרפער אונטער די מדרבדיקייט פון דער אומהיימלעכער לאַנדשאַפט און דאָ און דאָרט זיינען צווישן אויף די בערג צעוואָרפן אַראַבישע דערפער. די גרוי־ליימענע הייזקעס זיינען ווי אַריינגעוואַקסן אין די בערג און זיינען די איינציקע דעקאָראַציע, וואָס טראָגט אַריין וואַריעטעט און אַביסל פאַרב אין דער האַלב־גרויער שטרענגער און הארבער לאַנדשאַפט.

נענטער צום שטאָט הויבן זיך אָן באַווייזן גרינע אָאַזיסן אין דעם פעלזיקן מדבר: קרית ענבים, חבת לימוד, רמת רחל. דאָ האָט די יידישע שאַפונגס־אַרבעט, יידישע עקשנות און העלדנטום באַזיגט דעם שטייניקן מדבר.

שנעל לויפט דער אויטאָמאָביל. די קענסט קוים באַפּן מיטן אויג די וואונדערבאַרע פּאַנאָראַמע, וואָס הויבט זיך אָן פאַר דיר אַנטפּלעקן, ווען דו דערזעסט פון דער נאָענט דעם הר־הצופים און די קאָנטורן פון אַלט-ירושלים, אַרומגערינגלט מיט אירע היסטאָרישע מויערן.

מיין מאַרשרוט פירט מיך אַן אַ זייט פון דער אַלטער שטאָט. אהער אין דעם היסטאָרישן ירושלים וועל איך קומען שפּעטער.

איצט בין איך אין נ יי - י ר ו ש ל י ם, וואָס שטייט אויף ווידעראַמאָל, נאָך אַ לאַנגער היסטאָרישער פּויזע, תחית־המתים.

איך פאַרלאָז דעם אויטאָמאָביל און לאָז זיך וואַנדערן איבער די רחבותדיקע, מאָדערנע גאַסן פון נײַ־ירושלים.

עס איז אַ העלער, ליכטיקער טאָג. נײַ־ירושלים באָדט זיך אין זונען־שטראַלן. דאָ ערשט הויבן אָן מײַנע אויגן צו זען דעם וואונדער פון דער אייביקער שטאָט, וואָס הויבט זיך אויף פון אירע חורבות.

די פּראַכטפולע, פון שטיין געבויטע הײַזער גיבן צו דער נײַ־שטאָט אַן איינ־ציקאַרטיקן כאַראַקטער, איך וואָלט געזאָגט, פון מאָדערניזירטער אָריענטאַלישקייט, אַ מין אַרכיטעקטאָנישער סינטעז פון מזרח און מערב.

וואָס ווײַטער איך וואַנדער איבער די גאַסן פון דער נײַ־שטאָט, אַלץ שטאַר־קער הויבט מיר אָן באַהערשן אַ מאָדנער געפיל. איך ווייס אַליין נישט, איז עס נאַ־ציאָנאַלער שטאָלץ, איז עס דאָס וואָס געוואָרענע אין מיר געפיל פון נצח־ישראל, פון אונדזער נאַציאָנאַלער אומשטערבלעכקייט?

די ערד, אויף וועלכער איך טרעט איצט איז טויזנטער יאָרן געווען וויסט און חרוב. דורות־לאַנג זײַנען מיר געווען פאַרטריבן פון איר. די וועלט און מיר אַליין, פיל פון אונדז, האָבן שוין אָנגעהויבן צווייפלען, צי זײַנען מיר אַ פאָלק.

די אמונה און בטחון פון די גלויביקע האָבן אָבער מנצח געווען. געדולד און עקשנות האָבן באַזיגט די צייט, יאָרטויזנטער, מאָוימדיקע היסטאָרישע נסיונות.

אָט זעען מײַנע אויגן, ווי פון חורבות פון אַלט־ירושלים הויבט זיך אויף נ יי - י ר ו ש ל י ם.

איך בין אַ טייל פון אָט דער אייביקייט, איך בין אַן אַטאָם פון דעם היסטאָ־רישן וואונדער, וואָס מײַנע אויגן זעען איצט...

ת ל - א ב י ב איז אַ גוואַלדיקע לייסטונג פון דעם נאַציאָנאַלן יידישן שאַ־פונגס־געניוס. מיר האָבן אין אַ זאַמדיקן מדבר אַריבערגעבראַכט די דערגרייכונגען פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע.

נ יי - י ר ו ש ל י ם איז אַ לעבעדיקער סימבאָל, אין שטיין און מאָדערנער אָריענטאַלישער אַרכיטעקטור פאַרקערפּערטער ה י ס ט אָ ר י ש ע ר נ ס פון דער ווידעראויפלעבונג פון אַן אַלט פאָלק.

און יעדער נײַער בנין אין נ יי ע ם ירושלים האָט צו מיר גערעדט: דו ביזט אַ זון פון אַן אייביק, אומבאַזיגבאַר פאָלק, ווי אייביק און אומבאַזיגבאַר ס'איז אָט די אייביקע שטאָט, וואָס ווערט חרוב און שטייט שטענדיק ווידער אויף פון אירע חורבות...

:: :: ::

איך בין אין יידישן „רעגירונגס-הויז" אין ניי־ירושלים, — אין דער געביידע פון דער יידישער אַגענץ, קרן היסוד, קרן קימת און ועד־הלאומי.

אין אַ האַלב־קרייז, פעסט באַהעפט איינער צום אַנדערן שטייען די דריי קאָר־פוסן פון דעם יידישן בנין. זיי זיינען געבויט פון געטשעסלעטע שטיין־בלאָקן, אָריענ־טאַליש און מאָדערן. איינפאַך אין אירע ליניעס איז אָט די מאָנומענטאַלע געביידע, אָן שום אָריענטאַלישער אָרנאַמענטיק.

עס איז פאַראַן אין איר סטיל עפּעס פון דעם מויער, וואָס רינגלט אַרום די אייביקע שטאָט.

אין דעם דאָזיקן יידישן בנין איז פאַראַן אַ מערקווירדיקע סאָלידקייט, פעלזן־פעסטקייט. ער איז געבויט אויף דורות. ס'איז אַ פעסטונג, וואָס קיין שטורעם וועט זי נישט אַ ריר טון פון אָרט.

---

מיין ערשטן באַזוך מאַך איך אין ועד לאומי. איך מעלד זיך אינעם סעקרע־טאַריאַט פון פרעזידיום. ב ן - צ ב י, דער פרעזידענט פון אונדזער יידישן פּאַרלאַמענט אין ארץ־ישראל, נעמט מיך באַלד אויף אין זיין רחבותדיקן און באַ־שיידן עלעגאַנטן קאַבינעט.

פאַר די צוויי צענדליק יאָר, וואָס איך האָב נישט געזען בן־צבי, האָט ער זיך פערך זייער ווייניק געענדערט. די צייט האָט אויף אים נישט אַרויפגעלייגט קיין שטאַרקן שטעמפּל, נאָר אַביסל זילבערנע פעדעם האָבן זיך באַוויזן אין זיין שוואַרצן קאָפּ האָר.

נישט קוקנדיק אויף דעם פאַראַנטוואָרטלעכן אַמט, וואָס ער פאַרנעמט, ער איז פאַקטיש דער פרעזידענט פון דער יידישער רעפּובליק, וואָס האַלט זיך אין שאַפן אין ארץ־ישראל, איז ער פאַרבליבן, ווי געווען דער שטענדיקער ליבער און באַשיי־דענער מענטש, כאָטש פון זיין פערזאָן אָטעמט אַ באַזונדערע ערנסטקייט און מאָ־ראַלישער אויטאָריטעט.

מיר דערמאָנען אַלטע ניו־יאָרקער באַגעגענישן, זיין אָפּפאָר צום לעגיאָן. בן־צבי אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט דעם אַרגענטינער יידישן ישוב. מיר בייטן זיך מיט די ראָלן, אָנשטאָט איך זאָל אים אינטערוויואירן גיב איך אים די אויספיר־לעכע אינפאָרמאַציע פון אַרגענטינער יידישן לעבן. מיר מוזן אָבער איבעררייסן אונ־דזער שמועס. אין פאָיע וואַרט שוין אַ היפשער עולם. מיר רעדן זיך אָפּ צו באַגע־גענען דעם נאָענסטן אָוונט ביי אים אין דער היים.

אין דער באגלייטונג פון דעם אלטן ניו־יארקער קאלעגע, קאטליאר, וואס איז איצט א שטענדיקער מיטארבעטער פון קרן קימת, מאכן מיר א שנעלן שפאציר אי־בער דעם „רעגירונגס־הויז". אין די אומצאליקע ביוראען פון דער אגענץ, קרן היסוד און קרן קימת באגעגן איך אלטע און נייע לוצערנער באקאנטע.

מיר זיינען אין דעם קארפוס, וואס געהערט צום קרן קימת. אין דעם שיינעם זיצונגס־זאל פונעם דירעקטאריום זע איך די דריי עקזעמפליארן פון ספר הזהב, דאס זיינען מייסטערווערק פון יידישער קונסט. בצלאל־ארבעטן. די דריי בענדער זיינען דריי עטאפן אין דעם יידישן קונסט־געשמאק, דער דריטער באנד איז שוין א פראדוקט פון דער מאדערניסטישער פשטות אין דער קונסט.

איך גיי אריין אין דעם ה ר צ ל ־ צ י מ ע ר. מיט רירנדער ערנפוכט און פיעטעט איז דא רעסטאווירט הערצלס ארבעטס־צימער, אין וועלכן הערצל האט געשריבן דעם „אידענשטאט". אין דער גלעזערנער שאפע ליגט הערצלס פאס, וואס ער האט באנוצט בעת זיין רוסלאנד־רייזע, דער טראפיקאלישער הוט, וואס ער האט געטראגן בעת זיין נסיעה אין ארץ־ישראל און נאך פיל אנדערע רעליקוויעס און די ביכער פון זיין ביבליאטעק. אויף א באזונדער קליין טישל ליגט א דיקער אלבום.

— דאס וועט אייך באזונדערס אינטערעסירן — זאגט מיר קאלעגע ק.

איך באטראכט דעם אלבום. דאס איז אן ארגענטינער מתנה, וואס איז געשיקט געווארן הערצלען, אויב דער זכרון פארפירט מיך נישט צום צווייטן ציוניסטישן קאנגרעס פון אלע יידישע געזעלשאפטן אין בוענאס־איירעס און אין דער פראווינץ. איך זע דארטן בילדער פון כלל־טוער, וואס זיינען מיר שוין נישט באקאנט.

איך וואלט אוודאי וועלן וייטער דא לענגער און גענויער שטודירן די הערצל־רעליקוויעס. איך מוז מיך אבער איילן. עסווארט אויף מיר דער „גיד", וואס דארף מיר באגלייטן אין די לאבירינטן פון דער אלטער שטאט.

צוזאמען מיט לאצקי בערטאלדי און אונדזער פירער לאזן מיר זיך גיין אין אלט־ירושלים.

:: :: ::

עס איז שוין געווען שפעטער נאכמיטיק, ווען מיר זיינען דורך דעם שער יפו אריינגעקומען אין דער אלטער שטאט.

ערשט איצט זע איך, ווי בלאס, ווי גארנישט זאגנדיק זיינען אלע, אפילו די טאלאנטירסטע דיכטער־באשרייבונגען פון אלט־ירושלים.

ווען איך פלעג זיך וועלן פארשטעלן אלט־ירושלים, האב איך געטראכט וועגן אלט־באזעל, קעלן און, להבדיל בין קודש לחול, וועגן דעם מיטלאלטערלעכן נירענבערג, וואו עס לעבן פאר אייך אויף אזוי רעאל די ימי הבינים...

אַלע פאַרגלייכונגען, וואָס מען וואָלט געקענט מאַכן, זיינען דאָ נישט צום אָנווענדן.

אָבער באַטראַכטנדיק אַלט־ירושלים האָט מען מיר פלוצלינג אַריבערגעטראָגן מיט גאַנצע צ וו יי ט ו י ז נ ט יאָר צוריק.

די צייט איז דאָ שטיין געבליבן. דוכט זיך, אַז קיין שטויבעלע איז דאָ נישט גערירט געוואָרן פאַר די פאַרגאַנגענע צענדליקער דורות.

פאַרגליווערטע, פאַרשטיינערטע יאָרטויזנטער...

אָ, דאָ דאַרפסט איר נישט אויפוועקן אין זיך היסטאָרישע ראָמאַנטיק, דעם היס־טאָרישן זכרון.

מיט יעדן טראָט, וואָס איר מאַכט אין דער אַלטער שטאָט דערוויטערט איר זיך אויף צענדליקער דורות פון אונדזער צייט און דרינגט אריין אין דעם עבר פון יאָרטויזנטער.

צייט הערט אויף דאָ צו זיין אַן אבסטראַקטער באַגריף. געשיכטע ווערט אַ פּלאַסטישע רעאַליטעט, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר אייך אין יעדן לאַבירינט, וואָס איר באַטרעט, אין יעדן שטיין, וואָס איר טאַפּט אָן מיט די הענט.

עס הויבט שוין אָן טונקל ווערן. דורך די שמאָלע גאַסן־לאַבירינטן נידערן מיר באַרג־אַראָפּ אַלץ טיפער און טיפער אין אַלט־ירושלים.

אָט איז די שול פון די מקובלים. מיר גייען אריין. ס'איז מנחה־צייט. אַ מנין יידן פון אַלע לענדער פון אָריענט זיצן אויף טערקישע סאָפעס, וואָס שטייען ביי די ווענט, די באָרוועסע פיס פאַרלייגט אויפן אָריענטאַלישן שטייגער.

עס הערשט דאָ אַ טויטע שטילקייט, איר הערט נישט קיין שאָרך. ווי פאַר־גליווערטע, ווי פאַרשטיינערטע מומיעס זיצן די יידן שטום פאַרטיפט אין דער תפילה. קיין באַוועגונג מיט די ליפּן. זיי באַמערקן אונדז נישט. איר האָט דעם איינדרוק, ווי די גאַנצע וועלט איז פאַר זיי אָפּגעשטאָרבן. נישט־דאָאיקע זיינען זיי. זיי שוועבן ערגעץ אין די עולמות העליונים...

ביים עמוד שטייט שטום־פאַגליווערט דער חזן. עס דוכט זיך דיר, ס'איז אַ שטיין־קאָפּיע פון מיקעל אַנדזשעלאָס משה־פיגור...

פאַרגאַפט קוק איך אָן דאָס אויסטערלישע בילד. וואו בין איך? בין איך אַן עדות פון אַ רעליגיעזער מיסטעריע?

פלוצלינג ווערט אָט די מיסטעריעזע שטילקייט איבערגעריסן. מיט אַ שטימע, ווי פון נישט דער וועלט, ווי פון אַ דיבוק הויבט אָן דער חזן זאָגן שמונה עשרה.

די מתפללים כאַפּן זיך אויף, ווי פון אַ לעטאַרגישן שלאָף. זיי שטעלן זיך אויף אויף די סאָפאַס און מיט קוים באַוועגלעכע ליפּן שעפּטשען זיי נאָך די תפילה.

נאָך דעם באַזוך פון דער מקובלים־שול מאַכט שוין די „גרויסע חורבה" קיין שום רושם נישט. ס'איז אַ הײנטצייטיקער־מאָדערנער שול־בנין אַריינגעבויט צווישן אָט די טויזנטיאָריקע ווענט.

צום כ ו ת ל - ה מ ע ר ב י זיינען מיר צוגעקומען, ווען עס איז שוין גע־וואָרן נאַכט. ס'איז געווען ראש־חודש און אַן עדה יידן האָבן געדאַוונט מערב ביי דער וואַנט.

נאָך דעם אַלעמען, וואָס איך האָב געזען, וואָס מיך האָט דערשטוינט און אי־בעראַשט אין דער אַלטער שטאָט, האָט שוין די וו אַ נ ט אויף מיר נישט געמאַכט קיין באַזונדערן רושם.

נאָך א יי ן ד ע ט אַ ל אין דער פאַרשטיינערטער יאָרטויזנט-געשיכטע, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען...

נאָך דעם אויסטערלישן ספּעקטאַקל פון רעליגיעזער מיסטעריע אין דער מקובּ־לים־שול רירט מיך שוין נישט דאָס דאַווענען ביי דער וו אַ נ ט.

איך האָב באַטראַכט די עדה יידן ביי דער וו אַ נ ט, וואָס האָבן געקושט אירע טויטע שטיינער. און מיר האָבן זיך דערמאָנט א ח ד ה ע מ ס ווערטער אין זיין „אמת מארץ ישראל", וואָס האָבן זיך ביי אים אַרויסגעריסן, ווען ער איז מיט יאָרן צוריק געשטאַנען ביים כותל־המערבי.

די וו אַ נ ט האָט אים דערמאָנט, אַז דאָס לאַנד איז חרוב געוואָרן, און די יי ד ן ב יי ד ע ר וו אַ נ ט האָבן אים עדות געזאָגט, אַז דאָס פאָלק איז חרוב געוואָרן...

ניין, מיר, די איצטיקע באַזוכער פון כותל־המערבי זיינען גליקלעכער פאַר אחד העמן.

מיר ווייסן, מיר האָבן געזען אין ארץ־ישראל די אַנדערע, די טויזנטער חלוצישע יידן, וואָס קושן נישט די טויטע שטיינער פון אַ היסטאָרישן מאָנומענט, נאָר לעבן אויף דאָס חרובע לאַנד און שאַפן די באַנייטע געשיכטע פון אַן אויפגעלעבט פאָלק...

---

## חיפה — די צוקונפט - שטאָט

ח י פ ה — האָט באַקומען דעם נאָמען פון דער שטאָט פון דער צוקונפט.

דאָס איז אַזוי אַדאַנק דעם, וואָס אין חיפה איז דער וויכטיקסטער פּאָרט פון ארץ־ישראל, וואָס האַלט כסדר אין וואַקסן און אויסברייטערן זיך. האָט אין זיך די גלענצנדסטע אויסזיכטן פון וואוקס און אַנטוויקלונג.

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז חיפה שטעלט מיט זיך פאָר נאָר אַ צוקונפט־פּראָיעקט און אַן אויסזיכט אויף מאָרגן.

ניין. שוין היינט צו־טאָג איז חיפה אַ יש, אַ וויכטיקע און דערפרייענדע רעאַ־ליטעט פון דעם זיך בויענדן ארץ־ישראל.

חיפה איז אפשר נישט געוואַקסן, ווי אויף הייוון, מיט דעם איבעראַשנדן טעמפּ

פון תל־אביב, אָבער זי האָט אויך דורכגעמאַכט אַ וואונדערבאַרע אַנטוויקלונג, אין משך פון געציילטע פ ו פ צ ן יאָר איז די יידישע חיפה „פאַרדרייסיקפאַכט" געוואָרן און איר יידישע באַפעלקערונג איז פון טויזנט פינף הונדערט נפשות גע־שטיגן אויף צ ו ו י י און פ ע ר צ י ק ט ו י ז נ ט.

די נפקה-מינה צווישן תל־אביב און חיפה, איז ריין אויסערלעך, וואָס די ערשטע וואַקסט אין דער ברייט, און די צווייטע — אין דער הויך. תל־אביב האָט זיך צע־שפּרייט אויף דעם זאַמדיקן מדברדיקן פלאַכלאַנד און חיפה האָט זיך צעוואָרפן אויף האַלב־וויסטע בערג, דערגרייכנדיק ביזן סאַמען שפּיץ פון הר־הכרמל. מיט דעם צו־זאָג צו ווערן איינע פון די פּאַנאָראַמיש שענסטע שטעט אין ארץ־ישראל, וואָס ווײַט אפשר נישט האָבן קיין סך שיינהייטס־קאָנקורענטן אין דער וועלט...

יאָ, נאָך ריאָ, לוצערן, לאַס פּאַלמאַס, איז שווער איבעראַשט צו ווערן פון וועל־כער נישט איז שטאָט־לאַנדשאַפט און דאָך, ווען איך בין אָנגעקומען ביינאַכט אין חיפה און דער אויטאָבוס האָט מיך גענומען פירן באַרג־אַרויף אויפן הר־הכרמל, איז דאָס אויג באַצויבערט געוואָרן פון דער פּאַנאָראַמע, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר.

נישט אומזיסט האָט די פאַרמעגלעכע דייטשע יידן געצויגן קיין חיפה, וואו זיי האָבן אויסגעבויט זייערע פּראַכטפולע טשאַלעטן און ווילעס אויפן כרמל. זיי האָבן געשמאַק. נישט אָפט געניסט דאָס אויג פון אַזאַ ספּעקטאַקל, ווי דער מפרץ חיפה, ווען איר קוקט אויף אים פון דער הויך פון כרמל, אָדער פאַרקערט, ווען פון ברעג פונעם ים קוקט איר אַרויף צום כרמל, באַזונדערס אין אַן אויסגעשטערנטער ליכ־טיקער נאַכט.

חיפה איז אָבער נישט נאָר איינע פון די שענסטע שטעט אין ארץ־ישראל. זי איז שוין היינט און וועט געוויס מאָרגן זיין דער וויכטיקסטער אינדוסטריעלער צענטער פון לאַנד.

טוט אַ קוק אויף דער גרויסער צאָל פאַבריק־קוימענס אין מפרץ חיפה און אויף די נייע פאַבריק־בנינים, וואָס האַלטן זיך דאָרטן אין בויען, און איר וועט זיך דעריין איבערצייגן.

און ווייל דאָ איז און ווערט דער וויכטיקסטער אינדוסטריע־צענטער פון לאַנד, האָט זי באַקומען אויך דעם צונאָמען די ר ו י ט ע חיפה.

אָבער עס דאַרפן זיך נישט שרעקן די, וואָס האָבן מורא פאַר דער רויטער פאַרב. די יידישע אַרבעטער האָבן דאָ ביי קיינעם נישט פאַרכאַפּט די מאַכט און קיינעם נישט באַהערשט. זיי זיינען אויך נישט די מאַיאָריטעט אין דער שטאָט. זיי זיינען בלויז בערך פופצן טויזנט אין צאָל, אַ דריטל פון דער גאַנצער יידישער באַ־פעלקערונג. זיי זיינען דאָ, ווי אין גאַנצן לאַנד אויסגעצייכנט אָרגאַניזירט און דיסציפּלינירט.

אָבער דאָס איז כאַראַקטעריסטיש נישט נאָר פאַר חיפה.

אויב חיפה האָט באַקומען דעם צונאָמעניש „ר ו י ט ע", איז עס וואַרשיינ-לעך דערפאַר, וואָס די יידישע אַרבעטער האָבן דאָ באמת באַוויזן וואונדער פון זייער קאָנסטרוקטיוו־שאַפנדן אימפּעט.

און ווייל די שטאָט איז נאָך נישט גרויס און ווייל די אַרבעטער־בנינים זייַנען קאָנצענטרירט אין איין ווינקל — דערפאַר באַקומט זיך אַזאַ שטאַרקער איינדרוק פון די אַרבעטער־לייסטונגען.

מיין ערשטער באַזוך, אָנקומענדיק אין חיפה, האָב איך געמאַכט אין „ביתנו" (אונדזער הויז), דאָס איז די היים, כדי נישט צו זאָגן פּאַלאַץ פון חיפהער יידי-שע אַרבעטער.

אַזאַ אַרבעטער-בנין האָב איך נישט געזען אפילו אין ניו־יאָרק, וואו עס זייַנען דאָ הונדערטער טויזנטער יידישע אַרבעטער. און אויך אין אייראָפּע, וואו עס זיי-נען פאַראַן, באַזונדערס אין דייטשלאַנד, פּראַכטפולע אַרבעטער פאָלקס־הייזער, וועט איר נישט געפינען אַ סך בנינים, וואָס זאָלן זיך קענען פאַרגלייכן מיט דעם חיפהר „ביתנו".

דער גאַנצער אויבערשטער שטאָק, אַ פּראַכטפולער סאַלאָן מיט רחבותדיקע געאָרדנטע סאַלאָנען — איז פאַרנומען פון דעם קאָאָפּעראַטיוון רעסטאָראַן, וואו עס ווערן סערווירט היגיעניש און ביליק, דריי טויזנט מאָלצייטן אַ טאָג.

איר וועט דאָ געפינען דאָס לעצטע וואָרט פון דער מאָדערנער טעכניק. די עלעקטרישע מאַשינען האָבן דאָ פאַרביטן די מענטשלעכע הענט ביי אַלע קיך־אַר-בעטן, ביים וואַשן דאָס געשיר, ביים שיילן קאַרטאָפל, ביים האַקן פלייש, ביים שניידן ברויט, א. א. וו.

ביי טאָג ווערן די זאַלן פאַרגאָסן מיט אַ ים זון־ליכט דורך די גרויסע טעראַסן-אַרטיקע פענצטער און ביינאַכט איז דאָ העל און ליכטיק פון ווייכן פאַרבאָרגענעם עלעקטרישן ליכט.

הלוואי אויף אַ סך סאָוועטישע אַרבעטער־קיכן געזאָגט געוואָרן אַזאַ געמיט-לעכקייט און ליכטיקייט.

אין דעם מיטלסטן שטאָק געפינט זיך די אַרבעטער־באַנק און די לייַ־קאַסע, אָרגאַנזשירט לויטן מוסטער פון די בעסטע בענק.

דער גאַנצער אויבערשטער שטאָק, אַ פּראַכטפולער סאַלאָן מיט רצבותדיקע פענצטער, פון וועלכן מען האָט אַן אויסבליק אויפן ים, איז פאַרנומען פון אַרבעטער־קלוב און ביבליאָטעק. דאָ איז אַלץ איינגעאָרדנט שיעור נישט מיט לוקסוס. די טישן, די באַקוועמע פאָטעלן, דער גאַנצער טאָן פון דעם באַשיידן-געשמאַקפולער דעקאָראַציע דערמאָנט אַן אַריסטאָקראַטישן קלוב.

דאָ קומען פאָר קאָנצערטן און ליטעראַרישע אָוונטן, וואָס ווערן איינגעאָרדנט

פון דער קולטור־קאָמיסיע פון אַרבעטער־ראַט, און יעדן אָוונט פאַרזאַמלען זיך דאָ עטלעכע הונדערט אַרבעטער, מענער און פרויען, און געפינען זייער פיזישן און גייסטיקן אָפּרו, לייענענדיק אַ בוך, אָדער צייטונג אין דער אויסערסט אָנגענעמער און געמיטלעכער סביבה פון קלוב.

גלייך אין שכנות פון „אונדזער הויז" געפינט זיך דער אַרבעטער־אַמפיטעאַטער; אַ מעטער־בנין אונטער דעם פרייען הימל, לויטן קלאַסישן מוסטער, מיט עטלעכע טויזנט זיץ־פּלעצער. דאָ קומען פאָר קינאָ־פאָרשטעלונגען און גרויסע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען.

אַ שריט פון אַמפיטעאַטער, אויף דעם זעלבן קוואַרטאַל, איז דער בנין פון חיפהר אַרבעטער־ראַט. דאָ געפינען זי ביוראָען פון די פאַרשידענע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און די פאַרוואַלטונג פון ראַט.

אינעם אונטערשטן שטאָק איז אַ גרויסער און באַקוועמער פאַרזאַמלונגס־זאַל פאַר פינף הונדערט מענטשן.

אינעם רוקן פון דער געביידע פון אַרבעטער־ראַט, שטייט אַ פערטער גרויסער אַרבעטער־בנין. דאָ געפינען זיך אַ גרויסע צאָל קאָנסולטאַריעס און די אַדמיניס־טראַטיווע פאַרוואַלטונג פון דער אַרבעטער קראַנקן־קאַסע (קופת חולים).

מיין אויפמערקזאַמקייט האָט צוגעצויגן אַ זייער אָריגינעלער לויט זיין אַרכי־טעקטור אָבער צען־שטאָקיקער בנין, וואָס שטייט נאָך אין רעשטאַוראַציעס גלייך אַקעגנאיבער דעם אַרבעטער־ראַט.

איך בין ממש איבעראַשט געוואָרן, ווען אויף מיין אָנפרעגע האָט מען מיר דערקלערט, אַז אָט דער מאָנומענטאַלער בנין איז אויך דאָס אייגנטום פון דער „הסתדרות" און אַז דאָ בויט זיך אַ גרויסער טעאַטער פאַר טויזנט מאַן. דער טעאַ־טער ווערט געבויט פון אַ פּריוואַטן אונטערנעמער אויף דעם באָדן פון דער הסתד־רות און אין פופצן יאָר אַרום וועט דער בנין זיין דאָס אייגנטום פון חיפהר אַר־בעטער. אין דעם טערמין פון דער פופצן־יעריקער אַרענדע, וועלן די אַרבעטער קע־נען זיך באַנוצן מיטן טעאַטער איין מאָל אָדער צוויי מאָל אַ וואָך און וועלן האָבן אַ רעדוקציע אויף די טעאַטער און קינאָ־בילעטן.

איך האָב אויף מאָרגן פרי באַזוכט דעם טעאַטער, וואָס האָלט ביי פאַרענדיקט ווערן. עס בויט אים איינער פון די באַרימטסטע דייטש־יידישע טעאַטער־אַרכיטעקטן און דאָס וועט זיין דאָס לעצטע וואָרט פון מאָדערניזם אין דער טעאַטער־אַרכיטעקטור.

ווען איינער זעט אָט די אַלע אַרבעטער־בנינים אין חיפה, קען ער ממש נישט גלייבן, אַז דאָס האָבן באַוויזן צו שאַפן בלויז פ ו פ צ ן ט ו י ז נ ט אָרגאַני־זירטע יידישע אַרבעטער.

די גרעסטע יידישע צענטערן אין נאָרד־אַמעריקע, וואו עס לעבן הונדערטער טויזנטער יידישע אַרבעטער, האָבן אין די בעסטע פּראָספּעריטי־צייטן נישט באַוויזן

צו שאפן קיין איין ארבעטער-היים, וואס זאל זיך קענען פארגלייכן מיט די ארבע־טער־בנינים אין חיפה.

דער באדן, וואו עס געפינען זיך די ארבעטער־אינסטיטוציעס געהערט דעם נא־ציאנאל־פאנד, אבער אט די אלע פראכטפולע געביידעס זיינען אויפגעשטעלט גע־ווארן מיט דער מי און קרבנות פון די חיפהר יידישע ארבעטער און מיט דער באשיי־דענער מיטהילף פון אויסלאנד.

צי מען וויל, צי מען וויל נישט, מוז מען זיך דורכדרינגען מיט דרך־ארץ, נייט — מיט באוואונדערונג, צום מערקווירדיקן שאפונגס־גייסט פון די ארץ-ישראל־אר־בעטער, וואס האט נישט זיין ביישפיל און זיין גלייכן אין דער גאנצער יידישער ארבעטער־וועלט.

נאר דער ארבעטער קולטור־פאלאץ אין מאסקווע קען זיך פארגלייכן צו די חיפהר ארבעטער־בנינים, אבער דארטן האט דאך געבויט א מעכטיקע ארבעטער־מלוכה.

און אויב איך האב זיך נישט געקענט געגוג אנוואונדערן פון דעם אויפטו פון דער חיפהר ארבעטערשאפט אין שטאט, איז נאך גרעסער געווען מיין איבערראשונג, ווען איך בין אויף מארגן, נאך מיין אנקומען אין חיפה, אוועקגעפארן אין „קרית חיים", אין דער ארבעטער־שטאט אויפן נאמען פון דעם טראגיש־אומגעקומענעם ד"ר חיים ארלאזאראוו.

„קרית חיים" געפינט זיך אויף א דיסטאנץ פון פופצן מינוט אויטאמאביל־אדער אויטאבוס-רייזע פון חיפה, אין עמק זבולון — דא האט דער נאציאנאל־פאנד געמאכט איינע פון זיינע וויכטיקסטע און ווערטפולסטע קניות, ארייננעמענדיק אין יידישע הענט אן אומאפשטצבארן ערד־פארמעגן פון טויזנטער דונאם לאנד, יעדער שפאן פון וועלכן איז מיט גאלד צוגלייך, צוליב דער נאענטקייט צו דער שטאט.

אויף א שטח פון בערך פינף טויזנט דונאם לאנד בויט זיך איצט די ערשטע און, איך גלויב נישט צו מאכן קיין טעות, די איינציקע אין דער וועלט ארבעטער־גארטן־שטאט.

דער פלאן פון דער גארטן־שטאט איז געמאכט פאר פינף טויזנט ארבעטער־הייזער. אין דעם מאמענט, ווען איך בין געווען אין קרית חיים, זיינען שוין דארט געווען א כ ט ה ו נ ד ע ר ט הייזער. יעדער הויז האט צוויי צימערן, א קיך, א באד־צימער און א טעראסע. ביי יעדן הויז איז דא פון דריי פערטל ביז איין דונאם לאנד פאר גרינוואַרג־ווירטשאפטן.

איך האב א שעה צוויי שפאצירט אין דער באגלייטונג פון דעם בירגערמייס־טער, פון דעם חבר, וואס פרעזידירט די פארוואלטונג פון קרית חיים, איבער די גאסן פון אט דער וואונדערבארער גארטן-שטאט. די הייזער, וואס זיינען פריער געבויט זיינען שוין איינגעטונקט אין א ים גרינס. אויסגעצייכנטע בלומען־גערטנער,

רייזן און אַנדערע בלומען באַפּוצן דעם פראָנט פון די באַקוועמע און געמיטלעכע טישאַלעטן. אַ ספּעציאַליסט־אַגראָנאָם גיט אָנווייזונגען די אַרבעטער־פרויען, ווי אַזוי צו פלאַנצן פרוכטן און גרינוואַרג, וואָס וועלן נישט נאָר דינען פאַר דעם אייגענעם געברויך, נאָר אויך פאַר דעם פאַרקויף און וועלן זיין אַ באַדייטנדע שטיצע פאַרן ביודזשעט פון דער אַרבעטער־פאַמיליע.

איך האָב געזען דעם פּלאַן פון דער גאָרטן־שטאָט. פינף און צוואַנציק פּראָ־צענט איז באַשטימט פאַר עפנטלעכע געביידעס, פאַר אַ פאַרק און סקווערן, פאַר שולן, קינדער־גערטנער און קלובן.

די גרויסע שול־געביידע, אַרומגערינגלט מיט אַ גאָרטן, בויט זיך שוין און אין קרית חיים געפינען זיך שוין קאָאָפּעראַטיווע קלייטן, אַ מאָדערנע לויט דעם לעצטן וואָרט פון דער טעכניק קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי.

אַן אַרבעטער־הויז, צוזאַמען מיט דער גאָרטן־ווירטשאַפט, באַטרעפט דריי הונ־דערט פופציק פונט.

פאַרמאָגנדיק פון פערציק ביז זיבעציק פונט, קען שוין אַן אַרבעטער־פאַמיליע צוטרעטן מיט דער הילף פון די אַרבעטער־קרעדיט־אינסטיטוציעס, צו בויען אַ הויז.

אין משך פון צען יאָר ווערט דער באַטרעף פון דער אַרבעטער־הויז אויסגע־צאָלט אין ראַטן פון צוויי און אַ האַלב פונט חודשלעך.

ווען מען נעמט אין אַכט, אַז אין שטאָט קאָסט אַן אַרבעטער מינימום צוויי פונט אַ חודש א יי ן צימער, קען מען זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַרא פאַרלייכטע־רונג עס וועט זיין פאַר די פינף טויזנט אַרבעטער־פאַמיליעס, וואָס וועלן זיך איינ־אָרדנען אין קרית חיים און וועלן מיט דער צייט קענען פאַרפולקאָמען זייער קליינע גרינוואַרג־ און פרוכט־ווירטשאַפט.

מוניציפּאַלע שטייערן וועט יעדער פאַמיליע דאַרפן צאָלן פון פינף ביז זיבן פּראָצענט פון פאַרדינסט. צו זייער דינסט וועלן שטיין די שולן און אַלע עפנטלעכע אַנשטאַלטן.

מיט אַ געפיל פון פרייד האָב איך פאַרלאָזט קרית חיים. איך האָב דאָ פאַר זיך געזען איינעם פון די וואונדערבאַרסטע לעבעדיקע דענקמאָלן, וואָס ערן דעם אָנדענק פון דעם געפאַלענעם פירער און מער פון דעם, איך האָב דאָ געזען אַ שטיק פאַר־ווירקלעכטן צ ו ק ו נ פ ט ס ־ ח ל ו ם, וואָס גיט חיפה דאָס רעכט אויף איר שטאָלצן נאָמען — די שטאָט פון דער צוקונפט...

# תל־אביב — ליכט און שאָטן

איך האָב אַ גאַנצע וואָך אַרומגעוואַנדערט אין תל־אביב. דאָס איז געווים צו־פיל, בעת מען מאַכט בלויז אַ דריי־וואָכנדיקן באַזוך אין ארץ־ישראל. אָבער איך האָב קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט. די רעגן־צייט אין לאַנד איז מעשה־שטן גע־קומען אַ חודש צו פרי און האָט אַביסל געשטערט מיין רייזע־פּראָגראַם. אַ צוויי טעג איבעריקע האָט מיך אָפּגעהאַלטן אין תל־אביב דער אַראַבישער שטרייק. מען האָט מיר אָפּגעראָטן צו לאָזן זיך איבערן לאַנד איידער עס וועלן נישט קלאָר ווערן די פּאָלגן פון דעם אַראַבישן אויפברויז. נו, און איך האָב אַליין אויך געוואָלט זען, ווי עס איז די שטימונג אין דער אידישער שטאָט אין אַ טאָג פון פּאָליטישער שפּאַנונג אין לאַנד.

גאַנצע טעג און אָפט ביז שפּעט אין דער נאַכט האָב איך געוואַנדערט איבער די גאַסן פון תל־אביב, אַנטדעקנדיק אַלץ נייע קוואַרטאַלן, נייע פּראַכטפולע, סי־מעטרישע קאָנסטרואירטע און ליכטיקע גאַסן, דאָס אויג־פרייענדע בנינים.

אָט אַזוי האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך האָב שוין אויסגעמאָסטן תל־אביב אין דער לענג און אין דער ברייט, אַז איך קען שוין די שטאָט, ווי מיינע פינף פינגער און יעדעס מאָל האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַ נייער סיורפּריז, נייע דורכגעשני־טענע און האַלב אָדער גאַנץ באַבויטע גאַסן, די נעמען פון וועלכע זיינען אַ לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע פון דער העברעאישער און יידישער ליטעראַטור, פון דער ביבל און פון אונדזער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג־באַוועגונג.

און ווען די לעצטע צוויי טעג האָבן מיך באַגלייט אויף מיינע וואַנדערונגען צוויי „גרינע", ערשט אָנגעקומענע אַרגענטינער, וואָס קענען ארץ־ישראל און תל־אביב בלויז מיט פּופּצן און צוועלף יאָר צוריק, איז נישט געווען קיין עק און קיין סוף צו זייער שטוינען. אַלע רגע האָבן זיי זיך געשטורכעט ביי די זייטן און אַריינגעפאַלן אין התפּעלות:

— זע נאָר, קוק נאָר!

איך בין שוין געקומען אויף „אַלעם פאַרטיקן"; זיי געדענקען אָבער נאָך, ווען תל־אביב האָט געהאַט בלויז עפּעס מער פון אַ טוץ גאַסן, און ווען איך זע איצט אויסגעצייכנט אַספאַלטירט און בעטאָנירטע גאַסן מיט גראַציעזע, שניי־ווייסע בני־נים געדענקען זיי נאָך דעם זאַמדיקן מדבר...

איך מוז זאָגן, אַז תל־אביב האָט מיך, וואָס שייך איר אויסערלעכן אויסזען, אַנגענעם אַנטוישט.

לויט דעם שם־רע, וואָס די ערשטע יידישע שטאָט אין דער וועלט האָט אין געוויסע קרייזן, האָב איך זיך געריכט צו טרעפן אין תל־אביב עפּעס ענלעכעס צו אַ קאָפּיע פון די יידישע קוואַרטאַלן אין וואַרשע.

ווי אנגענעם איז אָבער געווען מיין איבעראַשונג, ווען איך האָב שוין ביי דעם ערשטן, שנעלן שפּאַציר איבערן שטאָט איבערצייגט זיך, אַז דער טייפל איז גאָר נישט אַזוי שוואַרץ, ווי מאַנכע האָבן עס געמאָלן און ווי איך האָב זיך עס אַליין פאָרגעשטעלט.

נו, עס איז נישטאָ קיין גרעסערער אַבסורד צו ווען מאַכן וועלכן נישט איז אַפילו ווייטסטן פאַרגלייך צווישן תל־אביב און די יידישן גאַסן, אין וועלכן נישט איז פון אונדזערע געטאָס.

אפילו די ה ע ר צ ל־גאַס, וואָס האָט פאַרלוירן איר אַמאָליקן גרין־באַחנטן אויסזען — ווי מיר קענען זי לויט אַלטע פאָטאָגראַפיעס, — און איז איצט געוואָרן אַ פּראָזאַאישע גאַס מיט אומצאָליקע קראָמען, — מאַכט דאָך דעם איינדרוק פון אַ לעבעדיקער געשעפט־גאַס אין אַ קוראָרט־פּלאַץ; דעם דאָזיקן כאַראַקטער באַקומט זי אַדאַנק די גרעסטנטייל איינשטאָקיקע, העכסטנס דריישטאָקיקע בנינים מיט זייערע ברייטע, טעראַסנפאָרמיקע באַלקאָנען, וואָס פאַרנעמען דעם גאַנצן פראָנט פון די הייזער.

און ווען איר פאַרלאָזט די געשעפטס־קוואַרטאַלן און קומט אַריין אין די רעזידענץ־געגנטן מאַכט תל־אביב גאַנץ באַשטימט דעם איינדרוק פון אַ ווילע־שטאָט, וואָס ווירקט לייכט אויף אייער געמיט און פרייט דאָס אויג מיט די גראַציעזע ליניעס פון איר אַרכיטעקטור.

באַזונדערס אינטערעסאַנט זיינען די נייע שטאָט־טיילן פון תל־אביב, די „שכונת דיזענגאָף". דאָ זעט מען שוין שטרענגן פּלאַן און סיסטעם און דאָ זיינען אָנגעווענדט די פּרינציפּן און אידייען פון דער מאָדערנער אורבאַניסטיק — דאָס נייסטע וואָרט פון דער לעצטער שטאָט־בוי טעכניק.

איין זאַך פעלט תל־אביב, גרינס,ביימער און פּאַרקן.

דער אומנאַטירלעך־שנעלער וואוקס פון תל־אביב, דער ווילדער געיעג נאָך מגרשים, נאָך יעדן פרייען שפּאַן פּלאַץ האָט געפירט דערצו, אַז מען האָט אויסגעהאַקט די גערטנער, וואָס האָבן באַפּוצט דעם פראָנט פון די הייזער און מען האָט נישט געטראַכט וועגן לאָזן אַ פרייען אָטעם־פּלאַץ פאַר שטאָט־סקווערן און אַ שטאָטישן פּאַרק. אין די אַלטע טיילן פון שטאָט איז אין דעם פּרט אַן אנגענעמער אויסנאַם בלויז דער ראָטשילד־בולוואַר, וואָס איז דורכגעשניטן מיט אַ פיינעם פּאַרק...

אין די נייע שטאָט־טיילן האָט מען שוין געזוכט אויסצומיידן אָט דעם גרויסן פעלער, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון דער מגרשים־זשעדנעקייט און יקרות אויפן באָדן.

די ירושה פון דעם זעלטענעם יידישן מעצענאַט י צ ח ק ג אָ ל ד ב ע ר ג, וואָס האָט איבערגעלאָזן דער עיריה אַ באַדייטנדן לאַנד־שטח פאַר אַ שטאָט־פּאַרק, וועט באַזייטיקן איינעם פון די גרויסע דעפעקטן פון תל־אביב.

אויב תל־אביב האָט נישט קיין גרינס און קיין פּאַרקן פאַרמאָגט זי אָבער אַ טייערן אוצר — דעם י ם.

דער ים־פּליאַזש וועט מיט דער צייט געוויס זיין די צירונג פון דער ערשטער אין איינציקער יידישער שטאָט אין דער וועלט.

די דייטש־יידישע עולים, וואָס האָבן איינגעפירט אין תל־אביב עלעגאַנטע כּאַנץ־ און מוזיק־קאַפעען און האָטעלן — דער עולם באַקלאָגט זיך אפילו, אַז זיי האָבן „דעמאָראַליזירט" תל־אביב מיט זייער לוקסוס — האָבן דערווייל ביים פּליאַזש אַרויסגעוויזן נאָך וויניק איניציאַטיוו. נאָר מען מעג זיך פאַרלאָזן אויף זיי. זיי וועלן שוין מאַכן אַ „מאָלק" אין דעם פּראַכטפולן תל־אביבער ים־ברעג, וואָס איז דערווייל נאָך ווייט נישט אויסגענוצט און מאַכט אַ גאַנץ באַשיידענעם איינדרוק לויט אונדזערע מאַר־דעל־פּלאַטער השגות...

:: :: ::

אַ באַזונדער קאַפּיטל זיינען די אַ ר ב ע ט ע ר ־ ק וו אַ ר ט אַ ל ן פון תל־אביב — די אומצאָליקע ש כ ו נ ו ת ־ ע ו ב ד י ם.

אין דעם פּרט האָט די איינציקע יידישע שטאָט אין דער וועלט גאַנץ געוויס מיט וואָס צו שטאָלצירן, כאָטש די עיריה איז אין דעם אומשולדיק; דאָס האָט תל־אביב צו פאַרדאַנקען דעם זעלבסט־איניציאַטיוו פון די יידישע אַרבעטער און צום גרויסן טייל דער מיטהילף פון קרן־קימת.

אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן זיינען פאַראַן שוין עטלעכע הונדערט אינדיווידועלע קליינע און זייער גוט איינגעאָרדנטע הייזער פאַר איינצלנע משפחות און עס זיינען פאַראַן איניקע בלאָקן מיט קאָלעקטיווע הייזער, צו עטלעכע און דרייסיק וואוינונגען אין יעדן איינעם.

איך האָב ליידער נישט געזען די ווינער אַרבעטער־הייזער, אָבער פון דעם וואָס איך ווייס וועגן זיי, וועט נישט זיין ווייט פון אמת צו זאָגן, אַז די תל־אביבער הייזער קענען אויסהאַלטן דעם פאַרגלייך מיט אָט די בעסטע אין אייראָפּע אַרבעטער־וואוינונגען.

עס איז ממש אַ פרייד אַריינצוגיין אין אַ וואוינונג פון אָט די אַרבעטער־בלאָקן. עס איז שווער צו פאַרלאַנגען עפּעס בעסערס. איר האָט דאָ אַלץ: ליכט, לופט, זון, עלעגאַנץ און אַלע מאָדערנע באַקוועמלעכקייטן.

די קאָלעקטיווע אַרבעטער־הייזער פאַרמאָגן גרויסע, נערווימיקע הויפן מיט פּראַכטפול־איינגעאָרדנטע פּאַרקן, אַ פאַרזאַמלונגס־זאַל, שפּיל־זאַל און עס־סאַלאָנען פאַר קינדער און אַ קאָאָפּעראַטיווע אַרבעטער־קראָם.

איך האָב אין מאָסקווע און דערהויפּט אין לענינגראַד געזען גרעסערע און מאָ־

נומענטאַלערע אַרבעטער־הײַזער, זײ זײַנען אָבער געװיס נישט שענער און אוודאי נישט געמיטלעכער און פרײַדיקער פון די אַרבעטער־בלאָקן אין תל־אביב, װאָס שטעלן אװעק די ערשטע יידישע שטאָט אין דער װעלט אויף דעם ערשטן פּלאַץ נאָך װײַן אין הינזיכט פון די אַרבעטער־װאױנונגען.

:: :: ::

תל־אביב פאַרמאָגט אויך אַן אויסשטעלונגס־פּלאַץ, מיט װעלכן זי קען זיך נישט פאַרשעמען פאַר אַ סך גרעסערע שטעט. דאָ קומט פאָר די לעװאַנטע־מעסע „יריד המזרח". דער פּלאַץ דערמאָנט אונדזער „רוראַל" אין פּאַלערמאָ; אויב ער איז אַביסל קלענער אין שטח, געװינט ער אָבער דערפאַר מיט זײַן מאָלערישער פּאָזיציע, ער ליגט באַרגיק אויסגעשפּרייט בײַם ברעג פון מיטללענדישן ים און אייניקע פון די פּאַװיליאָנען צײכענען זיך אויס מיט זייער אַרכיטעקטאָנישער שיינקייט.

:: :: ::

נו, װעגן דעם ש ב ת אין תל־אביב האָט מען שוין אַ סך דערציילט.

איך האָב נישט אָן נײַגעריקייט געװאַרט אויף דער שעה פון שקיעת החמה בדי צו זען, װי זעט אויס דער שבת אין דער איינציקער יידישער שטאָט אין דער װעלט.

און אַזוי שנעל, װי איך האָב דערהערט די ערשטע תקיעה בין איך אַרויס אויף דער אַלענבי־גאַס, דער תל־אביבער „פלאָרידאַ".

פון פאַרשידענע װינקלען האָט זיך דערטראָגן דאָס שאַלן פון אַ טרומייטער אין דעם טאָן פון שופר־בלאָזן. עטלעכע עלטערע יידן האָבן אויף אַזאַ אופן אָנגעזאָגט דעם עולם מען זאָל זיך מכין זײַן מקבל זײַן דעם שבת.

לאַנגזאַם הויבט אָן אָפּשטאַרבן די געשעפטלעכע באַװעגונג אין גאַס. עס מערקט זיך אומעטום אַ פיבערדיקע איילעניש.

עס װאַרפט זיך אין די אויגן די באַדייטנדע צאָל בלומען־פאַרקויפער, און דער פרויען־עולם פאַרזאָרגט זיך מיט בלומען לכבוד שבת.

נאָך דעם צװייטן אָדער דריטן שופר־סיגנאַל באַװייזט זיך אין גאַס אַ מין שומרי־שבת פּאָליציי. בכבודיקע יידן, אויסגעפוצט שבתדיק אין שװאַרצע סורדוטן, איילן־אונטער די געשעפטסלייט, װאָס האָבן נאָך נישט געשלאָסן די קראָמען. און דער עולם פאָלגט אויס מיט מערקװירדיקער דיסציפּלין די „פאַראָרדנונגען" פון אָט די פרייװיליקע שבת־היטער.

אָט זע איך אַ רעדל אויף איינער פון די עקן פון דער אַלענבי־גאַס. אַ פאַרקויפער פון מאַנים, קענטיק אַ תימנער ייִנגל, װיל נאָך אַרײַנכאַפּן אַ לייזונג; אָבער דאָ

זאָקסט אוים, ווי פון אונטער דער ערד אַ אין סורדוט אויסגעפּוצטער שומר־שבת־ניק און קאָמאַנדעוועט אין דעם טאָן פון אַן אמתן פּאָליציסט, אַז דער מאַנים־פאַר־קויפער זאָל זיך תיכף אָפּטראָגן. דער יינגל אַמפּערט זיך אַביסל, ער וויל נאָך מזכה זיין עטלעכע קליענטן מיט מאַנים, אָדער קערנדלעך אויף שבת. דער שטרענגער שבת-היטער גיט אָבער נישט נאָך און אומ־ווּיליק טראָגט זיך אָפּ דער תימנער יינגל מיט זיין וועגעלע...

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז ווען עס ווערט טונקל און עס צינדט זיך אָן די עלעקטרישע ליכט וועט איר אין תל־אביב נישט טרעפן קיין איין אָפענעם געשעפט. עס שטעלט זיך אויך פולשטענדיק אָפּ דער אָמניבוס־פאַרקער. נאָר אין באַשטימטע זייטיקע גאַסן קען מען טרעפן אייניקע טאַקסי־אויטאָמאָבילן, וואָס ווערן נישט נתפעל פאַר די שומרי־שבתניקעס. פרייטיק-צו־נאַכט און שבת קען מען זיך באַנוצן בלויז מיט אַראַבישע דראָזשקעס און אויך אייניקע, זייער ווייניקע ליניעס פאַרקער־אַראַבישע אויטאָבוסן.

מען מוז אָבער זאָגן, אַז דער פּריוואַטער אויטאָמאָביל־פאַרקער איז אַ גאַנץ באַדייטנדער און דאָ האָבן נישט געהאָלפן קענטיק די פּראָטעסטן פון די שומרי־שבת. די פּריוואַטע אויטאָמאָביל־באַזיצער ווילן זיך נישט אָפּזאָגן פון דעם עונג-שבת אויס־נוצן דעם פרייען אָוונט און טאָג פאַר שפּאַצירן אין און אויסערהאַלב דער שטאָט.

עס זיינען אויך אָפן אַ גרויסע צאָל קאַפעען, רעסטאָראַנען און אויך אייניקע „גאַזאָס“-בודקעס, כאָטש, ווי מען גיט איבער, מוז מען זיך אין אייניקע רעסטאָראַנען באַזאָרגן ערב שבת מיט קאַרטן, ווייל זיי נעמען נישט קיין געלט.

פרייטיק נאָך וועטשערע שטעלן פאַר מיט זיך די הויפּט־גאַסן פון תל-אביב אַ מערקווירדיק בילד. קינד און קייט איז אויפן גאַס. אין באָסטאָן אָדער פילאַדעלפיע וועט איר געווים נישט זען אַזוי פיל מענטשן אין גאַס אָוונט־צייט, ווי אין תל־אביב און נישט וויסנדיק די סטאַטיסטיק פון דער אייניוואוינערשאַפט פון תל־אביב קענט איר האָבן דעם איינדרוק, אַז עס איז שיעור נישט אַ מיליאָנען-שטאָט...

פרייטיק־צו־נאַכט קומען אויך פאָר אין די פאַרשידענע פאַרזאַמלונגס־לאָקאַלן פון שטאָט אומצאָליקע פאַרטראָגן אויף די פאַרשידנסטע קולטור־טעמעס.

שבת פאַרנאַכט בין איך אַוועק צום „אהל שם“, וואו ס'איז פאָרגעקומען דער ערשטער „עונג שבת“ פון סעזאָן. עס האָט גערעדט ד"ר יהודה קויפמאַן וועגן די אַוועקגעגאַנגענע, וועגן ביאַליקן און שמריהו לעווין.

ווען איך בין צוגעקומען צו דעם גרויסן סאַלאָן, וואָס נעמט אַריין ביז די אַנדערהאַלבן טויזנט מענטשן איז שוין נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט דורכצושלאָגן זיך צו די טירן, וואו עס זיינען דרויסן געשטאַנען עטלעכע הונדערט מענטשן.

עס האָט נישט געהאָלפן קיין שום „זכות אבות“, ווען ס'איז נישט געווען קיין פיזישע מעגלעכקייט דערנענטערן זיך צו דעם אָרדנער, וואָס שטייט ביי דער טיר.

ערשט נאָך אַ שעה שטיין האָט עמיצער אָנגעוויזן מיר און מיין באַגלייטער אַ זייטיקן ארויסגאַנג צו דער גאַלעריע.

עס איז שוין געווען שפּעטלעך, גוט פינצטער און אַריינקומענדיק אין זאַל האָב איך דערזען אויף וויפל עס איז מעגלעך געווען אין דער טונקלקייט צו זען, אַ מערקווירדיק בילד. הונדערטער און הונדערטער מענטשן שטיין קאָפּ אויף קאָפּ אויף דער גאַלעריע. אין זאַל איז פולשטענדיק פינצטער, אַ היץ נישט צום אויסהאַלטן.

שוויים גיסט זיך טייכנווייז און מענטשן שטייען געדולדיק און הערן. ווען איך בין אַריינגעקומען האָט גערעדט פּראָפעסאָר באַלאַבאַן וועגן זיינע רייזע־איינדרוקן אין ארץ־ישראל.

און אַז די רעדעס האָבן זיך געענדיקט האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָנצערט פון אַ סינאַגאָגע־כאָר. און דאָס אַלץ קומט פאָר אין דער פינצטער און ווען מען האָט אָנגעצונדן די ליכטלעך צו הבדלה האָב איך ערשט דערזען וואָס פאַר אַ ריזיקער עולם איז אין זאַל... נאָך הבדלה האָט זיך הערשט אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע ליכט און מיט אייניקע כאָראַלע געזאַנג־נומערן האָט זיך פאַרענדיקט דער עונג־שבת.

אין פּאָיע האָט מיך ד״ר קויפמאַן פאָרגעשטעלט ראַבניצקין און אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן אין שוואַרצן. איך האָב זיך אַביסל פאַרלוירן, ווען איך האָב דערהערט גאַנץ אומדערוואַרטעט דעם נאָמען ב י אַ ל י ק.

איך האָב זיך באַנוצט מיט דער געלעגנהייט צו זאָגן דער אלמנה ביאַליק, אַז דאָס גאַנצע נאַציאָנאַלע יידנטום פון דער ווייטער אַרגענטינע האָט מיטגעלעבט מיט איר אומגליק.

זי האָט מיך אויסגעהערט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און האָט זיך שנעל צוזעגנט מיט אונדז. די צייט האָט נאָך נישט פאַרהיילט איר וואונד. זי איז נאָך אומטרייסטבאַר...

איך האָב זיך פון „אהל שם“ געלאָזט וואַנדערן איבער די גאַסן פון תל־אביב. שבת צו־נאַכט קאָכט די גאַס, ווי אין אַ קעסל. אויף די טראָטואַרן פון אַלענבי־גאַס איז נישטאָ קיין שום מעגלעכקייט זיך דורכצושטופּן. די געשעפטן זיינען שוין אַלע אָפן, און די שטאָט מאַכט דעם איינדרוק, ווי עס וואָלט דאָ געווען אַ גרויסער פאָלקס־יום־טוב...

:: :: ::

פיר טעג האָב איך צום ערשטן מאָל פאַרבראַכט אין תל־אביב און כאָטש די שטאָט אַלס אַזעלכע האָט אויף מיר געמאַכט אַ סך אַ בעסערן רושם, ווי איך האָב דאָס דערוואַרט, האָט מיר דאָך די גאַנצע צייט באַהערשט אַ מאָדנער געפיל: איך האָב נישט געהאַט דאָס עמפינדן, אַז איך בין אין ארץ ישראל...

איך האָב זיך כסדר אַליין געמינטערט: דו ביזט אין דער איינציקער יידישער שטאָט אין דער וועלט, אַלץ, וואָס דו זעסט איז דאָס ווערק פון יידישער מי און יידישן שאַפן. דאָס אַלץ איז מעשה בראשית. דאָס אַלץ איז אַנשטאַנען פון אַ זאַמד־דיקן מדבר.

דאָס איז די איינציקע שטאָט אין דער וועלט, וואו מיר זיינען אַלע באַלעבאַטים, וואו פון דעם פּאָליציאַנט, פון דעם גאַסן־קערער, גאַס־ברוקירער ביזן שטאָט־מאַיאָר זייַנען אַלע יידן.

דאָס אַלץ האָב איך כסדר געמענהט צו זיך און דאָך האָב איך נישט געקענט דערוועקן אין זיך דאָס געפיל, דעם געמיט־צושטאַנד, אַז איך בין אין ארץ־ישראל...

אַזוי שנעל ווי עס איז אַוועק דער ערשטער שטאַרקער איינדרוק, וואָס מען באַקומט, ווען מען גייט אַריין פון יפו אין תל־אביב, הערט מען דאָך אויף צו שפּירן די שאַרפע דיפערענץ צווישן אַלענבי־גאַס, אָדער איסט בראָדוויי, סעקאָנד־עוועניו אין ניו־יאָרק אָדער די אַנדערע גאַסן אין די אַנדערע יידישע שטעט.

די דיפערענץ איז בלויז אַן אויסערלעכע, אָבער זי איז נישט גענוג פונדאַמענ־טאַל, אַז מען זאָל דאָ פילן דעם אָטעם, די אַטמאָספער פון יידנלאַנד. און, דאָ העלפט ווייניק, וואָס דו הערסט אויף טריט און שריט די העברעאישע שפּראַך און דו זעסט פאַר זיך אומעטום העברעאישע שילדן.

ערשט, ווען דער אויטאָמאָביל האָט מיך אַוועקגעפירט עטלעכע צענדליק קילאָ־מעטער פון תל־אביב, ווען איך האָב דערזען דעם ערשטן יידישן דאָרף־ישוב האָב איך דערזען און דערשפּירט ארץ־ישראל.

איך ווייס, אַז מיין איינדרוק איז אין גרונד גענומען נישט קיין ריכטיקער. תל־אביב איז געוויס אַרץ־ישראל און אַ וויכטיקע, ערשטקלאַסיק וויכטיקע, הן ווירטשאַפטלעך, הן פּאָליטיש־יידישע פּאָזיציע אין לאַנד.

נאָך אַלעמען באַשטיין דאָך לענדער נישט בלויז פון דערפער און אויפבויען אַ שטאָט־צענטער — און נאָך אַזאַ פּראַכטפולן — אין אַ זאַמד־מדבר איז נישט קיין סך קלענערער כאָטש זאָל זיין אַ ווייניקער העראָאישער אויפטו, ווי דעראָבערן דעם עמק און דעם גליל.

דאָס אַלץ איז געוויס אַזוי. און דאָך קען איך מיך נישט העלפן: דעם אווירא דארץ ישראל האָב איך ערשט דערשפּירט, ווען איך האָב פאַרלאָזט די ערשטע און איינציקע יידישע שטאָט אין דער וועלט, קעגן וועלכער אַלס שטאָט איז נישטאָ כמעט, וואָס אויסצוזעצן, ווייל אין די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע שאָטן־זייטן פון תל־אביב, איז דאָך שולדיק נישט די שטאָט, נאָר די מענטשן און אומשטענדן.

# קיבוץ כנרת

ווען איך בין צוגעפאָרן, אין דער באַגלייטונג פון גאָלדע מאירסאָן און א. גאָ-לאָמב, צום קיבוץ כ נ ר ת, אין עמק הירדן, זיינען זיי נישט זיכער געווען צי זיי האָבן מיך געבראַכט אויף דעם ריכטיקן פּלאַץ.

די צוויי מיטגלידער פון ועד הפּועל פון דער הסתדרות, אין וועמעס אנגענעמער געזעלשאַפט איך האָב געמאַכט מיין ערשטן ארויספאָר איבערן לאַנד, קענען, פאַר-שטייט זיך, יעדן ווינקל אין ארץ-ישראל, ווי זייערע פינף פינגער. זיי זיינען אָבער אין עמק הירדן שוין נישט געווען א חדשים פיר און זיי האָבן נישט דערקענט דעם קיבוץ כנרת; די רייע נייע געביידעס און דאָס געענדערטע אויסזען פון קיבוץ האָט זיי אויף דעם ערשטן מאָמענט דעזאָריענטירט און זיי האָבן געדאַרפט, פּונקט ווי איך דער „גרינער", נאָכפרעגן זיך, צי זיינען זיי ווירקלעך אויף דעם אָרט, וואוהין זיי האָבן מיך געפירט.

דער דאָזיקער אינצידענט גיט א קלאָרע פאָרשטעלונג, ווי שנעל, ווי פיבער-האַפט עס בויט זיך ארץ-ישראל.

דער קיבוץ כנרת פון דעם רוסישן השומר הצעיר, וואָס געהערט צום קיבוץ המאוחד, און איז אָנגעשלאָסן צו דער מפא"י, געהערט צו די יונגע קאָלעקטיווע אַגראַר-ישובים אין לאַנד.

מיט א יאָר פיר צוריק, האָט מען אָנגעהויבן בויען דעם משק אויף א שטח פון זעקס הונדערט דונאַם באָדן, וואָס געהערט צום נאַציאָנאַל-פאָנד. די הונדערט מיט-גלידער פון השומר הצעיר, וואָס זיינען געווען די גרינדער פון דער ווירטשאַפט, זיי-נען צוגעטראָטן צו זייער קאָלאָניזאַציע-ארבעט אָן שום ביודזשעטן פון אונדזערע נאַציאָנאַלע פאָנדן.

דער קיבוץ האָט זיך אָרגאַניזירט נאָך מיט א יאָר צען צוריק, און זיינע מיט-גלידער האָבן געוואַנדערט איבערן גאַנצן לאַנד, באַשעפטיקנדיק זיך ביי די פאַר-שידנסטע ארבעטן.

אין 1929 איז די ערשטע גרופּע פון דעם קיבוץ געקומען אין עמק הירדן און האָט געאַרבעט ביי דעם עלעקטרישן ווערק פון אינזשעניער רוטענבערג, וואָס געפינט זיך דערביי. דער קיבוץ כנרת האָט אַזוי ארום א גרויסן חלק אין דער ריזיקער קאָנ-סטרוקציע פון רוטענבערגן, וועלכער האָט „איינגעשפּאַנט" דעם ירדן און האָט אים פאַרוואַנדלט אין א קוואַל פון ליכט און עלעקטרישער ענערגיע, וואָס איז געוואָרן איינער פון וויכטיקע פאַקטאָרן פון דעם ווירטשאַפטלעכן און ציוויליזאַטאָרישן פּראָ-גרעס פון ארץ-ישראל.

א צווייטער טייל פון די מיטגלידער פון קיבוץ האָבן געאַרבעט ביים טראַנס-פּאָרט, מען האָט זיך פאַרשאַפט א זעקס-זיבן אויטאָמאָבילן און מען איז געוואָרן

שאַפערן, אַנדערע האָבן געאַרבעט ביים הייזער־בוי. אַדאַנק אַט די זייטיקע פּרנסות, דער פאַרדינסט פון וועלכע איז געגאַנגען אין דער קאָלעקטיווער קיבוץ־קאַסע, האָט מען אָפּגעשפּאָרט אַביסל געלט און מיט דער הילף פון אַ הלוואה פון דער אַרבעטער־באַנק איז מען צוגעטראָטן צו בויען די נייע ווירטשאַפט.

לעצטן יאָר האָט שוין דער קיבוץ כנרת באַקומען אַ הלוואה פון קרן היסוד פון דריי טויזנט פונט פאַר הייזער־בוי.

אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב באַזוכט כנרת האָט שוין דער קיבוץ געציילט צוויי הונדערט מיטגלידער, אויסער דער גרופּע פון „נוער גרמני" פון דרייסיק יידיש־דייטשע מיידלעך און יינגלעך אין דער עלטער פון 15 ביז 17 יאָר. די הוצאות פון זייער אויסהאַלטונג ווערן געדעקט פון דעם ספּעציעלן פאָנד פאַר די דייטש־יידישע פּליטים פון דער יידישער אַגענטור.

ווען מיר זיינען פאַרנאַכט אָנגעקומען אין קיבוץ כנרת איז נאָך געווען אַר־בעטס-צייט. דאָ איז, ווי אין אַ בינשטאָק. אויף יעדן טריט און שריט זעט איר דעם פיבער און אימפּעט פון אַרבעט.

אַ גרופּע נאָרד־אַמעריקאַנער יונגעלייט בויען אַ געפּלאַסטערטן וועג פון הויפּט־שאָסיי. מען גראָבט און מען האַקט שטיינער.

אויף די רעשטאָוואַניעס פון די נייע געביידעס, וואָס האַלטן זיך אין בויען, הערט איר דעם אומאויפהערלעכן האַמער-געקלאַפּ. באַלד וועלן שוין פאַרענדיקט ווערן די מאָדערנע און באַקוועמע בנינים, וואָס זיינען באַשטימט פאַר דער דייטשער יוגנט. אינעם צענטער פון משק שטייט אַ שמאָלער און הויכער טורעם־אַרטיקער בנין פון אָריגינעלער אַרכיטעקטור — דאָס איז דער וואַסער-רעזערוו.

אין אַ צווייטן פּלאַץ האַלט זיך ביים פאַרענדיקן די „לוקסוס"-געביידע — דאָס זיינען מאָדערן און זייער באַקוועם־איינגעאָרדנטע באָד-צימערן, „דושן" און אפילו אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג מיט באַקוועמע טואַלעטן צום ראַזירן זיך.

— דענקט נישט, אַז ס'איז אַ לוקסוס — זאָגט מיר מיין באַגלייטער, אַ יונגער נאָרד־אַמעריקאַנער חלוץ. — מיר זיינען אין עמק. דאָ איז די טעמפּעראַטור גאָר נישט קיין מילדע. איצט אין האַרבסט-צייט קען מען נישט פילן דעם ריכטיקן טעם פון די עמק־היצן. מיר בראָטן זיך דאָ גוט אַן אונטער די שטראַלן פון דער היפּשלעך־וואַרעמער עמק־זון.

מיר איז אָבער גאָרנישט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז דער באָד־אַפּאַרטאַמענט, וואָס מען האָט מיר באַוויזן, איז אַ לוקסוס־זאַך.

איך האָב זיך נאָך געפרייט, וואָס איך זע פאַר זיך אַ גרויסע קבוצה, וואו מען הויבט שוין אָן צו טראַכטן און מען קען שוין צום גליק פאַרווירקלעכן די עלעמענ־טאַרע לעבנס־באַקוועמלעכקייטן.

דער קיבוץ כנרת באַשעפטיקט זיך נישט נאָר מיט אַגריקולטור, ער פאַרמאָגט

אַן אויסגעצייכנטן אָרגאַניזירטן גרייפּ־פרוכט־פּרדס, דאָ פלאַנצט מען באַנאַנעס, פּרוכט־ביימער. עס איז דאָ פאַראַן אַ גוט־איינגעאָרדנטע מילך־ווירטשאַפט, אָבער אויסערדעם איז דאָ, ווי אין אַ גאַנצער רייע אַנדערע קיבוצים און קבוצות, געמאַכט געוואָרן אַ זייער דערפאָלגרייכער פּרואוו איינצופירן אינדוסטריעס.

אין קיבוץ כנרת געפינט זיך איינע פון די גרעסטע אין לאַנד קעסטל־פאַבריקן (פאַר אָראַנזשן און גרייפּ־פרוכט), אַלץ איז דאָ מעכאַניזירט. עס איז שווער צו פאָרשטעלן זיך אידעאַלערע אַרבעטס־באַדינגונגען. די פאַבריק שטייט אין מיטן פעלד. ליכט, לופט און זון פעלט דאָ נישט, און עס דאַרף זיין אַן אמתע פרייד צו אַרבעטן אין אַזאַ אומגעבונג, ווען פון אַלע זייטן רינגלט אייך אַרום די פּראַכטפולע, מאַלע־רישע באַרג־לאַנדשאַפט פון עמק־הירדן.

עס איז געווען אַן אינטערעסאַנטער עקספּערימענט, וואָס ווערט איצט געמאַכט אין אַ רייע קבוצהשע אַגראַר־ווירטשאַפטן אין ארץ־ישראל, אַריינצופירן געוויסע צווייגן פון אינדוסטריע, ווי סטאָלעריי, שלאָסעריי און אפילו מעבל־פאַבריקאַציע.

די ווירטשאַפט אין קיבוץ כנרת איז שוין אַרויס פון איר דעפיציט־פּעריאָד, זי וואָלט שוין אפילו געבראַכט פּראָפיטן, ווען דעם קבוץ וואָלט נישט אויסקומען אַרויסשיקן יעדן יאָר עטלעכע הונדערט פונט שטערלינג קיין אויסלאַנד, פאַר קרו־בים הילף פון די מיטגלידער.

דער פּרעדאָמינירנדער עלעמענט אין קיבוץ זיינען רוסישע חברים, אַ טייל פון זיי קומען פון ראַטנפאַרבאַנד און האָבן דורכגעמאַכט דעם גאָלגאָטאַ־וועג פון סיביר און פּאָליט־איזאָלאַטאָרס, איידער זיי זיינען אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. עס זיינען דאָ אויך פאַראַן ביי די פערציק אַמעריקאַנער חלוצים, אַ קנאַפּע העלפט פון זיי זייי־נען געבוירענע אין די פאַראייניקטע שטאַטן און האָבן דורכגעמאַכט נאָרד־אַמעריקאַ־נישע לער־אַנשטאַלטן.

מיך האָט באַזונדערס אינטערעסירט די אידיש־אַמעריקאַנישע יוגנט. אַז די ייִדישע יוגנט אין לאַטוויע, ליטע, פּוילן און רוסלאַנד איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער חלוצישער באַוועגונג — דאָס איז שוין קיין נייעס נישט און עס איז נישטאָ וואָס צו וואונדערן זיך, וואָס די דאָזיקע יוגנט רייסט זיך קיין ארץ־ישראל, נישט זעענדיק פאַר זיך קיין שום צוקונפט אין זייערע געבורטס־לענדער.

עס איז אָבער געווען אַ צייכן פון דער צייט, וואָס די ייִדישע יוגנט אין נאָרד־אַמעריקע, אפילו די, וואָס איז שוין געבוירן געוואָרן דאָרטן און איז צוזאַמענגע־וואַקסן געוואָרן מיט דער נאָרד־אַמעריקאַנער קולטור־סביבה, איז אויך אַזוי ווייט דורכגעדרונגען געוואָרן מיט די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אידעאַלן פון קבוצישן חלוציזם, אַז זי איז גרייט צו פאַרבייטן די אונטער אַלע אומשטענדן לייכטערע לעבנס־באַדינגונגען אין נאָרד־אַמעריקע אויף דעם האַרטן, שווערן פּיאָנערן־לעבן אין דער קבוצה און קיבוץ, וואָס פאָדערט נאָך אַזוי פיל קרבנות און מסירת־נפש, נישט

קוקנדיק אויף די דערגרייכטע דערפאָלגן.

ווי האָבן זיך די נאָרד־אַמעריקאַנער צוגעפּאַסט צום נייעם לעבן אין קיבוץ? איך האָב מיט אַ סך פון זיי געשמועסט, אינטים, ביחידות.

אייניקע פון זיי בענקען אוודאי. אָבער נישט נאָך די פעטע אָדער מאָגערע טעפּ פון יענקישן „מצרים". נאָר זיי ציט צום פּילזייטיקן קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער אַלטער היים.

די קבוצה און דער קיבוץ זאָרגט צו געבן זיינע מיטגלידער די ברייטסטע מעגלעכקייטן פאַרן גייסטיקן אויסלעבן זיך. עס זיינען אומעטום פאַראַן גרעסערע אָדער קלענערע ביבליאָטעקן, עס ווערן איינגעאָרדנט די פאַרשידנסטע פאָרטראַגן. דער „אהל" (דער אַרבעטער־טעאַטער) און די „הבימה" אָרדנען איין כסדר און סיסטעמאַטיש זייערע פאָרשטעלונגען אין די גרעסערע קיבוצים און קבוצות.

אָבער מען קען דאָך נישט דערוואַרטן, אַז דאָס לעבן אין די גרעסערע און קלענערע אַגראַר־צענטערן פון לאַנד זאָל זיך קענען פאַרגלייכן מיט דעם פאַרשידנאַרטיקייט און פילפאַרביקייט פון אַ ניו־יאָרק אָדער שיקאַגאָ.

דערפאַר מערקט זיך אַ געוויסע פאַרבאָרגענע בענקעניש ביי אַ טייל אַמעריקאַנער חלוצים, וואָס האָבן זיך נאָך נישט אינגאַנצן אריינגעלעבט אין דער נייער סביבה און דעם נייעם לעבנס־שטייגער. דאָ איז דאָך אַלץ אַזוי אַנדערש, ווי אין דער אַלטער היים. דאָ איז אַ שיינע, אָבער זייער שטרענגע נאַטור, דאָ איז דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל־קאָלעקטיווער ספּאַרטאַנישער אופן פון לעבן.

עס וועט צווישן די אַמעריקאַנער, און דאָס איז אויך נוגע די קבוצה־מיטגלידער פון אַלע אַנדערע לענדער, פאָרקומען אַ נאַטירלעכע סעלעקציע, אַן אָפּקלייבונג פון דעם מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס איז פיזיש און פּסיכאָלאָגיש פּאַסנד פאַר די נייע סאָציאַלע לעבנס־פאָרמען פון דער גרויסער און קליינער קאָמונע, פון קיבוץ און קבוצה.

דער גרעסטער טייל פון די אַמעריקאַנער, מיט וועמען מיר איז אויסגעקומען צו רעדן, האָבן שוין געלאָזן טיפע וואָרצלען אין לאַנד און אין דער קאָמונע, באַזונדערס איז דאָס דער פאַל מיט די, וואָס זיינען אריינגעקומען אין דער קבוצה, אָדער קיבוץ בעת זיי זיינען געווען אין אָנפאַנגס־פּראָצעס פון בויען. זיי זיינען פאַרבונדן מיט דער קאָמונע מיט טויזנטער פעדים. זיי האָבן מיטגעמאַכט די יסורים און פּיין, אָבער אויך די שאַפונגס־פרייד און דעם נחת פון דעם פּיאָנערישן פעריאָד, פון די מעשי־בראשית פון דער פּיאָנערן־צייט.

איצט האָבן מיר פאַרענדיקט דעם מאָלצייט ביים ברודער־טיש פון דעם קיבוץ און אַלע לאָזן זיך לויפן אין קיך. דאָרטן האָט מען אוועקגעשטעלט די נייע עלעקטרישע מאַשין צו שיילן קאַרטאָפל. ס'איז אַ שמחה און פרייד. אַ סאָוועטישער חלוץ, אַ בראַווער יונג, אַ מייסטער אויף אַלץ, אַ זינגער, אַן אַרטיסט און אַ טעכניקער, דע־

מאָנסטרירט פאַר די חברים די נייע קונציקע עלעקטרישע מאַשין. עס הערשט אַ ליכטיקע פרייד אין קיך. די חלוצות, אויף וועלכע עס פאַלט אויס יעדן האַלבן יאָר נאָך דער רייע די שווערע קיך-פּראַצע, זיינען באַזונדערס צופרידן, וואָס די אַרבעט וועט ווערן לייכטער און אנגענעמער, און די גאַנצע לוסטיק-פרייליכע קאָמונע פרייט זיך צוזאַמען מיט זיי. יעדע נייע דערגרייכונג, יעדער מינימאַלסטער דערפאָלג איז דאָך די קאָלעקטיווע דערגרייכונג פון אַלעמען.

דער קיבוץ כנרת, ווי אַלע קאָלעקטיווע אַגראַר־ווירטשאַפטן אין לאַנד האָט דורכגעמאַכט שווערע און האַרטע צייטן, מען האָט געלעבט אין געצעלטן, אומבאַשיצט פון היץ און קעלט, און היינט האָבן שוין לפחות די גרעסטע צאָל מיטגלידער, באַקוועמע און אנגענעמע וואוינונגען, היינט גיט שוין די באַגאַסענע מיט שוויס ערד אירע פרוכט. ווי זיס זיינען די אָראַנזשן און גרייפּ־פרוכט פון אייגענעם פּרדס, ווי באַטעמט זיינען די עלעקטריש-געשיילטע קאַרטאָפל.

דער קיבוץ כנרת אָטעמט מיט יונגער שאַפונגס־פרייד. אַלע פּאַר איינעם און יעדער פאַר אַלעמען אַרבעט, שאַפט און בויט, און דער נעבכטן נאָך פאַרלאָזטער, מדברדיקער עמק הירדן, צוביבערט דאָס אויג מיט זיין גרינער באַרגיקער לאַנדשאַפט און פרייט דאָס האַרץ מיט דעם ניי־דערוואַכטן לעבן.

און אין שכנות קעגנאיבער דעם קיבוץ כנרת ליגן אויסגעשפּרייט די טויזנטער דונאַם לאַנד, וואָס זיינען דערוואָרבן געוואָרן פאַרן מפעל אָרלאָזאָראָוו, זיי וואַרטן שוין מיט אומגעדולד, אַז די מענטשן פון כנרת און די אַנדערע שכנהשע קיבוצ־ים זאָלן שוין וואָס גיכער קומען אַהין און באַפרוכפּערן מיט זייער שוויס דאָס וויסטע לאַנד.

און ווען עס וועלן באַזייטיקט ווערן, גאָר אינגיכן, די לעצטע מניעות וואָס שטערן נאָך דערווייל צוטרעטן צו דער אַרבעט, וועט דער קיבוץ כנרת צוקריגן נייע טויזנט אָדער צוויי טויזנט דונאַם לאַנד, וואָס פעלן אים שטאַרק און וועט באַקומען צוזאַמען מיט די אַנדערע שכנהשע קיבוצים פון עמק הירדן, אַ נייעם אימפּולס און שטויס־קראַפט פאַר נייעם וואוקס און אויפבלי.

דער עמק־הירדן וועט דעמאָלט פייערן זיין אמתן יום-טוב פון תחית-המתים.

---

# ביים ים המלח

ווען איך בין געשטאַנען אויף דער דאַך־טעראַסע פון דעם פּרעכטיקן בנין פון דער נאַציאָנאַלער אוניווערזימעט־ביבליאָטעק אויפן הר הצופים און פאַר מיינע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט די איינציקאַרטיקע באַרג־ און טאָל־לאַנד־שאַפט פון אַרום ירושלים, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז דער ים המלח איז מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

די אויסטערלישע דורכזיכטיקייט פון דער ארץ ישראל־לופט, וואָס האָט נישט איר גלייכן אין דער וועלט, שאַפט די אָפּטישע אילוזיע פון נאָענטקייט.

מיין פריינט, דער אַרכעאָלאָג פון דעם העברעאישן אוניווערזיטעט, וואָס באַ־גלייט מיך און ווייזט מיר אָן אויף דער געשיכטלעכער פאַרגאַנגענהייט פון יעדן ווינקעלע פון דער מערקווירדיקער לאַנדשאַפט, וואָס רינגלט מיך אַרום, דערציילט מיר אַזאַ מעשה.

צוויי יידישע דייטשן טוריסטן, וואָס זיינען געווען אויף דעם פּלאַץ, אויף וועלכן איך שטיי, האָבן בשום אופן נישט געוואָלט גלויבן, אַז דער ים המלח, וועלכער זעט אויס צו זיין אַזוי נאָענט פון הר הצופים איז אין דער ווירקלעכקייט וויט, ווייט אויף צענדליקער קילאָמעטער.

זיי האָבן דאָס באַשלאָסן אויספּרוּוון. מיט זאַק אויפן רוקן און באַרג־שטעקן אין דער האַנט האָבן זיי זיך געלאָזט גיין צופוס צום ים־המלח לויט דער גלייכער ליניע פון באַרג הצופים.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן וואַנדערנדע בעדואינער געפונען די דייטשן האַלב־לעבעדיקע און זיי האָבן שיעור נישט באַצאָלט מיט זייער לעבן, ווייל זיי האָבן זיך געלאָזט פאַרנאַרן פון דער דורכזיכטיקער ארץ ישראל אַטמאָספער, וואָס מאַכט דאָס ווייטע אויסזען נאָענט...

איך האָב זיך נישט געלאָזט אין אַזעלכע אַוואַנטורעס.

אין דער באַגלייטונג פון מיין פריינטלעכן „משיטשעראָנע”, לאַצקי־בערטאָלדי האָבן מיר זיך אַריינגעזעצט אין אַ גוטן פאָרד און האָבן זיך געלאָזט אויף דעם אויס־געטראָטענעם, אויסגעצייכנטן אַספאַלטירטן שאָסיי־וועג צום ים־המלח.

עטלעכע שעה געדויערט די אויטאָמאָביל־רייזע פון ירושלים צום עבר הירדן און פון דאָרטן צום ים־המלח.

אָט דערווייטערן מיר זיך פון ירושלים. דער אויטאָמאָביל לויפט באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ, הינטער אייך שפּרייט זיך אויס אַלט־ירושלים.

וואָס פאַר אַ אומפאַרגעסלעך בילד עס איז דאָס צעוואָרפענע אויף בערג און טאָלן אַלט־ירושלים, ווי דערשיטערנד שיין עס זעט איצט אויס די היסטאָרישע מויער, די טורעמס פון די קלויסטערס און פון דעם הייליקן איסלאַמישן טעמפּל!

אָבער די העכסטע איבערראַשונג דערוואַרט אייך ווייטער, ווען איר הויבט אָן דורכשניידן דעם פעלזיקן מדבר יהודה. אַ שעה צוויי זעט איר פאַר זיך נאָר נאַקעטע קאַלכיקע פעלזן, אָן אומענדלעכע קייט פון זיך־כוואַלנדע ניט־הויכע נאַקעטע בערג.

די קללה פון הימל איז אויסגעגאָסן אויף אָט דעם פעלזיקן מדבר. קיין גרעזעלע זעט איר דאָ נישט. פון דאַנען וועט דער טייוול אַליין אַנטלויפן, ווייל ער וועט זיך דערשרעקן פאַר דער אומהדיקער, פאַנטאַסטישער וויסטקייט...

איך קוק און שטוין. וואוהין האָט עס מיך פאַרטראָגן? בין איך אין סאַהאַרע?

און אַהער האָט זיך דאָך דורכגעריסן די מאָדערנע ציוויליזאַציע. דער אויסגע־צייכנטער אַספאַלט־וועג, דאָס זשומען פון אויטאָ־מאָטאָרן זאָגן עדות דערויף.

און פּלוצלינג בלייבן מיר שטיין. מיר זיינען ביים  ש א ו ל  ת ח ת י ה, (קרול־קריט).

דאָ איז דאָס גרעסטע נאַטור אָדער מענטשן־וואונדער, וואָס מיינע אויגן האָבן ווען עס איז געזען.

עטלעכע צענדליק מעטער פון שאָסיי־וועג, דורכקרייצנדיק דורך נישט הויכע קאַלך־בערגלעך, דערזע איך אונטן אין טאָל, פאַרזונקען אין דעם בארג־מדבר, אַ קריסטלעכן מאָנאַסטיר. אַהער שיקט די קאַטוילישע אָדער די פּראַוואָסלאַווע קירכע זינדיקע גאָטס־דינער זיי זאָלן אויסקויפן זייערע חטאים.

יאָ, דאָ אין דעם פאַרגעסענעם פון גאָט, מענטש און נאַטור מדבר־היילן קען אַ מענטש חרטה האָבן אויף זיינע זינד...

ווי אַזוי מען קומט אַראָפּ אין דעם דאָזיקן תהום אַריין, ווי אַזוי מען האָט דאָרטן געקענט בויען אַ מענטשן־נעסט -- דאָס איז פאַר מיר אומבאַגרייפלעך, גענוי ווי עס איז פאַר מיר אומפאַרשטענדלעך דער רעליגיעז־פאַנאַטישער שגעון, וואָס האָט זיך דערטראַכט אויפצושטעלן אַ גאָטספאָרכטיק הויז אין אָט דעם טייוול־ווינקל פון דער ערד...

דו גלויבסט נישט דיינע אייגענע אויגן, ווען דו זעסט אָן דעם שאול תחתיה...

עס ווערט שוין פאַרנאַכטלעך, און מיר מוזן זיך איילן.

נאָך אַ האַלבער שעה רייזע פון דעם טשיקאַוועסטן און אומגלויבלעך־פאַנטאַס־טישן שאול תחתיה קומען מיר אָן אין  י ר י ח ו .

ווי עפּעס דורך אַ צויבער רייסט זיך אַריין אין אָט דעם דערשרעקנד־וויסטן שטייניקן מדבר אַ נאַטור־וואונדער — דער גרינער אָאַזיס פון יריחו, וואָס איז איינגעטונקט אין פּרעכטיקע גערטנער.

עס איז דער שטוינענדסטער, אומבאַגרייפלעכער קאַפּריז פון דער נאַטור, וואָס האָט איין ווינקל פון דעם אומענדלעכן פעלז־מדבר באַשאָנקען מיט איר גנאָד. דאָ וואַקסט מכל־טוב, פּרעכטיקע באַנאַנען־פּלאַנטאַציעס, מאַראַנצן און כלערליי פּרוכטן.

דאָ שטייט  י ר י ח ו.  געוויס נישט דאָס אַלטע, וואָס איז אונדז פון חומש

באַקאַנט. יענע אַלטע איינגעפאַלענע יריחו געפינט זיך אַביסל אָן א זייט, אַרכעאָ־לאָגן האָבן זי ערשט אָנגעהויבן אויסגראָבן.

און א מערקווירדיק געפיל נעמט דיך אַרום ווען דו זעסט פאַר זיך דריי טויזנט יאָר פאַרגאַנגענע געשיכטע...

פון יריחו פאָרן מיר דירעקט צום עבר הירדן.

מיר זיינען ביי דער היסטאָרישער אַ ל ע נ ב י - ב ר י ק , דורך וועלכער די אַרמיי פון דעם ענגלישן פעלדמאַרשאַל האָט באַטראָטן דעם באָדן פון ארץ ישראל.

מיר גייען אַריבער א קליין נישטיק הילצערנעם בריקל פון א פּאָר מעטער די ברייט און אַזוי פיל מעטער די לענג.

אונדזער אויטאָ בלייבט שטיין אין דער ארץ ישראל זייט פון ירדן. און אין איין פערטל מינוט זיינען מיר צופוס אויף דער אַנדערער זייט גרעניץ אין דעם עבר־הירדן קעניגרייך, וואָס איז פאַר אונדז פאַרבאָטן.

אונדזער שאָפער באַגריסט זיך גוט-ברודעריש מיט די אַראַבישע גרעניץ-פּאָלי־ציסטן, וועלכע לאָזן אונדז דורך פראַנק און פריי, אָנשטויסנדיק זיך קענטיק, אַז מיר האָבן נישט בדעה צו פאַרבלייבן אין דעם „פאַרבאָטענעם" עבר-הירדן־לאַנד...

ווי מערקווירדיק אָט די פּאָר הילצערנע ברעטלעך, וואָס ליגן איבער א שמאָל קליין טייכל, האָבן קינסטלעך צעריסן ארץ ישראל אויף צוויי טיילן און האָבן דער־ווייל באַרויבט ביי אונדז א היבש שטיק לאַנד, וואָס גאַרט און דורשט נאָך יידישן שווייס וואָס זאָל זי באַפרוכפּערן.

און דער ירדן? אָט דאָס איז דער היסטאָרישער טייך?

יאָ, שפּעטער, ווען איך בין געוועזן אין דגניה האָב איך געזען דעם מעכטיק־שטראָמענדיקן טייל פון ירדן. אָבער דאָ ביי דעם אַלענבי-בריק איז דער ירדן א שמאָל, קליין וואַסערל. א קליינע „אַראָזשאָ", ווי מען זעט ביי אונדז אויף טריט און שריט.

— איז דאָס אַלזאָ דער ירדן? — ווענד איך מיך, נישט אָן אַנטוישטער פאַר־וואונדערונג צו מיין באַגלייטער.

און לאַצקי־בערטאָלדי ענטפערט וויציק:

— וואָס האָט איר געמיינט? דאָס זיינען מיר יידן אַזעלכע מאַדימס צו מאַכן א וועלט-רעקלאַמע אַזאַ קליין טייכל...

מיר געזעגענען זיך מיט א פריינטלעכן „שלום"! מיט די אַראַבישע גרעניץ־וועכטער און פאָרן ווייטער צוריק דורך יריחו, צום ים־המלח.

די טעמפּעראַטור שטייגט פון מינוט צו מינוט. און דאָס האָט נאָך מיר אָפּגע־האַלטן, ווייל עס איז נישט קיין זוניקער טאָג, און ס'איז שוין שפּעט פאַרנאַכטלעך.

א האַלבע שעה פאָרן טויטן ים דערגרייכן מיר צו דעם נידעריקסטן און הייסטן פּלאַץ אין דער וועלט. דאָס איז טויזנט פיר הונדערט פוס אונטער דעם שפּיגל־פּלאַץ.

נאָך אַ שפּאַציר ביים ים־המלח וועט זיך אונדזער איינער שוין נישט באַקלאָגן אויף די אַרגענטינער טראָפּיקאַלישע היצן...

מיר פאָרן פאַרביי געביידעס פון דער נאָוואָמייסקי־קאָנצעסיע און באַלד אַנט־פּלעקט זיך פאַר מיר דעם ים־המלח.

עס איז שוין אָוונט-צייט. דער טויטער ים איז ווירקלעך טויט און אומבאַוועג־לעך, ווי אַ פאַרגליווערטע, אָבער פּרעכטיקע אַזיערע. די נאַכט־שאָטנס גיבן־צו אַ באַזונדערן צויבער דער שיינער לאַנדשאַפט.

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז דאָ געווען טויט און פּוסט, אַזוי מדברדיק, ווי די וויסטע, דורך וועלכער איר פאָרט ביז איר קומט צו צום ים המלח.

היינט, ווען מען זאָל אייך פאַרפירן אַהער מיט פאַרבונדענע אויגן, וועט איר גלויבן, אַז איר געפינט זיך ביים ברעג פון אַ פיינעם, מאָדערנעם ים־קוראָרט.

ביים ברעג פון טויטן ים געפינט זיך אַ זייער עלעגאַנטער רעסטאָראַן, מיט אַ פיין־איינגעאָרדנטער טעראַסע ביים סאַמע ים-ברעג. עס שפּילט מאָדערנע מוזיק. ביי די טישלעך זיצט נישט קיין גרויסע אין צאָל, נאָר עלעגאַנט פּובליקום. מען טאַנצט פאָקס־טראָט און עס הערן זיך די קלאַנגען פון אַמעריקאַנישן דזשאַז.

איר וועט קוים גלויבן, אַז איר זענט ערגעץ אין אַזיע, אין דעם ביז נעכטן נאָך פאַרוואָרלאָזטן ווינקל פון אַזיע.

איך האָב ליידער נישט געהאַט קיין צייט צו באָדן זיך און פאַרזוכן דעם מערק־ווירדיקן טעם פון די געדיכטע וואַסערן פון ים-המלח, וואָס האַלטן אייך שטענדיק אויף דער אויבערפלאַך. איך האָב נאָר איינגעטונקען די האַנט אין די וואַסערן פון טויטן ים, און דער איינדרוק איז, ווי איר וואָלט באַרירט געדיכטן אויל.

מיר גייען באַזוכן די אַרבעטער-הייזער פון דער קאָנצעסיע. דאָ אַרבעטן איצט הונדערט פופציק יידישע און צוויי הונדערט אַראַבישע אַרבעטער.

די צוויי־שטאָקיקע הייזער זיינען געבויט אין דער פאָרם פון הויכע, שמאָלע קעסטלעך. מיר גייען אַריין אין איינער פון די אַרבעטער־וואוינונגען, ס'איז אַן אונ־גאַרישער חלוץ. דאָ איז געמיטלעך און באַשיידן עלעגאַנט. יעדע אַרבעטער-פאַמיליע האָט צוויי צימערן, אַ קיך מיט אַ באָד־צימער און פריזשידער. אָן דעם קען מען דאָ נישט אויסקומען. אין יעדן צימער זיינען פון ביידע זייטן ווענט־פענצטער, כדי עס זאָל זיין אַ כסדרדיקער צוג, און דאָך איז דאָ שווער צו כאַפּן דעם אָטעם. אין קיין מערקישער באָד נויטיקן זיך שוין געווים נישט די איינוואוינער ביי דעם ים־המלח...

נישט אַלע קענען דאָ אויסהאַלטן. מען דערציילט מיר, אַז די דייטשע עולים, וואָס האָבן דאָ געפּרוּווט אַרבעטן, האָבן געמוזט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. מען מוז זיך אַפריער לפחות אַ באַשטימטע צייט צופּאַסן זיך צום ארץ ישראל קלימאַט בכלל, איידער מען קומט אַהער. אַן אייראָפּעער, וואָס קומט אַהער גלייך, קען נישט אויס־האַלטן דעם קלימאַט.

און דאָך האָט יידישע עקשנות און די אָפּפערוויליקייט פון יידישער אַרבעט

ביינעקומען אַלע נסיונות. מען לעבט דאָ און מען אַרבעט, און דער ט ו י ט ע ר ים איז ל ע ב ע ד י ק געוואָרן אונטער דער צויבערהאַנט פון יידיש אייראָפּעאישן יוגנט.
און ווען מיר זיינען געפאָרן צוריק קיין ירושלים, האָבן מיר אָנגעטראָפן צענד-ליקער לאַסט-אויטאָמאָבילן, וואָס פירן דעם פּאָטאַש און די אַנדערע מינעראַל-שטאָפן, וואָס יידישע אַרבעט קריגט אַרויס פון טויטן ים.
דער ט ו י ט ע ר ים איז איצט דער לעבעדיקער וואונדער, דער אומבאַ-שטרייטבאַרער עדות פון דער העראָאישער יידישער שאַפונגס-אַרבעט וואָס לעבט אויף אַ טויט לאַנד און איז מחיה-מתים דעם טויטן ים...

---

## העראָאישע פרויען-אַרבעט אין ארץ ישראל

די יידישע פרוי, די יידישע אַרבעטער-פרוי, די פּיאָנערין און חלוצה, וואָס בויט איצט ארץ ישראל, וואָס האָט דורכגעמאַכט די אַלע יסורים און פּיין פון צענד-ליקער יאָרן פּיאָנערטום, וואַרט אויף דעם דיכטער, וואָס זאָל זינגען דעם שיר פון דער נייער העראָאישער יידישער פרוי.
עס זיינען פאַראַן זאַכן, וועגן וועלכע מען דאַרף שווייגן, אויב מען קען נישט זוגן זיי רעדן אין דער ספּעציעלער באַפליגלטער שפּראַך, וואָס עס פאָדערט זייער גרויסקייט.
דער קאַפּיטל — יידישער פרויען-העראָאיזם אין ארץ ישראל — געהער צו אָט די איינדרוקן פון מיין ארץ ישראל-רייזע, צו וועלכע איך קען זיך דערווייל נישט אַנטשלאָסן צורירן מיט מיין פעדער.
היינט וויל איך פרואוון דערציילן וועגן זייער „באַשיידענע" זאַכן, וועגן די עטלעכע פרויען-ווירטשאַפטן (משק הפועלות), וואָס מיר איז געלונגען צו זען אין ארץ ישראל.
די ערשטע פרויען-ווירטשאַפט האָב איך געזען אין תל-אביב.
אַן אַ זייט פון די קאָכיקע גאַסן פון דער גרעסטער יידישער שטאָט אין ארץ ישראל, נישט ווייט פון דעם ים-ברעג, וואו עס בויען זיך מיט פיבערהאַפטן אימפּעט די נייע אַרכיטעקטאָנישע פּראַכטפולע קוואַרטאַלן פון תל-אביב, האָט זיך אַריינגע-ריסן, ווי אַן אָאַזיס אין אַ מדבר, דאָס גרינע פלאַכלאַנד פון דער אַרבעטערס-ווירט-שאַפט.

דער באָדן געהערט דעם נאַציאָנאַל־פאָנד. אַנישט, ווי וואָלט עס מעגלעך גע־וועז, אַז אין אָט דעם פּלאַץ, וואו יעדער שפּאַן ערד איז מיט גאָלד גלייך, זאָל מען פאַרנעמען, דוכט זיך עטלעכע צענדליק דונאַם, מיט גרינס, אויבסט, מילך-ווירט־שאַפט און הינער־צוכט.

דער משק הפּועלות מיט זיינע הילצערנע באַראַקן, וואו עטלעכע צענדליקער חלוצות לעבן אין דער גרעסטער באַשיידנקייט און האַרעווען האַרט און שווער, כדי אַרויסצובאַקומען פון דער ערד פּרוכט, איז כאָטש טיילווייז מכפּר די זינד פון תל־אביב, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון דער ערד און וואו עס איז היפּשלעך די צאָל מענטשן, וועלכע לעבן פון דער לופט און פון די אומגעזונטע גלותדיקע לופט־פּרנסות.

עס איז געווים אַ גרויסער זכות און נאָך אַ גרעסערער פאַרדינסט פון דער אַר־בעטער-פרוי אין ארץ ישראל, וואָס אויף איר איז אויסגעפאַלן דער גורל צו ווערן די טרעגערין פון דער איידעלער און ערלעך־שווערער ערד־פּראַצע אין מיט פון תל־אביב, וואָס לאָקט און רייצט מיט זיין שטאָטישער קולטור, מיט זיינע באַקוועמלעכ־קייטן און לוקסוס.

דאָס קליינע פרויען־דערפל אין תל־אביב, מיט זיין באַשיידענער פּשטות, וואָס דערגרייכט ביז אָרימקייט, שיינט אַרוים ווי אַ דימענט אין מיטן דער נאַכט אויף דער פּאָן פון תל־אביבער לוקסוסדיקער שטאָט-ציוויליזאַציע...

דער צווייטער פרויען-משק, וואָס איך האָב געזען, איז געווען ח ב ת ל י־מ ו ד, די מיידלשע פאַרם־שולע ביי ירושלים.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך בין אָן גרויסן חשק געפאָרן אַהין. מיין צייט איז געווען שטאַרק באַגרענעצט. לויט מיין רייזע־פּלאַן האָב איך נישט געקענט פאַר־ברענגען אין ירושלים מער פון צוויי טעג און איך האָב זיך געטראַכט, וואָס אַזוינס ספּעציעלעס איז דאָ צו זען אין אַ פאַרם־שולע פאַר מיידלעך. אַזוינס קען מען דאָך זען אומעטום. נאָר די אויפמערקזאַמקייט צו דער פרוי פון בן־צבי, רחל ינאית, וואָס שטייט אין דער שפּיץ פון דער פאַרם-שולע, האָט מיך באַוואויגן צו אָפּרייסן עטלע־כע שעה און פאָרן אַהין.

אין אַ זוניקן פאַרמיטאָג בין איך אָנגעקומען אין חבת לימוד, אין דער מיידלשער פאַרם־שולע, וואָס ליגט אין אַ וואונדערבאַרן ווינקל פון די בערג, וואָס רינגלען אַרום ירושלים, אין שכנות מיט דעם פּאַלאַץ פון הויך-קאָמיסאַר.

אויפן וועג שטעלן מיר זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע אין וואוקאָפּס פּאַלאַץ. אַן אַראַ־בישער דינער, אָנגעטון אין אַ פּאַראַדנער, טעאַטראַליש מיט גאָלד געשמוקטער ליוו־רעע, באַגעגנט מיך זייער העפלעך. ער איז אַ ריז, פון דעם טיפּ, וואָס מען זעט אין די צירקן. איך ווייס, אַז דער הויך־קאָמיסאַר איז נישטאָ, אָבער כדי צו האָבן די געלעגנהייט אַ קוק צו טאָן פון אינעווייניק דעם פּאַלאַץ, דערלאַנג איך מיין וויזיט־קאַרטע. דער וואַרט־צימער איז פון אָריענטאַלישן פּראַכט און גלאַנץ.

נאָך אַ מינוט וואַרטן קערט זיך אום דער דינער און דערקלערט מיר, אַז בעת דער הויך־קאָמיסאַר איז נישטאָ, נעמט מען נישט צו קיין וויזיט־קאַרטן.

מילא, פאַרפאַלן, וועט דער גענעראַל וואוקאָפּ נישט וויסן, אַז אַ יידישער זשורנאַליסט פון אַרגענטינע האָט אים געוואָלט באַזוכן.

דורך שטייניקע באַרג־וועגן קומען מיר צו צו דער געביידע פון דער פאַרם־שולע, וואָס איז אויף אַ שטח פון עטלעכע צענדליק דונאַם אַרומגערינגלט מיט גרינע ביימער.

רחל ינאית, אין דער באַגלייטונג פון איר אַרויסהעלפערן, אַ יידיש־דייטש מיידל, גיט אונדז דערקלערונגען וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון דער פאַרם־שולע, וואָס האָט דעם צוועק צו דערציען דערפאַרענע און געשולטע דאָרפס־ווירטנס.

די שולע וואָס ווערט אויסגעהאַלטן פון דער הסתדרות, פון שכר־לימוד און פון די הכנסות פון דער אייגענער ווירטשאַפט, איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1929.

בעת די בלוטיקע אָב־געשעענישן האָט מען געמוזט פאַרלאָזן די פאַרם. חבת לימוד איז געווען דעמאָלט אַן איזאָלירטער יידישער פונקט אַרום ירושלים. צוויי חברים פון דער הגנה האָבן באַשיצט דעם פונקט אַזוי לאַנג, ווי זיי האָבן געקענט. אָפּשיסנדיק זיך פון דריי הונדערט אַראַבער זיינען זיי אָפּגעטראָטן.

אָבער אין צוויי וואָכן אַרום נאָך די געשעענישן, האָט זיך די מיידלשע קבוצה, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דער צוגרייטונג פון פּלאַץ אומגעקערט אויף איר פּאָסטן.

די גרינע ביימן מיט די פאַרשידנסטע פּלאַנצונגען זאָגן עדות, אַז דאָ איז אַ בליענדע ווירטשאַפט. דאָ זיינען פאַראַן די בעסטע פּרוכט־ביימער און געוויקסן. די שילערנס באַקומען דאָ אַ פולשטענדיקע פּראַקטישע און טעאָרישע אויסבילדונג און ווען זיי פאַרלאָזן די פאַרם־שולע זיינען זיי אימשטאַנד צו זיין זעלבסטשטענדיקע פירערנס פון ווירטשאַפטן.

ווען איינער זאָל פאַרמאַכן די אויגן און נישט צוקוקן זיך צו די קאַלכיקע שטיי־נער און פעלזיקע בערג, וואָס רינגלען אַרום די פאַרם־שולע, וועט ער זיך דאָ נישט האָבן וואָס צו וואונדערן.

די אויסגעצייכנט־באַאַרבעטע גרינע ביימן, די גאַנצע פּראַכטפולע אָרגאַניזאַ־ציע פון דער שולע, וועלן בלויז עדות זאָגן, אַז די שולע געפינט זיך אין גוטע פאַכ־מענישע הענט. אָבער כדי צו זען אַ גוטע אַגראָנאָמישע שולע דאַרף מען נישט פאָרן קיין ארץ ישראל — קען זיך איינער אַ טראַכט טאָן.

קוקט זיך אָבער גוט צו צו דעם שטייניקן מדבר, וואָס רינגלט אייך אַרום. ערשט מיט פינף־זעקס יאָר צוריק איז דער גרינער פּלאַץ וואו איר שטייט, געווען דער זעלביקער שטייניקער מדבר, וואָס איר זעט אַרום.

אָבער אַ צאַרטע יידישע פרוי, וואָס האָט שטודירט אַגראָנאָמיע אין פּאַריז,

האָט זיך איינגערעדט, אַז די פעלזן פון ארץ ישראל מוזן ווערן פרוכטבאַר, אַז הינ־טער די בערג אַנגעוואָרפענע קאַלך־שטיינער, מוז מען אנטפּלעקן פרוכטבאַרע ערד.

— ארץ ישראל איז קליין, — טענהט אַט די צאַרטע, שוואַכע פרוי. — מיר מוזן דעראָבערן די בערג. זיי קענען אונדז געבן נייע ז ע ק ס מ י ל י אָ ן דו־נאַם באָדן. און פינף און צוואַנציק דונאַם פון פרוכטבאַרן באַרג־באָדן קענען באַ־שפּייזן אַ גאַנצע משפחה.

מיר דאַרפן דעראָבערן די בערג — האָט געזאָגט רחל ינאית. — עס זיינען דאָביימער און פלאַנצונגען וואָס קענען וואַקסן אויף די בערג און באַפרוכפערן די בערג.

און נישט קיין טעאָריעס האָט אַנטוויקלט רחל ינאית. גערעדט און געטון. זי האָט אָרגאַניזירט אַ קבוצה פון חלוצות. מען האָט פּאַרקאַטשעט די אַרבל. גענומען פּיאָשן און קוישלעך אין די הענט. מען האָט פונאַנדערגעגראָבן די בערג. מען האָט אָפּגערוימט שטיין נאָך שטיין.

טוט אַ קוק אויף די בערג קאַלך־שטיינער, וואָס זיינען אָנגעוואָרפן אויף יענער זייט פון די גרינע בייטן. דאָס האָבן אַלץ געטון פרויען־הענט.

און טאָמער צווייפלט איר, צי דערציילט מען אייך נישט קיין נישט געשטוי־גענע מעשיות און לעגענדעס, ווי קענען עס צאַרטע פרויען־הענט אוועקטראָגן בערג? טוט אַ קוק אויף די פאָטאָגראַפישע בילדער, וואָס ווייזן אייך די מיידלעך און די פרויען ביי דער אַרבעט. איר דערקענט אויף דער פאָטאָגראַפיע אין פּראָפיל די רחל ינאית מיט אירע חברות ווי זיי טראָגן די קיישלעך שטיינער.

ניין, ווער זאָגט עס, אַז מען דאַרף האָבן פיזישע גבורה צו דעראָבערן בערג...

ניין. גלויבן צעטראָגט בערג... און דעם גלויבן פאַרמאָגט רחל ינאית און אירע חברות.

אין ארץ ישראל דאַרף מען נישט מאַכן קיין קאָנקורס אויף פרויען־שיינקייט און קרוינען אַלס מלכה די יידישע שיינקייט.

טראָגט־אונטער די קרוין פון דער באַרג־מלכה, פון דער דעראָבערין פון די בערג — רחל ינאית און אירע חברות.

דאָס איז די שיינקייט פון גייסטיקער גבורה, פון שטאָלצן מענטשלעכן ווילן, פון אומדערשעפּלעכן יידישן און מענטשלעכן אידעאַליזם, אויף וועלכן די צייט האָט נישט קיין שליטה.

די דאָזיקע שיינקייט איז אומפאַרגענגלעך, זי וועט גלאַנצן און שיינען אויף אַלע און פאַר אַלע צייטן.

דאָס איז די לעגענדע פון דעם שטילן, אומבאַקאַנטן און הייליק־באַשיידענעם העלדנטום פון דער יידישער אַרבעטער־פרוי אין ארץ ישראל, וואָס וואַרט אויף דעם דיכטער, וואָס זאָל זי באַזינגען.

אין „חבת לימוד" זיינען דאָ יידישע שילערנס פון אכצן מדינות.

— שיקט מיר אַן אַרגענטינערן — זאָגט מיר מיט איר צויבער־שמייכל רחל ינאית.

איך גיב איבער אָט די בקשה אין די שורות אויף וועלכע איך פּרואוו זיך כאָטש עפּעס צו דערציילן פון דער וואונדער־מעשה פון דער העראָאישער פּרויען־אַרבעט אין ארץ ישראל.

וועט זיך געפינען אין אונדזער מיט א יידישע פרוי, וואָס וועט וועלן צושטיין צו דער העלדן־מחנה פון חבת לימוד?

---

# אין עמק יזרעאל

— דאָס אמתע ארץ ישראל וועט איר ערשט זען אין עמק יזרעאל — דאָס איז מיר אויסגעקומען צו הערן אויף טריט און שריט אין תל־אביב און ירושלים פון מיינע פריינט, ווען איך האָב זיך מיט זיי געטיילט מיט מיינע ערשטע איינדרוקן אין לאַנד.

עס איז דערפאַר באַגרייפלעך דער אומגעדולד, מיט וועלכן איך האָב געוואַרט, אַז עס זאָלן זיך אָפּשטעלן די ערשטע ארץ ישראל רעגנס און איך זאָל קענען פאָרן אין עמק.

ביי דעם ערשטן שיין פון טאָג, ווען דער ירדן־טאָל איז נאָך איינגעהילט געווען אין נאַכט־שאָטנס, האָב איך צוזאַמען מיט א גרופּע פּיאָנערן פון תל־יוסף פאַרלאָזן דגניה, וואו מיר האָבן זיך באַטייליקט אין דעם אומפאַרגעסלעכן יובל יום־טוב פון דער „מוטער פון די קבוצות" און אונטער די מונטערע קלאַנגען פון דעם פּראַכט־פולן „שיר העמק" האָבן מיר זיך געלאָזט גיין צום צוג, וואָס האָט מיך געדאַרפט אָפּפירן אין דעם ערשטן פונקט פון עמק יזרעאל — אין תל־יוסף.

איך גיי אַריין אין דעם נאָך נישט באַלויכטענעם און מען קען נישט זאָגן באַ־קוועמען וואַגאָן פון דעם עמק־צוג. איך זע קוים די סילועטן פון מיינע מיטרייזנדע. אומעטום הערט מען נאָר איין געשפּרעך — ד ג נ י ה. אַלע זיינען, ווי פאַרשיכורט פון דעם וואונדערבאַרן יום־טוב, וואָס זיי האָבן ביייגעוואוינט. איך הער זכרונות פון די ערשטע טעג פון די שווערע נסיונות. מיינע וואַגאָן־שכנים זיינען אַלטע פּיאָנערן. זיי געדענקען גוט דעם שווערן אָנפאַנג און דערפאַר איז אַזוי גרויס זייער פרייד פון דערגרייכונג.

אין איין ווינקל פון וואַגאָן זיצט א פאַמיליע. מען רעדט א געשמאַקן זאַפטיקן יידיש. איך הער זיך צו צום שמועס.

זיי טײלן זיך מיט דעראינערונגען װעגן אַ דראַמאַטישן ליבהאָבער־קרײַז אין לאָדזש, און װעלכן זיי האָבן זיך באַטײליקט.

— נו, זײַנען אויך פאַראַן „יידישיסטן" אין עמק, גיב איך זיך אַ טראַכט.

איך מיש זיך אַרײַן אין געשפּרעך. מײַנע מיטשמועסער זײַנען שוין צוויי צענדליק יאָר אין לאַנד און איך אַנטדעק באַלד מײַן טעות. נישט קוקנדיק אויף זייער זאַפטיקן יידיש־רעדן זײַנען זיי גאַנץ װײַט פון צו זײַן יידישיסטן.

זייער פּאַרזיכטיק פיר איך אַרויף דעם שמועס אויף דער פראַגע פון יידיש אין דער מיטל־שול פון ארץ ישראל. און איך באַקום דעם האַרטן אַנטשלאָסענעם ענטפער, װעלכן איך הער שוין דאָ אין לאַנד נישט צום ערשטן מאָל.

— ניין. עס איז נאָך צו פרי. מיר קענען נישט, מיר טאָרן נישט דערלאָזן יידיש אפילו פאַר די עלטערע שילער. מיר מוזן שטיין אויף דער װאַך; גראָד איצט, אין דעם מאָמענט פון מאַסן־אײַנוואַנדערונג מוזן מיר באַשיצן אונזער נאַציאָנאַלע שפּראַך, װאָס פאַרמירט די גייסטיקע, נאַציאָנאַלע גאַנצקייט פון ישוב. דײַטש און ענגליש זײַנען פאַר אונדז געפערלעך. יידיש קען אָבער דערשיטערן אונדזער דערגרייכטע שפּראַך־פּאָזיציעס. עס איז פאַלש, מיר באַציען זיך נישט מיט אומאַכטונג צו יידיש, מיר מוזן אָבער פריער פון אַלץ באַשיצן ארץ ישראל פון אַ שפּראַכן־בבל...

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. מיר זײַנען אין תל־יוסף. אונדזער שפּראַכן־דיסקוסיע װערט איבערגעריסן. און קען מען דען דיסקוטירן מיט אָט די מענטשן פון גלויבן און טאַט, װעלכע האָבן באַװיזן דעם װאונדער אויפצולעבן דאָס לאַנד און די שפּראַך?...

:: :: ::

איך קום אַרײַן אין דעם פּראַכטפולן חדר האוכל, אין דעם גרויסן, רחבותדיקן עס־סאַלאָן פון קיבוץ, זייער מאָדערן און אָריגינעל אין זײַן אַרכיטעקטור־קאָנסטרוקציע.

עס איז נאָך פרי. פינף פאַרטאָג. די טישן זײַנען דאָ שוין געגרייט, דער עולם הויבט זיך אָן צונויפקומען צום פרישטיק. דער אַרבעטס־טאָג האָט זיך שוין אָנגעהויבן. נאָכן אָנבײַסן ביים ברודער־טיש לאָז איך זיך גיין מיט מײַן באַגלייטער, װעלכן איך רײַס אָפּ, לײַדער אויף עטלעכע שעה פון דער אַרבעט, צו באַטראַכטן תל־יוסף, װאָס מאַכט אויף מיר דעם אײַנדרוק פון אַ גרויסאַרטיקן, רחבותדיקן גוט.

עס װילט זיך גאַרנישט גלויבן, אַז ערשט מיט קנאַפּע פערצן־פופצן יאָר צוריק איז דאָ געװען אַ מדבר, אַ נעסט פון אומענדלעכע מאַלאַריע־זומפּן און עס האָט דאָ געהערשט דער אָטעם פון טויט.

עס דערמאָנט זיך, װען מ. אוסישקין האָט געקויפט דעם עמק פאַרן נאַציאָנאַל־

פאַנד האָבן אַ סך קלוגע און פאַרנונפטיקע מענטשן, ווי באַקאַנט, באַטראַכט די קניה פאַר דעם גרעסטן שגעון, פאַר אַן אומזיניקן פאַרשווענדן פון נאַציאָנאַלע קאַ־פּיטאַלן.

מיין באַגלייטער, איינער פון די פּיאָנערן, דערציילט מיר:

די געגנט איז דאָ געווען פולשטענדיק וויסט, ווען עס זיינען געקומען אַהער אין אלול 1921 די ערשטע זיבעציק חברים פון „גדוד העבודה" און האָבן אויסגע־שטעלט זייערע געצעלטן ביי די גלבוע־בערג. דעם גאַנצן שטח האָבן באַוואוינט עט־לעכע אַראַבישע פאַמיליעס. די פּיאָנערן האָבן דאָ געטראָפן ליימענע צוזאַמענגע־קלעפּטע הייזקעס, קינדער מיט געשוואָלענע פון מאַלאַריע בייכער. זומפּן און הויכע ווילדע געוויקסן, ווילדע ביימלעך, וואָס האָבן געשטערט צו אַקערן און באַאַרבעטן דעם באָדן און דאָס דאָזיקע זומפּיקע וויסטעניש איז געווען אַרומגעצוימט מיט די נאַקעטע שטיינער־בערג. אין שכנות האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט מחנות בעדואינער, וואָס פלעגן קומען אַהער פאַשן זייערע שאָף. די שכנים האָבן דערציילט וועגן הרובע אַראַבישע דערפער, וועמענס איינוואוינער זיינען אויסגעשטאָרבן פון מאַלאַריע.

אָנקומענדיק אין עמק זיינען געווען צוויי ברירות: צו באַזעצן זיך האַרט ביי די גלבוע בערגל, צופוסנס פון זיי, מיט די אַראַבישע דערפער איבער די קעפּ, אָדער אַנטקעגנאיבער, אויף די בערגלעך פון קומי, וואו עס האָבן זיך שפּעטער באַזעצט די גרינדער פון דער קבוצה ג ב ע און פון דעם משק העובדים כ פר י ח ז ק א ל.

מען האָט באַשלאָסן צו בלייבן אינמיטן די זומפּן, אויף דעם סטראַטעגיש נויט־גינסטיקן פּונקט, ווייל די ערשטע אָקופּאַנטן־פּיאָנערן פון עמק האָבן געוואוסט און געפילט אַז דאָס וואַסער איז דאָס גרעסטע רייכטום פון עמק, וואָס מען דאַרף פאַר־זיכערן זיין באַזיץ. די דערפאַרונג האָט געלערנט, אַז דער מאַנגל אין וואַסער איז די גרעסטע שוועריקייט אין לאַנד און מען האָט דערפאַר באַשלאָסן פריער פון אַלץ אָפּהיטן דעם וואַסער־אוצר...

דעם ערשטן טראַקטאָר אויף צו באַאַרבעטן דעם באָדן האָט די „גדוד"-גרופּע באַקומען פון פּאַלעסטינאַ־אַרבעטער-פאָנד. מען איז צוגעטראָטן אָפּצורוימען די שטיינער פון די פעלדער, וועלכע דער רעגן האָט אַראָפּגעטראָגן פון די גלבוע-בערג אין משך פון צוויי טויזנט יאָר. מען האָט געפונען אין די גלבוע-בערג אַ סך סימנים פון אַן אַלטער לאַנד־ווירטשאַפטלעכער קולטור, פון טרויבן-ביימער און וויין-קעל־טערס, וואָס האָבן באַוויזן, אַז די געגנט איז צוגעפּאַסט פאַר אַן אינטענסיווער ווירטשאַפט.

עטלעכע יאָר האָט געדויערט דאָס טריקענען פון די זומפּן. דאָס פליסנדיקע וואַ־סער פון די קוואַלן פון גלבוע האָט מען אַריינגעפירט אין די רערן, וואָס זיינען אויס־געלייגט געוואָרן אין די אויסגעגראָבענע קאַנאַלן. דאָס וואַסער איז געוואָרן אַ מזל ברכה פאַר דער לאַנד־ווירטשאַפט, פאַרן ציכטן גרינצייג, פרוכטן און פאַשע פאַר די

בהמות. מען איז שוין נישט אויסגעשטעלט געווען צו ווארטן נאָר אויפן רעגן.

דאָס וואסער, וואָס איז דורות־לאַנג געווען אַ קללה פאַרן עמק און האָט געשאַפן די זומפּ־נעסטן פון מאַלאַריע, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ברכה. די ווילדע גרעזער און וואָרצלען זיינען אויסגעגראָבן געוואָרן און אויף זייער אָרט וואַקסן איצט תבואות, פרוכטן און גרינצייג.

די אַראַבער האָבן די ערשטע צייט געפּרואווט שטערן די יידישע אַרבעט. זיי פלעגן קומען גנבענען, אַרויפגיין מיט די שאָף אויף די געזייטע פעלדער, וואַרפן שטיינער, שיסן.

דער נאַציאָנאַל־פאָנד האָט פאַר דעם באַדן גוט באַצאָלט די אייגנטימער, ווי אויך די אָרעמע פאַכטערס, וואָס זיינען דאָרטן געזעסן און גענעבן די מעגלעכקייטן איינצואָרדנען זיך זעלבסטשטענדיק. אָבער די ערשטע צייט האָבן זיי געזוכט אַרויס־צופּרעסן נאָך געלט, אָוועקרויבן דעם פאַרמעגן.

עס איז נויטיק געווען דער עקשנותדיקער ווידערשטאַנד און אינסטינקטיווער טאַקט פון די פּיאָנערן פון דער ערשטער „גדוד“־גרופּע, כדי מיט גוטן און אָפטמאָל מיט בייזן איבערצייגן די אַראַבער, אַז די יידן ווילן נישט אָפּטרעטן דעם לענגאַל־דערוואָרבענעם זומפּיקן און טויט־ברענגענדיקן באָדן, וואָס האָט זיך אונטער דער בישוף־האַנט פון דער הערשאַשער פּראַצע און ציוויליזאַטאָרישן ווילן אָנגעהויבן פאַר־וואַנדלען אין אַ פרוכטבאַרן טאָל.

לאַנגזאַם האָבן זיך אָנגעהויבן איינשטעלן גאַנץ גוטע באַציאונגען צווישן די גדוד חברים און די אַראַבישע שכנים, וועלכע האָבן גערופן די געקומענע יידן „דער נאַקעטער שבט“, ווייל די חלוצים זיינען געגאַנגען אין קורצע הויזן, באָרוועס אָדער אין סאַנדאַלן.

די אַראַבער האָבן געקוקט, ווי אויף אַ בייז וואונדער אויף דעם קאָמונאַלן לעבם־שטייגער פון דער גדוד־גרופּע, אויף זייערע נייע אַרבעטס־מעטאָדן, אויף די מאַשי־נען. זיי האָבן דערזען פאַר זיך אַ נייע וועלט מיט נייע מענטשן. אַלץ איז פאַר זיי ניי געווען. באַזונדערס דאָס פלאַנצן פון די ביימער, גרינצייג און פרוכטן, וואָס זיי האָבן קיינמאָל נישט געזען אין אָט דער פאַרוואָרלאָזטער געגנט. זיי פלעגן איבע־ראַשט ווערן פון די קי מיט פולע אייטערס מילך, „וועלכע פאַלן נישט אַראָפּ“...

איך שפּאַציר איבער דעם רחבותדיקן תל־יוסף. איך זע פאַר זיך די אויסגע־צייכנטע געזעלשאַפטלעכע בנינים, די פּראַכטפולע געביידעס פאַר די קינדער, פאַר די יונגע דייטשע עולים פון „נוער גרמני“. שפּייכלערס, ווערקשטאַטן, באַקוועמע מיט גרינס באַוואַקסענע, וואוינונגען, דעם אמתן „פּאַלאַץ“ פון חדר האוכל, וואו עס שפּייזן זיך עטלעכע הונדערט חלוצים און וואו זיי פאַרברענגען זייער פרייע צייט. פאַר מיינע אויגן שפּרייט זיך אויס אַ פּראַכטפולן לאַנדשאַפט, גרינע פעלדער מיט זאַנגען, צעוואַקסענע פּרדסים פון גרייפּ־פרוכט און מאַראַנצן.

איך הער זיך צו צו דער דערציילונג פון מיין באַגלייטער און איך גלויב נישט מיינע אויגן און איך טרוי נישט מיינע אויערן...

הער איך אַ פאַנטאַסטיש מעשהלע? איז דאָ ווירקלעך ערשט מיט פערצן יאָר צוריק געווען אַזאַ ווילדער פון געטער און טייוול פאַרלאָזענער נעסט, וואו עס האָט געהערשט חורבן און ס'האָט געאָטעמט טויט?

איך זאָג אָפנהאַרציק מיין באַגלייטער. דער עמק איבעראַשט מיך נישט אַזוי שטאַרק, ווי די קיבוצים אויף די בערג אַרום ירושלים. דאָרטן האָב איך אַליין מיט מיינע אייגענע אויגן געזען די וואונדער און דעם דערשיטערנדן קאָנטראַסט פון דער אַרומיקער אויסגעברענטער ווילדעניש און דעם כישוף-וואונדער פון דעם יידישן חלוצישן אויפטו.

דאָ אין עמק בין איך שוין געקומען אויף „אַלעם פאַרטיקן", וואוהין מיין אויג פאַלט זע איך דעם צוויבערנדן גרין פון באַארבעטע, פרוכטבאַרע פעלדער און פּרדסים, איך זע שוין כמעט נישט די שפּורן פון דער אַמאָליקער פאַרוואָרלאָזטקייט און דעם גרויזאַמען אין זיין האַרבקייט מדבר-פּייזאַזש.

דאָ מוז מען האָבן נישט קיין צוקונפט-פאַנטאַזיע, נאָר פ א ר ג א נ ג ע נ-ה יי ט - פאַנטאַזיע צו זען פאַר זיך רעאַל און פּלאַסטיש דאָס בילד פון נעכטן, פון מיט פערצן יאָר צוריק, וואָס עס שילדערט פאַר מיר מיין באַגלייטער.

אָבער, יאָ, איך גלויב אים. האָב איך דען נישט געזען מיט מיינע אייגענע אויגן און נישט געשפּירט ביזן מאַרך פון מיינע ביינער די גרוילנדע וויסטעניש אין די טאָלן פון ארץ ישראל, וואו עס האָט זיך נישט צוגערירט די האַנט פון דער העבראַ-אישער יידישער פּראַצע, וואָס האָט דאָ אויפגעטון מעשה בראשית...

און מיין באַגלייטער רעדט ווייטער. ער דערציילט מיר די העבראַאישע עפּאָפּייע פון דער דעראָבערונג פון עמק יזרעאל, וואָס איז אַרויסגעריסן געוואָרן אין משך פון געציילטע יאָרן פון זיין טויזנט-יאָריקער וויסטעניש.

נישט לייכט איז דאָס אָנגעקומען די אַנאָנימע „אומבאַקאַנטע סאָלדאַטן" און פּיאָנערן, וועלכע זיינען געקומען די ערשטע אין די זומפּן פון עמק.

די מאַלאַריע, טיפוס, שווערסטער רעוומאַטיזם און אַנדערע חולאתן האָבן נישט איינעם פון דער העבראַאישער מחנה פאַרוואַנדלט אין אינוואַלידן אָדער פאַר דער צייט אָפּגעשניטן זייערע יונגע העבראַאישע לעבנס.

עס האָבן זיך אויך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם שווערן נסיון. נישט אַלע האָבן דאָך העלדן-בלוט אין זייערע אָדערן. אַנדערע, וועלכע האָבן אין זייער יונגן העבראַאישן אידעאַליזם געגלויבט, אַז זיי זיינען זיך מקריב פאַרן יידישן פאָלק, זיינען אַנטוישט געוואָרן, זעענדיק דעם ביטול, האַס און קלאַסן-שנאה פון די נייע עולים. אַנטוישטע זיינען זיי אַוועק, ווער אין שטאָט און ווער ס'האָט אינגאַנצן פאַרלאָזן דאָס לאַנד...

אָבער די שטאַרקע, די אויסדערוויילטע, די פון גאָט געבענטשטע מיט גבורה, קרבנות-גרייטקייט און העלדנטום זיינען געבליבן.

און זיי האָבן געזיגט.

היינט איז דער עמק יזרעאל — די יידישע פעסטונג פון ארץ ישראל. דאָ בליען וואַקסן און אַנטוויקלען זיך די גרעסטע יידישע קיבוצים תל־יוסף, עין־חרוד, וואָס ציילן איבער צוועלף הונדערט נפשות. דאָס זיינען די גרעסטע קאָמונעס, וואו עס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן דער גרויסער מענטשלעכער און יידישער סאָציאַלער אידעאַל פון אַ נייעם קאָלעקטיווין סדר-עולם, פון אַ נייעם יידן און מענטשן. און ווי אַרום צוויי גרויסע לייכטנדע שטערן גרופּירן זיך אַרום תל־יוסף און עין-חרוד אַ רייע מיטעלע און קלענערע קיבוצים, קבוצות און מושבי־עובדים.

צוזאַמען מיט דער שטאָט עפולה שטעלט איצט פאָר דער עמק יזרעאל אַ קאָמפּאַקטע יידישע טעריטאָריע מיט איבער צוואַנציק טויזנט נפשות.

דריי מעת־לעת האָב איך דאָ פאַרבראַכט און איינגעאָטעמט אין זיך די העראָאישע לופט פון „עמק“. איך האָב דאָ געזען די וואונדער פון דעם ניי־געבוירענעם יידישן רענעסאַנס־ווילן, וואָס שעפּט יניקה פון דער היסטאָרישער ערד; איך האָב דאָס געזען דעם מערקווירדיקן אויפטו פון דער יידישער העלדן־פראַצע און פון דעם נאַציאָנאַלן יידישן קאַפּיטאַל, פון נאַציאָנאַל־פאָנד און קרן היסוד, וואָס האָבן געהאָלפן שאַפן דאָס גרויסע נאַציאָנאַלע און מענטשלעכע ווערק, וואָס הייסט ע מ ק י ז ר ע א ל.

---

# ד ג נ י ה

איך האָב געהאַט מזל צו דגניה.

איך האָב זי געזען אין די גרויסע יום-טוב-טעג, ווען זי און צוזאַמען מיט איר דער גאַנצער ישוב, האָבן געפייערט דעם פינף און צוואַנציק יאָריקן יובל פון דער „מוטער פון די קבוצות“.

דריי מאָל האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו באַזוכן דגניה און יעדן מאָל האָב איך זיך געטראַכט, ווי יושרדיק איז די ערץ ישראל ערד און ארץ ישראל נאַטור, ווי גרוים איז איר גנאָד צו די, וואָס האָבן איר אַרוסגעוויזן אמתע לבשאַפט און טרייקייט.

יאָ, דגניה האָט באַקומען איר שכר פאַר אמתע פּיאָנערישע מאַטערנישן און יסורים.

ווי פריידיק־גרין איז דאָ אַלץ אַרום. ווי קעניגלעך רחבותדיק עס זיינען דאָ פונאַנדערגעוואַקסן די צווייגן פון די שאָטנדיקע ביימער; אין דער הויפּט-אַלעע זעט

מען קוים אַרויס דעם הימל, ווייל די צווייגן פון די ביימער האָבן זיך פאַרברודערט און פאַרפּלאָנטערט און האָבן געשאַפן אַ גרינעם דאַך איבער אייער קאָפּ.

און וואָס פאַר אַ נחת און פרייד עס איז צו קוקן אויף די פונאַנדערגעבליטע פּרדסים, אויף דער פול־פאַרביקער סימפאָניע פון די בלומען־בויטן ביי דעם שול־בנין, וואָס גאָלדענע קינדער־הענט האָבן דוכט זיך פאַרפּלאַנצט.

— אָך; דאָס איז דאָך אַ גן־עדן! — האָט זיך ביי מיר נישט ווילנדיק אַרויס־געריסן פון מויל, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען דגניה, נאָכדעם ווי מיין אויג האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט דער הארבער מדברדיקער לאַנדשאַפט פון די אַנ־דערע טיילן פון ארץ ישראל.

דגניה האָט זיך געגרייט צו איר גרויסן יום־טוב, ווען איך האָב זי צום ערשטן מאָל דערזען.

אויף יעדן בוים און יעדן פלאַנץ איז צוגענאָגלט אַ ווייס צעטעלע, וואָס ווייזט אָן דעם יאָר, ווען זי איז געפלאַנצט געוואָרן. און נישט אומזיסט האָט מען מיט אַזאַ זאָרגעדיקער פּונקטלעכקייט פאַרצייכנט די כראָנאָלאָגיע פון די ביימער, ווייל נישט לייכט איז אָנגעקומען צו באַפלאַנצן אָט דעם מדברדיקן ווינקל פון דעם ירדן־טאָל. יעדער בוים האָט זיין געשיכטע; אַ געשיכטע פון יסורים, פון גדולד און עקשנות ביז זיינע וואָרצלען האָבן זיך איינגעקלאַמערט אין דער פאַרוואָרלאָזטער ערד.

יאָ, עס איז געווען דער' בכבודיקער זקן, דער רב פון דער שכנותדיקער קהילה פון דער היסטאָרישער טבריה, ווען ער האָט מיט אויפריכטיקן התפעלות אויסגערופן אויף דער יום־טוב פייערונג פון דגניה:

„ווען די ביימער און פלאַנצן וואָלטן געהאַט אַ צונג, וואָלטן מיר דאָ געהערט די וואונדערלעכסטע שירה, ווען זיי וואָלטן געהאַט פיס, וואָלטן מיר דאָ געזען דעם עקסטאַטישסטן טאַנץ...״

יאָ, די נאַטור און די ערד פון ארץ ישראל האָט פרייגעביק באַשאָנקען מיט איר גנאָד די פּיאָנערן פון דגניה און פאַרוואַנדלט זי אין דער אמתער „פּאַלערמאָ“. אין דער קרוין פון עמק הירדן.

מיר איז פאַרשפּאָרט צו דערציילן אַ סך וועגן דגניה. זי האָט שוין איר ליטע־ראַטור. לכבוד איר יובל, האָבן אייניקע פון אירע גרינדער און פּיאָנערן אויספירלעך באַשריבן די ליידן און פריידן־געשיכטע פון דער מוטער פון די קבוצות, איר קאַמף און ראַנגלעניש מיט דער נאַטור און דעם נישט ווייניקן שווערן געראַנגל פאַר די נייע סאָציאַל־קאָלעקטיוויסטישע לעבנס־פאָרמען. נישט פון ביכער און טעאָריעס האָבן די גרינדער און בויער פון דגניה גענומען דעם מאָדעל פון דער אידעאַלער קאָ־מונע, וואָס זיי האָבן געשאַפן. זיי האָבן נאָר געהאַט דעם אינערלעכן באַגער, דעם ברענענדן אידעאַליסטישן דורשט צו בויען אַ נייעם לעבן פון אַרבעט, יושר, פריי־

הייט און קאָלעקטיוון גליק. אָבער דעם וועג צום אידעאַל האָבן זיי אַליין געמוזט געפינען נאָך לאַנגע זוכענישן, שטרויכלונגען און עקספּערימענטן אויף אייגענעם לייב און פלייש.

נישט, ווי די „וועגוס פון וואַסער־שוים" איז אַנטשטאַנען דגניה, אפשר איינע פון די אידעאַלסטע מוסטערן פון אַ קאָמונע אין גאָר דער וועלט, וואָס איז געוואָרן דער ביישפּיל און וועגווייזער פון אַלע קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן, קיבוצים און קבו-צות אין ארץ ישראל.

דאָ בין איך אָבער נישט אויסן צו דערציילן די באַלערנדע און שפּאַנענדע גע־שיכטע פון דגניה. איך וויל נאָר פּרוּוון כאָטש עפּעס איבערצוגעבן פון דעם, וואָס איך האָב געזען.

— איר זעט אָט אָ דעם דורכגאַנג צווישן די בערג — ווייזט מיר אָן מיין באַגלייטער, דער באַצויבערנדער, י ו ס ף ב א ר א ץ, איינער פון די בויער פון דגניה, פון וועלכן עס אָטעמט אַרויס אַזאַ מערקווירדיקער צניעותדיקער אידעאַ־ליזם, שטאָלענער ווילן איינגעהילט אין דעם לבוש פון סאַמעט־ווייכער מענטשלעכער גוטסקייט און דערהויבנקייט.

— אין אָט דעם נעסט, צווישן די בערג האָבן געהויזט, ווען מיר זיינען געקומען אהער, אַ באַנדע פון די געפערלעכסטע בעדואינישע גזלנים און רויבער, זיי האָבן אַנגעוואָרפן אַ פּחד און אימה אויף דער גאַנצער געגנט.

אַלע, אַריינגערעכנט די אַראַבישע שכנים האָבן געקוקט, ווי אויף משוגעים אויף דער קליינער גרופּע פון יידישע יונגעלייט און געציילטע פרויען, וואָס זיינען געקומען אהער און האָבן אויסגעשפּרייט זייערע געצעלטן ביי אָט דעם מסוכנדיקן ווינקל פון ירדן־טאָל.

די „אומדערשראָקענע" — האָבן די אַראַבער אָנגערופן די ערשטע חלוצים-פּיאָנערן פון דגניה.

גייסט איז אָבער שטאַרקער פון מאַטעריע. דער העלדישער מוט און אַנט-שלאָסנקייט פון די פיזיש שוואַכע און גייסטיק פון שטאָל געשמידטע יידישע יונגע־לייט האָבן גובר געווען אַלע סכנות.

קענטיק, אַז די בראַווע אומדערשראָקנקייט פון די יונגעלייט האָט אימפּאָנירט און אַרויסגערופן דרך־ארץ אפילו ביי אָט די מדבר-וועלף...

איך וואַנדער אַרום מיט מיין באַגלייטער איבער דגניה, איך באַטראַכט די פּרוכטבאַרע פעלדער און די אויסגעצייכנטע געזעלשאַפטלעכע בנינים. איך הער, וואָס און ווי איז געווען אַמאָל און איך זע, ווי דאָס זעט אויס היינט.

מיר גייען אַריין אין דער קאָמונע־וועשעריי.

נעכטן האָבן די חלוצית, וואָס האָבן געדאַרפט באַדינען אַזאַ גרויסן קיבוץ,

געאַרבעט דאָ ווי קאַטאָרזשנע. הייַנט איז דאָ איינגעפירט דאָס לעצטע וואָרט פון דער טעכניק, און די מאַשין קומט צו הילף, מאַכט לייַכט און פאַרשפּאָרט די מי פון מענטשלעכע הענט.

אָט שטייט אַן עלטערער איד, אַ פּאַטער פון איינעם פון די חלוצים און שניידט געהילץ מיט אַן עלעקטרישער זעג־מאַשין.

— פריער איז דאָס געווען אַ שווערע אויסמאַטערנדע ארבעט — זאָגט מיר מיין באַגלייטער.

און ער גיט צו:

— און פונדעסטוועגן, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מיר האָבן צו אונדזער דינסט אין אַ גרויסער מאָס די טעכניק, איז אונדזער אַרבעט בדרך־כלל נישט געוואָרן שפּאָרעוודיקער און לייַכטער.

און באַראַץ באַמערקט מעלאַנכאָליש:

— קענטיק, אַז מיר זייַנען עלטער געוואָרן...

מיר גייען צו צו אַ נאָך נישט פאַרענדיקטן בנין אין רושטאָוואַניעס, — דאָ וועט זיין דער גאָרדאָן־מוזיי פון נאַטור־וויסנשאַפט, וואו עס וועלן געזאַמלט ווערן קאָלעקציעס פון דער ארץ ישראלדיקער פאַונאַ און פלאָראַ. דאָ וועט אויך זיין אַ ביבליאָטעק און שטודיר־צימערן פאַר נאַטור־וויסנשאַפטלער.

מיר גייען אַרויף אויף דער טעראַסע, פון דעם נאָך נישט פאַרענדיקטן בנין, פאַרן אויג שפּרייט זיך אויס די פּראַכטפולע פּאַנאָראַמע פון דעם גאַנצן ירדן־טאָל. אַן אומפאַרגעסלעך בילד.

דער גאָרדאָן־מוזיי שטייט אויף אַ סטראַטעגישער פּאָזיציע און „באַהערשט“ דעם גאַנצן עבר־הירדן.

איך באַמערק אין דער קאָנסטרוקציע פון דער טעראַסע, אַז מען האָט אויסגענוצט די סטראַטעגישע פּאָזיציע פון מוזיי פאַר סטראַטעגישע פאַרטיידיקונגס־צוועקן . . .

עס העלפט נישט, מען דאַרף זיין גרייט אויף אַלץ, און אַ וויסנשאַפטלעכער נאַטור־מוזיי אין ארץ ישראל דאַרף אויך אין נויטפאַל דינען פאַר אַ פעסטונג..

:: :: ::

דער בית־עולם פון דגניה...

מיר גייען צו צו דעם ברעג פון ירדן, וואָס איז דאָ „איינגעשפּאַנט“ געוואָרן פון רוטענבערגן.

ביים סאַמע ברעג פון דעם היסטאָרישן טייך, וועמענס וואַסערן רוישן שטאַרקער, ווי אין אַנדערע פּלעצער, וואו איך האָב געזען דעם ירדן, שטייען אויסגעשטעלט אַ צוויי צענדליק מצבות.

דאָ זעט איר דעם טייערן פּרייז, וואָס דגניה האָט באַצאָלט פאַר איר פּיאָנער־טום...

פון דער קליינער צאָל קברים, געהערן ז י ב ן צו זעלבסטמערדער.

ז י ב ן פון דער העראָאישער פּיאָנערן־מחנה פון דגניה האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם נסיון. עס איז פאַר זיי צו שווער געווען דער עול פון העלדנטום און קרבן און זיי האָבן זיך פרייוויליק צעשיידט מיטן לעבן.

י. ב. דערציילט מיר דעם אינהאַלט פון אייניקע פון די געזעגנונגס־בריוו פון די זעלבסטמערדער.

דאָס זיינען דערשיטערנדע מענטשלעכע דאָקומענטן, וואָס וועלן דערציילן אַמאָל דער יידישער וועלט וועגן דעם נסיונות־רייכן דערנער־וועג פון די דעראָבערער פון ארץ ישראל מדבר...

איינער פון די, וואָס האָט פרייוויליק געמאַכט אַ סוף צו זיין העלדיש לעבן, שוין נאָך דעם זיג פון די ענגלענדער אין פּאַלעסטינע, שרייבט אין זיין פאַרצווייפלונג: „די ענגלענדער וועלן אונדז אָפּנאַרן. עס איז אַלץ אומזיסט און פאַרפאַלן. און דאָס יידישע פאָלק רופט זיך נישט אָפּ... אונדזער האָפן איז אומזיסט..."

דאָ איז דער קבר פון א. ד. גאָרדאָן, וואָס האָט קיינמאָל נישט פאַרלוירן זיין גלויבן און האָט ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג געוועקט דעם גלויבן ביי אַנדערע און זיין רעליגיע פון אַרבעט, וואָס ער האָט אַליין פאַרווירקלעכט.

דער דייטש־יידישער סאָציאַליסט, ק אָ ן, וואָס האָט זיך באַקערט צום סאָציאַליסטישן ציוניזם, האָט אויסגעדריקט זיין לעצטן וואונטש צו רוען זיין אייביקרו אין ארץ ישראל ערד. זיינע קינדער, חלוצים פון נייעם ארץ ישראל, האָבן די ביינער פון זייער פאָטער געבראַכט קיין דגניה.

דאָ רוט אויך ב אַ ר ס ק י, אָט דער וואונדערלעכער אידעאַליסט, וואָס איז געפאַלן איינער פון די ערשטע קרבנות פון דגניה.

אַהער האָט מען אויך געבראַכט דאָס אַש פון דעם ענגלישן יידן, דעם רעדאַקטאָר פון „דזשואיש כראָניקל", לעאָפּאָלד גרינבערג.

איין קבר שטייט באַזונדער, אין מיטן פּרדס־פעלד פון דגניה.

דאָ רוט איינע פון די פּיאָנערינס פון דגניה, וואָס איז אומגעקומען דורך אַן אַקצידענט, דורך אומפאָרזיכטיקייט האָט איר געטראָפן אַ קויל פון דעם מאַוזער, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט. דאָס איז געווען אין מלחמה־צייט, בעת דער טערקישער אָקופּאַציע. עס איז באַשטאַנען אַ לעבנס־סכנה פאַר גאַנץ דגניה, אויב די טערקן וואָלטן זיך דערוואוסט, אַז עס איז דאָ ביי די יידן געווער. שפּעט אין דער נאַכט האָט מען מקבר געווען דעם קרבן אין באַהעלטעניש אין מיטן פון פּרדס־פעלד, און דער קבר איז דאָ פאַרבליבן.

אַ מערקווירדיקן און אייגנאַרטיקן רושם מאַכט דער בית־עולם פון דגניה.

איך האָב זיך געטראַכט: ווי גוט איז דאָ צו רוען נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר...

די אַוועקגעגאַנגענע זיינען דאָ נישט אָפּגעצוימט און נישט אָפּגעשיידט פון די לעבעדיקע. אַרום שפּראָצט און בליט דאָס גרינע לעבן, עס פּיבערט די שאַפנדע אַר־בעט, אונטן רוישן די כוואַליעס פון ירדן.

די שייד־ליניע פון זיין און נישט־זיין איז ווי פאַרשוואונדן...

דער טויט פאַרלירט דאָ זיין מיסטישן שרעק, ווען איר זעט און שפּירט אַרום אַזוי בולט די נישט איבערגעריסענע קאָנטינואיטעט פון לעבן, פון נאַטור און מענטשן...

דאָס טראַגיש אָדער נאַטירלעך איבערגעריסענע לעבן פון די, וואָס רוען דאָ, ווערט כסדר און שטענדיק פאַרגעזעצט אין דער נאַטור אין דער פיבערדיקער אַק־טיוויטעט פון די מענטשן, וואָס זייען אין זייערע וועגן...

עס איז גוט, עס איז אַ גליק צו לעבן און אַרבעטן אין דגניה, אָבער, אַז עס קומט די אומפאַרמיידלעכע שעה, איז דאָ נישט שרעקלעך אויך צו שיידן זיך מיטן לעבן...

:: :: ::

אָבער „לאָזן טויטע באַגראָבן טויטע" — איך גיי צו די לעבעדיקע; פאַרלאָזנ־דיק דעם בית-עולם פון דגניה גיי איך אין דער לעבעדיקער קאָמונע דגניה ב׳, דער געזעצלעכער טאָכטער פון דער „מוטער פון די קבוצות".

דגניה א׳ האָט אָפּגעטראָטן אַ שטיק פון איר לאַנד דער „טאָכטער" פון וועל־כער עס איז אויסגעוואַקסן אַ בליענדער ישוב.

מיר איז באמת שווער צו זאָגן, ווער איז שענער דגניה א׳ אָדער דגניה ב׳ — די „טאָכטער" אָדער די „מוטער"?

דאָ זיינען בליענדע פעלדער, פּראַכטפולע פרדסים, אומעטום גרינס און וואַקסט מכל טוב, — מאַראַנצן, גרייפּ-פּרוכט, באַנאַנען.

די ברכה פון הימל איז אויסגעגאָסן אויף דגניה ב׳, דער טאָכטער־קבוצה פון דגניה א׳.

אַ הונדערט־קעפּיקע מחנה פון חלוצים און חלוצות אַרבעטן דאָ, ווי אין אַ בינשטאָק.

די ביידע דגניה׳ס — דאָס איז די ברכה פון ירדן־טאָל, וואָס איז אויפגעשטאַ־נען תחית־המתים אונטער דער כישוף־האַנט פון די בויער פון אונדזער נאַציאָנאַלער אַרבעטס-היים און די באַשאַפער פון דער נייער אידעאַלער סאָציאַלער לעבנס-אָרדנונג.

---

# ווען „קינסטלער פון שווייגן" האָבן גערעדט...

שיין איז דגניה...

ברייט צעצווייגט און צעוואַקסן זיינען אירע ביימער. עס גלעטן דאָס אויג אירע גרינע תבואה-פעלדער. פּראַכטפול זיינען אירע וויינגערטנער. ווי געדיכטער וואַלד זיינען אירע פּרדסים.

און אויף דער וואַך פון אַט דעם גרינעם גן־עדן שטייען די הרי־גלעד און די בערג פון שומרון און די וואַסערן פון ירדן האָבן זיך צוגעטוליעט צו אַט דער ער־שטער און עלטסטער יידישער קאָמונע אין ארץ ישראל.

אָבער מיט פ י נ ף א ו ן צ וו א נ צ י ק י אָ ר צ ו ר י ק איז אַט דער געבענטשטער ווינקל, פון וועלכן מיין אויג און הארץ שעפּן נחת, געווען אַ וויסטער, אַ פאַרוואָרלאָזטער מדבר. קיין גרעזל איז דאָ נישט געוואַקסן און די גזלנישע בעדואינער רויבער־באַנדעס האָבן גענעסטעט אין די בערג און אָנגעוואָרפן אַן אימה און פּחד אויף דער גאַנצער געגנט.

איצט פייערט דגניה, און צוזאַמען מיט איר גאַנץ ארץ ישראל, דעם האַלבן יובל פון דער עלטסטער און דערפאָלגרייכסטער יידישער קאָמונע.

אייניקע איינדרוקן פון אַט דעם אומפאַרגעסלעכן יום־טוב, אויף וועלכן איך האָב זוכה געווען צו זיין, וויל איך איבערגעבן דעם לייענער.

:: :: ::

עס איז שוין געווען אָוונט־צייט, ווען איך בין אָנגעקומען פון חיפה דורך טבריה קיין דגניה, אין דער באַגלייטונג פון מאַניאַ שוחט, דער וואונדערבאַסטער פון די פרויען, וואָס איך האָב באַגעגנט אויף מיין לעבנס-וועג. כדי אָבער עמיצן זאָל נישט איינפאַלן פאַרדעכטיק צו שמייכלען פון מיין ענטוזיאַזם, אייל איך מיך צוצוגעבן, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ פרוי, וואָס איז שוין ווייט איבער די פופ-ציקער . . .

ווען איך בין צוגעקומען צו דגניה האָב איך נישט דערקענט דעם פּלאַץ. כאָטש איך בין דאָ געווען מיט דריי טעג פריער. אין איר יום-טובדיקער באַפּוצונג, איינגע־טונקען אין אַ ים לעמפּלעך און גירליאַנדעס, איז דגניה געווען נישט צו דערקענען.

אָנגעשפּאַרט אויף דער רוקן־וואַנט פון „חדר האוכל", דעם פּראַכטפולן עס־צימער, וואָס איז צוגלייך דער פאַרווייל־ונג און פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ פון דער קאָמונע, איז אויפגעבויט געוואָרן אַ רחבותדיקע בינע, דעקאָרירט מיט גרינע גירליאַנדן, רויז־טע רויזן, רויטע און ווייס־בלויע פאָנען.

אויף דעם ווייסן פאַן פון דער וואַנט הענגען אַרומגעראַמט אין גרינע צווייגן דריי פּאָרטרעטן — יוסף בוסעל, א. ד. גאָרדאָן און באַרסקי.

דאָס זיינען די אוועקגעגאַנגענע, וואָס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער העראָאישער געשיכטע פון דגניה. איבער די פּאָרטרעטן אויפן ווייסן לייוונט, די אויפשריפט: „והארץ לא תמכר לצמיתות“. — זי דערמאָנט אונדז, אַז די ערד, אויף וועלכער מיר געפינען זיך, איז אויף אייביק דאָס אייגנטום פון יידישן פאָלק — זי געהערט דעם נאַציאָנאַל־פאָנד.

אויף דעם גרויסן גערוימיקן פּלאַץ פאַר דער בינע, זיינען אימפּראָוויזירט אייגנאַרטיקע בענק, ברעטער צעלייגט אויף בינטלעך היי און לוצערנע (אַלפאַלפאַ). דער עולם, אַ טויזנט קעפּיקער, האָט זיך צעשאָטן איבערן גאַנצן פּלאַץ. דער יום־טוב־אַקט האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן.

פייערלעך איז אויך אין חדר האוכל. גירלאַנדן, בלומען און עלעקטרישע לעמפּלעך. דאָ סערווירט מען אַ קעניגלעכן מאָלצייט פאַר די איבער צוויי טויזנט געסט. אַלץ וואָס מען דערלאַנגט דאָ איז תוצרת דגניה. דאָ האָט איר ווייסן קעז און סמעטענע, וואָס צערגייט זיך אין מויל; סאַלאַט פון כלערליי ירקות, וואָס האָט טויזנט טעמים. פאַר זיך אַליין פאַרגינט מען זיך נישט אין דגניה קיין מילך, אָבער פאַר אונדז, געסט, סערווירט מען רחבותדיק מילך און קאַקאַאָ. די טישן זיינען באַדעקט מיט שניי־ווייסע טישטוכער. ביי די געוויינלעכע מאָלציטן פון דגניה, עסט מען אויף פּשוטער צעראַטע.

די פרוי מרים באַראַץ, אַ זאָרגזאַמע מוטער און שוועסטער פון דגניה, מיט אַ שטאַב פון אַרויסהעלפערינס, ווערט נישט מיד צו דעקן יעדן מאָל איבעראַנייס די טישן פאַר די הונדערטער געסט, וואָס בייטן זיך אין זאַל.

איך גיי אַרום אויפן פּלאַץ. מיין באַגלייטערין, מאַניא, דער גוטער מלאך, וואָס האָט מיך גענומען אונטער איר „פּראָטעקציע“, שטעלט מיך פאָר אַ סך פון די אַנוועזנדע. דאָ איז פאַרזאַמלט „גאַנץ“ ארץ ישראל... דאָ זיינען דאָ אין די צענדליקער מענטשן, וואָס פאַרקערפּערן מיט זיך וואונדער־קאַפּיטלען פון דער העראָאישער געשיכטע פון אונדזער פּיאָנערטום און חלוציות.

אָט וואַרפט זיך מיין באַגלייטערין אין די אָרעמס פון אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן מיט אַן עקזאַלטירטן אויסרוף:

— חנה, אַך, וויפל צייט איך האָב דיך שוין נישט געזען!

און ווען איך בלייב שטיין אַביסל אָן אַ זייט און באַטראַכט די רירנד סענטימענטאַלע און עקזאַלטירטע באַגעגעניש, שלעפּט מיך מאַניא שוחט פאַרן אַרבל:

— זייט באַקאַנט. דאָס איז ח נ ה ט ש י ז ש י ק, די שוועסטער פון...

איך לאָז איר נישט פאַרענדיקן דעם זאַץ.

— איך וויים, איך וויים — און דריק אַזוי שטאַרק, ווי איך קען, די האַנט פון

דער, וואָס דערמאָנט מיר די העלדן-עפּאָפּייע פון תל־חי, פון וואַנען איך קום ערשט.

אָט ציט עמיצער ווידער מאַניאַן פאַרן אָרעם:

— בערטאָלד פּייוול זוכט אייך.

מיר גייען אַהין, איך האָב אָט דעם צאַרטן יידיש־דייטשן דיכטער און וועטעראַן פון דער הערצל־עפּאָכע שוין נישט געזען באַלד דריי צענדליק יאָר.

וואָס פאַרא שטאַרקן שטעמפּל די פאַרגאַנגענע יאָרן האָבן אויף אים אַרויפגעלייגט!

איך שטיי און רעד מיט שמריהו לעווינס טאָכטער און מיר דערמאָנען זיך די גוטע יאָרן פון ניו־יאָרק, ווען איר פאָטער האָט געשטורעמט אין דער מלחמה-צייט דאָס אַמעריקאַנער יידנטום. אַ טיפער טרויער איז אויסגעגאָסן אויף איר פּנים, אויף וועלכן מען זעט צייכנס פון נישט בייגעקומענעם ליידן און צער.

אונדזער שמועס ווערט איבערגעריסן. מאַניאַ רייסט מיך אַוועק.

— אָט מיט דעם „משוגענעם" מוזט איר זיך באַקענען. רעדט זיך מיט אים דורך. ער איז אַ טשיקאַווער יונגערמאַן...

דער „משוגענער" איז אַ יידישער שוטר (פּאָליציסט) פון טבריה. ער איז ציוויל געקליידעט. מיר גייען אַוועק אין אַ זייט. ער איז אין דער געזעלשאַפט פון זיין יונגער פרוי. אַ זעלטענע אָריענטאַלישע שיינקייט. זי איז אַ געבוירענע אין דער חולה, אַ טאָכטער פון אַ יידישן קאָלאָניסט פון יסוד המעלה. זי רעדט אָגב אַ פּראַכטפולן יידיש.

פון מיין שמועס דערוויס איך זיך אין וואָס עס באַשטייט די „משוגעת" פון דעם יונגנמאַן. ער איז ערשט צען יאָר אין לאַנד. ער קומט פון פּוילן און האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַ „שגעון", אַז יידן מוזן פאַרנעמען פעסטע פּאָזיציעס אין דער ארץ ישראל פּאָליציי. ער אַליין דינט שוין זיבן יאָר. ער איז בייגעשטאַנען אַלע נסיונות פון דער „פּראָספּעריטי". ער טענהט, אַז די אַגענץ דאַרף ערנסט טראַכטן וועגן איינגעמען די יידישע פּאָזיציעס אין דער פּאָליציי. מען דאַרף עקאָנאָמיש העלפן די שומרים, כדי זיי זאָלן קענען אויסקומען מיטן אָרימען געהאַלט.

ער גיט איבער אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן דער שטילער פּאָליטישער ראָלע פון די ניט-פיל יידישע פּאָליציי־אַגענטן. אַגב דערציילט ער מיר מערקווירדיקע זאַכן וועגן מאַניאַ שוחטס אַקטוּאַציע אין דער הגנה, בעת די אויגוסט-געשעענישן פון 1929, ווען זי האָט אַרויסגעוויזן שטוינענדן מוט און פלינקייט. נאָר יחידי סגולה ווייסן וועגן דעם אויפטו פון אָט דער מערקווירדיקער פרוי...

איך מוז איבערייסן מיין שמועס מיט ר', ביים טיש האָט זיך שוין פאַרזאַמלט דער פּרעזידיום. עס האָט זיך צעקלאַפּט דער האַמער. דער פייערלעכער יובליי־אַקט האָט זיך אָנגעהויבן.

איך זע פאַר זיך אַן אומפאַרגעסלעך בילד. אַ רעליגיעזע שטילקייט הערשט

צווישן אָט דעם איבער צוויי טויזנט קעפּיקן עולם, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אונ־טערן פרייען הימל אין אַ נאַטור־אומגעגנט, וואָס האָט נישט איר גלייכן. די האַלב־נאַקעטע בערג צויבערן דאָס אויג, אין ליכט פון זילבערנער לבנה־שיין... אַזאַ פאַר־זאַמלונג האָבן נאָך מיינע אויגן נישט געזען.

אויף דער טריבונע שטייט איינער פון די עלדישע וועטעראַנען פון דגניה, ת נ ח ו ם. הארציק און פשוט קלינגען זיינע ניט־רעטאָרישע ווערטער.

— אונדזער האַרציקער גרוס אייך, טייערע געסט, וואָס איר זענט געקומען פייערן מיט אונדז דעם האַלבן יובל פון דגניה.

און די פשוטע האַרציקע ווערטער גייען אין האַרצן אַריין.

— ווי טייער זיינען אונדז אָט די מינוטן, אין וועלכע מיר אַלע זיינען פאַר־אייניקט מיט איין געפיל און מיט איין באַוואוסטזיין, אַז די אַרבעט, וואָס מיר האָבן געטון איז אַ הייליקע אַרבעט.

עס זיינען אַוועק פינף און צוואַנציק יאָר אַרבעט, אַרבעט אויף דער ערד, אויף דער ערד פון דער נאַציע. צו אונדזער צער זיינען נישטאָ מיט אונדז די, וואָס האָבן מיט אונדז די אַרבעט אָנגעהויבן — יוסף בוסעל, אהרון דוד גאָרדאָן און משה באַרסקי... באַרסקי איז געווען אונדזער ערשטער קרבן אויף אָט דער ערד.

אַ קנאַפּער מנין זיינען מיר געווען, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן די אַרבעט. איצט ציילן מיר ז ע ק ס ה ו נ ד ע ר ט א כ ט א ו ן צ וו א נ צ י ק נ פ ש ו ת. און מיר האָבן געעפנט דעם וועג פאַר דער דעראָבערונג פון עבר-הירדן אין מערב און אין דרום.

ער דערמאָנט ד"ר אַרטור רופין, וואָס איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנערקענט און געשטיצט די אַרבעט פון דגניה.

אונדזער שכר זיינען די קינדער פון עמק־הירדן און זיי האָבן איצט דאָס וואָרט.

אונטער דעם מאַרש־טאַקט פון פּיאַנאָ, גייען אַרויף אויף דער בינע עטלעכע צענדליק קינדער, געבוירענע און דערצויגענע אין דגניה.

אַ ציטער פון פרייד כאַפּט אַרום, ווי אַ שטורם די פאַרזאַמלונג. עס ברעכן אויס אָוואַציעס. אין די אויגן פון ניט-ווייניקע זעט מען טרערן פון פרייד.

עס איז אַן אומפאַרגעסלעכער פאַר דעם גאַנצן לעבן מאָמענט... און איך שעם זיך גליקלעך, וואָס מיר איז באַשערט געווען דורכצולעבן אים.

אַ מיידעלע פון אַ יאָר אַכט־ניין, שושנה, שיין ווי גאָלד, טרעט אַרויס פון דער קינדער־גרופּע און זאָגט עטלעכע ווערטער. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מיר וואַקסן אויס פליגלען, ווען איך האָב אָט די ווערטער געהערט...

— טייערע חברים און געסט — זאָגט שושנה. — איר זענט נישט די לעצטע, וואָס זענט געגאַנגען אין אייער וועג. מיר קומען נאָך אייך. מיר האָבן אייך געזען אין אייער לעבן און אין אייער אַרבעט. די גרינע פעלדער, די פרוכט פון אייער

לעבנס־פראצע, זיי האָבן אונדז געלערנט, וואָס איז דער סוד פון אייער שאפן. א סך גייען שוין אין אייער וועג — דעם וועג פון גאולה פאר פאָלק און מענטש, און אויך מיר, וועלן גיין אויף דעם וועג און וועלן אים טריי בלייבן...

און גערעכט איז געווען יוסף בארא״ץ — דער הארציקער, נשמהדיקער דגניה־פיאָנער, ווען ער האָט געזאָגט, אז דער יום־טוב האָט זיך, דאָ נאָך דעם, ווי עס האָבן גערעדט די קינדער פון דגניה, געדארפט ענדיקן.

יאָ, נאָך דעם אמת, וואָס האָט גערעדט מיט דעם קינדער־מויל, איז שוין נישט געווען וואָס צו זאָגן...

אָבער פינף און צוואנציק יאָר פון הערגאישער, פיאָנערישער ארבעט, וואָס האָט א מדבר פארוואנדלט אין א גן־עדן — איז א צו־וויכטיקער דאטום, מען זאָל אים פארשווייגן, מען זאָל נישט פרואוון אונטערפירן א געוויסן סך־הכל. און בארא״ץ האָט עס געפרואווט טון. ער האָט מיט מייסטערלעכער פשטות און באשיידנקייט דערציילט וועגן די פארגאנגענע פינף און צוואנציק יאָר, וועגן וועלכע עס דערציילן יעדער בוים, און יעדער שטיין און... דער בית־עולם פון דגניה מיט זיינע קברים פון די, וואָס האָבן נישט אויסגעהאלטן דעם עול און זיינען באגאנגען זעלבסטמאָרד. און פון די, וואָס זיינען געשטאָרבן א העלדן־טויט.

בארא״ץ דערמאָנט דעם ערשטן קרבן פון דגניה — משה בארסקי. וואָס איז געווען זיין גבורה? איז ער דען געווען אזא גיבור, אזא שטארקער, אָדער א מענטש פון מלחמה? ער איז געווען א יונגערמאן, ווי מיר, איינער פון די יידישע קינדער, וואָס זיינען געקומען אין ארץ ישראל ארבעטן און האָבן פארבונדן זייער ארבעט מיט דעם שוץ פון דעם יידישן כבוד.

און אויב מיר וועלן זיך דערמאָנען די קרבנות, וואָס זיינען געפאלן אין יבניאל, כפר תבור, כנרת, דגניה און אנדערע. צוליב וואָס און פאר וואָס זיינען זיי געפאלן? זיי האָבן געוואָלט באווייזן, אז מיר קענען ביישטיין פאר אונדזער כבוד, אז מיר האָבן נישט קיין שרעק פארן טויט. דערפאר איז געפאלן בארסקי. דערפאר זיינען געפאלן אלע אנדערע.

ווען מיר זיינען געקומען אהער האָט מען אונדז געזאָגט: צו וואָס האָט איר אויסגעקליבן אזא געפערלעכן פלא״ץ — א פלא״ץ, וואו ס׳בושעווען רויבער און מערדער. מיר האָבן זיך נישט גערעכנט דערמיט. אונדז האָט געצויגן אהער דער ים־כנרת, דער ירדן, דער חרמון, וואָס מען זעט פון דאנען, און הר כנען. די גאנצע שיינע געגנט האָט אונדז געצויגן אהער. און מיר האָבן געוואוסט, אז מיר וועלן ביי־קומען אלע סכנות, מיר האָבן געוואוסט, אז מיר וועלן באזיגן די וויסטעניש און שאפן זיכערקייט אין אָט דער געגנט.

דאָס האָבן מיר דערגרייכט. מיר האָבן באזייטיקט די סכנות און מיר האָבן אויך ווירטשאפטלעך מנצח געווען אלע שוועריקייטן.

אויף דעם פּלאַץ, וואו מיר זיינען איצט פאַרזאַמלט האָבן מיר צוואַנציק יאָר געהאָדעוועט אַ פּרדס. מיר האָבן דאָ באַגראָבן אָן אַ שיעור כוחות און געלט, נאַ-ציאָנאַלן פאַרמעגן. סוף-כל־סוף האָבן מיר געמוזט אויסהאַקן די ביימער. זיי האָבן נישט געבראַכט קיין פּרוכט.

מיר האָבן דאָ געפּלאַנצט אַלע ביימער, וואָס מיר האָבן געקענט פון אונדזער רוסישער היים, פון די רוסישע דערפער. און אַלץ האָבן מיר געמוזט אויסהאַקן. אַלץ האָבן מיר אויסגעפּרובירט. אָבער סוף-כל-סוף האָבן מיר אויסגעפונען דעם ריכטיקן וועג און האָבן דערגרייכט דעם איצטיקן ווירטשאַפטלעכן דערפאָלג.

אַלע אונדזערע עקספּערימענטן האָבן מיר געמאַכט נישט פאַר אונדז. מיר האָבן אויסגעטראָטן דעם וועג פאַר אַלעמען.

איצט וועלן קומען אַנדערע און וועלן זען, וואָס ביי אונדז איז געראָטן, וועלן זיך לערנען פון אונדזערע זוכענישן און טעותים, די טעותים פון מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל אין לעבן נישט געאַרבעט און נישט געהאַט קיין אַנונג פון אַגריקול־טור און האָבן נאָר פאַרמאָגט דעם שטאַרקן און גרויסן ווילן צו אויפלעבן אָט דאָס לאַנד, צו לעבן אַלס ערד־אַרבעטער און פאַרבינדן זיך מיט דער נאַטור.

באַראַץ דערציילט וועגן די אַלע זוכענישן, וואָס די דגניה-מענטשן האָבן דורכ־געמאַכט ביז זיי האָבן געפונען די איצטיקע קאָלעקטיווע לעבנס-פאָרם פון דער קבוצה און קאָלעקטיוון קיבוץ. נישט פון ביכער איז דאָס אַלץ געלערנט געוואָרן, נאָר פון רעאַלן לעבן און ראַנגלענישן.

— ווען מיר האָבן מיט צוואַנציק, פינף און צוואַנציק יאָר געפּלאַנצט די ביימער — דערציילט באַראַץ — האָבן מיר זיך געזאָגט: מיר וועלן די פּרוכט נישט עסן. דאָס איז פאַר אונדזערע קינדער און אייניקלעך. מיר האָבן קיינמאָל נישט געחלומט, אַז מיר וועלן דערלעבן צו זען און געניסן פון דעם, וואָס מיר זעען און געניסן אַצינד.

נישט אַלע האָבן דאָס דערלעבט. עס פעלן אַ סך פון אונדזערע רייען, אָבער דאָך זיינען נאָך פאַרבליבן פון די ערשטע, וואָס האָבן זוכה געווען צו זען די פּרוכט פון זייער אַרבעט.

וואָס האָט אונדז געגעבן דעם כוח! זיינען מיר דען געווען אויסערגעוויינלעכע מענטשן? מיר זיינען געווען, ווי אַלע, וואָס זיינען געקומען אַהער באַוואָפנט מיט דעם חלוצישן ווילן אויפלעבן דאָס לאַנד. מיר האָבן זיך אָבער נישט וואָס צו באַ־קלאָגן. מיר האָבן געהאַט שווערע מאָמענטן, זייער שווערע מאָמענטן אין אונדזער עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָבער איצט האָבן מיר אונדזער שכר. דגניה האָט זיך געענדערט און געוואַקסן, אָבער געזעלשאַפטלעך איז זי געבליבן, וואָס גע-ווען. און זי איז געוואָרן אַ מוסטער און ביישפּיל פאַר די אַלע קבוצות און קיבוצים וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט אין גאַנצן עמק-הירדן. אין אַלע שווערע מאָמענטן איז געווען און געאַרבעט מיט אונדז אַ מענטש, וואָס האָט אונדז געהאָלפן — דאָס איז

א. ד. ג אָ ר ד אָ ן. ער איז נישט געווען קיין פרייִדיקער, נאָר א מקים. מיר האָבן אויך געלערנט פון אונדזערע שכנים פון סעדזשערא, מנחמיה און יבניאל. מיר האָבן נישט מסכים געווען מיט זייער געזעלשאפטלעכער לעבנס־פאָרם, אָבער ווען מיר האָבן געזען, ווי די מענטשן ליידן, זיינען זיך מקריב און פארלאָזן דאָך נישט דאָס לאַנד, האָבן מיר געהאַט וואָס צו לערנען פון זיי.

מיט דער ברכה זוכה צו זיין זען באַזעצט פון יידן דעם גאַנצן עמק־הירדן האָט באַראַץ פאַרענדיקט זיין יום־טוב רעדע, וואָס איז געווען אַן אמתער האַרץ־אויסגוס פון איינעם, וואָס האָט דערלעבט צו זען די פרוכט פון זיינע קרבנות און העראָאישן עקשנות.

עס זיינען נאָכדעם געקומען באַגריסונגען. דאָס זיינען נישט געווען קיין סקאַר־באָווע לויב־דרשות, נאָר האַרציקע פרייד, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אין אמתע און אויפריכטיקע ווערטער.

ר מ ז האָט אינעם נאָמען פון דער ה ס ת ד ר ו ת אָנגעוויזן, אַז אין דגניה זיינען פאַרווירקלעכט געוואָרן די בעסטע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע חלו־מות פון א גאַנצן זוכנדן יידישן דור. דאָס אַלמענטשלעכע און דאָס נאַציאָנאַל־יידי־שע האָט זיך אומצעשיידבאַר באַהאָפטן און עס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן די שטרעבונג צו יושר, צו פאָלקס־באַפרייאונג און טריאומף פון צדק.

דער פאָרטרעטער פון דער קבוצה כנרת, בן־ציון ישראל, האָט אָנגעוויזן אַז די באַדינגונגען, ריכטיקער די אָ פּ ו ע ז נ ה ײ ט פון וועלכע נישט איז באַ־דינגונגען האָט געהאָלפן די מענטשן פון דער צווייטער עליה צו שאַפן מ ע ש ה ב ר א ש י ת, דאָס ווערק פון א גאַנצער תקופה.

גלעדי האָט אין נאָמען פון דגניה ב׳ אונטערגעטראָגן א מתנה דער עלטערער שוועסטער דגניה א׳ אריינשרייבנדיק זי אין ספר־הזהב פון נאַציאָנאַל־פאָנד.

זייער אינטערעסאַנט מיט איר אָריגינעלן פּאָעטישן איינפאַל איז געווען די באַגריסונג פון דעם הרב זופוביל אינעם נאָמען פון דער טבריהער קהילה.

— מיר האָבן געהערט די רעדעס און שבחים. א שאָד פאַר די וואָס שווייגן, די ערד, דיביימער, די שטיינער און בלומען, וואָס זיי האָבן נישט קיין לשון, קיין הענט און קיין פיס. ווען זיי וואָלטן געהאַט הענט וואָלטן אַלע ביימער פון פעלד אייך אַפּלאָדירט. ווען זיי וואָלטן געהאַט פיס, וואָלטן מיר געזען טענץ, אַזעלכע, ווי מיר האָבן זיי אין אַלע אונדזערע לעבנס־טעג נישט געזען, און ווען זיי וואָלטן גע־האַט א צונג, וואָלטן מיר געהערט ניגונים און שירים, ווי זיי האָט נישט פאַרנומען די וועלט...

— וואָס איז דאָ געווען מיט א האַלבן יובל צוריק? מדבר. און וואָס איז איצט דאָ אין דגניה? פשוט א גן־עדן. און אויב איר ווילט הערט זיך צו ווי עס טאַנצט

פון פרייד דער מדבר. איר זענט געקומען אהער א הייפל און האט אוועקגעלייגט דעם יסוד און אויף דעם יסוד איז אויפגעבויט געוואָרן אָט דער דאָזיקער בנין.

אין נאָמען פון דער קהילה פון טבריה וויל איך אייך, חברים פון דגניה זאָגן, אז מיר זיינען שטאָלץ מיט אייך און איך בענטש אייך מיט דער אַלטער ברכה פון יצחק אבינו: זאָלן געבענטשט זיין די וואָס בענטשן דיך און זאָלן פאַרשאָלטן זיין די, וואָס שעלטן דיך...

אינעם נאָמען פון מ נ ח מ י ה האט באַגריסט ראָזענפעלד (דער פאָטער פון דעם סערזשאַנט, וואָס איז צומאָרגנס דערהרגעט געוואָרן):

פינף און דרייסיק יאָר איז שוין אַלט אונדזער מנחמיה, דער ערשטער ישוב אין עמק-הירדן. ווען מיר זיינען געקומען אהער זיינען מיר געווען די ערשטע אין אָט דער סביבה פון רוצחים און רויבער. מיר האָבן שטענדיק געקוקט אין מזרח און אין מערב און געפרעגט זיך: פון וואַנען וועט קומען אונדזער הילף? און אין אכט יאָר אַרום זענט איר געקומען, טייערע חברים פון דגניה. אָט זע איך דאָס בילד פון באַרסקי, ער האָט זיך געאיילט ברענגען הילף א קראַנקן פון מנחמיה און איז געפאַלן. פון דעמאָלט אָן איז צווישן אונדז געשאַפן געוואָרן דער נשמהדיקער בונד, דער בונד פון בלוט.

איך בענטש אייך, חברים פון דגניה, אז דער יונגער דור, וואָס מיר האָבן דאָ געזען זאָל זיין א טרייער דור, צו זיין לאַנד און פאָלק. מיר זיינען און וועלן בלייבן חברים, כאָטש מיר גייען אין פאַרשידענע וועגן...

און עס קומען נאָך און נאָך באַגריסונגען ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. רירנד איז געווען די לעצטע באַגריסונג פון דער קבוצה נשר.

— טייערע, טייערע חברים פון דגניה! אונדזער מויל קען נישט אויסדריקן, וואָס דאָס האַרץ פילט. דערצו וואָלט מען געדאַרפט האָבן א קינסטלער פון וואָרט. און מיר זיינען דאָך מפורסם אַלס קינסטלער פון שווייגן...

אָבער היינטיקן אָוונט האָבן די קינסטלער פון שווייגן, די געניאַלע קינסטלער פון טאַט, דאָך גערעדט, גערעדט פשוט בתכלית הפשטות, און זייערע ווערטער האָבן אויפגעציטערט דאָס האַרץ, דערשיטערט די נשמה...

באַראַץ שליסט דעם יום-טוב-אַקט. באַרוישט פון פרייד און עלית-הנשמה גייט דער עולם אין חדר האוכל. די טישן פאַרשוואונדן. עס הויבט זיך אָן א נייע סדרה: געזאַנג און טענץ... און ווער עס האָט נישט געזען דעם האָראַ-טאַנץ אויפן יום-טוב פון דגניה, דער ווייסט נישט וואָס איז עקסטאַז...

א פאַרלוירענער בין איך געשטאַנען און צוגעקוקט אָט דעם געטער-ספּעקטאַקל, און א געפיל פון קנאה האָט באַהערשט... יאָ, איך האָב מקנא געווען דעם גליק פון אָט די מענטשן, וואָס קענען זיך אַזוי פאַרגעסן אין עקסטאַז, וואָס קענען זיך מקריב

זיין טאַנצנדיק און פילן אַפילו נישט דעם קרבן וואָס זיי ברענגען פאַרן פאָלק און מענטש-דערלייזונג...

איך קוק זיך צו צו מרים באַראַץ. זי האָט היינט אויפגענומען צוויי טויזנט געסט. אָבער זי ווערט נישט מיד. ווען די יונגערע שטייען אָפּ פלעכט זי זיך אַריין אין דער האָרא-קאַראַהאָד און טאַנצט, טאַנצט מיט אַ מין עקסטאַז פון דערווישן...
איך טראַכט זיך: איז דאָס פרוי אָדער טייוול... אין אַ מאָמענט, ווען זי גייט אַרויס פון עקסטאַטישן קרייז, גיי איך צו צו איר:

— מרים, וואו נעמט איר כוחות?

און זי ענטפערט מיר: היינט איז מיין יום־טוב...

יאָ, עס איז איר יום־טוב. אָט די מערקווירדיקע פרוי האָט נישט ווייניק קרבנות געבראַכט פאַר דגניה. זי האָט דערביי באַוויזן אויסצוהאָדעווען זיבן פּראַכטפולע קינדער — די נייע בירגער פון דגניה. דערביי האָט זי שטודירט פיצוכט. געווען אין האָלאַנד, דייטשלאַנד און שווייץ. זי איז איינע פון די בעסטע פאַכלייט אין פיצוכט און קי־קרייציקונג. אַדאַנק איר האָט דגניה די אויסגעצייכנטע מילך־ווירטשאַפט.

און נאָך אַ לעבן פון שווערער פּראַצע און קרבנות האָט נאָך אָט די פרוי באַוויזן די קונץ צו קאָנסערווירן איר יוגנט־פרישקייט, אומענדלעכן חן און פרויען-רייץ...

יאָ, די ערד פון ארץ ישראל באַווייזט ווירקלעך וואונדער...

אַ באַרוישטער פון די איינדרוקן פון אָט דעם אומפאַרגעסלעכן אָוונט פאַר-לאָז איך דגניה, אונטער די טענער פון וואונדערבאַרן עמק-מאַרש וואָס רייסן דורך די שטילקייט פון דער נאַכט...

---

## ווען טאַטעס ברענגען זייערע זין צו עקדה...

שפּעט נאָך האַלבן טאָג האָב איך פאַרלאָזן גבע, די קליינע גלענצנד איינגע-אָרדנטע גורדוניה־קבוצה, די שכנה פון דעם גרעסטן קאָלעקטיוויסטישן קיבוץ אין עמק יזרעאל — עין חרוד.

מיר איז געווען פיינלעך אַפּצורייסן מענטשן פון דער אַרבעט — און ווילנדיק נישט ווילנדיק קומט עס אויס צו טון יעדן גאַסט. איך האָב זיך דערפאַר קאַטע-גאָריש אָפּגעזאָגט מען זאָל מיך באַגלייטן אויף מיין ווייטערדיקן וועג און בין אַליין אַוועק צו מיין נאָענטסטן ציל־פּונקט — צו דעם ערשטן מושב עובדים אין עמק — אין כ פ ר י ח ז ק א ל. דאָס איז אַ שטרעקע פון אַ קנאַפּער האַלבער שעה צופוס.

אויפן האַלבן וועג, האָב איך פון דערווייטנס באַמערקט, ווי עס דרייט זיך אום

אָן אַראַבער, פירנדיק זיין פערד ביים צוים. מיר איז בשעת מעשה אפילו דורכגע־לאָפן אַ ווייטער געדאַנק, צי קען דאָס אַמאָל נישט זיין אַן אומאַנגענעמע באַגעג־ניש... אָבער אַרום הערשט אַ שלוה און זיכערקייט, אַז ערנסט טראַכטן וועגן דעם, אַז איינעם קען פּאַסירן עפּעס שלעכטס לאָזט זיך נישט.

און איך בין זיך רואיק אַוועק מיין וועג. און צוזאַמענטרעפנדיק זיך מיטן אַראַבער, וואָס האָט אונטערגעברומט מעלאַנכאָליש אַ מאָנאָטאָנעם ניגון, האָבן מיר זיך ביידע אָפּגעגעבן אַ פריינטלעכן: — שלום!

אָנקומענדיק אין כפר יחזקאל האָב איך אויפגעזוכט דאָס גאַסטפריינטלעכע הויז פון איינעם פון די גייסטיקע פירער און פּיאָנערן פונעם כפר, דעם פריינט ק. און צוזאַמען זיינען מיר אַוועק צו באַטראַכטן די מוסטער־ווירטשאַפטן און די קהלשע אינסטיטוציעס פון אָט דעם אייגנאַרטיקן און אינטערעסאַנטן טיפּ דאָרף, וואָס דאָס אַרבעטנדע ארץ ישראל האָט געשאַפן. מיר קומען אַריין אין דער קאָאָפּעראַטיווער קראָם פון דעם מושב און דאָ האָבן מיר דערהערט די בייזע בשורה, אַז אומגעפער אויף דעם וועג, וואָס איך האָב מיט אַ מין שעה צוריק דורכגעמאַכט, איז דערהרגעט געוואָרן פון אַראַבער דער יידישער סערזשאַנט, ר אָ ז ע נ פ ע ל ד.

מיר איז גלייך דורכגעלאָפן דער געדאַנק: איז נישט אַמאָל דער אומשולדיקער אַראַבער, וואָס איך האָב געטראָפן, איינער פון דער מערדער־באַנדע?...

מען דערציילט מיר, אַז ראָזענפעלד איז געווען איינער פון די באַליבטסטע פיגורן פון גאַנצן עמק. צוועלף יאָר האָט ער געדינט אויף זיין פּאָסטן. לעצטנס, מיט אַ חדשים צוויי צוריק, האָט ער זיך אָנגעגעבן אין דימיסיע: ער האָט געוואָלט אָנהויבן אַרבעטן פאַר זיך, פאַר דער פאַמיליע און באַזעצן זיך אויף ערד. מען איז אָבער צו אים צוגעשטאַנען פון אַלע קאָלאָניעס פון עמק, אַז ער זאָל פאַרבלייבן אין זיין אַמט, ער איז געווען דער איינציקער יידישער שוטר אין דער געגנט. ראָ־זענפעלד האָט נאָכגעגעבן און צוריקגעצויגן זיין דימיסיע, און איצט איז ער געפאַלן אַ קרבן פון זיין פליכט.

איך האָב צוגעקוקט און צוגעהערט צו דעם עולם אין דער קאָאָפּעראַטיווע. דער טויט פון ראָזענפעלדן האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. מיך האָט אָבער איבעראַשט די סטאָאישע רואיקייט פון אַלעמען. קיין מינדסטער סימן פון פּאַ־ניק אָדער שרעק. אַזוי דאַרף עס זיין, אַזוי איז דאָס אומפאַרמיידלעך...

איך בין נאָכדעם אַוועק אין דער קאָאָפּעראַטיווער מילך־ווירטשאַפט, וואו עס פאַרזאַמלען זיך אַלע קאָלאָניסטן. אומעטום שטייען קרייזלעך, מען קאָמענטירט די טראַגישע פּאַסירונג, אָבער די גאַנצע אַטמאָספער אָטעמט מיט אַזאַ מערקווירדיקער רואיקייט, מיט אַ פאַרביסענער, פעלזן־פעסטער עקשנות. איך הער פון אַלט און יונג איינס און דאָסזעלבע:

— געפאַלן אַ קרבן. נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער. דאָס איז

אונדזער וועג... און די וואָס האָבן אַזוי נישט גערעדט און געשוויגן, האָט מען דאָס ביי זיי פונעם פּאַרוואָלקנטן פּנים אָראָפּגעלייענט.

שפּעט אין אָוונט בין איך אַוועק אין פאָלקס־הויז. איך האָב דאָרטן געהאַלטן אַ פאָרטראַג וועגן אַרגענטינע, און געטיילט זיך מיט מיינע רייזע־איינדרוקן פון ראַטן־רוסלאַנד.

איידער איך האָב באַקומען דאָס וואָרט האָט מען מיט אַ קורצער, ווירדיקער רעדע באַערט דעם אָנדענק פון דעם געפאַלענעם סערזשאַנט.

און איך האָב זיך בשעת מעשה געטראַכט: וואָלט ערגעץ־וואו אַנדערש, אויסערהאַלב ארץ ישראל, מעגלעך געווען אַזאַ סטאַטיש־ווירדיקע, אַזאַ אומהיסטערישע באַציאונג, צו אַן אומגליק? וואָלט ערגעץ־וואו אַנדערש מעגלעך געווען אַזאַ רואיקע, אַזאַ אימפּאָנירנדע מיט איר גייסטיקן גלייכגעוויכט פאַרזאַמלונג, אַזאַ ערנסטע פאַראינטערעסירונג מיט אַ ווייטן ענין, אונטער דעם פרישן רושם פון אַ מאָרד...

דאָ האָב איך זיך באַקענט מיט דעם אַלטן ב אַ ר ס ק י, וואָס איז געווען צווישן מיינע צוהערער. דאָס איז דער ה ע ר אָ א י ש ע ר פאָטער פון דעם ה ע ר אָ א י ש ן ז ו ן — משה באַרסקי. דער ערשטער פון די יידישע קרבנות אין דגניה.

איך האָב נישט אַראָפּגעלאָזן פון אים די אויגן דעם גאַנצן אָוונט. אַ שטילער טרויער איז אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים. דער מאָרד פון ראָזענפעלד האָט געוויס אויפגעוועקט זיין אַלטע וואונד...

ערשט מיט דריי טעג צוריק בין איך געשטאַנען ביי דעם קבר פון זיין זון אין דגניה. יוסף באַראַץ האָט מיר דערציילט וועגן דעם בריוו, וואָס דער אַלטער באַרסקי האָט זיי צוגעשיקט דעמאָלט.

אין נאָמען פון די מענטשן פון דגניה האָט באַראַץ געשיקט דעמאָלט אַ טרייסט־בריוו דעם אַלטן און באַרסקי האָט זיי געענטפערט:

— וואָס טרייסט איר מיך? איך דאַרף אייך מנחם זיין. אייערע רייען זיינען דאָך שיטערער געוואָרן, איר האָט פאַרלוירן משהן. איך שיק אייך אויף זיין פּלאַץ מיין יונגערן זון...

אָט דאָס איז אומגעפער דער נוסח פון באַרסקיס באַרימטן בריוו, דעם וואונ־דערבאַרסטן דאָקומענט פון יידישן פ אָ ט ע ר ־ ה ע ל ד נ ט ו ם, וואָס איז געבוירן געוואָרן אויף דער ארץ ישראל ערד.

און איצט זע איך אָט דעם מאַן, און אַ געפיל פון ציטערדיקער ערפורכט באַ־הערשט מיך, ווען איך דריק אים פעסט די האַנט און וויל אים שטומערהייט, דורכן האַנט־דריק זאָגן מיט וואָס פאַר אַ הכנעה איך שטיי פאַר אים...

:: :: ::

און ערשט נעכטן האָב איך געזען דעם אַלטן ר אָ ז ע נ פ ע ל ד, דעם פֿאָ-טער פון דעם נייעם קרבן.

ער איז געשטאַנען אויף דער טריבונע אין דגניה בעתן יום־טוב. ער האָט גע-רעדט האַרציקע רירנדע ווערטער פון ליבע און פֿאַרערונג צו די חברים פון דגניה, וואָס גייען אין אַנדערע וועגן.

ער האָט דערמאָנט משה באַרסקי, וועגן זיין אייגענעם זון, וואָס ער האָט פֿאַר־לוירן מיט יאָרן צוריק האָט ער נישט דערמאָנט, כשרע קדושדיקע באַשיינדנקייט...

האָט דער מענטש געאַנט. פֿאַראויס געפילט, אַז היינט וועט ער ברענגען אַ צווייטן קרבן פאַרן בנין הארץ — זיין עלטערן זון דעם סערזשאַנט?

ווער האָט זיך עס געקענט פאָרשטעלן, אַז אָט דער פשוטער, ברייטפּלייציקער דאָרפס־מענטש, וואָס האָט, אמת, גערעדט מיט אַ זעלטענער לירישער האַרציקייט, איז איינער פון אונדזערע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ה ע ל ד ן; יאָ, איינער פון אונ־דזערע ג ר ע ס ט ע ה ע ל ד ן פון אונדזער נייעסטער געשיכטע!

אָט לייענט, וואָס אָט דער טאַטע האָט געזאָגט ביים קבר פון זיין זון, און משפט, צי איז עס אַ גוזמא צו אָנרופן דעם אַלטן ראָזענפעלדן אַלס אונדזער ג ר ע ס ט ן ה ע ל ד?...

„משה, דו ביסט נישט אַראָפּגעפאַלן נידעריקער פון דיין ברודער צבי. איר האָט געבויט אַ בריק צווישן עמק הירדן און עמק יזרעאל;

„דו ביסט געפאַלן אויף דעם באַרג גלבוע, דאָרטן זיינען געפאַלן גבורי ישראל, שאול ויהונתן. איך בין שטאָלץ מיט דיר, זע דעם כבוד, וואָס מען גיט דיר אָפּ. זאָל זיין דיין נשמה פאַרקניפּט מיט די גבורים, וואָס זיינען געפאַלן פאַר דער קדושה פון גאָט, פאָלק און לאַנד"...

און ווענדנדיק זיך צו דער וויינענדער משפחה האָט ער צוגעגעבן: „שטאַרקט אייך, עס איז געפאַלן אַ גבור, וואָס האָט פאַראַכטעט דעם טויט. שטאַרקט זיך."

אַזוי האָט גערעדט דער אַלטער ראָזענפעלד, דער טאַטע, וואָס האָט גע־פירט זיין קינד צו דער עקדה... אַזוי רעדן די באַרסקים — די טיטאַנען פון מוט, גייסטיקער גבורה, וואָס זייער גלייכן איז נישטאָ אין דער נייעסטער יידישער גע־שיכטע.

ניין, אַזעלכע יידישע טאַטעס האָט די וועלט נישט געזען, און געבענטשט זאָל זיין די ערד, וואָס האָט זיי אַרויסגעגעבן!

---

# רוסלאַנד, דאָס לאַנד פון די „ווייסע בערן"

פאַר דעם אייראָפּעער איז רוסלאַנד שטענדיק געווען דאָס לאַנד פון מיס־טעריע.

אַפילו אין די נאָרמאַלע פאַר־מלחמה־צייטן זיינען געווען נישט ווייניק נאַ־איווע מענטשן אין אייראָפּע, וועלכע האָבן ערנסט געגלויבט, אַז אין די גאַסן פון מאָסקווע און פון סאַנקט פּעטערבורג וואַנדערן אום ווייסע בערן...

מיט דעם אויסנאַם פון דייטשן, קען מען זאָגן, אַז גאָר ווייניק אייראָפּעער האָבן געהאַט אַ רעאַלן באַגריף וועגן דעם, וואָס עס האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך דאָס אַמאָליקע צאַרן־לאַנד.

און איצט, נאָכדעם ווי עס האָט זיך דורכגעטראָגן דער גרויסער סאָציאַלער שטורם פון אָקטאָבער, וואָס האָט אַזוי גרינטלעך ראַדיקאַל געענדערט און איבער־געקערט די פּאָליטישע און סאָציאַלע יסודות פון רוסלאַנד, איז דאָס גאַנצע לאַנד גע־וואָרן אַ רעטעניש אויך פאַר אונדז, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין אים, האָבן דאָרטן געלעבט אַ טייל פון אונדזער לעבן און ווען עס איז נאָענט די רוסישע שפּראַך און קולטור.

:: :: ::

וועלן מיינע רייזע־נאָטיצן עפענען פאַר דיר, פריינט לעזער, דאָס פאַרמאַכטע, סתירות־פולע און קאָמפּליצירטע בוך, וואָס הייסט סאָוועט־רוסלאַנד? ניין. דערויף פּרעטענדיר איך נישט. דאָס בין איך נישט אומשטאַנד צו טון.

איך בין נישט געפאָרן קיין ראַטן־רוסלאַנד מיט שטודיום־צוועקן. מיין הויפּט־ציל איז געווען צו זען טייערע און ליבע פאַר מיר מענטשן, פון וועלכע דער גורל האָט מיך אָפּגעריסן כמעט גאַנצע דריי צענדליק יאָר.

אָבער זייענדיק אין נייעם רוסלאַנד האָב איך דורשטיק געזען און געהערט אַלץ, וואָס עס איז מעגלעך געווען צו זען און צו הערן אין דער קורצער צייט פון פופצן טעג.

איך האָב פאַרבראַכט צוועלף טעג אין דער רויטער מאָסקווע, צוויי טעג אין לענינגראַד און אַ מעת־לעת בין איך געווען אין מינסק. איך האָב פריי און אומגעשטערט געזען אַלץ, וואָס מען האָט געקענט זען אין געצעלטע טעג

און האָב גערעדט מיט מענטשן פון מיין אייגענעם קרייז, מיט וועלכע מען האָט געקענט רעדן אָפן און אָפנהערציק אָן מורא און אָן שרעק.

איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו שטיין אין אינטימען קאָנטאַקט אָן דעם, אַז די וואַנט פון אָפיציאַליטעט זאָל מיר שטערן, מיט מענטשן פון פאַרשידענע סאָציאַלע ספערן, — מיטעלע סאָוועט־באַאַמטע, וואָס זיינען טעטיק אין וויכטיקע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, מיט אייניקע אַרטיסטן, מיט אַ פאַרדינסטפולן אָפיציר און איינעם פון די אָנגעזעענסטע סאָוועטישע געלערנטע. איך האָב פריי און אָפן גערעדט מיט אייניקע פאַרטיי־מענטשן, מיט אומפּאַרטייאישע און מענטשן פון אַלטן דור, וואָס זיינען ווייט נישט ענטוזיאַסטיש מיטן נייעם רעזשים.

אין מיינע רייזע־נאָטיצן וועל איך זיך באַמיען צו געבן אַ טרייע אָפּשפּיגלונג פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב געהערט און באַוויזן צו זען.

נישט טעאָריעס און אידייען האָבן מיך אינטערעסירט בעת מיין קורצן באַזוך אין ראַטן־רוסלאַנד. איך האָב געזוכט צו באַקענען זיך מיט דער סאָוועטישער רעאַליטעט, צו זען פאַקטן און זאַכן, און ווענן זיי וועל איך אָן שום פאַרטיי־פּאָליטישע כוונות און פניות דערציילן דעם לעזער אזוי אמתדיק און אָביעקטיוו, ווי איך בין נאָר פעאיק דערצו.

## פון וואַרשע קיין ניעגאָרעלאָיע

דער שנעל־צוג פּאַריז־בערלין־וואַרשע־ניעגאָרעלאָיע, — וואָס פירט מיך פון וואַרשע צו דער סאָוועטישער גרעניץ, שטייט ביי אַ האַלבע שעה אין פּראַגע.

כמעט אַלע פּאַסאַזשירן נוצן אויס די געלעגנהייט דורכצושפּאַצירן זיך אויף דער פּלאַטפאָרם. איך האָב די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן דעם עולם, וואָס פאָרט אין ראַטנפאַרבאַנד. מען הערט דאָ אַלע אייראָפּעאישע לשונות. דייטש, פראַנצויזיש, טשעכיש, אונגאַריש און פאַרשטייט זיך, רוסיש. איך באַמערק אפילו צוויי יאַפּאַנעזער.

באמת אַ אינטערנאַציאָנאַלע געזעלשאַפט.

ראַטן־רוסלאַנד איז געוואָרן אַ טוריסטן־לאַנד „פאַר עקסעלאַנס“.

מיינע שכנים פון דריטן קלאַס, פאַרן מסתמא, ווי איך, זען זייערע קרובים, אָדער זיי האָבן אַ לעבעדיקן און באַגרייפלעכן אינטערעס צו דעם לאַנד, וואו עס בויט זיך אַ נייע געזעלשאַפט.

אָבער, וואָס לאָקט קיין ראַטן־רוסלאַנד אָט די פעשענבלע דאַמען און הערן פון די לוקסוסדיקע אינטערנאַציאָנאַלע טוריסטן־וואַגאָנען?

אין איטאַליע און אפילו אין דער פראַנצויזישער ריוויערע איז איצט פוסטעך.

מען באמערקט דארטן כמעט נישט קיין טוריסטן. און די וואגאנען פון ערשטן און צווייטן קלאס אין דעם צוג קיין ניעגאריעלאיע, זיינען געפאקט.

וואס זוכן אט די מענטשן אין ראטנפארבאנד? איז עס בלויז נייגעריקייט, אדער איז עס א צייכן פון אומרו, וואס הערשט אין אייראפע און האט ארומגע־כאפט אויך די מענטשן, וואס שטייען דערווייל אויף דעם העכערן שטאפל פון סאַ־ציאלן לייטער?

אין מיין קופע זיצט א יונגער פראנצויז, עטלעכע פוילישע פאסאזשירן, וואס פארן אין די נאענטסטע סטאנציעס און א יונגער רוס. ער לייענט א סאוועטישן זשורנאל און איך שטויס זיך אן, אז דאס מוז זיין א באאמטער, וואס קערט זיך אום פון אן אויסלענדישער קאמאנדיראווקע.

איך פרואוו פארפירן מיט מיין סאוועטישן שכן א שמועס אויף דער נייטראַ־לער אומשולדיקער טעמע — טעאטער. איך פרעג אים, צי וועל איך קומען אין מאסקווע צום אנהויב טעאטער־סעזאן. ער קען מיר נישט געבן קיין ענטפער. ער איז שוין א יאר צייט פון דער היים און איז נישט שטארק באהאוונט ווען עס הויבן אן שפילן די טעאטערס אין מאסקווע. בכלל איז מיין שכן זייער רעזערווירט און שטייף, און דער שמועס קלעפט זיך נישט.

אין קארידאר פון וואגאן הער איך זיך צו צום געשפרעך פון אן אויסגעפוצטן פאליאק אין די מיטעלע יארן מיט א האלענדישן טוריסט. דער געשפרעך ווערט געפירט אין דייטש. דער פאליאק איז קענטיק נישט קיין צו־הייסער פריינט פון ראטנפארבאנד, וועלכן ער רופט אן נישט אנדערש ווי „באלשעוויא".

שטיל־שווייגנד דערנענטערן מיר זיך צו דער פויליש־סאוועטישער גרעניץ — סטאלפצי. באלד צעשיידן מיר זיך מיט דער פוילישער טעריטאריע. פוילישע גרע־ניץ־זשאנדארמען רעווידירן אונזערע פאספארטן. גענוי ווי פאר דעם אריינפאר מוז מען אויך האבן אין פוילן די דערלויבעניש ארויסצופארן. עס איז נישט פראנק־רייך, וואו קיינער קוקט זיך אויף אייך נישט אום, ווען איר פארלאזט דאס לאנד.

א צייטונגס־פארקויפער באט אן רוסישע צייטונגען. איך בין זיכער, אז דאס זיינען סאוועטישע אויסגאבן און נעם איינע. ווען דער צוג רירט זיך און איך וויקל פונאנדער דאס בלאט דערזע איך מיין טעות. ס'איז א ריגער צייטונג. איך גלויב, אז דאס איז נישט קיין סחורה פארן ראטנפארבאנד און ווארף ארויס דאס בלאט דורכן פענצטער.

נאר אט זיינען מיר שוין דורכגעפארן דעם באריכטן אייזערנעם טויער, וואס טיילט אפ פוילן פון סאוועט־רוסלאנד. מיר זיינען אויף דער סאוועטישער טע־ריטאריע.

א יונגער בלאנדער און העפלעך־שמייכלע:דער סערזשאנט פון דער „גע־פע־

או", גרעניץ־וואך באווייזט זיך אין וואגאן. מיט א פריינטלעכן גרוס „פאד קא-זערא-ק" בעט ער די פאספארטן.

אין צען מינוט ארום שטעלט זיך אפ דער צוג. מיר זיינען אין ניעגארעלאיע. אויף דער צווייטער זייט פון דער פויליש־סאוועטישער גרעניץ.

א „טאוואַרישטש־נאסילשטשיק" נעמט ארויס די געפעק פון וואגאן און מיר גייען אריין אין דעם פראכטפולן זאל פון דער טאמאזשנע, וואס איז פארגאסן מיט עלעקטריש ליכט.

איך קוק זיך ארום, וואו איך בין. איך האב שוין דורכגעמאכט קרוב צו א טוץ טאמאזשנע־גרעניצן, אבער אזא רחבותדיקן, עלעגאנטן טאמאזשנע־סאלאן האב איך נישט געזען. די שיינע ווייסע ווענט זיינען באפוצט מיט אויפשריפטן פון באגילדטע רעליעף־אותיות: „פראלעטאריער פון אלע לענדער פאראייניקט אייך". די אויפ־שריפטן זיינען אין אלע איירא־פעאישע לשונות. נאר קיין אידישע אויפשריפט האב איך נישט באמערקט.

איך גיי צו צום טאמאזשנע-טיש. א יונגע פרוי אין אוניפארם, אסיסטירט פון א באאמטן פון דער „גע-פע־או" גרעניץ־וואך, וועלכן איך דערקען צוליבן גרינעם מונדיר. די רעוויזיע איז א גאנץ אויפמערקזאמע, אבער נישט קיין צודרינגלעכע.

אויף דעם אויסלענדישן געלט, וואס איך האב מיט זיך, גיט מען מיר ארויס א קוויטונג, וואס מען דארף פרעזענטירן שפעטער, ווען איך וועל פארלאזן די סאוועטישע טעריטאריע. דאס געלט — דערקלערט מען מיר — קען איך ארויספירן צוריק ביז א טערמין פון צוויי חדשים. פון מיין פאטאגראפישן אפאראט נעמט מען ארויס דעם פילם־ראל, אויף וועלכן עס זיינען געמאכט אייניקע אויפנאמען.

— האט איר ביי זיך געווער? — פרעגט מיך גאנץ ערנסט די טאמאזשנע־באאמטין.

איך האב געענטפערט לאכנדיק, אז איך קום נישט קיין ראטן־רוסלאנד מיט אזעלכע בייזע כוונות...

דער פריינטלעכער שמייכל פון דער רעוויזארין האט מיר עדות געזאגט, אז זי איז מיך נישט חושד אין בייז.

אפגעפארטיקט די טאמאזשנע־פראצעדור האב איך זיך אנגעהויבן ארומקוקן, ווי מען באהאנדלט מיינע שכנים ביים רעוויזיע־טיש.

ביי דער זייט שטייט א הויכער דייטש מיט א דאמע, וואס עפנט אירע טשע-מאדאנעס.

— איך בין פון דער דייטשער אמבאסאדע — דערקלערט ער אין א גאנץ קאר־רעקטן רוסיש — איך וויל נאר ארויסהעלפן דער דאמע, וואס פארשטייט נישט קיין רוסיש.

זיין „הילף" איז אבסאלוט איבעריק, ווייל די סאוועטישע באאמטע אין ניע-

גאָריעלאָיע רעדן אַלע שבעים לשונות. און די דיפּלאָמאַטישע פּראַקטעקציע פאַר דער דייטשער דאַמע רופט אַפילו ביי מיר אַרויס אַ חשד. דאָך באַמערק איך נישט, אַז מען זאָל צו־שטרענג רעווידירן די דייטשע דאַמע.

ערגער גייט עס מיינעם אַ צווייטן שכן ביים טאַמאָזשנע־טיש, אַן אַמעריקאַנער איד פון פילאַדעלפיע. ער פאָרט צו קרובים אין מאָסקווע און אין אדעס און וויל זיי אַלעמען באַזאָרגן. ער פירט מיט זיך אַ גאַנצע גאַלאַנטעריי־קראָם און כאָטש זיין „ביזנעס" איז צייטונגס־פאַרטיילונג, מאַכן זיינע טשעמאָדאַנען דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געווען אַ וואָיאַזשאָר פון אַ קאָנפעקסיאָן (קליידער) פאַבריק... אוודאי איז ער נישט געקומען האַנדלען אין ראַטן־רוסלאַנד. ער האָט די בעסטע כוונות צו באַקליידן זיינע נויטבאַדערפטיקע קרובים, אָבער די טאַמאָזשנע־געזעצן אין ראַטן־רוסלאַנד, ווי אומעטום, רעכענען זיך נישט מיט קרובים־סענטימענטן. דער אַמעריקאַנער שכן מיינער דינגט זיך מיט די סאָוועטישע באַאַמטע. מען זעט, אַז די פּרוּוו, וואָס רעווידירט דעם באַגאַזש, איז געניוויגט צו האַנדלען נישט לויטן שטרענגן מדת הדין. זי עצהט זיך מיט איר אַסיסטענט פון דער „נע־פע־או" און נאָכדעם מיטן נאַטשאַלניק פון דער טאַמאָזשנע. אַ היפּשן טייל פון זיין באַגאַזש איז מיין אַמעריקאַנער שכן דאָך געלונגען צו ראַטעווען. אָבער איין אָנגעפּאַקטן טשעמאָדאַן מוז ער צו זיין גרויסער אַנטוישונג איבערלאָזן אין ניעגאָרעלאָיע און וועט אים אויף צוריקוועגס מוזן פירן אַהיים אין אַמעריקע, כאָטש אין אדעס און אין מאָסקווע וואָלטן די אַלע זאַכן געווים בעסער צונוץ געקומען... איין טרייסט האָט אָבער מיין אַמעריקאַנער, דריי גוט אָנגעפּיקעוועטע טשעמאָדאַנען וועט ער דאָך ברענגען קיין מאָסקווע און קיין אדעס.

אַ שעה צוויי דויערט די טאַמאָזשנע־פּראָצעדור. דער צוג קיין מאָסקווע דאַרף שוין באַלד אָוועקגיין. די געפּעק־טרעגער איילן. מיר שטעלן צו אונדזערע „אינטוריסט"־ביכלעך אין דער בילעטן־קאַסע און באַקומען נומערירטע פּלעצער אין די וואַגאָנען.

עס לויפט־צו זייער אויפגערעגט און אימפּעטדיק צו דער בילעטן־קאַסע אַן עלעגאַנטער מאַן אין די פערציקער. ער רעדט דייטש און בייזערט זיך זייער שטאַרק:

— ווי איז דאָס מעגלעך אַזאַ באַציאונג צו אַ דיפּלאָמאַטישן פאַרטרעטער, וואָס איז אַקרעדיטירט ביי אייער רעגירונג? איך בין דער רומענישער געזאַנדטער. איך האָב טעלעגראַפיש געבעטן רעזערווירן פאַר מיר אַ קופּע אין שלאָף־וואַגאָן. און דאָ ווייסט קיינער נישט פון דעם...

איך ווייס נישט מיט וואָס עס האָט זיך געענדיקט דער אינצידענט מיטן אויפגערעגטן רומענישן דיפּלאָמאַט ווייל מיין געפּעק־טרעגער האָט מיך געאיילט, אַז דער צוג גייט אָפּ. אָבער אַריינקומענדיק שפּעטער אין וואַגאָן־רעסטאָראַן האָב איך

געטראָפן רואיק זיצן ביי אָוונט־ברויט דעם רומענישן דיפּלאָמאַט, געמיטלעך פּלוי־דערנדיק מיט זיין דייטשן קאָלעגע. קענטיק, אַז מען האָט אים באַזאָרגט מיט אַ שלאָף־קופּע.

דער רעסטאָראַן־וואַגאָן אין סאָוועטישן צוג איז געווים באַשיידענער, ווי אויף די אייראָפּעאישע באַנען. אָבער די פּרייזן, אויב מען צאָלט אין אויסלענדישער וואַ־לוטע, זיינען גאַנץ צוגענגלעכע און געווים נישט צום פאַרגלייך ביליקער, ווי אין איטאַליע.

וואָס איז שייך די סאָוועטישע וואַגאָנען, קען איך זיכער זאָגן, אַז לפּחות אויף דעם מאַרשרוט ניעגאָריעלאָיע־מאָסקווע, איז דער סאָוועטישער דריטער קלאַס דער בעסטער און באַקוועמסטער אין גאַנץ אייראָפּע, און אַ פּשוטער בשר ודם, נישט קיין דיפּלאָמאַט, קען רואיק אויסקומען אָן אַ ספּעציעלן שלאָף־קופּע...

איך האָב כמעט נישט באַמערקט ווי אונדזער צוג האָט זיך גערירט. איך האָב געוואַרט אויף דעם קלאַסישן רוסישן באַן־קלונג. פּערווי, וטאָראָי, טרעטי זוואָנאָק — אָבער איצט קלינגט מען נישט אויף די רוסישע אייזנבאַן־סטאַנציעס.

און ערשט, ווען דער וואַגאָן האָט אַ גוטן טרייסל געטון, האָב איך זיך אָפּגע־געבן חשבון, אַז איך בין שוין אויפן וועג אין דער רויטער מאָסקווע.

אַ מאָדנער געפיל פון היימישקייט און פרעמדקייט האָט מיך פּלוצלינג באַ־הערשט . . .

## מיין אָנקומען קיין מאָסקווע

די ערשטע גרעסערע סטאַנציע, אויף מיין וועג קיין מאָסקווע, איז מינסק. דאָ שטייט דער צוג אַ פערטל שעה. כאָטש עס איז שוין באַלד האַלבע נאַכט און איך בין היפּש מיד, פאַרברענגענדיק אַ גאַנצן טאָג אין וואַגאָן, וויל איך נישט דורכלאָזן די געלעגנהייטן צו זען כאָטש פון דער וויטנס די ערשטע גרעסערע שטאָט אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע.

אין באַגלייטונג פון מיין אַמעריקאַנער קופּע־שכן שפּאַציר איך אויף דעם מינסקער וואָקזאַל־פּעראָן און באַטראַכט מיט געשפּאַנטער נייגעריקייט דעם נישט גרויסן אין צאָל עולם, וואָס וואַרט אויפן צוג.

קיין פּריוואַטע פּאַסאַזשירן איז נישט צו באַמערקן. די עטלעכע מענער אין לעדערנע רעקלעך, אין דער באַגלייטונג פון אַ פרוי, וואָס שטייען אויף דער פּלאַט־

פאָרם, מאַכן דעם איינדרוק פון סאָוועטישע באַאַמטע, וואָס פאָרן אויף „קאָמאַנדי־ראָווקע" קיין מאָסקווע. מיין שכן, דער אַמעריקאַנער, מיינט, אַז זיי זייַנען זייער באַשיידן געקליידט. איך האָב דעם איינדרוק, אַז די קליידונג איז גאַנץ קאָרעקט און שיידט זיך ווייניק אָפּ פון דעם „סטיל" פון דער ארץ ישראלדיקער אַרבעטער־דעלעגאַציע אין לוצערן.

מיר גייען אַריין אין וואָקזאַל־בופעט, וואָס איז קענטיק נישט לאַנג רעמאָנ־טירט. דער זאַל איז העל באַלויכטן. די צענדליקער טישלעך זיינען באַדעקט מיט ציכטיקע טישטוכער. נאָר געציילטע קליענטן זיינען ביי די טישלעך. אויף אַ גרויסן לייוונטענעם פּלאַקאַט לייען איך:

„מיר באַטייליקן זיך אין קאָנקורס פאַר דער בעסטער רעסטאָראַן־באַדינונג".

איך „שטודיר" דעם בופעט. דער אויסוואַל איז נישט קיין צו־רייכער. אַ פּאָר עפּל אין אַ גלעזערנער וואַזע, אַביסל פּיראָזשנעס און ווייסע בולקעס.

— אויב איר ווילט קענען מיר אייך סערווירן אַ מאָלצייט — שלאָגט פאָר פריינטלעך די בופעט-מיידל, זעענדיק אַז איך שטודיר אַזוי אויפמערקזאַם דעם באַ־שיידענעם בופעט.

איך דאַנק אָפּ. עס איז שוין נישטאָ קיין צייט, דער צוג גייט באַלד אָפּ.

איך בין צוריק אין קופּע. עס איז צוגעקומען אַ נייער שכן, אַ רויט־אַרמייער, ער פאַרלירט נישט קיין צייט און ציט זיך אויס אויף דער אויבערשטער פּאָליצע פון וואַגאָן. איך טו אויך דאָס זעלבע. פאַר פינף רובל גיט מען אייך אויסגעצייכנטע בעטגעוואַנט און איר שלאָפט, ווי אַ „גראַף" אין דעם „האַרטן" וואַגאָן, ווי מען האָט משנה שם געווען דעם אַמאָליקן דריטן קלאַס.

ווען איך כאַפּ זיך אויף אינדערפרי, זיינען מיר שוין נישט ווייט פון מאָסקווע. פון וואַגאָן-פענצטער זעט מען די פאַבריק-געגנטן, וואָס רינגלען אַרום די סאָוועטישע הויפּטשטאָט. איר באַקומט גלייך דעם איינדרוק פון דער פיבערהאַפטער בוי־אַרבעט, וואָס גייט דאָ אָן. אומצאָליקע רעשטאָוואַניעס און בנינים, וואָס האַלטן זיך אין בויען.

אין אַ שעה אַרום בין איך אין מאָסקווע, מיין געבורטס-שטאָט, פון וועלכער איך בין אַזוי פאַרפרעמדט און וואָס איך האָב צום ערשטן מאָל פאַרלאָזן, ווען איך בין אַלט געווען פינף יאָר.

ווי דורך אַ נעפּל וועקן זיך אויף אַלטע קינדער־זכרונות. גירוש מאָסקווע.

איך האָב נישט פאַרשטאַנען דעם זין פון דער גזירה, וואָס האָט פאַרטריבן טויזנטער אידן פון דער „הייליקער" סטאָליצע.

ווי אין חלום זע איך די פאַרוויינטע פנימער פון די מייניקע. די סומאַטאָכע און יאָמער אין שטוב. איך האָב נישט באַגריפן, פאַרוואָס איז מען זיך אַזוי מצער. איך בין פון דער גאַנצער געשיכטע געווען גליקלעך און צופרידן. איך וועל פאָרן אין באַן און זען נייע שטעט...

די גאַנצע טראַגעדיע פון גירוש איז פאַר מיר געווען אַ יום־טוב...

פאַרוואָס מען טרייבט אידן האָט מיין קינדערשער שכל נישט תופס געווען. מיר איז פאַרבליבן אין זכרון אַ מעשה, אַז די צאַריצע האָט דערזען אין טעאַטער־לאָזשע אַ אידישע פרוי, וואָס האָט געטראָגן שענערע בריליאַנטן פון איר, און דערפאַר האָט זי איינגערעדט דעם צאַר מען זאָל פאַרטרייבן די אידן פון מאָסקווע...

אָט דאָס זיינען מיינע ווייטע קינדער־דעראינערונגען פון מאָסקווע.

:: :: ::

מיט אַ דריי צענדליק יאָר צוריק האָב איך זיך אויף עטלעכע טעג אומגעקערט אין מיין געבורטס-שטאָט, אין דער קאַלטער, פרעמדער צאַרישער מאָסקווע, וואו איך האָב אַלס איד נישט געטאָרט קיין נאכט איבערנעכטיקן.

דאָס איז געווען נאָך לאַנגע יאָרן פון לעבן אין וואַרשע, מיין ערשטער אַרויס־פאָר אויסער דער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי" — דעם תחום המושב.

נאָך ביז היינט צו טאָג איז מיר לעבעדיק פאַרבליבן אין זכרון דער שרעקלעכער דושם פון מיין דעמאָלטיקן אָנקומען קיין מאָסקווע. איך האָב פּלוצלינג דערשפּירט דעם גאַנצן שרעק פון דער אידישער רעכטלאָזיקייט, און ווען איך בין געקומען נעכ־טיקן אויף דער „אומלעגאַלער" אידישער קוואַרטיר, וואו איך האָב געטראָפן נאָך אידן אָן „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ", האָב איך דערפילט זיך, ווי אַ געיאָגטער, געשלאָ־גענער הונט...

ערשט דעמאָלט האָב איך זיך אָפּגעגעבן חשבון וועגן דעם ביטערן טעם פון דער מענטשלעך־דערנידעריקנדער מאָראַלישער שפלות פון די צאַרישע אידן־נגישות, וועגן וועלכע מיר, מענטשן פון דער „טשערטאַ", האָבן קיינמאָל קיין אַנונג נישט געהאַט.

אין די צאַרישע טורמעס האָב איך זיך טויזנטער מאָל בעסער געפילט, ווי אויף דער אומלעגאַלער אידישער קוואַרטיר אין מאָסקווע.

איצט קום איך אין דער רויטער מאָסקווע. איך ווייס נישט, וואָס מיר דערוואַרט דאָרטן. אָבער מיין מענטשלעך־ י י ד י ש ע ווירדע, דעריין בין איך זיכער — וועט דאָרטן נישט פאַרוואונדעט ווערן, ווי דאָס איז געשען מיט דריי צענדליק יאָר צוריק, ווען איך האָב זיך געפילט, ווי אַ געיאָגטער הונט...

:: :: ::

איך האָב זיך פיל אָנגעהערט, אַז די מענטשן אין ראַטן־רוסלאַנד ציטערן, ווי פאַר פייער צו באַגעגענען זיך מיט אויסלענדער. עס איז פאַר מיר דערפאַר געווען

א גרויסע איבערראַשונג, ווען אַרויסגייענדיק פון וואַגאָן האָב איך דערזען, אַז מיך וואַרט אָפּ אַ גאַנצע מענגע מענטשן, נישט נאָר מיינע נאָענטע קרובים, נאָר אויך אַלטע באַקאַנטע און פריינט, וועלכע איך האָב אַפילו נישט דערקענט אין דעם ערשטן מאָמענט, ווען זיי האָבן זיך געוואָרפן אין מיינע אָרעמס.

די דאָזיקע באַגעגעניש איז געווען דער ערשטער אָנגענעמער סורפּריז, וואָס איך האָב געהאַט, באַטרעטנדיק די ערד פון דער אַמאָל פאַרבאָטענער פאַר מיר געבורטס־שטאָט.

א פאַרטרעטער פון „אינטוריסט" באַזאָרגט מיינע געפּעק און לאַדט מיך איין אין אַן אויסגעצייכנטן „לינקאָלן"-אויטאָמאָביל, אָפּצופירן מיך אין דעם טוריסטן־האָטעל.

מיין חבר פון די קינדער-יאָרן — איצט איינער פון די גרעסטע סאָוועטישע געלערנטע אין פּראָפעסאָר פון דער מלוכה-אַקאַדעמיע — שלאָגט פאָר, אַז ער וועט מיך באַגלייטן אין זיין „סלוזשעבנעם" אויטאָמאָביל. דער „אינטוריסט"־פאַרטרעטער האָט גאָרנישט דאַקעגן.

מיר מאַכן אַ קורצן שפּאַציר איבער דעם צענטער פון מאָסקווע. עס איז אַ ליכטיקער זוניקער טאָג. מילדער הערבסט. היינט איז דער סאָוועטישער „זונטיק". דער זעקסטער אויסגאַנגס־טאָג. „וויכאָדנאָי דיען".

ווי באַוואוסט, זיינען אין ראַטן־רוסלאַנד אָפּגעשאַפט געוואָרן די זונטיקס. די אַרבעטס־וואָך באַשטייט פון פינף טעג, יעדער זעקסטער טאָג איז אַן אָפּרו־טאָג.

אין די גאַסן איז אַ גרויסע באַוועגונג. מען זעט אַ יום־טובדיקן שפּאַצירנדיקן עולם.

נו, און היינט איז אַ דאָפּלטער יום-טוב. מיין באַגלייטער דערקלערט מיר, אַז היינט — דאָס איז געווען דעם 6-טער אָקטובער — איז אַריין אין קראַפט דער דעקרעט וועגן אָפּשאַפן די ספּעציעלע קאַרטן אויף אַלע שפּייז און געברויך־אַרטיקלען.

די מאָסקווער באַפעלקערונג האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. דורכפאָרנדיק די טווערסקאַיאַ, איצט גאָרקי־גאַס — די אַמאָליקע מאָסקווער „פלאָרידאַ" — זעט מען אַן אויסערגעוויינלעכע באַוועגונג אין די אומצאָליקע געשעפטן. עס וואַרפט זיך אין די אויגן די באַזונדערס גרויסע צאָל שפּייז און דעליקאַטעסן־געשעפטן, אין די שויפענצטער זעט מען מכל טוב.

מיר פאָרן דורך אייניקע אוניווערסאַל־מאַגאַזינען. צוליב דער גרויסער טראַפיק אויף דער טווערסקאַיאַ באַוועגט זיך אונדזער אויטאָמאָביל זייער לאַנגזאַם. איך האָב די מעגלעכקייט גאַנץ גענוי באַטראַכטן די אויסשטעלונג־פענצטער. זיי זיינען אַוודאי נישט אַזוי עלעגאַנט, ווי „גאַט אי טשאַוועס", אָדער „האַראָדס", זיי זיינען אָבער אַראַנזשירט מיט געשמאַק און דאָס ווי־כטיקסטע — איך זע אין די פענצטער אַלדאָס גוטס. פיינע שטאָפן פאַר פרויען־קליידער, אַפילו זייד, גאַנץ עלעגאַנטע

טואַלעטן, נישט ווייניק פּערפומעריע־געשעפטן, און אַ גאַר גרויסע צאָל ביכער־קראָמען.

איך האָב זיך געריכט צו טרעפן אין מאָסקווע, אויב נישט נויט און דחקות, דאָך אַ פּאַראָרימטע שטאָט, מיט געציילטע קאָאָפּעראַטיווע מלוכה־געשעפטן.

מיין ערשטער שפּאַציר דורך דעם צענטער פון שטאָט איז דערפאַר פאַר מיר געווען אַן אַנגענעמע אַנטוישונג. די הונדערטער געשעפטן, די שויפענצטער, אָנגעפּיקעוועטע מיט אַלערליי אַרטיקלען און סחורות, האָבן אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון שפע, און קיינעם, וועלכער באַטראַכט מאָסקווע אויסערלעך, קען נישט איינפאַלן צו דענקען, אַז דאָס איז אַ שטאָט פון נויט און דחקות. ווען נישט די באַשיידענע קליידונג פון די דורכגייער — מען זעט אויך אַ היבשע צאָל גוט געקליידעטע מענטשן — וואָלט מען מאָסקווע שווער געקענט אונטערשיידן פון אַנדערע אייראָפּעאישע שטעט.

שפּעטער, אַז איך האָב צופוס שפּאַצירט איבער די גאַסן פון מאָסקווע, און גענויער שטודירט די פּרייזן פון די אַלע שיינע און גוטע זאַכן, וואָס זיינען אויסגעשטעלט אין די פענצטער פון די הונדערטער און הונדערטער געשעפטן, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז זיי קענען נישט זיין צוגענגלעך פאַר דעם גרעסטן טייל פון דער באַפעלקערונג און אוודאי נישט פאַר די אַרבעטער.

מען דאַרף זיך אָבער משער זיין, אַז אין דער סאָוועטישער הויפּטשטאָט דאַרפן שוין זיין הונדערטער טויזנטער מענטשן, וואָס קענען זיך שוין דערלויבן דעם לוקסוס צו געניסן פון דער שפע, וואָס מען זעט אין די געשעפטן. אַנדערש וואָלט אוממעגלעך געווען צו דערקלערן דעם פאַקט, וואָס אַט די אַלע געשעפטן זיינען געפּאַקט מיט קונים אין אַלע שעהן פון טאָג ביז שפּעט אין אָוונט.

אָבער צו דער פראַגע פון לעבנס־שטאַנדאַרט אין סאָוועט־רוסלאַנד וועל איך זיך נאָך אומקערן.

:: :: ::

נאָך דעם קורצן שפּאַציר איבער די הויפּט־גאַסן פון שטאָט, בין איך אַוועקגעפאָרן אין דעם „נאָוואָמאָסקאָווסקי״ האָטעל — מיין טוריסטן־היים אין מאָסקווע.

אַלס טוריסט פון דער דריטער קאַטעגאָריע האָב איך דערוואַרט, אַז מיין וואוינפּלאַץ וועט זיין גאָר אַ באַשיידענער האָטעל, ווי עס קומט אַ פּאַסאַזשיר פון דריטן קלאַס.

ווען איך בין אָבער אַריינגעקומען אין דעם פּאָיע פון דער „נאָוואָ־מאָסקאָווסקאיאַ״, האָט מיך אויך דאָ דערוואַרט אַן אַנגענעמע אַנטוישונג. איך האָב געגלויבט, אַז איך האָב על פּי טעות פאַרבלאָנדזשעט אין אַ ניו־יאָרקער „וואַלדאָרף־אַסטאָריאַ״, אָדער אין בוענאָס־איירעסער „פּלאַסאַ״־האָטעל.

פּראַכטפולע אָריענטאַלישע טעפּיכער, בראָנזענע קאַנדעליאַברען, פּאַלמען־ביי־

מער אין וואַזאָנען, מיט איין וואָרט, דער גאַנצער קלאַפּערגעצייג פון אייראָפּעאיש־אַמעריקאַנישן האָטעל־לוקסוס, וואָס איז צוגעגנגלעך נאָר דעם פאַרמעגלעכן רייזנדן.

נו, האָב איך זיך געטראַכט, אויב מען באַהאַנדלט אַזוי אַ דריט־קלאַסיקן טור־יסט אין סאָוועט־רוסלאַנד, איז דאָ ווירקלעך אַ טוריסטן־גן־עדן...

און מיין פאַרוואונדערונג איז נאָך מער געשטיגן, ווען איך בין אַריינגעקומען אין דעם פּראַכטפולן עס־סאַלאָן פון דער „נאָוואַ־מאָסקאָווסקאַיאַ", וואָס איז אָרנאַ־מענטירט מיט קאָלאָנעס פון ראָז־בלייכן און ווייסן מאַרמאָר און וואו מען סערווירט אייך דעם מאָלצייט אונטער דער באַגלייטונג פון אַן ערשט־קלאַסיקן סטרונע־אָר־קעסטער.

און דערצו קומט נאָך דער פּראַכטפולער אויסבליק אויף דער מאָסקווע־טייך און דעם קרעמל, — דעם אייגנאַרטיקן אַרכיטעקטאָנישן פּערל וואָס די סאָוועטישע הויפּטשטאָט פאַרמאָגט.

נו, איך קען זיך ווירקלעך נישט זשאַלעווען אויף מיינע ערשטע איינדרוקן פון מאָסקווע.

ווי גוט וואָלט געווען — האָב איך זיך געטראַכט, ווען מאָסקווע פון אינעווייניק זאָל אויף מיר נישט מאַכן קיין ערגערן רושם, ווי איר אויסנווייניקסטער אָנזען...

## ווי לעבט דער סאָוועטישער אַרבעטער

די פראַגע, ווי עס לעבט זיך דעם אַרבעטער אין סאָוועט־רוסלאַנד איז די פונ־דאַמענטאַלסטע פון אַלע פראַגן, ווייל פון איר דאַרף אייגנטלעך אָפּהענגיק זיין דער ענדגילטיקער אורטייל וועגן דעם ראַטן־רעזשים.

די אָקטאָבער־איבערקערעניש האָט פאַרוואַנדלט די אַרבעטער־שאַפט פּאָליטיש און פּסיכאָלאָגיש אין אַ פּריווילעגירטן קלאַס — די מלוכה־פירערשאַפט געפינט זיך אין די הענט פון די אַרבעטער און דער אינטעליגענץ, וואָס רעפּרעזענטירט, אָדער גלויבט צו רעפּרעזענטירן די אַרבעטער און די פויערישע אינטערעסן.

ווי האָט זיך אָבער קאָנקרעט און רעאַל, אין פּראַקטישן טאָג־טעגלעכן לעבן, אין די קאָנקרעטע לעבנס־באַדינגונגען אָפּגערופן די פּאָליטישע עליה, די דערהוי־בונג פון דעם סאָוועטישן אַרבעטער־קלאַס?

איז די ווירטשאַפטלעכע לאַגע, דער קאָנקרעטער לעבנס־שטאַנדאַרט פון די פּאָליטיש־זיגרייכע רוסישע אַרבעטער בעסער און העכער, ווי אין די **אַנדערע לענ־דער**, וואו דער אַרבעטער־קלאַס האָט נאָך נישט די פּאָליטישע מאַכט?

פאַרשטייט זיך, אַז עס וואָלט געווען אומגערעכט און טעותדיק צו פאַרגלייכן דעם סאָוועטישן אַרבעטער־שטאַנדאַרט מיט דעם אַמעריקאַנישן אָדער אַפילו מיט די אינדוסטריעל־פאָרגעשריטענע אייראָפּעאישע לענדער פון פאַר דער קריזיס־צייט.

ביי אזא פארגלייך וואָלט זיך באקומען אן אומריכטיק בילד, וואָס וואָלט נישט געגעבן די מעגלעכקייט אָפּשאצן דעם ווערט פון די סאָוועטישע ווירטשאפטלעכע דערגרייכונגען.

די ריכטיקערע פארגלייכונגס־מאָס קאָן נאָר זיין, ווען מען שטעלט אנטקעגן־איבער די לעבנס־באדינגונגען פון דעם רוסישן ארבעטער פאר און נאָך דער רעוואָ־לוציע, אָבער אויך אזא פארגלייך איז נאָר מעגלעך אויף א זייער באגרענעצטן שטח, ווייל די צארישע רוסלאנד איז דאָך געווען א אינדוסטריעלער קאַליק לגבי דעם ריזיקן אינדוסטריעלן אויפשוואונג פון ראטנפארבאנד.

אויף וואָס פאר א סמך קען א טוריסט, א זייטיקער באאָבאכטער אורטיילן וועגן דעם לעבנס־ניוואָ פון דעם סאָוועטישן ארבעטער?

ביי די באזוכן אין פארשידענע פאבריקן האָט דער טוריסט ווייניק געלעגנהייט צו שטעלן זיך אין דירעקטן קאָנטאקט מיט די ארבעטער און פארפירן מיט זיי שמועסן, און ווען דאָס זאָל אפילו אין דעם, אָדער יענעם פאל געלינגען, איז נישט צו דערוואַרטן, אז דער ארבעטער זאָל זיך ארייננלאָזן אין אן אָפנהארציקן געשפּרעך מיט א זייטיקן, פרעמדן מענטשן.

עס בלייבט אַלזאָ איבער צו אורטיילן וועגן די לעבענס־באדינגונגען פון דעם סאָוועטישן ארבעטער נאָר אויפן סמך פון אויסערלעכע איינדרוקן און באָאָבאכ־טונגען און הויפּטזעכלעך אויפן גרונד פון דעם פארדינסט פון דעם ארבעטער און די דורכשניטלעכע לעבנס־קאָסטן. די לעצטע מאָס איז די זיכערסטע און אומ־צווייפלהאפטסטע.

דער ערשטער און וויכטיקסטער איינדרוק, וואָס מען טראָגט ארויס פון דעם באזוך פון די סאָוועטישע זאוואָדן און פאבריקן איז, אז דאָרטן הערשט די פולסטע און שטרענגסטע דיסציפּלין.

און דאָס איז גאָרנישט פון די קליינע דערגרייכונגען פון דעם לעצטן פעריאָד פון דער סאָוועטישער אינדוסטריאליזאציע.

ווי באוואוסט, איז די פּראָבלעם פון דיסציפּלין געווען גאָרנישט קיין לייכטע אויף די סאָוועטישע פאבריקן.

אין דעם ערשטן נאָך־רעוואָלוציע־פעריאָד האָט דער רוסישער ארבעטער בא־טראַכט זיך אלס דער איינציקער באלעבאָס פון דער פאבריק, וואָס דארף זיך קיי־נעם נישט אונטערוואַרפן. א גרויסער טייל פון דער ארבעטס־צייט איז פארוועגדט געוואָרן אויף דיסקוסיעס און אסיפות און עס איז נישט אָנערקענט געוואָרן קיין שום יעראַרכיע, דערפון האָט שטארק געליטן די פּראָדוקטיוויטעט פון די סאָוועטי־שע פאבריקן.

איצט, ווי עס שיינט, איז אָט דער פאקטאָר פולשטענדיק באזייטיקט געוואָרן.

דער נייער מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין די מיליאָנען אין דער סאָוועטישער אינדוסטריע פון דער אומדיסציפּלינירטער פּויערים־מאַסע, האָט זיך שוין קענטיק איבערגעקאָכט אין דעם קעסל פון דער אינדוסטריאַליזאַציע.

דער סאָוועטישער אַרבעטער האָט שוין באַגריפן, ריכטיקער מען האָט אים דורך שטרענגע דיסציפּלינאַרע מיטלען געמאַכט באַגרייפן, אַז נישט קוקנדיק דער־רויף, וואָס ער איז פּאָליטיש דער באַלעבאָס פון לאַנד, מוז ער אין דער פאַבריק, אין דער אַרבעטס־צייט, זיין אַ געהאָרכזאַמער, דיסציפּלינירטער סאָלדאַט, וואָס דאַרף אויספאָלגן די פאַראָרדנונגען פון זיינע עלטסטע.

יאָ, אַפילו אין די ראַמען פון דער שטרענגער דיסציפּלין, וואָס עס הערשט אין די סאָוועטישע פאַבריקן, זיינען די אַרבעטער נישט קיין בלינדע שרייפלעך אין אַ מאַשין, און באַטייליקן זיך צוזאַמען מיט די אָנפירנדיקע שיכטן אין דער אויסאַר־בעטונג פון די פּראָדוקציע־פּלענער.

איך האָב אין די מיטאָג־פּויזעס באַמערקט אַ גאַנצע רייע צעך-און בריגאַדע־פאַרזאַמלונגען אין די פאַבריקן, וואָס איך האָב באַזוכט, אויף וועלכע עס זיינען שטודירט און דיסקוטירט געוואָרן די פּראָדוקציע־פּלענער פון די באַטרעפנדיקע זאַ־וואָדן.

אין אַלגעמיין אָבער איז דער אַרבעטער פון די סאָוועטישע פאַבריקן אונטער־וואָרפן דער זעלבער שטרענגער דיסציפּלין, וואָס עס הערשט אין די קאַפּיטאַליס-טישע פאַבריקן.

:: :: :: ::

אַ מער אָדער וויניקער קלאָרן באַגריף וועגן דעם לעבנס־שטאַנדאַרט פון די סאָוועטישע אַרבעטער קען מען זיך שאַפן, באַזוכנדיק די פאַבריק־קיכן.

מיר איז אויסגעקומען צו זיין מיטאָג־צייט אויף אַ גאַנצער ריי סאָוועטישע פאַבריקן.

ווען עס קלינגט דער מיטאָג-גלאָק באַמערקט איר, אַז נישט אַלע אַרבעטער לאָזן זיך גיין אין די פאַבריק-קיכן, און די וואָס גייען צעטיילן זיך אין פאַרשידענע קאַטעגאָריעס: איין טייל גייט אין רעסטאָראַן אויפן ערשטן שטאָק, אַ צווייטע טייל אויפן צווייטן שטאָק און פאַר אַ קלענערער גרופּע איז פאַראַן אַ דריטער עס־צימער.

איך האָב זיך גענומען אויפמערקזאַם צוקוקן צו דער דאָזיקער פאַרטיילונג, וואָס איז מיר אויפן ערשטן בליק געווען אומפאַרשטענדלעך.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער רעסטאָראַן פון ערשטן שטאָק איז באַ־שטימט פאַר „עמך“, פאַר די פּשוטע אַרבעטער, די נישט־„אודאַרניקעס“ (שלאָג-לער), פאַר בערך צוויי רובל קען מען דאָ באַקומען אַ באַשיידענעם מיטאָג פון דריי שפּייזן.

אויפן צווייטן שטאָק איז דאָס עס־צימער פאַר די שלאָגלער. דאָ איז אַ סך גע־מיטלעכער, עס ווערט אויך בעסער סערווירט, אָבער דאָס וויכטיקסטע: דאָ מאַכן

אויס די פרייזן מיט בערך ד ר יי ס י ק פראָצענט ביליקער, ווי אין דעם עס־צימער פאַר „עמך".

דער דריטער עס־זאַל — דאָ איז שוין פאַראַן אַ געוויסע עלעגאַנץ אין דער סער־ווירונג — איז באַשטימט פאַר דעם העכערן טעכנישן פערסאָנאַל, פאַר די אינ־זשעניערן און עלטסטע מיטגלידער פון דער פאַבריק־אַדמיניסטראַציע — דער אויס־וואַל פון שפּייז איז דאָ אַ רייכערער און די פּרייזן זיינען ביליקער.

איך האָב געוואוסט נאָך פריער וועגן אָט דער דיפערענציאַציע וואָס ווערט געמאַכט צווישן די פאַרשידענע אַרבעטער־גרופּן און באַזונדערס צווישן די שלאָג־לערס און די פּשוטע אַרבעטער.

איך מוז אָבער זאָגן, אַז די דאָזיקע „קלאַסן"־צעטיילונג צווישן די אַרבעטער פון איין און דער זעלבער פאַבריק מאַכט נישט קיין באַזונדערס אָנגענעמען איינ־דרוק, ווען מען זעט זי מיט די אייגענע אויגן, כאָטש מען קען אָנערקענען, אַז די דאָזיקע סיסטעם איז דערווייל אַן אומפאַרמיידלעכע נויטווענדיקייט, גענוי ווי די שכירות לויט שטיק־אַרבעט.

איך האָב געפּרואווט שמועסן וועגן דעם ענין מיט אייניקע צעך־פירער, וואָס האָבן זיך געלאָזט רעדן.

— איך פאַרשטיי, — זאָגט מיר איינער פון זיי, — אַז די דאָזיקע גרופּן־פאַרטיילונג אין אונדזערע פאַבריק־קיכן מוז פּסיכאָלאָגיש מאַכן אַן אומגינסטיקן רושם אויף דעם זייטיקן צושויער, אָבער וואָס זאָלן מיר טון. די רעוואָלוציע האָט געקענט אין אַ בערך קורצער צייט און טראָץ די שווערסטע באַדינגונגען, ענדערן פונדאַמענטאַל די סאָציאַלע יסודות פון אונדזער לעבן, אָבער, ווי זאָגט אונדזער דיכ־טער מאַקסים גאָרקי, דאָס שווערסטע איז צו ענדערן דעם מענטשן, די מענטש־לעכע נאַטור. דאָס איז אַ לאַנגזאַמער פּראָצעס און אין איין צענדליק יאָר (די עפּאָ־כע פון בירגער־קריג קען מען דאָך נישט נעמען אין חשבון) קען מען נישט איבער־שאַפן דעם מענטשן און פאַרוואַנדלען אים אין אַ סאָציאַלן וועזן, וואָס וויל שטענ־דיק נאָכטראַכטן וועגן די אינטערעסן פון כלל, פון דעם שטאַט.

פאַר יעדן אַרבעטער איז דאָ די פולע געלעגנהייט צו ווערן אַ שלאָגלער און ־ערמיט דערגרייכן די בעסערע און לייכטערע לעבנס־באַדינגונגען.

מוז מען דערווייל, ביז עס וועט נישט אויסוואַקסן אַ דור פון סאָציאַליסטיש־באַוואוסטזיניקע מענטשן, אָנקומען צו דעם סטימול פון פערזענלעכער פאַראינטער־רעסירונג. אָבער אויך אין דער צוקונפט שטעלן מיר זיך נישט פאָר, אַז עס זאָל זיין אַ הונדערט־פּראָצענטיקע גלייכהייט צווישן די מענטשן. עס וועט שטענדיק זיין די דיפערענץ פון דער קולטור־מדרגה און די קולטור־באַדערפענישן אין דער קומענדיקער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

דערווייל גייען מיר אָבער בכלל ערשט אויפן וועג צום סאָציאַליזם, מיר באַ־

הויפּטן אָבער נישט, אַז מיר האָבן שוין דעם סאָציאַליזם דערגרייכט.

מיר האָבן אָפּגעשאַפט פּריוואַט־אייגנטום אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען. די אינדוסטריע און דער האַנדל געהערן דעם שטאַט, עס איז נישטאָ קיין פּריוואַט־עקספּלאָטאַציע, אָבער אין דעם פּראָצעס פון בויען די אינדוסטריעלע יסודות פון דער נייער געזעלשאַפט מוז נאָך עקזיסטירן די עקאָנאָמישע אומגלייכהייט, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון דעם אונטערשיד אין דער אַרבעטס-פעאיקייט און אַרבעטס־איבערגעגעבנקייט, פון די איינצלנע מיטגלידער פון דער זיך־שאַפנדיקער אַרבעטס-געזעלשאַפט.

אַט דאָס זיינען אומגעפער די מאָטיוון, וואָס זיינען מיר עקספּאָנירט געוואָרן אַלס באַרעכטיקונג פאַר דער גרופּן־פאַרטיילונג, וואָס עס עקזיסטירט אויף די סאָ-וועטישע פאַבריקן, ווי בכלל אינעם סאָוועטישן לעבן.

מען קען אוודאי לאָגיש און טעאָרעטיש גאָרנישט אויסזעצן קעגן דער אויבנגע־בראַכטער אַרגומענטאַציע, אָבער דערפון ווערט נישט לייכטער דאָס לעבן פון די נישט־פּריווילעגירטע סאָוועטישע אַרבעטער.

דער דורכשניט־פאַרדינסט פון דעם סאָוועטישן אַרבעטער ווערט געשאַצט אין הונדערט עטלעכע און אַכציק רובל אַ חודש. עס זיינען דאָ פאַבן, וואו די אַרבעטער ווערן נאָך ווייניקער באַצאָלט, און די שכירות, למשל, אין דער מעטאַל-אינדוסטריע זיינען אין געוויסע פאַלן דאָפּלט אַזוי גרויס.

אָבער, ווען אַ באַשיידענער מיטאָג אין דער פאַבריק־קיך קאָסט צוויי רובל, ווען דער באַשיידנסטער אַנצוג באַטרעפט דעם ווערט פון דריי חדשים שכירות, ווען אַ פּאָר שיך באַטרעפן כמעט אַ חודש געהאַלט — טאָ ווי קען דער דורכשניט פון די סאָוועטישע אַרבעטער באַפרידיקן זיינע עלעמענטאַרסטע באַדערפעניש?

די פראַגע האָב איך אַלעמען געשטעלט און פון אַלעמען האָב איך באַקומען איין און דעם זעלבן ענטפער:

ביי אונדז איז זעלטן דער פאַל, אַז עס זאָל אַרבעטן איין מיטגליד אין דער משפחה. על פּי רוב אַרבעטן דער מאַן, די פרוי און די קינדער, און אַלע צוזאַמען קענען שוין באַפרידיקן די נויטווענדיקסטע באַדערפענישן פון דער פאַמיליע.

איך האָב דעם איינדרוק, אַז אַדאַנק אַט דער געמיינזאַמער אַרבעט פון אַלע מיטגלידער פון אַן אַרבעטער־משפחה איז אין אַ געוויסער, דערוויל נאָך באַשיי-דענער מאָס, געלייזט געוואָרן די באַשפּייזונג־פראַגע. פיל שווערער איז דער ענין פון באַקליידונג, כאָטש ביז איצט, כל-זמן עס האָט נאָך עקזיסטירט די קאַרטן־סיס־טעם, האָבן אַרבעטער און אַ געוויסער טייל פון מלוכה־אָנגעשטעלטע געקענט באַ-קומען „אָרדענס“ אויף קליידער נישט לויט די מאַרק־פּרייזן.

ווי וועט עס זיין איצט, ווען עס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן די קאַרטן-פּריווי־לעגיעס — נעם איך זיך נישט אונטער צו זאָגן.

ווי שטייט עס מיט דער וואוינונגס־פראגע פון די ארבעטער?

אין דעם פּרט דאַרף מען פעסטשטעלן, אַז די דירה-הוצאות פאַרנעמען דעם קלענסטן טייל פון דעם ארבעטער־בודזשעט.

צי די וואוינונגען זיינען גוט אָדער שלעכט — דאָס איז אַן אנדער פראגע, אָבער דאָס דירה-געלט האָט ביז איצט באַטראָפן בלויז פון פ י נ ף ביז זיבן פּראָצענט פונעם פאַרדינסט.

וואָס איז שייך די וואוינונגס־באַדינגונגען פון די ארבעטער, איז מיר אויסגעקומען אין מאָסקווע צו זען שמוציקע לעבער, וואו עס וואוינען ארבעטער, אָבער איך האָב אויך געזען גאנצע בלאָקן פון נייע מאָדערנע ארבעטער־הייזער, מיט גרעסערע און קלענערע באַקוועמלעכקייטן. אין לענינגראַד האָט די קאָנסטרוקציע פון נייע ארבעטער-קוואַרטאַלן געמאַכט גאָר גרויסע פאָרשריט.

איך וועל זיך נאָך אומקערן צו דער וואוינונגס־פראגע בכלל און וועל אָנווייזן די סיבות פון דעם דירות־דוחק אין ראַטנפאַרבאַנד.

:: :: ::

עס וואָלט זיך געווים באַקומען אַ פאַלש בילד פון דעם ארבעטער-לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד, אויב מען זאָל נעמען אין אַכט נאָר די אויבנגעשילדערטע פאַקטן וועגן די שוועריקייטן פון באַשפּייזונג, באַקליידונג און דעם וואוינונג־דוחק.

דאָס ארבעטער־לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד האָט אויך אַ סך ליכטיקע זייטן, וואָס זיינען נישטאָ אין אַנדערע לענדער.

פריער פון אַלץ זיינען פאַר דעם סאָוועטישן ארבעטער אָפן טיר און טויער צו שטייגן אויף דער העכסטער שטופע פון סאָציאַלן לייטער, אַלע בילדונגס־קוואַלן זיינען דערגרייכבאַר פאַרן ארבעטער און טויזנטער, צענדליקער טויזנטער האָבן זיך דערשלאָגן צו די העכסטע וויסנשאַפטלעכע, ווי אויך געזעלשאַפטלעך־אדמיניסטראַטיווע קאַריערעס.

אויב דער ראַטן־רעזשים האָט נאָך נישט דערווייל די מעגלעכקייט אָנצובאָטן די ארבעטער ווירטשאַפטלעכע וואוילטאָגן, איז אָבער אומגעהויער פיל אויפגעטון געוואָרן אין סאָוועט־רוסלאַנד אויפן געביט פון דער קולטור־דערהויבונג פון דער ארבעטערשאַפט.

געווים נישט פאַר אַלעמען, אָבער פאַר געוויסע טיילן פון דער סאָוועטישער ארבעטערשאַפט, באַזונדערס פאַר אודאַרניקעס — און זיי ציילן זיך אין די הונדערטער טויזנטער, איז צוגענגלעך דער בעסטער טעאַטער, די בעסטע מוזיק, אַלע דערגרייכונגען פון דער קונסט, ליטעראַטור און וויסנשאַפט און די אָפּרו־פּלעצער אין די געוועזענע קייזערלעכע פּאַלאַצן פון קרים און די קוראָרטן פון קאַווקאַז.

און איין כאַראַקטעריסטישן שטריך האָב איך באַמערקט ביי אַלע מענטשן,

מיט וועמען איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו באַגעגענען זיך אין מאָסקווע, לע־נינגראַד און מינסק:

אַלע זיינען פול מיט האָפנונג און דערוואַרטונגען אויף מאָרגן.

היינט איז נאָך דאָס לעבן האַרט און שווער, אָבער היינט איז עס שוין בעסער ווי געכטן, ווי מיט חדשים צוריק און מאָרגן וועט ווערן לייכטער און ליכטיקער.

מען דאַרף דערפאַר נישט אורטיילן די סאָוועטישע ווירקלעכקייט און די אַר־בעטער־ווירקלעכקייט בפרט, לויט איר סטאַטיק, לויט איר איצטיקן אויסזען, נאָר לויט אירע טענדענצן און אַנטוויקלונגס-מעגלעכקייטן.

און אין דעם פּרט איז בלי ספק צו באַמערקן אַן אָפּטימיסטישע נאָטע ביי אַלע סאָוועטישע מענטשן.

צי וועלן אָט די אָפּטימיסטישע דערוואַרטונגען נישט אָפּגענאַרט ווערן — דע־רויף קען נאָר געבן אַן ענטפער דער נאָענטסטער מאָרגן...

---

## אויף די מאָסקווער זאַוואָדן

די וועלט פון טעכניק איז פאַר מיר אַ פרעמדע וועלט. איך פאַרשטיי אין איר גאָרנישט און דערפאַר אינטערעסירט זי מיך נישט. איך שטיי, ווי אַ בלינדער פאַר די גרעסטע און קאָמפּליצירטסטע מאַשינען, איך באַוואונדער נאָר דעם כוח פון דעם מענטשלעכן געדאַנק, וואָס האָט זיי געשאַפן און העלפט דערמיט לייכטער, באַקווע־מער און שענער מאַכן אונדזער לעבן.

איך בין אַלזאָ געווען אין אַ געוויסער פאַרלעגנהייט, ווען מיר איז אויסגעקו־מען צו באַזוכן די סאָוועטישע פאַבריקן און זאַוואָדן און מאַכן דעם אויסוואַל, וועל־כע פון זיי איך זאָל באַזוכן.

דאָך, אַז מען האָט מיר דערלאַנגט דעם לאַנגן פּראָגראַם־צעטל פון די פאַבריק־באַזוכן, האָב איך באַשלאָסן אויסוויילן די יעניקע אינדוסטריעס, וואָס דאָס אַלטע רוסלאַנד האָט זיי כמעט אָדער גאָרנישט פאַרמאָגט.

לויט מיין וויסן איז די עלעקטראָטעכניק געווען דער אָפּגעשטאַנענסטער צווייג פון דער קליינער אינדוסטריע, וואָס דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט געהאַט. עלעקטרי־שע לעמפּלעך, למשל, האָט רוסלאַנד אַמאָל גאָרנישט פּראָדוצירט, בעת איצט הויבט אָן די רוסישע עלעקטריציטעט-פּראָדוקציע דעראָבערן דעם וועלט־מאַרק, אויב נישט צוליב איר קוואַליטעט, איז צוליב דער ביליקייט.

איך בין דערפאַר צום אַלעם ערשטן געפאָרן זען דעם מאָסקווער עלעק-טראָ-זאַוואָד.

דער איינטריט אין די סאָוועטישע פאַבריקן, אַגב, ווי אין די פאַבריקן פון גאַר דער וועלט, ווערט שטאַרק קאָנטראָלירט. אין אייניקע זאַוואָדן שטייען אויף דער וואַך אפילו רויטאַרמייער.

ווען די „אינטוריסט"־פּריילין, וואָס באַגלייט אונדז, דערלאַנגט ביים אַריינגאַנג איינעם טויער דעם צעטל מיט דער באַזוך־דערלויבעניש פאַר אונדזער טוריסטן־גרופּע, געדויערט עטלעכע מינוט ביז מען לאָזט אונדז אַריין אין דער פאַבריק־געביידע. קענטיק, אַז דער צעטל ווערט גוט רעווידירט פון דער פאַבריק־אַדמיניסטראַציע. אונדזער באַגלייטערין דערקלערט אונדז, אַז דער קאָנטראָל איז אַבסאָלוט נויטיק, כדי פאַרמיידן די געפאַר פון אַ מעגלעכן סאַבאָטאַזש מצד אומגעוואונטשענע באַזוכער.

דער עלעקטראָ-זאַוואָד, אין וועלכן איך געפין זיך, איז אַ טייל פון אַ „קאָמבינאַט" פון זיבן פאַבריקן, וואָס אַרבעטן אויס עלעקטרישע לעמפּלעך, טראַנספאָרמאַטאָרס, עלעקטראָ־מאַשינען און גלאָז פאַר די לעמפּלעך. אין גאַנצן „קאָמבינאַט" זיינען באַשעפטיקט איין און צוואַנציק טויזנט אַרבעטער, אין דעם עלעקטראָ־זאַוואָד אַרבעטן 3.500 אַרבעטער.

דער צעך־פירער, אַ סימפּאַטישער און צוגעלאָזענער יונגער אַרבעטער, באַגלייט אונדז אין דעם „אָפּרו-ווינקל" און אָוועקזעצנדיק זיך ביי איינעם פון די ביבליאָטעק-טישן האָלט ער אונדז אַ גאַנצע לעקציע וועגן דער סאָוועטישער עלעקטראָ־אינדוסטריע און וועגן אירע גוואַלדיקע דערגרייכונגען. דער פינף־יאָר־פּלאַן פון דעם עלעקטראָ־קאָמבינאַט איז אויסגעפירט געוואָרן אין צוויי און אַ האַלב יאָר: עס קומען אַ ים ציפערן און סטאַטיסטישע דיאַגראַמען וועגן דעם בסדרדיקן וואוקס פון דער פּראָדוקציע, איר טעכנישע פאַרפולקאָמונג און פרייז־פאַרביליקונג.

דער זאַוואָד, אין וועלכן איך געפין זיך, איז אַ יחוסדיקער, ער האָט געוואונען דעם לענין־אָרדען דערפאַר, וואָס ער האָט פאַר דער צייט אויסגעפירט דעם פינף־יאָר־פּלאַן.

אויף די ווענט פון דער פאַבריק הענגען פאַרשידענע פּלאַקאַטן פון טעכנישן און פּאָליטישן אינהאַלט.

— „לאַמפּאַ איליאיטשאַ" (לענינס לעמפּל) — אַזוי רופן די רוסישע פּויערים דאָס עלעקטרישע ליכט — וועט ברענגען ליכט און קולטור אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון לאַנד."

— „מיר מוזן רעדוצירן ביז זעראָ (נול) דעם בראַק."

מיין באַזוך אין די סאָוועטישע פאַבריקן איז צונויפגעפאַלן מיט דער מיליטע-

רישער פריזיוו־צייט, און אין „עלעקטראָ־זאַוואָד“, ווי אין אַנדערע פאַבריקן האָב איך געטראָפן פיל פּלאַקאַטן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער רויטער אַרמיי.

— די רויטע אַרמיי איז דער זיכערער פעלדז פאַרן וועלט־פרידן.

— מיר באַגריסן די פאַרטיידיקער פון סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד.

— מיר וועלן נישט אָפּטרעטן קיין שפּאַן ערד פון אונדזער סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד.

אַזעלכע און ענלעכע סאָוועטיש־פּאַטריאָטישע פּלאַקאַטן זעט מען אין אַלע פאַבריקן.

נאָכדעם, ווי אונדזער באַגלייטער האָט פאַרענדיקט זיין זאַכלעכע לעקציע וועגן דער סאָוועטישער עלעקטראָ־אינדוסטריע, לאָזן מיר זיך שפּאַצירן אין די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון זאַוואָד.

עס וואַרפט זיך אין די אויגן די גרויסע צאָל אַרבעטער־פרויען. מ׳גן באַקומט דעם איינדרוק פון שטרענגער אַרבעטס־דיסציפּלין אויפן זאַוואָד. די פּנימער זיינען ביי אַלעמען ערנסטע, יעדער איז פאַרטון אין זיין ווערקשטאַט און קוקט זיך אפילו נישט אום אויף די באַזוכער.

איך טייל זיך אָפּ פון דער טוריסטן־גרופּע און בעת דאָס „אינטוריסט“־פריילין גיט איבער אין ענגליש דעם אינהאַלט פון די דערקלערונגען פונעם צעך־פירער, שמועס איך זיך דורך מיט אים.

איך דערצייל אים, אַז די סאָוועטישע עלעקטרישע לעמפּלעך האָבן געהאַט אַ גאַנץ ברייטן אָפּזאַץ אין אַרגענטינע און די שכנהשע לענדער, זיי האָבן זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַלס נישט רעזיסטענט און פון נישט הויכער קוואַליטעט.

דער צעך־פירער דערקלערט מיר, אַז דער קאַמף פאַר העכערער קוואַליטעט איז איצט דער לאָזונג פון דער סאָוועטישער אינדוסטריע. די עלעקטראָ־אינדוסטריע איז כמעט אַ נייע אין סאָוועט־רוסלאַנד. דעפעקטן זיינען געווען אומפאַרמיידלעך אין דער ערשטער צייט פון עקספּערימענטן און אָרגאַניזירן די אינדוסטריע.

איצט אָבער שטייגט די קוואַליטעט פון טאָג צו טאָג, עס וואַקסט די טעכנישע דערפאַרונג פון די אַרבעטער און זייער פאַכמענישע אויסבילדונג. די קוואַנטיטעט פון בראַק פאַלט. ער פירט מיך צו אַ שוואַרצער טאָוול, וואו עס איז אָנגעשריבן מיט קרייד דער פּראָצענט פון בראַק. דער דאָזיקער פּראָצענט האַלט כסדר אין פאַלן. ער איז שוין כמעט דערגרייכט געוואָרן אויפן עלעקטראָ־זאַוואָד נידעריקער פון איינס. די לעצטע טעג איז ער געשטיגן אויף אַ קלייניקייט. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס ביי די הונדערטע יונגע דערפאַרענע אַרבעטער זיינען אַוועק צום פריזיוו פון דער רויטער אַרמיי. מען האָט זיי פאַרביטן מיט נייע אַרבעטער און עס מוז נעמען אַ געוויסע צייט ביז זיי אַרבעטן זיך איין און געווינען די דערפאַרונג.

— מיר האָבן דאָך נישט קיין קאַדרען פון קוואַליפיצירטע אַרבעטער. — זאָגט

מיר דער צעך פירער, — אונדזערע פאבריקן זיינען דאך נישט בלויז אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, זיי זיינען גלייכצייטיק א טעכניקום און לער־אנשטאלט פאר די מיליאנען פויערים, וועלכע מיר האבן אריינגעצויגן אין דער אינדוסטריע. מיר מוזן אלזא צאלן רבי־געלט, בעת אין די קאפיטאליסטישע לענדער איז שטענדיק פאראן א רעזערוו־ארמיי פון פאך־ארבעטער און דער פריוואט־קאפיטאליסט וועט קיינמאל נישט דערלויבן, אז מען זאל זיך לערנען אויף זיין באַרד שערן...

אונדזער ארבעטער־מלוכה האלט אבער אין פראצעס פון אינדוסטריאליזאציע. מיר האבן אריינגעצויגן אין דער אינדוסטריע קנאפע פינף און צוואנציק מיליאן ארבעטער, און אונדזער פראדוקציע מוז ליידן פון די געבורטס־ווייען פון די נייע אינדוסטריעס.

דער צעך־פירער פירט מיך צו צו דעם קאסטן, וואו עס זיינען אנגעלייגט די בראק־לעמפלעך.

ער נעמט א פאר מוסטערן און באווייזט מיר, אז אין פיל פאלן איז דער עלעקטרא־זאוואד נישט שולדיק פארן בראק. דאס איז די שולד פון דעם מאטעריאל, וואס דער זאוואד באקומט פון די שוועסטער־פאבריקן פון דעם עלעקטרא־קאמבינאט.

— טוט א קוק אויף דער דיאגראמע און איר וועט זען, ווי עס פאלט כסדר און סיסטעמאטיש דער פראצענט פון בראק.

אונדזערע ארבעטער פארפולקאמען זיך כסדר אין זייערע פאך־קע:טענישן, טעא־רעטיש און פראקטיש.

ביי אונדז אויפן זאוואד זיינען פאראן זעקס און פערציק שטו־דיום קרייזלעך („קרוזשקי”). יעדער דריטער ארבעטער באזוכט וועלכע נישט איז קורסן. מען לערנט אלע געביטן פון טעכניק, נאטור־וויסנשאפט, שפראכן, ליטערא־טור. עס זיינען פאראן מוזיקאלישע און ליטעראטור־קרייזן.

מיטן וואוקס פון דער קולטור־מדרגה און טעכנישער אויסבילדונג, וועט אלץ שטייגן אונדזער פראדוקציע אין כמות און אין איכות.

פון דריי טויזנט פינף הונדערט ארבעטער פון עלעקטרא־זאוואד זיינען 2.000 שלאגלער, „אודארניקעס”.

אין משך פון פאריקן יאר האבן די ארבעטער פון זאוואד געמאכט צוויי הונ־דערט און עטלעכע און אכציק דערפינדונגען, וואס האבן פארפולקאמט די ארבעטס־מעטאדן און האבן איינגעשפארט דעם זאוואד א מיליאן רובל אין די יערלעכע פרא־דוקציע־קאסטן.

דער זאוואד האט זיין אייגענעם אפרו־הויז אין א געוועזענעם מאנאסטיר, אויף דער וואלגא — אין משך פון יאר האבן טויזנט הונדערט ארבעטער באקומען אומזיסטע רייזע־קאסטן אין אפרו־היים.

איך זע, אַז מיין באַגלייטער לאָזט זיך שמועסן און רעדט מיט מיר אָן שום אָפיציעלער אָנגעצווינגנקייט אין אַ פאַרטרויליכן טאָן. איך דערלויב זיך אים גופן צו זאָגן:

— מיר אין אויסלאַנד, וואָס פאָלגן נאָך מיט סימפּאַטיע דעם פאָרשריט אין ראַטנפאַרבאַנד קענען נישט באַגרייפן די סיסטעם פון שטיק (אַקאָרד) אַרבעט, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין די סאָוועטישע פאַבריקן. מיר, סאָציאַליסטן האָבן נאָך מיט צענדליקער יאָרן צוריק, ביי די ערשטע שריט, וואָס די פראָפעסיאָנעלע באַוועגונג האָט געמאַכט אין רוסלאַנד, באַקעמפט די שטיק-סיסטעם, דאָס צאָלן שכירות נישט פאַרן אַרבעטס-טאָג, אַלס די העכסטע פאָרם פון אַרבעטער-עקספּלאָטאַציע.

ווי קומט עס, וואָס אויף די סאָוועטישע פאַבריקן איז מען עובר אויף אָט דעם פונדאַמענטאַלן פּרינציפּ פון אַלע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס אין דער וועלט?

— יאָ, איר זענט גערעכט — ענטפערט מיר מיין מיטשמועסער — אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז טאַקע די אַקאָרד-סיסטעם די שאַרפסטע פאָרם פון עקספּלאָטאַציע און איר דאַרפט, איר מוזט זי באַקעמפן. מיר אַרבעטן אָבער פאַר זיך אַליין, פאַר אונדזער סאָציאַליסטישער מלוכה. דאָ קען נישט זיין די רייד פון עקספּלאָטאַציע. פאַקטיש אַרבעט דער אַרבעטער פאַר זיך אַליין. ווער וועט דען געניסן, אַז אונדזער אינדוסטריע וועט וואַקסן און פאַרפעסטיקן זיך, אַז נישט דער אַרבעטער? דערווייל האַלטן מיר אין בויאונגס-פּראָצעס, און מיר מוזן בויען, וואָס שנעלער און וואָס בעסער פאַר אונדזער אייגענער טובה ווען. הייגט איז אונדז שווער, עס איז שווער דעם יחיד, אָבער מאָרגן וועלן מיר אַלע געניסן פון די פרוכטן פון אונדזער אַרבעט און קרבנות.

די סיסטעם פון אַקאָרד-אַרבעט איז דערווייל אַן אומפאַרמיידלעכקייט. מען האָט דאָך נישט געקענט דערוואַרטן, אַז צענדליקער מיליאָנען פּויערים, וואָס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אינדוסטריע, וואָס האָבן שטענדיק געלעבט אין דער ספערע פון יחידישע אינטערעסן, זאָלן איבערגעאַכט דורכגעדרונגען ווערן מיט שטאַטלעכן און כלל-באַוואוסטזיין. דער יחיד איז נאָך שטענדיק געוואוינט צו טראַכטן:

— וואָס וועל איך האָבן פון מיין אַרבעט? נאָר די באַוואוסטזיניקע מינאָריטעט קען זיך דורכדרינגען מיטן סאָציאַלן כלל-געפיל. עס איז דערפאַר אומפאַרמיידלעך, אַז אינעם פּראָצעס פון בויען די נייע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט זאָל אויסגענוצט ווערן די טרייב-קראַפט פון דער פערזענלעכער יחידישער פאַראינטערעסירונג.

דער וואָס אַרבעט מער, אַרבעט בעסער, באַקומט דערפאַר זיין שכר, העכערן לוין, בעסערע לעבנס-באַדינגונגען און געוויסע פּריווילעגיעס.

דאָס איז דער נויטווענדיקער סטימול, צו וועלכן מען מוז נאָך אָנקומען, כדי וואָס שנעלער בויען דעם סאָציאַליזם. אוודאי צעשטערט עס די עקאָנאָמישע גלייכ-

קייט, אָבער דאָס איז דער אומפאַרמיידלעך נויטיקער וועג צום סאָציאַליזם, ביז דאָס סאָציאַליסטישע באַוואוסטזיין וועט רייף ווערן אין די מוחות פון אַלע אַר־בעטנדע...

אַט אַזוי ניכטער־פּאַרגונפּטיק האָט צו מיר גערעדט דער יונגער צעך־פירער, וואָס האָט אַרויסגעוויזן שטאַרקע אינטעליגענץ און, וואָס האָט מיך מער איבער־ראַשט, אַ בלי ספקדיקע זעלבסטשטענדיקייט אין דענקען אָן דעם בייגעשמאַק פון אַ באַשטימטן קאַזיאָנעם נוסח.

מיר האָבן זיך פאַרשמועסט. עס איז דערווייל געקומען די מיטאָג־פּויזע. איך האָב זיך פריינטלעך צוזעגנט מיט מיין מיטשמועסער און בין אַוועק אין דער אַר־בעטער־קיך.

---

# אין מאָסקווער פאָלקס-געריכט

ווען איך בין אַריינגעקומען אין קאַבינעט פון פּרעזידענט פון מאָסקווער פאָלקס־געריכט האָב איך דאָרטן געטראָפן אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן. איך האָב אויפן ערשטן מאָמענט נישט געוואוסט, צי איז עס אַן ענגלענדער אָדער אַן אַמעריקאַנער, וועלכער האָט דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ איבערזעצערין געמיטלעך געשמועסט מיטן פּרעזידענט פון מאָסקווער געריכט.

צוהערנדיק זיך צום געשפּרעך האָב איך באַלד אויסגעפונען, אַז דער מיטשמו־סער פון דעם סאָוועטישן ריכטער, איז זיינער אַ קאָלעגע, אַ נאָרד-אַמעריקאַנער ריכטער פון דעם שטאַט אָהייאָ.

די וואונדער־שיינע איבערזעצערין וואָס האָט ממש באַשיינט דעם קאַבינעט פון דעם ריכטער מיט אירע זעלטן־אויסדרוקספולע העל־בלויע אויגן, האָט גערעדט זייער פליסיק ענגליש, אָבער פון צייט צו צייט האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף שווע־ריקייטן איבערצוגעבן אין רוסיש אָדער אין ענגליש די גאַנץ-קאָמפּליצירטע קאָנ־ווערזאַציע פון די צוויי ריכטער. איך האָב, וואו איך האָב דאָס געקענט איר אַרויס־געהאָלפן און אַזוי אַרום האָט זיך פאַרוויקלט אַן אַלגעמיינער געשפּרעך.

איך האָב פאַרשפּאָרט צו שטעלן וועלכע נישט איז פראַגן דעם זייער סימפּאַ־טישן און העפלעכן פאָרזיצער פון דעם מאָסקווער געריכט, ווייל דער שמועס פון די צוויי ריכטער, די פראַגעס און תשובות, וואָס האָבן זיך געקרייצט אין געשפּרעך, האָבן מיר געגעבן די געלעגנהייט צו באַקומען אַ פולשטענדיק בילד פון דעם סאָ־וועטישן געריכט־וועזן.

דער פּאָרזיצער פון מאָסקווער שטאָט-געריכט האָט זיך געמיט צו געבן זיין נאָרד־אַמעריקאַנער קאָלעגע די אויסשעפּנדסטע אינפאָרמאַציע וועגן דער סאָוועטי־שער געריכט-פּראָצעדור און פּראַקטיק.

דער נייער יורידישער קאָדעקס, וואָס איז איצט גילטיק אין ראַטן-רוסלאַנד איז אָנגענומען געוואָרן אין יאָר 1922.

צוויי דריטל פון אַלע פּראָצעסן אין מאָסקווער געריכט זיינען נוגע ציווילע ענינים און בלויז איין דריטל קרימינעלע.

דער ענגלישער ריכטער דריקט אויס זיין פאַרוואונדערונג, ווי קומט עס אַזא גרויסע צאָל ציווילע פּראָצעסן, ווען אין ראַטנפאַרבאַנד עקזיסטירן דאָך נישט קיין פּריוואַטע געשעפטן.

דער פּאָרזיצער פון סאָוועטישן געריכט קלערט־אויף זיין קאָלעגע, אַז אין 1917 איז קאָנפיסקירט געוואָרן בלויז דאָס גרויסע אייגנטום; עס זיינען אָבער פאַרבליבן אַ גרויסע צאָל קליינע הויז־באַזיצער און קליינע אייגנטימער, און דער געריכט האָט צו טון מיט פינאַנציעלע סכסוכים און אייגנטום־שטרייטן.

די ריכטער ווערן דערוויילט אויף איין יאָר פון דעם מאָסקווער סאָוועט; די קאַנדידאַטן ווערן פאָרגעשלאָגן פון מאָסקווער געריכט.

ביז 1922 זיינען אין ראַטנפאַרבאַנד נישט געווען קיין ריכטער מיט יורידישער בילדונג און צוגרייטונג. די ריכטער זיינען געווען פאָלקס-מענטשן פון ארבעטער און פּויערים-שטאַנד. ערשט אין 1922 איז איינגעפירט געוואָרן דער אָבליגאַטאָרישער דריי־יאָריקער יורידישער קורס פאַר די ריכטער.

— איך אַליין — גיט־צו דער פּאָרזיצער פון מאָסקווער געריכט — בין געקו-מען צום ריכטער-שטול פון פאַבריק, און ערשט אין 1925 האָב איך פאַרענדיקט מיין יורידישן שטודיום.

דער סאָוועטישער קאָדעקס באַמיט זיך צו באַשיצן די אינטערעסן פון די אָנ־געקלאָגטע. אויב די אויספאָרשונג האָט אין משך פון דריי חדשים נישט באַוויזן פעסטצושטעלן די שולד פון דעם אָנגעקלאָגטן, ווערט דער פּראָצעס אָפּגעשטעלט.

די דאָמינירנדע אידייע פון דעם סאָוועטישן קאָדעקס איז נישט צו באַשטראָפן, נאָר איבערדערציען דעם פאַרברעכער דורך ארבעט און בילדונג.

אין די סאָוועטישע שטראָף־אַנשטאַלטן איז איינגעפירט געוואָרן אַ זיבן־שעה־דיקער אַרבעטס-טאָג; די שכירות באַטרעפן די העלפט פון דעם, וואָס עס באַקומט אַן אַרבעטער אין דער פרייהייט; דערביי באַקומט דער ארעסטאַנט איין דריטל פון זיינע שכירות פאַר זיין תיכּפדיקן געברויך און די איבעריקע צוויי דריטל קען ער שיקן זיינע קרובים, אָדער איבערלאָזן אין דער שפּאָר־קאַסע און באַקומען דאָס אָפּ-געשפּאָרטע, ווען ער גייט אַרויס אויף דער פרייהייט.

אין אַלע סאָוועטישע שטראָף־אַנשטאַלטן איז איינגעפירט געוואָרן אָבליגאַטאָ-

רישע בילדונג; עס זיינען דאָ ספּעציעלע קרייזלעך פאַר מוזיק, ליטעראַטור, טעאַ־טער, וואו יעדער קען אַריינטרעטן לויט זיין נייגונג.

פאַר צוויי טעג גוטע אַרבעט ווערט אָראָפּגערעכנט דריי טעג אַרעסט. נאָך דעם, ווי דער פאַרמשפּטער איז אָפּגעקומען אַ העלפט פון זיין טערמין, קען ער באַקומען אורלויב אויף צוויי־דריי חדשים, כדי צו גיין אויף פעלד־אַרבעט.

קינדער ביז 14 יאָר ווערן נישט צוגעלאָזן צו דער אַרבעט און פון 14 ביז 16 יאָר אַרבעטן זיי בלויז אַ דריט־חלק פון דער נאָרמאַלער אַרבעטס-צייט.

די סאָוועטישע שטראָף, ריכטיקער איבערדערציאונגס-סיסטעם האָט לויט דער באַהויפּטונג פון פּאָרזיצער פון מאָסקווער שטאָט־געריכט, געגעבן די בעסטע רעזול־טאַטן. דאָס איז צו זען פון דעם, וואָס צווישן די אַלע, וואָס האָבן דורכגעמאַכט זייער טערמין אין די שטראָף־אַנשטאַלטן, זיינען געווען בלויז זעקס-זיבן רעצידיוו פאַלן, וואָס זיינען צום צווייטן מאָל אָנגעקלאָגט געוואָרן פאַרן געריכט.

די העכסטע שטראָף, לויט דעם סאָוועטישן קאָדעקס, איז צען יאָר טורמע, אָבער ביי גוטער אויפפירונג ווערט אַפילו די העכסטע שטראָף רעדוצירט אויף אַ העלפט און אָפטמאָל אויף צוויי דריטל.

זיינע לענגערע דערקלערונגען פאַרענדיקט דער פאָרזיצער פון מאָסקווער גע־ריכט, שמייכלענדיק מיט דער באַמערקונג:

— דער סימבאָל פון דעם בורזשואזן געריכט איז, ווי באַוואוסט, די געטין טעמידע, וואָס האַלט מיט פאַרבונדענע אויגן דעם וואָגשאָל פון גערעכטיקייט.

— מיר משפּטן מיט אָפענע אויגן און נישט לויטן טויטן, פאַרמעלן בוכשטאַב פון געזעץ, נאָר לויט דעם דיקטאַט פון פאָלקס-געוויסן. אונדזערע ריכטער ווערן שטענדיק באַגלייט פון צוויי פאָלקס-פאַרטרעטער. מיר זוכן נישט נקמה נעמען פון דעם פאַרברעכער, וואָס איז על פּי רוב אַ קרבן פון אומשטענדן, נאָר אַרויפצופירן אים אויפן דרך הישר און פאַרוואַנדלען אים אין אַ נוצלעכן מיטגליד פון אונדזער אַרבעטס-געזעלשאַפט.

דער שמועס גייט נאָכדעם אַריבער צו דער אַלגעמיינער לאַגע אין ראַטנפאַרבאַנד.

דער פּאָרזיצער פון מאָסקווער געריכט באַקלאָגט זיך פאַר זיין נאָרד-אַמערי־קאַנער קאָלעגע וועגן די בלבולים, וואָס ווערן אויסגעטראַכט בנוגע די לעבנס-באַ־דינגונגען פון ראַטנפאַרבאַנד.

ער דערציילט אים דעם פאַל מיט אַ נאָרד־אַמעריקאַנער סענאַטאָר, מיט וועלכן ער האָט געהאַט אַ לאַנגן שמועס, און דער דאָזיקער סענאַטאָר האָט קומענדיק אַהיים, אָנדערציילט אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע מעשיות.

ווען דער פּאָרזיצער דערציילט זיין קאָלעגע, אַז פּעריציק פּראָצענט פון די סאָ־

וועטישע ריכטער זיינען פרויען, רופט אויס דער נאָרד־אַמעריקאַנער ריכטער מיט טעמפעראַמענט:

— מיר דאַרפן זיך שעמען פאַר אייך. מיר זיינען נאָך צו דער דאָזיקער מדרגה פון גלייכבארעכטיקונג נישט געקומען...

רעדנדיק וועגן דער אַלגעמיינער סיטואַציע אין לאַנד קלערט אויף דער פאָר־זיצער פון מאָסקווער געריכט זיין קאָלעגע, אַז אין ראַטנפאַרבאַנד הערשט נאָך דער־וויל נישט קיין קאָמוניסטישע אָרדנונג.

— יעדער איינער ביי אונדז באַקומט נישט לויט זיינע באַדערפענישן, נאָר לויט זיינע אַרבעטס-פעאיקייטן און דאָס מוז פירן צו אַ געוויסער אומגלייכקייט.

אין אַ באַגרענעצטער פאָרם עקזיסטירט אויך פּריוואַט-אייגנטום, ווייל יעדערער איז אַ באַלעבאָס אויף דעם פּרוכט פון זיין אַרבעט און זיינע אָפּשפּאָרונגען. דאָס פּריוואַטע אייגנטום קען אָבער נישט ווערן קיין אינסטרומענט פון עקספּלאָטאַציע פון פרעמדער אַרבעט. אַזוי, למשל, געהערט איין דריטל פון אַלע מאָסקווער הייזער צו פּריוואַט־פּערזאָנען. יעדער איינער האָט דאָס רעכט פון הויז־אייגנטום ביז דעם ווערט פון צוואַנציק טויזנט רובל (לויט דער אויסרעכענונג פון דער פאַר־מלחמה־וואַלוטע). די הייזער קענען אָבער נישט זיין קיין אָביעקט פון האַנדל.

דער טעלעפאָן קלינגט. אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַ גרויסער פּראָנצוויזישער צייטונג בעט אַן אוידיענץ ביים ריכטער.

אונדזער שמועס ווערט פאַרענדיקט. איך ווענד זיך מיט דער בקשה צום גע־ריכטס־פאָרזיצער צו דערלויבן מיר צוצוזען אַ וועלכן נישט איז פּראָצעס.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. — פירט אַריין די הערן אין זאַל נומער פינף, — ווענדעט ער זיך צום סעקרעטאַר. — עס וועט פאַר אייך זיין באַזונדערס אינטערע־סאַנט, זאָגט ער מיר, ווייל דאָרט קומט פאָר אַ ליטעראַרישער פּראָצעס.

איך געזעגן זיך מיטן פריינטלעכן סאָוועטישן ריכטער און מיר פאַרלאָזן זיין קאַבינעט.

:: :: ::

מיר זיינען אַריין אין זאַל נומער פינף.

עס איז אַ זייער באַשיידענער גערוימיקער צימער. אויף די עטלעכע צענדליק בענק פאַרן פּובליקום זיצט אַ געמישטער עולם.

מען זעט דאָ נישט די פייערלעכקייט פון די געריכט-זאַלן. איר האָט דעם איינ־דרוק, ווי איר וואָלט געווען אין אַ פּשוטן לאָקאַל פון אַן אַרבעטער־פאַרזאַמלונג. ביי דעם פּשוטן הילצערנעם טיש אויף דער טריבונע זיצט שוין אַן עלטערער מאַן, דאָס איז דער ריכטער. לינקס פון אים זיצט אַ יונגערמאַן אין דעם אוניפאָרם פון אַ טראַמוויי־אַרבעטער און רעכטס — אַן עלטערע פרוי, מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ, פון אויסזען אַ פּויערטע, אָדער אָרים־געקליידעטע אַרבעטער־פרוי.

ביי דער זייט, ביי א קליין טישל זיצט דער פּראָקוראָר, א יונג מיידל פון א־יאָר עטלעכע און צוואַנציק.

עס קומט פאָר א קרייז־פאַרהער.

דער אָנגעקלאָגטער, א מאַן אין די פערציקער, עלעגאַנט אָנגעטון, לויטן אויס־זען א אידישער אינטעליגענט. ער איז דער פאָרזיצער פון א סאָוועטישן דראַמא־טורגן־פאַראיין.

פון דעם דיאַלאָג צווישן פּראָקוראָר און אָנגעקלאָגטן איז צו זען, אז דאָ האַנדלט זיך וועגן א געלט־פאַרשווענדונג. דער פאָרזיצער פון דראַמאַטורגן־פאַראיין האָט פאַרטאַכלעוועט דאָס געלט פון דער פאַראיין־קאַסע, די הכנסות פון די טאַנטיעמען, דורכט זיך עטלעכע צענדליק טויזנט רובל.

דער אָנגעקלאָגטער שטייט בלייך ווי קאַלך און ענטפערט אויף די פראַגן פון דער יונגער פּראָקוראָרין.

ער דרייט זיך ווי א שלאַנג. דאָס יונגע מיידל שניידט, ווי מיט א מעסער מיט אירע פלינקע פראַגן. זי איז קאַלט, רואיק.

דער אָנגעקלאָגטער, וואָס איז לפּחות צוויי מאָל עלטער פאַר דער פּראָקוראָ־רין, קען זיך נישט געבן קיין עצה און ווייסט נישט ווי אַרויסצופּלאָנטערן זיך פון די שניידיק־שאַרפע פראַגן פון דער פּראָקוראָרין, וואָס נעמט אים אַרום, ווי מיט א נעץ.

דער פאַרטיידיקער וויל זיך פּרואוון העלפן זיין קליענט, ער שטויסט זיך אָבער אָן אין דער שאַרפער דיאַלעקטיק פון דער יונגער פּראָקוראָרין.

עס אַנטפּלעקן זיך פאַרן געריכט די הינטערקוליסן פון א געוויסער גרופע פון דער סאָוועטישער ליטעראַרישער באַהעמע.

— פון וואַנען האָט איר גענומען געלט פאַר אייערע הוליאַנקעס, פאַר אייער ברייטן שיִיט לעבן? — פרעגט די פּראָקוראָרין.

איך האָב זיך צוגעקוקט צו די פּנימער פון די ריכטער. צו דער עלטערער פויערטע און דעם טראַמוויי־אַרבעטער און האָב באַמערקט, אז די פּראָקוראָרין מיט איר געשליפענעם צונג און שניידיקער, אַנאַליטישער לאָגיק, מאַכן אויף זיי מער רושם, ווי די פאַרלוירענע רייד פון דעם אינטעליגענטן שריפטשטעלער און זיין אַדוואָקאַט.

דער אַמעריקאַנער ריכטער, וואָס האָט מיך באַגלייט, האָט גאַרנישט פאַרשטאַ־נען פון דער געריכט־פּראָצעדור. די „אינטוריסט"־פרייליִנס זיינען שוין אומגעדול־דיק. זייער אַרבעטס־צייט האָט זיך שוין געענדיקט. און מיט גרויס באַדויערן האָב איך פאַרלאָזט דעם געריכט־זאַל און דעם זייער טשיקאַוון פּראָצעס, וואָס האָט אַנט־פּלעקט א שטיק סאָוועטישע ווירקלעכקייט.

ווען איינער האָט צייט, איז דאָ דער בעסטער פּלאַץ צו שטודירן דעם לעבנס־שטייגער, דעם רעכטס־באַוואוסטזיין פונעם נייעם רוסלאַנד.

# ליכט און שאָטן פון דער סאָוועטישער אינדוסטריאַליזאַציע

איך האָב באַזוכט אַ האַלב טוץ פאַבריקן און זאַוואָדן, קלענערע און גרעסערע. אין דער קלענסטער פון די פאַבריקן, וואָס איך האָב געזען, אַרבעטן ביי די דריי טויזנט אַרבעטער און אין דעם גרויסן דינאַמאָ־זאַוואָד זיינען באַשעפטיקט צוויי און צוואַנציק טויזנט מאַן.

ווי איך האָב שוין דערקלערט, נעם איך זיך נישט אונטער צו זאָגן מבינות וועגן דער קוואַליטעט פון דער סאָוועטישער פּראָדוקציע, אָדער וועגן די טעכנישע דערגרייכונגען פון דער סאָוועטישער אינדוסטריע. אין דעם פּרט מוז איך זיך פאַרלאָזן אויף די מיינונגען פון אויסלענדישע עקספּערטן, אויף די דייטשע אינזשעניערן, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו שמועסן אין וואַגאָן, ווען מיר זיינען שוין געווען אויף יענער זייט פון דער סאָוועטישער גרענעץ און יעדער האָט געקענט רעדן פראַנק און פריי וועגן דעם, וואָס ער דענקט וועגן דער גוואַלדיקער רעקאָנסטרוקציע־אַרבעט אין ראַטן־רוסלאַנד. נאָר וועגן דעם שפּעטער.

איך פּערזענלעך קען נאָר רעדן וועגן דעם אַלגעמיינעם איינדרוק, וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט דער סאָוועטישער פאַבריק־וועזן, אויף וויפל איך האָב אים געזען.

מען האָט מיר אָנגעבאָטן האַנט־ביכער מיט בערג סטאַטיסטישע דאַטן, טאַבעלן און דיאַגראַמעס, וואָס ווייזן דעם אויסערגעוויינלעכן וואוקס פון דער סאָוועטישער אינדוסטריע און דעם סאָוועטישן בויאונגס־פּראָצעס אין משך פון די פאַרגאַנגענע אָנדערהאַלבן „ביאַטילעטקעס“. די ציפערן און די סטאַטיסטיק רעדן וועגן דעם פענאָמענאַלן, כמעט אומגלויבלעכן שפּרונג, וואָס דאָס נייע רוסלאַנד האָט געמאַכט אויף אַלע געביטן פון דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, אין פאַרגלייך מיט דעם אַלטן צאַרישן רוסלאַנד.

די טויטע ציפערן זיינען אָבער נישט אַלעמאָל איבערצייגנד. ציפערן לאָזן זיך לייכט מאַניפּולירן. סטאַטיסטיק קען זיין אַ אינסטרומענט פון באַוואוסטזיניקן אָדער אומבאַוואוסטזיניקן שקר.

און דערפאַר, נישט זייענדיק אפילו קיין מבין אין טעכנישע ענינים, האָב איך געזוכט צו באַקומען דעם לעבעדיקן איינדרוק פון דעם סאָוועטישן פאַבריק־וועזן.

איך האָב אויך געהאַט די מעגלעכקייט צו מאַכן געוויסע פאַרגלייכונגען. מיט יאָרן צוריק, ווען איך בין געווען אין נאָרד־אַמעריקע, האָב איך, אין דער באַגלייטונג פון מיינעם אַ פריינט, אַ אינזשעניער, באַזוכט אין דעטראָיט די פאָרד־און אַנדערע אויטאָמאָביל־פאַבריקן.

זעענדיק די גרויסע סאָוועטישע זאַוואָדן, האָב איך געוואונען דעם איינדרוק, אַז לפּחות ריין אויסערלעך אונטערשיידן זיי זיך נישט פון די גרויסע נאָרד־אַמע־

ריקאַנישע פאַבריקן. עס איז מער ווי וואַרשיינלעך, אַז אין דער הינזיכט פון דער קוואַליטעט און טעכנישער פולקאָמענהייט פון דער פּראָדוקציע וועט נאָך נעמען צייט ביז די סאָוועטישע פאַבריקן וועלן אָניאָגן די נאָרד־אַמעריקאַנישע, אָבער אין דער סיסטעם, פּלאַנמעסיקייט און דיסציפּלין פון דער אָרגאַניזאַציע שיינט מיר, אַז דער ניוואָ פון דער נאָרד-אַמעריקאַנישער אינדוסטריע איז שוין אין ראַטן־רוסלאַנד אין אַ באַדייטנדער מאָס דערגרייכט געוואָרן.

אויסערדעם דאַרף מען צוגעבן, אַז אין יעדער סאָוועטישער פאַבריק באַגעגנט מען אַרבעטער, ווי גרויס זייער פּראָצענט איז שווער פעסטצושטעלן, וואָס זיינען אינספּירירט פון אַ מעכטיקן שאַפונגס-גייסט, וואָס איז געווים נישטאָ אין די קאַ-פּיטאַליסטישע פאַבריקן.

איך האָב געזען אַלטע איבערגעבויטע און צוגעבויטע פאַבריקן, וואָס מאַכן אַ כמורנעם קאַזאַרמע־איינדרוק, ווי די פאַבריקן אין אַנדערע לענדער.

אייניקע פון די נייע זאַוואָדן זיינען שוין געבויט אין מאָדערנעם סטיל, רחבות־דיקע, היגיענישע זאַלן מיט גלאָז־ווענט, אָנשטאָט פענצטער; זיי באָדן זיך אין ליכט און זון. די פאַבריק-געביידעס זיינען ארומגערינגלט מיט גרינע סקווערן, וואָס פרייען דאָס אויג, ווען איר קוקט אַרויס דורך די גלאָז־ווענט.

דאָ דאַרף שוין זיין די אַרבעט אַ פרייד.

אָט בין איך אין דער גרויסער דינאַמאָ-פאַבריק, וואו עס ווערן אויסגעאַרבעט מאָטאָרן, דינאַמאָ־מאַשינען, עלעקטרישע וואַגאָנען פאַר דער אונטערגרונד-באַן („מעטראָ“) און די עלעקטרישע צוגן. דאָ אַרבעטן איבער צוואַנציק טויזנט אַר־בעטער.

די קאָרפּוסן פון דער פאַבריק-געביידע זיינען ענג געשלאָסן איינער אין צווייטן. דאָ זיינען שוין נישטאָ קיין גרינע סקווערן, דער בנין באָדט זיך אויך נישט אין דעם ים ליכט, ווי למשל, דער עלעקטראָ־זאַוואָד, וואו עס שפּירט זיך ממש נישט די לאַסט פון אַרבעט.

איך שמועס זיך פונאַנדער מיטן צעך־פירער, וואָס באַגלייט מיך. איך גיב אים איבער מיין איינדרוק פון דעם עלעקטראָ־זאַוואָד און פרעג מיט וואָס איז צו דער־קלערן דעם אונטערשיד אין דער קאָנסטרוקציע פון דער פאַבריק-אַרכיטעקטור.

מיין באַגלייטער דערקלערט מיר:

— דער דינאַמאָ-זאַוואָד האָט זיך אָנגעהויבן בויען אין דער האַלב־פּאַרטיקער געביידע, וואָס איז ערב מלחמה באַשטימט געווען פאַר דער גומי-פאַבריק „פּראָ־וואָדניק“. מיר האָבן דעם בנין געדאַרפט צופּאַסן פאַר די צוועקן פון אונדזער מאָ־טאָר־אינדוסטריע. לכתחילה איז געווען נאָר איין פאַבריק-קאָרפּוס, אָבער אונדזער אינדוסטריע איז געוואַקסן, מען האָט כסדר געדאַרפט צובויען און אויסברייטערן די־

פאַבריק-געביידעס. מען האָט געמוזט בויען ווי עס האָט זיך געלאָזן און נישט ווי מיר האָבן געוואָלט.

„מיר האָבן צו אַ קנעפּל צוגעניית אַ פּאַלטן" — ציטירט מיט יראת הכבוד מיין באַגלייטער סטאַלינס אַ וואָרט.

דער צעך-פירער דערציילט מיר, אַז נעכטן האָט דעם דינאַמאָ-זאַוואָד באַזוכט איינער פון די גרעסטע נאָרד-אַמעריקאַנער אינדוסטריאַלן און ער איז איבערראַשט געוואָרן פון דער פולקאָמענהייט פון די סאָוועטישע דינאַמאָ-מאַשינען.

דער אַמעריקאַנער זאָל האָבן דערקלערט, אַז אין הינזיכט פון דער פּערפעקט-קייט פון דעם פונקציאָנירן פון די סאָוועטישע דינאַמאָ-מאַשינען האָבן זיי דער-גרייכט און כמעט איבערגעשטיגן די נאָרד-אַמעריקאַנער. זיי וועלן בלויז זיין ווײ-ניקער דויערהאַפט, ווייל די קוואַליטעט פון סאָוועטישן שטאָל איז נאָך דערווייל נידעריקער פאַר דעם נאָרד-אַמעריקאַנישן. דער דערמאָנטער עקספּערט מיינט, אַז אויב אַן אַמעריקאַנישע דינאַמאָ-מאַשין קען דינען צוואַנציק יאָר, וועט די סאָוועטישע זיין געברויכבאַר נאָר פערצן יאָר.

דער דינאַמאָ-זאַוואָד איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1928 מיט 3.000 אַר-בעטער און דער ווערט פון דער פּראָדוקציע האָט אין די ערשטע יאָרן באַטראָפן דריי מיליאָן גאָלד רובל. איצט האָט די פּראָדוקציע דערגרייכט צו זעכציק מיליאָן גאָלד רובל.

דער דינאַמאָ-זאַוואָד האָט איצט אויסגעאַרבעט אַ נייעם מאָדעל פון אַן עלעק-טרישער צוג-מאַשין, וואָס גיט אַ דרייפאַכע שנעלקייט אין פאַרגלייך מיט דער ראַמף-צוג-מאַשין.

פאַרענדיקנדיק דעם שפּאַציר אין דינאַמאָ-זאַוואָד, בין איך אַוועק אין אָפּרו-ווינקל און ביבליאָטעק פון דער פאַבריק. עס איז געווען מיטאָג-פּויזע.

די פאַבריק-ביבליאָטעק פאַרמאָגט צוואַנציק טויזנט ביכער און האָט צוויי טויזנט לייענער. די פריינטלעכע ביבליאָטעקאַרין דערציילט מיר, אַז מען לייענט איצט זייער פיל די אַלטע קלאַסיקער. אין דער פערטל שעה צייט, וואָס איך פאַר-ברענג דאָ, באַמערקט זיך אַ שטאַרקע באַוועגונג. דער עולם פאָדערט די נייעסטע ליטעראַרישע זשורנאַלן.

איינער פון די אַרבעטער-לייענער בעט פּושקינען. מען דערלאַנגט אים איינע פון די לעצטע פּראַכט-אויסגאַבן און די ביבליאָטעקאַרין בעט זיך, אַז דאָס בוך זאָל פאָרזיכטיק געהאַלטן ווערן.

אין אָפּרו-ווינקל שפּילט מען ביי איין טיש שאַכמאַט. אַ גרופּע רינגלט אַרום די שפּילער און פאָלגט נאָך אויפמערקזאַם די שפּיל. אין אַ צווייטן ווינקל הערן אַ גרופּע אַרבעטער אַ לעקציע אין געאָמעטריע און קאָפּירן אין העפטן די געאָמעטרי-שע פיגורן, וואָס דער לעקטאָר צייכנט אויפן טאָוול.

מיין באַגלייטער לאָדט מיך איין צו קומען אין אָוונט אויף די העכערע טעכנישע קורסן ביים זאַוואָד. היינט וועט דאָ זיין אַ יום-טוב. מען וועט אַרויסגעבן אַטעס־טאַטן נייע פּערציק פּרויען־אינזשעניערן, וואָס האָבן פאַרענדיקט דעם קורס.

איצט גייען מיר אין דער מעדיצינישער אַמבולאַטאָריע פון זאַוואָד. דאָס איז אַ ספּעציעלער בנין מיט צענדליקער קאָנסולטאַריעס, אין וועלכע עס ווערן באַ־האַנדלט די אַרבעטער און די מיטגלידער פון זייערע פאַמיליעס.

אין דער צייט, ווען דער יאַפּאַנעזישער טוריסט, אַ אויגן־דאָקטאָר שמועסט מיט זיין סאָוועטישן קאָלעגע, מיט דער הילף פון אַ איבערזעצערין, אַ אידיש מיידל, דאָס איינציקע אין מאָסקווע, וואָס רעדט יאַפּאַניש, ווי אַ געבוירענע טאָקיערין (אַזוי זאָגט מיר אין אַ געבראָכענעם ענגליש דער יאַפּאַנישער דאָקטאָר) כאַפּ איך אַ שמועס מיט דער דאָקטאָרין, וואָס פאַרוואַלטעט מיט דער גאַנצער אַמבולאַטאָריע.

איך פרעג זיך ביי איר פונאַנדער, ווי האַלט עס מיט דעם געזונט-צושטאַנד פון די אַרבעטער און צי איז שטאַרק פאַרשפּרייט דער טובערקולאָז אויפן זאַוואָד.

איך באַמערק, אַז די דאָקטאָרין פילט זיך אין אַ געוויסער פאַרלעגנהייט, ווי אומבאַקוועם פון געשפּרעך. איך האָב דעם איינדרוק, אַז די פּלאָג פון טובערקולאָז איז גאַנץ ברייט פאַרשפּרייט אויפן זאַוואָד און די פאַבריק־מעדיצין איז מאַכטלאָז, ווי געהעריק צו קעמפן קעגן דער דאָזיקער פּלאָג, מוזנדיק באַנוגענען זיך מיט פּאַ־ליאַטיוון.

איך וואָלט געזאָגט, אַז דאָס פּנים פון מיין מיטשמועסערין איז, ווי פאַרצויגן געוואָרן מיט טרויער, ווען איך האָב באַרירט די קענטיק דעליקאַטע טעמע.

יאָ, אַ געוויסן טייל פון די מער ערנסטע לונגען־קראַנקע שיקט מען אין סאַנאַ־טאָריעס, אָבער דאָס שיינט צו זיין אַ טראָפּן אין ים...

אָן פּוטער און מילך איז סאָוועטישע מעדיצין, וואָס זאָרגט זייער איבערגעגעבן פאַר דעם געזונט פון דעם אַרבעטער, מאַכטלאָז צו קעמפן קעגן די שרעקלעכע קאָך־באַצילן.

יאָ, מען גיט אַ גלאָז מילך אין דער דיעטישער קיך די טובערקולאָז־קראַנקע, אָבער דאָס איז פיל צו-ווייניק און מער קען זיך ליידער, לפּחות דערוויל, נישט לייסטן דער לונגען־אָנגעגריפענער סאָוועטישער אַרבעטער.

איך האָב געוואָלט פרעגן, ווי גרויס אומגעפער איז דער פּראָצענט פון די טו־בערקולאָז־קראַנקע אויף דעם דינאַמאָ־זאַוואָד, נאָר איך האָב דאָס נישט געטון, באַ־מערקנדיק, אַז די גאַנצע טעמע איז נישט אַנגענעם דער לייטערין פון דער מעדיצי־נישער פאַבריק-אַמבולאַטאָריע.

יעדנפאַלס, דער איינדרוק, וואָס איך האָב באַקומען איז, אַז דאָס טובערקולאָז־פּראָבלעם איז אַ גאַנץ ערנסטער ענין לפּחות פאַר דעם מעדיצינישן פּערסאָנאַל פון דער דינאַמאָ-מאַשין פאַבריק.

צי איז בעסער די לאגע אין די אנדערע סאוועטישע אינדוסטריעלע אונטער־נעמונגען, נעם איך זיך נישט אונטער צו אורטיילן.

איך האב אבער מורא, אז די נישט גענוג נארהאפטע באשפייזונג פון די סא־וועטישע ארבעטער און דער איבערגעשפאנטער טעמפא פון דער ארבעט, זיינען שטארקע פאקטארן אין דער פארשפרייטונג פון די באצילן פון דער ווייסער טובער־קולאז־קרענק, קעגן וועלכער די סאוועטישע מעדיצין וועט זיין מאכטלאז עפעקטיוו צו קעמפן, כל־זמן עס וועט זיך נישט פארבעסערן אין דער געהעריקער מאס די בא־שפייזונג פון דער באפעלקערונג.

אבער צו דער דערנערונג-פראגע וועל איך זיך נאך אומקערן.

---

# מאסקווע אין איר נייעם געשטאלט

מיין ערשטער טאג אין מאסקווע איז אוועק אין באגעגענישן און שמועסן.

מאסקווע איז איצט געווארן א מין „קיבוץ גליות“, פריינט און באקאנטע פון אלע עקן רוסלאנד, וועלכע איך האב נישט געזען און וועגן וועלכע איך האב נישט געהערט צענדליקער יארן, האב איך זיי דא געטראפן. איך האב אבער געמוזט מקריב זיין מיט א סך אינטערעסאנטע באגעגענישן, ווייל איך האב געוואלט זען מאסקווע.

דער ערשטער נומער אין מיין אפיציעלן טוריסטן־פראגראם איז א רונד-רייזע איבער מאסקווע.

איך מעלד זיך אין „אינטוריסט“־ביורא פון האטעל. יעדן טאג שטייט צום דינסט פון די טוריסטן אן אויסגעצייכנטער לינקאלן-אויטאמאביל אויף דריי שעה און א באגלייטערין אין וועלכער שפראך איר ווילט. פון דער לאנגער פראגראם קענט איר אויסוויילן צו זען, וואס איר ווילט. ווען איר ווילט דעם אויטאמאביל און א באגלייטערין אין די נאכמיטאג שעהן קומט שוין אן עקסטרא־אפצאל. די פארמי־טאג־רייזעס זיינען אומזיסט. געוויינלעך נעמט מען צוזאמען עטלעכע טוריסטן אין א באשטימטער שפראך־גרופע.

איך בין א לייכטער פאסאזשיר, ווייל איך בין גרייט מיטצופארן מיט דייטשן, פאליאקן, ענגלענדער און שפאניער. די חנוודיקע און עלעגאנטע פריילין פון ביורא, פארשטייט זיך, א אידישע, וואס רעדט אויסגעצייכנט עטלעכע שפראכן, איז צו־פרידן, וואס זי קען מיך לייכט ארגאנזשירן אין א גרופע.

מיינע שכנים אין אויטאמאביל אויף דער רונד-רייזע איבער מאסקווע זיינען א קאנאדישע שריפטשטעלערין און א דייטש אין די מיטעלע יארן. אונדז באגלייטן

צוויי „גידס“ (פירערינס), איינע, וואָס רעדט ענגליש און אַ צווייטע דייטש.

מיין דייטשער שכן רופט ביי מיר אַרויס אַ גרויסן חשד. איך ווייס, אַז אַ דייטש וועט איצט נישט איינשטעלן צו מאַכן אַ טוריסטן־רייזע אין סאָוועט־רוס־לאַנד, ווייל ער וואָלט, אומקערנדיק זיך אַהיים געדאַרפט אָפּרוען זיך אין קאָנ־צענטראַציע־לאַגער.

אמת, דאָס „אינטוריסט“־ביוראָ אין בערלין איז „אונטער דער לינדן“ אָפן, נאָר אַ דייטש ציטערט פאַרבייגיין אַפילו פאַרן ביוראָ, וואָס באַדינט איצט אויס־שליסלעך אַמעריקאַנער און ענגלענדער.

ווען מיר זיינען שוין געפאָרן אַ געוויסע צייט צוזאַמען, האָב איך אויסגעדריקט מיין דייטשן שכן די פאַרוואונדערונג, ווי אַזוי ער האָט זיך עס איינגעשטעלט צו פאָרן אין ראַטן-רוסלאַנד.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער דייטש איז קיין דייטש נישט, נאָר אַ פּוי־לישער ייד, וואָס לעבט שוין עטלעכע צענדליק יאָר אין לייפּציג און איז נאָך אַ פּוי־לישער בירגער — ער איז געקומען אין מאָסקווע זען זיינע קרובים.

מיר לאָזן זיך פאָרן איבער אַלט־מאָסקווע.

אונדזערע באַגלייטערינס זיינען אין פאַרלעגנהייט. וועט רעדן די ענגלישע דאַלמעטשערין וועט נישט פאַרשטיין דער דייטשער טוריסט. און טאָמער פאַרקערט, וועט נישט פאַרשטיין אונזער ענגלענדערין. און ביידע אויף אַמאָל קענען דאָך נישט נישט רעדן, ווייל זיי וועלן זיך קעגנזייטיק שטערן.

איך מאַך אַ וויץ, אַז מיר זאָלן געפינען דעם אויסוועג אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן, כאָטש דאָס איז אַביסל „בורזשואַזנע“. צוויי פון אונדזערע טוריכטן פאַרשטייען ענגליש, אַלזאָ דאַרף מען געבן דעם פאָרצוג דער מערהייט, ד"ה דער שפּראַך פון „דזשאָן בול“, באַזונדערס נאָך, ווען דאָס וועט אויך שטימען מיט דעם העפלעכ־קייטס־קאָדעקס. איך גיב צו, אַז איך ווייס נישט, צי דאָס איז לויט דער סאָוועטי־שער מאָדע, — ווייל די דאַמע, וואָס פאָרט מיט אונדז רעדט נאָר ענגליש...

מיין פאָרשלאַג ווערט מיט אַ גוטמוטיקן געלעכטער אָנגענומען פון אונדזערע באַגלייטערינס, און דאָס טאָטעריש-קאַלמיקיש אויסזעענדיקע אינטוריסט־מיידל גיט אירע דערקלערונגען אין אַ פּערפעקטן ענגליש. די קאַנאַדישע שריפטשטעלערין קען זיך ממש נישט אָפּוואונדערן פון דעם אויסגעצייכנטן ענגלישן אַקצענט פון אונדזער דאַלמעטשערין.

מיר פאָרן דורך דעם קרעמל. דאָס איז דער זעלטנסטער ווינקל פון מאָסקווע, וואָס גיט צו דער סאָוועטישער הויפּטשטאָט איר איינציקאַרטיקן, אָריגינעלסטן אויס־זען, וואָס שיידט זי אָפּ פון אַלע שטעט פון אייראָפּע.

אין דער אַלטער מאָסקווע פון פאַר דער רעוואָלוציע, וואָס האָט מיט פולן רעכט

געטראָגן דעם נאָמען „באָלשאַיאַ דערעווניאַ“ (גרויסער דאָרף), איז דער קרעמל מיט זיינע קלויסטערס, מיט זיינע מיטלאַלטערלעכע מויערן און טורעמס געווען, ווי געאריינגעפּאַסט. דאָס אַזיאַטיש-אָריענטאַלישע פון דער קרעמל-אַרכיטעקטור איז געווען אין האַרמאָניע מיט דעם גאַנצן קוים־אייראָפּעאישן אויסזען פון אַלט־מאָסקווע.

איצט אָבער אין דער אייראָפּעאיזירט־אַמעריקאַניזירטער ר ו י ט ע ר מאָסקווע מאַכט דער קרעמל, די מויערן פון וועלכן זיינען אַרומגערינגלט מיט אַ גרינעם גוט־קולטיווירטן פּאַרק־גאַרטל, אַ מערקווירדיקן, אַן אויסטערלישן, אַרכיטעקטאָנישן איינדרוק, וואָס האָט נישט זיין גלייכן...

און ווען איר הויבט אויף דעם קאָפּ און דערזעט, ווי איבער איינעם פון די העכסטע קרעמל־טורעמס, איבער אָט דער פעסטונג פון ביזאַנטיזם, פּראַוואָסלאַוויע און צאַרענטום, פלאַטערט אַ רויטע פאָן, גייט אייך דורך, ווילנדיק נישט ווילנדיק, אַ אינערלעכער ציטער. איר דערזעט פלוצלינג די גוואַלדיקע, די ממש אומגלויבלעכע היסטאָרישע איבערקערעניש, וואָס רוסלאַנד האָט דורכגעמאַכט...

מיט דריי צענדליק יאָר צוריק האָב איך פאַרביישפּאַצירט די זעלבע מויערן.

דער גלאָקן-קלאַנג, וואָס האָט זיך דערטראָגן צו מיר פון די אומצאָליקע קרעמל-קלויסטערס, האָט מיר דערמאָנט וועגן אַ פיינטלעכער, פינצטערער מאַכט, וואָס פאַרשקלאַפּט מיך, מיין פאָלק און די הונדערט און דרייסיק מיליאָן רוסן.

יאָ, מיר איז אויך נישט נאָענט דער איצטיקער, רויטער קרעמל, איך האָב שטאַרקע טענות און תביעות צו אים, אָבער מיך אַ ל ס ייד האָט ער באַפרייט פון דער שאַנד פון מענטשלעכער אומגלייכהייט...

אונדזער טאָטערשע דאָלמעטשערין, מיט איר גוט! קינדישן שמייכל רעדט, זי דערציילט די געשיכטע פון קרעמל, אין אַ פּראָפעסאָרישן טאָן.

זי האָט געענדיקט אַ ספּעציעלן טעכניקום פון שפּראַכן און טוריזם, און זי קען דערציילן די אויסלענדער די געשיכטע פון אַלט־מאָסקווע און פון אירע היסטאָרישע געביידעס.

מיר פאָרן ווייטער.

איך ווייס נישט גענוי די צאָל קלויסטערס, וואָס די רעוואָלוציע האָט פאַרמאַכט אָדער פאַרניכטעט, אָבער די פ ע ר צ י ק מ אָ ל פ ע ר צ י ק צערקוועס פון דער אַמאָליקער מאָסקווע וועט איר שוין איצט נישט געפינען.

די ראַטן־מאַכט האָט געהאַט דעם מוט אַראָפּצוטראָגן די טויערן פון דער „איווערסקאַיאַ באָזשיאַ מאַטער“, וואָס איז געווען דער „קדשי-קדשים“ פאַר די פּראַוואָסלאַוונע גלויביקע און אַבערגלויביקע.

מען דאַרף מאָדערניזירן מאָסקווע, געבן מער אָטעם אירע פלאַסעס, אויסברייטערן אירע אַמאָליקע ענגע, דאָרפישע גאַסן.

דער „הייליקער טויער“ איז געשטאַנען, ווי אַ ביין אין האַלדז, האָט זיך אריינגע-

שניטן, ווי א קלין, וואָס האָט געשטערט דער פּלאַנמעסיקער אַרכיטעקטאָניק פון דעם צענטראַלסטן פּונקט פון שטאָט און מען האָט דעם „הייליקן" טויער אָראָפּגעטראָגן, כאָטש דערמיט איז פאַרוואונדעט געוואָרן דאָס האַרץ נישט פון איין פּראַוואָסלאַוו־נעם גלויביקן.

מען האָט באמת געדאַרפט פאַרמאָגן רעוואָלוציאָנערן מוט דאָס צו טון אין דער פרומער פאַרקלויסטערוועטער מאָסקווע...

אָבער דער קלויסטער פון וואסילי בלאַזשעני, דאָס מערקווירדיקסטע ווערק פון ביזאַנטישער קונסט, שטייט אומבאַרירט מיט זיינע זיבן אייגנאַרטיקסטע און אָרי־גינעלסטע קופּאָלן. דעם דאָזיקן קלויסטער — אַן אוניקום אין דער אַלוועלטלעכער קירכן־אַרכיטעקטור — האָט געלאָזט בויען דער צאַר יאָהאַן דער שרעקלעכער, אי־וואַן גראָזני. די מאָנסטער בעסטיע, וואָס האָט אַמאָל געקיניגט אין רוסלאַנד, איז אַזוי באַגייסטערט געוואָרן פון דעם איטאַליענישן אַרכיטעקט, וואָס האָט געבויט דעם קלויסטער פון „איוואַן בלאַזשעני", אַז ער האָט אים געהייסן אויסשטעכן די אויגן, כדי ער זאָל נישט קענען בויען ערגעץ־וואו אַנדערש אַן ענלעכן בנין...

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס די קירכע געפינט זיך אין שכנות מיט דעם „רויטן פּלאַץ", מיט לענינס מאַוזאָלעאום, האָט די ראַטן־מאַכט זי נישט געטשעפּעט, און זי ווערט אָפּגעהיט, ווי א וועלטפּאָפּולער קונסט־דענקמאָל.

און אָט זיינען מיר אויפן „רויטן פּלאַץ" — „קראַסנאַיאַ פּלאָשטשאַד". דער נאָמען שטאַמט נאָך פון אַלטע צאַרישע צייטן. איצט איז עס דער יום־טוב־פּלאַץ פון דער טריאומפאַלער רעוואָלוציע. ברייט, לאַנג, אביסל פאַרמלאָז איז דער רויטער פּלאַץ, און מען וועט אים נאָך ברייטער מאַכן, אראָפּטראָגנדיק א גאַנצע רייע גע־ביידעס, ווייל מען דאַרף שאַפן מער אָרט, כדי דאָס „גאַנצע" פאָלק פון מאָסקווע זאָל זיך דאָ קענען פאַרזאַמלען אויף די נייע יום־טובים און פּאַראַדן פון דער זיג־רייכער רעוואָלוציע.

באַשיידן און ווי פאַרלוירן אין דער ברייטער רחבות פון דעם „רויטן פּלאַץ" שטייט, א פּאָר מעטער אָפּגערוקט פון דער קרעמל־וואַנט דער לענין־מאַוזאָלעאום. שטרענג און איינפאַך אין זיינע אַרכיטעקטור־ליניעס, א פיר־פינף מעטערדיקע מאַר־מאָר־פּלאַסטן איינער אויף דעם אַנדערן אַרויפגעלייגט טעראַסנפאָרמיק. דער מאַוו־זאָליי מאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט אין דער ערד איינגעזונקען, פון דער ערד אויסגעוואַקסן . . .

אינעווייניק אין מאַוזאָלעאום האָב איך נישט געקענט אַריינגיין, מען האָט זיך געגרייט צו די נאָוועמבער־פּייערונגען, און לענינס קערפּער ווערט, קענטיק, ערב יום־טוב איבערבאַלזאַמירט, כדי ער זאָל זיך בעסער קאָנסערווירן און נישט ליידן דעם פאַרניכטנדן איינפלוס פון דער צייט.

מיר פאָרן דורך דעם טעאַטער־פּלאַץ. ער איז ריזיק גרויס. דעם גאָרטן־סקוועַר,

וואָס איז דאָ אַמאָל געווען האָט מען אויסגעהאַקט. אַ שאָד. דאָס מאַכט צו גראָ, איינטאָניק דעם אויסבליק. עס פעלט אַביסל גרינס, וואָס זאָל אָפּפרישן דאָס אויג. מיט דער צייט וועט מאָסקווע מסתמא זיך אויספּוצן אויך אין גרינס. באַלד דאַרף מען געווינען אָרט פאַר דער ריזיקער באַוועגונג, וואָס דערמאָנט דעם „פּלאַס ד'ע לאַ אָפּעראַ" אין פּאַריז.

דאָ נישט ווייט שטייט דאָס הויז פון דעם מאָסקווער סאָוויעט, די געוועזענע שטאָט-דומע. דאָ האָט מען גאָרנישט געריררט, נאָר די אויפשריפט: „די רעוואָלוציע איז, ווי אומעטום, זי צעשמעטערט אַלץ, וואָס שטעלט זיך איר אין וועג"... — זאָגט עדות, אַז דאָס נייע רוסלאַנד הערש דאָ.

דער אויטאָמאָביל שניידט דורך אַ היפּשע צאָל גאַסן פון אַלט-מאָסקווע, אויסגעקרימטע, צעאַקערטע גאַסן, אָן פּלאַן, אָן וועלכן נישט איז ארכיטעקטאָנישן שכל. אָרעם, אָפּגעלאָזן. דאָ זעט מען דעם אַזיאַטישן פּרצוף פון אַלט-רוסלאַנד...

שנעלער פון דאַנען, איך האָב דעם איינדרוק, ווי די לונגען וואָלט פעלן אָטעם.

— דאָס אַלץ וועט אין משך פון די קומענדיקע יאָרן אַראָפּגעטראָגן ווערן — באַרואיקט מיך די ליבנסווירדיקע באַגלייטערין. און זי הויבט אָן דערציילן וועגן דעם פּלאַן פון איבערבויען מאָסקווע, וואָס וועט זיין די שענסטע מוסטער-שטאָט אין דער וועלט, די ערשטע סאָציאַליסטישע גרויס-שטאָט געבויט מיט פּלאַן און סיסטעם, לויט אַלע כללים פון מאָדערנער אַרכיטעקטור און עסטעטיק. צענדליקער אַרכיטעקטאָרן און אינזשעניערן האָבן געאַרבעט אויף דעם פּלאַן, וואָס הויבט שוין אָן פאַרווירקלעכט ווערן. אַלע פאַבריקן וועלן אַרויסגעפירט ווערן אויסערן שטאָט. עס וועלן געבויט ווערן טויזנטער גערטנער-הייזער.

מען האָט מיר שפּעטער באַוויזן די פאָטאָגראַפישע עסקיזן פון דעם פּלאַן, די פּראָיעקטן פון די פאַרשידענע פּאַלאַצן-געביידעס. אויב דאָס אַלץ זאָל פאַרווירקלעכט ווערן וועט די נייע מאָסקווע ווירקלעך זיין דאָס זיבעטע וואונדער אין דער וועלט.

און אַז אין ראַטן-רוסלאַנד האָט מען געוואָגט בוי-שוואונג און פאַרנעם דערין קען מען זיך איבערצייגן, ווען מען זעט, וואָס מען האָט שוין אויפגעטון אין מאָסקווע. גאַנצע טיילן פון שטאָט איז שווער צו דערקענען איינעם, וואָס האָט געקענט אַלט-מאָסקווע.

עס איז גענוג אַ קוק-טון אויף די צוויי ריזן-געביידעס, וואָס זיינען אויפגעבויט געוואָרן אין אָכאָטני-ריאַד, אויף דעם גראַנדיעזן טויזנט-צימערדיקן האָטל „מאָסקווע" און דער שכנהשער ריזן-געביידע פון „אַרבעט און פאַרטיידיקונג סאָוויעט" — כדי מען זאָל אָנהויבן גלויבן, אַז דער פּלאַן פון דער נייער וואונדער-מאָסקווע, וואָס דאַרף אויפשטיין אין צען יאָר אַרום, איז נישט קיין פּוסטע פאַנטאַזיע.

מיר פאָרן אַריין אין דער פאַבריק-געגנט.

איך ווייס נאָך נישט, איך האָב נאָך נישט געזען, וואָס טוט זיך אינעווייניק, ווי זעט אויס און ווי גרויס עס איז דער טעכניש-אינדוסטריעלער ווערט פון סאָוועטישן פאַבריק-וועזן.

אָבער אורטיילנדיק לויט דעם אויסערלעכן איינדרוק מוזט איר זיך דורכדרינגען מיט דרך־ארץ צו דעם סאָוועטישן שאַפונגס־אימפּעט, צו דעם ריזן־פאַרנעם פון דעם בוי-פיבער.

— קענט איר די פריערדיקע מאָסקווע? — פרעגט מיך מיין ענגלישע שכנה.
— איז דאָס ווירקלעך דאָס ווערק פון די לעצטע עטלעכע יאָר?...

דאָס אויג קען נישט אָפּנאַרן. אויבן־אויף זעט מען קלאָר, אַז דאָ זיינען ערשט פאַרענדיקטע און נאָך נישט אינגאַנצן פאַרענדיקטע ריזן־בנינים, וואָס זאָגן עדות וועגן דעם מעכטיקן אינדוסטריאַליזאַציע-פּראָצעס אין נייעם רוסלאַנד.

---

# אין דעם מוזעאום פון דער רעוואָלוציע

די רוסישע רעוואָלוציע — איך מיין נישט בלויז איר לעצטן עטאַפּ פון 1905־1917 — וואַרט אויף איר גרויסן געשיכטע־שרייבער, אויף דעם געניאַלן קינסטלער־היסטאָריקער, וואָס זאָל אונדז שילדערן די הערלאַישע דראַמע פון דעם טיטאַנישן קאַמף פון דעם רוסישן פאָלק, פון די פעלקער פון רוסלאַנד, פאַר זייער פרייהייט קעגן דער אַבסאָלוטיסטישער טיראַניע פון די רוסישע צאַרן.

און ווען דאָס גרויסע בוך — עס וועט דאַרפן זיין נישט קיין בוך, נאָר אַ מאָנומענטאַלע ביכער־ביבליאָטעק — וועט געשריבן ווערן, וועט די מענטשהייט זיך ערשט אָפּגעבן חשבון וואָס פאַרא גוואַלדיקע היסטאָרישע עפּאָפּייע עס שטעלט מיט זיך פאָר די רוסישע רעוואָלוציע, וואָס ציט זיך גאַנצע דורות, פון סטיענקא ראַזין, פוגאַטשאָוו, די דעקאַבריסטן, די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, ביז צו אונדזערע טראַגיש־דראַמאַטישע טעג.

וואָס פאַרא גראַנדיעזער קאַפּיטל פון דער מענטשלעכער געשיכטע וועט זיך עס באַקומען, ווען מיר וועלן דערזען פאַר זיך דאָס גאַנצע בילד פון דער רוסישער רעוואָלוציע, פון דעם רוסישן פרייהייטס־קאַמף.

איך ווייס נישט. עס קען זיין, אַז אין אירע מאַסן-אַנטפּלעקונגען און מאַניפעס־טאַציעס איז אפשר די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע אַ מער פאַרבנרייכע און היסטאָריש־„טעאַטראַליש“, אויב מען קען אַזוי זאָגן, אַ מער אימפּאָזאַנטער סעפּק־טאַקל, ווי די רוסישע רעוואָלוציע. אָבער קען דען זיין מער מענטשלעכע גרויסקייט

און קדושה, העכערער אינדיווידועלער קידוש השם, ווי אין דער רוסישער „נאראָד־נאיא וואָליא", אין דעם „דעקאבריזם", אָדער אין דעם לעצטן שטורם־פּעריאָד פון אונדזער עפּאָכע?

דער „מוזיי פון דער רעוואָלוציע" אין מאָסקווע, וואָס געפינט זיך אין אַ גרויסער צוויי־שטאָקיקער געביידע, מיט צענדליקער, צענדליקער זאַלן, איז דער זאַמל־פּלאַץ פון אַלע דאָקומענטן און מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע.

דאָ האָט איר פאַר זיך אַ גוואַלדיקן אוצר פון ג ע ש י כ ט ל ע כ ן שטאָף, דעטאַל־בילדער, איינצלנע עפּיזאָדן פון דעם טיטאַנען־קאַמף פון דורות פאַר אַ בעסערער און פרייער מענטשלעכער אָרדנונג; די געשיכטע איז דאָ נאָך אין רוי־צושטאַנד, זי וואַרט נאָך אויף דעם מייסטער, וואָס זאָל פון אָט דעם געשיכטלעכן ליים אויסקנעטן דעם גראַנדיעזן היסטאָרישן ווערק, וואָס זאָל אייך פאָרשטעלן די גרויסע היסטאָרישע דראַמע פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין איר מאָנומענטאַלער גאַנצקייט.

עס וואָלט פונדעסטוועגן געווען אַ טעות צו מיינען, אַז אין דעם מוזיי פון דער רעוואָלוציע געפינט זיך נאָר כאַאָטיש־געזאַמלטער און אַנגעוואָרפענער געשיכטלעכער מאַטעריאַל. ניין. די אָרגאַניזאַטאָרן פון דעם מוזיי האָבן געטון אַלץ, וואָס איז מעגלעך געווען, צו פאַרלייכטערן די אַרבעט פון דעם קומענדן היסטאָריקער און פון דעם היינטיקן איינפאַכן באַזוכער, כדי ער זאָל קענען שאַפן דאָס געזאַמטע בילד פון דער רוסישער רעוואָלוציע און איר היסטאָרישער אַנטוויקלונג און גרויסקייט.

גלייך, ווי איר הויבט זיך אויף אויף די טרעפּ, וואָס פירן אייך צו די זאַלן פון מוזיי, דערשיינען פאַר אייך די צוויי העלדן פון דעם סטיכישן פאָלקס־רעוואָלט פון די פאַרגאַנגענע דורות — ס ט י ע נ ק אַ ר אַ ז י ן און פּ ו ג אַ ט ש אָ וו.

מען האָט דאָ צוזאַמענגעקליבן אַלץ, וואָס איז פאַרבליבן, אַלע מאַטעריעלע שפּורן פון אָט דעם סטיכישן, פּראָגראַמלאָזן פאָלקס־אויפברויז און רעוואָלט קעגן דער פעאָדאַלער אונטערדריקונג און פאַרשקלאַפונג.

איר זעט פאַר זיך דעם שטייג, אין וועלכן מען האָט געהאַלטן אַ געשמידטן דעם גרויסן רוסישן בונטאַר — פּוגאַטשאָוו. איר האָט דאָ די האַק, מיט וועלכער מען האָט געקעפּט סטיענקאַ ראַזינען, דעם פרייהייטס־העלד פון דעם רוסישן פאָלקס־עפּאָס.

אָט זעענט איר אין דעם זאַל פון די ד ע ק אַ ב ר י ס ט ן.

אַלץ, וואָס מען האָט געפונען אין די צאַרישע אַרכיוון, אין דער „אָכראַנקע" און פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענטן וועגן דעם ערשטן מיליטערישן און רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד פון אָנפאַנג פאַבריקן יאָרהונדערט, געפינט איר דאָ געזאַמלט מיט אַ

פּלאַן און סדר. דאָ זיינען דאָ אַלטע גראַוויורן־פּאָרטרעטן פון די ערשטע רוסישע אַריסטאָקראַטן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן זיך אינספּירירט פון דער גרויסער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע און האָבן געחלומט פון אַ רוסישער רעפּובליק, ווען דאָס רו־סישע פאָלק איז נאָך פאַרזונקען געווען אין טיפער פינצטערניש און האָט אפילו נישט געשפּירט די לאַסט פון די קייטן, וואָס עס האָט געטראָגן.

אין ספּעציעלע וויטרינעס זעט איר די מאַסאָן־אָפּצייכנונגען פון די דעקאַ־בריסטן, בריוו און דאָקומענטן, וואָס מען האָט ביי זיי קאָנפיסקירט, די מערקוויר־דיקע בריוו פון די דעקאַבריסטן־פרויען, וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט זייערע מענער אויף דעם גאָלגאָטאַ־וועג פון דער סיבירער פאַרשיקונג.

ביים אַריינגאַנג אין דעם דעקאַבריסטן־זאַל זעט איר דעם פאַקסימיל פון אַ רע־וואָלוציאָנערן ליד פון דעם גרויסן רוסישן פּאָעט, א ל ע ק ס א נ ד ע ר פּ ו ש־ק י ן, וועלכער האָט סימפּאַטיזירט און איז דורכט זיך געווען פאַרמישט אין דעם דעקאַבריסטן־אויפשטאַנד.

„חבר, גלויב עס וועט אויפגיין דער מאָרגנשטערן פון דעם באַצויבערנדן גליק.

„רוסלאַנד וועט דערוואַכן פון איר שלאָף.

„און אויף די חורבות פון דער זעלבסט־הערשונג וועט זי אײַנשרייבן אונדזערע נעמען”...

און די נבואה פון דעם געניאַלן רוסישן דיכטער איז מקוים געוואָרן.

דאָס באַפרייטע רוסלאַנד האָט מיט ליבע און ערפורכט פאַרשריבן אַלע העלדן־נעמען, וואָס זיינען אומגעקומען אין דעם קאַמף פאַר דער פאָלקס־פרייהייט און פאָלקס־גליק.

דער דעקאַבריסטן־זאַל איז אַ לעבעדיקער מאָנומענט פאַר די באַקאַנטע און אַנאָנימע העלדן פון דעם ערשטן, דורכגעפאַלענעם פרואוו פון אַ רעוואָלוציאָנער־באַפרייענדן אויפשטאַנד.

דאָ, אין דעם דעקאַבריסטן־זאַל זעט איר די מאַטעריעלע שפּורן פון דעם מערק־ווירדיקן קאַפּיטל פון דער דראַמאַטישער געשיכטע פון רוסישן פרייהייטס־קאַמף, און איר האָט דעם לעבעדיקן איינדרוק, אַז קיין שום גרויסע און נאָבעלע טאַט און אָפּפער גייט נישט פאַרלוירן אין דער געשיכטע.

עס האָט געדויערט מער ווי אַ יאָרהונדערט, אָבער עס איז געקומען די הימ־מאַרישע גלאָריע פאַר די באַזיגטע העלדן פון דעם דעקאַבריסטן־אויפשטאַנד...

די זאַלן פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ”.

דאָ טרעט איר אַריין אין דעם קדשי־קדשים פון דער געשיכטע פון דער רוסי־שער רעוואָלוציע און פון אירע מאַרטירער, וואָס האָבן געוואָלט מקרב זיין דעם קץ, דורך אינדיווידועלן העלדנטום באַפרייען דאָס פאָלק, ווען דאָס פאָלק האָט אפילו

נישט געאַנט, וואָס איז אַזוינס פרייהייט און האָט אָפּטמאָל געקוקט אויף זיינע באַ־פרייער, ווי אויף שונאים...

אין די זאַלן פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" געפינט זיך אַן אומאָפּשעצבאַרער אוצר פון מאַטעריאַלן, דאָקומענטן, מאַקעטן, וואָס שטעלן פאָר די פּלעצער, וואו די נאַראָדאָוואָלצעס האָבן צוגעגרייט די באָמבעס פאַר די אַטענטאַטן, וואָס זיי האָבן אויסגעפירט.

אויף די פילע פּאָרטרעטן און אַלטע פאָטאָגראַפיעס זעט איר די פּנימער פון הייליקע, פון מאַרטירער, פאַר וועמען דער קרבן איז געווען זייער העכסטער גליק...

פאַר אייך לעבט אויף דאָ אַ קאַפּיטל פון געהייליקטער און בלוט מענטשלעכער געשיכטע.

:: :: ::

די ווייטערדיקע אומענדלעכע זאַלן פון דעם מוזיי פון דער רעוואָלוציע זיינען געווידמעט דער געשיכטע פון דער רוסלענדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון דעם טאָג פון איר אַנטשטיין ביז איר טריאומף אין אָקטובער 1917.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז שוין דער מאַטעריאַל נישט געזאַמלט געוואָרן מיט אַבסאָלוטער היסטאָרישער אָביעקטיוויטעט, ווי דאָס איז דער פאַל אין די אַנדערע מוזיי־זאַלן, וואָס האָבן אַ שייכות צום ווייטן רעוואָלוציאָנערן נעכטן.

דעם מוזיי, האָבן געשאַפן די, וואָס האָבן געזיגט, די וואָס שטייען ביי דער מאַכט, און געזיגט האָט דאָך אַ באַשטימטע ריכטונג אין דער ריסלענדישער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג. עס וואָלט דערפאַר געווען אפשר צו פיל פאַרלאַנגט, אַז דאָ זאָל אָפּגעגעבן ווערן פיל פּלאַץ די קעגנער, די באַזיגטע, דעם מענשעוויזם, טראָצ־קיזם און די אַנדערע אָפּאָזיציאָנעלע ריכטונגען.

פון טראָצקים ראָלע, למשל, אין דער רוסישער רעוואָלוציע, וועט איר דאָ נישט געפינען קיין שפּור.

און מיך האָט באמת געוואונדערט ווען אין איינעם פון די זאַלן האָב איך גע־טראָפן אַ פּראַכטפולע סטאַטוע פון פּ ל ע כ אַ נ אָ וו ן, דעם פאָטער פון רוסישן סאָציאַליזם, וועלכער איז געשטאַנען אין ביטערן קאַמף מיטן באָלשעוויזם.

ל ע נ י ן פאַרנעמט, פאַרשטייט זיך, דעם אויבן־אָן אין די זאַלן, וואָס האָבן אַ שייכות צום לעצטן פּעריאָד פון דער רעוואָלוציע פון 1917 אָן און ווייטער.

מיט שיעור נישט אַ רעליגיעזן קולט איז דאָ געזאַמלט אַלץ, וואָס האָט אַ שיי־כות צום לעבן און צו די מעשים פון דעם שעף פון דער אָקטובער־איבערקערעניש. דאָ איז פאַראַן אַ גרויסע צאָל סטאַטועס און ביוסטן פון דעם פירער פון דער אָקטאָ־בער־רעוואָלוציע.

אין איין צימער שטייט אַ שאַכמאַט־טישל, אויף וועלכן לענין האָט געשפּילט שאַכמאַט. אין דעם דאָזיקן שאַכמאַט-טישל זיינען פאַראַן קונציק געמאַכט געהיימע קעסטלעך וואו לענין פלעגט האַלטן וויכטיקע געהיים־דאָקומענטן. די צאַרישע פּאָליציי, דערציילט מיר מיין באַגלייטער, האָט דעם טישל פיל מאָל געהאַלטן אין די הענט ביי הויז־זוכונגען און האָט גאָרנישט געקענט אַנטדעקן.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז סטאַלין פאַרנעמט דעם בכבודיקסטן פּלאַץ אין די נייע זאַלן פון מוזיי. דאָ האָט איר, אין גיפּס מאָדעלירט, דאָס הויז אין גאָרי (קאַווקאַז), וואו סטאַלין איז געבוירן געוואָרן, דעם מאָדעל פון דער טורמע-קאַמער, וואו סטאַלין איז געזעסן. מיט אַ רעליגיעזן קולט איז דאָ געזאַמלט געוואָרן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו דער לעבנס־געשיכטע און טעטיקייט פון דעם, וואָס שטייט איצט אין דער שפּיץ פון דער סאָוועטישער מלוכה.

די געשיכטע פון רויטן אָקטובער און פון בירגער־קריג איז אויף דעם אויספירלעכסטן אופן פאָרגעשטעלט אין דעם מוזיי.

איר זעט דאָ די קאַנאָנען, מיט וועלכע מען האָט איינגענומען דעם ווינטער-פּאַלאַץ, קוילנוואַרפער, צעשאָסענע פאָנען, מיט איין וואָרט, אַלע רעליקוויעס פון דער רעוואָלוציע.

די נייעסטע זאַלן פון מוזיי זיינען שוין געווידמעט דעם טריאומף־פּעריאָד פון דער רעוואָלוציע און פון אירע דערגרייכונגען.

דאָ זעט איר אַן אומענדלעכע צאָל מאָדעלן פון ניי-געבויטע פאַבריקן, פון די קאָמפּליצירטסטע מאַשינען, וואָס זיינען שוין קאָנסטרואירט געוואָרן אין די סאָוועטישע פאַבריקן.

דאָ האָט איר פאַר זיך נישט די פּאָליטישע, נאָר די מאַטעריעלע געשיכטע פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט אויפגעוועקט די פאַרבאָרגענע שאַפונגס-כוחות פון דעם רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט.

טאַבעלן און ציפערן, אַ ים טאַבעלן און ציפערן, פון וועלכע עס הויבט אָן שווינדלען אין קאָפּ, דערציילן אייך, ווי אַזוי דאָס אָפּגעשטאַנענע פּויערים-לאַנד האָט דורך דער כישוף־מאַכט פון דער רעוואָלוציע פאַרוואַנדלט זיך, אָדער איז אויפן וועג צו פאַרוואַנדלען זיך אין איינער פון די טעכניש־פאָרגעשריטנסטע אינדוסטריעלע לענדער אין דער וועלט.

:: :: ::

דער מוזיי פון דער רעוואָלוציע איז נישט נאָר אַ מוזיי, נאָר אויך אַ מין אַקאַדעמיע פאַר געשיכטע.

פאַר די עטלעכע שעה, וואָס איך האָב דאָרטן פאַרבראַכט, האָב איך דאָרט גע־

טראָפן אַ חיבשע צאָל גרופּן, אַרבעטער, רויטאַרמייער, שילער, אין דער באַגלייטונג פון לעקטאָרן, וואָס קנעלן איין מיט זייערע צוהערער די פאַרשידענע פעריאָדן פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

איך האָב זיך געפּרואווט צוהערן צו אייניקע פון די לעקציעס. דאָרטן, וואו עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ווייטערן עבר איז די געשיכטע-דערציילונג געווען אַן אָביעקטיווע, אָבער אין די נייעסטע זאַלן האָב איך געהערט נאָר די נעמען פון לענין און סטאַלין.

אויך קינדער פירט מען אין מוזיי. איך האָב זיי געטראָפן אין דער באַגלייטונג פון זייער לערערין אין דעם דעקאַבריסטן־זאַל. זיי האָבן מיט רירנדיקן ערפורכט איינגעשטודירט דעם אויבנגעבראַכטן פּושקינשן פערז.

צי פירט מען אויך די קינדער אין די נייעסטע מוזיי־זאַלן, וואו עס הויבט זיך אָן די שטרייט-געשיכטע פון רוסלענדישן סאָציאַליזם — דאָס ווייס איך נישט.

יאָ, אויב דער מוזיי פון דער רעוואָלוציע שפּיגלט נישט אָפּ מיט דער גאַנצער היסטאָרישער אָביעקטיוויטעט דעם לעצטן פעריאָד פון דער רעוואָלוציע, איז ער אָבער גאַנץ געוויס אַ גוואַלדיקער געשיכטע-וואָרקשטאַט, וואו דער קומענדיקער גרויסער היסטאָריקער וועט שרייבן זיין גרויס ווערק וועגן איינער פון די גרעסטע עפּאָפּייען פון דער מענטשלעכער געשיכטע.

---

## מאָסקווער פעלקער-מוזעאום

פאַר איינעם, וואָס האָט נישט די מעגלעכקייט צו דורכקרייצן אין דער לענג און אין דער ברייט דאָס סאָוועטישע ריזן־לאַנד, איז דאָ, אין דעם מאָסקווער פעל־קער־מוזעאום („מוזיי נאַציאָנאַלנאָסטי") דער פּלאַץ צו באַקענען זיך מיט דעם, וואָס עס שטעלט פאָר מיט זיך דאָס היינטיקע פילפעקערלעכע סאָוועט-רוסלאַנד.

אין דעם נאַציאָנאַליטעטן־מוזעאום קען מען באַקומען, לפּחות דעם אַלגעמיינעם איינדרוק פון דער גוואַלדיקער טראַנספאָרמאַציע, וואָס איז פאָרגעקומען פאַר די לעצטע יאָרן צווישן די פעלקער, נאַציעס און שטאַמען, וואָס באַוואוינען דעם זעקסטן טייל פון דעם ערד־קוגל, די ריזיקע טעריטאָריע פון סאָוועט-רוסלאַנד.

דער באַשיידענער, אויסערלעך נישט אָנזעעוודיקער בנין פון דעם מאָסקווער פעלקער־מוזיי קען אפשר באַטראַכט ווערן אַלס דער וויכטיקסטער, אימפּאַזאַנטסטער מאָנומענט פון דער אָקטובער־איבערקערעניש. דאָ מער ווי ערגעץ־וואו אַנדערש, שאַרפער און בולטער זעט איר און שפּירט — איר טאַפּט אָן ממש מיט דער האַנט

— דעם קאָלאָסאַלן איבערברוך, וואָס איז פאָרגעקומען אין רוסישן **מלוכה־לעבן**, זינט אָקטאָבער 1917.

און מען מוז צוגעבן, דאָ זעט איר און שפּירט די גוואַלדיקע, ממש שטוינענדע דערגרייכונגען פון דעם נייעם רעזשים און זיין טיטאַנישן פאָרשריט.

עס איז אַלעמען און באַזונדערס אונדז יידן גוט באַקאַנט, ווי דאָס אַלטע צאַ־רישע רוסלאַנד האָט זיך באַצויגן צו די נאַציאָנאַליטעטן און פעלקער פון דער רו־סישער אימפּעריע.

מילא, צו די גרעסערע פעלקער, ווי די פּאָליאַקן און אוקראַינער האָט מען נאָך געהאַט אַ וועלכע נישט איז באַציאונג און קעמפנדיק קעגן זייערע זעלבסטשטענדי־קייט־אַספּיראַציעס האָט מען דאָך געקוקט אויף זיי מיט אַ געוויסן דרך־ארץ, אָבער אַלע אַנדערע קלענערע פעלקער זיינען באַטראַכט געוואָרן אַלס „אינאָראָדצעס“ און זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אַלס מינדערוויכטיקע ברואים לגבי די גרויס־רוסישע יחסנים.

דערשטיקן און אויסראָטן יעדע מאַניפעסטאַציע נישט נאָר פון פּאָליטישער, נאָר פון גייסטיק־קולטורעלער און שפּראַכלעכער נאַציאָנעלער אייגנאַרט, דאָס איז געווען דער דעוויז פון דער צאַרישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

להיפּוך צו דעם האָט דאָס נייע סאָוועטישע רוסלאַנד פּראָקלאַמירט די ווייטסטע און ברייטסטע נאַציאָנאַלע פרייהייט און נאַציאָנאַלע זעלבסט־באַשטימונג פון אַלע פעלקערשאַפטן, אינערהאַלב דער פּאָליטישער און מלוכהשער איינהייט פון ראַטנ־פאַרבאַנד.

און אַז די נאַציאָנאַלע זעלבסט־באַשטימונג האָט זיך נישט פאַרוואַנדלט אין אַן אַבסטראַקטן, ריין־טעאָרעטישן פּרינציפּ, אין אַ פרומען פּלאַטאָנישן וואונטש אין ראַטן־רוסלאַנד, דערויף זאָגט עדות דער מאָסקווער מוזיי פון די פעלקער.

דער דאָזיקער מוזיי האַלט זיך ערשט אין פאָרמירן; די גרעסטע נאַציעס, ווי אוקראַינע, ווייס־רוסלאַנד און די יידן, זיינען נאָך דאָ נישט פאָרטראָטן. דערווייל איז דער מוזיי געווידמעט ספּעציעל די פעלקערשאַפטן און שטאַמען פון קאַווקאַז און מיטל־אַזיאַטישן רוסלאַנד.

און דאָ זעט מען וואונדער, ממש טאַקע פּלא פּלאים, ווי אונטער דער כישוף־האַנט פון דער נייער מאַכט, פון דער נייער אָרדנונג, זיינען קולטורעל, פּאָליטיש און ווירטשאַפטלעך אויפגעשטאַנען צום לעבן פעלקערשאַפטן און שטאַמען, וואָס האָבן נאָך מיט אַנדערהאַלבן צענדליק יאָר צוריק נישט געהערט צו דער משפּחה פון ציוווי־ליזירטע נאַציעס און זיינען בכלל געשטאַנען אויף יענער זייט פון מענטשלעכער ציוויליזאַציע.

עס קען זיין, אַז אפשר איז נישט אַלץ, וואָס מען זעט אין מאָסקווער פעלקער־

מוזיי, דאַרף מען אָננעמען פאַר הונדערט-פּראָצענטיקן ריינעם אמת. מען דאַרף זיך משער זיין, אַז דאָ איז פאַראַן אויך דעקאָראַטיווע באַפּוצונג און פאַרשענערונג און אַז נישט אַלץ איז אין דער ווירקלעכקייט אַזוי שיין און אָנציענד, ווי עס ווערט גע-שילדערט אין די בילדער, דיאַגראַמען און מאַקעטן (מאָדעלן).

אָט שטייט פאַר מיר, למשל, אַ מאַקעט פון אַן אַרבעטער-וואוינונג ערגיץ אין אַ פּאַרוואָרפענעם ווינקל פון דער סאָוועטישער צענטראַל-אַזיע, אין דער אוזבעקישער אָדער טורקמענישער רעפּובליק.

אין אַ געמיטלעכן צימער, וואָס איז פאַרגאָסן מיט זון, — דאָס איז געמאַכט געוואָרן מיט עלעקטרישע ליכט-עפעקטן — זיצט אַן אַרבעטער-פאַמיליע ביי אַן אויסגעצייכנטן געדעקטן טיש; פון דעם בלאַנקנדיקן ניקל-סאַמאָוואַר שלאָגט אַ פּאַרע; עס איז ממש אַ אידיליע, וואָס איר פלעגט קענען טרעפן פאַר דער מלחמה, נאָר אין אַ וואוילהאָבנדיקער דייטשישער אַרבעטער-פאַמיליע.

ווען איך האָב דערזען אָט דעם מאַקעט, מוז איך זיך מודה זיין, אַז ביי מיר זיינען אַנטשטאַנען ערנסטע ספקות אין זיין וואַרהאַפטיקייט. אפשר אַלס אויסנאַם קען זיין, אַז איינצלנע אַרבעטער-פאַמיליעס אין סאָוועטישן צענטראַל-אַזיע האָבן שוין דערגרייכט צו אַזאַ צושטאַנד פון וואוילהאָבן, אָבער אַז דאָס זאָל זיין טיפּיש פאַר דעם מצב פון גאַנצע געגנטן אין דער טורקמענישער, אוזבעקישער, קירגיזער, אָדער קאַראַקוזן-רעפּובליקן — דאָס לאָזט זיך שווער גלויבן.

דאָ מוז מען שוין זען מיט די אייגענע אויגן די רעאַלע און נישט בלויז די מוזיי-ווירקלעכקייט, כדי מען זאָל קענען גלויבן אין איר. ליידער האָב איך דערצו נישט געהאַט די געלעגנהייט.

מיט וואָס פאַראַ קריטישן אויג מען זאָל אָבער נישט קוקן אויף איינצלנע פּרטים פון דעם, וואָס איז דאָ צו זען אין פעלקער-מוזיי, מוז איינער מיטגערירט ווערן פון דעם אַלגעמיינעם איינדרוק, וואָס מען באַקומט דאָ.

גוט. זאָל זיין, אַז דאָ און דאָרטן האָט מען „צוגעפּיקסט“ און דעקאָראַטיוו צו-געפּראַוועט דעם אויסזען פון דער אָדער יענער געגנט אין דעם מיטל-אַזיאַטישן סאָ-וועט-רוסלאַנד, אָדער אין קאַווקאַז, אָבער דאָס ענדערט נישט דעם אומבאַשטרייט-באַרן פאַקט, אַז צווישן די אומצאָליקע שטאַמען און פעלקערשאַפטן פון די פאַר-וואָרפנסטע טיילן פון רוסלאַנד, זיינען דערוועקט געוואָרן גוואַלדיקע שעפערישע כו-חות, מען האָט אַנטפּלעקט די פאַרבאָרגענע און נישט אויסגענוצטע ביז איצט רייכ-טימער פון דער נאַטור און די שלאָפנדע ענערגיע פון דעם לעבעדיקן מענטשן.

פּאַנאָראַמישע בילדער געמאָלן פון באַדייטנדע מאָלער, בשותפות מיט מייס-טער-סקולפּטאָרן, וואָס האָבן אויפגעשטעלט גיפּסענע מאַקעטן-מאָדעלן פון פאַבריקן, זאַוואָדן און שאַכטעס, גיבן אייך אַ בולטע פאָרשטעלונג, וואָס איז געווען נעכטן און

וואָס עס שטעלן מיט זיך פאַר היינט די געגנטן פון קאַווקאַז און מיטל־אזיע.

דאָ איז ווירקלעך אויפגעטון געוואָרן אַ מעשה בראשית־אַרבעט, אַן אויפטו פון טיטאַנען.

און שפּאַצירנדיק איבער די זאַלן פון מאָסקווער פעלקער־מוזיי מוז איינער ענדערן זיין סקעפּטישע באַציאונג צו די סאָוועטישע אַמביציעס דעריאָגן און איבעריאָגן די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

ווען די דערוואַכטע און באַגייסטערטע מענטשלעכע ענערגיע וועט מאַכן שותּפות מיט די אומענדלעכע נאַטור־רייכטימער פון ראַטן־רוסלאַנד, דאַן קען ווירקלעך דאָס אומגלויבלעכסטע דערגרייכט ווערן...

:: :: ::

מיר זיינען אין דער קאַווקאַזישער אָפּטיילונג פון מוזיי.

אונדזער באַגלייטערין, אַ יונגע דאַמע, איך האָב דעם איינדרוק, אַז זי איז אַ יידישקע, פירט אונדז אַרום איבער די זאַלן. זי האַלט אַ לאַנגן טייטל אין האַנט און גיט דערקלערונגען, ריכטיקער גאַנצע לעקציעס, וועגן די קאַווקאַזישע פעלקער, זייערע מנהגים, געשיכטע און סאָציאַלן צושטאַנד.

מיר שווינדלט אין קאָפּ פון די סטאַטיסטישע דאַטן וועגן דער נאַפט און מינעראַל־פּראָדוקציע היינט און אַמאָל. אונדזער לעקטאָרין איז קענטיק גרינטלעך באַהאַוונט אין דער מאַטעריע; זי האָט גוט שטודירט דעם קאַווקאַז און זיינע פעלקער און איז אויך אָריענטירט אין די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען.

דאָ אין די מוזיי־זאַלן איז צונויפגעזאַמלט אַ גוואַלדיק־רייכער מאַטעריאַל וועגן די קאַווקאַזישע פעלקער; עס איז רעקאָנסטרואירט געוואָרן דורך מאַקעטן דער גאַנצער לעבנס־שטייגער פון די קאַווקאַזער פירשטן און דעם פּשוטן פאָלק.

אַ ספּעציעלע זאַל אין דער קאַווקאַזער אָפּטיילונג, איז געווידמעט דער געבורטס־שטאָט פון סטאַלין. ס׳איז רעקאָנסטרואירט דאָס געבורטס־הויז פון סטאַלינען, דער ווערקשטאַט, וואו ער האָט געאַרבעט, די טורמע־קאַמער אין וועלכער ער איז געזעסן. אין ספּעציעלע וויטרינעס איז געזאַמלט אַלץ וואָס סטאַלין האָט געשריבן, צייטונגס־אויסשניטן, פּראָקלאַמאַציעס.

אונדזער באַגלייטערין האַלט זיך אויף לענגער אין אָט דעם זאַל, וואו עס געפינען זיך אַן אָנצאָל סטאַלין־פּאָרטרעטן און אייניקע סקולפּטורן; זי האַלט אַ גאַנצן ביאָגראַפישן פּאָרטראַג וועגן סטאַלינען און רעדט מיט יראת הכבוד וועגן די קלענסטע פּרטים פון דעם לעבן פון „טאָווארישטש" סטאַלין.

דאָ אין דעם זאַל, זעט איר דעם העכסטן אויסדרוק פון דעם סטאַלין־קולט, וואָס באַהערשט אַלץ און אַלעמען אין ראַטן־רוסלאַנד.

דעם גרעסטן רושם מאַכט די קולטור־אָפּטיילונג סיי אין דער קאַווקאַזישער, סיי אין דער מיטל־אַזיאַטישער אָפּטיילונגען.

דאָ רעדט צו אייך די שפּראַך פון אומבאַשטרייטבאַרע פאַקטן און טאַטזאַכן. דאָ זעט איר באַשיינפּערלעך די קולטור־רעזולטאַטן פון דער סאָוועטישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

איר זעט אין די וויטרינעס ביכער און דרוק־זאַכן אויף צוויי און דרייסיק לשונות פון די קאַווקאַזישע פעלקער־שטאַמען. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט ביז דער רעוואָלוציע נישט פאַרמאָגט קיין אַלפאַבעט, אַנדערע האָבן זיך באַנוצט מיט דער אַראַבישער שריפט. איצט איז פאַר זיי אַלעמען איינגעפירט געוואָרן דער לאַטייניש‍ער אַלפאַבעט.

נאָך גרעסער און איבערראַשנדער זיינען די קולטור־דערגרייכונגען אין דער סאָוועטישער מיטל־אַזיע. ביי אַ סך פון די פעלקער, וואָס זיינען ביז 1914 געווען אַנ־אַלפאַבעטן, איז איינגעפירט געוואָרן אָבליגאַטאָרישע בילדונג און דער פּראָצענט פון די, וואָס קענען לייענען און שרייבן דערגרייכט ביז זיבן און זעכציק.

דער צאַריזם האָט זיי געהאַלטן אין דער פינצטערניש, ער האָט מורא געהאַט, אַז די פאַרשפּרייטונג פון בילדונג וועט אויפוועקן ביי אָט די פעלקער און שטאַמען די שטרעבונג צו נאַציאָנאַלער פרייהייט.

די ראַטן־מאַכט האָט פאַרקערט, געהאָלפן דער נאַציאָנאַלער דערוואַכונג פון די אַלע פעלקער און שטאַמען פון קאַווקאַז און מיטל־אַזיע אָנשטאָט צו רוסיפיצירן זיי אויף גוואַלד. און די רעזולטאַטן זיינען באמת מערקווירדיקע.

אין די גרעניצן פון דער סאָוועטישער מלוכה־איינהייט באַזיצן די פעלקער פול־שטענדיקע נאַציאָנאַלע פרייהייט הן אויף דעם אַדמיניסטראַטיוון געביט, אויטאָנאָמע רעפּובליקן, הן אויף דעם קולטור־געביט.

די וויכטיקסטע ווערק פון דער אייראָפּעאישער און רוסישער ליטעראַטור זיינען איבערזעצט אין צענדליקער נייע שפּראַכן פון די אויפגעשטאַנענע צום נייעם לעבן פעלקערשאַפטן. פילע פון זיי באַזיצן שוין אַן אייגענעם טעאַטער. עס מערקן זיך אויך די ערשטע שפּראָצונגען פון אייגענעם קולטור־שאַפן.

אַזוי איז אין קאַווקאַז, למשל, זייער פּאָפּולער דער דאָגעסטאַנישער פּאָעט סולעמאַן סטאַלסקי (דער צווייטער נאָמען איז אַ צוגעגעבענער לכבוד סטאַלינען). סולעמאַנס דיכטונגען זיינען שוין איבערזעצט אין אַכט שפּראַכן און זיינע ווערק ווערן באַטראַכט אַלס וויכטיקער בייטראָג צו דער אַלפאַרבאַנדישער ליטעראַטור.

שעקספּירס „אָטעלאָ“ האָב איך געזען אין דאַגעסטאַנישער, טורקמענישער, אוזבעקישער און קאַריקוזער איבערזעצונגען.

אויב בנוגע די מאַקעטן און מאָדעלן, וואָס שילדערן דעם נייעם לעבנס־שטייגער

גער און די טעכניש־אינדוסטריעלע דערגרייכונגען, קען ביי עמיצן איינפאלן דער חשד, אז דאָס האָט מען באַפּוצט די ווירקלעכקייט, פאַר דער מוזיי-אויסשטעלונג, קען מען דאָס אָבער באַין אופן נישט זאָגן וועגן דער קולטור־אָפּטיילונג פונם מוזיי.

מען וועט דאָך נישט דרוקן קיין ספּעציעלע ליטעראַרישע אויסגאַבן אין צענד־ליקער אומפאַרשטענדלעכע נייע שפּראַכן, כדי מאַכן אַ רושם אויף טוריסטן...

ניין, דאָס איז רעאַלע ווירקלעכקייט. דאָ זעט איר פאַר זיך אַמדיסקוטירבאַרע און אומצווייפלהאַפטע פאַקטן און טאַטזאַכן פון דער קולטור-דערוואַכונג פון פעלקער און פון שטאַמען, וואָס זיינען גייסטיק, ווירטשאַפטלעך און פּאָליטיש אויפגעשטאַנען תחית המתים אדאַנק דער קלוגער און ווייטזיכטיקער סאָוועטישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס האָט באַרייכערט דאָס לאַנד מיט נייע שעפערישע כוחות.

איך האָב פאַרלאָזן דעם מאָסקווער פעלקער־מוזיי מיט אַ געפיל פון אמתער באַוואונדערונג, אָבער אויך מיט טרויער.

איך האָב זיך געטראַכט, און וואו זיינען מיר? פאַרוואָס האָבן מיר, דאָס עלטס־טע פון אַלע קולטור־פעלקער, נישט אויסגענוצט אין ראַטן-רוסלאַנד די גרויסע היס־טאָרישע געלעגנהייט פון דער נאַציאָנאַלער דערוואַכונג פון די סאָוועטישע פעל־קער? ! . . .

## מאָסקווער „אָרט"

איך האָב לכתחילה געוואוסט, אז אין דער צייט פון מיין צוויי-וועכנטלעכער אָנוועזנהייט אין ראַטנפאַרבאַנד וועט מיר נישט געלינגען צו זאַמלען גענוג פאַקטן און באָאָבאַכטונגען, וואָס זאָלן מיר געבן די מעגלעכקייט, אויפן גרונט פון אייגענער דערפאַרונג אַרויסצוטראָגן אַ וועלכן נישט איז וואָגיקן אורטייל וועגן דער לאַגע און דער צוקונפט פון די יידן אין ראַטן־רוסלאַנד. איך האָב אָבער נישט דורכגעלאָזן קיין איין געלעגנהייט צו שמועסן וועגן דער יידישער פראַגע, סיי אין דעם קרייז פון פריינט און באַקאַנטע, מיט וועמען איך האָב פאַרקערט און האָב געקענט אָפן און אָפנהאַרציק רעדן, סיי מיט אייגענע פירנדע פערזענלעכקייטן.

איך וועל דאָ פּרוּוון איבערגעבן דעם לעזער אייניקע פון מיינע שמועסן.

:: :: ::

אויף דעם אָפּערן־פּלאַץ, איינעם פון די שענסטע ווינקלען פון דער באַנייטער מאָסקווע, אין דער געביידע פון דעם ערשטקלאַסיקן טוריסטן־האָטעל „מעטראָפּאָל",

געפינט זיך דאָס צענטראַלע ביוראָ פון סאָוועטישן „אָרט“, דער איינציקער אומפאַרטייאישער יידישער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע אין ראַטנפאַרבאַנד.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז איינער פון די פירער פון סאָוועטישן „אָרט“ זאָל זיין מיינער אַן אַלטער פריינט, פון די בערלינער פאַר־מלחמה־צייטן, דער אינגעניער אַגראָנאָם צ., וועלכער איז אמת געווען בונדיסטיש אָריענטירט אין זיין צייט, אָבער דאָס האָט נישט געשטערט אונדזערע פריינטלעכע באַציאונגען.

ווען איך בין געגאַנגען אין „אָרט“־ביוראָ בין איך, דעם אמת געזאָגט, נישט געווען גאַנץ זיכער, ווי וועט דאָס זיין אונדזער באַגעגעניש אין די נייע אומשטענדן? די אַוועקגעגאַנגענע קנאַפע פינף און צוואַנציק יאָר האָבן מיך צעשיידט, שיער נישט אויסגעגראָבן אַ תהום, מיט מענטשן, מיט וועמען איך בין געווען אין נאָענטערן אידייאישן און חברישן קאָנטאַקט. איצט זיינען זיי אויף אָנפירנדע פאָסטנס אין מאָסקווע און איך האָב זיך שטאַרק געוואַקלט, צי זאָל איך זיך זען מיט זיי.

אָבער דער וואַרימער, האַרציקער האַנט־דרוק, מיט וועלכן עס האָט מיך באַגעגנט ד"ר צ. האָט גלייך אַוועקגענומען אַלע מיינע ספקות. איך האָב זיך גלייך דערפילט אין אַ וואַרימער, אייגענער סביבה, און דאָס „אָרט“־ביוראָ איז פאַר די קנאַפע צוויי וואָכן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין מאָסקווע, געוואָרן מיין יידישע „הויפט־קוואַרטיר“.

ד"ר צ. פירט אָן אַלס אַגראָנאָם־פאַכמאַן מיט דער אַרבעט פון „אָרט“ זינט דער אָקטובער־איבערקערעניש און ווערט זייער געשעצט אין די אָפיציעלע ספערן, נישט קוקנדיק אויף זיין אומפאַרטייאישקייט. זיין אַבסאָלוטע לאָיאַליטעט צום סאָוועטן־רעזשים האָט געגעבן די מעגלעכקייט, אַז דער „אָרט“ זאָל דורך אַלע שטורמען קענען אָנהאַלטן זיין אומפאַרטייאישן כאַראַקטער און באַטראַכט ווערן אַלס פריינטלעכע אָרגאַניזאַציע, וואָס ווירקט אין דער יידיש־סאָוועטישער סביבה אינעם גייסט פון דער סאָוועטישער עקאָנאָמיש־רעקאָנסטרוקטיווער פאָליטיק.

פון דעם ערשטן מאָמענט האָבן אונדזערע שמועסן מיט ד"ר צ. געטראָגן אַ פריינטלעך־פאַרטרויִלעכן כאַראַקטער, אָן דער מינדסטער אָפיציאַליטעט.

ד"ר צ. האָט מיך אויספירלעך באַקענט מיט דער טעטיקייט פון דעם „אָרט“ אין ראַטנפאַרבאַנד און האָט מיר אויפגעקלערט, אַז נישט קוקנדיק אויף דעם גרויסן אינדוסטריאַליזאַציע־פּראָצעס, וואָס האָט אין אַ גרויסער מאָס פאַרלייכטערט, כמעט אַרויסגעראַטעוועט פון דעם קלעם פון עקאָנאָמישער נויט און דעקלאַסירונג גרויסע טיילן פון רוסישן אידנטום, איז נאָך פאַראַן אַ סך פּלאַץ פאַר דער אידישער געזעלשאַפטלעכער איניציאַטיוו, באַזונדערס אין די קלענערע אידישע שטעטלעך, וואו עס לעבט נאָך עד היום אַ קנאַפער דריטל פון דער יידישער באַפעלקערונג פון ראַטנפאַרבאַנד.

מיט אומצאָליקע ביישפּילן און דאָקומענטן האָט מיר ד"ר צ. באַוויזן ווי אַזוי

די קרעדיט-הילף, די פּראָפעסיאָנעלע אויסבילדונג, די הילף דורך אגראַר-קרעדיט און פּאַכמעניִשע אגראָנאָמישע אינסטרוקטאָרן, האָט געשטעלט אויף די פיס גרויסע טיילן פון דער קליינשטעטלדיקער יידישער באַפעלקערונג.

מיך האָט, פאַרשטייט זיך, באַזונדערס אינטערעסירט צו הערן פון אזא אומ־פּאַרטייאישער און באַהאַוונטער קוועלע, ווי דער פירער פון „אָרט", וועלכער קען פון זיינע אָפטע אינספעקציע־רייזעס כמעט יעדן יידישן ווינקל אין סאָוועט־רוס־לאַנד, די מיינונג וועגן דער לאַגע און דער צוקונפט פון סאָוועטישן יידנטום.

איך האָב אים אָפן געזאָגט, אז אין געוויסע יידישן קרייזן אין אויסלאַנד, הערשט אַן אבסאָלוטער פּעסימיזם בנוגע דער צוקונפט פונעם סאָוועטישן יידנטום, וועלכן מען באַטראַכט אַלס פאַרלוירענעם גליד פון דער יידישער וועלט־משפחה.

ד"ר צ., וועלכער איז אַליין געווען אייניקע מאָל אין אויסלאַנד און לעזט אויך די יידיש-אויסלענדישע צייטונגען — צו מיין איבערראַשונג האָב איך געפונען אויף זיין שרייב־טיש דעם ניו-יאָרקער „פאָרווערטס" (דאָס איז אַ ספּעציעלע פּריווילעגיע פון „אָרט") — איז באַקאַנט מיט די דאָזיקע שטימונגען אין אויסלאַנד. ער באַ-טראַכט זיי, אַמווינציקסטן זייער שטאַרק איבערטריבן.

— קיינער קען נישט לייקענען — זאָגט מיר מיין מיטשמועסער — אַז אין די גרעסערע שטעט פון סאָוועט־רוסלאַנד, מערקט זיך זייער שטאַרק דער אַסימילאַציע־פּראָצעס, אָבער דאָס איז אַ דערשיינונג נישט פון היינט און נישט פון נעכטן.

— צי איז דען אין דער אַמאָליקער מאָסקווע און פּעטערבורג נישט געווען קיין אַסימילאַציע־טענדענצן צווישן דער יידישער אינטעליגענץ?

אַוודאי איז איצט דער אַסימילאַציע־פּראָצעס שטאַרקער. דאָס דערקלערט זיך מיט די ברייטערע מעגלעכקייטן, וואָס האָבן זיך געעפנט אין ראַטן־רוסלאַנד אי פאַר דער אינטעליגענץ אי פאַר די אַרבעטער-שיכטן. דער לייכטער צוטריט צו די העכערע, מיטעלע און קלענערע אַדמיניסטראַטיווע און מלוכה-פּאָסטנס האָבן אַרויסגעריסן באַדייטנדע יידישע שיכטן פון דער יידישער סביבה. דער פולשטענדיק פרייער צו־טריט צו אַלע אָן אויסנאַם בילדונגס-אַנשטאַלטן, די אומגעשטערטע מעגלעכקייט פון מיליטערישע קאַריערעס האָבן געוויס בייגעטראָגן צו דער פאַרשנעלערונג פון דעם אַסימילאַציע־פּראָצעס.

אויב אין דעם אַלטן רוסלאַנד האָבן זיך אַסימילירט די אַזוי־גערופענע העכערע שיכטן, האָט איצט דער אינדוסטריאַליזאַציע־פּראָצעס, דאָס באַטייליקן זיך אין די גרויסע פאַבריקן פון אַ גרויסער צאָל יידישע אַרבעטער, אריינגעצויגן אין דעם אַסי־מילאַציע־שטראָם נייע און ברייטערע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

דאָס זיינען אומבאַשטרייטבאַרע פאַקטן און דערפאַר איז דער אַסימילאַציע-פּראָצעס אין די גרעסערע סאָוועטישע שטאָט-צענטרען אַ סך אַ שנעלערער און איג־טענסיווערער, ווי פריער.

אָבער אין דעם פּרט איז דאָך סאָוועט־רוסלאַנד נישט קיין אויסנאַם. דאָס איז געשען און געשעט אויך אין צפון־אַמעריקע, אין די געוועזענע און איצטער נאָך פריי׳ע אייראָפּעאישע לענדער און וואַדשיינלעך קומט דאָס זעלבע פאָר אויך ביי אייך, אין דרום־אַמעריקע.

עס זיינען איצט פאַראַן, געוויס אַ סך מער ווי פריער, געמישטע חתונות.

די וואָס קענען שווימען אין דעם גרויסן ים פון דער אַלפאַרבאַנדישער קולטור און געזעלשאַפטלעכקייט טוען דאָס געוויס און רייסן זיך אָפּ פון זייער אייגענער סביבה.

אָבער צוזאַמען מיט אַט די אומבאַשטרייטבאַרע פאַקטן דאַרף מען אויך נעמען אין אַכט די קעגנווירקנדע, אַזוי צו זאָגן, „נאַציאָנאַליזירנדע" פאַקטאָרן.

אין דעם ייִדישן קליינעם שטעטל, וואו עס לעבט נאָך בערך אַ דריטל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, האָט זיך קאָנסערווירט דער אַלטער, אָדער אַביסל באַנייטער ייִדישער לעבנסשטייגער. מען רעדט ייִדיש און יעדער לעבט זיך אויס אין ייִדיש אויף זיין שטייגער און לויט זיין „פאַסאָן".

גאָר אַ וויכטיקער פאַקטאָר פון דער נאַציאָנאַל־ייִדישער קאָנסערוואַציע, איז די פאַרגרעסערטע ייִדישע קאָלאָניזאַציע.

אין די ייִדישע ישובים, אין די ייִדישע אַגראַר־דיסטריקטן קען מען כמעט נישט רעדן וועגן אַן ערנסטן אַסימילאַציע־פּראָצעס.

נישט ווייניקער וויכטיק איז די מלוכהשע אָנערקענונג פון דער ייִדישער נאַ־ציאָנאַליטעט און פון דער ייִדישער שפּראַך, וואָס באַקומט די אונטערשטיצונג פון אַלע מלוכה־אָרגאַנען.

מען קען האָבן, וועלכע מיינונג מען וויל וועגן דעם אינהאַלט, כאַראַקטער און טענדענצן פון דער סאָוועטיש־ייִדישער קולטור, אָבער מען מוז אָנערקענען איר אַנטי־אַסימילאַציע באַדייטונג. דאָס איז פאָרט אַ גרעסערע אָדער קלענערע שוץ־וואַנט קעגן דעם אַסימילאַטאָרישן פאַרשמעלצונגס־פּראָצעס.

ד"ר צ. באַטראַכט אויך ביראָבידזשאַן אַלס אויסעראָרדנטלעך וויכטיקן נאַציאָ־נאַליזירנדן פאַקטאָר.

אוודאי איז אַ שאָד, וואָס די ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט געפינט זיך ווייט פון די ייִדישע מאַסן־ישובים.

לייִדער האָט לאַרין, דער פאַרשטאָרבענער פירער פון „קאָמזעט" נישט געפונען קיין גענוגנדע אונטערשטיצונג מצד די סאָוועטיש־ייִדישע טוער און איז פון זיי, פאַרקערט באַקעמפט געוואָרן, ווען ער האָט געקעמפט דערפאַר, אַז דער אָרט פאַר דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט, זאָל באַשטימט ווערן ערגיץ־וואו אין אייראָפּע־אישן טייל פון סאָוועט־רוסלאַנד.

אָבער נישט קוקנדיק אויף דער געאָגראַפישער ווייטקייט פון ביראָבידזשאַן

שפילט עס אַ גרויסע נאַציאָנאַל-קאָנסערוואַטיווע ווירקונג און די דאָזיקע השפעה וועט בסדר וואַקסן און פאַרשטאַרקט ווערן מיט דעם וואוקס פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט, פון דער צוקונפטיקער יידישער רעפובליק ביי די ברעגן פון טייך אמור.

אָפגעזען אַלזאָ פון דער באַדייטונג פון דער ביראָבידזשאַנער קאָלאָניזאַציע אַלס מיטל פאַר דער איבערשיכטונג פון די עלעמענטן, וואָס האָבן נישט געפונען קיין פּלאַץ אין דער אינדוסטריע אָדער באַאַמטנשאַפט, איז נישט אָפּשאַצבאַר די נאַציאָנאַלע חשיבות פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט.

דורך ביראָבידזשאַן איז דערגרייכט געוואָרן די נאַציאָנאַל - פּ אָ ל י ט י ש ע אָנערקענונג פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט צווישן די פעלקער פון ראַטנפאַרבאַנד און דאָס איז דאָך אַמווינציקסטן אַ טעאָרעטיש-פּרינציפּיעלער קעגנגיפט קעגן דער אַסימילאַציע, וואָס גייט אָן אין דער לעבנס-פּראַקטיק פון דער סאָוועטיש-יידישער ווירקלעכקייט אויסערהאַלב דער אויטאָנאָמער געגנט און יידישע דיסטריקטן.

אין דער הינזיכט איז שוין נישט וויכטיק, ווי גרויס עס וועט זיין די יידישע קאָנצענטראַציע אין ביראָבדזשאַן. אַנטשיידנדיק איז דער פאַקט, וואָס עס עקזיסטירט אַ יידישע אויטאָנאָמע געגנט אָדער רעפובליק, וואָס איז אַ גוואַלדיקער אימפּולס און סטימול פאַר דער אויפהאַלטונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אייגנאַרט אין דער פעלקער-משפחה פון ראַטנפאַרבאַנד.

דאָס זיינען בערך די מיינונגען, וואָס עס האָט מיר אַרויסגעזאָגט ד"ר צ., וועלכער באַטראַכט די יידיש-סאָוועטישע ווירקלעכקייט אין משך פון לאַנגע יאָרן מיט אַ געוויסער אומפּאַרטייאישער אָביעקטיוויטעט און מיט אַ שטאַרקן גלויבן, אַז דאָס יידנטום אין ראַטן-רוסלאַנד וועט נישט פאַרשווינדן, אָננעמענדיק נייע פאָרמען אין דער נייער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

---

# אין „געזערד"

איך האָב זיך שטאַרק געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל איך זיך זען מיט מיינע געוועזענע ס. ס. חברים, וואָס שטייען איצט אין דער שפּיץ פון דער יידישער אַרבעט אין ראַטן-רוסלאַנד.

דער ליכטיקער פּרילינג פון דער ציוניסטיש-סאָציאַליסטישער (ס. ס.) באַוועגונג, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט צוזאַמען און וואָס פאַרבינדט מיך מיט זיי, איז פאַר זיי אַ זינדיק בלאַט פון זייער פּאָליטישער קאַריערע. דאָס איז פאַר זיי נישט מער, ווי חטאת נעורים און איך בין נישט געווען זיכער, צי וועט פאַר זיי זיין באַזונדערס „אַנגענעם" צו באַגעגענען זיך מיט איינעם, וואָס דערמאָנט זיי זייערע

אמאליקע „זינד“ און איז טריי געבליבן די אידייען, וועלכע זיי פארלייקענען אצינד מיט אזא ביטערער לײדנשאפט...

איך האב זיך מישב געווען מיט מיין פריינט פון „אָרט“ ווי איך זאל האנדלען; ער האט נישט איינגעזען, אז איך אלס זשורנאליסט דארף אויסמיידן די באגעגעניש.

איך האב באשלאסן צו מאכן דעם ערשטן פרואוו מיט ר א ש ק ע ס ן, מיט וועמען מיינע באציאונגען זיינען שטענדיק געווען מער ווי פארטייאישע ווארעם-חברשע. דערצו איז ראשקעס שטענדיק באטראכט געווארן אין אונדזערע פארטיי־קרייזן אלס פערפעקטער דזשענטעלמאן און דאס, וואס די אמעריקאנער רופן „גוד באי“.

מיין פריינט שטעלט זיך אין טעלעפאנישער קאמוניקאציע מיטן „געזערד“, וואו ראשקעס פארוואלטעט מיט די ענינים פון ביראבידזשאן.

— ער ווארט אויף אייך אין ביורא פון „געזערד“, און איז גרייט אייך גלייך אויפנעמען — מעלדעט מיר מיין פריינט און גיט מיר איבער, אז דער אפרוף אין טעלעפאן איז געווען זייער א פריינדלעכער.

נו, נאך דער ערשטער געלונגענער פראבע, בעט איך מיין פריינט זיך פארבינדן מיט דער רעדאקציע פון „עמעס“ און בעטן פאר מיר א אינטערוויו ביי מ. ליטוואקאוון.

— יא, דא איז שוין דער ענטפער א קילערער, — זאגט מיר מיין פריינט, אוועקלייגנדיק די טעלעפאן־טרייבל.

מיין ראנדעוואו מיט ליטוואקאוון איז באשטימט געווארן אין א צוויי טעג ארום, ווייל אין מיטן איז אויסגעפאלן דער סאוועטישער זונטיק.

:: :: ::

דאס ביורא פון „געזערד“ געפינט זיך אין דער געביידע פון קאמיסאריאט פון אגריקולטור־ענינים. דאס אריינקומען און ארויסגיין פון קאמיסאריאט איז פארבינדן מיט א גאנצער פראצעדור. מען דארף ארויסנעמען אין סעקרעטאריאט אן איינטריט-צעטל, אנווייזנדיק גענוי די מאטיוון פון דעם באזוך. ביים ארויסגיין מוז דאס צעטל אונטערגעשריבן און געשטעמפלט ווערן פון דעם ביורא, וועלכן מען באזוכט.

איך בין אריינגעקומען אין דעם מער, ווי באשיידענעם ביורא פון „געזערד“. עס איז שווער צו דעפינירן דעם כאראקטער פון מיין באגעגעניש מיט ראשקעסן. מיר האבן זיך שוין נישט געזען קנאפע דרייסיק יאר, אבער מיר האבן זיך גלייך דערקענט. דער אונטערטאן פון אונדזער געשפרעך, וואלט איך געזאגט, איז געווען א

פריינדלעך רעזערוווירטער. עס איז אינעם לויף פון שמועס נישט געפאלן קיין איין וואָרט, וואָס זאָל דערמאָנען אונדזער געמיינזאַמע פאַרגאַנגענהייט און די מענטשן פון דער פאַרגאַנגענהייט, בעת פאַרקערט מ. ליטוואַקאָוו האָט בעת אונדזער זייער „טרוקענער" און אָנגעצווונגענער באַגעגעניש זיך שטאַרק פונאַנדערגעפרעגט וועגן יעדן איינעם פון די געוועזענע חברים: ער האָט קענטיק געוואוסט פון די צייטונגען, אַז איך בין געווען אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס און האָט געמאַכט אַ פּאָר שטעכיקע באַמערקונגען וועגן בערטאָלדין, בן־גוריונען. און וועגן דער פּשרה, וואָס איז געמאַכט געוואָרן מיט די „מזרחי".

מיט ראַשקעסן האָב איך געפירט דעם שמועס הויפּטזעכלעך וועגן ביראָבידזשאַן און דער טעטיקייט פון „געזערד".

גראַד אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב זיך געפונען אין „געזערד", איז דאָרטן דערהאַלטן געוואָרן אַ לעצטער באַריכט פון דעם פּאָרזיצער פון דער אויטאָנאָמער געגנט, ליבערסבערג.

ראַשקעס האָט מיר באַוויזן דעם באַריכט, אין וועלכן עס האָט זיך גערעדט וועגן דעם פאָרסירטן מאַרש פון דער אויפבוי־אַרבעט אין ביראָבידזשאַן.

עס ווערט פאַרענדיקט דער גרויסאַרטיקער וואָקזאַל, עס בויען זיך מיט אַ שנעלן טעמפּאָ דער טעאַטער, די שול־בנינים און אונדזערע עפנטלעכע געביידעס.

דער פירער פון דער אויטאָנאָמער געגנט דריקט אויס זיין צופרידנהייט מיט דעם שנעלן און דערפאָלגרייכן גאַנג פון דער אויפבוי־אַרבעט.

ראַשקעס גיט מיר איבער וועגן דעם נייעם פּראָזאָ, וואָס ווערט איצט געמאַכט איבערצושיקן די איבערוואַנדערער מיט ספּעציעלע עשאַלאָן־צוגן, וועלכע פאָרן טאַקע לאַנגזאַמער, אָבער האָבן אַלע באַקוועמלעכקייטן פאַר אַ לאַנגער רייזע, אַ ספּעציעלן רעסטאָראַן־וואַגאָן, באָד־אָפּטיילונגען א. א. וו.

ראַשקעס גיט צו, אַז אין דעם ערשטן פּעריאָד פון דער ביראָבידזשאַן־אַרבעט זיינען געמאַכט געוואָרן פעלערן פון אַדמיניסטראַטיוון און קאָלאָניזאַטאָרישן כאַראַקטער, אָבער איצט איז שוין די אויפבוי־אַרבעט אויף די רעלסן און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער שנעלער און אומאונטערבראָכענער פּראָגרעס פון דער אויטאָנאָמער יידישער געגנט.

אין דער הויפּטשטאָט פון ביראָבידזשאַן לעבט אַ געמישטע באַפעלקערונג פון יידן, רוסן און קאָרעאַנער, אָבער די יידן זיינען דאָרטן די מערהייט, אויב איך מאַך קיין טעות נישט איבער ז ע כ צ י ק פּראָצענט. די רעכט פון די „נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן" ווערט שטרענג אָפּגעהיט; זיי האָבן זייערע אייגענע שולן, אָבער די דאָמינירנדע שפּראַך איז יידיש, דאָס איז די אָפיציעלע שפּראַך פון דער אויטאָנאָמער געגנט.

ראַשקעס גיט מיר איבער די שוין גוט באַקאַנטע דאַטן און ציפערן וועגן דעם

וואוקס פון דער אגריקולטור, אינדוסטריע פון ביראָבידזשאַן וואו עס האָבן זיך צום סוף 1935 געפונען ביי די פערצן טויזנט יידישע איינוואוינער.

מיין מיטשמועסער שטעלט זיך אָפּ אויספירלעך אויף דער גוואַלדיקער מאָראַליש־דערציערישער באַדייטונג פון ביראָבידזשאַן פאַר דער ניט־יידישער אַרבעטער־באַפעלקערונג. ער גיט מיר איבער אַ גאַנצע רייע פאַקטן וועגן דעם, אַז אַ גאַנצע רייע פאַבריקן פון פאַרשידענע געגנטן פון ראַטנפאַרבאַנד, האָבן אויף זיך גענומען די פּראָטעקציע פאַר דעם אויפבוי פון פאַרשידענע עפנטלעכע אַנשטאַלטן אין ביראָבידזשאַן, זיי זאַמלען און שיקן איבער דעם נויטיקן בוי־מאַטעריאַל און באַשטימען אָפּט בריגאַדעס, וואָס זאָלן העלפן דורכפירן די אַרבעט. אַזוי, למשל, האָבן די אַרבעטער פון די מעטאַלורגישע פאַבריקן, דוכט זיך פון דאָניעץ, באַשלאָסן העלפן אויפבויען דעם קולטור-פּאַרק אין ביראָבידזשאַן און האָבן פאַר דעם צוועק אָוועקגעשיקט אַהין נישט נאָר דעם נויטיקן מאַטעריאַל, נאָר אויך אַ ספּעציעלע אַרבעטס־בריגאַדע.

צום יום־טוב פון דער גרינדונגס־פייערונג פון ביראָבידזשאַן האָבן די אַרבעטער פון די אוראַלער זאַוואָדן געשיקט אַלס מתנה זיבן וואַגאָנען מיט פאַרשידענע מאַטעריאַלן און וועדקצייג און אַז עס האָבן אויסגעפעלט וואַגאָנען, איז קיין מאָסקווע געקומען אַ ספּעציעלע דעלעגאַטין, אַ מיטגלידערין פון וציק, וועלכע האָט אויסגעפועלט ביי מאָלאָטאָוון, אַז מען זאָל צושטעלן די נויטיקע וואַגאָנען.

רעדנדיק וועגן דער טעטיקייט פון „געזערד" (אָזעט) האָט מיר ראַשקעס אָנגעוויזן, אַז אַ גרויסער, אויב נישט דער גרעסטער טייל מיטגלידער פון „אָזעט" זיינען ניט־יידישע אַרבעטער. דאָס האָט אַן אומאָפּשעצבאַרע דערציערישע ווירקונג אויף די ניט-יידישע סאָוועטישע מאַסן און דאָס איז דער ווירקזאַמסטער קעגן-גיפט קעגן אַנטיסעמיטיזם. אויף די אומצאָליקע „אָזעט" פּראָפּאַגאַנדע פאַרזאַמלונגען אין די פאַבריקן, ווערט אָנגעוויזן אויף די סיבות, וואָס האָבן ביים צאַרישן רעזשים דערווייטערט די יידן פון ערד־אַרבעט און פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונגען. די דאָזיקע אויפקלערונג איז דער ווירקזאַמסטער מיטל אויסצוראָטן די וואָרצלען פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָבן געקענט פאַרבלייבן אַלס ירושה פון דעם אַלטן רעזשים.

אונדזער שמועס איז נאָכדעם אַריבער צו דער אַלגעמיינער לאַגע פון די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד.

איך גיב איבער ראַשקעסן וועגן דער פּעסימיסטישער שטימונג, וואָס הערשט אין ברייטע יידישע קרייזן אין אויסלאַנד בנוגע דער צוקונפט פון דעם סאָוועטישן יידנטום, וואָס ווערט פון מאַנכע באַטראַכט אַלס פאַרלאָרענער גליד פון דער יידישער אַלוועלטלעכער משפּחה.

ראַשקעס רייסט מיך איבער:

— דערלויבט, דערלויבט. אויף וואָס פאַר אַ גרונד האָט איר דאָס רעכט צו מאַכן אַזעלכע פעסימיסטישע אויספירונגען?

— גזלנים, וואו האָט איר אַ צווייטן ווינקל אין דער ערד, אויסער דעם ראַטנפאַרבאַנד, וואו די מלוכה זאָל אַזוי פיל טון פאַר דער דערהאַלטונג פון דער נאַציאָנאַלער יידישער אייגנאַרט און שפּראַך?

— באַווייזט מיר אַ צווייט לאַנד, וואו יידישע לער־ביכער זאָלן דערשיינען אין פּ ו פּ צ י ק טויזנט עקזעמפּליאַרן, וואו יידישע שיינע ליטעראַטור זאָל פאַרשפּרייט ווערן אין פינף טויזנט עקזעמפּליאַרן.

— וואו ווערן אַרויסגעגעבן אַזוי פאָלקאָמען און אין אַזאַ גרויסער צאָל די יידישע קלאַסיקער? האָט איר געזען אונדזער פּראַכט־אויסגאַבע פון שלום עליכם?

ביי די צוויי הונדערט טויזנט קינדער באַזוכן די יידישע אָנפאַנג־שולן. מיר פאַרמאָגן אַ גאַנצע רייע העכערע יידישע לער־אַנשטאַלטן און אַקאַדעמיעס, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן פון דער מלוכה. וואו ווערט נאָך אָנגעפירט אַזאַ אינטענסיווע פאָרשונגס־אַרבעט אויף אַלע געביטן פון יידישער וויסנשאַפט, — געשיכטע, שפּראַך, עקאָנאָמיק, ווי אין ראַטנפאַרבאַנד.

מיר האָבן צענטראַלע און פּראָווינציעלע יידישע טעגלעכע אויסגאַבן.

— און דער סאָוועטישער יידישער טעאַטער? דער יידישער קאַמערן־טעאַטער האָט דאָך פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דער אַזוי הויך שטייענדיקער אַלגעמיינער טעאַטער-קולטור פון פאַרבאַנד.

ראַשקעס גיט מיר אָן די דאַטן וועגן דער יידישער פאַרלאַג־טעטיקייט אין ראַטנפאַרבאַנד, וואָס ער האָט אונטערן האַנט, פאַר די יאָרן 1928-1932.

עס זיינען פאַר דער צייט דערשינען איבער צוויי טויזנט צוויי הונדערט אויסגאַבן (באַזונדערע נעמען), וואָס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן אין קרוב צו אַכט מיליאָן עקזעמפּליאַרן.

גיט צו צו דעם די באַזונדערע יידישע ראַיאָנען, וואו יידן לעבן מער אָדער ווייניקער קאָנצענטרירט, האָבן אַן אייגענע אַדמיניסטראַטיווע פאַרוואַלטונג וואו יידיש איז די דאָמינירנדע שפּראַך אין דער פאַרוואַלטונג, שולע און געריכט.

— ווי קען מען ביי אַזאַ זאַך־לאַגע רעדן וועגן דעם נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג פון סאָוועטישן יידנטום? — טענהט צו מיר ראַשקעס.

עס גייט געוויס אויך אַ פּראָצעס פון אַסימילאַציע אין די געגנטן פון ראַטנפאַרבאַנד, וואו די יידן וואוינען נישט קאָנצענטרירט. דער דאָזיקער פּראָצעס איז אפשר שטאַרקער אין ראַטנפאַרבאַנד, אַדאַנק דער אַבסאָלוטסטער, וואָס האָט נישט איר גלייכן אין גאָר דער וועלט, יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער, וואָס גיט די יידן די מעגלעכקייט אַקטיוו זיך באַטייליקן אין אַלע געביטן פון עפנטלעכן לעבן, קולטורעלן, פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן.

אָבער איז דען די דאָזיקע אַסימילאַציע אַ ריין סאָוועטישע דערשיינונג.

און איצט ווערט אונדז געגעבן דורך דער אויטאָנאָמער יידישער געגנט אין ביראָבידזשאַן די פולסטע מעגלעכקייט פון נאַציאָנאַלן אויסלעבן זיך, פון טעריטאָ־ריעלער נאַציאָנאַלער קאָנצענטראַציע.

— אוודאי, — פאַרענדיקט ראַשקעס זיין טעמפעראַמענטפולע עקספּאָזע — ווי וועלנדיק ענטפערן אויף מיין נישט־געשטעלטער פראַגע וועגן דעם נאַציאָנאַלן ווערט פון דער סאָוועטישער יידישקייט — וועט די יידישע רעפובליק אין ביראָ־בידזשאַן, ווי די גאַנצע יידיש-קולטורעלע אַרבעט אין ראַטנפאַרבאַנד, נישט טראָגן קיין נאַציאָנאַל-שאָוועניסטישן כאַראַקטער, זי וועט זיין דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון דער נייער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס עס שאַפט זיך אין ראַטנ־פאַרבאַנד בשותפות מיט אַלע סאָציאַל און נאַציאָנאַל־באַפרייטע פעלקער...

איך האָב זיך געזעגנט מיט ראַשקעסן נאָך אַ שעהדיקן געשפּרעך אונטער דעם איינדרוק, אַז ער האָט דאָך זיך נישט אויסגעטון איגאַנצן פון זיין אַמאָליקער יידיש־סאָציאַליסטישער און אפשר ס׳ס׳ישער ירושה, וואָס האָט געפונען איר אויסדרוק אין זיין התלהבותדיקער סאָוועטיש-יידישער אַרבעט אין ביראָבידזשאַניזם, וואָס איז דאָך אַ גלגול פון דעם אַמאָליקן סאָציאַליסטישן טעריטאָריאַליזם...

---

# אין לענינגראַד

לענינגראַד איז געווען פאַר מיר אַן אמתע איבערראַשונג.

איך האָב זיך אָנגעהערט און אַ סך געלייענט וועגן דעם, אַז די געוועזענע הויפּטשטאָט פון די צאַרן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַרוואָרלאָזטער פּראָ־ווינץ־שטאָט, אַז אַלץ איז דאָ אָפּגעלאָזן, פאַראַרימט און אַז ס׳איז נישט צו דער־קענען דעם אַמאָליקן גלאַנץ פון דער שטאָט, וואו פּעטער דער גרויסער האָט געוואָלט דורכהאַקן אַ פענצטער קיין אייראָפּע.

איך בין נישט געווען אין דעם אַמאָליקן פּעטערבורג, און קען דערפאַר נישט פאַרגלייכן דעם אַמאָל מיטן היינט.

איינס קען איך נאָר זאָגן, אָן מורא אַריינצופאַלן אין אַ גוזמא, אַז נאָך פּאַריז איז לענינגראַד די שענסטע, פּראַכטפולסטע שטאָט אין אייראָפּע.

יאָ, עס קען זיין, אַז ביז גאָר נישט לאַנג האָט מען פאַרנאַכלעסיקט לענינגראַד. דער צענטער פון לאַנד איז דאָך געוואָרן מאָסקווע. דאָרט שפּרודלט און וויבּרירט דער הויפּט־נערוו פון דעם פּאָליטישן, קולטורעלן און אַרטיסטישן לעבן פון לאַנד. לע־נינגראַד האָט פאַרלוירן איר אַמאָליקע גדלות און טראָגט אויף זיך ווירקלעך דעם

שטעמפּל פון געוויסער פּראָווינציאַלישקייט.

אָבער אין הינזיכט פון אַרכיטעקטאָנישער עסטעטיק איז לענינגראַד דער גרוי־סער יחסן, צו וועלכן מאָסקווע וועט זיך קיינמאָל נישט קענען פאַרגלייכן, ווי עס קען זיך מיט אים נישט פאַרגלייכן קיין שטאָט אין דער וועלט אויסער פּאַריז.

אויב מאָסקווע, דער גרויסער ביז נישט לאַנג רוסישער דאָרף, איז אויפגעבויט געוואָרן, ווי עס האָט זיך געלאָזן, אָן פּלאַן און סיסטעם, און שפּיגלט אָפּ מיט איר אַרכיטעקטאָנישן כאַאָס, דאָס פלאַנגלאָזע און כאַאָטישע פון דעם אַלטן צאַריש־אַזיאַ־מישן רוסלאַנד, זעט איר אויף יעדן טריט און שריט אין לענינגראַד דעם גייסט פון אייראָפּע, די געניאַל־רעוואָלוציאָנערע כוונה פון זיין גרינדער, פּעטער דעם גרויסן צו אייראָפּעאיזירן דאָס לאַנד.

די נייע מאַכט איז ערשט צוגעטראָטן צו דער ריזיקער אַרבעט פון מאָדערניזירן מאָסקווע. לויט דעם פּלאַן, וואָס האַלט ערשט אין פּאַרווירקלעכט ווערן, וועט מאָס־קווע אין צען יאָר אַרום פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מאָדעל, אין דער שענסטער שטאָט פון דער וועלט. דאָס איז אָבער צוקונפט-מוזיק.

לענינגראַד איז שוין אָבער היינט אַ צויבערנדע ווירקלעכקייט, אַן אמתער פּערל, וועלכן מען דאַרף נאָר אפשר דאָ און דאָרט אָרומפּוצן. און דאָס ווערט געטון.

איך שפּאַציר איבער דעם לענין־פּראָספּעקט, געוועזענער נעווסקי, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע רחבות דאָ איז! דאָ פעלט נאָר דאָס עלעגאַנטע פּאַריזער פּובליקום, כדי איר זאָלט מיינען, אַז איר זייט אויף דעם באַרימטן בולוואַר „שאַן־עליזעי“. עס איז אָוונט-צייט, ערב דעם סאָוועטישן זונטיק, דאָ איז אַן אמתע פעלקער־וואַנדערונג, איר קענט זיך קוים דורכשטופּן אויף די ברייטע, רחבותדיקע טראָטואַרן, אויף יעדן טריט און שריט גרויסע געשעפטן מיט אויסגעפּוצטע פענצטער־וויטרינעס, פון וואַנען יעם שטראָמט אַ ים ליכט און עס לאָקן דאָס אויג די אַרטיסטיש אַראַנזשירטע אויס־שטעלונגען פון אַלערליי סחורות.

איר זעט, ווי לענינגראַד פּוצט זיך, כמעט יעדע דריטע הויז ווערט געפאַרבט און רעמאָנטירט. און דאָ אויף דעם לענין־פּראָספּעקט איז דאָ, וואָס צו פּוצן. אויף יעדן טריט און שריט זעט איר דאָ מאָנומענטאַלע געביידעס, די געוועזענע פּאַלאַצן פון די הויף-מענטשן, פירשטן און דער געוועזענער רוסישער אַריסטאָקראַטיע, דאָס אַלץ איז איצט פאָלקס-אייגנטום.

די צירונג פון לענינגראַד איז די נעוואַ־טייך — „קראַסאַוויצאַ נעוואַ!“ —

יאָ, זי האָט באמת פאַרדינט דעם נאָמען; זי איז ווירקלעך אַ קראַסאַוויצע די נעוואַ־טייך, און זי באַשיינט און באַצירט די שטאָט מיט אירע וואַסערן און מיט אירע וואונדערבאַרע בריקן, איינציקע פון וועלכע זיינען מייסטערשטיק פון אַרכי־טעקטור-קונסט.

דאָס שענסטע, וואָס לעני‌נגראַד פאַרמאָגט זיינען אירע „פּלאַסאַס“, און עס איז נישט לייכט צו זאָגן, וועלכע פון זיי איז די שענסטע.

אָט איז דער פּלאַץ פון ווינטער־פּאַלאַץ, „פּלאָשטשאַד זימניאַוואָ דוואָרצאַ“, וואָס שפּילט אין לעני‌נגראַד די ראָלע פון דעם מאָסקווער „רויטן פּלאַץ“ — דאָ קומט פאָר די ספּעציעלע פּאַראַדן און יום־טובים.

דער ווינטער־פּאַלאַץ, אין סטיל פון איטאַליענישן רענעסאַנס, פון איין זייט און די געביידעס פון דער אַדמיראַליטעט פון דער צווייטער בילדן סימעטרישע האַלב־קרייזן, וואָס פאַרוואַנדלען דעם פּלאַץ כמעט אין אַן אָפּגעשלאָסענעם סאַלאָן פון ריזיקע דימענסיעס.

עס פאַרכישופט דאָס אויג מיט זיין רחבות און אַרכיטעקטאָנישער שיינקייט דער פּלאַץ פון פעטער דעם גרויסן.

אינעם צענטר שטייט דער באַרימטער דענקמאָל פון גרינדער פון לעני‌נגראַד.

די בראָנזן־פיגור פון פעטער דעם גרויסן, רייטנדיק אויף אַ פערד איז אַ געניאַל מייסטערווערק. איר האָט דעם איינדרוק, אַז דער פון בראָנז אויסגעשניצטער פערד, מער אָדלער ווי פערד, האַלט זיך קוים אויפן שטיינערנעם פּיעדעסטאַל, ער רייסט זיך צוזאַמען מיטן רייטער מיט געשפּאַנטער אָנגעשטרענגטקייט צו אומבאַקאַנטער ווייטקייט.

עס איז ממש צו שטוינען, ווי אַזוי דער קינסטלער־סקולפּטאָר האָט אין האַרטן בראָנז געקענט אויסדריקן אַזוי פיל דינאַמיק.

ווען איר באַטראַכט לענגער אָט דעם מערקווירדיקן דענקמאָל הויבט זיך אייך אָן צו דוכטן, אַז אָט באַלד וועט זיך פעטער אַ ריס־טון צום הימל אויף זיין אָדלער...

בעת די רעוואָלוציע האָט צעשטערט אַלע דענקמעלער פון צאַריזם האָט מען געשאַנעוועט אָט דאָס זעלטענע קונסטווערק, וואָס פאַרקערפּערט דעם גאַנצן רעוואָלוציאָנערן אימפּעט פון פעטער דעם גרויסן.

אָבער אויב עס איז גאַנץ באַגרייפלעך און נאַטירלעך, וואָס מען האָט נישט גע־טשעפּעט דעם דענקמאָל פון פעטער דעם גרויסן קען זיך אויסווייזן אויפן ערשטן מאָמענט מאָדנע ווי אַזוי מען האָט איבערגעלאָזן דעם מאָנומענט פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, דעם ביי‌עסטן טיראַן פון די ראָמאַנאָווס.

ווען איר קוקט זיך אָבער איין אין דער סטאַטוע פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן ווערט פאַר אייך קלאָר דער סוד, פאַרוואָס די רעוואָלוציע האָט געשאַנעוועט אָט דעם דענקמאָל.

דער הויך-טאַלענטירטער רוסישער סקולפּטאָר, פירשט טרובעצקאָי, וואָס האָט געשאַפן די סטאַטוע פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, האָט מיט אָדער אָן כוונה, פאַר־קערפּערט אין דער פיגור פון אַלעקסאַנדער דאָס גאַנצע אָפּשיילעכע פון צאַריזם. די

גאַנצע פיגור דריקט אויס עקלהאַפט ברוטאַלע מגושמדיקייט. דאָ איז די עסענץ פון אַפשיילעבער מיאוסקייט אין בראָנז און מאַרמאָר.

עס איז נישט צו באַגרייפן פאַרוואָס מען האָט נישט אַראָפּגענומען דעם קאָפּ פון דעם רוסישן סקולפּטאָר, וואָס האָט געוואַגט, אָדער מיט דער ספּאָנטאַנער אינ־טואיציע פון אַ קינסטלער, קענען זיין ווילן אויסגעדריקט דעם אמתן מהות פון איינעם פון די בייזעסטע רוסישע צאַרן.

ווען לנדיק פאַרהערלעכן דעם אָנדענק פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן האָט דער צאַ־ריזם געשאַפן זיין אייגענעם שאַנד און שפּאָט־מאָנומענט. און די רעוואָלוציע האָט דערפאַר נישט אַנגערירט אָט דעם דענקמאָל; עס איז בלויז אויף אים געמאַכט גע־וואָרן די געהעריקע אויפקלערנדע אויפשריפט, וואָס ווייזט־אָן, אַז דער צאַריזם האָט זיך דאָ אַליין פאַראייביקט אין זיין גאַנצן עקל.

עס זיינען אויך פאַרבליבן גאַנץ און אומבאַרירט די צוויי גרויסע **קלויסטערס־**קאַטעדראַלן, דער איסאַקיעווסקי און קאַזאַנסקי סאָבאָרן: דאָס זיינען פּראַכטפולע מאָנומענטן פון ביזאַנטישער קונסט. דאָ איז פאַרשוואונדעט געוואָרן אַן אַ שיעור גאָלד אויף דעם טייערסטן און זעלטנסטן מראַמאָר.

דער איסאַקיעווסקי־סאָבאָר איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַנטי־רע־ליגיעזן מוזיי און דער קאַזאַנסקי־סאָבאָר דינט פאַר אַ מוזיי פאַר דער געשיכטע פון רעליגיעס.

אויף יעדן טריט און שריט באַגעגנט איר אין לענינגראַד געביידעס, וואָס דער־מאָנען אייך די עפּיזאָדן פון דער עלטערער און נייעסטער רעוואָלוציאָנערער געשיכטע פון רוסלאַנד.

היינט איז לענינגראַד אַ פּאָליטישער יורד, ווייל דאָס צענטראַלע פּאָליטישע לעבן האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין מאָסקווע. נעכטן אָבער, בעת דער מערץ־רעוואָ־לוציע פון קערענסקין און אין דער ערשטער פאַזע פון דער אָקטובער־איבערקערע־ניש, איז לענינגראַד, דעמאָלט נאָך פּעטראָגראַד, געווען דער יחסן און דאָ האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די וויכטיקסטע אַקטן פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער דראַמע.

אָט איז דער באַרימטער פּאַלאַץ פון דער טענצערין קשעסינסקי. דאָ איז געווען די הויפּט־קוואַרטיר פון די באָלשעוויקעס אין דער צייט פון קערענסקיס רעגירונג. מיט יראת הכבוד ווייזט מען אָן דעם פּלאַץ, נעבן דער טענצערינס פּאַלאַץ וואו לענין פלעגט האַלטן זיינע רעדעס צו די מאַסן פון פּעטראָגראַד.

מיר פאָרן־צו צו דעם טאַווּרישן פּאַלאַץ, אַ זייער באַשיידענער בנין, וואָס רופט נישט די אויפמערקזאַמקייט מיט זיין אויסערלעכן אויסזען. אָבער אין דער געשיכטע פון דעם רוסלענדישן פרייהייטס־קאַמף פאַרנעמט אָט דער בנין גאָר אַ גרויסן פּלאַץ. דאָ איז געווען די רוסישע „גאָסודאַרסטווענאַיאַ דומאַ", דער בלומרשטער פּאַרלאַ־

מענט, וואָס דאָס רוסישע פאָלק האָט אויסגעקעמפט אין דער ערשטער אָקטובער-רעוואָלוציע פון 1905.

די העלדן פון דעם שווידנזיכטיקן רוסישן פּאַרלאַמענטאַריזם, וועלכע האָבן אין זיין צייט אויפגעשטורעמט דאָס לאַנד מיט זייער גלענצנדער און מעכטיקער רעטאָ-ריק, זיינען שוין כמעט אַלע פאַרשוואונדן, אָדער אָראָפּגעשטויסן געוואָרן פון דער פּאָליטישער סצענע.

דער טאַורישער פּאַלאַץ איז אָבער פאַרבליבן אַלס עדות פון איינעם פון די וויכטיקסטע קאַפּיטלען פון דער געשיכטע פון דעם רוסלענדישן פרייהייטס-קאַמף, דאָ האָט זיך אויך אָנגעהויבן די געשיכטע פון נייעם סאָוועטישן רוסלאַנד — דער מערץ-פראָלאָג צום רויטן אָקטובער.

און אָט זיינען מיר ביים היסטאָריש באַרימטן „סמאָלני“, דעם געוועזענעם לער-אינסטיטוט פאַר די טעכטער פון רוסישן אָדעל, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם גענעראַל-שטאַב פון דער אָקטובער-רעוואָלוציע. דאָ האָבן לענין און טראָצקי אוועקגעלייגט דעם יסוד פון דעם נייעם רוסלאַנד און האָבן אָנגעצייכנט דעם וועג פאַר דער נייער וועלט-געשיכטע...

אין אָט דעם היסטאָרישן בנין געפינט זיך איצט דער לענינגראַדער סאָוויעט. אַריינגיין אינעווייניק מוז מען האָבן גרויס זכות אבות. נאָך קיראָווס מאָרד איז דער צוטריט אין סמאָלני זייער שווער, און מיר קרייזן אַרום מיטן אויטאָמאָביל אָט דעם מקום קדוש פון דער אָקטובער-רעוואָלוציע.

אונדזער רייזע איבער דעם היסטאָרישן לענינגראַד איז פאַרענדיקט. מיר פאָרן אין די אַרבעטער-קוואַרטאַלן פון דעם וואַסילעווער אָסטראָוו; אין דעם אַלטן פּעטראָ-גראַד האָט דאָ געלעבט אין נויט, שמוץ און דחקות, אין די שרעקלעכסטע אַנטי-היגיענישע באַדינגונגען דער פּראָלעטאַריאַט פון דער צאַרישער הויפּטשטאָט.

איצט זיינען דאָ דורכגעשניטן פּראַכטפולע אַווענידעס, אַרומגעזוימט מיט דעם גרינס פוןביימער און עס שטייען ריזיקע מאָדערנע הייזער-בלאָקן פאַר די אַרבעטער.

דאָ איז דער נייער, אָדער דער אָנהויב פון דעם נייעם לענינגראַד, וואָס די נייע אָרדנונג האָט ערשט אין שאַפן.

איצט קערן מיר זיך אום צום אַלטן סאַן פּעטערבורג, צו דער גרעסטער קולטור-ירושה, וואָס דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט איבערגעלאָזן דער נייער — דאָס איז דער ע ר מ י ט אַ ז ש — די גרעסטע קונסט-גאַלעריע אין איירּאָפּע נאָך דעם פּאַריזער לוּאוור.

עטלעכע שעה האָב איך שפּאַצירט אין אָט דעם טעמפּל פון קונסט, וואו עס זיי-נען צוזאַמענגעקליבן אומאָפּשאַצבאַרע אוצרות פון די וועלט-באַרימטסטע מייסטער. מיט אייניקע פון זיינע קאָלעקציעס שטייגט איבער דער ערמיטאַזש אַלע וועלט-

מוזייען. דאָ פּאַראַלירט איינער דעם קאָפּ און מען דאַרף האָבן וואָכן, כדי געגוי צו באַקענען זיך מיט אָט דעם ריזיקן קונסט־פאַרמעגן, וואָס דער צאַריזם האָט איבער־געלאָזט דעם נייעם רוסלאַנד. דער דאָזיקער פאַרמעגן איז אָפּגעהיט געוואָרן מיט פּיעטעט פון די נייע באַלעבאַטים און איז נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן. איצט שפּרייט זיך אויס דער ערמיטאַזש כמעט איבער אַלע זאַלן פון ווינטער־פּאַלאַץ, וואו עס זיי־נען צוזאַמענגעקליבן געוואָרן זייער ווערטפולע קונסט־ווערק וואָס זיינען קאָנפיס־קירט געוואָרן אין די פּאַלאַצן פון דער געוועזענער רוסישער אַריסטאָקראַטיע.

מען באַגעגנט דאָ אויף טריט און שריט גרופּעס באַזוכער, אַרבעטער, רויט־אַר־מייער און שול־קינדער, וואָס שטודירן אונטער דער אָנפירונג פון פאַך־לייט די קינסטלערישע שולעס פון פאַרשידענע עפּאָכעס.

די גוואַלדיקע קונסט־אוצרות וואָס דער צאַריזם האָט אָנגעזאַמלט מיט א פאַר־שווענדערישן לוקסוס אויפן חשבון פון פאָלק זיינען איצט אומגעקערט געוואָרן דעם פאָלק און זיינען געוואָרן זיין אייגנטום.

:: :: ::

— ווילט איר באַזוכן דעם פּעטראָפּאַוולאָווסקי־קרעפּאָסט, — פרעגט מיך די „אינטוריסט“־פרייליין, א יידיש מיידל, וואָס רעדט שבעים לשונות.

— געוויס, ענטפער איך — זיין אין לענינגראַד און נישט זען דעם פּעטראָ־פּאַוולאָווסק־קרעפּאָסט איז דאָס זעלבע, ווי צו זיין אין פּאַריז און נישט א קוק טון אויף דער באַסטיליע.

אָבער אויף דעם „פּלאַס דע באַסטי“, אין פּאַריז זעט איר שוין נישט די שפּורן פון דעם פּלאַץ, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַנדערהאַלבן הונדערט יאָר צוריק די נייע פראַנצויזישע און אייראָפּעאישע געשיכטע.

דער פּלאַץ פון דער בארימטער פעסטונג, וואו עס זיינען געווען געפאַנגען די קעגנער פון דער פראַנצויזישער מאָנאַרכיע, איז איצט א טומלדיקער געשעפטלעכער צענטר, און נאָר דער אָבעליסק־פאָרמיקער דענקמאָל דערמאָנט די היסטאָרישע פאַר־גאַנגענהייט פון אָט דעם וויכטיקן ווינקל, וואו עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט וועלט־גע־שיכטלעכע פּאַסירונגען.

אַנדערש איז דער פּעטראָפּאַוולאָווסק־קרעפּאָסט. די צאַרישע באַסטיליע איז געבליבן קאָנסערווירט, ווי זי איז געווען. דאָ איז נישט גערירט געוואָרן קיין שטיין.

געוויס מאַכט א גוואַלדיקן רושם, ווען מען זעט, ווי אויף דעם ווינטער־פּאַלאַץ פלאַטערט אָנשטאָט דעם צאַרישן שטאַנדאַרט די רויטע פאָן, אָבער אין קיין פּלאַץ שפּירט איר נישט אַזוי שטאַרק די גוואַלדיקע היסטאָרישע איבערקערעניש, ווי אין

דער פּעטראָפּאַוולאָווסק־פעסטונג. דאָ טאַפּט איר אָן מיט די הענט די וואַנדער פון דער געשיכטע.

איידער מען פירט אייך אריין אין די באַסטיאָנען פון דער פעסטונג קומט איר אריין אין דער צערקווע פון פּעטראָפּאַוולאָווסק. דאָ שטייען די טרומנעס פון די צאַרן. דאָ ליגט דאָס גאַנצע הויז פון די ראָמאַנאָווס מיטן אויסנאַם פון ניקאָלאַי דעם לעצטן, וועמענס אַש עס האָט צוטראָגן דער ווינט. די טרומנעס זיינען פון די טייערסטע, פאַרשידנפאַרביקסטע מאַרמאָר־בלאָקן מיט גאָלד־באַצירונג.

און אין שכנות מיט דעם פּאַנטעאָן פון די טויטע צאַרן געפינט זיך דער „טרו־בעצקאָי־באַסטיאָן", וואו עס זיינען לעבעדיקערהייט באַגראָבן געוועזן די, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן דער צאַרישער פאַרשקלאַפונג.

דורך געדרייטע טרעפּ גייט איר אַריין אין די קאַמערן, וואו עס האָבן אָפּגע־שמאַכט זייער לעבן די העלדן פון דער רוסישער רעוואָלוציע, די וואָס האָבן מיט זייער לעבן צוגעגרייט די מפּלה פון צאַריזם.

אויף דער טיר פון יעדער קאַמער איז אָנגעשריבן, ווער עס איז דאָרטן געזעסן.

עס לעבט אויף פאַר אייך די גאַנצע העלדן־גאַלעריע פון די רוסישע רעוואָלו־ציאָנערן — קראָפּאָטקין, ווערא פיגנער, מאָראָזאָוו, מאַריאַ וועטראָוואַ און אַנד.

איצט, ווען די טירן פון די קאַמערן זיינען אָפן און דורך די קאָרידאָרן־פענצ־טער דרינגט אריין אַביסל זון־ליכט מאַכט אויף אייך די פּעטראָפּאַוולאָווסק־פעסטונג נישט דעם שרעקלעכן רושם, ווי דאָס האָט אייך געמאָלן אייער פאַנטאַזיע.

איך האָב געבעטן דעם באַגלייטער פאַרמאַכן אויף אַ ווייל די טיר פון איינער פון די קאַמערן, און ערשט דעמאָלט באַקומט זיך דער שרעק פון אַ לעבעדיקן קבר, וואו מענטשן האָבן פאַרבראַכט אַ גרויסן טייל פון זייער לעבן.

דאָס שרעקלעכסטע איז געוועזן די טויט־שטילקייט, וואָס האָט דאָ געהערשט. דיקע ווענט טיילן אָפּ איין קאַמער פון דער צווייטער. מען האָט דאָ נישט געשפּירט קיין מענטשלעכן אָטעם, קיין שום באַוועגונג, קיין מענטשלעכע שטימע.

נאָר די קאַמער פון ווערא פיגנער איז עפּעס לייטישער. פון דעם פענצטער, וואָס ליגט ביי דער סטעלע דרינגען אריין אַביסל זונען־שטראַלן. דאָס האָט געדאַרפט פאַרלייכטערן דעם עול פון דער שרעקלעכער, טויט־שטילער איינזאַמקייט.

אָט פירט מען אונדז אריין אין דער גאַנץ טונקעלער קאַמער פון מאַריאַ וועט־ראָוואַ, וואָס האָט נישט אויסגעהאַלטן די פּיין פון איינזאַמקייט און האָט זיך לעבע־דיקערהייט פאַרברענט, אויסגיסנדיק אויף זיך די נאַפט פון טיש־לאָמפּ, וואָס מען האָט אַריינגעטראָגן אין איר קאַמער.

פּעטראָפּאַוולאָווסק איז דער דענקמאָל פון דעם רוסישן רעוואָלוציאָנערן מאַר־טירערטום פון דער נאָענטער און ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

אָבער די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב אַרומגעשפּאַצירט אויף אָט דעם געהייליקטן דורך מענטשלעכע ליידן פּלאַץ, האָב איך זיך נישט געקענט באַפרייען פון דעם פיינלעכן געדאַנק:

אין פּעטראָפּאַוולאָווסק האָט די זיגרייכע רעוואָלוציע אויפגעריסן די שווערע טירן, וואו עס זיינען לעבעדיקערהייט באַגראָבן געווען פרייהייטס-מאַרטירער, אָבער אויף די חורבות פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסק-פעסטונג זיינען אַנטשטאַנען די סאָלאָוועצקער אינדזלען, די קעלערן פון טשעקאַ...

און וויפל צדיקים קומען דאָרטן אום צווישן די, וואָס האָבן ווירקלעך געזינדיקט קעגן דער רעוואָלוציע!...

די פרייד, וואָס איינעם כאַפּט אַרום ביי די אויפגעריסענע טירן פון די באַסטיאָנען פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסק-קרעפּאָסט ווערט ליידער פאַרשאָטנט פון פּיינלעכן טרויער, ווען מען דערמאָנט זיך וועגן די נייע טורמעס, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אויף די חורבות פון די אַלטע...

---

# מאָסקווער בילדלעך

## מען טאַנצט...

פּאַרנאַכט. די געוועזענע טווערסקאַיאַ, איצט גאָרקי-גאַס איז פול מיט לעבן און באַוועגונג. איך פאַרלאָז דעם „טראָליבוס", דער אייגנאַרטיקן מאָסקווער אָמניבוס, וואָס באַוועגט זיך מיט אַן עלעקטרישן דראָט אַן רעלסן. איך לאָז זיך גיין צופוס, מיש זיך צונויף מיט דעם ריזיקן מענטשן-שטראָם, וואָס באַוועגט זיך, נישט איילנדיק איבער דער מאָסקווער „פּלאָרידאַ".

מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט קוק איך זיך צו צו די מענטשן און כאַפּ אויף יעדן קלאַנג, וואָס דערטראָגט זיך צו מיר.

הינטער מיר גייען צוויי מיידלעך, קענטיק אַרבעטאָרינס, וואָס קערן זיך אום פון זייער אַרבעט און שמועסן זייער לעבהאַפט. איך פאַרלאַנגזאַם מיינע שריט און שפּיץ אָן די אויערן, נישט טראַכטנדיק וועגן דעם, צי איז קאָרעקט צוהערן זיך צו אַ פרעמדן געשפּרעך...

— וואָס זאָגסטו נישט, ווי גלענצנד איוואַן פּעטראָוויטש טאַנצט „פאָקסטראָט",

— דערטראָגט זיך צו מיר דער דיאַלאָג פון די אַרבעטער-מיידלעך.

— מיר וועלן מאַרגן אומבאַדינגט גיין צום טאַנץ-אָוונט. איוואַן פּעטראָוויטש האָט מיר צוגעזאָגט אויסצולערנען די נייע טאַנץ־פיגורן...

נו, — טראַכט איך זיך — עס איז נישט שלעכט. דאָס לעבן איז קענטיק לייכ־טער געוואָרן, ווען מען רעדט מיט אַזאַ דביקות וועגן פאָקסטראָט, וואָס איז, דוכט זיך, גאָרנישט לאַנג צוריק געווען פּסול אין ראַטן־רוסלאַנד אַלס בורזשואַזער טאַנץ און איז נאָר טאָלערירט געוואָרן אין די לאָקאַלן, וואו עס פאַרזאַמלען זיך טוריסטן און אויסלענדישע ספּעצן.

דאָך איין צופעליק אונטערגעהערטער געשפּרעך גיט נישט דאָס רעכט פאַר פאַראַלגעמיינערונגען —זאָג איך זיך.

אין אָוונט בין איך אין הויז ביי מיינע פריינט. עס האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט אַ פּופּצן פּערזאָן, וואָס זיינען געקומען מיך זען.

עלף ביינאַכט שטעלט מען אָן דעם ראַדיאָ־רעסעפּטאָר. קיין ראַדיאָ־אַפּאַראַטן האָב איך נישט געזען. אָבער כמעט אין יעדן הויז איז דאָ אַ ראַדיאָ־רעסעפּטאָר. עס קאָסט אַ קלייניקייט, דוכט זיך צוויי רובל אַ חודש און יעדער־ער קען הערן די טראַנס־מיסיע פון דער איינציקער, אָפיציעלער ראַדיאָ-סטאַנציע.

צווישן עלף און האַלב צוועלף ווערן איבערגעגעבן די לעצטע נייעס פון טאָג דורך דער „פּראַוודאַ". אַ קלאָרע, מעלאָדישע פרויען-שטימע גיט איבער די לעצטע ידיעות פון אַביסינישן פראָנט.

האַלב צוועלף. די אינפאָרמאַטיווע טראַנסמיסיע איז געענדיקט און עס הויבט זיך אָן די טאַנץ-מוזיק פּראָגראַם. עס הערן זיך די קלאַנגען פון אַ פּראַכטפולן זשאַז־אָרקעסטער. זשאַז אין רוסישן נוסח. און אַז איך דערהער די קלאַנגען פון אַ טאַנגאָ, דערוועקט זיך אין מיר מיין אַרגענטינישער פּאַטריאָטיזם... היימישע קלאַנגען אין דער ווייטער מאָסקווע.

מען צערוקט די שטולן און אין דעם נישט צו גערוימען צימער ווערט אימ־פּראָוויזירט אַ טאַנץ־פּאַרוויילונג. קינד און קייט טאַנצן. יונגערע, ווי מיטליאָריקע דאַמען און מענער. און מען טאַנצט נישט דעם אַלטמאָדישן וואַלס, נאָר דעם גאַנצן רעפּערטואַר פון אַמעריקאַנישן זשאַז.

נעכטן איז דער טאַנץ, באַזונדערס דער זשאַז, באַטראַכט געוואָרן אין ראַטן-רוסלאַנד אַלס בורזשואַזער פאַראורטייל, היינט האָט מען נישט נאָר אָראָפּגענומען די גזירה אויפן טאַנץ, נאָר מען סטימולירט אים.

היינט טאַנצט „גאַנץ" מאָסקווע.

און דאָס ריכטיקע טאַנצן האָב איך ערשט געזען, ווען אַרום צוויי ביינאַכט בין איך געקומען צו זיך אין האָטעל און בין אַריין אין דעם רעסטאָראַן־סאַלאָן.

עס איז געווען ערב דעם סאָוועטישן זונטיק. מאָרגן איז אַ פרייער טאָג, און דער עולם לאָזט זיך וואוילגיין. אַלע טישן זיינען באַזעצט. איך האָב קוים געפונען אַ פרייען ווינקל. אַ טייל פון פובליקום זיינען טוריסטן־אויסלענדער, אָבער די מערהייט זיינען סאָוועטישע מענער און פרויען. מען זעט דאָ גאָר עלעגאַנט, כאָטש באַשיידן געקליידעטע דאַמען.

איך בין נישט ווייניק איבעראַשט, ווען כמעט אויף יעדן טיש זע איך פלעשער ווייז און אפשר שאַמפּאַן אין ניקלענע עמערלעך.

— ווער זיינען עס אָט די מענטשן? — פרעג איך מיט אַ געוויסער פאַרוואונדערונג ביי מיין באַגלייטער, אַן אַלטער מאָסקווער תושב, אַ מעדיקער־אינספּעקטאָר פון שפּייז־טרעסט.

— דאָס זיינען על פּי רוב מיטעלע סאָוועטישע באַאַמטע. און איך בין נישט זיכער, אַז זיי זיינען נישט קיין קאַנדידאַטן, אויף וועלכע עס וואַרט אַ פּראָצעס פאַר פאַרשווענדונג פון קהלשע געלטער...

דער אויסגעצייכנטער אָרקעסטער שפּילט דעם מעלאָדישן ווינער־וואַלצער, אָבער מערסטנטייל זשאַז־מאָטיוון, וואָס ווערן אויך צוגעזונגען אין ענגליש און אין רוסיש און אומצאָליקע פּאָרלעך דרייען זיך אין ריטם פון די קלאַנגען.

דער טאַנץ־ענטוזיאַזם וואַקסט, וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער; באַלד הויבט זיך אָן אַ סערפּאַנטין־שלאַכט. איך גלייב זיך מיינע אויגן נישט, אַז איך בין אין מאָסקווע און נישט ערגעץ אין אַ קאַבאַרעט אין פּאַריז אָדער בוענאָס־איירעס...

דאָס זעלבע בילד האָב איך נאָכדעם געזען אינעם האָטעל „אייראָפּאַ" אין לענינגראַד.

מען טאַנצט אין ראַטן־רוסלאַנד. מען טאַנצט עלעגאַנט און פּערפעקט און מיט זעלטענעם אימפּעט און התלהבות... ווי מען וואָלט וועלן אָניאָגן די יאָרן פון לאַנגן תענית, ווען ראַטן־רוסלאַנד האָט געהאַט אַנדערע זאָרגן און ווען מען האָט געטראַכט נאָר וועגן דעם סאָציאַליסטישן עולם הבא...

דער עולם איז דורשטיק נאָך אַביסל עולם הזה, און דאָס שפּירט איר אין דעם אָנשטעקנדיקן פיבער פון דעם סאָוועטישן טאַנץ־ענטוזיאַזם.

אוים תענית. לעבנס־לוסט און לעבנס־דורשט האָבן גובר געווען דעם סאָוועטישן נזירות.

און מיך האָט באמת געפרייט, זעענדיק טאַנצן דעם סאָוועטישן עולם. קענטיק, אַז דער שווערער עול פון סאָוועטישן לעבן איז לייכטער געוואָרן, ווען עס טאַנצט זיך . . .

דער טראַמוויי, אויף וועלכן איך פאָר, פאַרקערעוועט אויפן פּושקין־סקווער, וואו עס שטייט דער דענקמאָל פון דעם גרויסן רוסישן פּאָעט, וועמענס יובילעאום עס פייערט איצט סאָוועט־רוסלאַנד.

איך שטיי אויף דער פּלאַטפאָרם מיט ברייט געעפנטע אויגן, זוכנדיק אַריינ־כאַפּן, וואָס מער, זען וואָס מער פון דעם נייעם מאָסקווע, אין די קורצע טעג פון מיין באַזוך.

פון ווייטן דערזע איך אַ מאָדנע פּראָצעסיע. אַ גרופּע פון אַ דרייסיק־פערציק מענער און פרויען באַגלייטן אַ טרומנע, וועלכע מען טראָגט אין די הענט.

מיר איז אָבער אויפגעפאַלן, וואָס די מענטשן פון דער פּראָצעסיע איילן זיך מאָדנע. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט איילנדיק דורכ־שלייכן, מען זאָל זיי נישט באַמערקן.

מיר איז דאָס געוואָרן טשיקאַווע. איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון טראַמוויי, ווי נאָר ער האָט פאַרלאַנגזאַמט זיין גאַנג, און האָב זיך צוגעקוקט צו די באַגלייטער. לויט דעם אָנטון און אויסזען זיינען עס געווען אַרבעטס־מענטשן.

איך האָב געוואָלט אויסגעפינען, וואָס איז די סיבה, וואָס די מענטשן יאָגן זיך אַזוי מיט דער טרומנע מיט אַביסל צעשראָקענע אָדער שעמעוודיקע פּנימער. ווי מיר האָט זיך אויסגעדוכט, פּונקט ווי זיי וואָלטן געטראָגן נישט קיין מת, נאָר קאָנ־טראַבאַנדע . . .

איך בין נאָכגעגאַנגען עטלעכע קוואַרטאַלן די דאָזיקע מאָדנע לויה־פּראָצעסיע. און ערשט, ווען איך האָב דערזען, אַז די מענטשן האָבן פאַרקערעוועט צום קלויס־טער, וואָס שטייט, ווי פאַרשטעקט הינטער די געביידעס פון אַ זייטיק געסל פון פּושקין־סקווער, איז מיר שוין קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס די מענטשן האָבן זיך אַזוי איילי̇ק שעמעוודיק דורכגעשלייכט מיט זייער טרומנע, פּונקט, ווי זיי וואָלטן גע־טראָגן קאָנטראַבאַנדע . . .

דאָס איז געווען אַ רעליגיעזע לויה.

געזעצלעך איז דאָס דערלויבט. איצט שטערט מען שוין קיינעם נישט אין ראַ־טן־רוסלאַנד צו לעבן און צו באַגראָבן ווערן רעליגיעז.

קענטיק אָבער, אַז אויב מען האָט נישט מורא, שעמט מען זיך אָבער אין דער־רויטער מאָסקווע מיט אַ רעליגיעזער לויה . . .

## דער מאָסקווער „מעטראָ"

וואו איך בין נישט געגאַנגען, מיט וועמען איך האָב זיך נישט באַגעגנט, האָט

מען מיר געשטעלט איין און די זעלבע פראגע:

— האָט איר שוין געזען אונדזער „מעטראָ"?

אין מאָסקווע איז דאָ אַזוי פיל צו זען, אַז אין קנאַפּע צוויי וואָכן, ווען מען באַגנבעט אַפילו די שלאָף־שעהן — קען מען נישט באַוויי‌זן צו זען, וואָס עס ווילט זיך.

איך האָב זיך נישט געאײַלט צו זען דעם „מעטראָ", איבערלאָזנדיק עס אויפן לעצטן טאָג. איך האָב זיך געטראַכט, אַז פאַר איינעם, וואָס האָט געזען די אונטער־גרונדבאַן (סובטעראַנעאָ) אין ניו־יאָרק, פּאַריז און בערלין איז, נישטאָ וואָס צו נתפּעל ווערן פון דעם מאָסקווער „מעטראָ", מיט וועלכן עס שטאָלצירט קינד און קייט.

איך האָב אָבער אַ טעות געהאַט.

די מאָסקווער אונטערגרונד־באַן איז ווירקלעך איינע פון די גרעסטע טעכנישע און אַרכיטעקטור־וואונדער אין דער וועלט.

וועגן דעם מאָסקווער „מעטראָ" איז דאָ אַ גאַנצע ליטעראַטור. אין וואָרט און בילד ווערט באַשריבן איינע פון די ווירקלעך גרויסע דערגרייכונגען פון דעם סאָוועטישן אויפבוי־אימפּעט.

דער מאָסקווער „מעטראָ" איז נישט בלויז דאָס גרויסע ווערק פון אויסלענדישע און סאָוועטישע טאַלענטירטע אינזשעניערן און קינסטלער־אַרכיטעקטן, נאָר דאָס איז אַ לייסטונג פון קאָלעקטיוון שאַפן.

„גאַנץ" מאָסקווע האָט געבויט די אונטערגרונד־באַן. קינד און קייט האָבן בייגעטראָגן מיט זייער אַרבעט, געטראָגן שטיינער, געגראָבן ערד און אַוועקגעגעבן זייערע זונטיקן, „וויכאָדנאָי דיען" — פאַר דעם שנעלן אויפבוי פונעם „מעטראָ".

און דערפאַר איז קיין וואונדער נישט, וואָס גאַנץ מאָסקווע שטאָלצירט מיט דעם „מעטראָ" און פרייט זיך מיט אמתער קינדישער פרייד, ווען איר זאָגט זיי, אַז די פּאַריזער אונטערערדישע באַן איז אַ שטאָל אין פאַרגלייך מיט דעם מאָסקווער, וואָס איז ווירקלעך אַזוי.

אַ באַקאַנטער אינזשעניער האָט זיך מיר אָנדערציילט ניסים ונפלאות וועגן דער בויאונגס־געשיכטע פון מאָסקווער „מעטראָ". די טאָפּאָגראַפיע פון מאָסקווע האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך גוואַלדיקע כמעט אומבאַזיגבאַרע שוועריקייטן פאַרן דורכגראָבן די טונעלן. און דאָ האָבן סאָוועטישע טעכניקער און אינזשעניערן באַוויזן, כמעט געניאַלע טעכנישע איינפאַלן.

מיטן מאָסקווער „מעטראָ" איז פאַרבונדן דער נאָמען פון קאַהאַנאָוויטש, וועלכער איז געווען דער אינספּיראַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר פון דעם גרויסן ווערק.

מען קען אָן שום גוזמא באַהויפּטן, אַז די מאָסקווער אונטערערדישע באַן האָט נישט איר גלייכן אין דער וועלט אַלס אַרכיטעקטאָניש־קינסטלעריש ווערק.

יעדע פון די צען סטאַנציעס פון דער ערשטער מעטראָ־ליניע איז קאָנסטרואירט געוואָרן לויט אַ באַזונדער אַרכיטעקטור־פּלאַן, לויט אַ קינסטלערישן קאָנקורס. און אַז איר קומט אַריין אין די פאַרשידענע סטאַנציעס האָט איר דעם איינדרוק, אַז איר זענט אין אַ פּראַכטפולן מוזעאום־סאַלאָן.

עס זיינען דאָ סטאַנציעס, וואָס דערמאָנען אייך אַ גריכישן טעמפּל, דאָס ליכט שטראָמט פון מאַרמאָרנע אורנעס; די זיילן זיינען פון די פיינסטע שטיינער, וואָס ראַטן־רוסלאַנד פאַרמאָגט אויף דעם אוראַל.

דאָס אויג ווערט איבערגעראַשט פון דער אויסערגעוויינלעכער און אָריגינעלער שיינקייט פון די אייגנאַרטיקע אַרכיטעקטור־פאָרמען פון יעדער מעטראָ־סטאַנציע באַזונדער.

יאָ, מאָסקווע האָט דאָס פולע רעכט צו שטאָלצירן מיט איר „מעטראָ“, וואו שטראַלנדיקע שיינקייט און פּראַקטישע נוצלעכקייט האָבן געפונען אַ גליקלעכן סינטעז . . .

---

## דער דרייסיק-מיליאָניקער סאָוועטישער רעזערוו

דער פּראָוויזאָרישער חשבון פון דער סאָוועטישער פאָלקס־ציילונג האָט באַוויזן, אַז די באַפעלקערונג פון דעם פאַרבאַנד פון די ראַטן־רעפּובליקן דערגרייכט צו הונדערט און זיבעציק מיליאָן נפשות.

לויט דער דאָזיקער באַפעלקערונגס־צאָל וועט ראַטן־רוסלאַנד אין פאַל פון אַ מלחמה קענען מאָביליזירן אַן אַקטיווע און רעזערוו־אַרמיי פון דרייסיק מיליאָן פּראָנט און קאָנטער־פּראָנט־סאָלדאַטן אין עלטער פון אַכצן ביז זעכציק יאָר.

געוויינלעך ווערט דער מאָביליזאַציע־עלטער גערעכנט ביז פופציק יאָר, אָבער אַ געוויסער פּראָצענט פון מענער אינעם עלטער פון פופציק ביז זעכציק יאָר, קענען אויסגענוצט ווערן פאַר דעם אַדמיניסטראַטיוון מיליטערישן אַפּאַראַט הינטער דעם פראָנט.

מען דאַרף אויך נעמען אין חשבון, אַז פאַר געוויסע מיליטערישע צוועקן וועט קענען אינעם נויט־פאַל אויסגענוצט ווערן די יוגנט פון 16 ביז 18 יאָר, וואָס באַקומט אין ראַטן־רוסלאַנד אַן אויסגעצייכנטע פיזישע און אפילו האַלב־מיליטערישע דערציאונג.

נישט קיין קליינער פאַקטאָר פאַר דעם פאַל פון אַ מאָביליזאַציע קענען זיין די יונגע און מיטל־עלטערע פרויען, וואָס זיינען גאַנצע אשת־חיל אין ראַטן־רוסלאַנד.

ווען מען שפּאַצירט אין די גאַסן פון מאָסקווע און לענינגראַד, ווען מען באַזוכט

די עפנטלעכע פּלעצער, ווי טעאַטערן און קינאָס באַגעגנט מען אַ מאַסע יונגע פּרויען, אָפּגערעדט שוין פון יונגע בחורים, וועלכע טראָגן די אָפּצייכנונג „וואָראָשילאָווסקי סטרעלאָק" (וואָראָשילאָוו־שיסער), וואָס ווערט אַרויסגעגעבן אַלס אַן אַטעסטאַט פאַר דורכמאַכן ערפאָלגרייך דעם קורס פון שיסן און טרעפן אין ציל.

נישט קליין איז אויך די צאָל סאָוועטישע פּרויען, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער אַוויאַציע און פאַרנעמען דעם ערשטן פּלאַץ פון די „פּאַראַשוטניקעס", דאָס אַראָפּשפּרינגען מיט אַ פאַל־שירם.

אַזוי אַרום קען גאָרנישט באַטראַכט ווערן אַלס גוזמא, אַז ראַטן־רוסלאַנד קען אין אַ נויט־פאַל אַרויסשטעלן אַן אַקטיווע און רעזערוו־אַרמיי פון עטלעכע צענדליק מיליאָן סאָלדאַטן מיט מעסיקער, גוטער און אויסגעצייכנטער טעכניש־מיליטערישער צוגרייטונג.

יאָ, אויך דאָס אַלטע רוסלאַנד איז באַטראַכט געוואָרן אַלס אומדערשעפּלעכער קוואַל פון מענטשן־מאַטעריאַל, אָבער בעת דעם צאַרישן רעזשים איז דאָס געווען קאַנאָנען־פלייש.

איצט קען קיינער נישט לייקענען, אַז די רויטע אַרמיי שטייט אויף אַ גאָר הויכער מדרגה פון טעכנישער און קולטורעלער צוגרייטונג. די רויטע אַרמיי איז געוואָרן אַן אמתער פאָלקס־אוניווערזיטעט, וואו מיליאָנען פּויערים און אַרבעטער באַקומען נישט ווי אַמאָל אַביסל נאַרישע „גראַמאַטע", נאָר אַ גאַנץ ברייטן וויסן פון אַלגעמיינעם און טעכניש־מיליטערישן וויסן. אומצאָליקע בילדונגס־קרייזלעך און בילדונגס־קלובן, ליטעראַרישע, דראַמאַטישע, מוזיקאַלישע און וויסנשאַפטלעכע, ברייטערן אויס דעם גייסטיקן האָריזאָנט פון דעם רויט־אַרמייער און פאַרוואַנדלען אים אין אַ באַוואוסטזיניקן מיטגליד פון שטאַט, וועלכער איז גרייט נישט אונטער צוואַנג נאָר לויט זיין אייגענעם אימפּולס צו פאַרטיידיקן זיין סאָציאַליסטיש פאָטערלאַנד.

לויט דער נומעראַטיווער גרויס און הויך, לויט זיין קוואַליטעט, פאַרמאָגט אַלזאָ דאָס היינטיקע רוסלאַנד אַזאַ ריזיקן מענטשן־מאַטעריאַל, מיט וועלכן קיין לאַנד אין דער וועלט קען זיך נישט פאַרגלייכן.

און די דאָזיקע מיליאָנען־מאַסע וועט נישט דאַרפן, ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין ניקאָלאַיס צייטן, בעת דעם וועלט־קריג, קעמפן מיט שטעקנס און אויסגעליידיקטע פּאַטראָן־טאַשן, — דערמאָנט זיך די שלאַכטן ביי וואַרשע.

וועגן דעם, אַז ראַטן־רוסלאַנד פאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ מיט איר מיליטערישער אַוויאַציע — צווייפלט שוין קיינער נישט. און איצט מוזן אַפילו די ביטערסטע שונאים אָנערקענען — אויפן סמך פון די מוסטערן, וואָס ראַטן־רוסלאַנד האָט געשיקט קיין שפּאַניע — אַז די רויטע אַרמיי פאַרמאָגט אַן ערשטקלאַסיקן קריגס־מאַטעריאַל, געפּאַנצערטע טאַנקעס, לופט־קאַנאָנען, א. א. וו.

מיט איין וואָרט, ראַטן-רוסלאַנד איז היינט צו טאָג, אי לויט איר אומדער־שעפּלעכן מענטשן־מאַטעריאַל, אי לויט דער טעכנישער צוגרייטונג, אַ קריגס־פאַק־טאָר פון ערשטן ראַנג. און די, וואָס טראַכטן וועגן אַ טעריטאָריעלער עקספּאַנסיע אויפן חשבון פון ראַטן־רוסלאַנד, וועלן דאַרפן זיבן מאָל אָפּמעסטן, איידער זיי וועלן זיך אַנטשליסן אויף דער געפערלעכער קריגס־אַוואַנטורע.

און עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז די גענעראַלן פון דעם דייטשן מיליטער־שטאַב גיבן זיך אָפּ גוט חשבון וועגן דעם רעאַלן ווערט פון דער סאָוועטישער מיליטערישער מאַכט און זיינען דערפאַר ווייניק באַגייסטערט פון היטלערס אַוואַנטוריסטישער אַנטי־סאָוועטישער פּאָליטיק.

(1937)

# ווען מען דערנענטערט זיך צו דעם וואונדער פון ריאָ

ווי אַ וואונדער-שיינע געניאַלע פּאָעמע, וואָס האָט נאָך אַ פיינע הקדמה פונעם מחבר, אַזוי האָט ריאָ — דעם האַפן פון סאַנטאָס.

אַ מעת-לעת אומגעפער פאַרן אָנקומען אין דער בראַזיליענער הויפּטשטאָט איז די „אַנדעס״ אַריין אין סאַנטאָס.

איך האָב זיך געפּעדערט. האַלב פינף פאַרטאָג בין איך שוין געווען אויף דעם אויבערדעק פון דער „אַנדעס״. איך ווער האַלב-אַנדרימלט זיצנדיק אויפן „שעזלאָן״, און פלוצלינג וואַקסט אויס פאַר מיינע אויגן פון ים אַרויס דער ערשטער גרינער באַרג, וואָס זאָגט אָן די נאָענטקייט פון סאַנטאָס.

איך וואַך אויף, מיט זשעדנער אָנגעשטרענקטקייט עס איך זיך איין מיט די אויגן אין דעם אויסטערלישן לאַנדשאַפט, וואָס שפּרייט זיך אויס פאַר מיר.

די „אַנדעס״ ווערט אַרומגערינגלט ווי מיט אַ גאַרטל פון גרינע בערג, וואָס זיינען באַדעקט מיט ברייט-צעוואָקסענע באַנאַנע-בלעטער.

פון דער ווייטן זעט זיך די מאַלעריש-צעשפּרייטע אין די בערג שטאָט.

איך האָב דעם איינדרוק, ווי איך וואָלט פלוצלינג אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער שווייץ, נאָר דאָ איז דער לאַנדשאַפט ווייכער, מילדער. די גרויסע שיף גליטשט זיך, ווי אויף אַן אָזערע, אַריינגייענדיק אין דעם האַפן פון סאַנטאָס, וועלכער האָט זיך אויסגעשפּרייט ווי אַ גרויסער האַלב-קרייז פון פיל געשטאַלטיקע בערג, וואָס זיינען פאַרדעקט פון נעפּל, ווי מיט אַ דינען וואָאַל.

מינוטנווייז דוכט זיך מיר אויס, אַז איך בין אין די נאָרוועגישע פיאָרדן, וואָס פאַרשכורן דאָס אויג מיט זייער שיינקייט, אָבער דאָ איז דאָס בילד ברייטער, רחבותדיקער און דו קענסט זיך נישט אָנוואונדערן פון דער סימעטרישער אויסגעהאַלטנקייט פון דעם באַרגיקן האַלב-קרייז, אין וועלכן עס איז איינגעצוימט דער האַפן פון סאַנטאָס.

דו הערסט אויף צו גלויבן, אַז דאָס איז דאָס בלינדע ווערק פון דער נאַטור...

נישט אַנדערש ווי אַ געניאַלער קינסטלער-דעקאָראַטאָר האָט אויסגעפּלאַנט דעם סאַנטאָס-האַפן...

און ווען, דערזעענדיק פאַר זיך די גאַנצע פּערספּעקטיוו פון דעם סאַנטאָס-האַפן האָב איך נישט געקענט איינהאַלטן מיין אַנטציקונג און אויסגעשריען אויפן קול: —

— דאָס איז דער גרעסטער וואונדער אין דער וועלט! — האָט מיך מיין שכן, אַ נעמיטלעכער און באַרעדעוודיקער סקאָטלענדער, וואָס איז אויסגעוועזן די וועלט, איבערגעריסן מיט דער קאַלטער באַמערקונג:

— טהאַט איז נאַטהינג! — דאָס איז גאָרנישט, איר וועט ערשט זען ריאָ. אַזוינס איז ווירקלעך נישטאָ קיין גלייכן אויף גאָטס ערד!

וואָס דערוואַרט מיך אין ריאָ?!

מיין שפּאַנונג און אומגעדולד האַלט אין וואַקסן.

:: :: ::

אומרואיק האָב איך פאַרבראַכט די לעצטע נאַכט אויף דער „אַנדעס". מיר איז אַ שאָד געוועזן צו שיידן זיך מיט דער שיף, וואָס האָט מיר כאָטש אויף פיר טעג געגעבן די אילוזיע, אַז נאָך ניין יאָר זיצן אויף איין אָרט, וואַנדער איך ווידער אין דער ברייטער וועלט...

מאָרגן פאַרטאָג זיינען מיר אין ריאָ. מען דאַרף זיך זעגענען מיט דער שיף, מיטן ים און מיט דער אילוזיע פון וואַנדערן...

בענקשאַפט און אומרו באַהערשט מיך.

וועל איך נישט אַנטוישט ווערן פון ריאָ?

איך דערמאָן זיך די לעצטע נאַכט אין מעראַן, טיראָל, פאַר מיין אָנקומען אין דער שטאָט פון מיינע חלומות — ווענעציע. איך האָב געציטערט פון אינערלעכער אויפרעגונג און נערוועזער געשפּאַנטקייט, און נאָכדעם, אַז איך האָב זיך אַריינגע־זעצט אין דער גאָנדאָלאַ און האָב דערזען מיין חלום אויף דער וואָר בין איך אין ערשטן מאָמענט געבליבן אַנטוישט.

איז דאָס די נעחלומטע שטאָט פון די פּאָעטן?!

עס האָבן געדאַרפט אַוועקגיין ערשט עטלעכע טעג, ביז איך בין געקומען צו מיינע חושים און האָב אָנגעהויבן פאַרשכורט ווערן פון דער נישט־ערדישער שיינ־קייט פון ווענעציע.

און איצט, אַזוי פיל אָנגעהערט זיך וועגן דער אויסטערלישער שיינקייט פון דעם ריאָר האַפן און פון דער שטאָט ריאָ, וועל איך נישט אַנטוישט ווערן אין מיינע גרויסע, אויפגעשרויפטע דערוואַרטונגען?

נאָך פאַר זון־אויפגאַנג וועקט מיך מיין סטיואַרד:

— מיר נערנענטערן זיך שוין צום האַפן.

איילעך לויף איך אַרויף אויף מיין סטראַטעגישער פּאָזיציע — אויף דעם העכסטן שיף־דעק. איך בין נישט אַליין. מיין סקאָטשמען, וועלכער האָט שוין אַ מאָל

צען געזען ריאָ, איז שוין דאָ מיט זיין בינאָקל. ער וויל נישט דורכלאָזן דעם ספּעקטאַקל פון אַריינפאָר אין דעם ריאָר האַפן.

די זון איז נאָך נישט אויפגעגאַנגען. אַלץ איז נאָך איינגעהילט אין אַ ליכטן נעבל, דורך וועלכן עס הויבן זיך אָן דורכשניידן די ערשטע נישט־זיכערע שטראַלן.

דורכן בינאָקל זעט מען שוין די קאָנטורן פון דעם „פּאָן דאַ אַזוקאַר", פון דעם באַרימטן באַרג, וואָס זעט אויס ווי אַ היטל צוקער.

מיט יעדער רגע בייט זיך דאָס בילד. די לופט ווערט קלאָרער, דורכזיכטיקער. ס'איז אַ גאָלדיג־זוניקער פרימאָרגן. עס הויבן אָן אַרויסשווימען פונעם נעבל די בערג.

דעם „פּאָן דאַ אַזוקאַר" זעט מען שוין קלאָר. ער שטייט ווי אַ מעכטיקער נאַטור־מאָנומענט, וואָס איז אַרויסגעשפּרונגען פונעם וואַסער.

און אָט הויבט זיך אָן אויסשפּרייטן פאַרן אויג די פּאַנאָראַמע פון ריאָר האַפן. איך בלייב פאַרשטיינערט. איך פיל, ווי עס הויבט מיר אָן פאַרפעלן אָטעם.

ניין! אַז ס'זיינען דאָ אַזעלכע וואונדער אויף דער וועלט, האָב איך נישט געגלויבט.

וואָס פאַר אַ גראַנדיעזע רחבות!

סאַנטאָס זעט שוין איצט אויס ווי אַ קליין מיניאַטור־בילד.

אויף זעקס און פערציק מייל אין דיאַמעטער שפּרייט זיך אויס דער גיגאַנטישער האַלב־קרייז פון ריאָר האַפן. און די דאָזיקע גראַנדיעזע ים־בוכטע איז ווי אַ טייערער פּערל איינגעראַמט אין באַגרינטע בערג, בערג פון די פאַרשידנסטע פאָרמען און געשטאַלטן.

וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע באַרג־אַרכיטעקטור! יעדע רגע שווימט אַרויס פאַרן אויג פון ליכטן נעבל אַ נייע באַרג־גרופּע, אַן אומענדלעכע עשירות פון ליניעס און די קאַפּריציעזסטע קאָנטורן.

און אָט די גאַנצע גראַנדיעזע פּאַנאָראַמע, האַלב פאַרנעבלט ווי אין דינעם וואואַל און באַגאָסן מיט די גאָלדענע שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון, דערשיטערט דיך מיט איר פאַנטאַסטישער שיינקייט.

עס ווערט ענג אין דער ברוסט, דאָס האַרץ וויל אַרויסשפּרינגען פון פרייד פאַר אָט דעם אויסטערלישן נאַטור־ספּעקטאַקל וואָס זיין נאָמען איז ריאָר האַפן...

ניין, עס איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן דער געניאַלער פּייסאַזשיסט, וואָס זאָל אימשטאַנד זיין אויפכאַפּן אויפן לייוונט דאָס גראַנדיעזע בילד פון דער אומענדלעכער רחבות פון ריאָר האַפן, דאָס שענסטע און ריזיקסטע ווערק פון איר מאַיעסטעטער נאַטור . . .

דאָ מוז בלייבן שטום דאָס אומבאַהאָלפענע מענטשלעכע וואָרט. — — — — — —

מען מוז זען מיט די אייגענע אויגן דאָס וואונדער פון ריאָר האַפּן, כדי מען זאָל גלויבן, אַז אַזוינס איז באמת דאָ אין דער ווירקלעכקייט...

און ווען איך וואָלט געהאַט די פרומקייט פון מיינע עלטערן, וואָלט איך געמאַכט אַ „שהחינו" און וואָלט געדאַנקט די געטער פאַר דעם גליק, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען דעם אַריינפאָר אין ריאָ...

---

# ריאָ — די ים און באַרג-פּאָעמע

איך האָב מיין רייזע פון די פאַראייניקטע שטאַטן קיין אַרגענטינע געמאַכט דורכן פּאַנאַמאַ-קאַנאַל, און האָב געזען דאָס גרויסע וואונדער פון מענטשלעכן אויפטו, דאָס גראַנדיעזע ווערק פון אַמעריקאַנישן אייזערנעם ווילן און טעכנישן זשעני, וואָס האָט דאָס נעסט פון טויט און געלן פיבער פון פּאַנאַמאַ, פאַרוואַנדלט אין אַ זעלטענעם פּאַלמען-גאָרטן און האָט פאַראייניקט דורך אַ גיגאַנטישער אָנשטרענגונג דעם פּאַסיפישן און אַטלאַנטישן אָקעאַן.

אָבער צוליב מיין נייגעריקייט צו זען דעם פּאַנאַמאַ-קאַנאַל און די שנייאיקע אַנדן-בערג, וואָס טיילן אָפּ טשילע פון אַרגענטינע, האָב איך פאַרלוירן די געלעגנהייט צו זען דאָס נאַטור-וואונדער פון ריאָ.

און ערשט איצט, נאָך דעם, ווי איך האָב ניין יאָר אַנגעזעטיקט מיין אויג מיט דער אַרגענטינער נאַטור-פּראָזע, — האָב איך דערזען די באַרוישנדע שיינקייט פון דעם באַרג און ים-פּאָעזיע פון ריאָ.

:: :: ::

אין אַ העל-ליכטיקן, זוניקן און זינגענדיקן פרימאָרגן, האָב איך, אין דער באַגלייטונג פון מיינע אומבאַקאַנטע און אָן אַ מאָס גאַסטפריינטלעכע פריינט באַטראַכטן דעם באָדן פון ריאָ.

איך האָב זיך נאָך נישט אָפּגעשוכעט און נישט געקומען צו זיך פון דעם גראַנדיעזן און איבערראַשנדן ספּעקטאַקל פון דעם אַריינפאָר אין ריאָ און גלייך ביים האַפּן, באַגעגנט דיך די רחבותדיקע און אימפּאָזאַנטע און אין זון פאַרגאָסענע אַווענידאַ „ריאָ בראַנקאָ".

שנעל לויפט דורך דער אויטאָמאָביל די יום-טובדיק אויסזעענדיקע ריאָ בראַנקאָ, מיט איר „ניו יאָרקער ווינקל" פון די ריזיקע און מאָנומענטאַלע געביידעס פון „פּאַראַמונט" און די אַנדערע נאָרד-אַמעריקאַנישע סינעמאַטאָגראַפישע געזעלשאַפטן, וואָס האָבן איבערגעפּלאַנצט אין דער הויפּטשטאָט פון בראַזיל, אַ שטיק פון ניו-יאָרקער וואָלקן-קראַצער אַרכיטעקטור.

אָט איז די געביידע פון בראַזיליענער סענאַט. אַליין פאַר זיך גאָר נישט אויסטערלישעס. איינפאַכע און מאָנומענטאַלע ליניעס פון דער גריכישער קאָלאָנאַדן-

אַרכיטעקטור. אָבער דער אַלגעמיינער אַרכיטעקטאָנישער איינדרוק איז אומפאַר־גלייכבאַר.

אַזאַ מין אימפּאָזאַנטן רחבות ווי די פּלאַזאַ „בעריא־מאַר“, וואָס איז באַקרוינט מיט דער סענאַט־געביידע, האָב איך נישט געזען נישט אין אייראָפּע און נישט אין אַמעריקע. אין ניו־יאָרק וואָלט מען אויף אַזאַ פּלאַץ אויפגעבויט אַ היבשע שטאָט.

און נאָר די לאַטייניש פאַרשווענדערישקייט קען זיך דערלויבן אַזאַ לוקסוס, ווי איבערלאָזן פאַר דער עסטעטישער פרייד פון אויג אַזאַ ריזיק־פרייען פּלאַץ אין מיטן האַרץ פון שטאָט.

און ווען דו באַטראַכטסט דעם „בעירא־מאַר“ פּלאַץ פון די באַלקאָנען פון בעי־ראַ־מאַר קאַזינאָ ביינאַכט, ווען ער איז איינגעטונקען אין אַ ים פון ליכט־גירלאַנדן און אין הינטערגרונד קומט די פרייע אויסזיכט אויפן אומענדלעכן ים און אומעטום, וואוהין דאָס אויג פאַלט, איז דער אויסבליק פריי, אומגעשטערט, דאַן ברייט זיך אויס ביי דיר די ברוסט פון דעם גראַנדיעזן פאַרנעם פון אָט דער מערקווירדיקער פּאַנאָראַמע, וואָס דערמאָנט דיר די גראַנדיעזיטעט פון ריאָר האַפן...

דאָ האָט דער אַרכיטעקטאָר קאָפּירט דאָס גראַנדיעזע ווערק פון דער נאַטור. די פּלאַזאַ „בעירא־מאַר“, דאָס איז אַ מין טריאומפאַלער טויער, וואָס פירט אַריין אין דער פאַרכישופטער ים און באַרג־שיינקייט פון ריאָ.

עטלעכע שפּאַן מיטן אויטאָמאָביל, און מיר זיינען אין פּראַזשאַ פלאַמענגאָ. דאָ איז מיין ציטווייליקע היים.

איך הויב זיך אָן לאַנגזאַם אַרומקוקן, וואו בין איך.

דער ערשטער איינדרוק איז, אַז איך בין אַריינגעפאַלן אין עפּעס אַ וואונדער־באַרן נאַטור־קאַרנאַוואַל... אַ געניאַלער דעקאָראַציע־מייסטער האָט גענומען שטיקער פון דער שווייצאַרישער און טיראָלער באַרג־לאַנדשאַפט, האָט אויסגעשניטן שטיקער גרינעם ים ערגיץ וואו ביי די ברעגן פון לידאָ (איטאַליע) און האָט פון דעם אַלעמען קאָמפּאָנירט אַ וואונדערבאַרע פּייסאַזש־פּאָעמע...

האָט דען דער בלינדער שפּיל פון נאַטור־כוחות געקענט אויסקאָמבינירן אַזאַ אויסטערלישע שיינקייט, ווי די ים־בוכטע ביי דער פּראַזשאַ פלאַמענגאָ?

איך האָב זיך אַפילו אין חלום נישט פאָרגעשטעלט, אַז ריאָ פאַרמאָגט אַזעלכע צויבער.

און דאָס מענטשלעכע שאַפן, אינספּירירט פון דער צויבער־שיינקייט פון דער נאַטור, האָט פאַר איר געשאַפן די פּאַסנדע ראַם.

פּראַכטפולע ווילעס און האָטעלן, איינגעטונקען אין פּאַלמען און טראָפּישן גרין, ברייטע אַלעען געפלאַנצט פון גערטנער קינסטלער, דערגענצן דאָס בילד פון דער פּראַזשאַ פלאַמענגאָ.

אָבער די פּראַזשאַ פלאַמענגאָ איז נאָר איין טראָפּן אין דעם ים פון ריאָר

שיינקייט, וואָס פאַרמאָגט אַ טוץ פּלאַזשן איינע שענער און איבעראַשנדער פאַר דער צווייטער.

:: :: ::

פאַרשיכורט און באַרוישט, האָבן מיך די ערשטע טעג אין ריאָ. וואוהין דאָס אויג ווענדעט זיך — אַ נייע פרייד און אַ נייער סיורפּריז.

יעדע פּראַזשאַ, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ ים־בוכטע אומקרייזט אין אַ גאַנצן אָדער האַלבן רינג פון גרינע בערג פון דער פאַרשידנפאַרביקסטער אַרכיטעק־טור, איז אַ נייער קאַפּיטל אין דער באַרג און ים־פּאָעמע, וואָס הייסט ריאָ.

ווען איך האָב שוין געגלויבט, אַז איך האָב שוין געזען אַלץ, האָט מיך מיין פריינט אַוועקגעפירט אויף קאָפּאַ־קאַבאַנאַ, און דאָ האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט דער שענסטער פּערל אין דער ים־קרוין, וואָס באַצירט ריאָ.

דאָ איז דער ים פריי, ברייט, ברעגלאָז און אומענדלעך!

די מילדע, גרינע בערג האָבן זיך דאָ אָפּגערוקט אַן אַ זייט, ווי זיי וואָלטן נישט ווען שטערן די מעכטיקע ים־פּערספּעקטיוו... די באַרג־לאַנדשאַפט איז דאָ נישט מער ווי אַ פיינער דעקאָראַטיווער שמוק, וועלכער אַנטפּלעקט זיך פאַר אייך, ווען איר קערט זיך אום מיטן רוקן צום ים.

און אַזאַ רחבותדיקן פּליאַזש ווי קאָפּאַ־קאַבאַנאַ, האָט נישט קיין ים־ברעג אין דער וועלט. אַ גאַנצער זאַמד־ים, טרוקענער, פּערלדיקער זאַמד טיילט אייך אָפּ פון די העל־גרינע ים־כוואַליעס.

גאַנץ ריאָ האָט פאַרלוירן דעם חן אין מיינע אויגן. איך בין דאָ געבליבן ווי אַ צוגעשמידטער. איך האָב פאַרראָטן די פּראַזשאַ פלאַמענקאָ און האָב די לעצטע פאַר טעג, וואָס מיר זיינען פאַרבליבן אין ריאָ, נישט פאַרלאָזן אָט דעם וואונדערבאַרן ווינקל פון קאָפּאַ־קאַבאַנאַ וואו דער ים האָט אַזוי פאַרלאָקנד געררוישט ביי דער שוועל פון מיין צימער...

:: :: ::

די ריאָר בערג...

איבער די אומצאָליקע בערג, וואָס שניידן דורך און איבער וועלכע עס איז מאַ־לעריש צעשפּרייט די וואונדערבאַרע שטאָט, קעניגן די צוויי בערג — „פּאַן דאָ אַסו־קאַר" און „קאָרקאָוואַדאָ".

דער צוקער־באַרג באַשטייט פון צוויי בערג. דער ערשטער, דער נידעריקער איז ווי אַ פוס־בענקל, וואָס פירט צום העכערן, וואָס האָט דעם אויסזען פון אַ קעפּל צוקער.

אויף אַ דראָט־באַן, וואָס גיט אייך די סענסאַציע, ווי איר וואָלט געפלויגן אויף אַ עראָפּלאַן, קלויבט איר זיך אַרויף אויף דעם צוקער־באַרג, צופוסנס פון וועלכן עס איז אויסגעשפּרייט די מערקווירדיקע פּאַנאָראַמע פון ריאָ, מיט אירע בערג און ים־בוכטעס.

דאָס בילד, וואָס שפּרייט זיך אויס פאַר דיינע אויגן, ווען דו שטייסט ביים זון-אונטערגאַנג אויף דעם צוקער־באַרג, מאַכט שטום פון אַנטציקונג...

פיל שטאַרקער, ממש דערשיטערנד, איז דער איינדרוק וואָס ריאָ מאַכט, ווען דו זעסט זי ביינאַכט פון דעם צוקער־באַרג.

עס איז אַ מילדער אויסגעשטערנטער אָוונט.

איך שטיי אויף דער באַרג-טעראַסע פון „פּאַן דע אַסוקאַר"; אַרום איז שטיל. דו הערסט נישט דעם געפּילדער פון די טוריסטן.

לאַנגזאַם פאַלט צו דער אָוונט, די לופט איז קלאָר און דורכזיכטיק.

און מיטאַמאָל, ווי דורך דעם וואונק פון מאַגיקער צינדט זיך ריאָ אָן מיט אירע טויזנטער פייערן, ווי מיט מיריאַדן אָנגעצונדענע מאַטע פּערל. עס ברענען בערג און טאָלן. און פון אַלע זייטן שפּרייטן זיך אויס די איינגעראַמטע און ברענענדיקע שנירלעך פּערל ים-בוכטעס און פּליאַזשן.

עס איז פאַנטאַסטיש. אַ פאַרכישופטע אַ נישט רעאַל בילד... עס איז חלום אויף דער וואָר.

קוקסטו רעכטס, דוכט זיך דיר אויס, אַז דו זעסט פאַר זיך דאָס מעשהלע פון לוצערן, מיט דער גרינער פירוואַלשטעטער אָזערע, קוקסטו לינקס, — האָסטו די פּאַנאָראַמע פון „ציוריכער זעע" און די פּיל באַזונגענע קאַנאַלן פון ווענעציע.

און אַלץ צוזאַמען דערדריקט דיך נישט און מאַכט דיר נישט קליין, ווי אַ מילבע, ווי דאָס געשעט, ווען דו שטייסט ביינאַכט צווישן די ריזן־בערג פון דער שווייץ אָדער טיראָל. דיך באַהערשן נישט די מחשבות וועגן דער טיטאַנישער גרויסקייט פון דער נאַטור און דער נישטיקער קלייניקייט פון מענטשן.

אַ מילדער נחת באַהערשט אַלע דיינע חושים און דו פילסט דעם גרויסן גליק, וואָס דו לעבסט, אָטעמסט און זעסט גאָטס שיינע וועלט...

:: :: ::

זאָל איך פּרוואוון נאָך דערציילן וועגן ריאָ?

גענוג.

באַשרייבן ריאָ, דאַרף מען האָבן אַ מוח פּאָעטן. פּאָעטן, וואָס זיינען פאַרליבט אין ים און בערג און ווייסן דעם סוד, ווי אַזוי זייער פאַרליבטקייט אויסשמידן אין ווערטער . . .

ערשט איצט, האָבנדיק געזען ריאָ, באַגרייף איך אונזער אומפאַרגעסלעכן, אונ־

זער קלוגן נאָמבערנן, וועלכער האָט ווען ריאָ געזאָגט בלויז צוויי ווערטער: — ריאָ איז דער וואונדער פון אַלע וואונדער...

---

## צום צווייטן מאָל אין ריאָ

(„דאָס זיבעטע וואונדער" — ריאָר האַפּן ביינאַכט)

איך האָב שיעור נישט אַן אַנטוישטער פאַרלאָזן דאָס מאָל ריאָ.

מיט גרויס נייגעריקייט האָב איך געוואַרט אויף דער געלעגנהייט נאָכאַמאָל אַ קוק צו טון, זאָל זיין כאָטש פאַרביילויפנדיק, אויף דער וואונדער־שטאָט, וואָס האָט מיך באַצויבערט, ממש פאַרכישופט מיט אַכט יאָר צוריק, ווען איך בין צום ערשטן מאָל געווען אין ריאָ.

די אַכט־צען טעג, וואָס איך האָב פאַרבראַכט דעמאָלט אין ריאָ, זיינען פאַרבליבן אין זכרון, ווי אַ צויבער־חלום. איך האָב געלעבט די טעג ווי אין אַ טרוים־לאַנד, אַ פאַרשיכורטער פון דעם אויסטערלישן לאַנדשאַפט, פון דער וואונדערבאַרער קאָמפּאָזיציע פון בארג און ים.

און וואו איך נאָך דער ים אַזוי שיין, ווי אין ריאָ? וואו, אויסער לידא (דער ים־קוראָרט ביי ווענעציע) איז דער ים אַזוי באַצויבערנד קאָלירפול, פון אַזאַ פּרעכטיקן סמאַראַגדן־גרין?

און ריאָ ביינאַכט! ווען עס צינדן זיך אָן די פייערן אויף די בערג און שפּיגלען זיך אָפּ, ווי פייערדיקע פּערל אין די ים־בוכטעס.

דאָס איז דאָך אַ מעשהלע פון טויזנט און איין נאַכט... נאָר אָריענטאַלישע פאַנטאַסטיק קען זיך אויסמאָלן אַזאַ בילד.

וואָס איז אַלזאָ דער וואונדער, וואָס איך האָב מיט ציטערדיקער שפּאַנונג געוואַרט, ווען דער „הייל־אַנד בריגאַד" וועט צוקומען צו דעם זעלטנסטן אין דער וועלט ריאָר האַפּן.

נו, איז אָבער שטענדיק די דערגרייכונג נישט אויף דער הויך פון דער דערוואַרטונג, ווען מיין שיף האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן מיטאָג־צייט צו דעם גראַנדיעזן ריאָר האַפּן, האָב איך מיט אַנטוישונג דערשפּירט, אַז עס איז שוין נישטאָ ביי מיר די דערשטוינונג און דערשיטערונג, וואָס איך האָב דורכגעלעבט, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען ביים זונען־אויפגאַנג די גראַנדיעזע פּאַנאָראַמע פון דעם האַפּן אין ריאָ. קענטיק, אַז דאָס אויג געוואוינט זיך צו צו דער גרעסטער שיינקייט,

און דער צווייטער איינדרוק קען זיך נישט פאַרמעסטן אין זיין אינטענסיווקייט מיט דעם ערשטן . . .

אזוי נאָך דער „צוקער־קאָפּ“, דער באַרימטער באַרג „פּאַן דע אזוקאַר“, וואָס שטייט אויף דער וואַך ביים ריאָר האַפן איז דאָסמאָל דערשינען פאַר מיר אין אַ נייעם פּראַכט־געשטאַלט, און שולדיק אין דעם איז אונזער בוענאָס אײַרעסער רוסישער סקולפּטאָר ע ר ז י אַ. ער האָט מיר דאָ אַנומלט באַוויזן אַן עסקיז, אַ פּראָיעקט, וואָס ער האָט צוגעשטעלט דעם בראַזיליענער פּרעזידענט, וואַרגאַס, אויסצומאָדעלירן פון דעם צוקער־באַרג אַ ריזן לייבן-קאָפּ, וואָס זאָל סימבאָליש פאָרשטעלן די גראַנדיעזיטעט פון בראַזיל.

און ערשט איצט, ווען איך האָב מיט ערזיאַס אויגן אַ קוק געטון אויף דעם „פּאַן דע אזוקאַר“, האָב איך ווירקלעך דערזען די קאָנטורן פון אַ ריזיקער לייבן־געשטאַלט. עס פעלט נאָר די האַנט פון דעם קינסטלער ער זאָל פאַרענדיקן און פאַרפולקאָמען די אַרבעט און די פאַרבאָרגענע קינסטלערישע כוונות פון דעם געניאַלן סקולפּטאָר — פון דער נאַטור...

דאָס איז געווען דער איינציקער פרישער איינדרוק, וואָס איך האָב דאָסמאָל באַקומען פון מיין אמאָליקן באַזוך אין ריאָ.

די פּאָר שעה, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין דער הויפּטשטאָט פון בראַזיל האָב איך זיך אַרומגעדרייט אין יידישן קוואַרטאַל אין דער „פּיאַזאַ אָנזע“. אין די יידישע רעדאַקציעס און די קאַפעען פון דער יידישער געגנט.

נו, דאָ קען מען נישט באַקומען קיין איבעראַראשנדע איינדרוקן. די „פּיאַזע אָנזע“ איז די לינקע זייט פון דעם מעדאַל, דאָס איז די פּראָזאַ פון ריאָ. דאָ זעט איר נישט די וואונדערבאַרע אַרכיטעקטור פון די בערג און דעם צויבער־קאָליר פון ים.

און ווען אַ מידער פון דעם הייסן ריאָר „ווינטער“־טאָג בין איך אין איילעניש מיט מיינע גאַסטפריינטלעכע באַגלייטער, צוגעפאָרן צום ים, צו די פּליאַזשן „פלאַמענקאָ“ און „בוטאַפאָגאָ“ — האָב איך שוין צום באַדויערן נישט געפילט אין זיי דעם אַמאָליקן טעם, ווען איך בין באַהערשט און פאַרשיכורט געוואָרן פון זייער שיינקייט.

דאָס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן. איך האָב דאָך געוואָלט באַהאַלטן אין מיין זכרון דעם צויבער פון מיינע ערשטע ריאָר איינדרוקן.

דאָס דערקלערט זיך וואַרשיינלעך מיט מיין מידקייט און דער איילעניש. די נאַטור, ווי פּאָעזיע, דאַרף מען געניסן אין דעם געהעריקן געמיט-צושטאַנד.

פונדעסטוועגן האָב איך זיך נישט צו באַקלאָגן אויף מיין איילנדיקן באַזוך רימען אָטעם פון מיינע פריינט און חברים, וואָס האָבן מיך, מיט דער ספּעציפיש

יידיש־בראַזיליענישער גאַסטפריינטלעכקייט און הארציקייט, אַרויסבאַגלייט אויף מיין ווייטער נסיעה.

דאָ איז געווען מיין לעצטע אָפּשידס־סטאַנציע פון מיינע פריינט און חברים אויף דעם דרום־אַמעריקאַנישן קאָנטינענט. אַ הארציקן דאַנק זיי.

:: :: ::

אויב איך האָב דאַסמאָל נישט געהאַט די געלעגנהייט צו האָבן הנאה און גע־ניסן נאָכאַמאָל די שיינקייט פון ריאָ אין דער פולער מאָס, האָב איך אָבער דערפאַר ביים צעשיידן זיך מיט ריאָ, געזען דאָס זיבעטע וואונדער פון דער וועלט — דעם ר י אָ ר ה אַ פ ן ב יי נ אַ כ ט.

וואָס איז אַזוינס דער ריאָ־האַפן ביינאַכט?

נו, דאָס, ליבער לעזער, וואָלט אייך געקענט דערציילן נאָר אַ געניאַלער מאָלער מיט זיין פענדזל, כאָטש קיין קונסט אין דער וועלט איז נישט אימשטאַנד צו קאָנ־קורירן מיט דער קונסט פון דער נאַטור, וואָס האָט דאָ באַוויזן איר גרעסטן וואונדער.

אַ צונעשמידטער, ממש אַ באַטויבטער בין איך געשטאַנען אויף דעם העכסטן דעק, ווען מיין שיף האָט זיך, קרוב צו מיט־נאַכט אָנגעהויבן דערווייטערן פון די ברעגן פון ריאָ. יעדע מינוט האָט זיך פאַרן אויג אַנטפּלעקט אַ נייע פערספּעקטיוו פון דער אויסטערלישער, פאַנטאַסטישער פּאַנאָראַמע, וואָס הייסט ריאָ־האַפן.

אַזוי ווי אַ ברייט געעפנטער, גיגאַנטישער פעכער, כמעט אין אַ סימעטרישן גיגאַנטישן האַלב־קרייז, שפּרייט זיך אויס דער ריאָ־האַפן. דאָס אויג קען קוים אַרומ־כאַפּן די גראַנדיעזע רחבות. איר האָט דאָס געפיל, ווי אייער ברוסט־קאַסטן הויבט זיך אָן אויסברייטערן, צוגלייך ווי עס ברייט זיך אויס די ריזן פּאַנאָראַמע פון האַפן.

מיין שיף האָט זיך שוין גענוג דערווייטערט פון ברעג, אַז דאָס אויג זאָל קענען פון דער דיסטאַנץ אַרומכאַפּן דאָס ריזן־בילד אין זיין גאַנצקייט.

ווי מיט אַ פּערל האַלדז־באַנד איז דער געעפנטער ריזן־פעכער אומגערינגלט מיט פינקלענדע פייערן. אומעטום, וואוהין דאָס אויג פאַלט זיינען אין דער פינצ־טערער טונקלקייט פון דער נאַכט צעשאָטן פינקלענדע פייער־פּערל. אויף די הויכע בערג, וואָס רינגלען אַרום ריאָ, זיינען צעשאָטן אין די פאַנטאַסטישסטע אילומינאַ־ציעס די ברענענדיקע און פינקלענדיקע פּערל. און די נישט באַלויכטענע בערג, וואָס זיינען איינגעהילט אין געדיכטע דעק־טוכן פון דער נאַכט און נעבל־וואָלקן, דער־שיינען, ווי וואונדערלעכע פאַנטאַזמען אין דעם בלאָסן אָפּשיין פון דעם אויסגע־שטערנטן הימל...

איך שטעל זיך פאָר, ווי עס דאַרף אויסזען די פּאַנאָראַמע פון ריאָ־האַפן, ווען

ער באָדט זיך אין דעם זילבערנעם שיין פון דער לבנה!

אָבער די טונקלקייט פון דער נאַכט שטערט נישט דעם צויבער און כישוף פון דעם פּלאַי פּלאוּתדיקן ספּעקטאַקל. פאַרקערט, אויף דעם פאָן פון דער נאַכט־פינצטערניש בלישטשען גלענצנדער די אָנגעצונדענע פייער־פּערל פון די פּליאַזשן און בערג און פאַרוואַנדלען די גאַנצע האַפן־פּאַנאָראַמע אין אַ צויבער־מעשהלע.

און ווי מערקווירדיק זעט אויס די באַלויכטענע ווייסע קריסטוס־פיגור אויף דעם קאָרקאָוואַדאָ־באַרג.

די נאַכט־פינצטערניש הילט איין דעם באַרג און מאַכט דעם איינדרוק, ווי די קריסטוס־פיגור וואָלט שוועבן אין דער לופטן צווישן ערד, הימל און ים...

נו, האָט איר אפשר איצט אַ ווערבע נישט איז אַנונג וואָס איז דער ריאָ־האַפן ביינאַכט?

ניין. עס איז אַן אַבסורד צו פרואוון אייך באַשרייבן מיט מיין מאַכטלאָז, אָרים וואָרט דאָס זיבעטע וואונדער פון דער וועלט — דעם ריאָ־האַפן ביינאַכט.

שטייענדיק אַ באַרוישטער און פאַרלוירענער אויף דעם רודער־בריק פון „הייר־לאַנד בריגאַד", האָב איך זיך דערמאָנט די שטעלע אין היינעס בוך „לעגראַן".

— איר ווילט וויסן, ווי עס האָבן אויסגעזען די אויגן פון מיין אַגנעס? נו, דערצו וואָלט איך געדאַרפט ברענגען אייך פון אַ משוגעים־הויז, אַ פּאָעט וואָס האָט פאַרלוירן זיין שכל צוליב אַ ליבע...

נו, אויב נישט קיין משוגענעם, וואָלט מען געוויס געדאַרפט האָבן אַ מעכטיקן פּאָעט, וועמענס יעדעס וואָרט איז פּלאַסטיש בילד, אַז ער זאָל קענען שילדערן דעם צויבער־כישוף פון דער פאַנטאַסטישער פּאַנאָראַמע פון ריאָ־האַפן ביינאַכט.

פון די קינדער־יאָרן איז מיר פאַרבליבן אין זכרון דער באַקאַנטער זאַץ וועגן נעאַפּאָל אין סמירנאָוום געאָגראַפיע שול־בוך:

— טו אַ קוק אויף נעאַפּאָל און שטאַרב!

נו, איך וועל דאָס נישט זאָגן וועגן דעם ריאָ־האַפן ביינאַכט. איך וועל ראָטן אייך, פריינט לעזער, גיט אַ קוק אויף דעם ריאָ־האַפן ביינאַכט און לעבט! ווייל עס איז ווערט צו לעבן אויף גאָטס גאָר־גוטער וועלט, וואָס פאַרמאָגט אַזויפיל וואונדער און אַזויפיל שיינקייט...

ווען מיין שיף האָט פאַרלאָזן דעם האַפן פון ריאָ, האָט זיך דער ים צעשטורעמט. די גאַנצע צייט איז ער געווען אַזוי מילד, אַזוי געלאַסן־רואיק. איצט האָט ער זיך ברויזנד צעברוגזט.

איז אים, ווי מיר געווען שווער צו שיידן זיך מיט דעם פאַרשיכורטן כישוף פון ריאָר האַפן ביינאַכט?...

# אין פאראגווייער „גן-עדן"

(פון מיין רייזע אין פאראגוויי)

מיר ווייסן אומגעפער, ווי עס זעט אויס דער גיהנום.

יעדער פון אונדז, וועלכער האט געבלעטערט דאנטעס „געטלעכע קאמעדיע" האט א גאנץ קאנקרעטע פארשטעלונג פון גהינום. און צי איז באמת דארטן אזוי שלעכט ווי עס דערציילט אונדז דאנטע, אדער עס איז נישט מער, ווי געניאלע, דיכטערישע פאנטאזיע, וואלט זיך געוואלט, אויב עס איז שוין אומפארמיידלעך, צו קומען וואס שפעטער, ווען דאס לעבן איז שוין נישט ווערט געלעבט צו ווערן, אין דעם פלאץ, וואו עס שטייט דער בארימטער טויער מיט דער קאלעמוטנער אויפשריפט: „לאסציאטע אגני ספעראנצא". „מענטש, גיב אויף דיינע האפנונגען!"...

אבער, וואס איז דער גן-עדן און ווי זעט ער אויס? — דאס איז שווער צו זאגן.

מיט יארן צוריק האבן די דייטשן מיר געוואלט איינרעדן, אז דער גן-עדן איז די וועגעטאריאנישע קאלאניע „עדן" ביי בראנדענבורג, א צוויי שעה רייזע פון בערלין, וואו איך האב פארבראכט עטלעכע זומערן.

דאס איז געווען א שיינער און רואיקער פלאץ, איינגעטונקען אין גרינס און וואו מען האט זיך געשפייזט בלויז מיט גרינס.

יעדנפאלס, אויב איך זאל אורטיילן פון דעם, וואס מען האט פון „עדען" משלח געווען מיין באגלייטערין ביי א שפאציר, די יונגע פריילין, וועלכע האט זיך „פארזינדיקט" און אראפגעריסן א פאר רויטע קארשן פון א פרעמדן גארטן-בוים — איז די דייטשע וועגעטאריאנישע קאלאניע, וואס איז אין זיין צייט געגרינדעט געווארן, ווי מען זאגט, פון ריכארד וואגנערן, געווען דער ריכטיקער, קלאסישער גן-עדן אין ביבלישן סטיל...

מיט יארן שפעטער, ווען איך האב באזוכט טיראל און האב ארויפגעקלעטערט אויף א בארג אין א פארלאזענעם שלאס, נישט ווייט פון מעראן, האט מען מיר געזאגט, אז פאר מיינע אויגן איז אויסגעשפרייט דער „גן-עדן"-טאל.

און איך האב ווירקלעך געגלויבט, אז יענער פון אלע גוטע געטער געבענטשטער און פארכישופט-שיינער ערד-ווינקל איז דער גן-עדן...

און ווען די באן האט מיך אין איינעם א סוף-זומער-אוונט ארויפגעפירט אויף דער הויך פון א צוויי טויזנט מעטער, א צוויי שעה רייזע פון לוצערן, שווייץ, און איך בין געבליבן שטיין א דערשיטערטער און א פארגאפטער צווישן ריזן-בערג און גיגאנטישע טאלן-אפגרונטן און מיר האט זיך געדאכט, אז מיינע ליפן שעפטשען „שהחינו", און איך וואלט דאס אוודאי געטון, ווען איך וואלט פרום געווען — דעמאלט בין איך אוודאי זיכער געווען, אז איך זע פאר זיך דעם ריכטיקן גן-עדן...

און וויפל מאָל, פארברענגענדיק די געציילטע טעג אין דער הויפטשטאָט פון בראַזיל, באַטראַכטנדיק דאָס פאַרכישופטע ריאָ אין די אָוונט־שעהן פון דעם באַרג „פאַן ד'אַסוקאַר", פון קאָרקאָוואַדאָ אָדער ביי די ים־ברעגן פון קאָפּאַ קאַבאַנאַ, האָב איך מקנא געווען די מענטשן, וועמען עס איז באַשערט צו לעבן אין גן־עדן...

אַלזאָ, וואָס איז און וואו איז דער אמתער גן־עדן?

איצט, אַז איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אין באַן אין אַסונסיאָן, וואָס דאַרף מיך פירן צום „לאַגאָ סאַן בערנאַרדינאָ", פרעגט מיך מיין שכן, אַן ענגלענדער:

— איר פאָרט אויך אין פאַראַגווייער עדען?

איך האָב אַ קנייטש געטון מיט די פּלייצעס און מיט אַ שמייכל מודה געווען זיך פאַר מיין ענגלענדער, אַז איך האָב נישט געהאַט די מינדעסטע אַנונג, אַז איך געפין זיך אויפן וועג צום גן־עדן און האָב בלויז די באַשיידענע כוונה אָפּצופרישן זיך אין די וואַסערן פון דעם הייליקן בערנאַרדינאָ.

די אָנדערהאַלבן שעה באַן־וועג פון אַסונסיאָן צום „לאַגאָ סאַן בערנאַרדינאָ" ציען זיך דורך גרינע גערטנער און פעלדער, וואָס דערפרישן דאָס אויג מיט זייער מילדן און זאַפטיקן גרין.

מען דאַרף נישט זיין קיין מומחה אין אַגראָנאָמיע צו איבערצייגן זיך פון וואַגאָן־פענצטער, אַז פאַראַגוויי איז געבענטשט מיט אַ פּרוכטבאַרן באָדן, וואָס גיט ארויס פון זיך מכל טוב.

די באַן פאָרט, ווי צווישן אַ געדיכטער אַלעע פון פּאָמעראַנצן און לימאָן־ביימער.

נאָר אָט זיינען מיר שוין אָנגעקומען צו דער אָזערע פון הייליקן בערנאַרדינאָ.

עס איז אַ ברייטער טייך, וואָס ציט זיך אַ צוויי צענדליק קילאָמעטער אין דער לענג און אַ פינף קילאָמעטער אין דער ברייט.

נאָך דעם, ווי איר האָט עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד געזען פאַר זיך בלויז דעם לייַמיק־געלן קאָליר פון דעם לאַ פּלאַטאַ, פּאַראַנאַ און פאַראַגוויי־טייכן, רוט אָפּ און פרישט זיך אָפּ דאָס אויג פון דעם שטאָל־טונקעלן אויסזען פון דער אָזערע פון הייליקן בערנאַרדינאָ.

ביי אַ האַלבער שעה פאָרט איר מיט אַ מאָטאָר־שיפל איבער דער אָזערע ביז איר קומט אָן אין סאַן בערנאַרדינאָ.

דער פּייזאַזש איז אַ מילד־ווייכער און אַנגענעמער.

ווי בלישטשענדער שטאָל גלאַנצט דאָס וואַסער פון דער אָזערע אין זון־ליכט. אומעטום, וואוהין דאָס אויג פאַלט, זעט איר פאַר זיך אין גרין־איינגעטונקענע בערגלעך, וואָס בילדן אַ וואונדער־שיינע גרינע ראַם, וואָס שליסט איין אין זיך דעם וואַסער־שפּיגל.

אָט זיינען מיר שוין אין סאַן בערנאַרדינאָ.

דער פּראַכטפולער „לאַגאָ"-האָטעל, וואָס שטייט אויף אַ באַרג אין אַ געדיכטן און זעלטן-שיין קולטיווירטן פּאַרק, מאַכט פון ווייטן דעם איינדרוק פון אַ שלאָס.

פון די רחבותדיקע טעראַסן פון האָטעל עפנט זיך פאַר אייך אַ פּאַנאָראַמע, וואָס רופט ביי אייך אַרויס אַ שטילע אַנטציקונג.

דאָ איז אַ זעלטענע שטילקייט. עס איז נישט די סעזאָן־צייט. מיט דער אויס־נאַם פון די צוויי־דריי ענגלענדער, וועלכע זיינען געקומען מיט מיר איז דאָ קיינער נישטאָ.

און אין אָט דער אַטמאָספער פון אַבסאָלוטער שטילקייט זעט אויס די אָזערע פון היילי־קן בערנאַרדינאָ, פון דעם באַרג־הויך מאַיעסטעטיש־אימפּאָזאַנט.

און וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרן ספּעקטאַקל שטעלט מיט זיך פאַר סאַן בער־נאַרדינאָ אין די פאַרנאַכט־שעהן, ווען עס פאַרגייט די זון?

ווער איז דען אימשטאַנד איבערצוגעבן אין ווערטער די סימפּאָניע פון די פאַר־בן, ווען די זון פאַרגייט אין פּורפּור און גאָלד!

ווען מיר זעען אָט די פאַרבן פון דעם הימל־האָריזאָנט איבער דער אָזערע פון הייליקן בערנאַרדינאָ געמאָלן אויפן לייוונט פון אַ מאָלער־פּייסאַזשיסט, וואָלטן מיר זיי באַטראַכט אַלס ווילדע אויסטראַכטעניש פון קינסטלערישער פאַנטאַזיע.

דאָ איז דאָס רעאַליטעט, פאַרכישופנדע, באַצויבערנדע ווירקלעכקייט.

האָט די אָזערע פון הייליקן בערנאַרדינאָ באמת פאַרדינט דעם נאָמען פון פּאַ־ראַגווייער גן־עדן?

פאַרגלייכט עס נישט מיט דער שווייץ, מיט טיראָל, אָדער מיט דעם וואונדער־באַרן חלום פון די געטער — מיט ווענעציע.

צו וואָס פאַרגלייכן און צו וואָס דערמאָנען זיך ווען איינדרוקן פון נעכטן, וואָס זיינען שוין נישט מער, ווי אַן עכאָ, אַן אָפּקלאַנג פון געוועזענעם, בלויז דער־אינערונג, דאָס הייסט בלויז שאָטן...

די אָזערע פון הייליקן בערנאַרדינאָ איז אָבער, יאָ גן-עדן, נישט גן־עדן, — זי איז אַ תענוגדיקע רעאַליטעט און אַז איר טונקט זיך אָפּ אין אירע, ווי סאַמעט ווייכע, וואַסערן, ווייס איך נישט צי איר ווערט הייליק, אָבער יונגער ווערט איר, און אַ נייע לעבנס-לוסט און לעבנס-דורשט הויבט אָן פליסן אין אייערע אָדערן...

און איך ראָט אייך, פריינט לעזער, פאַרלאָזט זיך נישט אויף די גליקן פון דעם אמתן גן־עדן, וואָס עס דערוואַרטן אייך נאָך די הונדערט און צוואַנציק יאָר פאַר אייערע מעשים טובים, און כאַפּט זיך דערווייל אַראָפּ אין פּאַראַגווייער „גן־עדן" און פאַרזוכט דעם זיסן טעם פון דעם סאַמעט-וואַסער פון דער „הייליקער" אָזערע און דערפרייט אייער אויג מיט דעם וואונדערבאַרן לאַנדשאַפט פון סאַן בערנאַרדינאָ.

:: :: ::

ווען איך בין געקומען פֿאַרנאַכט אַפּצוטויבלען זיך אין די וואַסערן פֿון „הייליקן בערנאַרדינאָ“ — האָב איך דאָרטן נישט געטראָפֿן קיין שום לעבעדיקן נפֿש.

ערשט מיט אַמאָל, ווען איך בין געשטאַנען אַ פֿאַרגאַפֿטער און האָב זיך איינגעקוקט אין די אַלע ווײַלע זיך בײַטנדע פּורפּור־גאָלד־קאָלירן פֿון האָריזאָנט — האָב איך דערהערט מענטשלעכע שריט.

איך האָב זיך אומגעקוקט און דערזען אַ מאָדנע געשטאַלט.

אַ הויכער, דאַרער מענטש, באַוואַקסן מיט אַ געדיכטער באָרד, איינגעפֿאַלענע באַקן און טיף־זיצנדע אויגן האָט מיט גרויסע שריט געשפּרייזט הין און צוריק אויף דעם קליינעם פּליאַזש, האַלטנדיק אונטערן אָרעם עטלעכע דיקע פֿאָליאַנטן. פֿון דער ווײַטנס האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ קריסטוס־פֿיגור.

ווייסנדיק, אַז סאַן בערנאַרדינאָ איז אַ דײַטשע קאָלאָניע, האָב איך דעם אומבאַקאַנטן אָנגענומען פֿאַר אַ דײַטש און האָב אים אָפּגעגעבן אַ ברייטן שלום עליכם אין דײַטש.

איך האָב נישט קיין טעות געהאַט. דער מאָדנער מענטש איז טאַקע געווען אַ דײַטש, אָבער נישט פֿון די סאַן בערנאַרדינאָר קאָלאָניסטן.

מיר האָבן זיך פֿונאַנדערגעשמועסט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער איינזאַמער באַזוכער פֿון דער אָזערע פֿון „הייליקן בערנאַרדינאָ“ איז אַ דײַטשער געלערנטער, אַן אמתער בעל־בוניק. אַ באָטאַניקער, אַ געאָלאָג, אַן אַסטראָנאָם און אַן... אַסטראָלאָג.

ער איז שוין עטלעכע יאָר אין פּאַראַגווײַ. ער איז פֿאַרוואָגלט געוואָרן אַהער נאָך לאַנגע נסיעות איבער אַלע לענדער פֿון אָריענט, פּאַלעסטינע אײַנגעשלאָסן.

דערוויסנדיק זיך, אַז איך בין אַ יידישער זשורנאַליסט, האָט ער אָנגעהויבן לויבן אין הימל אַריין פּאַלעסטינע. ער איז דאָרטן געווען פֿאַר דער מלחמה און האָט שוין דאַן, לויט די סודות און רמזים פֿון דער אַסטראָלאָגיע, פֿאַראויסגעשפּירט די גרויסע ענדערונגען, וואָס דער קריג וועט ברענגען די יידן, עפּענענדיק פֿאַר זיי אַ גרויסע צוקונפֿט אין פּאַלעסטינע...

דער דײַטשער אַסטראָלאָג האָט געשאָטן פֿעך און שוועבל אויף זײַנע דײַטשע לאַנדסלײַט פֿון סאַן בערנאַרדינאָ.

— זיי לעבן דאָ שוין פֿופֿציק יאָר — האָט ער געזאָגט, — אָבער פֿון דער גאַנצער דײַטשער קולטור האָבן זיי געירשנט בלויז די דײַטשע שפּראַך, פֿאַר וועלכער זיי האַלטן זיך פֿאַנאַטיש. זיי ברענגען לערער פֿון דײַטשלאַנד, זיי האַלטן אויס אַ דײַטשע שולע, אָבער גייסטיק זײַנען זיי אמתע באַרבאַרן, זיי האָבן קיין שום פֿאַרשטענדעניש פֿאַר קולטור און פֿאַרפֿאַלגן אַ קולטור־מענטש.

דער דײַטשער אַסטראָלאָג האָט זיך מיר אויסגערעדט זײַן ביטער האַרץ, אַז

ער האָט אויסצושטיין ביטערע פאַרפאָלגונגען פון זיינע לאַנדסלייט און מוז זוכן שוץ ביי די פאַראַגווייער באַהערדן.

איך ווייס נישט, צי זיינען טאַקע די דייטשע קאָלאָניסטן פון סאַן בערנאַרדינאָ אַזעלכע באַרבאַרן, ווי עס האָט זיי געשילדערט מיין אַסטראָלאָג, אָדער זיין פאַר־ביטערונג נעמט זיך דערפון, וואָס די פויערישע מוחות באַגרייפן נישט די חכמה פון זיין אַסטראָלאָגיע און האָבן נישט קיין אמונה אין זיין נביאיש-זעערישער קראַפט...

וועגן די פאַראַגווייער האָט מיין אַסטראָלאָג זייער אַ הויכע מיינונג. פון דער בעסטער געזעלשאַפט פון אַסונסיאָן קומט מען צו אים פרעגן עצות און מען באַציט זיך צו אים מיט דעם גרעסטן פאַרטרויען.

עס איז שוין געוואָרן שפּעט. מיר האָבן זיך געזעגנט און איך האָב פון מיין קורצן שמועס נישט געקענט באַקומען דעם זיכערן איינדרוק, צי האָב איך צו טון מיט אַ שאַרלאַטאַן, אָדער אַ וויסנשאַפטלעך-געבילדעטן מאַניאַק און שטערן-זעער.

איינס האָב איך אָבער פּראָפּיטירט פון אָט דער באַגעגעניש. מיין אַסטראָלאָג האָט מיר פאַרזיכערט, אַז איך שטיי אונטער דעם מזל פון דעם שטערן יופּיטער, וואָס האָט אין זיך דעם כוח פון שטענדיקער באַנייאונג און דערפאַר — האָט ער מיר צוגעזאָגט, — וועט אויף מיר נישט קענטיק זיין די לאַסט פון די יאָרן.

מיין שטערן-זעער האָט מיר אויך פאָראויסגעזאָגט, אַז דעם קומענדיקן אוי־גוסט וועט דער שטערן יופּיטער זיך געפינען אין דעם זעלבן שטאַנד, ווי ער איז געווען ביי מיין געבורט, און דאָס וועט מיר ברענגען מזל און אויסזיכטן פון ווייטע נסיעות...

נו, אויב די נבואה פון מיין אַסטראָלאָג וועט מקוים ווערן, וועל איך אייך, פריינט לעזער, דערציילן וועגן דעם און עס וועט אייך לוינען אַריבערצוכאַפּן זיך אין אַסונסיאָן, אפשר וועט איר זיך דערוויסן פון דייטשן אַסטראָלאָג וועגן די מזלות, וואָס דערוואַרטן אייך...

(10טן מאַי 1932)

---

# דער יידישער ישוב אין טשילע

ווען איך בין מיט צוויי צענדליק יאָר צוריק דורכגעפאָרן טשילע אויפן וועג פון ניו־יאָרק קיין בוענאָס איירעס, איז מיר אויסגעקומען צו זוכן אַ יידן אין סאַנ־טיאַגאָ, ממש, ווי דיאָגענעס האָט מיט אַ לאַמטערן אַמאָל געזוכט אַ מענטשן אין מיטן העלן טאָג.

אַלע מיינע באַמיאונגען צו דערוויסן זיך ביי דעם „מעטר" פון מיין האָטעל, דער איינציקער מענטש, מיט וועלכן איך האָב זיך דעמאָלט געקענט צונויפרעדן אין ענגליש, וועגן דער יידישער געמיינדע, האָבן צו גאָרנישט געבראַכט.

— נאָ האַי דזשוס אין טשילע, — נישטאָ אין טשילע קיין יידן — איז געווען דער קאַטעגאָרישער ענטפער פון מיין „מעטר ד'האָטעל".

נו, איך האָב זיך אָבער נישט פאַרלאָזט אויף דער דאָזיקער אינפאָרמאַציע און בין מיט מיין יידיש־אַמעריקאַנישן מיטפּאַסאַזשיר אַוועק איבער די גאַסן פון סאַנ־טיאַגאָ זוכן יידן.

לויט אונדזער ניו־יאָרקער דערפאַרונג, וואו די גאַנצע קאָנפעקציע־בראַנזשע איז אין יידישע הענט, האָבן מיר באַשלאָסן צו באַזוכן די קליידער־געשעפטן, זייענ־דיק זיכער, אַז דאָ וועלן מיר שוין טרעפן עמיצן מאחינו בני ישראל.

אין אַ דריי־פיר פּלעצער האָבן מיר, אויף וויפל איך דערמאָן זיך, געהאַט אַ מיאוסן אָפּשניט.

איידער איך פלעג איבערטרעטן די שוועל פון אַ געשעפט פלעג איך גוט שטו־דירן די פיזיאָנאָמיע פון דעם אייגנטימער; לויט מיין אָפּשאַצונג האָט נישט גע־קענט זיין קיין צווייפל, אַז איך האָב דאָ צו טון מיט אַ יידן; אָבער אין די ערשטע דריי־פיר פאַלן איז אויף מיין לאַקאָנישער שטום־לשון פראַגע: „יאַהודי?" נישט געקומען קיין ענטפער. מען האָט אונדז אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און געענטפערט מיט אַ שפּאַנישער פראַזע, דער זין פון וועלכער איז פאַר אונדז געווען אומפאַר־שטענדלעך. עד היום וויים איך נישט, צי האָב איך טאַקע אַ טעות געהאַט אין מיין ראַסן־אָפּשאַצונג, אָדער די פערזאָנען, וואָס מיר האָבן באַזוכט האָבן געוואָלט פאַר אונדז פאַרבאָרגן זייער יידישן אָפּשטאַם.

נאָך אַ דריי דורכפאַלן בין איך שוין גרייט געווען אויפצוגעבן מיין „עקספּע־דיציע" פון זוכן יידן אין טשילע; דאָך האָבן מיר באַשלאָסן צו מאַכן נאָך איין פּרואוו.

— נו, אויב דאָס איז נישט קיין ייד — האָב איך אַ זאָג־געטון מיין באַגליי־טער, אַריבערטרעטנדיק די שוועל פון אַ פערטן געשעפט, דאַן איז דער מין ייד נישטאָ אין טשילע.

נו, דאָס מאָל האָבן מיר געהאַט גליק.

אויף מיין סטערעאָטיפּישער פראַגע: „יאַהודי"? — איז געקומען אַ ברייטער

שלום עליכם. מיר האָבן זיך פונאנדערגעשמועסט, דער ערשטער ייד, וועלכן איך האָב באַגעגנט דעמאָלט אין טשילע, האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט אונדז אַמע־ריקאַנער און האָט אונדז באַלד איינגעלאַדן אין אַ קליינער שילכל, גלייך ביים גע־שעפט. ס׳איז געווען אַ שבת. קיין מנין יידן איז דאָרטן נישט געווען און מען האָט אונדז מכבד געווען מיט אַן עליה.

מיין באַגלייטער, אַן אַמעריקאַנער געבוירענער און אַ פולשטענדיקער אַמעריקאַ־ניזירטער ייד איז געווען שטאַרק צופרידן פון דעם שאַנס אַריינצוכאַפּן אַן עליה, אָבער ער איז געבליבן אַביסל אַנטוישט, וואָס מען האָט אונדז גלייך אויפן אָרט און אום שבת אָנגעשריבן אַ רעסיווע פאַר די פּאָר דאָלאַר, וואָס מיר האָבן מנדר געווען פאַר דער עליה.

אָט דאָס איז געווען מיין איינדרוק פון דער יידישער קהילה אין סאַנטיאַגאָ דע טשילע מיט צוויי צענדליק יאָר צוריק.

נו, איצט האָב איך שוין פון לכתחילה, געוואוסט, אַז מיר וועט נישט אויסקו־מען צו זוכן מיט ליכט יידן אין טשילע.

שוין אַ היפּשע עטלעכע יאָר, אַז דער נישט גרויסער יידישער קיבוץ פון יענער זייט פון די אַנדן-בערג, לאָזט הערן פון זיך מיט זיין אַל-יידישער און דערהויפּט ציו־ניסטישער אַקטיוויטעט.

פאַר די צוויי צענדליק יאָר זינט מיין ערשטן צופעליקן באַזוך, איז אין טשילע אַנטשטאַנען אַ בכבודיקער און בערך גוט אָרגאַניזירטער יידישער ישוב, וואָס פילט זיך ניט פאַרוואָרצלט אין דער נייער היים.

לויט דעם צענז, וואָס די יידישע אָרגאַניזאַציעס האָבן דורכגעפירט אין 1934 זיינען אין טשילע געווען בערך צוועלף טויזנט יידישע נפשות; איצט שאַצט מען, אַז דער יידישער ישוב אין לאַנד איז דורך דער איינוואַנדערונג פאַרגרעסערט גע־וואָרן מינדעסטנס אויף פיר טויזנט נפשות. דער רוב מנין ובנין פון די יידן לעבן אין דער הויפּטשטאָט — סאַנטיאַגאָ, וואו די אָרטיקע קהילה ווערט געשאַצט אין צוועלף טויזנט נפשות. די צווייטע גרעסטע שטאָט פון טשילע — וואַלפּאַראַיסאָ — ציילט ביי די טויזנט יידישע נפשות און קלענערע יידישע געמיינדעס זיינען פאַראַן אין טעמוקאָ, קאָנסעפּסיאָן און אין די אַנדערע שטעט פון דרום און צפון פון לאַנד. מען שאַצט, אַז דער טשילענער יידישער ישוב ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון אַן אַכט טויזנט אשכנזים, צוויי טויזנט ספרדים און אַ זעקס טויזנט דייטש־רעדנדיקע יידן, די איינגעוואַנדערטע פון דייטשלאַנד, עסטרייך און טשעכאָסלאָ־וואַקיע.

נעמענדיק אין אַכט די יונגקייט פון דעם טשילעניש־יידישן קיבוץ מוז מען זאָגן, אַז ער האָט צו פאַרצייכענען באמת גרויסע דערגרייכונגען אויף דעם געביט פון אָרגאַניזאַציע און פאַרמאָגט אייניקע ווירטיקע אַנשטאַלטן.

דעם ערשטן פּלאַץ אין יידישן סאַנטיאַגאָ פאַרנעמט דער „סירקולאָ איזראַע-ליטאַ" (יידישער קרייז), אַ געזעלשאַפט, וואָס ציילט ביי די פינף הונדערט מיט-גלידער און שטעלט זיך פילאַנטראָפּישע, קולטורעלע און פאַרוויילונגס-צילן.

דער סירקולאָ פאַרמאָגט אַ פּראַכטפולן בנין פון אייניקע שטאָק מיט אַ גלענצנדן טעאַטער און פאַרזאַמלונגס-סאַלאָן. לצים און קריטיקער זאָגן, אַז פון די קולטור-פילאַנטראָפּישע און פאַרוויילונגס-אויפגאַבן פאַרנעמען די לעצטע דעם אויבנאָן אין דעם סירקולאָ, אָבער דאָס פאַרמינערט נישט, ווי מיר שיינט, די נאַציאָנאַל-אָרגאַניזירנדע באַדייטונג פון דער שאַפונג פון אַ פּראַכטפולן און באַקוועמען יידישן פאָלקס-הויז. אין דעם פּרט, מוז מען זאָגן, און נישט אָן פאַרדרוס, אַז די קליינע יידישע געמיינדע פון סאַנטיאַגאָ האָט אונדז, בוענאָס איירעסער יידן, אין פּראָפּאָרץ ווייט, ווייט אַריבערגעיאָגט.

זייער אַ שיינעם און דחבותדיקן אייגענעם בנין האָט אויך די צווייטע פילאַנ-טראָפּישע געזעלשאַפט, וואָס באַשטייט אַזוי צו זאָגן פון „עמך"-עלעמענטן, דער ביקור חולים, וואָס ציילט ביי די זעקס הונדערט מיטגלידער.

אויסער די צוויי צענטראַלע אַנשטאַלטן און געזעלשאַפטן זיינען אין סאַנ-טיגאָ פאַראַן אַ גאַנצע רייע יידישע געגנט-פאַראיינען פון קולטור-פילאַנטראָפּישן און רעליגיעזן כאַראַקטער, ווי דער „מאַקס נאָרדוי", „נ. סאָקאָלאָוו", „הערצל-ביאַליק", „ז. קאַפּמאַן" צענטערן, וואָס האָבן ביי די הונדערט מיטגלידער יעדער איינער.

אויסער דעם איז אין סאַנטיאַגאָ פאַראַן, פאַרשטייט זיך, אַ חברה קדישא, וואָס ציילט ביי די זעקס הונדערט מיטגלידער; דער „סירקולאָ" האָט זיין אייגענעם מאַר-זאָלעאום אויף דעם אַלגעמיינעם בית-עולם.

אין די פּראָווינץ-שטעט, ווי וואַלפּאַראַיסאָ, ראַנקאַגוואַ, טעמוקאָ, וואַלדיוויאַ, קאָנסעפּסיאָן, וואו עס זיינען פאַראַן יידישע קיבוצים, זיינען אויך דאָ אומעטום יידישע אָרגאַניזאַציעס לויט דעם טיפּ פון דער הויפּט-שטאָט וואָס פאַראייניקן דעם געזעלשאַפטלעך-אַקטיוון עלעמענט.

אויף דעם יידישן דערציאונגס-געביט האָט דער טשילעניש-יידישער ישוב נישט פיל אויפגעטון, אָבער אין פּראָפּאָרץ איז ער אפשר נישט שטאַרק הינטערשטעליק פאַר דער יידישער אַרגענטינע.

אין סאַנטיאַגאָ עקזיסטירט אַ צענטראַל-קאָמיטעט פאַר יידישער דערציאונג, וואָס האַלט אויס אַכט יידישע בילדונגס-קורסן.

אין איין פּרט האָט דער קליינער יידישער קיבוץ פון סאַנטיאַגאָ איבערגעיאָגט אונדז אויך אויף דעם יידישן שול-געביט.

אין סאַנטיאַגאָ עקזיסטירט אַן אינקאָרפּאָרירטע יידיש-שפּאַנישע אָנפאַנגס-שולע מיט אַלע רעכט פון אַ רעגירונגס-שולע. די שולע באַזוכן איבער הונדערט פער-ציק יידישע קינדער און באַקומט אַ קליינע סובסידיע פון דער רעגירונג (אַכט הונ-

דערט טשילענער פעזעס מאָנאַטלעך). דער „סירקולאָ" גיט אַ סובסידיע פון 1.500 פעזעס.

דער פעדאַגאָגישער פערסאָנאַל באַשטייט פון דריי יידישע און פינף נישט־יידישע לערער. העברעאיש פאַרנעמט דעם אויבנאָן אין דער שול־פּראָגראַם, יידיש לערנט מען דאָרטן ערשט פון דריטן יאָר אָן.

דאָס סאַמע טשיקאַווסטע איז, וואָס פון די איבער הונדערט פערציק קינדער, וואָס באַזוכן די שולע, זיינען ביי די דרייסיק קינדער „טשילענער". די נישט־יידישע עלטערן פון דער געגנט גיבן אָפּ פּרעפערענץ דער יידישער שולע צוליב איר אויסגעצייכנטער איינאָרדנונג און הויכן פּעדאַגאָגישן ניוואָ.

מיר גלויבן, אַז דאָס איז אַ זעלטענער, איין־און־איינציקער אין זיין מין פאַל, וואָס זאָגט עדות וועגן דעם גייסט פון ראַסן־טאָלעראַנץ, וואָס הערשט אין דער טשילענישער פאָלקס־סביבה.

די „וויצאָ" און איר אקטיווע און זייער ענערגישע פּרעזידענטין, פרוי קרענגאָוויטש, טוען זייער פיל פאַר דער אויסהאַלטונג פון דער שולע; עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס צוליב דעם פעלן, ווי מען האָט מיר פאַרזיכערט פון אַ גוטן יידישן לערער, איז דאָס לערנען פון יידיש אוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן צווייטן פּלאַן, בעת אין העברעאיש ווייזן אַרויס די קינדער אַ באַדייטנדיקן פאָרשריט.

די יידישע יוגנט אין טשילע איז אָרגאַניזירט אין אַ יוגנט־אַסאָסיאַציע, וואָס ציילט ביי די פיר הונדערט מיטגלידער און שטעלט זיך דעפּאַרטיוו־קולטורעלע און פאַרוויילונגס־צילן.

איין גרופּע פון דער דאָזיקער יוגנט־אָרגאַניזאַציע גיט זיך אָפּ מיט גרויס ענטוזיאַזם אַ סאַניטאַר־פילאַנטראָפּישער אַרבעט אויסהאַלטנדיק אַ דיספּענסאַר פאַר אומבאַמיטלטע קראַנקע, כמעט אויסשליסלעך טשילענער. די דאָזיקע יידישע מעדיצינישע אינסטיטוציע פאַר נישט־יידן איז, ווי עס שיינט, זייער פּאָפּולער ביי דער טשילענישער אָרעמקייט פון דער געגנט און דאָס איז געוויס אַ נוצלעכע סאָציאַלע אַרבעט, וואָס קען האָבן אַ געוויסע השפּעה פאַר דעם גוטן יידיש־טשילענישן צוזאַמענלעבן.

די דאָמינירנדע ווירקונג אין דעם יידיש־טשילענישן געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט די ציוניסטישע פעדעראַציע, וואָס איז אין טשילע ווירקלעך אַ פעדעראַציע פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען און נישט פון איין פּאַרטיי.

טשילע איז, אויב מיר האָבן קיין טעות נישט, דאָס איינציקע לאַנד אויף דעם אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, וואו עס איז פאַרווירקלעכט דער „איחוד", די איינהייטלעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע בהסכם מיט די באַשלוסן פון די לעצטע ציוניסטישע קאָנגרעסן.

די פאַרוואַלטונג פון דער פעדעראַציע ווערט געוויילט אויף די יערלעכע צוזאַמענפאָרן, אין וועלכע עס באַטייליקן זיך די אַלגעמיינע ציוניסטן, פּועלי ציון, פאַר־

טרעטער פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ ישראל און די וויצאָ. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס אויף די צוזאַמענפאָרן, יעדנפאַלס אויף די לעצטע, האָבן פּרעדאָמי־נירט די אָנהענגער פון אַרבעטנדן ארץ ישראל, האָט דער „איחוד״ געגעבן די בעס-טע רעזולטאַטן און האָט געגעבן די מעגלעכקייט פון האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט פון אַלע ציוניסטישע כוחות פון די פאַרשידנסטע ריכטונגען.

אויב מען זאָל נישט רעכענען די געוויסע פאַרבײַגייענדע רייבונגען, וואָס זיינען לעצטנס פאָרגעקומען אין דער געמיינזאַמער רעדאַקציע פון דעם אָפיציעלן אָרגאַן פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע „מונדאָ כודיאָ״, — דאַרף מען באַטראַכטן דעם איחוד אין טשילע פאַר אַ פולשטענדיקן דערפאָלג: עס איז אויסגעמיטן געוואָרן די צעשפּליטערונג פון די כוחות פון דעם ניט-גרויסן ישוב בנוגע די אַלגעמיינע און געמיינזאַמע פאַר אַלע ריכטונגען ציוניסטישע אויפגאַבן, און די עקזיסטענץ פון דעם פּאַראייניקטן ציוניסטישן פראָנט האָט וואַרשיינלעך פיל בייגעטראָגן פאַר דער דאָ־מינירנדער השפּעה פון דעם ציוניסטישן געדאַנק אין דעם יידיש־טשילענישן עפנט־לעכן לעבן.

עס איז אויך כדאי אָנצואווייזן, אַז אין דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד האָט דער יונגער און נישט גרויסער יידישער ישוב באַוויזן אַרויסצורוקן פון זיין מיט אייניקע גאַנץ אָנגעזעענע פיגורן. אין טשילענישן פּאַרלאַמענט זיינען פאַ־ראַן דריי יידן דעפּוטאַטן, וואָס געהערן צו דריי פאַרשידענע לינקע פּאָליטישע פּאַר-טייען, וואָס בילדן דעם איצטיקן רעגירנדן פאָלקס־פראָנט. דער זייער סימפּאַטישער און פּאָפּולערער אין טשילע סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט, ד״ר בערמאַן, שטייט, אגב, זייער נאָענט צום ציוניזם און האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. ד״ר פייוואָוויטש, דער דעפּוטאַט פון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין פּרוכטבאַרער מוניציפּאַלער טעטיקייט און ווערט באַטראַכט אַלס דער אנערקענטער ספּעץ אין מוניציפּאַלע פּראָבלעמען.

דער דריטער ייד, דעפּוטאַט טשאַמודיס, געהערט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

בעת דער פריערדיקער פּרעזידענץ פון ד״ר אַלעכסאַנדרי האָט זיך אויסגעצייכנט דער יונגער יידישער אַדוואָקאַט ד״ר שווייצער, וועלכער האָט אַ געוויסע צייט פאַר־נומען דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון דער פּרעזידענץ.

ווען מען נעמט אין אַכט, אַז דער יידישער ישוב אין טשילע איז ערשט אַלט בלויז עפּעס מער פון צוויי צענדליק יאָר, דאַרף מען אנערקענען, אַז ער האָט פיל דערגרייכט אויף דעם יידישן און אַלגעמיין-פּאָליטישן געביט, און אויב עס וועלן באַזייטיקט ווערן, ווי מיר ווילן עס האָפן, די צייטווייליקע שוועריקייטן פאַר דער יידישער אימיגראַציע, קען מען דערוואַרטן, אַז דאָס טשילענער יידנטום זאָל ווערן אַ וויכטיקער מיטגליד אין דער דרום-אַמעריקאַנישער יידישער משפחה.

(14טן מאַי 1939)

# פון מיינע באַגעגענישן און שמועסן אין ברוינעם גיהנום

— זייט זייער פאָרזיכטיק מיט אייערע שמועסן אין וואַגאָן — וואָרנט מיר מיין נייער פּאַריזער באַקאַנטער, אַ סימפּאַטישער יידיש־דייטשער יונגערמאַן, אַן אַמאָליקער ציוניסט און איצט אַן עקסטרעם־לינקער, וואָס האָט ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק פאַרלאָזן, געמוזט פאַרלאָזן דאָס ברוינע דייטשלאַנד. אַמבעסטן וואָלט איך אייך געראָטן צו פאַרשטעלן זיך, אַז איר פאַרשטייט שלעכט דייטש, אַנישט וועט מען אייך אריינשלעפּן אין אַ שמועס און איר קענט שלעכט אָפּשניידן.

דערזעענדיק ביי מיר אין רייזע־פּאָרטפעל אַ פּעקל קאָנווערטן און אַ בלאָק מיט דער אויפשריפט „דיאַריאָ איזראַעליטאַ", ווענדט זיך צו מיר מיין באַקאַנטער:

— גזלן, וואָס טוט איר. שיקט עס אָפּ קיין ווארשע אָדער וואַרפט עס אַרויס. מען וועט אייך דאָך גלייך חושד זיין, אַז איר וועט אָט די אַלע קאָנווערטן אָנפילן מיט גרויל־נייעס...

— און זייט אויך פאָרזיכטיק -- גיט צו צום סוף מיין באַקאַנטער — אין גע־שפּרעכן מיט דאַמען. געדענקט אַז איר קענט האָבן צרות צוליב אַ פלירט מיט אַ כשרער אַריערקע...

און אָנגעלאָדן מיט אָט דעם פּעקל וואָרנונגען האָב איך זיך נישט מיט קיין לייכטן געמיט אריינגעזעצט אין צוג אויף דעם „גאַר דע נאָרד אין פּאַריז, וואָס פאָרט אין ברוינעם בערלין.

אַדיע, פּאַריז, די גליקלעך פרייע וועלט־שטאָט, וואו מענטשן האָבן דאָס גליק צו אָטעמען פריי, פריי רעדן און פריי זיך באַוועגן.

שוין זייענדיק אין וואַגאָן, גיב איך זיך אַ כאַפּ, אַז אין דער קעשענע פון מיין מאַנטל האָט זיך פאַרוואַלגערט אַ נומער „הומאַניטע". איך נוץ אויס דעם מאָמענט, ווען מיין אומבאַקאַנטער שכן פאַרלאָזט אויף אַ ווײַלע דעם וואַגאָן און וואַרף אַרויס די „טריפע" צייטונג. איך שטודיר אויפמערקזאַם די פּנימער פון מיינע צוויי מיט־פּאַסאַזשירן אין קופּע. איך בין נישט קיין גרויסער פיזיאָנאָמיסט און קען נישט אָנטשיידן די נאַציאָנאַליטעט פון מיינע מיטפּאָרער. פאָלגנדיק די עצה פון מיין פּאַ־ריזער באַקאַנטן האַלט איך זיך שטרענג רעזערווירט. אָבער דאָס איז גאַנץ איבעריק. די נאַכט העלפט מיר אַרויס. אַזוי שנעל, ווי דער צוג רירט זיך, הויבן אָן מיינע מיטפּאַסאַזשירן צו דרימלען. איך טו אויך דאָס זעלבע. פון די שכנישע קופּעען הערט זיך אַ געשפּרעך אין דער פּוילישער שפּראַך מיט אַ שטאַרק יידישן אַקצענט. דער צוג פאָרט דירעקט דורך בערלין און וואַרשע צו דער סאָוועטישער גרעניץ און אין די אַנדערע קופּעען האָב איך באַמערקט אייניקע רוסיש־רעדנדע דאַמען.

פאַרטאָג, ווען איך כאַפּ זיך אויף פון מיין דרעמל געפין איך שוין גאַר נייע

פּאַסאַזשירן אין מיין קופּע. די פריערדיקע זיינען אַוועק. קענטיק, אַז דאָס זיינען געוועזן פראַנצויזן, וואָס זיינען געפאָרן ביז די נאָענטסטע סטאַנציעס. אַנטקעגן מיר זיצט אַ בלאָנדע, דיקע דאַמע, לויט דעם אויסזען אַ דייטשקע, וואָס פאַרנעמט כמעט אַ האַלבע באַנק. אין ווינקל אויף מיין באַנק זיצט אַ יונגערמאַן און איך דאַרף נישט צווייפלען, ווער ער איז. איך באַמערק אין זיין לאַץ אַ סוואַסטיקאַ־אָפּצייכן. איך נעם אַרויס אַ פּאַריזער ענגלישע צייטונג „העראַלד" און אַרייַנקוקנדיק אין צייטונג שטודיר איך די פּנימער פון מיינע מיטפּאַסאַזשירן.

מיין שכנה איז אָבער אַ באַרעדעוודיקע און זוכט צו פאַרפירן אַ שמועס. איך בין נכשל געוואָרן און געענטפערט אויף אירער אַ פראַגע אין דייטש. איך האָב שוין אַלזאָ נישט געקענט פאַרשטעלן זיך, אַז איך פאַרשטיי נישט קיין דייטש. זי דערציילט מיר באַלד, אַז זי לעבט אין בעלגיע און פאָרט צו גאַסט צו איר פאַמיליע אין דייטשלאַנד. איך באַמי זיך צו זיין לאַקאָניש, ווי מעגלעך, אָבער מיין שכנה ווערט נישט מיד און מאָלט, ווי אַ מיל. זי איז זייער פריינדלעך און באָט מיר אָן וויינטרויבן. איך אַנטשולדיק זיך, אַז איך עס נישט קיין פרוכטן פאַר פרישטיק און טראַכט ביי זיך אפשר איז אָט די פריינטלעכקייט נישט מער, ווי אַ נעץ פון אַן אַגענטקע פון „געסטאַפּאָ". איך פרואוו צו אָפּשאַצן די יאָרן פון מיין מיטשמועסערין: איז זי שוין איבער די פינף און פערציק? לויט דעם נייעם נירענבערגער דין מעגן דאָך אידן האַלטן אַרישע דינסטן עלטער פון פינף און פערציק און שמועסן מיט אַן עלטערער אַריערין איז אפשר נישט געפערלעך...

מיין שכן, קענטיק אַ מיטגליד פון דער היטלער-יוגנט זיצט שווייגנד אין ווינקל. אויף דער נאָענטסטער סטאַנציע קומט אַריין אין וואַגאָן אַ פראַנצויז און איך הער צום ערשטן מאָל די באַקאַנטע באַגריסונג „הייל היטלער!". איך קוק אַרויס אין פענצטער און ענטפער, פאַרשטייט זיך, נישט אויף דער באַגריסונג. איך נעם זיך פאַר מיין ענגלישער צייטונג און שטודיר דערווייל די פיזיאָנאָמיע פון מיין נייעם מיטפּאַסאַזשיר, פון דעם אָפּצייכן אויפן לאַץ זע איך, אַז איך האָב פאַר זיך גאָר אַ גרויסן יחסן — קאָמאַנדיר פון „שטורם-שטאַפּעל". אַ ברוטאַל, גזלניש פון ביר באַצויפטן פּנים. איך טראַכט זיך, אַריינצופאַלן צו אים אין די הענט דאַרף נישט זיין גאָר זיס...

נו, מיין וואַגאָן-געזעלשאַפט איז נישט פון די אנגענעמע, און איך אָטעם פריי אויף, ווען אויף דער נאָענטסטער סטאַנציע פאַרלאָזט דער שטורם-בריגאַדיר דעם וואַגאָן אַ ברום טוענדיק, ווי צווישן די ציין דעם „הייל היטלער" צו דעם יונגעמאַן אין דעם ווינקל.

נאָר אָט שטעלט זיך אָפּ דער צוג אויף דער דייטשער גרעניץ-סטאַנציע. די ביז איצטיקע פּאַסאַזשירן זיינען קענטיק געוועזן רייזנדע פון די נאָענטסטע בעלגישע

גרעניץ-שטעט. איך קוק ארויס פון וואגאָן-פענצטער. איך בין שוין אויף דער דייטשער טעריטאָריע. און דאָס ערשטע, וואָס ווארפט זיך מיר אין די אויגן זיינען אַ גרופּע מיליטערלייט און ציווילע מיטן רויטן סוואסטיקא־באַנד אויפן אָרעם. באַלד הערט זיך אַ קאָמאַנדאָ־רוף. נו, טראַכט איך זיך: נישט קיין שלעכטער קבלת פּנים: אזוי באַגעגנט מען עס דעם אויסלענדישן צוג אויף דער ברוינער טעריטאָריע. עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט. די באַגעגעניש איז נישט געווען פאַר אונדז, נאָר פאַר עפּעס אַן אָנגעזעענעם נאַצי-שררה, וואָס איז אָנגעקומען פון אויסלאַנד.

צו אונדז אין וואגאָן גייען אַריין ציוויל־אָנגעטוענע טאַמאָזשנע-באַאַמטע. אויך די „געסטאַפּאָ“־אַגענטן, וואָס רעווידירן די פּעסער זייענען אָנגעטון ציוויל און מערקווירדיק אָן שום סוואסטיקא-אָפּצייכן, קענטיק, אַז מען וויל נישט רייצן די אויסלענדער.

צו מיין איבערראַשונג איז די טאַמאָזשנע־רעוויזיע אַ זייער אויבנאויפיקע. ווען איך האָב געוואָלט עפענען מיין צווייטן טשעמאָדאַן מאַכט דער באַאַמטער מיטן האַנט: „נישט נויטיק“. איך מוז זאָגן, אַז פון די אומצאָליקע פּעסער און טאַמאָזשנע־רעוויזיעס, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט פאַר מיינע וואַנדערונגען אין אייראָפּע, איז די דייטשע רעוויזיע געווען די לייכטסטע און העפלעכסטע. עס איז קלאָר, אַז עס איז דערביי פאַראַן אַ ספּעציעלע כוונה צו שאַפן אַ גינסטיקע שטימונג ביי די אויסלענדער.

דורכגייענדיק אזוי לייכט דורכן גרעניץ־קאָרדאָן ווערט שוין מיר לייכטער אויפן ועמיט. איך וואַרף אַוועק די ענגלישע צייטונג און שמועס שוין פרייער מיט מיין שכנה וועגן בעלגיע און דער אַרבעטסלאָזיקייט, וואָס הערשט דאָרטן.

מיר פאָרן דורך די באַרימטע קעלנער בריק, וואָס איז געווען אָקופּירט פון פראַנצויזישן און ענגלישן מיליטער. אין קאָפּ לויפט דורך אַ געדאַנק: „וואָס פאַר אַ שאָד, וואָס די ענגלענדער און פראַנצויזן זיינען שוין דאָ נישטאָ!“. איך שלאָג זיך על חטא פאַר די לויב-געזאַנגען דעם אַמאָליקן לאַבאָריסטישן אויסערן-מיניסטער, הענדערסאָן, וועלכער האָט אויסגעפּועלט די באַפרייאונג פון רהיינלאַנד. ווי אַנדערש וואָלט אייראָפּע איצט אויסגעזען, ווען אויף דעם בריק, וואָס איך פאָר איצט דורך, וואָלט געשטאַנען אַן ענגליש-פראַנצויזישע מיליטערישע וואַך.

דייטשלאַנד און מיר צוזאַמען מיט אייראָפּע וואָלטן אפשר נישט געוואוסט פון דעם ברוינעם אומגליק...

דער צוג שטעלט זיך אָפּ אין ד י ס ע ל ד אָ ר ף. אַ ציטער גייט מיר דורך דורך דיביינער. ה יי נ ע ס געבורטס-שטאָט... ווי וואָלט איך געוואָלט פאַרלאָזן דעם צוג און וואַנדערן איבער די גאַסן, וואו די שטיינער דערמאָנען וועגן דעם גרויסן

אומשטערבלעכן יידיש-דייטשן דיכטער, וואָס האָט אַזוי פּייערדיק געהאַסט דאָס שוואַרצע דייטשלאַנד.

ווי נבואיש איז זיין האַס־ליד דאָס „ווינטער־מערכען“, אין וועלכן ער האָט מיט פּייערדיקע בייטשן געשמיסן דאָס קנעכטישע דייטשלאַנד פון אַמאָל. וואו איז איצט דער גרויסער שטראָפער?...

קיין סך צייט צו טראַכטן איז אָבער נישטאָ. דער צוג רירט זיך. אין מיין וואַגאָן זיינען צוגעקומען נייע פּאַסאַזשירן, איינער פון זיי אורטיילנדיק לויט זיינע באַגלייטער, איז דוכט זיך זיכער אַ פּוילישער ייד. ווער די אַנדערע פּאַסאַזשירן איז שווער צו זאָגן. לויט דער נאָז זעט מיר אויך אויס דער צווייטער נייער שכן אַ ייד. שפּעטער האָב איך זיך איבערצייגט אין מיין טעות.

מיט אונטערגעשטראָכענער פריינטלעכקייט מאַך איך פּלאַץ פאַר מיין יידישן שכן, וועלכער קוקט זיך אום מיט האַלב דערשראָקענע אויגן אויף די מיטפּאַסאַזשירן. אין קופּע איז אויך אַריינגעקומען אַן עלטערע דייטשע פרוי פון די אַרבעטער־שיכטן: מיין בלווידערנדע בלאָנדע שכנה שמועסט זיך פונאַנדער מיט דער עלטערער פרוי. זי מיינט, אַז אין דייטשלאַנד דאַרף עס זיין בעסער ווי אין בעלגיע מיט די אַרבעטסלאָזע. היטלער, זאָרגט דאָך און גיט שטיצע, כאָטש אין אויסלאַנד גיט זי צו, האַלט מען נישט פון דעם „פירער“...

איך זע, אַז איך האָב פאַר זיך אַן איינפאַך נאַריש־נאַאיווע דייטשקע, וואָס לעבט שוין לענגער אין אויסלאַנד און גיט זיך נישט אָפּ קיין חשבון, וואו זי איז. די עלטערע פרוי ענטפערט עפּעס צווישן די ציין און איך באַקום דעם איינדרוק, אַז זי דאַרף נישט זיין פון די היטלער־פּאַטריאָטקעס...

מיר הויבן אָן אַריינפאָרן אין דער דייטשער אינדוסטריע־געגנט — האַנאָווער־דיסבערג. איך זע אַ גרויסע מאַסע פאַבריק־קוימענס, פון וועלכע מען מערקט נישט קיין רויך.

פאַרזיכטיק הויב איך אָן אָנקניפּן אַ שמועס מיט מיין שכן, וועלכער האָט מיר אויסגעזען יידיש. איך פרעג זיך פונאַנדער וואָס זיינען דאָ פאַר פאַבריקן.

מיין מיטשמועסער הויבט זיך אָן קלאָגן, אַז דער גרעסטער טייל פון די פאַבריקן אין אָט דער געגנט איז געשלאָסן.

— אָט, זעט איר דאָ (דאָס איז געווען נישט ווייט פון דיסבערג) איז געווען אַ ריזן־פאַבריק פון שרייב און ניי־מאַשינען. איצט איז פון איר קיין שפּור נישטאָ. אַז אויסלאַנד קויפט נישט ביי אונדז. זיי שאַדן אָבער זיך אַליין: מען קויפט נישט ביי אונדז און מען צווינגט אונדז צו באַנוגענען זיך און אויסקומען מיט אייגענער פּראָדוקציע און נישט קויפן אין אויסלאַנד.

— יאָ, פריער איז דאָ געווען לעבן און באַוועגונג — איצט איז טויט. און

פלוצלינג גיט ער צו מיט אַן ענערגישער שטימע, קוקנדיק מיט פאַרשנדע אויגן אויף מיר: „דאָס האָט אַלץ אָנגעטאָן דער יידישער באָיקאָט". מײַן מיטשמועסער לאָזט זיך באַלד פונאַנדער אין לויב-געזאַנגען דעם „פירער", וואָס האָט געבראַכט רו און אָרדנונג אין לאַנד, האָט געזאָרגט צו אַנטוויקלען אַ קליינע פויערשאַפט, כדי דאָס לאַנד זאָל זיך קענען שפּייזן אַליין, נישט אָנקומענדיק צו אויסלאַנד.

איך האָב דערזען, אַז איך בין אַריינגעפאַלן, אַז איך האָב מיך טועה געווען אין דער נאָז פון מײַן מיטפּאַסאַזשיר, אַז איך האָב פאַר זיך דעם ריכטיקן היטלער־חסיד.

דער שמועס איז מיר שוין געוואָרן נישט צום האַרצן, זיצן און הערן לויב-דרשות היטלערן און אויף מײַן פּנים זאָל מען נישט דערקענען, וואָס איך פיל דערביי — דאָס איז געוואָרן צו ריזיקאַליש. איך האָב באַשלאָסן אַ קערעווע צו טון דעם שמועס אין אַן אַנדער ריכטונג. איך האָב זיך אַריינגעריסן אין מיטן די רייד פון מײַן ברוינעם מיטשמועסער אַ זאָג טוענדיק: „מיר, אין אַרגענטינע לײַדן אויך דערפון, וואָס מיר האָבן נישט וואו אַהינצוטון אונדזערע פלייש און תבואה־פּראָדוקטן. דאָס איז די צרה פון עקאָנאָמישן נאַציאָנאַליזם, וואָס באַהערשט די פעלקער"... איך האָב די טעמע נישט אָפּגעלאָזן, כדי אַוועקנעמען די געפערלעכע פּאָליטישע שפּיצן פון שמועס.

— יאָ, גיט צו מײַן מיטשמועסער. דאָס אַלץ האָט אָנגעטון די מלחמה און האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין אַ פּאַציפיסטישער דרשה, מיט וועלכער איך האָב שווייגנד צוגעשטימט.

אויף דער נאָענטסטער סטאַנציע האָט זיך מײַן ברוינער שכן פריינטלעך מיט מיר צוזעגנט און איך בין געווען צופרידן, וואָס איך בין פּטור געוואָרן פון אים.

אין וואַגאָן איז צוגעקומען נאָך אַ פּויליש־יידישער פּאַסאַזשיר. צווישן די ביידע פּוילישע יידן האָט זיך באַלד איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט. איך באַמערק, אַז צו מיר באַציען זיך די נייע פּאַסאַזשירן זייער רעזערווירט, קענטיק, אַז זיי האַלטן מיך נישט פאַר קיין יידן, כאָטש איך האָב אין לויף פון געשפּרעך אַריינגעוואָרפן בכוונה אַ צוויי־דריי העברעאישע ווערטער. קענטיק, אַז זיי האָבן דאָס נישט באַמערקט.

איך נוץ אויס אַ מאָמענט, ווען איינער פון זיי גייט אַרויס אין קאָרידאָר און גיי נאָך אים אַ פרעג טוענדיק אויף פּראָסט מאַמע לשון: „וואוהין פאָרט אַ ייד?" דערשטוינט קוקט ער מיר אָן: — איז זענט אַ ייד?

אַרומקוקנדיק זיך אויף רעכטס און לינקס גיב איך אים שטיל אַ פרעג: — ווי גייט עס יידן אין דיסעלדאָרף?

— ביטער, שלעכט, נאָר מען טאָר נישט רעדן — ענטפערט ער מיר האַלב צעשראָקן. איך לאָז אים אָבער נישט אָפּ. און ער דערציילט מיר האַלב-שעפּטשענדיק: ניינצן יאָר, אַז ער לעבט אין דיסעלדאָרף. ער האָט אַ גרויס געשעפט פון

פּאַרטיקע קליידער. עס איז אים געגאַנגען זייער גוט. ער האָט געמאַכט אַ פּאַרמעגן.

— אָבער, וואָס טויג עס מיר איצט, אַז איך האָב נישט געהאַט קיין שכל עס באַצייטנס צו ראַטעווען. אין דיסעלדאָרף איז שוין אוממעגלעך געוואָרן צו לעבן. דער באָיקאָט ווערט פון טאָג צו טאָג שטרענגער. די אַלטע קליענטן האָבן מורא אַריינצוקומען אַפילו אויפן שוועל. וואָס העלפט מיר, אַז איך בין אַ יחסן — אַ פּוי־לישער בירגער. וואָס וועט מיר העלפן מיין אויסלענדישע בירגערשאַפט נאָכדעם, ווי מען וועט מיר פּלעטן דעם קאָפּ. מען מוז אַנטלויפן, אָבער, ווי און וואוהין לויפט מען אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה. איצט פאָר איך אהיים צו מיינע קרובים אין לאָדזש. אפשר וועל איך דאָרטן מאַכן אַ לעבן.

איך כאַפּ שפּעטער אַ שמועס מיט דעם צווייטן יידישן פּאַסאַזשיר, אויך אַ פּוילישער ייד. ער איז אַ האַנדלס־רייזנדער. ער דערציילט זיך אָן שרעקלעכע גע־שיכטעס פון די קליינע דייטשע שטעטלעך, וואו דאָס לעבן פאַר די יידן איז געוואָרן אַ גיהנום. ער קערט זיך אויך אום קיין פּוילן. אין דייטשלאַנד איז שוין נישטאָ וואָס צו טון פאַר אַ יידישן האַנדלס־רייזנדן. אים פלעגט אויסקומען צו נעכטיקן ביינאַכט אין זיין אויטאָמאָביל, ווייל אין קיין האָטעל לאָזט מען קיין יידן נישט אריין. גוט, אַז מען געפינט נאָך אַ נאַכטלעגער ביי אַ יידן. אין אַ גאַנצער רייע האָטעלן אין דער פּראָווינץ הענגען אויפשריפטן: „פאַר יידן און הינט איז דאָ קיין פּלאַץ נישטאָ". דורך אַנדערע שטעטלעך, דערהויפּט אין דער פּראָווינץ העסן איז אוממעגלעך אַפילו דורכפאָרן. עס הענגען אויפשריפטן: „יידן פאַרקערעוועט. דער וועג פירט נישט קיין פּאַלעסטינע"...

מיר זיינען אין קופּע אַליין. די עלטערע פרוי ווערט באַרעדעוודיקער. זי קלאָגט זיך אויף דעם יקרות, און דערוויסנדיק זיך פון מיר וועגן די אַרגענטינער פּרייזן אויף פלייש און שפּייז־אַרטיקלען, רופט זי אויס:

— ביי אייך איז דאָך קענטיק דער אמתער, נישט דער ברויננער גן־עדן...

איך קוק זי אָן פאַרוואונדערט. זי ענטפערט מיר מיט אַ קלוגן שמייכל, ווי זי וואָלט געזאָגט: איך בין דאָך נישט אין קיין ברוינער געזעלשאַפט... דער געשפּרעך ווערט וואָס אַמאָל פרייער און די אַלטע פרוי דערלויבט זיך אָפן צו רעדן וועגן די אַמאָליקע גוטע צייטן, „ווען ברוין איז ביי אונדז נאָך נישט געווען דער מאָדע־קאָליר"... פון אַ פּאָר יידישע וויצן, וואָס זי דערציילט, זעט מען קלאָר אַרויס, ווי וויניק סימפּאַטיע זי האָט צו דער ברוינער יידן־העצע.

אונדזער געמיטלעכער שמועס איז איבערגעריסן געוואָרן, ווען אויף דער נאָענט־סטער סטאַנציע איז אַריין אין וואַגאָן אַן אוניפאָרמירטער „ס. א.". און אַזוי זיינען מיר האַלב־שווייגנדיק אָנגעקומען אין בערלין, וואו איך האָב זיך וואַרעם צעשיידט פון דער אַלטער פרוי, וואָס האָט מיר אָנגעווינטשעוועט אַלדאָס גוטס און איך האָב איר אויפריכטיק געדאַנקט פאַר דער אַנגענעמער רייזע־געזעלשאַפט, וואָס האָט פאַר־

מיר געדינט אַלס ערשטער צייכן, אַז נישט אַלץ איז ברוין אין דעם ברוינעם דייטשלאַנד...

:: :: ::

איך בין אָנגעקומען קיין בערלין אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דעם, ווי עס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די נירענבערגער געזעצן און האָב זיך געמיט אין דער קורצער צייט, וואָס איך פאַרבלייב אין דייטשלאַנד, צו שטעלן זיך אין קאָנטאַקט מיט די פירנדע יידישע קרייזן, כדי אויסצוגעפינען, וואָס פאַר אַ רושם די געזעצן האָבן געמאַכט אויף די יידישע קרייזן. איך בין גלייך פון באַן אַוועקגעפאָרן אין ביוראָ פון דער „רייכספאַרטרעטונג פון די דייטשע יידן". ביי דער פאַניק און פאַרלוירנקייט, וואָס איך האָב געפונען אין די יידישע בערלינער קרייזן וואָלט נישט געקענט זיין קיין רייד וועגן דעם, אַז עמיצער פון די פירנדע יידיש־דייטשע פערזענלעכקייטן זאָל זיך וועלן באַגעגענען און שמועסן מיט אַן אויסלענדישן יידישן זשורנאַליסט.

דער גליקלעכער צופאַל האָט אָבער געוואָלט, אַז דער פאַקטישער פירער פון דער „רייכספאַרטרעטונג", וואָס פאַרנעמט איצט דעם פאַראַנטוואָרטלעכסטן געזעלשאַפטלעכן יידישן פּאָסטן אין דייטשלאַנד, זאָל זיין אונדזער אַן אַלטער פריינט.

די „רייכספאַרטרעטונג" — די צענטראַלע פון אַלע יידיש־דייטשע אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד, וואָס רעפּרעזענטירט דעם גאַנצן אָרגאַניזירטן דייטשן יידנטום, געפינט זיך אין שאַרלאָטענבורג און פאַרנעמט אַ דריי־שטאָקיקע געביידע. דאָס איז אַ גאַנצער יידישער מיניסטעריום מיט אומצאָליקע ביוראָען און דעפּאַרטאַמענטן.

איך זוך אויס מיין פריינט, צו וועלכן עס איז נישט גאָר לייכט צוצוקומען; מען דאַרף זיך מעלדן ביי עטלעכע סעקרעטאַרן. אַ קורצע, האַרציקע באַגעגעניש. מיר ריידן זיך אָפּ צו טרעפן אין אַ שעה אַרום אין אַ פּריוואַט־הויז, און דערווייל מאַך איך אַ שנעלן אויטאָמאָביל־שפּאַציר מיט מיינע באַגלייטער איבער די גאַסן פון בערלין.

אויסערלעך האָט זיך די שטאָט וויניק געענדערט פאַר די איין און צוואַנציק יאָר, וואָס איך בין דאָ נישט געווען. איך פאָר דורך די גאַסן אין שאַרלאָטענבורג, וואו איך האָב עטלעכע יאָר געלעבט, וואו יעדער ווינקל איז מיר באַקאַנט. איך בין אויפן קורפירסטענדאַם. דאָס אַלטע „קאַפע דער וועסטענס" — דער זאַמל־פּלאַץ פון דער דייטשער ליטעראַרישער און אַרטיסטישער באָהעמע, וואו איך האָב פאַרבראַכט אומצאָליקע אָוונטן, איז שוין נישטאָ. אויף זיין פּלאַץ געפינט זיך אַ נייער לוקסוס־קאַפע. בכלל איז אָבער אויסערלעך געבליבן אַלץ, ווי געווען. אפילו די רייכסטאַג־געביידע, וועלכע איך פאָר פאַרביי איז אומגעענדערט און מען זעט נישט קיין צייכן פון דער שריפה.

מיר פאָרן דורך „אונטער די לינדען״. איך קרייז אַרום מיטן אויטאָמאָביל דעם ווילהעלם־פּלאַץ, וואָס זעט אויס, ווי פאַריתומט.

אָך, וואו זיינען די אַמאָליקע, גוטע ציַיטן פון דעם קייזער-דייטשלאַנד, וואָס איך האָב געקענט.

איך פאָר זוכן דעם אוניווערזיטעט, די גרויסע מוניציפּאַלע ביבליאָטעק, וואָס איז אין משך פון יאָרן געווען מיין גייסטיקע היים.

א ברענענדער נאָגנדער ווייטיק באַהערשט מיך. איך קען זיך נישט באַפרייען פון דעם געפיל, ווי איך וואָלט אַרומגעפאָרן איבער א טויטן-שטאָט, איבער די חור־בות פון א צעשמעטערטער פון א וואולקאַן שטאָט... כאָטש אויסערלעך איז אַלץ געבליבן ווי געווען.

די אָנדערהאַלבן טעג, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין ברוינעם בערלין האָב איך זיך נישט געקענט באַפרייען פון אָט דעם מאָדנעם געפיל און מיינע שמועסן און באַגעגענישן מיט אַלטע באַקאַנטע האָבן נאָך פאַרשאַרפט דעם טיפן, אינערלעכן ברענענדן ווייטיק און פיין.

:: :: ::

צו דער באַשטימטער צייט האָב איך זיך באַגעגנט מיט מיין פריינט. עטלעכע שעה האָט געדויערט אונדזער שמועס. דער אַריער, א מאַן פון מיינער א באַקאַנטער יידישער דאַמע, וואָס איז אָנוועזנד געווען ביים שמועס און אין וועמענס הויז מיר האָבן זיך באַגעגנט, האָט זיך געקרימט פון ווייטיק, הערנדיק אונדזער געשפּרעך. אים האָט זיך געדוכט, אַז די האָפנונגסלאָזע אָפּשאַצונג פון מיין פריינט פון דער יידיש־דייטשער סיטואַציע איז א צו ווייט-גייענדע.

די נירענבערגער געזעצן, דערציילט מיר מיין פריינט, זיינען געווען דער לעצ־טער טויט-קלאַפּ פון די דייטש־יידישע קרייזן, וואָס האָבן קענן אַלע פּאַראויסזאָ־גונגען געהאָפט אַז עס וועט נאָך זיין מעגלעך א וועלכער נישט איז „מאָדוס וויווענדי״ צווישן די יידן און דעם ברוינעם רעזשים. אָנשטאָט האָפנונג הערשט איצט פּאַניק און פאַרלוירנקייט אין די דייטש-יידישע קרייזן, וואָס האָבן טראָץ אַלע דערפאַרונ־גען נישט אָפּגעזאָגט זיך פון זייערע אַסימילאַציע-אילוזיעס, האָפנדיק נאָך אַלץ, אַז דער שטורם וועט פאַרבייגיין און איינשטילן זיך.

איך דערוויס זיך פאַרשידענע פּרטים וועגן דעם געראַנגל, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין נירענבערג צווישן די ברוינע עקסטרעמיסטן בראש מיט שטרייכערן און ד״ר שאַכטן, וועמען עס איז געלונגען צו מעכּיקן די נירענבערגער געזעצן, וואָס זיינען געפּלאַנט געווען אין א סך א שאַרפערער פאָרם און האָבן געצילט די פולשטענדיקע פאַרטיליקונג פון די דייטשע יידן. ווי איך האָב שוין דערציילט איז אויך געפּלאַנט

געווען, אַז שטרייכער זאָל באַשטימט ווערן אַלס הויך-קאָמיסאַר פאַר די יידישע ענינים וואָס דאָס וואָלט געמיינט דער פאַטאַלער, טראַגישער סוף פאַרן פיזישן קיום פון דייטשן יידנטום.

דאָס אָרגאַניזירטע דייטשע יידנטום האָט ווירדיק רעאַגירט אויף די נירענבערגער געזעצן, ביי דער אויסאַרבעטונג פון דער דעקלאַראַציע און אַרבעטס־פּראָגראַם פון דער „רייכס־פאַרטרעטונג“, וואָס איז געווים שוין באַקאַנט די לעזער פון „די אידישע צייטונג“, איז אָבער אַנגעגאַנגען אַ גאַנץ שאַרפער אידייאישער קאַמף וועגן ארץ ישראל. די עלעמענטן פון „צענטראַל־פאַראיין“ האָבן געוואָלט סתם אַנווייזן אויף פּאַלעסטינע אַלס וויכטיקן אימיגראַציע־פּלאַץ פאַר די דייטשע יידן. געזיגט האָט אָבער דער ציוניסטישער נוסח, און וועלכן עס ווערט גערעדט וועגן ארץ ישראל אַלס קוואַל „פון קראַפט פאַר דער קעגנוואַרט און האָפנונג פאַר דער צוקונפט“. דאָס גאַנצע דייטשע יידנטום האָט זיך דורך דער „רייכס־פאַרטרעטונג“ אָנגעשלאָסן צו דער פּראַקטישער ארץ ישראל-אויפבוי-אַרבעט און זיך מתחיב געווען צו שטיצן דעם קרן היסוד און זיך אָרגאַניזאַטאָריש פאַרבינדן מיט די ציוניסטישע קאָלאָניזאַטאָרישע אינסטיטוציעס.

עס וואָלט פונדעסטוועגן אַ טעות געווען צו אָננעמען, אַז דאָס גאַנצע דייטשע יידנטום האָט שוין חוזר בתשובה געווען און האָט פול און גאַנץ געשטעלט זיך אויפן נאַציאָנאַל־יידישן שטאַנדפּונקט. עס זיינען נאָך אויך איצט פאַראַן נישט ווייניק דייטשע יידן, וואָס זיינען אין הארצן פאַרבליבן, ווי געווען קעגנער פון ציוניזם, זיי האָבן בלויז נישט קיין מוט אָפן אַרויסצוטרעטן.

איך האָב גערעדט מיט אייניקע, וואָס שטייען נאָענט צו דעם „צענטראַל־פאַראיין“ פון די אַמאָליקע יידישע שטאַטסבירגער, דאָס איז געווען די פעסטונג פון דער יידיש־דייטשער אַסימילאַציע. נו, די מענטשן האָבן זיך אַוודאי געענדערט. זיי זיינען מודה, אַז ארץ ישראל איז כמעט דער איינציקער רעטונגס־פּלאַץ פאַר דעם דייטשן יידנטום.

זיי האָבן אָבער טענות צו די דייטשע ציוניסטן. זיי זאָגן, אַז מאַנכע ציוניסטן האָבן גענומען אַ צו הויכן טאָן און פאַרדעקן כמעט נישט זייער פרייד צוליב די ניי־געשאַפענע אומשטענדן און טרומייטערן אין נצחון-פאַנפאַרן...

זיי זאָגן: עס וואָלט מענטשלעכער און יידישער געווען, ווען די ציוניסטן וואָלטן גערעדט אין אַ טאָן: „ווויי איז אונדז, מיר האָבן געזיגט“...

— אויף קברים זאָל מען האָפנונגען איינפּלאַנצן, אָבער נישט קיין נצחון-פענער אויפהענגען... פאָרמולירט אומגעפער זיין שטאַנדפּונקט איינער פון די נאָענט-שטייענדע צו די פירנדע קרייזן פון „צענטראַל־פאַראיין“.

צי זיינען אָט די טענות גערעכט — דאָס קען איך נישט אורטיילן. איך האָב נישט נעהאַט די געלעגנהייט סיסטעמאַטיש נאָכצופאָלגן די „אידישע רונדשוי“ און

די ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין דייטשלאַנד.

עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז איינציקע ציוניסטן האָבן מגזם געווען און נישט אַרויסגעוויזן גענוג טאַקט בנוגע די געשלאָגענע יורדים פון דער יידיש־דייטשער אַסימילאַציע. אָבער, וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָבן אָט די קליינע טעותן לגבי דער גראַנדיעזער ראָלע פון ציוניזם אין דייטשלאַנד. מען דאַרף זיין אויפן פּלאַץ און אָרט, כדי אָפּצושאַצן ווי געהעריק די רעטונגס־באַדייטונג פון ציוניזם פאַרן דייטשן יידנטום.

:: :: ::

איך האָב זיך געֶנוי באַקאַנט מיט דער ריזיקער און פיל־פאַרצווייגטער אַרבעט פון דער „רייכס־פאַרטרעטונג", וואָס שטעלט פאָר מיט זיך דעם אינערלעך־יידישן, אָבער רעכטלאָזן, מלוכה־אָרגאַן פון דעם דייטשן יידנטום. דער ביודזשעט פון דער פאַרטרעטונג באַטרעפט עטלעכע מיליאָן מאַרק. די בערלינער צענטראַלע שטיצט אומצאָליקע לאָקאַלע, ווירטשאַפטלעכע, פילאַנטראָפּישע און דערציאונגס־אַנשטאַלטן. געצוואונגענערהייט איז אַנטשטאַנען אַ ברייט־פאַרצווייגטער, סעפּאַראַט־יידישער שול־וועזן מיט הונדערטער שולן. די צענטראַלע זאָרגט אַפילו פאַר דער באַשפייזונג פון קליינע, פאַרוואָרפענע יידישע קיבוצים אין לאַנד, וואָס שטייען פאַר דער סכנה אויסצוגיין פאַר הונגער, ווייל מען פאַרקויפט זיי אייַנפּאַך נישט קיין שפייז. די „רייכס־פאַרטרעטונג" באַטייליקט זיך אויך אין דער חלוצים־הכשרה. קרוב צו דריי טויזנט חלוצים געפינען זיך אין הכשרה־פאַרמעס אין איינציקע פונקטן פון לאַנד, אויף די גיטער פון יידישע ערד־באַזיצער. פופצן הונדערט דייטש־יידישע יונגעלייט געפינען זיך אויף דער הכשרה אין אויסלאַנד, אין האָלאַנד און אַנדערע לענדער.

עס וועט נישט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז דאָס גאַנצע דייטשע יידנטום איז באַהערשט פון אַן עמיגראַציע־פיבער. קינד און קייט זיינען גרייט צו לויפן, וואוהין די אויגן טראָגן.

אָבער ביז די אויסוואַנדערונ־חלומות וועלן פאַרווירקלעכט ווערן, איז די לאַגע פון די בלייבנדיקע אַ פאַרצווייפלט - ה אָ פ נ ו נ ג ס ל אָ ז ע, שרעק, פאַרלוירנקייט קוקן אַרויס פון די אויגן פון יעדן דייטשן יידן, מיט וועמען איך באַגעגן זיך. אויף אַלע מיינע פראַגן — הער איך איין ענטפער: „ה יי נ ט לעבן מיר, וואָס מאָרגן וועט זיין, דאָס ווייסן די געטער..."

:: :: ::

איך קלינג אָן טעלעפאָניש צו מיינער אַן אַלטער באַקאַנטער, וואָס איז נאָך

פארבליבן אין בערלין פון די פאר־מלחמה צייטן. זי איז די ערשטע פרוי וואס האט אין איר צייט געענדיקט דעם פילאזאפישן פאקולטעט אין בערלין. זי איז א פרוי פון הויכער פילאזאפישער און אלגעמיינער קולטור, וואס איז געווען פארקניפט און פארבונדן מיט דער דייטשער אינטעלעקטועלער וועלט, ביי איר אין הויז האב איך זיך באקענט מיט ניטשעס כלה, וואס איז מיט איר געווען אינטים באפריינדעט. די דאזיקע פרוי, א טאכטער פון א פרומער יידישער פאמיליע, איז געווען קאטויליש־מיסטיש געשטימט. מיר פלעג מיט איר אויסקומען צו דיסקוטירן וועגן דעם לאנגע אוונטן. זי פלעגט טענהן, אז כל־זמן דאס יידנטום ווערט פארפאלגט וועט זי קיינמאל נישט אננעמען אפיציעל דעם קאטאליציזם, אבער די קאטוילישע ראמאנטיק אנטשפרעכט איר גייסט, בעת דער יידישער רעליגיעזער ראציאנאליזם איז איר פרעמד. זי פלעגט אויך פראווען ווייּנאכט פאר די קינדער.

ווי דערשטוינט בין איך געווען, ווען בעת אונדזער טעלעפאנישן געשפרעך, בעט זי מיך איך זאל קומען וואס פריער, ווייל... זי איילט זיך אין שיל. היינט איז דאך ראש השנה.

קורץ און איילנדיק איז געווען אונדזער באגעגעניש. אין דער נשמה פון אט דער פארעלטערטער גייסטרייכער פרוי איז פארגעקומען א פולשטענדיקע איבערקערעניש, זי איז געווארן שיעור נישט פאנאטיש פרום. דייטשלאנד, וואס איז געווען דער קוואל פון איר גאנצן גייסטיקן וועזן, איז פאר איר געשטארבן. זי לעבט אין בערלין, ווי אין א מדבר. אירע זין, אנגעזעענע דאקטוירים־ספעציאליסטן, האבן נאך דערוייל פראקטיק, אבער זיי צוזאמען מיט איר האבן באשלאסן אנטלויפן וואס שנעלער, ארויסראטעווען זיך פון גיהנום. דער עלטערער זון איז אוועק אין ארץ ישראל אלס מרגל, אפשר וועט אים געלינגען קריגן א דערלויבעניש אויך פאר זיי.

מיט וואס פארא קנאה און טרויער זי געזעגנט זיך מיט מיר: „אך, ווי גליקלעך זענט איר, וואס איר פארלאזט היינט די פארשאלטענע שטאט..."

געפייניקט פון צער האב איך פארלאזט דאס הויז פון דער הילפסלאזער פארצווייפלטער פרוי, וואס ווייסט נישט ווי אזוי און וואוהין צו לויפן...

:: :: ::

עס איז צוועלף דער זייגער ביינאכט. איך בין אויף דעם פרידריכשטראסע וואקזאל. באלד קומט אן דער צוג, וואס וועט מיך אוועקפירן פון אט דעם יאמער־טאל, וואו עס ווערן צעשמעטערט אזויפיל מענטשלעכע און יידישע לעבנס.

עס גיסט א דריבנער רעגן, וואס מאכט נאך פיינפולער מיין טרויער און צער. איך צעשייד זיך מיט מיינע פריינט און יעדער איינער פון אונדז זוכט צו באהאלטן די טרער, וואס וויקלט זיך אויף די אויגן.

איך קום אריין אין וואַגאָן. ער איז כמעט פּוסט. די באַלויכטונג איז אַ צרהדיקע. עס איז האַלב פינצטער. אַלץ איז, ווי צוגעפּאַסט פאַר מיין מרה-שחורהדיקער שטימונג.

אַז דער צוג רירט זיך קומט אַריין אין מיין קופּע אַ טונקל־האָריקע יונגע און חנעוודיקע דאַמע.

אַ צייט-לאַנג שווייגן מיר. ביי מיר לויפט דורך אַ געדאַנק: גיי ווייס, אפשר איז דאָס אַן אַגענטין פון „געסטאַפּאָ", דאָס איז דאָך אַ צוג, וואָס גייט קיין אויסלאַנד. זי נעמט אַרויס פון איר טאַש אַ פּאַפּיראָס. איך באָט אָן אַ שוועבעלע. דער געשפּרעך בינדט זיך אָבער נישט. איך באַמערק, אַז דאָס צעטל, וואָס הענגט אַראָפּ פון מיין טשעמאָדאַן האָט צוגעצויגן איר אויפמערקזאַמקייט. און פּלוצלינג גיט זי מיר אַ פרעגט:

— איר זענט פון דרום-אַמעריקע. אַך, ווי איך וואָלט דאָרטן געוואָלט זיין.

איך באַמערק איר אין אַ שפּאַסיקן טאָן, אַז אין דרום־אַמעריקע קען מען זעלטן טרעפן אַ פרוי, וואָס וועט וואַגן שפּעט אין דער נאַכט לאָזן זיך אַליין פאָרן אין אַ צוג . . .

זי דערציילט מיר, אַז זי אַרבעט אין אַ ביוראָ און האָט נישט געקענט נעמען דעם פאַרנאַכט־צוג. זי פאָרט צו גאַסט אין אַ דערבייאיקן שטעטל. און פּלוצלינג גיט זי צו, ווי מיט אַ שטאַלצער אַרויספאָדערונג:

— איך בין אַ יידין!

דער טאָן און די פּלוצימדיקייט מיט וועלכער זי האָט געמאַכט די דערקלערונג האָט מיך איבערראַשט און פאַרוואונדערט. איך האָב גלייך געענטפערט:

— מיר זיינען אַלזאָ גלויבנס-גענאָסן. אָבער זאָגט מיר, מיין פריילין, מיט וואָס איז מאָטיווירט אייער פּלוצימדיקע דערקלערונג?

— איך האָב נישט געהאַט דעם איינדרוק, אַז איר זענט אַ ייד און האָב דער־פאַר געפונען פאַר נויטיק צו וואָרענען אייך, אַז איך בין אַ יידישקע, כדי זיך און אייך נישט אַוועקשטעלן אין אַ אומאַנגענעמער לאַגע, ווי דאָס קען געשען ביי אונדזערע אומשטענדן.

זי דערציילט מיר וועגן איר לעבן. איר פאַמיליע לעבט אין אַ מזרח־פּרייסישן שטעטל. זי האָט געמוזט פאָרן עפּעס צו פאַרדינען און שטיצן די פאַ־מיליע, וואָס קען זיך קוים דערנערן אין די איצטיקע אומשטענדן. זי אַרבעט אין אַ געשעפטס-ביוראָ. די באַלעבאַטים זיינען נישט יידן, נאָר אין געשעפט איז דאָ אַ פאַרבאָרגענער יידישער געלט-שותף. ווי לאַנג זי וועט קענען דאָרטן אַרבעטן, ווייסט זי נישט.

— מיר ווייסן קיינער נישט, וואָס מאָרגן וועט זיין מיט אונדז, — גיט זי צו מיט אַ מעלאַנכאָלישן טרויער. זי דערציילט וועגן דער איינזאַמקייט, וואָס רינגלט

זי אַרום, זי האָט זיך, ווי דאָס האָבן אַלע יידן געטון, אַליין דערווייטערט פון די אַרישע פריינט.

— יאָ, דערווייל איז מיט מיר גאָרנישט געשען, האָט איר אָבער געלעזן עדגאַר פּאָ׳ס שרעקלעכע דערציילונג וועגן דעם מאַן איבער וועמענס האַלדז עס הענגט דאָס שניידנד שאַרפע שווערד? אויב איר קענט די דערציילונג דאַרף איך אייך נישט דערציילן אונדזער לעבן...

איין געדאַנק באַהערשט אָט דאָס נאָך גאַנץ יונגע מיידל — אַנטלויפן, אויסוואַנדערן, אָבער וואוהין?

מיט מערקווירדיקער ניכטערקייט און זאַך־קענטעניש רעדט זי וועגן עקוואַדאָר. זי קען ווי אירע פינף פינגער כמעט אַלע דרום־אַמעריקאַנישע מדינות מיט דער עכטער דייטשער גרינדלעכקייט. זי האָט ביי אַלע קאָנסולן גענומען מאַטעריאַל, נאָכגעקוקט האַנט-ביכער אין ביבליאָטעקן.

איך הער מיט פיין און צער, ווי אָט די יונגע אהאספער־טאָכטער, דאָס קינד פון דעם אייביקן וואַנדער־פאָלק, רעדט וועגן דער גרויסער וועלט, וואָס איז ענג און קליין פאַר יידן... וועגן ארץ ישראל צווייפלט זי, צי וואָלט זי זיך געקענט צופאַסן. זי האַלט זיך צו אַלט דערפאַר, אָט דאָס יונגע, קוים צוואַנציק־יאָריקע יידיש מיידל, וואָס דאַרף טראָגן די לאַסט פון דורות.

— יאָ, נישטאָ פאַר אונדז קיין אויסוועג... — זאָגט זי מיר מיט שטאָלצער, האַרטער פאַרצווייפלונג.

אַ טיף־דערשיטערטער הער איך זיך צו צו אירע רייד און קוק אַריין אין די גרויסע שוואַרצע אויגן, פון וועלכע, ווי מיר דוכט זיך, קוקט אַרויס דער אייביקער צער פון דער יידישער אומה. איך פּרואוו זי טרייסטן. מיין שטימע ציטערט. איך זאָג איר, אַז זי איז אַ טאָכטער פון אַן אייביק פאָלק, אַז מיר מוזן און וועלן טריאומפירן, אַז מיר דאַרפן זיך באַוואָפענען מיט געדולד. איך האָב איר דערציילט וועגן דער באַנייטער יידיש־דייטשער יוגנט אין פאַלעסטינע, וואָס איך האָב באַגעגנט אין לוצערן, וועלכע האָט געוואונען אַ נייעם גלויבן און וועלכע אָטעמט מיט קראַפט און ענטוזיאַזם.

אונדזער שמועס האָט געדויערט ביי די אַנדערהאַלבן שעה. דער ברענענדיקער וואונטש צו אויפמונטערן אָט דאָס פאַרצווייפלטע יידישע מיידל האָט געבראַכט אויף מיינע ליפן ווערטער פול מיט ליידנשאַפטלעכן גלויבן און האָפנונג אויף בעסערע צייטן. און איך האָב געזען, ווי מיינע ווערטער ווירקן, ווי העלער און ליכטיקער עס הויבן אָן שיינען די מעלאַנכאָליש־טרויעריקע אויגן.

דער צוג שטעלט זיך אָפּ. דאָס מיידל פאַרלאָזט דעם וואַגאָן. אַ פעסטער האַנטדרוק און קעגנזייטיקע גליק־וואונטשן.

און ווען איך גיי צו צום וואַגאָן-פענצטער שטרעקט זי מיר נאָכאַמאָל אויס די האַנט דורכן פענצטער.

— אַ דאַנק אייך, אַ גרויסן דאַנק אייך. איך וועל נישט פאַרגעסן אייערע גוטע ווערטער... און זי פאַרשווינדט אין דער נאַכט-פינצטערניש אָט די יידישע טאָכטער, וואָס איז פאַר מיר דערשינען ווי אַ סימבאָל און פאַרקערפּערונג פון די יידישע יסורים און צער.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז אונטער דעם איינדרוק פון אָט דער מערקווירדיקער נאַכט־באַגעגעניש, וואָס וועט קיינמאָל נישט אָפּגעווישט ווערן פון מיין זכרון, זאָל איך פאַרלאָזן דעם ברוינעם גיהנום.

אין עטלעכע מינוטן אַרום האָט זיך דער צוג דערנענטערט צו דער דייטשער גרעניץ־סטאַנציע.

איך בין געשטאַנען ביים וואַגאָן-פענצטער און אַריינגעקוקט אין דער טיפער נאַכט-פינצטערניש. עס איז געווען אַרום דריי ביינאַכט. איך האָב געטראַכט, ווי ווייניק עס ווייסן די וואָס שטייען דרויסן, וועגן דער אָפּגרונט-טיפן תהום פון דעם יידישן צער אין דייטשלאַנד, אין וועלכן איך האָב אויף אַ רגע אַריינגעקוקט.

אַ קלאַפּ אין טיר האָט מיך אויפגעוועקט פון מיינע רעיונות. איך קוק זיך אום. ביי דער טיר שטייט אַ ציוויל-אָנגעטאָענער באַאַמטער מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט — היטלער־גרוס.

פּאַס־רעוויזיאָן — זאָגט ער קורץ און שאַרף. איך האָב זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אַז דער צוג איז שוין ביי דער דייטשער גרעניץ. דער מאַן מיט דעם היטלער-גרוס איז פאַר מיר, ווי פון אונטער דער ערד דערשינען. איך האָב אים, אַביסל פאַרלוירן און פאַרוואונדערט, אָנגעקוקט, דערלאַנגענדיק שטום דעם פּאַס.

אַז דער צוג האָט זיך גערירט, האָב איך פריי אָפּגעאָטעמט, און ווען באַלד נאָכדעם זיינען אַריינגעקומען די פּוילישע גרעניץ־באַאַמטע און האָב דערהערט דעם ערשטן „פּראָשע פּאַנאַ”, בין איך שיעור נישט גרייט געווען צו וואַרפן זיך פון פרייד אין די אָרעמס פון דעם ערשטן פּאָליאַק...

איך האָב זיך געטראַכט: עס איז געוויס געווען אַ ריזיקאַלישע אַוואַנטורע צו לאָזן זיך מיט אַ נאַנסען-פּאַס אין ברוינעם גיהנום, אָבער איך בין גליקלעך, וואָס איך האָב עס באַשלאָסן צו טון און האָב מיט אייגענע ליפּן פאַרזוכט פון דעם בימערן כוס, וואָס דער היסטאָרישער גורל האָט אונטערגעטראָגן דעם דייטשן יידנטום.

---

# צום ערשטן יארטאג פון דער רוסישער אקטאבער-רעוואלוציע

1918

די רוסישע רעוואלוציע האט צוריקגעגעבן דער וועלט דעם זין פון לעבן, דעם תכלית הבריאה, דעם שכל וואס איז פאראן אין דער געשיכטלעכער אנטוויקלונג, דעם דאזיקן זין וואס די וועלט האט פארלוירן דעם 31-טן יולי 1914.

די מענטשן זיינען געוואוינט צו מאכן דעם טעות צוזאמענצומישן דעם פראגרעס פון דער טעכניק מיט דעם פראגרעס פון דער אמתער ציוויליזאציע, דאס איז פאר קיין פאל נישט איינס און דאס זעלבע.

אלס ביישפיל קענען מיר נעמען לעאנארדא דע ווינטשי, וועלכער האט אין זעכצנטן יארהונדערט זיך ארומגעטראגן מיט דער אידייע און געדאנק צו שאפן — טעכנישע פליגל פארן מענטשן, ווייל פארן מענטשן איז צו ענג די ערד, ער שטרעבט אין הימל אריין, ער האט שוין אזא מאשין געמאכט. דער ערשטער וואס האט דעם פרואוו געמאכט צו פליען אין די הימלען מיט דע ווינטשיס מאשין איז אראפגעפאלן און דערהרגעט געווארן און לעאנארד דע ווינטשי האט זיין פלאן אויפגעגעבן, ווייל ער האט זיך געזאגט אז אויב דאס דארף ברענגען אלס קרבן מענטשלעכע לעבנס איז נישט כדאי דאס פליען און היינט צו טאג האבן מיר די טעכניש פולקאמענע צעפעלינען, וואס זיינען ספעציעל געשאפן געווארן אויף צו צעשטערן שטעט און אויף צו מארדן מענטשן. אבער דער פראגרעס פון דער מענטשהייט איז באשטאנען נישט אין דער טעכניק נאר אין דער ציוויליזאציע, אין דעם געפיל פאר דער גערעכטיקייט, אין דער אכטונג צום מענטשנס לעבן און אין דער מאראלישער דערהויבונג פונעם מענטשן, האט די ציוויליזאציע געקראכט אין איין טאג, דעם 31-טן יולי 1914.

די גאנצע מענטשהייט איז פארזונקען געווארן אין דעם ווילדן האס פון פאלק צו פאלק, פון מענטש צו מענטש, אין דער אוראלטער בארבאריטעט, און בלויז איינצלנע גרויסע גייסטער, האבן אין זיך באהאלטן דעם פונק פון יענעם גרויסן ליכט וואס הייסט מענטש, פון דעם העכסטן און הייליקסטן ווארט אין דער מענטשלעכער שפראך. אזעלכע ווי ראמאן ראלאן, וואס האט געמוזט פארלאזן פראנקרייך, בערטראנד ראסעל אין ענגלאנד, וועלכער האט זיך געווענדעט צו זיין ענגן קרייז חברים פילאזאפן, מיט א גאנץ ערנסטן פארשלאג; לאמיר מאכן א געזעלשאפט פון וואלד-מענטשן; געארג בראנדעס וועלכער האט געשריבן: רעדט צו די שטיינער פון גאס, אויב די מענטשן הערן נישט אייער פארנונפטיק ווארט, און אט דעם פאר-

לאָרענעם זיך פון דעם מענטשנס לעבן, דעם פאַרלאָרענעם תכלית פון דער מענטש־לעכער אַנטוויקלונג האָט אונדז אומגעקערט די רוסישע רעוואָלוציע זי האָט אומ־געקערט די מענטשהייט צו דעם געדאַנק אַז איר געשיכטלעכע אַנטוויקלונג מוז איר פירן נישט צו אויסשלאַכטונג, מיט אַלע פולקאָמענערע טעכנישע מיטלען, נאָר צו דער שיינער סאָציאַלער צוקונפט, וואו יעדן מענטשנס לעבן האָט אַ ווערט, וואו עס קלינגט הויך דער נאָמען מענטש.

זי קאָסט קרבנות די רעוואָלוציע, אָבער די געשיכטע שאַפט שטענדיק דורך ליידן און מאַרטירערטום.

רוסלאַנד דער געוועזענער זשאַנדאַר פון אייראָפּע, וואָס האָט שטענדיק גע־האַלטן אין שרעק די רעוואָלוציאָנערע אייראָפּע, איז איצט דער פאַקל־טרעגער פון דער וועלט. פריער פלעגט מען זאָגן אַז פון מזרח קומט די פינצטערניש און איצט — קומט פון דאָרט דאָס ליכט פאַר די פעלקער פון דער וועלט, איינגעשלאָסן אויך אונדזער פאָלק וואָס האָט מער געליטן פון דער צאַרישער פינצטערניש.

ווי פאַרשידן איז געווען די לייזונג פון דער אידן־פראַגע אין דער פראַנצויזי־שער און אין דער רוסישער רעוואָלוציע.

די יידן פרייהייט אין פראַנקרייך איז נישט איינגעשלאָסן געווען אין דער דע־קלאַראַציע פון מענטשן־רעכט וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אינעם יאָר 1789. נאָר ערשט שפּעטער מיט אַנדערהאַלבן יאָר נאָך פיל שתדלנות און וויכוחים, אָבער די רוסישע רעוואָלוציע האָט די יידן באַפרייט אין דעם זעלבן מאָמענט ווען זי האָט אויסגעבראָכן, בעת די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט די יידן בלויז גלייכבאַרעכ־טיקט בירגערלעך, האָט די רוסישע רעוואָלוציע באַפרייט די יידן אויך נאַציאָנאַל, געגעבן זיי דאָס רעכט אויף אַן אייגענער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

זי האָט באַפרייט די יידן אויך מאָראַליש און עס איז געשען דער וואונדער, אַנשטאָט דער מורא פון אייניקע אַז גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן אין רוסלאַנד וועט זיין זייער נאַציאָנאַלער טויט, האָט זי געבראַכט פאַר די רוסישע יידן די נאַציאָנאַלע אויפלעבונג, ווען אין פראַנקרייך האָט די גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן אַרויסגע־רופן ביים פּאַריזער ראַבינער כהן די פייערלעכע ווערטער: „טייך סענאַ, דו ביזט איצט אונדזער ירדן, פּאַריז ביזט אונדזער ירושלים, פראַנקרייך דו ביזט אונדזער פּאַלעסטינע", האָט די רוסישע רעוואָלוציע אַרויסגערופן די גרויסע ציוניסטישע דעמאָנסטראַציעס וואו די רויטע פאָן מיט דער ציוניסטישער האָבן זיך ברידערלעך באַגריסט. די פאַרביסנסטע אַסימילאַנטן זיינען פאַרשוואונדן, אָדער האָבן אָנגעהויבן רעדן גאָר אַ אַנדער שפּראַך, אַנשטאָט דער נאַציאָנאַלער מיתת נשיקה, פאַר וועל־כער מען האָט מורא געהאַט, האָבן מיר געזען פאַר זיך די יידישע נאַציאָנאַלע רע־נעסאַנס.

— וואו איז די דערקלערונג דערפאר? — עס איז איז דערפאר וואס די פראנ-צויזישע רעוואלוציע איז געווען די אנזאגערין פון דער ניי־געבוירענער קאפיטאליס־טישער ארדנונג, וועלכע איז דורכאויס קאסמאפאליטיש, ביי וועלכער, אזוי ווי ביי נאפאלעאנען, איז דער העכסטער אידעאל געווען צו מאכן פראנצויזיש פאר די או־ניווערסאלע שפראך, איז די רוסישע רעוואלוציע די אנזאגערין פון דער סאציאלער באפרייאונג פון דעם מענטשן, פאר וועלכער עס איז נישטא קיין נויט צו אימפאנירן די קולטור פון איין פאלק אויפן צווייטן. די רוסישע רעוואלוציע האט באפרייט אלע מענטשן, אלע שפראכן, אלע פעלקער.

די שווארצע נבואה פון קארל קאוטסקי, וואס קאן זיך נישט באפרייען פון דער תורה וואס ער האט געלערנט אינעם אלטן חדר, אז די מלחמה וועט לייזן די יידן־פראגע דערמיט וואס זי וועט די יידן אינגאנצן פארווישן פון דער וועלט; ער האט אבער נאר געטראפן אויף א העלפט; די מלחמה האט גע̇לעזט די יידן־פראגע, אבער נישט אפווישנדיק די יידן פון דערוועלט, נאר אויפהויבנדיק און ארויסטיילנדיק זיי אלס לעבעדיק פאלק, מיט פארשטארקטן נאציאנאלן ווילן און פארשטארקטער נא־ציאנאלער ענערגיע.

(נאוועמבער 1918)

---

# דערעפנונגס-רעדע אויף דעם גרינדונגס-צוזאמענפאר פון פועלי ציון אין ארגענטינע

חברים דעלעגאטן: דער ערשטער גרינדונגס־צוזאמענפאר פון די פועלי ציון אין ארגענטינע פארזאמלט זיך אין א גליקלעך־אומגליקלעכער, שווערער און טראגישער צייט, ווען די וועלט און מיר יידן שטייען אויפן שייד-וועג.

הינטער אונדז און פאר אונדז ליגן חרובע וועלטן, חרובע געטער און פאר אונדז שפרייט זיך אויס א נייע שטראלנדע וועלט פארן ייד און מענטש.

אבער די ליכטיקע וועלט פון נייעם מענטשן און נייעם יידן, פונעם נייעם אמת און נייער גערעכטיקייט איז נאענט און ווייט, זי איז נאך הינטער די פורפורנע וואלקנס.

ווי ווייט איז דער מרחק, די דיסטאנץ צו איר? ווער קען דאס זאגן? וואו איז דאס נביאישע אויג, וואס קען דורכשניידן די נעפלען פון דער צוקונפט.

ס'איז בין השמשות. געטער און אידייען-דעמערונג.

וואָס גרייט אונדז צו דער נאָענטער מאָרגן? פרעגן מיר מיט פיין און אומגעדולד.

שומר מה מלילה? וועכטער! וואָס וועט זיין פון דער נאַכט, רייסט זיך פון אונדזער ברוסט די פייניקנדע פראַגע.

שטום איז די נאַכט.

די פון אונדז, וואָס האָבן איינגעזאַפּט אין זיך, אין זייער בלוט, אין זייער מאַרך און ביין דעם גייסט פון דער יידישער וואונדער־געשיכטע, די וואָס זיינען געפּאַנצערט מיט דעם אייביקן יידישן בטחון און אמונה ווייסן, פילן, אַז דער קץ איז נאָענט.

וואויל איז די, וואָס קענען הערן דעם בת־קול פון דער געשיכטע, דעם אָנזאָג, אַז די דערלייזונג איז נאָענט.

ווי שווער איז אָבער דערווייל דער יאָך פון דער גרויסער מהומה און געבורטס־צייט, אין תהו ובהו, אינעם ווירוואַר, אין גרויסן כאַאָס פון שטאַרבנדע און נייגעבוירענע וועלטן מישן זיך צונויף די העלע, ליכטיקע צוקונפטס־קלאַנגען, די געטלעבע טענער פון דער צוקונפטס־מוזיק, מיט די קרעכצן און גסיסה־געשרייען פון די, וואָס ווערן צעטראָטן אונטער די רעדער פון שטורם־וואָגן פונעם נייעם געשיכטס־גייסט.

חברים דעלעגאַטן, לאָמיר אַ ווײַלע שטיל בלייבן. פון יענער זייט ים, טויזנטער מיילן ווייט פון אונדז, דערטראָגט זיך צו אונדז דער אייביקער צער־געשריי פון אונדזער אייביקן פאָלק. מיטן „שמע ישראל“ אויף די ליפּן שטאַרבן איצט, ווערן געשאָכטן אויפן מזבח פון ממשלות זדון טויזנטער, צענדליקער טויזנטער פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, דריי דורות אונדזערע, זקנים, יונגע און קינדער שעכט איצט דער תליון אין אוקראַינע.

דער גהינום־אָפּגרונט האָט זיך געעפנט און איז גרייט איינצושלינגען אונדזער פאָלק.

שטייט אויף. לאָמיר עהרן דעם זכרון פון די, וואָס שטאַרבן פאַר אונדז על קדוש השם.

זיי געהערט אונדזער ערשט וואָרט. זיין אונדזער געדאַנק. שטיל און פאַרגליווערט בלייבן מיר אין אונדזער צער און צאָרן. נישט לעסטערן וועלן מיר אונדזער פיין מיט מאַכטלאָזע ווערטער. טיף איינגראָבן אין זיך וועלן מיר אונדזער וויטיק און אַ היילינקטום פון אים וועלן מיר אין אונדזער נשמה מאַכן.

און צו אייך, הייליקע שאָטנס, איר וואָס זענט אומגעקומען און קומט אום אין אוקראַינע, פינסק, ווילנע, מינסק, אויף די שלאַכטפעלדער פון אַלע וועלט־עקן, צו אייך ווענדן מיר זיך מיט אַ תפילה, פאַרשווינדט נישט, בלייבט מיט אונדז, פאַר־

וואַנדלט זיך אין אונדזער עמוד־האש, אין פייער־זייל, וואָס זאָל אונדז פירן אויפֿן וועג פון אָפּפער און מסירת־נפש צו אונדזער און דער וועלטס דערלייזונג.

און מקוים זאָל ווערן דאָס וואָרט פון אונדזער דיכטער יהואש:

דערענדיק ביזן דעק די קוואַל פון
ביטערניש און צאָרן
און ווער געגרויסט...

מיינע פריינט: מיר האָבן אַרויסגערופן די גייסטער פון די טויטע, אומשטערבלעכע נישט אויף קינות צו זאָגן און אויף קברים וויינען.

מיר רופן זיי אַלס לעבענס־באַגלייטער, אַלס פירער אויפן וועג צום נייעם לעבן.

מיר ווילן זען זייער קרבן זאָל נישט זיין אומזיסט.

לאָזן טויטע באַגראָבן טויטע. אונדז רופט דאָס ברויזנדע און שטורמישע, דאָס טראַגיש־שיינע און רייצנדע לעבן...

מיר זעגען זיך צוזאַמענגעקומען אהער שטאַרקן, פּאַראייניקן, אָרגאַניזירן זיך פאַר אונדזער קאַמף פאַרן נייעם לעבן, אָנצוצייכנען די וועגן און מיטלען פון אונדזער קאַמף.

נישט ניי איז דער וועג אויף וועלכן מיר גייען. אַלט ווי די יידישע געשיכטע, ווי די יידישע נביאות איז דער פועלי ציוניזם. יורשים זיינען מיר, און געירשנט האָבן מיר, אום צו געברויכן דאָס וואָרט פון זשאָרעס, נישט ווי די בירגער דעם אַש פון פאַרגאַנגענע דורות נאָר זייער פייער.

אַ ציוניסט איז יעדער איד וואָס צאָלט אַ שקל, מעג ער זיין פּאָליטיש דער גרעסטער רעאַקציאָנער; דעם אַלגעמיינעם ציוניזם קימערט נישט וואָס פאַר אַ ארץ ישראל מיר זאָלן נישט האָבן און ווי אַזוי מיר לעבן אין די גלות־לענדער. אין איין מאָמענט האָט זיך געדוכט אַז דער ליבעראַלער ציוניזם האָט זאָגאַר געמאַכט אַ שריט פאָראויס, אַזש ביז צום סאָציאַליזם. ח׳ ד״ר סירקין איז טאַקע פאַרבלענדט געוואָרן אַ ווײַלע פון דער טאַקטיק; די ציוניסטישע מעשים פון לעצטן יאָר האָבן שוין אָבער בולט באַוויזן וואָס פאַר אַ עגאָאיסטיש־קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסן, פּלענער און האָפנונגען דער ציוניזם האָט אויף ארץ ישראל.

מיר זיינען אַ יידיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פאַר וועלכע די קאָלאָניזירונג פון ארץ ישראל איז איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן צו דער לייזונג פון דער יידן־פראַבלעם. די קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל דאַרף ווערן דאָס פּראָבלעם פונעם גאַנצן יידנטום און אונטער זיין קאָמפּעטענץ מוז עס איבערגעגעבן ווערן. מיר טאָרן אָבער צוליב דעם פּרינציפּ נישט אַוועקגיין פון דער רעאַליטעט און זיך שטעלן אויפן שטאַנדפּונקט פון אונדזערע חברים פון רוסלאַנד צ. ב. ש., וועלכע ווילן קיין מגע ומשא נישט האָבן מיטן אַלגעמיינעם ציוניזם. פּסיכאָלאָגיש איז איצט שווער און

במעט אוממעגלעך אין דער צייט פון אנטשיידענער קלאסן-צעשיידונג און קלאסן-קאמף צו גיין האנט אין האנט אפילו בנוגע מאנכע נאציאנאלע אינטערעסן מיט די אלגעמיינע ציוניסטן. די באיקאט-פאליטיק בנוגע דעם אלגעמיינעם ציוניזם. וואלט אבער איצט אין אט דער אנטשיידענער צייט, ווען עס נייטיקט זיך צו אנשטרענגען אלע נאציאנאלע כוחות פון אונדזער פאלק געווען שעדלעך.

מיר מוזן רעאגירן אויף דער ציוניסטישער קאלאניזאציע־פאליטיק. דער פראָ־יעקט צו באגרעניצן די עמיגראציע קיין ארץ ישראל איז איצט א טויט-קלאפ פאר די מיליאנען יידן וואס זענען פארכאפט פון דער בלוטיקער שרפה אין דער אלטער אייראפע. די ציוניסטן זעען נאר זייערע קליינע כוחות און נישט פון דער ג א נ־צ ע ר וו ע ל ט.

מיר דארפן זיך דעריבער באטייליקן אין ציוניסטישן אקציאנס־קאמיטעט צוליב אינפארמאטיווע צוועקן מיט בעראטונגס-רעכט. מר קאנען אבער נישט טראגן אויף זיך די פאראנטווארטלעכקייט פון זייערע באשלוסן וויבאלד מיר קאנען אויף זיך נישט ווירקן מיט אונדזערע שטימען. מיר קאנען און דארפן בלייבן אינעם ציוניס. א. ק. אין דער ראל פון אומפאראנטווארטלעכער אפאזיציע.

בנוגע דער ציוניסטישער פעדעראציע דא אין לאנד זיינען מיר נ י ש ט מ ע ר וו י ש כ נ י ם. מיר קאנען זיין אין פריינטלעכע באציאונגען און זאגאר געמיינזאם אויפנעמען אלגעמיין-נאציאנאלע ארבעטן. עס קאן גאר אבער קיין פראגע נישט זיין וועגן אונדזער זעלבסטשטענדיקן וועג און אבסאלוטן נישט שייכות צום שקל אדער אנדערן ציונ. ארגאניזאציע־אפאראט. אויב די הערן פון „קאנגאזשא״ פירן אן מערסטנס אומפאראנטווארטלעכהייט דורך זייערע פראפאגאנדיסטן, אר־גאן, אדער אגודות א מיאוסע פראפאגאנדע קעגן אונז און אונדזערע אונטערנעמונ־גען, זאלן זיי גוט געדענקען אז ז יי ש נ יי ד ן א ו נ ט ע ר ד ע ם וו א ר צ ל פ ו נ ע ם ג ר ו י ס ן צ י ו נ י ס ט י ש ן ב ו י ם.

(דעצעמבער 1919)

---

# דערעפנונגס-רעדע אויפן צווייטן צוזאמענפאר פון פועלי-ציון

מיט אנדערהאלבן יאר צוריק האבן מיר אויף דעם זעלבן פלאץ פארשריבן א באדייטנד בלעטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער-באוועגונג אין אר־גענטינע, — מיר האבן געגרינדעט די יידישע סאציאליסטישע ארבעטער־פארטיי פועלי ציון אין ארגענטינע.

מיט אנדערהאלבן יאר צוריק האבן מיר אין דעם זעלבן סאלאן געפייערט דעם טריאומף פון א קליינער אידעאליסטישער פיאנערן-גרופע, וואס האט אין משך פון פופצן יאר געראנגלט זיך מיט דער אפאזיציע און גלייכגילטיקייט פון דער היגער יידישער ארבעטערשאפט צו די גרויסע אידייען פונעם ציוניסטישן סאציאליזם, די אידייען-קערנער, וואס אונדזערע פיאנערן האבן דא מיט יארן צוריק פארזייט האבן געגעבן די גלענצנדע רעזולטאטן פון אונדזער ערשטן צוזאמענפאר וועלכער האט גרופירט ארום זיך אלע לעבעדיקע שיכטן פון דער יידישער ארבעטערשאפט און קאלאניסטישער יוגנט.

איצט זיינען אונדזערע רייען אביסל שיטערער געווארן. די כוואליע פונעם געזעלשאפטלעכן ענטוזיאזם איז געפאלן און האט מיט זיך מיטגעשלעפט די נישט סטאבילע עלעמענטן וואס האבן אין זיך נישט געהאט די מאראלע קראפט איינצו־שטיין קעגן דעם שטורם פון דער שווערער צייט.

די אכצן חדשים וואס טיילן אונדז אפ פון אונדזער גרינדונגס־צוזאמענפאר, האבן אונדז געבראכט ווייניק פרייד און נצחון הן אין דעם אלגעמיינעם סאציאל־פאליטישן לעבן און נאך ווייניקער אין אונדזער אייגענעם יידישן לעבן.

פינצטערע נאכט-שאטנס באהערשן דעם פאליטישן האריזאנט פון דער וועלט.

נאך קיינמאל, זינט די וועלט-מלחמה האט זיך געענדיקט, איז נישט געווען אזוי שטאק-פינצטער, ווי איצט.

דער וועלט-קריג האט ליקווידירט די שווארצע מאכט פון דער איצטיקער צי־וויליזאציע — דעם דייטשן מיליטאריזם, אבער אויף זיינע אש און חורבות איז אויפגעשטאנען א מוראדיקערע סכנה פאר דער קולטור און מענטשהייט — דער פראנצויזישער קריגערישער אימפעריאליזם.

די וועלט איז נישט זיכער געווארן פאר דער דעמאקראטיע, ווי ס'האט גע־חלומט דער געפאלענער ווילסאן, זי איז איצט אינגאנצן געפאלן אין די טייוולשע נעגל פון דער פראנצויזישער מיליטערישער קליקע.

און די פינצטערניש, וואס קומט פון פראנקרייך פארשפרייט אירע שווארצע פליגלען איבער אייראפע און אמעריקע.

פון דעם גרויסן חלום פון דער וועלט־רעוואלוציע, וואס פאר אונדז האט אנגע־

צונדן דאָס הערצאישע רוסלאַנד, האָט זיך דערוויל אויסגעלאָזן די מאווימדיקע ווירקלעכקייט פון דער וועלט־רעאַקציע.

נאַכט־שאָטנס האָבן איינגעוויקלט די וועלט.

וואוהין ס'פאַלט נישט אונדזער בליק אין אייראָפּע אָדער אַמעריקע, אומעטום באַגעגענען מיר זיך מיט דער טריאומפירנדער מאַכט פון דער קאַפּיטאַליסטיש־אימפּעריאַליסטישער רעאַקציע.

און דער איינציקער כוח וואָס וואָלט געקענט ראַטעווען די זינקנדע שיף פון ציוויליזאַציע — דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליזם, איז געבראָכן דורך דעם אינער־לעכן קאַמף, וואָס צעררייסט און צעברעקלט אונדזערע רייען.

דער יידישער אומגליק לויפט מיט ריזן־שריט און די יידישע האָפענונגען בליצן אויף אַ ווײַלע און לעשן זיך.

וואָס איז דער וואונדער, אַז ביי אַזאַ לאַגע ווערן אַפּאַטיש און גלייכגילטיק צו אונדזער זאַך די ברייטערע מאַסן און גייען נישט מיט מיט אונדז אויף אונדזער שווערן וועג פון נסיונות, מפּלות און זיגן.

אָבער מיר, די וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט דאָ זיינען די גוואַרדיע פונעם פּועלי ציוניזם, וואָס זיינען גרייט אויסצושטיין אַלע שטורמען און נסיונות, ווייל מיר ווייסן און פילן, אַז מיר האָבן זיך פאַרבונדן מיט דער געשיכטע, מיר זיינען די געשיכט־לעכע טענדענץ, דער מאָרגן, וואָס וועט זיגן, וואָס מוז זיגן.

מיר זעען פון הינטער די וואָלקנס, וואָס פאַרשטעלן דעם הימל דעם היסטאָ־רישן רעגנבויגן, דעם אָנזאָג פון אונדזער מאָרגנדיקן נצחון.

מיר פילן די וואונדער־וועגן פון דער געשיכטע.

אָט איז דאָך אינעם מאָמענט פון דעם גרעסטן קריזיס און מאָראַלישער מפּלה פון סאָציאַליזם, וואָס די מלחמה האָט געבראַכט, אַרויסגעקומען פון דער טיפסטער געזונקענהייט דער העכסטער אויפשטייג פונעם סאָציאַליזם — די סאָציאַלע רע־וואָלוציע אין רוסלאַנד.

און אויך אינעם יידישן לעבן שטייגט אויף דער רעגנבויגן פון אַ סאָציאַליס־טישער ארץ ישראל אין דעם מאָמענט פון דער טראַגישסטער קאַטאַסטראָפע, וואָס עס לעבט דורך דאָס יידישע פאָלק.

אויך אין אונדזער אַלוועלטלעכער פּועלי ציון באַוועגונג, וואָס לעבט דורך צו־זאַמען מיטן אַלוועלטלעכן סאָציאַליזם דעם שווערן שפּאַלטונגס־קריזיס, האָבן מיר פאַר דער צייט צו פאַרצייכענען באַדייטנדע דערפאָלגן.

אונדזערע פאַרבינדונגען מיט דער ענגלישער „לייבאָר פּאַרטיי" זיינען גע־וואָרן ענגער און פריינדלעכער. אונדזער ברודער־פּאַרטיי אין ענגלאַנד איז איצט אַן אָרגאַנישער טייל פון דער מעכטיקער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער בריטישער

אימפעריע. די לעצטע דעקלאַראַציעס פון די פירער פון דער „לייבאָר פּאַרטיי" און איר לינקן פליגל — „די אינדעפּענדענט לייבאָר פּאַרטיי", אויף דעם פּועלי ציוניסטישן צוזאַמענפאָר אין מאַנטשעסטער, לאָזן נישט איבער קיין שום צווייפל, אַז מיר האָבן אין דער ענגלישער אַרבעטערשאַפט אונדזער שטאַרקסטן אַליאירטן און פריינט.

און ווייטער קומט דער נצחון אין ווין.

מ'קען זיך האָבן פאַרשידענע מיינונגען וועגן דער באַדייטונג פון דעם ווינער אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס, אָבער קיינער קען נישט לייקענען דעם גרויסן מאָראַלישן נצחון פונעם פועלי ציוניזם אין דעם פאַקט, וואָס צום ערשטן מאָל ווערט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט פאַרטראָטן אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן עקזעקוטיוו-אָרגאַן פון דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

מיר ווילן אויך האָפן, אַז נישט ווייט איז דער טאָג, ווען אונדזערע צילן און שטרעבונגען וועלן געפינען זייער אַנערקענונג אויך מצד דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט דערוויל נאָך נישט באַגריפן דעם רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַליסטישן כאַראַקטער פון דעם פּועלי ציוניזם.

אין ארץ ישראל האָבן מיר צו פאַרצייכענען דעם דערפאָלג פון דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַראייניקונג פון דער גאַנצער יידישער אַרבעטערשאַפט, וואָס וועט האָבן אַ גרויסע השפעה אויף אונדזער סאָציאַליסטישער קאָלאָניזאַציע-טעטיקייט. מיר האָפן, אַז די רייבונגען וואָס זיינען נאָך ליידער פאַראַן צווישן איינציקע אידייען-ריכטונגען אין דער פאַראייניקטער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אין ארץ ישראל וועלן פאַרשווינדן.

מיר דאַרפן נישט נתפּעל ווערן פון דער צייטווייליקער פאַרקלענערונג פון אונדזערע רייען. זאָל נאָר אַביסל ליכטיקער ווערן דער סאָציאַל-פּאָליטישער האָריזאָנט, און די יידישע אַרבעטערשאַפט וועט זיין מיט אונדז, פונקט ווי עס וועלן זיין מיט אונדז, אויב נישט אין דער פּאַרטיי איז אַלס רעזערוו, אַלע באמת דעמאָקראַטישע עלעמענטן, וואָס שטרעבן צו אַ יידיש ארץ ישראל, ווייל פונקט ווי עס איז מקוים געוואָרן פּ ל ע כ אַ נ אָ ווס נבואה אויפן ערשטן קאָנגרעס פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין 1899, אַז די רוסישע רעוואָלוציע וועט זיגן אַלס אַן אַרבעטער-רעוואָלוציע, אָדער זי וועט גאָרנישט זיין, אַזוי וועט אויך מקוים ווערן דאָס וואָרט פון אונדזער חבר ס י ר ק י ן, אַז ארץ ישראל וועט זיין סאָציאַליסטיש, אָדער זי וועט גאָרנישט זיין.

לאָמיר באַערן מיט אויפשטיין די געפאַלענע אין יפו. „און אויב אויך צו פאַלן אין מיטן פון וועג וועט אונדז זיין באַשערט..." דער פּערז קען נאָר זיין דער הימן פון מענטשן, וועלכע האָבן נישט קיין מורא פאַרן אונטערגאַנג, פאַר נישט-זיין, ווייל

זיי וואַרצלען אין דער געשיכטע און האָבן פאַרבונדן זייער זאַך מיט דער געשיכטע, מיט דער אומשטערבלעכקייט...

מיר שווערן צו טאָן אַלעס מעגלעכעס צו געפינען אַן אויסוועג פאַר געמיינזאַמער אַרבעט, נישט קוקנדיק אויף אַלע חלוקי־דעות, וואָס צעשיידן אונדז אין געוויסע טאַקטישע און ריין־טעאָרעטישע פראַגן.

⁂

דער אַנאַליז פון דער פּראַגמאַטישער פּלאַטפאָרם פון דעם ווינער פאַרבאַנד איז נאָר צוגעפּאַסט צו דעם איין־און־איינציקן לאַנד, וואו די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז שוין אַ געשעענער פאַקט. פאַר סאָוועט־רוסלאַנד זייגען די רעזאָלוציעס פון ווין צוגעפּאַסט, דאָרטן שטעלן זיי מיט זיך פאָר אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּראָגראַם, מעגלעך די איינציק־פּאַסנדע פאַר דער צייט און אומשטענדן. אָבער פאַר די מערב־אייראָפּעאישע לענדער, פאַר אַמעריקע און ארץ ישראל פאַרמשפּט אונדז דער „לינקער" פאַרבאַנד צו אומטעטיקייט, צו פּאַסיוויטעט, און ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק, איז דאָס דער וועג, וואָס מוז קאָנסעקווענט פירן צו דער סאָציאַליסטישער אַסימילאַציע קעגן וועלכער דער פּועלי ציוניזם האָט יאָרן־לאַנג און מיט דערפאָלג ביז איצט געקעמפט.

ס ו ב י ע ק ט י וו מעגן אונדזערע לינקע חברים האָבן די בעסטע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע וואונטשן, אָ ב י ע ק ט י וו שלעפּן זיי אונדז אָבער אויף דעם מסוכנדיקן וועג פון ליקווידאַציע. און מעג דאָס וואָרט נאָך אַזוי שטאַרק ווי מעגלעך אויפרעגן אונדזערע חברים־קעגנער — דאָס איז די איינציקע ריכטיקע כאַראַקטעריסטיק פון זייער פּלאַטפאָרם.

די כוחות, וואָס זיינען פאַרטראָטן אינעם „לינקן" פאַרבאַנד ביי דער רעאַליזירונג פון אונדזערע ארץ ישראל־קאָלאָניזאַטאָרישע צוועקן זיינען אַדאַנק דער טראַגישער לאַגע פון גאַנצן מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום פאַרמשפּט צו אימפּאָטענץ.

וואָס עס איז שייך די פּאַרטייען, וואָס זיינען אינעם אַלטן פאַרבאַנד מעג מען מיט רעכט אויסזעצן וויפל מען וויל קעגן דעם קאָנסערוואַטיוון גייסט פון די ענגלישע פּועלי־ציון, אָבער ביי זיי איז דער פּאָליטישער שליסל צו דער ארץ ישראל־אַרבעט, אַדאַנק זייער אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַרבינדונג מיט דער לייבאָר־פּאַרטיי. די צען טויזנט ענגלישע קאָמוניסטן וועלן אפשר אין יאָרן אַרום זיין אַ פּאָליטישער כוח, דערווייל איז אָבער דער איינציקער רעאַל־פּאָליטישער פאַקטאָר — די מיליאָנען אָרגאַניזירטע ענגלישע אַרבעטער פון דער לייבאָר־פּאַרטיי.

און בנוגע צו נאָרד־אַמעריקע, איז פּונקט ווי אין אַלגעמיין־יידישער פּאָליטיק, איצט דאָס נאָרד־אַמעריקאַנער יידנטום די ערשטע פידל אינעם אַלוועלטלעכן

יידישן קאָנצערט, אַזוי איז אויך אין אונדזער אַלוועלטלעכער פּועלי ציון באַוועגונג די נאָרד־אַמעריקאַנער ברודער־פּאַרטיי באַרופן צו טאָן דעם לייבן חלק אין אונדזער סאָציאַליסטיש־קאָלאָניזאַטאָרישער אַרבעט.

איך בין נישט מסכים מיט אַלע טענדענצן פון די נאָרד־אַמעריקאַנער פּועלי־ציון. מיר געפעלט אויך נישט זייער צו נאָענטע מחותנשאַפט מיט די ציוניסטן, אָבער עס איז אַן אומדיסקוטירבאַרער פאַקט, אַז די וויכטיקסטע זעלבסטשטענדיקע אַרבעטן פון דער פּועלי ציוניסטישער באַוועגונג אין ארץ ישראל זיינען אויפגעטאָן געוואָרן פון אונדזערע חברים אין נאָרד־אַמעריקע. זיי האָבן אויך די ערשטע פאַרווירקלעכט דעם געדאַנק פון אַ זעלבסטשטענדיקן אַרבעטער־קאָנגרעס פאַר ארץ ישראל און פאַר דער פּאָליטישער פאַרטיידיקונג פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום.

מען משפט אַ פּאַרטיי נישט נאָך אירע ווייניק געלונגענע, צייטנווייז צו נאַציאָנאַליסטישע מאַניפעסטאַציעס, נאָר לויט אירע מעשים און לויט די זעלבסטשטענדיקע ריין־סאָציאַליסטישע מעשים וועט די נאָרד־אַמעריקאַנער פּאַרטיי אינעם לעצטן סך־הכל אויסהאַלטן דעם עקזאַמען און פאַרגלייך מיט אונדזערע רעוואָלוציאָנערסטע בעל־דרשנים. מיר דאַרפן באַקעמפן געוויסע צו ווייט גייענדע טענדענצן אינעם אַמעריקאַנער פּועלי ציוניזם, אָבער מיר טאָרן נישט פאַרגעסן אַז אונדזער אַלוועלטלעכע באַוועגונג איז אין דער צייט, ווען ס'ווערט פון אונדז פאַרלאַנגט קאָלאָניזאַטאָרישע מעשים און נישט בלויז גוטע טעאָריעס, מאַכטלאָז אָן דעם נאָרד־אַמעריקאַנער פּועלי ציוניזם.

איך בין גרייט צוזאַמען מיט אייך צו פּראָטעסטירן קעגן דעם אַנטי־יידישיזם פון אחדות העבודה. איך בין דער ערשטער אַריינצוטראָגן אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע, געשריבן אַזוי פייערדיק אַז דאָס פּאַפּיר זאָל ברענען אונטער דעם טינט קעגן די פעלערן און טעותן פון דער אחדות העבודה. אָבער וואַרפט נישט אַרויס דאָס קינד צוזאַמען מיטן נישט ריינעם וואַסער. דרך ארץ בעת איר רעדט וועגן די פּיאָנערן פון דער סאָציאַליסטישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל! לאָז זיין, אַז זיי רעדן שלעכט די סאָציאַליסטישע עברי, אָבער זיי זיינען דאָך די מענטשן פון סאָציאַליסטישער טאַט אין ארץ ישראל. זיי זיינען דאָך אונדזערע סאָציאַליסטישע קאָמונאַרן, און זייער קרבנות־רייכער עבר און קעגנוואַרט קען נישט אָפּגעמעקט ווערן דורך געוויסע באַגאַנגענע טעותן און פעלערן, כאָטש מסתמא, איז דאָס אַלץ וואָס אדמוני און אַנדערע דערציילן אונדז נישט דאָס לעצטע וואָרט פון אמת. איך מוז פריער אויסהערן דעם צווייטן צד איידער איך טראָג אַרויס מיין משפט, איינס ווייס איך אָבער, איך וועל שטענדיק העכער שטעלן דעם פּראַקטישן קאָמונאַר, וואָס פאַרווירקלעכט קאָמוניזם אין ארץ ישראל איידער דעם פייערדיקן קאָמוניסט־דעקלאַמאַטאָר, וואָס קען אויסגעצייכנט סאָציאַליסטישע עברי אין בוענאָס־איירעס אָדער ווין.

די פארטיידיקער פונעם אלטן פארבאנד האבן נישט קיין איינהייטלעכע פראָגראַם און פירן אַ דאָפּלטע בוכהאַלטעריע, איינע פאַר די אַלגעמיין-סאָציאַליסטישע פראַגן און אַ צווייטע פאַר די יידישע פּראָבלעמען.

מ'קען נישט אריינקוועטשן אַלע לאַנדעס-פּאַרטייען פון דער אַלוועלטלעכע פועלי ציון-באַוועגונג אינעם סדום-בעטל פון איין טאַקטישער פאָרמול. נישט קיין דאָפּלטע, נאָר אַ צענפאַכע בוכהאַלטעריע מוזן מיר אין געוויסע פראַגן פירן אין אונדזער אַלוועלטלעכער באַוועגונג, ווייל מיר זיינען צעזייט און צעשפּרייט אין פאַרשידענע לענדער און מוזן צופּאַסן אונדזערע געמיינזאַמע שטרעבונגען צו די ספּעציפיש יידישע און אַלגעמיין-פּאָליטישע באַדינגונגען פון יעדן באַזונדערן לאַנד, וואו עס אַקטואירט דער פועלי ציוניזם. און דער אומגליק פונעם לינקן פאַרבאַנד איז, וואָס ער וויל צושרייבן איין טאַקטישן רעצעפּט-בוך פאַר אַלע טיילן פון אונדזער באַוועגונג, נישט רעכענענדיק זיך מיט צייט און אומשטענדן.

די איינציקייט פונעם אַלוועלטלעכן פועלי ציוניזם איז נאָר מעגלעך אין די ראַמען פון אַלטן פאַרבאַנד, וועלכער רעכנט זיך מיט די ספּעציפישע באַדינגונגען פון יעדער לאַנד און אָרט און וויל פאַראייניקן נאָר דאָס, וואָס לאָזט זיך פאַראייניקן.

(1921)

---

# דער ערשטער פּרואוו צו שאַפן די קהילה אין אַרגענטינע

(אויף דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון דער אַליאַנס)

מיר האָבן זיך היינט פאַרזאַמלט צו שרייבן אַ קאַפּיטל יידישע געשיכטע, וויטער שפּינען די יידישע געשיכטע און עס איז נויטיק מיר זאָלן זיך אָפּגעבן דין וחשבון וועגן דעם היסטאָרישן זין פון אונדזער אַקט און באַלייכטן אינעם ליכט פון דער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו דעם פּרואוו פונעם אַרגענטינער יידנטום צו שאַפן דאָ אין דעם נייעם יידישן ישוב אונדזער אור-אַלטע היסטאָרישע אינסטיטוציע — די קהילה — אריינברענגענדיק אין איר, פאַרשטייט זיך, אַ נייַ יידישן און מאָדערנעם אינהאַלט.

אַ טעות האָבן די, וואָס מיינען, אַז מיר האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט היינט צו פאַראייניקן אַ פּאָר יידישע צדקה-חברות און אינסטיטוציעס, ניין! מיר ווילן היינט פאַרפלאַנצן קערנער פון דעם אַלטן היסטאָרישן יידישן בוים, וואָס טראָגט דעם נאָמען ק ה י ל ה. מיר ווילן לייגן ציגל צו אַן אָרגאַניזאַציאָנס-בנין, וואָס איז אין משך פון אונדזער לאַנגער געשיכטע געווען אונדזער נאַציאָנאַלע פעסטונג.

ווען מיר שטעלן זיך די פראַגע, וואו איז דער סוד פון דער יידישער געשיכטע,

וואָס האָט אונדז אַלס פאָלק דערהאַלטן, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מיר האָבן נישט געלעבט אויף אַ באַשטימטער טעריטאָריע און נישט פאַרמאָגט קיין מלוכה־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אונדז צונויפבינדן און צונויפשמידן אַלס נאַציאָנאַלע איינ־הייט, — מוזן מיר ענטפערן, אַז די קהילה-אָרגאַניזאַציע איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן פון אונדזער נאַציאָנאַלער דערהאַלטונג.

די קהילה־אָרגאַניזאַציע איז אין משך פון אונדזער גאַנצער געשיכטע געווען דער אײַזערנער רייף, וואָס האָט אויפגעהאַלטן דעם יידישן קיבוץ אין דער דיאַספּאָראַ פון פאָלשטענדיקן פונאַנדערפאַלן, נישט קוקנדיק אַפילו אויף דעם, וואָס אין דער מאָדערנער עפּאָכע איז די קהילה, דערהויפּט אין מערב-איירָאפּע, געווען דורכגעדרונגען מיט דעם אַסימילאַטאָרישן גייסט, איז זי פאָרט געווען אַ יידישע בעסטונג און האָט אונדז דערהאַלטן אַלס נאַציאָנאַל־אייגנאַרטיקע איינהייט.

מען קען זאָגן, אַז די קהילה איז געווען אַ מין במקום מלוכה, אַ סוראָגאַט פון אַ יידישער מלוכה־אָרגאַניזאַציע און נאַציאָנאַלער זעלבסט-פאַרוואַלטונג פאַר דער נאַציע, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט קיין מלוכה.

פון דעם מאָמענט אָן, ווען עס איז חרוב געוואָרן ירושלים און עס האָט זיך גע־ענדיקט דאָס פרייע יידישע מלוכה־לעבן, האָט דאָס יידישע פאָלק, אינספּירירט פון דעם גניוס פון זיין געשיכטע, גענומען בויען זיין קהילה־וועזן.

אין ארץ ישראל גופא, אונטער דער הערשאַפט פון אַלמעכטיקן רוים האָט זיך אָנגעהויבן פאָרמירן דאָס יידישע קהילה־לעבן. רוים האָט אויסגעאיבט די פּאָליטישע מאַכט אויף ארץ ישראל, אָבער די יידן איז געגעבן געוואָרן פרייהייט פון אינערלע־כער אָרגאַניזאַציע אין דער קהילה און פאַר אַ געוויסער צייט האָט דער יידישער נשיא געהאַט אַפילו דאָס רעכט צו באַשטייערן די יידישע געמיינדע (אורום קאַ־פּאַנאַריום).

און נאָכדעם, ווען דאָס יידישע פאָלק איז אַוועק אויף זיינע וואַנדערונגען אין גלות האָט עס מיטגענומען מיט זיך דעם היסטאָרישן פּאַנצער — די קהילה־אָרגאַניזאַציע.

און עס וואָלט אונדז אַפילו נישט געשאַדט צו שטודירן די קאָנסטיטוציע פון אונדזערע אוראַלטע קהילות און מיר וואָלטן דאָרטן געפונען אינטערעסאַנטע וואונ־קען און אָנווייזונגען, וועלכע וואָלטן אונדז געקענט דינען אַפילו איצט ווי צום ביישפּיל, דער רעגלאַמענט פון דער פונאַנדערטיילונג פון די געמיינדע־מיטגלידער אויף „בני העיר״ (וואָס וואוינען נישט מער פון דריי מאָנאַטן. עס איז אינטערע־סאַנט, אַז איין יאָר אָנגעהעריקייט צו דער קהילה האָט געגעבן פולע רעכט דעם מיטגליד. (דאָס איז דעמאָקראַטישער פאַר אונדזערע מאָדערנע רעגלאַמענטן). אָדער די באַשטימונג, אַז אויב צוויי ברידער געפינען זיך אין דער געמיינדע־פאַרוואַלטונג,

האָט ..אַר איינער פון זיי דאָס רעכט צו וואָטירן ווענן יעדער פראַגע.

די קהילה־אָרגאַניזאַציע, אירע רעכט און פונקציעס האָבן זיך געביטן און גע־ענדערט לויט דעם אָרט און צייט. אין אַ געוויסער עפּאָכע און לאַנד האָט די קהילה געהאַט בּרייטערע רעכט, אָפּטמאָל אמתע מלוכהשע פונקציעס, אין אַנדערע עפּאָכן אָון לענדער זיינען פאַרשמעלערט און רעדוצירט געוואָרן די פּרעראָגאַטיוון פון דער געמיינדע.

אַלס די העכסטע מדרגה פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון אונדזער קהילה וועזן מוז באַטראַכט ווערן דער „ועד אַרבע ארצות" אין פּוילן און ליטע, וואָס האָט עקזיסטירט פון דער צווייטער העלפט פון זעכצנטן יאָרהונדערט ביזן יאָר 1764, ווען דער פּוילישער סיים האָט ליקווידירט דעם „ועד" וואָס האָט פאַרקערפּערט די אמתע נאַציאָנאַלע יידישע אויטאָנאָמיע.

דער „ועד אַרבע הארצות" וואָס האָט פאַרטראָטן פיר לענדער, גרויס פּוילן (פּאָזען), קליין פּוילן (קראָקוי), רוסלאַנד, פּאָדאָליע, גאַליציע און וואָלין האָט געהאַט געזעצגעבערישע אַדמיניסטראַטיווע, יורידישע און קולטורעל־רעליגיעזע פונקציעס.

נאָך דעם פונאַנדערפאַלן פון דעם „ועד" איז דאָך אין פּוילן פאַרבליבן ביז צום היינטיקן טאָג אַ פעסטע קהילה־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַ סך באַגרעניצטערע פונקציעס, פון דעם אַמאָליקן ועד אָבער פאַרמאָגט נאָך איצט אויך דאָס וויכטיקסטע רעכט פון אַרויפלייגן צוואַנגס־שטייער אויף די מיטגלידער פון דערגעמיינדע.

אַ וויכטיקע ראָלע האָט אויך דאָס קהילה־וועזן געשפּילט אין דייטשלאַנד, וואו די אָנגעהעריקייט צו דער געמיינדע איז אַ צוואַנגס־זאַך: נאָר משומדים, אָדער די וואָס דערקלערן זיך אַלס „קאָנפעסיאָנסלאָז" (וואָס געהערן נישט צו קיין שום רע־ליגיעזער שיטה) קענען זיך באַפרייען פון דעם צוואַנג צו געהערן צו דער קהילה און פון דעם אָבליגאַטאָרישן חוב צו צאָלן שטייערן.

דער צוואַנגס־כּאַראַקטער פון דער דייטשער קהילה איז בלי ספק געוועזן איינער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן פון דער דערהאַלטונג פונעם דייטשן יידנטום.

פאַר דעם אייראָפּעאישן יידנטום שטייט איצט דאָס פּראָבלעם פון רעפאָרמירן דעם אַלטן קהילה־וועזן און אַריינטראָגן אין אים דעם גייסט פון מאָדערנעם נאַציאָ־נאַל־דעמאָקראַטישן יידנטום; אין דער ריכטונג ווערט איצט אָנגעווענדעט די ענער־גיע פון די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע שיכטן פון די יידן אין אייראָפּע און אין אַלע פּלעצער פון דעם יידישן מאַסן־ישוב, וואו עס ווערט אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע — ווערט די קהילה גענומען אַלס יסוד פון דער נאַ־ציאָנאַלער זעלבסט־פאַרוואַלטונג.

פאַר אונדז אין אַרגענטינע פונקט ווי פאַר דעם יידנטום פון די פאַראייניקטע

שטאַט שטייט אַ שווערערע אויפגאַבע. מיר דאַרפן שאַפן אַ יש מאין. מיר דאַרפן שאַפן אַ קהילה־אָרגאַניזם פון די צעזייטע און איזאָלירטע אַטאָמען, פון די פאַר־שידנאַרטיקע סאָציאַלע און קולטורעלע אַנשטאַלטן, וואָס האָבן זיך דאָ געבילדעט.

עס איז, פאַרשטייט זיך, אַ ריזיקע און שווערע אויפגאַבע.

אין די לענדער פון דער אַלטער וועלט איז די קהילה אַ פּראָדוקט פון אָרגאַני־שער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. דאָ אָבער אין אַמעריקע דאַרפן מיר קינסטלעך אַריבערטראָגן אויף דעם יונגן באָדן אַן אינסטיטוציע, וואָס איז פאַרוואָרצלט געוואָרן אין היסטאָרישער טראַדיציע.

צי וועט זיך אונדז איינגעבן צו קאָפּירן אין די איינוואַנדערונגס־לענדער די קהילה, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך אימאַנענטע היסטאָרישע קרעפטן — דע־רויף קען געבן אַן ענטפער נאָר די צייט.

איינס ווייסן מיר, דאָס וואָס אין דער אַלטער וועלט האָבן געשאַפן געשיכט־לעכע אומשטענדן און געשיכטלעכע כּוחות מוז דאָ אין אַרגענטינע פּונקט ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן, געשאַפן ווערן דורך אונדזער באַוואוסטזיניקן נאַציאָנאַלן ווילן און דורך אונדזערע אָרגאַניזאַטאָרישע אָנשטרענגונגען.

געוויס קען דאָס קהילה-וועזן אין אַרגענטינע און נאָרד־אַמעריקע נישט זיין אַ קאָפּיע פון די אייראָפּעאישע געמיינדעס און וועט מוזן טראָגן אַן אייגנאַרטיקן כּאַ־ראַקטער צוגעפּאַסט צו דער צייט און די ספּעציעלע אומשטענדן אין וועלכע מיר לעבן.

דער יונגער יידישער ישוב אין אַרגענטינע האָט געשאַפן אַ סך וויכטיקע און באַדייטנדע אַנשטאַלטן, אָבער זיי האָבן אַ ריין לאָקאַלן כאַראַקטער, זיי זיינען אי־זאָלירטע אַטאָמען, וואָס האָבן נישט קיין נאַציאָנאַלן ווערט און באַדייטונג; נאָר אין דעם מאָמענט, ווען עס וועט פאַרווירקלעכט ווערן די יידישע קהילה־אָרגאַניזאַציע, ווערן די דאָזיקע אַלע אַנשטאַלטן ציגל פון אַ נאַציאָנאַלן בנין.

די „אַליאַנס" אָדער קהילה־אידייע שטעלט מיט זיך פאָר די ראַציאָנעלע עקאָ־נאָמיע פון יידישע געזעלשאַפטלעכע כּוחות און יידישע געזעלשאַפטלעכע געלטער, אָבער איר גרויסע וויכטיקייט ליגט אין דעם, וואָס זי שטעלט מיט זיך פאָר די ווייטער שפּינונג פון דער יידישער געשיכטע.

דאָס אַרגענטינער יידנטום שטייט איצט פאַר אַ היסטאָרישן עקזאַמען. עס דאַרף אַרויסווייזן, אַזוי צו זאָגן נאַציאָנאַלע שטאַטס־פעאיקייט.

מיך אינטערעסירט נישט, וואָס דערווייל איז די פּלאַטפאָרם פון דער „אַליאַנס" נישט פולקאָמען און האָט פעלערן. עס זיינען דאָ פּונקטן וואָס דאַרפן אויסגעבע־סערט ווערן, אָבער די ווירקלעכע רעגלאַמענטן וועלן געשאַפן ווערן ערשט דאַן ווען די „אַליאַנס" וועט אָנהויבן פונקציאָנירן, ווען די דערפאַרונג און די פּראַקטיק וועט באַווייזן, וואָס איז דערגרייכבאַר און וואָס עס איז אוממעגלעך דורכצופירן ביי די

ספּעציפישע באַדינגונגען פון דער אַרגענטיניש־יידישער ווירקלעכקייט.

די קומענדיקע יידישע קהילה וועט באַקומען דעם אינהאַלט וועלכן עס וועלן אין איר אַריינלייגן די עלעמענטן, וואָס וועלן אין איר אַריינטרעטן.

אין פּוילן קעמפן די יידישע סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע עלעמענטן פאַר זייער ווירקונג אין דער קהילה און ס'איז דער חוב פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער דעמאָקראַטיע דאָ אין אַרגענטינע צו העלפן בויען דאָס אָרגאַניזירטע געמיינדע־וועזן און קעמפן פאַר זיינע קולטורעל־וועלטלעכע אויפגאַבן.

צי וועט דעם אַרגענטינער יידנטום געלינגען צו פאַרווירקלעכן די „אַליאַנס"־אידייע, איך נעם זיך נישט אונטער צו זאָגן נביאות וועגן דעם, איך וויים נאָר איינס אַז פּעסימיסטן און צווייפלער האָבן קיינמאָל גאָרנישט געשאַפן, מיר דאַרפן וואָגן, מיר דאַרפן האָבן מענטשן, וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיט דעם באַוואוסטזיין פון דער גרויסער היסטאָרישער מיסיע, וואָס דאָס אַרגענטינער יידנטום האָט זיך איצט געשטעלט.

אויב אַלע, וואָס זיינען דאָ אָנוועזנד וועלן זיך דורכדרינגען מיט דעם באַוואוסטזיין פון דער דאָזיקער מיסיע, דאַן וועט די היינטיקע פאַרזאַמלונג זיין אַ היסטאָרישע און דאָס וואָס אין אייראָפּע איז געשאַפן געוואָרן דורך אימאַנענטע היסטאָרישע כוחות וועט דאָ אַנטשטיין אַדאַנק אונדזער נאַציאָנאַלן ווילן און אַקטיווער באַוואוסטזיניקער ענערגיע.

(יוני 1926)

---

## קאַמפּיין פאַר יידישע פאָלקס־שולן אין אַרגענטינע

אויב מען וויל קען מען פאָרמולירן אין איין לאַקאָנישן זאַץ דעם הויפּט־מאָטיוו, וואָס האָט באַוואויגן מענטשן פון פאַרשידענער וועלט־אָנשויאונג צו פאַראייניקן זיך אין דעם פּרואוו צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פאַר די יידישע פאָלקס־שולן אין אַרגענטינע. אויב איר ווילט, האָט דאָ געשפּילט די הויפּט־ראָלע אונדזער קלוג־פאַרשטאַנענער עגאָאיזם. מיר, די אַלע, פאַר וועמען אַרגענטינע איז דורך צופאַל געוואָרן אַ היים, ווילן נישט פאַרלירן אונדזערע קינדער גייסטיק; מיר ווילן נישט, אַז צווישן אונדז און דעם וואַקסנדן דור זאָל אַנשטיין אַ תהום. מיר האָבן מורא פאַר דער געפאַר, אַז אונדזערע קינדער זאָלן נישט וויסן, ווער מיר זיינען און פון וואַנען מיר שטאַמען, זיי זאָל נישט פרעמד ווערן אונדזער גאַנצער גייסטיקער מהות. מיר ווילן נישט, אַז אונדזערע קינדער זאָלן אונדזער היסטאָרישן יחוס, אונדזער טויזנט־יאָריקע געשיכטע פאַרבייטן אויף אַ פרעמדער הונדערט־יאָריקער געשיכטע.

מיר זיינען אָבער רעאַליסטן און זעען ניכטער די גרעניצן פון אונדזערע מעג־

לעבקייטן אין דעם קאמף פאר דער נאציאנאלער דערהאלטונג פון דעם קומענדיקן דור. מיר מאכן זיך נישט קיין אילוזיעס און שטרעבן דערווייל צו דערגרייכן דעם מעגלעכן מינימום. מיר ווילן געבן דעם קינד אונדזער פאלקס-שפראך, אריינפירן אים לכל הפחות אין דעם פאדער-צימער פון אונדזער קולטור און אונדזער געשיכטע. מיר ווילן, אז דעם קומענדיקן דור זאל געגעבן ווערן דער שפראך־אינסטרומענט, וואס זאל אים צוגענגלעך מאכן דעם יידישן בוך, דורך וועלכן ער וועט שפעטער קענען געפינען דעם וועג צו אונדזערע אלע קולטור־אוצרות און צו דעם טיפערן קענען פון אונדזער געשיכטע.

די נייע ארגאניזאציע וועט נישט קעמפן קעגן אנדערע שול-סיסטעמען, נאר זי וועט קעמפן דערווייל פאר א גוט אוועקגעשטעלטער נאציאנאל־פראגרעסיווער יידישער פאלקס־שול.

די, וואס גלויבן, אז דורך דעם מאגערן וויסן פון אלטער יידישקייט, וואס די קינדער באקומען אין די עטלעכע תלמודי תורה, קען מען צובינדן דאס קינד צו רעליגיעזער יידישקייט, זאלן זיי בויען ת"ת.

מיר גלויבן נישט אין דעם דאזיקן דערציאונגס-מעטאד. אויב דער אלטער חדר האט יא צוגעבונדן דאס קינד צום טראדיציאנעלן יידנטום, איז דאס געשען צוליב דעם, וואס די היים, די סביבה, די גאס אין די אלטע ישובים זיינען דורכגעדרונגען געווען מיט טראדיציאנעלער פרומקייט.

קען אבער די אויפן שפיץ-מעסער געגעבענע יידישע לימודים אין טראדיציאנעלן גייסט צובינדן דאס יידישע קינד צו רעליגיעזער יידישקייט, בעת די היים, די גאס איז אפיקורסיש, נישט רעליגיעז, אויב נישט אנטי־רעליגיעז, בעת עס פעלט די אמאליקע אטמאספער און גייסטיקע סביבה?

מיר גלויבן נישט אין דעם דאזיקן דערציאונגס־מעטאד.

זאלן די, וואס גלויבן, אז דא איז ארגענטינע, וואו מען הערט נישט קיין העברעאיש ווארט, נישט אין דער היים, נישט אין גאס, נישט אויף א פארזאמלונג, וואו מען דארף ווארטן א חודש ביז די פאסט ברענגט אונדז א העברעאישע אויסגאבע מעבר-לים, זאלן די וואס גלויבן, אז ביי אזעלכע באדינגונגען איז מעגלעך און דערגרייכבאר א העברעאישער שול-וועזן — ארבעטן פאר תרבות-שולן.

מיר גלויבן נישט אין דעם דאזיקן אוטאפיסטישן דערציאונגס-מעטאד. מיר ווילן צונויפזאמלען אלע די, וואס האבן גלויבן און ליבע צו אונדזער פאלקס־שפראך און פאלקס־קולטור צו ארבעטן פאר א יידישן פאלקס־שול-וועזן אין ארגענטינע.

געוויס וויסן מיר, אז די יידישע פאלקס-שול וועט לפחות אין דעם ערשטן פעריאד פון איר אנטוויקלונג געבן בלויז דעם מינימום, אבער אויב דאס קינד וועט באקומען דעם אינסטרומענט פון דער יידישער שפראך, איז דא א האפנונג, אויב

נישט קיין זיכערקייט, אז דאָס יידישע געדרוקטע און גערעדטע וואָרט, דאָס יידישע בוך, דער יידישער טעאַטער, וועלכן מיר פאַרמאָגן דאָ, וועט פאַרזעצן אויסצואיבן אַ יידישע השפּעה אויף דעם אויפוואַקסנדן דור.

אונדזער קאַמף פאַר אונדזער אייגענער נאַציאָנאַלער שפּראַך און קולטור איז אַ צייכן פון אונדזער קולטור-רייפקייט און איז בהסכם מיטן געשיכטלעכן פּראָגרעס.

מיר ווילן אָבער נישט אַריינפאַלן אין נאַציאָנאַליסטישן עקסטרעם און שטרעבן צו דעם סינטעז פון נאַציאָנאַלן און אַלמענטשלעכן, צו נאַציאָנאַלער קולטור-אייגנאַרט און צו אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט — אָט דאָס איז דער אידייאישער אונטערגרונט פון דעם פּראָגרעסיוון נאַציאָנאַליזם, וואָס אינספּירירט די נייע שול-אָרגאַניזאַציע.

די נייע שול-אָרגאַניזאַציע האָט אַ היסטאָריש-וויכטיקע שליחות. פון דער יידישער געזעלשאַפט אין אַרגענטינע, פון אַלע נאַציאָנאַל-פּראָגרעסיווע עלעמענטן וועט זיין אָפּהענגיק, צי וועט דער איצטיקער פּרואוו פירן צו באַדייטנדע מעשים.

(סעפּטעמבער 1927)

---

# אויף דער פייערונג פון דער באַפרייאונג פון שלום שוואַרצבאַרד

עס איז היינט אַ היסטאָרישע פאַרזאַמלונג.

אַכט יאָר נאָכאַנאַנד האָבן זיך אין די יידישע שולן פון דער גאַנצער וועלט געהערט נאָר די טרערן-קלאַנגען פון אל מלא רחמים, און היינט האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין די ווענט פון אַ יידישער שול, און מיר הערן די קאַמפּס-קלאַנגען פון דעם הימן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעמישט מיט די האָפנונגס-טענער פון אונדזער התקוה און דעם הימן פון דער יונגער אַרגענטינער נאַציע.

פאַרשוואונדן איז היינט אונדזער דורך דורות טראַדיציאָנעל געוואָרענער קלאָגניגון פון דעם אל מלא.

היינט פייערן מיר די גרויסע יידישע נאַציאָנאַלע טאַט.

מיר זיינען געקומען היינט אויסדריקן אונדזער טיפע פאַרערונג צו אונדזער נאַציאָנאַלן העלד — שלום שוואַרצבאַרד, וועלכער האָט אַריינגעשריבן אין דער יידישער געשיכטע אַ ניי בלאַט פון יידישן מוט, דער הערואיזם פון דעם נאַציאָנאַלן טאַט.

מיר האָבן אין אונדזער געשיכטע געהאַט אַ סך העלדן, וואָס האָבן זיך מקריב געווען על קידוש השם.

שוואַרצבאַרדס קרבן איז אָבער גרעסער, — ער האָט געהאַט דעם מאָראַלישן כוח אַלס אונדזער גואל הדם גובר זיין אונדזער נאַציאָנאַלן אָפּשיי צו בלוט.

מאָרדן איז פאַר אַ יידן דער שווערסטער קרבן, וואָס עס קען דענקען דער מענטשלעכער מוח.

און שוואַרצבאַרד האָט אין זיין העלדישער נשמה געפונען דעם כוח עובר צו זיין אויף אונדזער הייליקסטן געבאָט פון לא תרצח.

דאָס איז אַ גרעסערער קרבן פון אומקומען על קידוש השם.

אַכט יאָר נאָכאַנאַנד האָבן מיר אין אונדזער גרויסער פאַרצווייפלונג געמיינט, אַז די אוקראַינער שחיטות וועלן נאָר פאַרגרעסערן אונדזערע היסטאָרישע פינקסים, וואו עס וועלן פאַרשריבן און באַהאַלטן פאַר דער געשיכטע אונדזער פיין און אונדזערע ליידן.

עס איז אָבער געקומען דער העראָאישער שוואַרצבאַרד און אָנשטאָט שרייבן אַ נייע קינה אויף אונדזער חורבן-אוקראַינע — האָט ער פאַרשריבן אַ נאַציאָנאַל-העלדישן טאַט.

ער האָט באַוויזן אַז ס'איז ענדלעך געקומען די שעה, אַז ס'איז דאָ איינער צווישן אונדז, וואָס קען באַגעגענען דעם שונא מיט זיין אייגן געווער פון בלוט און אייזן.

מיר האָבן זיך היינט פאַרזאַמלט אויסצודריקן אונדזער פאַרערונג אונדזער גואל-הדם, אָבער גלייכצייטיק ווילן מיר אויך אָפּגעבן כבוד דער דריי־קאָלירנדיקער פאָן פון דער איידעלער פראַנקרייך, וואָס האָט געבראַכט דער וועלט די בשורה פון פרייהייט און ברודערלעכקייט.

מיט דער אָפיציעלער פראַנקרייך האָבן מיר חשבונות, זי האָט געזינדיקט קעגן אונדז אין דער צייט פון די פּאָגראָמען.

אָבער היינט זיינען מיר געקומען אויסצודריקן אונדזער דאַנק און פאַרערונג דעם פראַנצויזישן פאָלק, דעם פאָלק, וואָס איז מיט קנאַפּע אַנדערהאַלבן יאָרהונדערט צוריק געווען דאָס ערשטע לאַנד אין אייראָפּע אָנצוערקענען אונדזער מענטשלעכע רעכט, און וואָס האָט איצט דורך די געשוואוירענע ריכטער פון פּאַריז דערוויזן איר מאָראַלישע גרויסקייט.

אין קיין אַנדער לאַנד וואָלט שוואַרצבאַרד נישט באַפרייט געוואָרן, קיין אַנדער פאָלק וואָלט זיך נישט געקענט שטעלן העכער פון זיינע אייגענע געשריבענע געזעצן, וואָס קענען נישט לעגיטימירן אַ מאָרד, דורך וועלכע אימפּולסן ער זאָל נישט אַרויסגערופן ווערן.

אָבער די פאָלקס-מענטשן פון שוואור-געריכט פון פאריז. די זין פון דער גרוי-סער פראנצויזישער רעוואָלוציע האָבן אינעם נאָמען פון א העכערן יושר, פאר-בוינן דעם יושר פון זייערע געזעצן. — לויט אונדזער ערע און געוויסן האָט שוואַרצ-באַרד נישט פאַרוואונדעט פּעטלוראַן.

אזוי האָט געלויטעט אויף צו להכעיס דעם קליינעם אמת פון פאַקטן, די היסטאָרישע תשובה פון די פאַריזער פאָלקס-מענטשן אויף דער טרוקענער יורים-טישער פראַגע פון דעם געשריבענעם געזעץ.

די פאריזער פאָלקס-מענטשן האָבן געפאָלגט דעם רוף פון מאַרעסן און אין פאַריזער געריכט איז ווירקלעך תחית המתים אויפגעשטאַנען דער גרויסער אמת פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע...

און אויף דעם פּסק פון דעם פאַריזער שוואור-געריכט — ענטפערט דאָס דאַנק-באַרע יידישע פאָלק מיט דעם רוף וואָס קומט פון די טיפעניש פון זיין נשמה:

„וויוו לאַ פראַנס!

לעבן זאָל פראַנקרייך, וואָס איז טריי געבליבן דעם גייסט פון איר גרויסער וועלט באפרייענדער רעוואָלוציע!

(אָקטובער 1927)

---

# אויפן דערעפענונגס-אַקט פון אימיגראַציע-קאָנגרעס אין אַרגענטינע

חשובע דעלעגאַטן!

מיר האָבן זיך היינט פאַרזאַמלט אויף דעם ערשטן יידישן אימיגראַציע-קאָנ-גרעס אין אַרגענטינע, כדי צו באַהאַנדלען איינע פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון דעם יידישן לעבן, וואָס איז נוגע הונדערטער טויזנטער יידן פון די פאַרשידענע לענדער פון מזרח-אייראָפּע און וואָס איז אויך איינע פון די לעבנס-פּראָבלעמען פאַר דעם אַרגענטינער יידנטום.

מיר וועלן דאָ הערן פון אונדזערע חשובע געסט, די פאַרטרעטער פון דער „הי-צעם" און אויספירלעכן באַריכט וועגן דער לאַגע פון דער יידישער עמיגראַציע אין אייראָפּע.

אָבער אָן שום באַריכטן קענען מיר אורטיילן אויפן גרונט פון אונדזער ביז איצ-טיקער דערפאַרונג וועגן דער ערנסטקייט פון דער עמיגראַציע-פראַגע פאַר די מזרח-אייראָפּעאישע יידן.

מיר ווייסן אויפן סמך פון דער עמיגראַציע-סטאַטיסטיק אין די „נאָרמאַלע" צייטן, אַז ביז דער מלחמה פלעגן יאָר איין יאָר אויס בלויז אין די פאַראייניקטע שטאַטן איינוואַנדערן דורכשניטלעך הונדערט טויזנט יידן. (עס זיינען געווען אויך יאָרן, ווען די יידישע איינוואַנדערונג האָט געשטיגן צו 135.000 און 153.000 נפשות).

צו דעם דאַרף צוגערעכנט ווערן די אימיגראַציע אין קאַנאַדע, זיד־אַפריקע און דרום־אַמעריקע.

פרעגט זיך, אויף וואָס באַזירט זיך דער אָפּטימיזם פון געוויסע קרייזן, אַז די יידישע עמיגראַציע-פראַגע האָט פאַרלוירן איר שאַרפקייט?

האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין מזרח-אייראָפּע נאָך דעם מלחמה-חורבן פאַרבעסערט?

לאָמיר וואַרפן אַן אויבנאויפיקן איבערבליק אויף דער לאַגע פון די יידן אין די וויכטיקסטע לענדער פון מזרח־אייראָפּע.

ראַטן-רוסלאַנד, וואו דער יידישערווירטשאַפטלעכער מצב איז מראָץ דער קאָ־לאָניזאַציע אַ טראַגישער, לאָמיר לאָזן אַן אַ זייט, ווייל דערווייל גייט פון דאָרטן נישט קיין עמיגראַציע.

אָבער אין פוילן, גאַליציע און אין די איבעריקע מלוכהלעך פון דעם אַמאָליקן רוסלאַנד, איז די יידישע ווירטשאַפטלעכע לאַגע געוויס דאָך נישט בעסער געוואָרן ווי פאַר דער מלחמה.

נישט טיילנדיק דעם פעסימיזם פון ד"ר גרינבוים, ווענן אַ מיליאָן איבעריקע יידן אין פוילן, מוז מען דאָך אָנערקענען, אַז דער פאַקט, וואָס פוילן און אַלע נייע ראַנד־מלוכהלעך, וואָס זיינען אָפּגעשניטן געוואָרן מיט טאַמאָזשנע-גרעניצן פון דעם אַמאָליקן גרויס-רוסישן מאַרק, האָבן שטאַרק פאַרערגערט די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן, וואָס האָבן געשפּילט די הויפּט-ראָלע אין דעם פאַרמיטלונגס-האַנדל צווישן פוילן און רוסלאַנד.

וואָס איז שייך אַזעלכע אומנאָרמאַלע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזמען, ווי דאָס קליינע ליטע, לעטלאַנד און ליפלאַנד, איז דאָך אָפּגערעדט, אַז די יידישע לאַגע איז דאָרטן אַ האָפענונגסלאָזע. וועגן רומעניע איז דאָך אָפּגערעדט, אַז די פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע לאַגע פון די יידן האָט זיך דאָרטן נישט פאַרבעסערט אין פאַר־גלייך מיט דעם פאַר מלחמה מצב.

מיר זאָגן זיך אָפּ דערום צו באַגרייפן אונדזערע אָפּטימיסטן, וואָס ווילן באַ־הויפּטן, אַז די יידישע עמיגראַציע האָט פאַרלוירן איר שאַרפקייט.

אמת, עס גייט איצט אָן אין מזרח-אייראָפּע זייער אַ דערפרייענדער פּראָצעס פון דער סאַנירונג און פאַרפעסטיקונג פון די יידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס דורך

פארשפרייטונג פון מלאכה און ערד־ארבעט, אָבער דער דאָזיקער פּראָצעס איז זייער א לאנגזאמער און קען בשום אופן נישט לייזן די פראגע פון דער יידישער עמי־גראציע־נויט.

אויב די יידישע עמיגראציע האָט זיך טראָץ די אָנגעוויזענע דערשיינונגען פארקלענערט לעצטנס, איז דאָס נישט צו דערקלערן מיט דעם, וואָס די יידישע לאגע האָט זיך פארבעסערט, נאָר מיט דעם, ראשית, וואָס עס איז נישטאָ וואוהין צו פאָרן און צווייטנס צוליב דעם, וואָס דער צו שווערער עקאָנאָמישער מצב האָט געמאכט אפאטיש און אפּהענטיק די יידישע מאסן, ווייל צו וואנדערן און זוכן נייע בעסערע לעבנס-באדינגונגען איז נויטיק א שטארקע לעבנס־ענערגיע און נישט א גייסט פון דערשלאָגנקייט.

מיר זיינען דערום איבערצייגט, אז די עמיגראציע-פראגע איז איצט, ווי פריער, נאָך איינע פון די וויכטיקסטע און שווערסטע פּראָבלעמען, וואָס דארפן געפינען זייער לייזונג.

דאָס דעפיניטיווע שליסן פון די טויערן פון נאָרד-אַמעריקע פאר דער יידישער איינוואנדערונג, האָט אוועקגעשטעלט ארגענטינע אין דעם פאָדערגרונד פון די נאָך ווייניק געבליבענע אימיגראציע־לענדער, און דער חוב פון נאציאָנאלער סאָלי־דאריטעט פאָדערט פון אונדז, אז מיר זאָלן טון אלץ, וואָס עס ליגט אין אונדזערע כוחות, און מעגלעכקייטן, כדי צו פארגרינגערן דאָס אריינקומען אין לאנד און די איינאָרדנונג פון די יידישע עמיגראנטן.

אונדזער קאָנגרעס איז ווייט פון דעם געדאנק צו סטימולירן קינסטלעך די יידי־שע איינוואנדערונג, אָבער פאר די, וואָס מוזן, וואָס זיינען געצוואונגען צו פאר־לאָזן זייערע היימען, געטריבן פון דער אייזערנער נויט, ווילן מיר עפענען אונדזערע ברידער-אָרעמס און פארלייכטערן זייער'ע יסורים פון צופּאסן זיך צום נייעם לאנד אין די נייע באדינגונגען.

אונדזער קאָנגרעס דארף ווערן א מאניפעסטאציע פון נאציאָנאלער סאָלידאַ-ריטעט.

עס מוז באקעמפט ווערן די נישט דערלאָזבארע קורצזיכטיקייט פון די, וואָס ליידן פון גרינאָפּאָביע און פון דער טריבונע פון דעם קאָנגרעס ווילן מיר נישט וועקן קיין פאלשע אילוזיעס וועגן די גליקן, וואָס וואַרטן אויף זיי אין ארגענטינע, נאָר מיר ווילן זאָגן דער יידישער וועלט, אז מיר זיינען גרייט מיט אָפענע אָרעמס אויפנעמען אונדזערע ברידער, וואָס האָבן נישט קיין אנדער אויס-וועג, ווי צו נעמען דעם וואנדערשטעקן אין האנט.

און דאָס טוען מיר נישט נאָר לשם נאציאָנאלער סאָלידאריטעט, נאָר צוליב

אונדזערע אייגענע יידיש־אַרגענטינישע אינטערעסן און צוליב די אינטערעסן פון אונדזער נייעם וואוין־לאַנד.

מיר ווילן נישט זיין אַ קליינער יידישער אינדזל אין אַ פרעמדער וועלט. מיר ווילן ווערן אַ גרויסער און שטאַרקער יידישער ישוב, מיר ווילן פאַרפעסטיקן אונדזערע יידישע קולטור און געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס. און יעדער נייער אימיגראַנט איז אַ נייער ציגל אין דעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן בנין פון אַרגענטינער יידנטום.

אויב מיר זיינען לעצטנס באַרייכערט געוואָרן מיט קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אויב מיר הויבן אָן שפּילן אַ געוויסע ראָלע אין דעם אַלוועלטלעכן יידישן קאָנצערט, איז דאָס אַדאַנק די נייע כוחות, וואָס מיר האָבן צובאַקומען אין דער נאָך־מלחמה איינוואַנדערונג.

און ווענלדיק העלפן דעם אַריינקומען אין לאַנד פון אַ געזונטער און פּראָדוקטיווער אימיגראַציע, דינען מיר אויך די אינטערעסן פון אַרגענטינע, פאַר וועלכער די אימיגראַציע איז איינער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן פון איר עקאָנאָמישן פּראָגרעס.

מיר זיינען טריי דעם גייסט פון איינעם פון די גרעסטע אַרגענטינער שטאַטסלייט אַלבערדי, וועלכער האָט אויף אַ קלאַסישן אופן פאָרמולירט די מלוכהשן פון אַרגענטינע: — „רעגירן הייסט באַפעלקערן".

אויב אונדז וועט געלינגען דורך אונדזער גוט דורכגעטראַכטער און פּלאַנמעסיקער אַרבעט העלפן איינאָרדנען און עקאָנאָמיש פאַרפעסטיקן זיך די יידישע וואַנדערער, וואָס קומען צו אונדזערע ברעגן — וועלן מיר דערמיט געבן דעם וויכטיקסטן בייטראָג פאַר דעם ווירטשאַפטלעכן וואוקס פון אונדזער רעפּובליק.

מיר האָבן שוין ביז איצט אָפּגעטון, אין פּראָפּאָרץ צו אונדזער גרויס, אַ וויכטיקע פּיאָנערן־אַרבעט אויף דעם געביט פון אַרגענטינער אַגריקולטור און אינדוסטריע, און מיר ווילן אָט די אַרבעט פאַרגרעסערן און אויסברייטערן.

די יידישע עמיגראַציע איז אין לויף פון אונדזער געשיכטע געווען איינער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן פון אונדזער לעבנס־קראַפט און צופּאַסונגס־פעאיקייט.

ווערנער זאָמבאַרט האָט ריכטיק באַמערקט אין זיין ווערק וועגן „יידן און דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם", אַז דער הויפּט־אַקס, אַרום וועלכן עס דרייט זיך די גאַנצע יידישע געשיכטע, איז עמיגראַציע און אימיגראַציע.

און דאָס שטימט מיט דער יידישער היסטאָרישער ווירקלעכקייט, וואָס איז באַשטאַנען פון אויסוואַנדערונג פון איין לאַנד און איינוואַנדערונג אין דעם צווייטן.

איצט דערנענטערט זיך דער יידישער וואַנדערונגס־ציקל צו זיין פינאַל. נאָרד־אַמעריקע איז געווען דער פאָרלעצטער גרויסער וואַנדערונגס־עטאַפּ.

מיר קענען בענטשן די פּאָביעדאָנאָסצעווס און איגנאַטיעווס, וואָס האָבן מיט

זייערע פארפאלגונגען פארשנעלערט און פארשטארקט די יידישע אויסוואנדערונג פון רוסלאנד אין די אכציקער יארן און האבן צוגעגרייט אזוי ארים דעם מעכטיקן יידיש־אמעריקאנישן צענטר.

מיר האפן מיט זיכערקייט, אז דער לעצטער וואנדערונגס־עטאפ וועט זיין אין ארץ ישראל.

מיטן לויפן פון אלע פאטערלענדער האבן די יידן דערוויזן די נויטיקייט פון איין און איינציקן פאטערלאנד, וואו זיי זאלן קענען פריי און אומגעשטערט ברענגען צום אויסדרוק זייער שעפערישע פאטענץ אויף אלע געביטן פון סאציאלן און קולטורעלן לעבן.

מיר האבן געזען, אז עס איז געווען א מאמענט אין די יארן 1923-1926, ווען ארץ ישראל האט יא אריינגענומען 67.179 אימיגראנטן, ד"ה מער ווי ארגענטינע מיט קאנאדע צוזאמען.

איצט האט זיך די לאגע פראוויזאריש געענדערט. דערווייל קען ארץ ישראל נישט באטראכט ווערן אלס אימיגראציע־לאנד פון גרויסן פארנעם.

דאס, האפן מיר, וועט געשען אין די נאענטסטע יארן.

דערווייל מוזן מיר ארבעטן דערפאר, אז דרום-אמעריקע בכלל און ארגענטינע בפרט, זאל קענען דינען אלס די לעצטע וואנדערונגס-סטאנציע פון דער יידישער געשיכטע.

נארד־אמעריקע דארף אונדז איז דער באציאונג זיין אלס פאר־מוסטער.

מיר דארפן האבן די אמביציע צו ווערן א קרעפטיקער יידישער [illegible]בוץ אנ-שטאט א יידישן אינדזל.

און פונקט ווי די יידן פון נארד־אמעריקע זיינען געווארן איינער פון די וויכטיקסטע פאקטארן פון דעם ווירטשאפטלעכן פראגרעס פון די פאראייניקטע שטאטן, אזוי דארפן מיר דערפילן אויך דא אונדזער יידישע און אלגעמיין-בירגערלעכע שליחות.

און כדי ווערן אן עפעקטפולע און ווירקזאמע הילפס־ארגאניזאציע פאר דער יידישער איינוואנדערונג, דארפן מיר לויטן ביישפיל פון האיאס ווערן א דעמאקראטישע פאלקס־ארגאניזאציע.

און דאס איז דער הויפט-ציל פון אונדזער קאנגרעס, וועלכער איז היינט געקומען צו זיין פארווירקלעכונג, אדאנק דעם געלונגענעם פלאן פון אונדזער פארוואלטונגס-מיטגליד ה' דוד גרויסמאן.

מיר האפן דורך דעם אינסטרומענט פונעם קאנגרעס אויפוועקן אין דער יידישער עפנטלעכקייט דעם אינטערעס צו דער אימיגראציע און מיט געמיינזאמע מיטלען זוכן די וועגן און מיטלען נישט חלילה ארויסרופן קיין קינסטלעכן אימיגראציע־

שטראָם, נאָר העלפן דער איינוואַנדערונג, וואָס קומט צו אונדזערע ברעגן, געטריבן פון סטיכישע עקאָנאָמישע כוחות, פאַרוואָרצלען און פאַרפעסטיקן זיך דאָ אין לאַנד פאַר די געמיינזאַמע יידישע און אַרגענטינישע אינטערעסן.

אין דעם גייסט ווינטשן מיר זיך, אַז אונדזער קאָנגרעס זאָל געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג.

מיר טראָגן זיך נישט אַרום מיט אילוזיעס, אַז מיר וועלן אומשטאַנד זיין צו אויפטון ריזיקע זאַכן, מיר ווילן נאָר דערווייל מאַכן דעם ערשטן שריט צו שאַפן אַ פאָלקסטימלעך דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אומשטאַנד זיין ווירקזאַם צו פאַרטיידיקן און אַרויסהעלפן אונדזערע ניי־אָנקומענדע ברידער, כדי זיי זאָלן שנעלער און מיט ווייניקער יסורים דורכמאַכן דעם פּראָצעס פון איבערפלאַנצונג אין דער נייער יידישער און אַלגעמיינער סביבה פון אַרגענטינע.

(מיי 1928)

---

# ווענן „אַרט־אַזע״

(אויף דער פּראָקלאַמירונג פון „אַרט־אַזע״־אַקציע)

עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז דער איצטיקער יידישער עקאָנאָמישער חורבן אין מזרח־אייראָפּע איז נאָר אַ רעזולטאַט פון דער מלחמה־קאַטאַסטראָפע, פּאָגראָמען און רעוואָלוציע. גאַנץ געוויס האָבן די אַלע געשעענישן פאַרשאַרפט די לאַגע, אָבער אין דער ווירקלעכקייט האָט זיך דער גרויסער עקאָנאָמישער קריזיס אָנגעהויבן נאָך אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט.

און דער דאָזיקער קריזיס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס אונדזער ווירטשאַפט־לעכע ראָלע אַלס סוחרים, פאַרמיטלער, אַלס די הייוו פון דעם עקאָנאָמישן פּראָגרעס פון די פעלקער צווישן וועלכע מיר לעבן, האָט זיך פאַרענדיקט. די לענדער נויטיקן זיך שוין מער נישט אין יידישן סוחר, פאַרמיטלער און פינאַנסיסט, ווייל זיי האָבן זיך אַליין אויסגעלערנט די קונסט פון האַנדלען און וואַנדלען.

שוין אין די אַכציקער יאָרן האָבן די יידישע עמיגראַנטן, וועלכע האָבן פאַר־לאָזן רוסלאַנד און אַוועק אין נאָרד־אַמעריקע באַגריפן, אַז מען דאַרף איבערבויען דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן, און די ערשטע יידישע אויסוואַנדערער אין נאָרד־אַמעריקע האָבן זיך טאַקע געפּרוּווט שאַפן יידישע קאָלאָניעס. די גרויסע מעגלעכ-קייטן פון אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג האָבן אַ שטויס געטון די ניי־אָנקומענדע

יידישע אימיגראַנטן אין אַמעריקע אויף דעם וועג פון נאָדל־אינדוסטריע אַנשטאָט דער אַגריקולטור.

אָבער פּאַקטיש איז דער סטימול פון גרויסער מיליאָנענדיקער יידישער אי־מיגראַציע אין נאָרד־אַמעריקע געווען די שטרעמונג צו געפינען נייע זיכערע און פּראָדוקטיווע פּרנסות.

די איצטיקע איבערשיכטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין מזרח־אייראָפּע, דער איבערגאַנג צו ערד-אַרבעט און מלאכה איז אייגנטלעך אַ פּאָרזעצונג פון דער גרויסער יידישער וואַנדערונג מעבר לים.

דער חורבן פון דער מלחמה, פּאָגראָמען און רעוואָלוציע האָט בלויז טראַגישער געמאַכט דעם פּערמאַנענטן עקאָנאָמישן קריזיס, און יידן האָבן זיך מיט דעם אימ־פּעט פון פאַרצווייפלונג אַ וואָרף געטון צו דער ערד־אַרבעט און מלאכה.

געווים וואָלט נויטיק געווען די הילף פון אַ מלוכה-אַפּאַראַט דורכצופירן די ריזיקע אויפגאַבע פון איבערבויען דאָס יידישע ווירטשאַפטלעכע לעבן, אָבער ווען דאָס איז נישטאָ, מוז קומען די פּריוואַט־געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיוו און זי איז געקומען אין דער געשטאַלט פון די פאַראייניקטע געזעלשאַפטן „אָרט־אָזע-עמיג־דירעקט“.

און די ברייטע יידישע וועלט אין אַמעריקע, אַפריקע, אויסטראַליע און אַנדערע פּלעצער האָט אָפּגעשאַצט די היסטאָרישע חשיבות פון דער איבערבוי־אַרבעט, וואָס ווערט סטימולירט פון די דערמאָנטע געזעלשאַפטן.

איצט ווערט דאָס אַרגענטינער יידנטום גערופן מיטצוהעלפן אָט דער ריזיקער אויפגאַבע צו פאַרוואַנדלען דעם יידישן רואינירטן סוחר און פאַרמיטלער אין אַן אַרבעטס-מענטש.

אַ גאַנצע יידישע וועלט ראַנגלט זיך פאַרן קיום, צו דערוואָרבן נייע פּרנסה־קוואַלן. און מיר, וועלכע האָבן אַזוי גרויסמוטיק געהאָלפן אין די מאָמענטן פון דער שווערסטער נויט, טאָרן נישט שטיין אָן אַ זייט פון דער גרויסער עקאָנאָמישער אויפלעבונגס־באַוועגונג פון דעם מזרח-אייראָפּעאישן יידנטום.

דאָס אַרגענטינער יידנטום מוז איצט באַווייזן דער ברייטער יידישער וועלט זיין געזעלשאַפטלעכע רייפקייט, אַז עס פאַרמאָגט נישט נאָר רחמנות און סאָלידאַ־ריטעט-געפילן אין צייטן פון שרייענדער נויט, נאָר קען אויך אָפּשאַצן די גרויסע היסטאָרישע חשיבות פון דער שטילער איבערבויאונגס-אַרבעט, וואָס ווערט געפירט אין מזרח־אייראָפּע.

די יוגנט דאַרף זיך אָנשליסן אַלס וואָלונטירן צו דער אַקציע, וואָס טראָגט נישט קיין פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער, נאָר איז אינספּירירט פון הויכע סאָציאַלע אידעאַלן פאַרוואַנדלען דאָס יידישע פאָלק אין אַ פּראָדוקטיווע און שעפערישע געמיינשאַפט.

(יולי 1929)

# די יידישע וועלטלעכע שולן אין פוילן

איך וואלט געוויס געוואלט אויסמיידן אריינצוטראגן א וועלכע נישט איז פאליטישע נאטע אין היינטיקער פארזאמלונג.

מיר זיינען זיך צוזאמענגעקומען אויף דער טריבונע פאר דעם שול־קאמפיין, מענטשן פון פארשידענע פאליטישע ריכטונגען און קעגנערישע אידייאישע וועלט־אנשויאונגען, וועמען עס האט געבראכט אהער דער פאראייניקטער געדאנק פון יידיש, די טיפע אמונה אין דער יידישער קולטור און די איבערצייגונג, אז די יידישע וועלטלעכע שול איז דער יסוד פון דער יידישער קולטור.

אבער דער איצטיקער קאמפיין קומט פאר אין א מאמענט פון א פארשארפטן און צונעשפיצטן אידייאישן שטרייט און איך האלט פאר מיין פליכט צו מאכן אייניקע באמערקונגען פון פאליטישן כאראקטער.

מיך טיילט אפ אידייאיש א תהום פון דעם „בונד", באלד ווערט שוין דריי צענדליק יאר זינט איך באטייליק זיך אין דעם אידייאישן קאמף קעגן „בונד", וואס האט זיך אנגעהויבן דעמאלט, ווען עס האט זיך קריסטאליזירט מיין ציוניסטיש־סאציאליסטישער אני־מאמין.

איך האב אויף קיין האר נישט געענדערט פון דעמאלט אן ביז היינט מיין אידייאיש קעגנערישע פאזיציע צום „בונד", עס איז אויך איבעריק צו זאגן, אז איך באטראכט די שטעלונג פון פוילישן „בונד" צו די לעצטע געשעענישן אין ארץ ישראל אלס אומסאציאליסטיש, אומיידיש און אוממענטשלעך.

אבער דאס קען מיך נישט אפהאלטן אנצוערקענען די גרויסע נאציאנאלע באדייטונג פון דעם יידישן שול־וועזן אין פוילן, צו וועלכן דער „בונד" האט א נאענטע שייכות און האט זיך אקטיוו באטייליקט אין זיין שאפן.

מיך טיילט אפ אן אידייאישער תהום פון די פארשטארבענע בונד־טוער מעדעמען און מיכאלעוויטשן, אבער איך באטראכט זיי אלס פארדינסטפולע טוער און חברים אין אונדזער יידישן קולטור־קאמף און בויג מיין קאפ פאר זייער אנדענקען.

---

# אויף דער אויפנאַמע פאַר דעם שליח פון דער „ציש״אָ“

...איך בין געקומען באַגריסן דעם שליח פון דער „ציש״אָ“ ח. זרובבל און די אקציע פאַר די יידישע שולן אין פוילן צוליב מיין טיפער און אייזנפעסטער איבערצייגונג, אַז די אַרבעט וואָס איז אויפגעטון געוואָרן אויף דעם יידישן שול־געביט אין פוילן פאַר די לעצטע צען־צוועלף יאָר — איז דער ריזיקסטער יידישער קולטור־אויפטו פון אונדזער צייט.

עס זיינען דאָ אַ סך פון די, וואָס האָבן די דאָזיקע אַרבעט נאָכגעפאָלגט פון דער נאָענט און וויזן אונדז אויף חסרונות און טעותים פון דער יידישער שול־אַרבעט אין פוילן.

איך צווייפל נישט אין דעם, אַז דאָס יידישע שול־ווען אין פוילן האָט נאָך דערווייל נישט דערגרייכט זיין לעצטן אידעאַל פון פולקאָמענהייט און ליידט פון געוויסע חסרונות און פאַרטייאישע רייבונגען. אָבער דאָך גלויב איך נישט אין די טענות פון יענע, וואָס צוליב די ביימער זעען זיי נישט דעם וואַלד, דעם גרויסן יידישן קולטור־וואַלד, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין פוילן אין דער געשטאַלט פון דער „ציש״אָ“.

מיר פון וויטן זעען אין אַ ריכטיקער פערספעקטיוו דעם גרויסן קולטור־באַרג, וואָס עס האָבן פאַר אַזאַ קורצע צייט איינגעשטעלט די טוער פון דער „ציש״אָ“ דאָרטן, וואו פריער איז געווען כמעט אַ נאַקעטער מדבר.

מיר, וועמען דער גורל האָט אָפּגעריסן פון דער פויליש־יידישער ערד פאַר די לעצטע אנדערהאַלבן צענדליק יאָר, באַגרייפן קוים דעם וואונדער ווי אַזוי האָט דאָס געקענט געשען, אַז פון דעם קליינעם קערענדל, וואָס אונדזער אומשטערבלעכער פּרץ האָט פאַרזייט, זאָל אויסוואַקסן דער וואונדערבאַרער בוים פון דעם יידישן שול־וועזן מיט זיינע רייכע פרוכטבאַרע צווייגן.

נעכטן ערשט האָבן מיר דאָך נישט געוואָגט צו חלומען וועגן אַ יידישער שול־נעץ — מיר האָבן דאָך נישט פאַרמאָגט קיין מוז יידישע לערן־ביכלעך און נישט געזען פאַר זיך אפילו קיין אָנהויב פון אַ יידישער קינדער און לער־ליטעראַטור.

און היינט, היינט זיינען מיר דאָך אין פאַרגלייך מיטן נעכטן אמתע קולטור־גבירים!

און אויב אין אונדזערע נייע ישובים פון צפון און דרום־אמעריקע הויבט זיך אויסברייטערן און וואַקסן די יידישע שול־באַוועגונג אין דער געשטאַלט פון אַרבעטער־רינג־שולן, פון די שולן פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד און שלום עליכם־אינסטיטוט (אין צפון־אַמעריקע), האָבן מיר דאָס צו פאַרדאַנקען אין אַ גרויסער מאָס דער השפּעה און אויפטו פון דער „ציש״אָ“.

איך ווייל האָפן, אז די יידישע שולן אין פוילן, דאָס גראַנדיעזע ווערק און אויפ־טו פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און פון יידישע פאָלקס־מאסן אין פוילן וועלן נאָך באַקומען זייער תיקון און וועלן זיך דורכדרינגען מיט דעם גרויסן זשאָרעסיס־טישן אמת, אז די נאַציאָנאַלע קולטור, די נאַציאָנאַלע געשיכטע איז נישט בלויז דאָס אייגנטום פון דער בורזשואַזיע, נאָר איז אויך דאָס פאַרמעגן פון פּראָלעטאַ־ריאַט. זשאָרעסעס וואָרט, אז דער פּראָלעטאַריאַט פאַרוואַרפט „דעם אַש פון דער פאַרגאַנגענהייט, אָבער באַהאַלט פאַר זיך איר פייער" — מוז און וועט ווערן דער מאָטאָ פון דעם יידישן אַרבעטער־שול־וועזן.

אין דער ריכטונג, האָפן מיר, וועלן זיך סוף כל סוף אַנטוויקלען די יידישע אַרבעטער־שולן אין פוילן.

און איצט, דערווייל איז אונדז טייער און וויכטיק די אַרבעט פון דער „ציש״אָ" מיט אַלע אירע פעלערן און טעותן, ווייל מיר זעען אין איר דעם אָנהויב פון אַ ריזיקן קולטור־ווערק, דעם פ ו נ ד א מ ע נ ט פאַר דעם יידישן קולטור־קיום און קול־טור־צוקונפט, ווייל אָן דער יידישער שולע קענען מיר נישט חלומען וועגן אונדזער קולטור־מאָרגן.

און פריער פון אַלץ און מער פון אַלץ זיינען אונדז די יידישע שולן אין פוילן טייער, ווייל זיי זיינען די גרויסע קולטור־גרונטשטיינער ירושה פון אונדזער אומ־שטערבלעכן פּרץ . . .

---

# אומקערנדיק זיך פון אַ שליחות

(ראַדיאָ רעדע)

אומקערנדיק זיך פון דער שליחות, וואָס איר, חברים, האָט מיר פאַרטרויט צו פאַרטרעטן אייך ביי דעם ניינצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס, באַגריס איך אייך אַלע־מען הארציק און פריינטלעך.

ווען איך האָב פאַרלאָזן אַרגענטינע זיינען נאָך אומבאַקאַנט געווען די רעזול־טאַטן פון די קאָנגרעס־וואַלן. ערשט אָנקומענדיק אין אייראָפּע האָב איך זיך דער־וואוסט וועגן דעם גרויסן נצחון פון דעם אַרבעטער־בלאָק.

די גרעסערע העלפט פון דעם יידישן פאָלק, וואָס האָט אַן אַקטיוון אינטערעס אין אונדזער נאַציאָנאַלן באַפרייאונגס־באַוועגונג און ארץ ישראל־אויפבוי, האָט געשאַנקען איר פאַרטרויען די אַרבעטער־דעלעגאַטן, די פאַרטרעטער פון די אידייען און טאַטן פון אַרבעטנדן ארץ ישראל.

און מיר קענען מיט רואיקן געוויסן זאָגן, אז מיר האָבן נישט אָפּגענאַרט די

האפנונגען און דערוואַרטונגען פון די יידישע מאַסן. דער נײַנצנטער ציוניסטן-קאָנ־גרעס האָט זײַן פליכט דערפילט. די ציוניסטישע וועלט-באַוועגונג איז פון לוצערן אַרויס געשטאַרקט און געקרעפטיקט, פעאיק פאַר די גרויסע מעשים, צו וועלכע דער ציוניזם איז באַרופן אין דער איצטיקער שווערער און פאַראַנטוואָרטלעכער שעה אינעם לעבן פון דעם יידישן פאָלק.

פון מײַנע געניטע און אויספירלעכע שריפטלעכע באַריכטן אויף די שפּאַלטן פון „די אידישע צייטונג" ווייסט איר, חברים, וועגן אַלע וויכטיקסטע פּאַסירונגען אין לוצערן און וועגן דער שטעלונג, וואָס איך האָב גענומען צו די פאַרשידענע גרויסע פּראָבלעמען, וואָס זײַנען באַהאַנדלט געוואָרן.

איך גלויב, אַז איך האָב דאָס רעכט צו זאָגן, אַז איך האָב ערלעך דערפילט די הבטחה וואָס איך האָב געגעבן מײַנע וויילער.

זײַענדיק דער דירעקטער דעלעגאַט פון דער פאַראייניקטער ציוני. סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי און די אַרגענטינער פּריינט פון אַרבעטנדן ארץ ישראל, האָב איך אָבער די גאַנצע צייט גוט געהאַט אין זינען, אַז דער אַרגענטינער ציוניזם האָט נישט קיין אַנדערן דירעקטן שליח אין לוצערן, און איך גלויב, אַז איך האָב ריכטיק איג־טערפּרעטירט נישט נאָר אײַער ווילן, חברים, נאָר אויך דעם פעסטן וואונטש פון אַלע באַוואוסטזיניקע ציוניסטן אין אַרגענטינע, ווען איך האָב אונטערשטיצט און וואָטירט פאַר אַלע פאָרשלאָגן און אָפּטמאָל שווערע פשרות, וואָס האָבן דערמעג־לעכט אויפצוהאַלטן די גאַנצקייט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און די שאַפונג פון דער ברייטער קאָאַליציע.

מיר האָבן צוזאַמען מיט די פּראָגרעסיווע ארץ ישראל ציוניסטן געהאַט די אַב־סאָלוטע, איבערוועגנדע מערהייט אין לוצערן, מיר האָבן געהאַט די פולע מעגלעכ־קייט נישט צו רעכענען זיך מיט דער אָפּאָזיציאָנעלער מינאָריטעט, וואָס האָט נישט פּאַרטייאידיקט קיין שום שעפערישע אידייען און צילן, דאָך זײַנען מיר געגאַנגען אויף דעם וועג פון פשרות און האָבן געשאַפן די באַזע און מעגלעכקייט פאַר לאָיאַלער מיטאַרבעטערשאַפט אין דער גרויסער היסטאָרישער אויפבוי-אַרבעט אין ארץ יש־ראל פון אַלע טיילן און שיכטן פון דעם יידישן פאָלק.

דער נײַנצנטער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט אַזוי אַרום געגעבן דעם אַנטגיל־טיקן טויט-קלאַפּ דעם בלבול, אַז מיר זײַנען אינספּירירט פון קלאַסן-אינטערעסן און קלאַסן-עגאָאיזם.

מיר האָבן אין לוצערן באַוויזן דער יידישער וועלט, אַז מיר זײַנען ראוי צו שטיין אין דער שפּיץ פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, אַז די יידישע אַרבעטער־שאַפט איז פּאָליטיש רייף אָנצופירן אונדזער גרויסן היסטאָרישן קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג פון דעם יידישן פאָלק.

איך באַטראַכט עס פאַר אַ גרויסער זכיה, וואָס איך האָב אַלס אײַער שליח,

חברים, געקענט זיך באַטייליקן אינעם ניינצנטן קאָנגרעס און זען דעם מאָראַלישן און פּאָליטישן נצחון פון סאָציאַליסטישן ציוניזם.

:: :: ::

איצט קום איך פון ארץ ישראל.

אויפן וועג אין אונדזער ניי-לאַנד האָב איך געזען דעם פּיין און יסורים פון אונדזערע ברידער אין דייטשלאַנד, איך האָב געזען, ווי עס ראַנגלט זיך אין נויט און פאַרצווייפלונג — דער גרעסטער יידישער ישוב אין אייראָפּע — דאָס פּוילישע יידנטום.

יאָ, איצט קען איך זאָגן, אַז איך ווייס, וואָס עס מיינט די ארץ ישראל האָפ־נונג פאַר הונדערטער טויזנטער רואינירטע און פאַרצווייפלטע יידן אין אייראָפּע, איך האָב געזען די נייע יידישע יוגנט פון דער צערודערטער אייראָפּע און אויך פון דער נאָך־האַלב-גליקלעכער אַמעריקע, וועמענס איינציקער רעטנדער לעבנס-אינהאַלט איז דאָס אַרבעטנדע, סאָציאַליסטישע ארץ ישראל.

איך ברענג אייך דעם גרוס, חברים, פון אונדזער היימלאַנד.

איך האָב שטענדיק געוואוסט און האָב שטענדיק גערעדט וועגן דעם וואונדער־באַרן אויפטו פון אונדזערע חברים אין ארץ ישראל.

איצט האָב איך זיי געזען אין זייער לעבן און שאַפן. איצט ווייס איך, וואָס עס מיינט אויפלעבן אַ מדברדיק פאַרוואָרלאָזט לאַנד, איצט ווייס איך, ווי גרויס, ווי טיטאַניש, ווי איבערמענטשלעך עס איז דאָס וואונדער־ווערק פון אונדזערע פּיאָ־נערן און חלוצים אין ארץ ישראל, וואָס בויען דעם יסוד פאַר דער נייער יידישער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס האָבן שוין געשאַפן די איינציקע אין דער וועלט, סאָציאַליסטישע לעבנספאָרמען.

שווער באַלאָדן מיט דעם גרויסן אחריות־געפיל, וואָס דער איצטיקער מאָמענט לייגט אַרויף אויף אונדז, קער איז זיך אום צו מיין איבערגעריסענער אַרבעט.

איך בין דערשיטערט פון דער גרויסקייט פון דעם קרבן און העראָאיזם פון אונ־דזערע חברים אין ארץ ישראל.

איצט ווייס איך, ווי גרויס עס זיינען אונדזערע פליכטן און צוזאַמען מיט אייך, חברים, האָף איך אין שותפותדיקער אָנגעשטרענגטער און ענטוזיאַסטישער אַרבעט דערפילן די דאָזיקע חובות, כדי ראוי צו זיין צו באַטראַכטן זיך אַלס מיטאַרבעטער און שותפים פון דער העראָאישער חלוצישער מחנה אין ארץ ישראל.

(דעצעמבער 1935)